# דער שטומער בעטלער

ראמאן

פון

**א. טאנענבוים**

---

ערשטער באנד

---



1919

**היברו פאבלישינג קאמפאני**

50 עלדרידזש סטריט, ניו־יארק

דער

# שטומער בעטלער.

איבערזעצט פון א. טאנאנבוים.

## ערשטער טהייל.

### 1טער קאפיטעל.
### דיא געהיימניספאלע מאסקע.

שעהן איז דאס אונגאר-לאנד! שעהן זיינען זיינע בערג, אויף וועלכע עס וואקסט דער טהייערסטער ווין; שעהן זיינען זיינע טאהלען, אויף וועלכען עס שפרייטען זיך אויס גרינע פעלדער, בעדעקט מיט קארן און מיט ווייץ; שעהן איז דיא פוסטא, דיא גרייסע סטעפען פון אונגארן, וואו טויזענדער פערד לויפען ארום ווילד אויף דיא גרינע גראזען. — שעהן איז אונגארן, וואו מען קעהרט זיך און וואו מען ווענדעט זיך. עס איז א שעהנעס, פרעכטיגעס, גראסארטיגעס לאנד.

ניט ווייט פון'ם שטעדטעל ראזענוי אין דיא קארפאטהען בערג הייבט זיך אויף אן אלטער שלאס. הויכע טאנענביימער רינגלען ארום דיא אלטע מויערן און פערדעקען און פערשטעלען דעם שלאס אין גאנצען. ניט ווייט פון'ם שלאס רוישט א קליין טייכעלע איבער דיא שטיינער. ער שפרינגט ערגעץ אראפ פון א הויכען בארג, צושפריצט זיך און צו שיט זיך אויף טויזענדער פונקען, זאמעלט זיך אבער באלד צונויף, רוישט ווייטער, מורמעלט און דערצעהלט אלעמען, וואס ער האט געזעהן ווייט, ווייט אויף דיא הויכע בערג.

דאס אלטע שלאס געהערט זייט אפאר הונדערט יאהר דער עדלער גראפען־פאמיליע מיט'ן נאמען טאקקי. עס איז איבערגעגאנגען פון פאטער צום זוהן און יעדער האט שטאלצירט דערמיט, וואס דאס אלטע שלאס געהערט איהם.

אמאל, אין דיא ווילדע אלטע צייטען, ווען עס האט געהערשט אויף דער וועלט נור איין געזעץ — דער שטארקער — און נור איין רעכט, — דאס פויסט-רעכט, האבען דיא אלטע גראפען געפונען פאר נעטהיג צו מאכען פון זייער שלאס א פעסטונג, צו וועלכער עס איז געווען ניט אזוי לייכט צו צוטרעטען. א גאנץ שמאלער וועג, אויסגעהאקט אין שטיין פיהרט פון'ם טאהל צום שלאס. אלטע, הויכע ביימער פערשטעלען דיזען שמאלען וועג און פערדעקען איהם פון פרעמדע אויגען.

עס איז דער זיעבצעהנטע מערץ 1790. דיא זון איז נור וואס אונטערגעגאנגען. זי האט נאך ניט אין גאנצען פערדעקט דיא ערד מיט איהר שווארצען שאטען.

עס איז געווען נאך גוט קאלט און ער האט זיך געמוזט איינהילען פעסטער אין זיין מאנטעל, פון וועלכען עס האט ארויסגעשטעקט א שווערד.

קוים איז ער צוגעקומען צו אן ארט, פון וואנען מען האט געקענט זעהן דיא פענסטער פון'ם שלאס, איז ער געבליעבען שטעהן און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. דיא פענסטער פון שלאס זיינען שוין געווען בעלייכטעט. — דער יונגער מאן האט אויפגעאטהעמט פרייער און האט געמורמעלט:

— איך קום היינט שפעטער, וויא געוועהנליך. עלווירא וועט זיך געוויס בעאונרוהיגען. זיא וועט ניט קענען פערשטעהן פאר וואס איך בין נאך ניט דא. — איך וועל עס איהר אבער ערקלערן.

ער האט אנגעהויבען צו געהן האסטיגער און איז באלד אריינגעגאנגען אין גרויסען טויער פון'ם שלאס. האסטיג איז ער דורכגעגאנגען דעם גרויסען הויף פון'ם שלאס און איז ארויפגעלאפען ארויף דיא ברייטע טרעפ, ווען א יונגע דאמע איז איהם ענטגעגען געקומען. — זיא איז געווען שעהן, דיעזע יונגע פרוי! — איהר געזיכט איז געווען שעהן און עדעל. א קרוין פון לאנגע שווארצע געקרייזעלטע לאקען האט איינגעפאסט איהר שעהנעם געזיכט. וויא א טהייערער ראהמען פאסט איין שעהנעם בילד. זיא איז געגאנגען געקליידעט זעהר רייך און זעהר עלעגאנט נאך דער שעהנסטער און נייעסטער מאדע פון יענער צייט.

— פאר וואס אזוי שפעט, ארטהור? האט דיא יונגע דאמע געפרעגט מיט א פארוואורף, ווען זיא האט איהם דערזעהן. קענט איהר מיר ניט זאגען פאר וואס איהר זייט געקומען אזו שפעט?

— אה, עס איז גאר ניט! האט אויסגערופען דער יונגער מאן. — עס איז א קלייניגקייט. — איך וויל געהן אויפ'ן מאסקען באלל און האב געמוזט מיר אויסזוכען עפעס א קאסטיום.

—איך פערשטעה, האט דיא יונגע דאמע געענטפערט, איהר האט געטראכט, אין וואס פאר א קאסטיום זאלט איהר געהן אויף דעם מאסקענבאלל, וועלכען דיא גרעפין יאדעצקי האט פעראנשטאלטעט.

— יא, עלווירא! — איך מוז געהן אויף דיעזען באלל. געוויס האט מען אייך אויך איינגעלאדען אויף דיעזען באלל.

— יא, ארטהור! מען האט אונז איינגעלאדען. — וואס שטעהן מיר אבער אין דרויסען? — קומט, ארטהור, לאמיר אריינגעהן אין זאל.

ביידע יונגע לייט זיינען אריינגעגאנגען אין דעם העלל בעלייכטעטען זאל.

— וועט איהר געהן אויפ'ן באלל? האט דער יונגער מאן געפרעגט.

— איך האב אייגענטליך ניט געוואלט געהן, האט דאס יונגע מעדכען געענטפערט, אבער דער יונגער גראף ראדעצקי איז אליין געקומען און האט געבעטען, אז איך זאל קומען. — איך קען גאר ניט פערשטעהן, פאר וואס דיעזע פאמיליע, וועלכע האט זיך ערשט גאר ניט לאנג בעזעצט אין אונזער געגענד, זוכט אזוי אונזער פריינדשאפט, וואס ווילען זיי פון אונז? — פאר וואס קריעכען זיי צו אונז? — עפעס מוז דא זיין!

אויפ'ן געזיכט פון'ם יונגען מאן האט זיך געוויזען א פינסטערער וואלקען.

— אזוי? האט ער געפרעגט. — דער יונגער גראף ראדעצקי איז ביי אייך אליין געוועזען?

דאס שעהנע מעדכען האט געזעהן, וויא דאס געזיכט פון איהר געליעבטען האט זיך פערפינסטערט און האט געוואלט איהם בערוהיגען.

— יא, ארטהור! ער איז דא אליין געווען. — וואס איז דען? פאר וואס זייט איהר אזוי אונרוהיג?

ארטהור האט געשוויגען. עס איז איהם געווען אונמעגליך צו זאגען שלעכטעס פון א מענשען, וועלכען ער האט אזוי ווייניג געקענט. — דאס איז שוין דער שיקזאל פון אלע עדעלע און גוטע מענשען. זיי האבען צו פיעל צוטרויען צו מענשען. זיי קענען זיך ניט ערלויבען צו זאגען עטוואס שלעכטעס פון א מענשען, ביז זיי זיינען פאלקאמען איבערצייגט, אז דער מענש איז ווירקליך א טוגעניכטס. דאס קומט אבער געוועהנליך צו שפעט.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר פון א צימער לעבען זאל און אן עלטערע דאמע האט זיך געוויזען אויף דער טהיר. זיא איז צוגעקומען צום יונגען מאן, האט איהם בעגריעסט פריינדליך, וויא א גוטען אלטען בעקאנטען, און האט איהם געפרעגט:

— אלזא, וועט איהר געהן אויפ'ן מאסקענבאלל פון דער גרעפין ראדעצקי?

— ווען איהר און עלווירא וועט דארט זיין, וועל איך געוויס אויך קומען, האט דער יונגער מאן געענטפערט.

— עס העלפט ניט, מיין פריינד! האט דיא אלטע דאמע געזאגט טרויעריג. — עס העלפט ניט! מיר מוזען געהן אויפ'ן באלל! — דיא העפליכקייט פאדערט עס!

— וואס פאר א מאסקע וועט איהר טראגען? האט דער יונגער מאן געפרעגט דעם יונגען מעדכען.

— דאס טאר מען דאך ניט אויסזאגען, האט דאס מעדכען געענטפערט מיט א שמייכעל.

— מיר טארט איהר עס אויך ניט זאגען, עלווירא?

— אייך? האט עלווירא געפרעגט. — אייך? — נו, אייך מעג איך עס זאגען. איך וועל פארש'מען אויפ'ן באלל אלס דיא קעניגין דער נאכט. איך וועל געהן אין א לאנגען שווארצען מאנטעל בעזעצט מיט גאלדענע שטערן. אויף מיין געזיכט וועל איך טראגען א שווארצע מאסקע און אין דער האנד וועל איך האלטען א שווארצען פעכער אויף וועלכען עס וועלען פונקלען אייניגע ברילליאנטען אלס שטערן. — איך דענק, אז איהר וועט מיך זעהר לייכט דערקענען.

— איך דאנק אייך, עלווירא! האט דער יונגער מאן אויסגערופען. — צוליעב אייך וועל איך אויך קומען אויף דיעזען באלל, — אבער נור צוליעב אייך. איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, איך קען דיא גרעפין ראדעצקי מיט איהר זוהן זעהר ווייניג. איך ווייס זאגאר ניט, ווער זיי זיינען. — איך האב קיין מאל ניט געהערט פון אן אלטער

גראפען פאמיליע מיט'ן נאמען ראדעצקי. — אויסער דעם האב איך גאנץ אנדערער פפליכטען אלס דען בעזוך פון א מאסקענבאלל.

— ערלויבט איהר מיר צו פרעגען, וואס פאר אנדערע פפליכטען איהר האט? האט עלווירא געפרעגט.

— שווייגען איז דער שטאלץ פון א מאן, האט ארטהור געענטפערט. עס קומען פאר פעלע אין אונזער לעבען, ווען מיר אליין טארען ניט ארויסברענגען אויף אונזערע ליפען, וואס עס טהוט זיך אין אונזער הארצען, — אבער איך האף, אז עס וועט קומען א צייט, — ווען — מיר וועלען שטעהן נעהנטער איינער צום אנדערן. —

א לייכטע רויטקייט האט בעדעקט דאס שעהנע געזיכט פון'ם יונגען מעדכען. זיא האט ניט געענטפערט, איז צוגעגאנגען צו איהם נעהנטער און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— אלזא, עלווירא, קען איך זיכער זיין, אז מיר וועלען זיך מארגען ווידערזעהן? האט ארטהור ווייטער געפרעגט.

— איך האף עס, ארטהור! האט עלווירא געענטפערט שטילערהייט. — וויא אזוי וועל איך איך אבער דערקענען? — וואס פאר א מאסקע וועט איהר טראגען?

— איך וועל טראגען דיא פארבען פון דער פרוי, וועלכע איך ליעבע. — איך וועל טראגען א לאנגען, שווארצען מאנטעל און א גרויסען ווייסען פעדער אויף מיין הוט. — יעצט, עלווירא, האב איך זעהר ווענינ צייט. איך מוז געהן. — אדיע!

ער האט אבשיעד גענומען פון דער אלטער דאמע, האט גענומען עלוויראס האנד און האט זיא צוגעלעגט צו דיא ליפען, דאן האט ער זיך פערניינט און איז ארויסגער גאנגען פון זאל.

ביידע פרויען זיינען געבליעבען אליין. איינינע מינוטען האבען זיי געשוויעגען. יעדע איז געוועזען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. ענדליך האט דיא אלטע פרוי זיך געווענדעט צו עלווירא און האט איהר געזאגט:

— זעץ דיך, טאכטער! איך וויל עפעס מיט דיר רעדען.

ביידע דאמען האבען זיך אניעדערגעזעצט.

— עלווירא, זייט איינינע צייט לאז איך פון דיר קיין אוינ ניט אראפ, האט דיא אלטע פרוי געזאגט. — איך זעה, וואס עס קומט פאר אין דיין הארצען. איך וויס, וואס דוא פיהלסט און וואס דוא טראכסט. איך שעצע און אכטע דעם יונגען מאן, וועלכער וויוזט ביי יעדער געלעגענהייט, אז ער איז ניט גלייכגילטיג צו דיר, —

— און וואס דענקט איהר, ליעבע מוטער? האט עלווירא געפרעגט.

— איך דענק, אז דוא דארפסט נאך ניט הייראטהען, האט דיא אלטע פרוי געענטפערט.

עלווירא האט געווארפען א פראגענדען אונרוהיגען בליק אויף איהר מוטער, דיא אלטע דאמע האט פערשטאנען דיעזען בליק.

— דוא פערשטעהסט מיך ניט, עלווירא, האט זיא געזאגט. — דענק ניט, מיין קינד, אז דיין גליק איז ביי מיר ניט אזוי טהייער, וויא מיין לעבען. איך וואלט קיין

מאל ניט געטראכט צו שטערן דיין גליק, אבער עס קומען פאר פעלע אין לעבען, ווען מען מוז זיין זעהר פארזיכטיג.

— וואס רעדט איהר, מוטער? איך פערשטעה אייך ניט. איהר רעדט עפּעס אין רעטעניששען.

— ווארט, מיין קינד! האב געדולד, ביז דיין ברודער געאָרג וועט קומען פון בודאפּעסט און וועט מיר ברענגען דיא נאַכריכטען, וועלכע איך ערוואַרטע. איך וועל מיך דאן גוט איבערלעגען און וועל דיר אלעס ערקלערן.

עלווירא האט געשוויעגען. זיא האט זעהר גוט געקענט איהר מוטער. זיא האט געוואוסט, אז איהר מוטער ליעבט זיא און מיינט עס זעהר ערנסט מיט איהר. איינינע מינוט זיינען נאךביידע פרויען געזעסען איינע לעבען דער אנדערער, דאן זיינען זיי זיך צוגאנגען יעדע אין איהר צימער.

אין דער צייט, וואס ביידע דאמען פון שלאס האבען גערעדט צווישען זיך אזוי פריינדליך, איז ארטהור אראפּגעגאנגען דעם שמאלען וועג, וועלכער האט געפיהרט פון שלאס אין וואַלד.

עס איז געווארען שטארק פינסטער. דיא אלטע בוימער אין וואלד האבען גע־רוישט און געפּלוידערט צווישען זיך. זיי האבען געוויס גערעדט איינער צום אנדערן פון דיא שלעכטע מענשען, וועלכע קענען ארומלויפען פון אָרט צו אָרט און טאהן שלעכטעס איינער דעם אנדערן. זיי זיינען געווען צופריעדען, דיא אלטע בוימער, וואס זיי שטעהען אויף איין ארט און דארפען ניט געהן אויף קיין מאסקענבעללער.

ארטהור איז געגאנגען לאנגזאם און פערטראכט אין וואַלד.

— וואס איז דאס פאר א מענש, דיעזער יונגער גראף ראדעצקי? האט ער גע־ברומט. דאכט זיך, ער איז אזוי גוט און אזוי פריינדליך געגען מיר און דאך — קען איך איהם ניט ליידען. יעדעס מאל, ווען איך דערזעה איהם, דאכט זיך מיך, אז א גיפטיגע שלאנג קוקט אויף מיר מיט איהרע פייעריגע אויגען.

עס האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער ווינד. ארטהור האט געמוזט זיך איינ־הילען פעסטער אין זיין מאנטעל. אין מאנאט מערץ איז נאך גאנץ קאלט אויף דיא קארפּאַטהען בערג. — ארטהור איז געגאנגען צו זיך אהיים. ער האט געוואהנט ניט וויינט פון'ם שלאס דער גראפען טאַקקי.

ער איז שוין געווען גאר ניט וויינט פון דער היים, ווען פון אונטער א בוים האט זיך אויפגעהויבען א זאנדערבארע געשטאלט. דאס איז געווען א הויכער, נאך קרעפּטי־גער אלטער מאן, אין ארימע אבגעריסענע קליידער, — א בעטלער.

דער אלטער בעטלער האט אראפּגענומען זיין צוריסענעם הוט, האט זיך אנגע־בויגען און האט אויסגעשטרעקט דעם הוט צום יונגען מאן. עס איז געווען דייטליך, אז ער בעט, ארטהור זאל איהם עפּעס שענקען.

— אזוי שפּעט ביי נאכט געהסט דוא נאך ארום, אלטער? האט ארטהור גע־פרעגט. — געה אהיים! — עס איז קאלט אין דרויסען. — צו וואס שלעפּסט דוא זיך ארום ביי נאכט?

ער האט אריינגעווארפען א זילבערנע מינצע דעם אלטען אין הוט און איז זיך

אוועקגעגאנגען. דער אלטער בעטלער האט צוגענומען דיא מינצע, האט אנגעטאהן דעם הוט און איז פערשוואונדען געווארען צווישען דיא בוימער פון'ם געדיכטען וואלד.

2טער קאפיטעל.

## מוטער און זוהן.

צווייא מייל ווייט פון'ם שלאס טאָקקי געפינט זיך דער שלאס פון דער גרעפין ראדעצקי. אין יענע צייטען פלעגט יעדער באראן, יעדער גראף און יעדער עדעלמאן עס האלטען פאר זיין גרעסטע עהרע, ווען ער פלעגט האבען א הויף אדער א שלאס ווייט פון שטאדט. אין שטאדט האבען געוואהנט נור קויפלייטע, בעאמטע און האנד-ווערקער.

דיא גרעפין ראדעצקי האט געוואהנט אין א שעהנעם, רייכען שלאס. זיא איז געוועזען נאך קיין אלטע און זעהר שעהנע פרוי. איהר געזיכט איז געוועזען פיין און עדעל; נור ווען מען האט זיך גוט צוגעקוקט צו איהר, האט מען געקענט בעמערקען, אז פון צייט צו צייט ווערט איהר געזיכט גראב, ווילד און בייז. אין איהרע אויגען צינדעט זיך דאן אן א ווילדעס פייער און איהרע ליפען הויבען אן צו ציטערן.

דער שלאס איז העלל בעלייכטעט. דיא גרעפין ראדעצקי זיצט אין איהר עסס-צימער לעבען א רייך געדעקטען טיש, אויף וועלכען עס זיינען אנגעשטעלט אלערלי שפייזען און דיא טהייערסטע אונגארישע וויינען.

זיא עסט אבער ניט. אויף איהר שעהנעם שטערן האבען זיך אויסגעלעגט טיעפע קנייטשען. איהרע אויגען שליידערן בליצען און קוקען אויף דער טהיר. איהר גאנצעס געזיכט צייגט צארן, אונרוהע און אונצופריעדענהייט. דיא גרעפין איז געוועזען ניט אויפ-געלעגט.

פלוצלונג האט זיך געעפענט דיא טהיר און א יונגער מאן איז אריינגעקומען אין צימער.

— וואו ביסט דוא פערפאלען געווארען, מאקס? האט דיא גרעפין געפרעגט הארט און שארף. — דוא ביסט אוועקגעגאנגען נאך מיטאג און ביסט ערשט געקומען. עס איז דאך שוין נאך ניין אוהר. איך האב שוין געוואלט שיקען דיך זוכען. עס איז שוין ציימ צו עסען. איך האב אבער ניט געקענט נעהמען א ביסען אין מויל, ביז איך האב ניט געוואוסט, וואו דוא ביסט ערגעץ.

— יא, יא, ליעבע מוטער! איך זעה אז דוא ביסט ניט אויפגעלעגט, האט מאקס געענטפערט פרעהליך. דוא פערגעסט וואהרשיינליך, אז מארגען גיבען מיר א גרויסען באלל. דוא דארפסט זיין א ביסעל פריינדליכער אויפ'ן באלל.

— ביסט דוא געוועזען ביי דער גרעפין טאָקקי? האט דיא מוטער פלוצלונג געפרעגט.

— געוויס, מאמא! איך האב אליין איינגעלאדען דיא גרעפין מיט איהר טאכ-טער צו אונז אויפ'ן באלל.

— וויא געפעלט דיר דיא יונגע גרעפין?

— זיא איז שעהן, מאמא! — זיא איז ענטציקענד שעהן! זיא איז בעצויבערנד שעהן! — אך, מוטער! — עלווירא איז א זעלטענע שעהנהייט. —

— וויא האט זיא דיך אויפגענומען? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— דיא אלטע און דיא יונגע האבען מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך.

דאס געזיכט פון דער גרעפין ראדעצקי איז געווארען פרעהליכער.

— דאס איז זעהר וויכטיג, מיין זוהן, האט זיא געזאגט פיעל פריינדליכער. — זעץ דיך, מאקס, און לאָמיר רעדען אביסעל ערנסט. —

מאקס האט זיך געזעצט לעבען זיין מוטער.

— ווייסט דוא, מאקס, צו וואס איך מאך מארגען דעם מאסקען באלל?

דער יונגער מאן האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— מיינסט דוא, אז איך וויל גלאט אזוי זעהן ביי מיר אין זאל מאסקען? — ניין, מיין זוהן! איך האב א גאנץ אנדערן צוועק.

— וועלכען, מוטער? — ערקלער עס מיר! האט דער יונגער מאן געבעטען.

— ערשטענס, וויל איך מיך בעקענען מיט אלע גוטסבעזיצער (פריצים) ארום אונז. איך וויל, אז אלע שטאלצע גראפען, באראנען און עדעל לייט, וועלכע וואינען אין דיעזער געגענד, זאלען ווערן אונזערע פריינד. — צווייטענס, וויל איך דיר געבען א געלעגענהייט, דוא זאלסט זיך בעסער בעקענען מיט דער גרעפין עלווירא מאָקקי. —

— דוא האסט רעכט, מוטער! האט מאקס אויסגערופען. — איך וויל אויך זיין נעהנטער בעקאנט מיט דער גרעפין עלווירא: זיא איז יונג, שעהן און רייך. דרייא זאכען, וועלכע מאכען דאס לעבען אזוי זיס און אזוי אנגענעהם.

— יא, מאקס! איך האב געטאהן, וואס איך האב געקענט, אז דוא זאלסט זיך צונויפקומען מיט דער גרעפין עלווירא. יעצט מוזט דוא וויזען, אז דוא קענסט צוציהען צו זיך א יונגע פרוי. — דוא מוזט זעהן מארגען אויפ'ן באלל אזוי וויט פער-אינטערעסירען דיא גרעפין עלווירא, אז דוא זאלסט ווערן איהר גאָט -- איהר געליעבטער!

— איך האף, אז עס וועט אזוי זיין, ליעבע מוטער.

— האפען איז נאך ווייניג, האט דיא גרעפין ראדעצקי בעמערקט. מען מוז זיין זיכער, נים נור האפען.

— איך בין זיכער, אז עס וועט אזוי זיין, האט דער יונגער מאן געענטפערט. איך קען דיר אזוי פיעל זאגען, אז איך האב גערעדט מיט איהר אזוי לאנג, ביז זיא האט מיר אויסגעזאגט, אין וואס פאר א מאסקע זיא וועט קומען צו אונז אויפ'ן באלל. זיא האט עס פון אנפאנג ניט געוואלט, איך האב איהר אבער געזאגט אזוי פיעל קאמפלימענטען און אזוי פיעל שמייכעלייען (חניפהלעך) ביז זיא האט מיר אלעס אויס-געזאגט.

דיא גרעפין האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל און האט ארומגענומען איהר זוהן.

— יא, מיין ליעבער זוהן! האט זיא אויסגערופען פול פרייד, — דוא ווייסט נאר נים, וואס פאר א גרויסע פרייד דוא וועסט מיר מאכען, ווען דיא גרעפין עלווירא

זאל זיך פערליעבען אין דיר. איך וויל אז מיר זאלען גלענצען צווישען דיא אריסטא־קראטען פון אונגארן. איך וויל, אז אונזער נאמען זאל גלענצען אין גאנץ אונגארן. — דוא ביסט שעהן, דוא ביסט יונג, פאר וואס זאלסט דוא ניט הייראטהען דיא גרעפין טאָקקי?

— יא, מוטער! איך ליעב דיא גרעפין עלווירא און וועל זיין גליקליך זיא צו הייראטהען.

— דוא ביסט אזוי רייך, וויא זיא. האט דיא מוטער פלוצלונג געזאגט.

— ניין, מוטער, איך בין ניט רייך, האט מאקס געזאגט טרויעריג, — דוא, מוטער, ביסט ווירקליך רייך, איך אבער האב גאר ניט.

— דערפון האב איך גאר ניט געטראכט, האט דיא גרעפין ראדעצקי געזאגט. עס איז וואהר, אז מיין גאנצעס פערמעגען געהערט נור מיר אליין. דאס איז אבער ניט דיא הויפטזאכע, ווארום איך וויל, אז דוא זאלסט הייראטהען דיא גרעפין טאָקקי, איך האב נאך אנדערע אורזאכען צו ווינשען, אז עלווירא טאָקקי זאל ווערן דיין פרוי.

— מוטער, וואס וועט אבער זיין, ווען מיין פאטער וועט אמאל קומען —

— שוויינ, מאקס! — רעד ניט דערפון! האט געזאגט דיא גרעפין און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקעלן מיט א בעזונדערן גלאנץ. — רעד ניט מיין זוהן, פון דיין פאטער. איך האב דיר שוין געזאגט, אז ער איז שוין לאנג טויט.

— ער איז טויט? — ווער קען עס וויסען? האט דער זוהן געפרעגט. פיעלייכט לעבט ער נאך ערגעץ אין ארימקייט און נויט? פיעלייכט וואלגערט ער זיך ערגעץ אין פרעמדע לענדער? — ווער קען עס וויסען? — פיעלייכט וועט [illegible] נאך אמאל קומען און וועט אונז פערניכטען מיט אונזער גלאנץ און מיט אונזער שטאלץ?

— איך זאג דיר נאך אמאל, אז ער איז טויט! ער איז שוין אויף דער וועלט ניטא!

דיא גרעפין איז געווארען אויפגערעגט. אויף איהר שעהנעם געזיכט האט זיך געוויעזען דיעזער הארטער, בייזער, ווילדער אויסדרוק, פון וועלכען מיר האבען שוין געשריעבען.

מאקס האט געקענט זיין מוטער. ער האט געוואוסט, אז אין אזעלכע מינוטען איז גלייכער מיט איהר ניט צורעדען.

— גוטע נאכט, מוטער! האט ער געזאגט, איך בין מיעד און וויל געהן מיך לעגען שלאפען.

— אזוי פריה שוין שלאפען? האט דיא גרעפין געפרעגט פערוואונדערט.

— יא, מוטער, איך וויל מיך לעגען שלאפען, מיר דארפען אויפשטעהן מארגען אין דער פריה. מיר האבען פיעל ארבייט אויף מארגען. מיר מוזען זיך אויסרוהען.

— זיי ניט בייז אויף מיר, מאקס, האט דיא גרעפין געבעטען. דוא ווייסט, אז איך וויל קיין מאל ניט רעדען איבער דיעזען פונקט. איך ווער אויפגערעגט, ווען מען רעדט דערפון.

— ענטשולדיג מיר, מוטער, וואס איך האב דערפון גערעדט. איך וועל עס מעהר ניט טאהן. — גוטע נאכט מוטער!

ער איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון צימער. דיא גרעפין איז געבליעבען זיצען אויף איהר שטוהל פערטראכט און פערזארגט.

—עס מוז זיין אזוי! האט זיא געזאגט שטילערהייט. דאס איז דאס איינציגע מיטעל אלעס גוט צו מאכען. — ער מוז הייראטהען דיא גרעפין עלווירא, עס מעג קאסטען, וואס עס וויל זיך! נור דורך דיעזער הייראטה קען אלעס ווידער גוט ווערן. — ער וועט זיא הייראטהען! איך וויל אזוי!

אין דיעזער מינוט האט מען אנגעקלאפט גאנץ שטיל אין דער טהיר.

— העריין! האט דיא גרעפין געזאגט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און א קרעפטיגער מאן מיט א ווילדעס געזיכט איז אריינגעקומען אין צימער, האט זיך טיעף פערנייגט פאר דער גרעפין און האט געזאגט:

— גוטען אבענד, גרעפין!

— אה, דוא ביזט עס, נאגי? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— איך בין עס, גנעדיגע גרעפין, האט דער מאן געענטפערט.

— וויא קומט עס, וואס דוא ביסט געקומען צו מיר אזוי שפעט?

— איך האב אייך עפעס צו זאגען.

דיא גרעפין איז געווארען אויפמערקזאם איהרע בליקען האבען געפרעגט: וואס ווילסט דוא מיר זאגען אזוי שפעט?

— איך האב איינגעלאדען אויפ'ן באלל צוויי געסט, וועלכע געהערן אייגענטליך ניט אהער. זיי וועלען אבער געהן גאנץ אנשטענדיג געקליידעט און קיינער וועט ניט וויסען, ווער זיי זיינען.

— אום גאטעס ווילען! וואס האט איהר געטאהן? האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— זייט רוהיג, גרעפין! האט דער מאן געבעטען. קיינער וועט זיי ניט דערקענען.

— ווער זיינען זיי אבער?

— עס זיינען מענשען, וועלכע איך האלט פאר נעטהיג, אז זיי זאלען זיין אויפ'ן באלל.

— איך פערשטעה ניט, וואס דוא רעדסט! האט דיא גרעפין געזאגט בייז.

— איהר ווייסט דאך, גנעדיגע גרעפין, אז נאגי ווייס, וואס ער טהוט. איך האב נאך קיין מאל ניט געטאהן אזאך, וואס איך דארף ניט.

— זאג מיר וועניגסטענס, וויא זיי הייסען! האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— וואס וועט איהר דערפון האבען? איהר קענט זיי ניט. איהר וועט ניט וויסען, ווען איך וועל אייך זאגאר זאגען, וויא זיי הייסען. — אויף א באלל קענען פארקומען אלערליי זאכען, וואו מען דארף האבען הילף. מיינע צוויי מענשען קענען דאן זיין זעהר ניצליך. — יעצט, גרעפין, פערשטעהט איהר מיך שוין.

— איך קען דיך, נאגי, האט דיא גרעפין געזאגט לאנגזאם; איך ווייס, אז דוא ביסט מיר געטריי. דערפאר האלט איך דיך פאר מיין בעסטען פריינד און מיין איינציגען ראטהגעבער. — ווען דוא האסט געפונען פאר נעטהיג איינצולאדען צוויי פרעמדע מענשען, פערשטעהסט דוא געוויס, אז מען דארף זיי האבען. — גוט, נאגי! עס איז

שוין שפעט. איך מוז מיך אויסרוהען. איך האב נאך פיעל ארבייט אויף מארגען.

— איך האב נאך אויך עפעס צו טאהן, האט נאני געזאגט, וויא צו זיך אליין, און איז אוועקגעגאנגען.

3טער קאפיטעל.

## דער מאסקען באלל.

דער אבענד פון'ם מאסקען באלל איז ענדליך אנגעקומען. א גאנצען טאג האט מען געארבייט און געשאפט אין שלאס פון גרעפין ראדעצקי. מען האט אויסגעשטעלט בלומען טעפ און זעלטענע ביימער אין דיא גרויסע זאלען פון שלאס. מען האט אויס־געציערט און אויסגעפוצט דיא זאלען און דיא צימער, וויא אין א קעניגליכען פאלאץ.

אזוי וויא עס איז געווען דער ערשטער באלל און דיא גרעפין ראדעצקי האט געוואלט ווייזען אלעמען, אז זיא איז רייך, האט זיא ניט געקוקט אויף קיינע אויסגאבען און האט פערציערט איהר צימער אויף'ן רייכסטען ארט.

ענדליך איז אלעס פערטיג געווארען. דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז גע־ווארען נאכט, דיא גרעפין האט זיך אנגעטאהן אין איהרע בעסטע און טהייערסטע קליידער. זיא האט אנגעטאהן איהרע בעסטע און טהייערסטע דיאמאנטען. איהר זוהן מאקס איז אויך געווען אנגעטאהן זעהר רייך און זעהר עלעגאנט.ביידע האבען יעצט ערווארטעט זייערע געסט.

דער ערשטער גאסט איז געווען נאני. ער איז אויך געווען אנגעטאהן אין א מאסקע, אבער אין א זאנדערבארער מאסקע פון א פאיאץ, א קלאאון. עס איז געווען דייטליך, אז ער האט געוואלט, אז דיא גרעפין זאל וויססען, וויא ער וועט אויסזעהן אין זיין נייעם, מאסקירטען קאסטיום.

באלד האבען אנגעהויב'ען אנצוקומען איין קארעטע נאך דער אנדערער. רייך געקליידעטע הערען, עלעגאנטע דאמען זיינען ארויסגעגאנגען פון דיא קארעטעס. אייניגע זיינען שוין געווען מאסקירט; אנדערע זיינען אריינגעגאנגען אין אנקליידע צימער און האבען זיך דארט פערמאסקירט.

דיא זאלען פון'ם שלאס זיינען געווען העלל בעלייכטעט. דיא געסט זיינען זיך צר־נויפגעקומען איינער נאכ'ן אנדערן. אלעס האט געגלענצט, אלעס האט געפונקעלט, אלעס האט געשיינט. צווישען דיא מאסקירטע געסט האט מען געקענט טרעפען דיא רייכסטע און דיא טהייערסטע קליידער. דא איז געגאנגען א טערק מיט צוויי קרומע מעסערס, (יאשאגאנ'ס) אריינגעשטעקט אין גארטעל. אין דיא הענטליך פון דיא יאטאַ־גאנס האבען געפונקעלט בריליאנטען, וועלכע האבען פערבלענדעט דיא אויגען. דארט האט מען געזעהן אן אראבער מיט א גרויסען טורבאן אויף'ן קאפ. אין טורבאן האבען געגלענצט און געפונקעלט דיאמאנטען און בריליאנטען. ווייטער האט מען געזעהן א נייסטליכען אין אן איינפאכען לאנגען מאנטעל; נאך ווייטער א זעערויבער אין א קורצען רויטען מאנטעל.

בעזאנדערס רייך זיינען געווען דיא קאסטיומען פון דיא פרויען. אלעס, וואס איז שעהן, פראכטפאל, עלעגאנט און וויציג האט מען געקענט זעהן אויף דיזען באלל.

שפעטער פון אלעמען איז אנגעקומען דיא גרעפין טאקקי מיט איהר טאכטער

עלווירא. עלווירא איז געגאנגען אנגעטאהן אלס קעניגין דער נאכט אין א לאנגען, שווארצען מאנטעל, אויף וועלכען עס האבען געגלאנצט קליינע גאלדענע שטערן. אויפ'ן קאפּ האט זיא געטראגען א זילבערנע קרוין, וועלכע האט פארגעשטעלט דעם מאָנד מיט דיא זיעבען פּלאנעטען (דיא לבנה מיט זיעבען גרויסע שטערן).

דיא אלטע גרעפין טאָקקי האט צוואר געטראגען א מאסקע, אבער קיין בעזאָנ־דערן קאסטיום. זיא איז געגאנגען אין אן איינפאכעם זיידענעם קלייד.

— אט איז אנגעקומען דיא גרעפין עלווירא טאָקקי מיט איהר מוטער, האט מאקס געזאגט צו זיין מוטער. — קום, מאמא, לאמיר זיי בעגריסען.

ביידע זיינען צוגעלאפען צו דיא נייע געסט און האבען זיי בעגריסט גאנץ פריינד־ליך, אבער שטילערהייט. אויף א מאסקענבאלל פערענדערט מען געוועהנליך דיא שטימע אדער מען רעדט גאנץ שטיל, אז מען זאל ניט דערקענען דיא מאסקע אן דער שטימע.

עלווירא איז באלד פערשוואונדען געווארען אין זאל צווישען א גרויסען הויפען מאסקעס, וועלכע האבען גערעדט, געלאכט, געשפּאסט און זיך גערייצט איינער מיט'ן אנדערן. פון צייט צו צייט פלעגט זיא זיך אומקוקען און זוכען וועמען אין זאל. זיא איז ענדליך צוגעקומען צו איהר מוטער און האט איהר געזאגט שטילערהייט:

— איך זעה ניט ארטהור'ן אין זאל. איך פערשטעה גאר ניט, וואס זאל עס בעדייטען?

אין דיעזע מינוט איז צו איהר צוגעקומען מאקס ראדעצקי.

— ווען זוכען דיינע בליקען, שעהנע מאסקע? האט ער געפרעגט.

עלווירא האט איהם דערקענט אן זיין שטימע. זיא האט זיך פערנייגט העפליך, האט איהם אבער גאר ניט געענטפערט. עס זיינען אנגעקומען נייע געסט. מאקס האט ניט געוואלט אפּטרעטען פון עלווירא. ער האט גערעדט צו איהר, האט זיא עפּעס גע־פרעגט, זיא פלעגט איהם אבער ענטפערן א ווארט איבער א צעהנטען.

עס זיינען אנגעקומען נייע און וואונדערשעהנע מאסקעס. א פּאיאץ פון א צירק איז ארומגעגאנגען מיט צווייא טערקען און פלעגט מיט זיי עפּעס רעדען. אלע האבען געקוקט אויף דיעזע זאנדערבארע גרופּע. אלע האבען גערעכענט, אז דער פּאיאץ וועט שפּרינגען, טאנצען, זיך איבערקעהרן און מאכען שפּאס, וויא א פּאיאץ פון א צירק מאכט. צו זייער ערשטוינען אבער האט דער פּאיאץ זיך אונטערהאלטען גאנץ ערנסט מיט זיינע צווייא טערקען.

דיא מוזיק האט אנגעהויבען צו שפּיעלען. דאמאלס איז געווען אין דער מאדע דיא פּאָלאָנעז, א פּוילישער טאנץ. עס האבען זיך אויסגעשטעלט פּארליך צו טאנצען דיא פּאלאנעזע. מאקס ראדעצקי האט דערלאנגט זיין האנד דער גרעפין עלווירא. זיא האט איהם ניט געקענט אפּזאגען, ווייל אין דיעזער צייט זיינען קיינע אנדערע קאוואַ־לירען לעבען איהר ניט געשטאנען.

דיא מוזיק האט געשפּיעלט. דיא פּאָרליך האבען זיך געדרעהט אין שנעלען טאנץ. אלע זיינען געווען פרעהליך און מונטער.

אין זאל איז אריינגעקומען א נייער גאסט. ער האט געטראגען א לאנגען

שווארצען מאנטעל און א הויכען שווארצען הוט מיט א גרויסען ווייסען פעדער. ער האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט עפּעס געזוכט:

באלד האט ער דערזעהן, וואס ער זוכט. ער האט דערזעהן, וויא דיא קעניגין פון דער נאכט טאנצט מיט א רוסישען מושיק.

— פערדאמט! האט ער אויסגערופען. — איך בין געקומען צו שפּעט! זיא טאנצט שוין מיט אנאנדערן. — איך האב מיך געאיילט, — האב אבער דאך פערשפּעטיגט.

ער האט געמוזט בלייבען שטעהן ביי דער טהיר און ווארטען, ביז דער טאנץ האט זיך געענדיגט. באלד איז אריינגעקומען א נייער גאסט, אויף וועלכען אלע האבען זיך אומגעקוקט. ער איז געווען אנגעטאהן, וויא פּילגער (א מענש, וועלכער האט א נדר געטאהן צו געהן ערגעץ אין א הייליגער שטאדט בעטען גאט. אין יענער צייט איז עס געווען אין דער מאדע. טויזענדער מענשען פלעגען שווערן אדער א נדר טאהן, זיי זאלען געהן צו פוס קיין רוים, קושען דיא פיס פון פּאפּסט, דעם הייליגען פאטער אין רוים. זיי פלעגען דורכגעהן הונדערטער מייל, פלעגען נעכטיגען אין דרויסען און עסען נור ברויט מיט וואסער. אזעלכע מענשען פלעגען הייסען פּילגער).

דער פרישער גאסט איז געווען אנגעטאהן אין א גראבען, גרויען מאנטעל און האט געהאלטען א גרויסען, גראבען, קנאָטיגען שטעקען אין דער האנד. אויפ'ן קאפּ האט ער געטראגען אן אלטען צוריסענעם הוט. אויפ'ן געזיכט האט עם געטראגען א א שווארצע מאסקע.

אלע האבען זיך אומגעקוקט אויף דיעזע זאנדערבארע מאסקע. דאס איז געווען א טרויעריגע, ריהרענדע, הערצרייסענדע געשטאלט. דער גאסט האט געשפּיעלט זיין ראלע פון א פּילגער אזוי געשיקט און אזוי קונסטפאל, אז עס איז שווער געווען צו זאגען, אויב ער פערשטעלט זיך נור, אדער ער איז טאקע א פּילגער און איז געקומען בעטען, מען זאל איהם עפּעס שענקען. פיעלע פרעהליכע יונגע לייט זיינען צוגעקומען צו איהם און האבען איהם געפרעגט:

— וואוהין געהסט דוא, ארימער פּילגער? — געהסט דוא קיין רוים, קיין אטהען אדער זאגאר קיין ירושלים?

דער פּילגער אבער האט נור געמאכט א צייכען מיט דער האנד און האט קיינעם ניט געענטפערט.

דער טאנץ האט זיך געענדיגט און מאקס ראדעצקי האט צוגעפיהרט זיין דאמע צו א באנק און האט זיא אניעדערגעזעצט. ער אליין האט זיך אויך געזעצט לעבען איהר.

— וויא געפעלט דיר דיא מוזיק, שעהנע מאסקע? האט ער זיא געפרעגט.
— וואס איז דאס פאר א ווארט „דוא“? האט געפרעגט א שטימע הינטער איהם.

— אויף א מאסקען באלל ערלויבט מען זיך דיא פרייהייט צו זאגען צו יעדער מאסקע „דוא“, האט מאקס געענטפערט.

— א וואהרער קאוואליר אבער בענוצט זעהר זעלטען דיעזע פרייהייט, דאס דיעזעלבע שטימע אויסגערופען.

מאקס ראדעצקי האט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ און האט דערזעהן, אז הינטער איהם שטעהט א מאסקע אין א שווארצען מאנטעל, שווארצען הוט מיט א גרויסען ווייסען פעדער.

— ארטהור! דוא ביסט עס? האט עלווירא אויסגערופען.

איידער מאקס ראדעצקי האט זיך אומגעקוקט, איז שוין ארטהור געזעסען לעבען עלווירא און האט געהאלטען איהר האנד אין זיינע. מאקס איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט, עס האט איהם געקרענקט, וואס מען האט איהם אזוי טיעף בעליי־דיגט און נאך אין זיין אייגענעם הויז. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן אין אזא פאל און האט זיך איבערלעגט.

— ארטהור! האט זיא אויסגערופען, האט ער זיך געטראכט. אלזא, זיא רופט איהם ביי זיין נאמען, זיא איז מיט איהם בעקאנט. — מעגליך, אז זיא ליעבט איהם.. דאן אבער וועה איהם! איך וועל איהם צוטרעטען, וויא מען צוטרעט א גיפטיגע שלאנג מיט דיא פיס!

ער האט עס אבער נור געטראכט. ארויסגעזאגט האט ער עס ניט. אין געגענ־טהייל, ער איז גאר געווארען העפליך און האט געזאגט צום יונגען מאן:

— איך האב געהערט, אז ווען איינער מישט זיך אריין אין א פרעמדען געשפרעך, איז ער אונהעפליך.

— ניט אויף א מאסקענבאלל, האט ארטהור געענטפערט. איהר האט דאך נור וואס אליין געזאגט, אז אויף א מאסקענבאלל ערלויבט מען זיך פיעלע פרייהייטען.

— לאז צורוה, ארטהור! האט עלווירא געבעטען. מאך קיין שטרייט מיט איהם. מאקס האט דערהערט, וואס עלווירא האט געזאגט. ער איז געווען גענוג קלוג צו פערשטעהן, אז ער האט דא מעהר ניט וואס צו טאהן און האט געפונען פאר נעטהיג צו שפאסען מיט אנאנדער מאסקע, וועלכע איז נור וואס פארביינגעגאנגען.

— ווער זאל ער זיין? האט ער געפרעגט זיך אליין. וויא אזוי ווערט מען געוואהר, וויא ער הייסט? — ארטהור איז דאך נור זיין אייגענער נאמען. וויא איז אבער זיין פאמיליען נאמען?

צוויא אנדערע מאסקעס האבען געזעהן און געהערט אלעס, וואס דא איז פאר־געקומען צווישעןביידע יונגע לייט. ביידע מאסקעס האבען ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון דיא אקטערע פון דיעזער זאנדערבארער קאמעדיע. דאס זיינען געווען דער פילגער און דער פאיאץ. ביידע האבען זיך צוגעהערט, וואס דיא יונגע לייט האבען גערעדט און ביידע האבען קיין אויג ניט אראפגעלאזען פון מאקס ראדעצקי.

דער פאיאץ האט ערגעץ געלאזען זיינע צוויא טערקען און איז יעצט געגאנגען איינער אליין.

— וואס ביסט דוא אזוי פערטראכט, מאסקע? האט דער פאיאץ געפרעגט דעם רוסישען מוזשיק.

מאקס האט זיך אנגעבויגען צום פאיאץ און האט איהם געפרעגט אויפ'ן אויער:

— זאג מיר, נאני, קענסט דוא יענע מאסקע מיט א גרויסען ווייסען פעדער אויפ'ן הוט? ער זיצט דארט און רעדט מיט א דאמע, וועלכע איז אנגעטאהן אלס קעניגין דער נאכט.

— איך קען איהם זעהר גוט, האט נאני געענטפערט, ער איז א באראן פאן באטהיאני. איך וויס אויך, ווער דיא קעניגין דער נאכט איז!

— ווער איז זיא דען?

— דאס איז עלווירא, דיא יונגע גרעפין פאן טאקקי.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס אלעס?

— איך וויס נאך מעהר. דער באראן פאן באטהיאני איז פערליעבט אין דער יונגער גרעפין.

מאקס האט א ציטער געטאהן.

— וויא עס ווייזט אויס, איז אייך דיעזע נאכריכט אונאנגענעהם, הערר גראף, האט זיך דער פאיאץ געווייצט מיט איהם.

— שטעל דיר פאר, אז דיעזע נאכריכט איז מירווירקליך זעהר אונאנגענעהם, האט מאקס געזאגט, וואס קענסט דוא דען טאהן דאגעגען?

— וואס ווייסט איהר, הערר גראף? פיעלייכט קען איך יא עפעס טאהן.

— דאן וועלען מיר שפעטער רעדען דערפון, האט מאקס געזאגט און איז אוועקגעגאנגען פון'ם פאיאץ.

ער איז געגאנגען צו זיין מוטער, וועלכע האט געזעהן פון דער ווייטען, אז עלווירא טאקקי זיצט יעצט מיט אנאנדערן, ניט מיט איהר זוהן.

דער פילגער האט זיך ארומגעדרעהט ארום פאיאץ און האט זיך צוגעקוקט און צוגעהערט צו אלעמען, וואס דער פאיאץ האט געטאהן און גערעדט.

דער פאיאץ איז געגאנגען אויפזוכען זיינע צוויא טערקען. ער האט זיי געפונען ערגעץ אין א ווינקעלע און האט זיי געזאגט:

— יעצט דארף איך אייך ניט מעהר. איהר מענט אייך געהן. — מארגען פון צעהן ביז עלף אוהר ביי נאכט זאלט איהר אויף מירווארטען אין וואלד לעבען דעם טאהל פון קערוואל. ווען איך וועל אייך דארפען, וועל איך אנהייבען שרייען, וויא א ראב. דאס וועט זיין א צייכען, אז איך דארף אייך.

דיא צוויי טערקען האבען אויסגעגלעט זייערע בערד און האבען צוגעלעגט דיא הענד צום הארצען, וויא דיא עכטע טערקען מאכען ביים סאלעם אלייקום (דיא ערשטע בעגריסונג פון א טערק. שלום עליכם).

דיא צוויי טערקען האבען זיך נאך אביסעל דורכשפאציערט אין זאל און זיינען ערגעץ פערשוואונדען געווארען.

זאנדערבאר! קוים זיינען דיא טערקען פערשוואונדען געווארען, איז דער פילגער אויך ארויסגעגאנגען פון זאל און מעהר האט מען איהם שוין דיעזען אבענד ניט געזעהן.

מאקס ראדעצקי האט אונטערדעסען גערעדט שטילערהייט מיט זיין מוטער.

— צו שפעט מוטער! איך בין געקומען צו דער גרעפין טאקקי צו שפעט. — עלווירא ליעבט אן אנדערן. — אט זיצט זיא דארט מיט'ן באראן פאן באטהיאני און

רעדט מיט איהם אזוי פריינדליך און צוטרויליך, אז איך קען שוין גאר ניט צווייפלען, אז זיא ליעבט איהם. — זיא ליעבט איהם שוין זייט א לאנגע צייט.

— זיא דארף איהם אבער ניט ליעבען! האט דיא גרעפין ראדעצקי אויסגערופען און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען. — דוא מוזט זיא הייראטהען, מאקס! דיא יונגע גרעפין טאקקי מוז זיין דיין פרוי! — דוא ווייסט גאר ניט, מאקס, וויא נעטהיג עס איז פאר מיר און פאר דיר, אז דוא זאלסט זיא הייראטהען.

— איך ליעבע זיא, מוטער! האט מאקס אויסגערופען. זיא איז שעהן און ליעבענס־ווירדיג; זיא געהערט צו דיא עלטסטע און עדעלסטע פאמיליען פון אונגארן. זיא מוז זיין מיינע, ווען איך זאל זאגאר מוזען אריבערטרעטען איבער הונדערט לייכען, ביז איך וועל צוקומען צו איהר. עס מוז זיין!

— וויא אזוי ווערט מען אבער געוואהר, אויב דיעזער באראן באטהיאני איז ווירקליך דיא מאסקע, וועלבע רעדט מיט איהר?

— מוטער, דאס איז זעהר לייכט, האט מאקס בעמערקט.

— וויא אזוי איז עס לייכט?

— גאנץ איינפאך. מיר האבען געמעלדעט, אז נאכ'ן באלל וועלען מיר געבען א גרויסארטיגען באנקעט, קענען מיר פערלאנגען, אז אונזערע געסט זאלען אראפּוואַרפען פון זיך דיא מאסקעס.

— דוא האסט רעכט, מיין זוהן! אזוי פיהרט זיך עס אין דער אריסטאקראטישער וועלט. צום באנקעט טהוט מען זיך אויס דיא מאסקעס.

דיא מוזיק האט געשפּיעלט. דיא געסט האבען געטאנצט. דיא מאסקעס האבען גערעדט, געטאנצט, געשפּאסט און געלאכט. ארטור פון באטהיאני און זיין געליעבטע עלווירא האבען נאך א פאר מאל געטאנצט, דאן זיינען זיי אריינגעגאנגען אין א קליינעם זאל און א זייט און האבען זיך אניעדערגעזעצט רעדען פריינדליך און צוטרויליך.

עס איז געוואָרען שפּעט. דיא מוזיק האט נור וואס געענדיגט א טאנץ. דיא פּארליך זיינען זיך צוגאנגען. פּלוצלונג האט מען געהערט קלינגען דיא גרויסע גלאקע פון'ם שלאס. דאס איז געווען א צייכען, אז דיא טישען זיינען געגרייט און דיא געסט זיינען איינגעלאדען צום עסען.

דיא גרעפין ראדעצקי איז אוועקגעגאנגען אין איהר טואלעט צימער און האט פון זיך אראפּגעוואָרפען דיא מאסקע. זיא איז דאן ארויסגעקומען אין איהרע געוועהנליכע קליידער אהן א מאסקע. ווען דיא ווירטהין פון באלל האט פון זיך אראפּגעוואָרפען דיא מאסקע, האבען דיא געסט געפונען פאר נעטהיג אויך אראפּצוואַרפען פון זיך זייערע מאסקעס. אייניגע זינען געגאנגען אין טואלעט צימער זיך איבערטאהן, אנדערע אבער זיינען געבליעבען אין זייערע קליידער און האבען נור אראפּגענומען דיא מאסקעס פון זייערע געזיכטער.

עלווירא און איהר געליעבטער האבען אויך געמוזט אראפּנעהמען דיא מאסקעס פון זייערע געזיכטער. זיי האבען ניט געוואָלט זיך איבערטאהן און זיינען געבליעבען זיצען אין זייערע קליידער אבער אהן מאסקעס.

— דיא מוטער וועט געוויס ווארטען אויף מיר, האט עלווירא געזאגט. קום,

ארטהור! לאמיר געהן אין זאל. איך וויל זעהן, וויא זיי ווייזען יעצט אוים אהן מאסקעס.

ארים אין ארים געשלאסען זיינען ביידע אריינגעקומען אין זאל. זיי זיינען פארביי־געגאנגען פאר דיא גרעפין ראדעצקי און איהר זוהן. דיא געסט זיינען יעצט געווען בעד זאנדערס פרעהליך. פיעלע האבען זיך יעצט דערקענט און האבען בעוואונדערט זייערע פריינד און בעקאנטע, וועלכע האבען זיך אזוי גוט מאסקירט, אז עס איז געווען אונ־מעגליך זיי צודערקענען.

— אט זיינען זיי! האט מאקס ראדעצקי געזאגט צו זיין מוטער. אט געהן זיי ביידע ארים אין ארים געשלאסען. — בעטראכט זיי מוטער! — זיי ליעבען זיך! — איך קען עס ניט אויסהאלטען! — איך מוז זעהן פון איהם לויז צו ווערן. ער מוז פער־שווינדען!

— ניט יעצט, מיין זוהן! האט דיא גרעפין געזאגט ערנסט. איך וויל ניט, אז אויף מיין באלל זאל פארקומען א סקאנדאל.

מאקס האט געוואלט אוועקגעהן. דיא גרעפין האט איהם צוריקגעהאלטען.

— בלייב שטעהן, מיין זוהן! האט זיא איהם געבעטען, איבעראייל דיך ניט. איבערלעג דיך בעסער וואס צו טאהן. רעד פריהער איבער מיט אונזער פריינד נאגי.

מאקס אבער האט זיך אויסגעריסען און איז נאכגעלאפען ארטהורן און עלווירא.

— ארטהור און עלווירא זיינען דורכגעגאנגען דעם זאל. זיי האבען געזוכט דיא אלטע גרעפין טאקקי. זיי האבען זיא באלד געפונען זיצען אין א ווינקעלע און זיינען צוגעקומען צו איהר.

— קום אהיים, עלווירא! האט דיא אלטע גרעפין געבעטען. איך פיהל מיך עפעס ניט גוט.

— איך געה אהיים מיט פערגניגען, האט עלווירא געענטפערט. מיר געפעלט ניט דיעזער באל און איך וויל ניט עסען אין דיעזע הויז.

— איך וועל אייך בעגלייטען ביז אהיים, האט ארטהור געבעטען.

— דיעזע עהרע קומט מיר, האט מאקס ראדעצקי אויסגערופען. איך בין דער ווירטה פון דיעזעס הויז און איך האף, אז דיא גרעפין טאקקי וועט מיר געבען דיעזע עהרע.

— הערר גראף! האט ארטהור געענטפערט, עס איז וואהר, אז איך בין אייער גאסט. דאס אבער גיט מיר א רעכט צו פאהרדערן, אז דער ווירטה זאל זיין העפליך, זאנסט מוז איך בעדויערן, פאר וואס איך בין גאר געקומען אהער. עס איז א זיטטע (א מנהג) צווישען עכטע אריסטאקראטען, אז דער ווירטה דארף זיין זעהר, זעהר העפ־ליך געגען זיינע געסט.

אייניגע מינוטען איז מאקס ראדעצקי געבליעבען שטעהן, וויא צומישט. ענדליך האט ער געפאסט מוטה און האט געענטפערט גראב:

— מיין הערר, עס איז וואהר, אז איהר זייט מיין גאסט; דיא גרעפין טאקקי איז אבער אויך מיין גאסט און עס איז מיין הייליגע פפליכט, איך זאל זיא בעשיצען געגען יעדען, וועלכער קען זיך ערלויבען צו זאגען איהר אן אונאנגענעהמעס ווארט.

דאס איז שוין געווען צו פיעל. דיא גרעפין עלווירא האט עס שוין ניט געקענט איבערטראגען.

— גראף ראדעצקי! האט זיא אויסגערופען, איך האב גערעדט מיט'ן באראן פאן באטהיאני און האב איהם ערלויבט, ער זאל מיך בעגלייטען אהיים.

— וויא איהר זעהט, גראף ראדעצקי, האט איהר זיך אויפגעפיהרט ניט וויא אן אריסטאקראט און ניט וויא א ווירטה פון א באלל. — יעצט איז אבער ניט דיא צייט צו רעדען דערפון. איהר וועט זיך ענטשולדיגען, אדער מיר וועלען זיך אפרעכענען אין אנאנדער ארט.

— גראף ראדעצקי ענטשולדיגט זיך קיין מאל ניט, האט מאקס געענטפערט, ער איז שטענדיג בערייט צו פערטהיידיגען זיין עהרע מיט'ן שווערד אין דער האנד.

— איך וועל אייך ערווארטען, ווען איהר וועט וועלען און וואו איהר וועט וועלען, האט ארטהור געזאגט.

— וואס טהוט איהר, מיינע הערר'ען? האט גרעפין עלווירא אויסגערופען. איך בעשווער אייך, ארטהור, ביים אלעם, וואס איז אייך היילינ, איהר זאלט זיך ניט שלא־גען מיט'ן גראף. — טהוט עס מיר צוליעב!

— איך מוז פערטהיידיגען מיין עהרע, האט ארטהור געזאגט רוהיג און ענט־שלאסען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער גענומען דיא אלטע גרעפין אונטערן ארים און האט געגעבען דיא האנד דער גרעפין עלווירא.

— קומט, מיינע דאמען! האט ער זיי געזאגט, לאמיר נעהמען אבשיעד פון דער גרעפין ראדעצקי, דער ווירטהין פון'ם הויז, און דאן וועלען מיר פאהרען אהיים.

אלע דריי זיינען יעצט צוגעגאנגען צו דער גרעפין ראדעצקי, וועלכע איז געשטאנען ביי דער טהיר פון'ם זאל און האט געזעהן, וויא איהר זוהן האט זיך פערנייגט פאר דער גרעפין עלווירא; וויא ער האט עפעס גערעדט מיט'ן אנדערן יונגען מאן; וויא דאן האט דער יונגער מאן אנגענאמען ביידע דאמען ביי דער האנד און איז מיט זיי געגאנגען צו דער טהיר. זיא האט פערשטאנען, אז צווישען דיא יונגע לייט איז עפעס פארגעקומען. זיא איז דאהער ענטגעגען געגאנגען און האט געזאגט דער גרעפין טאקקי מיט א שמייכעל.

— ווילט איהר שוין אונז פערלאסען? — אזוי פריה? — ווילט איהר ניט ער־צייגען מיר דיא עהרע צו עסען ביי מיר?

— ענטשולדיגט מיר, גרעפין! איך פיהל מיך זעהר שלעכט, האט דיא אלטע גרעפין געענטפערט. דער קאפ טהוט מיר זעהר וועה, איך מוז געהן אהיים. איך מוז מיך צולעגען.

גרעפין עלווירא האט זיך פערנייגט, אויך ארטהור האט זיך פערנייגט. דאן האט ער אנגענומען ביידע דאמען אונטער דיא הענד און האט זייא ארויסגעפיהרט פון זאל.

אין דרויסען האט ער געהייסען א לאקיי צוברענגען דיא קארעטע פון דער גרעפין טאקקי און זיין אייגענע קארעטע.

ער האט אריינגעזעצט די דאמען אין זייער קארעטע און האט געוואלט זיך זעצען אין זיין אייגענע. עלווירא האט איהם א דריק געטאהן אין דער האנד.

— איהר האט דאך פערשפראכען אונז צובעגלייטען, האט זיא געזאגט.

ארטהור האט געהייסען זיין קוטשער זיי נאכפאהרען און אליין האט ער זיך געזעצט אין דער קארעטע פון דער גרעפין טאקקי. — די קארעטע איז ארויסגעפאהרען פון דעם טויער, איינינע מינוטען האבען אלע דריי געשוויגען, ענדליך האט עלווירא געזאגט:

— ארטהור, איך בעט דיך, שלאג זיך ניט מיט גראף ראדעצקי.

— איך קען ניט, ליעבע עלווירא! ער האט מיך בעליידיגט און די עהרע פון א וואהרען אונגארישען באראן איז ביי איהם טהייערער אלס זיין לעבען.

— איך בעט דיך אבער, ארטהור.

— איך קען דיר פערזיכערן, עלווירא, אז מארגען אום אכט אוהר אבענדס וועל איך ווידער זיין ביי אייך אין שלאס טאקקי. — וואס איבערן טאג וועט פארקומען, קען איך דערוויל נאך ניט וויסען. איך וועל אייך אבער אלעס דערצעהלען.

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך בין נאר געקומען אויפ'ן באלל.

— עס העלפט ניט, עלווירא! מיר מוזען זיין העפליך און עדעל, זאגאר געגען מענשען, וועלכע זיינען שלעכט און ווילד.

— אלזא, ווארום ווילסט דוא זיך שלאגען מיט גראף ראדעצקי?

— ער האט מיך בעליידיגט, עלווירא! איך קען ניט פערציייהען אזא גראבע בעליידיגונג.

עלווירא האט א זיפץ געטאהן. זיא האט געוואוסט, אז צווישען די יונגע אריסטאקראטען איז שוין אזוי איינגעפיהרט, אז פאר יעדע קלייניגקייט: פאר אווארט, א בליק, א לאך רופט מען זיך באלד ארויס אויף א דועל און מען שלאגט זיך.

— איך וועלווארטען אויף אייך, ארטהור, האט זיא געזאגט, איך וועל ווארטען מיט אונגעדולד, מיט א פערקלעמטען הערצען.

די קארעטע איז צוגעפאהרען צום שלאס טאקקי. א לאקיי איז אראפגעשפרונגען און האט געעפענט דאס טהירעל. ארטהור איז ארויסגעגאנגען פון דער קארעטע און האט ארויסגענומען די דאמען. ער האט געוואלט זיי אריינפיהרען אין שלאס, די אלטע גרעפין אבער האט איהם געזאגט:

— איך דאנק אייך, באראן פאן באטהיאני! — גוטע נאכט!

ער האט געדריקט נאך א מאל עלווירא'ס האנד און האט געזאגט:

— גוטע נאכט! — גוטע נאכט!

די דאמען זיינען אריינגעגאנגען אין שלאס. ארטהור האט זיך אריינגעזעצט אין זיין קארעטע און איז אוועקגעפאהרען. — — —

די גרעפין ראדעצקי איז געוועזען אויסער זיך, ווען זיא האט געזעהן, אז עלווירא מיט איהר מוטער ווילען ניט בלייבען אויפ'ן באנקעט. זיא האט ערווארטעט אזוי פיעל פון דיעזען באלל; זיא האט געהאפט, אז אויף דיעזען באלל וועט איהר זוהן האבען די געלעגענהייט זיך בעסער צו בעקענען מיט דער שעהנער עלווירא און שליסען מיט איהר

אן אייביגען בונד. — יעצט זיינען אלע איהרע האפנונגען פערשוואונדען. דיא גרעפין טאָקקי ליעבט אן אנדערן.

זיא האט אבער קיין צייט ניט געהאט פיעל צו טראכטען דאריבער, זיא האט געמוזט אויפנעהמען איהרע געסט. מען האט שוין געגעבען דעם צייכען צו געהן צום טיש און זיא האט געמוזט געהן אויפנעהמען איהרע געסט.

אלע זיינען געווען פרעהליך און מונטער. דער טהייערסטער וויין האט זיך נעגאָסען, וויא וואסער. דיא געסט האבען געטרונקען אויף דיא געזונדהייט פון דער בעריהמטער גערפין ראדעצקי. מען איז געזעסען שפעט, מען האט גערעדט און זיך אונטערהאלטען אויפ'ן בעסטען ארט.

דיא גרעפין ראדעצקי האט געטאהן אלעס מעגליכע אום צו אמוזירען איהרע געסט. זיא איז געווען פריינדליך, וויא ווייט זיא האט נור געקענט פריינדליך זיין.

ענדליך איז געווארען שפעט. דיא געסט האבען אנגעהויבען זיך צו צופאהרען. דיא גרעפין האט פון יעדען אבשיעד גענומען, האט איהם געבעטען, ער זאל זיא אפט בעזוכען און איז געווען געגען יעדען דיא פריינדליכקייט אליין. ווען דער לעצטער גאסט איז אוועקגעפאהרען, איז איהר זוהן מאקס ערגעץ פערשוואונדען געווארען.

דיא גרעפין ראדעצקי איז געבליעבען אליין. זיא האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן איהר טרייען פריינד, נאָגי.

— אך, דוא ביסט נאך דא? האט זיא אויסגערופען. — דוא האסט מיר נעזאגט, אז דוא האסט איינגעלאדען צוויי געסט, וועלכע נור דוא קענסט. — פאר וואס האב איך זיי ניט געזעהן?

— גנעדיגע פרוי! זיי זיינען דא געווען, האבען זיך זעהר שעהן אונטערהאלטען און קיינער האט זיי ניט בעמערקט. — איך בין יעצט העכסט צופריעדען, וואס איך האב זיי איינגעלאדען. איך זעה יעצט, אז מיר וועלען זיי דארפען.

אויף דאס שעהנע געזיכט פון דער גרעפין האט זיך געוויעזען א פינסטערער וואלקען. זיא האט געוואלט עפעס זאגען, נאגי אבער האט פערכאפט.

— גוטע נאכט, גנעדיגע גרעפין! האט ער געזאגט און איז ארויסגעגאנגען פון דעם זאל.

דיא גרעפין איז געבליעבען אליין. זיא איז געווען זעהר מיעד און איז אניעדערנעפאלען אויף א שטוהל. — אין זאל איז געווארען פינסטער. דיא דיענער האבען אנגעהויבען צו פערלעשען דיא ליכט. דיא גרעפין האט עס ניט בעמערקט. זיא איז געזעסען טרויעריג און פערטראכט.

— עס געהט ניט אלעס, וויא מען וויל, האט זיא געזאגט טרויעריג. מען מוז קעמפפען אים לעבען, מען מוז זיך ראנגלען פאר יעדע קלייניגקייט, וועלכע מען וויל דערגרייכען! עס קומט אן שווער יעדע זאך, וואס מען וויל דערשטרעבען. — מען מוז אריבערטרעטען איבער יענעמ'ס קאפ, ווען מען וויל עפעס האבען. מען מוז צוטרעטען יענעם מיט דיא פיס, ווען מען וויל שטעהן העכער פון יענעם. — אזוי פיהרט זיך דיא וועלט. — עס איז אגרויסער מעער. ווער עס קען שווימען און ארויפקריכען אויף יענעם, דער שווימט ארויף; ווער עס קען ניט שווימען דער מוז אונטערגעהן. — איז עס

אבער שטענדיג אזוי? לאזען זיך עס אלע טרעטען מיט דיא פיס? — איך וועל פרא־בירען! — עלווירא מוז זיין מיין ווה'ס פרוי — אויב זיא וועט וועלען, אדער ניט. —

### 4טער קאפיטעל.

## אין טיעפען טאהל.

ניט ווייט פון'ם שלאס טאקקי, צווישען דיא הויכע קארפאטהען בערג געפינט זיך א טיעפער טאהל. פוןביידע זייטען פון'ם שמאלען און טיעפען טאהל הויבען זיך אויף הויכע, גלאטע, שטיינערנע ווענט פון דיא בערג. אויבען וואקסען אלטע בוימער, אין טאהל אבער וואקסט קיין בוים און קיין גראז. וויא עס ווייזט אויס, איז אין דיעזען טאהל אמאל געפלאסען א טייך. היינט איז דיעזער טייך אויסגעטריקענט געווארען און האט איבערגעלאזען אין טאהל נור זאמד און קליינע שטיינדלאך.

אין דיעזען שמאלען און טיעפען טאהל איז דונקעל זאגאר ביי טאג. דיא הויכע ווענט פון דיא בערג פערשטעלען איהם פון אלע זייטען.

עס איז נאכט. דער ווינט רוישט און פייפט צווישען דיא אלטע ביימער אויף דיא בערג. אלעס איז שטיל, אלעס איז פינסטער. אלעס איז רוהיג. דיא אלטע בערג רוהען זיך אוים אים ווינטער פון זייער לעבען און בעוועגונג אים זומער; דיא אלטע ביימער רוהען זיך און דיא אלטע ערד רוהט זיך אוים, נור דער שלעכטער מענש רוהט ניט.

אויף א בערגעל פארן טאהל האבען זיך געוויזען צוויא מענשליכע געשטאלטען. זיי זיינען לאנגזאם אראפגענאנגען פון'ם בערגעל און זיינען אריינגעגאנגען אין טיעפען טאהל. זיי זיינען געבליעבען שטעהן ביים אריינגאנג, האבען אנגעקליעבען טרוקענע צווייגען אין וואלד און האבען צולעגט א פייער. דאן האבען זיי זיך געשטעלט ארום פייער און האבען געווארט. פון צייט צו צייט פלעגען זיי א קוק טאהן אויף דעם וועג פון וואנען זיי זיינען געקומען.

— עס איז שוין שפעט, האט זיך פלוצלונג איינער פון דיא ביידע מענער אפ־גערופען. — ער איז נאך ניטא.

— איך וואונדער מיך גאר ניט, וואס ער איז נאך ניטא, האט דער אנדערער געענטפערט. איך ווייס גאר ניט, ווער ער איז. אמאל קומט ער פאר אלם איינפא־כער דיענער פון דער גרעפין ראדעצקי, אנאנדער מאל שפיעלט ער דיא ראלע פון א גרויסען מאן. — ווער איז ער אבער? — דאס ווייס איך ניט, אזוי וויא איך ווייס ניט, ווער דיעזע נייע גרעפין ראדעצקי איז.

— וואס געהט עס אונז אן? זיי האבען געלד און זיי צאהלען אונז גאנץ עהרליך. וואס נאך זאלען מיר פון זיי פערלאנגען? — ווער עס בעצאהלט אונז גוט, פאר דעם וועלען מיר ארבייטען.

— עס קימערט מיך ניט, ווער ער איז, האט דער ערשטער געענטפערט, איך וויל נור וויסען, וואס ער וויל פון אונז? — צו וואס האט ער אונז בעשטעלט אהער?

— דאס געהט מיך אויך אן זעהר וועניג. ווען ער וועט נור גוט בעצאהלען, וועלען מיר טאהן, וואס ער וועט אונז הייסען. —

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט, וויא א ראב האט דרייא מאל א קארקע געטאהן: קארר — אק! — קראק! קאררא — ק!

— דאס איז ער! האט אויסגערופען איינער פון זיי. מיר וועלען באלד וויסען, וואס ער פערלאנגט פון אונז. — לאמיר איהם ענטפערן!

ער האט אנגעהויבען נאכצומאכען דאס געשריי פון א ראב.

— קראק! קארר — א — ק!

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען אין טאהל א זאנדערבארע געשטאלט. דאס איז געוועזען אן אלטער מאן מיט לאנגע ווייסע האר, וועלכע דער ווינד האט צובלאזען אין אלע זייטען. דער אלטער מאן איז געבליעבען שטעהן פארן פייער, האט זיך איינ־געבויגען אין דרייען און האט אויסגעשטרעקט דיא הענד, גלייך וויא ער וואלט געבעטען שוץ און הילף.

ביידע מענער האבען זיך אנפאנגס דערשראקען, ווען זיי האבען דערזעהן דיעזע זאנדערבארע געשטאלט. איינער פון זיי האט זאגאר ארויסגעכאפט זיינע פיסטאלעטען פון גארטעל און האט זיי אויסגעשטעלט געגען דעם אלטען מאן.

— אך, ניין! האט אויסגערופען דער אנדערער. — וואס טהוסט דוא סטעפען? — זעהסט דוא דען ניט, ווער דאס איז? — דאס איז דאך דער שטומער בעט־לער, יאקקי! — ער וואינט געוויס דא ערגעץ אין א הייל. — דוא ווייסט דאך געוויס, אז זייט לאנגע יאהרען האלט זיך אויף דא ערגעץ אין וואלד דיעזער שטומער בעטלער. לאז איהם צורוה, סטעפען!

— אלזא, גיב איהם א פאר קרייצער און לאז ער זיך געהן, האט סטעפען גע־ענטפערט. — וואס דארפען מיר איהם האבען יעצט, ווען מיר ערווארטען אזא וויכטיגען גאסט?

דער מאן האט ארויסגענומען פון דער קעשענע עטליכע קופערנע מינצען און האט זיי דערלאנגט דעם בעטלער. דאן האט ער זיך אנגעבויגען צו איהם און האט א הם געשריען אין אויער אריין:

— וואינט איהר דא ערגעץ, אין דיעזען טאהל?

דער אלטער מאן האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפ, האט צוגענומען דיא עטליכע מינצען, וואס מען האט איהם געגעבען, און האט זיך אניעדערגעזעצט ווארעמען ביים פייער. עס איז געוועזען דייטליך, אז דער שטומער בעטלער איז זעהר מיעד און ער וויל זיך אביסעל אנווארעמען.

ביידע מענער האבען זיך מעהר ניט אומגעקוקט אויפ'ן אלטען, שטומען בעטלער. זיי האבען דאך געוואוסט, אז ער הערט ניט און קען ניט רעדען. אלזא, וואס האט מען מורא צו האבען פאר אזא מענשען?

באלד האט מען געהערט שווערע טריט אין טאהל. א מאן, שטארק פערהילט אין זיין מאנטעל, איז אראפגעקומען פון'ם בערגל און איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום פייער, וואו דאס פייער האט געברענט. ביידע מענער האבען פערטיג געמאכט זייערע פיסטאלעטען.

עס איז אבער ניט נעטהיג געווען צו שיעסען. באלד איז געשטאנען פאר זיי דער מאן, וועלכען זיי האבען ערוואַרטעט.

— איהר קומט שפעט, מיין הערר! האט אויסגערופען דער מאן, וועלכען זיין קאמעראַד האט גערופען סטעפען. — מיר וואַרטען שוין דא זייט א שטונדע. מ'ר האבען שוין געוואָלט אוועקגעהן. — עס איז שרעקליך קאַלט דא אין טאהל.

— זייט ניט אזוי בייז, מיינע ליעבע לייט! האט דער מאן געזאגט. איהר ווייסט דאך, אז א מענש איז קיין טייפעל. מען קען ניט זיין אין צווייא ערטער מיט אמאל. —

פלוצלונג האט ער דערזעהן דעם בעטלער ליעגען ביים פייער.

— וואס איז דאס מיינע העררן? האט ער אויסגערופען פול צארן. — ווער איז דער?

— איהר מעגט רעדען, הערר נאַני, וואס איהר ווילט און וויא פיעל איהר ווילט, האט סטעפען איהם געענטפערט. — דאס איז דער שטומער בעטלער. ער איז טויב און שטום. פאר איהם מעגט איהר רעדען. ער וועט ניט אויסזאגען.

— אזוי? דאס איז דער שטומער בעטלער! האט נאַני אויסגערופען פול פרייד, נו! פאר איהם האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען. — איך האב געהערט, אז ער דרעהט זיך שטענדיג ארום אין דיעזער געגענד. — וויא איך האב געהערט, קומט ער אפט אין שלאָס טאַקקי. דיא גרעפין טאַקקי איז זעהר פרום. זיא גיט איהם געוויס עסען און אלטע קליידער. — נו, פאר איהם האט מען ניט וואס מורא צו האבען. מיר קענען אלזא רעדען. — אלזא, צור זאכע! — קענט איהר דאס שלאָס טאַקקי און דיא מענשען, וועלכע וואהנען אין שלאָס?

— געוויס, הערר נאַני! איך קען זיי זעהר גוט.

— ווער וואהנט דען דארט? האט נאַני געפרעגט.

— דארט וואהנט דיא אלטע גרעפין טאַקקי מיט איהרע צווייא קינדער: דיא גרעפין עלווירא און דער יונגער גראף געארג.

— איז דער יונגער גראף איז דער היים? האט נאַני געפרעגט.

— ער איז ניטא אין דער היים זייט איינינע וואכען, האט סטעפען געענטפערט. ער איז ערגעץ אוועקגעפאהרען, איך ווייס ניט וואהין.

— ווער נאך קומט אריין אין שלאָס? האט נאַני ווייטער געפרעגט.

— עס קומט אהין זעהר אפט דער יונגער באראן פאן באַטהיאַני. מען זאגט, אז ער וועט זיך באלד פערלאבען מיט דער גרעפין עלווירא.

— נו, דאס איז נאך ניט געוויס! האט נאַני געברומט. דיא גרעפין עלווירא וועט זיך פערלאבען אבער ניט מיט'ן באראן פאן באַטהיאַני, זאנדערן מיט אנאנדערן.

— דאס ווייסען מיר ניט, האבעןביידע געענטפערט מיט א מאל.

— קענט איהר דעם וועג פון'ם שלאָס באַטהיאַני אין וואלד?

— געוויס, מיין הערר! מיר קענען זעהר גוט דיא גאנצע געגענד.

— גוט, גוט! דאן זאלט איהר מארגען אום ניין אוהר זיך געפינען אויפ'ן בארג

ניט ווייט פון שלאס באטהיאני. ווען איהר וועט הערן מיין צייכען, זאלט איהר באלד קומען צולויפען.

— וואס זאלען מיר אבער טאהן? מיר מוזען עס וויסען!

— איך וויל, אז א מענש זאל פערשווינדען אויף עטליכע וואכען, האט נאגי געענטפערט. — איך וויל ניט, ער זאל שטארבען. ער מוז לעבען, אבער אויף א קורצע צייט פערשווינדען פון דיעזער געגענד.

— דאס איז ניט שווער, האט סטעפען געזאגט, — איך קען איהם האלטען פערשפארט ביי מיר אין שטוב.

— וואו וואהנט איהר דען? האט נאגי געפרעגט.

— וואס מאכט עס אייך אויס, וואו איך וואהן? האט סטעפען געענטפערט. — איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז אויב איהר ווילט אנדינגען דעם באראן פאן באטהיאני אויף קאסט און קווארטיר און איהר וועט דערפאר גוט בעצאהלען, וועל איך איהם אויפנעהמען און ער וועט זיין ביי מיר אזוי זיכער, וויא אין אייער שלאס.

— וויא פיעל וועט איהר פערלאנגען פאר זיין קאסט און קווארטיר? האט נאגי געפרעגט.

— ניט פיעל, מיין הערר! — הונדערט גולדען א וואך וועט געוויס זיין ניט צו טהייער.

— ניין. איך וועל אייך געבען הונדערט גולדען א וואך.

— דאן, מיין הערר, קען איך זאגאר מארגען אויפנעהמען מיין קווארטיראנט.

— וועט ער אבער ניט קענען אנטלויפען פון אייך? האט נאגי געפרעגט. — איבערלעגט אייך גאנץ גוט! — ווען איך וויל צאהלען פאר איינעם פאר קאסט און קווארטיר, וויל איך דאך, ער זאל זיין זיכער.

— זייט רוהיג, מיין הערר! איך האב גוטע וועכטער. פון מיר אנטלויפט מען ניט אזוי לייכט.

— דאס האב איך אייך געוואלט זאגען: אין פאלל ער וועט וועלען אנטלויפען מעגט איהר טאהן, וואס איהר וועט וועלען. — ער טאר ניט אנטלויפען פאר דער צייט. ער קען אונז שאדען.

— איך פערשטעה אייך, הערר נאגי! איך פערשטעה זעהר גוט! — זייט זיכער, מיר וועלען שוין וויסען וואס צו טאהן.

נאגי האט זיך איינגעהילט פעסטער אין זיין מאנטעל און האט געוואלט אוועק־געהן. פלוצלונג האט ער זיך עפעס דערמאנט.

— פיעלייכט איז עס גאר ניט נעטהיג, האט ער זיך געטראכט. — פיעלייכט איז גאר גלייכער, אז איך זאל איהם בעהאלטען ערגעץ אנדערש.

— מיין הערר, האט זיך פלוצלונג סטעפען אנגערופען. איהר האט פערגעסען מיר צו געבען האנד געלד.

— איהר האט רעכט, מיין פריינד! אייך קומט האנדגעלד.

ער האט ארויסגענומען א פעקעלע געלד און האט עס דערלאנגט סטעפענען.

— נו, יעצט איז אלעס גוט! האט סטעפען געזאגט. מארגען אום ניין אוהר אבענדס וועלען מיר אייך ערווארטען און וואלד ניט וויט פון'ם שלאס באטהיאני.

דיא דריי מענער האבען נאך אוועקגערעדט א פאר מינוטען און זיינען זיך צו־נאנגען.

— גוטע נאכט, מיינע העררען!

— גוטע נאכט, גנעדיגער הערר!

דער שטומער בעטלער איז נאך אלץ געלעגען ביים פייער. וויא עס האט אויס־געזעהען, איז ער אנטשלאפען געווארען ביים ווארימען פייער. קוים אבער זיינען דיא דריי מענער אוועקגעגאנגען, האט ער זיך פלוצלונג אויפגעהויבען, האט זיך אויסגע־גלייכט, האט צונויפגעלעגט זיינע הענד און שרעקליכע פויסטען און האט געזאגט:

— שורקען! מערדער! עס וועט אייך ניט געלינגען, וואס איהר ווילט טאהן. — ארימער ארטהור! ארימער באראן פאן באטהיאני! זיי ווילען דיר שלעכטס טאהן. — איך אבער וואך איבער דיר! איך וועל ניט דערלאזען, אז מען זאל דיר שלעכטס טאהן.

דער אלטער, געביינטער און איינגעהויקערטער בעטלער האט זיך אויסגעגלייכט, אויסגעשטרעקט און איז יעצט געשטאנען פעסט, וויא א מויער. ער האט זיך אומ־געקוקט אין אלע זייטען. קיינער איז ניט געווען. דאס פייער איז אויסגעגאנגען. עס האבען נאך געגליהט נור עטליכע קוילען. דיא נאכט איז געווען פינסטער און קאלט. דער אלטער מאן האט זיך איינגעהילט אין זיינע צוריסענע קליידער און איז האסטיג אוועקגעגאנגען אויפ'ן שמאלען וועג אין דיא בערג.

5טער קאפיטעל.

## נאכ'ן באלל.

טרויעריג איז געזעסען דיא גרעפין ראדעצקי אין איהר צימער. זיא איז יעצט געווען גאנץ אליין.

— וואוהין איז ער פערשוואונדען? האט זיא גערעדט צו זיך אליין. וואוהין איז ער אוועקגעגאנגען אזוי שפעט בייא נאכט? עס איז שוין באלד טאג און ער איז נאך ניטא. — ער האט זיך געקריעגט מיט'ן באראן באטהיאני. ער האט איהם פיעלייכט בעליידיגט? — פיעלייכט האט דער שטאלצער באראן איהם ארויסגערופען אויף א דועל? — דיא באטהיאני'ס זיינען איינע פון דיא עלטעסטע פאמיליען אין אונגארן. זיי זיינען זעהר שטאלץ. זיי בעליידיגען זיך פאר א קלייניגקייט? — א דועל! ווער ווייס, וויא א דועל קען זיך ענדיגען? — עס איז דאך מעגליך, אז דער ווילדער באראן זאל טייטען מיין זוהן? איך טאר עס ניט דערלאזען! — עס דארף ניט זיין! — מיין זוהן דארף זיך ניט שלאגען מיט איהם!

זיא האט אנגעטאפט דעם שנור פון'ם גלאק און האט איהם אנגעהויבען שטארק צו ציעהען. אין איניגע מינוטען ארום איז אריינגעקומען א דיענער און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— רוף אריין דעם פערוואלטער, הערר נאגי! האט דיא גרעפין געזאגט האסטיג.

דער דיענער איז פערשוואונדען און אין איניגע מינוטען ארום איז הערר נאגי אריינגעקומען אין צימער.

— איהר האט מיך געשיקט רופען, גנעדיגע גרעפין, האט ער געזאגט און האט זיך פערניינט.

— זעץ דיך, נאני, איך האב מיט דיר עפעס צו רעדען.

נאני האט זיך אניעדער געזעצט און האט געקוקט דער גרעפין גלייך אין די אויגען.

— וואו איז מאקס? האט זיא געפרעגט.

— איך ווייס ניט, האט נאני געענטפערט. איהר ווייסט דאך, גרעפין, אז זייט מיר וואהנען דא, האט מאקס בעקומען פיעלע נייע פריינד. ער איז געווים אוועקגעפאהרען צו זיינעם אגוטען פריינד.

— הער מיך אוים, נאני! איך האב געזעהן, וויא מאקס האט עפעס גערעדט ביין מיט'ן באראן פון באטהיאני. עס איז זעהר מעגליך, אז דער באראן האט איהם ארויסגערופען אויף א דועל. איך וויל אבער ניט, אז זיי זאלען זיך שלאגען. מאקס איז מיין איינציגעס קינד. איך וויל ניט, אז ער זאל ריזיקירען זיין לעבען מיט דיעזען ווילדען באראן.

— איך וועל טאהן אלעס מעגליכע אום ניט צו דערלאזען צו א דועל, האט נאני געענטפערט לאנגזאם, דער באראן אבער שטעהט דאך איהם אין וועג. דער באראן מוז פערשווינדען.

— אבער ניט דורך א דועל! האט דיא גרעפין געבעטען. איך וויל קיין דועל.

— גוט, גנעדיגע פרוי! איך קען אייך פערזיכערן, אז מאקס וועט זיך ניט שלאגען מיט'ן באראן פאן באטהיאני. —

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז נאני געגאנגען צו מאקס'ן אין צימער. ער האט געוואלט רעדען מיט איהם איבערן דועל.

— גוט, וואס דוא ביסט געקומען, נאני! האט מאקס אויסגערופען, ווען נאני איז נור וואס אריעבער געטרעטען דיא שוועל. — איך דארף דיך טאקי האבען, נאני!

— וואס דארפט איהר מיך אזוי נעטהיג?

— איך האב אנגעשריעבען א בריעף צום באראן פאן באטהיאנא, אין וועלכען איך פאדער איהם אויף, ער זאל זיך מיט מיר שלאגען אין א דועל. דיעזען בריעף קען איך ניט שיקען מיט א דיענער. דער באראן וועט איהם ניט אננעהמען, — נעה דוא, נאני, און איבערגיב איהם דעם בריעף.

— ניין, גראף! דאס טויג ניט! האט נאני אויסגערופען. שלאגען זיך אויף א דועל הייסט יענעם טייטען אדער פון יענעם געטייטעט ווערן. איהר ווילט דאך אבער נור לויז ווערן פון'ם באראן. דאס קען מען טאהן אויף אנאנדערן, בעסערן וועג.

— איך ווייס ניט, וויא אזוי איך קען אנדערש פון איהם לויז ווערן, האט מאקס געענטפערט.

— איך האב שוין אלעס פערזארגט מאקס. — זאלאנג נאני לעבט, האט איהר ניט וואס צו זארגען. נאני טראכט פון אייערט וועגען און טהוט פון אייערט וועגען אלעס, וואס ער געפינט נור פאר נעטהיג צו טאהן.

מאקס האט געעפענט א פּאר גרויסע אויגען און האט געקוקט אויף איהם. ער האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט.

— ערקלער עס מיר, נאני! האט ער ענדליך געזאגט. — זאג מיר, וואס דען דארף איך טאהן אום לויז צו ווערן פון דיעזען מענשען?

— היינט אויף דער נאכט וועלען מיר ביידע געהן אין שלאס באטהיאני, האט נאני ערקלערט לאנגזאם און געלאסען. איך וועל בלייבען אין וואלד לעבען שלאס. איהר וועט אריינגעהן אין שלאס און וועט זאגען דעם באראן עטליכע גראבהייטען. ער וועט ווערן בייז און וועט אייך ארויסרופען אויף א דועל. איהר זאלט איהם ענטפערן, אז איהר ווילט זיך שלאגען באלד אויפ'ן ארט, אבער ניט ביי איהם אין הויז, זאנדערן אין וועלדעל לעבען זיין הויז. — דאס וועט שוין גענוג זיין. דאס איבעריגע וועל איך שוין פערזארגען.

— וואס וועסט דוא דען טאהן?

— איך וועל שוין טאהן א זאך, מיט וועלכער איהר וועט זיין פאלקאמען צופריעדען.

מאקס האט זיך פערטראכט.

— דיין פּלאן איז ניט שלעכט, האט ער ענדליך געזאגט. איך האב נור מורא מען זאל דערפון ניט געוואהר ווערן. איך וועל מיך שעהמען ארויסצו-ווייזען אויף דער גאס. איך וועל כ... פאר קיינעם ניט טארען ווייזען.

— מיינט איהר ווירקליך, אז נאני איז אזא נאררז מיינט איהר, אז ווען נאני טהוט עפּעס, וועט מען דערפון געוואהר ווערן? — דאן קענט איהר נאך ניט דעם הערר נאני! איך וועל עס שוין אזוי מאכען, אז קיין פויגעל וועט ניט וויסען, וואו דער בארא איז אהינגעקומען. — טהוט, וויא איך הייס אייך, מאקס. איהר וועט מיר אייביג דאנקען דערפאר.

— גוט, נאני! טוה, וויא דוא פערשטעהסט. איך וויל אבער אז מיין מוטער זאל פון דיעזע זאכען ניט וויסען. איך וויל ניט, אז אויסער דיר און מיר זאל נאך א מענש וויסען, וואס צווישען מיר און דעם באראן פאן באטהיאני איז פארגעקומען.

— זייט רוהיג, מאקס! קיינער וועט דערפון ניט וויסען.

## 6טער קאפּיטעל.

## געווארנט.

ארטהור פאן באטהיאני איז געזעסען אליין אין זיין צימער. ער איז געווען טרויעריג און פערטראכט.

דיא פאמיליע באטהיאני איז געווען איינע פון דיא עלטסטע און בעריהמטעסטע אין אונגארן. מיט עטליכע יאהר צוריק איז זיא געווען אויף דיא רייכסטע אין גאנצען לאנד. ארטהורס פאטער אבער האט אמאל פערזאמעלט ארום זיך אלע גרויסע מענער פון אונגארן און האט זיי אויפגעפאָרדערט, אז זיי זאלען זיך אפּזאגען פון עסטרייך און זאלען האבען אן אייגענעם אונגארישען קעניג.

דער עסטערייכישער קייזער איז דערפון געוואהר געווארען און האט

אראפגעשיקט קיין אונגארן א גרויסע ארמעע. ארטהורס פאטער איז ערגעץ פער־שוואונדען געווארען. אלע זיינע גיטער און שלעסער האט דיא עסטערייכישע רעגיערונג ביי איהם צוגענומען. מען האט איהם איבערגעלאזען נור דיעזעס קליינע שלאס, אין וועלכעס ארטהור וואינט יעצט. מען וואלט עס אויך געוועזן צוגענומען ביי איהם, דיעזעס שלאס אבער האט געהערט צו ארטהורס מוטער.

ארטהור איז דאמאלס געוועזן א קינד פון איינינע מאָנאטע. ער האט קיין מאל ניט געזעהן זיין פאטער און האט קיין מאל ניט געדענקט זיין פאטער. זיין מוטער פלעגט איהם דערצעהלען, אז זיין פאטער איז גאר געוועזן אונשולדיג אין דער גאנצער געשיכטע, מען האט איהם אומזיסט בעשולדיגט.

ווען ארטהור איז אויסגעוואקסען און האט אנגעהייבען צו פערשטעהן זיין לאגע, האט ער זעהר געוואלט אויספארשען און דערגעהן, אויב זיין פאטער איז ווירקליך געוועזן שולדיג, וויא דיא רעגיערונג האט געזאגט, אדער ער איז געוועזן אונשולדיג, וויא זיין מוטער פלעגט איהם דערצעהלען. דאס איז געוועזן פאר איהם זעהר וויכטיג. קיים וועט זיך ארויסווייזען, אז זיין פאטער איז גאר ניט שולדיג געוועזן אין דער גאנצער גע־שיכטע, וועט ער פארדערן פון דער רעגיערונג, אז מען זאל איהם אפגעבען זיינע גיטער און זיינע שלעסער. דאן איז ער דער רייכסטער מאן אין אונגארן.

ארטהור איז שוין געוועזן עטליכע מאל אין בודאפעסט, דיא הויפטשטאדט פון אונגארן, און האט געזוכט און נעפארשט איבער דיא שולדיגקייט אדער ניט שולדיג־קייט פון זיין פאטער. ער האט אבער גארנישט געקענט אויסגעפינען. דיא בעאמטע פלעגען איהם אפשיקען פון איין אמט צום אנדערן, פון איין בעאמטען צום אנדערן; מען פלעגט איהם הייסען ווארטען וואכען לאנג: מען דארף זוכען, מען דארף אויפמי־שען דיא אלטע ביכער. מען דארף בלעטערן אין זיי.

אזוי האט מען איהם אפגעלעגט פון טאג צו טאג, ביז ער האט געמוזט פאהרען אהיים.

ארטהור איז געוועזן זעהר בעפריינדעט מיט געארג טאקקי, עלוויראַ'ס ברודער. געארג האט געוואוסט ארטהור'ס געשיכטע. ער האט אויך זעהר געוואלט אויסגעפינען, אויב ארטהורס פאטער איז ווירקליך געוועזן שולדיג אדער ניט.

אזוי וויא געארג האט געדארפט פאהרען קיין בודאפעסט וועגען זיינע אייגענע געשעפטע, האט איהם ארטהור געבעטען, ער זאל פראבירען דארט זוכען אין דיא אלטע ביכער און ארכיוען, וואס פאר גיטער מען האט צוגענומען ביי זיין פאטער און פאר וואס.

זייט איינינע וואכען געפינט זיך געארג פאן טאָקקי אין בודאפעסט און ארטהור האט פון איהם קיינע נאכריכט ערהאלטען.

— וואס זאל דאס הייסען? האט ארטהור געפרעגט זיך אליין. פאר וואס שרייבט ער מיר ניט? פאר וואס הער איך פון איהם גאר ניט?

אזוי וויא ער האט עס געזאגט, איז אריינגעקומען זיין דיענער און האט איהם געמעלדעט, אז א פאסטיליאן האט איהם געבראכט א בריעף. ארטהור איז אויפגע־

שפרונגען און האט צוגענומען דעם בריעף פון'ם פאסטיליאן. אן דער אדרעסע האט ער דערקענט דיא האנדשריפט פון זיין פריינד געארג.

האסטיג האט ער אויפגעריסען דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. זיין געזיכט איז געווארען פרעהליכער, זיינע באקען זיינען רויט געווארען, אויף זיינע ברעמען האבען זיך געוויעזען טרערין.

איז דאס מעגליך? האבען זיינע ליפען געמורמעלט. — קען עס זיין וואהר? — האט מיינע מוטער רעכט געהאט, ווען זיא פלעגט זאגען, אז עס וועט נאך קומען א טאג, ווען דיא גאנצע וועלט וועט זיך איבערציינגען, אז מיין פאטער איז געווען אונשולדיג, אז מען האט איהם אומזיסט פערפאלגט און אומזיסט האט מען ביי איהם צוגענומען זיין פערמעגען?

ער האט איבערגעקעהרט דעם בריעף, האט איהם דורכגעלעזען נאך אמאל מיט דיא אויגען און נאך אמאל. דאן האט ער איהם געלעזען אין דער הויך.

מיין ליעבער פריינד!

איך בין גליקליך, וואס איך קען דיר מיטטהיילען א גוטע נאכריכט. איך האב גערעדט מיט דיין פערוואנדטען, באראן לודוויג פון באטהיאני. איך האב מיט איהם גערעדט איבער דיין פאטער און זיין פראצעס. ליידער, איז ער געווען קראנק און איך האב ניט געקענט מיט איהם פיעל רעדען. — איך האב גערעכענט, אז איך האב פערלארען מיין צייט מיין מיה, וויא עס האט דיר שוין ניט איינמאל פאסירט.

מיט אייניגע טעג צוריק איז פלוצלונג געקומען א דיענער און האט מיך גערופען צום באראן לודוויג באטהיאני. ווען איך בין געקומען צו איהם, האב איך געפונען, אז ער שטארבט. ער האט שוין קוים געקענט רעדען. ער האט מיר געגעבען א ווינק, אז איך זאל צוקומען צו איהם. מיט זיינע שוואכע ציטערנדע הענד האט ער ארויסגענומען פון אונטער זיין קאפ-קישען א פערזיעגעלטען בריעף און האט מיר דערלאנגט. איך האב צוגענומען דעם בריעף און האב געוואלט איהם עפעס פרעגען. ער האט זיך אווארף געטאהן, האט אויסגעשטרעקט דעם קאפ, האט נאך אפאר מאהל א ציטער געטאהן און איז געשטארבען!

אזוי וויא אויף דעם פערזיעגעלטען בריעף איז קיין אדרעסע ניט געשטאנען, האב איך מיר ערלויבט צו עפענען דעם בריעף און איהם דורכצולעזען. וויא גליקליך בין איך געווען, ווען איך האב דערזעהן, אז אין דיעזען בריעף שווערט דיין פערוואנדטער אז דאמאלס אין דער רעוואלוציאן נעגען עסטעררייך איז ער געווען שולדיג אין אלעמען, ניט דיין פאטער. — אך! ווען דיעזער לודוויג באטהיאני זאל נאך געווען לעבען אייניגע שטונדען און איך זאל געווען קענען רופען צו איהם אן אונטערזוכונגס-ריכטער און דער גאנצער פראצעס נעגען זיין פאמיליע וואלט יעצט גענומען א גאנץ אנדערע ווענדונג.

איך שיק דיר ניט דעם בריעף, ווייל איך האב מורא איהם צו פערטרויען דער פאסט. אין אייניגע טעג ארום וועל איך פאהרען אהיים, מיר וועלען דאן רעדען דאריבער.

בודא-פעסט, דעם 13טען מערץ 1790. דיין פריינד, געארג פאן טאקקי.

— אך, גרויסער גאט! גיב מיר קראפט און פערשטאנד אויסצוגעפינען, ווער עס האט געבראכט מיין אונגליקליכען פאטער אין אזא טרויעריגע לאגע, אז ער האט געמוזט פערלאזען זיין פרוי און זיין קינד און א אנטלויפען פון אונגארן! האט ארטהור אויסגערופען. — פיעלייכט לעבט נאך מיין פאטער? פיעלייכט וואלגערט ער זיך ערגעץ אין דער ווייטער וועלט? ער איז נאך גאר ניט אזוי אלט. ער קען נאך זיין געזונד און קרעפטיג. פיעלייכט וועל איך איהם נאך געפינען? — פיעלייכט......

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און דיא איינגעבויגענע, איינגעהויקערטע געשטאלט פון'ם שטומען בעטלער איז אריינגעקומען אין צימער. — ארטהור האט איהם בעטראכט מיט שטוינען.

— וואס דארפסט דוא, יאקקי? האט ער געפרעגט. וויא קומסט דוא אהער?

ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א זילבערנעם גולדען און האט איהם דערלאנגט דעם שטומען בעטלער.

— דוא ביסט געוויס הונגעריג, יאקקי! האט ער אויסגערופען. נא דיר געלד! געה, קויף דיר עסען!

דער אלטער בעטלער איז געשטאנען איינגעבויגען און איינגעהויקערט פארן בארן. ער האט צוגענומען דעם זילבערנעם גולדען און האט איהם צוריקגעלעגט אויפ'ן טיש. דאן האט ער געגעבען צו פערשטעהן מיט צייכענס, אז ער איז ניט געקומען בעטען, מען זאל איהם עפעס געבען.

ער האט ארויסגענומען פון זיינע צוריסענע קליידער א גראבעס, שמוציגעס שטיקעל פאפיער און האט עס אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש.

— וואס איז דאס, אלטער? האט ארטהור געפרעגט. וואס ווילסט דוא מיט דיעזען פאפיער?

דער שטומער בעטלער האט איהם געוויעזען דורך צייכענס, אז ער בעט איהם, ער זאל דורכלעזען, וואס עס איז אנגעשריעבען אויפ'ן פאפיער.

ארטהור האט גענומען דאס שטיקעל פאפיער, וואס דער בעטלער האט אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש און האט עס איבערגעלעזען:

„גאט ווארנט דיך דורך מיך. הייטע אבענד זאלסט דוא אין ערגעץ ניט געהן. א שרעקליכעס אונגליק ערווארטעט דיך, ווען דוא וועסט ערגעץ ארויסגעהן דיעזען אבענד. — זיי פארזיכטיג! נעהם דיעזע ווארנונג צום הערצען און בלייב ליעבער אין דער היים. ווען עס איז מעגליך, רוף צונויף עטליכע מענשען צו דיר פאר הייטע אבענד."

קיין אונטערשריפט, קיין נאמען און קיין דאטום!

ארטהור איז געווארען ערנסט, ווען ער האט איבערגעלעזען דיעזעס בלאט.

— ווער האט דיר געגעבען דיעזעס בלאט פאפיער? האט ער געפרעגט דעם שטומען בעטלער.

דער בעטלער האט געמאכט עפעס צייכענס, וועלכע ארטהור האט ניט פערשטאנען, און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

איינינע מינוטען איז ארטהור געזעסען, וויא פערשטיינערט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן.

— יאקקי! יאקקי! האט ער געשריען און גערופען דעם בעטלער.

קיינער האט איהם אבער ניט געענטפערט. דער שטומער בעטלער איז פער־שוואונדען.

— אך! וואס פאר א נארר בין איך? האט ארטהור ענדליך אויסגערופען. איך וויים דאך, אז דער אלטער בעטלער איז שטום און טויב. ער הערט דאך מיך ניט! ער פערשטעהט דאך מיך ניט. — וואס זאל איך יעצט טאהן? זאל איך איהם פאלגען? — זאל איך אין ערגעץ ניט געהן? — ניין! דאס איז אונמעגליך! — איך האב פערשפרא־כען דער גרעפין עלווירא, איך זאל קומען צו איהר. איך מוז קומען! איך מוז געהן אין שלאס טאקקי! — דער שטומער בעטלער האט געוויס בעקומען פון איינעם דיעזעס בלאט פאפיער. — ווער זאל עס זיין? ווער האט עס איהם געגעבען? ווער איז עס דיעזער אונבעקאנטער פריינד, וועלכער ווארנט מיך אזוי? — וואס געהט עס מיך אן? איך האב א גוטעס שווערד און א פאר פיסטאלעטען! איך האב פאר קיינעם קיין מורא ניט! איך וועל געהן צו עלווירא!

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז אריינגעגאנגען אין זיין גארדעראבע צימער אום זיך איבערצוטאהן און צו געהן צו דער גרעפין עלווירא. קוים האט ער אנגעהויבען זיך אנצוטאהן, איז אריינגעקומען זיין דיענער און האט איהם געמעלדעט:

— גראף מאקס ראדעצקי איז געקומען. ער וויל מיט אייך עפעס רעדען.

— פיהר איהם אריין אין מיין שרייב צימער און זאג איהם, אז איך קום באלד.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען, האט אריינגעפיהרט גראף ראדעצקי אין אר־טהור'ס שרייב צימער און האט איהם דארט געלאזען אליין. מאקס האט זיך אומגע־קוקט. אויפ'ן טיש איז געלעגען איין אפענער בריעף.

— איך מוז איהם לעזען! האט מאקס געזאגט צו זיך אליין, — פיעלייכט איז דיעזער בריעף פון עלווירא!

ער האט געקוקט אויף דער טהיר. ער האט זיך צוגעהערט אויב ארטהור קומט אן. דאן האט ער זיך אנגעבויגען צום טיש און האט איבערגעלעזען דעם בריעף, וועל־כען ארטהור האט נור וואס ערהאלטען פון זיין פריינד, געארג גראף פאן טאקקי.

זיינע באקען זיינען רויט געווארען, זיינע אויגען האבען אנגעהייבען צו פלאמען און זיינע הענד האבען זיך צוזויפגעלעגט אין גראבע, שטארקע פויסטען.

— נו, דאס וועט ניט געשעהן! האט ער געזאגט פעסט ענטשלאסען. — געלד זאל ער נאך האבען? — שלעסער? — גיטער? — לענדער? — ניין, ניין און ניין!

קוים האט ער געענדיגט דיא לעצטע ווערטער, האט זיך דיא טהיר געעפענט און ארטהור פאן באטהיאני איז אריינגעקומען אין צימער. — אייניגע מינוטען האבען ביידע יונגע לייט זיך אנגעקוקט פרעמד, בייז און אונצופריעדען.

ארטהור אלס ווירטה פון'ם הויז האט דער ערשטער אנגעהויבען צו רעדען.

— איך דענק, אז איהר זייט געוויס געקומען צו מיר אום צו בעשטימען: ווען מיר זאלען זיך שלאגען, וואו מיר זאלען זיך שלאגען און וויא אזוי מיר זאלען זיך שלאגען, האט ער געזאגט. איך וויל זעהר אייך בעטען, מיר זאלען אפלעגען אונזער דועל אויף עטליכע

טען. איך ערווארטע א פריינד, וועלכער דארף קומען אין עטליכע טעג ארום. ער וועט זיין מיין סעקונדאנט — דער צייגע פון'ם דועל.

מאקס ראדעצקי האט שוין געוואוסט, פון וואס פאר א פריינד ער רעדט.

— און ווען איך וויל ניט ווארטען? האט ער געפרעגט גראב.

— דאן וועל איך וויסען, אז איך האב צו טאהן ניט מיט א באראן, זאנדערן מיט אבויער, האט ארטהור גענטפערט רוהיג.

מאקס ראדעצקי איז אויפגעשפרונגען. דיזע לעצטע בעליידיגונג האט איהם איבערראשט.

— ניין, מיין הערר! האט ער אויסגערופען, א וואהרער עדעלמאן דארף נאך קיין סעקונדאנט, ווען מען רופט איהם ארויס אויף א דועל! ווער עס האט נור מוטה און האט קיין מורא ניט פארן טויט, דער ווארט ניט וואכען לאנג אויף א סעקונדאנט. איך זעה, אז איהר האט מורא זיך צו שלאגען מיט מיר. — דאס איז א שאנדע פאר א באראן פאן באטהיאני!

יעצט איז ארטהור אויפגעשפרונגען. ער האט ניט געקענט איבערטראגען דיזע גראבע בעליידיגונג.

— ארויס פון מיין הויז! האט ער געשריען. — קיינער וועט זיך ניט ערלויבען צו זאגען, אז דער באראן פאן באטהיאני האט מורא זיך צו שלאגען אויף א דועל! —

— איך וויים! איך וויים! אזוי זאגען אלע טויגעניכטסע, האט מאקס ראדעצקי געענטפערט.

ארטהור איז געוועזען אויסער זיך. ער האט ארויסגעחאפט זיין שווערד און האט אויסגערופען פול צארן און פערדרוס:

— דוא ביסט א טויגעניכטס! ווען דוא ביסט געקומען מיך ארויסרופען אויף א דועל, מוזט דוא זיין הינפליכער און הערן מיינע בעדינגונגען!

— יא! איך בין געקומען דיך ארויסרופען אויף א דועל, האט מאקס געענטפערט, און איך פערלאנג, אז דוא זאלסט באלד געהן מיט מיר. — איך קען מיך ניט שלאגען מיט דיר אין דיין הויז, וואו דיינע דיענער וועלען באלד קומען דיר צו הילף און וועלען מיך טייטען. — ווען דוא ביסט א וואהרער באראן, קום מיט מיר אין וואלד, ניט וויים פון דאנען. דארט וועלען מיר זיין אליין. דארט וועלען מיר קעמפפען מאן נעגען מאן און איך בין זיכער, אז איך וועל דיר געבען אזא לעקציאן, וועלכע דוא וועסט קיין מאל ניט פערגעסען.

— ארויס פון מיין שטוב! האט ארטהור אויסגערופען. ווארט אויף מיר דארט אין וועלדעל. איך וועל באלד קומען! — איך וועל דיר שוין וויזען, ווער עס האט מוטה און קראפט צו געבען דעם אנדערן א לעקציאן.

— דאס וועלען מיר באלד זעהן! האט מאקס ראדעצקי אויסגערופען און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

ארטהור איז איהם נאכגעגאנגען. מאקס איז געלאפען אין וואלד. אין דרויסען איז שוין געוועזען גוט פינסטער. עס איז שווער געוועזען צו זעהן, אויב אין וואלד הינטער די ביימער געפינען זיך נאך מענשען.

זי זיינען אזוי אוועקגעגאנגען א געוויסע שטרעקע. פּלוצלונג איז מאקס ראדעצקי געבליבען שטעהן.

— אט דא איז דער פּלאץ! האט ער אויסגערופען. ציה ארויס דיין שווערד, דוא טויגעניכטס און וויז, אויב דוא האסט מוטה און קראפט זיך צו שטעלען געגען א גראף ראדעצקי!

ארטהור האט ארויסגענומען זיין שווערד פון דער שייד און האט זיך געשטעלט אין א פּאָזיציאָן זיך צו שלאגען, ווען ער האט געפיהלט, אז פון הינטען האט איהם איינער אריינגעשטאכען א מעסער אין זייט.

— מען האט מיך פערראטהען! מען האט מיך ערמארדעט! האט ער אויס־גערופען און איז אומגעפאלען.

יעצט איז נאגי ארויסגעטרעטען פון הינטער א בוים און איז צוגעגאנגען צו גראף ראדעצקי.

— נו, הערר גראף? זייט איהר מיט מיר צופריעדען? האט ער געפרעגט. — איז ניט גלייכער אזוי אלס צו שלאגען זיך מיט איהם?

מאקס האט געשוויגען. נאגי האט רעכט געהאט. ער איז לויז געווארען פון זיין פיינד און האט זיך מיט איהם ניט געדארפט שלאגען.

אין דיעזע מינוט האט נאגי אנגעצונדען א קינעלע און האט בעלייכטעט דיא טרויעריגע סצענע ארום איהם. ארטהור איז געלעגען אויף דער ערד אין אהנמאכט. לעבען איהם זיינען געשטאנען צוויא מענשען פערה־לט אין זייערע שווארצע מאנטלען.

נאגי האט א ווינק געטאהן צו דיאביידע מענער און האט זיי געזאגט עטליכע ווערטער שטילערהייט. ביידע מענער האבען זיך אומגעקוקט און האבען א ציטער געטאהן.

— מיינט איהר עס ערנסט, הערר נאגי? האט סטעפען געפרעגט.

— גאנץ ערנסט, סטעפען! האט נאגי געענטפערט. — מאך עס שנעל! איך וויל עס ניט אומזיסט. נא דיר געלד!

— ווען איהר ווילט אזוי, וועלען מיר אייך פאלגען, האט סטעפען געענטפערט. קום, שעק! העלף מיר!

זיי האבען אויפגעהויבען דעם פערוואונדעטען ארטהור, האבען איהם ארויפגעלעגט אויף דיא פּלייצעס און האבען געוואלט מיט איהם אוועקגעהן.

— אום צוועלף אוהר ביי נאכט וועל איך אייך ערווארטען אין וואלד לעבען שלאס ראדעצקי, האט נאגי געזאגט צום עלטערן פון זיי.

דיא מענער זיינען אוועקגעגאנגען מיט זייער פערבלוטיגטע לאסט.

— וואוהין האסט דו געהייסען איהם אוועקטראגעגען? האט מאקס געפרעגט.

נאגי האט געזאגט מאקס'ן עטליכע ווערטער אויפ'ן אויער. מאקס האט א ציטער געטאהן.

— צו פיעל, נאגי! האט מאקס אויסגערופען. — דאס איז שרעקליך! — עס איז וואהר, ער איז מיין פיינד און איך האב געמוזט פון איהם לויז ווערן, אבער ניט אויף אזא שרעקליכע ארט. — דאס איז שוין צו פיעל!

– ווען מען איז גוט און מען האט א ווייכעס הערץ, דארף מען ניט פערלאנגען צו הייראטהען די שעהנסטע פרוי פון דער גאנצער געגענד, האט נאני געענטפערט קורץ און שארף.

– ער קען דאך אבער געזונד ווערען און אלעס רערצעהלען, האט מאקס ראדעצקי בעמערקט. וויא וועל איך מיך קענען ווייזען פאר אונזערע נאכבארען, ווען מען וועט אלעס געוואהר ווערן?

– זייט רוהיג, גראף ראדעצקי! פון דארט קומט מען ניט ארויס. דארט מוז מען שווייגען.

— ביסט דוא זיכער, אז דיינע מענשען וועלען איהם ברענגען אהין?

— איך קען זיי גוט. איך וויס, אז מען קען זיך אויף זיי פערלאזען.

— איך האב אבער געזעהן, וויא זיי האבען א ציטער געטאהן, ווען דוא האסט זיי געהייסען איהם טראגען אהין? האט מאקס וויטער געפרעגט.

— דאס מאכט ניט אויס, האט נאני געענטפערט. זיי וועלען דאך טאהן, וואס איך האב זיי געהייסען.

מאקס ראדעצקי האט מעהר ניט געפרעגט. ער האט געקענט דעם פערוואלטער פון זיין מוטער'ס גיטער.

שטילערהייט זיינעןביידע אוועקגעגאנגען פון'ם שרעקענס אָרט. שטילערהייט זיינען זיי געגאנגען דורכ'ן וואלד. דיא נאכט איז געווען פינסטער און קאלט. דיא ביימער אין וואלד האבען גערוישט און זיך אנגעבויגען צו דער ערד.

עס איז זיי געווארען לאנגווייליג צו שווייגען.

— יעצט, הערר גראף, דארפט איהר אנהייבען צו דענקען וועגען אייער האכצייט מיט דער גרעפין עלווירא טאָקקי.

— געוויס, מיין גוטער און געטרייער נאני! — דאס איז אבער ניט אזוי לייכט. איך וויס נאך ניט, וואס דיא גרעפין טאָקקי וועט זאגען.

— איך האב דאריבער נאכגעדאכט, האט נאני געענטפערט. איך האב א פלאן, וועלכער וועט אייך געוויס פיהרען צום ציעל, ווען איהר וועט נור טאהן אלעס, וואס איך וועל אייך הייסען. דיא הויפט זאכע איז, איהר מוזט טאהן אלעס זא שנעל, וויא נור מעגליך.

— זאג מיר דיין פלאן, נאני! האט אויסגערופען דער יונגער מאן. איך וועל געוויס טאהן אלעס, וואס דוא וועסט מיר הייסען.

— איך וועל איהם אייך זאגען, ווען איך וועל עס געפינען פאר נעטהיג.

ביידע מענער זיינען וויטער געגאנגען. ביידע זיינען געווען פערטיעפט אין זייערע געדאנקען.

— ווייסט דוא, נאני, אז איך האב געפונען א בריעף ביי יענעם באראן אויפ'ן טיש און האב איהם דורכגעלעזען?

— פון וואנען זאל איך עס וויסען? — איהר האט דאך מיר ניט דערצעהלט. — וואס שטעהט דען אין יענעם בריעף?

מאקס ראדעצקי האט איהם דערצעהלט, וואס ער האט געלעזען אין בריעף. נאני איז געווארען פול פרייד.

— אזוי? האט ער אויסגערופען. איז עס ווירקליך וואהר?

— געוויס איז עס וואהר! האט מאקס אויסגערופען מיט א פארוואורף.

— דאס איז גוט! דאס איז צוגעטראפען! — יעצט בין איך זיכער, אז דער באראן פאן באמהיאני איז פערלארען און איהר וועט הייראטהען דיא גרעפין עלווירא. מיין פלאן איז צוואר א ביסעל זאנדערבאר. עס וועלען זיך געפינען מענשען, וועלכע וועלען זאגען, אז ער איז ניט עהרליך. ער איז אבער גוט און זיכער. ווען מען וויל עפעס דערגרייכען, מוז מען טרעטען אנדערע מענשען מיט דיא פיס. אזוי האבען געטאהן דיא ערשטע צוויא ברידער אויף דער וועלט: קין און הבל.

— זאל איך ווערן א ק י ן? האט מאקס געפרעגט.

— פאר וואס נים? אום צו דערגרייכען זיין ציעל, מוז מען אלעס טאהן.

פון מאקס ברוסט האט זיך ארויסגעריעסען א שטילער זיפץ. ער איז נאך נים געוועזען אזוי פערדארבען; ער איז נאך נים געפאלען אזוי ניעדעריג, וויא זיין פריינד, נאני. ער האט נאך געציטערט פאר א שרעקליכעם פערברעכען. מעגליך, ווען מען זאל איהם געוועזען לאזען אליין, וואלט ער פיעלייכט זיך איבערלעגט און וואלט נים פערקראכען טיעפער אין שרעקליכען זומפ פון פערברעכען און ניעדערטרעכטיגקייט. לעבען איהם האט זיך אבער געפונען א בייזער גייסט מיט'ן נאמען נאני. דיעזער בייזער גייסט האט איינגעשלעפערט אין איהם יעדעס עדעלע געפיהל.

אזוי ווערן פערפיהרט און פערדארבען איינציגע מענשען; אזוי ווערן פערפיהרט און פערדארבען גאנצע פעלקער. אונטער גוטע אנפיהרער, אונטער גוטע הערשער און קעניגע ווערן דיא פעלקער גוט און עדעל; אונטער שלעכטע הערשער ווערן דיא דיא פעלקער פערדארבען און פערפיהרט.

דיא געשיכטע פון רוים וויזט אונז אויף פיעלע אזעלכע ביישפיעלע. אונטער שלעכטע הערשער, וויא נערא, טיבעריוס און העלגאבאלוס איז דאס רוימישע פאלק פערווילדעט געווארען און פערדארבען געווארען. אונטער גוטע און עדעלע הערשער, וויא מארק אויירעל, אנטאנינוס פיאוס און אנדערע איז דאס גאנצע פאלק געווארען פיינער, עדלער און בעסער.

— ווען איז דער בריעף געשריעבען געווארען? האט פלוצלונג נאני געפרעגט.

— דעם דרייצעהנטען מערץ.

— אלזא דארף ער אין אכט טעג ארום זיין דא.

— איך דענק אויך, אז געארג פאן טאקקי וועט דא זיין אין אכט טעג ארום, האט מאקס געזאגט. יעצט הייב איך אן צו פערשטעהן דיין פלאן, נאני.

— וואס מיינט איהר, גראף?

— איך מיין, אז מיר זאלען אנפאלען אויף איהם, ווען ער וועט קומען אהיים.

— עס פרעהט מיך זעהר, וואס איהר פערשטעהט מיך, גראף, האט נאני געזאגט. גראף געארג איז דער עלטעסטער פון דער פאמיליע טאקקי. אהן זיין איינווילליגונג קען דיא גרעפין עלווירא נים הייראטהען. מיר מוזען זעהן, אז מען זאל אנפאלען אויף

איהם, ווען ער וועט דורכפאהרען דעם וואלד ביי קעלוואר. מען וועט ביי איהם צו נעהמען דעם בריעף. מיר וועלען אנלויפען און וועלען איהם רעטען. ער וועט ליבען דיא העלדענטהאטען פון גראף ראדעצקי און וועט איהם ניט ענטזאגען דיא האנד פון זיין שוועסטער.

דערווייל מוזט איהר, הערר גראף, זעהן זיך בעסער צו בעקענען מיט דער גרעפין עלווירא און זעהן, אז זיא זאל אייך אביסעל ליעב בעקומען. אלעס איבעריגע וועט שוין אליין קומען.

אזוי וויא זיי האבען אזוי גערעדט, זיינען זיי צוגעקומען צום שלאס ראדעצקי. מאקס איז געגאנגען אין זיין צימער. ער איז געוועזען מיעד און אויפגערעגט. נאגי אבער איז געבליעבען שטעהן אין דרויסען און האט נאכגעקוקט, וויא מאקס איז פערשוואונדען געווארען אין טויער פון'ם שלאס.

איינינע מינוטען איז ער געשטאנען פערטראכט. דאן האט ער געזאגט צו זיך אליין.

— פרעה זיך, עדלער גראף ראדעצקי! עס וועט קומען א צייט, ווען נאגי וועט זיך הייסען בעצאהלען פאר אלעס, וואס ער האט געטאהן פון דיינעט וועגען, ער וועט זיך הייסען גוט בעצאהלען. דוא וועסט מאכען א זויערע מינע, ווען ער וועט זיך הייסען בעצאהלען! דוא וועסט איהם אבער געבען אלעס, וואס ער וועט פון דיר פאדערן.

עס איז שוין שפעט. איך מוז זעהן, אויב מיינע צוויי שורקען זיינען שוין דא צוריק. — איך דענק, אז זיי האבען מיך ניט אפגענארט. זיי האבען א ציטער געטאהן, ווען איך האב זייא געזאגט, וואו איך האב אנגעדונגען דעם באראן באטהיאני אויף קאסט און קווארטיר. זיי ווייסען ניט, אז איך האב איהם געשיקט צו מיין ברודער. דיעזער ברודער קען מיך אבער אויך ניט. איך בין אוועק פון דיעזער געגענד אלס קינד. — יעצט בין איך צוריקגעקומען אלס מאן.

— קרא — ק! — קררא — ק! האט מען געהערט שרייען א ראב אין וואלד.

— זיי קומען! האט נאגי אויסגערופען. איך מוז געהן זיי ענטגעגען! איך מוז מיט זיי רעדען!

ניט וויים פון איהם, אנגעשפארט אן א בוים, זיינען געשטאנען צוויי געשטאלטען. נאגי איז צוגעגאנגען צו זיי.

— האט איהר געטאהן, וויא איך האב אייך געהייסען?

— יא, הערר נאגי!

— וואס קומט אייך?

— נאך הונדערט גולדען, הערר נאגי.

— גוט! אט האט איהר אייער געלד.

ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע עטליכע גאלד מינצען און האט זיי געגעבען.

— יעצט זאגט מיר, וואו איך קען אייך טרעפען צו יעדער צייט, ווען איך וועל אייך דארפען. — איך וויל ניט געהן יעדעס מאל צו אייך אין וואלד ביי נאכט.

די מענער האבען איהם געזאגט, וואו ער קען זיי געפינען יעדעס מאל, וואס ער וועט זיי דארפען.

— יעצט געהט! האט זיי נאגי געזאגט.

די צוויי מענער זיינען פערשוואונדען געווארען אין וואלד. נאגי איז אריינגעגאנגען אין שלאס ראדעצקי.

7טער קאפיטעל.

## מוטער און טאכטער.

מיר מוזען זיך אומקעהרען מיט איינינע שטונדען צוריק.

עס איז נור וואס נאכט געווארען. אין שלאס טאקקי האבען די דיענער נור וואס אנגעצונדען ליכט. גרעפין עלווירא איז געזעסען מיט איהר מוטער אין זאל.

— איך האב דיר צו דערצעהלען גוטע נאכריכטען, האט די גרעפין טאקקי געזאגט צו איהר טאכטער. איך האב היינט ערהאלטען א בריעף פון געארג'ן. ער שרייבט מיר, אז ער וועט באלד קומען אהיים. — ער האט אויפגעטאהן זעהר פיעל אין בודאפעסט. אויב אלעס וועט זיין, וויא ער האט געשריבען, וועסט דוא קענען זיך פערלאבען מיט'ן באראן פאן באטהיאני.

— און ווען עס וועט ניט געשעהן, וויא ער שרייבט, ווילסט דוא דען זיין געגען מיין ליעבע צו דיעזען עדעלען מענשען?

— טאכטער, איך קען דיר יעצט ניט ערקלערן, וואס עס קומט אין מיר פאר, גלויב מיר אבער, אז איך האב געהאט געוויסע אורזאכען ניט איינצו־ווילליגען אין דיזע הייראטה. ווען געארג וועט קומען, וועסט דוא אלעס וויסען. יעצט האט זיך פיעלעס געענדערט. איך קען דיר אבער זאגען פאר געוויס, אז יעצט איז שוין קיין הינדערניס ניטא צו דיין הייראטה מיט'ן באראן.

עס איז געווא־רען שפעט. די אוהר האט געוויזען באלד ניין. עלווירא איז געווארען אונרוהיג און איז צוגעגאנגען צום פענסטער זעהן, אויב ארטהור געהט ניט. זיא האט אבער קיינעם ניט געזעהן. אין דרויסען איז אלס געווען שטיל און רוהיג.

— וואס זאל עס הייסען, וואס ארטהור איז נאך ניטא? האט זיא געפרעגט זיך אליין. ער קומט געוועהנליך אום אכט אוהר. יעצט איז שוין באלד ניין און ער איז נאך ניטא! וואס קען דאס זיין? פאר וואס קומט ער ניט? איך האב איהם געבעטען, ער זאל זיך ניט שלאגען מיט'ן גראף ראדעצקי. האט ער מיך ניט געפאלגט?

— בערוהיג דיך, קינד! האט איהר מוטער געבעטען, עס קען זיך דאך מאכען, אז א מענש האט זיך פערשפעטיגט.

עלווירא איז ארומגעגאנגען איינינע צייט אין צימער. דאן איז זיא וויעדער צוגעקומען צום פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין די דונקעלע נאכט. איהר מוטער האט פראבירט רעדען מיט איהר, עלווירא איז אבער געווען אזוי פערטראכט און אזוי טרויעריג, אז זיא האט איהר געענטפערט מיט איינציגע ווערטער.

— איך קען עס ניט אויסהאלטען! האט זיא ענדליך אויסגערופען. איך וויל איהם ענטגעגען געהן! — איך קען ניט פערשטעהן, וואס מיט איהם איז געשעהן. — עס איז ניט אומזיסט, וואס ער קומט ניט.

— בערוהיג דיך, קינד! האט איהר מוטער אויסגערופען, ווארט נאך אביסעל, ער וועט געווים קומען.

עלווירא אבער האט ניט געהערט, וואס איהר מוטער האט איהר געזאגט. זיא האט געחאפט אויף זיך א שאל, האט זיך איינגעהילט און איז ארויסגעלאפען אין דרויסען.

דער ווינד האט געבלאזען זעהר קאלט. דיא בוימער האבען געדווישט זעהר טרויעריג. דיא נאכט איז געווען פינסטער. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט שווערע שווארצע וואלקען. עלווירא איז געבליעבען שטעהן עטליכע מינוט. זיא האט זיך דער שראקען פאר דער פינסטערער שווארצער נאכט. זיא האט שוין געוואלט געהן צוריק. זיא האט זיך אבער געשעהמט פאר איהר מוטער, פאר זיך אליין. עס האט איהר פערקלעמט ביים הארצען און זיא איז געגאנגען ווייטער און ווייטער אין דער דונקעלער נאכט.

זיא איז געגאנגען לאנגזאם. איהרע אויגען האבען געקוקט אין אלע זייטען. זיא האט עפּעס ג...זוכט, עפּעס געפארשט. — אבער אומזיסט! דיא בוימער האבען געדווישט דיא נאכט איז געווען פינסטער און קאלט. — קיין מענש! קיין לעבענדיגע זעעלע אין דיא אלטע קארפאטהען בערג!

זיא איז געגאנגען ווייטער און ווייטער. איהר הערץ האט געקלאפט, וויא מיט האמערס. פלוצלונג האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז א געשטאלט געהט ערגעץ פון דערווייטען אין טיעפען וואלד. — זיא איז געבליעבען שטעהן. דיא געשטאלט איז צוגעקומען נעהענטער. זיא האט אנגעהויבען צו לויפען איהר ענטגעגען.

— ארטהור? דוא ביסט עס? האט זיא געפרעגט.

— ניין! איך בין ניט ארטהור, האט דיא געשטאלט געענטפערט, איך בין נור ארטהור'ס א דיענער.

— וואו איז אבער ארטהור אליין? האט עלווירא געפרעגט אויסער זיך.

— קומט איהר פון באראן פאן־באטהיאני?

— יא, איך קום פון איהם.

— וואו איז ער דען? האט עלווירא אויסגערופען פערצווייפעלט.

— איך ווייס ניט. איך געה אין שלאס טאקקי פרעגען, וואו ער איז?

— וואס הייסט עס? איז ער דען ניטא אין דער היים?

— ער איז שוין לאנג ניטא אין דער היים.

— וואוהין איז ער דען געגאנגען?

— איך ווייס ניט. ווען עס איז דונקעל געווארען, איז געקומען צו איהם א מאן, האט מיט איהם עפּעס גערעדט. דאן זיינען ביידע ארויסגעגאנגען. פון דאמאלס אן האב איך איהם ניט געזעהן. מיר זיינען זעהר אונרוהיג און ווייסען ניט, וואס איבערצוטראכטען. איך בין ענדליך געגאנגען אין שלאס טאקקי פרעגען, אויב מיין הערר איז דארט ניט געווען?

— ווער איז דען געווען ביי איהם פאר נאכט אדער פון אבענד? האט עלווירא געפרעגט.

— דער יונגער גראף ראדעצקי, האט דער דיענער געענטפערט.

— אה, גאט! האט אויסגערופען עלווירא און האט פערדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד. יעצט ווייס איך שוין אלעס! — יעצט פערשטעה איך, פאר וואס ער איז ניט געקומען. — זיי האבען זיך געוויס געשלאגען! — ארטהור איז פערוואונדעט!

זיא האט אנגעהויבען צו וויינען און צו ברעכען דיא הענד פאר שמערץ.

— קומט! לאמיר געהן! לאמיר איהם זוכען! האט זיא געבעטען דעם דיענער.

ביידע זיינען ארויסגעגאנגען אין דיא הינקעלע נאכט. זיי האבען געזוכט אויפ'ן גאנצען וועג, האבען געשריען, גערופען ארטהור'ן ביים נאמען. — קיינער האט ניט געענטפערט. זיי האבען קיינעם ניט געפונען.

פערוויינט, פערטרויערט, מיעד און צ בראכען איז עלווירא געקומען אהיים און איז אומגעפאלען, וויא א דערשלאגענע.

8טער קאפיטעל.

## מוטער און זוהן.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז מאקס ראדעצקי געזעסען מיט זיין מוטער ביים פריהשטיק. מאקס ראדעצקי איז געווען פ עהליך און האט דיא גאנצע צייט גערעדט און געפלוידערט.

— איך בין ענדליך לויז געווארען פון איהם! האט ער אויסגערופען. ער וועט אזוי גיך שוין ניט צוריקקומען. אונזער גוטער נאני האט איהם שוין גוט פערזארגט. — יעצט איז עלווירא מיינע!

ער האט אנגעגאסען צוויי גלאז וויין פאר זיך און זיין מוטער און האט געזאגט:

— לאמיר טרינקען, מוטער, אויף דאס וואהל דער גרעפין טאקקי! — אונזערע בלענער געלינגען, אונזערע געשעפטען געהן גאנץ גוט.

— דוא האסט געמאכט איין פעהלער, מיין זוהן, האט זיין מוטער געזאגט ערנסט.

— וואס פאר א פעהלער?

— דוא ביסט געקומען צום באראן באטהיאני און האסט געהייסען א דיענער, ער זאל דיך מעלדען. דיא דיענער פון'ם באראן באטהיאני ווייסען, אז דוא ביסט געווען ביי איהם אין שלאס. עס איז זעהר מעגליך, אז זיי האבען געזעהן, וויא דוא ביסט מיט איהם אוועקגעגאנגען ערגעץ. ער איז ניט צוריקגעקומען. אלזא, מוזט דוא וויסען, וואו ער איז אהינגעקומען.

— זיי רוהיג, מוטער! האט מאקס אויסגערופען. ערשטענס, האט קיינער ניט געזעהן, ווען איך בין מיט איהם ארויסגעגאנגען פון שלאס. — צווייטענס, ווען זיינע דיענער זאלען שוין יא געווען געזעהן, וויא מיר ביידע זיינען ארויסגעגאנגען, איז אויך קיין אונגליק ניט. בין איך דען שולדיג, וואס רויבער זיינען אויף איהם אנגעפאלען און האבען איהם געטייטעט? — איך האב מיט איהם גערעדט, איך האב מיך אבער מיט איהם ניט געשלאגען. ווער וועט עס וואגען צו בעשולדיגען דעם גראף ראדעצקי, וואס רויבער האבען געטייטעט דעם באראן באטהיאני? — אויסער דעם וועט אונזער גוטער נאני שוין אלעס בעזארגען. ער האט א גוטען קאפ און וועט שוין מאכען, אז באראן באטהיאני זאל ניט צוריקקומען.

דיא גרעפין האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ. איהר איז ניט געפעלען, וואס איהר זוהן האט געטאהן.

אין דיזער מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און נאני איז אריינגעקומען מיט א בריעף אין דער האנד.

— ווער איז דיזער בריעף? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— א דיענער פון שלאס טאָקקי האט איהם געבראכט. ער ווארט אויף דער אנטווארט.

גרעפין ראדעצקי איז בלייך געווארען.

— גיב מיר דעם בריעף.

נאני האט איהר דערלאנגט דעם בריעף. דיא הענד פון דער גרעפין האבען גע־ציטערט, ווען זיא האט איהם געעפענט.

אין בריעף זיינען געשטאנען פאלגענדע ציילען.

דער בארא‍ן ארטהור פאן באטהיאני איז נעכטען פארנאכט ארויסגעגאנגען פון זיין שלאס מיט'ן גראף ראדעצקי. דעם באראנ'ס דיענער האבען געזעהן, וויא ביידע יונגע לייט האבען גערעדט זעהר הויך. זיי זיינען ביידע געווען זעהר אויפגערעגט. אזוי וויא דער בארא‍ן איז ביז יעצט נאך ניט צוריקגעקומען אהיים, זיינען אלע זיינע פריינדע און בעקאנטע זעהער בעזארגט וועגען איהם. איך ערלויבע מיר דאהער אייך צו בעטען, מיר צו שרייבען, פיעלייכט ווייסט איהר אדער אייער זוהן, וואו דער באראן געפינט זיך יעצט.

איך האב, ליידער, גענוג אורזאכען צו בעדויערן, פאר וואס איך האב בעזוכט אייער מאסקען באלל. וויא עס ווייזט אויס, איז דיזער מאסקענ־באלל שולדיג אין דיזעם אונגליק.

עלא, גרעפין פאן טאָקקי.

גרעפין ראדעצקי האט איבערגעלעזען דעם בריעף און ער איז איהר ארויסגעפא־לען פון דיא הענד. דיא לעצטע ווערטער פון'ם בריעף זיינען געווען א שרעקליכע בעליידיגונג פאר איהר. — מאקס האט אויפגעהויבען דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען.

— נו, מאקס! וואס פאר אן אנטווארט זאל איך געבען אויף דיזען בריעף?

— נאני, הייס אריינקומען דעם דיענער, וועלכער האט געבראכט דיזען בריעף, האט מאקס בעפעהלען.

נאני האט אריינגעפיהרט דעם דיענער פון דער גרעפין טאָקקי.

— זאג דער גרעפין טאָקקי, אז איך וועל אליין ברענגען איהר דיא אנטווארט אויף דיזען בריעף, האט מאקס געזאגט צום דיענער.

דער דיענער האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. דיא גרעפין ראדעצקי האט זיך פערטראכט, איהר איז דיא גאנצע געשיכטע געווארען זעהר אונאנגענעהם. אויך מאקס האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז ער האט בעגאנגען א פעהלער. עס וויסען צו פיעל מענשען, אז ער האט זיך געקריעגט מיט'ן באראן באטהיאני. דאס טויג ניט!

נאני איז געווען דער איינציגער, וועלכער איז געבליעבען רוהיג און קאלטבלוטיג.

— ערנערט אייך ניט אזוי! האט ער אויסגערופען. פערלאזט אייך אויף מיר. אין זעקס וואכען ארום וועט דיא גרעפין עלווירא טאָקקי הייסען גרעפין ראדעצקי. איהר פערשטעהט עס נאך ניט. איך וויים עס אבער פאר געוויס.

9טער קאפיטעל.

## דיא וואינונג פון'ם הענקער.

טרויעריג איז דאס האנדווערק פון א הענקער (תליון). טייטען מענשען איז קיין פערננינען. אין היינטיגע צייטען איז אויך ניט גאנץ אנגענעהם צו זיין א הענקער, אין דיא אלטע צייטען אבער פלעגט דער הענקער זיין א פערשאלטענער מענש, פון וועלכען מען פלעגט ווייכען, וויא פון דער פעסט.

מען פלעגט מורא האבען צו רעדען מיט'ן הענקער. מען פלעגט ציטערן איהם אנצוריהרען. מען פלעגט פון איהם אנטלויפען. מען פלעגט פאר איהם ציטערן. מען פלעגט איהם האלטען פאר א פערדאמטען, א פעראונרייניגטען.

דער הענקער האט ניט געקענט וואינען אין קיין שטאדט. ווען ער וואלט זיך בעזעצט אין א גאס, וואלטען אלע איינוואינער אנטלאפען פון דיעזער גאס. וואלט ער זיך בעזעצט אין א דארף, וואלטען אלע איינוואינער פון'ם דארף זיך צולאפען. דער הענקער האט געמוזט וואינען ערגעץ וויים פון אלע מענשען.

ווער האט אבער געוואלט ווערן א הענקער, ווען א הענקער פלעגט זיין אזוי פעראכטעט און פערדאמט פון דער גאנצער וועלט? דערצו האט מען געפונען א גאנץ געוועהנליכעס מיטעל. אזוי וויא דער הער הענקער האט געוואינט וויים פון אלע מענשען און קיינער פלעגט צו איהם ניט קומען, האט ער געהאט דאס רעכט אויפצו־נעהמען יעדען, ווער עס איז געקומען צו איהם דורך א צופאל און איהם צו מאכען פאר א הענקער מיט געוואלט.

אין דער געגענד ארום פלעגט מען ציטערן פאר דעם ארט, וואו דער הענקער פלעגט וואוינען. מען פלעגט מורא האבען דורכצוגעהן דיעזע געגענד זאגאר ביי טאג. מען האט מורא געהאט, פיעלייכט דארף דער הענקער האבען א דיענער, א מענשען, וועלכער זאל איהם העלפען אין זיין טרויעריגער ארבייט, און ער וועט זיך נעהמען אזא מענשען מיט געוואלט.

אין א טאהל אין דיא קארפאטהען בערג, וויים פון אלע מענשען וואינונגען, פערדעקט מיט אלטע, הויכע בוימער, איז געשטאנען דער טהורעם פון טשעמני. אויף פופציג מייל דיא ברייט און דיא לענג האט מען געציטערט פאר'ן נאמען: דער טהורעם פון טשעמני.

— דער טהורעם איז פערצויבערט, פלעגען זאגען איינינע.

— אין טהורעם וואינט דער טייפעל אליין, פלעגען ערקלערן אנדערע.

— אמאל, ווען אונגארן פלעגט פיהרען קריעג מיט דיא טערקען, פלעגען דער־צעהלען דיא קליגערע און אויפגעקלערטע, האט א טערקישער פאשא צונויפגעטריעבען אין טהורעם פון טשעמני עטליכע הונדערט מענער, פרויען און קינדער פון דיא בעסטע פאמיליען אין אונגארן, האט פערשלאסען דיא טויערן, האט ארומגעשטעלט א שטארקע

וואך ארום טהורעם און האט זיי געלאזען דארט אזוי לאנג, ביז אלע זיינען אויסגע־שטארבען פאר הונגער.

איבערן טהורעם פון טשעמני פלעגט מען זיך דערצעהלען אזוי פיעל שרעקליכע געשיכטען, אז מענשען פלעגען פאהרען ליעבער מיט פופציג מייל ווייטער אום ניט פארבייצופאהרען דעם טהורם פון טשעמני.

אין דער וואהרהייט אבער האט זיך אין טהורם פון טשעמני בעזעצט זייט א לאנגע צייט דיא פאמיליע פון'ם הויפט הענקער פון גאנץ אונגארן. דיא הענקער פלעגען דארט וואהנען מיט זייערע פרויען און קינדער און מיט זייערע דיענער, מענשען, וועלכע מען פלעגט צווינגען צו לערנען דאס טרויעריגע האנדווערק פון א הענקער.

נאני איז עס געפאלען אויף דעם טייפעלישען פלאן, מען זאל נעהמען דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני און מען זאל איהם איבערגעבען דעם הענקער אין טהורעם פון טשעמני. מיר האבען שוין דערצעהלט, אז זאנאר דיא צוויי ווילדע און גראבע מענשען סטעפען און שעק, האבען א ציטער געטאהן, ווען זיי האבען דערהערט, וואוהין מען האט זיי געהייסען איהם אוועקטראגען.

וויא פערגרעבט און וויא פערווילדערט דיעזע מענשען זיינען געווען, האבען זיי דאך געציטערט פאר דעם נאמען: דער טהורעם פון טשעמני.

— ער ליעגט, וויא טויט, האט סטעפען געזאגט אויפ'ן וועג. וויא עס ווייזט אויס האט הערר נאני איהם געגעבען א גוטע פארציאן פון זיין שארפען שווערד. — ער ריהרט זיך ניט.

— ווייסט דוא, סטעפען, אז מיר געפעלט ניט דער בעפעהל, וואס הערר נאני האט אונז געגעבען. איך וויל ניט געהן צום טהורעם פון טשעמני. איך ציטער פארן טהורעם פון טשעמני. — לאמיר איהם אוועקווארפען דא ערגעץ אין וואלד.

— ניין, פריינד שעק, האט סטעפען געענטפערט, הערר נאני בעצאהלט אונז גאנץ עהרליך. וואס נעהט עס אונז אן, וואוהין ער האט אונז געהייסען איהם ברענגען? מיר וועלען צוגעהן צום טהורעם, וועלען איהם אניעדערלעגען פאר דער טהיר, דאן וועלען מיר אנקלאפען אין טהיר און וועלען אנטלויפען.

זיי זיינען אוועקגעגאנגען א גאנצע שטונדע. זיי האבען ניט געוואלט געהן אויפ'ן גרויסען טראקט, וואו עס קען יעדע מינוט אנקומען א רייזענדער, זיי האבען אויסגעזוכט א שמאלען וועג אין דיא בערג. שנעל און פארזיכטיג זיינען זיי געגאנגען אויפ'ן שמאלען פערוואקסענעם וועג, וועלכען זיי האבען זיך אויסגעזוכט. ביז זיי זיינען צוגעקומען צום פערפלוכטען טהורם פון טשעמני.

— אט איז דער טהורם! האט ענדליך סטעפען געזאגט. לאמיר איהם אניעדער־לעגען פאר דער טהיר און לאמיר אנטלויפען.

— ניין, פריינד! האט שעק געענטפערט. מיר מוזען פריהער אנקלאפען. מיר מוזען זיין זיכער, אז דיא איינוואוהנער פון דיעזען טהורם וויסען, אז דא ליעגט א מענש.

זיי האבען אנגעשפארט דעם האלב טויטען באראן ארטהור פון באטהיאני צו דער טהיר און האבען אנגעהויבען צו קלאפען מיט'ן גרויסען האמער.

היינטיגע צייטען זיינען שוין דיא מענשען קליגער געווארען און האבען צוגע־

א דראהט צו א גלאק. ווען מען וויל אריינקומען צו יענעם, ציהט מען דעם דראהט און דער גלאק הייבט אן צו קלינגען.

אין יענע צייטען האבען זיך געקענט ערלויבען אזא פערגניגען נור דיא גאנץ רייכע מענשען. געוועהנליך פלעגט ביי דער טהיר פון יעדעס הויז הענגען א גרויסער הילצערנער האמער צוגעבונדען צו א שטריק. ווען מען פלעגט צוקומען צו דער טהיר און מען פלעגט וועלען מעלדען דיא איינוואהנער, אז מען דארף זיי האבען, פלעגט מען נעהמען דעם הילצערנעם האמער און מען פלעגט אנהייבען צו קלאפען אין דער טהיר אזוי לאנג, ביז וואנען א מענש איז ארויסגעקומען און האט געפרעגט, וואס מען דארף.

סטעפען און שעק האבען אניעדערגעלעגט דעם האלב טויטען באראן לעבען דער טהיר און האבען אנגעהויבען צו קלאפען מיט'ן האמער. באלד האט מען געהערט א פרויענשטימע אויסרופען:

— דאס קומסט אזוי שפעט, מיכאאיל! עס איז שוין אנגעקומען א בעפעהל פון בודא-פעסט, דוא זאלסט קומען אהין מארגען גאנץ פריה אויפשטעלען דעם גאלגען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא געעפענט דיא טהיר. ארטהורס קערפער איז אריינגעפאלען איבערן שוועל. דיא פרוי האט זיך דערשראקען און האט אנגעהויבען צו שרייען.

— שרייט ניט! האט סטעפען געבעטען, מיר האבען געפונען אויפ'ן וועג א פערוואונדעטען מענשען. מיר ווייסען ניט וואוהין איהם צו ברענגען. נעהמט איהם אויף צו אייך.

— וואס רעדט איהר, מענער? האט דיא פרוי אויסגערופען. — ווייסט איהר ניט, ווער עס וואהנט אין דיעזען טהורם? ווייסט איהר דען ניט, אז אלע מענשען ווייכען אוים דיעזען טהורם? ווייסט איהר דען ניט, אז ווען דיעזער פערוואונדעטער קומט אריין אין דיעזען טהורם, איז ער א פערלארענער פון דער וועלט און פון יענער וועלט?

— מיר קענען אונז אנדערש ניט העלפען! האט סטעפען געענטפערט. ער איז געפעהרליך פערוואונדעט. ווען איהר וועט איהם ניט אויפנעהמען, וועט ער שטארבען דא פאר אייער טהיר.

— איך זעה, אז איהר ווייסט נאך אלץ ניט, וואו איהר זייט, האט דיא פרוי געענטפערט. איך מוז עס אייך זאגען. איהר זייט ביים — טהורם פון טשעמני!

— מיר ווייסען עס, גוטע פרוי, האט איינער פון דיא מענער איהר געענטפערט. מיר קענען אבער ניט אנדערש. גיט אקוק אויפ'ן פערוואונדעטען, וועט איהר אליין זעהן, אז עס איז אונמעגליך איהם ווייטער צו טראגען.

דיא פרוי האט גענומען איהר קליינע לאטערנע און האט בעלייכטעט דאס געזיכט פון'ם פערוואונדעטען. זיא איז געווארען איבערראשט און ערשטוינט. זיא האט דערזעהן א שעהנעם, עדלעס געזיכט. עס האט איהר פערקלעמט ביים הארצען.

— ווען איהר ווילט, קענט איהר איהם ארויפטראגען צו מיר אין צימער, האט זיא ענדליך געזאגט. איך וואָרן אייך נאך אמאל: נעהמט איהם בעסער צוריק' טראגט

איהם אוועק ערגעץ אנדערש. ווען ער וועט לעבען בלייבען, וועט ער אייך פערדאמען און פערשעלטען, וואס איהר האט איהם געבראכט אהער.

דיא מענער האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. זיי האבען מורא געהאט אריינצוגעהן אין דער וואהנונג פון הענקער. מען קען זיי דארט פערהאלטען און זייא וועלען מוזען בלייבען הענקער. דאס איז געווען דאס שרעקליכסטע פאר זייא. — דיא פרוי האט פערשטאנען, אז זיי האבען מורא אריינצוגעהן אין טהורם, און האט זייא געזאגט:

— איהר מעגט אריינגעהן. מיר מעגען פערהאלטען נור דעם מענשען, וועלכער האט צוגעבראכט א נאכט אין אונזער וואהנונג. ווען איינער איז אבער געווען ביי אונז נור עטליכע מינוט, טארען מיר איהם ניט פערהאלטען.

דיא ביידע מענער האבען גענומען דעם האלב טויטען ארטהור און האבען איהם ארויפגעטראגען אויף א שמאלע טרעפ, וואוהין דיא פרוי מיט דער לאטערנע אין דער האנד האט זיי געוויזען. זיי האבען איהם אניעדערגעלעגט אויף א דיוואן און זיינען אנטלאפען געווארען, גלייך וויא דער טייפעל אליין וואלט זיי נאכגעיאגט.

10טער קאפיטעל.

## דעם הענקערס טאכטער.

זאנדערבאר איז דער מענש! זאנדערבאר איז זיין כאראקטער, זיינע האנדלונגען, זיינע רעדען, זיין בענעהמען און אלעס וואס ער טהוט. דער ערגסטער מענש ווייזט אמאל ארויס דיא עדעלסטע געפיהלע; דער שלעכטעסטער, ווילדעסטער מענש ווערט מיט אמאל גוט און עדעל. עס קומט אבער אויך פאר אנאנדערער פאל. דער בעסטער מענש ווערט מיט אמאל שלעכט און ווילד. עס איז וואהר, אז עס דויערט ניט לאנג. דער שלעכטער בלייבט שלעכט און דער גוטער בלייבט גוט. דאס צייגט נור, אז דער מענש איז ווירקליך צוזאמענגעשטעלט פון גוטעס און שלעכטעס, פון ליכט און שאטען, פון א ווילדעס טהיער און אן עדעלע מענשענגעשטאלט. ער איז קיין מאל ניט צופריעדען מיט זיך אליין: ער קען קיין מאל ניט איינשטימען מיט זיך אליין, — ער קעמפפט שטענדיג מיט זיך אליין.

ווער וואלט עס געגלויבט, אז דיא פרוי פון א הענקער, דיא פרוי פון א מענשען, וועלכער איז געוועהנט צו זעהן, וויא יענער ליידעט דיא שרעקליכסטע שמערצען, וויא יענער שטארבט, זאל פלוצלונג ווערן אזוי פריינדליך און אזוי מיטליידיג? — און דאך איז עס געשעהן!

קוים זיינען דיא צוויי מערדער אוועקגעגאנגען פון טהורם פון טשעמני און דיא פרוי האט פערמאכט דיא טיהר הינטער זיי, איז זיא ארויפגעלאפען זעהן, וואס דער קראנקער מאכט. זיא האט גענומען א גלאז שטארקען וויין און האט אנגעהויבען איהם איינצוגיסען לעפעליך וויים.

זיא האט איהם איינגעדעקט, זיא האט איהם אויסגעווארעמט. דער שטארקער, קרעפטיגער אונגאר וויין האט אנגעהויבען צו ווירקען. ארטהור האט א ציטער געטאהן, זיין רעכטע האנד האט זיך אנגעכאפט אן דער זייט, דארט וואו דיא וואונד איז געווען,

אויף זיינע בלייכע ליפען האט זיך געוויעזען אנאנדערע, רעטהליכע פארב. ענדליך האט ער געעפענט דיא אויגען.

— וואו בין איך? האבען געפרעגט זיינע ליפען.

— איהר זייט ביי מענשען, וועלכע אלע פערדאמען, דאך זיינען זיי גאר ניט אזוי שלעכט, וויא מען האלט פון זיי.

— וויא קום איך אהער? האט ארטהור ווייטער געפרעגט.

— בערוהיגט אייך! האט דיא פרוי געבעטען, נעהמט נאך א ביסעל וויין, שטארקט אייך, דאן וועלען מיר רעדען.

— ניין! איך וויל וויסען, וואו איך בין! האט ארטהור געענטפערט מיט א פעסטער שטימע.

— נעהמט דיעזען לעפעל וויין, האט דיא פרוי געבעטען. איך וויים ניט, וויא אזוי צו פערבינדען א וואונד. ווען מיכאאיל וועט קומען, וועט ער אונטערזוכען אייער וואונד, וועט זיא פערבינדען און וועט צולעגען א זאלב. ער וויים, וויא אזוי צו היילען וואונדען. ער זאמעלט צונויף גראזען אין דיא בערג, קאכט זיי און מאכט פון זיי זאלבען.

— וויא קום איך אהער? האט ארטהור ווייטער געפרעגט.

— מען האט אייך געפונען אין וואלד פערוואונדעט און האלב טויט, האט דיא פרוי געענטפערט.

ארטהור האט אנגעהויבען צו קומען צו זיך. ער האט ענדליך אנגעהויבען צו פיהלען, אז עס טהוט איהם ערגעץ וועה. ער האט אנגעהויבען זיך צו דערמאנען, וואס מיט איהם איז געשעהן דיעזען אבענד. זיין קאפ האט אנגעהייבען צו ארבייטען. ער האט זיך אלעס דערמאנט.

— אך! דער מערדער, מאקס! האט ער געזאגט שטילערהייט. — איך דערמאן מיך! איך וויים שוין אלעס! — דוא האסט מיך פערפיהרט אין וואלד. דארט האבען געווארט אויף מיר דיינע מערדער.

דיא פרוי, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם איז ארויסגעגאנגען פון צימער. זיא איז געוויס געגאנגען ברייננען נאך וויין אדער עפעס אנדערש.

ארטהור איז אין גאנצען געקומען צו זיך. ער האט געעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט אין צימער. ער האט דארט דערזעהן זאנדערבארע אינסטרומענ־טען: א ברייטע און שארפע האק, זאנדערבארע שארפע צאנגען, קעטען, האלז אייזען, שטריק מיט זאנדערבארע שלייפען. רעדער מיט שארפע קאנטען, בייטשען אונטען פערגאסען מיט בליי און נאך אנדערע אזעלכע אינסטרומענטען, פון וועלכע מען קען הערן און דערצעהלען, עס איז אבער ניט גאנץ אנגענעהם זיי צוזעהן.

ארטהור האט אנגעהויבען צו פערשטעהן וואו ער געפינט זיך ערגעץ.

— גרויסער גאט אין הימעל! האט ער אויסגערופען, — וואו בין איך ערגעץ? וואס זיינען דאס פאר אינסטרומענטען? — איך בין ביים הענקער אין שטוב!

ער האט א ציטער געטאהן און האט ווידער פערמאכט דיא אויגען. דער אנ־בליק פון דיא זאנדערבארע אינסטרומענטען זיינען געווען שרעקליך.

מיינע לעזער דארפען וויסען, אז אין אונזער געבילדעטער צייט זיינען דא נור ווענינ שטראפען. דעם גרעסטען פערברעכער הענגט מען אדער מען האקט איהם אפ דעם קאפ מיט א מאשין — מיט דער גיליאָטינא. אין יענע ווילדע צייטען אבער פלעגען זיין פערשיעדענע טאדעס שטראפען: הענגען, קעפען, פיערטהיילען, ברענגען מיט צוגליהעטע אייזענס, גיעסען צוגליהטעס און צולאזטעס בליי אויפ'ן נאקעטען קערפער און נאך אזעלכע שרעקליכע שטראפען, פון וועלכע מיר האבען יעצט קיין בעגריעף ניט.

מיר שוידערן, ווען מיר לעזען פון דיא שטראפען פון יענער צייט; מיר ציטערן, ווען מיר הערן רעדען פון זיי. עס ווערט אונז פינסטער אין דיא אויגען, ווען מיר שטעלען זיך פאר, וואס פאר א ווילדע, שטארקע, מענשען דאמאלס זיינען געווען, וועלכע האבען געקענט צוזעהן אזעלכע מארטער.

אזוי וויא דער באראן פאן באטהיאני איז געלעגען אזוי אין אהנמאכט, האט זיך דיא טהיר געעפענט און צוויא פרויען זיינען אריינגעקומען. איינע איז געווען דיעזעלבע פרוי, וועלכע האט געהייסען דיא מענער איהם אריינברענגען אין טהורעם. דיא אנדערע איז געווען איהר טאכטער, א מעדכען פון א יאהר אכצעהן.

דאס יונגע מעדכען איז געווען א זעלטענע שעהנהייט. קיינער וואלט ניט געגלייבט, אז אין אזא ארט, אין אזא הויז און פון אזעלכע גראבע, ווילדע עלטערן זאל ארויסקומען אזא שעהנעס, עדעלעס קינד.

דיא נאטור וויס אבער פון קיין חכמות. זיא לאזט וואקסען איהרע שעהנסטע בלומען, וואו עס קומט איהר אויס. אין דיא געפעהרליכסטע זומפען וואקסען אמאל דיא שעהנסטע און דיא טהייערסטע בלומען.

דאס יונגע מעדכען האט דערזעהן, אז א פרעמדער מאן ליעגט אויפ'ן דיוואן.

— ווער איז דער, מוטער? האט זיא אויסגערופען ערשטוינט. וויא קומט א פרעמדער מענש אהער?

— ער איז פערוואונדעט, אננא, האט דיא מוטער געענטפערט. מען מוז ארומגעהן ארום איהם. מען מוז איהם געבען ווייז און וואסער. מען מוז איהם איינדעקען.

דאס יונגע מעדכען האט בעטראכט דעם פערוואונדעטען.

— עס ווייזט אויס צו זיין א פאָרנעהמער הערר, האט זיא געזאגט, ער געהט זעהר שעהן אנגעטאהן און זיין געזיכט איז עדעל און שעהן. ווער האט עס געקענט ברענגען דיעזען מענשען אין דיעזעס אונגליקס טהורעם? — פאר וואס האסט דוא געהייסען איהם ברענגען נעראדע אין דיעזעס צימער, וואו עס געפינען זיך דיא שרעקליכסטע אינסטרומענטען? — לאז ער וועניגסטענס אין דער ערשטער צייט ניט וויסען, וואו ער געפינט זיך!

אזוי וויא זא האט אזוי גערעדט, האט מען געהערט שטארק קלאפען אין דער טהיר.

— דאס איז דער פאטער! האט דאס מעדכען אויסגערופען.

דיא עלטערע פרוי האט נעהאפט דיא לאנטערנע און איז ארויסגעלאפען פון

צימער. זיא איז געלאפען עפענען דעם טויער. — דאס מעדכען איז געבליעבען מיטין פערוואונדעטען אליין אין צימער.

— ארימער פרעמדער! האט זיא אויסגערופען, — דוא ווייסט נאך ניט פון דיין אונגליק! דוא ווייסט נאך ניט, וואו דוא געפינסט זיך! — וויא שרעקליך וועט זיין דיין ערוואכען, ווען דוא וועסט געוואהר ווערן, וואו דוא ביסט און דאס שרעקליכע געזעץ, וועלכעס צווינגט דיך צו ווערן א....

זיא האט ניט געענדיגט. זיא האט ניט געקענט ארויסזאגען דאס שרעקליכע ווארט, וועלכעס האט געמאכט איהר פאטער און זאגאר דאס הויז, וואו ער האט געוואהנט צום שרעקען פון אלע מענשען.

אזוי וויא זיא איז אזוי געשטאנען פערטראכט, האט זיך געעפענט דיא טהיר און א הויכער, שטארקער מאן מיט ברייטע פלייצעס און מיט א גרויסער שווארצער בארד אין רויטע קליידער איז אריינגעקומען אין צימער. ער האט דערזעהן דעם פרעמדען ליעגען אויפ'ן דיוואן און איז געבליעבען שטעהן ערשטוינט. דאס האט ער ניט ערוואַרטעט! וויא קומט צו איהם א גאסט?

— ווער איז דער? וויא קומט ער אהער? האט ער געפרעגט גראב.

— מען האט איהם געפונען אין וואלד פערוואונדעט, האט דיא עלטערע פרוי געזאגט. מען האט איהם געבראכט אהער. איך האב איהם ניט געוואלט אויפנעהמען צו אונז. דיא מענשען אבער, וועלכע האבען איהם געבראכט, האבען מיך אזוי לאנג געבעטען, ביז איך האב איהם אויפגענומען.

— וואס איז דען פאטער? האט דאס יונגע מעדכען געפרעגט. ער איז אן אונגליקליכער, מיר וועלען איהם האלטען ביי זיך, ביז ער וועט געזונד ווערען, דוא ווייסט דאך, וויא אזוי צו היילען וואונדען. דוא וועסט איהם אויסהיילען מיט דיינע זאלבען.

— וואס וועט איהם העלפען, וואס איך וועל איהם אויסהיילען, ווען ער וועט מוזען בלייבען ביי מיר?

ער איז צוגעקומען נעהנטער צום פערוואונדעטען, האט איהם בעטראכט און האט אויסגערופען:

— וואס וועט ווערן פון דיר, אונגליקליכער? וועסט דוא ניט פערשעלטען דעם טאג, ווען דוא ביסט געבארען געווארען, ווען דוא וועסט קומען צו זיך און וועסט געוואהר ווערן, וואו דוא געפינסט זיך?

— פאטער! לאמיר איהם צונעהמען פון דאנען! האט דאס יונגע מעדכען געבעטען. איך האב מורא, אז ער וועט זיך שטארק דערשרעקען, ווען ער וועט עפענען דיא אויגען און וועט דערזעהן, וואס פאר א אינסטרומענטען עס געפינען זיך אין דיעזען צימער.

— איך וועל דיר צוליעב טאהן, טאכטער, האט דער הענקער געזאגט.

ער האט גענומען דעם פערוואונדעטען אויף דיא הענד, וויא מען נעהמט א קינד און האט איהם ארויסגעטראגען פון צימער. דאס יונגע מעדכען האט גענומען א ליכט און האט געלייכטעט איהר פאטער דעם וועג. ער האט געטראגען דעם פערוואונדעטען

אויפ'ן צווייטען שטאָק. דארט האט ער איהם אריינגעטראגען אין א קליינעם, אבער גאנץ ריינעם צימעריל און האט איהם אניעדערגעלעגט אויף א ריינעם בעט.

— שטעל אניעדער דאס ליכט אויפ'ן טיש און געה ארויס אויף איינינע מינוט אננא, האט ער געזאגט צו זיין טאכטער.

דאס מעדכען איז ארויסגעגאנגען און דער פאטער האט אנגעהויבען צו בעטראכטען ארטהור'ס וואונד. ער איז געווען א קענער אויף וואונדען. ער האט געוואוסט וואס א וואונד הייסט און וועלכע וואונד איז לעבענס געפעהרליך.

— מען האט ניט געוואלט איהם טויטען, האט ער געזאגט, ווען ער האט גוט בעטראכט דיא וואונד. מען האט געוואלט איהם אפשוואכען, אפצאפּען פון איהם בלוט, אבער ניט טויטען.

ער האט צוריסען א העמד און האט געמאכט לאנגע פאסען, דאן האט ער ארויסגענומען פון א קאסטען א שאכטעל מיט א זאלב, האט בעשמיערט דיא וואונד און האט זיא פערבונדען, וויא ער האט געקענט.

ווען ער האט פערבונדען דיא וואונד, האט ער אריינגערופען זיין טאכטער און האט איהר געזאגט:

— בלייב ביים פערוואונדעטען, אננא. גרייט אן פרישעס וואסער. ווען ער וועט עפענען דיא אויגען און וועט עפּעס בעטען, זאלסט דוא איהם געבען וואסער. — איך מוז אראפּגעהן אונטען. איך בין הונגעריג.

ער איז ארויסגעגאנגען פון צימער. אננא האט געבראכט א קרוג מיט קאלטען, פרישען וואסער און האט איהם אניעדערגעשטעלט לעבען בעט. דאן האט זיא צוגערוקט א הילצערנעם פיער־עקיגען בענקעלע צום בעט און האט זיך אויף איהם געזעצט.

— איך האב גאר פערגעסען צו פרעגען דעם פאטער, אויב דיא וואונד איז געפעהרליך, האט דאס מעדכען געמאכט זיך אליין א פארוואורף.

זיא האט גענומען ארטהור'ס האנד און האט זיא געהאלטען איינינע מינוט אין איהר וויבער, ווארעמער האנד.

— דיא האנד איז קאלט, וויא אייז, האט זיא געזאגט, דאך אטהעמט ער. — ער לעבט נאך. איך האף, אז ער וועט לעבען. — דער פאטער האט געזאגט, אז ווען ער וועט עפענען דיא אויגען, זאל איך איהם דערלאנגען אביסעל וואסער. דער פאטער פערשטעהט שוין אזעלכע זאכען.

זיא האט צוגעלעגט איהר מויל צו זיין האנד און האט אנגעהויבען צו הויבען אויף איהר, ארטהור האט ווידער א ציטער געטאהן און האט געעפענט דיא אויגען. א פאר מינוטען האט ער זיך ווילד ארומגעקוקט. זיינע אויגען האבען געזוכט דיא שרעקליכע אינסטרומענטען, וועלכע ער האט פריהער געזעהן, אבער אנשטאט דיא אינסטרומענטען האט ער דערזעהן פאר זיך א שעהנעס מעדכען.

— ווער ביסט דוא, שעהנע יונגע פרוי? האט ער געפרעגט.

אננא איז רויט געווארען און האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— איך בין אננא — האט זיא עגדליך געענטפערט.

— וואו בין איך דען? האט ארטהור ווייטער געפרעגט. — מיר דאכט, אז איך האב געזעהן ארום מיר זאנדערבארע אינסטרומענטען. — האב איך געטרוימט?

אננא האט געזיפצט און האט געמורמעלט שטילערהייט:

— איהר האט ניט געטרוימט, מיין העררי.

— אך, וואו בין איך? האט נאך א מאל געפרעגט ארטהור.

אין דיזע מינוטע האט זיך געעפענט דיא טהיר און דער הענקער איז אריינגעקומען אין צימער. ארטהור האט דערזעהן זיינע רויטע קליידער און האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואו ער געפינט זיך.

— מיין גאט! האט ער געזיפצט. קען עס זיין? — בין איך....

— איהר זייט ביים הענקער, האט אננא'ס פאטער געזאגט קורץ און שארף.

ארטהור האט א ציטער געטאהן.

— וואס רעדט איהר? איז עס מעגליך? האט ער געקרעכצט. ווען איך בין ביים הענקער, מוז איך דאך אויך ווערן א הענקער.

— יא, מיין העררי, האט דער הענקער געענטפערט. אזוי איז דאס געזעץ און איך וועל עס האלטען.

— גאט! גאט! האט ארטהור געקרעכצט. — האב ערבארמען מיט מיר!

אננא האט געוויינט און האט עפּעס געזאגט שטילערהייט.

— איהר בעט אומזיסט צו גאט, האט דער הענקער געזאגט, ער וועט זיך אויף אייך ניט דערבארמען, וויא ער האט זיך אויף מיר ניט דערבארמט. איך האב אויך ניט געוואלט זיין קיין הענקער. איך האב מיך אויך געריסען און געווארפען מיט אלע מיינע קרעפטע און דעננאך בין איך געבליעבען א הענקער. איהר, מיין פריינד, וועט אויך זיין א הענקער.

— ניין! ניין! האט ארטהור געשריען אין דער הויך.

— מיין ליעבער פריינד, איהר טארט ניט שרייען און טארט זיך ניט אויפרעגען. אייער וואונד קען ווערן געפעהרליך.

— זייט רוהיג, מיין העררי, ביז אייער וואונד וועט זיך אביסעל פערהיילען, האט אננא געבעטען.

— איך וויל ניט! איך וויל ארויס פון דאנען! האט ארטהור געשריען און האט געוואלט זיך אויפהויבען. קוים אבער האט ער זיך אנגעהויבען צו ריהרען, האט ער געפיהלט שרעקליכע שמערצען אין זייט. ער האט געגעבען א געשריי און איז געבליעבען ליעגען אויפ'ן ארט. דיא וואונד אין דער זייט האט איהם אנגעהויבען שטארק וועה צו טאהן.

— אט האט איהר עס, מיין פריינד! האט דער הענקער געזאגט רוהיג.

— אך! האט געזיפצט ארטהור, איך זעה, אז איך קען ניט אנטלויפען פון דאנען! — וואס טהוט מען אבער? — העלפט מיר! גיט מיר עפּעס א ראטה! — העלפט מיר!

דער הענקער האט געטראכט איינינע מינוט. דאן האט ער געזאגט:

— איך ווייס נור איין מיטעל, וויא אזוי ארויסצוקומען פון דאנען.

— זאגט עס מיר! האט ארטהור געבעטען.

— נור דיא גנאדע פון'ם קייזער קען אייך בעפרייען.

— ליעבער, גוטער מאן! האט ארטהור אנגעהויבען צו בעטען, קיינער ווייס נאך ניט, אז איך בין דא. קענט איהר ניט מיך ארויסנעהמען פון דאנען? — קענט איהר ניט מיך ערגעץ אוועקפיהרען?

— דאס איז אונמעגליך! האט דער הענקער געענטפערט. איהר זייט יעצט זעהר שוואך. מען טאר אייך ניט ריהרען פון'ם ארט. עס וועלען געווים פערגעהן אכט טעג, איידער איהר וועט זיין אין שטאנד זיך אויפצוהויבען. אין דיעזער צייט וועלען געווים דא זיין דיא אויפזעהער פון דיא געפענגניסע. זיי קומען צו מיר זעהר אפט זעהן, אויב א פערברעכער האט זיך ניט בעהאלטען ביי מיר; זיי קומען געוועהנליך ביי נאכט און זוכען אין אלע צימערן. זיי וועלען אייך געווים געפינען און וועלען אייך צווינגען, איהר זאלט ארבייטען בייא מיר, איהר זאלט מיר העלפען בייא מיין שרעקליך טרויעריגער ארבייט.

— קענט איהר מיך ניט בעהאלטען ערגעץ?

— אויך דאס ניט, האט דער הענקער געענטפערט. איהר מיינט, אז איך בין פריי אין מיין טהוען און איהר האט א טעות. איך וואלט שוין לאנג אנטלאפען פון דאנען. מען לאזט מיר אבער ניט. מען בעוואכט מיך זעהר גוט. — עס איז טרויעריג צו זיין א הענקער!

אזוי וויא זיי האבען אזוי גערעדט, האט מען געהערט קלאפען אין דיא טהיר.

— דאס זיינען זיי! האט אננא אויסגערופען און איז געווארען בלייך.

— ווער זיינען עס? האט ארטהור געפרעגט.

— דיא אויפזעהער פון דיא געפענגניסע.

דער הענקער איז ארויסגעלאפען זיי עפענען. אין א מינוט ארום האט מען גע־הערט אויף דיא טרעפ שווערע טריט און דאס קלינגען פון שווערדען.

— וואס טהוט מען? האט אננא געוויינט און געבראכען דיא הענד, וואס טהוט מען? ער איז פערלארען!

דיא טהיר האט זיך געעפענט און צוויא מענשען מיט ווילדע געזיכטער, בעוואפענט פון קאפ ביז אין דיא פיס זיינען אריינגעקומען אין צימער.

— וואס מאכט איהר, מייסטער מיכאאיל? האט איינער געפרעגט און האט זיך אומגעקוקט אין צימער.

ער האט דערזעהן דעם פערוואונדעטען ארטהור ליעגען אויפ'ן בעט.

— אהא! ווער איז דער? וויא קומט דיעזער פויגעל צו אייך?

— מען האט איהם געפונען פערוואונדעט אין וואלד און מען האט איהם גע־בראכט אהער.

— ווער האט איהם געבראכט? האט איינער פון דיאביידע מענער געפרעגט.

— איך בין ניט געווען אין דער היים, האט דער הענקער געענטפערט, איהר ווייסט דאך, וואו איך בין היינט געווען א גאנצען טאג. מיין פרוי האט איהם אויפגע־נומען. זיא קען ניט דיא מענער, וועלכע האבען איהם געבראכט.

— מיר מוזען עס מעלדען דער פאליציי, האט איינער געזאגט. ווען מען האט איהם געפונען פערוואונדעט, האט דאך איינער איהם געוואלט ערמארדען. דיא פאליציי מוז אויסגעפינען, ווער דער מערדער איז.

ער האט זיך געווענדעט צום פערוואונדעטען און האט איהם געפרעגט:

— ווער זייט איהר און וויא הייסט איהר?

ארטהור האט איהם אנגעקוקט און האט ניט געענטפערט.

— איהר מוזט מיר ענטפערן, האט דער מאן געזאגט בייז. ניט ווייט פון'ם שטעדטעל ראזענוי האט מען געפונען אן ערמארדעטע פרוי. וויא עס ווייזט אויס, האט איהר דיעזע פרוי ערמארדעט. זיא האט זיך געראנגעלט מיט אייך און איהר זייט פערוואונדעט געווארען.

— וואס רעדט איהר, מענשען! האט ארטהור אויסגערופען אויסער זיך.

— מיר וויסען שוין, וואס מיר רעדען. ווען איינער אנטלויפט אין טהורם פון טשעמני זיך בעהאלטען, טהוט ער עס ניט אומזיסט. איהר האט געוויס בעגאנגען א פערברעכען, ווען איהר געפינט זיך דא.

— מענשען! איך בין קיין פערברעכער! האט ארטהור געוויינט. מען איז אויף מיר אנגעפאלען אין וואלד און מען האט מיך געשטאכען. וויא איך קום אהער, ווייס איך ניט. — זעהט, איך בין פערוואונדעט.

— מיר וויסען ניט, האט דער אויפזעהר געזאגט שטרענג, דיא פאליציי וועט שוין אלעס אויסגעפינען. — מיר מוזען איהר אלעס מעלדען. — זאגט אונז וויא הייסט איהר?

ארטהור האט געטראכט איינינע מינוט, ער האט אליין ניט געוואוסט, אויב ער זאל זאגען זיין וואהרען נאמען אדער ניט. ענדליך האט ער זיך ענטשלאסען.

— איך הייס ארטהור, באראן פאן באטהיאני.

אננא האט געבראכען דיא הענד. דער הענקער האט געקוקט ערנסט און פערטראכט אויף דעם אונגליקליכען. דיא ביידע אויפזעהר האבען אקוק געטאהן איינער אויפ'ן אנדערן און האבען ארויסגעלאזען א געלעכטער.

— שעהן! דאס איז שעהן, הערר באראן פאן באטהיאני! מיר ווינשען אייך גליק צו אייער נייער שטעלע אלס הענקער! ווען דיא גרויסע לייט וועלען דערפון געוואהר ווערן, וועלען זיי געוויס זיך לאזען אפהאקען דיא קעפ נור פון אייך. ביז יעצט פלעגט דער הענקער בעקומען פאר יעדען קאפ, וועלכען ער פלעגט אפהאקען, צעהן גאלד גולדען. איהר וועט געוויס בעקומען צוואנציג גולדען פאר א קאפ.

— שורקען! וואס רעדט איהר? האט ארטהור אויסגערופען.

— לאכט ניט פון איהם! האט דער הענקער געבעטען. זעהט איהר דען ניט אן זיינע קליידער, אז ער איז קיין איינפאכער מענש?

— וואס הייסען קליידער? האט איינער פון דיא אויפזעהער געלאכט. ער האט געוויס ערגעץ געגנב'ט דיעזע קליידער.

ארטהור האט צונויפגעלעגט זיינע הענד אין פויסטען און האט זיך געוואלט אויפהייבען, ער איז אבער צוריקגעפאלען, וויא א בליי. ער האט זיך אזוי אויפגערעגט,

אז דיא וואונד האט אנגעהויבען שרעקליך איהם וועה צו טאהן. ער איז געפאלען אין אהנמאכט.

— לאמיר געהן, האט איינער פון דיא מענער געזאגט צום אנדערן, מיר מוזען עס מעלדען אונזער קאפיטאן. ער וועט שוין וויסען וואס צו טאהן. אלענפאלס, מיסטער מיכאאיל, מוזט איהר איהם אנטאהן רויטע קליידער.

זיי האבען געוויגשען דעם הענקער אגוטע נאכט, האבען געווארפען א בעניערינגען בליק אויף דער שעהנער אננא און זיינען ארויסגעגאנגען פון צימער.

דער הענקער איז געשטאנען איינינע מינוטען לעבען פערוואונדעטען און האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— אונגליקליכער מאן! פאר דיר איז יעצט קיין הילף מעהר דא! נור דער קייזער קען דיך בעגנאדיגען.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו זיין טאכטער און האט איהר געזאגט:

— היט איהם אפ, אננא! געה ארום איהם! גיב איהם, וואס ער וועט פערלאנגען. איך האב מורא אז ער וועט באלד בעקומען דאס וואונד פיעבער. — איך בין מיעד און מוז מיך לעגען שלאפען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. אננא איז געבליעבען מיט'ן קראנקען אליין. זיא האט איהם בעטראכט, וויא ער איז געליגען, וויא א קלאץ. אויף זיינע באקען האבען אנגעהויבען צו ווייזען זיך רויטע פלעקען. דאס וואונד פיעבער האט זיך אנגעהויבען. — אננא האט געוויינט. דאס הערץ האט איהר פערקלעמט. זיא האט געפיהלט צו דיעזען מענשען א גאנץ אנדערש געפיהל. עפעס האט זיא געצויגען, עפעס האט זיא געריסען, עפעס האט זיא געצויגען צו איהם. — דאס הערץ האט איהר געזאגט, אז דיעזער מענש וועט האבען אן איינפלוס אויף איהר גאנצעס לעבען.

זיא האט איהם געלעגט קאלטעס וואסער צום קאפ. האט איזם געגעבען טרינקען און האט געזוכט איהם צו בערוהיגען.

אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. פאר טאג איז ארטהור אנטשלאפען געווארען מיט א געזונדען ערקוויקענדען שלאף.

דיא זון איז שוין געשטאנען גאנץ הויך אין הימעל, ווען ער האט זיך אויפגעכאפט. לעבען זיין בעט איז נאך אלץ געזעסען דאס שעהנע מעדכען.

— אה, דוא ביזט דא? האט ער אויסגערופען, ווען ער האט זיא דערזעהן. ווען דוא ביסט לעבען מיר, פיהל איך מיך בעסער.

— איך בין גליקליך, ווען איהר פיהלט אייך בעסער, ווען אייך איז לייכטער, האט דאס מעדכען געענטפערט.

— גיב מיר א ביסעל וואסער, שעהנעס, גוטעס קינד! האט ארטהור געבעטען. אננא האט איהם דערלאנגט וואסער מיט וויין. אזוי האט איהר פאטער איהר געזאגט. — ארטהור האט געטרונקען און האט זיך געפיהלט פיעל בעסער און פיעל שטארקער.

— זאג מיר, ליעבעס קינד, האט ער געזאגט מיט א פעסטער שטימע, ביסט דוא בעקאנט אין דער געגענד ארום?

— איך נעה זעהר זעלטען ארויס פון דיזען טהורעם, האט דאס מעדכען נעד־ענטפערט, דאס מאכט אבער ניט אויס: פון אייערט וועגען וועל איך אלעס טאהן. — וואס פערלאנגט איהר דען?

— ווייסט דוא, וואו דאס שלאס באטהיאני געפינט זיך? — אבער ניין! — ניין! איך וויל ניט אז מען זאל וויסען ביי מיר אין דער היים, וואו איך געפין מיך! — ווייסט דוא, וואו עס געפינט זיך דאס שלאס טאָקקי?

— איך ווייס עס ניט, איך קען עס אבער וויסען, האט אננא געענטפערט, ווען עס איז נור ניט שטארק וויים פון דאנען, וועל איך עס געפינען.

— קען מען ביי אייך קריגען פאפיער, טינט און פעדער?

— דאס האב איך ניט. ביי אונז שרייבט מען ניט, האט דאס מעדכען געענט־פערט טרויעריג. — ווען איהר דארפט עפעס, זאגט עס מיר, מיין הערר, איך וועל עס איבערגעבען מינדליך: איך וועל געהן און וועל זאגען, וואס איהר האט מיר געהייסען.

ארטהור האט געטראכט איינינע מינוט. דאן האט ער געזאגט:

— גוט, מיין קינד! וועסט דוא געדענקען אלעס, וואס איך וועל דיר זאגען?

— זייט זיכער, מיין הערר, אז אלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען, וועל איך איבערגעבען פינקטליך. איך וועל טאהן אלעס מעגליכע, איך זאל עס ניט פערגעסען.

ארטהור האט איהר ערקלערט, וואס ער פערלאנגט פון איהר. ער האט איהר געזאגט און געבעטען, זיא זאל געהן אין שלאס טאָקקי און זאל דארט דערצעהלען, וואו ער געפינט זיך און וויא אזוי ער איז געקומען אהער.

11טער קאפיטעל.

## אין בודאפעסט.

אין איינער פון דיא שעהנסטע און רייכסטע גאסען פון בודאפעסט האט גע־וואינט א בעריהמטער אדוואקאט מיט'ן נאמען הונא נאָוואק. ער איז געווען דער בעסטער און דער געשיקטעסטער אדוואקאט אין בודאפעסט. ער האט זעלטען פער־שפיעלט א פראצעס, וועלכען ער האט אנגענומען. ער איז אבער געווען בעריהמט ניט נור אלס אדוואקאט. זאנדערן אלס קלוגער, פעהיגער און טיכטיגער מענש. דיא איינוואינער פון בודאפעסט האבען איהם זעהר גוט געקענט און פלעגען איהם פער־טרויען ניט נור זייערע פראצעסען און זייערע שטרייטיגקייטען פאר געריכט, זאנדערן פלעגען קומען צו איהם זיך בעראטהען אין אלע שוויעריגע פעלע פון זייער לעבען. —

הונא נאָוואק האט געוואוסט פון אלע פאמיליען געהיימניסע פון אלע אונגארישע עדעללייט. דיא גרעסטע מענער פון אונגארן פלעגען קומען צו איהם, פלעגען איהם פערטרויען זייערע פאמיליענגעהיימניסע און פלעגען איהם פרעגען זיין ראטה.

אין א שעהנעם פריהמארגען איז דער אדוואקאט הונא נאָוואק געזעסען אין זיין שרייבצימער און האט פלייסיג געשריעבען, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און זיין דיענער איז אריינגעקומען.

— וואס ווילסט דוא זאגען, קארל? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

— אין פארצימער ווארט א יונגער מאן מיט'ן נאמען נעארג, גראף פאן טאקקי, ער וויל אייך זעהן.

דער אדוואקאט האט געטראכט איינינע מינוט. דער נאמען טאקקי איז איהם צוואר געווען בעקאנט, ער האט אבער מיט דיעזער פאמיליע נאך קיינע בעזאנדערע געשעפטע געמאכט.

— פיהר איהם אריין, קארל! האט דער אדוואקאט געזאגט צו זיין דיענער.

באלד איז אריינגעקומען א שעהנער, הויבער, יונגער מאן און האט זיך גאנץ העפליך פערנייגט. דער אדוואקאט האט איהם געבעטען זיצען און האט איהם אנגע־וויעזען א שטוהל לעבען זיך.

— מיט וואס קען איך אייך דיענען, הערר גראף פאן טאקקי?

— איך בין געקומען אייך פרעגען א ראטה וועגען איינעם פון מיינע פריינד, האט נעארג געענטפערט.

— איך בין בערייט אייך צו ערקלערן אלעס, וואס איהר וועט פון מיר פערלאנגען.

— מיט איינינע יאהר צוריק האט דיא רעגיערונג צוגענומען אלע גיטער פון'ם באראן סעציל באטהיאני, האט נעארג פאן טאקקי אנגעהויבען זיין ערצעהלונג; דיא רעגיערונג האט פערווארטהיילט דעם באראן סעציל, ער זאל זיך ניט געפינען אין אונגארן. יעצט האט זיך ארויסגעוויעזען, אז דער באראן סעציל באטהיאני איז גאר ניט שולדיג. מען האט איהם פערליימדעט. דער מאן וועלכער האט אויף איהם געמאכט דעם פאלשען דאָנאָס איז געסטערן געשטארבען. פאר זיין טויט האט ער מיר איבערגעגעבען דיעזען בריעף.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א קאנווערט און האט איהם דער־לאנגט דעם אדוואקאט, וועלכער האט ארויסגענומען דעם בריעף פון'ם קאנווערט און האט איהם געלעזען אין דער הויך:

„איך אונטערצייכענטער בין מיך מודה ומתודה פאר מיין טויט, אז איך האב פאלש דענונסירט אויף מיין אנקעל סעציל פאן באטהיאני און האב אונטערגעקויפט עדות געגען איהם, יעצט דערקען איך פאר גאט און מענשען, אז איך האב בע־גאנגען א גרויסעם פערברעכען און איך בערייע עס. איך שרייב דיעזען בריעף אומיסטען, אז מען זאל איהם פארשטעלען, וואוהין מען דארף און דאס געריכט זאל איינזעהן, אז מען האט דעם באראן פאן באטהיאני אומזיסט פערטריעבען פון אונגארן און גאר אומזיסט צוגענומען ביי איהם זיינע גיטער און זיין פערמעגען. אזוי וויא דער באראן סעציל האט א זוהן מיט'ן נאמען ארטהור, געהערן איהם אלע גיטער.

אלעס, וואס איך שרייב, איז וואהר און הייליג, וויא עס איז וואהר און הייליג, אז איך וויל האבען יענע וועלט. גאט זאל מיר אזוי העלפען!

געשריעבען אין בורא־פעסט, מערץ 1790.

**לודוויג פאן באטהיאני.**

דער אדוואקאט האט געענדיגט דעם בריעף און האט זיך פערטראכט איינינע מינוטען. דאן האט ער געזאגט:

— דיזען פראָצעס קען מען געווינען. איך נעהם מיך אונטער איהם צו פיהרען. זעלבסט פערשטענדליך, מוזט איהר מיר איבערלאָזען דיזען דאָקומענט, ווייל אהן איהם קען איך גאר ניט טאהן.

— איך קען אייך ניט געבען דעם בריעף. ער געהערט ניט צו מיר. ער געהערט דעם באראָן ארטהור פאָן באטהיאני. איך האב נור געוואָלט פרעגען, אויב איהר וועט איבערנעהמען דעם פראָצעס. איך פאָהר יעצט אהיים און וועל איבערגעבען דיזען בריעף ארטהורן. ער וועט קומען אהער אליין און וועט מיט אייך אלעס אפּרעדען.

— קענט איהר מיר ניט געבען א קאָפּיע פון דיזען בריעף? האט דער אד-וואָקאט געפרעגט.

געארג האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן.

— איך בין געקומען נור אום צו פרעגען אייער ראטה, אויב מען קען פיהרען א פּראָצעס אויף גרונד פון דיזען בריעף. איך האב אבער קיין רעכט צו פיהרען א פּראָצעס, איך האב קיין רעכט איבערצוגעבען וועמען עס איז א קאָפּיע פון דיזען בריעף. מיין פריינד, ארטהור, וועט אליין קומען אהער און וועט מיט אייך אלעס אפּרעדען.

זיי האבען אוועקגערעדט נאך איינינע צייט און געארג איז אוועקגעגאנגען.

— נו! האט אויסגערופען דער אדוואָקאט, ביי אזא פּראָצעס קען מען מאכען געלד! — מען מוז אבער וויזען, אז אהן מיר קען מען גאר ניט טאהן. מען מוז וויזען דיזען מענשען, אז נור דער אדוואָקאט נאָוואק פערשטעהט, וויא אזוי צו פיהרען א פּראָצעס.

פול פרייד איז געאָרג פאָן טאָקקי ארויסגעגאנגען פון זיין אדוואָקאט. ער איז אוועקגעלאָפען אין זיין האָטעל און האט אנגעשריעבען צו ארטהורן דעם בריעף, וועלכען מיר האבען געלעזען אין פאָריגען קאפּיטעל.

— יעצט וועט מיינע מוטער מעהר ניט זיין בעזאָרגט וועגען עלווירא, ווען זיא זאָל הייראטהען דעם באראָן באטהיאני. יעצט איז ער ווידער רייך און וועט קענען שפּיעלען אין דער וועלט דיא ראָלע וואס עס פּאסט פאר א באראָן פאָן באטהיאני.

ער איז געבליעבען אין בודאפּעסט נאך א פּאר טאג, האט געענדיגט אלע זיינע געשעפטע און איז געפאָהרען אהיים פרעהליך און גליקליך, וואס ער האט אזוי פיעל גוטע נאכריכטען פאר זיין שוועסטער עלווירא און פאר זיין פריינד ארטהור פאָן באטהיאני.

## 21טער קאפּיטעל.

# דיא טרויעריגע נאכריכט.

טרויעריג איז פערגאנגען דיא נאכט אין שלאָס טאָקקי. אין דיענער נאכן אנ-דערן זיינען געקומען פרעגען, אויב דער באראָן ארטהור איז ניט געקומען אהין און אויב מען ווייס ניט, וואו ער איז ערגעץ.

עלווירא איז געלעגען, וויא א דערשלאגענע, אויפ'ן דיוואן אין זאל און האט געוויינט. זיא האט געפיהלט, אז איהר געליעבטער ארטהור האט פּאסירט עפּעס אן

אונגליק. זיא האט אבער ניט געוואוסט, וויא גרויס עס איז דאס אונגליק, וועלבעס האט איהם געטראפען.

מיר האבען שוין דערצעהלט, אז דיא גרעפין טאקקי האט געשיקט א דיענער אין שלאָס ראדעצקי פרעגען, וואס מיט ארטהורן איז געשעהן. מיר האבען שוין דער־צעהלט, אז מאקס ראדעצקי האט געענטפערט דעם דיענער, אז ער וועט אליין קומען און וועט אלעס ערקלערען.

עלווירא און איהר מוטער האבען געווארט מיט אונגעדולד אויף מאקס'ן. — ער איז אבער ניט געקומען. שטונדע נאך שטונדע איז פערגאנגען, קיינער איז ניט געקר־מען, קיינער האט ניט געבראכט קיין נאכריכט, וואו ארטהור געפינט זיך און וואס עס האט איהם פאסירט.

עלווירא איז געווען פערצווייפעלט. איהר מוטער האט פראבירט זיא צו טרייס־טען און זיא צו בערוהיגען, וויא ווייט זיא האט געקענט. — אלעס אומזיסט! עלווירא האט ערשט יעצט אנגעהויבען צו פיהלען, וויא טהייער ארטהור איז פאר איהר.

אזוי איז פערגאנגען דער טאג. ביי יעדען גערויש, ביי יעדען פיפס פלעגט עלווירא אויפשפרינגען, צולויפען צום פענסטער אדער ארויסלויפען אין דרויסען זעהן, אויב ארטהור קומט ניט, און יעדעס מאל איז זיא מיט א געוויין צוריק געגאנגען אין איהר צימער. פון ארטהורן איז קיין שפור ניט געווען. דער טאג איז פאראיבער. עס איז ווידער נאכט געווארען. אין שלאס טאקקי האט מען נור וואס אנגעצונדען א ליכט.

א דיענער איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל און האט געמעלדעט דער גרעפין עלווירא, אז א בויערן מעדכען איז געקומען און וויל מיט איהר עפעס רעדען.

— פיהר זיא אריין! האט עלווירא אויסגערופען און איז אויפגעשפרונגען פון'ם דיוואן, אויף וועלבען זיא איז געלעגען.

אין א פאר מינוטען ארום איז אננא, דעם העגקערס טאכטער, אריינגעקומען אין זאל. עלווירא איז געווען איבערראשט צו זעהן פאר זיך אזא שעהנעס בויערן מ:דכען. זיא האט איהר געהייסען זיך זעצען לעבען זיך און האט זיא געפרעגט:

— וויא הייסט דוא, מיין שעהנעס קינד?

— איך הייס אננא.

— וואס ווילסט דוא מיר עפעס זאגען? — ווער האט דיך געשיקט אהער?

— מיך האט געשיקט דער באראן פאן באטהיאני.

עלווירא איז אויפגעשפרונגען, האט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל און האט אויסגערופען פול פרייד.

— ארטהור האט דיך געשיקט! אלזא לעבט ער נאך? — גאט זיי דאנק.

— יא, ער לעבט, האט דאס מעדכען געזאגט לאנגזאם, — אבער —

— וואס אבער? האט עלווירא געפרעגט דערשראקען. — וואס איז מיט איהם? וואס האט איהם פאסירט?

אננא האט געשוויגען איינינע אויגענבליקע. זיא האט ניט געוואוסט, וויא אזוי זיך אויסצודריקען און וואס איהר צו זאגען.

— זאג מיר, קינד! דערצעהל! וואו געפינט זיך ארטהור?

— ער געפינט זיך אין א הויז, וועלכעס איז פערפלוכט פון גאט און פון וועלכען די מענשען אנטלויפען, וויא פון דער פעסט.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? וואו איז ער?

— ער איז — אין טהורעם פון טשעמני.

עלווירא איז געווארען בלייך, וויא א קאלך.

— ארטהור איז ביים הענקער! האט זיא אויסגערופען און איז געפאלען אויף דער ערד, וויא א קלאָץ.

זיא איז געפאלען אין אהנמאכט. דער שלאג איז געוועזען שרעקליך. זיא איז געוועזען פארבערייטעט אויף אלעס אין דער וועלט, אבער ניט דאראויף, אז ארטהור געפינט זיך אין טהורעם פון טשעמני.

אננא האט געוואלט זיא אויפהייבען און זיא אניעדערלעגען אויפ'ן דיוואן. עלווירא'ס מוטער אבער האט אויך דערהערט דעם געשריי און זיא איז געקומען צו לויפען איהר טאכטער צו הילף.ביידע פרויען, דיא אלטע גרעפין טאַקקי און דעם הענקערס טאכטער, האבען אויפגעהויבען דיא אהנמעכטיגע עלווירא און האבען זיא אניעדערגעלעגט אויפ'ן דיוואן און האבען אנגעהויבען זיא אויפצומונטערן.

עלווירא איז באלד געקומען צו זיך.

— אום גאטעס ווילען! וואס איז געשעהן? האט דיא אלטע גרעפין אויסגערופען.

— אך, מוטער! עס איז שרעקליך! עס איז ניט צום אויסהאלטען! האט עלווירא געזיפצט.

— וואס איז? רעד, טאכטער! דערצעהל מיר, וואס איז שוין נייעס?

— פרעג ניט, מוטער! פרעג גאר ניט! דוא וועסט ניט קענען הערן.

— אבער דאך? — דערצעהל מיר, טאכטער! איך מוז אלעס וויסען.

— ארטהור געפינט זיך אין טהורם פון טשעמני, האט עלווירא קוים ארויסגעזאגט.

דיא אלטע גרעפין איז געווארען בלייך און האט א ציטער געטאהן. זיא האט גוט געוואוסט, וואס דער טהורם פון טשעמני בעדייטעט. ביידע פרויען האבען אנגעהויבען צו וויינען.

דעם הענקערס טאכטער האט בעטראכטעט ביידע אונגליקליכע פרויען. זיא האט אויך ניט געקענט זיך איינהאלטען און האט געמוזט יעדע מינוט זיך אפווישען דיא טרערין פון דיא אויגען.

עס איז פערגאנגען א געראומע צייט, איידער ביידע פרויען האבען זיך בערוהיגט. דיא אלטע גרעפין איז צוערשט געקומען צו זיך.

— עס איז טרויעריג, זעהר טרויעריג! האט זיא געזאגט. וואס קען מען אבער העלפען? פון'ם טהורם פון טשעמני קומט מען ארויס נור אין דיא רויטע קליידער פון א הענקער. אזא מענש איז פערפלוכט און פערדאמט. — ער איז פערלארען פאר אלעמען. עס העלפט ניט, טאכטער! דוא מוזט זעהן איהם צו פערגעסען.

עלווירא האט זיך אויפגערוקט פון איהר מוטער ביז צום עק פון'ם דיוואן.

— איהם פערגעסען? דאס האסט דוא ניט געקענט זאגען, ליעבע מוטער! — איהם פערגעסען? — קען איך איהם פערגעסען?

— דוא האסט געוויס רעכט, מיין קינד! דוא דארפסט דאך אבער ניט פערגעסען, אז דאס געזעץ פעראורטהיילט איהם, ער זאל ווערן א....

— ווער האט דען געקענט מאכען אזא שרעקליכעס, גרויזאמעס געזעץ? — איך וויל אבער ניט רעדען פון געזעץ. וואס געהט מיך אן דאס געזעץ? איך ליעב איהם! דיא ליעבע וויל ניט וויסען פון קיין געזעץ. ביי דער ליעבע זיינען אלע גליך, דער שטאלצער רייכער גראף וויא דער ניעדעריער בעטלער; דער קעניג איז גלייך וויא דער הענקער.

— מיין גאט! וואס רעדסט דוא, עלווירא?

— איך וויס, וואס איך רעד! האט עלווירא אויסגערופען. מיט וואס איז דער הענקער ערגער פון אלע מענשען? ליעבט ער דען ניט, וויא אלע מענשען? שיינט ניט דיא שעהנע זון אין זיין צימער, וויא אין צימער פון'ם שטאלצען האכגעבארענעם גראף? פאר וואס איז אלזא דער הענקער ערגער פון אלע מענשען?

אננא האט געעפענט איהרע גרויסע, שעהנע אויגען און האט געקוקט גרעפין עלווירא גלייך אין מויל. ווען זיא זאל געווען וואגען, וואלט זיא ארומגענומען דיא גרעפין עלווירא און וואלט זיא געקושט, וויא א שוועסטער.

גרעפין עלווירא האט זיך ערשט דערמאהנט, אז א פרעמדעס מעדכען איז דא אין שטוב.

— אך, קינד! האט זיא אויסגערופען, איך האב נאר פערגעסען אן דיר. מיין שמערץ איז אזוי גרויס, אז איך האב גאר פערגעסען, אז דוא קומסט פון איהם. — קענסט דוא מיר ניט זאגען, וויא אזוי איז דער באראן פאן באטהיאני געקומען אין טהורעם פון טשעמני?

— צוויא מענשען האבען איהם געפונען פערוואונדעט און בעוואוסטלאז אין וואלד און האבען איהם געבראכט צו אונז.

— צו אונז? האט עלווירא געפרעגט ערשטוינט. — אלזא, וואהנסט דוא אויך אין טהורעם פון טשעמני? פיעלייכט — ביסט דוא גאר — דעם — הענקערס טאכטער?

— אזוי איז עס, גרעפין, האט אננא געזאגט שטילערהייט.

— שרעקליך! האט אויסגערופען עלווירא. וויא קומט עס, וואס מען האט איהם געפונען פערוואונדעט? וואו האט מען איהם געפונען? — פאר וואס האט מען איהם ניט געבראכט אהער? — דא איז געוויס פארגעקומען א שרעקליכע ניעדערטרעכטיגקייט!

— דאס ערגסטע פון דיעזער זאכע איז, וואס דיא אויפזעהר פון דיא געפענגני־סע זיינען פאריגע נאכט ביי אונז געווען. מען האט ע גען ניט וויט ערמארדעט א פרוי. דיא פאליציי זוכט דיא מערדער און זיא האט געשיקט דיא אויפזעהר צו אונז זעהן, אויב דער מערדער איז ניט אנטלאפען צו אונז. זיי זיינען געקומען און האבען געפונען דעם פערוואונדעטען באראן פאן באטהיאני. זא לאנג דער באראן וועט בלייבע ביי אונז, האט ער ניט וואס מורא צו האבען. קוים וועט ער אבער וועלען ארויסגעהן,

מוז ער אנטאהן דיא קליידער פון א הענקער אדער מען קען איהם חאפען און אוועק פיהרען אין געפענגניס.

אננא האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער מיט אזוי פיעל געפיהל און מיט אזוי פיעל שמערץ, אז זיא האט אנגעהויבען צו וויינען.

עלווירא האט זיא בעטראכט מיט שטוינען. וויא גרויס איהר אייגענע שמערץ איז געווען, האט זיא דאך געפיהלט אז דיעזעס מעדכען איז קיין געוועהנליכע בויערין. זיא פיהלט, זיא האט אין זיך עדעלע מענשען געפיהלע. זיא האט מיטלייד מיט'ן אונגליקליכען ארטהור.

זיא האט אנגעהאפט דיא האנד פון דעם הענקערס טאכטער און האט אויס־געריפען:

— גוטע, ליעבע זעעלע! דוא וויינסט אויך איבער איהם? דוא האסט מיטלייד מיט איהם? דוא פיהלסט, אז איהם איז אונרעכט געשעהן! — איך דאנק דיר!

זיא האט אפגעלאזען אננא'ס האנד, איז אויפגעשפרונגען, האט אויפגעהויבען דעם קאפ אין דער הויך און האט געזאגט פעסט ענטשלאסען:

— גענוג וויינען! גענוג קלאגען! — איך וועל געהן צום הענקער! וואו ארטהור געפינט זיך, דארט דארף איך מיך געפינען. — איך ליעב איהם! איך האב מיך ענט־שלאסען איהם צו הייראטהען, ווען ער איז געווען דער שטאלצער באראָן פאן באטהיאני. זאל איך יעצט מיך אוועקקעהרען פון איהם, ווייל ער איז אונגליקליך? ווייל שלעכטע מענשען האבען איהם אריינגעווארפען אין טהורעם פון טשעמני און ער מוז ווערן א הענקער? — ניין! איך מוז זיין לעבען איהם! איך מוז איהם טרייסטען אין זיין אונ־גליק! איך וויל טראגען גלייך מיט איהם זיינע ליידען, אזוי וויא איך האב געוואלט אנטהייל נעהמען אין זיינע פריידען.

— וואס רעדסט דוא, קינד? האט דיא אלטע גרעפין אויסגערופען. דוא ביסט אראפ פון זינען.

— נעהט ניט צו אונז, גנעדיגע גרעפין! האט אננא געבעטען, עס איז א פער־דאמטער און פערפלוכטער ארט.

— דער ארט, וואו דוא ביסט, אננא, קען ניט זיין פערפלוכט, האט עלווירא געענטפערט; — דער אָרט, וואו ארטהור געפינט זיך, קען ניט זיין פערדאמט. — קום, אננא! פיהר מיך צו דיר אהיים! פיהר מיך צו מיין געליעבטען ארטהור!

— עלווירא! האט דיא אלטע גרעפין אויסגערופען, — וואס ווילסט דוא טאהן? פערגעסט דוא, אז דוא ווילסט אינז אלעמען מאכען צו שאנדע? — פערגעסט דוא, אז דוא האסט א מוטער און א ברודער, וועלכע וועלען זיך שעהמען צו ווייזען אויף דער גאס?

עלווירא איז צוריקגעפאלען אויפ'ן דיוואן און האט אנגעהויבען צו ברעכען דיא הענד.

— וואס זאל איך אלזא טאהן? — מען לאזט מיך ניט געהן צו איהם? מען לאזט מיך ניט איהם העלפען, איהם רעטען?

אננא האט אויסגעוואַרט, ביז עלווירא האט זיך א ביסעל בערוהיגט, דאן האט זיא געזאגט:

— הערט מיך פריהער אויס. דער באראן פאן באטהיאני איז קראנק און קען ניט שרייבען. דער פאר האט ער מיך געבעטען, איך זאל געהן צו אייך און זאל אייך זאגען, אז עס איז דאָ נור איין איינציגעס מיטעל איהם צו רעטען. דיזעס מיטעל אבער קענט איהר נור געברויכען.

— זאג מיר, וואס פאר א מיטעל? — זאג, שנעל!

— נור דער קייזער קען איהם בעגנאדיגען. עס מאכט ניט אויס, אויב ער איז שולדיג אדער ניט שולדיג. ווען דער קייזער וויל, קען ער איהם בעגנאדיגען און הייסען געהן אהיים. דער באראן וויים דערפון, ער האט מיך אומיסטען געשיקט צו אייך, איך זאל אייך בעטען, איהר זאלט פאהרען קיין בודאפעסט צו אייער אנקעל, גראף מעראס, דער בישאף פון אונגארן, ער זאל בעטען ביים קייזער דיא בעגנאדיגונג פון דעם באראן פאן באטהיאני.

— אזוי? האט עלווירא אויסגערופען, דאן וועל איך שוין הייסען אנגרייטען אונזער קארעטע. מארגען פאהר איך קיין בודאפעסט צו'ם גראף מעראס. וועט ער מיר ניט ענטפערן, וועל איך אליין פאהרען קיין וויען צום קייזער. איך וועל פאלען צו דיא פיס פון אונזער גרויסען קייזער יאזעף דעם צווייטען. ער איז א גוטער און א גערעכטער קייזער. ער וועט מיך אויסהערן. ער וועט ניט דערלאזען, אז א מענש זאל ליידען אומזיסט אזא אונגערעכטיגקייט. — וואו וואהנסט דוא, אננא?

— אין טהורעם פון טשעמני.

— אלזא, ביסט דוא אפט לעבען איהם?

— געוויס, גרעפין! ער איז קראנק, מען מוז ארום איהם ארומגעהן.

גרעפין עלווירא איז צוגעלאפען צו איהר שרייב טיש, האט זיך אנידערגעזעצט און האט אנגעשריעבען א בריף צו ארטהורן. זיא האט איהם אריינגעלעגט אין א קאנווערט און האט איהם דערלאנגט דעם הענקערס טאכטער.

— גיב איבער דיעזען בריעף דעם באראן פאן באטהיאני, האט זיא געזאגט, זאג איהם, אז איך ליעב איהם, וויא פריהער. איך וועל ניט רוהען און ניט ראסטען, ביז איך וועל אויסבעטען פון'ם קייזער זיינע בעגנאדיגונג. — דיר, גוטע, ליעבע אננא, גיב איך דערווייל דיעזע קלייניגקייט.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא דערלאנגט דעם מעדכען א שווערעס, קיילעכדיגעס פעקעלע. אננא איז רויט געווארען און האט ניט געוואלט נעהמען דאס פעקעלע.

— ניין, ניין, גרעפין! האט זיא אויסגערופען, איך דארף קיין געלד!

דיא אלטע גרעפין האט געקוקט מיט שטוינען אויף דיעזעס זאנדערבארע מעדכען. זיא האט ניט ערווארטעט, אז א הענקערס א טאכטער זאל זיין אזוי שטאלץ און אזוי פארנעהם.

— ניין, אננא, ווען דוא ווילסט קיין געלד ניט נעהמען ביי מיר, וועסט דוא ווענינגסטענס זיך ניט אפזאגען צו נעהמען ביי מיר דיעזעס אנדענקען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא ארויסגעריסען פון דער האנד א גאלדענעם

בראסלעט, בעזעצט מיט דיאמאנטען און האט איהם דערלאנגט דער טאכטער פון'ם הענקער.

— נעהם עס, אננא! האט זיא געבעטען, נעהם דיזע קלייניגקייט אלס אנדענקען פון מיר. — ווען דוא ווערסט אמאל דארפען הילף; ווען דוא ווערסט זיך א מאל געפינען אין א שלעכטע לאגע און ווערסט דארפען ועמען האבען, שיק מיר דיעזען בראסלעט און איך וועל טאהן פון דיינעטוועגען אלעס, וואס איך וועל נור קענען. — אויף וויעדערזעהן, ליעבע אננא!

אננא איז געשטאנען אייניגע מינוט, וויא פערשטיינערט. זיא האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן; זאל זיא אננעהמען דיעזעס געשענק אדער ניט.

— איך דאנק אייך, גרעפין! האט זיא ענדליך געזאגט, און איך וויל שוין בענר־צען דיעזען בראסלעט. איך האב שוין א ביטע צו אייך.

— וואס פערלאנגסט דוא, קינד?

— איהר זאלט רעטען דעם באראן פאן באטהיאני.

עלווירא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען זיא האט צוגעפרעסט דאס מעדכען צו איהר הארצען און האט אנגעהויבען זיא צו קושען.

— גוטע, ליעבע אננא! האט זיא אויסגערופען, דוא ביסט דער ענגעל פון טשעמני! — איך לאך פון אלעמען, וועלכע זאגען, אז דער טהורעם פון טשעמני איז פערשאלטען. זאלאנג דוא געפינסט זיך אין טהורם פון טשעמני, געפינט זיך אין איהם ליעבע און גליק.

אננא האט געזיפצט און האט גאר ניט געענטפערט. אין אייניגע מינוט ארום איז זיא ארויסגעגאנגען פון שלאס טאקקי.

## 13טער קאפיטעל.

# א נייער בעזוך.

אייניגע מינוטען זיינען מוטער און טאכטער געזעסען אין זאל און האבען אפגע־רעדט, ווען עלווירא זאל פאהרען קיין בודא־פעסט, וועמען זיא זאל מיטנעהמען אויפ'ן וועג און וואס זיא זאל דארט טאהן.

עלווירא האט שוין געוואלט אנקלינגען צו איהרע דיענער און זיי הייסען, אז זיי זאלען אלעס פארבערייטען אויף דער רייזע. זיא האט גערעכענט צו פאהרען מארגען גאנץ פריה. ווען זיא האט געוואלט אנהאפען דיא שנור פון דער גלאק, איז אריינגע־קומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז דער יונגער גראף ראדעצקי איז געקומען זיי בעזוכען.

עלווירא האט אנפאנגס ניט געוואלט איהם אויפנעהמען. זיא איז געווען בעשעפ־טיגט מיט איהרע פארבערייטונגען אויף דער רייזע.

— מיר מוזען איהם אויפנעהמען, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט. פיעלייכט וועט ער אונז ערקלערן, וויא אזוי ארטהור איז פערוואונדעט געווארען.

— אלזא, לאז איהם אריין, האט עלווירא געזאגט צום דיענער.

אין אייניגע מינוט ארום איז מאקס ראדעצקי אריינגעקומען אין זאל. ער איז געווען דערשראקען און צומישט.

— ענטשולדיגט מיר, מיינע ווערטהע דאמען, וואס איך בין ניט געקומען היינט אין דער פריה, אזוי וויא איך האב צוגעזאגט אייער דיענער. ערשטענס, מוז איך אייך זאגען, אז אייער בריעף איז געשריעבען געווארען אין צו א שארפען טאָן. צווייטענס, בעדויערע איך זעהר, וואס איך קען אייך דערצעהלען ניט אלעס, וואס איהר פערלאנגט צו וויסען. דיא אורזאכע איז גאנץ איינפאך: איך ווייס עס אליין ניט. — איך ווייס נאך ביז יעצט ניט, וואו דער באראן פון באטהיאני איז אהינגעקומען. איך בין אייגענטליך געקומען צו אייך פרעגען, אויב איהר האט נאך ניט ערהאלטען אירגענד וועלכע נאכריכט, וואו ער געפינט זיך?

דיא אלטע גרעפין האט אויף איהם געווארפען א שטרענגען בליק און האט געענטפערט:

— דעם באראנס א דיענער האט אונז דערצעהלט, אז איהר זייט געווען ביי איהם, זייט ארויסגעגאנגען מיט איהם צוזאמען, האט גערעדט עפּעס בייז און אויפגערעגט. זייט דאמאלס איז דער באראן פערשוואונדען. קענט איהר אונז ניט דערצעהלען, וואס האט פּאסירט צווישען אייך און וואוהין איהר זייטביידע געגאנגען?

— אה, יא! דאס קען איך אייך דערצעהלען! האט מאקס ראדעצקי געענטפערט. איהר מיינע ווערטהע דאמען, ווייסט דאך, וואס עס איז פארגעקומען צווישען אונז אויפ'ן מאסקענבאלל. איך האב געמוזט געהן צו איהם און איהם ארויסרופען אויף א דועל. איך בין געקומען צו איהם און האב מיט איהם גערעדט העפליך און אנשטענדיג, וויא עס פּאסט פאר מענשען פון אונזער שטאנד. דער באראן אבער איז געווארען בייז, אויפגערעגט און זאנאר ווילד, אז ער האט אנגעהויבען מיך צו בעליידיגען מיט דיא גרעבסטע און שענדליכסטע ווערטער.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב איהם אויפגעפאדערט, ער זאל זיך באלד שלאגען מיט מיר. מיר האבען גענומען אונזערע שווערדען און זיינען געגאנגען אין וואלד. מיר זיינען אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט. פּלוצלונג האט דער באראן א געשריי געטאהן: פּערראַטה! מען האט איהם פערראטהען! און איז אומגעפאלען טויט צו דער ערד.

— מארד! פּאליציי! העלפט! האב איך געשריען.

איך האב געזעהן, וויא צוויי מענשען אנטלויפען. איך בין זיי נאכגעלאפען. א וי וויא עס איז שוין געווען פינסטער, זיינען זיי ערגעץ פערשוואונדען געווארען אין געדיכטען וואלד און איך האב זיי ניט געקענט דערגרייכען. — איהר קענט אייך לייכט פארשטעלען, וויא איך בין געווען בייז אויף דיא מערדער און אויפגערעגט פון דיעזען העכסט אונאנגענעהמען און טרויעריגען פאלל.

איך בין געלאפען צוריק צו דעם ארט, וואו דער באראן איז געפאלען. מיט שטוינען און מיט דיא גרעסטע שמערצען האב איך דערזעהן, אז דער באראן איז פערשוואונדען. איך בין געלאפען צו איהם אהיים. דער טויער אבער איז געווען פערשלאסען און מען האט מיך ניט ארייגעלאזען.

איך בין ארומגעלאפען אין וואלד, וויא א וואהנזיניגער, ביז עס איז געווארען

שטארק שפּעט. איך האב גערופען, איך האב געשריען, איך האב געזוכט. — אומזיסט! איך האב ניט געפונען קיין שפּור ניט פון׳ם באראן, ניט פון זיינע מערדער.

גאנץ שפּעט בין איך געקומען אהיים און האב דערצעהלט מיינע מוטער, וואס עס איז געשעהן. זיא איז געוועז פערצווייפעלט. דער פאל איז אזוי ווייט טרויעריג, וואס ער איז געשעהן גראדע אין דער מינוט, ווען מיר האבען זיך פּארבערייטעט צו שלאגען זיך אויף א דועל.

דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך דערצעהלען איבער דיעזען טרויעריגען פאל. איך קען אייך נאך זאגען, אז היינט גאנץ פריה בין איך געווען אין שטעדטעל ראזענוי און האב געמעלדעט דער פּאליציי אלעס, וואס האט פּאסירט צווישען אונז ביידען און וויא דער באראן איז פערשוואונדען.

מען האט מיר צוגעזאגט, אז מען וועט אלעס גענוי אונטערזוכען און מען וועט מיר מעלדען. ביז יעצט האב איך אבער ליידער נאך קיינע נאכריכט ערהאלטען און איך בין געקומען אהער פרעגען, פיעלייכט האט איהר עפּעס געהערט, וואו דער באראן געפינט זיך יעצט?

מאקס ראדעצקי האט דערצעהלט דיעזע געשיכטע אזוי איינפאך און אזוי ערנסט, אז עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז יעדעס ווארט, וואס ער האט גערעדט, איז דיא ריינע וואהרהייט. דיא אלטע גרעפין האט איהם געגלויבט, עלווירא אבער האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס אן אינטריגע, און וועלכע גראף ראדעצקי שפּיעלט א געוויסע ראלע. זיא האט זיך ענטשלאסען צו בעטראכטען אלע זיינע מינעס, ווען ער וועט רעדען.

— אלזא, האט איהר גאר קיין נאכריכט פון איהם? האט מאקס געפרעגט נאך א מאל.

— מיר האבען נאכריכטען פון איהם, האט עלווירא געענטפערט.

— אזוי? — איהר ווייסט, וואו ער געפינט זיך יעצט? האט מאקס אויסגערופען מיט א פערשטעלטע פרייד. ביטע, גרעפין! זאגט מיר, וואו געפינט ער זיך?

— אין טהורעם פון משעמני, הערר גראף! האט עלווירא געענטפערט.

— אך, גאט! וואס רעדט איהר, גרעפין! דאס קען ניט זיין!

— עס איז דיא ריינע וואהרהייט, הערר גראף.

— אך! דאן איז ער דאך פערלארען! ער וועט דאך מוזען ווערן א הענקער!

— ניין, ניין, הערר גראף! האט עלווירא אויסגערופען. איך וועל עס ניט דער־לאזען! דיא שלעכטיגקייט און ניעדערטרעכטיגקייט פון זיינע פיינד וועלען נאך ניט זיעגען!

מאקס איז געווארען בלייך. ער האט גוט געזעהן, וויא עלווירא לאזט פון איהם קיין אויג ניט אראפּ און א שרעקליכער געדאנק איז איהם געקומען אין קאפּ: פיעלייכט ווייס זיא עפּעס?

— וואס קען מען דען טאהן פון זיינעטוועגען? האט ער געפרעגט. וויא אזוי קען מען דען איהם רעטען? איך וועל טאהן אלעס אין דער וועלט אום איהם צו רעטען, אום איהם צו בעפרייען.

— איך דאנק אייך זעהר, הערר גראף! בעמיהט אייך אבער ניט. איך וועל שוין אליין טאהן אלעס, וואס עס איז נור מעגליך אום איהם צו רעטען.

מאקס האט א ציטער געטאהן. עלווירא'ס טאן, איהר בענעהמען, איהרע רייד און איהרע בליקען האבען געזאגט גענוג דייטליך, וויא היים און טרייא זיא ליעבט דעם באראן פאן באטהיאני. איהם האט געקרענקט צו הערן, אז זיין גאנצע מיה, אלע זיינע פלענער צו פערניכטען דעם באראן האבען געפיהרט צו גאר נישט.

— וואס ווילט איהר דען טאהן אום איהם צו רעטען? האט ער געפרעגט.

דער קייזער קען איהם בעגנאדיגען, האט עלווירא געענטפערט. מיין אנקעל, דער גראף מעראס, איז זעהר אנגעזעהן ביים קייזער. ווען ער וועט בעטען דעם קייזער און וועט איהם בעשרייבען אלעס, וואס עס האט פאסירט און וויא עס האט פאסירט, וועט איהם דער קייזער געוויס צוליעב טאהן. איהר ווייסט דאך אזוי גוט וויא איך, אז אונזער גנעדיגער קייזער, יאזעף דער צווייטער, איז א גוטער און גערעכטער העררשער. ער וועט ניט ערלויבען, אז א מענש זאל לידען אזוי אונשולדיג.

— דאס איז שעהן! דאס איז בראוו! האט מאקס אויסגערופען. דא זעהט מען א העלדענטהאט! אבער איך האב מורא, אז....

— האט קיין מורא ניט, גראף! מיין אנקעל איז בעקאנט אין אונגארן. ער ליעבט מיך און וועט דאך מיר ניט אפזאגען אזא קליינינקייט.

— אך, וויא גליקליך איז דער באראן פאן באטהיאני! האט מאקס אויסגערופען, זאגאר אלס הענקער ווערט ער געליעבט און געשעצט. דאס איז זאנדערבאר! געוועהנליך זיינען עדעלע דאמען זעהר אונצופריעדען, ווען זיי בעגעגנען דעם הענקער אויף דער גאס.

עלווירא איז געווארען בלייך, וויא קאלך. דיעזע בעליידיגונג האט איהר געטראפען, וויא מיט א שטיין אין קאפ אריין. זיא איז אבער געווען שטארק גענוג זיך איינצוהאלטען און האט געשוויעגען.

מאקס ראדעצקי האט פראבירט נאך רעדען איבער אנדערע זאכען, עס איז אבער ניט געגאנגען, עלווירא האט גאר געשוויעגען. דיא אלטע גרעפין האט איהם צוואר געענטפערט איין ווארט איבער צעהן, אבער נאכלעסיג און אונגערן.

ענדליך האט ער געזעהן, אז ער האט דא מעהר ניט וואס צו טאהן. ער האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך גאנץ העפליך פערנייגט און האט געזאגט, אז מען וועט איהם ערלויבען, וועט ער קומען נאך א מאל, און איז ארויסגעגאנגען פון שלאס.

## 14טער קאפיטעל.

## מוטער און זוהן.

מאקס איז געזעסען פערטראכט אין זיין קארעטע. שווארצע טרויעריגע געדאנקען זיינען איהם געקראכען אין קאפ. ער איז יעצט געווען פעסט איבערצייגט, אז עלווירא ליעבט איהם ניט. — וואס האט ער אלזא געהאט פון אלע אינטריגען און אלע פאלשקייטען און שלעכטינקייטען, וועלכע נאני האט איהם געראטהען?

— וואס טהוט מען? האט ער עגדליך געפרעגט זיך אליין. ווען זיא פאהרט

קיין בודאפעסט און וועט אויפריהרען דיא גאנצע שטאדט. עס קענען ארויסקומען פיעלע אונאנגעהמליכקייטען.

פערטראכט, אונצופריעדען און אויפגערעגט איז ער געקומען צו זיין מוטער. זיא האט אנגעהויבען איהם אויסצופרעגען, וויא מען האט איהם אויפגענומען אין שלאס טאקקי און אויב עס איז איהם געלונגען צו ווערן א ביסעל פריינדליכער מיט גרעפין עלווירא.

מאקס האט איהר דערצעהלט אלעס.

— דאס דארף ניט זיין! האט זיא אויסגערופען. מען מוז זעהן, אז עלווירא זאל ניט פאהרען קיין בודאפעסט. ווען זיא קומט אהין און מאכט אן א לארם? ווען דיא וואהנזיניגע פאהרט זאגאר קיין וויען צום קייזער? — דאן קען ווירקליך זיין אנאנגענעהם, אבער דאס וועט ניט זיין!

זיא האט אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם דיענער, וועלכער איז באלד אריינגעקומען, אז ער זאל באלד שיקען דעם פערוואלטער נאגי.

אין אייניגע מינוטען ארום איז נאגי אריינגעקומען אין צימער.

— זעץ דיך, נאגי, האט דיא גרעפין געבעטען, מיר האבען דיר צו דערצעהלען זעהר וויכטיגע זאכען.

נאגי האט זיך אניעדערגעזעצט.

— ביז יעצט האבען אלע דיינע קונסט שטיקע אונז זעהר ווייניג גענוצט; איך קען זאגאר זאגען, אז זיי האבען אונז געשאדעט. האט מאקס געזאגט. דוא האסט גערעכענט, אז דוא האסט שוין פערניכטעט דעם באראן פאן באטהיאני און דוא האסט א טעות געהאט. דיא גרעפין טאקקי וויל זיך ווענדען צום קייזער. זיא וועט איהם דערצעהלען זאנדערבארע זאכען. קייזער יאזעף דער צווייטער איז א זאנדערבארער מענש. ער וועט איהר גלויבען און וועט איהר מאכען א שטרענגע אונטערזוכונג.

נאגי האט זיך צולאכט מיט א העסליכען, ווילדען געלעכטער.

— וואוהין זייט איהר פערקראכען, גראף ראדעצקי? האט ער געלאכט. דער באראן פאן באטהיאני געהט נאך אזוי גיך ניט ארויס פון'ם טהורעם פון טשעמני. זייט זיכער, אז אין אייניגע מאנאטע ארום וועלען מיר האבען דאס פערגניגען צו זעהן, וויא דער שטאלצער באראן, ארטהור פאן באטהיאני, שטעהט אויפ'ן עשאפאט אין זיינע רויטע הענקער קליידער און האקט אפ דעם קאפ פון א מערדער. — אין דיעזע צייט וועט עלווירא הייסען דיא גרעפין פאן ראדעצקי.

וואס האבען מיר דען מורא? זיא איז א פערוואנדטע פון'ם בישאף פון אונגארן? — דאס איז זעהר גוט. זיא וועט דאן אליין בעטען דעם גראף מעראס, אז ארטהור זאל בלייבען א הענקער. זיא וועט ניט וועלען, אז מען זאל פערקלאגען איהר מאן. פערשטעהט איהר מיך, מיין ליעבער גראף און מיין ליעבע גרעפין?

— מיר פערשטעהן דיך זעהר גוט, האט מאקס געענטפערט, וויא אזוי וועט עס אבער געשעהן? — עלווירא איז גערייצט; זיא איז אונרוהיג און וועט פיעלייכט נאך מארגען פאהרען קיין בודאפעסט. וואס קענסט דוא טאהן?

— מען דארף זעהן ניט דערלאָזען, אַז זי זאל פאהרען קיין בודאפעסט האט נאַני געזאגט.

ווי אַזוי מאכט מען עס אָבער? ווי אַזוי דערלאזט מען ניט, אַז זיא זאל פאהרען, וואוהין זיא וויל?

— דאס קען איך אייך יעצט נאך ניט זאגען, האט נאני געענטפערט.

איינינע מינוטען האבען אלע דריי געשוויעגען. ענדליך האט מאקס גענומען דאס ווארט.

— אין שלאס טאָקקי האט מען מיר דערצעהלט, אז דער באראן ארטהור פאן באטהיאני איז געוועהלט געווארען אלס דעפוטאט אין לאנדסראטה. דאס איז אגרויסע עהרע. אזוי וויא ער געפינט זיך יעצט אין טהורם פון טשעמני און קען ניט פאהרען איינגעהמען זיין זיץ אין לאנדעסראטה, וועט מען מוזען וועהלען אן אנדערן אויף זיין ארט. פאר וואס זאל מען מיך ניט וועהלען אויף זיין ארט?

— איהר וואהנט דאך דא ערשט ניט לאנג, האט נאני געענטפערט. מען קען דאך אייך נאך גאר ניט אין דער געגענד.

— איך האב דאך אומיסטען געגעבען א באלל, אום איך זאל מיך בעקענען מיט אלע ערעל־לייט פון דער געגענד, האט זיך דיא אלטע גרעפין אריינגעמישט.

— דאס איז נאך ניט גענוג, האט נאני בעמערקט.

— ווען מען לענט צו נאך געלד, ווערט עס שוין גענוג, האט דיא גרעפין גע־זאגט. נעהם געלד, וויפיעל דוא ווילסט, נאני, און צוטהייל עס, ווען דוא ווילסט. יעןן מאקס זאל ווערן געוועהלט אין לאנדעסראטה, וועט מען אונז גאנץ אנדערש רעס־פעקטירען.

נאני האט געטראכט איינינע מינוט און האט דאן געזאגט לאנגזאם

— אלזא, האב איך צו פערזארגען דריי זאכען. ערשטענס, מוז דער באראן פאן באטהאני ווערן א הענקער. צווייטענס, דארף דיא גרעפין עלווירא ניט פאהרען קיין בודא־פעסט. דריטענס, זעהן, אז מאקס זאל געוועהלט ווערן אין לאנדסראטה. עס זיינען קיינע לייכטע אויפגאבען. איך האף אבער אז איך וועל זיי אויספיהרען.

ער האט נאך אוועקגערעדט איינינע צייט שטילערהייט מיט דער גרעפין, האט זיך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען.

מאקס האט אויך מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן ביי זיין מוטער און איז אוועק־געגאנגען אין זיין צימער. דיא גרעפין ראדעצקי איז געבליעבען אליין. זיא איז ארומגע־גאנגען אין צימער אהין און אהער און האט עפעס געטראכט. פלוצלונג איז זיא געבליבען שטעהן זיא האט עפעס אויסגעטראכט.

זיא איז צוגעקומען צו איהר שרייבטיש, האט זיך אניעדערגעזעצט און האט אנ־געהויבען צו שרייבען פלייסיג. זיא האט אנגעשריעבען א בייגעלע פאפיער, האט איהם דורכגעלעזען. ער איז איהר ניט געפעלען אין זיא האט איהם צוריסען. זיא האט אנגע־הויבען צו שרייבען אנאנדער בייגעלע. פלוצלונג האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז מען קראצט עפעס אין טהיר.

זיא האט זיך צוגעהערט. — אלעס איז שטיל און רוהיג. זיא האט אנגעהויבען

ווייטער צו שרייבען, האט אנגעשריעבען א לאנגען בריעף, האט איהם איבערגלעזען און האט איהם אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש.

פלוצלונג האט זיך איהר ווידער אויסגעוויעזען, אז מען קראצט עפּעס אין דער טהיר. זיא האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט אנקלינגען, רופען א דיענער, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און א זאנדערבארע געשטאלט איז אריינגעקומען אין צימער. דאס איז געוועזען אן אלטער, איינגעבויגענער און איינגעהויקערטער מאן מיט לאנגע, ווייסע האר און אין אלטע צוריסענע קליידער.

דיא גרעפין האט זיך דערשראקען און האט אנגעהויבען צו שרייען.

דער זאנדערבארער אלטער בעטלער איז צוגעגאנגען צום טיש, האט גענומען דעם בריעף, וועלכען דיא גרעפין האט נור וואס אנגעשריעבען און איז זיך גאנץ רוהיג ארויסגעגאנגען פון צימער.

דיא גרעפין איז געוועזען אזוי דערשראקען, אז זיא האט גאר ניט בעמערקט, וואס דער אלטער האט געטאהן. איינינע מינוטען איז זיא געשטאנען, וויא פערשטיינערט. זיא האט זאגאר ניט געקענט שרייען.

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט, איידער זיא האט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ענדליך האט זיא אנגעחאפּט דעם שנור פון דער גלאק אין צימער פון איהרע דיענער און האט אנגעהויבען צו קלינגען. עס איז שוין געוועזען שפּעט און דיא דיענער זיינען שוין געשלאפען. עס האט גענומט געדויערן איינינע מינוט, איידער זיי האבען אויף זיך עפּעס ארויפגעחאפּט און זיינען געקומען צו לויפען. אין דיעזע צייט האט זיך דער גרעפין אויסגעוויעזען, אז זיא הערט זיפצען. זיא האט א קוק געטאהן דורכ'ן פענסטער, פון וועלכען מען האט פערגעסען צו פערמאכען דיא לאדען אדער מען האט זיי אומיסטען געעפענט, און האט דערזעהן דיעזעלבע געשטאלט פון'ם אלטען אפּגעריסענעם בעטלער, וויא ער איז געשטאנען פארן פענסטער און האט אויפגעהויבען זיינע פויסטען גענגען איהר.

דיא גרעפין האט ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי. אין דיעזע מינוט זיינען אנגעלאפען איהרע דיענער און האבען אנגעהויבען צו פרעגען:

— וואס איז געשעהן? ווער איז דא געוועזען?

דיא גרעפין איז אומגעפאלען אויפ'ן דיוואן. דיא דיענער זיינען צוגעלאפען צו איהר, האבען איהר געגיבען וואסער און עסענצען, ביז זיא איז געקומען צו זיך. באלד איז נאני אויך אנגעקומען און האט געפרעגט וואס דא איז געשעהן.

— זיינען אלע טהירען און אלע טויערן פערמאכט? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— געוויס, גנעדיגע פרוי! האט נאני געענטפערט.

— האט קיינער פון אייך ניט געזעהן אן אלטען, איינגעבויגענעם און איינגעהויקערטען בעטלער? האט דיא גרעפין ווידער געפרעגט.

— אה, דא איז געוויס געוועזען דער שטומער בעטלער! האט נאני אויסגערופען, דאנן גרעפין, האט איהר ניט וואס אונרוהיג צו זיין. דער שטומער בעטלער איז ביי אונז א געוועהנליכער גאסט. עס איז איהם קאלט ביי נאכט. ער קומט אמאל צו אונז און דיא דיענער גיבען איהם א שטיקעל ברויט אדער א פאר אלטע שיך.

דיא גרעפין האט געהייסען דיא דיענער, זיי זאלען געהן צוריק אין זייערע צימער. אלע זיינען זיך צוגאנגען, נור נאני איז געבליעבען.

— עס איז שוין שפעט, האט נאני געזאגט, איך בין געוועזען זיכער, אז איהר שלאפט שוין.

— איך האב געשריעבען, האט דיא גרעפין געענטפערט.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך אויפגעהויבען פון דיוואן און איז צו געגאנגען צו איהר שרייב טיש.

— וואס איז דאס? האט זיא אויסגערופען. — מיין בריעף איז ניטא! — דער שטומער בעטלער האט צוגעגנב׳עט מיין בריעף!

נאני איז געווארען איבערראשט. ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, צו וואס דער שטומער בעטלער דארף האבען א בריעף, וועלכען ער קען ניט לעזען?

— זוכט איהם נור, גרעפין! האט ער געבעטען, איהר האט איהם געוויס בעהאלטען אין א שובלאדע און געדענקט ניט, וואו איהר האט איהם געלעגט.

דיא גרעפין האט געזוכט אין אלע קאסטענס און אין אלע קעסטעלעך פון איהר שרייבטיש. אומזיסט! דער בריעף איז פערשוואונדען.

— עס איז קלאר, וויא דער טאג, אז דער שטומער בעטלער האט צוגעגנב׳עט דעם בריעף. האט זיא אויסגערופען.

— צו וועמען האט איהר געשריעבען דעם בריעף? האט נאני געפרעגט.

— צום וויצע קעניג פון אונגארן.

— צום וויצע קעניג? האט נאני איבערגעפרעגט און א פינסטערער וואלקע האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט. — וואס האט איהר דען געוואלט שרייבען דעם וויצע קעניג?

— איך האב געוואלט איהם מעלדען אלעס וואס דא איז פארגעקומען מיט׳ן באראן באטיאני. איך וויל ניט, אז מען זאל נור דענקען, אז מיין זוהן וויים עפעס פון דער גאנצער געשיכטע.

נאני איז געווארען ערנסט און האט געשאקעלט טרויעריג מיט׳ן קאפ.

— גנעדיגע פרוי! האט ער געזאגט שארף און הארט, איהר וועט נאך אמאל ברענגען אן אונגליק אויף אונז אלעמען דורך אייערע אונבעזאנענהייט און אייערע אונפארזיכטיגקייט. — ווען איהר ווייסט אליין וואס צו טאהן, דארפט איהר דאך מיך ניט פרעגען. — איהר בעגעהט אזעלכע פעהלער און זייט אזוי אונאיבערלעגט, אז איך האב זעהר מורא, אז איהר וועט אמאל ביטער בערייען, וואס איהר האט ניט געפאלגט, וואס אייער בעסטער און געטרייעסטער פריינד נאני האט אייך געהייסען.

דיא גרעפין האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט געשוויגען. זיא האט געפיהלט, אז נאני האט פאלקאמען רעכט.

— האט איהר געענדיגט דעם בריעף? האט נאני פלוצליג געפרעגט.

— איך האב איהם געענדיגט, אבער ניט אונטערשריעבען.

— נו, דאן מעג דער שטומער בעטלער האלט׳ן דעם בריעף! האט ער אויס־גערופען און האט אויפגעאטהעמט פרייער. — דאס מאל איז שוין פערפאלען, דאס

אנדערע מאל אבער זאלט איהר אזא זאך ניט טאהן. איהר דארפט דערווייל נאך ניט צוטרעטען צו קיינעם פון דיא גרויסע מענער אין בודאפעסט. ערשט ווען אייער זהן וועט הייראטהען דיא גרעפין עלווירא טאקקי, מעגט איהר זיך ארויסשטעלען אין בודאפעסט און ווייזען אלעמען, ווער איהר זייט. — פערגעסט עס ניט, גרעפין!

דיא גרעפין האט ניט געענטפערט. זיא איז געזעסען לעבען איהר שרייבטיש, וויא פערשטיינערט, און האט זיך ניט גערירט.

15טער קאפיטעל.

# דער אבשיעד.

עלווירא האט געענדיגט איהרע פארבערייטונגען צו דער רייזע קיין בודאפעסט. זיא האט זיך פעסט ענטשלאסען אנצואווענדען אלע מעגליכע מיטעל אום צו בעפרייען איהר געליעבטען ארטהור. צוערשט האט זיא גערעכענט צו פאהרען קיין בודאפעסט, דיא הויפט שטאדט פון אונגארן. דארט וועט זיא בעטען איהר אנקעל דעם בישאף פון אונגארען. דאן וועט זיא זיך ווענדען צום וויצע קעניג. ווען זיי וועלען איהר ניט העלפען, וועט זיא פאהרען קיין וויען און בעטען דעם קייזער אליין.

דאמאלס האט געהעררשט אין עסטעררייך דער בעריהמטער קייזער, יאזעף דער צווייטער, ער איז געווען בעריהמט דורך זיין ליעבע צו עהרליכקייט און גערעכטיגקייט. ער האט דער ערשטער ערקלערט, אז אין עסטערייך הערשט דאס געזעץ, ניט דער קייזער. אלע מענשען דארפען זיין גלייך פארן געזעץ. קייזער, יאזעף פלעגט ליעב האבען זיך צו פערשטעלען אלס איינפאכער בירגער און ארומגעהן צווישען פאלק הערען, וואס מען רעדט פון איהם.

פון אזא קייזער האט עלווירא געקענט זעהר פיעל ערווארטען. צו אזא קייזער איז געווען זעהר לייכט צו צו קומען. מיט איהם האט מען געקענט אלעס רעדען, פאר איהם האט מען געקענט אלעס דערצעהלען. פון איהם האט מען געקענט ערווארטען גערעכטיגקייט.

אלעס איז שוין געווען פערטיג צו דער רייזע. איין זאך אבער האט נאך אפגע־האלטען דיא אונרוהיגע עלווירא. וויא קען זיא אוועקפאהרען, איידער זיא האט געזעהן איהר געליעבטען ארטהור? זאל זיא גאר ניט רעדען מיט איהם? זאל זיא פון איהם ניט נעהמען קיין אבשיעד? וואס וועט ער דענקען פון איהר? ער איז קראנק. ער געפינט זיך אין א שרעקליכען ארט. וויא קומט מען ניט צו איהם און מען זאגט איהם ניט א פריינדליכען ווארט?

וויא אזוי קען אבער א גרעפין טאקקי געהן אין הויז פון'ם הענקער? וויא קומט דיא שטאלצע גרעפין אין טהורעם פון טשעמני? ווען מען וועט דערפון געוואהר ווערן, וועט קיינער ניט וועלען רעדען מיט איהר.

א לאנגע צייט האט דאס ארימע מעדכען געקעמפפט מיט זיך אליין. ענדליך האט זיא זיך ענטשלאסען, זיא זאל דאך געהן. זיא מוז געהן זעהן איהר געליעבטען איהם טרייסטען און איהם איינפליסען מוטה.

דעם אנדערען טאג פאר נאכט האט זיא געהייסען איינשפאנען דיא קארעטע.

— וואוהין ווילסט דוא פאהרען, עלווירא? האט איהר מוטער געפרעגט.

— איך וויל פאהרען אביסעל שפאציערן אין אונזערע פעלדער, האט עלווירא גענענטפערט.

קוים אבער איז דיא קארעטע ארויסגעפאהרען פון טויער פון׳ם שלאס, האט זיא אנגעריהרט דעם קוטשער מיט׳ן עק פון איהר רעגענשירעם און האט געזאגט:

— צום טהורעם פון טשעמני!

דער קוטשער האט אויסגעגלאצט אפאר אויגען. ער האט ניט געוואוסט, אויב דיא גרעפין עלווירא מיינט עס ערנסט, אדער זיא שפאסט נור. ער איז געבליעבען שטעהן און האט זיך אומגעקעהרט צו איהר. זיינע אויגען האבען געפרעגט: וואס רעדט איהר, גנעדיגע גרעפין?

— צום טהורעם פון טשעמני! האט עלווירא נאך אמאל געזאגט ערנסט און שטרענג.

דער קוטשער האט זיך עטליכע מאל איבערגעקרייצט און איז געפאהרען, וואוהין מען האט איהם געהייסען.

ארטהור איז שוין זייט פיער טאג געוועזען אין טהורם פון טשעמני. ער האט צוואר זעהר גוט געוואוסט, אין וואס פאר אן ארט ער געפינט זיך; ער איז אבער געוועזען זעהר שוואך און האט זיך קוים געקענט ריהרען. דיא ערשטע צווייא טעג האט ער געהאט דאס וואונד פיעבער און ער האט גארניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. ערשט אויפ׳ן דריטען טאג האט ער אנגעהויבען צו פיהלען, אז עס איז איהם עטוואס לייכטער. דער הענקער האט איהם געהיילט, וויא וויים ער האט געקענט.

פון רופען א דאקטאר האט ניט געקענט זיין קיין רעדע. דער ארימסטער דאקטאר וואלט ניט געגאנגען אין טהורעם פון טשעמני, ווען מען וואלט איהם אפגעשאטען מיט גאלד. זאגאר אין אונזערע געבילדעטע צייטען, האט מען ניט ליעב דעם הענקער און קיינער וויל ניט וואינען מיט א הענקער אונטער איין דאך. דאמאלס אבער האט מען ניט נור פיינט געהאט א הענקער, — מען האט פאר איהם מורא געהאט. מען האט פאר איהם געציטערט. מען פלעגט דערצעהלען פון איהם אזעלכע שרעקליכע זאכען, אז זאגאר קלוגע און בעהארצטע מענשען פלעגען אויסווייכען דיא געגענד, וואו דער הענקער האט געוואינט.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס מען האט ניט גערופען קיין דאקטאר צו היילען ארטהורס וואונד. דער הענקער האט איהם געהיילט, וויא ער האט געקענט דעם הענקערס טאכטער, אננא, האט דיא גאנצע צייט ניט אפגעטרעטען פון זיין קראנקען לאגער; זיא איז ארומגעגאנגען ארום איהם, וויא א ליעבענדע שוועסטער געהט ארום איהר קראנקען ברודער.

מיר האבען שוין דערצעהלט, אז ארטהור האט זיא געבעטען, זיא זאל געהן צו עלווירא און זאל איהר דערצעהלען, וואו ער געפינט זיך. מיר האבען שוין דערצעהלט, אז גרעפין עלווירא האט אנגעשריעבען א בריעף צו איהם. אננא האט געזעהן, מיט וואס פאר א פרייד ארטהור האט צוגענומען עלווירא׳ס בריעף, וויא ער האט איהם געקושט און האט איהם צוגעפרעסט צום הארצען.

— אך! האט געזיפצט דיא ארימע אננא, ווען א מענש מיך אויך אמאל אזוי

ליעבען? — ניין! איך בין דיא טאָכטער פון'ם הענקער. איך בין א פער־דאַמטע, אַ פערפלוכטע!

עס איז שוין געוועזן רעכט דונקעל אין דרויסען, ווען עלווירא איז צוגע־קומען צום טהורם פון טשעמני. אין צימער וואו דער קראַנקער אַרטהור איז געלעגען, זיינען געזעסען דער הענקער, זיין פרוי און זיין טאָכטער אַננאַ. יעצט האָט מען שוין געקענט רעדען מיט'ן קראַנקען, יעצט האָט מען שוין געקענט זיך בעראַטהען מיט איהם, זיך איבערלעגען מיט איהם. פלוצלונג האָט מען געהערט קלאַפּען אין טויער.

— דאָס איז אַ פרעמדער! האָט דער הענקער געזאָגט. איך דערקען שוין אָן דעם קלאַפּען, אַז דאָס איז אַ פרעמדער. וואָס קען ער דען פערלאַנגען?

ער איז אַראָפּגעגאַנגען עפענען דיא טהיר. וויא איבערראשט איז ער גע־וועזן, ווען ער האָט געעפענט דיא טהיר און האָט דערזעהן פאַר זיך אַ רייכע און פאָרנעהמע דאַמע. אויף אַזאַ וויזיט האָט ער זיך געוויס ניט גערעכט. מע־נער פלעגען דאָך נאָך אַמאָל קומען צום טהורם פון טשעמני, דאַמען אָבער פלעגען קיין מאָהל ניט קומען אַהין.

— וואָס ווילט איהר, מאַדאַם? האָט ער געפרעגט. וואָס דאַרפט איהר דאָ?

— באַראָן פאָן באַטהיאַני געפינט זיך ביי אייך, האָט עלווירא געענט־פערט. קען איך איהם זעהן?

— ער איז קראַנק און קען ניט אַראָפּקומען צו אייך, האָט דער הענקער געזאָגט, איהר, מאַדאַם, וועט געוויס ניט וועלען אַריינגעהן אין טהורם פון טשעמני: איהר ווייסט דאָך געוויס, אַז דאָ וואָהנט דער הענקער.

— וואָס געהט עס מיך אָן, ווער דאָ וואָהנט? האָט עלווירא אויסגערו־פען, איך וויל זעהן דעם באַראָן פאָן באַטהיאַני, איך מוז מיט איהם רעדען! פיהרט מיך צו איהם, גוטער מאַן.

זיא האָט אַרויסגענומען אַ בייטעל געלד און האָט איהם דערלאַנגט.

— איבערלעגט אייך, מאַדאַם! בעדענקט, וואָס איהר טהוט, האָט דער הענקער געזאָגט. ווייסט איהר דען ניט, אַז דיעזעס הויז איז פערפלוכט און אַלע, וועלכע טרעטען איבער מיין שוועל, זיינען פערדאַמט? געהט צוריק!

— איך האָב אייך איינמאָהל געזאָגט, אַז איך מוז רעדען מיט'ן באַראָן פאָן באַטהיאַני! איך געה ניט צוריק.

— נון, אַלזאָ, קומט מיט מיר, האָט דער הענקער געזאָגט און האָט זיא אַרויפגעפיהרט אויף דיא טרעפּ צום צימער, וואו אַרטהור איז געלעגען.

עלווירא איז געגאַנגען מיט פעסטע שריט אויף דיא טרעפּ. אין אַנאַנדערע צייט וואָלט זיא געציטערט ביי דעם געדאַנק צוגעהן צוזאַמען מיט'ן הענקער ביי איהם אין שטוב; יעצט אָבער האָט זיא געוואוסט אַז איהר געליעבטער געפינט זיך אונטער דיעזען דאַך. דאָרט וואו אַרטהור געפינט זיך, איז אַלעס גוט און רעכט.

דער הענקער האָט זיא אַרויפגעפיהרט צוויי טרעפּ הויך, האָט געעפענט אַ טהיר און האָט זיא אַריינגעלאָזען. ער האָט געגעבען אַ ווינק צו זיין פרוי און זיין טאָכטער זיי זאָלען אַרויסגעהן פון צימער.

עלווירא איז געבליעבען אַליין אין צימער מיט איהר געליעבטען אַרטהור. ער

ער האט זיא דערקענט: ער האט געוואלט אויפשפּרינגען פאר פרייד און גליק, ער האט אבער ניט געקענט. זיין וואונד האט איהם דערמאנט, אז ער טאר זיך נאך ניט ריהרען.

— עלווירא! האט ער אויסגערופען.

— ארטהור! האט זיא געענטפּערט.

אין דער ערשטער מינוט פון זייער ווידערזעהען האבען זיי מעהר ניט געקענט רעדען. זיי האבען זיך אנגענומען ביי דיא הענד, האבען זיך געקוקט אין דיא אויגען און האבען ניט געקענט ארויס זאגען א ווארט. זיי זיינען געווען וויא פערגליווערט, פערפרארען אין זייער געפיהל. ענדליך איז דאס אייז צוגאנגען. — עלווירא האט אנגעהויבען צו וויינען. קלארע, העלע טראפּען טרערען האבען געגלאנצט אויף איהרע ברעמען און זיינען אראפּגעפאלען אויף דיא נאקעטע ברעטער פון דער וואינונג פון הענקער.

— איך בין געקומען אייך זאגען, אז איך פאהר מארגען קיין בודאפּעסט. מיין ברודער דארף באלד קומען, איך קען אבער ניט ווארטען, ביז ער וועט קומען. איך האב וויכטיגערעס און הייליגערעס צו טאהן. אבער — גענוג פון מיר! לאמיר רעדען פון אייך! וואס מאכט איהר? וויא פיהלט איהר זיך?

— איך בין נאך זעהר קראנק און זעהר שוואך, עלווירא, האט ארטהור געענטפערט. אך! איך זאל מיך פיהלען נור עטוואס שטארקער, וואלט איך אויפגעשפּרונגען פון מיין לאגער און וואלט אייך געדאנקט פאר אייער פריינדליכקייט, אייער גראסמוטה, אייער העלדענמוטה צו קומען אין דיא וואינונג פון'ם הענקער אום מיך צו זעהן. איך פיהל, עלווירא, וואס אייך האט עס געקאסט צו קומען אהער. וואס בין איך דען, איך אונגליקליכער? איך בין דאך אויך נור א —

— רעדט עס ניט ארויס, דיעזעס שרעקליכע ווארט! האט עלווירא געבעטען,— זאגט עס ניט ארויס! איהר וועט עס ניט זיין! איך וועל ניט רוהען און ניט ראסטען, ביז איך וועל אייך בעפרייען, ביז איך וועל אייך רעטען. איך וועל אויפריהרען דיא גאנצע וועלט. ווען קיינער וועט מיר ניט ענטפערן אין בודאפּעסט, וועל איך פאהרען קיין וויען צום קייזער יאזעף.

— דאנק! דאנק, ליעבע, טהייערע עלווירא! איך בין זיכער, אז עס וועט אייך געלינגען. קיינער וועט ניט קענען בעשטעהן נעגען אייער בעטען, נעגען אייערע טרערען.— דאן אבער וועה דעם מענשען, וועלכער האט מיך געבראכט דערצו! — וועה דיא מענשען, וועלכע האבען געוואלט מיך ריאבען צו שאנדע און שפּאט! — מיין האנד איז יעצט נאך שוואך און געבונדען, ווען זיא וועט אבער פריי ווערן, ווען זיא וועט ווערן שטארק, וויא פריהער, דאן וועה דעת גידערטרעכטיגען ראדעצקי! — ער, ער אליין האט געהייסען מיך ברענגען אהער!

עלווירא האט געזעהן, וויא ארטהור ווערט שרעקליך אויפגערעגט און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איהם צו בערוהיגען. זיא האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס האט פּאסירט מיט איהר, זייט ער איז פערשוואונדען. זיא האט איהם דערצעהלט, אז גראף ראדעצקי איז ביי איהר געווען און האט איהר דערצעהלט, וויא אזוי ארטהור איז פערשוואונדען.

— ער האט עס גוט געמאכט, דער טויגעניכטס! ער האט עס גוט אויסגערעכענט! האט ארטהור אויסגערופען. עס איז מיר נאך א וואונדער, וואס ער האט דיר ניט געוועזען עפעס א פאפיער, אז איך האב איהם אליין געבעטען, ער זאל מיך שיקען אין טהורם פון טשעמני! אזוי זיינען דאך דיא שורקען! קוים טהוען זייא אפ א ניעדערטרעכטיגקייט, האבען זיי באלד געשריעבענע בעווייזע, אז זיי זיינען גאר גוט און פרום.

איך קען דיר אבער זאגען עלווירא, אז ער איז געקומען אין מיין שטוב ניט, וויא אן עדעלמאן, זאנדערן וויא א רויבער און מערדער. ער האט געזוכט מיך צו רייצען און מיך ארויסצורופען אין דרויסען, וואו זיינע באנדיטען האבען געווארט אויף מיר. איך בין דאמאלס געוועזען זעהר גערייצט און זעהר אויפגערעגט, אז איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך בין ארויסגעגאנגען מיט איהם. קוים בין איך אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט ווייט פון מיין הויז, האט מען מיך געשטאכען פון הינטען. דאס איז געוועזען נאך ניט גענוג פאר'ן טויגעניכטס. ער האט נאך געוואלט מיך ערניעדעריגען, שענדען מיין נאמען און מיך בעגראבען לעבעדיגערהייט אין טהורעם פון טשעמני.

וואונדערבאר! איידער גראף ראדעצקי איז געקומען צו מיר, האט מיר אן אלטער, שטומער בעטלער געבראכט א צעטעלע, אז איך זאל דיעזען אבענד אין ערגעץ ניט געהן. איך האב ניט געגלויבט דעם אונגליקליכען שטומען בעטלער. — אך! איך זאל געוועזען איהם גלייבען, וואלט איך יעצט ניט געוועזען היער.

— בערוהיגט אייך, ארטהור! האט עלווירא געבעטען. איך האף, אז אין א מאנאט ארום וועט איהר זיין א פרייער מענש און וועט וויעדער אויפטרעטען אלס באראן פון באטהיאני. אייערע פיינדע וועלען ציטערן! — איך זעה אבער, אז איהר זייט זעהר מיעד. איהר מוזט זיך אויסרוהען. איך מוז אוועקגעהן.

— וועט איהר מיך ווירקליך געדענקען? האט ארטהור געפרעגט, וועט איהר ניט פערגעסען דעם מענשען, וועלכען אלע פעראכטען, פערדאמען און פערפלוכען?

— וואס רעדט איהר, ארטהור? האט עלווירא אויסגערופען, וויא קענט איהר מיך קרענקען מיט אייער צווייפעל? וויא קענט איהר עס נור דענקען, אז איך וועל אייך פערגעסען נור דערפאר, וואס איהר זייט יעצט אונגליקליך? — ניין, ארטהור, ניין! — איך וועל אייך קיין מאל ניט פערגעסען!

— שווערט מיר, אלזא, אז איהר וועט מיך אייביג ליעבען, וויא איך האב אייך געשווארען, אז איך וועל אייך אייביג ליעבען און שעצען.

— איך שווער עס אייך ביים אייביגען הימעל! איך שווערע אייך ביי דיא אייביגע שטערן, אז איך וועל אייך אייביג ליעבען אין מיין לעבען און אין מיין טויט!

ביידע האבען זיך ארומגענומען. ביידע האבען זיך געשווארען ליעבע און טריי ביז אין טויט.

איינינע מינוטען איז עלווירא נאך געזעסען לעבען בעט פון'ם קראנקען. ווען זיא האט זיך איבערצייגט, אז ער האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, האט זיא פון איהם אבשיעד גענומען און איז ארויסגעגאנגען פון טהורם פון טשעמני.

## 16טער קאפיטעל.
# דער שטומער בעטלער.

א האלבע מייל פון'ם טהורם פון טשעמני איז געלעגען דאס דארף טשעמני, דאס איז געווען אן ארים דארף, וועלכעס איז בעשטאנען נור פון איין רייהע הייזער.

אין עק דארף איז געשטאנען א הייזעל גאנץ אליין. ארום הייזעל איז געווען א גרויסער גארטען. הויכע אלטע ביימער האבען פערשטעלט אין גאנצען דאס הייזעלע און האבען עס פערדעקט מיט זייערע געדיכטע צווייגען.

עס איז פארנאכט. אין א צימער אין דיעזעם איינציגען הויז זיצען צוויא אלטע לייט ביי א טישעל און רעדען. ביידע זיינען אלט. דיא געזיכטער פון ביידע זיינען צו קנייטשט און צו קארטשעט. נויט, עלענד און פערצווייפלונג זיינען אויסגעמאלט אויף זייערע ביידע געזיכטער.

— הער מיך אויס, פריינד אלעקסאנדער, האט געזאגט דער עלטערער פון זיי, וויא עס האט אויסגעוויעזען, איז ער געווען דער ווירטה פון'ם צימער. — הער מיך אויס, מיין פריינד! דער אלטער יאקקי פערגעסט קיין מאל ניט זיינע ליעבע און געטרייע.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון זיינע צוריסענע קליידער א גאלדענע מינצע און האט זיא דערלאנגט דעם אנדערן.

— נעהם דאס געלד, מיין פריינד, האט ער געבעטען. דוא ביסט דער איינציגער מענש אין דיעזער געגענד, וועלכער וויים מיין געהיימניס; דוא ביסט דער איינציגער, וועלכער וויים, אז איך פערשטעל מיך נור פאר א שטומען בעטלער. — איך געה ארום בעטלען, ניט ווייל איך דארף דאס געלד. איך נעהם עס קיין מאל ניט פון מיינעטוועגען. איך געפין שוין מיין עסען און מיין טרינקען אויפ'ן פעלד און אין וואלד. איך גיב דיר אוועק דאס געלד, וועלכעס איך בעטעל אויס, ווייל איך וויים, אז דוא ביסט נאך עלענדער און נאך אונגליקליכער פון מיר. — אונגליקליכער נאך פון מיר? — אך, ניין! — דאס קען ניט זיין! — איך בין דער אונגליקליכסטער מענש אויף דער וועלט!

ער האט פערדעקט זיין געזיכט מיט זיינע אלטע, צוקנייטשטע און פערשווארצטע הענד, און האט אנגעהויבען צו וויינען. — דער אנדערער אלטער האט געקוקט אויף איהם מיט שמערץ און מיטלייד.

— וואס וויינסט דוא, אלטער יאקקי? האט ער געפרעגט. וואס ווערט דען פון'ם וויינען?

דער שטומער בעטלער האט א ציטער געטאהן און האט אויפגעהויבען דעם קאפ אין דער הויך.

— דוא האסט רעכט, מיין פריינד! איך דארף ניט וויינען! האט ער אויסגעגערופען. — איך האב צו דיר א ביטע.

— א ביטע? האט דער אנדערער געפרעגט. וואס הייסט א ביטע? זאג מיר! בעפעהל מיר! פון דיינעטוועגען וועל איך אלעס טאהן!

— איך האב יעצט א גאנץ בעזאנדערע ביטע צו דיר, האט דער אלטער יאקקי געזאגט, איך וויים ניט, אויב דוא וועסט מיר טאהן דיעזע געפעליגקייט.

— רייד! זאג, יאקקי! פון דיינעטוועגען וועל איך אלעס טאהן!

— וועסט דוא געהן אין טהורעם פון טשעמני, ווען איך וועל דיך בעטען? האט דער שטומער בעטלער געפרעגט.

דער אלטער מאן האט א ציטער געטאהן.

— אין טהורעם פון טשעמני וואהנט דער הענקער, האט ער געברומט. וויא קען איך געהן אין אן ארט, וועלכער איז פערפלוכט און פערדאמט פון גאט און מענשען?

— וואס רעדסט דוא, אלעקסאנדער? פאר וואס איז דען דער הענקער פערפלוכט? — טהוט ער דען זיין בלוטיגעס האנדווערק מיט זיין פרייען היללען? — איז ער דען ניט געצוואונגען עס צו טאהן? — פאר וואס איז ער דען פערפלוכט און פערדאמט? פון וואנען ווייסען מיר, אז גאט האט ווייניגער ליעב דיא מענשען, וועלכע וואהנען אין טהורעם פון טשעמני אלס דיא אנדערע?

דער אלטער מאן האט זיך פערטראכט.

— נון, גוט! איך וועל געהן אין טהורעם פון טשעמני, האט ער ענדליך געזאגט. וואס זאל איך דארט טאהן?

— הער מיך אויס, אלטער פריינד! — איך בין געוואהר געווארען, אז אין טהורעם פון טשעמני געפינט זיך יעצט א פערוואונדעטער מאן, וועלכען איך שעצע און אכטע. נא דיר א בריעף צו איהם. דוא וועסט איהם ערציילען דיא גרעסטע געפעלינקייט, ווען דוא וועסט איהם איבערגעבען דיזען בריעף, וועלכער איז פאר איהם זעהר וויכטיג. פון דיזען בריעף וועט ער געוואהר ווערן, וואס זיינע פיינד טראכטען איהם צו טאהן. — דאס בעסטע וואלט געווען, דוא זאלסט אנקלאפען אין טויער פון טהורעם, און זאלסט איבערגעבען דיזען בריעף דעם הענקער אדער זיין פרוי און זאלסט זיי בעטען, אז זיי זאלען איהם איבערגעבען דעם קראנקען. איך ווייס, אז דער הענקער האט פיינד צו טאהן א זאך אומזיסט. גיב איהם דיזעס געלד און ער וועט טאהן אלעס, וואס דוא וועסט פון איהם פערלאנגען.

מיט דיזע ווערטער האט ער איניעדערגעלעגט נאך א פאר גאלד שטיקע אויפ'ן טיש.

— גוט, מיין פריינד! מארגען אין דער פריה וועל איך געהן צום טהורעם פון טשעמני און וועל איבערגעבען דעם בריעף.

— דאס איז אבער נאך ניט אלעס, האט דער שטומער בעטלער ווייטער געזאגט, איך האב נאך א ביטע צו דיר. ווען דוא וועסט איבערגעבע דיזע בריעף אין טהורעם פון טשעמני זאלסט דוא געהן אין שלאס טאקקי און זאלסט בעטען, מען זאל דיך צולאזען צו דער גרעפין עלווירא. ווען זיא וועט קומען און וועט פרעגען, וואס דוא ווילסט איהר זאגען? זאלסט דוא זיא בעטען, אז זיא זאל אליין ניט פאהרען קיין בודאפעסט זאנדערן זאל שיקען איהר מוטער. ווען זיא וועט אליין פאהרען, קען איהר פאסירען אן אונגליק.

— וואס רעדט איהר, יאקקי? וויא קען איך עס זאגען דער שטאלצען גרעפין?

— דוא טהוסט איהר דערמיט פיעל גוטעס און ווען מיר טהוען גוטעס, מעגען מיר עס זאגען פריי און אפען א יעדען.

— פאר וואס נעהסט דוא אבער אליין ניט? האט אלעקסאנדער געפרעגט. איך ווייס דאך, אז דוא האסט ליעב צו טאהן גוטעס?

— אך! איך זאל עס נור קענען, וואלט איך עס גשווים געטאהן! האט דער אלטער אויסגערופען. — איך קען עס אבער ניט, ווייל איך מוז בלייבען דער שטומער בעטלער.

— וואס זאל איך אבער טאהן, ווען מען וועט מיך גאר ניט צו לאזען צו דער יונגער גרעפין?

— דאן איז זעהר שלעכט. — דאן — דאן — דאן גיב איבער דעם פערוואלטער פון'ם שלאס טאקקי! אז א פריינד — האט דיר געזאגט, אז דיא יונגע גרעפין פון טאקקי דארף ניט פאהרען קיין בודאפעסט. עס קען איהר פאסירען אן אונגליק.

— נו, גוט! איך וועל דאס אויך טאהן. דוא ביסט מיין גוטער, אלטער פריינד! דוא ביסט ווערטה, אז איך זאל טאהן, וואס דוא פערלאנגסט פון מיר.

אייניגע מינוטען האבעןביידע אלטע לייט געשוויעגען. יעדער איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. יעדער האט געהאט טרויעריגע ערינערונגען פון א פערגאנגענעם טרויעריגען לעבען.

— הער נור, אלעקסאנדער, האט פלוצלונג דער אלטער יאקקי, דער שטומער בעטלער, געזאגט. — דוא האסט מיר שוין ניט איין מאל ערצייגט א געפעליגקייט. איך ווייס עס. איך פיהל עס. איך בין דיר זעהר דאנקבאר. עס איז שוין געקומען דיא צייט, איך זאל עפּעס טאהן פון דיינעטוועגען. זיי זיכער, אלטער פריינד, איך פערגעס דיך ניט. איך האב דיך שטענדיג אין זינן. איך האף, אז אין א גאנץ קורצע צייט וועל איך זיין אים שטאנד דיר צו בעצאהלען פיר אלעס גוטע, וואס דוא האסט געטאהן פאר מיר.

— וואס קענסט דוא טאהן, יאקקי? האט דער בעטלער אלעקסאנדער געפרעגט. מיר זיינען ביידע אזוי אונגליקליך, אז איך גלייב גאר ניט, אז עס איז דא א מענש אין דער וועלט, וועלכער זאל קענען עפּעס טאהן פון אונזערטוועגען.

— ניין, ניין! פריינד אלעקסאנדער! האט דער שטומער בעטלער אויסגערופען דער לאטיינער האט א שפריכווארט: „ספירא — ספערא". — זא לאנג איך אטהעם, מיז איך האפען.

— האפען? האפען? האט נעפרעגט טרויעריג אלעקסאנדער, — גיב א קוק אויף אונזערע קעפּ. ווייסע זילבערנע פעדים בעדעקען יעצט אונזערע קעפּ און אונזערע געזיכטער. דאס איז דער שנעע און דאס אייז פון'ם ווינטער, איך מיין פון'ם אלטער. ווייסער ווערט דער שנעע, קאלטער ווערט דאס אייז, שטילער, רוהיגער, טרויעריגער, עלענדער, איינזאמער ווערט דאס לעבען. מיט יעדעם פרישען שטיקעל שנעע און אייז ווערט פערקיהלט, פערנליווערט און פערפראהרען א שטיק פון אונזער לעבען.

— ניט אזוי טרויעריג, אלעקסאנדער! ניט אזוי בעזארגט! — ווען מיר שטעהן שוין מיט איין פוס אין נאסען קאלטען גראב, אויך דאן פלאנצען מיר אויף דעם גרינעם בוים פון אונזער האפנונג.

ביידע אלטע לייט האבען געשוויעגען. זיי האבען בעריהרט א געגענשטאנד,

וועלכער איז ביידען געווען ניט זעהר אנגענעהם. ענדליך האט זיך אלעקסאנדער איפּ־געהויבען, האט געגעבען זיין פריינד דיא האנד און איז אוועקגעגאנגען.

קוים האט זיך פערמאכט דיא טהיר הינטער איהם, האט זיך דער שטומער בעטלער אויסגעגלייכט, האט זיך אויסגעשטרעקט און האט אויסגערופען:

— זיי גראבען א גרוב, א טיעפע גרוב, זיי וועלען אבער אליין ארייגפאלען אין דיעזע גרוב!

## 17טער קאפּיטעל.

# דער איבערפאלל.

עס איז אבענד. אויפ'ן ברייטען טראקט ניט ווייט פון בודאפעסט שלעפּט זיך א קארעטע. עס האט דעם נאנצען טאג שטארק גערעגענט. דיא שווארצע, פעטע, לעהמיגע ערד איז געווארען אזוי דורכגענעצט און דורכגעווייקט. אז דיא רעדער פון דער קארעטע קריעכען אריין אין דער בלאטע ביז אין דיא אקסען.

אין דער קארעטע זיצט נור איין איינציגער רייזענדער. דער קוטשער טרייבט דיא פערד און שלאגט זיי, וויא ווייט ער קען. עס איז געווארען פינסטערער. דער איינציגער רייזענדער אין דער קארעטע האט זיך אנגעשפארט אן דער וואנט און איז אנטשלאפען געווארען.

— שטעה! האט פּלוצלונג אויסגעשריען א גראבע, ווילדע שטימע.

דער קוטשער האט זיך דערשראקען און האט אנגעהויבען צו טרייבען זיינע פערד נאך שטארקער. — א געשריי. — דער קוטשער איז אראפּגעפאלען פון זיין הויכען זיץ.— זעקס מענשען האבען אנגעחאפּט דיא פערד ביי דיא ציגעל. דאס טהירעל פון דער קארעטע האט זיך געעפענט און א הויכער, קרעפטיגער, יונגער מאן איז ארויסגעשפּרונגען פון דער קארעטע. ער האט געהאלטען אין דיא הענד א בלויזען שווערד און האט זיך געוועהרט מיט איהם.

— אוועק פון דאנען, מערדער! איהר וועט מיך אזוי גיך ניט האבען! האט ער אויסגערופען.

ער האט זיך געווארפען אויפ'ן ערשטען מערדער, וועלכער איז געשטאנען לעבען איהם, און האט איהם פערוואונדעט.

— נון, מיין העדר! איהר זייט דאך עפּעס צו שטרענג! האבען אויסגערופען דיא אנדערע און זיינען איהם ארומגעפאלען פון אלע זייטען.

וואס קען מאכען איינער נעגען פינף? געארג פאן טאקקי — דאס איז געווען דער רייזענדער — האט זיך געוועהרט, וויא ווייט ער האט געקענט. ער האט פערוואונדעט נאך איינעם פון דיא מערדער, דערפאר אבער האט זיך באלד פון איהם געגאסען דאס בלוט איינינע וואונדען, — נאך א זעץ, — נאך א קלאפּ און דער אומגליקליכער געארג איז געפאלען צו דער ערד.

— אך, מיין מוטער! מיין שוועסטער! האט ער נאך אויסגערופען און איז געפאלען אין אהנמאכט.

דיא רויבער און מערדער האבען אנגעהויבען צו זוכען אין זיינע קעשינעס. זיי האבען געפונען א שווערן בייטעל מיט געלד און האבען איהם צוגענומען. דאן האבען

זיי צונענומען אלעס, וואס זיי האבען געפונען אין קארעטע. זיי האבען אפגעבונדען דיא וואליזע — א שווערער קאסטען — וועלכע איז געווען צוגעבונדען הינטער דער קארעטע און זיינען פערשוואונדען געווארען.

אין דער צייט ווען גערג פאן טאקקי האט זיך געראנגעלט מיט זיינע מערדער, איז ביי איהם ארויסגעפאלען פון בוזים א פלאכער פארטעפעל. ער איז אראפגעפאלען אויף דער ערד און דיא רויבער האבען איהם ניט געקענט זעהן אין דער פינסטער.

דאס איז געשעהן אין וואלד נור איינעגע מיילען וויט פון בודאפעסט, דיא הויפט שטאדט פון אונגארן. אין אייניגע צייט ארום זיינען אנגעפאהרען מענשען און האבען דערזעהן, וויא א קארעטע שטעהט אליין און ריהרט זיך ניט. מען איז אראפגענאנגען, מען האט אויסגעשלאגען פייער — דאמאלס האט מען נאך ניט געוואוסט פון שוועבעלעך — מען האט אנגעצונדען אביסעל שטרוי און מען האט דערזעהן דאס שרעקליכע בילד.

ניט וויט פון דער קארעטע אין גראבען לעבען וועג איז דער קוטשער געליגען טויט. לעבען דער קארעטע איז געליגען א יונגער מאן צושטאכען אין עטליכע ערטער. ער איז אויך געווען וויא טויט.

— ער איז נאך ווארם, פיעלייכט קען מען איהם נאך רעטען, האט געזאגט איינער פון דיא רייזענדע. מיר מוזען איהם מיטנעהמען קיין בודאפעסט.

דיא פרעמדע האבען איהם אריינגעלעגט אין דער קארעטע און האבען איהם אוועקגעפיהרט אין שטאדט. ביים שיין פון'ם ברענענדיגען שטרוי האבען זיי דערזעהן, אז אויף דער קארעטע איז געווען צוגעקלעפט א בלעטעל „וויענער האטעל".

— דער יונגער מאן האט קווארטירט אין וויענער האטעל, האט איינער פון דיא רייזענדע געזאגט. לאמיר איהם צו פיהרען צום וויענער האטעל. דארט וועט מען דער־קענען, ווער ער איז.

זיי האבען צוגעטריעבען זייערע פערד און זיינען באלד געקומען אין שטאדט. דארט זיינען זיי געפאהרען גלייך צום וויענער האטעל און האבען דערצעהלט, וואס זיי האבען געפונען אויפ'ן וועג.

דיא דיענער פון'ם האטעל זיינען ארויסגעלאפען מיט ליכט און האבען א קוק געטהון אויפ'ן פערוואונדעטען.

— גראף גערג פאן טאקקי! האבען זיי אויסגערופען.

מען האט איהם ארויסגענומען פון דער קארעטע און מען האט איהם אריינגע־טראגען אין א בעזונדער צימער. אין האטעל האט מען זעהר גוט געוואוסט, אז גערג איז א רייכער מאן און אז גראף מעראס, דער בישאף פון אונגארן איז זיין אנקעל.

מען האט באלד געשיקט רופען דעם בעסטען דאקטאר אין שטאדט און מען האט געשיקט מעלדען דעם גראף מעראס, אז זיין נעפע (פלעמעניק) האט פאסירט א שרעק־ליכעס אונגליק.

מען קען זיך דענקען, וויא דער גראף האט זיך דערשראקען, ווען מען האט איהם אויפגעוועקט אום צוויי אוהר פארטאג און מען האט איהם געבראכט דיא שרעקליכע נאכריכט. ער האט זיך באלד אנגעטאהן, האט געהייסען איינשפאנען זיין קארעטע און איז באלד געפאהרען צום וויענער האטעל.

ער איז אריינגעקומען אין צימער, וואו דער אונגליקליכער נעארג פאן מאקקי איז געלעגען און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר. דיא דאקטורים האבען זיך בעשעפ־טיגט מיט׳ן פערוואונדעטען. נעארג איז צוואר נאך ניט געווען טויט. זיינע וואונדען אבער זיינען געווען לעבענסגעפעהרליך. דיא דאקטורים האבען געשאקעלט מיט׳ן קאפ זעהר טרויעריג, ווען זיי האבען איהם בעטראכט.

זיי האבען איהם געגעבען מעדיצין, אז ער זאל קומען אביסעל צו זיך. דאס איז זיי געלונגען. נעארג האט געעפענט דיא אויגען. זיינע ליפען האבען געשטאמעלט:

— שיקט מיר רופען דעם בישאף פון אונגארן. — איך מוז איהם עפעס זאגען.

אין דיעזער מינוט האט זיך דיא הייבע, קרעפטיגע געשטאלט פון׳ם גראף מעראס געוויעזען אויף דער טהיר. ער איז צוגעלאפען צום קראנקען און האט אויסגערופען:

— נעארג! ליעבער נעארג! וואס איז מיט דיר? רעד! דערצעהל!

נעארג איז אבער ווידער געפאלען אין אהנמאכט. דיא דאקטורים האבען גע־מוזט אנווענדען שטארקע מיטעל אום איהם אביסעל אויפצומונטערן.

עס איז ווידער פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער נעארג איז געקומען צו זיך. ער האט געעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט ווילד, דערשראקען אין צימער.

— איז מיין אנקעל דא? האט ער געפרעגט.

— אט בין איך, ליעבער נעארג! האט דער גראף מעראס געענטפערט.

— קום אהער, ליעבער אנקעל, איך האב מיט דיר עפעס צו רעדען.

— וואס ווילסט דוא מיר זאגען, נעארג?

— איך האב אייך צו זאגען זעהר וועניג און דאך זעהר פיעל. — הערט מיך אויס, ליעבער אנקעל. איך פיהל, אז איך שטארב. מיינע מינוטען זיינען געצעהלט. — איך בין ארויסגעפאהרען פון בודא־פעסט פאר נאכט. אויפ׳ן וועג זיינען אויף מיר אנגע־פאלען רויבער און האבען צוגענומען ביי מיר אלעס, וואס איך האב געהאט. אין מיין פארטפעל איז געלעגען זעהר א וויכטיגער בריעף איבער דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני. לויט דיעזען בריעף האט מען ארטהור׳ס פאטער אומזיסט פערטריעבען פון אונגארן און מען האט ביי איהם אומזיסט צוגענומען זיינע גיטער. איך וויל זעהר, אז מען זאל געפינען דיעזען בריעף. דיא רויבער דארפען איהם געוויס ניט און קענען מיט איהם גאר ניט מאכען. פאר׳ן באראן ארטהור פאן באטהיאני אבער איז דער בריעף פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. — ווען איך וועל שטארבען, הייסט, אז מען זאל מיך ברעננען אין אונזער שלאס מאקקי און מען זאל מיך לעגען לעבען מיין פאטער. — שרייבט א בריעף צו מיין מוטער, גריסט איהר, גריסט מיין שוועסטער.

זיין שטימע איז געווארען שוואכער און שוואכער. ענדליך איז ער גאר שטיל געווארען, זיינע אויגען האבען זיך געשלאסען און ער איז ווידער געבליעבען ליעגען, ווי טויט. גראף מעראס האט געפרעגט דיא דאקטורים, וואס זיי דענקען פון׳ם קראנקען.

— נאט קען העלפען, האט איינער פון זיי געענטפערט. ער איז יונג און שטארק, ער וועט עס פיעלייכט אויסהאלטען. זיינע וואונדען זיינען צוואר ניט אזוי געפעהרליך. ער האט אבער פערלארען פיעל בלוט און איז געלעגען צו לאנג אין דרויסען אויף דער נאסער און קאלטער ערד.

— האט איהר גאר קיין האפנונג ניט מעהר?

— מיר מענשען האבען קיינע האפנונג מעהר, האט דער דאקטאר געענטפערט.

דער בישאף האט א ציטער געטאהן, געארג איז זיין שוועסטערס איינציגער זוהן, מיט איהם געהט אונטער דער נאמען מאקקי.

ער איז געשטאנען נאך איניגע מינוט לעבען פערוואונדעטען און האט זיך עפעס דערמאהנט.

— איך דארף קיין צייט פערליערן! האט ער אויסגערופען, איך מוז אויפזוכען דיא מערדער! איך מוז זיי שטרענג בעשטראפען! ווען איך קען ניט מעהר העלפען דעם אונגליקליכען געארג, מוז איך וועניגסטענס מיך רעכען (זיך נוקם זיין) אן זיינע מערדער.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון צימער. אין דרויסען האט ער געשיקט א דיענער צום פאליציי-דירעקטאר פון בודא-פעסט און האט איהם געבעטען, ער זאל באלד קומען צו איהם.

18טער קאפיטעל.

## דיא טרויעריגע נאכריכט.

דעם אנדערן טאג נאך דעם, ווען עלווירא איז געווען אין טהורעם פון משעמני און האט גערעדט מיט איהר געליעבטען ארטהור, איז זיא געזעסען אין צימער פון איהר מוטער און האט מיט איהר גערעדט וועגען איהר רייזע קיין בודאפעסט.

אזוי וויאביידע פרויען האבען גערעדט, איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז אן אלטער מאן, וויא עס ווייזט אויס, אן איינפאכער בויער, איז געקומען אין שלאס און בעט, מען זאל איהם צולאזען צו דער גרעפין עלווירא. ער וויל איהר עפעס זאגען.

— פיהר איהם אריין! האט עלווירא געהייסען. לאמיר הערן, וואס ער האט אונז צו זאגען.

דער דיענער האט אריינגעפיהרט אן אלטען מאן אין ארימע, צוריסענע קליידער.

— וואס ווילסט דוא אונז זאגען, אלטער מאן? האט עלווירא געפרעגט.

— איך וויל אייך זאגען, אז דיא יונגע גרעפין זאל ניט פאהרען קיין בודאפעסט. עס קען איהר פאסירען אן אונגליק אויפ'ן וועג.

עלווירא און איהר מוטער האבען זיך אנגעקוקט דערשראקען און ערשטוינט.

— ווער זייט איהר דען? האט עלווירא געפרעגט.

— אן איינפאכער בויער, אבער אן עהרליכער מאן.

— פון וואנען ווייסט איהר אלזא, אז ווען איך וועל פאהרען קיין בודאפעסט, קען מיר פאסירען אן אונגליק אויפ'ן וועג?

— איך קען אייך ניט זאגען, פון וואנען איך ווייס עס. איך בין געקומען אייך ווארענען. איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז גוטע און עהרליכע מענשען האבען מיך געשיקט. זיי מיינען עס גוט מיט אייך. הערט דיעזע ווארנונג און פאהרט ניט קיין בודאפעסט.

מיט דיעזע ווערטער האט דער אלטער געעפענט דיא טהיר און איז ארויסגעגאנגען. עלווירא און איהר מוטער זיינען געווען אזוי ערשטוינט און אזוי איבערראשט,

אז זיי האבען נאר קיין צייט ניט געהאט צוריקצורופען דעם אלטען. זיי האבען געוואלט איהם נאך עפּעס פרעגען, רעדען מיט איהם, געבען איהם עפּעס פאר זיין גוטען ראטה. דער אלטער מאן איז אבער פערשוואונדען געווארען ערגעץ אין וואלד לעבען שלאס.

אייניגע מינוט זיינען מוטער און טאכטער געזעסען, וויא פערשטיינערט. ענדליך איז דיא מוטער געקומען צו זיך.

— זאָנדערבּאר! איך ווייס ניט, וואס מיט מיר איז געווען, ווען דער אלטער איז דא געווען. מיר דאכט, אז ער איז ניט קיין איינפאכער בויער. זיין שטימע איז מיר אויך עפּעס בעקאַנט. איך ווייס ניט, פאר וואס עס איז אזוי, איך גלויב איהם אבער. מיר ווייזט אויס, אז ער האט גערעדט פון הארצען. — בלייב אין דער היים, טאכטערל, פאהר ניט קיין בודאפּעסט!

— דאס קען איך ניט, מוטער! איך האב איין מאל צוגעזאגט, אז איך וועל פאהרען און איך מוז פאהרען.

—ווארט ווייניגסטענס, ביז געארג וועט קומען, האט דיא מוטער געבעטען. דוא ווייסט דאך, וואס פאר וויכטיגע נייעס ער דארף אונז ברייגנען.

— איך ווייס דאס אלעס. איך ווייס. דאס וועט מיר אבער ניט אפּהאלטען פון מיין בעשלוס. איך מוז פאהרען רעטען מיין געליעבטען ארטהור.

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און האט געוואלט ארויסגעהן פון צימער, ווען מען האט געהערט קלינגען דעם פאסטהארן. דער פאסטאליאָן פון דער געגענד איז אנגעקומען. באלד האט ער געקלאפּט אין דער טיהר און האט איבערגעגעבען דער גרעפין א בריעף.

— פון געארג'ן? האט עלווירא געפרעגט.

דיא אלטע גרעפין האט ניט געענטפערט. דיא האנדשריפט איז איהר געווען ווייניג בעקאנט. עס האט איהר אנגעהויבען צו קלאפּען דאס הערץ, ווען זיא האט גענומען דעם בריעף. איהרע הענד האבען געציטערט. איהר הערץ האט איהר געזאגט אז דער בריעף ברענגט איהר א שווערע, טרויעריגע נאכריכט.

מיט ציטערענדע הענד האט זיא אויפגעריסען דעם בריעף. — זיא איז איהם דורכגעלאפען מיט דיא אויגען — האט ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי — און איז געפאלען אין אהנמאכט.

עלווירא האט אריינגערופען איהרע קאמער מעדכען און האט זיי געהייסען איהר העלפען אַניעדערלעגען איהר מוטער אויף א בעט און זיא אויפמונטערן. ווען דיא מוטער איז אביסעל געקומען צו זיך, האט זיא אויפגעהויבען דעם בריעף פון דער ערד און האט איהם איבערגעלעזען.

געליעבטע שוועסטער!

נאט זאל דיר געבען קראפט אויסצוהערן דיא טרויעריגע נאכריכט, וואס איך האב דיר מיטצוטהיילען. גאט זאל דיך טרייסטען און שטארקען! איך קען עס ניט. מיין פעדער ציטערט, ווען איך שרייב דיעזע ציילען. גלויב מיר, אז מיר איז זעהר, זעהר שווער זיי צו שרייבען.

דיין זוהן געארג איז געבטען ארויסגעפאהרען פון בודאפּעסט. אויפ'ן וועג,

ניט ווייט פון דער שטאדט, זיינען אויף איהם אנגעפאלען רויבער און האבען איהם אזוי פערוואונדעט, אז נור גאט קען איהם העלפען. דיא דאקטוירים זאגען זיך אפ פון איהם. — איך בין געוועזען ביי איהם און האב גערעדט מיט איהם. ער האט מיך געבעטען, איך זאל דיר שרייבען, וואס מיט איהם האט פאסירט. ער האט מיך געבעטען, איך זאל דיר שרייבען, אז דיא רויבער האבען ביי איהם צוגענומען זיין פארטפעל, אין וועלכען עס האט זיך געפונען א זעהר וויכטיגער דאקומענט וועגען דעם באראן פאן באטהיאני. דערצייל דעם באראן אלעס, וואס האט פאסירט דיין אונגליקליכען זוהן.

איך וועל טאהן אלעס מעגליכע אום אויפצוזוכען דיא מערדער. דוא קענסט זיכער זיין אז איך וועל זיי בעשטראפען זעהר שטרענג. — אין פאל אז געארג וועט שטארבען, וועל איך ברענגען זיין לייכע אין שלאס טאקקי. ער האט מיך געבעטען אז איך זאל איהם לעגען לעבען זיין פאטער אויף דעם פאמילען בעערדיגונגספלאץ לעבען שלאס. גאט זאל דיר העלפען און זאל דיך שטארקען!

איך שרייב אין דער גרעסטער איילע.

בודאפעסט, דען 25טען מערץ 1790.

דיין ברודער, אייזשען, גראף פאן מעראס.

דער שרעקענס בריעף איז ארויסגעפאלען פון איהרע הענד. זיא האט געגיבען א שרעקליכען געשריי און איז געפאלען אויפ'ן דיוואן. פאר איהר האט דער בריעף געבראכט א דאפעל טרויעריגע נאכריכט. איהר ברודער איז פערוואונדעט און ליעגט ביים שטארבען. איהר געליעבטער ארטהור האט פערלארען א דאקומענט, וועלכער איז פאר איהם געוועזען אזוי וויכטיג. זיא האט ניט געוואוסט, וואס אין דיעזען דאקומענט איז געשטאנען, אזוי פיעל אבער האט זיא געוואוסט, אז דיעזער דאקומענט איז זעהר וויכטיג פאר ארטהורן.

עלווירא האט געוויינט, וויא א קליין קינד. דיעזער בריעף האט צערשטערט און פערניכטעט אלע איהרע פלענע און אלע איהרע האפנונגען מיט אמאל. זיא האט געהייסען איהרע קאמערמעדכען אכטונג געבען אויף איהר מוטער און אליין איז זיא אריינגעגאנגען אין איהר צימער, איז געפאלען אויפ'ן דיוואן, האט פערגראבען איהר קאפ אין א קישען און הייסע, ביטערע טרערין האבען זיך געגאסען פון איהרע אויגען.

אזוי איז זיא אוועקגעליעגען שטונדען לאנג און האט זיך ניט געריהרט. דער טאג איז פערגאנגען. עס איז נאכט געווארען. דיא דיענסט מעדכען האבען אריינגעבראכט ליכט און האבען זיי אניעדערגעשטעלט אויפ'ן טיש. עלווירא האט עס ניט בעמערקט און האט ניט געזעהן, וואס עס טהוט זיך ארום איהר.

עס איז געווארען שפעט. עלווירא איז נאך אלץ געליעגען אויפ'ן דיוואן און האט זיך ניט געריהרט. איהר מוטער איז אריין אין צימער, עלווירא האט עס ניט בעמערקט; זיא האט זיך געזעצט לעבען איהר, עלווירא האט עס ניט געזעהן. ענדליך האט דיא אלטע גרעפין גענומען איהר האנד און האט אנגעהויבען צו רעדען:

— עלווירא! עלווירא, מיין קינד!

עלווירא האט געעפענט דיא אויגען און האט דערזעהן איהר מוטער זיצען לעבען איהר.

— עלווירא: מיין קינד, זיי שטארק! דאס אונגליק, וואס האט אונז געטראפען, איז שרעקליך, מיר מוזען אבער גראדע יעצט זיין שטארק און בעטען גאט, ער זאל אונז העלפען איהם איבערצוטראגען. איך מוז מארגען אין דער פריה שיקען א מענשען קיין בודא־פעסט זעהן, וואס ער מאכט און.... איך קען עס ניט ארויסזאגען — ברענגען זיין לייכע אהער......

ביידע פרויען האבען ווידער אנגעהויבען צו וויינען. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער זיי האבען זיך אביסעל בערוהיגט. ענדליך אבער האבען זיי זיך דאך עטוואס בערוהיגט.

— אך, וויא שווער האט אונז דאס שיקזאל געטראפען! האט עלווירא אויסגערופען, ניט גענוג, וואס רויבער זיינען בעפאלען אויף מיין ברודער און האבען איהם אזוי פערוואונדעט, אז דיא דאקטוירים גלייבען ניט, אויב ער וועט שוין לעבען בלייבען האט דאס אונגליק מיר נאך געטראפען אין אנאנדער ארט. — דוא ווייסט דאך, וואס מיין אָנקעל שרייבט, אז דיא רויבער האבען צוגענומען ביי געארג׳ן א דאָקומענט, וועלכער איז זעהר וויכטיג פאר ארטהורן. איך ווייס ניט, וואס פאר א דאָקומענט דאס איז געוועזען, איך האב אבער פון דיר שוין עטליכע מאל געהערט, אז געארג דארף עפּעס ברענגען פון בודא־פעסט, וועלכעס איז זעהר וויכטיג פאר ארטהורן. — קענסט דוא מיר ניט זאגען, וואס פאר א סארט דאקומענט דאס איז געוועזען?

— וואס קען איך דיר זאגען, טאכטער? דיא פאמיליע באטהיאני איז אָרים. אמאל איז זיא געוועזען שטארק רייך. עס זיינען אבער פארגעקומען פערשיעדענע פערהעלטניסע, וועלכע האבען זיי ארים געמאכט. זיין פאטער איז געוועזען פערמישט אין א פאליטישער אנגעלעגענהייט. ער האט געמוזט אנטלויפען פון אונגארן. מען האט בייא איהם צוגענומען אלע זיינע גיטער. יעצט האט געארג געזוכט און געפארשט אין בודא־פעסט און האט געהאפט אויסצוגעפינען, אז מען זאל ארטהורן צוריקגעבען דאס פערמעגען פון זיין פאטער. — געוויס, ווען מען זאל געוואונען קענען איבערצייגען, אז ארטהורס פאטער איז געוועזען אונשולדיג, וואלט געוועזען פיעל לייכטער איהם צו בעפרייען פון זיין געפענגניס. יעצט אבער איז פערשוואונדען יעדע האפנונג צו רעטען און צו בעפרייען דעם אונגליקליכען ארטהור.

— דאן דענקסט דוא, מוטער, אז ארטהור איז פערלארען: ער וועט מוזען ווערען א הענקער?

— איך זעה קיינע האפנונג פאר איהם, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג. דוא האסט דאך געוויס ניט פערגעסען, וואס דער אלטער מאן האט אונז געזאגט היינט אין דער פריה. ער האט דיך געווארנט, דוא זאלסט ניט פאהרען קיין בודא־פעסט. דוא זעהסט דאך, וויא געפעהרליך אזא רייזע איז. דוא זעהסט דאך שוין, וואס פאר אן אונגליק עס האט פאסירט מיין ליעבען, טהייערן געארג.

עלווירא איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. שווערע, שווארצע, טרויעריגע געדאנקען זיינען איהר געקראכען אין קאפ און האבען פערדונקעלט איהר פערשטאנד,

זיא האט געקוקט מיט דיא אויגען און האט גאר ניט געזעהן: איהרע ליפען האבען זיך בעוועגט, זיי האבען אבער גאר ניט געזאגט; איהרע הענד האבען געציטערט, וויא אין א פיעבער. איהר מוטער האט זיך דערשראקען. אזוי קוקט נור א וואהנזיניגער.

— עלווירא! טאכטער! וואס איז דיר? האט זיא אויסגערופען און האט זיא ארומגענומען.

עלווירא האט א ציטער געטאהן און האט זיך אפגעשאקעלט, גלייך וויא זיא האט אראפגעווארפען פון זיך א שווערע לאסט, וועלכע האט זיא געדריקט.

— מוטער! האט זיא אויסגערופען, דארף א מענש האלטען זיין שוואור? דארף ער האלטען, וואס ער האט געשווארען?

— צו וואס פרעגסט דוא עס, קינד?

— ווייל איך האב געשווארען ארטהור'ן, איך זאל איהם ליעבען, זא לאנג איך וועל אטהעמען. קיין זאך אין דער וועלט קען מיך ניט צווינגען אפצוטרעטען פון איהם. איך וויל טהיילען מיט איהם זיינע פריידען און זיינע ליידען, גליק און אונגליק, לעבען און טויט! ער מעג זיין, וואס עס וויל זיך. ער מעג זיין פירסט אדער הענקער! ווען איך האב מיך איין מאל ענטשלאסען צו ווערען זיין פרוי, ווען ער איז געוועזען א שטאלצער באראָן, מוז איך ווער, זיין פרוי אויך, ווען ער וועט ווערן א הענקער!

— וואס רעדסט דוא, קינד? ביסט אראפ פון זינען?

— דערווייל בין איך נאך ניט אראפ פון זינען, איך האלט אבער נאר ניט ווייט דערפון. דער קאפ ווערט מיר צובראכען, דאס הערץ קלאפט, וויא מיט האמערס. איך ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. — איך זאג דיר אבער אזוי פיעל: איך מוז ווערן ארטהורס פרוי!

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל, האט זיך ווילד ארומגעקוקט און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

דיא אלטע גרעפין איז געבליעבען שטעהן דערשראקען, איבערראשט און בעטויבט. צום ערשטען מאל אין איהר לעבען האט זיא געזעהן איהר טאכטער אזוי אויפגערעגט; צום ערשטען מאל האט זיא געהערט פון איהר טאכטער אזעלכע רייד; צום ערשטען מאל האט איהר טאכטער געוואגט צו זאגען אזעלכע הארטע ווערטער. — זיא האט געוואלט נאכלויפען איהר טאכטער, — זיא האט עס ניט געקענט. זיא האט געוואלט עפעס זאגען, רופען איהרע דיענער, שרייען — איהר האלז איז געוועזען פעצוינען, וויא מיט א שטריק, איהרע ליפען האבען זיך ניט גערירהרט.

זיא איז געבליעבען שטעהן פערגליווערט, פערשטיינערט, פערפראָרען, וויא א מארמאר בילד פון טרויער, שמערץ און ערשטוינונג.

עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער זיא איז געקומען צו זיך. ענדליך האט זיא אנגעהויבען צו פיהלען, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. זיא האט זיך ארומגעקוקט ווילד אין צימער און איז געלאפען דורך דיא טהיר, דורך וועלכע עלווירא איז פערשוואונדען. זיא איז דורכגעגאנגען אלע צימער פון שלאס. — עלווירא איז ניטא. זיא איז דורכגעגאנגען אלע קארידאָרען. — עלווירא איז ניטא. זיא איז ארויסגעגאנגען

אין הויף, האט געזוכט און גערופען: עלווירא! עלווירא! — קיינער האט איהר ניט געענטפערט.

זיא האט זיך אומגעקעהרט אין זאל און האט אנגעהויבען צו קלינגען, צונויפרו־פען איהרע דיענער.

וויא שפעט עס איז געוועזען, זיינען זיי דאך באלד אלע געקומען און האבען גע־קוקט טרויעריג אויף דיא איינגעבויגענע און צובראכענע געשטאלט פון זייער הערין.

— עלווירא איז פריהער ארויסגעגאנגען אין דרויסען און איז ניט צוריקגעקומען, האט זיא זיי געזאגט. איך בין זעהר אונרוהיג. איך וויים ניט, וואס מיט איהר איז גע־שעהן. — געהט! זוכט זיא! פיעלייכט איז זיא ערגעץ אין וואלד.

דיא דיענער זיינען זיך צוגאנגען אין אלע זייטען, האבען געזוכט, געפארשט, גערופען, געשריען. — אלעס אומזיסט! — עלווירא איז פערשוואונדען.

דיא אלטע גרעפין איז געשטאנען ביים פענסטער, האט געציטערט און געקוקט אין דיא דונקעלע נאכט. אין דרויסען איז אלעס געוועזען שטיל און דונקעל. שווארצע וואלקען האבען בעדעקט דעם הימעל; שווארץ איז געווען דיא נאכט, שווארץ איז גע־ווען דיא ערד און שווארץ און דונקעל איז עס געווען אין הערצען פון דער ארימער, אונגליקליכער גרעפין טאקקי.

איין דיענער נאכ'ן אנדערן זיינען צוריק געקומען. יעדער איז געווען טרויעריג און האט מורא געהאט אויפצוהייבען דעם קאפ און א קוק צו טאהון דער גרעפין גלייך אין דיא אויגען. זיי האבען ניט געפונען, וואס זיי האבען געזוכט. אלעס איז געווען פינסטער, דונקעל, טרויעריג און שוידערהאפט אין שלאס טאקקי.

דיא גרעפין האט ניט געפרעגט איהרע דיענער, וואס עס הערט זיך, — א בליק איז פאר איהר געווען גענוג. יעדעס מאל, ווען א דיענער פלעגט אריינקומען און פלעגט אראפלאזען דיא אויגען צו דער ערד, פלעגט זיא א ציטער טאהן.

19טער קאפיטעל.

## אין טהורעם פון טשעמני.

ארטהור האט זיך געפיהלט פיעל בעסער, זייט עלווירא איז געווען ביי איהם. דיא האפנונג האט זיך אויפגעהאפט אין איהם און האט איהם אויפגערעגט צו נייעם לעבען, צו נייע טהעטיגקייט.

ער איז געווען זיכער, אז זיא וועט איהם רעטען. ער האט צוואר געוואוסט, אז עלווירא'ס מוטער איז זעהר שטאלץ און זעהר פארנעהם זיא וועט זיך געווים שטעלען נעגען איהר טאכטער און וועט זיא ניט לאזען טאהן פיעל זאכען, וועלכע זיינען נאטה־וועגדיג צו זיין רעטונג. — זיא האט איהם אבער געשוואוירען, אז זיא וועט איהם ליעבען און וועט איהם טריי זיין ביז צום גראב.

זיין וואונד האט אנגעהויבען זיך צו פערהיילען. דאס געשווילעכץ איז פערשוואונדען און דיא ברענעס פון דער וואונד האבען אנגעהויבען צו ווערען בלאסער. אננא איז ניט אפגעטרעטען פון זיין קראנקען לאגער, ביז ער האט זיך געפיהלט אזוי וויט בעסער, אז ער האט געקענט זיך אויפזעצען אויף זיין בעט.

אין א שעהנעם פריה מארגען, ווען ארטהור האט זיך געפיהלט עטוואס לייכטער און האט זיך אויפגעזעצט אין זיין בעט, איז אננא אריינגעקומען צו איהם אין צימער און האט איהם דערלאנגט א פאפיער.

— ווער האט געבראכט דיעזעס פאפיער? האט ארטהור געפרעגט.

— אן אלטער מאן, וויא עס ווייזט אויס א בויער פון דער געגענד, האט געבראכט דיעזען בריעף און האט געבעטען, אז מען זאל איהם איבערגיבען דעם באראן פאן באטהיאני.

ארטהורס הענד האבען געציטערט, ווען ער האט אויפגעבראכען דעם קאנווערט. ער איז דורכגעלאפען דעם בריעף מיט דיא אויגען און איז צוריק געפאלען אויף זיין געלעגער, וויא א שטיין. דער אינהאלט פון דעם בריעף איז געווען א שרעקליכער, אבשייליכער, ניעדערטרעכטיגער! דער בריעף איז געווען געשריעבען צום וויצע קעניג פון אונגארן. אין בריעף איז געווען געשריעבען, אז דער באראן ארטהור פאן באטהיאני פיהרט זיך אויף זעהר שלעכט. ער האט ליעב זיך צו קריעגען מיט יעדען; ער זוכט ארויסצורופען צאנקערייען און שטרייטיגקייטען. ביי דער קליינסטער געלעגענהייט רופט ער ארויס אויף א דועל, ווייל ער פעכט זעהר גוט מיט דעם שווערד. עס איז דאהער קיין וואונדער. וואס איינער פון זיינע פיעלע פיינד האט איהם ענדליך אוועקגעשיקט אין טהורעם פון טשעמני.

דער בריעף איז געווען געשריעבען פון אן אונבעקאנטע האנד. עס איז געווען דייטליך, אז א פרוי האט איהם געשריעבען.

— ווער האט געקענט שרייבען אזא ניעדערטרעכטיגען בריעף? האט ער אויסגערופען, ווען ער איז געקומען אביסעל צו זיך. — דאס קומט פון שלאס ראדעצקי! אנדערש קען דאס ניט זיין! דארט האט מען געשריעבען דיעזען בריעף. — וויא קומט ער אבער צו מיר? זאל איך זאגען, אז מיינע פיינד האבען אומיסטען מיר געשיקט דיעזען בריעף אום מיר צו ווייזען, וואס זייא ווילען טאהן? איז דיעזער בריעף נור א קאפיע פון א בריעף, וועלכען זיי האבען אוועקגעשיקט צום וויצע קעניג פון אונגארן אום מיך צו פערליימדען, אום מיך פארצושטעלען אלס א שלעכטען, ווילדען אונרוהיגען מענש? פיעלייכט שיקט מיר דיעזען בריעף א פערבארגענער פריינד, וועלכער וויל מיך טרייסטען, וועלכער וויל מיר ווייזען, אז איך בין גאר ניט אזוי עלענד און אזוי פערלאסען פון גאט און פון מענשען, וויא איך דענק? — אבער ניין! עס קען ניט זיין! ווען איך זאל ווירקליך האבען גוטע פריינד, וואלטען זיי שוין לאנג געקומען אהער און וואלטען מיך מיט געוואלט בעפרייט פון דאנען. דער הענקער איז דאך נור איין מענש. וואס וואלט ער געקענט טאהן, ווען צעהן — צוואנציג קרעפטיגע מענשען, וואלטען געקומען אהער און וואלטען מיך אוועקגעפיהרט פון דאנען?

ער האט אויפגעהויבען דאס פאפיער, האט עס נאך אמאל דורכגעלעזען, האט זיך צוגעקוקט צו יעדער צייל, צו יעדעס ווארט און צו יעדען זאץ. קיין נאמען און קיין אונטערשריפט.

— איך מוז בעהאלטען דיעזען בריעף, האט ער געזאגט צו זיך אליין, ער קען צו

ניין קומען. מעגליך, אז איך וועל נאך אמאל אויסגעפינען, ווער עס האט געשריעבען דיעזען בריעף. מען קען דאך ערקענען א האנדשריפט.

אננא האט געזעהן, אז דער בריעף האט איהם זעהר אויפגערעגט, און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איהם צו בערוהיגען. זיא האט איהם געבראכט א געטרענק וועלכעס איהר פאטער האט געמאכט אומיסטען פון ארטהורס ווענען אום איהם צו בערוהיגען, ווען ער וועט ווערן צו שטארק אויפגערעגט פון זיין קראנקהייט.

ער איז ענדליך אנטשלאפען געווארען מיט א שווערן, הארטען, אונרוהיגען שלאף. ווען ער האט זיך אויפגעחאפט, איז געווען נאכט. ער האט ניט געקענט וויסען, וויא שפעט עס איז געווען, ביים הענקער איז קיין אוהר ניט געווען. ער האט נור געזעהן, אז דאס ליכט, וועלכעס איז געשטאנען אויף זיין טיש, האט שטארק אבגעברענט. דערפון האט ער געקענט וויסען, אז עס איז ניט פריה.

אין צימער איז געווען הייס, דריקענד הייס. ארטהור האט זיך אניעדער געזעצט אויף זיין בעט און האט זיך אומגעקוקט. דיא לופט האט איהם געפרעסט. ער האט אויפגעעפענט א קליין פענסטערל לעבען זיין בעט און האט ארויסגעקוקט אין דער דונקלער נאכט. הויכע בערג, געדיכטע וועלדער, ווענט פון שטיינער — דאס איז געווען אלעס, וואס זיין אויג האט געקענט זעהן.

ער האט זיך צוגערוקט צום פענסטער און האט געקוקט אין דרויסען ארויס. דיא געזונדע, פרישע נאכט-לופט האט איהם דערקוויקט און געשטארקט. ער האט זיא איינגעזויגען, איינגעאטהעמט מיט פולע באקען. — פלוצלינג האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער זעהט א געשטאלט, איינגעהילט אין א מאנטעל, געהן אויף'ן וועג צום טהורם פון טשעמני. דיא געשטאלט איז געקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער.

ווער זאל עס זיין? האט ער געפרעגט זיך אליין. — אזוי שפעט זיינען געוועהנליך אלע אין דער היים. — פיעלייכט איז עס.... ניין! דאס קען ניט זיין! — ביינאכט? אין דער פינסטער?

נעהנטער און נעהנטער איז צוגעקומען דיא געשטאלט. יעצט איז געווען דייטליך, אז זיא געהט צום טהורם פון טשעמני. ענדליך איז זיא צוגעקומען, ריכטיגער געזאגט, צוגעלאפען צו דער טהיר פון'ם טהורם און האט אנגעהויבען צו קלאפען. דער הענקער איז אראפגעגאנגען עפענען.

ארטהור האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון'ם פענסטער. דאס הערץ האט איהם געזאגט, אז דיא געשטאלט איז געקומען צו איהם. ער האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ פון'ם פענסטעריל און האט זיך צוגעהערט, וואס מען רעדט אונטען. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז מען האט דערמאנט זיין נאמען. זיין פענסטער איז געווען צו הויך, אום ער זאל קענען הערן אלעס וואס מען האט גערעדט, ער האט אבער געהערט דייטליך, אז מען האט דערמאנט זיין נאמען.

באלד האט ער געהערט שווערע טריט צוקומען צו זיין צימער. דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער הענקער איז אריינגעקומען.

— עס איז געקומען א דאמע, וועלכע וויל מיט אייך רעדען. מיר דאכט, אז דאס איז דיעזעלבע, וועלכע איז דא געווען מיט איינינע טעג צוריק. איך קען זיא ניט אויפ-

נעהמען אזוי שפעט ביי נאכט אין מיין טהורם, ווייל איך האב מורא, דיא אויפזעהר זאלען ניט אנקומען. זיי קענען מיינען, אז דאס איז עפּעס א שלעכטע פרוי און קענען זיא נאך ארעסטירען. איך דענק, אז איהר פיהלט זיך שטארק גענוג אראפּצוגעהן צו איהר. דיא לופט איז אין דרויסען ריין און ווארים.

ארטהור האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט צולויפען צו דער טהיר.

— ווארט, וואהנזיניגער מענש! האט דער הענקער אויסגערופען, נעהמט עפּעס אויף זיך! איהר קענט אזוי ניט געהן אין דרויסען!

מיט דיעזע ווערטער האט ער אראפּגעווארפען פון זיך זיין רויטען מאנטעל, דעם צייכען, אז ער איז א הענקער און האט געוואלט איהם אנטאהן ארטהורן.

— ווען איהר ווילט ארויסגעהן פון'ם טהורם, מוזט איהר אנטאהן דעם מאנטעל פון א הענקער, האט ער איהם געזאגט.

ארטהור האט א ציטער געטאהן.

— מיכאאיל איך קען ניט אנטאהן דיעזען מאנטעל, האט ער געזאגט. איך בין דאך דערווייל נאך ניט קיין הענקער.

— איהר האט א טעות, האט דער הענקער געענטפערט, איהר זייט א הענקער און מוזט אנטאהן הענקער קליידער, אנדערש קען איך אייך ניט ארויסלאזען פון מיין וואהנונג.

ארטהור איז בייז געווארען.

— לאזט מיך געהן! האט ער אויסגערופען, איך קען דא ניט בלייבען און וויל דא ניט בלייבען!

— איהר פערגעסט זיך, מיין הערר! האט דער הענקער געזאגט שטרענג און ערנסט, איהר מוזט זיין א הענקער! — מיינט איהר, אז איך בין א הענקער אויס פרייען ווילען? מיינט איהר, אז עס איז מיר אזוי ליעב צו זיין א הענקער? — איך מוז! איהר מוזט אויך!

ארטהור האט איינגעזעהן, אז ער וועט גאר ניט מאכען מיט'ן הענקער.

— נו, גוט, מיכאאיל! גיט מיר אייער מאנטעל! האט ער אויסגערופען. איך וויים, אז מען קען זיין א מענש זאגאר אונטערן רויטען מאנטעל פון א הענקער.

מיכאאיל האט איהם אנגעטאהן זיין רויטען מאנטעל און האט איהם געהאלפען אראפּגעהן דיא טרעפּ.

ווען ער האט געעפענט דיא טהיר און עלווירא האט איהם דערזעהן אין רויטען מאנטעל, מיט א רויטער קאפּוצע אויפ'ן קאפּ, האט זיא א געשריי געטאהן און איז אפּגעשפּרונגען אויף עטליכע שריט.

— דוא ציטערסט, עלווירא! האט ארטהור אויסגערופען, דוא שרעקסט דיך פאר דיעזע אבשייליכע קליידער. דוא האסט רעכט! ווער האט עס ניט מורא פאר א הענקער? — דוא ביסט דאך געקומען רעדען מיט'ן הענקער. אט איז ער! וואס ווילט איהר פון איהם, מאדאם?

— וואס רעדסט דוא, ארטהור? האט עלווירא געזאגט רוהיגער. — פאר וואס מאכסט דוא מיר פארווירפע, וועלכע איך האב ניט פערדיענט? — גלייב מיר ארטהור,

איך שרעק מיך ניט איבער, ניט פאר דיא קליידער, וועלכע דוא טראָגסט, ניט פארן שרעקליבען נאמען, וועלכען דוא האסט נור וואס ארויסגעזאגט. איך בין ענטשלאָסען צו טהיילען דיין שיקזאַל און געהן מיט דיר, וואוהין דוא ווילסט. איך האב אבער ניט ערוואַרטעט דיך צו זעהן אין דיעזע קליידער, דער פאר האב איך מיך אזוי דער־ שראקען.

זיא האט גענומען דיא האנד און האט זיא צוגעפּרעסט צו איהר ברוסט.

— ענטשולדיג מיר, עלווירא! פערצייהע מיר דאס הארטע וואָרט, וואס איך האב פריהער געזאגט. פערגעס ניט, אז אין דער לאגע, אין וועלכער איך געפין מיך, ווערט א מענש בייז, אויפגערעגט און ביטער. ענטשולדיג מיר! — יעצט מיין ליעבע, זאג מיר, וויא קומסט דוא אהער אזוי שפּעט? — עס איז געווים געשעהן עטוואס בעזאנדערס, ווען דוא ביסט געקומען אזוי שפּעט און נאך צופוס. — וואס איז געשעהן? זאג מיר! מארטער מיך ניט! —

ער האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און איז מיט איהר אוועקגעגאנגען פון דיעזען פערפלוכטען טהורעם. עס איז שווער צו זאגען, אויב ער האט עס געטאהן אבּ־ זיכטליך, אדער ער איז געוועזן אזוי אויפגערעגט, אז ער האט אליין ניט געוואוסט, וואס ער טהוט, אדער האט דיא ריינע, זיסע, פרישע לופט פון דער נאכט געווירקט אויף איהם אזוי. ער האט זיך אנגעשפּאַרט אויף איהר ארים און ביידע זיינען אזוי אוועק־ געגאנגען ווייט, ווייט פון'ם טהורעם. זיי זיינען אריינגעגאנגען אין טאהל צווישען דיא הויכע בערג און גרויסע שטיינער און זיינען געבליעבען שטעהן לעבען א שטיינערנע וואַנד.

— ארטהור, איך האב פאר דיר טרויעריגע נאכריכטען, האט עלווירא ענדליך אנגעהויבען צו רעדען. ביסט דוא גענוג שטארק אום מיך אויסצוהערן?

— יא, עלווירא! דוא זעהסט דאך, אז איך האב געהאט גענוג קראפט צו קומען אהער. דערצעהל מיר אלעס, עלווירא.

— מיר האבען היינט ערהאלטען א בריעף, אז מיין ברודער געאָרג ליעגט אין בודאפּעסט געפעהרליך פערוואונדעט. מעגליך אז ער איז שוין טויט.

— געאָרג פערוואונדעט? וואס רעדסט דוא, עלווירא? וויא קען עס זיין?

— ער איז געפאהרען אהיים, אויפ'ן וועג זיינען רויבער אויף איהם אָנגעפאלען, האבען איהם פערוואונדעט און האבען איהם בערויבט.

— שרעקליך! שוידערהאַפט! האט ארטהור אויסגערופען.

— צום אונגליק, האט מען נאך ביי איהם אוועקגערויבט א דאקומענט, וועלכער איז פאר אייך ארטהור געוועזן זעהר וויכטיג, אזוי שרייבט אונז מיין אָנקעל, דער גראף מעראס. איך בין אומיסטען געקומען אהער, עס אייך דערצעהלען און אייך פרעגען, וואס קען מען יעצט טאהן?

— מיין גאָט! מיין גאָט! האט אַרטהור אויסגערופען און האט זיך אנגעחאַפּט ביים קאָפּ. — וואס איז דא מיט מיר? זיינען שוין אלע גוטע גייסטער אנטלאפען פון מיר? ווייבען מיך שוין אויס אלע, וועלכע קענען מיר טאהן עטוואס גוטעס? שלעכטע מענשען האבען מיך געמאכט פאר א הענקער. יעצט מאכט דאס שיקזאַל מיך פאר

א בעטלער! עס העלפט ניט! יעצט איז אלעס פערלארען! — א בייזער שיקזאל פערפאלגט מיך. — שווערעס, טרויעריגעס איז מיר בעשטימט. איך מוז ביינען מיין קאפּ! איך מוז מיך אונטערגעבען! איך קען שוין מעהר ניט קעמפּפען!

ער האט זיך צוגעשפּארט צום שטיין, האט פערדעקט זיין געזיכט מיט דיא הענד און האט אנגעהויבען צו וויינען, וויא א קינד. ער האט אין דער לעצטער צייט שוין צו פיעל געליטען, שוין צו פיעל איבערטראגען. דיא מענשליכע קראפט האט זיינע גרענעצען. ווען מען שלאגט בעשטענדיג אויף דעם הארטעסטען שטיין, מוז ער צוזעצט ווערן.

— בערוהיג דיך, ארטהור! האט עלווירא געבעטען. עס איז נאך ניט אלעס פערלארען. — איך בין נאך דא! איך וועל בלייבען ביי דיר! — איך וועל ניט דערלאזען, אז דוא זאלסט בלייבען אין דיעזען פערפלוכטען טהורעם. ווען עס מיר אבער ניט געלינגען; וועל איך ניט זיין אים שטאנד דיך צו רעטען, דיך צו בעפרייען, — דאן וועל איך טהיילען דיין שיקזאל! איך וועל זיין דיא פרוי פון א הענקער, דיא פרוי פון א בעטלער! — איך וועל מיט דיר אנטלויפען פון דאנען. מיר וועלען ארומוואנדערן פון שטאדט צו שטאדט, פון לאנד צו לאנד, ביז מיר וועלען געפינען אן ארט, וואו מיר וועלען לעבען ארים אבער גליקליך.

ארטהור האט זיך אויפגעהאפּט און האט א ציטער געטאהן. ער האט דערזעהן זיין רויטען מאנטעל.

— אונגליקליכעס, גוטעס, עדעלעס מעדכען! האט ער אויסגערופען. אין אנאנדערער צייט וואלט איך געווען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, ווען איך וואלט געהערט פון דיר אזעלכע ווערטער. יעצט אבער שניידען זיי מיר, וויא מיט שארפע מעסערס. דוא ביסט גוט, עלווירא, דוא ביסט גרויס, דוא ביסט עדעל: דוא ווילסט זיך אויפאפּפערן פון מיינעטוועגען. עס איז אבער אומזיסט! איך בין אונגליקליך. איך וויל אליין ליידען. איך וויל ניט, אז דיא פרוי, וועלכע איך ליעבע, וועלכע איך פערגעטערע, זאל ליידען דורך מיר. — גענוג, עלווירא! לאז מיך אליין. — איך וויל איבערטראגען מיין שווערעס שיקזאל גאנץ אליין. — איך קען ניט זעהן, וויא דוא ליידעסט. איך קען עס ניט דערטראגען.

דוא האסט געשווארען, דוא זאלסט מיך ליעבען ביז אין טויט, — איך בעפריי דיך פון דיעזען שוואור. איך האב געמיינט, איך האב געהאפט, אז מיר וועלען אמאל נאך ביידע גליקליך זיין. איך זעה יעצט, אז עס איז אונמעגליך. צו וואס זאלען מיר ביידע ליידען? דוא ביסט יונג, דוא ביסט שעהן, דוא קענסט נאך גליקליך זיין; דוא קענסט נאך דערלעבען פריידען אין לעבען. איך אבער, איך.... לאז מיך אליין, עלווירא!

ביידע זיינען געווען אזוי פערטיעפט אין זייערע טרויעריגע געדאנקען, אז זיי האבען ניט בעמערקט, וויא דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט שווארצע וואלקענס. א גאנצען טאג איז געווען בעזאנדערס הייס, דריקענד הייס. ביי נאכט האבען זיך פערזאמעלט שווארצע וואלקענס אויפ'ן הימעל. מיט יעדער מינוט זיינען דיא וואלקענס געווארען געדיכטער און פינסטערער. עס איז געווען דייטליך, אז באלד וועט אנקומען

א שטורם. קוים האט ארטהור געענדיגט זיין רעדע, האט זיך ווייט, ווייט אויפגע־שפאלטען דער הימעל און א לאנגער בליץ האט אויף א סעקונדע בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד. דאן איז ווידער געווארען פינסטער, נאך פינסטערער, וויא פריהער.

— ארטהור! דוא פערגעסט, וואס דוא האסט מיר געשווארען! האט עלווירא אויסגערופען. דוא קענסט מיך בעפרייען פון מיין שוואור, דוא קענסט אבער ניט בע־פרייען זיך אליין פון דיין שוואור. דוא האסט געשווארען, דוא זאלסט מיך ליעבען ביז אין דיין טויט. דוא מוזט עס האלטען. — ניין, ארטהור! דוא קענסט עס ניט טאהן! דוא וועסט עס ניט טאהן! —

אין דיעזע מינוט האט א שטארקער דונער געטאהן. דיא בערג, דיא וועלדער, דיא פעלזען ארום האבען געענטפערט מיט זייער ווידערהאלל. — ווידער א בליץ. ארטהור'ס און עלווירא'ס געזיכט זיינען געווארען בעלייכטעט. זיי זיינען געווען בלייך. ביידע האבען א ציטער געטאהן. דער שטורם פון דער נאטור האט געפאסט צום שרעקליכען שטורם אין זייערע הערצער.

— הערסט דוא, ארטהור, וויא עס דונערט? האט עלווירא געפרעגט, — דאס רעדט דער הימעל. ער פאָדערט, אז דוא זאלסט האלטען, וואס דוא האסט מיר גע־שווארען. ער דראהעט דיר דורכ'ן דונער.

— איך קען ניט, עלווירא! איך טאר עס ניט! איך דארף עס ניט! איך האב קיין רעכט אוועקצורויבען ביי דיר דיין גליק און דיין פרייד אין לעבען. מיר קענען יעצט ניט דענקען זיך צו פעראייניגען. דאַ מוזען מיר זיך צונעהן. ווען זיך פארשטעלען א געלעגענהייט, מיר זאלען קענען ביידע גליקליך זיין, דאן וועל איך געוויס זיא ניט איינ־לאזען. דערווייל אבער איז עס אונמעגליך.

עלווירא האט געשוויגען אייניגע צייט. זיא האט ניט געוואוסט, וואס זיא זאל איהם ווייטער זאגען און וויא אזוי זיא זאל איהם בעוועגען, ער זאל ענדערן זיין בעשלוס און זאל בעסער דענקען, וואס צו טאהן אין אזא לאגע.

— איז דאס דיין לעצטעס ווארט? האט זיא ענדליך אויסגערופען. ווילסט דוא זיך גאר ניט איבערלעגען? ווילסט דוא גאר ניט נאכדענקען?

— עס איז מיין לעצטעס ווארט! האט ארטהור געזאגט ערנסט. איך האב שוין נאכגעדאכט און האב מיך שוין איבערלעגט. — איך קען ניט אנדערש! — געה דיך דיין וועג, עלווירא! זיי גליקליך!

— קיין איינציגעס ווארט מעהר? האט עלווירא געפרעגט צום לעצטען מאל.

— זיי גליקליך און פערגעס מיך.

— גוטע נאכט, ארטהור! האט עלווירא קוים, קוים ארויסגעקייכט און איז אוועקגעגאנגען.

ארטהור האט ניט געזעהן און ניט געהערט, וויא זיא איז אוועקגעגאנגען. ער איז געשטאנען צוגעשפארט צום שטיין — א בילד פון טרויער און פערצווייפלונג. ער וואלט געוויס אזוי געבליעבען שטעהן א לאנגע צייט, ווען עס זאלען ניט געווען אנהייבען צו פאלען גרויסע טראפענס רעגען. דאס האט איהם אויפגעוועקט.

— עלווירא, וואו ביסט דוא? האט ער אויסגערופען. ליעבע, גוטע עלווירא! וואו ביסט דוא? האט ער אנגעהויבען צו רופען.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. ער האט אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפ־טע און האט אנגעהויבען צו לויפען און צו שרייען:

— עלווירא! עלווירא!

דער רעגען האט אנגעהויבען צו געהן שטארקער. איין בליץ נאכ'ן אנדערן האט בעלייכטעט דעם הימעל. איין דונער נאכ'ן אנדערן האט געדווישט און געקנאקט. ארטהור איז געבליעבען שטעהן. זיינע קרעפטע האבען ניט אויסגעהאלטען. ער האט נאך גאר ניט געדארפט ארויסגעהן. ער האט געפיהלט א שרעקליכען שמערץ אין דער זייט און איז געפאלען אין אהנמאכט.

## 20טער קאפיטעל.

# ער איז דאך א הענקער.

דער שטורם האט אויסגעבראכען מיט זיין גאנצער מאכט. אין טהורעם פון טשעמני זיינען אלע געלעגען אויף זייערע געלעגערס און האבען געשלאפען. נור אננא, דעם הענקערס טאכטער האט ניט געקענט שלאפען. פון צייט צו צייט איז זיא צו־געגאנגען צו ארטהורס צימער און האט א קוק געטאהן. — ער איז דארט ניטא. זיא איז אראפגעגאנגען דיא טרעפ און איז ארויסגעגאנגען און דרויסען. — ארטהור איז דארט אויך ניטא.

— וואס זאל דאס הייסען? האט זיא געפרעגט זיך אליין. וואו האט ער ערגעץ געקענט אהינקומען?

אזוי וויא זיא איז ארומגעגאנגען און האט זיך אזוי געזארגט, וואס ארטהור איז ניטא, האט אויסגעבראכען דער שטורם מיט זיין גאנצער מאכט. אננא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיא איז געגאנגען וועקען איהר פאטער.

— פאטער, פאטער! האט זיא געבעטען, דער פרעמדער איז ארויסגעגאנגען שוין זייט א שטונדע און איז נאך ניטא צוריק. לאמיר געהן איהם זוכען. איהם האט געוויס פאסירט אן אונגליק. ער קען דאך ניט בלייבען אין דרויסען אין אזא שרעקליכעם וועטער.

מיכאאיל האט זיך אויפגעכאפט און האט זיך אויסגעווישט דיא אויגען. אין דרויסען האט געקנאקט דער דונער און דיא בליצען האבען געבלענדעט און בעלייכטעט דעם הימעל.

— דאס וועטער איז שרעקליך, האט דער הענקער געזאגט, אז דער טייפעל אליין דארף ניט ארויסשיקען זיינע ביידע גייסטער אין אזא צייט. איך דארף אייגענטליך ניט געהן אין אזא וועטער צוליעב א פרעמדען, איך וועל אבער דיר צוליעב טאהן. — בלייב דוא אין דערהיים, אננא, איך וועל געהן אליין.

ער האט זיך אנגעטאהן און איז ארויסגעגאנגען אין שרעקליכען שטורם. — —

ארטהור איז געלעגען אהנמעכטיג און בעוואוסטלאז אויף דער נאסער ערד. דער רעגען האט געגאסען עמער וויים. דאס קאלטע וואסער האט איהם אויפגעוועקט. ער האט געעפענט דיא אויגען. ער האט געוואלט זיך אויפהייבען. — עס איז געווען

אונמעגליך. ער האט זיך ניט געקענט ריהרען. אלע גליעדער האבען איהם וועה געטאהן, בעזונדערס אבער האט איהם וועה געטאהן דיא פּלייצע. ער האט זיך געווים אנגעשלאגען אן א שטיין, ווען ער איז אומגעפאלען.

דיא וואונד אין דער זייט האט זיך געעפענט און האט איהם שרעקליך וועה געטאהן. קוים האט ער אנגעהויבען זיך צו ריהרען, האט ער געפיהלט, אז עס שטעכט איהם, רייסט איהם, צופּט איהם און טהוט איהם שרעקליך וועה. דער שטורם האט גערוישט, געקאכט און געפייפט ארום איהם. ער האט זיך אבער ניט געקימערט וועגען איהם. ביי איהם אין קאפּ האט געבוירעט נור איין געדאנק: וואו איז עלווירא? האט ער זיא ווירקליך אוועקגעשטויסען פון זיך?

— עלווירא! עלווירא! האט ער גערופען אין דער דונקלער נאכט.

עלווירא! האט געענטפערט דער ווינט. עלווירא! האט געקנאקט דער דונער. עלווירא! האט עס גערוישט אין זיינע אויערן. ער האט אויפגעהויבען דעם קאפּ, ער איז איהם געווען אזוי שווער, גלייך וויא עס וואלט געלעגען אויף איהם א שווערע לאסט פון א צענטנער בליי. ער האט געמוזט איהם אראפּלאזען צוריק אויף דיא נאסע און קאלטע ערד.

באלד האט ער געהערט שווערע טריט. עס זיינען אנגעקומען מענשען. ארטהור האט אנגעהויבען צו קרעכצען אין דער הויך.

עס זיינען ווירקליך געגאנגען צוויי מענשען.

— עס איז שרעקליך! האט איינער פון זיי אויסגערופען, דער שטורם רוישט מיט אזא שטארקער מאכט, גלייך וויא ער האט געוואלט פערניכטען אלעס אין דער וועלט. מיר מוזען געהן שנעלער, מיר מוזען זוכען שוץ ערגעץ אין א הויז.

— איך קען גוט דיא געגענד, האט דער אנדערער געענטפערט. מיר מוזען אריינגעהן אין דארף טשעמני, וועלכעס איז אבער ווייט פון דאנען. דער איינציגער ארט, וועלכער איז נאהענט פון דאנען, איז דער פערפלוכטער טהורם פון טשעמני. קענען מיר דען געהן אהין?

— נאט בעוואהרע! איך קען אויך קיין פאל ניט געהן נאהענט פון דיעזען טהורם! האט דער אנדערער געענטפערט. איך וועל ליעבער שטעהן אין דרויסען אין דיעזען שרעקליכען רעגען אלס פארביי געהן דעם טהורם פון טשעמני.

זיי זיינען געגאנגען עטליכע שריט ווייטער און האבען דערהערט א שטילעס זיפצען.

— וואס איז דאס? האט איינער אויסגערופען. איך הער זיפצען! דא ליעגט א מענש. — לאמיר געהן איהם העלפען.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו דעם ארט, וואו ארטהור איז געלעגען. אין דיעזער מינוט האט א שטארקער בליץ בעלייכטעט דעם הימעל און דיא ערד. דיא מענער האבען דערזעהן, אז פאר זיי ליעגט א מאן אין א רויטען מאנטעל. זיי האבען א ציטער געטאהן און זיינען אפּגעשפּרונגען פון איהם אויף עטליכע שריט.

— דא ליעגט דער הענקער! האבען זיי אויסגערופען ביידע מיט איין מאל און האבען אנגעהויבען זיך צו איבערקרייצען.

ארטהור האט זיך געביסען דיא ליפּען פאר שמערץ, שאנדע און פערדרוס. ער

האט נור אנגעטאהן א-רויטען מאנטעל און מען אנטלויפט שוין פון איהם, וויא פאר דער פעסט!

— זיינען ווירקליך דיא מענשען אזוי שלעכט, אזוי נארריש און אזוי פערדארבען. אז אין א שעהנעם קלייד קענען זיי פערגעטערן דעם טייפעל און אין א שלעכטעם קלייד קענען זיי פערטייפלען א גאט? האט ער געפרעגט זיך אליין. מאכט דער רויטער מאנטעל דעם מענשען שלעכט אדער טהוט עס זיין שלעכטער, פערדארבענער חאראקטער? בין איך דען ערגער געווארען דערפון, וואס איך האב אנגעטאהן א רויטען מאנטעל? ווער זאל איהם ענטפערן אויף דיעזע פראגען?

— העלפט מיר, מענשען! האט ער אויסגערופען. איך פיהל מיך זעהר שלעכט און קען מיך ניט ריהרען.

— און ווען דוא זאלסט אונז שענק'ען פעסער מיט גאלד, קענען מיר דיך דאך ניט אנריהרען! האבען דיא צוויי מענער אויסגערופען. דוא ביסט א הענקער! דוא ביסט פערפלוכט און פערדאמט פון גאט און מענשען.

— אוועק פון דאנען! געהט אייך אוועק, איהר עלענדע, ניעדערטרעכטיגע מענשען! האט אין דיעזער מינוט אויסגערופען א קרעפטיגע שטימע. איהר זייט פערדאמט מיט אייער פרומקייט און מיט אייער גוטסקייט! — וויא לאזט מען עס ליעגען א מענשען אויף דער ערד אין אזא שרעקליכעם וועטער? פון וואנען נעהמט זיך עס צו מענשען אזוי פיעל שלעכטיגקייט און אזוי פיעל גרויזאמקייט צו לאזען א מענשען ליעגען אין דער נעץ און אין דער קעלט, ווען איהר קענט איהם העלפען?

דאס האט געזאגט דער הענקער מיכאאיל. ער איז ארויסגעגאנגען אין שרעקליכען שטורם זוכען ארטהורן און האט דערזעהן ביים שיין פון דיא בליצען זיין רויטען מאנטעל.

ער איז צוגעלאפען צו איהם, האט איהם אויפגעהויבען, וויא מען הייבט אויף א קינד און האט איהם אוועקגעטראגען צו זיך אין טהורם.

דיא ביידע רייזענדע, וועלכע האבען אלעס געזעהן, זיינען געשטאנען פון דער ווייטען און האבען געציטערט.

— לאמיר אנטלויפען! האט איינער געזאגט צום אנדערן, אלע הענקער פון דער גאנצער וועלט זיינען זיך צונויפגעקומען אהער. דיעזער ארט איז פערפלוכט. מיר טארען דא ניט שטעהן. לאמיר אנטלויפען!

און זיי זיינען אנטלאפען, וויא ווייט דיא פיס האבען זיי געטראגען; זיי זיינען אנטלאפען גלייך וויא בייזע גייסטער וואלטען זיי נאכגעיאגט; זיי זיינען אנטלאפען גלייך וויא זיי וואלטען דערזעהן דעם טייפעל אליין.

מיכאאיל האט גענומען ארטהורן אויף דיא הענד און האט איהם געטראגען צו זיך אין טהורם. אויפ'ן נאנצען וועג איז ארטהור געווען שטיל און האט זאגאר ניט גערעכצט. וויא מיכאאיל אבער האט איהם אריינגעבראכט צוריק אין זיין צימער, האט איהם אויסגעטאהן זיינע נאסע קליידער און האט איהם אנגעטאהן טרוקענע; ווען מיכאאיל האט איהם איינגעדעקט און האט געהייסען זיין טאכטער אננא, זיא זאל איהם אפקאכען עפּעס ווארעמעס, — דאן ערשט האט ארטהור זיך אנגעהויבען צו ריהרען און האט אנגעהויבען צו רעדען, וויא א וואהנזיניגער. אט האט ער גערופען

עלווירא'ן, אט האט ער גערעדט צו דיא צווייא מענשען, וועלכע האבען איהם געפונען אויפ'ן וועג און האבען ניט געוואלט איהם אויפהייבען, דערפאר וואס ער האט געטראגען א רויטען מאנטעל. באלד האט ער גערעדט פון גראף ראדעצקי און באלד האט ער גערופען דעם גראף פאן טאקקי. באלד האט ער צונויפגעלעגט דיא הענד אין שרעקליכע פייסטען און האט וועמען געדראהעט און באלד האט ער זיך אנגעחאפט מיט דיא הענד ביים קאפ און האט געשריעען, אז דער קאפ ווערט איהם צושפאלטען.

אננא האט זיך דערשראקען פאר איהם און איז געלאפען רופען איהר פאטער. מיכאאיל האט איהם בעטראכט אייניגע מינוט און האט געזאגט טרויעריג:

— דיעזער מענש וועט אראפ פון זינען אדער ער העט באלד שטארבען. עס שטעהט זעהר שלעכט מיט איהם. — בלייב דא, אננא גיב איהם פון צייט צו צייט א טרונק, מעהר קען איך יעצט פאר איהם ניט טאהן.

אננא איז געבליעבען זיצען לעבען קראנקען און האט געוואכט אויף איהם.

דער שטורם איז ענדליך פאראיבער. דיא ווילדע נאטור האט איבערגעקאכט. אין דרויסען איז געווארען שטיל. דער הימעל האט זיך אויסגעלייטערט. אין אָסטען (מזרח) האט זיך געוויעזען א רויטער פאס ליכט. דער יונגער טאג האט זיך געוויעזען. דיא שרעקען פון דער נאכט זיינען פערשוואונדען. — ליכט איז לעבען!

אויך אין ארטהור'ס ברוסט האט דער שטורם אויפגעהערט. עס איז ביי איהם נאך ניט טאג געווארען, ער האט זיך אבער געפיהלט א ביסעל לייכטער. עס האט איבערגעקאכט, איבערגעזאטען ביי איהם אין הארצען. — ער האט אנגעהויבען זיך צו בערוהיגען.

ער האט געעפענט דיא אויגען און האט דערזעהן, וויא דיא גוטע, געטרייע אננא איז געזעסען לעבען זיין בעט.

— דוא ביסט עס, אננא? האט ער געפרעגט.

— איך בין עס, מיין העררר. וואס ווילט איהר?

— וואו איז עלווירא?

אננא האט געשוויעגען. וואס האט זיא געקענט איהם ענטפערן? האט זיא דען געוואוסט, וואו עלווירא איז?

— גיב מיר וואסער, אננא! האט ארטהור געבעטען. — גיב מיר קאלטעס וואסער! עס ברענט מיר דא אינעווייניג. עס ברענט מיר, וויא א פייער; — גיב מיר וואסער, אננא, אדער איך ווער פערברענט פון שמערץ און פערצווייפלונג.

אננא איז געגאנגען ברענגען קאלטעס וואסער פון א קוואל אין הויף פון'ם טהורעם. ווען זיא איז צוריקגעקומען, איז ארטהור געלעגען אין אהנמאכט. זיא איז אראפגעלאָפען רופען איהר פאטער.

— וואס ווילען זיי פון מיר האבען? האט געברומט דער הענקער, זיי לאזען מיר זיך ניט אפרוהען.

דענאך איז ער געגאנגען אין ארטהורס צימער. ער האט איהם בעטראכט אייניגע צייט און האט געזאגט צו זיין טאכטער:

— עס האט זיך אנגעהויבען דיא קריזיס אין זיין קראנקהייט: ער וועט געזונד

ווערן, אדער ער וועט שטארבען נאך היינטיגען טאג. ביסט דוא אימשטאנד צו וואכען לעבען איהם?

— יא, פאטער, האט דאס עדעלע מערכען געענטפערט. — — — — — — —

מיר מוזען זיך אומקעהרען מיט איינינע שטונדען צוריק און דערצעהלען, וואס עס האט פאסירט מיט עלווירא'ן, זייט זיא איז אוועקגעגאנגען פון ארטהור'ן.

מיט טיעפען שמערץ אין הערצען, וויא א פערוואונדעטע טיגערין, וועלכע טראגט דיא טייטליכע קוגעל אין איהר לייב, און וויל זיך ניט בייגען פאר איהרע פיינד, איז עלווירא אוועקגעגאנגען פון איהר געליעבטען. — וואוהין? דאס האט זיא ניט געוואוסט און האט ניט געוואלט וויסען. וואס מאכט עס איהר אויס וואוהין?

זיא איז געגאנגען אהן א וועג און אהן א שטעג. דער שטורם האט אויסגעבראכען. דיא בליצען האבען געבלענדעט דיא אויגען. דיא דונערן האבען פערטויבט דיא אויערן. דער רעגען האט געגאסען עמער וויים. עלווירא האט עס ניט געפיהלט זיא איז געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער. ענדליך איז זיא געווארען אזוי דורכגענעצט אזוי דורכגעווייקט, אז זיא האט געמוזט בלייבען שטעהן.

— איך קען ווייטער ניט געהן! האט זיא געקייכט. איך מוז זוכען ערגעץ שוץ פארן רעגען!

זיא האט אנגעהויבען זיך ארומצוקוקען, וואו זיא איז ערגעץ אין דער וועלט און האט דערזעהן אז אויבען אויף א בערגעל שטעהט עפּעס א הויז. עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז דאס איז אן אלטעס איינגעפאלענעס הויז, א רואינע, א חורבה. זיא האט זיך צוגעשלעפט צו דיעזעם הויז.

דאס איז געוועזען קיין לייכטע ארבייט אין אזא שרעקליכעס וועטער. פון דיא בערג האבען זיך געגאסען טייכלעך. אין דעם טאהל האבען דיא וואסערן גערוישט און געקאכט. עלווירא האט געמוזט געהן ביז אין דיא קניע אין וואסער. זיא איז צוגעקומען צום בערגעל, פון איהם האט זיך געגאסען וואסער. זיא האט געמוזט קריעכען מיט דיא הענד און מיט דיא פיס. פון צייט צו צייט האט זיא זיך געמוזט אפּרוהען. דער בארג איז געוועזען הויך און שטייל (משופע). מיט אונבעשרייבליכער מיה איז עס איהר געלונגען ארויפצוקריעכען אויפ'ן בערגעל, וועלכער האט זיך איהר אויסגעוויעזען פון דער וויטען צו זיין גאנץ ניעדעריג. יעצט האט זיא דערזעהן, אז ער איז גענוג הויך.

אויפ'ן בערגעל זיינען ווירקליך געשטאנען דיא שווארצע מויערן פון אן אלטען שלאס. אין דיא מויערן איז אבער אלעס געוועזען שטיל, רוהיג און פינסטער.

— דא וויינט געוויס קיינער ניט, האט עלווירא געזאגט צו זיך אליין, איך וועל אבער געוויס קענען מיך שיצען ערגעץ פון'ם רעגען.

זיא איז צוגעקומען צו דיא אלטע מויערן, האט אנגעהויבען צו זוכען אן ארט, וואו מען קען זיך בעהאלטען פארן רעגען און האט דערזעהן, אז א גאנצער פליגעל פון'ם אַלטען שלאס איז נאך געבליעבען שטעהן. קוים אבער איז זיא צוגעקומען נעהנטער, האט עפּעס אנגעהויבען צו קרעכצען און איז אוועקגעפלויגען.

דאס איז געוויס געוועזען א פויגעל, וועלכער האט זיך אויך געשיצט אונטער דיעזע

מויערן און עלווירא האט איהם פערטריעבען פון זיין ארט. — עלווירא האט עס ניט געוואוסט. זיא האט זיך דערשראקען און האט אנגעהויבען צו שרייען.

אין דער דיקער וואנט האט זיך געעפענט א טהיר. א הויכע שטארקע פרויען געשטאלט מיט א לאנטערנע אין דער האנד האט זיך געוויזען אויף דער טהיר.

— אום גאטעס ווילען! וואס איז דאס? האט דיא פרוי אויסגערופען, וויא קומט אהער א פרעמדע און נאך אין אזא שרעקליכע נאכט?

עלווירא האט איהר קוים געקענט ענטפערן. דיא הויכע פרוי האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט זיא אריינגעפיהרט אין צימער.

## 21טער קאפיטעל.

## אין שלאס ראדעצקי.

דיא טרויעריגע נאכריכט, אז רויבער זיינען אנגעפאלען אויפ'ן גראף געארג טאקקי און האבען איהם ערמארדעט, האט זיך באלד פערברייטעט אין דער גאנצער געגענד. דער יונגער מאן איז געווען זעהר בעקאנט און זעהר בעליעבט אין דער געגענד. אלע האבען געקענט דעם לוסטיגען, מונטערן און פרעהליכען געארג פאן טאקקי. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס פיעל בעקאנטע, גרויס און קליין, ארים און רייך, יונג און אלט זיינען געקומען אין שלאס טאקקי רעדען מיט דער אלטער גרעפין, זיא טרייסטען, פרעגען, וואס געארג מאכט און ווייזען, אז זיי פיהלען מיט איהרע ליידען.

דיא גרעפין אבער האט ניט געקענט אלעמען אויפנעהמען און רעדען מיט אלעמען. זיא האט דאהער געהייסען פערשליעסען דיא טויערן און קיינעם ניט אריינלאזען.

אין א צימער אין שלאס ראדעצקי געהט ארום א מאן פערזארגט און פערטראכט. זיין געזיכט איז פינסטער און זיינע אויגען קוקען אונרוהיג, גלייך וויא זייא וואלטען עפעס געזוכט.

— מיין פלאן איז ניט געראטהען! האט ער ענדליך אויסגערופען. דאס שיקזאל האט זיך מיר געשטעלט אין וועג און האט מיר געשטערט. — זאל איך מיך אין גאנצען אפזאגען? —

ער האט זיך פערטראכט און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן האסטיג אין זיין צימער.

— ניין, ניין! האט ער אויסגערופען און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו לייכטען, וויא דיא אויגען פון א געררייצטען וואלף. — איך האב אנגעהויבען און מוז עס ענדען! איך קען ניט בלייבען שטעהן אין דערמיט וועג. איך וועל אויספיהרען, וואס איך האב געוואלט און וועל ארויפטרעטען אויף דיא העכסטע שטופע, וואס א מענש קען נור דערגרייכען, אדער איך וועל אראפפאלען אין אפגרונד. שטעהן אין דערמיט פון'ם לייטער קען איך ניט. איך מוז זיין גאר אויבען אדער גאר אונטען.

ער האט זיך ווידער פערטראכט.

— אלענפאלס מוז איך עס איהר זאגען האט ער אויסגערופען. זיא מוז עס דאך וויסען!

ער איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין צימער, איז דורכגעגאַנגען דעם קארידאר און האט אנגעקלאפט אין צימער פון דער גרעפין.

— וואס איז מיט דיר, נאני? האט דיא גרעפין געפרעגט, ווען זיא האט איהם דערזעהן, עפּעס ביסט דוא מיר היינט זעהר ערנסט. וואס איז מיט דיר?

— מיט מיר איז גאר נישט, האט נאני געענטפערט. מיט א געוויסען נעאַרג טאָסקי אבער איז געשעהן עפּעס.

אויפ'ן געזיכט פון דער גרעפין האט זיך געוויזען יענער שטאלצער און ווילדער אויסדרוק, וועלכען זיא פלעגט זיך געבען אלע מיה צו בעהאלטען און צו פערדעקען. זיא פלעגט זיין העסליך, אבשייליך, ווען אויף איהר שעהנעם געזיכט פלעגט זיך וויזען דיעזער אויסדרוק.

— איז דיין פּלאן געלונגען? האט זיא געפרעגט צווישען דיא צעהנער.

— ניין, האט נאני געענטפערט.

דאס געזיכט פון דער גרעפין איז געווארען פינסטער, וויא דיא נאכט.

— האסט דוא געפינסטערנס יענעם דאקומענט אין דיא הענד? האט זיא געפרעגט.

— ניין.

— וויא קען עס זיין? ערקלער עס מיר, נאני!

— גאנץ איינפאך. איך מיט מיינע מענשען האבען געלויערט אויף איהם ניט ווייט פון דאנען. מיר זיינען געווען זיכער, אז ער וועט פארביי פאהרען פארביי אונז און מיר וואָלטען געוויס געהאט זיינע דאקומענטען אין דיא הענד. ניט ווייט פון בודאַ־פּעסט אבער זיינען אויף איהם אנגעפאלען אנדערע רויבער און האבען איהם געטויטעט. מיר האבען דאָ געווארט און זיינען ניט געשלאפען דורך דיא נעכט און ער איז שוין דארט געלעגען טויט.

דיא גרעפין האט זיך אנגעשפּארט אויף איהר שטוהל און האט זיך אויך פערטראכט. דיעזע נאכריכט איז איהר געווען זעהר אונאנגענעהם. באלד אבער איז זיא געקומען צו זיך און האט געזאגט:

— וואס ביסט דוא אזוי אונרוהיג, נאני? נעארג איז טויט. דיא רויבער האבען ביי איהם אלעס צוגענומען. אלזא, האט דער באראן ארטהור פאן באטהיאני שוין קיין זענ און קיין מיטעל צוריק צו בעקומען זיין פערמעגען. דאס האבען מיר דאך געוואלט.

— רעדט ניט גרעפין פון א באראן ארטהור פאן באטהיאני! האט נאני אויסגערופען. אזא באראן איז שוין לאנג ניטא אויף דער וועלט. עס איז דא א הענקער אין טהורעם פון טשעמגי, וועלכער הייסט ארטהור. דאס איז אלעס! — ווען איך בין אונרוהיג, איז עס נור דערפאר, ווייל דאס דאקומענט געפינט זיך אין פרעמדע הענד, ניט אין אונזערע. ווען איך זאל עס געווען האבען, וואלט איך עס פערברענט און וואלט געווען זיכער, אז עס וועט שוין קיין מאל ניט פארקומען. יעצט אבער האב איך מורא. פיעלייכט וועלען דיא רויבער עס ארויסגעבען? פיעלייכט וועלען זיי עס פערקויפען? פיעלייכט וועט מען זיי חאפּען און מען וועט געפינען ביי זיי דיעזעס דאקומענט?

דיא גרעפין האט זיך פערטראכט. נאני האט דאך רעכט.

— איך האב דאך געהערט, אז עלווירא וויל פאהרען קיין בודאפעסט בעטען דעם

מעראס און דעם וויצע קעניג, די זאלען בעפרייען איהר געליעבטען פון טהורעם פון טשעמני, האט זיא געזאגט, וויא צו זיך אליין. דאן וועלען מיר ווידער האבען א באראן פאן באטהיאני, א מענשען, וועלבער וועט זיך אונז שטעלען אין וועג און וועט פערניכטען אלע אונזערע פלענער.

— איך האב אייך שוין איין מאל געזאגט, גרעפין, אז עלווירא דארף ניט פאהרען קיין בודאפעסט, האט נאני געענטפערט פעסט ענטשלאסען. זיא מוז הייראטהען מאקס'ן און ווערן דיא גרעפין ראדעצקי. פערלאזט אייך אויף מיר. איך וועל שוין אלעס בעזארגען. וואס פאר א מיטעל איך וועל דערצו אנווענדען, בלייבט זיך גלייך. איהר קענט מיך און וויסט, אז איך פיהר אויס אלעס, וואס איך נעהם מיך אונטער.

דיא גרעפין האט א קוק געטאהן אויף דעם מענשען, וועלבער האט גערעדט צו איהר און האט זיך דערשראקען. אין זיינע אויגען האט געברענט א זאנדערבארעס העלישעס פייער. זיא האט עס ניט געקענט איבערטראגען.

— לאז מיך אליין, נאני! האט זיא געבעטען. איך פיהל מיך אזוי אויפגערעגט, אז איך מוז מיך אביסעל צולעגען.

— איך לאז אייך, גענעדיגע פרוי, האט נאני געזאגט, איך וועל אלענפאלס פאהרען קיין בודאפעסט.

— צו וואס דארפסט דוא פאהרען קיין בודאפעסט?

— גנעדיגע פרוי! וויסט איהר דען ניט, אז איך מוז יעצט פאהרען?

— איך וויים! איך וויים, האט דיא גרעפין געזאגט שטילערהייט. — וויא לאנג רעכענסט דוא צו בלייבען דארט?

— צוועלף ביז פיערצעהן טאג מוז איך דארט בלייבען. איהר וויסט דאך, גנעדיגע פרוי, וואס פאר אן ארבייט איך האב דארט.

— איך וויים, איך וויים, האט געזאגט שטילערהייט דיא גרעפין.

— אזוי וויא מאקס שלאפט שוין און איך קען איהם ניט זעהן, בעט איך אייך, איהר זאלט איהם זאגען, ער זאל געהן אין שלאס טאקקי און זאל דארט ווייזען דיא דאמען, וויא טיעף ער פיהלט זייער שמערץ; וויא דאס אונגליק, וועלבעס האט זיי געטראפען, קרענקט איהם. מאקס דארף זעהן צו טרייסטען דיא גרעפין עלווירא און איהר מוטער. ער דארף זיי ווייזען, וויא טיעף ער פיהלט זייער שמערץ. — ניט עס איהם צו פערשטעהן, גרעפין.

גרעפין ראדעצקי האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפ.

— אלזא, זייט געזונד, גנעדיגע גרעפין! האט נאני געזאגט, איך רעכען ארויספאהרען מארגען גאנץ פריה.

— פאהר געזונדערהייט, נאני! האט דיא גרעפין געענטפערט.

נאני איז אוועקגעגאנגען. דיא גרעפין איז געבליעבען אליין. זיא האט זיך צוריק־געווארפען אויפ'ן דיוואן און האט זיך פערטראכט.

— וואס האב איך געטאהן? האט זיא אויסגערופען און האט פערדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד. — צו וואס האב איך מיך אריינגעלאזען אין אזא קעסעל גרוב פון ליידען, געפאהרען, אנגסט און פערברעכען? צו וואס האט עס מיר געטוינט? —

פאר וואס האב איך איהם געפאלגט? — איך האס איהם. איך פעראבשייע איהם און דאך — מה איך איהם האבען! דאס איז אן אונגליק! צו האסען א מענשען און דאך זיין צוגעבונדען צו איהם! — וואו ביסט דיא, ראבערט? — האסט דוא מיך פערגעסען? — ניין! דער טויט האט אונז צושיידט — צושיידט אויף אייביג.

זיא האט זיך אנגעשפארט אויפ'ן דיוואן און שווערע, פינסטערע געדאנקען זיינען איהר געקראכען אין קאפ און האבען זיא ניט געלאזען רוהען. — — — — —

אין שלאס טאקקי איז עס זעהר טרויעריג. שוין צוויא טעג זיינען פערגאנגען, זייט עלווירא איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען און מען וויים ניט, וואו זיא איז. מען האט זיא שוין אויסגעזוכט אין דער גאנצער געגענד. מען האט שוין געמעלדעט דער פאליציי אין דער שטעדטעל ראזעני, מען האט שוין ארויסגעשיקט זשאנדארמען זיא צו זוכען אין אלע שטראסען. — אלעס אומזיסט! עלווירא איז אריין, וויא אין וואסער.

עס איז צעהן אוהר אין דער פריה. דיא אלטע גרעפין טאקקי זיצט אין איהר זאל טרויעריג און פערטראכט. א שווערער אונגליק האט זיא געטראפען אין דיא לעצטע עטליכע טעג. איהר זוהן ליעגט אויפ'ן טויטענבעט אין בודאפעסט. איהר טאכטער איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען, זיא וויים ניט וואו.

— שטארבען! מורמלען איהרע ליפען. איך וויל שטארבען! דער טויט ברענגט רוהע. מיין מאן שלאפט רוהיג אין זיין קאלטען גרוב. ער וויים ניט פון מיינע ליידען. איך זעה אלעס, הער אלעס און קען ניט העלפען. — שטארבען! שטארבען און פערגעסען!

דיא טהיר האט זיך געעפענט. א דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז דער יונגער גראף ראדעצקי איז געקומען און וויל זיא זעהן.

דיא גרעפין האט אנפאנגס ניט געוואלט איהם אויפנעהמען. איהר שמערץ איז געוועזען צו גרויס און צו שטארק. זיא האט קיינעם ניט געוואלט זעהן; מיט קיינעם ניט געוואלט רעדען.

— איך קען איהם ניט אויפנעהמען, האט זיא געזאגט צום דיענער.

— דער גראף בעט זעהר, איהר זאלט איהם ערלויבען אריינצוקומען, האט דער דיענער געענטפערט.

— פיהר איהם אריין, האט ענדליך דיא גרעפין געזאגט.

אין א מינוט ארום איז מאקס ראדעצקי אריינגעקומען אין זאל. ער האט זיך זעהר העפליך פערנייגט פאר דער גרעפין און זיינע אויגען האבען געזוכט נאך איינעם. ער האט געזוכט דיא יונגע גרעפין עלווירא.

וויא איבערראשט איז ער געוועזען, ווען ער האט זיא ניט געפונען. ער האט נאך ניט געוואוסט, אז עלווירא איז פערשוואונדען געווארען און איז געוועזען זיכער, אז ער וועט זיא געפינען ביי איהר מוטער. ער האט זיא געזוכט מיט דיא אויגען און האט זיא ניט געפונען.

— ליעבע גרעפין, איך האב געהערט פון דעם אונגליק, וואס אייך האט גע-טראפען, האט ער אנגעהויבען צו רעדען, און איך בין געקומען בעצייגען אייך מיין

בעדויערן אין מיין מיטלייד. אייער זוהן, געארג, איז געווען איבעראל געשעצט און גע־אכטעט. אלע בעדויערן זיין שיקזאל.

— איך דאנק אייך, גראף ראדעצקי, וואס איהר זייט געקומען מיך טרייסטען, האט דיא גרעפין געענטפערט. — אך! איהר ווייסט נאך גאר ניט, וויא גרויס עס איז דאס אונגליק, וועלכעס האט מיך אין דער לעצטער צייט געטראפען. וויא עס ווייזט אויס, ווייסט איהר נאך ניט אלעס.

— איהר דערשרעקט מיך, גרעפין! האט מאקס ראדעצקי אויסגערופען. איז שוין דא עטוואס נייעס, פון וועלכען איך ווייס נאך ניט? — וואס רעדט איהר, גרעפין? מיינע מוטער וועט עס ניט איבערטראגען!

— פרעגט ניט, גראף ראדעצקי! — איך קען עס אייך ניט זאגען. עס פעהלען מיר ווערטער, עס אייך איבערצוגעבען.

— וואו איז אייער טאכטער? וואו איז דיא גרעפין עלווירא? האט פלוצלונג מאקס געפרעגט.

דיא אלטע גרעפין האט אנגעהויבען צו וויינען.

— איך ווייס ניט. — איך קען עס אייך ניט זאגען!

— אום גאטעס ווילען! וואס איז געשעהן? האט מאקס אויסגערופען טרויעריג.

— איך ווייס אליין ניט. עלווירא איז אוועקגעגאנגען פון דער היים און איז ניט צוריקגעקומען.

— שוין לאנג? האט מאקס געפרעגט.

— שוין זייט צוויי טעג.

מאקס איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. דאס האט ער ניט ערווארטעט. אויך אזא אונגליק האט ער זיך ניט גערעכנט.

— גרעפין! האט ער ענדליך אויסגערופען, זייט איהר זיכער, אז עלווירא האט זיך ניט גענומען......

— איך האף, אז ניין, האט דיא גרעפין געענטפערט.

— נון גרעפין, דאן גיב איך אייך מיין עהרענווארט אלס קאוואליער און אלס גראף, אז איך וועל ניט רוהען און ניט ראסטען, ביז איך וועל זיא אויפזוכען.

— אך, וויא דאנקבאר וואלט איך אייך געווען, ווען איהר זאלט מיר געפונען מיין קינד!

— איך האב געענוג מענשען, האט מאקס געזאגט, איך וועל זיי ארויסשיקען אויף אלע שטראסען. איך אליין וועל אויך ניט שווייגען. איך וועל ארומפאהרען, איך וועל ארומלויפען, איך וועל זיא אויסזוכען אין גאנץ אונגארן, ביז איך וועל זיא געפינען.

— איהר קענט אייך דענקען, הערר גראף, וויא אונגליקליך איך בין, האט גע־וויינט דיא אלטע פרוי, איך האב נור וואס פערלארען מיין טהייערן געליעבטען זוהן. מיר איז געבליעבען דיעזע איין איינציגע טאכטער און יעצט איז דיעזע טאכטער אויך פערשוואונדען.

— זייט זיכער, גרעפין, ווען עלווירא לעבט נור, וועל איך זיא געפינען. — איך ווייס אבער ניט, אויב זיא וועט העלען רעדען מיט מיר, ווען איך וועל זיא געפינען

זייט עס האט פאסירט דאס אונגליק מיט׳ן באראן באטהיאני, איז זיא עפּעס אונצו־
פריעדען מיט מיר. איך וויים ניט פאר וואס. איך וויים ניט, וואס האט זיא צו מיר.
וואס בין איך דען שולדיג, וואס דעם באראן האט פאסירט אזא אונגליק? — איך
האב אבער געזעהן, אז זיא איז בייז אויף מיר. ווען איך וועל זיא געפינען, וועט זיא
פיעלייכט גאר ניט וועלען רעדען מיט מיר. איך וואלט אייך געבעטען, איהר זאלט מיר
געבען צו איהר א בריעף.

— איהר האט רעכט, גראף! האט דיא אלטע פערזארגטע און פערטרויערטע
גרעפין אויסגערופען. איהר האט רעכט. איך וועל אייך געבען א בריעף צו איהר. אז
זיא זאל קומען מיט אייך.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר שרייב טיש און האט זיך געזעצט שרייבען.

— דאס איז געווען א גוטער איינפאל פון מיר! האט זיך מאקס געטראכט.
דאס איז זעהר וויכטיג!

אונטערדעסען האט דיא גרעפין אנגעשריעבען פאלגענדען בריעף.

געליעבטע טאָכטער!

דוא וויים געווים און פיהלסט געווים דיא שמערצען, וואס דוא האסט
פערראורזאכט דיין אונגליקליכער מוטער מיט דעם, וואס דוא ביסט אוועקגעגאנגען
און האסט מיר ניט געזאגט וואוהין. איך פערצייהע דיר אלעס. איך וויים, אז
דוא ביסט א גוטעס, ליעבענדעס קינד. איך בעט דיך דוא זאלסט געהן מיט דעם
מאן, וועלכער וועט דיר ברענגען דיעזען בריעף. דוא וועסט מיך דערמיט בעצייגען,
אז דוא ליעבסט נאך דיינע אונגליקליכע מוטער.

עללא גרעפין פאן טאָקקי.

דער בריעף איז געווען אן אפענער. אזעלכע בריעף פערזיעגעלט מען געוועהנליך
ניט. זיא האט איבערגעגעבען דעם בריעף מאקס ראדעצקי.

— איך דאנק אייך, גרעפין, פאר אייער צוטרויען, האט מאקס געזאָגט, און איך
שווער אייך נאך א מאל, אז איך וועל ניט עסען און ניט טרינקען, ביז איך וועל געפינען
אייער טאכטער. איהר וועט זיך דאן איבערצייגען, וויא הויך איך שעץ אייך און וויא
טהייער ביי מיר איז דיא פאמיליע טאָקקי.

ער איז נאך געזעסען אייניגע מינוט, האט אבשיעד גענומען פון דער גרעפין און
איז אוועקגעגאנגען.

## 22טער קאפיטעל.

# עלוויראַ׳ס רעטערין.

מיר מוזען זיך אומקעהרען מיט צוויי טעג צוריק און דערצעהלען, וואס עס האט
פאסירט מיט עלוויראַ. מיר האבען שוין דערצעהלט, וויא זיא האט געזוכט זיך צו
שיצען פאר׳ן שטורם אין אן אלטען איינגעפאלענעם שלאָס.

ווען זיא האט זיך אומגעקוקט, וואו זיא איז ערגעץ אין דער וועלט, האט זיא
דערזעהן, אז זיא געפינט זיך אין אן ארימעס, עלענדעס צימער. אויף דער ערד איז
געווען אנגעלעגט שטרוי. וואהרשיינליך זיינען דיא איינוואוינער פון דיעזען ארט גע־

שלאפען אויפ'ן שטרוי. אין דער מיט צימער איז געשטאנען א גאנץ איינפאכער שווע־רער טיש. אויפ'ן טיש האט געברענט א חלבן ליכט א'ן א לעהמענעם לייכטער.

עלווירא איז געווען אזוי מיעד און אזוי אויפגערעגט פון אלעם, וואס האט מיט איהר פאסירט היינטיגען טאג, אז זיא איז אניעדערגעפאלען אויפ'ן שטרוי. זיא איז געווען דורכגענעצט און דורכגעווייקט פון קאפ ביז דיא פיס. זיא האט געציטערט פאר קעלט. איהרע צעהנער האבען געקלאפט איינער אן דעם אנדערן, וויא אין א פיעבער. עלווירא איז געווען גליקליך, וואס דאס שטרוי האט זיא א ביסעל אנגעווארעמט.

זיא האט זיך קוים אומגעקוקט אין צימער און האט געזעהן מיט שטוינען, אז קיינער איז ניטא. באלד אבער האט זיך געעפענט דיא טהיר און אן עלטערע פרוי מיט א ברוינעם, געקנייטשטען געזיכט איז אריינגעקומען. דיא גאנצע געשטאלט פון דיעזער פרוי, איהר גאנג, איהרע קליידער און איהר בליק זיינען געווען שרעקליך, אב־שייליך, אונאנגענעהם, אבשטאסענד.

דיא אלטע פרוי האט זיך צוגעבויגען צו עלווירא און האט איהר געזאגט:

— איהר פיהלט אייך שלעכט, פריילין? איהר זייט פיעלייכט קראנק? — עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען גאר ניט טאהן פון אייערט וועגען. ביי מיר אין שטוב איז גאר ניטא.

— עס איז אויך ניט נעטהיג, האט עלווירא געענטפערט. עס וועט איבער־געהן. איך וועל מיך אביסעל דערווארעמען און וועל מיך אפטריקענען, וועט מיר בעסער ווערן.

— וויא קומט עס אבער, וואס איהר זייט געגאנגען אזוי גאנץ אליין אין אזא שלעכטעם וועטער? האט דיא פרוי געפרעגט.

— איך קען עס אייך ניט ערקלערן, גוטע פרוי! האט עלווירא געענטפערט. — אך! איך זאל קענען האבען טרוקענע קליידער, וואלט איך מיך געפיהלט פיעל בעסער. דיא נעץ איז שרעקליך!

דיא פרוי איז אוועקגעגאנגען אין אנאנדער צימער און איז אין אייניגע מינוט ארום צוריקגעקומען. זיא האט געבראכט מיט זיך אן איינפאכעס, אבער ריינעס לייני־װאנדענעם העמד.

— שטעהט אויף, ליעבעס פריילין! דאס איז דאס איינציגע, וואס איך האב. איך בין זעהר ארים און האב קיינע אנדערע קליידער. דאס איז דיא איינציגע טרוקענע זאך, וואס איך קען אייך געבען. טהוט עס אן, פריילין, און ווארפט אראפ אייערע נאסע קליידער. — איך וועל דאן געהן מאכען פון אייערטוועגען א ווארעמען טרונק. דאס איז אייך יעצט נאטהווענדיג.

זיא האט ווידער געלאזען עלווירא אליין און איז ארויסגעגאנגען אין איהר קאמער.

עלווירא האט אראפגעווארפען פון זיך איהרע נאסע קליידער און האט אנגע־טאהן דאס ווייסע העמד, וואס דיא פרוי האט איהר געבראכט, און האט זיך איינגעדעקט מיט'ן שטרוי. עס איז איהר געווארען אביסעל ווארעמער און זיא האט אנגעהויבען צו דעוקען איבער זיך און איבער איהר לאגע.

— דוא ליעבסט מיך, ארטהור, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. דוא האסט מיך ניט פערשטויסען פון זיך. דוא קענסט ניט זעהן, וויא איך לייד. דיין אונגליק איז אזוי גרויס, אז דוא פערצווייפעלסט אין אלעמען; דוא פערצווייפעלסט אין זיך אליין און דוא פערצווייפעלסט אין מיר. איך פערשטעהע דיך, ארטהור. אה! איך בין אליין שולדיג! פאר וואס האב איך מיך אזוי לאנג געקליעבען אין וועג אריין? פאר וואס בין איך ניט געפאהרען קיין בודאפעסט דעם אנדערן טאג אין דער פריה, נאכדעם וואס איך האב זיך געזעהען צום ערשטען מאל אין כהורעם פון טשעמני? — איך בין שולדיג! איך אליין!

אין דיעזע מינוט איז צוריק געקומען דיא אלטע פרוי. זיא האט געבראכט א טעפעלע מיט הייסע ערשט אפגעקאכטע קרייטער. — פון טהעע האט מען דאמאלס נאך ניט אזוי געוואוסט, בעזאנדערס ביי דיא ארימע איינוואהנער פון דיא קארפאטהען בערג. זיי פלעגען אבער זאמלען בלומען און קרייטער, וועלכע זיי פלעגען בענוצען אלס טהעע.

— טרינקט, פריילין, האט דיא אלטע פרוי געבעטען. טרינקט און דערווארעמט אייך.

עלווירא האט אויסגעטרונקען דאס טעפעלע מיט דעם ווארעמען געטרענק און האט זיך ווירקליך געפיהלט דערווארעמט און געשטארקט. דאן האט דיא אלטע זיא צוגעדעקט מיט אן אלטען פעלץ און האט איהר געהייסען אנשלאפען ווערן.

עלווירא איז ווירקליך באלד אנטשלאפען געווארען און איז געשלאפען געשמאק ביז אין דער פריה. ווען זיא האט זיך אויפגעחאפט, האט זיא געזעהן, אז דיא זון שטעהט גאנץ הויך אין הימעל. זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר געלעגער אויפ'ן שטרוי און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. — זיא איז אבער געווען פערשלאסען. זיא איז צוגעגאנגע צום פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין דרויסען.

דיא אלטע פרוי איז אין א קורצע צייט ארום געקומען און האט געפונען עלוויראן שטעהן ביים פענסטער.

— וואס מאכט איהר פריילין? האט זיא געפרעגט, וויא פיהלט איהר אייך?

— איך פיהל מיך גאנץ גוט, האט עלווירא געענטפערט.

— איהר וועט געוויס יעצט וועלען געהן אהיים, זאגט מיר וועניגסטענס, ווער זייט איהר און וויא הייסט איהר?

— איך הייס עלווירא און בין דיא גרעפין פאן טאקקי.

— טאקקי? האט אויסגערופען דיא אלטע און האט געקוקט אויף עלוויראן מיט שטוינען.

עלווירא איז געשטאנען ביים פענסטער און האט זיך געוואונדערט, פאר וואס דיא אלטע האט גענעבען אזא געשריי ביים נאמען טאקקי.

— איז גראף מעראס, דער בישאף פון אונגארן אייער אנקעל? האט דיא אלטע פרוי פלוצלונג געפרעגט.

— יא, ליעבע פרוי, האט עלווירא געענטפערט. קענט איהר דען מיין אנקעל?

אויף דעם אלטען צוקנייטשטען געזיכט פון דער פרוי האט זיך געוויזען א פינ־סטערער וואלקען. איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו ברענען, וויא דיא אויגען פון א גערייצטען וואלף און איהרע ליפען האבען אנגעהויבען צו ציטערן. עלווירא האט געזעהן, אז דאס געזיכט פון דער פרוי האט זיך אין גאנצען פערענדערט, ווען זיא האט דער־מאנט דעם נאמען פון גראף מעראס און זיא האט געפרעגט דיא אלטע נאך אמאל

— קענט איהר דען מיין אָנקעל?

— איך קען איהם, האט דיא אלטע געזאגט לאנגזאם. — איך פלעג אמאל זיין זעהר אפט אין בודא־פעסט. — איך וועל באלד ווידער פאהרען קיין בודא־פעסט.

— איהר וועט באלד פאהרען קיין בודא־פעסט? האט עלווירא געפרעגט האסטיג.

— יא, פריילין, איך פאהר אהין.

— וועט איהר מיך מיטנעהמען?

— איך וואלט אייך מיטגענומען, האט דיא אלטע פרוי געזאגט לאנגזאם, איהר וועט דאך אבער ניט קענען פאהרען און אן איינפאכען בויערן וואגען. איהר מוזט געוויס האבען א קארעטע.

— דינגט א קארעטע, נאט אייך געלד! האט עלווירא אויסגערופען, אבער שנעל! — פערליערט קיין צייט! איך וויל זיין אין בודא־פעסט וויא צום גיכסטען.

מיט דיעזע ווערטער האט איהר עלווירא דערלאנגט א פעקעל געלד. דיא אלטע האט צוגענומען דאס געלד און האט געזאגט:

— זייט רוהיג, ליעבעס פריילין! מארגען פריה פאהרען מיר קיין בודא־פעסט. איך האב שוין לאנג געדארפט זיין דארטען. עס האט מיר אבער אויסגעפעהלט געלד. איך בין צו אלט און צו שוואך אום צו געהען אזא וויטע רייזע צו פוס. — איך וויים נאך יעצט אויך ניט, אויב אייך וועט זיין זעהר אנגענעהם צו פאהרען מיט מיר צוזאמען.

— קימערט אייך ניט דארום, האט עלווירא געענטפערט, געהט בעסער און בעזארגט אלעס אויף דער רייזע. פיעלייכט וואלט מעגליך געווען, אז מיר זאלען פאהרען נאך היינט בייטאג אדער פארנאכט?

— ווען איך וועל נור קריעגען א גוטען וואגען מיט א גוטע פאר פערד, וועלען מיר פאהרען נאך היינט, האט דיא פרוי געענטפערט.

זיא האט געבראכט פון איהר קעמעל א שטיק שווארצעס ברויט און א שטיק קעז פון ציעגען מילך און האט עס אנידערגעלעגט אויפ'ן טיש.

— עסט עפעס, פריילין! האט זיא געבעטען, איך וועל דערווייל געהן בעזארגען א פוהר.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויסגעגאנגען פון צימער. אין דרויסען האט זיך איהר געזיכט אין גאנצען פערענדערט. עס האט אנגענומען א הארטען, ווילדען און בייזען אויסדרוק.

— איך האב דיך אין דיא הענד יעצט, גראף מעראס! האט זיא אויסגערופען און האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר צארן און שמערץ. — איך האב אין דיא הענד דיין ניכטע (פלעמעניצא) איך וועל זיא ניט אפלאזען אזוי גיך. — יעצט האב איך דיא געלעגענהייט מיך צו רעכען (מיך נוקם צו זיין) פאר דיא אלטע בעליידיגונגען.

איך דאנק דיר, גאט! וואס דו האסט מיר צוגעשיקט מיין ראכע אין דיא הענד. — יעצט ציטער, דו שטאלצער גראף! עס איז געקומען דיא צייט, ווען איך וועל מיך מיט דיר אפרעכנען.

## 23טער קאפיטעל.

# דער אדוואקאט.

דער אדוואקאט נאוואק איז געזעסען ביים פריהשטיק און האט אויסגעלעדיגט א גאנצע פלאש טאקאיער. ער האט אין דער לעצטער צייט געמאכט גאנץ גוטע גע־שעפטע און איז געווען צופריעדען מיט זיין קונסט און מיט זיינע קענטניסע.

זיין דיענער איז אריינגעקומען און האט איהם געמעלדעט, אז א בויער ווארט אין פארהויז. ער וויל מיט איהם עפעס רעדען.

— ער מעג ווארטען, ביז איך וועל ענדיגען מיין פריהשטיק, האט דער אדוואקאט געענטפערט. — וואס קען מען האבען פון אן ארימען בויער? דיעזע לייטע האבען יא קיין געלד.

ער האט גאנץ רוהיג געענדיגט זיין פריהשטיק און זיין פלאש טאקאיער וויין. דאן איז ער אריינגעגאנגען אין זיין שרייב צימער און האט אנגעקלונגען, מען זאל איהם אריינפיהרען דעם בויער. אן איינפאכער בויער אין א גראבער בונדא (סערמיאגא) איז אריינגעקומען און האט זיך טיעף פערנייגט פארן געלערנטען אדוואקאט.

— וואס ווילט איהר מיר עפעס זאגען? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

— מיט איינינע טאגע צוריק בין איך געפאהרען פון בודאפעסט. איך האב דא פערקויפט קעלבלעך. איך בין געפאהרען אהיים דורך דעם קראָוועד וואלד. אויפ'ן וועג האב איך געפונען א בריעף טאשע מיט אלערליי פאפיערן. אזוי וויא איך קען ניט לעזען און וויים ניט, וואס אין דיא פאפיערן שטעהט, האב איך מיך ענטשלאסען, אז ווען איך וועל קומען צום צווייטען מאל קיין בודאפעסט, זאל איך זיי וויזען א מענשען, וועלכער פערשטעהט אזעלכע זאכען. איך האב מיך אנגעפרעגט, צו וועמען איך זאל געהן און מען האט מיך געראטהען, איך זאל געהן צו אייך. מען האט מיר געזאגט, אז איהר זייט א געלערנטער מאן און א קלוגער מאן, בעט איך אייך, איהר זאלט מיר זאגען, אויב דיא פאפיערן האבען עפעס א ווערטה און אויב איך קען פאר זיי עפעס קריעגען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון זיין בוזים א בריעף טאשע און האט זיא דערלאנגט דעם אדוואקאט.

דער אדוואקאט האט געעפענט דיא בריעף טאשע און האט ארויסגענומען איין פאפיער נאכ'ן אנדערן. עס זיינען געווען מייסטענס בריעף, וועלכע האבען קיין ווערטה ניט געהאט. אזוי פיעל האט ער נור געזעהן, אז זיי זיינען אדרעסירט צו איינעם מיט'ן נאמען געארג. ענדליך אבער האט ער דערזעהן א דאקומענט, וועלכען ער האט מיט איינינע טעג צוריק געהאלטען אין דיא הענד.

ווען דער בויער וואלט געוועזן קענען אביסעל בעסער דיא וועלט און וואלט זיך געווען בעסער צוגעקוקט צום אדוואקאט, וואלט ער געזעהן, וויא דאס גאנצע געזיכט

פוז'ס אדוואקאט האט זיך פערענדערט, ווען ער האט א קוק געטאהן אויף דיעזען דאקומענט.

— מיין ליעבער מאן, לאזט מיר איבער דיעזע פאפיערן אויף א קורצע צייט, האט דער אדוואקאט געזאגט צום בויער, איך בין יעצט זעהר בעשעפטיגט. איך מוז פאהרען אין געריכט. קומט שפעטער, ווען איך וועל האבען מעהר צייט, וועל איך אייך אלעס ערקלערן.

דער איינפאכער בויער האט ניט פערשטאנען קיין קונסט שטיקע און איז זיך אוועקגעגאנגען. דער אדוואקאט האט געווארט מיט אונגעדולד, אז דער בויער זאל שוין זיין הינטער דער טהיר. קוים האט זיך דיא טהיר פערמאכט הינטערן בויער, האט דער אדוואקאט גענומען דאס דאקומענט און האט דורכגעלעזען איין מאל און צווייא מאל.

— זאָנדערבאר! האט ער אויסגערופען, דאס איז דאך דער בריעף, וועלכען בּאראָן לודוויג פאן באטהיאני האט געשריעבען פאר זיין טויט. דיעזעס דאקומענט האט מיר דער גראף פאן טאָקקי נעצייגט ערשט גאר ניט לאנג. — וויא קומט דיעזעס דאקומענט צום בויער? — פיעלייכט האט דער גראף פאן טאָקקי איהם פערלאָרען און דער בויער האט איהם געפונען? פיעלייכט האבען דיא מערדער, וועלכע זיינען אנגע־פאלען אויפ'ן גראף פאן טאָקקי, גערויבט דיעזען בריעף און אזוי וויא ער האט פאר זיי קיין ווערטה ניט געהאט, האבען זיי איהם אוועקגעוואָרפען און דער בויער האט איהם געפונען?

ער האט גענומען דיא בריעף טאשע און האט זיא בעטראכט פון אלע זייטען. זיא איז געווען אויסגעשמיערט מיט שמוץ.

— דער בויער האט דיא בריעף טאשע געפונען ערגענץ אין בלאָטע, האט ער געזאגט. דאס איז קלאר וויא דער טאג. דער בויער וויזט אוים צו זיין אן עהרליכער מאן און א גרויסער נארר דערצו. מיט איהם קען איך באלד פערטיג ווערן. וואס טהוט מען אבער מיט'ן דאקומענט? ער איז זעהר וויכטיג פארן בּאראָן ארטהור פאן באטהיאני. פאר וואס זאל אבער ניט זיין וויכטיג פאר מיר אויך? איך בין דאך אן אדוואקאט און וועל געוויס אויסגעפינען א דרעהדעל, אז דעם בּאראָן סעציל פאן באטהיאני'ס גיטער געהערן גאר מיר. — ווען ארטהור פאן באטהיאני זאל ניט לעבען וואלט איך עס געקענט טאהן זעהר לייכט. יעצט אבער....

ער האט זיך פערטראכט. דער אדוואקאט, דער שווינדלער, דער בעטריעגער האט זיך אין איהם אויפגעחאפט. — עס העלפט גאר ניט, אן אדוואקאט מוז זיין א שווינדלער. דאס איז זיין פראפעסיא. ער מוז בעשווינדלען דאס געזעץ, ער מוז בעט־ריעגען דיא גערעכטיגקייט, ער מוז פערדרעהן און פערדונקלען דעם געזונדען מענשען פער־שטאנד. איז דען א וואונדער, אז א מאן ווערט מיט דער צייט א שווינדלער און א בעטריעגער? — ער לעבט צווישען שווינדלער. זיין אויפגאבע איז צו מאכען גוט יעדען שווינדעל אדער אליין צו בעגעהן א שווינדעל אום צו פערדעקען און פערגלעטען דיא אונגערעכטיגקייט, פאלשקייט און פערברעכען פון זיינע קליענטען.

דער אדוואקאט נאָוואק האט יעצט געטראכט נור וועגען איין זאך — צו

בעקומען דאס גאנצע פערמעגען פון ארטהורס פאטער. וויא אזוי וועט ער עס בעקומען? דאס האט ער דערווייל נאך אליין ניט געוואוסט. ער איז אבער געווען זיכער, אז ער וועט שוין געפינען א מיטעל, וויא אזוי עס צו בייקומען.

ווען געארג פאן טאקקי האט איהם געוויעזען דיעזעס דאקומענט, האט ער ניט געטראכט וועגען עטוואס אנדערש אלס אנצונעהמען דיעזען פראצעס און צו פערדיענען דערביי זיין בעלוינונג אלס אדוואקאט. יעצט אבער האט דער צופאל איהם געגעבען אין דיא הענד א געלד גרוב, פון וואנען ער קען שעפען געלד מיט פולע הויפענס. אזא גוטע געלעגענהייט קען אן אדוואקאט ניט איינלאסען. — — — —

אין דער צייט, וואס דער אדוואקאט נאוואק האט זיך איבערלעגט, וואס ער זאל טאהן מיט'ן דאקומענט, איז צום וויענער האטעל צוגעפאהרען א קארעטע מיט פיער שעהנע, שטארקע, טהייערע פערד. א רייך געקליידעטער מאן איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע.

דער ווירטה פון'ם האטעל און דיא לאקייען זיינען ארויסגעלאפען איהם ענטגעגען האבען זיך פערנייגט פאר איהם, האבען ביי איהם צוגענומען זיינע רענצלעך און פעקלעך און האבען איהם אריינגעפיהרט אין איינעם פון דיא שעהנסטע צימערן פון דעם האטעל.

דער רייזענדער האט זיך איבערגעטאהן, האט זיך געהייסען געבען פריהשטיק אין זיין צימער און האט דערלאנגט דעם לאקיי א קליינעס, פערזיעגעלטעס בריעפעלע.

— טראגט אוועק דיעזעס בריעפעלע נאך דיא אדרעסע, וואס שטעהט דארויף געשריעבען, און זאגט דעם מאן, אז דער באראן נאגי פאן האלאוואאי איז נור וואס געקומען צופאהרען.

דער לאקיי האט זיך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען. אין א האלבע שטונדע ארום איז געקומען א ניעדעריגער, מאגערער מאן מיט שווארצע האר און מיט א פאר פייערינגע אויגען און האט געבעטען, מען זאל איהם וויזען, וואו באראן נאגי'ס צימער איז.

מען האט איהם געוויעזען און ער האט אנגעקלאפט אין דער טהיר. באראן נאגי אליין האט איהם געעפענט דיא טהיר.

— איך האב אייך נאך נעכטען ערווארטעט, גנעדיגער העררע, האט דער קליינער מאן געזאגט צום באראן. איהר האט מיר געשריעבען, אז איהר וועט נעכטען נאך זיין דא און איך האב א גאנצען טאג אויף אייך געווארט.

— איך האב מיך ווירקליך פערשפעטיגט, האט באראן נאגי געענטפערט, איך האף אבער, אז איך האב גאר ניט פערזאמט.

— פערזאמט האט איהר ניט, האט דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר געזאגט. מיר קענען אפמאכען אונזערע געשעפטע היינט אזוי גוט וויא נעכטען. — האט איהר מיטגעבראכט יענע זאך?

— געוויס! האט נאגי געענטפערט, אהן דעם האב איך דאך ניט געדארפט קומען קיין בודאפעסט.

מיט דיעזע ווערטער האט נאגי ארויסגענומען א פעקעל גוט איינגעוויקעלט און

פאפיר או האט עס אנידערגעלעגט אויף'ן טיש. דערביי האט ער איהם געוויזען אויף איין ארט, וואו עס איז עפּעס געווען אנגעשריבען.

— זעהט איהר? אט איז די אויפשריפט.

— איך זעה עס זעהר גוט, מיין הערר, האט דער קליינער מאן געענטפערט אין אכט טעג ארום וועט אלעס זיין אין ארדנונג — בלייבט איהר נאך א לאנגע צייט אין בודאפעסט?

— איך וועל דא פארבלייבען עטליכע טעג, האט נאני געענטפערט — ווען פאהרסט דו אוועק?

— היינט ביינאכט.

ער האט גענומען דאס פעקעל, וועלכעס דער באראן נאני האט איהם געגעבען און האט עס גוט בעהאלטען אונטער זיין מאנטעל. נאני האט זיך ווידער געזעצט אויף זיין פלאץ און האט זיך אוועקגעקערט. ער האט אפגעטאן זיין געשעפט און האט שוין מעהר ניט וואס צו טאן מיט'ן מאן. דער מאן אבער איז געבליבען שטעהן ביי דער טהיר.

— וואס נאך ווארטסט דו? האט נאני ענדליך געפרעגט.

— איך האב אייך נאך עפּעס צו זאגען.

— וואס איז נייעס?

— ער איז נעכטען ביי מיר געווען.

נאני איז בלייך געווארען ווי דער ווייסער קראגען פון זיין העמד.

— אלזא לעבט ער נאך אלץ? האט ער געשטאמעלט.

— געוויס לעבט ער נאך, ער וויים זאגאר וואו זיין פרוי געפינט זיך יעצט און וואס זי טהוט.

— דאס איז שרעקליך! האט נאני אויסגערופען, ער וואגט עס זיך צו ווייזען? עס וועט גאר ניט העלפען, ער מוז פערשווינדען. — קענסט דו מיר ניט רעקאמענדירען א גוטען אדוואקאט?

דער קליינער מאן מיט די שווארצע האר האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואס קען אייך דא העלפען אן אדוואקאט?

— דאס געהט דיך ניט אן! האט נאני אויסגערופען בייז, דו ביזט אי-בערהויפט ניט דער מענש, וועמען מען זאל קענען פערטרויען אזעלכע געשעפטע, וועלכע פאדערן מוט און ענטשלאסענהייט.

— ענטשולדיגט מיר, גנעדיגער הערר, האט דער קליינער מאן געענטפערט, ווען איך ערלויב מיך אייך צו זאגען, אז דאס געשעפט, וועלכעס איך וויל יעצט פערזארגען פאר אייך, איז אויך ניט אזוי לייכט. מען דארף דערצו אויך האבען גענוג מוטה און ענטשלאסענהייט.

— ניין, מאן! דאס געשעפט, וועלכעס דו בעזארגסט יעצט, פאדערט א קלוגען און דורכגעטריבענעם מענשען. — דאס ביסט דו. — אבער גענוג דער-פון! — קענסט דו מיר רעקאמענדירען א טיכטיגען אדוואקאט?

— איך ווייס, אז אין בודאפעסט איז בעריהמט אן אדוואָקאט מיט'ן נאמען הונאָ נאָוואק.

— וואו וואינט ער?

דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר האט איהם געגעבען נאָוואק'ס אדרעסע.

— גוט! האט נאגי געזאגט, יעצט נאך אווארט, איידער דוא געהסט אוועק. האסט דוא איהם עפעס דערצעהלט?

— ניין, מיין העדר. איך האב זאגאר ניט געוואלט רעדען מיט איהם.

— הער מיך אויס, מאן! האט נאגי געזאגט ערנסט און פינסטער, ווען איך וועל געוואהר ווערן, אז דוא האסט אויסגעפלוידערט איין איבעריגעס ווארט, איז דיין לעבען ניט ווערטה א צובראכענעם קרייצער.

דער קליינער מאן האט א שמייכעל געטאהן און האט גאר ניט געענטפערט.

— אלזא, ווען וועלען מיר זיך וויעדערזעהן? האט נאגי געפרעגט.

— אין אכט טעג ארום וועלען מיר זיך וויעדערזעהן. זייט רוהיג מיין העדר. איך פלוידער ניט.

מיט דיזע ווערטער האט ער זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון נאגי'ס צימער.

נאגי איז געבליעבען אליין און האט זיך פערטראכט. ער איז געווען אויפגערעגט. עס איז געווען דייטליך, אז דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר האט איהם געבראכט א זעהר אונאנגענעהמע נאכריכט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון'ם דיוואן און איז ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— ער וואגט עס וויעדער צו קומען! האט ער אויסגערופען. ער האט קיין מורא ניט! נו, דאס דארף ניט זיין! איך מוז עפעס טאהן. — יא, עס איז ריכטיג! דאס וועט העלפען.

ער האט זיך אניעדערגעזעצט ביי זיין שרייב טיש און האט אנגעהויבען צו שרייבען. ער האט אוועקגעשריעבען א געראימע צייט. דאן האט ער איבערגעלעזען, וואס ער האט אנגעשריעבען.

— גוט! דאס איז א גאנץ גוטער רעצעפט! האט ער אויסגערופען. פון אזא רעצעפט שטארבט מען געוויס. ער מוז שטארבען. דאס וועט ווירקען, וויא גיפט.

ער האט איבערגעלעזען, וואס ער האט אנגעשריעבען, האט צונויפגעלעגט דיאביינעלעך פאפיער און האט זיי אריינגעלעגט אין בוזים.

אין א קורצע צייט ארום געפינען מיר איהם אין שרייב צימער פון'ם אדוואקאט הונא נאוואק. דער אדוואקאט האט איהם אויפגענומען גאנץ פריינדליך און העפליך. א רייך געקליידעטען מאן נעהמט מען איבעראל אויף זעהר גוט.

— איך האב געהערט, אז איהר זייט זעהר א טיכטיגער אדוואקאט, האט נאגי אנגעהויבען.

דער אדוואקאט האט זיך פערנייגט און האט געפרעגט:

— צו ערשט ערלויב איך מיר צו פרעגען, מיט וועמען האב איך דיא עהרע צו רעדען?

— איך בין דער באראן נאגי פאן האללאוואאי און וואהן אין שלאס ראדעצק ניט וייט פון'ם שטעדטעל ראזענוי.

— ניט וייט פון שטעדטעל ראזענוי? האט דער אדוואקאט איבערגעפרעגט. מיר דאכט, אז דארט ערגעץ וואהנט א געוויסער באראן מיט'ן נאמען ארטהור פאן באטהיאני. ער איז געוועהלט געווארען אלס דעפוטאט אין לאנדראטה און וועט געוויס באלד קומען קיין בודאפעסט.

נאגי האט א שמייכעל געטאהן.

— דער באראן פאן באטהיאני קען ניט זיצען אין לאנדראטה, האט ער געזאגט.

— וואס איז מיט איהם? איז ער קראנק? האט דער אדוואקאט געפרעגט האסטיג.

— ער איז געזונד, אבער זיין שטעלע וועט איהם ניט ערלויבען צו זיצען אין לאנדראטה.

דער אדוואקאט האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט און ערשטוינט.

— וואס מיינט איהר, באראן? האט ער אויסגערופען. וויא זאל איך אייך פערשטעהן?

— גאנץ איינפאך, האט נאגי געענטפערט רוהיג, ער קען ניט קומען צום לאנדראטה, ווייל ער איז א הענקער.

— לאכט איהר פון מיר, מיין הערר? האט דער אדוואקאט אויסגערופען בייז.

— איך לאך גאר ניט.

— אבער וויא איז עס מעגליך?

— איך קען עס אייך ניט זאגען גענוי, האט נאגי געענטפערט, איך וויים נור, וואס מען דערצעהלט. צוריק מיט איניגע צייט האט מען געפונען אין אונזער געגענד אן ערמארדעטע פרוי. דיא פאליציי איז נאכגעלאפען דעם מערדער. דער באראן האט זיך געוואלט שיצען און איז אריינגעלאפען אין טהורעם פון טשעמני. אלזא מוז ער ווערן א הענקער.

דער אדוואקאט איז געווארען אויפגערעגט, האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער. דער דורכגעטריעבענער נאגי האט גוט געזעהן, אז דער אדוואקאט אינטערעסירט זיך עפעס צו פיעל מיט'ן שיקזאל פון באראן באטהיאני. ער האט ניט געוואוסט, פאר וואס דאס איז, ער האט אבער גערעכענט עס אויסצוניצען.

— עס איז צום בעדויערן, דאס אזא מאן, וויא דער באראן פאן באטהיאני, יאל ווערן א הענקער, האט נאגי געזאגט, וואס קען מען אבער העלפען? — וויא עס וויזט איז ער ווירקליך שולדיג אין דעם מארד פון דער פרוי. דאן איז דאך רעכט, וואס ער איז געווארען א הענקער. איך האב אבער געהערט, אז דער קייזער קען איהם בעגנאדיגען.

— יא, דער קייזער קען איהם בעגנאדיגען, אבער נור איידער ער האט געטאהן

צפּעם אלס הענקער, איידער ער האט געהאלפען דעם הענקער צו הענגען אדער אפּצר שניידען דעם קאפּ א פערברעכער. קוים האט ער עס געטאהן, איז אלעם פערלארען. דאן קען דער קייזער אליין איהם אויך ניט בעגנאדיגען. — וויא לאנג איז עס שוין, זייט דער באראן פאן באטהיאני איז געווארען א הענקער?

— זייט דרייא וואכען, האט נאני געענטפערט. — וויא עס ווייזט אויס, אינ־טערעסירט אייך זעהר דאס שיקזאל פון באראן פאן באטהיאני, האט איהר מיט איהם געשעפטע?

— איך האב מיט איהם קיינע געשעפטע, אבער איך קען איהם, האט דער אדוואקאט געענטפערט. — איהר האט אבער רעכט. לאמיר פון איהם מעהר ניט רעדען. לאמיר בעסער רעדען פון אנדערע זאכען. מיט וואס קען איך אייך דיענען?

נאני האט איהם דערלאנגט עטליכע בייגעלעך פּאפּיער, בעשריעבען פון אלע זייטען.

— לעזט דיעזע פּאפּיערן, הערר נאוואק, און זאגט מיר, אויב איהר קענט אנ־נעהמען דיעזען פּראצעס.

דער אדוואקאט האט דורכגעלעזען דיא פּאפּיערן זעהר אויפמערקזאם און האט געזאגט ערנסט.

— איך וואלט געקענט אננעהמען דיעזען פּראצעס, איך מוז אבער האבען גוטע בעווייזע, אז דער מאן האט בעגאנגען דאס פערברעכען, און וועלכען דיעזעס פּאפּיער בעשולדיגט איהם. פיעלייכט האט איהר צייגען; פיעלייכט האט איהר אנדערע בע־ווייזע. — איהר קענט זיין זיכער, אז דער מאן וועט שטארבען אויפ'ן עשאפאט, אבער בעווייזע! ניט מיר בעווייזע!

נאני איז געווען זעהר אונצופריעדען פון אזא אנטווארט. וואס האט ער אבער געקענט העלפען? — ער האט זיך איבערלעגט איינינע מינוט און האט געזאגט:

— גיט מיר צוריק דיעזע פּאפּיערן. איך וועל שוין זעהן צו ברענגען אייך גוטע בעווייזע, אז עס איז אזוי, וויא איך זאג.

דער אדוואקאט האט איהם צוריקגעגעבען זיינע פּאפּיערן און האט איהם נאך א מאל פערזיכערט, אז ער איז בערייט צו טאהן פאר איהם אלעס מעגליכע. נאני איז אוועקגעגאנגען. ווען ער איז ארויסגעקומען אויף דער גאס, האט ער געמורמעלט צווי־שען דיא צעהנער:

— עס איז ניט געלונגען! דער וועג, וואס איך האב זיך גענומען איז צו לאנג. איך מוז זוכען א קורצערן. איך וועל איהם געפינען. — איך מוז איהם זעהן, איך מוז מיט איהם רעדען. ווען איך וועל ניט אויספיהרען מיט גוטען, וועל איך אויספיהרען מיט געוואלד.

דער אדוואקאט האט זיך פערטראכט, ווען נאני איז אוועקגעגאנגען פון איהם. ער האט ווידער ארויסגענומען דעם דאקומענט, וועלכעס דער בויער האט איהם גע־בראכט און האט עס דורכגעלעזען נאך א מאל.

— באראן פאן באטהיאני איז געווארען א הענקער, האט ער געזאגט צו זיך אליין, לאז ער בלייבען זיך א הענקער. איך דארף נור זארגען, אז דער קייזער זאל

איהם ניט בעגנאדינען. איך מוז זעהן, אז ער זאל טאהן זיין ערשטע ארבייט אלס הענקער, דאן וועט איהם דער קייזער אליין שוין אויך ניט קענען בעגנאדינען. דאס וועל איך שוין בעזאָרגען. איך מוז זעהן, אז מען זאל אין א קורצער צייט אויפהענגען א פערברעכער. איך קען שוין גוט מיינע לייט און וויים וואס צו טאהן. — דאס גרויסע פערמעגען פון באראָן באטהיאני וועט אזוי אדער אזוי אם ענדע דאך אריינפאלען אין מיינע הענד.

ער האט צוריק אריינגעלעגט דאס פאפיער אין זיין שובלאָדע און האט עס פערשלאסען. אין א קורצע צייט ארום איז געקומען דער בויער, וועלכער האט געפונען גראף געארג'ס בריעף טאשע. דער אדוואָקאט האט זיא איהם צוריקגעגעבען מיט אלע בריעף, וועלכע האבען קיין ווערטה ניט געהאט.

— אין דיעזער בריעף טאשע געפינען זיך גאנץ איינפאכע פאפיערן, האט ער געזאגט צום בויער. איך וואלט אייגענטליך געדארפט פאָרדערן איהר זאלט מיר בעצאהלען פאר מיין ארבייט. איך זעה אבער, אז איהר זייט אַן ארימאן. איך וועל אייך דאהער שענקען. איך בין אן עהרליכער מאן און האב פיינט צו רייסען ביי אן ארימען מענשען.

דער בויער איז קוים אנטלאפען געווארען פון'ם אדוואקאט. ער האט ווירקליך מורא געהאט, דער אדוואקאט זאל ביי איהם ניט פארדערן, ער זאל איהם בעצאהלען פאר זיין צייט.

עס איז שוין געווען רעכט פינסטער אין דרויסען, ווען נאגי איז צוריקגעקומען אין וויענער האָטעל. ער איז געווען מיעד און אויפגערעגט. ער האט זיך פערשלאסען אין זיין צימער און האט זיך געווארפען אויפ'ן דיוואן.

— ער איז ווידער פערשוואונדען! האט ער געברומט, — ער האט מורא זיך צו ווייזען דא. — וועה איהם, ווען ער וועט קומען קיין ראדעצק! דאן איז זיין לעבען ניט ווערט א צובראכענעם קרייצער. — איך דארף ניט שווייגען. איך מוז זארגען פאר אלעמען. עס וועט מיר געלינגען. — עס מוז מיר געלינגען!

24טער קאפיטעל.

## ביי גראף מעראס.

עס איז נאכט. גראף מעראס, דער בישאף פון אונגארן און דער צווייטער נאכ'ן קעניג, זיצט אין זיין שרייב צימער טרויעריג און פערטראכט. זיינע ליפען האבען געמורמעלט פאלגענדע ווערטער:

— זעכצעהן יאהר זיינען שוין פערגאנגען, זייט איך האב פערלארען מיין טהייערע פרוי, מיין געליעבטע עליזע. זעכצעהן ביטערע, שווערע, לאנגע יאהרען. דער שיקזאל איז נאך דערמיט ניט צופריעדען געווען. אין א קורצע צייט ארום האב איך פערלאָרען מיין איינציגעם קינד, מיין טאכטער מאריא. זיא איז פערשוואונדען געווארען און איך האב זיא ניט געקענט געפינען. — איך ווער אלט, מיינע האר ווערן בלייכער און ווייסער, מיינע קרעפטע שווינדען. עגגער און ענגער ווערט דער קרייז פון מיין לעבען. באלד וועל איך צוקומען צו דעם פונקט, וואו אלעס לעבען הערט אויף. — וואו איז מיין קינד?

איך ווייס עס ניט. — איך האב געדעכענט, אז איך וועל ווערן א גייסטליכער און וועל מיך אפגעבען מיט היילינע זאכען, וועל איך פערגעסען מיינע ליידען. — אויך דיעזע האפנונג האט מיך אפגענארט. דיא רעליגיאָן האט מיך ניט געטרייסט. זיא האט ניט פערהיילט מיינע וואונדען.

אין דיעזע מינוט האט א דיענער אנגעהויבען צו קלאפען גאנץ שטיל אין דער טהיר.

— אריין! האט דער גראף געזאגט.

דער דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז אין פארהויז ווארט א יונגע דאמע, וועלכע וויל מיט אייך רעדען.

— פיהר זיא אריין.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און עלווירא איז אריינגעקומען. זיא איז גלייך צוגעלאפען צו איהר אָנקעל, האט איהם ארומגענומען און האט אויסגערופען:

— אָנקעל! ליעבער אָנקעל!

— עלווירא! דוא ביסט עס? וויא קומסט דוא אהער? האט דער אלטער מאן אויסגערופען. — אך! וואס רעד איך? — דוא ביסט געווים געקומען צו דיין ברודער געגאנגען!

— וואס מאכט מיין ברודער? לעבט ער נאך?

— ער לעבט נאך, ער איז אבער זעהר קראנק.

— וואו איז ער? איך וויל איהם זעהן!

— יעצט איז עס אונמעגליך, האט דער אלטער גראף געזאגט. געוויס געפינט זיך אין גוטע הענד. מען דארף איהם ניט איבערראשען. עס קען איהם טייטען. איך מוז איהם פריהער פארבערייטען, אז דו ביסט דא.

— איז ער ביי אייך אין הויז, אָנקעל?

— ניין. ער ליעגט אין וויענער האטעל. דיא דאקטוירים ערלויבען ניט, אז מען זאל איהם ריהרען פון אָרט.

ער האט אנגעהויבען זיא צו בעטען, זיא זאל זיך א ביסעל אויסרוהען, זאל עפעס עסען און מארגען אין דער פריה וועט ער זיא פיהרען צו איהר קראנקען ברודער.

דער גראף האט באלד אריינגערופען א דיענער און האט איהם געהייסען אנגרייטען א צימער פאר עלווירא. דאן האט ער זיא אריינגעפיהרט אין זיין עס צימער און האט געהייסען ברענגען עסען און טרינקען. עלווירא האט זיך ניט צוגעריהרט צו קיין עסען און קיין טרינקען, זיא איז געזעסען צערשטרייט און אויפגערעגט. דער גראף האט עס בעמערקט און האט איהר געזאגט:

— וואס איז דיר, עלווירא? וואס ביסט דוא אזוי צערשטרייט? איך ווייס, אז דוא האסט ליעב דיין ברודער און דוא פיהלסט דאס אונגליק, וואס האט איהם געטראפען. איך פיהל עס אויך, אבער איך טראג עס איבער שטארקער. — איך לייד אויך, עלווירא. איך בעהאלט אבער מיינע ליידען אין מיין טיעפען הארצען. איך וויז זיי ניט ארויס. איך בעהאלט עס. איך פערדעק עס. — זיי אויך שטארק, עלווירא!

8

עלווירא האט אננעהויבען צו וויינען. דאס איז געווען דיא איינציגע אנטוואָרט, וואס זיא האט איהם געקענט געבען אויף זיינע פראגען.

דער גראף האט זיא ארומגענומען און האט אננעהויבען זיא צו קושען.

— בערוהיג דיך, קינד! האט ער געבעטען, דערצעהל מיר, וואס דיר איז. דוא ביסט אונגליקליך, דוא ליידעסט, דוא האסט א געהיימען שמערץ, פערטרוי איהם מיר, דיין אנקעל.

עלווירא האט ארומגענומען דעם אלטען מאן און האט ארויפגעלעגט איהר קאפ אויף זיינע פלייצעס. אייניגע מינוטען איז זיא געלעגען צוגעפרעסט צו איהם און האט געוויינט שטילערהייט. ענדליך האט זיא זיך אביסעל בערוהיגט און האט געזאגט:

— איהר האט רעכט, גוטער, ליעבער אנקעל! מיין הערץ איז מיר אזוי שווער, אז דיא טרערין פליעסען אליין פון דיא אויגען. מיין ברודער געארג ליעגט קראנק און הענגט צווישען טויט און לעבען. עס איז אבער דא נאך איינער, וועלבער איז צוואר ניט קראנק, אבער דאך זעהר אונגליקליך און בעדויערנס-ווערטה.

— ווער איז ער? וויא הייסט ער? האט דער אלטער מאן געפרעגט. פיעלייכט קען איך איהם העלפען?

— ער הייסט ארטהור באראן פאן באטהיאני, האט עלווירא געענטפערט.

— אך, איך ווייס! איך האב געהערט. געארג האט פערלארען עפעס א דאקו- מענט, וועלבעס איז געווען זעהר וויכטיג פאר דעם בארא̈ן באטהיאני.

— אך, ניין! עס איז ניט דאס אליין. דעם בארא̈ן באטהיאני האט פאסירט נאך אנאנדערעס אונגליק, א גרעסערעס אונגליק. איך קען עס אייך קוים ארויסזאגען, מיין ליעבער אנקעל. דער בארא̈ן באטהיאני געפינט זיך אין טהורעם פון טשעמני.

דער אלטער מאן האט א ציטער געטאהן.

— בארא̈ן פאן באטהיאני איז געווארען א הענקער? האט ער אויסגערופען. — אך! עפעס א בייזער גייסט פערפאלגט דיעזע פאמיליע. איך האב געקענט זיין פאטער מיר זיינען געווען דיא בעסטע פריינד. עס האט איהם געטראפען אן אונגליק. מען האט אויף איהם אנגעגעבען, אז ער איז א פערכרעכער. ער האט געמוזט אנטלויפען פון אונגארן. איך האב דאמאלס געטאהן אלעס, וואס א פריינד האט נור געקענט טאהן פאר איהם. עס האט אבער ניט געהאלפען. איך האב איהם ניט געקענט רעטען. איך האב איהם צוואר פון יענער צייט אן מעהר ניט געזעהען; איך ווייס אבער, אז ער איז קיין פערברעכער. ער האט געליטען גאנץ אונשולדיג. — יעצט האט זיין זוהן פאסירט אזא אונגליק! וויא איז עס געשעהן? וויא קומט ארטהור אין טהורעם פון טשעמני?

עלווירא האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס זיא האט געוואוסט, וויא אזוי ארטהור איז געקומען אין טהורעם פון טשעמני.

— איך זעה, אז דוא ביסט זעהר שטארק פעראינטערעסירט אין דעם שיקזאל פון'ם בארא̈ן ארטהור פאן באטהיאני. קענסט דוא מיר ניט ערקלערן, אין וועלבער בע- ציעהונג שטעהסט דוא צום בארא̈ן?

— איך ליעב איהם, ליעבער אנקעל! מיר האבען געשווארען איינער דעם אנדערן ליעבע און טרייהייט ביז אין טויט.

דער גראף האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ.

— אונגליקליכעס קינד! האט ער אויסגערופען, איך בעדויער דיך. איך בעקלאג דיך. איך זעה ניט איין, וויא אזוי דוא וועסט קענען האלטען דיין ווארט.

— אזוי? אויך דוא, אנקעל? האט זיא אויסגערופען, דוא זאגסט אויך, אז מען קען ארטהורן ניט העלפען? איהר, מיין גוטער און ליעבער אנקעל, זאלט עס זאגען? — דאס האב איך פון אייך ניט ערווארטעט! — איך בין געקומען צו דיר בעטען, אז דוא זאלסט זאגען פאר ארטהורן א גוט ווארט ביים קייזער, זאלסט בעטען דעם קייזער, ער זאל איהם בעפרייען פון'ם טהורעם פון טשעמני. — ווען דוא וועסט עס ניט טאהן, וועל איך מארגען פאהרען קיין וויען און וועל פאלען פאר דיא פיס פון'ם גוטען קייזער, יאזעף דעם צווייטען. — אך, אנקעל! דוא ביסט שוין אלט. דוא האסט קיין קינדער, דוא פיהלסט ניט, וויא עס טהוט וועה, ווען א יונגער, עדעלער מענש דארף פערטרויען זיינע יאהרען אין דעם פערפלוכטען טהורעם. — וואס איז שטארבען? — שטארבען איז גאר ניט. מען ליידעט שמערצען איינע מינוט און אלעם איז פאראיבער. — לעבען און ליידען, דאס איז אן אונגליק! לעבען, פיהלען און דענקען און דאך זיין פערדאמט פון דער גאנצער וועלט, דאס איז א שמערץ! דאס הייסט ליידען! אך! איך קען איהם ניט פערגעסען! עס איז מיר אונמעגליך איהם צו פערגעסען. — זאג מיר, ליעבער, גוטער אנקעל! ווילסט דוא עפעס טאהן פון זיינעטוועגען?

דער אלטער מאן איז געוועזן גערירהרט. ער האט זיך צוריק געווארפען אויפ'ן דיוואן און האט זיך פערטראכט. עלוויראַ'ס ווערטער האבען אויף איהם געמאכט א טיעפען איינדרוק. ער האט זיך דערמאנט אן זיין טרויעריגעס לעבען, אן זיין טרויעריגע געפערגאנגענהייט. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, אלס דער אלטער מאן איז געזעסען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און האט זיך ניט גערירהרט. עס האט אין איהם געקאכט, געזאָטען און גערוישט. ער האט עס אבער ניט ארויסגעוויעזען. אזוי זיינען שוין דיא שטארקע נאטורען. זיי קענען זיך איינהאלטען. אין זייער הארץ קאכט עס; אין זייער הארץ ברענט עס און זיי שווייגען. זיי ווייזען ניט ארויס, וואס זיי פיהלען.

ענדליך האט זיך גראף מעראס אזוי בערוהיגט, אז ער האט געזאגט צו זיין ניכטע:

— ליעבעס קינד, דוא ווייסט ניט, אז דוא האסט יעצט אויפגעריעסען אין מיין הארצען א וואונד, וועלכע האט זיך פערדעקט, אבער ניט פערהיילט. — דוא זאגסט, אז איך פיהל ניט, ווייל איך האב קיין קינד, — דוא האסט א טעות. איך פיהל אזוי שטארק, אז מיין הערץ ווערט צוריסען אויף שטיקלעך. — איך האב אויך אמאל געהאט א טאכטער. מיינסט דוא, אז איך האב זיא פערגעסען? ניין! — איך פערגעס קיין מאל ניט. — איך האב אמאל געהאט א פרוי, וועלכע איך האב געליעבט מעהר, וויא אלעם אויף דער וועלט. — מיינסט דו, אז איך האב זיא פערגעסען? ניין! איך האב זיא ניט פערגעסען און פערגעס זיא קיין מאל ניט. — צו וואס אבער זאל איך רעדען פון מיר? לאמיר ליעבער רעדען פון דיר. — דוא ווילסט, איך זאל שרייבען צום קייזער און זאל איהם בעטען, ער זאל בעגנאדיגען דעם באראן פאן באטהיאני. — גוט! איך וועל דאס טאהן. ווייסט דוא אבער, אז ס'איז ניט אזוי לייכט? ווייסט

דוא, אז דאס איז שווער — זעהר שווער. איך ווייס ווירקליך ניט, וואס איך זאל שרייבען דעם קייזער. וויא זאל איך עס איהם דערקלערן? וואס זאל איך איהם זאגען? וויא קומט א באראן פאן באטהיאני צום הענקער אין טהורעם פון טשעמני? — דוא האסט עס מיר ערקלערט. איך קען עס אבער ניט פערשטעהן.

— ליעבער אנקעל, איך האב דיר דערצעהלט, וויא אזוי דער באראן איז געקומען אין טהורעם. שלעכטע מענשען האבע איהם געבראכט אהין. — טראכט ניט לאנג, ליעבער אנקעל! איבערלעג דיך ניט פיעל. בעדענק, וואס דאס איז צו זיין אין טהורעם פון טשעמני. שטעל דיר פאר, וויא אזוי א געבילדעטער מענש, א שטאלצער באראן מוז וואינען אין א פאמיליע פון א הענקער. דענקען נור, וויא דער הענקער דענקט און טאהן, וואס דער הענקער הייסט. קען עס אזא מענש איבערטראגען? קען ער עס אויסהאלטען?

— גוט, מיין קינד! מארגען וועל איך אנשרייבען א בריעף צום קייזער.

— פאר וואס מארגען? פאר וואס ניט היינט, ליעבער אנקעל? מעגליך, אז עס איז דיר שווער צו שרייבען, דיקטיר מיר, איך וועל שרייבען, דוא ווערסט נור דארפען אונטערשרייבען. — אך, אנקעל! דוא ביסט עלטער פון מיר, דוא ביסט קליגער פון מיר. דוא ווייסט עס געוויס, אז וואס מיר טהוען אפ היינט, דאס איז אונזערס. ווער ווייס, וועמעס מארגען עס וועט זיין? צווישען היינט און מארגען ליעגט א לאנגע, לאנגע צייט. טהו ליעבער היינט דאס, וואס דוא קענסט טאהן היינט. — טהו עס באלד, ליעבער אנקעל!

דער אלטער מאן האט זיא בעטראכט מיט שטוינען. ער האט זיך ניט געקענט ערקלערן, פון וואנען עס האט זיך גענומען צו דיעזען יונגען מעדכען אזוי פיעל קראפט און אזוי פיעל ענערגיע? ער האט געטראכט איינינע צייט, דאן האט ער געזאגט:

— איך וועל דיר צוליעב טאהן, עלווירא. איך וועל נאך היינט שרייבען צום קייזער. נאט זאל העלפען, אז מיין שרייבען זאל עפעס ווירקען!

— גאט וועט דיר העלפען, ליעבער אנקעל! דוא טהוסט א גוטע זאך. גאט העלפט יעדען, וועלכער טהוט גוטעס.

— יעצט, מיין קינד, געה אין דיין צימער און רוה דיך אויס, האט דער אלטער מאן געזאגט. דוא ביסט זעהר מיעד פון וועג און מוזט זיך אויסרוהען. מארגען וועל איך דיר ווייזען, וואס איך האב אנגעשריעבען.

עלווירא איז געגאנגען אין איהר צימער. זיא איז צוואר געווען מיעד פון דער רייזע, האט אבער דאך ניט געקענט אנטשלאפען ווערן. זיא האט געטראכט איבער דאס טרויעריגע שיקזאל פון איהר פאמיליע און פון דער פאמיליע באטהיאני.

אויך גראף מערעס האט ניט געשלאפען דיעזע נאכט. ער האט דיא גאנצע נאכט געארבייט. ער האט געשריעבען א ביטשריפט צום קייזער.

גאנץ פריה איז עלווירא שוין ארומגעגאנגען. זיא איז צוגעקומען צום שלאף צימער פון איהר אנקעל און האט זיך צוגעהערט, אויב ער שלאפט נאך. ער איז ניט געשלאפען. ער איז ארומגעגאנגען אין זיין צימער. זיא האט אנגעקלאפט אין דער טהיר.

— אריין! האט דער אלטער גראף געזאגט.

עלווירא איז אריינגעקומען. דער אלטער מאן האט איהר געוויזען, וואס ער האט אנגעשריעבען.

— נו, ביסט דוא צופריעדען, קינד?

עלווירא האט דורכגעלעזען דעם ביטשריפט און האט ארומגענומען דעם אלטען מאן.

— איך דאנק דיר, גוטער, ליעבער אָנקעל! האט זיא אויסגערופען, איך האב ניט קיין ווערטער, מיט וועלכע דיר צו דאנקען. דוא האסט געטאהן א גוטע זאך, דאס איז דיין דאנק! יעצט, גוטער אנקעל, שיק אוועק דיעזע ביטשריפט מיט א בעזאנדערן קוריער. איך וועל בעצאהלען דעם קוריער!

— לאז זיין, קינד! איך וועל שוין בעצאהלען.

ער האט אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם דיענער, וועלכער איז אריינגעקומען, אז ער זאל אוועקטראגען דעם פערזיעגעלטען בריעף צום וויצע־קעניג און זאל איהם זאגען אין זיין נאמען, אז ער בעט, מען זאל אוועקשיקען דיעזען בריעף צוזאמען מיט דיא דעפעשען, וועלכע דער וויצע־קעניג שיקט אין זיין נאמען צום קייזער.

ווען דער דיענער מיט'ן בריעף איז ארויסגעגאנגען, האט עלווירא געזאגט צו איהר אנקעל:

— יעצט, ליעבער אנקעל, וויל איך זעהן מיין ברודער געארג.

— גוט, מיין קינד! האט ער געענטפערט, געארג ווייס, אז דוא ביסט דא. ער ערווארטעט דיך.

מיט א האלבע שטונדע שפעטער איז עלווירא צוגעפאהרען צום וויענער האטעל. דער ווירטה און דיא לאקייען פון האטעל זיינען איהר ענטגעגען געלאפען און האבען זיא אריינגעפיהרט אין געאָרג'ס צימער. גראף מעראם האט נאך פריהער געשיקט זאגען, אז זיא וועט קומען. מען האט זיא ערווארטעט.

ווען זיא איז ארויפגעגאנגען אויף דיא טרעפ, האט זיא בעגעגענט א הויכען, שטארקען מאן, געקליידעט, וויא אן עדעל מאן. דיעזער מאן האט געקוקט אויף איהר אזוי זאנדערבאר, אז זיא האט א ציטער געטאהן, ווען זייערע בליקען האבען זיך בעגעגענט. זיא האט געפיהלט אז דיעזער מאן איז איהר פיינד. זיא האט ניט געוואוסט, וואס דיעזער מאן געהער זיך אן מיט איהר; וואס פאר אן אינטערעסע דיעזער מאן קען האבען אין איהר, האט זיא ניט פערשטאנען.

— ווער איז דיעזער מאן? האט זיא געפרעגט שטילערהייט דעם ווירטה, וועלכער האט זיא געפיהרט צו איהר ברודער.

— דאס איז דער באראן נאני פאן האללאוואי, האט דער ווירטה געענטפערט.

— וואהנט ער בעשטענדיג אין בודאפעסט?

— ער קומט אפט צו אונז. ער וואהנט ערגעץ ווייט פון דאנען, לעבען שטעדטעל ראזענוי.

דאס איז ווירקליך געוועזן נאני. ער האט זיא דערקענט. ער האט זיך דערפרייט,

וואס ער האט זיא דערזעהן אין בודאפעסט. ער איז באלד אריינגעגאנגען אין זיין צימער און האט צונויפגעלעגט זיין האנד אין א שרעקליכען פויסט.

— דוא קענסט מיך ניט! האט ער אויסגערופען, איך אבער קען דיך! דוא קענסט זיכער זיין, גרעפין עלווירא, אז אליין וועסט דוא שוין ניט צוריקפאהרען אין שלאס טאקקי. איך וועל שוין זארגען, אז דוא זאלסט האבען א בעגלייטער.

עלווירא האט ניט געהערט, וואס נאגי האט געזאגט. עס איז א גרויס גליק פאר'ן מענשען, וואס ער הערט ניט אלעס, וואס שלעכטע מענשען רעדען פון איהם. — לאזען זיי רעדען, דיא שלעכטע מענשען! לאזען זיי קריצען מיט דיא צעהנער! לאזען זיי פערשלינגען זייער איינענעם גיפט!

עלווירא איז אריינגעקומען אין צימער פון איהר קראנקען ברודער. דער קראנקען וועכטער האט איהר א ווינק געטאהן, זיא זאל געהן שטילערהייט: דער קראנקער שלאפט. זיא איז געבליעבען שטעהן פארן בעט פון'ם קראנקען. זיא האט א ציטער געטאהן, ווען זיא האט דערזעהן, אז איהר ברודערס געזיכט איז געל וויא א וואקס. דער טויט האט ארויפגעלעגט זיינע אייזערנע נעגעל אויף דיעזען יונגען און קרעפטיגען מענשען און האט איהם געפארבט מיט זיין טרויערינער, געלער פארב.

זיא האט שטילערהייט גענומען א שטוהל, האט איהם געשטעלט לעבען בעט און האט זיך געזעצט לעבען איהם. הייסע, געזאלצענע, ביטערע טרערין האבען זיך געגאסען פון איהרע אויגען. זיא האט יעצט אליין געזעהן, אז נור איין נאט קען העלפען. זיא האט געוואוסט, אז דיא דאקטוירים האבען זיך פון איהם אפגעזאגט.

זיא איז אזוי אוועקגעזעסען א גערוימע צייט און האט מורא געהאט זיך צו ריהרען. ענדליך האט געארג א ציטער געטאהן און האט געעפענט דיא אויגען. עלווירא האט זיך אנגעבויגען צו איהם און האט געזאגט:

— וואס מאכסט דוא, געארג? — איך בין עס דיין שוועסטער עלווירא!

דער קראנקער האט איהר דערלאנגט זיין אויסגעדארטע, וויא א וואקס געלע האנד.

— איך האב ניט געהאפט אויף דעם גליק צו זעהן פאר מיין טויט איינעם פון מיינע ליעבע און טהייערע. האט ער געזאגט מיט א שוואכער שטימע. — איך דאנק דיר, עלווירא, וואס דוא ביסט געקומען!

— רעג דיך ניט אויף, ליעבער ברודער! האט עלווירא געבעטען. — בערוהיג דיך! דוא וועסט ניט שטארבען, געארג! — מיר וועלען דיך נעהמען אהיים. איך און דיא מוטער וועלען ארומגעהן ארום דיר. — אך! דוא זאלסט וויסען, וויעפיעל זיא ליידעט! וויעפיעל זיא האט געוויינט!

דער קראנקער האט א ריהר געטאהן מיט'ן קאפ.

— אומזיסט, טהייערע שוועסטער! האט ער געזאגט, מיינע שטונדען זיינען געצעהלט. איך וועל שוין ניט לאנג לעבען! — איהר וועט מיך ברענגען אויף דעם שלאס טאקקי, אבער ניט לעבעדיגערהייט! — לאמיר אבער דערפון מעהר ניט רעדען! זאג מיר בעסער, וואס מאכט ארטהור, מיין פריינד?

— אך! איהם וואלט איך געוואלט זעהן נאך אמאל! איך האב מיט איהם וואס צו רעדען.

דיא אונגליקליכע עלווירא האט געשוויעגען. האט זיא דען געקענט דערצעהלען איהר אונגליקליכען ברודער, וואו ארטהור געפינט זיך יעצט?

זיא האט געשוויעגען. — צום גליק, איז דער אלטער גראף מעראס אין דיעזער מינוט אריינגעקומען אין צימער און האט אנגעהויבען צו ווינקען דעם דאקטאר, וועלכען האט מיטגעבראכט.

— געה ארויס, ליעבע עלווירא, האט דער אלטער מאן געבעטען. דער דאקטאר וויל אונטערזוכען געארגס וואונדען. דוא קענסט יעצט ניט בלייבען אין צימער.

עלווירא האט געמוזט ארויסגעהן. זיא האט ניט געקענט בלייבען אין צימער, ווען מען האט געמוזט אויפדעקען דעם פערוואונדעטען קערפער געארגס. זיא איז ארויסגעגאנגען און איז אוועקגעפאהרען צו איהר אָנקעל. דארט איז זיא אריינגעגאנגען אין איהר צימער, איז געפאלען אויף איהר בעט, האט פערגראבען איהר קאפּ אין דיא קישענעס און האט אנגעהויבען צו וויינען:

— געארג! ליעבער, טהייערער ברודער, געארג!

25טער קאפּיטעל.

## נאַני און זיין פריינד.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע טעג, זייט נאני געפינט זיך אין בודאפּעסט. ער איז מעהר ניט געגאנגען צום אדוואקאט, דערפאר פלעגט ער טעגליך ארויסגעהן שפּאַ ציערן אויף אייניגע שטונדען. וואוהין ער פלעגט געהן און וואס ער פלעגט טאהן אין דיעזער גרויסער שטאדט, דיא הויפּט שטאדט פון אונגארן, דאס האט קיינער ניט געוואוסט.

אין א שעהנעם פריהמארגען איז ער געזעסען אין זיין צימער אין וויענער האטעל מען האט אנגעהויבען צו קראצען אין זיין טהיר.

— אריין! האט ער אויסגערופען.

דער קליינער, מאגערער מאן מיט דיא שווארצע האר, איז אריינגעקומען אין צימער. ער האט זיך פערנייגט פאר'ן באראן נאני און האט איהם דערלאנגט א קליין פּעקעלע.

— עס איז אלעס אין ארדנונג! האט ער געזאגט.

נאני האט בעטראכט דאס פּעקעלע פון אלע זייטען און האט א שאָקעל געטאהן מיט'ן קאפּ. עס איז געווען דייטליך, אז ער איז צופריעדען מיט זיין מאן. דאן האט ער גענומען דאס קליינע פּעקעלע און האט עס בעהאלטען אין איינעם פון זיינע רעקעלעך.

— יעצט האב איך פאר דיר נאך אן ארבייט, האט ער געזאגט.

— וואס פאר אן ארבייט? האט דער מאן געפרעגט, ביטע, זאגט עס מיר. איך וועל עס גערן טאהן.

— ביי גראף מעראס, דעם בישאף פון אונגארן, געפינט זיך יעצט א יונגע דאמע. זיא איז דעם גראף'ס ניכטע. — קענסט דוא געוואהר ווערן, ווען זיא פאהרט אוועק פון דאנען? איך מוז עס וויסען.

דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר האט געטראכט איינינע אוינענבליקע.

— איך האב א פלאן, וויא אזוי עס געוואהר צו ווערן.

— קענסט דוא מיר ניט זאגען דיין פלאן?

דער קליינער מאן האט זיך צוגעבויגען צום באראן נאגי און האט איהם עפּעס געזאגט אויפ'ן אויער. נאגי האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפּ. דער פלאן איז איהם געפעלען.

— בראוואָ, מיין גוטער מאן! האט ער אויסגערופען. איך זעה, אז איך האב מיך ניט אפּגענארט. דוא ביסט ווירקליך א מאן. דיין פלאן איז גראסארטיג. וואס ווילען מיר אבער טאהן, ווען זיא וועט זיך אביסעל פערשפּעטיגען? ווען זיא וועט פאָהרען אין אנאנדער טאג?

— ווילען מיר זעהען געוואהר צו ווערען, ווען זיא וועט פאהרען דעם אנדערן טאג. זיא וועט דאך ניט בלייבען אויף אייביג אין בודאפעסט. זיא וועט דאך אמאל מוזען פאהרען.

— דאס איז אלעס גאנץ רעכט, האט נאגי אויסגערופען. איך וויל דאך אבער, אז דוא זאלסט פאהרען מיט איהר? — איך וויל, אז דוא זאלסט פאהרען מיט איהר ביז ראזענוי. דארט זאלסט דוא זיא אריינפיהרען אין האטעל „צום גאלדענעם רינג" דאן זאלסטו דוא מיר מעלדען, אז זיא געפינט זיך דארט. ווייטער וועל איך שוין אלעס בעזארגען. — נעהם געלד, וויא פיעל דוא ווילסט. שיט מיט געלד אויפ'ן וועג. טהו, וואס דוא פערשטעהסט; דוא מוזט זיא אבער ברענגען אין האטעל „צום גאלדענעם רינג". דאס איז דיא הויפּטזאכע.

— זייט זיכער, הערר באראן! איך וועל זיא ברענגען, וואוהין איהר וועט מיר הייסען.

— דאס ווייס איך אויך. איך וויל אבער, אז זיא זאל בלייבען אזוי לאנג אין יענעם האטעל, ביז איך וועל אנקומען קיין ראזענוי.

— איך וועל געוויס טאהן אלעס מעגליכע אום זיא צו פערהאלטען דארט, האט דער קליינער מאן געענטפערט.

— גוט, מיין פריינד, האט נאגי געזאגט. עס איז אבער מעגליך נאך אנאנדער פאל, עס איז מעגליך, אז דיא יונגע דאמע וועט גאר פאהרען קיין וויען. דאן מוזען מיר זעהן, אז זיא זאל ניט פאהרען אהין.

ער האט זיך אנגעבויגען צום קליינעם מאן און האט איהם עפּעס געזאגט אויפ'ן אויער.

— זייט זיכער, מיין הערר, אז איך וועל אלעס אויספיהרען אקוראט און פּינקטליך, גלייך וויא איהר אליין וואלט געוועזן דערביי, איהר מוזט אבער ניט פערגעסען, אז איך בין קיין קאוואליער און איך קען ניט זיין אזוי העפליך געגען א דאמע, וויא איהר.

— גאנץ העפליך דארפסט דוא אויך ניט זיין. ווען זיא וועט נור ניט מאכען קיין געוואלדען, דארפסט דוא ניט זיין שטארק אונהעפליך.

— זייט אונבעזאָרגט, מיין העדר, איך בין אייער טרייער פריינד ביז אין טויט.

דיא לעצטע פאר ווערטער האט ער שטארק אויסגעצויגען.

ער האט נאך אוועקגערעדט איינינע מינוטען מיט זיין פריינד, וועלכער איז איהם טריי ביז אין טויט, דאן האט ער זיך פערניינט און איז אוועקגעגאנגען. קוים האט זיך פערמאכט דיא טהיר הינטער איהם, האט נאגי צונויפגעלעגט זיין האנד אין א שרעקליכע פויסט און האט געזאגט:

— טריי ביז אין טויט ווילסט דוא זיין? אונגליקליכער! דוא מיינסט, אז דוא ביסט מיין פריינד? דוא ביסט נור א ווערקצייג אין מיינע הענד! דוא ביסט נור דיא האק, מיט וועלכער איך ארבייט. זא באלד מיין ארבייט איז געענדיגט צוברעך איך דיא האק און ווארף זיא אריין אין וואסער. איהר זייט אלע ווערקצייגע אין מיין האנד! איהר וועט אלע מוזען טאהן, וואס איך הייס אייך! — דיא שטאלצע עלווירא וועט מוזען הייראטהען דעם גראף מאקס פאן ראדעצקי. דער באראן פאן באטהיאני וועט מוזען בלייבען א הענקער. דער קייזער וועט איהם אויך ניט העלפען. וואס נאגי וויל, דאס פיהרט ער אויס!

פלוצלונג איז ער געווארען שטיל. ער האט זיך עפּעס דערמאנט.

— דער שטומער בעטלער הויבט אן צו ווערן פערדעכטיג, האט ער ווייטער געזאגט, ער געפעלט מיר ניט. איך מוז אנהויבען אויף איהם אכטונג צו געבען. עפּעס איז מיט איהם. עפּעס האט ער א געהיימניס. איך מוז איהם נאכשפּירען. איך מוז הייסען איינעם פון מיינע מענשען איהם נאכקוקען. קוים וועל איך נור עפּעס געפינען, אז ער טויג מיר ניט, מוז ער פערשווינדען.

ער האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— דאס איז א אידעע! האט ער פלוצלונג אויסגערופען. דאס איז ניט מעהר, וויא רעכט. איך מוז געהן בעזוכען דעם קראנקען געארג. — פאר וואס ניט? פאר א באראָן פּאסט ער זאל בעזוכען א קראנקען גראף. פיעלייכט וועט ער עפּעס אויספּלוידערן? פיעלייכט וועל איך קענען ארויסציעהן פון איהם א ווארט? פיעלייכט וועל איך עפּעס געוואהר ווערן פון איהם?

ער האט זיך פערפּוצט פאר'ן שפּיעגעל און איז ארויסגעגאנגען אין קארידאר. א דיענער האט איהם אריינגעפיהרט אין צימער, וואו דער קראנקער געארג איז געלעגען. ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין צימער, האט ער אויסגערופען:

— מיט איהם איז עס אויס! ער וועט באלד רוהען מיט זיינע שטאלצע עלטערן אין קאלטען גראב. ער וייס פון גאר נישט. דאס דאקומענט איז פערפאלען און פערלארען.

ער האט צונויפגעלעגט זיינע זאכען, האט פערפּאקט זיינע קעסטלעך און זיינע רענצלעך און האט אנגעקלונגען. א לאקיי איז אריינגעקומען.

— ברענג מיר מיין רעכנונג און הייס איינשפּאנען מיין קארעטע! האט ער בעפעהלען שטאלץ.

מיט א שטונדע שפעטער איז דער שטאלצער באראן נאני פאן האללאוואאי ארויסגעפאהרען פון בודאפעסט.

## 26טער קאפיטעל.

# צווישען דיא גרעבער.

עס איז נאכט. אויפ'ן בעערדיגונגס פלאץ סאנקט געארג ניט ווייט פון בודאפעסט איז אלעס שטיל און רוהיג. אין דיעזע צייט מאכט קיינער קיין בעזוך אויף דיעזען ניט גאנץ פרעהליכען פלאץ.

דער מאנד לייכטעט העל און בעלייכטעט דיא ווייסע מארמארענע מאנומענטען אויף דיא גריעבער פון דיא טויטע. זיי וויזען אויס, וויא בלייכע גייסטער, וועלכע בעוואכען דיא, וואס שלאפען אונטען שטיל און רוהיג, אז מען זאל זיי ניט שטערן.

דא זיינען, דאכט זיך, אלע גלייך; דא איז ניטא קיין אונטערשיעד צווישען ארים און רייך; דא קען דער שטאלצער גראף ניט שטאלצירען מיט זיינע שלעסער און מיט זיינע טיטולען און דא האט ניט דער ארימאן וואס זיך צו שעהמען מיט זיינע צוריסענע קליידער. דא הערשט דיא פאלקאמענע גלייכהייט.

דאס דאכט זיך נור אבער אזוי. אין דער וואהרהייט איז עס גאנץ אנדערש. אויך אויף דיעזען טרויעריגען ארט שטאלצירט דער גראף מיט זיין רייכטהום. ער בויט אויפ'ן גראב פון זיינע פערוואנדטע גראסארטיגע מאנומענטען, שטיבעלעך און טהורמס. דער ארימער אבער ליעגט פערגעסען און פערנאכלעסיגט. דער איינפאכער הילצערנער קרייץ, וועלכען דיא האנד פון דער ליעבע האט אויפגעשטעלט אויף זיין גראב, איז שוין לאנג פערפוילט געווארען, פערניכטעט געווארען און צערשטערט געווארען. מען טרעט אויף זיינע ביינער, מען צוטרעט דאס בערגעלע, אונטער וועלכען ער רוהט. און זאגאר זיין נאמען ווערט פערשוואונדען.

אין דערמיט פון דיעזען פלאץ וועלכען דיא וועלט רופט דער גאטעס אקער, געפינט זיך א פיערעקיגער פלאץ, וועלכער איז ארום געצוימט מיט א שטארקען אייזערנעם פארקען. אין דערמיט פון דיעזען פלאץ שטעהט א שטיבעלע אויף פיער זיילען פון רויטען איטאליענישען מארמאר. צווישען דיא זיילען ציעהן זיך הויכע אייזערנע גראטעס, נור איין טהיר פיהרט אריין אין דיעזען שטיבעלע, ווען מען קומט אריין אין שטיבעלע, זעהט מען אין דערמיט א טהיר אין דער ערד, וויא אין א טיעפען קעלער. אויף דיא מארמארענע זיילען קען מען לעזען אן אויפשריפט מיט גרויסע גאלדענע בוכשטאבען:

„דאס פאמיליען בעגרעבנים פון דיא גראפען מעראס.“

אלעס איז שטיל. אלעס איז רוהיג אין דיעזען ארט. פלוצלונג האט זיך געוויעזען א געשטאלט, א מענשען געשטאלט. זיא איז געגאנגען לאנגזאם און שטיל, גלייך וויא זיא האט ניט געוואלט שטערן דיא רוהע פון דיא טויטע. זיא איז צוגעגאנגען צום פאמיליענבעגרעבנים פון דיא גראפען מעראס.

— איך ווארט דא שוין זייט דיא זון איז אויפגעגאנגען, האט דיא געשטאלט געזאגט שטילערהייט. היינט איז דער טאג, ווען זיין פרוי איז געשטארבען. ער מוז קומען אהער. איך קען ניט פערגעסען דיעזען טאג. אין דיעזען טאג האט מען ארעסטירט מיין

מאן און ער ליעגט אויך ביז אויף היינטיגען טאג אין דיא מינען פון שפיעלבערג. גראף מעראס האט עס אזוי געוואלט. ער האט געהייסען ארעסטירען מיין מאן. — פאר וואס אבער קומט ניט דער שטאלצער גראף בעזוכען דאס גראב פון זיין פרוי? ער פלעגט עס שטענדיג טאהן. ער טוט עס יעדעס יאהר. פאר וואס איז ער גראדע היינט ניט געקומען?

דיא געשטאלט איז צוגעקומען צו דער אייזערנער טהיר.

— דיא טהיר שטעהט אפען, האט זיא געזאגט, דער וועכטער ווייס, אז היינט דארף קומען דער גראף און ער האט געלאזען אפען דיא טהיר. איך מוז ווארטען. איך קען אריינגעהן אינעווייניג.

זיא איז דורכגעגאנגען דורך דיא טהיר און איז צוגעקומען צום קעלער און איז געבליעבען שטעהן.

— עס איז טרויעריג דא אונטען. — וואס מאכט עס אבער? יעדער עס האט פיינט דיא לעבעדיגע, דער האט גינזוס מורא צו האבען פאר דיא טויטע. שלעכטעס קענען טאהן נור דיא לעבעדיגע, ניט דיא טויטע. — פיעלייכט אבער וועט גראף מעראס היינט גאר ניט קומען? פיעלייכט ווארט איך גאר אומזיסט? — ווען ער וועט ניט קומען, וועל איך מוזען זוכען אנאנדערן וועג, וויא אזוי איהם צו זעהן און מיט איהם צו רעדען. — אלענפאלס מוז איך דא ווארטען.

דיא געשטאלט איז לאנגזאם אראפגעגאנגען דיא טרעפ אין קעלער און האט זיך געשטעלט הינטער א גרויסען שטיינערנעם גראב.

— דא רוהען דיא ביינער פון זיין פרוי, האט דיא געשטאלט ווייטער געזאגט, אהער מוז ער קומען. ער קומט אהער יעדעס יאהר און, ווען ער איז נור ניט קראנק, וועט ער היינטיגעס יאהר געוויס אויך קומען. איך וועל דאן האבען דיא בעסטע געלעגענהייט מיט איהם צו רעדען.

דיא געשטאלט האט געוואוסט, וואס זיא רעדט. דער טאג, אין וועלכען זיין פרוי איז געשטארבען, איז געווען פאר איהם א טאג פון טרויער און פון געבעט. ער פלעגט מיט קיינעם ניט רעדען, קיינעם ניט אויפנעהמען און מיט קיינעם ניט פערברענגען דיא צייט. פאר מיטאג פלעגט ער געוועהנליך בעטען גאט און נאך מיטאג פלעגט ער פאהרען אויפ'ן בעערדיגונגס פלאץ. ער פלעגט אראפגעהן אין קעללער, וואו עס האט זיך געפונען דאס פאמיליען בעגרעבעניס פון דיא גראפען מעראס, און פלעגט א פאר שטונדען פארברייננען אין געבעט און געוויין אין שטילען, רוהיגען קעללער.

היינט איז געווען דאס זעלבע. עלווירא איז אויפגעשטאנען אין דער פריה, וויא געוועהנליך און איז געלאפען צו איהר אנקעל. ער איז ניט געווען אין זיין צימער.

— ער איז אין דער קירכע, האט איהר געזאגט זיין קאמערדיענער.

עלווירא האט געווארט מיט א גערולד ביז ער איז צוריקגעקומען. זיא איז איהם ארויפגעשפרונגען אויפ'ן האלז און האט איהם א געהויבען צו קושען. דער אלטער מאן איז געווען טרויעריג און פערטראכט. ער האט איהר ניט געענטפערט אויף איהרע פריינדליכקייט און אויף איהרע קינדערשע ליעבע און ערגעבענהייט. ער האט גערעדט מיט איהר זעהר וועניג.

דער טיש איז געווען געדעקט, וויא שטענדיג. דער אלטער מאן האט זיך געזעצט מיט עלוויראן ביים טיש, וויא געוועהנליך. ער האט אבער זיך ניט צוגעריהרט צו קיין שפייז און צו קיין געטרענק. ער איז געזעסען שטיל, פערטראכט און טרויעריג. עלווירא האט פראבירט רעדען, ער האט איהר געענטפערט איין ווארט איבער צעהן. עלווירא האט זעהר גוט פערשטאנען, אז איהר אנקעל איז היינט בעזאנדערס צעריטטרייט און אונרוהיג.

נאכ'ן עסען איז דער גראף געגאנגען אין זיין צימער און האט אנגעזאגט, אז מען זאל קיינעם ניט צולאזען צו איהם. פלוצלונג איז אבער געקומען צופאהרען דער וויצע-קעניג פון אונגארן. איהם האט דער אלטער מאן געמוזט אויפנעהמען. עס איז דאמאלס געווען א טרויעריגע צייט. אין פראנקרייך האט אויסגעבראכען דיא רעוואלוציאן. דיא פעלקער האבען אנגעהויבען צו פאדערן פון'ם קעניג געוויסע רעכטע און פריווילעגיען. אין פראנקרייך האט דאמאלס געהערשט דער קעניג לודוויג דער זעכצעהנטער. זיין פרוי, דיא קעניגין מאריא אנטואנעטע, איז געווען אן עסטרייכישע פרינצעסין.

דער וויצע-קעניג פון אונגארן האט ערהאלטען זעהר וויכטיגע דעפעשען פון פראנקרייך און האט געמוזט זיך בעראטהען מיט'ן גראף מעראס, דעם בישאף פון אונגארן.

דיא בעראטהונג האט געדויערט זעהר לאנג. דער וויצע-קעניג איז אוועקגעזעסען ביים גראף ביז ניין אוהר אבענדס. עלווירא איז געווען אויסער זיך. זיא האט געוואלט זעהן איהר אנקעל, רעדען מיט איהר אנקעל, — עס איז אבער געווען אונמעגליך. עלווירא האט אויף איהם געווארט. זיא האט געוואלט רעדען מיט איהר אנקעל. ענדליך, ווען דער וויצע-קעניג איז אוועקגעפאהרען, איז זיא צוגעלאפען צו איהם, האט איהם ארומגענומען און האט אויסגערופען:

— גוטער, ליעבער אנקעל! דוא ביסט היינט אזוי צערשטרייט און טרויעריג, וואס איז מיט דיר? קענסט דוא מיר ניט ערקלערן, פאר וואס דוא ביסט היינט אזוי אונרוהיג?

— היינט איז פאר מיר א וויכטיגער טאג, האט דער אלטער מאן געענטפערט. אין דיעזען טאג איז געשטארבען מיין ליעבע, טהייערע יוליא, מיין פרוי. אין דיעזען טאג האב איך פערלארען מיין קינד. דיעזער טאג איז פאר מיר א טאג פון טרויער און פון ליידען. א טהייל פון דיעזען טאג פלעג איך שטענדיג פערברענגען ביים גראב פון מיין פרוי. איך האב היינט אויך געוואלט עס טאהן. עס איז אבער געקומען דער וויצע-קעניג און איך האב געמוזט מיך בעראטהען מיט איהם איבער זעהר וויכטיגע זאכען. — איך מוז עס יעצט טאהן, איך מוז יעצט פאהרען צו איהר גראב.

— וואס טהוסט דוא, אנקעל? האט עלווירא אויסגערופען. דוא ווילסט געהן אזוי שפעט ביי נאכט צום גראב פון דיין פרוי?

— ווארום ניט, עלווירא?

— איך האב מורא, עס קען דיר עפעס פאסירען. ווער וויים, וואס אויף אזא טרויעריגען ארט קען געשעהן?

— זיי רוהיג, קינד! דיא טויטע שלאפען געשמאק. מיר זיינען אין גאטס הענד.

עס מאכט ניט אויס, אויב מיר זיינען אין אונזער צימער אין דער מיט שטאדט אדער מיר זיינען אין א ווילדען װאלד, אדער מיר זיינען אויף דעם ארט, וואו אונזערע פער־שטארבענע פערוואנדטע רוהען.

— איך וויל געהן מיט דיר, אנקעל, האט עלווירא געבעטען.

— ניין, קינד, בלייב אין דערהיים. עס איז ניט פאר דיר יענער טרויעריגער ארט. עס איז ניט דיא צייט, ווען א יונגעס מעדכען זאל געהן אויף אזא ארט.

זיא האט איהם אנגעהאפט ביי דיא הענד, האט זיך אנגעהאנגען אהן איהם און האט געוואלט איהם ניט לאזען געהן. ער האט זיא אבער צוריק געדרענגט, האט געבעטען, זיא זאל בלייבען רוהיג אין דער היים און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

אין דרויסען איז געשטאנען אנגעגרייט זיין קארעטע. דער קוטשער האט געווארט זייט פיער שטונדען. דער גראף איז שנעל אריינגעלאפען אין זיין קארעטע און האט געזאגט דעם קוטשער, וואוהין ער זאל פאהרען. אין א האלבע שטונדע ארום איז דיא קארעטע געבליעבען שטעהן ביים טויער פון'ם סאנקט געארג בעערדיגונגס פלאץ.

דער טויער איז געווען געשלאסען. דער קוטשער האט געמוזט אנקלאפען און זאגען דעם וועכטער ווער עס איז געקומען אזוי שפעט. פארן גראף מעראס האט מען באלד געעפענט דעם טויער.

— זאל איך אייך בעגלייטען מיט א לאטערנע? האט דער וועכטער געפרעגט.

— איך וועל אליין טרעפען מיין וועג, האט דער גראף געענטפערט. דער מאנד שיינט אזוי העל, אז מען דארף קיינע לאטערנע.

ער איז געגאנגען שנעל צום פאמיליען בעגרעבנים פון דיא גראפען מעראס. ער האט שוין גוט געקענט זיין וועג. דיא טהיר צו דעם הויפטגעביידע איז געשטאנען אפען. דער וועכטער האט געוואוסט, ווער עס ווער היינט קומען און האט געלאזען אלע טהירען אפען. דער גראף האט יעצט געוואלט זיך אראפלאזען אין קעלער. דא אבער איז געווען שטארק פינסטער. ער האט ארויסגענומען א וואקסען ליכטעל פון זיין קעשינע, האט עס אנגעצונדען און האט עס אניעדערגעשטעלט אויפ'ן ווייסען מארמאר שטיין, וועלכער האט בעדעקט דאס גראב פון זיין פרוי.

דאן איז ער געפאלען אויף דיא קניע פארן גראב און האט אנגעהויבען צו וויינען און צו בעטען גאט. זיין געבעט האט געדויערט זעהר לאנג. עס איז געווען היים און פרייעריג. דער אלטער מאן האט געפיהלט זעהר טיעף. — טרויעריג האבען געקלונגען זיינע ווערטער אין דיעזען ארט פון אייביגען שווייגען.

פלוצלונג האט ער דערהערט א גערויש.

— וואס איז דאס? האט ער אויסגערופען. — ווער וואגט עס צו שטערן דיא רוהע פון דיא טויטע?

פון הינטער דעם גרויסען, שווערן מארמאר שטיין, וועלכער איז געלעגען אויפ'ן גראב, האט זיך אויפגעהויבען א פרויען געשטאלט. איהר געזיכט איז געווען בלייך און איהרע אויגען האבען געפונקעלט.

— ווער ביסט דוא? האט דער גראף געפרעגט בייז.

— אן אונגליקליכע, האט דיא געשטאלט געענטפערט.

— וואס פיהרט דיך אהער אין אזא צייט?

— דיא ליבע, האט דיא געשטאלט געענטפערט.

— וואס מיינסט דוא דערמיט?

— שטאלצער גראף! האט דיא פרויענגעשטאלט אויסגערופען. — ווער האט דיך געבראכט אהער אין אזא אונגעוועהנליכער צייט? — דיא ליעבע! מיך האט אויך געבראכט אהער דיא ליעבע. דוא בעטרויערסט דיין פרוי, וועלבע איז שוין לאנג געשטארבען און וועלכע וועט שוין קיין מאל ניט אויפשטעהן. דער טויט ניט ניט אריוס זיינע אפפער. — איך בעטרויער מיין מאן, וועלבער לעבט און איז לעבעדיג בעגראבען.

— וואס רעדסט דוא, וויב? — דוא ביסט וואהנזיניג! האט דער גראף אויסגערופען. איך פערשטעהע דיך ניט.

— איך בין ניט וואהנזיניג, שטאלצער גראף. איך בין אומיסטען געקומען, וויל איך מוז מיט דיר רעדען.

— ווארום אלזא ביסט דוא געקומען גראדע אהער? פאר וואס ביסט דוא ניט געקומען צו מיר אהיים?

— מען לאזט מיך ניט צו צו דיר, האט דיא פרוי געענטפערט, דיינע טהירען זיינען אפען נור פאר רייכע און פארנעהמע מענשען. דיינע לאקייען טרייבען אוועק אז ארימע פרוי, וויא איך בין.

— געה דיר ארויס פון דאנען! — דא איז ניט דער פלאץ צו רעדען! האט דער גראף געשריען.

— איך האב דיר צו זאגען עפעס וויכטיגעס, האט דיא פרוי אנגעהויבען צו רעדען רוהיגער. איך וויל דיר מיטטהיילען א געהיימניס. — טרייב מיך ניט ארויס. הער מיך ליעבער אויס.

דער גראף האט געטראכט איינינע מינוט.

— זאג מיר קורץ און שארף, וואס פערלאנגסט דוא פון מיר! האט ער ענדליך געזאגט.

— גיב מיר אפ מיין מאן.

— ווער איז דיין מאן? וויא הייסט ער?

— ער הייסט קאזימיר קאררא.

דער אלטער מאן איז אויפגעשפרונגען, יעצט האט ער שוין געוואוסט, ווען ער האט פאר זיך.

קאזימיר קאררא איזא רויבער, א מערדער, האט ער געענטפערט. איך קען איהם ניט בעפרייען. ער ברענגט נור שאדען דער מענשליכען געזעלשאפט און מען מוז איהם האלטען אין געפענגניס, וויא מען מוז האלטען א בייזען הונד אויף א קייט. — ווען איך זאל זאגאר וועלען, קען איך איהם אויך ניט בעפרייען.

— דוא קענסט עס, גראף, דוא ווילסט עס אבער ניט. — בעדענק, גראף, דוא ביסט שוין אלט. באלד וועסט דוא אויך ליגען אין דיעזען פינסטערן קעלער לעבען דיין פרוי. — טהו עפעס גוטעס אין דיינע לעצטע טעג! גיב אפ אן אונגליקליכער פרוי איהר מאן און ארימע קינדער זייער פאטער.

— נעה דיר אוועק פון דאנען, פרוי! האט דער גראף אויסגערופען, אדער איך וועל רופ'ען דעם וועכטער און מיין קוטשער און וועל הייסען דיך ארעסטירען. איך קען גאר ניט טאהן פאר רויבער און מערדער!

דיא פרוי האט געשוויעגען איינינע מינוט. זיא האט זיך איבערלעגט, וויא זיא זאל רעדען מיט'ן גראף און וואס זיא זאל איהם זאגען.

— גראף! האט זיא אנגעהויבען צו בעטען, — גראף! איך וויל אייך ענטדעקען א געהיימניס.

— איך וויל ניט וויסען פון דיינע געהיימניסע! — נעה דיר אוועק פון דאנען אדער איך וועל אנהויבען צו רופען דיא וועכטער.

— הער מיך אויס! האט דיא פרוי געבעטען. דוא דארפסט מיך ניט ארעסטירען. איך פאהר נאך היינט ביי נאכט אוועק פון בודאפעסט. וואס קען עס דיך הארען, ווען דוא וועסט מיך אויסהערען איינינע מינוט? — איך וואין וויט, וויט פון דאנען אין דיא קארפאטהען בערג. דארט האב איך מיר אויסגעזוכט אן אלטע רואינע, א חורבה, אן אלטען איינגעפאלענעם שלאס. אין דיעזען שלאס האט אויך אמאל געוואינט א שטאלצער גראף, וויא דוא. יעצט וואין איך דארט אליין. איך וואין צווישען דיא וועלף און דיא אדלערס פון דיא קארפאטהען בערג גאנץ אליין.

— הער אויף צו פלוידערן! איך וויל ניט וויסען וואו דוא וואינסט!

— אלזא, בעט איך דיר נאך א מאל, גיב מיר אפ מיין מאן!

דיא אויגען פון דיעזער זאנדערבארען פרוי האבען אנגעהויבען צו גליהען, וויא דיא אויגען פון א הונגעריגען וואלף. איהרע געלע, צוקנויטשטע און איינגעפאלענע באקען, זיינען רויט געווארען. זיא איז צוגעקומען צו איהם נעהענטער און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

דעם גראף איז געווארען רעכט אונאנגענעהם דער בליק פון דיעזער פרוי. ער איז געוועזען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט מעהר ניט געקענט בעטען. — ער האט זיך ענטשלאסען אוועקצוגעהן און לאזען דיא פרוי גאנץ אליין. קוים אבער האט ער זיך אוועקגעקעהרט, איז דיא פרוי פערלאפען פאראויס, האט זיך אניעדערגעשטעלט ביי דער טרעפ און האט געזאגט שטרענג:

— בלייב שטעהן, שטאלצער גראף! איך בעשווער דיך ביים גראב פון דיין פרוי, וועלכע דוא האסט אזוי געליעבט, גיב מיר אפ מיין מאן! — איך האב דיר צו זאגען א זאך, א געהיימניס, פאר וועלכע דוא וועסט מיר ניט נור אפגעבען מיין מאן, זאנדערן דוא וועסט מיך אפשיטען מיט געלד.

— איך קען דיר גאר ניט העלפען! איך קען ניט בעפרייען דיין מאן! — שטער מיך ניט! לאז מיך געהן!

— איך פרעג דיך נאך א מאל: ווילסט דוא מיר אפגעבען מיין מאן? — ווען דוא קענסט עס ווירקליך ניט, וועל איך דיר אויסזאגען מיין געהיימניס, ווען דוא וועסט מאכען, אז איך זאל מיך זעהן מיט איהם און זאל מיט איהם רעדען איינינע צייט.

— דאס קען איך טאהן פון דיינעט וועגען. קום מארגען אין דער פריה צום געפענגניס. איך וועל דארט זיין און וועל הייסען, אז מען זאל לאזען דיר רעדען מיט דיין

מאן. דיין געהיימנים פערלאנג איך ניט. איך האב קיין צוטרויען צו אזעלכע מענשען, וויא דוא ביסט. איך בעדויער זיי, איך האב מיטלייד מיט זיי; איך וויל זיי אבער ניט קענען און וויל ניט וויסען פון זייערע געהיימניסע. — יעצט געה! — מעהר קען איך פאר דיינעט וועגען גאר ניט טאהן.

— אלזא, מארגען אום צעהן אוהר? האט דיא פרוי איבערגעפרעגט נאך א מאל.

דער גראף האט נור א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפ. דיא פרוי איז ארויסגע־גאנגען פון קעללער און איז פערשוואונדען געווארען צווישען דיא גרעבער. דער גראף איז ענדליך געבליעבען אליין. ער איז געוועזען בלייך, וויא דער מארמאר, לעבען וועלכען ער איז געשטאנען, און פון צייט צו צייט פלעגט זיין גאנצער קערפער ציטערן.

ער האט ניט געוואלט וויזען דער פרוי, אז ער פערשטעהט, פון וואס פאר א געהיימניס זיא רעדט. ער האט ניט געוואלט פיעל רעדען מיט איהר, ווייל ער האט אזעלכע מענשען ווירקליך ניט געטרויט. ער איז געוועזען א געבראָטענער אריסטאקראט, וועלכער איז געוועזען פעסט איבערצייגט, אז דער מענש, וועלכער איז ניעדעריגער פון א בארא̈ן, דער איז גאר קיין מענש ניט. ער האט דערפאר גאר ניט געוואלט רעדען מיט איהר.

— פיעלייכט ווייס זיא דאך עפעס? האט ער געמורמעלט. פיעלייכט וועט זיא מיר ווירקליך זאגען....

ער איז געפאלען אויף דיא קניע, האט פערגלאצט מיט דיא אויגען צום הימעל און האט אויסגערופען:

— אך, גאט! נור דוא, נור דוא אליין קענסט ענטדעקען דאס שרעקליכע גע־היימניס, וואו מיין קינד געפינט זיך —

— איך קען עס דיר אויך ענטדעקען!

האט אויסגערופען א שטימע פון אויבען. דער גראף האט צוואר געוואוסט, אז דאס האט געזאגט דיא פרוי. דאס מאל אבער איז איהר שטימע געקומען פון אויבען און עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז דיעזע שטימע קלינגט יעצט גאנץ אנדערש. דאס מאל האט ער שוין געוואלט רעדען מיט איהר. ער איז ארויפגעגאנגען פון קעללער, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. — דיא פרוי איז פערשוואונדען.

ער איז שוין צוריק ניט אראפגעגאנגען אין קעללער. ער איז ארומגעגאנגען איינינע צייט צווישען דיא גרעבער. זיינע אויגען האבען עפעס געזוכט. — אומזיסט! קיינער איז ניט געוועזען. ער איז צוגעגאנגען צום טויער און האט געפרעגט דעם וועכטער:

— האסט דוא געזעהן איינעם ארויסגעהן?

— איך האב קיינעם ניט געזעהן, האט דער וועכטער געענטפערט.

ער האט געפרעגט זיין קוטשער, אויב ער האט ניט געזעהן איינעם ארויסגעהן. דער קוטשער האט אבער אויך קיינעם ניט געזעהן.

דער גראף האט געהייסען פאהרען אהיים. אין דער היים איז ער באלד געגאנגען אין זיין שלאף צימער און האט זיך געלעגט. ער האט אבער ניט געקענט שלאפען.

דאס בילד פון יענער פרוי, איהר שטימע, איהרע בליקען, איהר בענעהמען, איהר גאנצעס וועזען זיינען געשטאנען פאר איהם, וויא לעבעדיג; זיא האט איהם גערופען, זיא האט איהם געבעטען, א האט גערדראָהעט און האט פון איהם עפּעס געפאָרדערט. עפּעס פערלאנגט

דארט אין קעללער, ביים גראב שטיין (מצבה) פון זיין פרוי, האט ער ניט געקאָנט רעדען מיט איהר, ער האט ניט געוואלט רעדען מיט איהר, ער איז געווען צו אויפגע־רעגט אום צו רעדען מיט איהר, ער איז געווען צו פיעל פערטיעפט אין זיין טרויער, אין זיינע ליידען אום צו רעדען מיט איהר. יעצט אבער, ווען ער איז געלעגען אויף זיין געלעגער אליין, האט ער געפונען, אז ער האט ניט גלייך געטאהן, וואס ער האט זיא ניט אויסגעהערט.

— איך מוז זיא זעהן, האט ער בעשלאסען, איך מוז מיט איהר רעדען!

ער האט קוים ערוואַרטעט דעם מארגען. ער האט זיך געקייקעלט אויף זיין געלעגער א גאנצע נאכט און האט קוים דערלעבט דעם יונגען טאג. —

פונקט צעהן אוהר איז ער שוין געווען לעבען געפענגניס. ביים טויער האט ער דערזעהן א פרויען געשטאלט, וועלכע איז געלעגען צונויפגעדרעהט און צונויפגעקאר־טשעט אין א ווינקעלע, וויא א בילד פון נויט, עלענד און פערצווייפלונג. זיא האט זיך ניט גערירט, ווען זיין קארעטע איז צוגעקומען צום געפענגניס. זיא איז ניט אויפגע־שפרונגען, ווען זיא האט איהם דערזעהן. זיא איז געבליעבען ליעגען אויף דער ערד רוהיג און שטיל.

— איך האב דיר צוגעזאגט, אז דוא וועסט רעדען מיט דיין מאן, האט ער געזאגט, איך בין געקומען האלטען ווארט. דוא וועסט איהם באלד זעהן און וועסט מיט איהם רעדען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך אויסגעשטרעקט און האט זיך אויפגע־שטעלט פאר איהם.

— אה! דוא ביסט עס, גראף? האט זיא אויסגערופען. — איך האב דיך ערווארטעט!

זיא האט געווארפען אויף איהם א שטרענגען, בייזען, ווילדען בליק. אזא בליק ווארפט דער טיגער אויף זיין אפּפער, ווען ער וויים, אז עס קען שוין מעהר ניט אנט־לויפען. מיט אזא בליק קוקט דיא שלאנג אויף דאס קליינע פויגעלע, וועלכעס עס וויל פערשלינגען. דער אלטער מאן האט געפיהלט דיעזען בליק. ער האט א ציטער געטאהן זיא איז צוגעקומען נעהענטער צו איהם און האט געזאגט שטילערהייט!

מיין מאן האט געוואלט אנטלויפען פון דאנען. ער האט ערמארדעט זיין וועכ־טער. מען האט איהם געכאפּט. מען האט איהם פעראורטהיילט צום טויט. אין פערצעהן טאג ארום וועט מען איהם הענגען. עס איז אומזיסט! איך וויל יעצט ניט רעדען מיט איהם. איך וועל רעדען מיט איהם פאר זיין טויט. דאמאלס וועל איך ניט דארפען דיין גנאדע. דאמאלס וועלען זיי מוזען מיך צולאזען צו איהם. איך וועל אבער איך נוקם זיין אהן דיר, שטאלצער גראף! דאן ערשט וועל איך דיר אויסזאגען א

נעהיימנים, פון וועלכער דוא וועסט ציטערן. — דוא וועסט ווערן וואהנזיניג, ווען דוא וועסט עס וויסען. — געדענק! — מיר וועלען זיך באלד וויעדערזעהן.

דער אלטער מאן איז געוועזן איבעררואשט פון איהרע רעד. ער האט געוואלט זיא אנהאפען, רופען, שרייען, הייסען זיא ארעסטירען. אומזיסט! — זיא איז פערשוואונדען! זיא איז אריין, וויא אין וואסער.

גראף מעראס איז דאמאלס געוועזן דער אבער ריכטער. ער האט ווירקליך אונטערשריעבען דעם אורטהייל, אז קאזימיר קאררא זאל זיין געפאנגען אויף לעבען לאנג. יעצט, ווען ער איז געווארען בישאף, האט ער זיך מעהר ניט אנגעהערט מיט'ן געריכט. ער האט ווירקליך נאר ניט געקענט העלפען. דיא פרוי האט אבער דערפון ניט געוואוסט. זיא האט זעהר גוט געדענקט, אז זיא איז דאמאלס געוועזן ביי איהם מיט א ביטע, ער זאל בעגנאדיגען איהר מאן. ער האט איהר אבער ניט געענטפערט. ער האט איהר ניט געקענט ענטפערן, ווייל איהר מאן איז ווירקליך געוועזן שולדיג.

פערטראכט, אויפגערעגט און בעאונרוהיגט האט ער זיך געזעצט אין זיין קארעטע און איז געפאהרען אהיים.

27טער קאפיטעל.

## דער בריעף.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג נאך דיא סצענען, וועלכע מיר האבען בעשריעבען אין פאריגען קאפיטעל. אין פאלאץ פון גראף מעראס איז קיין נייעס ניט פארגעקומען.

גראף מעראס האט ניט געוואוסט, אז עלווירא איז אוועקגעפאהרען פון דער היים אהן איהר מוטערס וויסען. ער איז געוועזן פעסט איבערצייגט, אז איהר מוטער האט זיא געשיקט צו איהם. עלווירא האט עס ניט גערעכענט פאר נעטהיג עס איהם צו דערצעהלען.

אין א שעהנעם פריה מארגען איז דער אלטער מאן אריינגעלאפען אין איהר צימער מיט א בריעף אין דער האנד. ער איז געוועזן פערוואונדערט, ערשטוינט און אויפגערעגט.

— עלווירא! האט ער אויסגערופען אויף דער טהיר, — עלווירא! דוא ביסט אנטלאפען פון דיין מוטער! אך! איך זאל געוועזן וויסען דערפון, וואלט איך דיך ניט נעהאלטען ביי מיר. איך וואלט דיך באלד צוריקגעשיקט אהיים! — וואס האסט דוא געטאהן, עלווירא? דיין מוטער האט זיך אזוי געקרענקט פון דיין אנטלויפען, אז זיא איז קראנק געווארען. — זיא קען נאך שטארבען און דוא וועסט זיין דיא אורזאכע פון איהר טויט.

עלווירא איז געווארען בלייך און האט אראפגעלאזען טרויעריג דעם קאפ. זיא האט זיך געשעהמט צו קוקען דעם אלטען מאן אין דיא אויגען.

— דוא מוזט פאהרען אהיים, האט דער אלטער מאן געזאגט שטרענג, דוא קענסט ביי מיר ניט בלייבען. עס איז מיר געוויס ליעב צו זעהן ביי מיר אין הויז מיין שוועסטערס קינד. ווען איך דערמאן מיך אבער, וויא דיעזע שוועסטער ליידעט, וויא זיא ענגסטיגט זיך און פלאגט זיך וועגען דיר, קען איך מיך ניט איינהאלטען און מוז

דיך צוריק שיקען אהיים. איך האב שוין בעשטעלט א קארעטע און איבערמארגען איז דער פריה וועסט דוא פאהרען אהיים.

עלווירא האט אנגעהויבען צו וויינען.

— דוא האסט רעכט, ליעבער אנקעל! איך האב בעגאנגען א גרויסען פעהלער, וואס איך בין אזוי אוועקגעגאנגען פון מיין מוטער, דוא מוזט מיר אבער פערצייהען, ווען דוא וועכסט וויסען, אין וואס פאר א טרויעריגע לאגע איך בין געווען. מיין מוטער וויל ניט וויסען פון מיין ליעבע צום באראן באטהיאני. זיא בעטראכט איהם שוין אלס הענקער. זיא האט מיר געזאגט, אז ווען דער קייזער זאל זאגאר בעגנאדיגען דעם בא־ ראן, וועט זיא מיר דאך ניט ערלויבען, איך זאל איהם הייראטהען, ווייל דער באראן איז ניט רייך.

איהר גאנצע האפנונג איז געווען אויף מיין ברודער געארג. זיא האט געהאפט, אז מיין ברודער וועט דאך אויסגעפינען א מיטעל, וויא אזוי צו פארדערן צוריק דאס פערמעגען פון ארטהור'ס פאטער. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס איך בין אנט־ לאפען פון מיין מוטער. איך האב געוואלט בלייבען ביי דיר אזוי לאנג, ביי עס וועט אנקומען פון וויען ארטהורס בעגנאדיגונג. איך האב געוואלט אליין ברענגען דעם קייזערס בעגנאדיגונג אין טהורם פון טשעמני. איך בין זיכער, אז קוים וועל איך איהם אליין בעפרייען, וועט ער זיין מיינער אויף אייביג. — איך וויל דא בלייבען. דוא קענסט שיקען א קוריער צו מיין מוטער, איהר זאגען, אז איך בין געזונד און געפין מיך בייא דיר אין הויז.

— דאס האב איך שוין געטאהן, האט דער אלטער מאן געזאגט.

— נון, גוט! דאן האב איך דאך ניט מיך וואס צו איילען. איך וועל דא ווארטען, ביז עס וועט אנקומען דיא אנטווארט פון וויען. וועט דיא אנטווארט זיין גוט, וועל איך זיא אליין ברענגען מיין געליעבטען ארטהור. וועט זיא אבער זיין ניט גוט, וועל איך וויסען וויא צו שטארבען צוזאמען מיט מיין ארטהור.

— עלווירא! דוא ווייסט גאר ניט, וויא דיין מוטער ליידעט. זיא האט ארויס־ געשיקט מענשען דיך זוכען אין גאנץ אונגארן. עס איז נאך א גליק, וואס א יונגער מאן, א געוויסער גראף ראדעצקי, העלפט איהר מיט לייב און זעעלע דיך זוכען. זיא האט איהם זאגאר געגעבען א בריעף צו דיר, אז דוא זאלסט קומען מיט איהם. —

— מיט איהם? האט עלווירא אויסגערופען דערשראקען, — מיט איהם? — אויף קיין פאל! ווייסט איהר, ליעבער אנקעל, אז דיעזער גראף ראדעצקי האט אונגליקליך געמאכט מיין ליעבען ארטהור? ווייסט איהר ניט, אז ער איז מיין גרעסטער פיינד? — ניין! ניין! מיט איהם וועל איך אויף קיין פאל ניט פאהרען. — איך וועל שרייבען א בריעף צו מיין מוטער, אז איך פיהל מיך גאנץ גוט ביי דיר. זיא וועט זיך בערוהיגען און דערמיט איז אלעס געענדיגט. פון גראף ראדעצקי וויל איך ניט וויסען.

— ניין, עלווירא! האט דער אלטער מאן געזאגט ערנסט. דוא וועסט איהר היינט שרייבען א בריעף, אז דוא פאהרסט איבערמארגען ארויס. איך קען עס ניט ערלויבען, אז מיין ארימע שוועסטער זאל זיצען גאנץ אליין אויף איהר שלאס אין דיא קארפאטהען בערג. — דיא אנטווארט פון'ם קייזער וועט ניט קומען אזוי שנעל. און

ויען אנטוואָרטעט מען ניט אזוי גיך. עס קענען נאך פערגעהן גאנצע וואכען איידער איך וועל ערהאלטען אן אנטווארט. — איך קען דיר אזוי־פיעל פערזיכערן, אז קוים וועל איך ערהאלטען דיעזע אנטווארט, וועל איך זיא דיר צושיקען מיט אן עקסטרא קוריער.

דער אלטער מאן האט גערעדט אזוי שארף און אזוי ענטשלאסען, אז עלווירא האט פערשטאנען, אז זיא מוז איהם פאלגען.

— גוט אָנקעל! האט זיא געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען. ווען דוא פערלאנגסט עס, וועל איך פאהרען, ווען דוא וועסט מיר הייסען.

— מארגען וועסט דוא א גאנצען טאג צוברענגען ביי דיין ברודער געארג. פאר נאכט וועסט דוא נעהמען אבשיעד פון איהם און איבערמארגען גאנץ פריה וועסט דוא אוועקפאהרען. —

דעם אנדערן טאג אין דער פריה. ווען עלווירא האט זיך אנגעטאהן און האט געוואלט געהן צו איהר ברודער, איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז אן אונבעקאנטער מאן פרעגט זיך צו דער גרעפין פאן טאקקי.

— ווער איז ער? וויא הייסט ער? האט עלווירא געפרעגט.

— ער וויל ניט זאגען, וויא ער הייסט, האט דער דיענער געענטפערט. ער וועט עס אייך אליין זאגען.

עלווירא האט זיך פערטראכט איינינע אויגענבליקע. זיא האט ניט געוואוסט, וואס זיא זאל טאהן. ביז אהער האט קיינער זיא ניט געזוכט, זייט זיא געפינט זיך אין בודא־פעסט. אלס פרוי אבער איז זיא געווען נייגיעריג און האט געהייסען אריינפיהרען דעם מאן.

עס איז אריינגעקומען א קליינער, מאגערער מאן מיט שווארצע האר און מיט א שווארצען בארד. ער האט זיך פערנייגט זעהר העפליך פאר איהר און איז געבליעבען שטעהן ניט וויט פון דער טהיר.

— וואס ווינשט איהר, מיין הערר? האט עלווירא געפרעגט.

— איך האב אייך איבערצוגעבען א בריעף, גנעדיגעס פריילין.

— פון וועמען?

— פון א פריינד, וועלכען איהר שעצט זעהר. האט דער מאן געענטפערט.

עלווירא איז איינינע מינוטען געבליעבען שטעהן צומישט. — פון א פריינד? ווער עס זיין? — ארטהור ווייס דאך ניט, וואו זיא געפינט זיך יעצט. קיין אנדערן פריינד, וועלכען זיא זאל שעצען זעהר הויך, האט זיא דערוויול ניט.

— קען איך וויסען זיין נאמען?

— יא, איהר קענט עס וויסען, אבער ניט יעצט. איך האב א בעפעהל, איך זאל אייך איבערגעבען דעם בריעף און זאל אייך זאגען, ווער עס האט איהם אפגעשיקט ערשט דאן, ווען איהר וועט אוועקפאהרען פון בודא־פעסט.

עלווירא איז געווארען נייגיעריג. וואס זאל דאס הייסען? ווער איז דיעזער מאן? ער ווייזט אויס צו זיין א דיענער. ער טהוט נור, וואס אנאנדערער הייסט איהם.

— אלזא האט איהר ניט דעם בריעף ביי זיך?

— ניין גנעדיגעס פריילין, מען האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל אייך איבער־געבען דעם בריעף אין דער מינוט ווען איהר וועט זיך זעצען אין אייער קארעטע.

— אלזא, וואס ווילט איהר יעצט?

— איך וויל אייך פרעגען, ווען איהר פאהרט ארויס פון דאנען. איך וויל וויסען גענוי דיא שטונדע, ווען איהר פאהרט ארויס, אום איך זאל קענען אייך ברענגען דעם בריעף.

עלוויראַ'ן איז דיא גאנצע געשיכטע פארגעקומען רעכט זאנדערבאר. — פאר וואס וויל דער מאן איהר איבערגעבען דעם בריעף נור דאמאלס, ווען זיא וועט זיך אריינזעצען אין קארעטע? — וואס האט זיא אבער מורא צו האבען? וואס קען איהר טאהן דיעזער מאן? זיא וועט דאך באלד אוועקפאהרען? — זיא מוז וויסען, וואס פאר א בריעף דאס איז!

— איך פאהר מארגען אין דער פריה אום צעהן אוהר, האט זיא געזאגט.

דער קליינער מאן האט זיך נאך אמאל פערניינט זעהר ניעדעריג פאר עלוויראַ'ן און האט געזאגט:

— דאן וועל איך מארגען אום צעהן אוהר ווארטען אויף אייך.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך נאך אמאל פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. וואלט עלוויראַ געקענט דיא וועלט אביסעל בעסער; וואלט זיא געוואוסט, וויעפיל שלעכטע מענשען עס געפינען זיך ארום איינעם א גוטען; וואלט זיא זיך בעסער צוגע־קוקט צום געזיכט פון'ם קליינעם מאן, וואלט זיא געזעהן, וואס פאר א זאנדערבארער שמייכעל עס האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט, ווען זיא האט איהם געזאגט, ווען זיא פאהרט.

דאס האט ער געדארפט וויסען.

## 28טער קאפיטעל.

# גראף ראדעצקי זוכט עלוויראַ'ן.

מיר מוזען זיך אומקעהרען מיט איניגע צייט צוריק אין דעם אָרט, וואו אונזער געשיכטע האט זיך אנגעהויבען. מיר מוזען מאכען א בעזוך אויף'ן שלאס ראדעצק.

דער יונגער גראף מאקס פאן ראדעצקי זיצט אין זיין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. ער האט פערשפּראָכען דיא גרעפין פאן טאקקי, ער זאל זוכען איהר טאכטער עלוויראַ. ער האט ערהאלטען פון איהר א בריעף, אז עלוויראַ זאל קומען מיט איהם אהיים צו איהר מוטער. —

וואס העלפט דאס אבער? ער האט אויסגעזוכט עלוויראַ'ן אין דער גאנצער געגענד ארום און האט פון איהר ניט געפונען קיין שפור. ער איז געווען אין אלע דער־פער אין דער געגענד ארום, האט אומעדום געפרעגט, אומעדום געזוכט, אומעדום געפארשט און דאך — אין ערגעץ ניט געפונען. קיינער האט זיא ניט געזעהן, קיינער וויים פון איהר ניט און קיינער האט פון איהר ניט געהערט.

— פיעלייכט האט זיא זיך גענומען דאס לעבען? האט ער געזאגט צו זיך אליין. אנדערש קען איך עס מיר ניט ערקלערען, וואס זיא איז אזוי פלוצלונג פערשוואונדען

געווארען. — יעצט אלזא זיינען אלע מיינע האפנונגען פערלארען. — זיא איז שעהן, געטליך שעהן! וואס העלפט דאס אבער? — זיא איז געשטארבען, פערדארבען!

דיא טהיר אין זיין צימער האט זיך געעפענט שטילערהייט און זיין מוטער איז אריינגעקומען. מאקס האט זיא ניט בעמערקט. ער איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אז ער האט זאגאר ניט געהערט, וויא זיא איז אריינגעגאנגען. זיא איז צוגעגאנגען צו איהם שטילערהייט און האט ארויפגעלעגט איהר האנד גאנץ לייכט אויף זיין פלייצע.

— פאר וואס ביסט דוא אזוי פערטראכט, מיין ליעבער מאקס? האט זיא געפרעגט.

מאקס האט א ציטער געטאהן. ער האט ערשט יעצט דערזעהן זיין מוטער.

— דוא פרעגסט מיך, פאר וואס איך בין אזוי פערטראכט? — איך דענק פון דער פרוי, וועלכע איך ליעב און וועלכע איז אזוי פלוצלונג און אויף אזא זאנדערבארער ארט פערשוואונדען געווארען. — איך דענק פון עלווירא. איהר האט עפעס פאסירט. איך קען עס ניט גלויבען, אז זיא איז ערגעץ אנטלאפען געווארען. זיא האט זיך דאס לעבען גענומען. אנדערש קען עס ניט זיין. דאן, מוטער, זיינען אלע אונזערע האפנונגען און אלע אונזערע פלענער פערניכטעט.

— איך גלויב עס ניט, האט דיא מוטער געענטפערט, ווען זיא זאל זיך געוועזן נעהמען דאס לעבען, וואלט מען דאך געפינען איהר לייכע.

זיא האט געטראכט איינינע מינוט און האט אויסגערופען:

— און ווען יא? ווען עלווירא וועט שוין קיין מאל ניט פארקומען? וואס איז דען? — דוא ביסט יונג, דוא ביסט שעהן, דוא ביסט רייך. דוא קענסט הייראטהען איינע פון דיא עדעלסטע און רייכסטע טעכטער פון אונגארלאנד. אלע מאגנאטען בעזוכען אונז און מיר בעזוכען זיי. איך וועל שוין אויסזוכען א פאסענדע פארטיע פאר דיר. זיי א מענש, מאקס! זיי ניט טרויעריג! — באלד וועט קומען אונזער פריינד נאגי, ער וועט שוין אלעס גוט מאכען. איך זעה עס גאנץ גוט, אז ער פעהלט דיר. זא לאנג ער איז דא אין דער היים, ביסט דוא קיין מאל ניט פערצווייפעלט.

— ליעבע מוטער! איך וויל דיר עפעס זאגען. נאגי איז אונזער בעסטער פריינד. נאגי איז א מאן, וועלכען דוא שעצסט און אכטעסט זעהר. איך געפין אויך, אז ער איז זעהר קלוג און דורכגעטריעבען. איך ווייס אבער ניט, וואס מיט מיר איז. יעדעס מאל ווען ער רעדט מיט מיר, ציטער איך; יעדעס מאל ווען איך דערזעה איהם, בעזאנדערס ווען איך דערזעה איהם ביי נאכט, ווייזט זיך מיר אויס, אז ער וועט אונז.... איך קען ניט זאגען ווייטער, מוטער! — איך האב מורא פאר איהם.

דיא גרעפין האט א זיפץ געטאהן. עס איז שווער געווען צו זאגען וואס דיעזער זיפץ בעדייטעט: האט זיא אויך מורא פאר דעם צו קלוגען נאגי, אדער זיפצט זיא, וואס איהר זוהן איז ניט אזוי קלוג, וויא נאגי.

— גלויב עס ניט, מאקס! נאגי איז אונזער בעסטער פריינד. ער טהוט אלעס מעגליכע אום אונז צו מאכען רייך און מעכטיג.

— איך וויל עס האפען, מוטער. ווען עס וועט זיך ארויסווייזען, אז נאגי איז

אונזער בעסטער און עדעלסטער פריינד, דאַן וועל איך איהם בעטען אום פערצייהונג. אָבער געננג! לאָמיר פון איהם מעהר ניט רעדען. לאָמיר בעסער רעדען פון עלווירא. וואָס זאָל עס דאָך הייסען? וואו האָט זיא דאָך געקענט אהינקומען?

— האָסט דוא שוין געזוכט זיא איבעראַל? איז ניט געבליעבען ניט איין אָרט, וואו דוא האָסט זיא ניט געזוכט?

— איך האָב זיא איבעראַל געזוכט, מוטער. עס איז ניטאָ ניט איין אָרט, וואו איך האָב זיא ניט געזוכט.

— איך גלויב עס ניט. איך דענק, אַז עס איז דאָך דאָ איין אָרט, וואו דוא האָסט זיא ניט געזוכט.

— עס קען ניט זיין מוטער! האָט מאַקס אויסגערופען. איך האָב זיא געזוכט איבעראַל.

— און דענאָך ווייס איך פון אַן אָרט, וואו דוא האָסט זיא ניט געזוכט.

— וואו, מוטער? וואו?

— אין טהורעם פון טשעמני?

מאַקס האָט אַ ציטער געטהאָן ביי דיעזען געדאַנק.

— אין טהורעם פון טשעמני? האָט ער אויסגערופען. געוויס! דאָרט האָב איך זיא ניט געזוכט.

— איך בין זיכער, אַז געראַדע דאָרט וועסט דוא זיא געפינען.

— וויא קומט מען אָבער אין טהורעם פון טשעמני? האָט מאַקס גע־פרעגט. איך ציטער, ווען איך געה פערביי דיעזען שרעקליכען טהורעם.

— איך הייס דיר ניט אַריינגעהן אין טהורעם און זיא דאָרט זוכען.

— וואָס דען זאָל איך טהאָן? וויא קען איך קומען אַהין?

גאַנץ איינפאַך, מיין קינד. מאָרגען אַבענדס וועסט דוא נעהמען מיט זיך צוועלף גוט בעוואָפענטע מענער און וועסט געהן מיט זיי צום טהורעם פון טשעמני. איהר וועט אָנקלאַפען. איינער פון'ם טהורעם, דער הענקער אַליין אָדער זיין געהילפע, אַרטהור פאָן באַטהיאַני וועלען קומען אייך עפענען. איהר וועט פרעגען, וואו עס געפינט זיך דיא גרעפין עלווירא פאָן טאַקקי. וועט מען אייך זאָגען, אַז זיא איז דאָ, איהר קענט מיט איהר רעדען, וועסט דוא הייסען, מען זאָל זיא אַראָפּשיקען צו דיר. דו וועסט איהר וויזען דעם בריעף פון איהר מוטער. וועט זיא געהן מיט גוטען, איז רעכט; וועט זי ניט וועלען געהן מיט גוטען, וועסט דו הייסען דיינע מענשען, זיי זאָלען זי נעהמען מיט געוואַלד. דו האָסט דאָך אַ בריעף פון איהר מוטער. — וועט מען אייך ניט וועלען עפענען, קענט איהר מיט געוואַלד אַריינגעהן אין טהורעם און איהם דורכזוכען. פאַר צוועלף — פופצעהן מענשען וועט דער הענקער מורא האָבען.

מאַקס איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל.

— דו האָסט רעכט, מוטער! דאָס איז אַ גוטער געדאַנק! — דאָס איז דער איינציגער אָרט, וואו עלווירא קען זיך אויפהאַלטען און קיינער זאָל פון איהר ניט וויסען. איך וועל טאָהן, מוטער וויא דו הייסט מיר.

באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט. א נייער געדאנק איז איהם געקומען אין קאפ.

— וואס וועט אבער דערפון ווערן, מוטער? ווען איך וועל נעהמען עלוויראן מיט געוואלד, מוז איך זיא ברענגען צו איהר מוטער. וואס וועט דען ווערן דערפון? ווען זיא ליעבט דעם באראן פאן באטהיאני אזוי שטארק, אז זיא האט זיך ענטשלאסען צו לעבען מיט איהם אין טהורעם פון טשעמני, דאן העלפט דאך קיין זאך ניט.

— זא לאנג דער באראן לעבט, העלפט קיין זאך ניט. ווען ער וועט אבער שטארבען, וועט עלווירא מוזען געבען איהר האנד דעם גראף ראדעצקי.

— אלזא זאלען מיר טויטען דעם באראן?

— ניט דעם באראן, זאנדערן דעם קנעכט פון א הענקער, האט דיא מוטער געענטפערט. וועמען וועט עס הארען, וואס מען האט געטייטעט דעם קנעכט פון א הענקער? ווער וועט עס פארדערן? איהר קענט דאך עס זעהר לייכט ערקלערן. איהר קענט זאגען, אז ער האט פערפיהרט א גרעפין אין זיין פערפלוכטען טהורעם און האט זיא אויף קיין פאל ניט געוואלט ארויסגעבען. דאס טאר דער הענקער אויך ניט.

— אבער עלווירא? זיא וועט מיך דאך האסען, ווען איך וועל טייטען איהר געליעבטען. וויא קען איך האפען זיא צו הייראטהען, ווען זיא וועט מיך האסען?

— ווער זאגט דיר, אז דוא זאלסט איהם טויטען? — פערקעהרט, דוא דארפסט זיך וויזען אלס זיין בעסטער פריינד. דוא דארפסט קומען איהם רעטען, אבער אביסעל צו שפעט. דוא דארפסט זאגאר שלאגען דיא מערדער. עלווירא וועט דיר דאנקבאר זיין. זיא וועט זעהן, וויא עדעל דוא ביסט, וויא פיין דוא האסט געהאנדעלט נעגען דעם באראן און וויא גרויסמוטהיג דוא ביסט.

— דאס וואלט ווירקליך געווען זעהר שעהן, ווען עס זאל נור אלעס פאסירען, וויא דוא האסט געמאכט דעם פלאן.

— דאס הענגט אפ פון דיר, מאקס. דוא מוזט זיין דערביי געשיקט. דערפאר ביסט דוא דאך א מאן.

— איך וועל געוויס טאהן אלעס מעגליכע, האט מאקס געענטפערט לאנגזאם, איך מוז דיר אבער זאגען דיא וואהרהייט: מיר וואלט געווען פיעל אנגענעהמער, ווען אונזער פריינד נאני וואלט אויסגעפיהרט דיעזען פלאן.

— איך וואלט אויך דערמיט געווען צופריעדען, האט דיא גרעפין געזאגט, וויל איך וייס, אז נאני איז פעהיגער און טיכטיגער פון דיר. וואס קען איך אבער מאכען? נאני איז דאך יעצט ניטא אין דערהיים.

— גוט, מוטער! איך וועל טאהן אלעס, וואס דוא הייסט מיר. וואס וועל איך אבער טאהן, ווען אלעס וועט שוין געלינגען?

— דוא וועסט געהן צו דער אלטער גרעפין און וועסט בעטען עלוויראס האנד. וועט עלווירא איינווילינגען דיך צו הייראטהען, איז גאנץ גוט. וועט זיא עס ניט טאהן, וועסט דוא איהר ערקלערן, אז דוא וועסט דערצעהלען אלע גראפען, פירסטען און מאגנאטען פון אונגארן, אז זיא האט זיך אויפגעהאלטען א געוויסע צייט אין טהורעם פון טשעמני. דאס איז דאך דיא גרעסטע שאנדע, וועלכע מען קען אנטאהן א גרעפין.

מאקס האט געקוקט אויף זיין מוטער מיט שטוינען און בעוואונדערונג.

— איך בעוואונדער דיך, מוטער! האט ער אויסגערופען, איך זעה, אז דוא ביסט קלוג און שארפזיניג. דוא פערשטעהסט ווירקליך דיא וועלט מעהר פון מיר און בעסער פון מיר.

— יא, מיין קינד! איך האב מעהר געלעבט אין דער וועלט פון דיר. איך וויים, אז ווען מען וויל פערניכטען א פיינד, מוז מען אנווענדען אלע מעגליכע מיטעל. — פאלג מיר, מיין זוהן, טוה אלעס, וואס איך הייס דיר, וועט דיר גוט זיין.

— אלזא מארגען אבענדס, האט מאקס געזאגט רוהיג.

— יא, מיין זוהן, וואס שנעלער דוא וועסט אפטאהן אלעס, וואס דוא דארפסט, אלץ בעסער פאר דיר. דוא דארפסט ניט לאזען דיין פיינד קיין צייט זיך צו איבערלעגען, צו טראכטען, צו קלערן און צו זוכען א מיטעל, וויא אזוי זיך צו העלפען.

מוטער און זוהן האבען אוועקגערעדט נאך אייניגע צייט. עס איז געווארען שפעט און מאקס האט אוועקגעפיהרט זיין מוטער אין איהר צימער.

דעם אנדערן טאג פאר נאכט זיינען געשטאנען עטליכע מענשען אין וועלדעל פאר'ן שלאס ראדעצקי. זיי זיינען אלע געווען בעוואפענט מיט שווערדען און מיט ביקסען פון קאפ ביז אין דיא פיס. עס איז געווען דייטליך, אז זיי געהן ערגעץ אין אן ארט, וואו מען וועט זיך דארפען שלאגען. עס איז געווארען דונקעל. א הויכער מאן איינגעהילט אין א שווארצען מאנטעל איז צוגעקומען צו זיי און האט זיי געזאגט:

— נו, מיינע בראווע לייט, זייט איהר פערטיג?

— מיר זיינען פערטיג, האבען דיא מענער געענטפערט. וואוהין זאלען מיר געהן?

— דאס קען איך אייך יעצט ניט זאגען. קומט! איהר וועט שוין געוואהר ווערן, וואוהין מיר געהן.

— וועלען מיר האבען א שטארקען פיינד געגען אונז?

— איך האף, אז מיר וועלען זיך גאר ניט דארפען שלאגען, האט דער מאן אין מאנטעל געענטפערט. איך האב אייך געהייסען זיך בעוואפנען אויף יעדען פאל.

אין אייניגע מינוטען ארום זיינען דיא מענער פערשוואונדען געווארען אין וואלד.

29טער קאפיטעל.

## דער איבערפאלל.

זייט עלווירא איז פון איהם אוועקגענאנגען, האט ארטהור זעהר פיעל געליטען. אננא און איהר פאטער האבען שוין געגלויבט, אז מיט איהם איז אויס. ער וועט שוין מעהר נים לעבען. זיין יונגע שטארקע נאטור אבער האט דאך געזיעגט. ער איז געלעגען א קורצע צייט אין א שרעקליכער היץ. דער הענקער האט איהם געגעבען אלע מעגליכע הייזמיטעל, וועלכע ער האט געהאט ביי זיך.

ענדליך האט ער זיך געפיהלט בעסער. ער האט אנגעהויבען רוהיגער צו דענקען איבער עלווירא'ן און האט געפונען, אז ער האט זעהר גלייך געטאהן, וואס ער האט זיא געבעטען, אז זיא זאל איהם פערגעסען. —

— עס איז גענוג, וואס איך אליין בין אונגליקליך, האט ער געזאגט צו זיך אליין, וואצו זאל זיא נאך ליידען מיט מיר?

דאס איז אבער געווען נור געזאגט. ביי איהם אין הארצען האט געברענט דיא ליעבע צו עלווירא'ן. ער האט זיך איינגעהאלטען, ער האט זיך פערשטעלט; ער האט פערדעקט, וואס ער פיהלט. עס האט אבער געקאכט און געזאטען ביי איהם אין הארצען, וויא אין א קעסעל. ער האט וועניגסטענס געוואלט וויסען, וואו עלווירא גע־פינט זיך יעצט און וואס זיא מאכט. ער האט געבעטען אננא'ן, דעם הענקערס טאכטער, זיא זאל געהן אין שלאס טאקקי און זאל געוואהר ווערן, וואס עלווירא מאכט.

אננא איז צוריקגעקומען מיט א פערוויינטעס און פערטרויערטעס געזיכט.

— וואס איז דיר, אננא? האט ארטהור אויסגערופען, ווען ער האט זיא דער־זעהן. וואס איז נייעס? האט שוין ווידער פאסירט עפעס אן אונגליק?

— ניט אין שלאס טאקקי, האט אננא געענטפערט טרויעריג.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? רעדט! דערצעהל!

— איך בין געקומען אין שלאס און האב געבעטען, מען זאל מיך צו לאזען צו דער גרעפין עלווירא. האט אננא אנגעהויבען צו דערצעהלען, קיינער האט מיר ניט געוואלט ענטפערן. איך האב מיך ענדליך געווענדעט צום אלטען פערוואלטער, ער האט מיר געזאגט, אז עלווירא איז ניטא אין שלאס. זיא איז שוין זייט פינף טעג ערגעץ פערשוואונדען געווארען און מען וויים ניט, וואו זיא איז. — דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך זאגען.

ארטהור איז געווארען בלייך, וויא קאלך, און איז צוריקגעפאלען אויף זיין בעט.

— לאז מיך אליין, גוטע אננא! האט ער געבעטען.

אננא איז ארויסגעגאנגען. זיא האט פריהער געוואוסט, אז זיא ברענגט איהם זעהר א טרויעריגע נאכריכט. וואס האט זיא אבער געקענט העלפען? זיא האט דאך געמוזט איהם זאגען דיא וואהרהייט.

— וואס האב איך געטאהן? האט ארטהור אויסגערופען, ווען ער איז געבליעבען אליין. איך האב אוועקגעטריעבען פון מיר מיין גוטע, געליעבטע עלווירא! — זיא האט זיך דאס לעבען גענומען. זיא האט עס ניט געקענט איבערטראגען, וואס איך אליין האב זיא אוועקגעשטויסען פון מיר! — ביז אהער האב איך וועניגסטענס געוואוסט אז איך בין אונגליקליך, אז איך לייד אומזיסט. איך בין אונשולדיג. יעצט אבער בין איך שולדיג. איך האב געטריעבען צו אן אונצייטיגען טויט מיין טהייערע געליעבטע עלווירא!

ער איז ארומגעגאנגען אין זיין צימער און האט זיך געריסען דיא האר פון'ם קאפ פאר שמערץ און פערצווייפלונג.

עס איז פערגאנגען א געראומע צייט און ארטהור האט זיך ניט געקענט בערוהיגען. פלוצלונג האט זיך געעפענט דיא טהיר און מיכאאיל, דער הענקער, איז אריינגעקומען.

— וואס ווילסט דוא פון מיר? האט ארטהור אויסגערופען בייז און גערייצט.

— איך וויל אייך טרייסטען און בערוהיגען, האט דער הענקער געזאגט רוהיג.

— איך פערלאנג ניט, מען זאל מיך טרייסטען.

— איך זעה, אז דער טורם פון טשעמני האט שוין געווירקט אויף אייך. האט דער הענקער געזאגט רוהיג. איהר פערצווייפעלט שוין אין אלעמען. איהר פערצווייפעלט שוין אין זיך אליין. איהר וועט באלד אנהויבען מיך צו פיהלען מיך צו פערשטעהן.

— יא, מיכאאיל, איך וועל באלד אנהייבען דיך צו פערשטעהן, האט ארטהור איהם נאכגעזאגט.

— איהר וועט זיך אויסלערנען האסען, האט דער הענקער ווייטער ערקלערט, וואס ער מיינט. איהר וועט זיך אויסלערנען צו האסען דיא מענשען, וועלכע מען רופט אזוי, ווייל זיי געהן אנגעטאהן אין קליידער פון מענשען; איהר וועט זיך אויסלערנען צו האסען דיא טייפעל, וועלכע טראגען אויף זיך דיא מאסקע פון מענשען; איהר וועט זיך אויסלערנען צו האסען דיא ניעדערטרעכטיגקייט אין מענשען געשטאלט, וועלכער לויבט דיך, ריהמט דיך, שמייכעלט דיך אום דיך צו פערניכטען, אום דיך צו בערויבען, אום דיך אויסצוזויגען!

— איהר וועט וועלען ראכע נעהמען פון זיי; .איהר וועט וועלען קיהלען אייער הערץ אין דעם בלוט פון דיא מענשען, וועלכע האבען אייך געבראכט דערצו, אז איהר זאלט זיין דאס, וואס איהר זייט. איהר וועט זיי דאן הענגען, קעפּען, ברענען בראטען, און שטעכען מיט פערגניעגען, מיט לוסט, מיט פרייד! איהר וועט דאן פיהלען, אז יעדען קאפּ, וואס איהר האקט אפּ, האקט איהר אפּ א שטיק פון דיעזע אונגליקליכע טהיערע, וועלכע איהר רופט מענשען. —

— האלט איין! רעד ניט מעהר! האט ארטהור געבעטען, אזוי ווייט בין איך נאך ניט געקומען און וועל געוויס ניט קומען.

— אלע זאגען אזוי, האט דער הענקער געענטפערט מיט א זיפץ, איך האב אויך אזוי געזאגט. איך בין אויך אמאל געווען א מענש. אין מיין הערצען האבען אויך געציטערט ליעבע, פריינדליכקייט, עדעלקייט און נאך הונדערט אנדערע שעהנע געפיהלע, וועלכע געבען א רעכט דעם מענשען, ער זאל הייסען מענש. מען האט אבער צוטרעטען אין מיר דיעזע געפיהלע; מען האט זיי פערניכטעט אין מיר; מען האט זיי מיט געוואלט ארויסגעריסען פון מיין הארצען.

„אלע מענשען זיינען ברידער, אלע זיינען קינדער פון איין פאטער.“ לערנט מע אונז און דאך לעבען מיר, וויא דיא וועלף צווישען אונז און נאך ניט וויא דיא געוועהנ־ליכע וועלף, זאנדערן, וויא דיא טאלע (משוגענע) וועלף.

ארטהור האט בעטראכט דעם הענקער מיט שטוינען. ער האט זיך שטענדיג פארגעשטעלט א הענקער אלס א ווילדען, פערגרעבטען, פערשטיינערטען, פערפראַרענעם מענשען, וועלכער האקט אפּ דיא קעפּ פון דיא מענשען, גלייך וויא ער האקט אפּ א קאפּ קרויט, אהן געפיהל, אהן איבערלעגונג און אהן פערשטאנד. יעצט זיעהט ער פאר זיך א מענשען מיט געפיהל, א מענשען מיט פערשטאנד, א מענשען מיט איבערלעגונג, א מענשען, וועלכער פיהלט נאר א סארט ווילדען פערגניעגען דאריך, וואס ער האקט אפּ א מענשען דעם קאפּ.

— זייט איהר דען שוין גאר ניט פעהיג צו אנדערע בעסערע געפיהלע? האט ער איהם געפרעגט, איז שוין אין אייער הארצען אויסגעטריקענט געווארען יעדעס גע־פיהל פון ליעבע, פון פריינדשאפט און פון מיטלייד?

— דאס ניט, האט רער הענקער געזאגט, איך קען נאך ליעבען, איך ליעב מיין קינד —

— נו, ווען איהר קענט נאך ליעבען, זייט איהר נאך א מענש.

— אבער א גאנץ אנדערער מענש, האט דער הענקער געזאגט, און א קורצע צייט וועט איהר אויך ווערן אזא מענש, וויא איך.

— וואס מיינט איהר דערמיט, מיכאאיל?

— איך מיין, אז באלד וועט איהר געהן מיט מיר אויספיהרען אונזער בלוטיגע ארבייט.

— וואס רעדט איהר?

— איך וויים, וואס איך רעד. מען וועט באלד דארפען אויפהענגען א פער־ברעכער און איהר וועט מוזען געהן מיר העלפען.

— ניין! דאס וועל איך ניט טאהן! האט ארטהור אויסגערופען. איך וועל ניט געהן.

— איך האב אויך אמאל אזוי געזאגט און בין דאך געווארען, וואס איך בין.

— איך זאג עס און וועל האלטען מייןווארט. איך וועל עס ניט טאהן.

— איהר וועט מוזען עס טאהן.

— ווער וועט מיך דען צווינגען עס צו טאהן?

— דיא נאטהווענדיגקייט און דיא אומשטענדע, האט דער הענקער געענטפערט, דיא הויפט זאכע אבער אייערע טהייערע ברידער — דיא מענשען. ווייסט איהר, אז עס איז דא א געזעץ, אז ווען דער הענקער וויל ניט טאהן זיין ארבייט, קומט איהם, מען זאל איהם אליין אפהאקען דעם קאפ? — זעהט איהר, וויא קלוג און וויא גוט אינזערע ברידער זיינען! — איהר געפינט זיך ביי מיר אין טהורעם שוין זייט דרייא וואכען און איהר האט נאך גאר ניט געטאהן פאר אייער נייער האנדווערק? — איהר מוזט עפעס טאהן. —

פלוצלינג האט מען געהערט אונטען א געשריי און א ליארם.

— וואס זאל דאס זיין? האט דער הענקער געפרעגט. ווער זיינען דיא געסט, וועלכע קומען צו מיר? איך מוז אראפגעהן זעהן, ווער דארט איז.

מען האט געהערט שטארק קלאפען אין טויער.

דאס איז געווען מאקס ראדעצקי מיט זיינע מענשען. ווען ער האט זיי צוגעפיהרט צום טהורעם פון טשעמני, האבען זיך דיא מענשען דערשראקען און האבען ניט געוואלט צו געהן.

— מענער! האט זיי מאקס געזאגט, ווייסט איהר, צו וואס איך האב אייך געבראכט אהער? דער פערפלוכטער הענקער האט פערפיהרט דיא יונגע גרעפין פאן מאקקי צו זיך אין טהורעם און האלט זיא געפאנגען. — מענער! פערגעסט ניט, אז איהר זייט עהליכע און דער הענקער איז נור מיט זיין געהילפען. לאמיר בעפרייען דיא אונגליקליכע גרעפין! העלפט מיר! אלע וועלען אייך דאנקען, פאר איא גוטע און עדעלע טהאט.

דיא מענער האבען דאך מורא געהאט צוצוקומען צו נאהענט צום טהורעם. מאקס האט געוואלט וויזען זיינע מענשען, אז זיי האבען ניט וואס מורא צו האבען. ער

האט אליין אנגעהויבען צו קלאפּען אין טויער. דער הענקער איז אראפּגעלאפען, האט געעפענט א טהירעל און האט געפרעגט:

— וואס דארפט איהר, מענער? וואס זוכט איהר ביי מיר אין הויז?

— הענקער! זאג אונז, וואו איז דיין שפּיץ בוב, דיין געהילפע? האט מאקס געפרעגט.

— וואס דארפט איהר איהם?

— ער האט געריבט א יונגע גרעפין און האלט זיא בעהאלטען ביי אייך אין אייער פערפלוכטען טהורעם. גיט אונז ארויס דיא יונגע גרעפין מיט גוטען, אדער מיר וועלען אונטערצינדען דעם טהורעם און וועלען אייך פערברענען מיט אייער פערדאמטען טהורעם.

דער הענקער האט זיך צולאכט.

— נו, דאס פּאסירט מיר צום ערשטען מאל אין מיין לעבען! האט ער אויסגערופען. ביי מיר אין טהורעם זוכט איהר א יונגע גרעפין? — איהר זייט פערריקט, מיינע העררען! פּאלגט מיין ראטה און געהט אייך אייער וועג. איהר וועט עס ביטער בערייען, וואס איהר זייט געקומען מיך שטערן.

— הערט איהר, מענער, וואס דער הענקער זאגט? האט מאקס גערופען צו זיינע מענשען, האפּט איהם! בינדעט איהם!

דער הענקער האט האסטיג פערמאכט דאס טהירעל און האט האט עס פערריגעלט. מאקס ראדעצקי'ס בויערן זיינען געשטאנען אויף איין ארט און האבען זיך ניט געוואלט ריהרען. זיי האבען געציטערט פארן אנבליק פון'ם הענקער.

ארטהור איז געוועזען זעהר אויפגערעגט. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער זעהן, וועד דארט איז אונטען און הערן, וואס דיא מענשען פערלאנגען. ער האט געהערט א בעקאנטע שטימע. ער האט געהערט, וויא דיעזע בעקאנטע שטימע זאגט: וואו איז דער שפּיץ בוב, דיין געהילפע?

— דאס איז דיא שטימע פון גראף ראדעצקי! האט ער אויסגערופען. ער איז דיא אורזאכע פון אלע מיינע אונגליקען און איז יעצט געקומען אהער מיך בעשימפּפען, מיך בעשמוצען!

ער איז געוועזען אויסער זיך. ער איז געווארען בלייך פון צארן, פון זיינע ליפּען האט געשפּריצט ווייסער שוים און זיינע אויגען האבען געברענט מיט א העללייש פייער.

— ראכע! האט ער אויסגערופען. איך בין א הענקער, איך בין פערדאמט, איך בין פערפלוכט; איך וויל מיך אבער רעכען (זיך נוקם זיין) אן מיין פיינד! — מיין טויט אדער זיינער!

וויא א וואהנזיניגער איז ער ארויסגעלאפען פון זיין צימער און איז געלאפען צום הענקער. אויף דיא טרעפּ האט ער איהם בעגעגענט.

— גיט מיר א וואפע, מיכאאיל! האט ער געבעטען.

— און א רויטען מאנטעל, האט מיכאאיל געזאגט, אהן א רויטען מאנטעל קען איך אייך ניט ארויסלאזען פון טהורעם.

— לאז זיין א רויטער מאנטעל, גור ניט מיר א וואפע. א ביקס, א שווערד, א האק! נור עפעס א וואפע!

ביידע זיינען אריינגעגאנגען אין מיכאאילס צימער. מיכאאיל האט ארויפגעווארפען אויף ארטהור'ן א רויטען מאנטעל און האט איהם דערלאנגט א שווערע האק.

— מיט דיעזער האק האט מען אפגעהאקט דיא קעפ פון דיא מאגנאטען טאקעלי און פראנזשיפאני דערפאר, וואס זיי האבען ליעב געהאט זייער פאטערלאנד, האט מיכאאיל ערקלערט.

— ניט אזא האק וויל איך! האט ארטהור אויסגערופען, ניט אזא האק, מיט וועלכער מען האט פערגאסען דאס בלוט פון דיא עדעלסטע מענער אין אונגארן. — גיב מיר אן אנדערעס!

— אלע העק זיינען גלייך, האט דער הענקער געזאגט און האט פארצויגען מיט דיא אקסלען.

— אלזא, קום, שנעלער! האט ארטהור אויסגערופען.

דער הענקער האט גענומען איין האק, ארטהור דיא אנדערע און ביידע זיינען ארויסגעלאפען אין דרויסען.

וויא צוויי טייפלען אין זייערע רויטע מענטעל מיט צוויי שארפע, בליצענדע העק אין דיא הענד, זיינען ביידע ארויסגעלאפען אין דרויסען, דיא איינפאכע בויערן האבען זיך אזוי דערשראקען פאר דיא צוויי רויטע מענטעל, אז זיי זיינען אנטלאפען, וויא ווייט זייערע פיס האבען זיי געטראגען. אין א מינוט איז דער פלאץ פון טהורם געבליעבען ריין. נור מאקס פאן ראדעצקי איז געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט.

ארטהור האט איהם בעטראכט איינינע אויגענבליקע, דאן האט ער איהם געזאגט.

— דוא מוזט שטארבען, דוא ניעדערטרעכטיגער פעררעטהער! דוא האסט מיך געבראכט אהער! דוא ביסט דיא אורזאכע פון אלע מיינע ליידען. יעצט האט דיין לעצטע שטונדע געשלאגען! דוא אליין ביסט געקומען אהער, אום איך זאל דיך טייטען. דיין שיקזאל האט דיך געפיהרט אהער.

מאקס ראדעצקי האט זיך אין דער ערשטער מינוט דערשראקען, באלד אבער האט ער געפאסט מוטה און האט אויסגערופען:

— אוועק פון מיר, דוא הענקער! איך בין א גראף און דוא ביסט א פערדאמטער. איך מעג דיך טייטען און קיינער וועט עס ניט וואגען צו בעשולדיגען, צו זאגען א ווארט דעם פרייען און שטאלצען גראף ראדעצקי דערפאר, וואס ער האט געטייטעט א הענקער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגעצויגען זיין שווערד פון זיין שייד און האט זיך געשטעלט נעגען ארטהור'ן. וויא א גערייצטער טיגער איז ארטהור אויף איהם ארויפגעשפרונגען און האט ארויסגעהאפט דיא שווערד פון מאקס האנד.

— ניעדערטרעכטיגער שורקע! האט ער אויסגערופען, דוא וואגסט עס זיך צו רופען שטאלצער גראף? א הונד ביסט דוא! א שפיצבוב! — שטארבען זאלסט דוא, וויא א הונד!

ער האט אויפגעהויבען מאקס שווערד און האט געוואלט איהם אריינשטעכען אין הארצען. מיכאאיל אבער האט איהם צוריקגעהאלטען.

— ניין! ניט אזוי! האט ער אויסגערופען. ער האט געשימפפט, לאז ער אויך ווערן א הענקער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך ארויפגעווארפען אויף מאקס'ן מיט אזא קראפט, אז מאקס איז געפאלען צו דער ערד. דער הענקער האט איהם ארומגענומען און האט געזאגט:

— יעצט קום מיט מיר, מיין ליעבער און פראביר אויף דעם גוטען ביסען צו זיין א הענקער.

— ערבארמען! האט מיטלייד מיט מיר! האט מאקס געבעטען.

— ערבארמען? האט געלאכט מיכאאיל. דוא ווילסט, אז דער הענקער, וועלכען דוא האסט אזוי געשימפפט, זאל האבען מיט דיר ערבארמען? — נו, פריינד, קום צו אונז, וועסט דוא שוין לערנען וויא צו האבען ערבארמען.

— האט מיטלייד מיט מיר! האט מאקס געבעטען. איך בין ניט אין גאנצען שולדיג.

— ווער האט דיך דען געשיקט אהער אונז דראהען און אונז שטערן?

— מיין מוטער האט עס געטאהן. זיא האט מיר געזאגט, אז דא געפינט זיך דיא גרעפין עלווירא פאן טאקקי. איהר האט זיא פערשפארט ביי אייך.

— נו, גוט! דאן וועט זיא האבען דאס פערגניגען צו האבען א זוהן א הענקער זיא וועט וויסען, וויא געשמאק עס איז צו וואהנען אין טהורם פון טשעמני.

מיט דיעזע ווערטער האט דער שטארקער, קרעפטיגער מיכאאיל איהם אויפגע־הויבען פון דער ערד און האט געוואלט איהם ארייינטראגען אין טהורם.

— צו הילף! צו הילף! רעטעט מיך! האט געוויינט און געיאמערט דער ארימער מאקס.

אין דיעזער גאנצער צייט איז ארטהור געשטאנען, וויא א פערטומעלטער. אין איהם איז עפּעס פארגעקומען. זיין צארן, זיין רציחה, זיינע אויפרעגונג און זיין ווילדער גייסט זיינען פערשוואונדען, ווען ער האט געזעהן זיין פיינד ליעגען אויף דער ערד און וויינען. דער עדלער מענש קען ניט צוזעהן, וויא א מענש ליידעט, וויא א מענש קרעכצט וויא א מענש בעט זיך. וואלט מאקס זיך געשאלטען, וואלט ער געזיעדעלט, וואלט ער געשריען, — וואלט ער פיעלייכט אליין געהאלפען דעם הענקער איהם ארייינשלעפען אין טהורם. יעצט אבער, ווען מאקס האט אנגעהויבען זיך צו בעטען, איז ארטהור צוגע־קומען צום הענקער און האט איהם געזאגט:

— האלט איין, מיכאאיל!

— וואס ווילט איהר פון מיר?

— לאזט אפּ אויף א מינוט דיעזען עלענדען מענשען, מאכט איהם ניט אונגליקליך. לאמיר צייגען דיעזען טויגעניכטס, אז א הענקער איז פיעל מענשליכער און פיעל עדלער פון א שטאלצען גראף.

— איהר זייט א זאנדערבארער מענש, הערר ארטהור, האט דער הענקער איהם געזאגט. מיט אייניגע מינוטען צוריק זייט איהר אראפּגעלאפען, וויא א וואהנזיניגער

און האט געוואלט איהם טייטען אויף דער שטעלע און יעצט בעט איהר, איך זאל איהם אפלאזען. וויא זאל איך עס מיר ערקלערן?

— לאזט איהם יעצט אפ, מיכאאיל! האט דער באראן פאן באטהיאני געבעטען.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו מאקס פאן ראדעצקי און האט איהם געזאגט:

— דע:ק ניט, אז איך שענק דיר. איך וועל מיך נאך אמאל מיט דיר אפרעכנען. איך וועל מיך מיט דיר אפרעכנען דאן, ווען מיר וועלען שטעהן איינער געגען אנדערן מיט שווערדען אדער פיסטאלעטען אין דער האנד. איך בין ניט אזוי ניעדערטרעכטיג וויא דוא, ארויסצורופען א מענשען אויף א דועל און דינגען א מערדער ער זאל איהם שטעכען. — יעצט געה אהיים און זאג דיין גוטער מוטער: אזוי איז זיך נוקם א באראן פאן באטהיאני.

מאקס פאן ראדעצקי האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען און מיט בעוואונדערונג. אזא עדעלקייט און אזא גראססמוטה האט ער ניט ערווארטעט פון א מענשען, וועלכער דארף זיין אייגענטליך זיין גרעסטער פייגד. אויך דעם הענקער מיכאאיל האט זיך ניט געקענט איינהאלטען.

— וואס טהוט איהר וואהנזיניגער מענש? האט ער אויסגערופען. — מיינט איהר, אז דער שורקע, דיעזער טויגעניכטס, וועט עס פערשטעהן? מיינט איהר, אז ער וועט וויסען צו שעצען אייער עדלעס בענעהמען? — גלייבט מיר, ער וועט אייך אפ־דאנקען דערפאר מיט א ניעדערטרעכטיגקייט. ווען ער וועט אייך מעהר ניט קענען שאדען אין אייער קערפער, אין אייער פערמעגען, וועט ער ווארפען שמוץ אויף אייער נאמען. ער וועט אנזאגען אויף אייך ליגענס און פערלײמדונגען. — אך! איך קען דיעזע שורקען בעסער פון אייך. וואס עהרליכער איהר וועט זיין געגען זיי, וואס עדלער איהר וועט האנדלען געגען זיי, אלץ מעהר וועלען זיי אייך פערלײמדען און אלץ ערגער וועלען זיי אייך בעשמוצען.

— וואס קימערט עס מיך? האט ארטהור געענטפערט. לאזען זיי רעדען, לאזען זיי ווארפען שמוץ אויף מיין נאמען! — איך האב געקענט איהם טייטען. איך וויל עס ניט. איך קען יעצט מאכען איהם פאר א הענקער. איך דארף עס ניט, לאז ער לויפען, דער שורקע. ער וועט ארייגפאלען אין זיינע אייגענע נעצען! — עס וועט נאך קומען דער טאג, ווען דיעזער טויגעניכטס וועט איינזעהן, וויא קליין און וויא ניעדערטרעכטיג ער איז. — געה!

מאקס איז געשטאנען מיט'ן קאפ אראפגעלאזען, פערשעהמט און ערניעדעריגט, וויא א דיעב, וועלכען מען האט געכאפט ביי דער האנד. ער האט ניט געוואגט ארויס־צוזאגען א ווארט. ער האט געוואלט אוועקגעהן, פלוצלונג האט ער זיך עפעס דערמאנט.

— זאגט מיר, באראן פאן באטהיאני, געפינט זיך דיא גרעפין עלווירא ביי אייך? ארטהור האט איהם אויף געווארפען א ווילדען בליק פול פעראכטונג.

— איינענטליך דארף איך אייך גאר ניט ענטפערן, ווייל איהר האט קיין רעכט מיר צו שטעלען אזעלכע פראגען. איהר האט אבער דערמאנט א נאמען, וועלכער איז פאר מיר זעהר טהייער, זאגאר הייליג. דארום וויל איך אייך ענטפערן און איך זאגען,

אז עלווירא פא, טאקקי איז דא ניטא. זוכט זיא אין הימעל. איך וויים ניט, אויב זיא לעבט נאך.

— דאן גוטע נאכט! האט מאקס געזאגט און איז אוועקגעגאנגען.

ער איז געווען בעשעהמט און פערניכטעט. ארטהור און מיכאאיל זיינען צוריק־געגאנגען אין טהורם.

— איהר האט געטאהן זעהר שלעכט, ארטהור, וואס איהר האט אפגעלאזען דיעזען שורקען, האט מיכאאיל געזאגט. וויא קען מען עס אפלאזען א פיינד, ווען מען האט איהם אין דיא הענד?

ארטהור האט געשוויעגען.

— איהר הערט מיך ניט? האט מיכאאיל געפרעגט.

— איך הער זעהר גוט, וואס איהר זאגט, איך האב אבער ניט וואס איך צו ענטפערן. אזוי בין איך שוין. איך קען ניט זעהן, ווען א מענש ליידעט.

— דאן וועט אייך זיין שווער צו ווערן א הענקער, האט מיכאאיל בעמערקט און דאס וועט איהר דאך מוזען ווערן פריהער אדער שפעטער. ווען איהר זאלט געווען לאזען ארייננעהמען דעם גראף ראדעצקי אין טהורם, וואלט איך איהם גענומען מיט מיר אויפ'ן עשאפאט צו דעם פערברעכער, וועלכען מען דארף הענגען אין עטליכע טעג ארום. יעצט אבער וועט איהר מוזען געהן מיט מיר. — אלענפאלס וועל איך מיך אנ־נעהמען פאר אייך. איך וועל מאכען איהם און זיין מוטער א בעזוך אין א קורצע צייט.

ארטהור האט ניט געענטפערט. ער איז ארייננעגאנגען אין זיין צימער און האט זיך געווארפען אויף זיין געלעגער.

30טער קאפיטעל.

## נאכריכטען פון בודא־פעסט.

עס איז געווען שפעט אין דער נאכט. דיא גרעפין ראדעצקי איז געזעסען אין איהר שרייבצימער און האט געווארט אויף איהר זוהן. עס איז שוין האלבע נאכט און ער איז נאך ניטא. זיא איז ארומגעגאנגען אונרוהיג אין איהר צימער. פון צייט צו צייט איז זיא צוגעקומען צום פענסטער און האט געקוקט אין דיא דונקלע נאכט.

— ער איז נאך ניטא! האט זיא געמורמעלט. פיעלייכט האט איהם עפעס פאסירט? ווער קען וויסען, וואס דארט איז געשעהן? פאר וואס האב איך איהם גע־שיקט אין אזא געפאהר?

קיינער האט איהר ניט געענטפערט. דיא נאכט איז פינסטער, אלעס איז שטיל. דיא גרעפין איז געווען פערצווייפעלט. זיא איז ארויסגעלאפען אין דרויסען, האט גע־קוקט אויפ'ן וועג, פון וואנען איהר זוהן דארף אנקומען. — ניטא! אלעס איז שטיל.

זיא איז צוריק ארייננעקומען אין צימער און האט זיך געזעצט ביים פענסטער. עס איז פערגאנגען א געראומע צייט און דיא גרעפין איז אלץ געזעסען אויף איהר ארט וויא א פערשטיינערטעס בילד פון האפען און הארען. פלוצלונג האט זיא דערהערט שווערע טריט.

— דאס איז ער! ענדליך! האט זיא אויסגערופען און איז איהם ענטגעגע־געלאפען.

דאָס איז ווירקליך געווען איהר איינציגער זוהן, מאַקס. אין איינינע מינוטען אַרום איז מאַקס אַריינגעקומען אין צימער. ביים שיין פון די ליכט האָט דיא גרעפין דערזעהן זיין געזיכט און האָט אַ ציטער געטהאָן.

— וואָס איז מיט דיר, מאַקס? האָט זי אויסגערופען און האָט זיך אָנגעחאַפּט ביים קאָפּ. דו ביסט דאָך בלייך, וויא קאַלך! וואָס איז מיט דיר געשעהן?

— אַך, מוטער! האָט מאַקס געשטאַמעלט, איך בין שיער, שיער ניט פערבליעבען אין טהורעם פון טשעמני! איך בין שיער ניט געוואָרען אַ הענקער.

— וואָס רעדסט דו, מאַקס? וויא איז דאָס מעגליך?

— יאַ, מוטער, עס האָט געפעהלט זעהר וועניג, איך זאָל ווערן אַ הענקער.

— ווער האָט דיך דען גערעטעט?

— דוא וועסט עס ניט גלויבען, ווען איך וועל דיר דערצעהלען.

— ווער, מאַקס? ווער?

— אַרטהור פאָן באַטהיאַני האָט מיך גערעטעט.

— דער באַראָן פאָן באַטהיאַני? דיין ערגסטער פיינד? — דאָס קען ניט זיין!

— און דאָך איז עס וואַהר. דאָך איז עס אַזוי געווען, מוטער!

דיא גרעפין איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט.

— יאַ, מוטער! מיין גרעסטער פיינד, אַרטהור האָט מיך גערעטעט. ער האָט געהאַנדעלט געגען מיר, וויא אַן עדעל מאַן. ער איז אַ בעסערער מענש פון מיר. איך בין געקומען צו איהם אַלס פיינד און ער האָט געהאַנדעלט געגען מיר, וויא אַ פריינד.

— וואָס איז געשעהן? וויא אַזוי איז אַלעס פאָרגעקומען? — דערצעהל עס מיר, מאַקס!

מאַקס האָט איהר דערצעהלט אַלעס, וואָס עס האָט מיט איהם פּאַסירט און וויא אַרטהור האָט איהם גערעטעט.

— ער איז אַ ליגנער, האָט די גרעפין ענדליך געזאָגט. עלווירא געפינט זיך ביי איהם אין טהורעם. ער וויל זיא ניט אַרויסגעבען.

— ניין, מוטער, אַרטהור איז קיין ליגנער. אַ מענש, וועלכער איז פעהיג צו האַנדלען אַזוי עדעל און אַזוי גראָסמוטהיג געגען זיין פיינד, קען קיין ליגנער ניט זיין. אַזאַ מענש זאָגט די וואַהרהייט.

— אַך, מאַקס! דו קענסט נאָך ניט די מענשען; דו ווייסט נאָך ניט, וויא זיי קענען זיך פאַרשטעלען; וויא זיי ווייסען, וויא אַזוי זיך צו מאַסקירען; וויא אַזוי צו פערדעקען זייערע געפיהלע און זייערע געדאַנקען! — דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען דו וואָלסט איהם דערשטאָכען. נור דער טוידטער פיינד איז זיכער. איך בעדויער זעהר, וואָס דאָס איז ניט געשעהן, דו ביסט ניט פעהיג דערצו, דו האָסט ניט דעם מוטה דערצו. אַזאַ זאַך קען טאָהן נור נאַגי. ער איז מוטהיג, ער איז פעהיג, ער איז אַ מאַן.

— מוטער! מוטער! דו געהסט צו וויט. דיינע פּלענער פערפיהרען דיך, פערפיהרען אויך מיך. איך ציטער, אַז דיינע פּלענער זאָלען אונז אַלעמען ניט ברייגגען דאָס גרעסטע אונגליק.

ער האט מעהר ניט געוואלט רעדען מיט זיין מוטער און איז אוועקגעלאפען אין זיין צימער.

· דיא גרעפין איז געבליעבען אליין. עס איז שוין געווען זעהר שפעט און זיא האט זיך געלעגט שלאפען דער שלאף אבער איז אזוי גיך ניט געקומען זיא בערוהיגען. נעי דאנקען, פינסטער וויא דיא נאכט און טרויעריג, וויא א נאוועמבער טאג, זיינען איהר געקראכען אין קאפ און האבען איהר ניט געלאזען שלאפען.

— איך האב גאר ניט געוואונען, האט זיא געברומט, אלעס איז געבליבען ביים אלטען. דער באראן פאן באטהיאני איז נאך שטאלץ, ווי א פריהער, דעם דאקומענט האב איך ניט און עלווירא איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען.

ערשט אין דער פריה איז זיא אנטשלאפען געווארען. זיא איז געשלאפען זעהר אונרוהיג. דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז מאקס ניט געקומען צום פריהשטיק. דיא גרעפין איז געווען בייז און אויפגערעגט. פלוצלונג האט זיא דערזעהן פון'ם פענס־טער, וויא א קארעטע איז אנגעקומען, זיא איז אויפגעשפרונגען פול פרייד.

— נאני! האט זיא אויסגערופען, נאני איז דא! דאס איז שעהן! דאס איז גוט! ער איז געקומען אין דער ריכטיגער צייט! יעצט דארף איך איהם געראדע האבען.

דיא קארעטע איז אריינגעפאהרען אין הויף און אין איינע מינוטען ארום איז נאני אריינגעקומען אין צימער. דיא גרעפין איז איהם ענטגעגען געגאנגען.

— נו, וואס מאכסט דוא, מיין פריינד? וואס הערט זיך עפעס? האסט דוא אלעס בעזארגט?

— אלעס, אלעס איז אפגעמאכט און בעזארגט.

— ביי אונז איז ניט אלעס אין ארדנונג, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.

— וואס איז געשעהן? האט נאני אויסגערופען דערשראקען.

— עלווירא איז פערשוואונדען געווארען און מען ווייס ניט, וואו זיא איז אהינ־געקומען.

— איהר ווייסט ניט, איך אבער ווייס, וואו זיא איז.

— וואו איז זיא? האט דיא גרעפין געפרעגט האסטיג.

— זיא איז אין בודאפעסט.

— עלווירא אין בודאפעסט? וואס טהוט זיא דארט?

— זיא איז ביי איהר אָנקעל, גראף מעראס.

— דאן מוז מאקס באלד פאהרען קיין בודאפעסט און זיא ברענגען אהיים. ער האט א בריעף פון איהר מוטער, אז זיא זאל פאהרען מיט איהם.

— דאס וואלט פריהער רעכט געווען, יעצט אבער האט זיך אלעס געענדערט. מאקס אדער איך וועלען אלענפאלס מוזען פאהרען זיא בעפרייען און זיא אהיים נעהמען.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? איך פערשטעה דיך ניט.

— יעצט קען איך אייך עס ניט ערקלערען. איהר וועט עס וויסען, ווען דיא צייט וועט קומען.

— איך וויל דיך ניט צווינגען, דוא זאלסט מיר אלעס זאגען יעצט. איך מוז דיר אבער בעמערקען, אז עלווירא האט געווים געבעטען איהר אנקעל, ער זאל שרייבען צום קייזער אין וויען און זאל איהם בעטען, ער זאל בעפרייען דעם באראן פאן באטהיאני.

— דאגעגען קען איך גאר ניט טאהן, האט נאני געענטפערט, איך האב שוין אבער דאריבער נאכגעדאכט. ווען עס זאל שוין געשעהן; ווען דער קייזער זאל איהם שוין בעגנאדיגען; ווען דער באראן זאל שוין זיין פריי — וועל איך ערשט אויסגראבען פאר איהם א גרוב, פון וועלכער ער וועט אייביג ניט ארויס.

— איך האב אויך אזוי געטראכט, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג, איך האב אויך געמאכט א גוטען פלאן און בין געוועזען זיכער, אז דער באראן וועט שוין היינט ניט לעבען. עס האט זיך אבער אנדערש אויסגעלאזען. פון מיין גאנצען פלאן איז גאר ניט געווארען.

— קען איך וויסען, וואס איהר האט געטאהן און וויא אזוי אייער גוטער פלאן איז אזוי פלוצלונג פערניכטעט געווארען?

דיא גרעפין האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס איז פארגעקומען מיט מאקס'ן. נאני האט זיך צולאכט.

— פערצייעט מיר, גרעפין, וואס איך לאך אזוי הערצליך איבער אייערע איינפעלע. וויא קען עס איינפאלען א מענשען, אז עלווירא האט זיך בעהאלטען אין טהורעם פון טשעמני? וויא האט עס אייך געקענט איינפאלען, אז מאקס מיט עטליכע בויערן זאלען אנפאלען אויפ'ן טהורעם און זאלען אוועקנעהמען עלווירא'ן מיט געוואלד? און, לאמיר זיך ניט נאררען, איז דען מאקס דער מענש אויסצופיהרען אזא פלאן? וויא קען ער זיך שטעלען געגען דעם שטאלצען, פייערינגען ארטהור פאן באטהיאני?

דיא גרעפין האט אויף איהם געווארפען א בייזען, ווילדען בליק. איהר געזיכט האט אנגענומען דעם ווילדען, אונמענשליכען, טיגערארטיגען אויסדרוק, אויף וועלכען נור זיא איז פעהיג געוועזען. — מען מוז קענען דעם מענשען, מען מוז זיך גוט צוקוקען צו זיינע מינען, מען מוז אויסשטודירען, וויא זיין געזיכט ענדערט זיך יעדעס מאל, ווען זיינע געפיהלע ענדערן זיך, ענדערן זיך זיינע געזיכטסצינע. דאס געזיכט איז דער שפיעגעל פון דער זעעלע. דאס געזיכט זאגט, וואס דאס הערץ פיהלט און וואס דער קאפף דענקט.

באלד אבער איז דיעזער ווילדער אויסדרוק פערשוואונדען. זיא איז געווארען פריינדליכער און האט געזאגט:

— איך קען ניט אנדערש. איך זעה קיין אנדער מיטעל אלס דעם באראן פאן באטהיאני'ס טויט. דאן וועט זיך אלעס ענדערן. דאן וועט עלווירא מוזען אננעהמען דיא האנד פון א גראף ראדעצקי.

— גאנץ ריכטיג, אבער ניט מאקס איז דער מענש דערפון. ניט מאקס איז פעהיג אויסצופיהרען אזא שריט. — לאזט עס מיר איבער. איך אליין ווינש, אז דער באראן זאל שטארבען און ער וועט שטארבען. איך וויל אבער ער זאל שטארבען, וויא א פערברעכער.

— איך פערשטעה ניט, וואס איהר מיינט, האט דיא גרעפין געזאגט.

— איך מיין, אז ווען מען וויל עטוואס דערגרייכען, מוז מען אריבערטרעטען איבער דעם טויטען קערפער פון אייער פיינד. ווען ער וועט ניט בלייבען קיין הענקער. דאס הייסט, ווען ער וועט ניט שטארבען א מאָראלישען טויט. וועט ער מוזען אומקומען אויף אנאנדער וועג. ער וועט מוזען אומקומען דורך דער פאמיליע פון'ם גראף מעראס.

דיא גרעפין איז צוריקגעפאלען אין איהר שטוהל און האט זיך ווידער פערטראכט. זיא האט זיך דערשראקען פאר דיא שרעקליכע בילדער, וועלכע נאני האט איהר פאָרגעשטעלט. זיא האט געוואוסט, וואס ער מיינט. זיא האט איהם פערשטאנען און האט זיך געשראקען פאר איהם.

— איך זעה, אז איהר זייט היינט ניט אויפגעלעגט, האט נאני געזאגט, איך קען דאהער מיט אייך ניט רעדען.

—— אה! רעד! דערצעהל! פאר דיר בין איך שטענדיג אויפגעלעגט. מיט דיר קען איך שטענדיג רעדען, וואס האסט דוא מיר צו זאגען?

— איך האב אייגענטליך קיינע גוטע נאכריכטען פאר אייך.

— זאג! איך וויל אלעס וויסען!

— אין בודאפעסט האט זיך ווידער געוויזען עפּעס איינער....

— עס קען ניט זיין! עס איז א ליגען!

— עס איז דאך וואהר, גנעדיגע פרוי! עס איז קיין ליגען.

— טייפעל, וואס דוא ביסט! צו וואס האסט דוא מיר דערצעהלט דיעזע שרעקליכע נאכריכט? ווער האט עס דיר געבעטען?

— גנעדיגע פרוי! ווילט איהר דען קיין מאל ניט אנערקענען, אז איך שעץ אייך זעהר הויך? פאר וואס זאלט איהר עס ניט בערעכענען, אז איך האב עס געטאהן אויס פריינדשאפט, אויס טרייהייט צו אייך? — מיינט איהר, אז איך האב גערוהט, זייט איך בין עס געוואהר געווארען? מיינט איהר אז איך האב ניט געארבייט טאג און נאכט אום איהם צו פערניכטען? מיינט איהר, אז איך וואך ניט טאג און נאכט איבער אייך? וועה איהם, ווען ער וועט עס זיך וואגען צו ווייזען זיך דא ער געץ! וועה איהם, ווען ער וועט קומען אהער און וועט זיך אונטערשטעלען צו שטערען אונזער פריעדען! איך וועל איהם צורייבען, וויא מען צורייבט א פערוועלקטע און פערדאַרטע בלום.

דיא גרעפין האט זיך געפיהלט בערוהיגט און האט א קוק געטאהן פריינדליכער אויף דעם מאן, וועלכער איז געזעסען לעבען איהר. זיא האט געזעהן, אז ער איז איהר דאך טריי און טהוט דאך אלעס, וואס ער קען אום זיא צו בעשיצען און אפצוהיטען. זיא האט איהם דערלאנגט איהר האנד און האט איהם געזאגט:

— ענטשולדיג מיר, נאני, וואס איך האב דיר געזאגט א גראבווארט. פאר וואס האסט דוא מיר באלד ניט געזאגט, אז דוא האסט שוין געטאהן אלעס נעטהיגע אום מיך צו בעשיצען.

— אזוי בין איך שוין, גנעדיגע גרעפין, איך קען מיך ניט ענדערן, האט נאני

געזאגט. ע[illegible] שוין צייט, איהר זאלט מיך קענען! — אבער געגוג רעדען דערפון! איך בעט אייך נאך אמאל, איהר זאלט פ[illegible]ך טאהן אלעס, וואס איך בעט אייך. מיר שפּיעלען יעצט אין א לאָטעריע. מיר שפּיעלען א געפעהרליכען שפּיעל. ווען מיר וועלען וויסען, וויא אזוי עס אויסצוהאלטען, וועלען מיר מאכען דעם הויפּט-טרעפער.— יעצט מוז איך געהן מיך אויסרוהען. איך בין מיעד פון דער רייזע.

ער האט זיך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען. דיא גרעפין איז וויעדער געבליעבען אליין, זיא איז געווארען ערנסט און האט זיך פערטראכט. איהר געזיכט איז געווארען פינסטערער און פינסטערער. ענדליך האבען זיך געוויעזען טרערין אין איהרע אויגען.

— ראָבערט! ראָבערט! האבען געמורמעלט איהרע ליפּען.

זיא האט זיך פערשלאסען אין איהר צימער, האט ניט געגעסען, האט מיט קיינעם ניט גערעדט און האט קיינעם ניט געוואלט זעהן. אזוי איז פערגאנגען דער טאג. עס איז געווארען פינסטער. דיא גרעפין איז אויפגעשטאנען, האט אויפגעשלאסען דיא טהיר און האט אנגעקלונגען צו איהר דיענער. באלד איז אריינגעקומען איהר קאמער-מעדכען און האט געפרעגט, וואס זיא פערלאנגט.

— צינד אן ליכט, האט דיא גרעפין בעפאהלען.

מען האט געבראכט צוויי וואקסענע ליכט און מען האט זיי אניעדערגעשטעלט אויפ'ן טיש. אין יענער צייט האט מען ניט געוואוסט פון קיינע אנדערע בעלייכטונג אלס פון חלב'נע ליכט ביי דיא ארימע לייט און ליכט פון ווייסען וואקס ביי דיא רייכע.

— רוף מיר דעם יונגען גראף! האט זיא געזאגט צום דיענער.

— דער יונגער גראף איז ניטא אין דער היים.

— שוין לאנג?

— ער האט אין דערפריה עפּעס געגעסען און איז אוועקגעגאנגען.

זיא האט א מאך געטאהן מיט דער האנד, א צייכען, אז דער דיענער זאל זיך אוועקגעהן.

— וואס זאל עס הייסען? האט זיא געפרעגט, ווען זיא איז וויעדער געבליעבען אליין, מאקס איז אוועקגעגאנגען און נאני איז א גאנצען טאג ניט געקומען? וואס קען דאס בעדייטען?

זיא האט זיך וויעדער געזעצט אויף איהר סאָפא און האט זיך פערטראכט. — דאס לעבען אין דארף איז זעהר לאנגווייליג, בעזאנדערס אים ווינטער און אנפאנגס פריהלינג. מען מוז זיין גוט געוועהנט צו פערברענגען דיא נעכט אליין.

עס איז געווארען שטארק פינסטער. דיא גרעפין איז נאך אלץ געזעסען אויף איהר ארט, פערטיעפט אין איהרע טרויעריגע געדאנקען. פלוצלונג האט זיא געהערט, אז מען קלאפּט אין דער טהיר.

— וואס זאל עס זיין? האט זיא געפרעגט. ווער זאל עס קומען צו מיר ביינאכט?

מען האט געקלאפּט נאך אמאל און איידער דיא גרעפין האט צייט געהאט צו זאגען: אריין! האט זיך געעפענט דיא טהיר און א הויכער, שטארקער מאן אין א רויטען מאנטעל, מיט א רויטע קאפּוצע איבערן קאפּ איז אריינגעקומען אין צימער.

א קאלטער פראסט איז איבערגעגאנגען דער גרעפין, ווען זיא האט דערזעהן

דיעזען זאנדערבארען גאסט. ער איז געשטאנען ביי דער טהיר און האט געקוקט איהר גלייך אין דיא אויגען.

— ווער זייט איהר? האט זיא געפרעגט.

— איך בין דער הענקער, מאדאם!

— אום גאטעסוויללען! וואס טהוט איהר דא? וואס דארפט איהר ביי מיר אין הויז?

— איך וויל אייך עפעס פרעגען.

ער איז צוגעקומען נעהענטער און האט זיך געשטעלט לעבען טיש איהר געגען איבער. דיא גרעפין האט ערשט יעצט געקענט בעטראכטען זיין געזיכט. זיא איז געוואָרען בלייך, וויא קאלך, ווען זיא האט דערזעהען זיין געזיכט.

— גרויסער גאט! ווער איז ער דען? האט זיא אויסגערופען, ער איז מיר בעקאנט.... באלד אבער האט זיא זיך פערכאפט. — ווער האט אייך דען אריינגעלאזען צו מיר?

— אייערע דיענער, מאדאם, האט דער הענקער געענטפערט גאנץ רוהיג. זיי זיינען אנטלאפען פון מיר, וויא פון'ם טייפעל.

דיא גרעפין האט געכאפט דאס זילבערנע גלעקעל פון איהר טיש און האט אנגעהויבען צו קלינגען מיט אלע איהרע קרעפטען. א דיענער איז אריינגעקומען. קוים אבער האט ער דערזעהן דעם הענקער, איז ער אנטלאפען, גלייך וויא ער וואלט דערזעהן א גייסט.

— וועה מיר! האט דיא גרעפין אויסגערופען, אנטלויפען שוין אלע פון מיר? וויללען שוין מיינע אייגענע דיענער מיך ניט הערן? — געהט אייך! וואס ווילט איהר פון מיר?

— שרעקט אייך ניט, מאדאם, האט דער הענקער געזאגט רוהיג, דערווייל פיהר איך דאך אייך ניט צום עשאפאָט. איך קום דאך צו אייך, וויא אן אנשטענדיגער קאוואליער.

— וואס ווילט איהר אבער פון מיר, אונגליקליכער? וויא שטעלט איהר זיך עס אונטער אריבערצוטרעטען דיא שוועל פון א גרעפליכען שלאס?

— איך האב א געהיימניס, וועלכעס איך האף, אז איהר וועט מיר ערקלערן אדער וועניגסטענס האף איך אין דיעזען שלאס צו געפינען אן ערקלערונג.

וואס מעהר ער האט גערעדט, אלץ מעהר האט זיך דיא גרעפין צו איהם צוגעקוקט, אלץ מעהר איז ער איהר פאָרגעקומען בעקאנט.

— ווער זאל ער דען זיין? האט זיא געפרעגט זיך אליין, ער איז מיר בעקאנט, איך האב איהם ערגעץ געזעהן.

דער הענקער האט עס פערשטאנען. ער האט געזעהן, אז זיא קוקט איהם אן צו שטארק, אז זיא לאזט פון איהם קיין אויג ניט אראפּ.

— וויא עס ווייזט אויס, בין איך אייך בעקאנט, מאדאם, האט ער ענדליך געזאגט. איך זעה, אז איהר ערווייזט דעם הענקער דיא גרויסע עהרע איהם צו קוקע

גלייך אין דיא אויגען. דאס איז זעהר שעהן, זעהר ערדעל פון אזא שטאָלצע דאמע, וויא איהר זייט.

— געהט אייך אוועק! האט דיא גרעפין געבעטען, איך קען ניט רוהען, זא לאנג איהר שטעהט לעבען מיר. — וואס פאר א רעכט האט איהר צו קומען אין מיין הויז?

— זייט ניט אזוי אויפגערעגט, מאדאם! מיר דאכט, אז מיר שטעהען פיעל נע־הענטער איינער צום אנדערן, וויא איהר קענט זיך דענקען. עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלען זיך נעהענטער קענען, מיר וועלען זיך בעסער פערשטעהן און וועלען רעדען מעהר איינער מיט'ן אנדערן. מיר האבען זעהר פיעל צו זאגען איינער דעם אנדערן.

— אוועק פון מיר, טייפעל! וואס געהערסט דוא זיך אן מיט מיר? וויא קומסט דוא צו מיר? וואס קענסט דוא, הענקער, רעדען מיט דער גרעפין פאן ראדעצקי?

— נור ניט בייז, מאדאם! נור רוהיג! קיינער קען ניט וויסען, וואס מארגען וועט זיין. דיא שטאלצע גרעפין ראדעצקי קען ניט שווערן, אז זיא וועט קיין מאל ניט רעדען מיט'ן הענקער, אזוי וויא זיא האט ניט געקענט שווערן, אז דער הענקער וועט איהר קיין מאל ניט מאכען קיין בעזוך.

— עלענדער! טייפעל! וואס רעדסט דוא? וואס מיינסט דוא מיט דיינע רייד?

— ניט יעצט, מאדאם! איך האב צייט. איך אייל מיך קיין מאל ניט. איך ווארט אויף א געוויסע געלעגענהייט, דאן וועל איך רעדען.

דיא גרעפין איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. דער טאָן פון'ם הענקער, זיין געזיכט, זיינע מינען, דיא בעוועגונג פון זיינע ליפען, אלעס האט איהר איבערראַשט און פערזעצט אין שטוינען. עס איז געווען דייטליך, אז דער הענקער ווייס פון עפעס, אז ער האט ווירקליך עפעס א געהיימניס, וועלכעס ער וויל נאך דערוויל ניט אויסזא־גען. זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן און האט פערדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד. דער הענקער האט ענדליך געהאט מיטלייד מיט איהר.

— הערט מיך אויס, מאדאם, האט ער געזאגט מיט א שארפער, קאלטער שטימע, יעצט וועל איך אוועקגעהן; איך וויל אייך מעהר ניט פייניגען מיט מיין געגענ־ווארט. איך זעה דאך, אז אייך איז עס אונאנגענעהם. איך געה אלזא און לאז אייך אליין. איך בין אבער זיכער, אז עס וועט קומען א צייט, ווען עס וועט זיין א גרויס־ארטיגער האכצייט. אויף דיעזער האכצייט וועט דער הענקער זיין א גרויסער גאסט, א נוטער גאסט, א געבעטענער גאסט. איך האף, אז דיא שטאָלצע גרעפין פאן ראדעצקי וועט זיך דאן ניט אפזאגען צו טאנצען מיט'ן הענקער.

ניט לאנג האב איך געהאט דיא עהרע צו זעהן ביי מיר אייער זוהן, דעם יונגען גראף אלס גאסט. איך האב געוואלט מאכען פון איהם מיין געהילפען, אבער מיין פריינד דער באראן ארטהור פאן באטהיאני האט עס ניט דערלאזען. — אה! איהר ווערט בלייך, גנעדיגע גרעפין? איהר ציטערט? — שעהמט אייך ניט מיט מיר! — פיעלייכט ווייסט איהר עפעס פון'ם באראן פאן באטהיאני? פיעלייכט האט איהר איהם געטאהן דיעזע געפעליגקייט, וואס ער איז געווארען א הענקער? — לאמיר דערפון

אבער ניט רעדען. דאס זיינען זאכען, וואס געהן אונז ביידען ניט אן. — נו, גוטע נאכט גנעדיגע גרעפין!

ער איז צוגעגאנגען נעהענטער צו איהר און האט אנגענומען איהר האנד. זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן און האט געוואלט ארויסרייסען פון איהם איהר האנד.

— געהט! האט זיא געבעטען, איהר האט מיך שוין גענוג געפייניגט מיט אייער געגענווארט און מיט אייערע זאנדערבארע רייד, וועלכע איך פערשטעה ניט און קען ניט פערשטעהן.

— אך! האט דער הענקער אויסגערופען, אייער האנד איז קאלט, וויא אייז. עס איז קאלט, וויא דאס הערץ פון א געוויסען מענשען, וועלכען איינער האט אמאל געליעבט און האט געוואלט אפפערן זיין לעבען פאר איהם. דיעזעס הערץ אבער האט איהם פערשטויסען, פערטריעבען, פעריאגט און געמאכט פון איהם דאס וואס ער איז. — יא, גנעדיגע גרעפין! — איך בין אויך ניט קיין געבארענער הענקער. איך בין אויך אמאל געוועזן יונג און האב געהאט דיא בעסטע און דיא גלענצעסטע האפנונגען. איך האב אויך א מאל אנדערש געקוקט אויף דער וועלט. איך האב אויך געמיינט, אז איך וועל דערגרייכען עטוואס גראסעס, עטוואס ערהאבענעס. עס האט זיך אבער אריינגעמישט א מענש, וועלכער האט מיך געבראכט צו דעם, וואס איך בין. איך האב עס ניט פערגעסען. איך געדענק עס און וועל א מאל נעהמען בלוטיגע ראכע דערפאר. עס וועט קומען דערשרעקליכער טאג. געדענקט, וואס איך זאג אייך! — נו, יעצט גוטע נאכט!

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און נאני איז אריינגעקומען אין צימער.

— גאט זיי דאנק, וואס איהר זייט ענדליך געקומען, הערר באראן! האט דיא גרעפין אויסגערופען! האט מיטלייד מיט מיר! בעפרייט מיך פון דיעזען מענשען! ער איז געקומען אהער מיך איבערשרעקען און מיר זאגען פיעל שרעקליכע זאכען, אז איך בין שיער ניט געפאלען אין אהנמאכט.

נאני איז געבליעבען שטעהן בייא דער טהיר, וויא א צוגעשמיעדטער. ער האט ניט געקענט אראפנעהמען דיא אויגען פון'ם רויטען גאסט. זיין געזיכט איז געווארען בלייך, זיינע ליפען האבען געציטערט. זיינע אויגען האבען געקוקט גלייך אויף'ן הענקער. ער איז געשטאנען, וויא א שטיינערנעס בילד פון שרעק און איבעראשונגען. דיא גרעפין האט עס בעמערקט און האט אויסגערופען:

— וואס שטעהט איהר אזוי איבערראשט, באראן? האט איהר זיך אויך דערשראקען פאר א הענקער? נעהם איהם אוועק פון מיר! איך קען איהם ניט אנקוקען.

נאני האט ענדליך געפאסט מוטה. ער האט ארויסגענומען זיין שווערד פון דער שייד און האט געוואלט צולויפען צום הענקער. מיכאאיל אבער האט אויף איהם געווארפען א ווילדען, בייזען בליק און נאני איז געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט. דעם הענקערס בליק האט געווירקט אויף איהם, וויא דער בליק פון'ם טהיערבענדיגער אין א צירק ווירקט אויף'ן געררייצטען טיגער. דיא ווילדע בעסטיע דערקענט דיא העכערע קראפט פון'ם מענשען — זיין פערשטאנד. דער ווילדער טיגער פערשטעהט, אז פאר

איהם שטעהט אַ קלוגער, שטאַרקער כאַראַקטער, וועלכער וועט איהם צווינ־גען טהאָן זיין ווילען און ער בייגט אָן דעם קאָפּ*).

— געה דיר אַרוים פון דאַנען, הענקער! האָט ענדליך נאַגי אויסגערופען. וויא קענסט דו זיך אונטערשטעלען אַריינצוגעהן אין אַ פּאַלאַץ פון אַ גרעפין?

דער הענקער איז געבליעבען שטעהן אויף זיין אָרט. פון צייט צו צייט האָט ער אַ קוק געטהאָן באַלד אויף דער גרעפין און באַלד אויף דעם „באַראָן" נאַגי.

— איך זאָג דיר נאָך אַמאָהל, געה דיך אַרוים פון דאַנען! האָט נאַגי אויסגערופען. דו וועסט בעצאָהלען דיעזע פרעכהייט מיט דיין לעבען!

דער הענקער האָט געשמייכעלט און האָט גאָר ניט געענטפערט. דאָס האָט נאָך מעהר גערייצט דעם שלעכטען נאַגי. ער האָט זיך געשעהמט פאַר דער גרעפין. זי אַלם פרוי דאַרף מורא האָבען פאַר אַ הענקער. ער אָבער איז דאָך אַ מאַן, וועלכער בעריהמט זיך, אַז ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט. וויא קען ער יעצט וויזען, אַז ער האָט אויך מורא פאַר'ן הענקער?

ער האָט פּראָבירט אויפהויבען זיין שווערד געגען דעם הענקער; קוים אָבער האָט מיכאַאיל אויף איהם אַ קוק געטהאָן, האָט ער אַראָפּגעלאָזען זיין האַנד און איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. דיא לאַגע פון דיעזע דריי מענשען איז געוואָרען שרעקליך, אונערטרעגליך.

ענדליך האָט דער הענקער געמאַכט אַן ענדע פון דיעזער שרעקליכער לאַגע. ער איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צום באַראָן און האָט איהם געזאָגט מיט זיין רוהיגער, אייז קאַלטער שטימע:

— גוטע נאַכט הערר באַראָן! איך האָף, אַז מיר וועלען אין אַ קורצער צייט זיך וויעדערזעהן.

ער האָט אויפגעהויבען שטאָלץ דעם קאָפּ, איז דורכגעגאַנגען אַ פּאָר מאָהל דאָס צימער און איז זיך אַרויסגעגאַנגען שטאָלץ און לאַנגזאַם, גלייך וויא ער וואָלט געווען דער ווירטה,דער הערר פון דיעזעם הויז.

*) דער בעריהמטער רייזענדער, א. שטערן, דערצעהלט, אז ער האט געזעהן אין אינדיען ביי א קעניג אין הויף וויא מען האט ארויסגעלאזען א גערייצטען הונגעריגען טיגער אויף א אינדיאנער, וועלכער איז געגאנגען גאנץ נאקעט און האט געהאלטען אין דער האנד א דין שטעקעלע. דער טיגער איז ארויסגעשפרונגען און האט געוואלט ארויפשפרינגען אויפ'ן מענשען. דער אידיאנער האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען, דער טיגער האט זיך אזוי דערשראקען פאר'ן בליק פון'ם אינדיאנער, אז ער האט אראפגעלאזען דעם עק צווישען דיא הינטערסטע פים און איז געקראכען פאר איהם וויא אקאץ, וואוהין דער אינדיאנער האט איהם געוויזען מיט'ן בליק, איז דער טיגער געגאנגען. ענדליך האט ער איהם פערטריעבען מיט זיין בליק צוריק אין שטייג.

דער געלערנטער שטערן ערקלעהרט צוואר, אז עס זיינען דא מענשען, וועלכע האבען א גאנץ בעזאנדערע קראפט אין זייערע אויגען. ער האט געזעהן א נעגער אין אפריקא, וועלכער פלעגט מיט זיין בליק פערטרייבען אלע טהיערע. ער פלעגט דארפען נור א קוק טהאן אין דיא אויגען אן אקס אדער א פערד און זיי פלעגען אנטלייפע פון איהם. — איז דאס ניט פיעלייכט דאס עין הרע, פון וועלכע אונזערע אלטע ווייבער דערצעהלען?

א. טאַנענבוים

## 31טער קאפיטעל.

## דיא צווייא פריינדע.

דיא גרעפין און נאני זיינען אייניגע מינוטען געבליעבען אויף זייערע ערטער, ווי פערגליווערט, פערפראָרען, פעשטוינערט און צוגעשמיעדט. זיי האבען ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. זיי האבען זאגאר מורא געהאט צו קוקען איינער אויפ׳ן אנדערן. עס איז פערגאנגען א געראַומע צייט, ביז זיי זיינען געקומען צו זיך. דיא ערשטע איז געקומען צו זיך דיא גרעפין.

— נאני! וואס איז מיט דיר? האט זיא אויסגערופען. פאר וואס שווייגסט דוא? — ווען דוא האסט זיך אזוי דערשראקען פאר דעם רויטען גאסט, קענסט דוא זיך פארשטעלען, וויא פיעל איך האב אויסגעליטען פון איהם. — אך, נאני! דוא זאלסט ויסען, וואס ער האט דא אנגערעדט? דוא זאלסט ויסען, וואס ער האט מיר דא אנדערצעהלט?

נאני איז נאך ניט געווען אים שטאנד צו רעדען. ביי איהם אין קאפ האט עס געארבייט און געקאָכט. דיא גרעפין האט געמוזט איהם נעהמען ביי דער האנד און צופיהרען צום דיוואן, ביז ער איז אין גאנצען געקומען צו זיך.

— וואס האט ער אייך דען געזאגט? האט ער ענדליך געפרעגט.

— איך קען עס ניט ערקלערן, ער האט מיר געגעבען א ווינק, אז מיר וועלען נאך אמאל זיין בעסער בעקאנט, אז מיר וועלען.... איך גערענקניט!

— קענט איהר זיך ניט דערמאנען אלעס, וואס ער האט אייך געזאגט? האט נאני געפרעגט, איך וויל עס ויסען, איך דארף עס וויסען.

— איך קען מיך דערמאנען, איך קע אבער ניט נאכזאגען אלעס, וואס ער האט דא גערעדט. — דאס איז אבער ניט דיא הויפטזאכע, וואס איך האב מיך אזוי דער־שראקען. איך האב מיך דערשראקען פאר זיין געזיכט, פאר זיינע אויגען.

זיא האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער לאנגזאם און האט דערביי געקוקט איהר פריינד נאני גליך אין דיא אויגען.

— וואס קוקט איהר מיך א; אזוי זאנדערבאר? האט נאני געפרעגט. מיינט איהר עפעס דערמיט? ווילט איהר מיר עפעס זאגען מיט אייערע זאנדערבארע בליקען?

— איך וויל אייך זאגען, אז דאס גלייכסטע וואלט געווען פאר אונזביידען, מיר זאלען זיך קיין מאל ניט וויעדערזעהן, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.

— אה, ניין! אויף קיין פאל! האט נאני אויסגערופען פעסט ענטשלאסען.

— איך בעט אייך, נאני, האט דיא גרעפין געזאגט מיט א ווייבער, מילדער שטימע, איך בעט אייך, לאמיר זיך צו־שיידען — אויף אייביגן

— דאס, גרעפין, האט איהר מיר געדארפט זאגען פריהער, ווען עס איז געווען צייט. איך האב אמאל אייך געבעטען, מיר זאלען זיך צורשיידען. איהר האט עס ניט געוואלט. איהר האט מיך געבעטען, איך זאל בליבען; איהר האט מיך זאגאר גע־צוואונגען, איך זאל בלייבען לעבען אייך. יעצט, ווען איהר הייסט מיר אוועקגעהן פון אייך, וויל איך בלייבען ביי אייך. יעצט איז עס שוין צו שפעט. מיר זיינען פערבונדען צוזאמען אזוי ענג און אזוי פעסט, אז נור דער טויט קען צורייסען דיעזען בונד.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך געשטעלט נעגען איהר.

— איהר זייט אמאל געווען אין נויט און עלענד. איך האב אייך גערעטעט. איך האב אייך ארויפגעפיהרט אויף אזא הויך בארג, אז איהר זעהט יעצט אלעמען ליעגען אונטער אייערע פ"ס. דאס איז נאך ניט גענוג פאר מיר. איך וויל אייך פיהרען נאך העכער. איך וויל אייך מאכען גרויס, שטארק און מעכטיג. — איהר מוזט מיך האבען. לאז נור עפעס פאסירען, זייט איהר פערלארען. איך וועל שטענדיג געפינען מיטעל, וויא אזוי זיך אויסצודרעהן פון א געפאהר. איהר אבער קענט עס ניט. איך זאג אייך נאך א מאל, אונזער בונד קען צורייסען נור דער טויט. עס שטעהט אייך פריי צו טאהן, וויא איהר פערשטעהט, אבער זא לאנג איהר לעבט מוזט איהר מיך האבען.

נאני האט געקוקט דיא גרעפין גלייך אין דיא אויגען. ער האט שטודירט, וואס פאר אן איינדרוק זיינע ווערטער האבען געמאכט אויף איהר. אין זיינע אויגען האט מען געקענט לעזען שלעכטיגקייט, פרייד און פערדרוס צו גלייך.

דיא גרעפין האט געשוויעגען איינינע צייט. זיא האט גוט געפיהלט, וואס נאני האט איהר געזאגט. זיא האט איהם גוט פערשטאנען. זיא האט גוט געוואוסט, אז ער האט רעכט.

— נאני, האט זיא ענדליך געשטאמעלט, ניט גענוג, וואס דער הענקער האט מיך געפייניגט און געפלאגט א גאנצע שטונדע, ביסט דוא נאך אויך געקומען מיך פלאגען און פייניגען? — דוא מאכסט מיר פארווירפע, אז איך בין אמאל געווען ארים, איך בין געווען אין עלענד און נויטה. דוא האסט מיר אויסגעהאלפען און האסט מיך ארויפגעפיהרט אויף א הויכען בארג. אך, נאני! פאר וואס האסט דוא מיך ליעבער ניט געלאזען אין מיין ארימקייט, אין מיין נויטה און מיין עלענד?

— צו וואס זאלען מיר רעדען פון זאכען, וועלכע מיר קענען שוין ניט ענדערן? האט נאני געפרעגט: צו וואס וועט אונז דיענען דיעזע ערקלערונגען און דיעזע וויעדער־האלונגען? אייך וועלען זיי געוויס זיין אונאנגענעהם. איהר ווייסט דאך אלעס אזוי גוט, וויא איך.

— נאני, עס איז ניט שעהן און ניט עדעל פון דיר מיר צו ווייזען, אז דוא ביסט שטארקער פון מיר, ריכטיגער געזאגט, אז דוא האסט מיך אין דיא הענד און איך מוז פאלגען אלעס, וואס דוא הייסט מיר. דאס צייגט א מענשען פון ניעדריגען שטאנד.

— מאדאם! האט אויסגערופען נאני שטאלץ, מאדאם פערגעסט ניט, אז מיר זיינען ביידע גלייך. איך בין ניט העכער און ניט ניעדריגער פון אייך. ווען איהר ארויפקומט אויף דער שטופע, וואוהין איך פיהר אייך, וועל איך שטעהן לעבען אייך; ווען איהר אראפפאלען אין אבגרונד, וועל איך פאלען מיט אייך. מיר זיינען ניט נור פערבונדען צוזאמען, מיר זיינען צוזאמען געשמידט מיט אייזערנע קייטען. מיר וועלען זיין גליקליך צוזאמען אדער אונטערגעהן צוזאמען.

דיא גרעפין האט איהם אנגעקוקט און האט געשוויעגען. זיא האט איינגעזעהן, אז עס איז א מזיסט מיט איהם פיעל צו רעדען. ער וועט בלייבען ביי זיינע מיינונג.

נאגי האט עס געוואוסט און האט געווארט, ביז זיא וועט זיך אביסעל בערוהיגען. עס זיינען פערגאנגען עטליכע מינוט אין אן אונאנגענעהמעס, פיינליכעס שווייגען.

— גרעפין, האט ענדליך געזאגט נאגי מיט א מילדען, ווייכען טאָן, — גרעפין, קענט איהר מיר ניט איבערגעבען אלעס, וואס דער הענקער האט אייך געזאגט?

— אך! ער האט מיר געזאגט עטוואס טרויעריגעס, עטוואס שרעקליכעס. ער האט מיר עפּעס דערצעהלט פון אן עשאפאט.

נאגי האט זיך צולאכט.

— וואס לאכסט דוא, נאגי? האט דיא גרעפין געפרעגט, זיינע ווערטער האבען מיר געריהרט צום וויינען, ניט צום לאכען.

— איך וויל ניט וויינען, איך וויל ליעבער לאכען.

— עס איז ניט וואהר, נאגי, עס איז ניט וואהר! דיין געלעבטער איז א ביטע־רער, נערוועזער. איך האב אליין געזעהן, וויא דוא האסט געציטערט, ווען ער האט דיר געקוקט גלייך אין דיא אויגען. איך האב גוט בעמערקט, וויא דוא האסט אויפ־געהויבען דיין שווערד און האסט איהם אראפּגעלאזען יעדעס מאל, ווען ער האט זיך געווענדעט צו דיר. — צו וואס זאלסט דוא זיך פערשטעלען? צו וואס זאלסט דוא לייקענען דיא וואהרהייט? דוא האסט מורא פאר איהם, וויא איך האב מורא פאר איהם.

— ניין, גנעדיגע גרעפין! איך האב פאר איהם קיין מורא ניט. איך האב ניט געוואלט איהם טויטען אין אייער צימער. איך וויים, אז איהר האט שוואכע נערוען, איהר וואלט זיך דערשראקען און וואלט נאך קראנק געווארען, דערפאר האב איך ניט געוואלט איהם דורכשטעכען מיט מיין דעגען. פערגעסט ניט, גרעפין, איך בין דאך אן עדעלמאן! וויא האב איך געקענט לאזען א טויטען קערפּער ביי אייך אין צימער? איהר זייט דאך אזוי צארט, אזוי עדעל און אזוי שוואך, אז איהר וואלט געשטארבען דערפון. — אבער גענוג דערפון! איך בין א פרומער, גנעדיגע גרעפין. איך וויים, אז מען דארף זיך ניט קריעגען און מען דארף ניט בייז זיין איינער אויפ'ן אנדערן. — גוטע נאכט, גנעדיגע גרעפין!

ער האט דערלאנגט דיא גרעפין זיין האנד, זיא האט אבער זיא ניט גענומען. ער איז האסטיג ארויסגעגאנגען פון צימ'ער און האט פערמאכט דיא טהיר.

דיא גרעפין איז געפאלען אויף איהר דיוואן, האט בעגראָבען איהר געזיכט אין קישען און האט געוויינט הייסע, ביטערע טרערין. זיא האט געפיהלט, אז זיא געפינט זיך אין דיא הענד פון דיעזען מענשען, וועלכען זיא האט געהאסט און דאך געציטערט פאר איהם. זיא האט איהם פערואבשייעט און האט איהם דאך געמוזט פאלגען. טויזענדער געדאנקען, איינער פינסטערער פון'ם אנדערן, איינער שווארצער פון'ם אנדערן זיינען איהר געקריכען אין קאפּ, האָבען זיא געפּלאגט, האבען זיא בעאונרוהיגט, האבען זיא געקוועלט און האבען איהר ניט געלאזט רוהען.

זיא האט זיך דערמאהנט אן איהר זוהן, איהר איינציגעס קינד, וועלכעס זיא האט געליעבט מעהר פון אלעס אין דער וועלט.

— וואס וועט פון איהם ווערן? האט זיא געזיפצט, ער איז יונג, ער קען נאך

ניט דיא וועלט. ער מוז האבען א מענשען, וועלכער זאל איהם פיהרען, זאל איהם לייטען און זאל איהם ווייזען דעם וועג אין לעבען.

קוים האט זיא ארויסגערעדט דיעזע ווערטער, האט זיא געהערט א ליארם אין הויף. מאקס איז אנגעקומען. זיא איז צוגעלאפען צום פענסטער און האט געזעהן, וויא ער האט איבערגעגעבען זיין רייטפערד צו א דיענער.

אין א פאר מינוטען ארום איז מאקס אריינגעקומען אין צימער. דיא גרעפין איז איהם ענטגעגען געלאפען, האט איהם ארומגענומען, האט איהם צוגעפרעסט צו איהר הארצען און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— וואס איז מיט דיר, מוטער? האט ער געפרעגט. וואס וויינסט דוא? איז עפעס געשעהן? איז עפעס נייעס פארגעקומען?

— ניין, מאקס, עס איז גארנישט פארגעקומען, האט דיא גרעפין געענטפערט. איך בין געוועזן זעהר אונרוהיג, וואס דוא ביסט געקומען אזוי שפעט. איך האב ניט געוואוסט וואס איבערצוטראכטען. איך האב זיך אזוי דערפרעהט, ווען איך האב דיך וויעדערגעזעהן, אז איך וויין פאר פרייד.

מאקס האט זיך צוגעקוקט צו זיין מוטער. ער האט גוט בעמערקט, אז זיא האט געוויינט ניט פאר פרייד, וואס זיא האט איהם דערזעהן, זאנדערן מיט איהר איז עפעס געשעהן. דא איז עפעס פארגעקומען, זיא וויל עס איהם ניט זאגען.

— מוטער, האט מאקס געבעטען, זאג מיר דיא וואהרע אורזאכע פון דיינע טרערין. איך זעה אז דיינע אויגען זיינען פערוויינט. דוא האסט געוויינט פריהער, איידער איך בין געקומען.

— ניין מיין זוהן, איך האב פריהער ניט געוויינט, האט זיא געענטפערט, לאמיר אבער דערפון ניט רעדען. זאג מיר ליעבער פון וואנען קומסט דוא יעצט?

— איך האב געמאכט וויזיטען בייא איינינע בעקאנטע.

דיא גרעפין איז געווארען פרעהליכער. אלזא, מאקס זיצט ניט לעדיג. ער מאכט בעקאנטשאפט, דאס איז איך זעהר פיעל, עס איז גוט, ווען מען האט פיעלע בעקאנטע, פיעלע פריינד. אלענפאלס קענען זיי צוניץ קומען. מען קען פון זייא אמאל האבען א געפעלינקייט.

— איך האב אייגענטליך גענומען אבשיעדפון אלע מיינע פריינד און בעקאנטע, האט מאקס ווייטער געזאגט.

דיא גרעפין האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט און איבערראשט.

— וואס הייסט דאס? האט זיא אויסגערופען. דוא האסט אבשיעד גענומען, אלזא פאהרסט דוא ערגעץ אוועק?

— יא, מוטער, איך פאהר אוועק.

— מעג איך וויסען, וואוהין?

— פארוואס ניט? — איך פאהר קיין בודאפעסט.

— איך האב גערעדט דאריבער מיט אונזער פריינד נאגי, ער איז דאגעגען. ער מיינט, אז דוא דארפסט ניט פאהרען.

— ער מעג זיין דאגעגען; ער מעג דענקען, וואס ער וויל, איך וועל טאהן וואס איך פערשטעה! וואס דענקסט דוא מוטער? זאל איך שטענדיג בלייבען א שול קינד, וועלכער מוז פאָלגען, וואס זיינע לעהרער הייסען איהם? וואס בין איך דען? בין איך דען נאך אלץ א קינד — ניין מוטער! איך בין א מאַן און וועל טאהן, וואס איך פערשטעה, ניט וואס א באראָן אדער א טייפעל מיט׳ן נאמען נאַני וועט מיר הייסען.

איך בין געווען ביי דער גרעפין טאָקקי און האב איהר דערצעהלט, אז נאַני האט געזעהן איהר טאָכטער עלווירא אין בודאפעסט. זיא איז געוואָרען פול פרייד, האט מיך ארומגענומען און האט מיך געקושט. זיא איז אן עדעלע פרויא, דיא גרעפין טאָקקי! זיא האט ניט געוואוסט, וואס איהר זוהן געאָרג מאכט. זיא קען ניט פאהרען קיין בודאפעסט, וויל זיא פיהלט זיך זעהר שלעכט. איהר דאָקטאר האט איהר ניט געהייסען ארויסגעהן פון שטוב. זיא האט מיך געבעטען, איך זאל פאהרען קיין בודאפעסט און האט מיר געגיבען א בריעף צו איהר ברודער, דעם גראף מעראס. זיא רעקאמענדירט מיך און בעט איהר ברודער, אז ער זאָל מיך אויפנעהמען פריינדליך. נאַ דיר דעם בריעף, מוטער. לעז איהם דורך.

ער האט ארויסגענומען פון זיין בוזים קעשענע א בריעף און האט איהם דערלאנגט זיין מוטער. דיא גרעפין האט דורכגעלעזען דעם בריעף גאנץ אויפמערקזאם און האט אויסגערופען:

— דאס איז שעהן! דאס איז גראַסארטיג! איך האָף, אז יעצט וועט שוין אלעס גוט ווערן.

— געווים מוטער! איך וועל בעקאנט ווערן אין בודאפעסט מיט דיא גרעסטע מענער. איך וועל פאהרען צוזאמען מיט עלווירא אהיים. דאס איז זעהר פיעל. אויפ׳ן וועג ווערן מענשען בעסער בעקאנט. פיעלייכט וועט עלווירא אויפ׳ן וועג מעהר געוואינט ווערן צו מיר. זיא וועט איינזעהן, אז איך בין גאר ניט אזוי שלעכט, וויא מען האט מיך פארגעשטעלט פאר איהר. דיא אלטע גרעפין טאָקקי וויל זעהר מיך האבען פאר איהר שוויעגערזאהן. דער גראף מעראס וועט געווים אויך זיין אויף מיין זייט. מיט דער צייט וועט זיך עלווירא אויך געוועהנען צו מיר און וועט מיך ליעב בעקומען.

דיא גרעפין האט זיך אין גאנצען בערוהיגט און האט פערגעסען אלעס, וואס היינט איז געשעהן מיט איהר. זיא האט ארומגענומען איהר זוהן און האט איהם א קוש געטאהן אין שטערן.

— דוא האסט רעכט, מיין ליעבער מאקס! האט זיא איהם געזאגט, פאהר קיין בודאפעסט. דאס איז דער בעסטער וועג זיך צו ערווערב׳ן דיא ליעבע פון עלווירא.

זיי האבען נאך אוועקגערעדט איינינע צייט און זיינען זיך צוגאנגען בערוהיגט און צופריעדען איינער מיט׳ן אנדערן.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז נאַני געקומען צו דער גרעפין און האט געפונען, אז זיא האט זיך אין גאנצען פערענדערט. זיא האט פערגעסען אלעס, וואס זיא האט נעכטען געזאגט און איז געווען איינפערשטאנדען מיט אלעמען, וואס ער האט איהר געזאגט.

ווען זיא האט איהם דערצעהלט, אז מאקס וויל פאהרען קיין בודאפעסט און אז

ער האָט אַ בריעף פון דער גרעפין טאָקקי צום גראף מעראַם, האָט ער אויס־גערופען פול פרייד:

— אונזערע פלענער געלינגען! מיר וועלען צוטרעטען אַלע אונזערע פיינדע אונטער דיא פיס.

— שטעל דיר פאָר, נאַגי, נאָך אַ נייעס, האָט דיא גרעפין געזאָגט. — דיא גרעפין טאָקקי בעט אַז דו זאָלסט איהר מאַכען אַ בעזוך. זיא האָט גע־הערט, אַז דו קומסט ערשט פון בודאַפּעסט און האָסט געזעהן איהר זוהן און איהר טאָכטער. זיא וויל הערען פון דיין מויל, וואָס איהרע קינדער מאַכען.

— איך וועל געהן צו איהר מיט פערגעניגען! האָט נאַגי אויסגערופען, זייט זיכער, אַז איך וועל שוין וויסען וויא אויסצוניצען מיין בעזוך.

מאַקס איז דעמזעלבען טאָג נאָך אָוועקגעפאָהרען קיין בודאַפּעסט.

**(ענדע פון׳ם ערשטען טהייל.)**

דער

# שטומער בעטלער.

איבערזעצט פון א. טאננענבוים.

## צווייטער טהייל.

### 1טער קאפיטעל.

### אן אלטע פארדערונג.

**עס איז נאכט.** דער הימעל איז קלאר און בלוי. טויזענדער שטערן פונקלען א. גלענצען, וויא דיא אויגען פון א געליעבטער. דער מאנד בעלייכטעט דיא קארפאטהען בערג, אויף וועלכע עס האבען זיך געוויעזען דיא ערשטע קינדער פון'ם יונגען זומער — דיא ערשטע בלומען. דיא קארפאטהען בערג זיינען בעריהמט מיט זייערע זעלטענע קרייטער, וועלכע האבען אין זיך געוויסע מעדיצינישע אייגענשאפטען.

אויף א בערגעל ניט ווייט פון שלאס ראדעצק געהט ארום א געשטאלט איינ: נעהילט אין א שווארצע: מאנטעל. עס איז שווער צו זאגען, אויב דיעזע געשטאלט א: א מאן אדער א פרוי. פון צייט צו צייט בייגט זיך דיא געשטאלט אן צו דער ערד און רייסט עפעס אויס אדער גראבט עפעס אויס. וויא עס וויזט אויס, רייסט דיעזע גע-שטאלט בלומען אויס און גראבט אויס ווארצלען פון קרייטער. ווען זיא האט שוין נעהאט א גרויסען בונט בלומען, האט זיא איהם אניעדערגעלעגט אויף א שטיין און האט זיך געזעצט לעבען איהם אויף דער ערד.

— ווען מען רייסט אויס דיעזע בלומען אום האלבע נאכט ביים שיין פון'ם מאנד, זיינען זיי שטארקער און ווירקען פיעל בעסער, האט דיא געשטאלט געזאגט צו זיך אליין. פון איך, שעהנע קינדער פון'ם יונגען זומער, קען מען מאכען א געטראנק, וועל-כען ווען מען טרינקט איין מאל, פערלאנגט מען שוין קיין טרונק מעהר. מען ווערט שוין זאט אויף אייביג. — אך! דאס וועט זיין שרעקליך! עס וועט איהם ברענען, וויא א פייער; עס וועט איהם רייסען, עס וועט איהם אויסדרעהן זיינע געדערם און ער וועט שטארבען אין דיא שרעקליכסטע ליידען. וואס קענען נור זיין אויף דער וועלט. איך קען מיין קונסט. איך וויים, וויא גיפטיג, וויא שרעקליך גיפטיג דיעזע בלומען זיינען. — לאז ער זעהן, וויא זיין טהייערסטע און זיין ליעבסטע וועט שטארבען פאר זיינע אויגען. — און דוא, גוטע, עדעלע און שטילע עלווירא, דוא זאלסט מיר דיענען אלס ווערקצייג! דוא זאלסט ווערן א טייפעל און זאלסט דערלאנגען דעם גיפט, וועמען איך וועל דיר הייסען.

זיא האט נאך גערעדט א לאנגע צייט. איהרע ליפען האבען געמורמעלט זאכ־ דערבארע, אונפערשטענדליכע ווערטער. ענדליך האט זיא איינגעוויקעלט דיא ניפטינע בלומען אין א טוך און איז מיט זיי אוועקגעגאנגען.

אין א האלבע שטונדע ארום האט זיא אנגעקלאפט אין טהורעם פון טשעמני, עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער מען האט געעפענט.

— ווער איז עס געקומען אזוי שפעט מיר שטערן? האט מיכאאיל געפרעגט. ווער זייט איהר?

— איך בין סטאסא, האט געענטפערט דיא פערהילטע געשטאלט.

מיכאאיל האט באלד געעפענט דאס טהירעל.

— וואס איז מיט דיר, סטאסא? וואס פערלאנגסט דוא דא אזוי שפעט ביי נאכט? האסט דוא דען ניט געקענט קומען ביי טאג?

— איך האב געטורט קומען ביי נאכט, האט סטאסא געענטפערט. — עס איז אמאל געוועזען שפעט ביי נאכט. ווען איך בין געקומען צו אייך און האב אייך עפעס געבראכט. יעצט בין איך געקומען ביי נאכט אפנעהמען, וואס איך האב אייך דאמאלס געגעבען.

— איך פערשטעה אייך, האט מיכאאיל געענטפערט, איך וועל אייך אבער ניט אפגעבען דאס גוטע און עדעלע, וואס איהר האט מיר אמאל געשענקט.

— וואס הייסט דאס? האט סטאסא אויסגערופען, וויא וואגט איהר עס צו זאגען, אז איהר וועט מיר ניט אפגעבען מיין אייגענטהום, א זאך, וואס געהערט צו מיר?

— איך וויים נאך ניט, אויב עס איז אייער אייגענטהום, האט מיכאאיל גע־ ענטפערט, איהר מוזט פריהער בעווייזען, אז דאס איז אייער אייגענטהום.

— איך זאג אייך, אז איהר וועט מיר אפגעבען, וואס איך פאדער פון אייך! הערט איהר, הענקער!

— צו וואס דארפט איהר עס?

— דאס געהט אייך ניט אן! האט דיא פערהילטע פרוי געזאגט פעסט ענט־ שלאסען. — איך האב אייך עפעס צו זאגען, דערפאר האב איך אייך אויפגעוועקט. איך בין ניט לאנג געקומען פון בודאפעסט. מען וויל אייך מאכען פאר'ן הויפט הענקער פון גאנץ אונגארן.

— ווען דיא הערשער פון אונגארן וועלען געפינען פאר געטהיג מיר איבערצו־ געבען אלע פערברעכער פון אונגארן, וועל איך מיך ניט אפזאגען, האט מיכאאיל געענטפערט רוהיג. — איך גלויב עס אבער ניט. איך האב נאך דערפון ניט געהערט.

— איהר וועט באלד הערן דערפון. אין א קורצע צייט ארום וועט מען אויפ־ הענגען איינעם אין בודאפעסט. איהר וועט דאן זיין דער איינציגער הענקער אין גאנץ אונגארן.

— ווען וועט מען אויפהענגען? האט מיכאאיל געפרעגט.

— איהר ווילט עס וויסען? האט זיא געפרעגט טרויעריג. — איך קען עס אייך זאגען. ער הייסט קאזימיר קאררא.

— איער מאַן, סטאַסאַ! האָט מיכאַאיל אויסגערופען, וויא איז עס מעג־ליך? ער איז דאָך געווען פעראורטהיילט צו געפענגניס אויף לעבען לאַנג.

— דאָס איז ריכטיג, האָט סטאַסאַ געזאָגט טרויעריג. ער האָט עס אָבער ניט געקענט אויסהאַלטען. ער האָט ניט געקענט איבערטראָגען די לאַנגוויילע פון דער געפאַנגענשאַפט. ער האָט געוואָלט אַנטלויפען און האָט געטוידטעט זיין וועכטער, דערפאַר וועט מען איהם אויפהענגען.

— קאַזימיר קאַראַ איז אַ מאָהל געווען מיין פריינד, האָט מיכאַאיל געזיפצט.

— אַזוי פיהרט זיך שוין די וועלט, אַ גוטען פריינד דאַרף מען אַראָפּ־נעהמען דעם קאָפּ האָט סטאַסאַ געזאָגט אויפגערעגט.

— וואָס קען איך דען העלפען? האָט זיך מיכאַאיל ענטשולדיגט, איך מוז דאָך טאָהן מיין אַרבייט, מען צווינגט מיך, איך בין דאָך נור אַ האַנד ווערק, אַן אינסטרומענט אין די הענד פון די גרויסע און שטאַרקע.

— איך וויים עס מיכאַאיל, איך וויים עס, האָט סטאַסאַ געזאָגט, וויא צו זיך אַליין. איך וויל נור זאָגען אַז ווען קאַזימיר איז אייער פריינד, דאַרפט איהר דאָך האַנדלען וויא אַ פריינד.

— וואָס קען איך דען טאָהן אין אַזאַ פאַל? האָט מיכאַאיל געפרעגט. וויא קען איך דען בעווייזען מיינע פריינדשאַפט צו דעם מענשען, וועלכען מען גיט מיר איבער אין די הענד?

— איך וועל עס אייך זאָגען אין דער נאַכט, איידער איהר וועט פאָה־רען קיין בודאַפעסט. מיר וועלען זיך נאָך זעהן, מיר וועלען נאָך רעדען. מיר וועלען נאָך האָבען פיעלעס צו פערהאַנדלען. איך וועל נאָך קומען צו אייך און וועל פאָדערען מיין אייגענטהום. איך וועל נאָך זיין ביי אייך און וועל אייך דערמאָהנען אַלטע געשיכטען.

— קום נור, סטאַסאַ, קום נור! האָט דער הענקער געזאָגט מיט אַ זאָנ־דערבאַרער שטימע, אין וועלכער עס איז געקלונגען שפּאָט און אַ בעזונדע־רער גאַלגען שטאָלץ. — קום נור, מיר וועלען שוין רעדען.

— איך זאָג אייך, אַז איך וועל קומען און וועל פאָדערען, וואָס מיר געהערט, האָט די פערהילטע פרוי געענטפערט פעסט און האַרט.

און וואָס וועט זיין, ווען איך וועל אייך ניט געבען. וואָס איהר פער־לאַנגט?

— דאַן וועל איך אייך ווייזען, ווער איך בין, האָט סטאַסאַ געענטפערט און איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו פונקלען, וויא די אויגען פון אַ גע־רייצטען וואָלף.

— בערוהיגט אייך, סטאַסאַ, האָט דער הענקער געבעטען, מיר וועלען נאָך רעדען דאַריבער. קענסט דו מיר אָבער ניט זאָגען, וועמען האָסט דו אין בודאַפעסט, אויף וועמען דו קענסט זיך פערלאָזען?

דאָס איז מיין געהיימניס, האָט די פערהילטע פרוי געענטפערט ווילד.

— איך מיין, אַז איך וויים פון דיעזער געהיימניס, האָט דער הענקער געזאָגט. אין בודאַפעסט איז דאָ אַ בעריהמטער אַדוואָקאַט מיט׳ן נאָמען נאָוואַק. ער איז אַ גוטער

אדוואָקאט, א בעריהמטער אדוואָקאט אבער... מיר ווייזט אויס, אז איך וועל א מאל מיט איהם בעסער בעקאנט ווערן.

— דענקט, וואס איהר ווילט, האט דיא פערהילטע פרוי געזאגט. מיר וועלען אלענפאלס זיך נאך וויעדערזעהן, מיר האבען נאך פיעל, זעהר פיעל צו רעדען. מיר האבען נאך פיעל, זעהר פיעל צו פערהאנדלען.

זיא האט אויף איהם געווארפען א ווילדען, בייזען, אונפריינדליכען, אונמענשליכען בליק און איז זיך אוועקגעגאנגען.

מיכאאיל איז געבליעבען שטעהן לעבען טהיר פון זיין טהורעם און האט זיך פערטראכט.

— נוא, סטאסא! האט ער ענדליך אויסגערופען, דוא וועסט ניט האבען וואס דוא ווילסט! פריהער וועסט דוא ליעגען אונטער מיין האק, אלס איך זאל דיר ארויסגיבען דאס בעסטע, דאס עדעלסטע, דאס טהייערסטע פאר מיר. געה סטאסא, פרעה דיך דענק, אז איך וועל מוזען פאלגען, וואס דוא וועסט פערלאנגען. דוא נאררסט דיך אבער דעם הענקער פון טשעמני צווינגט מען ניט. איהם בעפעהלט מען ניט, איהם בעהערשט מען ניט

2טער קאפיטעל.

## בעגנאדיגט.

מיר מוזען זיך אומקעהרען קיין בודאפעסט און דערצעהלען, וואס דארט איז אונטערדעסען פארגעקומען.

עלווירא האט פערבראכט א גאנצען טאג, דעם לעצטען, וועלכען זיא האט געגעבענט צו פערברענגען אין דער הויפט שטאדט פון אונגארן. ווען זיא איז געקומען א היים, האבען דיא דיענער איהר געמעלדעט, אז איהר אנקעל איז פלוצלונג קראנק געוואָרען. עלווירא איז באלד געלאָפען אין צימער פון איהר אָנקעל און האט געפונען דעם גראף'ס! לייב דאקטאָר. ער איז געווען זעהר בעזארגט און זעהר אונרוהיג.

פון פאהרען אהיים האט שוין קיין רעדע ניט געקענט זיין. זיא האט פערגעסען אלעס אין דער וועלט און איז געבליעבען אין צימער פון איהר געליעבטען אנקעל. זיא איז געזעסען לעבען איהם א גאנצע נאכט און האט אפגעהיט אלעס, וואס דער דאקטאר האט געהייסען טאהן פארן קראנקען.

דער אלטער מאן האט געקרעבצט שטילערהייט און האט ניט גערעדט קיין וואָרט. ער איז געווען אויפגערעגט און פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען. ערשט פארטאג האט ער געבעטען עלווירא, זיא זאל איהם העלפען זיך אויפזעצען. זיא האט איהם אונטערגעלעגט בעטגעוואנד און ער האט זיך אויפגעזעצט.

— עלווירא! ליעבע עלווירא! האט ער גערופען.

— אט בין איך דאך, ליעבער אנקעל.

— הער מיך אויס, ליעבעס קינד, האט ער געזאגט גאנץ שטיל. מיין צייט איז געקומען. איך וועל שטארבען. איך האב עפּעס אויפ'ן הארצען. עפּעס דריקט מיך. עפּעס פרעסט מיך.

— וואס רעדסט דוא, אנקעל? דוא וועסט נאך ניט שטארבען! האט עלווירא

אויסגערופען. דער דאקטאר זאגט, אז דוא האסט זיך נור א ביסעל צוגעקיהלט, ווייטער גאר ניט. עס וועט באלט פאראיבערגעהן, ווען דוא וועסט ליעגען א פאר טאג רוהיג אין דיין בעט.

— עלווירא, קען איך מיט דיר עפעס רעדען?

— פאר וואס ניט, טהייערער אנקעל? איך בין דאך שוין קיין קינד. דוא קענסט מיט מיר אלעס רעדען.

דער אלטער מאן האט געטראכט איינינע אויגענבליקע, דאן האט ער אנגעהויבען צו רעדען.

הער מיך אויס, ליעבע טאכטער. מיט צוואנציג יאהר צוריק, ווען איך האב מיך פערהייראטהעט — — אך, ניין, ניין! — איך קען מעהר ניט רעדען!

— וואס איז דיר, ליעבער אָנקעל? רעד, דערצעהל מיר, דיין עלווירא, דיין בעסטע פריינדין, וואס עס פרעסט דיך אזוי....

— ניין, ניין! האט ער אויסגערופען און איז צוריקגעפאלען אויף זיין געלעגער.

ער האט מעהר ניט געוואלט רעדען. איז זיין קראנקהייט געווארען ערגער? האט ער זיך פלוצלונג געפיהלט זעהר שלעכט אדער האט ער זיך איבערלעגט? דאס איז געוועזן שווער צו זאגען. ער האט זיך צוריקגעווארפען אויפ'ן קישען און איז געבליעבען ליגען, וויא אין אהנמאכט. עלווירא האט זיך שטארק דערשראקען און האט געהייסען א דיענער, ער זאל באלד רופען דעם דאקטאר.

דער דאקטאר איז געקומען, האט עפעס פערשריעבען און האט געווארט, ביז מען האט געבראכט דעם רעצעפט פון דער אפאטהעק.

דער רעצעפט האט געווירקט. דער קראנקער איז אנטשלאפען געווארען און איז געשלאפען איינינע שטונדען. עלווירא איז ניט אפגעטרעטען פון זיין בעט. אזוי וויא זיא האט ניט געהאט וואס צו טאהן, האט זיא געטראכט פון זיך, פון ארטהורן און פון דעם זאָנדערבארען קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האָר, וועלכער האט געזאגט, אז ער האט צו איהר א בריעף פון א פריינד. זיא איז ארומגעגאנגען אונרוהיג אין צימער און האט ערווארטעט דיא מינוט, ווען דער פרעמדער האט איהר צוגעזאגט צו קומען מיט'ן בריעף.

ענדליך האט דיא אוהר אויסגעשלאגען עקף. עלווירא איז געוועזן זיכער, אז דער מאןווארט אויף איהר. זיא איז צוגעקומען צום פענסטער, — זיא האט קיינעם ניט געזעהן. זיא האט אראפגעשיקט א דיענער זעהן, אויב אונטען ווארט ניט א ניעדעריגער מאן מיט שווארצע האר. — דער דיענער האט קיינעם ניט געפונען.

ווען דער אלטער גראף האט זיך אויפגעכאפט אום צוועלף אוהר, האט ער זיך געפיהלט פיעל בעסער. ער איז געוועזן העכסט צופריעדען, וואס ער האט געפונען עלווירא'ן לעבען זיין בעט.

— אך, קינד! האט ער אויסגערופען, איך האב גאר פערגעסען, אז דוא דארפסט היינט פאהרען אהיים. איך וויל דיך ניט אויפהאלטען. פאהר דיר געזונטערהייט און בערוהיג דיין מוטער.

— טרייב מיך ניט אוועק פון דיר, ליעבער אָנקעל! האט עלווירא געבעטען.

לאז מיך בלייבען ביי דיר, דוא ביסט נאך קראנק און דארפסט האבען א מענשען, וועלכער זאל אויף דיר אכטונג געבען. לאז מיך בלייבען דא. דוא ווייסט ניט, וויא אונרוהיג איך בין, מיט וואס פאר אן אונגעדולד איך ערווארט דיא אנטווארט פון וויען. איך האב אלץ מורא, אז דיין בריעף איז פערפאלען געווארען. ער איז ניט אנגעקומען.

— זיי רוהיג, טאכטער! א קוריער פערליערט ניט קיין בריעף און דעפעשען, מיט וועלכע מען שיקט איהם צום קייזער.

עלווירא האט איהם אזוי לאנג געבעטען, ער זאל זיא ניט אוועקשיקען פון זיך, ביז ער האט ענדליך איינגעוויליגט.

— שרייב אבער באלד צו דיין מוטער, אז דוא וועסט דא בלייבען נאך איניגע צייט, האט ער זיא געבעטען.

עלווירא איז געווען גליקליך, וואס זיא איז געבליעבען אין בודאפעס. זיא האט ניט אפגעטרעטען פון איהר אנקעלס געלעגער, ביז ער איז געווארען פאלקאמען געזונד. דערביי פלעגט זיא ניט פערגעסען צו געהן בעזוכען איהר ברודער. אויך פון איהם האט זיא געקענט ברענגען גוטע נאכריכטען. זיין שטארקע און יונגע נאטור האט געזיעגט איבער דיא קראנקהייט. דיא דאקטוירים האבען בעקומען האפנונג, אז ער וועט לעבען בלייבען. דאס איז געווען א נייע פרייד.

עס זיינען אזוי פערגאנגען א פאר וואכען. דער גראף מעראס איז געווארען פאלקאמען געזונד און געארג'ן האט עס אנגעהויבען צו געהן פון טאג צו טאג בעסער און בעסער. צוואר איז ער נאך אלץ געלעגען אויפ'ן בעט און האט זיך נאך ניט גע־קענט ריהרען. דיא דאקטוירים אבער האבען ערקלערט, אז ער איז שוין ארויס פון געפאהר.

אין א שעהנעם פריהמארגען איז אנגעלאפען א קוריער פון ויען און האט גע־בראכט דעם גראף פיעלע בריעף און דעפעשען. דער גראף האט זיי צוגענומען און האט זיי דורכגעלעזען איינעם נאכ'ן אנדערן. פלוצלונג האבען זיינע אויגען אנגעהויבען צו לייכטען מיט פרייד און גליק. ער האט אנגעהויבען צו קלינגען. א דיענער איז אריינגעקומען.

— עלווירא! שיק מיר אהער עלווירא'ן.

אין איניגע מינוט ארום איז עלווירא אריינגעקומען אין צימער.

— קינד! עלווירא! איך האב פאר דיר א פרעהליכע נאכריכט, האט דער אלטער מאן אויסגערופען, ווען זיא איז נור אריבערגעטרעטען דיא שוועל פון זיין שרייב צימער.

עלווירא האט געציטערט פאר פרייד.

— עס איז דא אן אנטווארט פון וויען! האט זיא אויסגערופען, זאג מיר שנעל, ליעבער אנקעל!

דער גראף האט איהר דערלאנגט אן אפענעם בריעף מיט א גרויסען רויטען זיעגעל. עלווירא האט אנגעהויבען צו לעזען:

„מיר פון גאטעס גנאדען, יאזעף דער צווייטער, קייזער פון עסטרייך, קעניג פון

אונגארן, קעניג פון בעהמען, קייזער פון מעהרן, שלעזיען, לאדאמיריען עט צעטערא, עט צעטערא, האבען געלעזען דיא ביטע פון אונזער גוטען און טרייען בישאף פון אונגארן גראף מעראס וועגען דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני, וועלכער איז דורך א זאנ־דערבארען צופאל אריינגעפאלען אין דיא הענד פון א הענקער. מיר הייסען און בעפעה־לען, אז מען זאל דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני באלד בעפרייען און מען זאל איהם צוריק געבען אלע זיינע רעכטע אלס באראן און אלס דעפוטירטער פון דעם לאנדראטה".

געגעבען אין וויען, דעם 31 אפריל 1790,

יאזעף II קייזער און קעניג.

עלווירא האט געענדיגט לעזען דיעזעס שרייבען, איז צוגעלאפען צו איהר אנקעל, האט איהם ארומגענומען, האט איהם אנגעהויבען צו קושען און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— ענדליך! האט זיא אויסגערופען, ענדליך איז געקומען דיא שטונדע פון מיין ערלעזונג, פון מיין בעפרייאונג! איך האב דיך וויעדער, מיין געליעבטער ארטהור! איך האב דיך אויסגעוויינט, איך האב דיך אויסגעבעטען. יעצט, ליעבער, גוטער, טהייערער אנקעל, פאהר איך אהיים. איך פאהר אהיים מיט פריידען, מיט גליק, מיט פערגניגען.

— פאהר אהיים, קינד, בערוהיגע דיין מוטער און בעגליק דיין געליעבטען.

עלווירא איז ארויסגעלאפען צו איהר אנקעלס דיענער און האט זיי געהייסען פערטיג מאכען אלעס צו דער רייזע. זיא וואלט געפאהרען נאך היינט, באלד, שוין; זיא האט אבער געמוזט זעהן איהר ברודער געארג.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז זיא ארויסגעפאהרען פון בודאפעסט. ווען דיא קארעטע, אין וועלכער זיא איז געפאהרען, איז צוגעקומען צום טערעזיען טויער, האט זיא בעגעגענט אנאנדערע קארעטע, אין וועלכער עס איז געזעסען א נידעריגער מאן מיט שווארצע האר.

— דאס איז זיא, האט דער ניעדעריגער מאן גיזאגט. מיין גאלד שטיק האט געווירקט, דער דיענער האט מיך ניט אפגינארט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געהייסען זיין קוטשער אויסדרעהן דיא פערד און נאכפאהרען דיא קארעטע, אין וועלכער עלווירא איז געזעסען.

## 3טער קאפיטעל.

# מאקס קומט צו שפעט.

אין דעמזעלבען טאג געגען פיער אוהר נאך מיטאג איז דער גראף מעראס גע־זעסען אין זיין שרייבצימער. א דיענער איז אריינגעקומען און האט איהם דערלאנגט א קארטע.

— דער יונגער מאן בעט, מען זאל איהם אריינלאזען, ער וויל אייך זעהן.

דער אלטער מאן האט א קוק געטאהן אויף דער קארטע און זיין געזיכט האט אויסגעדריקט שטוינען און פערוואונדערונג.

— גראף ראדעצקי? האט ער געפרעגט, זאל עס זיין דער זעלבער, פון וועלכען

עלווירא האט מיר דערצעהלט? פאר וועלכען זיא האט אזוי מורא געהאט ? — אלעס פאלס וויל איך איהם זעהן.

ער האט זיך דאן געווענדעט צו זיין דיענער און האט איהם געהייסען אריינפיהרען דעם יונגען גראף, און איינינע מינוטען ארום איז מאקס ראדעצקי אריינגעקומען אין צימער. דער אלטער מאן האט איהם בעטראכט פון קאפ ביז אין דיא פיס און האט איהם געבעטען זיך זעצען.

— זייט איהר עס דער גראף פאן ראדעצקי, וועלכער וואוינט ניט ווייט פון'ם שטעדטעל ראזענוי ?

— איך בין עס, מיין העררר, האט מאקס געזאגט און האט זיך זעהר העפליך פערנייגט פארן אלטען מאן. איך האב דיא עהרע צו ברענגען אייך אבריעף פון אייער שוועסטער, דיא גרעפין פאן טאקקי.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון בוזעם קעשינע אבריעף און האט איהם דערלאנגט דעם אלטען מאן. גראף מעראס האט דורכגעלעזען דעם בריעף מיט דיא אויגען. דיי געזיכט איז געווארען פרעהליכער און פריינדליכער.

— מיין שוועסטער שרייבט מיר, אז איהר פאהרט אומיסטען קיין בודאפעסט אום צובעגלייטען איהר טאכטער עלווירא אהיים. דאס איז זעהר שעהן פון אייך. דאס צייגט, אז צווישען דער פאמיליע טאקקי און דער פאמיליע ראדעצקי הערשט דיא גרעסטע פריינטשאפט. ליידער, זייט איהר געקומען אביסעל צו שפעט. עלווירא איז ארויסגעפאהרען נאך היינט אין דער פריה פון בודאפעסט.

מאקס איז געווארען בלייך, וויא קאלך. ער איז געלאפיזן, וויא א וואחנזיניגער, האט ניט געשוינט דיא פערד, אום נור אנצוקומען ציימליך, און יעצט ערשט איז ער געקומען מיט איינינע שטונדען צו שפעט ! — ער איז געזוען אזוי איבערראשט פון דיעזער נאבריכט, אז ער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. ער האט געוואלט זיך אויפהויבען און אנטלויפען, דאס האט אבער ניט געפאסט פארן אלטע גראף. דיא העפליכקייט האט געפאדערט, ער זאל עפעס זאגען.

דער אלטער מאן האט געזעהן, וויא עס קאכט זיך עפעס ביי גראף ראדעצקי אין הארצען און האט נור געווארט אויף א ווארט פון איהם, ער זאל זיך ארייגלאזען מיט מיט איהם אין א געשפרעך.

— וויא מען האט מיר געזאגט אויפ'ן שלאס טאקקי, האט אלווירא געדרעבענט צו בלייבען אין בודאפעסט א לענגערע צייט, האט מאקס ענדליך געזאגט. איך קען עס ניט פערשטעהן, פאר וואס זיא איז אזוי פלוצלינג אוועק געפאהרען, זיא האט עס גאר ניט געמעלדעט איהר מוטער.

גראף מעראס האט געקוקט מאקס'ן גלייך אין דיא אויגען.

— דאס איז דיא בעסטע געלעגענהייט צו פראבירען, וואס ער איז און וואס ער דענקט, האט ער זיך געטראכט.

ער האט זיך געווענדעט צום יונגען מאן און האט איהם געזאגט:

— איך האב מיך געווענדעט צום קייזער מיט א ביטע, ער זאל בעפרייען דעם

בּאראן ארטהור פאן באטהיאני פון טהורעם פון טשעמני. היינט אין דער פריה האט א קוריער געבראכט דיא בעגנאדיגונג פון ווין.

ער האט ניט אראפּגעלאזען קיין אויג פון'ם יונגען מאן דיא גאנצע צייט, וואס ער האט גערעדט מיט איהם. אזוי וויא מאקס האט געשוויעגען, האט דער אלטער מאן ווייטער געזאגט:

— עס איז זאנדערבאר, וויא אזוי דער באראן פאן באטהיאני איז געקומען אין טהורעם פון טשעמני. מען האט דערפון זעהר פיעל גערעדט אין בודאפעסט.

מאקס האט געזעהן, וויא דער אלטער מאן האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען. ער האט פערשטאנען, אז דאס איז ניט אומזיסט. ער האט געמוזט עפּעס זאגען.

— איך ווינש גליק דעם באראן פאן באטהיאני, האט ער געזאגט, איך פרעה מיך זעהר, וואס אונזער גנעדיגער קייזער האט איהם בעגנאדיגט און בעפרייעט פון א לאגע, וועלכע פאסט ניט פאר א מאן, וועלכער טראגט אזא שטאלצען נאמען. מיך פרעהט עס בעזאנדערס, וויל איך בין געווען מיט איהם ניט גאנץ פריינדליך, ווען עס איהם האט געטראפען דאס אונגליק.

— וויא איך האב געהערט, האט איהר איהם ארויסגערופען אויף א דועל אין דער צייט, ווען איהם האט פאסירט דאס אונגליק.

— ליידער, איז עס וואהר, האט מאקס געזאגט און האט אראפּגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. איך פערשטעה, אז דיא גרעפין עלווירא האט אייך דערצעהלט דיא זאך אנדערש וויא זיא איז געשעהן.

— איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, עלווירא האט מיר פארגעשטעלט דיא גאנצע טרויעריגע געשיכטע גאנץ אנדערש. זייט איך האב אבער געזעהן דעם בריעף, וועלכען מיין שוועסטער האט געשריעבען איבער אייך, דענק איך אנדערש פון דיעזער געשיכטע.

— איך דאנק אייך זעהר, גראף, וואס איהר האט פון מיר אנאנדערע מיינונג. אלס עדעל מאן, אלס קלוגער און ערפאהרענער מענש וועט איהר געוויס דענקען פון מיר בעסער; איהר וועט געוויס ניט צוגעבען, אז אן עדעל מאן זאל בעגעהן אזא ניעדערטרעכטיגקייט ארייצוּווארפען זיין פיינד אין טהורעם פון טשעמני.

— קענט איהר ניט דערצעהלען, וויא אזוי איינענטליך איז עס געשעהן, וואס דער באראן פאן באטהיאני איז געקומען אין טהורעם פון טשעמני?

— געטריי ווייס איך עס ניט. איך קען אייך נור דערצעהלען, אז ווען איך האב ארויסגערופען דעם באראן פאן באטהיאני אויף א דועל, זיינען אויף איהם אנגעפאלען מאסקירטע מענשען און האבען איהם געשטאכען. איך האב נאכגעיאגט דיא מערדער, זיי זיינען אנטלאפען געווארען און האבען זיך בעהאלטען ערגעץ אין דיא בערג. — איך בין געגאנגען צוריק אויף דעם ארט, וואו דער באראן איז געבליעבען ליעגען, און האב איהם דארט ניט געפונען.

— דאס איז זאנדערבאר! האט דער גראף אויסגערופען. עטוואס אונגעוועהנליכעס האט ווירקליך פאסירט מיט'ן באראן.

דער גראף האט נאך אוועקגערעדט מיט מאקס'ן א געוויסע צייט איבער פער־שיעדענע זאכען. ער האט געוואלט אויסשטודירען דיעזען מענשען, ער האט געוואלט איהם פערשטעהן און איהם קענען.

— יעצט וועט מען ניט דארפען מאכען קיין נייע וואהל, האט ענדליך דער אלטער מאן געזאגט. דער באראן פאן באטהיאני איז שוין איין מאל געוועהלט אלס דעפוטאט צום לאנדראטה. זא לאנג ער איז געווען אין טהורעם פון טשעמני, האט דערפון ניט געקענט זיין קיין רעדע; יעצט אבער, ווען דער קייזער האט איהם בעגנא־דיגט, האט ער וויעדער אלע זיינע רעכטע. ער איז וויעדער דעפוטירטער. עלווירא אין נעפאהרען גלייך קיין ראזענוי, אום זיא זאל באלד בעפרייען דעם באראן. דעם 15טען מאי וועלען זיך צונויפקימען דיא מאגנאטען אין בודאפעסט און איך בין זיכער, אז דער באראן פאן באטהיאני וועט זיין צווישען זיי.

— געוויס, געוויס! האט מאקס געזאגט, ארטהור פאן באטהיאני וועט נאך צייט האבען צו קומען צו דער פערזאמלונג.

מען קען זיך לייכט דענקען, מיט וואס פאר א הערץ ער האט עס געזאגט. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז יעצט זיינען אלע זיינע האפנונגען פערלארען. ארטהור קען קומען קיין בודאפעסט און וועט דערצעהלען אלעמען, וואס מיט איהם האט פאסירט. ער וועט געוויס דערצעהלען, אז מאקס האט איהם אומיסטען פערפיהרט אין וואלד, וואו דיא מערדער זיינען אויף איהם אנגעפאלען. עלווירא וועט הייראטהען ארטהורן און אלע פלענע, וועלכע זיין מוטער און דער דורכגעטריעבענער און פער־דארבענער נאגי האבען געמאכט, וועלען צעשטערט און פערניכטעט ווערן.

ער איז נאך געזעסען איינינע צייט ביים גראף מעראס, ווייל עס האט ניט גע־פאסט, ער זאל באלד אנטלויפען; ער איז אבער געזעסען, וויא אויף הייסע קוילען. ער האט געדאנקט גאט, וואס דער אלטער מאן האט געשוויעגען און האט איהם גע־געבען דיא געלעגענהייט זיך אויפצוהויבען און צו נעהמען אבשיעד פון איהם.

דער אלטער מאן איז געווען אזוי פריינדליך, אז עס האט איהם איינגעלאדען צו קומען צו איהם אפט, זא לאנג ער וועט פערבלייבען אין בודאפעסט.

מאקס איז ענדליך ארויסגעגאנגען אויף דער גאס. איהם האט אויסגעוויעזען, אז דיא מויערן פון בודאפעסט טאנצען ארום איהם. ער איז ארומגעגאנגען אין דיא גאסען, וויא א וואהנזיניגער, און האט אליין ניט געוואוסט, וואוהין ער געהט. ער איז אזוי ארומגעגאנגען פיעלע גאסען און געסלעך און האט ניט בעמערקט, וואו ער געפינט זיך.

אין איין געסעל האט ער בעגעגענט אן אלטען מאן, וועלכער איז געבליעבען שטעהן און האט איהם בעטראכטעט.

— וואס זאל דאס זיין? האט דער אלטער אויסגערופען. דיעזער יונגער מאן איז מיר בעקאנט? ווער זאל ער זיין? — איך מוז איהם נאכגעהן. ער האלט דעם קאפ א־אפגעלאזען, עס איז מיר שווער צו קוקען איהם גלייך אין דיא אויגען. איך מוז איהם נאכגעהן און זעהן, אין וואס פאר א האטעל ער איז אבגעשטיעגען.

ער איז איהם נאכגעגאנגען טריט ביי טריט, ביז מאקס איז אריינגעגאנגען אין

ווינער האָטעל, וואו ער איז אָפּגעשטיגען און האָט פֿערנומען צוויי פֿון די בעסטע און שעהנסטע צימער.

מאַקס האָט ניט בעמערקט, אַז מען געהט איהם נאָך. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין זיין צימער האָט זיך געוואָרפֿען אויף'ן דיוואַן און האָט זיך פֿערטיעפֿט אין זיינע טרויעריגע געדאַנקען.

— יעצט איז אַלעס, אַלעס פֿערלאָרען! האָט ער געזיפֿצט, אַרטהור איז פֿריי, עלווירא'ן האָב איך פֿערשפּעטיגט. — וואָס וואָלט עס דען געהאָלפֿען, ווען איך וואָלט זי ניט פֿערשפּעטיגט? — זי ליעבט איהם, זי ווערט איהם הייראַטהען. אַלע אונזערע אינטריגען, אַלע אונזערע פֿאַלשקייטען, אַלע אונזערע פּלענער האָבען גאָר ניט געהאָלפֿען. זיי האָבען אונז געבראַכט נור שאַדען. מען ווערט ענדליך וויסען, אַז מיר האָבען געוואָלט פֿערניכטען אַרטהור'ן. איך זעה שוין, וויא גראַף מעראַס דענקט פֿון דיעזען פֿאַל, ער האָט עס מיר געגעבען צו פֿערשטעהן. — עס טהוט מיר ווירקליך לייד, וואָס איך האָב מיך געלאָזען פֿערפֿיהרען פֿון דעם דורכגעטריעבענעם נאַגי און האָב געבראַכט דעם גוטען און עדלען אַרטהור צו אַזאַ טרויעריגע לאַגע. — וואָס טהוט מען אָבער יעצט?

ער איז אויפֿגעשפּרונגען, איז אַרומגעגאַנגען עטליכע מאָל אין זיין צימער און איז ווידער געפֿאַלען אויפ'ן דיוואַן.

— איך ליעב דיך אָבער, עלווירא! האָט ער אויסגערופֿען, איך האָב אַלעס געטהאָן אויס ליעבע צו דיר. איך קען ניט לעבען אָהן דיר, עלווירא! דער געדאַנק דיך צו פֿערליערען טוידטעט מיך. אַרטהור איז גוט, אַרטהור איז עדעל, אַרטהור איז גראָסמוטהיג און דענאָך מוז איך איהם האַסען: מיר שטרעבען ביידע צו איין ציעל. מיר ליעבען ביידע איין פֿרוי. איך וואָלט איהם געדאַרפֿט שעצען, איך וואָלט איהם געדאַרפֿט עהרען, איך וואָלט געדאַרפֿט איהם האַלטען פֿאַר אַ גאָט און דאָך מוז איך איהם האַסען. נור איינער פֿון אונז קען לעבען. נור איינער פֿון אונז קען געניעסען דאָס גרויסע גליק צו רופֿען עלווירא: מיין פֿרוי. — עס העלפֿט ניט! איך אָדער ער! — עס איז אַן אונגליק, איך וויים עס, איך פֿיהל עס. מיר געהען ביידע אויף איין וועג. מיר וועלען מוזען זיך צוזאַמענשטויסען און איינער פֿון אונז ווערט מוזען בלייבען ליעגען. עס קען אַנדערש ניט זיין.

ער האָט ווידער געטראַכט איניגע מינוט, האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ, האָט געקלערט וואָס צו טאָהן און האָט ענדליך אויסגערופֿען:

— נאַגי! נאַגי איז דער איינציגער, וועלכער קען מיר העלפֿען. ער שרעקט זיך פֿאַר קיין זאַך ניט: פֿאַלשקייט, ליגען, בעטרוג, רויב, מאָרד, די גרעסטע ניעדערטרעכטיגקייט — אַלעס, אַלעס געברויכט ער, ווען ער וויל פֿערניכטען זיין פֿיינד. איך בין שוואַך איך קען עס ניט.

ער איז צוגעלאָפֿען צו זיין שרייב טיש און האָט אָנגעהויבען צו שרייבען אַ לאַנגען בריעף צו נאַגי.

— איך וועל שיקען דעם בריעף דורך אַן עסטאַפֿעט, האָט ער געזאָגט, ער מוז אָנקומען פֿריהער פֿאַר איהר. נאָך בעסער, איך מוז נעהמען עקסטרא פּאָסט

און איהר נאכלויפען. זיא וועט נעווים מורא האבען צו פאהרען ביי נאכט. דיא געשיכטע מיט איהר ברודער האט נעווים געווירקט אויף איהר. זיא וועט מורא האבען צו פאהרען ביי נאכט. איך וועל פאהרען ביי טאג, וויא ביי נאכט און וועל זיא אניאָגען. — איך מוז עפּעס טאהן!

ער האט געענדיגט זיין בריעף, האט איהם פערזיגעלט און איז אראָפּגעלאָפען דיא טרעפּ איהם איבערצוגיבען א לאקיי, ער זאל איהם פערזאָרגען. אין דעם גרויסען און שעהנעם פאָרהויז פון'ם האָטעל איז געשטאנען אן אלטער מאַן צוגעשפּארט צו דער וואנט, קום האט ער דערזעהן מאקס'ן. איז ער פון איהם ניט אפּגעטרעטען. ער האט זיך צוגעקוקט, וויא מאקס רעדט מיט'ן לאקיי. ער האט זיך צוגעהערט, וואס ער זאגט איהם און האט ניט אראָפּגעלאָזען פון איהם דיא אויגען.

מאקס האט צוואר דערקענט דעם אלטען מאן, ער האט אבער גערעכענט, אז דאס איז א בעטלער וועלכער בעטעלט ביי דיא געסטע פון האָטעל.

ווען מאקס איז צוריק ארויפגעגאנגען אין זיין צימער, האט דער אלטער מאן גע-פרעגט דעם לאקיי:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער דיעזער שעהנער הערר איז?

— דאס איז דער גראף מאקס ראדעצקי, האט דער לאקיי געענטפערט.

— אין וועלבע צימער לאזשירט ער?

— אין נומער צעהן און עלף, האט דער דיענער געענטפערט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

— אזוי? דאס איז דער גראף ראדעצקי? האט דער אלטער מאן געברומט, ווען דער לאקיי איז אוועקגעגאנגען. דיעזער נאמען איז מיר אונבעקאנט, דער יונגער מאן אבער איז מיר אזוי גוט בעקאנט, אז איך מעג גלויבען, אז דאס איז ניט זיין ריכטיגער נאמען.

מאקס האט אונטערדעסען געהייסען א לאקיי, ער זאל איהם ברענגען עפּעס עסען און זאל צונויפפּאקען זיינע זאכען.

ביז ער האט אפּגעגעסען און ביז דער דיענער האט צונויפגעלעגט זיינע זאכען איז געוואָרען שפּעט. מאקס האט צוואר געהייסען דעם דיענער ברענגען פּאָסט פערד. צום אונגליק אבער, האט דער פּאָסט מייסטער ניט געקענט געבען אזוי גיך קיין פּאָסט פערד פאר א פריוואט מאן, ווייל עסטעררייך האט דאמאלס געפיהרט קריעג און איי-נינע גענעראלען זיינען אין דעם טאג געראדע ארויסגעפאהרען פון בודאפּעסט און הא-בען פערנומען דיא בעסטע פערד.

מאקס האט גאר ניט געקענט העלפען. ער האט געמוזט וואַרטען. עס איז געוואָרען דונקעל אין צימער. א לאקיי האט אנגעצונדען א ליכט און איז זיך אוועק-געגאנגען.

מאקס האט געהערט, אז מען קראַצט עפּעס אין דער טהיר.

— אריין! האט מאקס געזאגט.

אן אלטער מאן אין גאנץ אָרימע, זאָגאר צוריסענע קליידער איז אריינגעקומען אין צימער און האט זיך פערניינט זעהר ניעדעריג.

— וואס ווילט איהר? האט מאקס געפרעגט שטרענג. ווילט איהר, איך זאל אייך עפּעס שענקען?

איידער דער אלטער האט צייט געהאט צו ענטפערן, האט מאקס שוין ארויס־געהאפּט עטליכע קופּערנע קרייצער און האט איהם דערלאנגט.

דער אלטער האט ניט גענומען דאס געלד.

— איך בין צוואר זעהר ארים, האט ער געזאגט, איך בין אבער ניט געקומען בעטען ביי אייך א געשענק.

— אלזא, וואס דען פערלאנגט איהר פון מיר?

— איך ווייס אליין ניט, וויא איך זאל עס אייך זאגען, —

— ווען איהר ווייסט אליין ניט, וואס איהר ווילט, האט מאקס אויסגערופען, דאן געהט אייך אוועק!

— איך וויל אייך עפּעס פרעגען.

— פרעגט, אבער קורץ! איך האב קיין צייט מיט אייך צו רעדען.

— וויא הייסט איהר?

— מאקס, גראף פאן ראדעצקי.

דער אלטער מאן האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— הייסט איהר ווירקליך אזוי? איז דאס אייער ריכטיגער נאמען?

— אונפערשעהמטער! האט מאקס אויסגערופען, צו וואס זאל איך פאר אייך לייקענען מיין נאמען? איך שטאם אפּ פון איינער פון דיא עלטסטע און נאָבעלסטע פאמיליען אין אונגארן.

— לעבט נאך אייער פאטער?

— וואס הייסט דאס? האט מאקס אויסגערופען. וואס האט דאס צו אייך?

דערביי אבער האט זיך זיין געזיכט אין גאנצען פערענדערט. ער איז געווארען בלייך און האט א ציטער געטאהן. עס איז געוועזן דייטליך, אז דיעזע פראגע אין איהם געוועזן זעהר אונאנגענעהם.

— ענטשולדיגט מיר, הערר גראף! האט דער אלטער מאן געבעטען, ענטשולדיגט מיר, וואס איך שטעל מיך אונטער אייך צו בעאונרוהיגען. איך וויל עס אבער וויסען. וואס וועט עס אייך הארען, ווען איהר וועט עס מיר זאגען?

— נו, נוט; מיין פאטער איז טויט.

— לעבט נאך אייער מוטער?

מאקס האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. ער האט ניט געוואוסט, וועמען ער האט פאר זיך: א שנארער אדער א וואהנזיניגען.

— וויא איך זעה, וועל איך מוזען אייך ארויס ווארפען, האר ער אויסגערופען יעדער זייט איהר דען?

— אן אונגליקליכער, האט דער אלטער מאן געענטפערט טרויעריג.

— אלזא, פאר וואס האט איהר ניט גענומען דאס געלד, וואס איך האב אייך געגיבען?

— ווייל איך בין ניט געקומען צו אייך נאך געלד: איך וויל וויסען, אויב אייער מוטער לעבט נאך.

ער האט עס געזאגט מיט אזא וויכער, מילדער, טרויעריגער שטימע, אז מאקס איז געווען געריהרט.

— מיין מוטער לעבט, האט ער געענטפערט שטאלץ. - יעצט געהט אייך אייער וועג, אלטער, איך האב ניט קיין צייט, ניט קיין לוסט מיט אייך צו רעדען.

דער אלטער איז אבער געבליעבען שטעהן און האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון מאקס'ן. דאס האט שוין פערדראסען דעם שטאלצען גראף. ער האט אנגעחאפט דעם אלטען ביי דער פלייצע און האט געזאגט בייז:

— איהר געהט ארויס פון מיין צימער? ווען ניט, וועל איך אנקלינגען און דיא לאקייען פון האטעל וועלען אייך אראפווארפען פון אלע טרעפ.

— איך געה אליין ארויס פון דאנען, האט דער אלטער מאן געבעטען. פער־צייהט מיר, וואס איך האב אייך בעאונרוהיגט און האב אייך געשטעלט אזעלכע נארישע פראגען. אבער איידער איך געה ארויס, וויל איך אייך עפעס זאגען. איהר זייט א יונגער מאן און וואס איך וויל אייך זאגען, וועט אייך צוניץ קומען.

— איך וויל ניט, איהר זאלט מיר זאגען, איך דארף ניט, איהר זאלט מיך לערנען, האט מאקס געזאגט שטאלץ, געהט אייך און לאזט מיך צורוה!

— גוטע נאכט, אלזא, הערר גראף! האט דער אלטער געזאגט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

מאקס איז געבליעבען אליין.

— וואס איז דאס? ווער זאל זיין דיעזער זאנדערבארער אלטער? פאר וואס האט ער זיך אזוי אינטערעסירט צו וויסען, ווער איך בין און אויב מיינע עלטערן לעבען נאך?

אזוי וויא ער האט אזוי געטראכט, איז איהם איינגעפאלען אין קאפ, אז ער האט נאך ניט בעזוכט דעם יונגען גראף געארג פאן טאקקי. זיין אין בודאפעסט, קווארטירען מיט איהם אין איין האטעל און איהם ניט בעזוכען, איז זעהר ניט שעהן. ער מוז דאך זאגען זיין מוטער, אז ער האט איהם געזעהן און האט מיט איהם גערעדט.

ער האט זיך אנגעטאהן און האט אנגעקלונגען. א לאקיי איז געקומען און האט איהם געפרעגט, וואס ער פערלאנגט. מאקס האט איהם געהייסען, ער זאל איהם צופיהרען צו דיא צימער, וואו דער גראף פאן טאקקי ליעגט קראנק.

געארג האט זיך געפיהלט זעהר גוט. אראפגעהן פון בעט האט ער נאך ניט געקענט, אבער ער האט שוין געקענט זיך אויפזעצען אויף זיין בעט און אויפנעהמען געסט.

מאקס איז אריינגעקומען און האט זיך פארגעשטעלט.

— גראף ראדעצקי, א פריינד פון אייער פאמיליע און אייער נאכבאר.

—גראף ראדעצקי? האט געארג איבערגעפרעגט.

דער נאמען איז איהם געווען בעקאנט. ער האט געוואוסט, אז א רייכע גרעפין

האט געקויפט א שלאס ניט ווייט פון זיין מוטערס שלאס. ער איז אבער נאך ניט געווען בעקאנט מיט דער פאמיליע ראדעצקי און איהם האט געוואונדערט, וואס גראף ראדעצקי האט זיך פארגעשטעלט אלס זיין פריינד.

— מיין שוועסטער איז ערשט היינט ארויסגעפאהרען פון בודאפעסט, האט ער געזאגט, און זיא האט מיר גאר ניט דערצעהלט פון אייך. דאס איז מיר א וואונדער! זיא האט מיר דערצעהלט פון אלעס, וואס עס האט פאסירט ביי אונז און דערהיים און האט ניט דערמאנט א ווארט פון....

מאקס האט זיך געביסען דיא ליפען. איהם איז געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס עלווירא האט פון איהם ניט גערעדט.

— זעהט איהר דאך, אז איך ווייס אלעס, וואס מיט אייך האט פאסירט. איך בין זעהר גוט בעקאנט מיט אייער מוטער. מיר האבען אפט גערעדט פון אייך און פון דעם אונגליק, וואס אייך האט געטראפען.

— איהר מיינט געוויס, וואס מען איז אויף מיר אנגעפאלען און מען האט מיך פערוואונדעט?

— געוויס, רעד איך דערפון יעצט.

— דאס איז געוויס אן אונגליק. איך בין געווען מעהר טויט, אלס לעבעדיג, האט מען נעארג געזאגט, דיא דאקטוירים האבען ניט געגלויבט, אז איך זאל נאך לעבען. דאס איז אבער נאך ניט אלעס. מיך האט געטראפען אנאנדער אונגליק. איך האב געהאט ביי מיר אין פארטפעל א זעהר וויכטיגעס דאקומענט, און וועלכען עס העננט אפ דאס גליק פון מיינעם א פריינד. דיעזעס דאקומענט האט מען ביי מיר אונטערגערויבט. מיין פריינד איז יעצט אונגליקליך דורך מיר.

— קען איך וויסען דעם נאמען פון אייער פריינד, וועלכער איז אזוי אונגליקליך געווארען דורך אייער אונגליק? האט מאקס געפרעגט.

ער האט זעהר גוט געוואוסט. פון וועמען גראף רעדט. ער האט אבער געוואלט הערן, וואס געארג דענקט פון דיעזען דאקומענט.

— מיין אונגליקליכער פריינד הייסט ארטהור, באראן פאן באטהאני. — איהר קענט איהם ניט? — אך, איך האב גאר פערגעסען, איהר וואינט אין אונזערע געגענד נאר ניט לאנג. איך קען מיך ניט דערמאנען, ווען איהר האט זיך אריינגעצויגען אין אייער שלאס.

— אנפאנג ווינטער 1789, האט מאקס געענטפערט, איך קען אבער דעם באראן פאן באטהיאני.

— פון וואנען קענט איהר איהם?

מאקס האט איהם דערצעהלט, וויא אזוי ער האט זיך בעקאנט מיט'ן באראן און וויא אזוי צווישען זיי איז זאגאר ארויסגעקומען א שטרייט און ער האט איהם ארויסגערופען אויף א דועל, אבער פו'ם דועל איז גאר ניט געווארען. זעלבסט פערשטענדליך אז ער האט איהם ניט דערצעהלט דיא געשיכטע פו'ם טהורעם פון טשעמני און אז ער ליעבט עלווירא'ן.

— וויא עס ווייזט אויס, זייט איהר נאר א פיינד פו'ם באראן באטהיאני, האט

נעאַרג נעזאגט. איך וויל ניט וויסען דיא אורזאכען פון אייער פיינדשאפט, עס טהוט מיר אבער זייער לייד, וואס איהר זייט צונעקריענט מיט'ן באראָן. ער איז א גוטער און אן עדעלער מענש. עס וואלט פיעל בעסער געוועזן, איהר זאלט זיין גוטע פריינד.— ווען איך וועל קומען א היים און דער באראָן פאַן באטהאני וועט זיך פערלאָבען מיט מיין שוועסטער, וועל איך זעהן, איהר זאָלט ווערן דיא בעסטע פריינד. מיר זיינען אלע יונג און וואָינען ניט ווייט איינער פון'ם אנדערן. פערוואס זאלען מיר ניט זיין גוטע פריינד?

מאקס איז געזעסען, וויא אויף הייסע קוילען. ערשטענס, האט ער געזעהן, אז נעאַרג האט ליעב דעם באראָן פאַן באטהיאני און איז ווירקליך זיין בעסטער פריינד. דאס האט איהם פערדראָסען. צווייטענס, האט ער געהערט, וויא נעאַרג, האט גע־זאגט אויסדריקליך, אז ארטהור וועט זיך פערלאָבען מיט עלוויראָ'ן. דאס האט איהם געקריינקט. אלזא, דער ברודער וויל אויך, אז עלווירא זאל הייראטהען ארטהורן. ווען ארטהור געהט ארויס פון טהורעם פון טשעמני, האט ער מעהר קיין האָפנונג ניט אויף איהר.

פון העפליכקייט וועגען איז ער דאך נאך געזעסען א האלבע שטונדע לעבען נעארג'ס בעט און האט גערעדט מיט איהם פון פערשיעדענע זאכען. דאן האט ער אבשיעד גענומען און איז ארויסגעגאנגען.

— עקסטרא פאסט! האט ער געשריען צום ערשטען לאקיי, וועלכען ער האט בעגעגענט אויף דיא טרעפ. ברענג מיר עקסטרא פאסט! וואס איז דאס פאר א טייפעל, וואס מען מען דארף ווארטען אזוי לאנג, ביז מען בעקומט פערד?

עס האט איהם אבער גאר ניט געהאלפען. ערשט פארטאג איז אנגעקומען דיא פאסט-קארעטע, וועלכע ער האט בעשטעלט. מאקס איז ארויסגאפאהרען פון בודאפעסט.

## 4טער קאפיטעל.

## עלוויראָ'ס רייזע.

מאקס האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז עלווירא וועט רייזען נור ביי טאג. זיא האט מורא געהאט צו פאהרען ביי נאכט, עס זאל איהר ניט טרעפען אזא אונגליק וויא איהר ברודער. זיא האט געהאט מיט זיך נור איין קאמערמעדכען, וועלכע גראף מעראס האט איהר מיטגעגעבען. זיא פלעגט פאהרען נור ביי טאג. — ווען דיא נאכט פלעגט אנקומען, פלעגט זיא הייסען דעם קוטשער פערפאהרען אין א גאסט־הויז.

זיא האט ניט געקענט בעמערקען, אז אנאנדער קארעטע, אין וועלכער עס איז געזעסען א ניעדעריגער מאן מיט שווארצע האר, איז איהר נאכגעפאהרען. ער פלעגט אויך בלייבען שטעהן, וואו זיא פלעגט בלייבען שטעהן, פלעגט אבער זיא אויסווייכען און פלעגט זיך קיין מאל פאר איהר ניט ווייזען.

דיא צווייטע נאכט נאך איהר אפרייזע פון בודאפעסט איז איהר אויסגעקומען צו נעכטיגען אין א פעלד קרעטשמע, וועלכע איז געשטאנען גאנץ אליין אין א וואלד, זיא האט געבעטען, מען זאל איהר געבען א בעזונדער צימער, דער ווירטה האט גע־ענטפערט גראב, אז ער האט נור איין צימער.

— איך וועל אייך גוט בעצאהלען, האט עלווירא געזאגט.

דער ווירטה האט ניט געענטפערט און איז געגאנגען פארבערייטען דאס צימער פון איהרעטוועגען. אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען אין צימער א הויכע, קרעפטיגע פרוי. עלווירא האט זיא באלד דערקענט. דאס איז געוועזן דיא זעלבע פרוי, מיט וועלכער זיא איז געקומען צו פאהרען קיין בודאפעסט. דיא פרוי איז געוועזן טרויעריג און האט ניט אזוי גיך דערקענט עלווירא'ן. זיא האט זיך אניעדערגעזעצט אין שענק לעבען א טיש און האט אנגעשפארט דעם קאפ אןביידע הענד.

עלווירא האט געהאט מיטלייד מיט דער ארימער פרוי. זיא האט ניט געקענט זיך בעקלאגען אויף איהר. דיא גאנצע צייט, וואס זיא האט פערבראכט מיט איהר צוזאמען, איז דיעזע פרוי געוועזן זעהר גוט און זעהר פריינדליך געגען איהר. זיא איז דאהער צוגעגאנגען צו איהר און האט געזאגט:

— גוטען אבענד, סטאסא! וואס מאכט איהר? וויא קומט איהר אהער?

דיא פרוי האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט א קוק געטאהן אויף עלווירא'ן.

— אה! איהר זייט עס, גנעדיגעס פריילין? וויא קומט איהר אהער? פאהרט איהר צוריק פון בודאפעסט?

— וואס מאכט איהר, סטאסא? פאר וואס זייט איהר אזוי טרויעריג? פיעלייכט דארפט איהר געלד? איך וועל אייך געבען, האט עלווירא אויסגערופען.

— איך דארף קיין געלד, האט סטאסא געזאגט טרויעריג, איך בין צוואר זעהר ארים, איהר האט מיר אבער שוין געגעבען גענוג געלד, ווען מיר זיינען געפאהרען קיין בודאפעסט. איהר זייט זעהר גוט, גנעדיגעס פרייליין, איהר זייט א בריליאנט.

— וואוהין געהט איהר יעצט, סטאסא? האט עלווירא געפרעגט.

— וואוהין איך געה? האט סטאסא געפרעגט מיט א שארפען, ביטערן טאָן,— איך געה אויף א האכצייט. איך געה אויף א גרויסען יום טוב.

עלווירא האט זיא אנגעקוקט ערשטוינט און איבערראשט. עס האט ניט אויס־געוויעזען, אז דיא ארימע אלטע פרוי זאל געהן אויף א האכצייט.

— יא, גנעדיגע פרייליין, האט סטאסא ווייטער געזאגט, אין עטליכע טעג ארום וועט זיין אין בודאפעסט א גרויסע פרייד. מען האט מיך איינגעלאדען און איך געה יעצט אהין.

עלווירא האט זיא בעטראכט מיט שטוינען און פערוואונדערונג. איהר איז אויס־געקומען, אז דיא פרוי איז וואהנזיניג. זיא קומט ערשט פון בודאפעסט און האט דארט גאר ניט געהערט פון קיין פריידען טאג, פון קיין האכצייט.

— וואס רעדט איהר, סטאסא? וואו וועט זיין א האכצייט?

— אויפ'ן עשאפאָט, האט דיא אלטע פרוי געענטפערט.

— וואס רעדט איהר? מען וועט איינעם הענגען?

— יא, מען וועט איינעם אויפהענגען. פאר מיר וועט עס זיין א האכצייט, א פריידען טאג.

— אה, איך פערשטעה! מען וועט אויפהענגען א מענשען, וועלכער איז געוועזן אייער פיינד, וועלכער האט אייך געטאהן שלעכטעס.

— ניין, ניין! מען וועט אויפהענגען מיין מאן.

עלווירא האט א ציטער געטאהן.

— מען וועט אויפהענגען אייער מאן! הייסט דאס ביי אייך א האכצייט?

— יא, פריילין! דאס וועט זיין ביי מיר א פריידען טאג, ווייל דאמאלס וועל איך מיך נוקם זיין אן מיינע פיינד.

— איך וואלט קיין מאל ניט געדאכט, אז איהר האט פיינד, האט עלווירא געזאגט גאנץ אונשולדיג. ווער האט דען עפעס צו אייך? ווער קען דען זיין אייער פיינד?

— א מענש, וועלכער מיינט, אז ער שטעהט העכער פון דער גאנצער וועלט; א מענש, וועלכער דענקט ביי זיך, אז ער איז אזוי זיכער, וויא דער הענקער פון טהורעם פון טשעמני.

— עלווירא איז רויט געווארען. זיא פאהרט דאך יעצט אין טהורעם פון טשעמני. זיא האט שוין לאנג ניט ערהאלטען קיין נאכריכט, וואס עס טהוט זיך אין טהורעם פון טשעמני.

— זייט איהר בעקאנט מיט דיא איינוואינער פון טהורעם פון טשעמני? האט זיא געפרעגט.

— איך בין דארט זעהר גוט בעקאנט. איך בין דארט ניט לאנג געווען און האב גערעדט מיט'ן הענקער.

— מיט'ן הענקער אליין? האט עלווירא געפרעגט.

— געווים! איך רעד נור מיט'ן הענקער אליין, איך ווייס, דארט געפינט זיך נאך איינער, וועלכער לערנט זיך ערשט דאס האנדווערק.

עלווירא איז געווארען רויט, וויא פייער און האט אנגעהויבען צו ציטערן. דיא אלטע פרוי האט עס בעמערקט.

— אין א קורצע צייט וועלען ביידע הענקער פאהרען קיין בודאפעסט אויף דער האכצייט, האט סטאסא ווייטער געזאגט, זיי וועלען פערהייראטהען מיין מאן מיט'ן נאלגען.

עלווירא האט ניט געקענט איינשטעהן. זיא האט געמוזט זיך אנהאלטען אן טיש, זיא זאל ניט אומפאלען. דיא אלטע פרוי האט זיך אויפגעהויבען פון דער באנק און איז צוגעלאפען צו איהר, גלייך וויא זיא האט געוואלט זיא אונטערהאלטען.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך האב אייך געמאכט טרויעריג, האט זיא געזאגט צו עלווירא'ן שטילערהייט, וואס זאלען מיר טאהן? אויף דער וועלט פאסירען אלערליי זאכען. א שטאלצער באראן ווערט א הענקער און א שטאלצער גראף מוז פאלגען וואס א מערדער הייסט איהם טאהן. אזוי פיהרט זיך שוין דיא וועלט. — גוטע נאכט, גנעדיגעס פריילין! מיר וועלען זיך נאך ווידערזעהן. יעצט מוז איך געהן. איך האב נאך פיעל ארבייט.

זיא האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער. דער ווירטה האט געזעהן, וויא דיעזע צוויא פרויען, וועלכע דארפען זיין אזוי וויט איינע פון דיא אנדערע, וועלכע קענען, דאכט זיך, גאר ניט קומען אין בעריהרונג איינע מיט דער אנדערער,

שטעהן יעצט נאהענט איינע לעבען דער אנדערער און רעדען זיך אזוי פריינדליך, אזוי שוועסטערליך און אזוי פערטרויליך, גלייך וויא זיי וואלטען זיך געקענט פון קינדוויים אן. דאס איז איהם ניט געפעלען און ער האט זיך ענטשלאָסען נאכצופאָרשען, ווער זיי זיינען און וויא זיי קומען איינע צו דער אנדערער.

ווען סטאסא איז ענדליך אוועקגעגאנגען, איז עלווירא געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. איהר קאמערמעדכען איז געקומען און האט זיא אוועקגעפיהרט אין צימער, וועלכעס דער ווירטה האט פאר זיי אנגעגרייט. עלווירא איז געפאלען אויף איהר בעט און האט אנגעהויבען צו וויינען. זיא האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז סטאסא שפיעלט דא א טרויעריגע ראלע אין איהר שיקזאל, אז זיא וויים עפעס, אז זיא וויל זיא פלאגען און מארטערן.

— וואס איז מיט דיעזער פרוי? וואס האט זיא צו מיר? האט עלווירא געוויינט. — פאר וואס האט זיא מיר דערצעהלט, אז מען דארף באלד אויפהענגען איינעם? האט זיא דען ניט מיר דייטליך גענוג געגעבען צו פערשטעהן, אז ארטהור וועט קומען מיט'ן הענקער קיין בודאפעסט אום אויפצוהענגען איהר מאן? האט זיא עס געטאהן אומיסטען אום מיך צו קרענקען, אום מיך צו פייניגען? ווען ארטהור וועט איין מאָל שטעהן אויפ'ן עשאפאָט מיט'ן הענקער צוגלייך, איז אלעס פערלארען. — איך מוז מיך איילען!

זיא איז אויפגעשפרונגען, איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען, האט זיך ארומגע-קוקט. — נאכט, פינסטערע נאכט האט בעדעקט אלעס. זיא האט מורא געהאט צו פאהרען ביי נאכט.

זיא איז צוריקגעגאנגען אין איהר צימער און איז איבערגעזעסען דיא גאנצע נאכט ביז אין ווייסען טאג. דאן האט זיא געהייסען אויפוועקען דעם קוטשער און האט איהם געהייסען פאהרען שנעלער.

דעם אנדערן טאג פאר נאכט זיינען זיי אנגעקומען אין שטעדטעל ראזענוי. דער קוטשער איז פערפאהרען אין א גאסט הויז, אויף וועלכען עס איז געהאנגען א שילד מיט גרויסע גאָלדענע בוכשטאבען „צום גאָלדענעם רינג". דאס גאסט הויז איז געווען אביסעל ווייט פון'ם שטעדטעל. עלווירא אבער האט עס ניט געוואוסט. זיא האט נור אזוי פיעל געוואוסט, אז מארגען אום צעהן אוהר אין דער פריה וועט זיא קומען אין דאָרף טשעמני. פון דארט וועט זיא געהן צופוס צום טהורעם פון טשעמני און וועט בעפרייען איהר געליעבטען.

אזוי וויא זיא איז אזוי געזעסען און האט געטראכט, וויא אזוי זיא וועט קומען צו ארטהורן און וויא זיא וועט איהם איבערגעבען דעם קייזערס בעגנאַדיגונג, איז א ניעדעריגער מאן מיט שווארצע האר אריינגעקומען צו איהר אין צימער. עלווירא האט איהם באלד דערקענט. דאס איז דערזעלבער מאן, וועלכער איז געווען ביי איהר אין בודאפעסט.

דער מאן איז צוגעקומען צו איהר, האט זיך גאנץ העפליך פערנייגט און האט איהר געזאגט:

— אה, גנעדיגעס פריילין! איהר האט מיר ניט געזאגט ריכטיג, ווען איהר

פאהרט ארויס פון בודאפעסט. איך בין ניט שולדיג, וואס איך האב איך ניט גע־בראכט דעם בריעף פונקטליך צו דער רעכטער צייט. — איך האב געהאט א שטרענגען בעפעהל, איך זאל אייך איבערגעבען דעם בריעף ניר דאן, ווען איהר וועט זיך זעצען אין אייער קארעטע פאר'ן אוועקפאהרען. עס איז געווען זעהר א וויכטיגער בריעף פאר אייך. איך האב אבער ניט געקענט העלפען. איך האב געווארט אויף אייך דעם גאנ־צען טאג, איהר זייט ניט ארויסגעקומען.

עלווירא'ן איז דער מאן פארגעקומען רעכט זאנדערבאר. ער איז איהר ניט געפעלען מיט זיינע זיסע רעדעלעך, מיט זיינע געהיימניסע און מיט זיין ארט צו רעדען. זיא האט אבער ניט געוואלט ווייזען, אז זיא איז ניט צופריעדען מיט זיין בעקאנטשאפט און האט געזאגט:

— איך האב אייך ניט אפגעגנארט. איך האב ווירקליך נעדארפט פאהרען דאמאלס, ווען איך האב אייך געזאגט. מיין אנקעל איז אבער קראנק געווארען און איך האב ניט געקענט דאמאלס פאהרען. אלענפאלס, ווען איהר האט אזא וויכטיגע נאכ־ריכט פאר מיר, קענט איהר דאך זיא מיר יעצט זאגען, אדער איהר קענט מיר געבען דעם בריעף.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, גנעדיגעס פריילין! איך זאל געווען וויסען, אז מיר וועלען זיך דא טרעפען, וואלט איך געוויס געווען מיטגעבראכט דעם בריעף אהער. איך האב עס אבער דאך ניט געוואוסט און האב ניט דעם בריעף ביי מיר. — אלזא, וואוהין פאהרט איהר, גנעדיגעס פריילין?

— איך פאהר צו מיין מוטער אין שלאס טאקקי.

— נו, דאס איז דאך ניט וויט פון דאנען, האט דער פרעמדער געזאגט, איך וויים, וואו דער שלאס געפינט זיך. ווען איך וועל האבען דעם בריעף, וועל איך איהם צושטעלען מיט דער פאסט. — האט איהר שוין געהייסען, מען זאל אייך געבען עפעס עסען?

עלווירא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. וואס געהט עס איהם אן, אויב זיא האט שוין בעשטעלט עסען אדער ניט. דער מאן האט עס פערשטאנען און האט געוואלט זיך פערענטפערן.

— איך קען זעהר גוט דעם ווירטה פון דיזען גאסט־הויז. ער איז א טויגעניכטס. מען מוז זאגען צעהן מאל, איידער מען בעקומט עפעס. איהר זייט געוויס הונגעריג פון וועג און האט געהייסען, מען זאל אייך געבען עפעס עסען, דער ווירטה אבער האט שוין געוויס פערגעסען אן דעם.

— איך האב ווירקליך געבעטען, מען זאל מיר דערלאנגען א גלאז צוקער וואסער מיט א האלבע שטונדע און מען האט עס מיר נאך ניט דערלאנגט, האט עלווירא געזאגט.

— האט איהר אליין געזאגט דעם ווירטה, ער זאל עס אייך געבען אדער האט איהר געשיקט וועמען?

— איך האב געשיקט מיין קאמערמעדכען.

— נון, דאן קענט איהר ווארטען ביז מארגען, האט דער מאן געזאגט. איך וועל געהן אייך ברענגען א גלאז צוקער־וואסער.

עלווירא האט געוואלט איהם צוריקהאלטען. איידער זיא האט אבער צייט געהאט ארויסצורעדען א ווארט, איז דער מאן שוין פערשוואונדען געווארען.

— איך דאנק דיר, צופאל! האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך דאנק דיר, וואס דוא ביסט מיר געקומען צו הילף. דער באראן נאגי וועט מיט מיר צופריעדען זיין. ביז מארגען וועט אלעס זיין אין דער בעסטער ארדנונג. איך מוז איהם אבער באלד מעלדען. ער וועט געוויס קומען צולויפען.

ער איז צוגעקומען צום שענק־טיש און האט געפאדערט א גלאז צוקער וואסער, דערביי האט ער זיך אויסגעבייזערט אויפ'ן ווירטה, וואס ער איז ניט העפליך געגען א דאמע.

קוים האט איהם דער ווירטה דערלאנגט, וואס ער האט געפאדערט, האט ער ארויסגענומען פון דער קעשענע א קליין שאכטעל, אין וועלכער עס זיינען געלעגען פינף פיללען. ער האט גענומען א פילל, האט זיא צוקוועטשט און האט זיא אריינגעווארפען אין גלאז. דאן האט ער אויסגעמישט דאס וואסער מיט'ן לעפעלע. וואס דער ווירטה האט איהם געגעבען. דאס וואסער איז געבליעבען ריין, קלאר, וויא פריהער.

ער האט צוגעטראגען דאס גלאז צו עלווירא און האט זיך פערנייגט, וויא א גאנץ העפליכער קאוואליר.

— זעהט איהר, גנעדיגעס פריילין, מען מוז זיין שטרענג געגען דיעזע טייפעל.

עלווירא האט איהם געדאנקט און האט אויסגעטרונקען דאס גלאז וואסער אין גאנצען. דער מאן האט געקוקט איהר גלייך אין דיא אויגען און האט אנגעהויבען צו דערצעהלען א לאנגע געשיכטע, וויא ער איז אמאל געפאהרען אין דער פוסטא און איז געוועזען זעהר הונגעריג. ער איז געקומען אין א גאסט־הויז און דער ווירטה האט איהם ניט געוואלט געבען קיין עסען; וויא ער האט אפגענארט דעם ווירטה, וויא ער האט ארויסגעקריגען ביי איהם ווורשט און אנדערע זאכען.

עלווירא איז געווען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען און האט איהם ניט געהערט, אדער זיא האט זיך געמאכט, אז זיא הערט איהם ניט.

— דער קאפ איז מיר עפעס שווער, איך וויל מיך צולעגען, האט זיא פלוצלונג געזאגט.

דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר האט פערשטאנען, אז ער דארף אוועקגעהן. ער האט זיך פערנייגט און האט געזאגט:

— איך האף, אז מיר וועלען זיך נאך זעהן, איידער איהר וועט אוועקפאהרען פון דאנען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון איהר צימער.

— וואס איז מיר היינט, רעגינא? האט עלווירא געזאגט צו איהר קאמערמעדכען, ווען דער פרעמדער איז אוועקגעגאנגען. איך פיהל מיך אזוי שלעכט, עפעס איז מיר. דער קאפ טהוט מיר וועה. — עס ווערט מיר שווער. — גיב מיר א קישען! — איך מוז שלאפען.

זיא איז אניעדערגעפאלען אויף איהר בעט, וויא א דערשלאגענע.

— מיין גאט! האט דאס קאמערמעדכען געשריען, דאס גנעדיגע פריילין איז קראנק. וואו איז דער פרעמדער?

זיא איז אראפגעלאפען אין שענק זוכען דעם פרעמדען. זיא האט איהם באלד געפונען שטעהן ביים טיש.

— מיין הערר! קומט מיט מיר, מיין גנעדיגעס פריילין איז קראנק! קומט ארויף צו איהר. זעהט איהר צו העלפען!

דער פרעמדער איז ארויפגעקומען אין עלוויראס צימער און האט געזעהן, אז זיא ליעגט, וויא א שטיק האלץ.

— נון, פאר צוועלף שטונדען האב איך זיא פערזאגט, האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך האף, אז ביז דאמאלס וועט דער באראן נאגי שוין זיין דא און שוין וויסען וואס צו טאהן. וועט ער אבער ניט קומען אזוי גיך, וועל איך מוזען איהר געבען נאך א פילל.

ער האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן, אז עלוויראס דיענסט־מעדכען איז אריינגעקומען אין צימער.

— דערוויל דארף מען איהר לאזען שלאפען, האט ער געזאגט, איך וועל געהן ערגעץ זוכען א דאקטאר. איך דענק, אז מען זאל איהר ניט שטערן און מען זאל איהר לאזען זיך אויסשלאפען, וועט איהר בעסער ווערן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. אונטען אין שענק האט ער געהייסען זיך געבען א טינט און פעדער און האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער אויף א בינעלע פאפיער. דאן איז ער צוגעגאנגען צום ווירטה.

— קענט איהר מיר בעזארגען דיעזען בריעף אויף דעם שלאס ראדעצק?

— עס איז ניט נאהענט אהין.

— איך וויים עס, איך וועל גוט בעצאהלען, ווען איהר קענט מיר שאפען א רייטער, וועלכער זאל בעזארגען דיעזען בריעף.

— גוט! איך וועל איהם בעזארגען. — צו וועמען איז ער אדרעסירט?

— צו נאגי באראן פאן האללאוואי.

— אה, איך קען דעם באראן, האט דער ווירטה אויסגערופען, ער איז א פאָר־שטענדיגער עדעלמאן. ער האט ערשט מיט א קורצע צייט גענעכטיגט ביי מיר. — דער בריעף וועט זיין בעזארגט.

5טער קאפיטעל.

# א פערזארגטע מוטער.

אין שלאס ראדעצק איז מען אונרוהיג. צוועלף טאג איז פערגאנגען, זייט מאקס איז אוועקגעפאהרען קיין בודאפעסט און מען האט נאך פון איהם קיינע נאכריכט ערהאלטען.

דיא אלטע גרעפין איז געוועזען אויסער זיך. מאקס האט איהר צוגעזאגט, אז קוים וועט ער קומען קיין בודאפעסט, וועט ער איהר באלד שרייבען און וועט איהר מעלדען אלעס, וואס דארט הערט זיך.

— וואס זאל דאס זיין? פאר וואס שרייבט ער ניט? האט איהם עפּעס פּאסירט? פלענט זיא אלץ פרעגען.

קיינער האט איהר אבער ניט געקענט ענטפערן אויף דיעזע פראגען. איהר איינ־ציגער פריינד נאני, איז געראדע אויף ניט געוועז אין דערהיים ביז היינט. מען קען זיך לייכט דענקען, וויא דיא גרעפין האט זיך דערפרעהט, ווען נאני איז אריינגעקומען אין צימער.

— וואס זאגסט דוא דערצו, נאני? איך האב נאך קיין נאכריכט פון מאקס'ן. איך בין אזוי טרויעריג, אזוי געענגסטיגט, אז איך קען ניט איינזיצען אויף איין ארט. איך ווייס גאר ניט, וואס איבערצוטראכטען, וואס מיט איהם איז געשעהן. — זייט י ע נ ע ר איז געקומען צו מיר, קען איך ניט רוהען. איך ציטער יעדעס מאל, ווען איך הער, אז מען עפענט דעם טויער, אדער מען קלאפט אין דער טהיר. איך ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך דערשרעק זיך, איך ציטער, איך פלאטער, איך גיעה ארום אויסער זיך. —

— הערט אויף צו רעדען נארישקייטען! האט נאני געענטפערט קורץ און שארף. ווער עס וויל דערגרייכען א הויכען ציעל, דער טאר זיך ניט שרעקען און דארף ניט מורא האבען. מיר שטעהן שוין גאר ניט ווייט פון אונזער ציעל. עס פעהלט אונז נאך א קלייניגקייט.

— א קלייניגקייט? וואס מיינסט דוא דערמיט?

— איהר ווייסט ניט, וואס איך מיין דערמיט? מיר האבען שוין דערפון גערעדט ניט איין מאל.

— איך קען מיך יעצט ניט דערמאנען, האט דיא גרעפין געזאגט, מיר האבען גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען.

— איך מיין, אז עס איז שוין צייט, מיר זאלעןביידע הייראטהען. דאס פעהלט אונז נאך צו אונזער גליק, אבער....

— אך, רעד ניט דערפון! האט דיא גרעפין געבעטען.

— זייט זיכער, גרעפין, ער וועט ניט לעבען, דאן אבער... דאן, ווען ער וועט מעהר ניט זיין אויף דער וועלט, וועט איהר מעהר ניט האבען וואס איינצואווענדען געגען —

אין דיעזע מינוט איז אנגעלאפען א רייטער. ער איז אריינגעפאהרען אין הויף און האט נעפרעגט א דיענער:

— קען איך זעהן דעם באראָן נאני פאן האללאוואאי?

דער דיענער האט איהם געזאגט, אז דער באראָן געפינט זיך יעצט ביי דער גרעפין. דער רייטער אין אראפגעשפרונגען פון פערד, האט איהם איבערגעגעבען דעם דיענער און איז אריינגעקומען אין צימער.

— איך האב א בריעף צום באראָן נאני, האט ער געזאגט.

דער באראָן נאני האט צוגענומען דעם בריעף און האט געהייסען דעם רייטער געהן אין קיך עפּעס עסען און זיך אפּרוהען.

— ער איז געפארען זעהר שנעל, האט נאני געזאגט און האט אויפגעריסען דעם בריעף.

— פון וועמען איז דער בריעף? האט דיא גרעפין געפרעגט אונרוהיג, איז ער פון מאקס'ן?

— יא, ער איז פון מאקס'ן.

— וואס שרייבט ער? גיב מיר דעם בריעף!

— ער שרייבט, אז ער איז געקומען צו שפעט. ער איז געקומען אום פיער אוהר און עלווירא איז ארויסגעפאהרען אין דער פריה.

— דאס איז אלעס?

— נאך ניט אלעס, האט נאני געענטפערט. דער קייזער האט בעגנאדיגט דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני און עלווירא האט מיט זיך דעם בעגנאדיגונגס בריעף. וואהרשיינליך, וועט זיא אליין איבערגעבען דעם באראן דיא בעגנאדיגונג.

דיא גרעפין איז צוריקגעפאלען אויף'ן דיוואן, אויף וועלכען זיא איז געזעסען.

— דאן איז אלעס פערלארען! האט זיא אויסגערופען, אלעס אומזיסט! אלעס פערלארען! — איך האב עס געפיהלט, מיין הערץ האט עס מיר געזאגט, אז אונזער גאנצע מיה איז אומזיסט. — גיב מיר דעם בריעף! איך מוז איהם לעזען, איך מוז זעהן, וואס מאקס שרייבט. ניט אומזיסט האב איך אזוי געציטערט, ניט אומזיסט בין איך געוועזן אונרוהיג. איך האב געפיהלט, אז מיט מאקס'ן איז עפעס געשעהן.

זיא האט גענומען דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען עטליכע מאל.

— ער שרייבט, אז גראף מעראס האט איהם זעהר שעהן און זעהר פריינדליך אויפגענומען. וואס העלפט עס אבער? דער באראן איז בעגנאדיגט, ער האט ווידער אלע זיינע רעכטע. ער איז ווידער דעפוטאט פון לאנדראטה. ער וועט ווידער זיצען מיט דיא מאגנאטען. עלווירא ליעבט איהם. זיא וועט איהם הייראטהען. ווער וועט איהר וועהרען? — און מאקס? וואס וועט ווערן פון איהם?

— בערוהיגט אייך, גרעפין! האט נאני געבעטען, עס איז ניט אזוי שלעכט, וויא איהר מיינט. ווען גראף מעראס האט אויפגענומען מאקס'ן זעהר פריינדליך, איז עס זעהר וויכטיג פאר איהם. דיא אלטע גרעפין טאקקי האלט אויך זעהר שטארק מיט מאקס'ן. איך בין געוועזן ביי דער גרעפין און וויים, וויא שטארק זיא האלט פון מאקס'ן. דאס אלעס איז זעהר וויכטיג.

— אך, ניין, ניין! האט דיא גרעפין אויסגערופען, עלווירא ליעבט ארטהור'ן צו שטארק, אום מיר זאלען קענען טאהן עפעס געגען איהר. זיא וועט ניט הערן איהר מוטער, זיא וועט ניט הערן איהר אנקעל, זיא וועט הייראטהען איהר געליעבטען.

— עס וועלען זיך נאך געפינען מיטעל צו שטערן עלווירא'ן, זיא זאל ניט הייראטען דעם באראן, האט נאני געזאגט רוהיג.

— איך וויים ניט, וואס פאר א מיטעל, איך זעה קיין מיטעל און קיין הי־

— מיר דאכט, אז איך האב אייך שוין אמאל ערקלערט, וואס פאר מיטעל עס איז נאך דא.

 

דיא גרעפין האט געקוקט אויף איהם מיט שטוינען און פערוואונדערונג.

— דער באראן מוז שטארבען — דאס איז נאך דאס איינציגע מיטעל, האט נאני געזאגט רוהיג. ווען דיא ערד דעקט צו, דער ווערט פערגעסען.

— דאס ווייס איך, האט דיא גרעפין געזאגט, וויא צו זיך אליין. איך האב עס שוין לאנג געזאגט. זא לאנג ער לעבט, האבען מיר קיינע האפנונג, אז מאקס זאל זיא הייראטהען.

— עס זיינען נאך דא מיטעל, וויא אזוי צו ווירקען אויף עלוויראין. איך בין געוועזען אין בודאפעסט ניט אומזיסט. איך האב א מאן אין בודאפעסט, וועלכער מוז פאלגען, וואס איך הייס איהם. איך האב איהם געגעבען א בעפעהל, ער זאל עפעס טאהן. ער וועט עס טאהן. איך ערווארט פון איהם יעדע מינוט נאכריכטען.

— אך, נאני! וויא אפט האסט דוא שוין געמאכט פלענער. וועלכע האבען אויסגעוויעזען צו זיין גאנץ גוט און אם ענדע האט זיך פון זיי אויסגעלאזען א רויך.

— איך דענק, אז איהר האט שוין בעוויזען, אז ניט אלע מאל זיינען מיינע פלענער ניט געלונגען. עס זיינען שוין פיעלע מיינע פלענער יא געלונגען. איך בין זיכער, אז מיין איצטיגער פלאן וועט אויך געלינגען.

— וואס פאר א פלאן? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— איך קען איהם אייך יעצט נאך ניט זאגען. איך וויל זעהן פריהער, וויא ער וועט אויסגעפיהרט ווערן. דאס קענט איהר אבער זיכער זיין, דער באראן פאן באטהיאני וועט ניט לעבען.

— יא! ער דארף ניט לעבען! האט דיא גרעפין אויסגערופען, ער שטעהט אונז אין וועג. ער שטערט אלע אונזערע פלענער. ער מוז פערשווינדען, דאן ערשט וועל איך רוהיג זיין.

זיי האבען נאך אוועקגערעדט איינינע צייט שטילערהייט און זיינען זיך צוגאנגען. יעדער איז געוועזען בעשעפטיגט מיט זיינע געדאנקען.

דעם אנדערן טאג האבען זיי זיך ניט געזעהן. דיא גרעפין איז געזעסען פערשפארט אין איהר צימער און האט מיט קיינעם ניט געוואלט רעדען. נאני האט זיך אויך ניט געוויזען. ער איז אויך געווען בעשעפטיגט אין זיינע צימערן. וואס ער האט דארט געטאהן, דאס האט קיינער ניט געוואוסט. ער האט געהאט א פאר אפגעשלאסענע צימערן, אין וועלכע קיינער האט ניט געטארט אריינקומען. קיינער האט ניט געזעהן, וואס אין יענע צימערן טהוט זיך, קיינער האט ניט געוואוסט, מיט וואס דער באראן בעשעפטיגט זיך דארט גאנצע נעכט. מען האט נור אזוי פיעל געוואוסט, אז ביי נאכט ברענט פייער אין יענע צימערן.

עס איז געוועזען שפעט אין דער נאכט. אין שלאס ראדעצקי זיינען שוין אלע געשלאפען. נור אין נאני'ס צימער האט נאך געברענט א ליכט. פלוצלונג האט מען געהערט שווערע טריט פון א פערד, וועלכעס לויפט אין גאלאפּ, און באלד האט מען אנגעהויבען צו קלאפען אין טויער.

— וואס זאל דאס זיין? האט נאני אויסגערופען, ווער זאל עס קומען אזוי שפעט ביי נאכט?

ער האט פערלאשען זיין ליכט, האט פערשלאסען זיין ארבייטס-צימער און איז געגאנגען זיך לעגען שלאפען. עס איז פערגאנגען איינינע צייט, ביז דיא דיענער פון׳ם שלאס האבען זיך אויפגעהאפט און האבען אריינגעלאזען דעם גאסט. נאני האט געהערט, וויא דער פרעמדער האט עפּעס גערעדט מיט דיא דיענער פון שלאס, האט עפּעס געפרעגט און האט עפּעס פערלאנגט.

באלד האט מען אנגעהויבען צו קלאפּען אין זיין טהיר.

— וואס איז? ווער וואגט עס מיך צו וועקען ביי נאכט?

— הערר באראן, האט דער דיענער געזאגט, עס איז אנגעקומען א רייטער פון ראזענוי, וועלכער האט געבראכט א בריעף צו אייך. מיר האבען ניט געוואלט אייך וועקען ביי נאכט און האבען איהם געבעטען, ער זאל ווארטען ביז אין דער פריה. ער האט אונז אבער ערקלערט, אז דער בריעף איז זעהר וויכטיג. מיר האבען איהם דאך ניט געוואלט פאלגען. דאן האט ער געבעטען, מיר זאלען אייך זאגען, אז דער בריעף קומט פון׳ם גאסט-הויז „צום גאלדענעם רינג.“

— פיהרט איהם אריין! איך וועל מיך באלד אנטאהן, האט נאני אויסגערופען און איז אויפגעשפרונגען פון זיין בעט.

ער האט באלד אנגעצונדען א ליכט, האט זיך פערגלעט דיא האר און האט ארויפגעהאפט אויף זיך א שלאף-ראָק. דאן האט ער געעפענט דיא טהיר. א פרעמדער מאן איז אריינגעקומען.

— ווער האט אייך געשיקט צו מיר? האט נאני געפרעגט.

— אין גאסט-הויז „צום גאלדענעם רינג“ געפינט זיך יעצט א מאן, וועלכער האט מיר געגעבען דיעזען בריעף און האט מיר אנגעזאגט, איך זאל איהם צושטעלען, וויא צום גיכסטען. איך בין געריטען, וויא א וואהנזיניגער, מיין פערד איז בעדעקט מיט שוים, וויא מיט א ווייסער דעקע, אום אייך צו ברענגען דעם בריעף צור צייט.

— גיב אהער דעם בריעף.

דער פרעמדער האט איהם דערלאנגט דעם בריעף. נאני האט איהם געעפענט און איז איהם דורכגעלאפען מיט דיא אויגען. זיין געזיכט איז געוואהרען פרעהליכער, זיינע אויגען זיינען לעבעדיג געווארען.

— אויף איהם קען מען זיך שוין פערלאָזען! האט ער געזאגט שטילערהיים. ער האט געטאהן, וויא איך האב איהם געהייסען.

דאן האט ער זיך געווענדעט צום איבערברענגער פונ׳ם בריעף.

— איך דאנק אייך זעהר, וואס איהר האט געהייסען מיך אויפוועקען ביי נאכט. דער בריעף איז ווירקליך זעהר וויכטיג פאר מיר. געהט אריין אין קיך און הייסט אייך געבען עסען און טרינקען. איך וועל דערווייל אנשרייבען אן אנטווארט.

ער האט גערופען זיין קאמערדיענער און האט איהם געהייסען געבען דעם איבער-ברינגער פון׳ם בריעף עסען און טרינקען. ער אליין האט זיך געזעצט שרייבען. אין איינינע מינוט איז זיינע אנטווארט פערטיג געווען. ער האט פערזיעגעלט דעם בריעף און האט געווארט ביז דער פרעמדער איז צוריק געקומען.

— דיעזען בריעף זאלט איהר איבערגעבען דעם מאן, וועלכער האט אייך געשיקט.

זאגט איהם אז איך וועל באלד זיין אין ראָזענוי. זאגט דעם ווירטה פון דעם גאסט הויז „צום גאָלדענעם רינג", ער זאל אנגרייטען א צימער פון מיינעט וועגען. אט האט איהר פאר אייער מיה.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם דערלאנגט א פעקעל געלד. דער מאַן האט געדאנקט זעהר שעהן און איז ארויסגעגאנגען. אין איינינע מינוטען ארום האט מען געהערט דעם גאלאָפּ פון זיין פערד אויפ'ן וועג קיין ראזענוי.

נאָני האט זיך שוין ניט געלענט. ער האט זיך אין גאנצען אנגעטאהן און האט געהייסען איינעם פון זיינע דיענער, ער זאל אויפוועקען דאס קאממערמעדכען פון דער גרעפין.

— זאג איהר, אז זיא זאל באלד אייפוועקען דיא גרעפין. איך מוז זיא זעהן און מיט איהר רעדען. עס איז אנגעקומען זעהר א וויכטיגע נאכריכט. — דאן הייס איינ־שפאנען מיין קארעטע.

דער דיענער איז אוועקגעגאנגען אויספיהרען דעם בעפעהל וואס נאני האט איהם געגעבען.

— זיא מוז עס וויסען, האט נאני געזאגט צו זיך אליין. זיא מוז אלעס וויסען זאגלייך. זיא וועט איינזעהן, אז נאני'ס קאפּ איז נאך ניט אויסגעדארט, ער קען נאך שטענדיג עפּעס אויסטראבטען און עפּעס אויפטאהן.

ער האט זיך אנגעטאהן און איז געגאנגען אין גרויסען זאל. דארט האט ער ערווארטעט דיא גרעפין. עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט, ביז דיא דיא גרעפין איז ארויסגעקומען פון איהרע צימער. זיא איז געווען בלייך און האט געציטערט.

— וואס איז געשעהן, נאני? וואס איז שוין נייעס? האט זיא געפרעגט.

— איך האב אייך געהייסען אויפוועקען, ווייל איך האב אייך מיטצוטהיילען א פריידיגע נאכריכט. מארגען פריה וועל איך ברענגען עלוויראַ'ן צו איהר מוטער אין שלאָס טאָקקי.

דיא גרעפין האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט און פערוואונדערט. זיא האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט.

— דאס איז נאך ניט אלעס, האט נאני ווייטער געזאגט, איך האף צו האפען יעצט צווייא האזען מיט אמל.

— וואס מיינסט דוא דערמיט, נאני? ערקלער עס מיר! האט דיא גרעפין געבעטען.

— יעצט האב איך קיין צייט פיעל צו רעדען. איך האב אויך ניט ליעב פיעל צו רעדען פון א זאך, וועלכע איז נאך ניט אין גאנצען אפּגעטאהן. איך מוז יעצט אוועקפאהרען. מארגען אום צוועלף אוהר וועט איהר אלעס וויסען. עס איז שוין שפּעט, איך מוז פאהרען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך פערנייגט און איז ארויסגעלאפען. אין א פּאר מינוטען ארום האט דיא גרעפין געהערט, וויא א קארעטע איז ארויסגעפארען פון הויף.

## 6טער קאַפּיטעל.

# פערלארען.

עס האָט אָנגעהויבּען צו טאָגען. פאַר'ן גאַסט־הויז „צום גאָלדענעם רינג“ איז אַרומגעגאַנגען אַ ניעדריגער מאַן מיט שוואַרצע האָר. ער איז געווען אונרוהיג און האָט געקוקט אויפ'ן וועג. עס איז געווען דייטליך, אַז ער ערוואַרטעט וועמען.

— עס איז שוין טאָג, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, זי וועט זיך בּאַלד אויפחאַפּען און דער בּאַראָן איז נאָך ניטאָ. וואָס וועל איך טהאָן, ווען זי וועט זיך אויפחאַפּען? — וואַרט דו שלעכטער בּאַראָן נאַגי! דו וועסט מיר טהייער בּעצאָהלען פאַר מיינע איצט־גע אַרבּייט! איך וועל דיר ניט שווייגען! איך האָבּ שוין גענוג געליטען פון דיר. שלעכטער מענש! — מיר וועלען זיך אויך מוזען אַמאָהל אָפּרעכענען!

פון דער ווייטען האָט זיך געוויזען אַ דונקעלע געשטאַלט. בּאַלד האָט מען געהערט דעם שנעלען גאַלאָפּ פון אַ פערד. אַ רייטער איז אָנגעקומען, דער ניעדריגער מאַן איז איהם ענטגעגען געגאַנגען. דאָס איז ווירקליך געווען דער מאַן, וועלכען ער האָט געשיקט צום בּאַראָן.

— נון, האָט איהר געטראָפען דעם בּאַראָן נאַגי אין דער היים? האָט איהר איהם איבּערגעגעבּען מיין בּריעף?

— איך האָבּ איבּערגעגעבּען דעם בּריעף איהם אַליין, האָט דער מאַן געענטפערט און אָט איז זיין אַנטוואָרט.

ער האָט איהם איבּערגעגעבּען נאַגי'ס בּריעף. דער ניעדריגער מאַן מיט די שוואַרצע האָר האָט איהם האַסטיג אויפגעריסען און האָט איהם איבּערגעלעזען.

— נו, העררר בּאַראָן! דו בּיסט קלוג, זאָגאַר צו קלוג! דו האָסט אויסגעטראַכט אַ זאָנדערבּאַרען פּלאַן. — דו ווילסט שפּיעלען די ראָלע פון אַ גוטען, פרומען און שטילען רעטער. דאָס איז שעהן פון דיר! — אַלזאָ, אין וואַלד, דאָרט וויל ער שפּיעלען דיעזע לעבּערליכע קאָמעדיע. דאָרט וויל ער קומען אַלס רעטער, אַלס גוטער גייסט. איך זאָל זי פערפיהרען. נו, דאָס איז שוין צו פיעל! — עס העלפט אָבּער ניט! איך מוז איהם דערוויול נאָך פאָלגען. — אַלזאָ, גוט! זי וועט זיך בּאַלד אויפחאַפּען. איך מוז געהן צו איהר.

עלווירא איז פון נעכטען פאַר נאַכט אָן געלעגען, וויא אַ טוידטע. איהר קאַמערמעדכען האָט גערעכענט. אַז זי איז ווירקליך שטאַרק מיעד פון דער רייזע און איז אַנטשלאָפען געוואָרען. זי האָט געוואַרט, אַז דער פרעמדער זאָל בּרענגען אַ דאָקטאָר. אום צעהן אוהר בּיי נאַכט איז ער ווירקליך געקומען און האָט דערצעהלט, אַז ער האָט קיין דאָקטאָר ניט געפונען. ער האָט בּעטראַכט די שלאָפענדע עלווירא און האָט געזאָגט:

— זי שלאָפט גאַנץ רוהיג. זי איז געווען מיעד פון דער רייזע, דער קאָפּ האָט זיך איהר פערדרעהט און זי איז אַנטשלאָפען געוואָרען. זי וועט זיך אויסשלאָפען, וועט איהר בּעסער ווערען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אַוועקגעגאַנגען. די נאַכט איז פערגאַנגען שטיל

און רוהיג. יעצט איז דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר וויעדער ארויפגע־ קומען צום צימער, וואו עלווירא איז געשלאָפען, און האט זיך צוגעהערט — אין צימער איז געווען שטיל. ער איז אראָפּגעגאנגען צוריק.

עלווירא האט זיך ענדליך אויפגעהאפּט פון איהר לאנגע שווער שלאָף. דער קאפּ האט איהר וועה געטאהן, דאס הערץ האט איהר געקלאפּט שטארקער, וויא געוועהנליך. זיא האט זיך געפיהלט זעהר שלעכט.

— וואס איז מיט מיר געשעהן? האט זיא אויסגערופען, וויא קומט עס, וואס איך האב מיך אזוי פערשלאפען?

זיא האט אנגעהויבען צו בייזערן זיך אויף איהר קאמערמעדכען, פאר וואס זיא האט איהר געלאזען שלאפען אזוי שפּעט.

— מיר דאכט, אז איהר זייט קראנק געווען, האט דאס קאמערמעדכען זיך ענטשולדיגט, איך האב אייך געוועקט, איך האב געוואלט אייך אויסטאהן; איהר זייט אבער געלעגען, וויא א שטיין. איך האב מיך אזוי דערשראקן, אז איך האב געבעטען, מען זאל ברענגען א דאקטאר. מען האט אבער ניט געקענט געפינען קיין דאקטאר אין שטעדטעל.

— איך דערמאן מיך, האט עלווירא געזאגט, איך בין ווירקליך עפּעס אזוי פלוצלונג אנטשלאפען געוואָרען. איך וויים גאָר ניט, וואס מיט מיר איז געשעהן. — מיר דאכט, אז דאס איז געקומען פון'ם גלאז צוקער וואסער, וועלכעס דער פרעמדער האט מיר געגעבען. — עס איז אזוי! ער געפעלט מיר ניט. ער איז מיר ניט געפעלען פון דעם ערשטען מאל, וואס איך האב איהם געזעהן. — אבער גענוג רעדען דערפון! געה, רעגינא, זאג דעם קוטשער, ער זאל איינשפּאנען. איך וויל שוין אנטלויפען פון דאנען.

דאס קאמערמעדכען איז אראפּגעגאנגען זאגען דעם קוטשער, ער זאל איינשפּאַנען. אונטען אין שענק האט זיא דערזעהן דער ניעדערינער מאן מיט דיא שווארצע האר.

— נון, שעהנעס קינד! וואס מאכט דאס פריילין?

— זיא איז געזונד, האט דאס מעדכען געענטפערט. מיר פאהרען באלד אוועק.

דער פרעמדער איז באלד ארויפגעלאָפען צו עלווירא'ן. ער האט זיך פערנייגט זעהר ניעדעריג און האט געזאגט מיט זיין זיסער, ווייכער שטימע:

— איך האלט עס פאר מיין הייליגע פפליכט צו קומען אייך פרעגען, וואס איהר מאכט. איך בין נעכטען געווען שטארק אונרוהיג, וואס איהר האט זיך פלוצלונג געפיהלט שלעכט. איך בין ארומגעלאָפען זוכען א דאקטאר, האב אבער ניט געקענט קריעגען קיינעם. אין דיעזע שמוציגע קליינע שטעדטלעך קען מען זאגאר ניט קריעגען קיין דאָקטאָר, ווען מען דארף איהם. וויא פיהלט איהר אייך יעצט?

— איך פיהל מיך יעצט בעסער, האט עלווירא געענטפערט קאלט, און איך וועל באלד אוועקפאהרען.

— איך דענק, אז עס וואלט גלייכער געווען, איהר זאלט זיך אביסעל נאך אויסרוהען, האט דער גוטער פרעמדער געזאגט.

— מיין הערר, איך דאנק אייך זעהר פאר אייער גוטען ראטה און בעט אייך, איהר זאלט מיך פערשוינען מיט אייער פריינדליכקייט. איך ווייס ניט, ווער איהר זייט, און איך וויל עס ניט וויסען. איהר זייט אריינגעקומען צו מיר אין בודאפעסט און האט מיר עפעס דערצעהלט פון א בריעף, וועלכען איך האב ביז היינט ניט ערהאלטען. דא אויפ'ן וועג טרעף איך אייך ווידער און איהר ווילט מיר ערצייגען געפעליגקייטען. איך בעט אייך, נעהמט אייך אייער וועג און קימערט זיך ניט פון מיינעטוועגען.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איהר האט פון מיר אזא שלעכטע מיינונג, האט דער פרעמדער געזאגט, איך בין א גאנץ אנדערער מענש. איך בין אויפגעוואקסען אין אן אנשטענדיגע פאמיליע און ווייס, וויא מען דארף זיין העפליך און דיענסט־פערטיג געגען א דאמע.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דאס קאמערמעדכען און האט געזאגט, אז דיא קארעטע איז איינגעשפאנט, זיי קענען שוין פאהרען.

— מיין הערר, איך האב קיין צייט מיט אייך פיעל צו רעדען, האט עלווירא געזאגט, געהט אייך געזונדער הייט! איך מוז פאהרען.

איהר קאמערמעדכען האט שנעל צונויפגעלעגט איהרע זאכען אוןביידע זיינען אראפגעגאנגען. עלווירא האט בעצאהלט דעם ווירטה, וויפיעל עס האט איהם געקומט און האט זיך געזעצט אין דער קארעטע.

ווען זיא זאל זיך געווען ארומקוקען, וואלט זיא בעמערקט, אז אין הויף פון'ם נאסטהויז שטעהט נאך א קארעטע איינגעשפאנט און בערייט אוועקצופאהרען. קוים איז דיא קארעטע אין וועלכער עלווירא איז געזעסען, אוועקגעפאהרען א פאר הונדערט שריט פון גאסט הויז, איז דיא צווייטע קארעטע, אין וועלכער דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר איז געזעסען, אויך ארויסגעפאהרען פון גאסט הויז און איז נאכגעפאהרען דער ערשטער קארעטע.

דיא געגענד איז א זאמדיגע און בעוואקסען מיט א געדיכטען וואלד פון הויכע, אלטע טאנענבוימער. ביידע קארעטעס האבען געמוזט פאהרען לאנגזאם.

— באלד וועלען מיר קומען צום ארט, וואו דער באראן ווארט אויף מיר, האט געזאגט דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר. עס וועט זיין ניט לייכט, איך מוז עס אבער טאהן. עס העלפט ניט! ער פארדערט עס פון מיר.

ער האט זיך ארויסגעבויגען פון'ם פענסטער פון דער קארעטע און האט געהייסען דעם קוטשער בלייבען שטעהן. דאן איז ער ארויסגעקראכען פון דער קארעטע.

— פאהר צוריק אין גאסט־הויז, האט ער געזאגט צום קוטשער, דיא ארימע פערד פלאגען זיך זעהר אין טיעפען זאמד. איך וועל צוגעהן ביז צום דארף צופוס. איך וועל אלענפאלס באלד זיין צוריק.

דער קוטשער האט אויסגעדרעהט דיא פערד און איז צוריק געפאהרען קיין ראד־זענוי. דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר אבער איז נאכגעלאפען דיא קארעטע אין וועלכער עלווירא איז געזעסען. אין איינינע מינוט האט ער זיי דערגרייכט און איז איהר נאכגעגאנגען שטילערהייט, ביז זיא איז אריינגעפאהרען אין א טיעפען טאהל צווישען צוויי הויכע בערג זאמד.

— דא איז עס, האט דער מאן געזאגט צו זיך אליין, דא מוז עס געשעהן.

ער איז ארויפגעשפרונגען אויף דער קארעטע פון הינטען, האט ארויסגעכאפט א פיסטאלעט און האט געציעלט אויפ'ן קוטשער. עס איז שווער צו זאגען, אויב דער קוטשער האט דערהערט א גערויש אדער ער האט זיך אזוי אומגעקוקט. ער האט זיך אומגעקוקט. — א קנאק, א בליץ, א שאָס. — דער קוטשער איז אראפגעפאלען פון וואגען. — אין איינעם מינוט ארום איז ער געווען טויט.

עלווירא איז געזעסען פערטראכט אין דער קארעטע און האט זיך ניט אומגעקוקט וואס עס טהוט זיך ארום איהר. פלוצלונג האט זיא דערהערט א שאָס.

— וואס איז דאס? וואס איז געשעהן? האט זיא אויסגערופען.

— מערדער! צו הילף! רעטעט! האט געשריען דאס קאמערמעדכען.

זיא האט געזעהן, וויא דער קוטשער איז אראפגעפאלען מיט א צובלוטיגטען קאפ. דיא פערד זיינען געבליעבען שטעהן. עלווירא האט אויפגעריסען דאס פענסטער און האט דערזעהן, וויא דער קוטשער ליעגט טויט.

— רויבער! מערדער! העלפט! רעטעט אונז! נאט! האבען אויסגערופעןביידע פרויען.

עלווירא האט זיך צוואר זעהר דערשראקען, זיא האט אבער ניט פערלארען דעם קאפ. זיא האט געזעהן מיט שטוינען, אז עס זיינען ניטא קיין רויבער און קיין מערדער. זיא האט געוואלט ארויסשפרינגען פון דער קארעטע, ווען זיא האט דערהערט צוויא מאל אויסשיעסען. ביידע פערד זיינען געפאלען און האבען זיך געקייקעלט אין זייער בלוט. דאס קאמערמעדכען איז געפאלען אין אהנמאכט. עלווירא איז געבליבען זיצען, וויא פערשטיינערט.

— מיין גאט! האט זיא אויסגערופען. וואס קומט דא פאר? איך זעה דאך קיין לעבעדיגען מענשען! — ווער טהוט עס אלעס? טהוט עס א בייזער גייסט?

— ניין, גנעדיגעס פרייליין, דאס טהוט קיין בייזער גייסט, דאס טהוט א מענש פון בלוט און פלייש, האט אויסגערופען א בעקאנטע שטימע.

באלד איז ארויסגעקראָכען פון אונטער דער קארעטע דער ניעדעריגער מאן מיט שווארצע האר און האט זיך אניעדערגעשטעלט פאר'ן פענסטער פון דער קארעטע.

עלווירא האט א ציטער געטאהן, זיא האט איהם באלד דערקענט.

— אונגליקליכער! וואס האסט דוא געטאהן? האט עלווירא אויסגערופען. וואס האסט דוא צו מיר? וואס ווילסט דוא פון מיר?

דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האָר האט אנגעהויבען צו שמייכלען. זיין שמייכעל אבער איז געווען א ווילדער, אונמענשליכער, טייפעלישער.

— ענטשולדיגט מיר, שעהנעס, גוטעס, גנעדיגעס פרייליין! האט ער אויסגערופען, איך האב עס געטאהן אויס ליעבע. איך ליעב אייך איבער אלעס, איך פערגעטער אייך! איך בין בערייט צו בעגעהן דיא גרעסטע פערברעכען אויס ליעבע צו אייך! וואס האב איך געקענט טאהן? איך ליעב אייך מעהר פון אלעס אין דער וועלט!

עלווירא איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. דאס האט זיא ניט ערוואַרטעט. דארויף האט זיא זיך ניט געריכט.

— מערדער! האט זיא ענדליך אויסגערופען, געהט אייך אוועק פון דאנען! וויא קומט איהר ארויסצוזאגען דאס וואָרט „ליעבע"? ווייסט איהר, אז דיעזעס ערהאבענע הייליגע וואָרט ווערט פעראונרייניגט אין אייערע ליפען? וויא קומט א מערדער צום הייליגען וואָרט „ליעבע"?

— איהר זעהט דאך, פריילין! איך ליעב אייך מיט'ן גאנצען פייער פון מיין הערצען. איך קען ניט לעבען אהן אייך. איך האב אלעס געטאהן נור אויס ליעבע צו אייך.

— ווען איהר ליעבט מיך, פאר וואס האט איהר מיך אויפגעהאלטען דא אין ווילדען וואלד? פאר וואס האט איהר מיר געשטערט אין מיין רייזע?

— אך, וויא גליקליך וואלט איך געווען, ווען איהר זאלט וועלען געהן מיט מיר דא ניט ווייט אין וואלד. איך האב דא א שטיבעלע. מיר קענען דא לעבען גליקליך, וויא דיא טויבען. קומט מיט מיר, גנעדיגעס פריילין! צו וואס טויג אייך דיא רייזע? צו וואס זאלט איהר ווייטער פאהרען, ווען אייך ערווארטעט ליעבע און גליק?

עלווירא האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. זיא האט ניט געקענט קוקען אויף דיעזען מענשען. זיין אנבליק אליין האט זיא ערפילט מיט עקעל און שרעק. דער כיענש איז געווען אבשייליך, וויא ער איז געשטאנען פאר איהר, וויא ער האט זיא אנגעקוקט, וויא ער האט געשמייכעלט און וויא ער האט גערעדט.

זיא האט א קוק געטאהן אויף איהר קאמערמעדכען, גלייך וויא זיא וואלט ערווארטעט הילף און שטיצע פון'ם אונגליקליכען מעדכען, וועלכעס איז נאך אלץ געלעגען אין אהנמאכט און האט זיך ניט געקענט ריהרען.

דיא לאגע איז געווארען א פיינליכע, א פערצווייפעלטע. דער באנדיט איז אויך געווארען אונרוהיג און האט געמורמעלט:

— וואס זאל דאס הייסען? דער באראן האט מיר געשריעבען, אז ער וועט מיך ערווארטען דא אין טאהל און ביים ערשטען שאָס פון מיין פיסטאלעט וועט ער קומען צולויפען. איך האב שוין דרייא מאל אויסגעשאָסען און ער איז נאך ניטא? עס העלפט ניט! איך האב שוין אנגעהויבען צו שפיעלען דיא ראלע פון א פערליעבטען און איך מוז זיא ווייטער שפיעלען.

ער האט זיך געווענדעט צו עלווירא'ן און האט איהר געזאגט שארף און קאלט:

— אלזא, קומט מיט מיר, גנעדיגעס פריילין! לאמיר ניט פערליערן קיין צייט. איך האב מורא, עס זאלען ניט אנקומען קיין מענשען, דאן וועל איך מוזען זוכען אנדערע מיטעל אייך צו צווינגען, איהר זאלט געהן מיט מיר.

— טויגעניכטס! שורקע! האט זיך געריסען דיא אונגליקליכע עלווירא, רעד צו מיר ניט! דערמאָן מיר ניט אזעלכע ווערטער! — אוועק, אדער....

דער ניעדערינגער מאן מיט דיא שוואַרצע האָר האט געשמייכעלט. ער האט געוואוסט, אז זיא קען גאר ניט טאהן געגען איהם. ער האט געוואוסט, אז זיא דראָהעט אומזיסט. איהר צארן האט איהם געמאכט פערגניגען; ער איז געווען צופריעדען, וואס זיא האט זיך געבייזערט, וואס זיא האט זיך אויפגערעגט. אזא פערגניגען האבען קליינע קינדער, ווען זיי רייצען זיך מיט א ווילדעס טהיער אין א שטייג.

ער האט זיא אנגעחאפט ביי דער האנד און האט אנגעהויבען זיא צו שלעפען מיט געוואלט.

— נו, קום שוין, שנעלער! איך בעט דיך! — דוא געהסט....

ער האט איהר געוויעזען זיינע פיסטאלעטען.

— רעטעט! רעטעט! האט געוויינט און געשריען דאס אונגליקליכע מערכען.

עלווירא האט זיך געריסען און געווארפען. דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר האט זיא אנגעחאפט ביי בײדע הענד און האט זיא מיט געוואלט ארויסגעשלעפט פון דער קארעטע. פאר שרעק און אנגסט האט זיא ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. פון איהר בוזים איז ארויסגעפאלען א פאפיער איינגעוויקעלט אין א טאשענטוך. דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר האט עס בעמערקט און האט עס אויפגעהויבען.

ער האט בעהאלטען דאס פאפיער און האט ווידער אנגעהויבען צו שלעפען עלוויראן מיט זיך. מעגליך, אז ער האט עס ניט געוואלט, ער האט עס אבער גע־מוזט טאהן. אזוי האט איהם נאני געהייסען טאהן. דאס האט ער איהם געשריעבען אין זיין בריעף. עלווירא מוז שרייען. זיא מוז זיך געפינען אין גרעסטען נויט, דאמאלס וועט אנלויפען נאני אלס העלפער און רעטער. ער וועט שיעסען אויפ'ן רויבער און מערדער, וועט אבער ניט טרעפען. דער מערדער וועט אנטלויפען.

דאס איז געוועזען נאני'ס פלאן. ער האט געשריעבען אויסדריקליך, אז מען זאל עלוויראן ניט אנריהרען, מען זאל זיא נור שרעקען, מען זאל זיא שלעפען אין וואלד, אבער איהר קיין שלעכטעס ניט טאהן.

וואלט דיא ארימע עלווירא ניט געוועזען איז אזא שרעקליכע לאגע, וואלט זיא פיעלייכט בעמערקט, אז דער רויבער היט זיך, עס זאל איהר גאר ניט שאדען. דעם רויבער אליין איז געווארען העבסט אונאנגענעהם דיא ראלע, וואס ער האט געשפיעלט, איהם וואלט פיעל לייכטער געווען צו נעהמען א פיסטאלעט און זיא דערשיעסען, אלס צו שלעפען זיא איבערן וואלד און צו ציטערן יעדע מינוט, פיעלייכט וועט ווירקליך אנ־קומען א פרעמדער וואגען.

עלווירא האט געוויינט, געבעטען און געשריען, דער רויבער האט זיא געשלעפט אלס טיעפער אין וואלד.

פלוצלונג האט מען דערהערט דיא שווערע טריט פון פערד אין טיעפען זאמד. עלווירא האט אנגעהויבען צו שרייען נאך העכער און האט זיך געווארפען אויף דער ערד. דער רויבער האט זיא אנגענומען מיט זיינע קרעפטיגע הענד און האט זיא גע־שלעפט איבערן זאמד. ער האט גוט געשפיעלט זיין ראלע. ער האט זיך געמאכט, אז ער וויל אנטלויפען מיט איהר.

אונטערדעסען איז דיא קארעטע געבליעבען שטעהן און א הויכער, שטארקער מאן איז ארויסגעשפרונגען פון איהר. דאס איז ווירקליך געוועזען דער באראן נאני. ער האט שוין לאנג בעמערקט, וואס דא קומט פאר און האט אומיסטען געווארט, ביז זיא וועט זיך שטארק איבערשרעקען און וועט פאלען אין אהנמאכט.

ער האט זיך דערוואָרט. עלווירא איז ווירקליך געפאלען אין אהנמאכט. יעצט איז ער צוגעקומען צו זיין ליעטענאַנט.

— בראוואָ, מיין ליעבער יאזעף! האט ער איהם געזאגט שטילערהייט. דוא האסט געשפיעלט דיין ראָלע פארטרעפליך. עס איז יעצט ניט דיא צייט פיעל צו רעדען, געה דיר דיין וועג. מיר וועלען שוין רעדען אנאנדער מאל.

דער רויבער האט געוואלט אוועקגעהן. פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאנט. ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א פאפּיער און האט עס דערלאנגט דעם באראָן נאָני.

— דאס פרייליין האט עס פערלארען, האר ער געזאגט, פיעלייכט וועט עס אייך צוניץ קומען.

נאָני האט געהאפּט האסטיג דאס פאפּיר און האט עס דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. ער איז געווארען פול פרייד.

— דאנק, מיין ליעבער יאזעף! טויזענד דאנק פאר דיעזעס דאקומענט. דוא ווייסט גאר ניט, וויא וויכטיג עס איז. — יעצט אבער געה! אנטלויף פון דאנען! יעצט מוז איך שפּיעלען מיין ראָלע.

דער ניעדערייגער מאן מיט דיא שווארצע האר איז זיך אוועקגענאנגען גאנץ רוהיג צוריק אין שטעדטעל.

— דער צופאל שפּיעלט מיר אין דער האנד אריין! האט נאָני אויסגערופען. ער האט מיר יעצט אליין געבראכט אין דיא הענד דעם בעגנאדיגונגס בריעף פון'ם קייזער. עלווירא האט אליין געוואלט איבערגעבען איהר געליעבטען דיעזען בריעף. זיא האט איהם געטראגען ביי זיך און האט איהם פערלארען. — יעצט מוז איך זעהן זיא אויפצומונטערן.

אזוי וויא ער האט זיך געריכט אויף אזא פאלל, האט ער מיטגענומען מיט זיך אייניגע פלעשעלעך. ער האט אונטערגעשטעלט עלוויראַ'ן אונטער דער נאז א פלע-שעלע און זיא האט באלד געעפענט דיא אויגען. פאר איהר איז געשטאנען א שעהן געקליידעטער מאן, אן עבטער קאוואליער.

— אך, וויא גליקליך בין איך, גנעדיגעס פרייליין, וואס איך בין אנגעקומען אין דער רעכטער צייט אייך צו רעטען פון דיא הענד פון א רויבער און א מערדער, האט דער מאן געזאגט, — ליידער, האב איך ניט געקענט אייך לאזען אליין און איהם נאכ-לויפען. ער איז אנטלאפען! דאס איז שאדע!

עלוויראַ'ן איז אויסגעקומען, אז זיא קען דעם מאן. זיא האט איהם ערגעץ געזעהן. זיא האט זיך אבער ניט געקענט דערמאנען, וואו זיא האט איהם געזעהן. — זיא האט זיך ווילד ארומגעקוקט, גלייך וויא זיא וואלט געזוכט א בעסערע הילף. קיינער איז אבער ניט געוועזען, אויסער דעם הויכען מאן.

— איך דאנק אייך, מיין הערר! האט זיא געזאגט, איך האב יעצט קיין ווערטער ניט אייך אויסצודריקען מיין דאנקבארקייט.

— רעדט ניט פון דאנקבארקייט, פרייליין! זאגט מיר בעסער, וואו איז אייער קארעטע?

— אך! דער מערדער האט געטויטעט מיין קוטשער אוןביידע פערד, האט עלווירא געוויינט. איך האב קיין צייט ניט. איך מוז ווייטער פאהרען. וויא וועל איך קומען אהיים?

— זייט אונבעזארגט, גנעדיגעס פריילין! נעהמט מיין קארעטע. איך קען געהן צופוס. איך וואהן ניט ווייט פון דאנען.

עלווירא האט זיך אביסעל בערוהיגט און האט אנגעהויבען צו זוכען מיט דיא אויגען איהר קארעטע. זיא האט געזעהן, אז אויף דער ערד ליעגט א שווערד, א בע־וויז, אז מען האט זיך געשלאגען.

— וואו זאל ערגעץ זיין מיין קאמערמעדכען? האט זיא געפרעגט. — ריכטיג, זיא איז געפאלען אין אהנמאכט. זיא ליעגט אין קארעטע.

דיא קארעטע איז אבערווירקליך געשטאנען ניט ווייט. עלווירא האט זיא באלד דערזעהען.

— איך בעט אייך, מיין הערר, פיהרט מיך צו מיין קארעטע, איך וויל זעהן, וואס מיין קאמערמעדכען מאכט.

זיי זיינען געגאנגען צו דער קארעטע. פון דער קארעטע איז ארויסגעשפרונגען דאס קאמערמעדכען און איז צוגעלאפען צו עלוויראן.

— גאט זיי דאנק, מיין טהייערע ווירטהין, וואס איהר זייט געראטעט! האט דאס מעדכען אויסגערופען פול פרייד.

עלווירא האט זיא בערוהיגט און האט זיך געווענדעט צו נאגי:

— מיין הערר, קענט איהר מיר ניט זאגען, וויא ווייט דאס דארף טשעמני איז פון דאנען?

— עס איז ניט נאהענט, געוויס דרייא שטונדען רייזע, האט נאגי געענטפערט.

עלווירא האט אראפגעלאזען טרויעריג דעם קאפ. זיא האט געמיינט, אז עס איז שוין גאר ניט ווייט פון טשעמני, אז זיא וועט נור דארפען זיך דורכלויפען אום צו זעהן איהר געליעבטען, איהם צו בעפרייען און האנד אין האנד קומען צו איהר מוטער און איהר זאגען:

— מוטער, דעם גערעכטען העלפט גאט!

נאגי האט זיך פערשטעלט פאר א גוטען און פרומען. ער האט געוויזען, אז ער פיהלט מיטלייד מיט דעם יונגען מעדכען.

— איך וויל ניט פרעגען, וואס איהר דארפט האבען אין דארף טשעמני, האט ער געזאגט, דאס איז ניט מיין זאך; איך קען עס אבער ניט צולאזען, אז צווייא פרויען זאלען געהן גאנץ אליין אין דיעזער געגענד. איהר זעהט דאך אליין, אז דיא געגענד איז ניט גאנץ זיכער. איהר האט זיך נור וואס געראטעט פון א גרויס גע־פאהר. — ווער ווייס, וואס עס קען ווייטער פאסירען? — נעהמט מיין קארעטע, גנעדיגעס פריילין! — ווען איהר ווילט ניט פאהרען מיט אן אונבעקאנטען מענשען, וועל איך מיר געהן צו פוס און איהר נעהמט מיין קארעטע און הייסט דעם קוטשער פאהרען, וואוהין איהר דארפט. — פערגעסט ניט, אז אייער מוטער וועט זיין זעהר אונרוהיג, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, וואס מיט אייך האט פאסירט.

— איהר זייט בעקאנט מיט מיין מוטער? האט עלווירא געפרעגט האסטיג.

— געוויס, גנעדיגעס פריילין! איך האב געהאט דיא עהרע בעקאנט צו ווערען מיט זייער מוטער, ווען איהר זייט געווען אין בודאפעסט.

— וויא הייסט איהר, מיין העער?

— איך הייס באראן נאגי פאן האללאוואי.

— האו וואהנט איהר דען? איך קען ניט אזא נאמען אין אונזער נאכבארשאפט.

— איך וואהן אין שלאס ראדעצק.

עלווירא האט א ציטער געטאהן, ווען זיא האט דערהערט דיעזען נאמען. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז פון שלאס ראדעצק זיינען געקומען אלע איהרע אונגליקע. וואס האט זיא אבער געקענט טאהן? זיא איז איינע אליין אין וואלד, וואו זיא איז נור וואס געררעטעט געווארען פון א שרעקליכע געפאהר. זיא מוז לויפען צו איהר געליעבטען און איהם בעפרייען. זיין לעבען, זיין גליק, איהר לעבען און איהר גליק הענגען אפ פון דעם בריעף, וועלכען זיא האט ביי זיך. — זיא מוז אננעהמען דיא פריינדשאפט, וואס דיעזער אונבעקאנטער רעטער באט איהר אן.

— גוט, מיין הערר! איך נעהם אן אייער פריינדליכעס אנערביעטען, האט זיא ענדליך געזאגט. איך וועל מיך זעצען אין אייער קארעטע און וועל צופאהרען צום דארף טשעמני. ווען איהר וועט וועלען זיין פריינדליך גענוג, וועט איהר דאן פאהרען אויפ'ן שלאס טאקקי און זאגען מיין מוטער, אז איך וועל באלד קומען צו איהר.

— מיט פערגניגען, גנעדיגעס פריילין! האט נאגי אויסגערופען, איך וועל עס טאהן מיט פערגניגען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער צוגעפיהרט עלוויראן צו זיין קארעטע. איהר קאמערמעדכען איז איהר נאכגעגאנגען. נאגי איז געווען א העפליכער קאוואליר. ער האט ארויסגענומען עלווירא'ס זאכען פון איהר קארעטע און האט זיי געבראכט אין זיין קארעטע; ער האט זיא בעדיענט, איז געגאנגען ארום איהר און האט געטאהן אלעס, וואס זיא האט איהם געהייסען, וויא אן עכטער קאוואליר.

ענדליך איז מען אוועקגעפאהרען פון'ם אונגליקס ארט. עלווירא מיט איהר קאמערמעדכען זיינען געזעסען אויבען אין דער קארעטע און נאגי איז געזעסען געגען זיי. אויפ'ן וועג האט מען וועניג גערעדט. עלווירא איז געזעסען טרויעריג און פערטראכט.

אזוי איז מען אוועקגעפאהרען איינינע צייט. פלוצלונג האט זיך עלווירא א חאפ געטאהן צו איהר בוזים. — דעם קייזערס בעגנאדיגונגס בריעף איז ניטא!

— מיין גאט! מיין גאט! האט זיא אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו ציטערן און צו ברעכען דיא הענד פאר שרעק און פערצווייפלונג.

— וואס איז, גנעדיגעס פריילין? האט נאגי אויסגערופען. וואס פעהלט אייך? וואס האט איהר פערלארען?

עלווירא איז געווען אזוי איבערראשט און אזוי טרויעריג, אז זיא האט אנפאנגס נים געהערט, וואס ער האט צו איהר גערעדט. נאגי האט געמוזט זיא פרעגען נאך א מאל.

— אך, הערר באראָן! האט זיא ענדליך געזאגט, איך האב פערלארען א פאַ־פיער, וועלכעס איז זעהר וויכטיג פאר מיר. — וויא עס וויזט אויס, האב איך עס פערלארען אין מיין קארעטע, ווען דער רויבער איז אויף מיר אנגעפאלען. זייט אזוי פריינדליך, הערר באראָן, הייסט אייער קוטשער זיך אומקעהרן אין דעם אָרט, וואו עס האט מיר היינט פאסירט דאס אונגליק. — איהר ווייסט ניט, הערר באראָן, וויא וויכטיג דיעזעס פאפיער איז פאר מיר.

— אך, מיט פערגניגען! האט נאגי אויסגערופען. ווען איהר פערלאנגט עס, הייס איך שוין דעם קוטשער פאהרען צוריק.

ער האט באלד געהייסען דעם קוטשער פאהרען צוריק. אין דער הויך האט ער איהם געזאגט, ער זאל פאהרען, וויא אם שנעלסטען, שטילערהייט אבער האט ער איהם געגעבען א צייכען, ער זאל פאהרען זעהר לאנגזאם.

עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער מען איז צוריקגעקומען צו דעם אָרט, וואו איהר קאַרעטע איז געשטאנען. עלווירא איז אראפגעשפרונגען, וויא א וואהנזיניגע, און האט אנגעהויבען צו זוכען אין אלע ווינקעלעך. — אלעס אומזיסט! זיא האט גאר ניט געפונען.

עלווירא איז געווען פערצווייפעלט. זיא האט געוויינט, וויא א קליין קינד.

— וואס זאָל עס זיין? וואו האב איך געקענט פערליערן מיין פאפיער? — איך קען ניט גלויבען, אז דער מערדער האט מיך בערויבט. ער וואָלט דאך בעסער צוגע־גומען מיין געלד.

— בערוהיגט אייך, גנעדיגעס פריילין! האט נאגי געבעטען, איבערלעגט אייך! פיעלייכט קען מען האבען אנאנדער פאפיער? — קענט איהר מיר זאגען, וואס פאר א פאפיער דאס איז געווען? פיעלייכט וועל איך קענען אייך ראטהען עפעס, אייך העל־פען מיט עפעס?

— אך, ניין! אומזיסט, הערר באראָן! איהר קענט מיר גאר ניט העלפען.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איהר געפינט זיך אין אזא לאגע, וואו איך קען אייך ניט העלפען, האט נאגי געזאגט. אלענפאלס וואלט איך אייך געראטהען, מיר זאלען דא לענגער ניט בלייבען. איהר זייט זעהר מיעד, איהר זייט זעהר אויפגע־רעגט; איהר מוזט זיך אויסרוהען. — לאמיר פאהרען.

— וואוהין קען איך יעצט פאהרען? וואוהין זאל איך פאהרען! האט עלווירא געוויינט. — אך, לאזט מיר דאָ! לאזט מיך אליין!

— פערצווייפעלט ניט, גנעדיגעס פריילין! עס איז דאך זעהר מעגליך, אז איהר האט פערלארען דאס פאפיער ערגעץ אנדערש. מען האט עס געפונען. מען וועט עס אייך צושטעלען. עס קען דאך אלעס פארקומען.

עלווירא האט איהם ניט געהערט. זיא איז געשטאנען אנגעשפארט אן איהר קארעטע, האט געבראכען דיא הענד און האט געוויינט. נאגי האט געזוכט זיא צו בערוהיגען און זיא צו טרייסטען, וויא וויית עס האט איהם געפאסט. ער האט געהאט אין קעשענע דאס פאפיער, וואס זיא האט געזוכט. ער האָט עס איהר אבער ניט געוואלט אפגעבען.

— וואס וועט ענדליך ווערן דערפון, פרייליין? איהר קענט דאך דא ניט בליי־בען, האט ער געזאגט. לאמיר בעסער פאהרען קיין טשעמני.

— איך האב שוין ניט וואס צו טאהן אין טשעמני, האט עלווירא געענטפערט טרויעריג. — יעצט מוז איך שוין פאהרען קיין טאקקי צו מיין מוטער.

זיא האט נאך א מאל אנגעהויבען צו זוכען דאס פאפיער. זיא האט געשארט דאס זאמד, האט געקראצט דיא ערד, איז ארומגעגאנגען ארום דער קארעטע, איז געגאנגען אויפ'ן גאנצען וועג, אויף וועלכען דער רויבער האט זיא געשלעפט. — אלעס אומזיסט! זיא האט גאר ניט געפונען.

עס האט ניט געהאלפען. זיא האט ניט געקענט מעהר דא בלייבען. נאגי האט זיא אריינגעזעצט אין זיין קארעטע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען צום שלאס טאקקי. עס איז שווער צו זאגען, אויב נאגי האט עס געטאהן אומיסטען אדער דער וועג איז ווירקליך געווען אזוי שלעכט, אז זיי האבען געמוזט פאהרען זעהר לאנג־זאם. וויא דיא געשיכטע איז דארט געווען, זיי זיינען אנגעקומען קיין טאקקי אום אכט אוהר אבענדס.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טויער פון'ם שלאס, האבען זיי דערזעהן אן אלטען מאן אין צוריסענע קליידער, וועלכער איז געשטאנען אויפ'ן וועג מיט'ן הוט אין דער האנד און האט געבעטעלט.

— אה, דאס איז דער שטומער בעטלער! האט נאגי אויסגערופען.

ער האט איהם אריינגעווארפען אין הוט עטליכע קרייצער. עלווירא האט איהם אויך אריינגעווארפען א פאר זילבער מינצען. דער שטומער בעטלער האט עפעס גע־ברומט, האט געדאנקט מיט'ן קאפ און איז אוועקגעגאנגען.

קוים אבער איז דיא קארעטע אוועקגעפאהרען, האט דער שטומער בעטלער אנגעהויבען צו שאקלען טרויעריג מיט'ן קאפ.

— ענדליך איז זיא צוריקגעקומען, האט ער געזאגט, אבער מיט וועמען? מיט דיעזען טייפעל אין מענשען געשטאלט! וויא קומט זיא צו איהם? — ניט אומזיסט איז ער געווארען אזא העפליכער קאוואליר און פיהרט זיא אהיים, ער האט שוין עפעס אפגעטאהן א רויבער׳ שטיק. ער קען ניט אנדערש. דאס איז א מענש, וועלכער מאכט ניט א י י ן שריט, ער זאל ניט טאהן איינעם שלעכטעס.

אונטערדעסען איז דיא קארעטע אריינגעפאהרען אין הויף פון'ם שלאס טאקקי. דיא דיענער האבען געטאנצט פאר פרייד, ווען זיי זיינען געוואהר געווארען, אז עלווירא איז געקימען. דיא אלטע גרעפין איז ארויסגעלאפען פון איהרע צימער און איז געפאלען עלוויראין אויפ'ן האלז. זיא האט זיא ארומגענומען און האט זיא אזוי אריינגעפיהרט אין שטוב. — אין דרויסען האט זיא ניט בעמערקט, אז עלווירא איז זעהר בלייך און איהרע אויגען זיינען רויט אין פערשוואלען פון וויינען. קוים אבער האט זיא דערזעהן איהר טאכטער ביים שיין פון דיא ליכט, האט זיא זיך אנגעחאפט ביים קאפ.

— וואס איז מיט דיר, מיין ליעבע טאכטער? האט זיא אויסגערופען. דוא ביסט אזוי בלייך און אזוי פערוויינט! וואס איז געשעהן?

עלווירא האט געשוויגען. זיא איז קוים געפאלען אויף א דיוואן.

דיא אלטע גרעפין איז געווען אויסער זיך, זיא האט געקוקט אויפ'ן באראָן נאגי. זיא האט איהם געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס עס איז געשעהן. נאגי אבער האט אויך געשוויגען. ער האט געוואלט, אז עלווירא אליין זאל ערקלערן איהר מוטער, וואס עס איז געשעהן. דיא אלטע פרוי האט זיך ענדליך ניט געקענט איינהאלטען:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, הערר באראָן, וויא עס קומט, וואס עלווירא איז ניט געקומען מיט'ן גראף מאקס פאן ראָדעצקי? איך האב דאך איהם געבעטען, ער זאל זיא בעגלייטען אהיים?

— גראף ראדעצקי איז געקומען קיין בודאפעסט אייניגע שטונדע נאך עלווירא'ס אבריזע, האט נאגי ערקלערט.

— אלזא, וויא קומט איהר זיא צו בעגלייטען? האט דיא גרעפין געפרעגט ערשטוינט.

יעצט האט שוין נאר ניט געהאלפען. נאגי האט געמוזט דערצעהלען, אונטער וועלכע אומשטענדען ער האט געטראפען דיא יונגע גרעפין און אז זיא האט געוואלט פאהרען קיין טשעמני. ער האט זיא קוים איינגעבעטען, זיא זאל פאהרען אהיים, קיין טאָקקי.

— דוא האסט געוואלט פאהרען קיין טשעמני, טאכטער? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— יא, מוטער! האט ענדליך עלווירא געענטפערט, איך האב געוואלט פאהרען קיין טשעמני. איך האב געהאט א בריעף פון'ם קייזער, אין וועלכען ער האט בעגנא-דיגט דעם באראָן ארטהור פאן באטהיאני. — ליידער, האב איך פערלארען דעם בריעף, איך וויים ניט, וויא אזוי.

7טער קאפיטעל.

## דער שטומער בעטלער.

דיא דיענער פון'ם שלאָס זיינען אלע געווען העכסט ערפרעהט, וואס עלווירא איז ענדליך געקומען אהיים. זייט זיא איז אוועקגעפאהרען, איז אין שלאס געווען זעהר טרויעריג. יעצט האבען זיי געהאפט, וועט שוין אלעס גוט ווערן, יעצט וועט ווידער ווערן פרעהליך אין שלאָס.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס זיי האבען אויפגענומען זעהר פריינדליך דעם שטומען בעטלער, וועלכער איז נאר פלוצלונג געקומען אין שלאס און האט ער-קלערט דורך צייכענס, אז ער איז זעהר מיעד און בעט, מען זאל איהם לאזען זיך אביסעל אפרוהען. דיא דיענער פון'ם שלאָס, וויא אלע מענשען אין דער געגענד ארום האבען געקענט דעם שטומען בעטלער און יעדער האט געהאט מיטלייד מיט אן אלטען מאן, וועלכער איז נאך צום אונגליק געווען שטום און טויב.

דיא דיענער פון'ם שלאס האבען איהם געגעבען עסען און טרינקען, דער שטומער בעטלער אבער איז געווען זעהר מיעד און האט זיך ניט צוגעריהרט צו קיין שפייז. ער איז געזעסען א געוויסע צייט, האט זיך אויפגעהויבען, איז אריינגעגאנגען אין אנאנדער צימער און איז צוריקגעקומען. אין אנאנדערע צייט וואלט מען איהם ניט געלאזען

ארומשפאציערן אין דיא צימערן פון'ם שלאס. יעצט אבער זיינען אלע געוועזען בעשעפ־טיגט און קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף איהם.

באלד זיינען אלע דיענער געוואהר געווארען, אז עלווירא האט געהאט ביי זיך א בריעף פון'ם קייזער, אז ער בעגנאדיגט דעם באראָן פאן באטהיאני. אויפ'ן וועג זיינען אויף איהר אנגעפאלען רויבער און האבען ביי איהר אלעס צוגענומען. דער בריעף איז פערלארען געגאנגען. דער באראָן נאגי איז געראדע אָנגעלאָפען און האט זיא געדעטעט. — זעלבסטפערשטענדליך, אז יעדער האט צוגעלעגט א שטיקעל ליגען. איינער האט דערצעהלט, אז צעהן רויבער זיינען אויף איהר אנגעפאלען; אנדערע האבען געזאגט, אז עס זיינען געוועזען נור פינף. וויעדער אנדערע האבען דערצעהלט, אז דער באראָן נאגי האָט זיך געשלאגען מיט דיא רויבער און זיי האבען איהם פער־וואונדעט.

מען האט זיך ניט געהיט פארן שטומען בעטלער און מען האָט גערעדט, וואס מען האט געוואלט. יעדעס מאל פלעגט אנאנדער דיענער זיך מאכען, אז ער דארף עפעס טאהן אין דיא צימערן פון דער גרעפין, פלעגט קומען אהין, חאפען עטליכע ווערטער און קומען דערצעהלען דיא אנדערע, וואס ער האט געהערט.

דיא גרעפין האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה צו טרייסטען און צו בערוהיגען איהר טאכטער. עלווירא אבער איז געוועזען אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגעשלאגען, אז זיא האט פון קיין זאך ניט געוואלט הערן. זיא האָט געדאנקט דעם באראָן נאָגי פאר איהר רעטונג פון דיא רויבער און האָט געזאָגט, אז זיא איז זעהר מיעד. זיא מוז געהן שלאָפען.

דיא אלטע גרעפין איז געבליעבען אליין מיט'ן באראָן נאָגי.

— מיין אונגליקליכעס קינד! האט געוויינט דיא גרעפין, ווען עלווירא איז אוועקגעגאנגען. וואס זיא טהוט, געלינגט איהר ניט. זיא איז אליין געלאָפען קיין בודאפעסט און האט אויסגעבעטען ביי מיין ברודער, ער זאל בעטען דעם קייזער, ער זאל בעגנאדיגען דעם באראָן. דארף זיך יעצט מאכען אן אונגליק, אז זיא פערליערט דעם בריעף. דער באראָן פאן באטהיאני איז א גוטער מענש, איך בעדויער איהם זעהר. עס העלפט אבער ניט. ער וועט מוזען בלייבען א הענקער.

— אך, גנעדיגע גרעפין! האט נאגי אויסגערופען, איהר מוזט ענטשולדיגען אייער טאכטער. זיא ליעבט דעם באראָן. וואס טהוט דען ניט א מענש, ווען ער ליעבט? עלווירא איז א גוטעס, עדעלעס מעדכען. זיא ליעבט דעם באראָן מיט'ן גאנצען פייער פון איהר יונגער זעעלע. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס זיא לעגט זיך אזוי אוועק אום איהם צו רעטען.

— דאס איז גאנץ ריכטיג, האט דיא גרעפין בעמערקט, זיא זעהט דאָך אָבער אליין, אז זיא קען איהם ניט הייראטהען. יעדען טאג שטעלען זיך פאָר נייע שוויעריג־קייטען. דער שיקזאל אליין פערפאלגט דעם באראָן. איהר זעהט דאך, אָט האט זיא שוין געהאט דיא בעגנאדיגונג פון'ם קייזער. — זיא האט פערלארען דעם בריעף!

— נו, דאס איז נאך ניט אזא אונגליק, האט נאגי געזאָגט, ווען דער קייזער האט איהם בעגנאדיגט. קען מען דאך בעקומען א קאפיע פון זיין בעגנאדיגונג.

— דאס איז אבער נאך ניט אלעס, האט דיא גרעפין געזאגט, ווען דער באראָן פאן באטהיאני זאל שוין זיין גאר פריי, קען ער דאָך ניט הייראטהען עלוויראַ'ן. עס זיינען נאך דא אנדערע אורזאכען, פאר וואס ער קען זיא ניט הייראטהען.

נאני איז געווען גליקליך. דאס האט ער געדארפט וויסען.

— אך, הערר באראן! האט דיא גרעפין אויסגערופען, פראבירט איהר ערקלערן מיין טאכטער, אז א מענש דארף זיך ניט שטעלען נעגען דיא אונמעגליכקייט. איהר זייט אן עלטערער מענש, א קלוגער מענש, אן ערפאהרענער מענש, פיעלייכט וועט איהר קענען אויף איהר ווירקען. איהר וויסט דאָך געוויס, אז קינדער הערען גיכער, ווען א פרעמדער רעדט צו זיי, אלס ווען זייערע אייגענע עלטערן רעדען צו זיי.

— איך וועל פראבירען, האט נאני געענטפערט, איך וועל געוויס ערקלערן אייער טאכטער, אז עס איז ניט גלייך צו קעמפפען נעגען גאט און נעגען זיין שיקזאל. ווען מען זעהט, אז אלעס איז נעגען אונז, מוזען מיר זיך אונטערגעבען. איך וועל איהר געוויס ערקלערן, אז זיא קען ניט הייראטהען דעם באראן.

— יא, באראן! איהר וועט מיר ערצייגען דיא גרעסטע געפעלליגקייט, ווען איהר וועט איבערצייגען מיין טאכטער, אז זיא טהוט ניט גלייך, וואס זיא אפפערט איהר לעבען פארן באראן.

נאני איז געזעסען, וויא אויף הייסע קוילען. ער האט געוואלט לויפען אין שלאס ראדעצק און ברענגען דער גרעפין פאן ראדעצקי דיא גוטע נאכריכט, אז ער האט נור וואס געבראכט עלוויראַ'ן אין שלאס טאקקי און באראן ארטהור פאן באטהיאני מוז בלייבען א הענקער, ווייל ער האט זיין בעגנאדיגונגס בריעף אין קעשינע. ביז וואנען עס וועט אנקומען א קאפיע פון וויען, וועט שוין זיין שפעט. ארטהור וועט אונטערדעסען שוין האבען געשטאנען אויפ'ן עשאפאט, דאן העלפט שוין ניט דיא בעגנאדיגונג.

דיא אלטע גרעפין טאקקי אבער האט איהם ניט אפגעלאזען. ער האט נאך געמוזט בלייבען ביי איהר איינינע צייט, זיא בערוהיגען און איהר אויסרעדען. עס איז געווען אום עלף אוהר, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון שלאס. ער האט ניט געפונען זיין קארעטע אין הויף. דער קוטשער איז אהיים געפאהרען. נאני האט זיך ניט געקענט דערמאנען, אויב ער האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אהיים, אדער דער קוטשער האט עס אליין געטאהן.

עס איז געווען שעהן אוןווארם אין דרויסען, וויא עס איז געוועהנליך אין יענע געגענדען אם ענדע מאי. דער מאנד האט געשיינט העל און האט בעלייכטעט דעם וואלד.

— עס איז ניט ווייט, האט נאני געזאגט צו זיך אליין. איך וועל צוגעהן דאס שטיקעל וועג צו פוס. א שפאציערגאנג אין אזא שעהנע נאכט איז זעהר געזונד.

ער איז געגאנגען לאנגזאם אין דעם שעהנעם וואלד, וועלכער האט יעצט גע- שמעקט און געדופטעט. אלעס איז געווען שעהן, אלעס איז געווען שטיל, אלעס איז געווען פריעדליך און ליעבליך אויף דיעזער וועלט, נור אין דיא הערצער פון דיא מענ- שען האט געקאכט און געזאטען האס און פיינדשאפט. נאני האט יעצט געטראכט א נייעם פלאן.

— ער האט עס גוט געמאכט, יאזעף! ער איז א מייסטער. ער האט פינקטליך אויסגעפיהרט אלעס, וואס איך האב איהם געהייסען. יעצט אבער מוז ער פערשווינדען. איך מוז פון איהם לויז ווערן. עס קען דאך זיין, אז מען זאל איהם חאפען און ער זאל אויסזאגען, אז איך האב עס איהם געהייסען. ער מוז פערשווינדען. איך אליין מוז זעהן, אז מען זאל איהם חאפען. ווען איך וועל אנווייזען אויף איהם, וועט מען ניט גלויבען, ווען ער וועט זאגען, אז איך האב עס געהייסען איהם טאהן.

ער איז געגאנגען לוסטיג ווייטער אין שעהנעם וואלד און האט אייגגעאטהעמט דיא פרישע, געזונדע לופט.

— יאזעף מוז פערשווינדען, האט ער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. ער האט געטויטעט דעם קוטשער און איז אנגעפאלען אין וואלד אויף דיא יונגע גרעפין. דאס איז א שרעקליכעס פערברעכען. עלווירא וועט זיין דער הויפט עדות. זיא וועט איהם דערקענען און וועט דערצעהלען אלעס. זיא וועט דערצעהלען, אז איך האב זיא גערעטעט. דער באראן ארטהור פאן באטהיאני וועט נאך מוזען אויפהענגען דעם פערברעכער. עלווירא וועט מוזען הייראטהען דעם גראף מאקס. זיא וועט מוזען פערגעסען דעם בארא. איך האב ביי מיר אין קעשינע זיינע בעגנאדיגונג און איך וועל עס איהר צר שיקען אבער ערשט דאן, ווען זיא וועט זיין מאקס פרוי.

ער איז געגאנגען גאנץ לוסטיג און האט זיך אזוי ווייטער גערעדט. ער איז געווען זיכער, אז קיינער הערט איהם נים. ווער קען איהם הערן ביי נאכט אין וואלד?

— דער באראן פאן באטהיאני מוז ווערן א הענקער, אדער איך וועל איהם טויטען.

עס האט געקנאקט א פיסטאלעט. א בליץ — א שאס! נאגי איז געפאלען. דיא קוגעל האט איהם געטראפען אין דער רעכטער האנד.

— מערדער! האט געשריען א שטרענגע שטימע איבער איהם, — מערדער! דוא האסט זיך אליין פערקלאגט! דוא האסט אליין אויסגעזאגט, וואס פאר פערברעכען דוא האסט בעגאנגען!

דער שטומער בעטלער איז געשטאנען פאר איהם, האט זיך אנגעבויגען און האט אנגעהויבען צו זוכען אין זיינע קעשינעס. ער האט דארט געפונען געלד און אנדערע זאכען. אלעס האט ער צוריקגעלעגט. ער האט גענומען נור דיא פאפירען. יעדעס פאפיער האט ער געעפענט און האט זיך צוגעקוקט, ביז ער האט געפונען א פאפיער מיט א גרויסען רויטען זיעגעל.

— דאס דארף איך! האט דער שטומער בעטלער אויסגערופען. דוא טייפעל! דוא ווילסט בעהאלטען דעם בעגנאדיגונגס בריעף, ביז עלווירא וועט הייראטהען דעם גראף ראדעצקי. עס וועט דיר ניט געלינגען. מארגען אין דער פריה וועט עלווירא האבען דעם בריעף אין דיא הענד. עס איז שוין שפעט, זיא שלאפט שוין געוויס. מארגען פריה וועט זיא האבען דעם בריעף.

מיט דיעזע ווערטער איז ער פערשוואונדען. — — — — — —

דיא גרעפין ראדעצקי האט ערווארטעט איהר געטרייען נאגי א גאנצען טאג. ער האט איהר פערשפראכען צו קומען אום צווייא אוהר צוריק. עס איז געווארען פיער

— זעקס אוהר און ער איז אלץ ניטא. עס איז געווארען נאכט און נאני איז נאך איין ניט געקומען. דיא גרעפין איז געווארען זעהר אונרוהיג. זיא איז ארומגעגאנגען, וויא א וואהנזיניגע און האט ניט געוואוסט, וואס איבערצוטראכטען.

ענדליך אום ניין אוהר איז צוריקגעקומען זיין עקיפאזשע. דיא גרעפין האט זיך דערפרעהט, ווען דער קוטשער האט איהר דערצעהלט, אז דער באראן געפינט זיך ביי דער גרעפין טאקקי. ער האט געבראכט מיט זיך עלוויראן. דיא גרעפין האט זיך שוין אין גאנצען בערוהיגט און האט געווארט מיט אונגעדולד, נאני זאל שוין א מאל קומען און זאל איהר דערצעהלען, וואס עס איז געשעהן.

אזוי זיינען וויעדער פערגאנגען שטונדע נאך שטונדע און נאני איז וויעדער ניט געקומען. דיא גרעפין איז געווארען זעהר אונרוהיג. זיא האט געוואוסט, אז ער קען יט נעכטיגען אין שלאס טאקקי, ער וועט געוויס קומען אהיים. ער מוז קומען אהיים. ווען זיא האט אבער דערזעהען, אז עס שוין גוט שפעט און ער קומט דאך ניט, האט זיא געהייסען איהרע דיענער, זיי זאלען געהן איהם זוכען.

נאני האט ערהאלטען א גאנץ לייכטע וואונדע. ער איז געפאלען צו דער ערד פאר שרעק און איז געבליעבען ליעגען אין אהנמאכט א גאנץ קורצע צייט, ניט מעהר פון א האלבע שטונדע, דאן איז ער געקומען צו זיך און האט אנגעהויבען זיך צו דער־מאנען, וואס מיט איהם האט פאסירט.

— וואס איז דא געשעהן? האט ער געפרעגט און האט אנגעהויבען זיך ארומ־צוטאפען.

ער האט געפונען זיין געלד און אנדערע טהייערע זאכען, וואס ער האט געהאל־טען אין דיא קעשענעס, גאנץ, ניט אנגעריהרט. זיין פארטפעל אבער האט ער ניט געפונען אויף איין ארט. ער האט איהם ארויסגענומען, האט איהם געעפענט און האט געזעהן, אז דעם קייזערס בעגנאדיגונגס בריעף איז פערשוואונדען.

— ווער זאל עס זיין? האט ער געפרעגט, דאס איז ניט געווען קיין רויבער. ער וואלט דאך צוגענומען מיין געלד. דא האט מען געזוכט נור דעם בעגנאדיגונגס בריעף. ווער איז ער אבער? ווער האט עס געקענט טאהן? דער באראן פאן באטהיאני האט דאך קיינעם ניט, ווער עס זאל זיך פאר איהם אננעהמען?

ער איז געווארען בייז, האט געציטערט און געשוימט פאר רציחה. ער האט פערשטאנען, אז דא איז דא ערגעץ א געהיימער, פערבארגענער פיינד, וועלכער שטעלט זיך געגען איהם.

— לאז ער זיין, ווער עס וויל זיך, האט ער ענדליך געזאגט, דער באראן ארטהור פאן באטהיאני מוז ווערן א הענקער אדער שטארבען.

ער האט אנגעהויבען צו געהן לאנגזאם אהיים. באלד אבער זיינען איהם ענטגעג־גען געקומען מענשען מיט פאקעלען און מיט ליכט אין דער האנד. דאס זיינען געווען דיא דיענער פון דער גרעפין ראדעצקי. זיי האבען איהם דערצעהלט, אז דיא גרעפין איז שטארק אונרוהיג און האט גאר ניט געוואוסט וואס איבערצוטראכטען. זיא האט זיי געשיקט, זיי זאלען געהן איהם זוכען.

נאני האט זיך אנגעשפארט אויף איינעם פון דיא דיענער און איז געגאנגען אהיים. ער האט זיי ניט געוואלט דערצעהלען, אז מען האט איהם פערוואונדעט.

ווען ער איז אנגעקומען אין שלאס, איז דיא גרעפין איהם ענטגעגען געלאפען. איהר שארפעס אויג, האט באלד דערזעהען, אז מיט איהם איז עפעס ניט גלאט. ער איז געווען שרעקליך בלייך. באלד האט זיא דערזעהן, אז זיינע קליידער זיינען אויסגעשמיערט מיט בלוט. זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— וואס איז מיט דיר, נאני? האט זיא אויסגערופען. דוא ביסט פערוואונדעט.

— זייט רוהיג, גרעפין, עס איז ניט אזוי געפעהרליך. איך בין ווירקליך פערוואונדעט אבער גאנץ לייכט.

זיא האט איהם געהאלפען אויסטאהן דעם ראק און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא וואונד. דיא קוגעל איז דורכגעלאפען דורכ'ן פלייש און האט ניט אנגעריהרט דעם ביין. זיא האט פערבונדען דיא וואונד, וויא זיא האט געקענט. דאן האט זיא איהם געגעבען עפעס טרינקען.

ווען ער האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, האט ער איהר דערצעהלט, וואס עס האט פאסירט מיט איהם היינטיגען טאג; וויא ער האט בעקומען אין דיא הענד דעם קייזערס בעגנאדיגונגס בריעף און וויא ער האט איהם ווידער פערלארען.

דיא גרעפין האט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם און איז געווארען ערנסט און טרויעריג.

— נאני, האט זיא ענדליך געזאגט, דוא האסט א גוטען קאפ, דוא ביסט א גרויסער קינסטלער צו פיהרען אינטריגען. לײדער, האב איך בעמערקט, אז קוים הויבסט דוא אן צו פיהרען אן אינטריגע און דוא גלויבסט, אז זיא איז דיר געלונגען, מישט זיך עפעס אריין, וועלכעס צערשטערט און פערניכטעט אלעס. — אך, נאני! איך האב מורא, אז א גרעסערע מאכט פון אונז גיט אכטונג אויף אונז און פיהרט אלעס, וויא זיא וויל.

נאני האט זיך צולאכט. זיין געלעכטער האט אבער געקלונגען ווילד, אונמענשליך און אוננאטירליך.

— רעדט קיינע נארישקייטען, גרעפין! האט ער אויסגערופען, ווער קען עס זיין דיא העכערע מאכט? ווער האט זיך עס געקימערט, ווען מיין מענש האט היינט אין דער פריה געטויטעט דעם אונשולדיגען קוטשער? עס איז ניטא קיין העכערע מאכט און קיינער קימערט זיך ניט אום אונזערטוועגען.

— ניין, נאני, ניין! איך זעה, אז געגען אונז ארבייט א מאכט, וועלכע מיר קענען ניט. איך וויים ניט, וואס פאר א מאכט דאס איז, עס איז אבער א מאכט.

נאני האט ווידער געלאכט און האט איהר דערצעהלט, וואס דיא גרעפין פאן טאקקי האט מיט איהם גערעדט און וואס זיא האט איהם געגעבען.

זיי וואלטען גערעדט נאך מעהר, נאני אבער האט געפיהלט, אז דיא וואונד הויבט אן שטארק וועה צו טאהן און ער איז געגאנגען אין זיינע צימער. פון דארט האט ער געשיקט א רייטער ברענגען א דאקטאר. אין א פאר שטונדען ארום איז דער דאקטאר אנגעקומען און האט בעטראכט דיא וואונד.

— עס איז גאר ניט! האט ער געזאגט, אין דרייא טעג ארום זייט איהר פאל־ קאָמען געזונד. מארגען וועט איהר קענען פאהרען אין א קארעטע.

ער האט זיא פערבונדען און פערשמיערט. דעם אנדערן טאג איז נאני שוין ארומגעגאַנגען ביי זיך אין צימער און אויפ'ן דריטען טאג איז ער שוין ארויסגעפאהרען. עס האט איהם נאך וועה געטאהן, ער האט שוין אבער געקענט טאהן אלעס, וואס ער האט געדארפט.

## 8טער קאפיטעל.
## ביים הענקער.

אין דעם אבענד, אין וועלכען עלווירא איז געקומען אהיים צו איהר מוטער, איז ארטהור געזעסען אין זיין צימער אין טהורעם פון טשעמני טרויעריג און פערטראכט. ער האט אנגעהויבען צו פיהלען, וויא שרעקליך זיין לאגע איז. ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וויא טרויעריג עס איז, ווען מען איז פעראכטעט און געשענדעט פון דער גאנצער וועלט.

זייט צווייא וואָכען האט ער ניט געהאט קיין נאכריכט פון עלווירא'ן. האט זיא איהם פערגעסען? האָט זיא זיך דאס לעבען גענומען?—דאן איז אלעס פערלאָרען, דאן האט ער שוין קיין האפנונג אויסגעלעזט צו ווערן פון דיעזען טהורעם. דאן מוז ער ווערן א הענקער. מיכאאיל האט רעכט: אנפאנגס וויל מען עס ניט, שפעטער אבער געפינט מען א פערגניגען דארין צו זעהן, וויא יענער מענש לײדעט, וויא יענער שטארבט. מען וויל זיך נוקם זיין. מען געוועהנט זיך צו זיין האנדווערק.

מיט דיעזע טרויעריגע געדאנקען איז ארטהור געווען בעשעפטיגט, ווען מיכאאיל איז אריינגעקומען צו איהם אין צימער.

— נאך אימער טרויעריג? האט מיכאאיל געפרעגט, איהר קענט גאר ניט פערגעסען, אז עס איז בעסער צו געהן ניט אין א רויטען מאנטעל? — דאס איז שלעכט. ווען איהר וועט זיך אזוי אפגעבען מיט אייערע טרויעריגע געדאנקען, וועט איהר אראָפּ פון זינען.

— איהר האט רעכט, מיכאאיל! איהר האט פאלקאָמען רעכט. איך פיהל, אז מיינע געדאַנקען זיינען ניט אין ארדנונג, האט ארטהור געענטפערט; דער קאָפּ ברענט מיר, וויא פייער און איך וויים זעהר אפט ניט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך וואלט שוין צופריעדען געווען, איך זאל ווערן וואהנזיניג,—דאן וואלט זיך פילייכט אלעס פערגעסען, דאן וואלט איך מיך געפיהלט זעהר גוט. — דער וואהנזין איז אויך א טויט. דאס איז א גייסטיגער טויט, וויא שטארבען איז דער קערפערליכער טויט. ווען איינער שטארבט, הערט זיין קערפער אויף צו פיהלען, ווען איינער ווערט וואהנזי־ ניג, הערט זיין גייסט אויף צו פיהלען.

דער הענקער האט געקוקט אויף איהם מיט שמייכלען און מיטלייד.

— ניין, מיין פריינד! האט ער אויסגערופען, א שטארקער מענש ווערט ניט וואהנזיניג, וויא א שטארקער מענש בענעהט ניט קיין זעלבסט־מארד. איך האב אויך אמאָל געפיהלט אזוי שלעכט, וויא איהר, און איך האב עס דאך אויסגעהאלטען, איך האב עס דאָך איבערגעטראגען, איך האב עס דאך איבערגעלעבט. — עס איז וואָהר,

איך האב באלד געהאט ארבייט. איך האב באלד אנגעהויבען צו טויטען מענשען. ווען איהר וועט אפּהאקען א פּאר מענשען דיא קעפּ, וועט איהר זיך אויך בערוהיגען, דאן וועט איהר זיך איבערבעטען מיט אייער שיקזאל. מיר וועלען דאן האבען צו רעדען פון פיעלע זאכען. איהר וועט דאן זעהן, אז מען קען זיין א הענקער און דאך לעבען ניט גאנץ אונגליקליך. איהר וועט דאן אנהויבען צו דענקען, וויא אזוי זיך איינצוארדענען אין אונזער טהורעם און איהר וועט פיעליכט געפינען, אז א הענקער איז אויך א מענש און דארף אויך לעבען, וויא א מענש.

— יא, יא, מיכאאיל! דאס זיינען זעהר גוטע האפנונגען פאר א באראָן פאן באטהיאני! האט ארטהור אויסגערופען מיט א ווילדען, אונמענשליכען געלעכטער.

— קענט איהר דען בעסער מאכען? האט מיכאאיל געפרעגט, האט איהר דען בעסערע האפנונגען? ווייסט איהר דען ניט, אז יעדע האפנונג ארויסצוקומען פון דאנען איז פאר אייך שוין פערלאָרען? איהר האט דיא וואהל: ענטוועדער איהר שטארבט אדער איהר מוזט זיין א הענקער.

ארטהור האט געשוויגען. וואס האט ער דען געקענט ענטפערן? האט ער דען ניט געוואוסט, אז מיכאאיל האט רעכט? ער האט געהאט פאר זיך נור דרייא מיטעל: ערשטענס, ער זאל זיך אליין נעהמען דאס לעבען, אדער מיכאאיל זאל איהם אפּהאקען דעם קאפּ אויפ'ן עשאפאָט אדער ער זאל העלפען מיכאאילן אין זיין בלוטי־גען האנדווערק.

— אלזא, ווארפט אוועק אלע טרויעריגע געדאנקען פון אייך, האט מיכאאיל געזאגט און ווערט א מענש. איהר זעהט דאך אליין, אז דאס שעהנע פרייליין, וועל־כעס האט אייך בעזוכט א פאר מאל, קומט שוין ניט מעהר. עס שטעהט איהר שוין ניט אן צו בעזוכען א הענקער. פערגעסט זיא! איך האב א טאָכטער, וועלכע איז פיעל שעהנער און ליעבענסווירדיגער פון איהר. הייראטהעט מיין אננא און מיר וועלען לעבען אלע צוזאמען פרעהליך און גליקליך.

— שווייג, שלעכטער מענש! רעד ניט מעהר! אננא איז אן ענגעל, אננא איז א גוטעס, ליעבענסווירדיגעס מעדכען. איך קען אבער ניט דענקען פון הייראטהען. — לאָז מיך אליין, מיכאאיל! רעד ניט מעהר צו מיר!

— ער איז שוין גאר ניט ווייט פון וואהנזיניג, האט געזאגט מיכאאיל און איז ארויסגעגאנגען.

קוים איז ער אנגעקומען אין זיין צימער, האט ער דערהערט קלאפּען אין דער טהיר אין דרויסען. ער איז אראפּגעלאָפען זעהן, ווער דאָרט איז. עס איז אריינגעקו־מען אן אונטער־אָפיציער און עטליכע סאָלדאטען זיינען געשטאנען דרויסען. דער אונטער־אפיציער האט איהם דערלאנגט א בריעף מיט א גרויסען שווארצען זיעגעל. מיכאאיל האט שוין געוואוסט, וואס דיעזער בריעף בעדייטעט. ער האט איהם אבער געמוזט עפענען און דורכלעזען אין דער געגענווארט פון'ם אונטער־אָפיציער. אזוי האט געפאָדערט דאס געזעץ.

אין בריעף איז געשטאנען פאלגענדע צייליען.

„אים נאמען דעם קייזערס ווערט דער הענקער מיכאאיל באָראָקאָ אויפגע־

„פארדערט צו קומען קיין בודאפעסט דעם 10טען מאי אין דער פריה און אוס־
„איבען זיין אמט. ער זאל מיטבערענגען זיין געהילפען“.
בודאפעסט, 2טען מאי 1790.
דאס קייזערליך קעניגליכע אבערגעריכט.

דער בעפעהל איז געוועזן דייטליך גענוג. מען האט איהם ניט געדארפט מעהר ערקלערן. מיכאאיל האט געוואוסט, אז פון יעצט אן וועלען דיא סאלדאטען איהם בעוואכען, ביז ער וועט ענדיגען זיין בלוטיגעס ווערק. ער איז געגאנגען אין זיין צימער און האט אנגעהויבען צו מאכען זיינע פארבערייטונגען.

אבער נאך איינע האט געהערט, אז מען האט געקלאפט אין דער טהיר. דאס איז געוועזן דעם הענקערס טאכטער אננא. זיא איז געגאנגען זעהן, ווער עס האט געקלאפט. זיא איז אריינגעקומען אין איהר פאטערס צימער און האט דערזעהן דעם בעפעהל פון אבער־געריכט ליעגען אויפ'ן טיש. זיא האט איהם דורכגעלעזען און איז געווארען בלייך, וויא קאלך.

— וואס איז מיט דיר, אננא? האט דער הענקער געפרעגט.

— אין בעפעהל שטעהט אויסדריקליך, אז דוא זאלסט מיטנעהמען דיין גע־הילפע.

— נו? וואס איז דיר אזא וואונדער? געוויס וועט ארטהור מוזען מיר בעגליי־טען קיין בודאפעסט. אנדערש קען עס דאך ניט זיין.

אננא האט אנגעהויבען צו וויינען. זיא האט געפיהלט, וויא שווער עס וועט זיין ארטהורן צו בעגלייטען איהר פאטער צום ערשטען מאל. זיא האט מעהר ניט גערעדט מיט איהר פאטער. דאס ארימע מעדכען האט געפיהלט, וויא שרעקליך איהר פאטערס האנדווערק איז. זיא איז באלד אוועקגעגאנגען צו זיך, האט זיך פערשפארט אין איהר צימער און האט געוויינט א גאנצע נאכט.

ווען מיכאאיל האט געענדיגט זיינע פארבערייטונגען, איז ער צוריקגעגאנגען צו ארטהורן.

— נון, פריינד, האט ער איהם געזאגט, גענוג לעדיג צו זיצען, מיר וועלען באלד האבען ארבייט.

ארטהור האט אויפגעהויבען דיא אויגען און האט איהם אנגעקוקט. ער האט ניט פערשטאנען, וואס מיכאאיל האט געמיינט.

— מיר וועלען באלד מאכען א רייזע.

— א רייזע? וואוהין? וואס רעדט איהר, מיכאאיל?

— יא, מיין פריינד, מיר וועלען מאכען א רייזע. מיר וועלען פאהרען קיין בודא־פעסט.

— וואס וועלען מיר טאהן אין בודאפעסט?

מיכאאיל האט איהם דערלאנגט דעם בעפעהל. וועלכען ער האט ניט לאנג ערהאלטען.

— לעזט, מיין פריינד, וועט איהר אליין זעהן, וואס מיר וועלען דארט טאהן, מען פערלאנגט, אז איהר זאלט פאהרען מיט מיר און זאלט מיר העלפען.

ארטהור האט דורכגעלעזען דעם בעפעהל. עס איז איהם געווארען פינסטער אין דיא אויגען און זיינע הענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן. ער האט א ווארף געטאהן דאס פאפיער צו דער ערד און האט אויסגערופען:

— ניין! ניין! איך וועל עס ניט טאהן! איך וועל ניט פאהרען! איך וועל ניט פאלגען דעם בעפעהל!

— עס וועט אייך גאר ניט העלפען, מיין פריינד, האט דער הענקער איהם געזאגט ערנסט. איך האב ערהאלטען א בעפעהל, אז איך זאל קומען מיט מיין געהילפען און איך מוז איהם אויספאלגען. איהר ווייסט דאך גאנץ גוט דיא בעדינגונגען.—און וואס האט איהר אזוי מורא פארן עשאפאט? — איך ווייס, אז דיא זאך איז נאך פאר אייך גאנץ ניי. דאס ערשטע מאל וועט עס אייך זיין אביסעל שווער. איהר וועט דאס ערשטע מאל א ציטער טאהן, איהר וועט זיך אבער באלד דערצו געוועהנען. — בעדענקט, ליעבער פריינד, אז מיר זיינען אויך בעאמטע; מיר זיינען אויך דיענער פון דער גערעכטיגקייט. אין אונזערע הענד ליעגט דער לעצטער אקט פון דער מענשליכער גערעכטיגקייט. מיר שטעהן העכער פון דיא ריכטער. זיי קענען בעגעהן אן אירטהום, זיי קענען אורטהיילען פאלש, אונגערעכט. מיר אבער בעגעהן קיין מאל קיין אירטהום. מיר טהוען נור, וואס מען הייסט אונז. מיר בלייבען שטענדיג גערעכט.

— אונגליקליכער! האט ארטהור אויסגערופען, איך האב קיינע ווערטער פאר דיר, איך האב קיינע אנטווארט פאר דיר. איך ווייס נור, אז עס איז זעהר טרויעריג און זעהר ערניעדריגענד, ווען מען מוז טייטען א מענשען. לאזט מיך צורוה, מיכאאיל! נעהמט אייך אוועק פון מיר!

דעם הענקער האט עס פערדראסען, וואס ארטהור שטעלט זיך אזוי געגען איהם.

— מיין הערר! פערגעסט ניט, אז מען האט אייך געבראכט צו מיר א קראנקען. איך האב אייך אויפגענומען אין מיין שטוב, האב אייך געגעבען עסען און טרינקען, האב אייך געהיילט, איך און מיין טאכטער זיינען ניט דערשלאפען נעכט און זיינען ארומגעגאנגען ארום אייך. איז עס דען ניט אייער פפליכט, איהר זאלט מיר העלפען אין מיין ארבייט?

ארטהור האט איהם אויסגעהערט און טרערען האבען זיך געוויזען אויף זיינע אויגען.

— איהר זייט א גרויסער קינסטלער, מיכאאיל! האט ער געזאגט טרויעריג, איהר ווייסט, וויא אזוי צו מאתנען. — גוט, מיכאאיל! איהר האט רעכט. איך וועל געהן מיט אייך.

— ענדליך האט איהר דאך אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז עס וועט אייך גאר ניט העלפען. איהר מוזט דאך טאהן, וואס אייך איז בעשטימט.

— יא, מיכאאיל. ווען וועלען מיר ארויספאהרען?

— מארגען גאנץ פריה. ביז ראזענוי וועלען מיר געהן צו פוס. דארט וועלען מיר נעהמען פאסט־פערד.

— וועלען מיר פארביי געהן דעם שלאס טאקקי?

— יא, דער וועג פיהרט אונז פארביי.

— אלזא, וועל איך גערן מיט אייך, מארגען וועלען מיר זיין קוויט.

די לעצטע עטליכע ווערטער האט ער געזאגט מיט א זאָנדערבארער שטימע, מיכאאיל האט פערשטאנען, אז עפעס איז דאָ ניט גלאט. ער האט אבער זעהר גוט געקענט זיין נאסט און האט זיך דערפון גאר ניט געמאכט.

— אלזא, גוטע נאכט, מיין פריינד! האט מיכאאיל געזאגט.

— גוטע נאכט! האט ארטהור געענטפערט, — מארגען וועל איך מיט אלעמען זיך אפקוויטעווען. עס איז צייט איך קען עס לענגער ניט אויסהאלטען. איך מוז אפ־שליעסען מיינע רעכנונגען מיט'ן לעבען.

ער האט זיך געווארפען אויף זיין געלעגער און האט געוואלט אנטשלאפען ווערן, אבער אומזיסט! דער זיסער שלאף איז ניט געקומען בערוהיגען זיינע אויפגערעגטע נערווען. ער האט זיך געקייקעלט א גאנצע נאכט אויף זיין געלעגער און האט זיך גע־דרעהט, וויא א שלאנג.

אזוי איז פערגאנגען די נאכט. אום זעקס אוהר אין דער פריה איז מיכאאיל אריינגעקומען אין זיין צימער. ער איז שוין געווען אין גאנצען פערטיג צו דער רייזע. ער האט געהאט מיט זיך א רויטען מאנטעל מיט א רויטער קאפוצע פאר ארטהור'ן און האט געטראגען אונטערן ארים א לאנגעס, שווארצעס קעסטעלע. אין דיעזעם קעסטעלע האט ער געהאלטען זיינע אינסטרומענטען.

ארטהור איז שוין געווען אנגעטאהן און איז געזעסען לעבען זיין טישעלע. מיכאאיל האט דערזעהן מיט שטוינען, אז ארטהור איז היינט גאנץ רוהיג און זאָגאר מונטער.

— נו, לאמיר געהן! האט מיכאאיל געזאגט. עס איז שוין צייט.

— איך גערן, האט ארטהור געענטפערט.

— דאס איז שעהן! האט מיכאאיל אויסגערופען, אזוי האב איך אייך ליעב. אזוי דארף עס זיין. דער מענש מוז אנביינגען דעם קאפ פאר דיא נאטהווענדיגקייט. וואס מען מוז טאהן, מוז מען. — זעהט איהר, איך האב פון אייערטוועגען אנגעגרייט נייע אינסטרומענטען. איך האב דא א גאנץ נייעם שטריק און א גאנץ נייע האק. איהר מחט דאך ענדליך לערנען דאס האנדווערק.

— הערט נור, מיכאאיל, האט פלוצלונג ארטהור געזאגט, ווילט איהר מיר טאהן א געפעליגקייט?

— פאר וואס ניט? ווען עס איז נור מעגליך, וועל איך עס טאהן מיט פערגניגען.

— ווילט איהר מיט מיר פארבייגעהן מיין שלאָס? איך וויל נאך א מאל בעזוכען דעם אָרט, וואו איך בין אויסגעוואקסען, וואו איך האב פערבראכט מיינע קינדער יאהרען, איך וויל אבשיעד נעהמען פון'ם ארט, וואו איך בין אמאל גליקליך געווען.

מיכאאיל האט געטראכט איינינע אויגענבליקע און האט געזאגט:

— איך וועל צוואר אנלעגען וועג, אבער איך וועל עס אייך צוליעב טאהן און וועל פארבייגעהן אייער שלאס.

— איך דאנק אייך, מיכאאיל! האט ארטהור געזאגט פרעהליך.

— איהר זייט א זאנדערבארער מענש.

— ניין, מיכאאיל, ניין! — אבער קומט! לאמיר געהן! עס ווערט שוין

4

מיכאאיל האט געזעהן, אז מיט איהם איז עפּעס ניט גלאט. ער האט ניט גע־קענט פערשטעהן, פאר וואס ער איילט זיך יעצט אזוי.

ארטהור האט אנגעטאהן זיין רויטען מאנטעל, האט גענומען דאס קעסטעלע אינסטרומענטען אונטערן ארים און ביידע זיינען אראפּגעגאנגען די טרעפּ. ווען זיי זיינען אנגעקומען אין הויף, האבען זיי דערזעהן, אז אננא שטעהט און וויינט.

— וואס וויינסט דוא, אננא? האט דער הענקער זיא געפּרעגט. — זיי ניט אזוי טרויעריג. עס איז דאך ביי דיר קיין נייעס ניט.

ארטהור איז צוגעגאנגען נעהענטער צום יונגען מעדכען און האט איהר געזאגט שטילערהייט.

— זיי געזונד, טהייערע פריינדין! לעבע וואהל, דוא גוטעס קינד! דיא איינציגע, וועלכע האט זיך ווירקליך געזארגט פון מיינעטוועגען. זיי גליקליך! מיר וועלען זיך שוין קיין מאל ניט וויעדערזעהן!

ער האט זיך פון איהר אוועקגעדרעהט און איז ארויסגעלאפען פון טהויעס.

— איך פערשטעה דיך! האט אננא אויסגערופען.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויפגעלאפען אין איהר צימער, האט געחאפּט אויף זיך א מאנטעל און איז אראפּגעלאפען.

## 9טער קאפּיטעל.

## בעפרייט! גערעטעט!

עלווירא האט ניט געוואלט רעדען זעהר פיעל מיט'ן באראן נאגי. זיא האט געזאגט, אז זיא איז מיעד און איז געגאנגען אין איהר צימער. דארט האט זיא פערשלאסען דיא טהיר, האט זיך געווארפען אויף איהר בעט און האט אנגעהויבען צו רייסען דיא האר פון קאפּ.

— אזוי נאהענט צום ציעל! האט זיא אויסגערופען, האלטען דאס גליק, דאס לעבען פון א געליעבטען אין דיא הענד און עס פערליערן! דאס איז שרעקליך! — איך וועל ניט לעבען, ווען ארטהור וועט מוזען ווערן א הענקער. איך בין אליין שולדיג דאראן. ווען מיין אנקעל וואלט מיר געוועזן צושיקען דיא בעגנאדיגונג דורך א קוריער, וואלט ארטהור שוין געוועזן פריי. איך האב געוואלט איהם אליין ברענגען דעם בעגנא־דיגונגס בריעף און איך האב איהם פערלארען. ווער איז דען שולדיג? — איך!

זיא איז אויפגעשפרונגען, איז ארומגעלאפען אין איהר צימער, וויא א וואהנזיניגע באלד אבער האט זיא אנגעהויבען זיך איבערצולעגען.

— פּיעלייכט האט נאגי רעכט? וואס איז דען דערפון, וואס דער בריעף איז פערלארען? קוים האט איהם דער קייזער בעגנאדיגט, איז ער שוין קיין הענקער ניט. דיא הויפּט זאכע איז, אז ער זאל ניט בעטרעטען דעם עשאפאט. דאס איז ניט אזוי שווער. איך וועל געהן צום הענקער, איך וועל איהם בעטען, איך וועל איהם געבען געלד, איך וועל איהם אוועקשענקען מיין גאנצעס פערמעגען, ער זאל ניט מיטנעהמען ארטהורן מיט זיך, ביז איך וועל בעקומען א קאפּיע פון דער בעגנאדיגונג.

דיעזע נייע געדאנקען האבען זיא בערוהיגט. זיא האט זיך אבער דאך ניט גע־לעגט און איז געזעסען אויף איהר געלעגער. זיא האט געווארט מיט אונגעדולד, עס

זאל שוין טאג ווערן און זיא זאל קענען לויפען צום טהורעם פון טשעמני דערצעהלען ארטהורן און דעם הענקער אלעס, וואס האט מיט איהר פאסירט.

אום זעקס אוהר אין דער פריה, ווען דיא זון איז נור וואס אויפגעגאנגען, איז עלווירא שוין געווען אנגעטאהן און פערטיג צו לויפען צום טהורעם פון טשעמני, ווען איהר קאמערמעדכען איז אריינגעקומען צו איהר.

— וואס איז נייעס? האט עלווירא געפרעגט, וואס ביסט דוא געקומען אזוי פריה?

— גנעדיגעס פרייליין, האט דאס קאמערמעדכען געענטפערט, דער שטומער בעטלער איז געקומען אין הויף און ווייזט, אז ער וויל מיט אייך רעדען. מיר האבען איהם געגעבען צו פערשטעהן דורך צייכענס, אז עס איז נאך גאנץ פריה, איהר שלאפט נאך. ער וויל אבער ניט אפטרעטען. ער ווייזט עפּעס אויף זיינע קעשענעס. מיר קענען ניט פערשטעהן, וואס ער מיינט.

— פיהר איהם אריין! האט עלווירא געהייסען.

אין איניגע מינוטען ארום איז דער שטומער בעטלער אריינגעקומען צו איהר אין צימער. עלווירא האט איהם אנגעהויבען צו פרעגען דורך צייכענס, וואס ער דארף. דער שטומער בעטלער האט ארויסגענומען פון זיינע צוריסענע קעשענעס א פאפּיער און האט עס דערלאנגט עלווירא'ן.

— גאט זיי דאנק! האט עלווירא אויסגערופען, ווען זיא האט דערזעהן דאס פאפּיער.

זיא האט עס באלד דערקענט, אז דאס איז דעם קייזערס בעגנאדיגונג בריעף. זיא האט צוגעחאפּט דעם בריעף און האט איהם אנגעהויבען צו קושען. דאן האט זיא אויסגעשטרעקט דיא האנד צום שטומען בעטלער, האט געחאפּט זיין אלטע פערשמיערטע און פערקארטשעטע האנד און האט זיא צוגעלעגט צום הארצען.

דער שטומער בעטלער האט אויסגעריסען זיין האנד פון איהר און האט איהר ארויפגעלעגט ביידע הענד אויפ'ן קאפּ, גלייך וויא ער האט זיא געוואלט זעגענען (בענטשען).

— וואו האט איהר געפונען דעם בריעף? האט זיא געפרעגט.

דער שטומער בעטלער האט געמאכט צייכענס, אז ער ווייס ניט, וואס זיא רעדט צו איהם. זיא האט פּראבירט צו פרעגען איהם דורך צייכענס, וואו ער האט געפונען דעם בריעף. דער שטומער בעטלער האט צוואר געענטפערט דורך צייכענס. עלווירא האט אבער ניט פערשטאנען דיא צייכענס, וואס ער האט געמאכט. פלוצלונג האט זיא זיך עפּעס דערמאנט. זיא איז צוגעלאפען צו איהר שרייב טיש, האט ארויסגענומען א פעקעל געלד און האט איהם דערלאנגט. דער שטומער בעטלער האט ניט געוואלט נעהמען דאס געלד.

— וויא זאל איך דיר דאנקען, אונגליקליכער, שטומער מאן? האט זיא אויסגערופען מיט פערצווייפלונג אין איהר שטימע.

דער שטומער בעטלער האט גענהאפּט איהר האנד, האט זיא צוגעלעגט צו זיינע

ליפען, האט געמאכט א פאר צייבענס, וועלכע עלווירא האט ווייטער ניט פערשטאנען, און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

עלווירא איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. זיא האט ניט געקענט פערשטעהן, פון וואנען דער שטומער בעטלער האט געקענט וויסען, אז דיזעס פאפיער איז אזוי וויכטיג פאר איהר.

— ווער ביסט דוא, אונבעקאנטער פריינד? האט זיא אויסגערופען. וועלכער גליקליכער צופאל שיקט דיך שוין צום צווייטען מאל מיר צו רעטען? וויא אזוי קומסט דוא צו מיר? פאר וואס ביסט דוא אזוי פעראינטערעסירט אין מיר? — אבער גענוג! שנעל! איך מוז לויפען אין טהורעם פון טשעמני בעפרייען מיין געליעבטען!

זיא האט אויף זיך געחאפט א מאנטעל און איז ארויסגעלאפען אין דרויסען. דארט האט זיא געהייסען איהר קוטשער איינשפאנען איהר קארעטע. אין א פאר מינוטען ארום איז זיא אוועקגעפאהרען.

אונטערדעסען זיינען מיכאאיל און ארטהור געגאנגען זייער וועג. דער טאג איז געוועזען א שעהנער, א ווארעמער. דיא זון האט געשיינט אויף א קלארען, בלויען הימעל. אלעס האט געלעבט, אלעס האט געבליהט און אלעס איז געוועזען גרין.

— זעהט איהר דארט דעם הויכען טהורעם? האט מיכאאיל געפרעגט זיין שטומען בעגלייטער.

— איך זעה איהם, האט ארטהור געענטפערט טרויעריג.

— דאס איז דער טהורעם פון שלאָס ראדעצק, האט מיכאאיל ערקלערט. דער טהורעם איז הויך, זאגאר צו הויך, ער שטעהט אבער לעבען א שרעקליכען אבגרונד. וויא הויך ער איז, אזוי טיעף קען ער פאלען. מיך וואונדערט, פאר וואס דיא איינוואינער פון יענעם שלאס, וועלכע האבען זיך גאר ניט לאנג בעזעצט אין דיזער געגענד, האבען זיך אויסגעקליעבען געראדע דיזען שלאָס.

— וואס געהט עס אונז אן? האט ארטהור געזאגט בייז, — קוקט בעסער אין יענע זייט. דארט הייבען זיך אויף דיא דעכער פון מיין שלאס. זייט זעקס הונדערט יאהר האבען דארט געוואינט דיא שטאָלצע בעראָנען פון דער פאמיליע באטהיאני. מיין אור־אור גראספאטער באָניסלאוו פאן באטהיאני, האט געוויס ניט געטרוימט אז זיין אור־אור עניקעל ארטהור וועט זיין א הענקער.

— שוין ווידער? איהר רעדט שוין ווידער נארישקייטען? האט מיכאאיל אויסגערופען, וואס איז דער אונטערשייד צווישען דעם שטאלצען באראָן און דעם הענקער? דער שטאָלצער באראָן האט געטייטעט מענשען אויף אייגענע רעכנונג, צום פערגניגען; דער הענקער טייטעט מענשען אויף פרעמדע רעכנונג און וויל עס איז זיין פפליכט; וויל ער איז געצוואונגען דערצו; וויל דאס געזעץ הייסט איהם.

זיי זיינען ווייטער געגאנגען. ביידע האבען געשוויגען. מען האט שוין ווירקליך געזעהן גאנץ דייטליך דיא מויערן פון'ם שלאָס באטהיאני.

— זעהט נור, ארטהור! האט פלוצלונג מיכאאיל אויסגערופען, דארט פליהט אן עקיפאזש שנעל, וויא דער ווינד. ווער זאל עס זיין?

ארטהור האט א קוק געטאהן אויף דיא קארעטע, וועלכע איז געפלויגען אויפ'ן

טראקט ניט ווייט, וויא א פייל פק'ס בוינגען, און איז געווארען בלייך וויא קאלך. מי־
כאאיל האט עס בעמערקט.

— וואס איז מיט אייך, ארטהור? פאר וואס זייט איהר געווארען אזוי בלייך?
האט ער געפרעגט.

— מיכאאיל! האט ארטהור אויסגערופען, ווען מיינע אויגען נארען מיך ניט
אפ, פאהרט עלווירא פאן טאָקקי אין יענע קארעטע.

מיכאאיל האט זיך בעסער צוגעקוקט און האט אויסגערופען:

— איהר האט רעכט, ארטהור! דאס איז דער עקיפּאַזש פון דער גרעפין פאן
טאָקקי!

ביידע זיינען געבליעבען שטעהן און האבען געקוקט אויף דיא שנעל, וויא א בליץ
פליהענדע קארעטע. ארטהור האט געציטערט. זיין הערץ האט איהם געזאגט, אז
עלווירא זוכט איהם, אז זיא פאהרט צו איהם, אז זיא האט פאר איהם גוטע און
פרעהליכע נאכריכטען.

וויא עס ווייזט אויס, האט עלווירא דערזעהן דיא צוויא געשטאלטען, וועלכע
האבען געטראגען רויטע מאנטלען, ווייל זיא האט ארויסגענומען איהר טאשענטוך און
האט אנגעהויבען צו פאָכען מיט איהם.

— עס איז עלווירא! האט ארטהור אויסגערופען, זיא ווינקט מיר! זיא רופט
מיך! זיא דארף מיך!

ער האט אנגעהויבען צו לויפען צו דער קארעטע, וויא וויט ער האט געקענט.
אין איינינע מינוט איז ער געווען לעבען זיין געליעבטער.

— עלווירא! איז געווען דאס איינציגע ווארט וואס ער האט געקענט ארויס־
זאגען.

זיא איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט איהם ארומגענומען. זיא
האט אבער ניט געקענט ארויסזאגען קיין ווארט. איינינע מינוטען זיינען ביידע גע־
שטאנען איינער לעבען אנדערן, וויא פערגליווערט, וויא פערשטיינערט. קיינער האט
ניט געקענט ארויסזאגען א ווארט, ביז עס האבען אנגעהויבען זיך צו גיעסען טרערין פון
זייערע אויגען.

— דוא לעבסט נאך, עלווירא? האט ארטהור ענדליך אויסגערופען, איך בין
גליקליך!

עלווירא האט נאך ניט געקענט ענטפערן. איהר הערץ איז געווען פול מיט פרייד
און מיט גליק.

— אך, עלווירא! איך זעה דיך יעצט צום לעצטען מאל! איך זעה דיך אום
דיר צו זאגען אויף אייביג: לעבע וואהל!

— ניין, ארטהור! מיר וועלען זיך ניט שיידען! מיר וועלען גליקליך זיין!

זיא האט ארויסגענומען א פאפּיער פון בוזים און האט איהם דערלאנגט. ארטהור
האט א קוק געטאהן אויף דאס פאפּיער און פריידען טרערין האבען זיך אנגעהויבען צו
גיסען פון זיינע אויגען.

דער הענקער איז געשטאנען און האט זיי אנגעקוקט. ער האט ניט געוואוסט,

וואס דאָ קומט פאָר. עס איז פערגאנגען א נערוימע צייט, ביז אלע דרייא זיינען געקו־מען צו זיך און האבען געקענט ארויסזאגען א וואָרט. ענדליך איז ארטהור געקומען צו זיך און האט אויסגערופען:

— גוטער ענגעל! ליעבע, זיסע עלווירא! איז עס מעגליך? — בין איך ווירקליך פריי? בין איך ווירקליך גערעטעט? בין איך ווירקליך קיין הענקער מעהר? — וויא איז עס מעגליך? וויא איז עס געשעהן?

— דוא האסט עס צו פערדאנקען מיין אנקעל, דעם גראף מעראס, האט עלווירא געענטפערט. ער האט עס געשריעבען צום קייזער; ער האט עס איהם געבעטען, אז ער זאל דיך בעגנאדיגען.

— מיכאאיל, איך בין פריי! איך בין ניט מעהר דיין געהילפע! האט ארטהור אויסגערופען און האט אראפגעווארפען פון זיך דעם רויטען מאנטעל.

מיכאאיל האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

— וויא אזוי זייט איהר עס פריי געווארען? האט ער געפרעגט.

— נאַ, לעז אליין! דער קייזער האט מיך בעגנאדיגט! האט ארטהור געזאגט און האט איהם דערלאנגט דעם קייזער'ס בריעף.

מיכאאיל האט דערזעהן דעם גרויסען רויטען זיגעל און דיא שעהנע אונטער־שריפט פון קייזער יאָזעף און האט אראָפגענומען דעם הוט.

— יעצט בעראָן פאָן באטהיאני, געהערן מיר זיך מעהר ניט אָן, האט ער גע־זאגט שטילערהייט.

ער האט זיך פערנייגט און האט געוואלט אוועקגעהן. ארטהור האט איהם צוריקגעהאלטען.

— ניין, פריינד מיכאאיל, ניט אזוי דארפען מיר זיך שיידען! איהר זייט געווען גוט געגען מיר, איהר זייט געווען פריינדליך געגען מיר. ערשט נעכטען ביי נאכט האט איהר מיך דערמאָנט, אז איך בין אייך שולדיג פאר אייער פריינדליכקייט. קומט מיט מיר, מיכאאיל, קומט אין מיין שלאָס! איך וועל אייך בעצאהלען.

— ניין, בעראָן פאָן באטהיאני, ניין! האט מיכאאיל געענטפערט, איך וועל קומען צו אייך אנאנדער מאל. יעצט האב איך קיין צייט ניט. געהט אייך, בעראָן, אין אייער שלאָס, לעבט וויעדער גרויס, שטאָלץ און גליקליך! דערמאָנט אייך אבער א מאָל, אז אין טהורעם פון טשעמני וואהנען אונגליקליכע מענשען, וועלכע ליעבען אייך און שעצען אייך.

מיט דיעזע ווערטער האט ער גענומען דעם רויטען מאנטעל, וועלכען ארטהור האט פון זיך אראפגעווארפען און זיין קעססעלע אינסטרומענטען און איז זיך אוועק־געגאנגען. ארטהור און עלווירא האבען איהם נאכגעקוקט. זיי זיינען געווען אזוי גליקליך און אזוי פול פרייד, אז זיי האבען ניט געקענט זעהן, וויא אונטער א געדיכטען בוים איז געשטאנען א בילד שעהנעס מעדכען און האט געוויינט. דאס איז געווען אננא, דעם הענקערס טאכטער.

— נאט זיי דאנק, ער איז גערעטעט! האט זיא אויסגערופען. איך בין איהם נאכגעלאפען, ווייל איך האב גוט געזעהען און געהערט, אז ער וויל זיך נעהמען דאס

לעבען. ער האט עס ניט נעקענט איבערטראגען. עס איז געווען צו פיעל פאר איהם. ער איז אבער גערעטעט! ער איז פריי! יעצט קען איך געהן צוריק אין מיין טהורעם אליין, עלענד, פעראכטעט פון דער גאנצער וועלט, פערדאמט און פערשפאטעט. דאס איז מיין שיקזאל! דערפאר בין איך דיא טאכטער פון א הענקער!

ארטהור און עלווירא האבען זיך געהאלטען ביי דיא הענד און זיינען נאך אלץ געשטאנען איינער לעבען אנדערן.

— דוא ביסט פריי, ליעבער ארטהור, האט עלווירא געזאגט.

— און דיר האב איך צו פערדאנקען מיינע פרייהייט, האט ארטהור געענטפערט.

— יעצט וועלען מיר זיך מעהר ניט צושיידען.

— אייביג טריי! אייביג צוזאמען!

ווער קען עס בעשרייבען דיא שטילע ווערטער, וועלכע צוויי ליעבענדע מענשען זאגען איינער דעם אנדערן אין דיא מינוטען פון זייער פרייד און פון זייער גליק?

ארטהור האט ענדליך ארויסגעזעצט עלוויראן אין איהר קארעטע און איז צוגעפאהרען מיט איהר ביז ניט וויט פון שלאס טאקקי. ער האט ניט געקענט אריינגעהן אין שלאס, ווייל ער איז ניט געווען אנגעטאהן, וויא עס דארף צו זיין. עלווירא האט איהם געבעטען, ער זאל צוריק פאהרען אין איהר קארעטע צו זיך אהיים. ארטהור אבער האט עס ניט געוואלט. ער איז געווען גליקליך, וואס ער איז ווידער געווען פריי, וואס ער האט ווידער געקענט ארומגעהן, וואוהין ער האט געוואלט, וויא אלע מענשען.

זיי האבען זיך נאך א מאל געדריקט דיא הענד און ארטהור האט איהר צוגעזאגט, אז ער וועט נאך היינט מאכען איהר און איהר מוטער א וויזיט.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס פאר א פרייד עס איז געווארען אין שלאס באטהיאני, ווען דער פערוואלטער און דיא דיענער האבען דערזעהן, אז ער איז צוריק געקומען. אלע האבען געטאנצט פאר פרייד. איינינע פון זיי האבען ביז היינט ניט געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען. זיי האבען צוואר געהערט, אז ער געפינט זיך אין טהורעם פון טשעמני, אז ער איז געווארען א הענקער. זיי האבען עס אבער ניט געוואלט גלויבען.

ארטהור אליין האט אין דיא ערשטע מינוטען געפיהלט א בעזונדערע פרייד. ער איז ווידער ביי זיך אין דערהיים. ער איז ווידער אין שלאס פון זיינע עלטערן. ער איז ווידער דער באראן פאן באטהיאני. ער איז ווידער איינער פון דיא אונגארישע מאג־נאטען. ער איז ווידער א מענש וויא אלע מענשען.

ער האט באלד געהייסען זיך מאכען א וואנע, האט זיך אויסגעבאדען, האט זיך ארומגעוואשען, האט געהייסען, מען זאל איהם אפשערן און אפראזירען. דאן האט ער זיך אנגעטאהן אין זיינע פריהערדיגע קליידער און איז געגאנגען עסען פריהשטיק.

ביים עסען האט ער זיך ערשט אנגעהויבען ארומצוקוקען, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט. אין זיין גרויסער פרייד האט ער פערגעסען צו פרעגען עלוויראן, וואס איהר ברודער געארג מאכט. געארג איז זיין איינציגער פריינד, מיט וועלכען ער קען

רעדען אפענהערציג איבער זיינע אנגעלעגענהייטען. דאן האט ער זיך דערמאָנט אן דעם דאקומענט, פון וועלכען געארג האט איהם געשריעבען.

ער האט אנגעהויבען צו דענקען איבער זיין פערמעגען און איז געווארען טרויע־ריג. מיט זיין פערמעגען איז עס געשטאַנען זעהר שלעכט. ער האט מעהר ניט געהאט, וויא דיעזען שלאס מיט א קליין שטיקעל לאנד ארום. זא לאנג ער האט געלעבט אין דאָרף און האט געלעבט זעהר שפּארזאם, זעהר עקאנאָמיש, האט ער נאך געקענט לעבען. וואס וועט ער אבער טאהן, ווען ער וועט דארפען פאהרען קיין בודאפעסט און זיך פארשטעלען אלס מאגנאט, אלס שטאָלצער באראָן? דאן מוז מען זיך אנטאהן אנדערש, מען מוז ארויספאהרען אויף שעהנע פערד אין א רייכער קארעטע און וויזען פאר דער וועלט, אז מען איז עפּעס! וואו וועט ער דאן נעהמען געלד?

ער האט זיך פערטראכט און איז געווארען זעהר טרויעריג. עס איז אריינגעקומען א דיענער און האט איהם געמעלדעט, אז דער שטומער בעטלער מאכט צייכענס אז בעט, מען זאל איהם אריינלאזען. אנפאנגס האט ארטהור ניט געוואלט אויפנעהמען דעם שטומען בעטלער. ער איז ניט געווען אויפגעלעגט צו רעדען מיט איהם דורך צייכענס. באלד אבער האט ער זיך דערמאָהנט. אז אין דעם טאג, וואס מאקס פאָן ראדעצקי האט איהם אריינגעווארפען אין טהורעם פון טשעמני, איז געקומען דער שטו־מער בעטלער און האט איהם געווארנט, ער זאל ניט געהן מיט מאקס'ן. ווען ער זאל איהם דאמאלס געווען פאָלגען, וואלט ער ניט געליטען אזוי פיעל אין טהורעם פון טשעמני.

— פיהר איהם אריין! האט ער געזאגט צום דיענער.

דער שטומער בעטלער איז אריינגעקומען אין צימער און האט זיך פערנייגט.

— דוא ביסט געקומען מיר ווינשען גליק צו מיין בעפרייאונג, האט ארטהור געזאגט און האט איהם דערלאנגט א גאלדענע מינצע.

דער שטומער בעטלער האט ניט גענומען דאס געלד. ער האט געמאכט אייניגע צייכענס, וועלכע ארטהור האט ניט רעכט פערשטאַנען. דאן האט ער ארויסגענומען פון זיינע צוריסענע קעשענעס א פּעקעלע, האט עס אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש און איז ארויסגעלאפען פון צימער. ארטהור איז געבליעבען זיצען ערשטוינט.

— וואס זאל דאס הייסען? האט ער געפרעגט.

ווען ארטהור זאל ניט געווען וויסען, אז דער שטומער בעטלער איז זיין פריינד, וואלט ער געווען ארויסגעווארפען דאס פּעקעלע אין דרויסען און וואלט אנגעזאגט זיינע דיענער, זיי זאלען מעהר ניט אריינלאזען דעם שטומען בעטלער צו איהם אין הויף. ער האט אבער געוואוסט, אז דער שטומער בעטלער מיינט קיין שלעכטעס און ווען ער האט איהם געבראכט א פּעקעלע, מוז דא עפּעס זיין.

ער האט גענומען דאס פּעקעלע און האט עס בעטראכט. צום פּעקעלע איז גע־ווען צוגעבונדען א צעטעלע מיט דיא ווערטער:

„ביטע זעהר, עפענט אויף!“

ארטהור האט געעפענט דאס פּעקעלע. דארין זיינען געלעגען עטליכע הונדערט

לגנאוֹגדען און א בריעף. דאס געלד האט ער ניט אנגעריהרט, דעם בריעף אבער האט ער געעפענט און האט געלעזען פאלגענדעס:

„איהר וועט ניט אפזאגען א פריינד, וועלכער ליעבט אייך און שעצט אייך און שיקט אייך אפ, וואס עס קומט אייך. איך וויס, אז יעצט דארפט איהר געלד און שיק אייך אפ, וויא פיעל איך בין אייך שולדיג. איך בעט אייך זעהר, איהר זאלט מיר ניט אפזאגען און אננעהמען אן אלטען חוב.“

קיין נאמען, קיין אונטערשריפט און קיין דאטום.

אנפאנגס האט ארטהור געוואלט תאפען דאס געלד מיט׳ן בריעף און זיי ארויס־ווארפען אין דרויסען, באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט.

— דא איז עפעס א געהיימנים, האט ער געזאגט צו זיך אליין. דער שטומער בעטלער איז ניט דאס, וואס ער ווייזט אויס צו זיין. ווער זאל ער זיין? פון וואנען קען ער מיך אזוי? פון וואנען וויס ער, אז איך דארף יעצט געלד?

10טער קאפיטעל.

## פאמיליען בעראטהונג.

באראָן פאָן נאני איז שוין פאָלקאָמען געזונד, ער קען אבער ניט פערגעסען, אז ער האט ערגעץ א פערבאָרגענעם פיינד, וועלכער איז אויף איהם אנגעפאלען ביי נאכט און האט איהם פערוואונדעט. יעדעס מאל, ווען ער דערמאנט זיך אן דיעזען פיינד, ווערט ער בייז און לעגט צונויף דיא הענד אין שטארקע פויסטען. ער רעדט יעצט דערפון מיט דער גרעפין.

— הער נור, נאני, האסט דוא נאך ניט אויסגעקלערט, ווער דיעזער פיינד איז, וועלכער איז אויף דיר אנגעפאלען? דענקסט דוא ניט אז דאס איז געוועזן ער?

— איהר מיינט, אז דאס איז געוועזן ראָבערט?

— איך דענק אזוי, האט דיא גרעפין געענטפערט, אנדערש קען עס גאר ניט זיין. מיר דאכט, אז נור ער קען עס זיין. ער ליעגט ערגעץ בעהאלט׳ן ניט ווייט פון דאנען און פאָרשט אונז נאך אויף יעדען שריט.

— דאן וועט ער לאנג ניט מאכען אזעלכע שטיק. איך וועל איהם געפינען און וועל מיט איהם ניט מאכען קיינע צערעמאָניען. ער וועט לאנג ניט לעבען.

— לאָז זיין, וויא עס וויל זיך, האט דיא גרעפין געזיפצט, דערווייל האט מען ביי דיר צוגענומען דעם בעגנאדיגונגס בריעף פון׳ם קייזער און עס איז זעהר מעגליך, אז ער וועט אנקומען אין טהורעם פון טשעמני. וואס וועט דאן זיין?

— וואס רעדט איהר, גרעפין? וואס האב איך דען געקענט העלפען, ווען איך זאל שוין געוועזן האבען דעם בריעף? האב איך דען דערמיט געקענט צוריקרופען דעם קייזערס גנאדע? איך האב געקענט זיא פערצעגערן, זיא פערלענגערן, זיא פערשלעפען, ווייטער גאָר ניט. — דאס איז נאך גארנישט. דיא הויפט זאכע איז, וואס דיא אלטע גרעפין וועט ניט דערלאזען, אז עלווירא זאל הייראטהען דעם אָרימען באראָן. איך מוז היינט פאהרען קיין טאָקקי רעדען מיט עלוויראַ׳ן און איהר ערקלערן, אז דער באראָן פאן באטהיאני איז זעהר ארים. זיא קען איהם ניט הייראטהען, ווייל ער איז קוים,

קוים אים שטאנד צו דערנעהרען זיך אליין מיט זיינע מענשען. איך האף, אז עלווירא וועט מיך פערשטעהן. אויסהערען וועט זיא מיך געווים. איך בין דאך איהר רעטער.

אזוי וויא ער האט אזוי גערעדט, איז אנגעלאפען א קארעטע אין הויף. מאקס ראדעצקי איז ארויסגעשפרונגען פון איהר און אין איינינע מינוטען ארום האט ער ארומגענומען זיין מוטער.

ער האט באלד אנגעהויבען צו דערצעהלען, וואס ער האט געזעהן אין בודאפעסט, ווי דיא גראף מעראס האט איהם אויפגענומען, וויא אזוי ער האט בעזוכט געארג'ן און איז מיט איהם געווארען א גוטער פריינד. און וויא ער איז געפאהרען צוריק. ער האט געוואלט אניאגען עלוויראן, עס איז איהם אבער ניט געלונגען, ווייל זיא איז געפאהרען אויף אנאנדער וועג.

ווען ער האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האט ער געפרעגט, וואס עס הערט זיך ביי זיי נייעס. דיא גרעפין האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס האט אונטערדעסען פאסירט אין שלאס ראדעצק און אין שלאס טאקקי. זיא האט איהם זאגאר דערצעהלט דיא געשיכטע מיט'ן קייזערס בעגנאדיגונגס בריעף. וויא נאני האט איהם שוין געהאט אין דיא הענד און וויא ער האט איהם ווידער פערלארען.

מאקס איז געווארען זעהר אונרוהיג, ווען ער האט דערהערט, אז דער בעגנאדי־גונגס בריעף איז ווידער פערלארען געגאנגען.

— אויב אזוי, מוז איך באלד געהן מאכען א בעזוך עלוויראן, האט ער געזאגט. זא לאנג דער באראן פאן באטהיאני געפינט זיך נאך אין טהורעם פון טשעטני, קען מען נאך אלעס טאהן. שפעטער וועט אלעס זיין פערלארען.

— דוא האסט פאלקאמען רעכט, מיין קינד, האט דיא גרעפין געזאגט, קוים וועט דער באראן זיין פריי, קענען מיר שוין גאר ניט מאכען.

— דאס איז צוואר ריכטיג, האט נאני בעמערקט, איך דענק אבער אז היינט איז נאך צו פריה פאר אייך צו מאכען א בעזוך אין שלאס טאקקי. איך וויל דארט היינט זיין און מעלדען, אז איהר זייט צוריקגעקומען פון בודאפעסט.

— איך וועל טאהן, וויא איך פערשטעה, האט מאקס געזאגט שטילערהייט.

נאני האט ניט געהערט אדער ניט געוואלט הערן, וואס מאקס האט געזאגט. זיי זיינען זיך צוגאנגען יעדער אין זיין צימער. נאני האט מעהר ניט גערעדט דאריבער ניט מיט דער גרעפין און ניט מיט מאקס'ן. — — — — — —

אין שלאס טאקקי איז היינט א פרעהליכער טאג.

עלווירא האט זעלבסטפערשטענדליך באלד דערצעהלט איהר מוטער, אז ארטהור איז בעפרייט און אז זיא איז יעצט דיא גליקליכסטע אויף דער וועלט. דיא אלטע גרעפין האט זיך צוואר ניט אזוי שטארק געפרעהט דערמיט, וואס ארטהור איז פריי, זיא האט עס אבער ניט געוואלט ווייזען איהר טאכטער.

דיעזער טאג אבער איז געווען ווירקליך א בעזאנדערער פריידען טאג פאר דיא איינוואינער פון שלאס טאקקי. אום צוועלף אוהר האט דער פאסטילליאן געבראכט א בריעף פון בודאפעסט, אז געארג איז שוין פאלקאמען געזונד און אין עטליכע טעג

ארום וועט ער קומען קיין טאקקי. דיא דאקטוירים ראטהען איהם, ער זאל לעבען איינינע צייט אין א דארף, וואו ער קען אטהעמען פרישע לופט, און ער וועט ווערן געזונד און שטארק.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וויא גליקליך דיא אלטע גרעפין איז געווען, ווען זיא האט איבערגעלעזען דיעזען בריעף.

— אה, גליקליכער טאג! האט עלווירא אויסגערופען. יעצט איז שוין אלעס, אלעס וויעדער גוט!

— אלעס? האט דיא אלטע גרעפין געפרעגט.

— געוויס, מוטער! געארג איז געזונד, ארטהור איז בעפרייט פון טהורעם פון טשעמני! וואס נאך דארפען מיר האבען אום גליקליך צו זיין?

— אך, טאכטער! איך מוז דיר זאגען, אז מיט דער פרייהייט פון'ם בארא̈ן פאן באטהיאני איז נאך ניט אלעס אין דער בעסטער ארדנונג. מען האט מיר דער־צעהלט, אז ער געפינט זיך יעצט אין א זעהר שלעכטער לאגע. זיין פערמעגען איז אזוי קליין, אז ער קען זיך קוים, קוים איינהאלטען.

— מוטער, רעד ניט דערפון! האט עלווירא געבעטען, איך וויים, אז ארטהור איז ניט רייך, דערפאר בין איך רייך גענוג.

— דוא ביסט רייך, דאס איז וואהר, וואס קען דאס אבער העלפען דעם בארא̈ן פאן באטהיאני?

— מוטער! וואס רעדסט דוא? —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז דער בארא̈ן נאגי פאן האללאוואאי איז געקומען צופאהרען און וויל זעהן דיא גרעפין.

— בעט איהם, ער זאל אריינקומען צו אונז אין זאל! האט דיא גרעפין אויס־גערופען.

באלד איז נאגי אריינגעקומען אין צימער און האט בעגריעסט זעהר העפליך ביידע פרויען. דיא גרעפין האט איהם געבעטען, ער זאל זיך זעצען לעבען איהר און מען האט אנגעהויבען צו רעדען פון פערשיעדענע זאכען. — וויא עס פיהרט זיך אין אזא פאלל, האט מען אנפאנגס גערעדט נור פון וועטער. באלד אבער האט מען אנגעהויבען צו רעדען פון אנדערע זאכען.

— עס פרעהט מיך זעהר, וואס איך זעה אייך היינט אזוי מונטער און אזוי פרעהליך, האט נאגי געזאגט צו עלווירא'ן. ווען איך בין געבטען אוועקגעפאהרען פון אייך, זייט איהר געווען אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגעשלאגען, אז עס איז געווען אונ־מעגליך צו רעדען מיט אייך א ווארט. יעצט זייט איהר אזוי פרעהליך?

— איך האב גענוג אורזאכען פרעהליך צו זיין, האט עלווירא געענטפערט.

— מעג איך מיר ערלויבען אייך צו בעטען, מיר צו זאגען דיעזע אורזאכען?

— אה, איך קען אייך זאגען: איך האב געפונען, וואס איך האב פערלארען.

— נא̈ט זיי דאנק! האט נאגי אויסגערופען, אין הארצען אבער האט ער זיך שטארק דערשראקען איבער דיעזע נאכריכט. — נא̈ט זיי דאנק! דיא גרעפין פאן ־אדעצקי און איהר זוהן וועלען זיין גליקליך, ווען זיי וועלען דערהערן דיעזע נאכריכט.

בעזאנדערס וועט זיך פרעהען דער יונגער גראף. ער איז ערשט היינט צוריקגעקומען פון זיין רייזע און וועט האבען דיא עהרע זיך אייך פאָרצושטעלען.

עלווירא האט געשוויעגען. זיא האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן אויף דיא נאכריכט, אז גראף מאקס פאן ראדעצקי וועט איהר מאכען א בעזוך. דערפאר אבער האט געגענטפערט דיא אלטע גרעפין:

— עס וועט מיך זעהר פרעהן צו זעהן דעם גראף פאן ראדעצקי. מיין זוהן געאָרג האט מיר געשריעבען, אז ער האט זיך מיט איהם בעקענט אין בודאפעסט און איז זעהר צופריעדען מיט זיין בעקאנטשאפט.

איך בין זיכער, אז אלע, וועלכע קענען דעם יונגען גראף, וועיסען איהם צו שעצען און צו אכטען, האט נאני געזאגט און האט א קוק געטאהן אויף עלוויראן. אויסער דעם וואס ער איז זעהר רייך, איז ער זעהר שעהן, זעהר געשיקט, זעהר קלוג און ער וועט געוויס אין א קורצער צייט ווערן איינער פון דיא גרעסטע מענער אין אונגארן. —

ער האט געוואלט זאגען נאך עפעס און אויסלויבען זיין יונגען פריינד פאר עלוויראן, אין דיעזע מינוט אבער האט זיך געעפענט דיא טהיר און א דיענער האט געמעלדעט:

— גראף מאקסימיליאן פאן ראדעצקי!

נאני איז געווען זעהר אונצופריעדען, וואס מאקס איז געקומען פריהער, איידער ער האט איהם געהייסען. ער האט גערעכענט, אז ער וועט איהם אויסלויבען פאר עלוויראן און וועט איהם אויפהויבען ביז אין הימעל אריין. יעצט האט איהם מאקס געשטערט. איהם אין דיא אויגען איז אונמעגליך צו לויבען.

גאנץ אנדערש האט זיך בענומען דיא אלטע גרעפין. זיא איז ענטגעגען געגאנגען דעם גראף מאקס ראדעצקי, האט איהם גענומען ביי דער האנד און האט איהם צוגעפיהרט צום דיוואן. עלווירא האט זיך פערנייגט פאר איהם העפליך אבער רוהיג.

— אך, גרעפין עלווירא! האט מאקס אויסגערופען, איך קען אייך גאר ניט איבערגעבען, וויא פערצווייפעלט איך בין געווען, ווען איך בין געקומען צו אייער אָנקעל אין בודאפעסט און בין געוואהר געווארען, אז איהר זייט ארויסגעפאהרען מיט עטליכע שטונדען פריהער. איך האב געוואלט נעהמען עקסטרא פאסט און אייך נאכפאהרען, צום אונגליק, זיינען דאמאלס ניט געווען קיין פרישע פערד צו בעקומען. — איך זעה יעצט מיט פרייד, אז איהר זייט אנגעקומען גליקליך אהיים. דער באראָן פאָן האללאוואי אבער האט מיר דערצעהלט, אז אייך האט פאסירט עפעס אן אונגליק אויף'ן וועג. איהר האט געפיהרט מיט זיך א בריעף פון'ם קייזער, אין וועלכען ער בעגנאדיגט דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני, מיין געוועזענעם פריינד. דיעזען בריעף האט איהר פערלארען. דאס איז אונאנגענעהם! דאס איז זעהר טרויעריג!

— בערוהיגט אייך, הערר גראף! האט עלווירא געענטפערט, איך האב געפונען דעם קייזערס בריעף און דער באראָן פאן באטהיאני איז שוין פריי.

ווען דער בליץ זאל געווען אין דיעזע מינוט אריינפאלען אין צימער, וואלט מאקס זיך ניט אזוי דערשראקען, וויא יעצט, ווען עלווירא האט איהם געזאגט דיא פאר ווערטער: דער באראָן פאן באטהיאני איז פריי!

— אזוי? ער איז שוין פריי? האט ער געפרעגט מיט א שטילער, טאָנלאָזער שטימע.

נאני איז געזעסען, וויא אויף הייסע קוילען. אין איהם האט זיך צוברענט דער האס צו באראָן פאן באטהיאני. ווען ער זאל געווען קענען, וואלט ער איהם דער־שטאָכען פאר עלוויראַ'ס אויגען. ער איז נאך אוועקגעזעסען איינינע צייט און האט זיך געשטארקט צו רעדען עפּעס, צו דערצעהלען עפּעס. עס איז אבער ניט געגאנגען. עלוויראַ האט ווענינ גערעדט און ער אליין האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז ווען ער וועט זיצען לענגער, קען ער נאך ארויסרעדען אן איבעריגעסווארט. ער האט זיך ענדליך אויפגעהויבען און האט געזאגט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך מוז אוועקגעהן פון אזא ליעבענסוויר־דיגע און פריינדליכע געזעלשאפט, איך האב אבער זעהר וויכטיגע געשעפטע צו בע־זארגען און מוז געהן אהיים.

ער האט דערלאנגט זיין האנד דער אלטער גרעפין, האט אבשיעד גענומען פון עלוויראַ'ן און איז ארויסגעגאנגען פון שלאס. אין דרויסען האט ער אויפגעאטהעמט פרייער.

— נו, באראן פאן באטהיאני! דוא ביסט מיר צו פריה בעפרייט געווארען פון טהורעם פון טשעמני! איך וועל מיך מוזען בעאיילען און טאהן פריהער דאס, וואס איך האב גערעכענט צו טאהן פון דיינעטוועגען. דוא האסט נאך ניט געזיעגט. זאלאנג איך לעב נאך, וועסט דוא אויך ניט זיעגען!

אזוי וויא ער איז אזוי געשטאנען און האט גערעדט צו זיך אליין, האט ער דער־זעהן, וויא א הויכער, שעהנער יונגער מאן איז ארויסגעקומען פון טאהל. נאני האט א ציטער געטאהן. ער האט דערקענט דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני. ער איז איהם ענטגעגען געגאנגען איינינע שריט און האט אויסגערופען:

— גוטען אבענד, הערר באראן פאן באטהיאני! איך ווינש אייך גליק צו אייער בעפרייאונג!

— גוטען אבענד, מיין הערר! האט ארטהור געענטפערט. קענט איהר מיר ניט זאגען, מיט וועמען איך האב דיא עהרע צו רעדען?

— איך בין אייער פריינד, האט נאני געענטפערט, איך בין געווען אויסער זיך, ווען איך האב דערהערט, וואס פאר אן אונגליק אייך האט פאסירט, אבער גאט זיי דאנק! איהר זייט גערעטעט! איהר זייט ווידער פריי!

— איהר האט מיר נאך ניט געענטפערט אויף מיין פראגע, האט ארטהור בעמערקט.

— איך הייס נאני באראן פאן האללאוואי, האט נאני געענטפערט און האט דערלאנגט ארטהור'ן דיא האנד.

ארטהור האט איהם בעטראכט איינינע מינוטען. עס האט זיך איהם אויסגע־וויזען, אז ער האט דעם מאן ערגעץ געזעהען.

— איך דאנק אייך זעהר, מיין הערר, פאר אייער פריינדליכקייט און פאר אייער

טהיילנאהמע אין מיין שיקזאל. עס פרעהט מיך זעהר צו זעהן, אז גאנץ פרעמדע מענ־שען האבען מיך בעדויערט. עס פרעהט מיך נאך מעהר, וואס איך האב אין אייך געפונען א נייעם פריינד. ביטע, ווען איהר וועט פארבייפאהרען מיין שלאס, קוממט אריין צו מיר, וויא צו א גוטען פריינד.

— איך וועל עס האלטען פאר אן עהרע צו בעזוכען דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני, האט נאני אויסגערופען, און איך דאנק אייך זעהר פאר דיעזע איינלאדונג.

ביידע מענער האבען זיך געגעבען דיא הענד און זיינען זיך צוגאנגען. קוים איז נאני אוועקגעגאנגען עטליכע שריט, איז ער געבליעבען שטעהן און האט געזאגט צו זיך אליין:

— נו, באראן פאן באטהיאני, דוא לויפסט אליין אין דיא נעצען, וועלכע איך האב אויסגעשטעלט פון דיינעטוועגען. דוא וועסט זיך באלד אזוי פערדרעהען אין זיי, אז דוא וועסט שוין אייביג ניט ארויס. דוא האסט מיך איינגעלאדען צו זיך. — גוט! איך וועל קומען, אבער ניט אומזיסט!

ער האט צוגערופען זיין קוטשער און איז געפאהרען אהיים.

מאקס איז אונטערדעסען געבליעבען זיצען לעבען עלוויראן. ער האט פרובירט מיט איהר רעדען, זיא האט איהם אבער געענטפערט קאלט און איין ווארט איבער צעהען.

— יעצט איז אלעס פערלארען! האט מאקס געזיפצט שטילערהייט.

דיא אלטע גרעפין האט זעהר גוט בעמערקט, אז עלווירא בעהאנדעלט דעם יונגען גראף זעהר קאלט און זיא האט געוואלט פערגלעטען דיעזע קאלטע בענעהמען און איז צוגעגאנגען צו איהם, האט אנגעהויבען צו רעדען מיט איהם און האט געטאהן אלעס מעגליכע אום צו אונטערהאלטען דעם יונגען מאן.

אין דיעזע מינוט האט א דיענער געעפענט דיא טהיר און האט געמעלדעט:

— באראן ארטהור פאן באטהיאני!

עלווירא איז אויפגעשפרונגען פול פרייד און איז ענטגעגען געלאפען איהר גע־ליעבטען. זיא האט איהם אויסגעשטרעקט ביידע הענד און איז מיט איהם צוגעגאנגען צו איהר מוטער.

מען קען זיך דענקען, וויא ארטהור איז געווארען איבעראשט און אונרוהיג, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך מאקס ראדערצקי. דאס האט ער ניט ערווארטעט! דארויף האט ער זיך ניט גערעכנט. דאס וואלט איהם קיין מאל ניט איינגעפאלען, אז נראדע דאס ערשטע מאל נאך זיין בעפרייאונג פון טהורעם פון טשעמני זאל ער טרעפען מאקס ראדעצקי ביי זיין געליעבטער עלווירא.

ארטהור האט זיך בעגריעסט מיט דער אלטער גרעפין און וויא דיא העפליכקייט האט געפאדערט, האט ער געמוזט זיך בעגריעסען מיט מאקס'ן אויך.

— אלזא, גראף פאן ראדעצקי, זעהן מיר אונז ענדליך וויעדער! האט איהם ארטהור געזאגט שטילערהייט.

— געוויס, הערר באראן! ווען איהר זאלט געוועזען בלייבען אין טהורעם פון טשעמני, וואלטען מיר זיך יעצט ניט געקענט זעהן.

ארטהור איז געווארען בלייך, וויא קאלך, און האט זיך אנגעהאפט אן זיין שווערד, עלווירא האט עס בעמערקט און האט איהם א ווינק געטאהן, ער זאל זיך בערוהיגען.

— גראף ראדעצקי! האט ארטהור איהם נעזאגט שטילערהייט, עס טהוט מיר זעהר לייד אייך צו זאגען, אז פאר אונז ביידען איז דיעזעס צימער צו ענג. איינער פון אונז מוז אפטרעטען פון דאנען. איך געפין מיך צוואר אין א פרעמדער שטוב, דיא גרעפין פאן טאָקקי וועט מיר אבער פערצייהען, וואס איך ערלויב מיר אזוי צו רעדען אין איהר הויז. זיא האט אליין געבעטען, איך זאל קומען זיא בעזוכען.

— יא, הערר באראן! איך האב ווירקליך געבעטען, איהר זאלט קומען אהער, איך האב אבער נים גערעכענט, אז צוליעב אייך זאל איך הייסען אוועקגעהן אנאנדער גאסט, וועלכער איז מיר ליעב און טהייער, וויא איהר.

— דאן מוז איך אוועקגעהן, האט ארטהור געזאגט, איך בין נים געקומען אהער אום אייך צו שטערן. איך בעט נאך א מאל אום פערצייהונג, וואס איך האב אייך געשטערט און וואס איך האב מיר ערלויבט צו בעטען א מענשען, מיט וועלכען איך קען נים זיין צוזאמען אין איין הויז, ער זאל זיך אוועקגעהן. — אלזא, גוטע נאכט, גרעפין טאָקקי! גוטע נאכט עלווירא!

דיא לאגע איז געווען א העכסט אונאנגענעהמע פאר אלעמען. דיא אלטע גרעפין האט נים געוואוסט וואס צו טאהן אין אזא פאלל. עלווירא איז געווען דיא איינציגע וועלכע איז געווען צופריעדען מיט דיעזען פאלל. זיא האט געוואלט וויזען מאקס'ן, אז ער האט נים וואס צו דענקען וועגען איהר. זיא ליעבט ארטהור'ן.

בלייבט, ארטהור! האט זיא איהם געבעטען, געהט נים אוועק. איהר ווייסט דאך, אז איהר זייט שטענדיג ביי אונז א ווילקאמענער גאסט.

— ליידער, האט מיר אייער מוטער געגעבען צו פערשטעהן, אז איך בין נים אזוי ווילקאָמען, וויא איהר זאגט. מיין עהרע פאָרדערט, אז יעצט זאל איך אוועקגעהן פון דאנען.

ער האט גענומען איהר האנד, האט זיא א קוש געטאהן און האט געוואלט אוועקגעהן. ער איז אבער געבליעבען שטעהן אויף דער טהיר און האט געזאגט:

— גוטע נאכט, גראף פאן ראדעצקי! מיט אייך וועלען מיר זיך נאך זעהן. מיר האבען נאך צו רעדען איבער איינינע זאכען.

— איהר קענט רעדען מיט מיר, ווען איהר ווילט.

— איך דענק, אז איך וועל מיט אייך רעדען פריהער, ווי איהר [illegible] עס פערלאנגען.

מאקס האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

מיט דיעזע ווערטער איז ארטהור ארויסגעגאנגען פון צימער. עלווירא האט נים געקענט בלייבען אין א צימער, וואו עס איז געשטאנען א מאן, וועלכער איז דער גרעסטער פיינד פון איהר געליעבטען. זיא האט זיך געווענדעט צו איהר מוטער און צו מאקס'ן און האט ביידען געזאגט:

— גוטע נאכט!

דאן איז זיא זיך אוועקגעגאנגען אין איהר'ע צימער. מאקס איז געבליעבען אליין

מיט דער אַלטער גרעפין. ער האט שוין ניט געקענט בלייבען לענגער אין צימער. עס איז איהם געווען זעהר אינאנגענעהם, וואס עלווירא איז אַזוי אַוועקגעלאפען און האט איהם ניט געגעבען די האנד. ער האט אַבשיעד גענומען פון דער גרעפין, האט איהר פערזיכערט, אז ער שעצט זי זעהר הויך און האט זעהר בעדויערט, וואס דער מאן פון'ם טהורם פון טשעמני איז געקומען אַזויא פלוצלונג איהר שטערען, און איז אויך אַוועקגעגאנגען.

אין דרויסען האט ער אויפגעאטהעמט פרייער און האט זיך ארומגעקוקט.

— דיא מוטער וויל זעהר, איך זאל הייראטהען עלוויראַ'ן, האט ער געזאגט, וואס העלפט עס אבער? זא לאנג ארטהור לעבט, האב איך קיין האפנונג ניט. זיא ליעבט איהם און ער איז פריי. זיא וועט ניט פאלגען איהר מוטער. איך מוז זעהן פון איהם לויז צו ווערן.

— דאס ווערסט דוא ניט דערלעבען! האט אויסגערופען א שטימע לעבען איהם.

מאקס האט זיך אומגעקוקט. פאר איהם איז געשטאנען ארטהור, באראן פאן באטהיאני. מאקס איז געווארען אויפגערעגט. ער האט פערגעסען, אז ער האט פעלעס צו פערדאנקען ארטהור'ן. ער האט פערגעסען, אז עס איז געווען א צייט, ווען ארטהור האט איהם בעפרייעט פון'ם טהורעם פון טשעמני. ער האט פערגעסען אלעס אין דער וועלט, ער האט נור געוואוסט, אז פאר איהם שטעהט א מענש, וועלכער שטעהט איהם אין וועג און שטערט איהם אין אלע זיינע פלאנען.

— איהר זייט גאר א שפיאן, הערר באראן! האט מאקס אויסגערופען, דאס איז א נייעס! דאס האט איהר זיך געווים אויסגעלערנט אין טהורעם פון טשעמני!

— הערר גראף, קיינע דומהייטען! האט ארטהור געענטפערט ערנסט. געדענקט איהר, וואס איך האב אייך געזאגט, ווען מיר האבען זיך געזעהן דאס לעצטע מאל פארן טהורעם פון טשעמני? — ווען איהר געדענקט עס ניט, וועל איך עס אייך דערמאנען. איך האב אייך געזאגט: „מיר וועלען זיך זעהן נאך א מאל, ווען מיר וועלען שטעהן איינער געגען אנדערן מיט גלייכע וואפען". — יעצט איז געקומען דיא צייט. דאמאלס זיינען מיר געווען צוויא געגען איינעם. דער באראן פאן באטהיאני איז קיין מערדער. ער האט ניט געוואלט בענוצען דיא געלעגענהייט און אייך אונגליקליך צו מאכען, וויא איהר האט עס געטאהן. א באראן פאן באטהיאני וויים צו קעמפפען מיט זיין פיינד, — קעמפפען עהרליך. מאן געגען מאן, ניט אנשיקען אויף זיין פיינד רויבער און מערדער, זיי זאלען איהם ארייננשטעכען א מעסער אין זייט, ווען ער היט זיך ניט, ווען ער פערטרויט זיין פיינד. איך וויל קעמפפען מיט מיין פיינד אין עהרליכען קאמפף. איהר וועט פאלען אין דיעזען קאמפף! איהר מוזט פאלען! — וואס האט איהר צו טאהן אין שלאָס טאָקקי?

— זייט איהר זייט געווארען א הענקער, האב איך אנגעהויבען אריינצוגעהן אין שלאָס טאָקקי אלס פריינד, האט מאקס געענטפערט גיפטיג.

ארטהור האט ארויסגעכאפט זיין שווערד און האט זיך געשטעלט נעגען זיין פיינד. פלוצלונג אבער האט ער זיך עפּעס דערמאנט.

— איך האב נאך צו שטעלען אייך א פראגע און ווען איהר האט נאך אין זיך

א טראפפען עהרליכקייט, וועט איהר מיר ענטפערן, ווי א אן עהרליכער מאן, מערדער און רויבער.

— איך וועל אייך ענטפערן.

— האט דיא גרעפין טאָקקי אייך געגעבען האָפנונגען אויף עלווירא'ס האנד?

— געוויס האט זיא מיר געגעבען האפנונגען.

— נון, דאן וויל איך מיך מיט דיר ניט שלאגען! דאן לעב און וויס, אז עלווירא פעראכטעט דיך, אז זיא קען דיך ניט ליעבען און וועט דיך ניט ליעבען. — לעב, דוא געהיימניספאלער גראף, וועלכען קיינער קען ניט און קיינער וויס ניט. ניט פאר מענשען, וויא דוא ביסט, איז געשליפפען מיין שווערד. נעה! איך וויל דיך ניט קענען!

מאקס האט געציטערט פאר צארן. אזוי ווייט האט איהם נאך קיינער ניט בעליידיגט. ארטהור האט אנגעריהרט א געוויסע זאיטע (סטרונע) אין זיין לעבען, וועלכע האט ווירקליך וועה געטאהן. ער האט אנגעריהרט זיין גראפען טיטעל.

— איך וויל אבער דיך ניט לאָזען, דוא בעריהמער! דוא ליגנער! פון וואנען ווייסט דוא, ווער איך בין? דוא קענסט ניט מיין נאמען, דאס איז דערפאר, ווייל מיין טיטול איז פיעל עלטער פון דיינעם. איך וואלט מיך געדארפט שעהמען צו קעמפפען מיט א הענקער. איך טוה עס אבער דאך, ווייל טייטען א הענקער איז קיינע שאנדע.

ביידע יונגע לייט האבען ארויסגעצויגען זייערע שווערדען פון שייד און האבען זיך פארבערייטעט צו קעמפפען.

— האלט איין! וואהנזיניגע! וואס טהוט איהר? האט געשריען א פרויען שטימע.

עלווירא איז געשטאנען צווישען זיי. זיא האט זעהר גוט פערשטאנען, אז זיי וועלען זיך בעגעגענען און עס וועט קומען צווישען זיי צו א דועל. זיא האט זיך צוגעהערט, ווען מאקס איז אוועקגעגאנגען, האט געחאפט אויף זיך א מאנטעל און איז שטילערהייט איהם נאכגעגאנגען. זיא איז געקומען פונקט אין דער מינוט, ווען זיי האבען זיך פארבערייטעט צו א דועל.

— איך בעט דיר, ארטהור, הער אויף! שלאג דיך ניט מיט איהם! האט עלווירא געבעטען.

ביידע יונגע לייט זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. ביידע האבען געפיהלט אז יעצט איז אונמעגליך פיר זיי זיך צו שלאגען. זיי האבען ביידע געליעבט עלווירא'ן.

— איך האב היינט געהאט א האפנונג, אז איך וועל דאך לעבען רוהיג און גליקליך. איך זעה יעצט איין, אז אויך דיעזע האפנונג האט מיר בעטראגען. אונזערע וועגע, עלווירא, צוגעהן זיך. מיר מוזען זיך צושיידען.

— וואס רעדסט דוא, ארטהור? האט עלווירא אויסגערופען, ערקלער זיך! איך פערשטעה דיך ניט.

— פרעג אָט דעם, וועט ער דיר ערקלערן, וואס איך מיין, האט ארטהור געענטפערט און האט געוויעזען מיט'ן פינגער אויף גראף ראדעצקי.

— הערר גראף, קענט איהר מיר ערקלערן, וואס ארטהור מיינט. האט עלווירא געפרעגט. וויא עס ווייזט אוים, האט איהר איהם עפעס געזאגט.

— איך האב איהם געזאגט, אז ער איז א שפיאן, וויל ער האט זיך צוגעהערט צו דעם, וואס איך האב גערעדט. —

— איך מוז מיך איינהאלטען אין דער געגענווארט פון א דאמע, האט ארטהור אויסגערופען, דוא ביסט א טויגעניכטס און א ליגנער דערצו. — איך וויל דיר ערקלערן, וואס דיעזער טויגעניכטס האט מיר געזאגט. ער בעהויפטעט, אז דיין מוטער האט איהם געגעבען האפנונגען אויף דיין האנד.

— מיין מוטער מעג זאגען, וואס זיא וויל, האט עלווירא געענטפערט, איך אבער ליעב דיך! איך וויל קיינעם ניט הערן!

— דאן פערצייה מיר, עלווירא! דאן מעג דיין מוטער זאגען, וואס זיא וויל! דאן וועט נור דער טויט אונז צושיידען. דאן מעגען קומען הונדערטער אזעלכע גראפען און זאגען, וואס זיי ווילען! איך שווער דיך נאך א מאל ביים ריינעם הימעל איבער אונז, אז מיין ליעבע צו דיר וועט גרייכען איבער מיין גראב.

ער האט זיא ארומגענומען, האט זיא צוגעפרעסט צו זיין הארצען און האט איהר א קוש געמאהן אין שטערן.

מאקס איז געשטאנען פאר זיי ביידען, וויא איינער, וועלכער איז פעראורטהיילט צום טויט. עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען מים ווערטער, וואס ער האט געפיהלט אין דיעזע מינוטען, ווען ער האט געזעהן, וויא זיין גרעסטער פיינד האלט ארומגענומען דיא פרוי, וועלכע ער ליעבט; וויא דיעזע פרוי, וועלכע ער (מאקס) ליעבט וויא זיין לעבען, האט ערקלערט איהם אין דיא אויגען, אז זיא ליעבט אנאנדערן. ער האט געטאנצט פאר שמערץ און פערצווייפלונג. ער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. ער האט זיך געריעסען, ער האט זיך געדרעהט אויף זיין ארט. צעהן מאל האט ער אויפגעהויבען זיין שווערד און האט געוואלט דורכשטעכען ארטהורן און צעהן מאל האט ער איהם אראפגעלאזען. זיין האנד איז געווען צו שוואך.

— דיינע אויף אייביג! האט עלווירא אויסגערופען.

— דיינער אויף אייביג! אייביגע ליעבע און אייביגע טרייע! האט ארטהור געענטפערט.

יעצט האט זיך ארטהור געווענדעט צו גראף ראדעצקי.

— נון, מיין הערר! יעצט האט איהר שוין אליין געהערט, אז איהר זוכט אומזיסט עלווירא'ס האנד. איהר וועט יעצט געוויס פערשטעהן, אז איהר האט מעהר ניט וואס צו טאהן אין שלאס טאקקי. איך האף, אז מיר וועלען זיך מעהר ניט וויעדערזעהן אין דעמזעלבען צימער, וואו מיר האבען זיך היינט געזעהן. וועט איהר אבער עס דאך וואגען צו קומען אהין, דאן זייט וויסען, אז איך וועל אייך ניט שוינען, וויא איך האב אייך געשוינט דאמאלס פארן טהורעם פון טשעמני. — יעצט גוטע נאכט!

ארטהור האט גענומען עלוויראן ביי דער האנד און האט זיא אוועקגעפיהרט אן א זייט.

— דוא זעהסט, עלווירא, אז איך קען מעהר ניט קומען אהער. דיין מוטער איז

צו שטאָלץ און זיא זוכט א רייכען מאַן פאר דיר. מיר מוזען אפּרעדען, וואו מיר זאָלען זיך ווידערזעהן. איך דענק צו בלייבען היער נאָך א גאנץ קורצע צייט. דוא ווייסט דאך, אז איך מוז פאהרען קיין בודאפּעסט, ווייל איך בין גערוועהלט אלס דעפּוטאט אין לאנדראטה. מיר וועלען נאָך רעדען דאריבער. — יעצט איז שוין שפּעט. געה אהיים, עלווירא. ווען דוא וועסט מיר דארפען, ווייסט דוא שוין ווען צו שיקען צו מיר. גוטע נאכט, עלווירא!

ער האט זיא ארומגענומען נאָך א מאָל און ביידע ליעבענדע זיינען זיך צוגאנגען.

מאקס האט ניט געקענט איינשטעהן און זעהן, וויא ארטהור נעהמט ארום עלווירא'ן. נאָך דעם וואס ער האט געזעהן און געהערט, האט ער מעהר ניט געקענט האָפען, אז עלווירא זאל איהם ליעבען. ער האט אנגעבויגען דעם קאָפּ און איז טרויעריג אוועקגעגאנגען אהיים.

ווען ער איז געקומען אויפ'ן שלאָס ראדעצק, האט ער געפונען זיין מוטער זיצען מיט נאַני אין איהר שרייב צימער. אלס פרוי האט דיא גרעפין באלד דערקענט, אז איהם האט פּאסירט עפּעס אונאנגענעהמעס. קוים איז ער אריבער דיא שוועל און האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האט זיא זיך דערשראָקען פאר איהם און האט אויסגערופען:

— וואס איז מיט דיר, מאקס? וואס האט מיט דיר פּאסירט? פאר וואס ביסט דוא אזוי בלייך און אזוי טרויעריג?

מאקס האט אנפאנגס ניט געוואלט ענטפערן. ער האט זיך געשעהמט צו דערצעהלען אלעס, וואס עס האט פּאסירט מיט איהם דיעזען אבענד. זיין מוטער און נאַני האבען איהם אבער ניט אפּגעלאָזט, ביז ער האט זיי דערצעהלט.

— זעהט איהר, מאקס, אז איהר האט שלעכט געטאהן, האט נאַני אויסגערופען. — האב איך אייך דען ניט געזאגט, איהר זאלט היינט ניט געהן קיין טאָקקי? פאר וואס האט איהר מיך ניט געפאָלגט?

— ווייל איך בין שוין ניט קיין קינד, וועלכעס מען פיהרט אין א גאנגוועגעלע! האט מאקס געענטפערט שטאָלץ. עס איז בעסער אזוי! לאָמיך קענען מיין פיינד! איך וועל שוין וויסען, וויא זיך נוקם צו זיין.

נאַני האט א שמייכעל געטאהן.

— דוא לאכסט נאָך פון מיר! האט מאקס אויסגערופען פול צאָרן.

— פאר וואס זאל איך ניט לאכען? האט נאַני געפרעגט. איך הער שוין לאנג פון אייך, אז איהר ווע ט עפּעס טאהן; איך האב נאָך קיין מאל ניט געזעהן, איהר זאלט עפּעס טאהן.

— יעצט אבער וועל איך דיר ווייזען, אז איך וועל מיך נוקם זיין, — איך וועל מיך בלוטיג נוקם זיין אן דיעזען שופט, דיעזען טויגעניכטס.

ער האט ניט געוואַרט, ביז נאַני זאל איהם אנטוואָרטען און איז ארויסגעלאָפען פון צימער. נאַני איז ווידער געבליעבען מיט דער גרעפין אליין.

— גנעדיגע פרוי, האט נאַני געזאגט, איהר וואָלט געדארפט ערקלערען אייער זוהן, ער זאל זיך בענעהמען אביסעל העפליכער געגען מיר. ער ערלויבט זיך שוין צו

פיעל. איהר פערשטעהט דאך אליין, אז מאקס דארף ניט מאכען מיך פאר א פיינד.

— דוא מוזט איהם ענטשולדיגען, נאני! האט דיא גרעפין געבעטען. ער איז נאך יונג און איז היינט אין א בעזאנדערס אויפגערעגטע שטימונג.

— אלעס מוז אבער האבען א געוויסע גרענעץ, האט נאני בעמערקט. מען מעג זיין יונג און מען קען זיין העפליך. מען קען זיין אויפגערעגט און מען קען זיין דערביי אנשטענדיג.

— לאז זיין! לאז זיין! האט איהם דיא גרעפין אונטערבראכען. לאמיר בעסער רעדען פון אונזער פלאן.

— יא, איהר האט רעכט! לאמיר רעדען פון אונזער פלאן. — אלזא, זייט איהר אויך איינפערשטאנדען, אז מען זאל טאהן אלעס מעגליכע אום דעם באראן פאן באטהיאני צו פערניכטען? איך האב אייך שוין דערצעהלט, וואס איך דענק צו טאהן. געפינט איהר מיין פלאן פאר גוט און קלוג?

— אייער פלאן איז געוויס זעהר קלוג אויסגעטראכט און איך האף, אז ער וועט אונז געלינגען.

— איך בין זיכער, אז ער וועט געלינגע', האט נאני אויסגערופען, דאן אבער...

— פערגעס ניט, דערווייל לעבט נאך ראבערט, האט דיא גרעפין געענטפערט. נאני האט געשוויעגען. אויף דיזע בעמערקונג האט ער ניט געהאט וואס צו ענטפערן.

— מיר וועלען דערפון רעדען אנאנדער מאל, האט ער ענדליך געזאגט. גוטע נאכט. — — —

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז עלווירא אויפגעשטאנען פרעהליך און מונטער, גלייך וויא עס וואלט גאר ניט פאסירט. זיא האט בעגריעסט איהר מוטער האט מיט איהר געגעסען פריהשטיק צוזאמען, וויא עס פלעגט זיין ביז אהער.

נאכ'ן עסען זיינען מוטער און טאכטער אריינגעגאנגען אין גרויסען זאל און יעדע האט זיך גענומען צו איהר געוועהנליכע בעשעפטיגונג.

— ווייסט דוא, עלווירא, אז דער באראן פאן באטהיאני האט זיך געסטערן אבענד אויפגעפיהרט זעהר ניט העפליך געגען דעם גראף ראדעצקי. אזא בענעהמען פאסט גאר ניט פאר אן עדעל מאן. זאגען מיינעם א גאסט, ביי מיר אין שטוב, אז ער זאל אוועקגעהן, איז זעהר ניט אנשטענדיג.

— ליעבע מוטער! איך פערשטעה, וואוהין דוא ציעלסט, האט עלווירא געענטפערט, — איך וויים, אז דיך האט פערבלענדעט דער רייכטהום און דער גלאנץ פון דער פאמיליע ראדעצקי. עס איז אבער אומזיסט, מוטער! דער גראף ראדעצקי איז רייך, דאס איז וואהר, איך ליעב איהם אבער ניט. איך ליעב ארטהור'ן און קיין זאך אין דער וועלט וועט מיך ניט צווינגען זיך אפצוזאגען פון איהם. איך ליעב איהם און זעל ווערן זיין פרוי!

— דוא פערגעסט, עלווירא, אז דוא ביסט נאך ניט פאליעהריג, האט איהר מוטער געענטפערט שטרענג, דערווייל האב איך נאך צו בעפעהלען אויף דיר; דערווייל מוזט דוא מיר נאך פאלגען. איך קען נאך דיך צווינגען, דוא זאלסט הייראטהען, וועמען

איך וועל דיר הייסען, איך טהו עס אבער נים. איך וויל נים מאכען דיך אונגליקליך; איך וויל נים, אז דוא זאלסט אמאל זאגען, אז איך בין דיא אורזאכע וואס דוא האסט געהייראטהעט א מענשען, וועלכען דוא קענסט נים ליידען. — איך מוז דיר אבער זאגען, אז זא לאנג דער באראן פאן באטהיאני וועט נים האבען דיא מיטעל צו פיהרען א לעבען, וויא עס פאסט פאר דער גרעפין פאָן טאָקקי, קענסט דוא איהם נים הייראטהען.

עלווירא האט נים געענטפערט. איהרע אויגען זיינען געווארען פול מים טרערן, און זיא האט נים געקענט ארויסרעדען א ווארט. זיא איז אוועקגעלאפען אין איהר צימער און האט א גאנצען טאג געקלערט, וואס זיא זאל טאהן: זאָל זיא זאגען ארטהורן, וואס איהר מוטער האט מיט איהר גערעדט, אדער זאל זיא עס איהם נים זאגען. ענדליך האט זיא זיך ענטשלאסען, אז זיא זאל איהם אלעס זאגען.

— ווען ער וועט אלעס וויסען, וועלען מיר זיך קענען גיכער בעראטהען, וואס מיר זאלען טאהן, האט זיא געזאגט צו זיך אליין.

זיא האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער און האט עס געשיקט צום באראָן פאן באטהיאני דורך איהר געטרייעס קאמערמעדכען.

אום אכט אוהר אבענדס איז ארטהור געשטאנען לעבען שלאָס טאָקקי און האט געווארט אויף זיין געליעבטער. עלווירא האט איהם נים געלאזען לאנג ווארטען. זיא איז באלד געקומען און האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס זיא האט היינט גערעדט מיט איהר מוטער.

— איך האב צוואר געסטערן געזאגט, אז איך וועל מעהר נים אריינקומען אין אייער הויז, האט ארטהור געזאגט ערנסט, יעצט אבער מוז איך עס טאהן, יעצט מוז איך אליין רעדען מיט דיין מוטער און מיך מיט איהר ערקלערן.

— צו וואס דארפסט דוא עס, ארטהור? האט עלווירא אויסגערופען, איז דיר דען נים גענוג מיין הייליגעס פערשפרעכען? האב איך דען נים געשווארען דיר אייביגע ליעבע און טרייע?

— דוא ווייסט נים, עלווירא, וויא וויכטיג פאר מיר איז דיא איינווילליגונג פון דיין מוטער; דוא ווייסט נים, וויא נאטהווענדיג עס איז פאר אונז, אז זיא זאל אונז נים שטעהן אין וועג. — איינס פון דיא צוויא: ענטוועדער איך וועל מיך מיט איהר ערקלערן און מיר וועלען אונז פעראייניגען אויף אייביג מיט איהר איינווילליגונג, אדער איך וועל מיך מיט איהר אין גאנצען צוקריעגען. זיא וועט אויפטרעטען אלס מיין פיינד, דאן וועלען מיר שוין וויסען, וואס צו טאהן.

עלווירא האט זיך בעמיהט אפצורעדען ארטהור׳ן, ער זאל נים געהן צו איהר מוטער. עס האט איהר אבער גאר נים געהאלפען. ארטהור איז בעשטאנען דארויף, אז ער מוז רעדען מיט איהר נאך הייטע אבענד.

ביידע זיינען אריינגעגאנגען אין גרויסען זאל, וואו דיא אלטע גרעפין איז געזעסען און האט עפּעס געשריעבען. זיא האט אויפגענומען ארטהור׳ן גאנץ העפליך, אבער זעהר קאלט.

— וואס ווילט איהר מיר זאגען עפּעס נייעס, הערר באראָן? האט זיא איהם געפרעגט.

— מיך וואונדערט דיעזע פראגע, האט ארטהור געענטפערט, איז עס דען מעג־ליך, אז איהר ווייסט גאר ניט, וואס איך האב אייך צו זאגען? קענט איהר גאר ניט פערשטעהן, צו וואס איך בין געקומען צו אייך? ווייסט איהר דען ניט, אין וועלכער בעציעהונג איך געפין מיך צו אייער טאכטער?

— אלזא, זאגט מיר קורץ, וואס פערלאנגט איהר?

— איך בין געקומען בעטען ביי אייך דיא האנד פון אייער טאכטער עלווירא, האט ארטהור געענטפערט ערנסט.

— אין דיעזע מינוט איז עס מיר אונמעגליך צו געבען אייך אן ענטשיידענדע אנטווארט.

— פאר וואס ניט, גרעפין פאן טאָקקי? האט ארטהור געפרעגט, — שטעהט דער באראָן פאן באטהיאני ניט אזוי הויך, וויא אן אונבעקאנטער גראף מאקס פאן ראדעצקי? ווייס ניט דיא גרעפין פאן טאָקקי, אז מיינע עלטערן האבען געוואינט אין דיעזער געגענד זייט הונדערטער יאהרען? — קען א גרעפין פאן טאקקי דענקען, אז מען דארף אפּשאצען דעם ווערטה פון א מענשען נאך דעם פערמעגען, וואס ער האט? ווען א גרעפין פאן טאָקקי קען אזוי דענקען, מוז איך מיך צוריקציעהן.

— ענטשולדיגט מיר, הערר באראָן, ווען איך אלס מוטער וויל פערזארגען מיין קינד ניט נור מיט אן אלטען, גוטען און שעהנעם נאמען, זאנדערן אויך מיט פערמעגען. איך האב שוין גענוג געלעבט אויף דער וועלט, אום צו וויסען, אז געלד איז זעהר נאטהווענדיג צום גליק פון א פאמיליע. — לאמיר רעדען אפענהערציג באראָן פאן באטהיאני. מאקס פאן ראדעצקי טראגט זעהר א שעהנעם נאמען און איז נאך זעהר רייך דערצו. ביידע זאכען צוזאמען זיינען גאנץ גוט. איהר, באראָן, שטאמט אפּ פון א גאנץ אלטע פאמיליע, איהר זייט אן עהרנמאן, איהר זייט אן עדעלמאן. דאס איז אלעס ריכטיג. אייער פערמעגען אבער ערלויבט אייך דאך ניט צו פיהרען א הויז, וויא עס פאסט פאר אייך. ווען איהר זאלט קענען מיר אויפווייזען, אז איהר וועט זיין אים שטאנד צו פיהרען א הויז, וויא עס פאסט פאר א גרעפין פאן טאָקקי, וואלט איך ניט גערעדט קיין ווארט און וואלט אייך געגעבען דיא האנד פון מיין טאָכטער מיט פער־גניגען. איהר קענט עס דאך אבער ניט. צו וואס זאלט איהר נאררען זיך און מיך? — איבערלעגט אייך גוט, הערר באראָן, און איהר וועט איינזעהן, אז איהר דארפט נאך ניט דענקען פון הייראטהען, וויל איהר קענט נאך ניט דענקען דערפון.

איך מוז אייך נאך עפּעס זאגען. איהר דארפט ניט פערגעסען, אז דיא געשיכטע מיט אייער פאָטער איז אויך ניט קיין גאנץ אנגענעהמע. דערוויל הייסט ער נאך א פעררעטהער, וועלכען מען האט ארויסגעטריעבען פון אונגארן. —

— גענוג, גרעפין פאן טאקקי! גענוג רעדען דערפון! זא לאנג איהר האט גע־רעדט פון מיר, האב איך געשוויעגען; ווען איהר הייבט אבער אן צו רעדען פון מיין פאטער; ווען איהר הייבט אן צו רעדען פון א מענשען, וועלכען איהר האט ניט פער־שטאנען, וועלכען איהר קענט גאר ניט פערשטעהן; וועלכער איז געשטאנען צו הויך

איבער אייך, אום איהר זאלט איהם פערשטעהן; א מאן, וועלכער איז שוין פיעלייכט לאנג טויט — דאן קען איך מיך ניט איינהאלטען! דאן מוז איך אייך זאגען, אז דאס איז ניט עדעל, אונגערעכט און זאגאר ניעדעריג. — עס טהוט מיר לייד, וואס איך מוז אייך זאגען, אז איהר האט יעצט אויפגעבויט א הויכע וואנד צווישען אונז. דער באראָן פאן באטהיאני וועט בלייבען, וואס ער איז. אלס עדעלמאן קען ער ניט דענקען אן גולדען און קרייצערס, ווען ער ליעבט.

ביז אהער האט עלווירא געשוויעגען און האט ניט געוואלט זיך אריינמישען אין געשפרעך צווישען איהר מוטער און איהר געליעבטען; יעצט אבער האט זיא זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען. יעצט האט זיא שוין געמוזט רעדען.

— מוטער! דוא האסט ווירקליך אויפגעבויט א הויכע אייזערנע וואנד צווישען אונז און דעם באראָן פאן באטהיאני. דוא האסט זיא ארויסגעזאגט אין גאנצען. דוא ווילסט מיך פערזארגען מיט רייכטהום און מיט א שעהנעם נאָמען. — איך וויל עס אבער ניט, מוטער! איך בין צופריעדען צו לעבען מיט דעם מאן, וועלכען איך ליעב, זאגאר אין ארימקייט. — רייכטהום מאכט נאך דעם מענשען ניט גליקליך. ווייסט דוא מוטער, אז איך האב איהם בעזוכט, ווען ער איז געווען אין טהורעם פון טשעמני? ווייסט דוא, מוטער, אז ווען ער איז געווען ערניעדעריגט און פעראכטעט פון דער גאנצער וועלט, בין איך געווען ענטשלאסען איהם צו הייראטהען, צו אנטלויפען מיט איהם ערגעץ ווייט, ווייט, קיין אמעריקא, אדער קיין אפריקא און דארט לעבען מיט איהם, ארבייטען פאר איהם און גליקליך זיין מיט איהם?

ארטהור האט אויסגעהערט מיט ליעבע און מיט שטאלץ, וויא עלווירא האט ערקלערט איהר מוטער, אז זיא ליעבט נור איהם און וועט זיין גליקליך נור מיט איהם.

— גוטעס, ליעבעס, עדעלעס מעדכען! האט ער אויסגערופען, דוא ביסט ווערט צו טראגען דעם שטאלצען נאמען פון באראָן פאן באטהיאני! — איך שווער דיר נאך א מאל אין דער געגענווארט פון דיין מוטער, אז איך בין בערייט צו אפפערן מיין לעבען פון דיינעטוועגען! איך וועל מיך ראנגלען, איך וועל קעמפפען פאר דיר, איך וועל ליידען פאר דיר, ביז דוא וועסט ווערן מיינע אויף אייביג. —

ער האט זיך דאן געווענדעט צו עלווירא'ס מוטער.

— וויא איהר זעהט, גרעפין פאן טאָקקי, זיינען מיר ביידע פעסט ענטשלאָסען צו לעבען איינער פארן אנדערן און צו שטארבען איינער פארן אנדערן. עס וועט אייך ווייניג העלפען, וואס איהר וועט זיך שטעלען אונז אין וועג און וועט וועלען צערשטערן אונזער גליק. מיר וועלען אם ענדע דאך זיעגען! מיר וועלען אונז דאך פעראייניגען! זייט געזונד גרעפין פאן טאָקקי! זיי געזונד, מיין גוטע, ליעבע, טהייערע עלווירא!

ער האט זיך פערנייגט פאר ביידע דאמען, האט קיינער ניט געגעבען דיא האנד און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

— נון, באראן פאן באטהיאני! איהר זייט מיר צו שטאָלץ! האט דיא גרעפין אויסגערופען, ווען ארטהור איז ארויסגעגאנגען פון זאל, — דוא וואגסט עס מיר צו זאגען, אז איך וועל ניט אויספיהרען מיין וויללען! — נון, באראָן! מיר וועלען שוין זעהן, ווער עס וועט אויספיהרען: איך אדער דוא?

— עלווירא האט געהערט, וואס איהר מוטער האט געזאגט, זיא האט איהר אבער ניט געענטפערט. זיא האט געוואוסט, אז איהר מוטער איז יעצט זעהר אויפגערעגט און עס וועט ניט נוצען צו רעדען מיט איהר. זיא האט געזאגט איהר מוטער: גוטע נאכט! און איז זיך אוועקגעגאנגען אין איהר צימער. זיא האט אויך געפאסט א בעשלוס.

## 11טער קאפיטעל.

## ביים אדוואקאט.

דער אדוואקאט נאוואק זיצט פערגניגט אין זיין שרייב צימער. זיינע געשעפטען געהן זעהר גוט. מיט יעדען טאג קריעגט ער אלץ מעהר נאררען, וועלכע גלויבען אין איהם און פערטרויען איהם זייערע פערמעגען. וואס נאך דארף אן אדוואקאט?

ער האט איבערגעקוקט זיינע פאפירען און האט געפונען, אז זיי זיינען אין ארדנונג.

— נו, יעצט איז ער פערלארען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, דער זעקסטער מאי איז שוין ניט וויט, ער וועט מוזען קומען מיט'ן הענקער און איהם העלפען אין זיין בלוטיגען ארבייט. דאן איז אלעס פערלארען, דאן קען איהם שוין קיינער ניט העלפען. זאנדערבאר, וואס עס קען פאסירען אויף דער וועלט! געראדע דארף מען הענגען קאזימיר קאררא און ווער זאל איהם אויפהענגען א באראן פאן באטהיאני! — איך וואלט זעהר געוואלט וויסען, וואס דער אלטער גראף מעראס וועט פיהלען אין דעם טאג, ווען מען וועט איהם זאגען, אז דער שטאלצער באראן, וועלכער האט געוואלט הייראטהען זיין ניכטע, וועט שטעהן אויפ'ן עשאפאט אום צו הענגען א פערברעכער, וויא קאזימיר קאררא — יא, גראף מעראס! מיר האבען אויך נאך אלטע רעכנונגען, הערר גראף! איך וואלט שוין געקענט זיין אבעררינכטער אין בודאפעסט, דוא האסט עס ניט דערלאזען. איך האב געמוזט בלייבען אדוואקאט. יעצט וועלען מיר זיך אפּרעכענען. —

זיין דיענער איז אריינגעקומען און האט איהם געמעלדעט, אז אן ארימע פרוי איז געקומען און בעט, מען זאל זיא אריינלאזען. זיא האט מיט איהם עפּעס צו רעדען.

דער אדוואקאט האט צוואר ניט שטארק ליעב געהאט צו רעדען מיט ארימע פרויען, ער האט אבער דאך געהייסען זיין דיענער, ער זאל זיא אריינפיהרען.

אין א פאר מינוטען ארום איז אריינגעקומען א הויכע, מאגערע, אפגעריסענע פרוי און האט זיך געשטעלט ביי דער טהיר.

— אה, דוא ביסט עס, סטאסא? האט דער אדוואקאט אויסגערופען.

— איך בין עס, גנעדיגער הערר.

— וואס דארפסט דוא צו מיר?

— איך האב אייך געבראכט גוטע נאכריכטען.

— וואס פיר נאכריכטען?

— איהר האסט דעם גראף מעראס?

— וואס געהט עס דיך אן? האט דער אדוואקאט געפרעגט גראב.

— איהר דארפט עס מיר ניט זאגען, איך ווייס עס אליין, האט סטאסא גע־ענטפערט.

— אלזא, וואס ווילסט דוא?

— איך וועל אייך מעלדען אז אין זעקס טעג א־ום וועט מען אויפהענגען מיין מאן. — וועט גראף מעראס זיין דערביי?

— עס קען זיין, ער זאל זיין דערביי.

— דאס איז גוט! דאן וועל איך צופריעדען זיין. דאן וועט קומען דיא רייהע אן דיא טויב.

— וואס פלוידערסט דוא, איך פערשטעה דיך ניט.

— איהר פערשטעהט מיך, העדר, איהר ווייסט דאך, אז —

— שוויינ, אלטע! אדער איך וועל —

— הייסען דיך אראפוואדפען פון אלע טרעפ, האט דיא אלטע נעענדיגט, וואס דער אדוואקאט האט געוואלט זאגען. — איהר האט רעכט, מיין העדר. — אזוי פיהרט זיך שוין דיא וועלט. אונדאנקבארקייט איז דיא בעלוינונג פיר אלעס. — איך ווייס, אז איהר זייט צופריעדען, וואס מען וועט אויפהענגען מיין מאן. זעהט, אז איך זאל אויך צופריעדען זיין.

— וואס פערלאנגסט דוא, אלטע? זאג מיר דייטליכער, וואס ווילסט דוא פון מיר?

— איך וויל בעטען ביים הענקער פון טשעמני, ער זאל מיר ארויסגעבען, וואס איך האב איהם אנפערטרויט מיט עטליכע יאהר צוריק. ער וויל עס מיר ניט צוריק־געבען. איך קען איהם צוואר צווינגען, איך וויל עס אבער ניט.

— אבער וואס ווילסט דוא פון מיר? האט דער אדוואקאט געפרעגט בייז.

— איך וויל, אז איהר זאלט זעהן, ער זאל בלייבען אין בודאפעסט און זאל הייסען דער הויפט הענקער פון גאנץ אונגארן.

— איך קען עס ניט טאהן, האט דער אדוואקאט געענטפערט, עס שטעהט ניט אין מיין מאכט. איך וואלט דיך געקענט אפנארען, דיר צוזאגען און דערנאך ניט האלטען מיין ווארט איך האב אבער פיינט צו זאגען א ליגען.

— וואס רעדט איהר? איז עס מעגליך, אז אן אדוואקאט זאל פיינט האבען צו זאגען א ליגען? דאס גאנצע לעבען פון אן אדוואקאט איז דאך איין ליגען. — איך ווייס, וואס איהר קענט און וואס איהר קענט ניט.

— וויא איך זעה, ווילסט דוא ווערן א פריינד פון'ם הענקער. צו וואס דארפסט דוא זיינע פריינדשאפט?

— איך האב דאך אייך דערצעהלט, אז איך האב ביי איהם א זאך, וועלכעס איך וויל אפנעהמען מיט גוטען, ניט מיט בייזען. איהר ווייסט דאך שוין, העדר אד־וואקאט, אז איך האב ליעב צו לעבען מיט אלעמען גוט און פריינדליך.

— דאס ווייס איך זעהר גוט, עס איז נור שלעכט, וואס ווען מען דארף אייך, מוז מען שיקען אייך זוכען ערגעץ אין דיא בערג.

— יעצט וועל איך שוין בלייבען אין בודאפעסט, האט סטאסא געענטפערט.

איך וועל געהן נור נאך איין מאל אהין, נאך מיין מאנ'ס טויט; דאן וועל איך צוריק־קומען און שוין וואינען בעשטענדיג אין שטאדט. איהר וועט דאמאלס מיך קענען שיקען, וואוהין איהר וועט וועלען. איך וועל אייך אלעס פאלגען, זאגאר ווען איהר וועט דארפען געבען א גוטען פריינד א ביסעל גיפט. —

— שוין גוט, סטאסא! האט איהר דער אדוואקאט אונטערבראכען, עס איז שוין רעכט! — קענסט דוא מאכען, אז דער הענקער פון טשעמני זאל קומען צו מיר? איך דארף איהם האבען, איך מוז מיט איהם אליין רעדען. איך וויל, ער זאל קומען צו מיר ביי נאכט, קיינער זאל איהם ניט זעהן.

— איך וועל איהם ברענגען צו אייך.

— דאן, סטאסא, וועסט דוא מיט מיר צופריעדען זיין.

— זיי האבען גערעדט נאך איניגע מינוט שטילערהייט און סטאסא איז זיך אוועקגעגאנגען. דער אדוואקאט האט זיך פערטראכט.

— איך מוז רעדען מיט'ן הענקער, האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך מוז אלעס וויסען. עס פערדרעהט זיך און פערקניפט זיך אזא בינטעל, אז דער טייפעל אליין וועט ניט קענען איהם אויפוויקלען און וויסען, וואס דא טהוט זיך.

אין עטליכע טעג ארום איז אום צעהן אוהר אבענדס געקומען א מאן און האט געבעטען, אז מען זאל איהם מעלדען צום אדוואקאט. דער דיענער האט איהם געזאגט, אז אזוי שפעט נעהמט זיין הערר ניט אויף קיין געסט.

— זאג איהם, אז סטאסא האט מיך געשיקט, האט דער מאן ערקלערט דעם דיענער.

אין איניגע מינוטען ארום איז דער הענקער מיכאאיל געשטאנען פאר דעם אדוואקאט.

— ווער זייט איהר? האט דער אדוואקאט געפרעגט, ווען ער האט דערזעהען פאר זיך א מאן אין א געוועהנליכען שווארצען ראק.

— איך בין דער הענקער, האט מיכאאיל געענטפערט, איבערמארגען דארף איך איינעם אויפהענגען.

דער אדוואקאט האט א ציטער געטאהן, ווען ער האט דערהערט, וויא גלייכ־גילטיג דער הענקער זאגט עס, אז ער דארף אויפהענגען א מענשען.

— וואהנט איהר עס אין טהורעם פון טשעמני?

— יא, מיין הערר.

— איז אייך בעקאנט דאס שלאס ראדעצק?

מיכאאיל האט געטראכט איניגע אויגענבליקע, איידער ער האט געענטפערט.

— איך בין בעקאנט מיט'ן שלאס ראדעצק.

— דארט וואהנט א באראן נאגי פאן האללאוואאי. קענט איהר איהם?

— איך קען איהם פון דער וויטען. איך בין מיט איהם ניט בעקאנט.

— נון, דאן וועלען מיר רעדען פון אנדערע זאכען. — איבערמארגען דארף מען אויפהענגען דעם מערדער קאזימיר קאררא. איהר האט ערהאלטען א בעפעהל, איהר זאלט קומען קיין בודאפעסט מיט אייער געהילפען. איז ער געקומען מיט אייך?

— ניין.

— וואס הייסט דאס? האט דער אדוואקאט אויסגערופען, היאט איהר דען קיין געהילפען? מען האט דאך אונז געזאגט, אז איהר האט ביי זיך אין טהורעם א יונגען מאן, וועלכער מוז ווערן א הענקער.

— איך האב געהאט אזא יונגען מאן ביי מיר, איך האב איהם אבער נים מעהר.

דער אדוואקאט האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. ער האט ניט געוואוסט, וואס צו דענקען פון דיזען מענשען.

— איך פערשטעה אייך ניט! האט ער אויסגערופען. אין געריכט פון בודאפעסט איז פערשריעבען, אז א יונגער מאן מיט'ן נאמען ארטהור פאן באטהיאני האט זיך בעהאלטען ביי אייך אין טהורעם און איז געווארען אייער געהילפע. — וואו איז ער דע?

— דער באראן ארטהור פאן באטהיאני איז ווירקליך געוועזן ביי מיר אין טהורעם; ער האט זיך אבער ניט בעהאלטען ביי מיר. מען האט איהם געבראכט צו מיר א פערוואונדעטען. וויא עס ווייזט אויס, האבען עס געטאהן זיינע גוטע פריינד פון שלאס ראדעצק. — אלענפאלס האט דער באראן ניט בעגאנגען קיין פערברעכען.

דער אדוואקאט האט געקוקט אויף איהם מיט שטוינען. ער האט זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז א הענקער זאל רעדען גוטעס פון א מענשען.

— אבער א גליקליכער צופאל האט איהם בעפרייעט פון מיין טהורעם, האט דער הענקער ווייטער געזאגט.

— בעפרייט? האט איבערגעפרעגט דער אדוואקאט. — דער באראן פאן באטהיאני איז בעפרייט?

— איך האב ערהאלטען דעם בעפעהל, אז איך מיט איהם זאלען קומען קיין בודאפעסט, אום אויפצוהענגען א מערדער. מיר האבען זיך געלאזט געהן אין שטעדטעל ראזענוי, וואו איך האב געראכענט צו נעהמען פאסט-פערד. אויפ'ן וועג איז אנגעלאפען דיא יונגע גרעפין פאן טאקקי און האט מיר איבערגעגעבען א בריעף פון אונזער קייזער אז דער באראן איז בעגנאדיגט און האט וויעדער אלע זיינע רעכטע און פריווילעגיען אלס אונגארישער מאגנאט.

דער אדוואקאט האט זיך פערטראכט. דאס איז פאר איהם געוועזן א ניט פרעהליכע נייעס. דער באראן פאן באטהיאני איז אלזא פריי. דער קייזער האט איהם בעגנאדיגט און דיא בעגנאדיגונג איז אנגעקומען פונקט צו דער צייט, איידער ער איז געשטאנען אויפ'ן עשאפאט. — יעצט מוז מען זוכען אנאנדער פלאן, וויא אזוי צו צונעהמען ביי איהם זיין פערמעגען.

— גאט זיי דאנק! האט ער אויסגערופען, ענדליך האט דאך דיא אונשולד געזיעגט און דער גוטער, עדעלער באראן איז פריי! — דאן וועט ער געוויס קומען אהער אלס דעפוטאט צום לאנדראטה?

— אזוי? האט אויסגערופען דער הענקער, דער באראן פאן באטהיאני איז א דעפוטאט פון'ם לאנדראטה? דאס האב איך ניט געוואוסט!

— צו וואס דארפט איהר עס וויסען?

— איך האב א ביטע צו איהם. דיא זעלבע ביטע האב איך צו אייך, מיין הערר. סטאסא האט מיר נעזאגט, אז....

— איך וויים עס, האט איהם דער אדוואקאט אונטערבראכען. איהר קענט זיכער זיין, אז איך וועל טאהן אלעס מעגליכע, אז איהר זאלט ווערן דער אבער הענקער פון גאנץ אונגארן. איך האב שוין גערעדט מיט דיא ריכטער. דער איצטיגער הענקער איז שוין אלט און שוואך. עס איז שוין צייט, אז א איננגערער און קרעפטיגערער מענש זאל פערנעהמען אזא וויכטיגע שטעלע.

דעם אדוואקאט איז געווארען אונאנגענעהם צו רעדען מעהר מיט'ן הענקער. ער האט איהם נאך א מאל פערזיכערט, אז ער וועט טאהן אלעס מעגליכע אום צו פער־שאפען איהם דיא שטעלע, וועלכע ער זוכט און האט זיך פערניינגט, א צייכען, אז ער האט מיט איהם מעהר ניט וואס צו רעדען.

דער הענקער איז אוועקגעגאנגען. דער אדוואקאט האט זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט און איז ארומגעגאנגען פערטראכט אין צימער. דיא נייאינקייט, וואס דער הענקער האט איהם געבראכט, האט פערניכטעט אלע זיינע פלענער.

— דער באראן איז פריי! האט ער אויסגערופען, ער וועט קומען קיין בודאפעסט ניט אלס הענקער, זאנדערן אלס אונגארישער מאגנאט. — וואו נעהמט מען יעצט יענעם באראן נאגי? איך וויים ניט, וואס ער געהער זיך אן מיט באראן פאן באטהיאני. עס איז אבער זיכער, אז נאגי איז זיין גרעסטער פיינד. ער וואלט מיר יעצט געקענט ניצען. — מיר איז עס נעטהיג צו וויסען, ווען דער באראן פאן באטהיאני וועט קומען אהער. איך מוז אליין מיט איהם רעדען. איך מוז איהם אויספארשען. ער וועט אלעס אויסזאגען. ער וויים דאך ניט, אז איך האב דאס דאקומענט. — דער יונגער גראף פאן טאקקי וויים עס אויך ניט. — איך וועל שוין געפינען מיטעל, וויא זיי צו פערדרעהן.

## 12טער קאפיטעל.

## נאגי ביים באראן פאן באטהיאני.

ארטהור פאן באטהיאני האט זיך פארבערייטעט צו דער רייזע קיין בודאפעסט. עס איז נעוועזען דיא רעכטע צייט צו פאהרען צום לאנדראטה, פון וועלכען ער האט געהאפט זעהר פיעל. ער האט גערעכענט, אז אזוי וויא קייזער יאזעף איז אונטערדעסען געשטארבען און א נייער קייזער, לעאפאלד דער ערשטער, איז ארויפגעקומען אויפ'ן טראהן פון עסטרייך, וועט ער געוויס ארויסגעבען א מאניפעסט, אז ער שענקט אלע שטראפען פאר פאליטישע פערברעכער. אזוי פיהרט זיך דיא וועלט. קייזער לעאפאלד וועט געוויס אויך אזוי טאהן. דאן איז דאס דאקומענט, וועלכעס מען האט אוועקגע־רויבט ביי נעארג'ן גאר ניט נעטהיג. ער וועט דאן צוריק בעקומען אלע זיינע גיטער.

נעכטען אבענד האט ער געוואלט זיך זעהען מיט עלווירא'ן אום מיט איהר אלעס אפצורעדען. ליידער, האט ער געווארט אומזיסט פארן שלאס טאקקי. עלווירא איז ניט געקומען. דאס איז געוועזען דאס איינציגע, וואס האט איהם בעאונרוהיגט. פון דעסט־וועגען האט ער געהייסען פערטיג מאכען זיין קארעטע און איינפאקען זיינע זאכען. אליין האט ער זיך געזעצט לעבען זיין שרייבטיש און האט אנגעהויבען צו שרייבען

א בריעף צו עלווראן. זיין דיענער איז אריינגעקומען און האט איהם דערלאנגט א בריעף. ארטהור האט א בליק געטאהן אויף דיא אדרעסע און איז געווארען פול פרייד.

— דאס איז איהר האנדשריפט! האט ער אויסגערופען.

ער האט אויפגעריסען דעם קאנווערט און האט געלעזען פאלגענדע ווערטער:

„זיי פעסט, ליעבער ארטהור! פערצווייפעל ניט! איך האב ניט געקענט קומען נעכטען. מען האט מיך ניט געלאזען. — פאהר קיין בודאפעסט. איך וועל דיך דארט ווידערזעהן. גאט וועט אונז העלפען! מיר וועלען נאך דערלעבען פרעהליכע און גליקליכע טעג!"

דיינע עלווירא אויף אייביג.

ארטהור האט צוגעפרעסט דאס בריוועלע צו זיין הארצען. ווען ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ האט ער דערזעהן, אז דער דיענער שטעהט נאך אין צימער.

וואס ווארטסט דוא נאך?

— דער באראן נאגי פאן האללאוואאי איז געקומען. ער ווינשט מיט אייך צו רעדען.

— פיהר איהם אריין.

אין איינינע מינוטען ארום איז דער באראן אריינגעקומען אין צימער. ארטהור האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך און האט איהם געבעטען זיצען. מען האט גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. ענדליך האט נאגי געזאגט:

— איך האב פעראנשטאלטעט א גרויסע יאגד און האב איינגעלאדען אלע עדעללייט פון דער נאכבארשאפט. איהר וועט מיר געוויס אויך ניט אפזאגען צו קומען צו מיר אויף דער יאגד.

— איך בעדויער זעהר, וואס איך מוז אייך אפזאגען אייער ערשטע איינלאדונג, האט ארטהור געענטפערט. איך וואלט זיא אנגענומען מיט פערגניגען, איך פאהר אבער נאך היינט קיין בודאפעסט.

נאגי האט זיך געביסען דיא ליפען. אויף אזא אנטווארט האט ער זיך ניט גערעכט. ער איז אבער געווען גענוג קלוג אום זיך צו פערשטעלען און ניט ארויסצוווייזען, וויא אונאנגענעהם דיעזע אנטווארט איז פאר איהם.

מען האט ווידער גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. פלוצלונג האט ארטהור א פרעג געטאהן:

— דיא גרעפין פאן טאקקי האט אונז צוואר פארגעשטעלט און האט אונז בעקאנט געמאכט. איך ווייס אבער אלץ ניט, וואו וואינט איהר דען דא אין אונזער נאכבארשאפט.

— איך וויין אויפ'ן שלאס ראדעצק.

— שלאס ראדעצק? האט ארטהור איבערגעפרעגט און א פינסטערער וואלקען האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט. ווען איהר וואינט אין שלאס ראדעצק, איז אייך געוויס גוט בעקאנט דער גראף מאקס ראדעצקי.

— גאנץ געוויס! ער איז מיינער א פערוואנדטער, האט נאגי געענטפערט.

ארטהור האט זיך פערטראכט. ווען נאגי וואינט צוזאמען מיט מאקס'ן און אי

זיינער א פערוואנדעטער, ווייס ער דאך געוויס פון אלע אינטריגען און אונפריינדליכ־קייטען, וועלכע זיינען פארגעקומען צווישען איהם און גראף ראדעצקי. — ארטהור איז געווארען מיסטרויאיש — ער האט אנגעהויבען מורא צו האבען פאר זיין גאסט און האט געוואלט איהם אויספראבירען.

— האט אייך גראף ראדעצקי גאר ניט דערצעהלט וועגען מיר?

— ער האט מיר ניט געזאגט קיין ווארט פון אייך, האט נאני געענטפערט פרעך. מיר רעדען אים אלגעמיינעם זעהר וועניג. איך בין מיט איהם זאנאר אביסעל צוקריעגט, ווייל ער איז זעהר שטאלץ און ווילד.

ארטהור האט געקוקט זיין גאסט גלייך אין דיא אויגען. ער האט געוואלט אויס־שטודירען זיינע מינען און דעם אויסדריק פון זיין געזיכט. נאני האט אבער געוואוסט זיך אזוי צו פערשטעלען, אז ארטהור האט ניט געקענט לעזען פון זיין געזיכט, וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען. זיי האבען אוועקגערעדט נאך אייניגע צייט. ארטהור האט געגעבען צו פערשטעהן זיין גאסט, אז ער האט זעהר וועניג צייט. ער מוז באלד אוועקפאהרען. נאני האט געמוזט נעהמען אפשיעד און זיך אוועקגעהן.

— איך מוז זיין בעקאנט מיט דיעזען בעראָן, האט ארטהור געזאגט צו זיך אליין, ווען נאני איז ארויסגעגאנגען פון זיין צימער. פיעלייכט וועל איך דורך איהם געוואהר ווערן, וויא אזוי איך בין געקומען אין טהורעם פון טשעמני. איך בין צוואר איבער־צייגט, אז מאקס האט מיך געשיקט אהין. איך בין אבער ניט זיכער, אז ער האט עס געטאהן. איך האב קיינע בעווייזע. ווען איך זאל האבען בעווייזע, וואלט איך גע־קענט איהם פערקלאגען. —

זיין דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— אלעס איז פערטיג. אייער קארעטע שטעהט שוין אין דרויסען.

ארטהור האט צונויפגעלעגט נאך אייניגע קלייניגקייטען, האט נאך געגעבען אייניגע בעפעהלע זיינע דיענער און אין א שטונדע ארום איז ער שוין געפאהרען אויפ'ן גרויסען טראקט קיין בודאפעסט.

נאני איז געווען אויסער זיך, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון ארטהור'ן. ביי איהם אין צימער האט ער געמוזט זיך איינהאלטען, זיך פערשטעלען, אין דרויסען אבער האט ער ארויסגעפלאצט.

— נו, מיין ליעבער בעראָן, האט ער אויסגערופען, דאס מאל ביזט דוא ניט אריינגעפאלען אין נעץ, וועלכען איך האב פאר דיר אויסגעשפרייט. עס וועט דיר אבער גאר ניט העלפען! דוא וועסט זיך ניט אויסדרעהען פון מיר! — עס איז פיעלייכט פיעל בעסער, וואס דוא ביסט ניט געגאנגען מיט מיר אויף דער יאגד. עס וואלט דיר דארט געטראפען אן אונגליק און דיא גאנצע וועלט וואלט דיך בעדויערט און בע־טרויערט. דאס טויג מיר גאר ניט. דוא דארפסט ווערן געשענדעט און ערניעדריגט. דיין נאמען דארף ווערן צו שאנדען אין דער גאנצער געגענד. דוא מוזט שטארבען, שטאלצער בעראָן פאן באטהיאני, וויא א מערדער און א פערברעכער. אין דעם טאג, וואס דוא וועסט שטארבען מיט א שענדליכען טויט. וועט מאקס פאן ראדעצקי היי־ראטהען עלווירא'ן.

ער איז אוועקגעפאהרען אין שלאס ראדעצק, איז אריינגעגאנגען איז זיין צימער און האט זיך געזעצט שרייבען. ווען ער האט געענדיגט, איז ער געגאנגען צו דער גרעפין ראדעצקי און האט איהר געוויזען, וואס ער האט אנגעשריעבען.

— לעזט נור איבער, גרעפין, וואס איך האב דא אנגעשריעבען.

דיא גרעפין האט איבערגעלעזען דעם בריעף, וואס נאגי האט איהר געגעבען, און איהר געזיכט איז געווארען פון אלערליי פארבען. איהרע הענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן און דער בריעף איז אראפגעפאלען אויף דער ערד.

— נאגי! האט זיא אויסגערופען, איך האס דעם באראן, וויא דעם טויט. איך ווינש, אז ער זאל שטארבען, אבער איך ציטער, ווען איך דענק, וויא שרעקליך דיעזער פלאן איז.

— דאס פערשטעה איך ניט! וואס האט מען דא צו ציטערן? דער באראן איז אונזער גרעסטער פיינד. ער מוז פערשווינדען! ער מוז שטארבען. אלזא, לאז ער שטארבען אויף דער שרעקליכסטער ארט, וואס קען נור זיין.

— דוא פערשטעהסט מיך ניט, נאגי, האט דיא גרעפין געענטפערט, איך האב ניט קיין מיטלייד מיט'ן באראן, איך האב נור מורא פאר איהם. איך האב מורא פאר דעם שרעקליכען פלאן, וואס דוא האסט געמאכט. דוא ווייסט ניט, וויא איך האב מורא פאר יעדען שטאלצען פלאן. — דיא אינטריגע איז א שווערד, וועלכעס איז שארף פוןביידע זייטען, קוים דערגרייכט מען ניט דעם פיינד, פערוואונדעט מען זיך אליין. — אך!

— מיינט איהר, גרעפין, אז איך וויים ניט, וויא צו זיין פארזיכטיג? האט נאגי אויסגערופען, קוקט אייך גוט צו צום בריעף, וועט איהר זעהן, אז איך האב מיך זאגאר ניט אונטערשריעבען. מיין מענש, וועט שוין וויסען, וואס איך פערלאנג פון איהם. ער וועט שוין אלעס טאהן. ער מוז טאהן אלעס, וואס איך הייס איהם, ווייל ער איז ביי מיר אין דיא הענד. איהר ווייסט דאך, גרעפין, אז איך האב עטליכע אזעלכע מענשען, וועלכע שפיעלען פאר מיר, טאנצען פאר מיר און מוזען טאהן אלעס, וואס איך הייס זיי.

דיא גרעפין האט איהם א קוק געטאן גלייך אין דיא אויגען און איז געווארען בלייך, וויא קאלך. זיא האט פערשטאנען דעם ווינק, וואס נאגי האט איהר געגעבען. זיא אליין איז אויך ניט מעהר, וויא א מאשין אין זיינע הענד; זיא מוז אויך שפיעלען און טאנצען, וויא ער הייסט איהר.

— איך שיק באלד אוועק דיעזען בריעף דורך א מענשען, האט נאגי ווייטער געזאגט, מיר מוזען זעהן, אז דיא פריינדשאפט צווישען שלאס ראדעצק און שלאס טאקקי זאל ווערן מיט יעדער טאג שטארקער. ניט נור מאקס דארף יעדען טאג מאכען א בעזוך אין שלאס טאקקי, זאנדערן איהר אליין, גרעפין, מוזט זעהן, איהר זאלט זיך אפט בעגעגענען מיט דער גרעפין טאקקי. עס איז דער ליעבער זומער, מען פאהרט זעהר אפט שפאציערן, מען קען זיך בעגעגענען ערגעץ אויפ'ן פעלד, אין וואלד אדער אויף א וועג. מען בעגריעסט זיך, מען רעדט זיך צונויף, מען ווערט בעפריינדעט און מען לאדעט איין איינע דיא אנדערע צו זיך.

— דוא האסט רעכט, נאני, איך וועל טאהן אלעס, וואס דוא פערשטעהסט, אז עס איז נעטהיג פאר אונזער גליק.

— ווען איהר וועט נור טאהן אלעס, וואס איך ראטה אייך, וועט זיין אלעס רעכט.

— עס וועט געוויס זיין רעכט, ווען עס וועט זיך ניט אויסלאזען שלעכט, האט דיא גרעפין געזיפצט.

— רעדט עס ניט, גרעפין! ווען מיר וועלען זיך פערהייראטהען; ווען איהר וועט זיך איבערצייגען, וויא שטארק און הייס איך ליעב אייך; ווען איהר וועט איינזעהן, וויא גליקליך מיר וועלען נאך זיין אלע צוזאמען, — דאן וועט איהר מעהר ניט רעדען אזעלכע רעד.

ער האט זיך פערניינט פאר דער גרעפין און איז ארויסגעגאנגען בעזארגען דעם בריעף. אין דרויסען אין געוועזען שעהן אוןווארם. דיא פרישע, מילדע פריהלינגס לופט האט ערקוויקט יעדען און האט אין איהם אויפגעוועקט מילדע, פריינדליכע, מענשליכע געפיהלע. נאני האט ארייגעאטהעמט דיא פרישע, ריינע לופט.

— זיא מיינט, אז איך ליעב זיא. אז איך קען גאר ניט לעבען אהן איהר, האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיא איז א נארר! איך מוז זיא הייראטהען, ווייל איך מוז האבען איהר געלד. איך מוז האבען א הויכע שטעלע צווישען דיא אונגארישע מאגנאטען. דאס קען איך דערגרייכען, ווען מאקס וועט זיין פערהייראטהעט מיט עלוויראן. גראף מעראס איז א גרויסער מאן. ער איז זעהר אנגעזעהןביים קייזער. ער קען פיעלעס, פיעלעס טאהן. — עס מוז אזוי זיין!

ער האט צוגערופען א דיענער, האט איהם געהייסען אנזאטלען א פערד און אוועקרייטען קיין ראזענוי. דארט זאל ער איבערגעבען דעם בריעף דעם ווירטה פון'ם גאסט־הויז „צום גאלדענעם רינג“.

## 13טער קאפיטעל.

# דיא טאדעס שטראפע.

עס איז דער 6טער מאי גאנץ פריה. אן אונגעהייערע מאסע מענשען שטעהט ניט ווייט פון וויענער טויער אין בודאפעסט. דארט איז אויסגעבויט א הויכער עשאפאט. ער איז געבויט פון שטארקע ברעטער און קלעצער און איז בעהאנגען מיט שווארצען געוואנד. ארום עשאפאט שטעהט א באטאליאן סאלדאטען מיט בלויזע שווערדען. אויף דיעזען ארט וועט באלד דיא מענשליכע גערעכטיגקייט בעגעהן איהר לעצטען אקט. באלד וועט זיא אויספיהרען דעם אייבינגען געזעץ: אן אויג פאר אן אויג; א צאהן פאר א צאהן; א מענשען לעבען פאר א מענשען לעבען.—מען וועט הענגען א מערדער.

דיא מענגע, דאס פאלק, וויים, וואס עס וועט דא באלד פארקומען און דרענגט זיך, שטופט זיך, קוועטשט זיך נעהנטער צום עשאפאט. יעדער וויל שטעהן נעהנטער, יעדער וויל זעהן בעסער אלע קלייניגקייטען פון דיעזען טרויער שפיעל. יעדער וויל זעהן דעם פעראורטהיילטען, וואס פאר א מינע ער וועט מאכען, ווען מען וועט איהם

ארויפפיהרען אויף דיעזע שווארצע ברעטער, וואו ער דארף ענדיגען זיין לעבען. יעדער וויל זעהן דעם הענקער, דעם בעאמטען, וועלכער פיהרט אויס דעם לעצטען ווילען פון דער גערעכטיגקייט. ניט אומזיסט הייסט דער הענקער אין דער עדעלער שפראכע דער נאכריכטער. ער איז אויך א ריכטער, אבער ערשט נאכדעם דאס געריכט האט ארויסגעזאגט זיין אורטהייל. ער איז דער נאכריכטער.

פלוצלונג האט זיך דיא מענגע אנגעהויבען צו קאכען. אלע קעפ האבען זיך אויסגעשטעלט אין איין זייט. אלע אויגען האבען געקוקט אויף איין פונקט. אויף דער גאס האט זיך געוויזען א שווארצער וואגען ארומגערינגעלט פון סאלדאטען אויף פערד. אויפ'ן וואגען איז געזעסען א מענשליכע געשטאלט איינגענעהט אין א פרישע, ערשט אפגעשונדענע פעל פון אן אקס. פון דעם מענשען אליין האט מען ארויסגעזעהן נור דעם סאפ. מען האט געקענט זעהען, אז דאס איז אן עלטערער מענש פון א יאהר פופציג מיט א גראבען ווילדען געזיכט.

אזוי וויא ער האט געטויטעט זיין וועכטער פון געפענגניס, איז איהם געקומען א שרעקליכע שטראפע. מען האט איהם פעראורטהיילט, אז מען זאל איהם פיהרען דורך דיא גאסען פון דער שטאדט איינגענעהט אין א פעל פון אן אקס און דערנאך זאל מען איהם אפהאקען דעם קאפ. קיינער האט אבער ניט געוואוסט גענוי צו וואס פאר א שטראפע מען האט איהם פעראורטהיילט, ביז צו דער לעצטער מינוט. זאגאר זיין איינענע פרוי, דיא אלטע סטאסא, האט עס ניט געוואוסט, ביז היינט אין דער פריה.

ענדליך איז דער וואגען צוגעקומען צום עשאפאט. דער הענקער מיכאאיל מיט זיינע געהילפען האבען אראפגענומען דעם פעראורטהיילטען פון וואגען און האבען איהם ארויפגעשלעפט אויפ'ן עשאפאט. א מאן אין א לאנגען שווארצען מאנטעל האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א בויגען פאפיער און האט פארגעלעזען דעם טאדעס אורטהייל. א גייסטליכער מיט א קרייץ אין דער האנד איז צוגעגאנגען צום פעראורטהיילטען און האט איהם עפעס געזאגט. דער פעראורטהיילטער האט ניט געענטפערט.

אלע זיינען אפגעטרעטען פון'ם פעראורטהיילטען. דיא געהילפען פון'ם הענקער האבען איהם אויסגעצויגען דעם קאפ און האבען ענטבלעסט זיין האלז. מיכאאיל האט געקענט זיין האנדווערק. א האק מיט זיין שווערער הענקער האק און דער קאפ פון'ם אונגליקליכען איז אראפגעפאלען אויפ'ן עשאפאט. דיא מענשליכע גערעכטיגקייט איז בעפריעדיגט. אן אויג פאר אן אויג; א מענשען לעבען פאר א מענשען לעבען.

דיא ריכטער, דער גייסטליכער און דיא וועכטער זיינען אראפגעגאנגען פון עשאפאט. דיא סאלדאטען זיינען זיך צופאהרען. דיא מענגע אבער איז נאך אלץ געבליבען שטעהן פאר'ן עשאפאט. קוים זיינען דיא טרעפ פון'ם עשאפאט פריי געווארען פארן פאלק, האט עס זיך א לאז געטאהן, וויא א ווילדער שטראם צום עשאפאט. מענער און פרויען האבען זיך געשלאגען, געריעסען און געדרענגט צום עשאפאט. יעדער האט איינגעטונקט א טיכעל, א פאטשיילע, דעם עק פון זיין ראק און זאגאר זיין הוט אין דעם בלוט פון'ם געטויטעטען מערדער.

אין אונגארן, וויא אין אנדערע לענדער, וואו עס וואהנען קאטוילוקען, איז דא

אן אבערגלויבען, אז דאס בלוט פון א מערדער, וועלכען מען האקט אפ דעם קאפ אויפ'ן עשאפאט, איז א מיטעל (א סגולה) געגען צויבעריי (כישוף).

דאס איז געוועזען דיא אורזאכע, וואס דיא מענגע, דיא מאסע, דאס גראָבע פאָלק האט זיך יעצט אזוי געריסען צום עשאפאָט. דער הענקער מיט זיינע דיענער האבען צוואר געזוכט אוועקצוטרייבען דיא מענגע, עס האט זיי אבער ניט געהאָלפען. מען איז בעפאלען דעם עשאפאט, וויא דיא ביענען. יעדער האט געריסען, יעדער האט געשלעפט, יעדער האט זיך געדרענגט און געשטויסען צום טויטען.

צווישען דער גרויסער מאסע האט זיך דורכגעדרענגט און דורכגעשלאגען א הויכע, דארע פרוי מיט א שיסעלע אין דער האנד. זיא האט זיך דורכגעשלאָגען צום טויטען פערבלוטיגטען קערפער פון'ם מערדער און האט אנגעשעפט א שיסעלע בלוט.

— גיב אונז אביסעל! לאז מיר איינטונקען מיין טיכעל! האבען געבעטען ביי איהר אייניגע, וועלכע זיינען ניט געוועזען אזוי גליקליך, וויא זיא.

— וואס ווילט איהר? האט זיא אויסגערופען מיט א זאָנדערבארע הייזעריגע שטימע, דאס איז דאך געוועזען מיין מאן! דאס איז דאך דאס איינציגע, וואס מיר איז געבליעבען פון איהם!

אלע האבען זיך דערשראָקען און זיינען צוריקגעטרעטען פון איהר. דיעזע מינוט האט בענוצט דער הענקער מיכאאיל מיט זיינע געהילפען אום צו צוטרייבען דיא מענגע. זיי זיינען ענדליך געבליעבען אליין אויפ'ן עשאפאט.

— צו וואס ביסט דוא געקומען אהער אין אזא צייט, סטאסא? האט מיכאאיל זיא געפרעגט.

— איך האב געמיינט, אז ע ר וועט דאָ זיין, האט סטאסא געענטפערט. דער אדוואָקאט האט מיך אפגענארט. ע ר איז ניט געקומען.

— וועמען מיינסט דוא?

— דעם גראף מעראס.

מיכאאיל האט געוואלט זיא נאך עפעס פרעגען, עס איז אבער געוועזען אונמעג-ליך. עס איז אנגעקומען דער שווארצער וואגען, אין וועלכען מען האט אוועקגעפיהרט דעם געטויטעטען. דאס פאלק האט ניט אפגעטרעטען. מיכאאיל האט געמוזט העלפען. סטאסא האט פערדעקט דאס שיסעלע בלוט מיט איהר שמוציגען פארטוך און איז פערשוואונדען געווארען. — — —

הייטע איז דער זעקסטער מאי. דיא מאגנאטען פון גאנץ אונגארן זיינען זיך צונויפגעפאהרען קיין בודאפעסט אום צו פערהאנדלען איבער דיא אנגעלעגענהייטען פון דער רעגיערונג. גראף מעראס איז געוועזען דער פאָרזיצענדער.

עס איז שוין זעקס אוהר אבענדס. גראף מעראס טהוט זיך אן אום צו פאהרען צו דער פערזאמלונג. פלוצלונג האט ער דערהערט עפעס א ליארם ביי איהם אין פאָר-הויז. ער האט אנגעקלונגען און האט געפרעגט דעם דינער, וועלכער איז אריינגעקומען:

— וואס איז דארט פאר א ליארם?

— עס איז עפעס געקומען אן ארימע פרוי, וועלכע בעט, מען זאל זיא צולאָזען

צו אייך. מיר ווילען זיא ניט אריינלאזען. זיא זאגט אבער, אז זיא האט אייך צו דער צעהלען זעהר וויכטיגע זאכען.

— לאזט זיא אריין, האט דער גראף געזאגט.

אין א מינוט ארום איז סטאסא אריינגעקומען אין צימער. גראף מעראס האט זיא באלד דערקענט. דאס איז דיא זעלבע, וועלבע האט איהם דאמאלס אויפגעהאלטען אין זיין פאמיליען גראב. ער איז געווארען שרעקליך בייז, וואס דיעזע פרוי וואגט צו קומען צו איהם און איהם שטערן.

— וואס איז דאס? האט ער אויסגערופען, וויא וואגסט דוא עס צו קומען צו מיר אין פאלאץ? ווייסט דוא דען ניט, אז איך קען דיך באלד הייסען ארעסטירען?

— דוא וועסט עס ניט טאהן, שטאלצער מאגנאט, האט סטאסא געזאגט מיט א הייזעריגער, גראבער אונאנגענעהמער שטימע. ערשט היינט אין דער פריה האט מען אפגעהאקט מיין מאן דעם קאפ און יעצט ווילסט דוא מיך ארעסטירען? ניין, מאגנאט, דוא וועסט עס ניט טאהן!

זיא האט עס געזאגט אזוי טרויעריג און אזוי הערצרייסענד, אז דער גראף איז געווען גערירהרט.

— וואס פערלאנגסט דוא אלזא פון מיר? האט ער געפרעגט.

— איך וויל דיר עפעס איבערגעבען.

דער אלטער מאן האט געווארפען אויף איהר א פארשענדען בליק.

— זאג מיר שנעל, וואס דוא ווילסט, איך האב קיין צייט מיט דיר פיעל צו רעדען, האט דער גראף געזאגט.

סטאסא האט איהם דערלאנגט א בריעף. גראף מעראס האט איהם האסטיג אויפגעריעסען און האט איהם אנגעהויבען צו לעזען. אין דיעזע מינוט האט סטאסא ארויסגעחאפט פון'ם בוזים א גרויסע פאטשיילע, וועלבע עס איז געווען איינגעטונקט און דורכגענעצט מיט בלוט, און האט זיא ארויפגעווארפען דעם אלטען גראף אויפ'ן געזיכט.

— דאס איז מיין מאנ'ס בלוט! האט זיא אויסגערופען מיט איהר ווילדער, היי-זעריגער שטימע. ער איז געפאלען דורך דיך, זיין בלוט זאל פאלען אויף דיין קאפ!

דער אלטער מאן איז געווען אזוי איבערראשט און דיא בעריהרונג פון פרישעס, נור וואס פערגליווערטעס בלוט איז איהם געווען אזוי אונאנגענעהם, אז ער האט גע-ציטערט און האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

— איך וואלט געקענט דיך טויטען יעצט אין דיעזע מינוט, האט סטאסא ווייטער געזאגט, איין שטויס מיט א מעסער אין דיין הארצען און דוא לעבסט ניט מעהר. איך וויל אבער ניט, אז דוא זאלסט שטארבען פלוצלונג, זאלסט נאר ניט ליידען פאר דיין טויט. אפהאקען דעם קאפ, שטעכען איינעם מיט א מעסער איז גאר נישט! דוא וועסט ליידען, איידער דוא וועסט שטארבען! דוא וועסט ליידען זעהר פיעל און זעהר לאנג.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויסגעלאפען פון צימער און פון דעם גראף'ס הויף. דער אלטער מאן איז געבליעבען שטעהן פערשטיינערט, דערשראקען, צומישט

און אויפגערעגט. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער ער איז געקומען צו זיך און איז געווען אים שטאנד אראפצורייסען פון זיך דאס פערבלוטיגטע טוך. — ער האט אנגעקלונגען און האט צונויפגערופען זיינע דיענער.

— לויפט און חאפט דיעזע פרוי! זוכט זיא! ארעסטירט זיא! איך מוז זיא האבען!

דיא דיענער זיינען אוועקגעלאפען אין אלע זייטען און האבען געזוכט אין אלע גאסען, אין אלע עקען פון דער שטאדט. — אומזיסט! זיי האבען גאר ניט געפונען. זיא איז אריין, וויא אין וואסער.

דער אלטער גראף מעראם איז געווען בלייך און אויפגערעגט. ער האט זיך גע־הייסען געבען א גלאז שטארקען טאקאיער און איז אוועקגעפאהרען צו דער פערזאמלונג.

## 14טער קאפיטעל.

# א פאלשער פריינד.

ארטהור פאן באטהיאני איז שוין זייט איינגע צייט אין בודאפעסט. ער זיצט אין לאנדראטה, האלט לאנגע רעדען און אלע הערען איהם אויס און זיינען ענטציקט איבער זיינע קלוגע איינפעלע און זיינע ריכטיגע בעמערקונגען און פאַרדערונגען.

איין מאל, ווען ער איז געזעסען אין זיין צימער אין האטעל און האט געטראכט איבער זיינע אנגעלעגענהייט, האט א לאקיי איהם געמעלדעט, אז דער אדוואקאט נאוואק וויל מיט איהם רעדען. ארטהור האט געהערט, אז אין בודאפעסט געפינט זיך א בעריהמטער אדוואקאט מיט'ן נאמען נאוואק. ער האט איהם אבער ניט געקענט. ער האט איהם קיין מאל ניט געזעהן.

— פיהר איהם אריין, האט ער געזאגט צום לאקיי.

אין איינינע מינוטען ארום איז דער אדוואקאט אריינגעקומען אין צימער. ארטהור האט איהם אויפגענומען זעהר העפליך און האט איהם געבעטען זיצען.

— איהר וועט אייך גיוויס וואונדערן, וואס איהר זעהט מיך ביי אייך, האט דער אדוואקאט אנגעהויבען צו רעדען מיט זיין מילדער, ווייכער, האניג־זיסער שטימע. איך האב געמוזט קומען צו אייך און אייך דאנקען דערפאר, וואס איהר האט געפאר־דערט פון'ם לאנדראטה, מען זאל שיקען א ביטע צום נייען קייזער, ער זאל ארויסגעבען א מאניפעסט, אז ער שענקט אלע שטראפען פאר דיא פאליטישע פערברעכער. דאס איז ניט מעהר וויא רעכט. איך בין זיכער, אז דער לאנדראטה וועט אננעהמען אייער פארשלאג און דער קייזער וועט געוויס טאהן, וואס דער לאנדראטה וועט פון אירם פערלאנגען.

— איך האף עס אויך, האט ארטהור געענטפערט. איך בין זיכער, אז דער לאנדראטה וועט עס פאַרדערן פון דער רעגיערונג. דיא פראגע איז נור, וויא קייזער לעאפאלד וועט בעטראכטען דיעזע פראגע. קייזער יאזעף דער צווייטער איז געווען אנאנדער מענש. דעם נייעם קייזער קענען מיר נאך ניט.

— ווען דער קייזער וועט נאכגעבען דיעזע ביטע פון'ם לאנדראטה, דאן וועט

אייער פאטער, ווען ער לעבט נאך, קענען צוריק קומען קיין אונגארן און ער וועט פיר־
ליכט צוריק בעקומען אלע זיינע גיטער.

ארטהור האט איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג.

— וואס פאר אן אינטערעסע האט איהר אן מיין פאטער? האט איהר דען גע־
קענט מיין פאטער?

— איך בין א פערוואנדטער פון אייער פאמיליע, האט דער אדוואקאט גע־
ענטפערט.

— א פערוואנדטער? האט ארטהור אויסגערופען, איך האב קיין מאל ניט
געהערט רעדען אין אונזער פאמיליע פון א פערוואנדטען מיט'ן נאמען „אוואק.

דער אדוואקאט האט אנגעהויבען אויסצורעכנען, אז זיין עלטער — עלטער מוטער
איז אפגעשטאמט פון דער פאמיליע באטהיאני. זעלבסט פערשטענדליך, אז ארטהור
האט ניט אנגעהויבען צו וויסען פון דיעזער עלטער — עלטער מוטער און האט אויף
קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי דער אדוואקאט נאוואק איז זיין פער־
וואנדטער, דעננאך האט ער געשוויעגען און האט זיך געמאכט ניט הערענדיג.

— איהר ווייסט ניט, הערר באראן, וויא אפט איך האב נאכגעדאכט וועגען
אייער פאטער; וויא אפט בין איך ניט געשלאפען דורך דיא נעכט און האב געטראכט
וועגען איהם. — מען זאגט, אז ער איז גאר געוועזען אונשולדיג, ווען מען האט איהם
ארויסגעטריעבען פון אונגארן און מען האט ביי איהם צוגענומען זיין פערמעגען. מען
זאגט זאגאר, אז איינער פון זיינע פערוואנדטע האט אומ־סטען אויף איהם אנגעגעבען.

ארטהור האט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם און האט געזאגט טרויעריג:

— ליידער, איז עס אלעס ריכטיג.

— האט איהר פיעלייכט בעווייזע? האט דער אדוואקאט אויסגערופען. האט
איהר פיעלייכט א וועג, וויא אויסצוגעפינען, אז אייער פאטער איז געוועזען אונשולדיג?
גיט מיר אייערע בעווייזע! צייגט מיר אייער וועג און איך וועל באלד אנהויבען א פראָ־
צעס! איהר וועט איהם געוויס געווינען!

— אך! איך האב געקענט האבען אזעלכע בעווייזע, איך האב זיי אבער ניט,
האט ארטהור געזיפצט.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

ארטהור האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט וועגען דאקו־
מענט, וועלכען מען האט אוועקגערויבט ביי געארג'ן.

דער אדוואקאט האט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם און האט פערבי־
סען דיא ליפען פאר פערדרוס.

— אלזא, ווייס ער, אז עס געפינט זיך אויף דער וועלט אזא דאקומענט, האט
ער זיך געטראכט. אין דער הויך אבער האט ער געזאגט:

— דאס איז זעהר טרויעריג! האבען אזא וויכטיגעס דאקומענט אין דיא הענד
און איהם פערליערען אויף אזא טרויעריגער ארט, איז זעהר אונאנגענעהם. און דעננאך
דארפט איהר ניט פערצווייפלען, הערר באראן. עס איז זעהר מעגליך, אז דאס

דאקומענט וועט זיך נאך געפינען. קיינער דארף איהם דאך נים, ער האט דאך פאר קיינעם קיין ווערטה נים.

— יא, עס איז אלעס מעגליך, האט ארטהור געזיפצט.

— קענט איהר אפט ניט א באראן נאני פאן האללאוואאי, וועלכער וואהנט ערגעץ אין אייער נאכבארשאפט? האט פלוצלונג דער אדוואקאט געפרעגט.

— אה, געוויס! האט ארטהור געענטפערט, איך קען איהם.

— קענט איהר מיר ניט מיטטהיילען איבער איהם עטוואס געגויערעס: ווער איז ער? וואס איז ער? איז ער רייך, איז ער ארים?

— ליידער, קען איך עס אייך ניט זאגען. איך בין מיט איהם בעקאנט ערשט ניט לאנג און קען אייך גאר ניט זאגען איבער איהם און זיינע פערהעלטניסע.

— דאס איז עס עבען, וואס מיך אינטערעסירט, איך קען איהם אויך ערשט זייט אייניגע וואכען און איך וויים ניט, וואס צו דענקען פון איהם. מיר דאכט זאגאר, אז....

— ווארום שווייגט איהר, הערר נאוואק?

— עס איז מיר שווער צו זאגען, וואס איך דענק איבער איהם, מיר דאכט—לאז זיין! איך קען ניט רעדען קיין שלעכטעס פון א מענשען, וועלכען איך קען אזוי ווענינ.

ער האט נאך אוועקגערעדט מיט ארטהורן אייניגע צייט, האט איהם נאך א מאל פערזיכערט, אז ער וועט טאהן פון זיינעטוועגען אלעס מעגליכע, האט דאן פון איהם אבשיעד גענומען און איז זיך אוועקגעגאנגען. ער האט שוין אויסגעפארשט ביי ארטהורן אלעס, וואס ער האט געדארפט וויסען. דערנאך איז ער געגאנגען אהיים פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— עס איז וואהר, איך האב דאס דאקומענט, אז ארטהור'ס פאטער איז אונ־שולדיג, האט ער געברומט אונטער דער נאז. וואס העלפט דאס אבער? וואס טויג עס מיר? זא לאנג ארטהור לעבט, קען איך מיט'ן דאקומענט גאר ניט מאכען. ווען ער זאל זיין טויט, וואלט איך געקענט מיך פארשטעלען אלס פערוואנדטער פון דער פאמיליע באטהיאני; איך וואלט געקענט אויסגראבען ערגעץ אלטע בריעף, אלטע שריפטען און אלטע דאקומענטען, וועלכע וועלען בעווייזען, אז איך בין ווירקליך א פערוואנדטער. אבער יעצט? — וואס טהוט מען יעצט?

ער איז געקומען אהיים און האט זיך א ווארף געטאהן אין זיין שטוהל פאר זיין שרייב טיש.

— צו ערשט מוז איך זעהן, אז דער קייזער זאל ניט ארויסגעבען א מאניפעסט, אז ער בעגנאדיגט אלע פאליטישע פערברעכער. דאס איז ניט שווער. מען דארף נור זאגען א פאר ווערטער דעם רעבעלען מענשען און דער קייזער וועט עס שוין ניט טאהן.

דאס איז אבער נאך ניט גענוג. איך מוז זעהן מיך צונויפצורעדען מיט דיעזען באראן נאני. דאס איז דער מאן, וועלכען איך דארף. ער וועט מיר העלפען. געוויס פאן טאקקי מוז אויך פערשווינדען. ער וויים פון'ם בריעף. ער האט גערעדט מיט דעם מאן, וועלכער האט געשריעבען דעם בריעף. ער קען שווערן פארן געריכט, אז דער מאן האט געשריעבען אזא בריעף פאר זיין טויט. אויפ'ן גרונד פון זיין שווערן וואלט

מען שוין געקענט אנהויבען א פראצעס. — גאנץ ריכטיג! איך מוז שרייבען א בריעף צו דיעזען גאגי, דאן מוז איך נאך רעדען מיט דער קלוגער און פעהיגער סטאסא. זיא קען אויך עפעס טאהן, ווען זיא וויל נור.

ער האט אנגעקלונגען און האט געהייסען זיין דיענער, ער זאל געהן רופען דיא אלטע ארימע פרוי, וועלכע קומט אזוי אפט צו איהם בעטלען. אין א שטונדע ארום איז סטאסא געקומען.

— איהר האט געשיקט נאך מיר, מיין הערר, האט זיא געזאגט, וואס דארפט איהר מיך? עס איז גוט, וואס איהר האט מיך יעצט געשיקט רופען. איך דארף אוועקפאהרען אין דיא קארפאטהען בערג.

— אזוי? דוא פאהרסט צוריק אין דיא בערג?

— ניין, איך פאהר נים צוריק. איך פאהר נור אויף א גאנץ קורצע צייט. איך האב דארט א געשעפט. איך האב אבער נאך א ביטע צו אייך, איידער איך פאהר אוועק.

— וואס איז דאס פאר א ביטע?

— איך וויל, אז איהר זאלט שרייבען א בריעף צום הענקער, אז איהר דארפט עפעס מיט איהם רעדען, ער זאל אבער קומען צו אייך נים היינט און נים מארגען, זאנדערן אין צעהן טעג ארום. איך וויל, אז דער הענקער זאל א פאר וואכען נים זיין אין דערהיים.

דער אדוואקאט האט זיך פערטראכט. ער האט זעהר נים ליעב געהאט צו געבען בריעף, וואו ער דארף אונטערשרייבען זיין נאמען. אלס אדוואקאט האט ער געוואוסט, וואס אן אונטערשריפט הייסט. דאס מאל אבער האט ער געפונען, אז דאס איז דאך א קלייניגקייט. וואס איז אנשרייבען א פאר ווערטער צום הענקער? דער הענקער קען איהם אלענפאלס ניצען.

— נו, גוט, סטאסא! איך וועל דיר געבען א צעטעלע צום הענקער, אז איך וויל מיט איהם רעדען און ער זאל בלייבען אין בודאפעסט נאך צעהן טעג. — פון דיר אבער פערלאנג איך, אז דוא זאלסט באלד אוועקפאהרען פון דאנען.

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז איך פאהר אוועק.

— ווייסט דוא, וואו עס געפינט זיך דאס שלאס ראדעצק?

— געוויס, מיין הערר, איך האב געוואוינט נים ווייט פון ראדעצק.

— אין שלאס ראדעצק וואינט א באראן נאגי פאן האללאוואאי, איהם זאלסט דוא איבערגעבען דיעזען בריעף. דוא זאלסט איהם אבער איבערגעבען איהם אליין אין דיא הענד. איך וויל נים, אז זאגאר דעם באראנס א דיענער זאל וויסען, אז דוא האסט אזא בריעף.

— גוט, מיין הערר, דער באראן וועט מיט זיינע אייגענע הענד ערהאלטען דעם בריעף.

— קענסט דוא דארט אין דער נאכבארשאפט א שלאס טאקקי? האט דער אדוואקאט ווייטער געפרעגט.

— יא, מיין הערר, איך קען זעהר גוט דאס שלאס טאקקי, איך פלעג זעהר אפט דארט זיין.

— קענסט דוא אויך דעם יונגען גראף, גנערג פאן טאקקי?

— געוויס, מיין הערר! איך קען איהם נאך אלס קינד.

— דאס איז רעכט.

— איך האס איהם! האט אויסגערופען סטאסא און איז געווארען רויט, וויא פייער, איך האס דיא גאנצע פאמיליע טאקקי. דיא אלטע גרעפין פאן טאקקי איז דיא שוועסטער פון גראף מעראס, וועלכער האט פעראורטהיילט מיין מאן צום טויט. איך האס זיי אלע און וועל זיי אלע פערניכטען.

זיא איז געווארען גרין פאר צארן און שמערץ; איהרע ליפען האבען געציטערט און א ווייסער שוים האט זיך געוויעזען אויף זיי; איהרע הענד האבען זיך צוזויפענגע-לעגט אין שרעקליכע פויסטען און זיא האט מיט זיי געדראהעט אן אונבעקאנטען פיינד. דער אדוואקאט האט זי בעטראכט מיט שטוינען און פערוואונדערונג.

— דוא ביסט א פעהיגע און טיכטיגע פרוי, סטאסא! האט ער ענדליך אויס-גערופען.

— אך, הערר! גיט מיר נור עפעס צו טאהן! בעפעהלט מיר עפעס, און איהר וועט זעהן, וויא פינקטליך איך וועל עס אויספיהרען.

— אלזא, איהר קענט זעהר גוט דעם יונגען גראף גנערג פאן טאקקי?

— איך פערשטעה אייך, מיין הערר, — איהר ווילט, אז ער זאל פערשווינ-דען. — גוט! ווען איהר פערלאנגט עס און וועט מיר געבען דיא מיטעל דערצו, וועט גנערג פאן טאקקי מעהר ניט לעבען. אלענפאלס וויל איך, איהר זאלט מיר געבען דעם בריעף צום הענקער.

— דוא זאגסט, אז דוא פערשטעהסט מיך, איך האב דאך דיר אבער נאך גאר ניט געזאגט; איך האב דיר נאך גאר ניט געהייסען.

— עס איז וואהר, איהר האט מיר גאר ניט געזאגט, איהר האט מיר אבער אלעס געזאגט. גארנישט הייסט אלעס. — גיט מיר דעם בריעף צום הענקער.

דער אדוואקאט האט גענומען א ביינעלע פאפיער און האט אנגעשריעבען עט-ליכע צייליען. דאן האט ער צוזויפגעלעגט דאס בריוועלע און האט עס דערלאנגט דער פרוי. סטאסא האט צוגעחאפט דעם בריעף, גלייך וויא עס וואלט געווען א טהייערער דיאמאנט.

— איך דאנק אייך, מיין הערר! האט זיא אויסגערופען. איהר וועט באלד הערען פון מיר נייעס.

זיא האט געוואלט אוועקגעהן, דער אדוואקאט אבער האט זיא צוריקגע-האלטען.

— ווארט אן אויגענבליק, סטאסא! דוא האסט געוויס קיין געלד אויף רייזע קאסטען.

ער האט ארויסגענומען פון א שובלאדע עטליכע גאלדשטיק און האט איהר דערלאנגט.

— נאדיר געלד איך דער רייזע, האט ער איהר געזאגט, ווען דוא וועסט מיר ברענגען גוטע נאכריכטען, וועסט דוא מעהר בעקומען.

סטאסא האט געדאנקט נאך א מאל און איז אוועקגעגאנגען.

— איך האב ניט וואס מורא צו האבען, האט דער אדוואקאט געזאגט, ווען ער איז געבליעבען אליין. אין בריעף שטעהט גארנישט, וואס זאל קענען מיך קאמפראָ-מעטירען. איך האב אזוי געשריבען, אז מען קען פון איהם גאר ניט וויסען. דער באראן נאני וועט באלד קומען צולויפען. דאס דארף איך! דאס איז אלעס!

## 15טער קאפיטעל.

# א געשפרעך.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג, זייט עס האבען פאסירט דיא בעגעבענהייט-וועלכע מיר האבע בעשריעבען אין פאריגען קאפיטעל.

אין שעהנעם פריהמארגען איז א רייך געקליידעטער און זעהר נאבעלער ניעדע-רינער מאן מיט שווארצע האר געגאנגען איבער דיא גאסען פון בודאפעסט. ער האט אויסגעווייכט דיא גאסען, וואו עס געהען פיעלע מענשען און איז געגאנגען אין דיא לעערע און פערוואָרפענע געסלעך, וואו מען האט קוים געזעהן א לעבעדיגען מענשען.

— ענדליך וויים איך, וואו ער געפינט זיך און וואס ער טהוט, האט ער געזאגט צו זיך אליין, עס וועט מיר ניט שווער זיין צו ווערן זיין פריינד. נאני האט פאלקאמען רעכט. זיין פלאן איז גוט. איך מוז איהם פאלגען, בעזאנדערס ווען איך דארף שפיע-לען אזא שעהנע ראלע. עס איז דאך גוט צו זיין אן אקטאר און צו שפיעלען פער-שיעדענע ראללען.

ער האט צוגערופען א דראשקע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אי האטעל דע פאריז. ווען ער איז אריינגעקומען אין האטעל, האט ער געהייסען א לאקיי, ער זאל איהם צופיהרען צום צימער פון באראן פאן באטהיאני.

דער לאקיי האט איהם צוגעפיהרט צו דיא צימער, אין וועלכע ארטהור האט געוואוינט. דער רייך געקליידעטער מאן האט אנגעקלאפט. ארטהור האט איהם גע-עפענט.

— זייט איהר דער באראן ארטהור פאן באטהיאני? האט דער קליינער מאן געפרעגט.

— אזוי הייס איך, האט ארטהור געענטפערט.

דער פרעמדער האט איהם דערלאנגט א וויזיט קארטע, אויף וועלכע ארטהור האט איבערגעלעזען: „גראף וויקטאר טארנאססי". ארטהור האט זיך פערנייגט זעהר העפליך און האט געפרעגט:

— קען איך וויסען וואס פאר א צופאל איך האב צו פערדאנקען אייער בעזוך?

— עס איז קיין צופאל, האט דער גראף געענטפערט, איך וועל עס אייך אבער זאגען ערשט דאן, ווען איך וועל האבען דיא עהרע מיט אייך בעסער בעקאנט צו זיין.

— מענער פון עהרע זיינען בעקאנט, ווען זיי זעהען זיך צום ערשטען מאל, האט ארטהור אויסגערופען, איך גלויב, אז מיר ביידע זיינען עהרענמענער.

— דאס איז וואהר, האט גראף טארנאססי געענטפערט, איך האלט אייך פאר א מאננאט און פאר א וואהרען פריינד פון אונזער אונגליקליכעם פאטערלאנד; עס איז מיר אבער דאך אונמעגליך צו ערקלערן אייך אלעס, וואס איך וואלט געווינשט מיט אייך צו רעדען, ביז וואנען איך וועל ניט האבען קיינע ערקלערונג אויף געוויסע פונקטען. — אך! עס זיינען דא זאכען, איבער וועלכע נור א הייסער פאטריאט קען רעדען מיט'ן אנדערן; עס זיינען דא פונקטען, וועלכע נור א טרייער אונגאר, א מאן, ביי וועמען דאס הערץ אין דער ברוסט שלאגט הייס אוןווארם פאר זיין פאטערלאנד, מעג זיי בעריהרען.

— דער נאמען טארנאססי איז בעקאנט אין אונגארן, האט ארטהור געזאגט אפענהערציג. איך האב שוין לאנג געווינשט בעקאנט צו ווערן מיט איינעם פון דער פאמיליע טארנאססי. וואס א גראף פאן טארנאססי וועט מיר זאגען, איז מיר שטענדיג אנגענעהם און איך וועל איהם שטענדיג אויסהערן מיט פערגניגען. — עס איז מיר אבער א וואונדער, פאר וואס איך האב ניט געזעהן אין לאנדראטה. מיר קומט עס אויס רעכט זאנדערבאר, וואס דאס אונגארישע פאלק האט ניט געוועהלט א גראפען טארנאססי אלס דעפוטאט, אלס זיין פערטרעטער אויפ'ן לאנדסראטה.

דער גראף האט א שמייכעל געטאהן.

— אך, גראף באטהיאני! וויא ווענינ קענט איהר דיא עסטעררייכישע רעגיערונג! ווייסט איהר דען ניט, אז זיא וועט אויף קיין פאל ניט צולאזען א גראף טארנאססי אין לאנדעסראטה? ווייסט איהר דען ניט, אז דיא בעסטע מענער פון דער פאמיליע טארנאססי טארען ניט וואינען אין אונגארן? ווייסט איהר דען ניט, אז דיא עדעלע מענער פון דער פאמיליע טארנאססי זיינען געהאסט און פערפאלגט פון דער רעגיערונג? — דיא עסטרייכישע רעגיערונג איז שטרענג, אונמענשליך שטרענג. איך וויים ניט, אויב אייער פארשלאג, אז דער קייזער זאל בעגנאדיגען אלע פאליטישע פערברעכער, וועט אנגענומען ווערן פון דער פערזאמלונג. און ווען עס וועט שוין אנגענומען ווערן, וועט ערשט דיא רעגיערונג ניט וועלען עס בעשטעטיגען.

ער האט עס געזאגט אזוי טרויעריג און מיט אזא פייער, אזא איבערציינונג און אזא בעגייסטערונג, אז ארטהור האט איהם בעטראכט מיט שטוינען און פערוואונדערונג. ענדליך האט ער פאר זיך א וואהרען פאטריאט, א וואהרען פרייהייטס קעמפפער, א מאן, וועלכער דענקט ניט אן זיך, זאנדערן אן זיין פאטערלאנד און אן דאס וואהל און בעסטע פון זיינע מיטבירגער.

— יא, באראן פאן באטהיאני! האט אויסגערופען דער גראף, מיר האבען יעצט בעריהרט א פונקט, אין וועלכען מיר ביידע פערשטעהען זיך. אייער פאטער איז געוועזן א הייסער פאטריאט. ער האט ליעב געהאט זיין פאטערלאנד מעהר וויא זיין לעבען, מעהר פון זיין עהרע. — ליעבט איהר אויך אייער פאטערלאנד?

— הערר גראף! איך בין אן אונגאר! האט ארטהור געענטפערט שטאלץ.

— זייט איהר ענטשלאסען צו טאהן עפּעס פאר אייער פאטערלאנד? [illegible] גראף געפרעגט שטילערהייט.

— איך בין בערייט צו מאהן אלעס פאר מיין פאטערלאנד. יעדער עהרליכער אונגאר ליעבט זיין פאטערלאנד מעהר אלס זיין לעבען.

דער גראף האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, איז צוגעגאנגען צו ארטהורן, האט איהם ארומגענומען און האט איהם געדריקט דיא הענד.

— דאן זייט איהר מיין ברודער! האט ער אויסגערופען. — איך האב מיך ניט אפגענארט אין אייך! — איך האב געוואוסט, אז איהר וועט זיין איינער פון דיא וועניגע, וועלכע בייגען ניט דעם קאפ אונטערן יאך. עס האבען זיך צונויפגענומען אייניגע יונגע מענער פון דיא עדעלסטע פאמיליען פון אונגארן, וועלכע דענקען צו קעמפפען פאר זייער פאטערלאנד. איך בין זיכער, אז איהר וועט אויך געהערען צו זיי.

— איך וועל געווים טאהן אלעס אין דער וועלט, האט ארטהור געענטפערט ערנסט, אבער נור דאן, ווען עס איז ניט געגען אונזער קייזער, אונזער הערשער. עס איז יעצט ניט דיא צייט צו דענקען, אז אונגארן זאל זיין אונאבהענגיג.

— וואס? האט אויסגערופען דער קליינער גראף מיט דיא שווארצע האר, רעדט אזוי א באראן פאן באטהיאני? רעדט אזוי א מאן, וועמעס פאטער האט געקעמפפט און געליטען פאר דיא פרייהייט? ווייסט איהר באראן, אז איך בין געפאהרען א ווייטען, ווייטען וועג אום אייך צו זעהן? — איך וויים, אז איהר האט געמאכט א פארשלאג, אז מען זאל בעגנאדיגען אלע פאליטישע פערברעכער. מיינט איהר אבער, אז מען וועט אנגעהמען אייער פארשלאג? נארט אייך ניט, באראן! דיא רעגיערונג וועט קיין מאל ניט אננעהמען אייער פארשלאג! מען האט פעריאגט אייער פאטער, מען האט ביי אייך צוגענומען אייער פערמעגען. מען וועט עס אייך קיין מאל ניט צוריק געבען. — מוטה, הערר באראן! מיט געוואלד קענט איהר צוריק האבען אלעס, וואס מען האט ביי אייך אוועקגערויבט, אבער ניט מיט נארישע ווערטער.

ארטהור איז געווארען טרויעריג און האט זיך פערטראכט. ער האט זיך דערמאנט אן דיא ווערטער, וועלכע דיא אלטע גרעפין טאקקי האט איהם געזאגט. זיא קען ניט איינוויליגען, אז ער זאל הייראטהען עלוויראן, וויל ער איז ניט רייך, וויל אויף זיין פאטער ליעגט נאך א פלעק, אז ער איז א פערברעכער.

שווארצע, פינסטערע, טרויעריגע געדאנקען זיינען געקראכען איהם אין קאפ. ער האט זיך דערמאנט, וויא שווער עס איז איהם יעצט זיך צו האלטען אין בודאפעסט. ער דארף האבען געלד אום זיך אויפצופיהרען, וויא א מאגנאט. ער קען עס אבער ניט. עס פעהלט איהם געלד. ער וואלט געקענט זעהר פיעל ווירקען, זעהר פיעל טאהן, ער קען עס אבער ניט.

ארטהור האט געטראכט, געקלערט, האט זיך איבערלעגט און זיין אונגארישעס בלוט האט אנגעהויבען צו קאכען און צו זידען, וויא אין א קעסעל. ער האט דערלאנגט דעם גראף דיא האנד און האט אויסגערופען:

— איהר האט רעכט, ברודער! אין בין אייערער!

— דאס האב איך ערווארטעט פון א באראן פאן באטהיאני! האט דער גראף אויסגערופען. איך האב עס פריהער געוואוסט, איך האב גערעכענט אויף אייך. איך

בין געוועזן זיכער, אז א באראָן פאן באטהיאני וועט שטענדיג זיין מיט דיא פריינד פון זיין פאטערלאנד! —

ער האט אראפגענומען פון זיין האנד א גאלדענעם רינג מיט אן אלטען ברילי־אנט און האט איהם דערלאנגט דעם באראָן.

— אין א קורצע צייט ארום וועט איהר ערהאלטען איין איינלאדונג צו א פער־זאמלונג. ווען איהר וועט צייגען דיעזען רינג, וועט מען אייך אריינלאזען אויף דער פערזאמלונג.

ארטהור האט גענומען דעם רינג און האט איהם בעטראכט פון אלע זייטען. אינעווענינג אין רינג זיינען געווען אויסגעקריצט דריא בוכשטאבען: וו. פ. ט. — אר־טהור האט פערשטאנען, אז דאס מאכט: וויקטאר פאן טארנאססי. ער האט געוואלט אנטאהן דעם רינג אויף זיין פינגער. דער קליינער גראף מיט דיא שווארצע האר איז געווארען אונרוהיג, וויא עס האט אויסגעוויזען, האט עס איהם ניט געטוינט, אז ארטהור זאל טראגען דעם רינג אזוי אפען.

— דער רינג פאסט אייך ניט, האט ער בעמערקט, האלט איהם ליעבער אין אייער בייטעלע, וואו איהר האלט אייער געלד.

— גאנץ רעכט, האט ארטהור געזאגט, איך וועל האלטען דעם רינג אין מיין בייטעלע מיט געלד.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געעפענט א שובלאָדע אין זיין שרייב טיש, וואו ער האט געהאלטען זיין געלד, און האט אניעדערגעלעגט דעם רינג צווישען זיין געלד. ווען ער זאל זיך געווען אומקעהרען אויף אן אויגענבליק און זעהן, מיט וואס פאר פייערינע, ברענענדע בליקען דער קליינער גראף האט געקוקט אויף איהם, וואלט ער פיעלייכט א ביסעל געטאהן און וואלט דערראטהען, ווער דיעזער מאן איז.

דאס איז אבער דאס אונגליק פון אלע גוטע און עדעלע מענשען! זיי האבען צו פיעל צוטרויען צו מענשען; זיי זיינען אליין גוט און עדעל און דענקען, אז אלע מענשען זיינען אזוי גוט און עדעל, וויא זיי; זיי גלויבען, ווען מען וויזט זיי אן ערנסטע מינע, ווען מען זאגט זיי א פריינדליכעס ווארט; זיי קענען גאר ניט פערשטעהן, אז אין דיעזער ערנסטער מינע ליעגט בעהאלטען א שלאנג, אז דיעזעס פריינדליכעס ווארט איז גיפט.

גראף טארנאססי איז געזעסען נאך איינינע צייט ביים באראן און האט מיט איהם גערעדט פון פערשיעדענע זאכען; דאן האט ער געזאגט, אז ער האט נאך היינט אייניגע בעזוכע צו מאכען און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. ער האט פער־שפראָכען צו קומען נאך א מאל בעזוכען ארטהור'ן, האט איהם נאך א מאל געדריקט דיא האנד אזוי ווארם און אזוי פריינדליך, אז ארטהור האט איהם פאַלשטענדיג גע־גלויבט.

דערמיט איז ער אוועקגעגאנגען. קוים איז ער ארויסגעגאנגען אויף דער גאס און האט זיך ארומגעקוקט, אז קיינער הערט איהם ניט, האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט א ווילדער שמייכעל, — א שמייכעל פון א טיגער, וועלכער האט איינגעגראָבן זיינע שארפע, בלוטיגע נעגעל אין פלייש פון זיין אָפפער.

— עס איז מיר געלונגען! האט ער אויסגערופען, איך האב געחאפּט דעם פיש! ער האט פערשלונגען דעם פעטען ווארם מיט'ן שארפען אנגעל. ער וועט זיך שוין ניט אויסדרעהען. ער וועט זיך שוין צאפּלען אין דער הויך, ביז ער וועט דערשטיקט ווערן.

אין איינינע טעג ארום איז ער ווידער געקומען צו ארטהורן און האט ווידער גערעדט מיט איהם איבער פערשיעדענע זאכען. ער איז מיט איהם געווארען אזוי בע־פריינדעט, אז ארטהור פלעגט איהם שוין ערווארטען מיט אונגעדולד. עס איז איהם געווען אנגענעהם צו רעדען מיט זיין נייעם בעקאנטען, מיט זיין בעסטען פריינד. יעדעס מאל, ווען דער גראף פלעגט קומען, פלעגט ער אלץ קוקען אויף דיא שובלאַדע, וואו ארטהור האט געהאלטען דעם רינג, וואס ער האט איהם געגעבען.

איין מאל זיינעןביידע פריינדע אזוי געזעסען און גערעדט פריינדליך מיט איי־נאנדער, ווען א דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז איינער פרעגט אויפ'ן באראן פאן באטהיאני. ארטהור האט געוואלט הייסען דעם פרעמדען אריינגעהן אין צימער.

— טוה עס ניט, ברודער! האט גראף טארגאססי געבעטען, איך וויל ניט, אז מען זאל אונז געפינען ביידען צוזאמען. פיעלייכט וואלט מעגליך געווען, דוא זאלסט אראפּגעהן צו איהם אין זאל?

— פארוואס ניט? איך געה צו איהם אין זאל, האט ארטהור געענטפערט און איז ארויסגעגאנגען צום פרעמדען.

קוים איז ארטהור ארויסגעגאנגען פון צימער, האט דער פאלשער גראף געעפענט דיא שובלאַדע, אין וועלכע ארטהור האט געהאלטען זיין געלד, און האט א קוק גע־טאהן, אויב דער רינג איז דאָ.

— ער ליעגט אויף זיין אָרט, האט ער געזאגט, דאס איז גוט!

דאן האט ער ארויסגענומען דאס שליעסעלע פון דער שובלאַדע און האט עס אריינגעשטעקט אין א שטיקעל ווייכעס וואקס, וועלכעס ער האט געהאלטען אנגעגרייט אין קעשענע.

— יעצט איז מיר אויך דאס געלונגען, האט ער געזאגט, דער פרעמדער וועט איהם אויפהאלטען עטליכע מינוט, ווייל איך אליין האב איהם געשיקט און האב איהם אנגעזאגט, וואס ער זאל רעדען מיט דיעזען עזעל קאפּ, וועלכער הייסט באטהיאני.

אין איינינע מינוטען ארום איז ארטהור אריינגעקומען אין צימער.

— ווער איז געווען דער פרעמדער? האט דער גראף געפרעגט, איז עס ווירקליך געווען אזוי וויכטיג, אז מען האט געדארפט דיך שטערן?

— איך ווייס אליין ניט, וואס איך זאל דיר זאגען, האט ארטהור געענטפערט, עס איז געקומען א מאן, וועלכען איך קען ניט און ווייס ניט און האט אנגעהויבען מיך צו פרעגען אזעלכע נאררישקייטען, אז איך האב איהם איבערגעלאזען און בין מיר אוועקגעגאנגען. וויא עס ווייזט אויס, איז ער א וואהנזיניגער. ענטשולדיג מיר, ליעבער פריינד, וואס איך האב געמוזט אוועקגעהן פון דיר צוליעב אזא זאָנדערבארען מענש'ן.

פון דיא אויגען פון גראף טארגאססי האבען געפונקעלט בליצען פון שפּאָט און

געלעכטער. ער האט שוין גוט געוואוסט, וואס פאר א וואהנזיניגער דער פרעמדער איז געווען.

— ווער וויים, וואס פאר א מענשען עס דרעהען זיך ארום אין אזא גרויסער שטאדט. איך טרוי ניט יעדען, ווער עס קריעכט צו מיר.

— יא, וואס האב איך דען געקענט טאהן? איך האב דאך ניט געוואוסט, ווער עס איז געקומען צו מיר.

— ווייסט דוא וואס, ארטהור? האט פלוצלונג געפרעגט דער גראף, איך האב דיר אמאל געגעבען א רינג מיט מיין נאמען אויסגעקריצט דארין, אום דוא זאלסט קענען קומען אויף דיא געהיימע פערזאמלונג. יעצט איז עס ניט מעהר נעטהיג. מען קען דיך שוין, איך האב שוין אנגעוויעזען פיעלע פון אונזערע מיטגליעדער אויף דיך. מען וועט דיך שוין אזוי ארייגלאזען אויף דיא פערזאמלונג. — גיב מיר אפ מיין רינג צוריק.

ארטהור'ן איז עס צוואר פארגעקומען זאָנדערבאר, וואס זיין נייער פריינד פאָד־דערט פון איהם אזוי פלוצלונג דעם רינג, ער האט אבער ניט געטראכט קיין בייזעס און האט געגלויבט, אז זיין פריינד דארף האבען דעם רינג פאר א פרישעם מיטגליעד פון דער געהיימער געזעלשאפט.

ער האט געעפענט זיין שובלאָדע, האט ארויסגענומען דעם רינג און האט איהם דערלאנגט זיין נייען פריינד.

— איך וויים נאך ביז היינט ניט, וואו דוא וואהנסט, פריינד טארגאססי, האט ארטהור געזאגט, איך וואלט דיך א מאל געוואלט בעזוכען.

— גוטער, ליעבער פריינד: האט דער גראף אויסגערופען, דוא קענסט דאך אליין פערשטעהן, אז אין דער לאגע, וואס איך געפין מיך, קען איך ניט וואהנען אין אן ארט, וואו אלע זאלען וויסען. איך וויל ניט אויפנעהמען קיין געסט אין מיין וואהנונג און קען זיי ניט אויפנעהמען. — מיר וועלען זיך פערזאמלען אין געארגם האטעל. מיר וועלען זאגען, אז מיר, יונגע לייט, האבען געמאכט א באנקעט, א באלל און דער־גלייכען, א זאך, וועלכע דיא פאליציי קען אונז ניט פערוועהרען. מיר וועלען דאן אלעם אפרעדען און דאן וועלען מיר וויסען, וואס מיר האבען צו טאהן. דאן וועלען מיר אויך אפרעדען, וואו מיר זאליען זיך זעהן און וואו מיר זאלען זיך צוזאמען קומען.

— אלזא, וועלען מיר זיך פערזאמלען ביי טאג? האט ארטהור געפרעגט ער־שטוינט. וויא איז עס דען מעגליך אפצוהאלטען אזא פערזאמלונג אין מיטען העלען טאג?

— דאס איז עבען דאס קונסטשטיק! האט דער גראף אויסגערופען, ווען מיר זאלען זיך פערזאמלען ביי נאכט, דארפען מיר מורא האבען פאר דיא פאליציי. מיר וועלען זיך אבער פערזאמלען אין מיטען העלען טאג, וואס קען מען אונז טאהן? וואס קען מען אונז זאגען?

— מעגליך, אז איהר האט רעכט, האט ארטהור געזאגט פערטראכט, איך ווייס ניט, איך בין נאך ווייניג בעקאַנט מיט אזעלכע זאכען.

— וואס ביסט דוא אזוי פערטראכט, ליעבער פריינד? האט גראף טארגאססי

געפרעגט, — מוטהיג, פריינד! בעוויין, אז דוא ביסט דער זוהן פון דיין פאטער! — לאמיר קעמפפען געגען אונזערע פיינד!

ער האט זיך אויפגעהויבען, האט ארויסגעצויגען זיין שווערד פון דער שייד און האט אויסגערופען:

— אזוי, פריינד! זייט ביי זייט וועלען מיר קעמפפען! אונזערע הערצער זיינען פעראייניגט, אונזערע הענד וועלען זיך פעראייניגען אום צו פערטהיידיגען אונזער פא-טערלאנד!

— איהר האט רעכט, גראף! לאמיר קעמפפען! לאמיר זיעגען!

ביידע פריינדע האבען זיך ארומגענומען און האבען געשווארען, אז זיי זאלען זיך האלטען פעסט אין פרייד און לייד, אין קאמפף און זיעג, אין גליק און נויט.

איינינע מינוטען האבען ביידע פריינד געשוויעגען. זייער הערץ איז געווען פול מיט געפיהלע און פרייד.

— אלזא, אויפ'ן ערשטען צייכען וועסט דוא קומען? האט דער גראף געפרעגט.

— געוויס, פריינד! צו וואס פרעגסט דוא עס?

דער גראף איז נאך געזעסען ביי איהם אין צימער איינינע צייט, האט אבש'עד גענומען און איז אוועקגעגאנגען. ארטהור איז געבליעבען אליין טרויעריג און פער-טראכט.

— צוליעב דיר, עלווירא, מוז איך אלעס וואגען! איך וויים, וויא געפעהרליך עס איז דיא פערשווערונג געגען קייזער. איך טוה עס אבער פון דיינעטוועגען; איך טוה עס אום צו וויזען דיין מוטער, אז א באראן באטהיאני איז נאך אים שטאנד צו קעמפפען פאר זיין גוטען נאמען.

דער גראף טארנאססי איז ארויסגעגאנגען פון הויז און איז אוועקגעגאנגען אין זיינע שטילע, דונקעלע געסלעך.

— אך, דער נארר! האט ער אויסגערופען, ער מיינט ווירקליך, אז איך וויל מאכען א רעוואלוציאן געגען דעם קייזער! דאס פאלט מיר נאר ניט איין. איך דארף דיך האבען, איך דארף דיך אריינפיהרען אין א געזעלשאפט פון מיינע מענשען. — צוויא זאכען זיינען מיר שוין געלונגען, ווען דאס דריטע וועט מיר נאך געלינגען, וועט שוין באראָן נאני צופריעדען זיין מיט מיר. — איך וויל עס ניט טאהן, איך מוז אבער, איך בין געצוואונגען עס צו טאהן. איך בין ביי איהם אין דיא הענד.

עס זיינען פערגאנגען א פאר טאג. אין א פריהמארגען האט ארטהור ערהאלטען א צעטעלע מיט פאלגענדע ווערטער:

טהייערער פריינד!

אום פיער אוהר וועל איך אייך ערווארטען אין דער פראנץ שטראסע אין האטעל גנארג

וויקטאר פאן טארנאססי.

ארטהור האט קוים ערווארטעט דיא אוהר זאל אויסשלאגען פיער. ער האט זיך אנגעטאהן און איז געגאנגען אין דער פראנץ שטראסע צו דעם האטעל, וועלכער איז געשטאנען אין צעטעלע. אין קארידאר איז געשטאנען א שעהן געקליידעטער מאן

קוים איז ארטהור אריינגעקומען, איז דער מאן איהם ענטגעגען געגאנגען און האט איהם געפרעגט:

— זייט איהר דער באראָן פאן באטהיאני?

— אזוי הייס איך.

— אלזא, קומט מיט מיר.

ארטהור איז געגאנגען מיט דעם מאן. ער האט איהם געפיהרט אויף דיא טרעפּ פון האטעל אויפ'ן פערטען שטאק און האט איהם אריינגעפיהרט אין א צימער. דארט זיינען .געזעסען זעקס מענער. ווען ארטהור איז אריינגעקומען, האבען זיי זיך אויפגעהויבען און האבען איהם געבעטען, ער זאל זיך זעצען לעבען זיי.

ארטהור האט זיך אומגעקוקט און האט בעטראכט דיא געזעלשאפט, אין וועלכע ער איז אריינגעקומען. איהם איז געווארען זעהר אונאנגענעהם, ווען ער האט דערזעהן דיא געזיכטער פון דיא מענשען, וועלכע זיינען געווען אין צימער. דאס זיינען געווען ווילדע, אונאנגענעהמע געזיכטער. ער האט געזוכט מיט דיא אויגען דעם גראף טארנאססי און האט געזעהן מיט שטוינען, אז ער איז ניטא אין צימער. ער האט געוואוסט, אז ביז אהער איז דער גראף געווען פינקטליך.

ער האט זיך געזעצט לעבען זיי און מען האט אנגעהויבען צו רעדען פון פערשיעדענע זאכען. פון פאליטיק האט מען גערעדט וועניג. ארטהור האט געפונען, אז ער האט דא ניט וואס צו טאהן. ער האט געוואלט אוועקגעהן, מען האט אבער זיך גענעבען אלע מעגליכע מיהע איהם צוריקצוהאלטען. ארטהור האט מיט יעדע מינוט געפיהלט אז איהם ווערט שווער און אונאנגענעהם צו זיצען צווישען דיזע מענער. ער האט זיך געריעסען ארויסצוגעהן; יעדעס מאל אבער, ווען ער האט זיך געוואלט אויפהויבען, האט מען איהם געצוואונגען, ער זאל ווייטער זיצען.

אזוי זיינען פערגאנגען א פּאָר שטונדען אין רעדען און געשפּרעך, וועלכע האבען נאר ניט געפּאסט צו דעם צוועק, צו וועלכען ארטהור איז געקומען אהער. ענדליך האט ארטהור איינגעזעהן, אז ער האט דא מעהר ניט וואס צו טאהן. ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט ערנסט און ענטשלאָסען:

— עס וואונדערט מיך זעהר, וואס איך זעה דא ניט דעם גראף טאַרנאססי און אזוי וויא איך האב ניט דיא עהרע צו קענען איינעם פון אייך פּערזענליך, מוז איך אפּלעגען אונזער בעראטהונג אויף אנאנדער צייט. איהר וועט מיך ענטשולדיגען, איך מוז געהן.

דיא מענער האבען צוואר געוואלט איהם צוריקהאלטען, ארטהור אבער האט ניט געוואלט הערן פון בלייבען. ער איז אויפגעשטאנען, האט זיך פערנייגט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

אין דער צייט, וואס ארטהור איז געווען אין דער פראנץ שטראסע, האט זיך אין זיין וואינונג אפּגעשפּיעלט אַנאנדערע סצענע.

קוים איז ארטהור ארויסגעגאנגען פון זיין וואינונג, איז דער פאלשער גראף געקומען אין זיין האטעל און האט געזאגט דיא לאקייען, אז ארטהור האט איהם געשיקט נאָכצוזעהן איינינע פּאפּיערן. אלס בעווייזע האט ער זיי געוויזען א געוויסען רינג. אַזוי

וויא דיא לאקייען פלעגען זעהר אפט זעהן ארטהורן מיט'ן גראף און האבען געוואוסט, אז זיי זיינען גוטע פריינד, האבען זיי איהם געגעבען דעם שליעסעל פון ארטהורס צימער.

דער קליינער גראף מיט דיא שווארצע האר איז ארויפגעגאנגען אין ארטהורס צימער, האט איהם געעפענט, איז אריינגעגאנגען און האט פערשלאסען דיא טהיר. דאן האט ער ארויסגענומען א קליין שליעסעלע און איז צוגעגאנגען צו ארטהור'ס שרייב־טיש.

דער שליסעל מוז פאסען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך האב געלאזען איהם נאכמאכען נאך דעם וואקס אבדרוק פון ארטהור'ס שליעסעל.

דער שליעסעל האט ווירקליך געפאסט. דיא שובלאדע האט זיך באלד געעפענט און טארגאססי האט דערזעהן איינינע פעקלאך באנקנאטען. ער האט זיי ארויסגענומען און אויף זייער ארט האט ער אריינגעלעגט אנדערע פעקלעך און האט שנעל פערשלא־סען דעם שרייב־טיש.

— אלעס געטאהן, האט ער געזאגט, אלעס איז געלונגען, וויא באראן נאני האט געפאדערט. זיי געזונד און פריש, באראן פאן באטהיאני! יעצט ביזט דוא פערלארען! יעצט קען שוין קיין גאט דיך ניט רעטען! — דוא וועסט שוין אייביג ניט זעהן דעם גראף טארגאססי!

ער איז ארויסגעגאנגען פון צימער און האט ווידער פערשלאסען דיא טהיר. ווען ער איז אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ, האט איהם בעגעגענט א רייך געקליידעטער מאן מיט א לאנגען גרויען בארד. ער האט זיך איהם אניעדערגעשטעלט אין וועג און האט איהם געפרעגט ערנסט און שטרענג:

— וואהנט איהר אין דעם צימער, פון וועלכען איהר זייט נור וואס ארויס־געגאנגען?

דער פאלשער גראף טארגאססי איז רויט געווארען, וויא א פייער. דיעזע זאנ־דערבארע פראגע פון אן אונבעקאנטען מענשען האט איהם איבערראשט. ער איז געבליעבען שטעהן, וויא צומישט און האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— אנטווארטעט! האט דער אלטער מאן געזאגט שטרענג.

— איך וואהן אין דיעזען צימער, האט טארגאססי ענדליך געזאגט.

— מען האט מיר געזאגט, אז אין צימער נומער צוועלף וואהנט דער באראן ארטהור פאן באטהיאני. אלזא, איהר האט מיר געזאגט א ליגען. איהר זייט געקומען אין א פרעמדעס צימער, האט דארט פערווילט א געוויסע צייט און יעצט געהט איהר אוועק. דאס איז שלעכט! — ווער זייט איהר?

— איך בין גראף טארגאססי! האט דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר געענטפערט.

— איהר זייט גראף טארגאססי? האט דער אלטער מאן אויסגערופען, דאס איז אונמעגליך! ניט אייער געשטאלט, ניט אייער געזיכט און ניט אייערע האר פאסען צו דער פאמיליע טארגאססי. איך קען דיא פאמיליע טארגאססי זעהר גוט. איהר זייט קיין טארגאססי! — איהר זייט א בעטריעגער! איהר האט דארט עפעס געטאהן

שלעכטעס. איך וועל הייסען אייך פערהאפטען. ווער זייט איהר? זאגט מיר דיא וואהרהייט!

דער פאלשער גראף איז איינינע אוינענבליקע געשטאנען, וויא פערשטיינערט. דאן האט ער זיך אויסגעדרעהט, וויא א שלאנג און איז אראפגעלאפען פון דיא טרעפ. איידער דער אלטער מאן האט צייט געהאט זיך אומצוקוקען, איז ער פערשוואונדען.

ער איז ארויסגעלאפען אויף דער גאס, איז אוועקגעלאפען איינינע הונדערט שריט און האט זיך אניעדערגעשטעלט אין א טהיר פון א הויז.

— יעצט וועל איך מוזען ארבייטען שנעלער, וויא איך האב פריהער געטראכט. האט ער געזאגט צו זיך אליין, צוואר האט מיר נאני געשריעבען, איך זאל נאך אפ־ווארטען א געוויסע צייט, ער האט געוויס זיינע אורזאכען עס צו פארדערן. עס האט זיך אבער אריינגעמישט דיעזער טייפעל און איך מוז מיך איילען אום ניט צו פער־דארבען דאס גאנצע שפיעל

דער רייך געקליידעטער אלטער מאן איז אונטערדעסען אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ און האט געפרעגט דיא לאקייען:

— האט איהר געזעהען א קליינעם מאן מיט שווארצע האר אראפלויפען דיא טרעפ?

— נעווים האבען מיר איהם געזעהן.

— קומט ער אפט אהער? בעזוכט ער אפט דעם באראן פאן באטהיאני? — ווער איז ער?

— דאס איז דער גראף טארנאססי, האט דער לאקיי געענטפערט, ער קומט כמעט יעדען טאג צו איהם.

דער אלטער מאן איז ארויסגעגאנגען פון האטעל טרויעריג און פערטראכט. ער איז אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט און האט דערזעהן דעם קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האר ארויסגעהן פון א טויער פון א הויז.

— נוט, וואס איך האב איהם געטראפען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך מוז איהם נאכגעהן, איך מוז וויסען, ווער ער איז.

ער איז איהם נאכגעגאנגען פון דער וויטען. דער קליינער מאן איז דורכגעגאנגען דיא גרויסע און שעהנע גאסען און איז אריינגעקומען אין א קליינעם, ענגעם און שמוציגעם געסעל. ביים אריינגאנג אין דיעזעם געסעל איז געשטאנען א גרויסעס הויז. דאס איז געווען דאס געארג האטעל. — אין דיעזע מינוט איז ארטהור ארויסגעגאנגען פון האטעל.

— אט איז ארטהור אליין, האט דער אלטער מאן געזאגט, איך דארף מיך אבער ניט וויזען פאר איהם. איך וועל איהם ווארענען, איך מוז איהם ווארענען.

ער האט זיך בעהאלטען אין א טויער פון א הויז, ביז ארטהור איז פאראיבער־געגאנגען.

— איך מוז נעהמען א קווארטיר אין דיעזען האטעל, פיעלייכט וועל איך געוואהר ווערן, ווער דיעזער פאלשער גראף טארנאססי איז; פיעלייכט וועל איך געוואהר ווערן,

וואס ארטהור האט דא געטאהן. — איך האב ניט וואס מורא צו האבען, קיינער וועט ניט וויסען, ווער איך בין און וואס איך בין.

אונטערדעסען איז ארטהור אנגעקומען אין זיין האטעל. א דיענער האט איהם דערצעהלט, אז גראף טארגאססי איז געוועזען ביי איהם אין צימער און האט געווארט אויף איהם.

— טארגאססי איז געוועזען ביי מיר? האט ארטהור אויסגערופען ערשטוינט און איז ארויפגעלאפען אין זיין צימער.

דיא טהיר איז געוועזען פערשלאסען. אין צימער איז אלעס געוועזען אין ארדנונג.

— וואס זאל דאס הייסען? האט ארטהור געפרעגט, טארגאססי אליין האט דאך מיך גערופען אין האטעל געארג און ער איז געקומען אהער? וואס זאל דאס הייסען? אין האטעל געארג האב איך געטראפען מענשען, וועלכע זיינען מיר שטארק ניט געפעלען. זיי האבען מיך אויפגעהאלטען אומיסטען. דאס איז טרויעריג!

ער איז א גאנצע נאכט ניט געשלאפען. טרויעריגע געדאנקען האבען איהם בעאונרוהיגט און האבען ביי איהם אוועקגערויבט דעם שלאף. ער האט זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז אויף דער וועלט זיינען גאר דא אזעלכע טיגער אין מענשען געשטאלט, וועלכע קענען זיך אזוי פערשטעלען, חנפענען און בעטריגען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט איהם א לאקיי געבראכט א בריעף, וועלכער איז נור וואס אנגעקומען אויף זיין אדרעסע. אין בריעף זיינען געשטאנען פאלגענדע צייליגען:

„דער מענש, וועלכער האט זיך אייך פארגעשטעלט אלס גראף טארגאססי, איז א בעטריגער. איך וויים נאך ניט גענוי, וואס ער וויל פון אייך, איך בין אבער זיכער, אז ער מיינט ניט גוטעס. איך שפיער איהם נאך און ווען איך וועל עפעס געוואהר ווערן, וועל איך אייך מיטטהיילען.“

אייער פריינד.

ארטהור איז געווארען בלייך, וויא קאלך, ווען ער האט איבערגעלעזען דיעזען בריעף. זיינע הענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן און דער בריעף איז ארויסגעפאלען פון זיינע הענד.

— אלזא, איז דאס גאר געוועזען א בעטריגער? האט ארטהור אויסגערופען און איז אויפגעשפרונגען פון שמערץ און פערדרוס. — גרויסער גאט! וויא לייכט קען מען אונגליקליך ווערען דורך אזא פריינד! — צום גליק, האב איך נאך גאר נישט געטאהן אזעלכעס, וועלכעס זאל מיך קאמפראמעטירען אין דיא אויגען פון דער פאליציי. איך האב קיינע פאפיערן, קיינע דאקומענטען און קיין זאך, וועלכעס קען אנצייגען, אז איך בין פערמישט אין דיעזער פערשווערונג. — וואונדערבאר! ווער איז דיעזער פריינד, דיעזער אונבעקאנטער פריינד, וועלכער ווארנט מיך און בעשיצט מיך? — פאר וואס וויל ער ניט זאגען, וויא ער הייסט? פאר וואס שרייבט ער זיך ניט אונטער? פאר וואס בעהאלט ער זיך?

ער איז אראפגעגאנגען און האט אנגעהויבען צו פרעגען דיא דיענער, ווער עס איז דא נעכטען געוועזען און געפרעגט אויף איהם.

— דא איז געווען אן אלטער הויכער מאן, שעהן געקליידעט, וועלכער האט געפרעגט, אין וועלכען צימער איהר וואהנט. ווען גראף טארנאססי איז ארויסגעגאנגען פון אייערע צימער, איז ער איהם נאכגעגאנגען. מעהר האבען מיר איהם ניט געזעהן.

— האט איהר גאר ניט גערעדט מיט'ן אלטען? האט ער אייך גאר נישט געפרעגט?

— ער האט אונז געפרעגט, אויב גראף טארנאססי פלעגט אפט קומען צו אייך?

מעהר האבען דיא לאקייען פון האטעל ניט געקענט זאגען. ארטהור איז געווען אויסער זיך.

16טער קאפיטעל.

## ברודער און שוועסטער.

זייט ארטהור איז אוועקגעפאהרען קיין בודאפעסט, געהט עס צו גאנץ פרעהליך אין שלאס טאקקי. אנשטאט וואס פריהער האט דיא אלטע גרעפין געלעבט שטיל און רוהיג מיט איהרע קינדער און פלעגט זעהר זעלטען איינלאדען צו זיך געסט, איז ביי איהר היינט גאנץ פרעהליך. מען לאדעט זעהר אפט איין געסט, מען מאכט אבענ־דע, מען זינגט, מען טאנצט, מען איז פרעהליך; מען פאהרט זעהר אפט אין דיא בערג, אויף דיא פעלדער און אין דיא וועלדער.

צווישען דיא געסט זעהט מען שטענדיג דיא פאמיליע ראדעצקי, מוטער און זוהן, און דעם באראן נאגי.

נעארג פאן טאקקי איז אין דערהיים. דיא פרישע לופט פון דיא קארפאטהען האט איהם געשטארקט און האט איהם אין גאנצען געזונד געמאכט. ער פיהלט זיך יעצט זעהר גוט און איז פאלקאמען געזונד. ער פאהרט אויס זעהר אפט, ווייל דיא דאקטוירים האבען עס איהם געהייסען.

נעארג און עלווירא האבען זיך פון קינדהייט אן זעהר געליעבט. זיי האבען קיין מאל ניט געהאט קיין געהיימניסע איינער פון'ם אנדערן און האבען געלעבט, וויא א ברודער און א שוועסטער דארפען לעבען. עלווירא האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס האט פאסירט מיט ארטהור'ן אין דער לעצטער צייט. נעארג האט ביז אהער ניט געוואוסט, אז ארטהור איז געווען אין טהורעם פון טשעמני. ער איז ערשט יעצט גע־וואהר געווארען, פאר וואס עלווירא איז געפאהרען קיין בודאפעסט און וויא אזוי ארטהור איז בעפרייט געווארען.

— מאקס פאן ראדעצקי האט עס ארטהורן פערוואונדעט און איהם אריינגע־ווארפען אין טהורעם פון טשעמני, האט עלווירא ערקלערט איהר ברודער. איך ווייס ניט, וואס מאקס האט צו ארטהור'ן, אזוי פיעל אבער איז זיכער, אז זייט איך בין געווען אויפ'ן באלל אין שלאס ראדעצק, האט מאקס פיינד בעקומען ארטהורן.

— איך גלויב ניט, אז מאקס ראדעצקי זאל זיין אזוי ניעדערטרעכטיג, האט גע־ארג געזאגט, איך קען מיר גאר ניט פארשטעלען, אז א מענש זאל אזוי וויט פערפאלגען זיין פיינד פאר אזא קליינע בעליידיגונג. מיר ווייזט אויס, אז מאקס איז א שטילער, רוהיגער, אונשולדיגער מענש.

— זעהסט דוא דאך, ברודער, וויא אונשולדיג ער איז. ארטהור האט מיר

געזאגט, אז ער איז איבערצייגט, אז מאקס האט געהייסען איהם אריינוואַרפען אין טהורעם פון טשעמני. דוא ווייסט דאָך, אז ארטהור וועט קיין ליגען ניט זאגען.

— איבערצייגט זיין איז נאָך ניט גענוג; ווען מען וויל בעשולדיגען א מענשען אין אזא פערברעכען, מוז מען האבען בעווייזע. אלענפאלס קען איך דיר זאגען, אז מיר געפעלט ניט דיא פאמיליע ראדעצקי און איך וואלט געוועזען העכסט צופריעדען, זיי זאלען צו אונז ניט קומען. אונזער מוטער אבער פערלאנגט עס. איך קען איהר ניט אפזאגען און מוז זיין פריינדליך געגען דיעזער פאמיליע.

— איך ווייס ניט, וואס דאס איז, האט עלווירא געזאגט, איך קען מיר ניט ערקלערען, וואס דאס איז. עס איז א זאנדערבארעס געפיהל. יעדעס מאל, ווען איך קום צו צו דער גרעפין ראדעצקי אדער צו דיעזען זאנדערבארען באראָן נאַגי, גיב איך א ציטער. מענשען גלויבען אין א פארגעפיהל; זיי זאגען, אז אונזער זעעלע פיהלט, וואס עס וועט פארקומען מיט אונז שפּעטער. מיר דאכט, אז מיט דער פאמיליע ראדעצקי וועט פארקומען עטוואס בעזאנדערעס. איך קען צו זיי ניט צוקומען גאנץ גאהענט, איך קען ניט רעדען מיט זיי גאנץ פריינדליך.

איך זעה, וואוהין אונזער מוטער ציעלט. זיא וויל שליסען אן אייביגען בונד צווישען אונזערעביידע פאמיליען; זיא וויל ווערן נעהענטער פערוואנדעט מיט דער פאמיליע ראדעצקי. פריהער אדער שפּעטער וועט מאקס קומען צו מיין מוטער און וועט ביי איהר בעטען מיין האנד.

— דאס זאָל איך ניט דערלאזען, עלווירא! האט געארג אויסגערופען. זיי האבען שוין פראבירט א פאר מאל צו געבען מיר צו פערשטעהן, אז עס וואלט געווען זעהר גלייך, אז אינזערע ביידע פאמיליען זאלען זיך פעראייניגען. איך האב זיי ניט געוואלט הערן. איך האב זיי געזאגט גאַנץ אפענהערציג, אז אין דיעזען פונקט קען מען גאר ניט ענדערן. דוא ביזט פערלאבט מיט'ן באראן פאן באטהיאני. איך גלויב ניט, אז דיא מוטער זאל וועלען דיך צווינגען צו הייראטהען א מענשען, וועלכען דוא ליעבסט ניט און קענסט איהם ניט ליעבען.

זעהר אפט פלעגט עלווירא זיין אונרוהיג און פרעגען:

— וואס מאכט ארטהור אין כודאפעסט? פאר וואס שרייבט ער ניט? פאר וואס שיקט ער אונז קיינע נאַכריכט פון זיך?

געארג פלעגט זיא בערוהיגען און פלעגט איהר ערקלערן, אז ארטהור'ן איז יעצט אונמעגליך צו שיקען בריעף אין שלאס טאקקי, ווייל ער האט זיך עפּענטליך צוקריעגט מיט דער מוטער.

איין מאל, ווען ברודער און שוועסטער זיינען געזעסען און האבען גערעדט פריינד־ליך צוזאמען, איז צו זיי צוגעקומען זייער מוטער און האט זיי געזאגט:

— דיא גרעפין ראדעצקי האט אונז ווידער איינגעלאדען אויף א קליינע לוסט רייזע אין דיא בערג. איך האב איהר פערשפּראכען, אז אום צוויא אוהר וועלען מיר זיין פערטיג און וועלען זיי ערווארטען. — געהט, קינדער, און מאכט אייך פערטיג צו דער רייזע.

— איך פיהל מיך עפעס ניט גוט, מוטער, האט עלווירא געענטפערט, איך קען ניט פאהרען.

אויפ'ן געזיכט פון דער אלטער גרעפין האט זיך געוויעזען א פינסטערער וואלקען.

— איך פערשטעה דיך ניך, טאכטער! האט זיא אויסגערופען, איך זעה, אז דוא ביסט פריש און מונטער און דאך זאגסט דוא, אז דוא פיהלסט זיך שלעכט. ווען דוא פיהלסט זיך ווירקליך שלעכט, וועט דיא פרישע לופט פון דיא בערג דיך שטארקען און דיך ערקוויקען. — אלענפאלס פאסט עס ניט אפצוזאגען אונזערע ליעבע נאכבארן, ווען זיי זיינען אזוי העפליך און לאדען אונז איין אויף א שפאציער. — איך בעט דיך, עלווירא! זאג דיך ניט אפ פון אזא פריינדליכער און פרעהליכער געזעלשאפט. איך וויל דיך גליקליך מאכען, איך וויל, אז דוא זאלסט לעבען פרעהליך און גליקליך! פאלג מיר, עלווירא! פאלג, וואס דיינע מוטער זאגט דיר און דוא וועסט זיין גליקליך.

זיא האט ארומגענומען איהר טאכטער און האט זיא א קוש געטאהן אין שטערן.

— דוא ווילסט, אז איך זאל גליקליך זיין, מוטער, האט עלווירא געזאגט שטילערהייט, — נו, גוט! דאס וועלען מיר זעהן!

— געוויס, טאכטער! געוויס וויל איך דיך זעהן גליקליך, איך ווינש דיר אבער ניט אזא גליק, וויא דוא פערשטעהסט עס. דוא ביסט נאך יונג, עלווירא; דוא קענסט נאך ניט דיא וועלט; דוא ווייסט נאך ניט, וואס עס הייסט א וואהרעס גליק. — אלזא, עלווירא, וועסט דוא פאהרען מיט אונז. איך וויל, אז דוא געארג, זאלסט אויך מיטפאהרען.

— דיר צוליעב, מוטער, וועל איך מיטפאהרען, האט געארג געענטפערט, איך מוז דיר אבער זאגען, מוטער, אז מיר איז ניט גאנץ ליעב דיא עהרע צו פאהרען צוזאמען מיט דער פאמיליע ראדעצקי.

— וואס ווילסט דוא פון דיעזער פאמיליע, געארג? איך זעה, אז דיעזע פאמיליע איז בעקאנט און בעפריינדעט מיט אלע עדעללייט פון דער געגענד ארום; פאר וואס זאלען מיר זיין דיא איינציגע, וועלכע זאלען אויסמייכען דיעזע פאמיליע? פאר וואס זאלען מיר ניט לעבען פריינדליך מיט דיעזער פאמיליע?

געארג האט געשוויעגען, ער האט ניט געוואלט קרענקען זיין מוטער; ער האט אויך ניט איינגעזעהן, וואס עס קען שאדען, ווען מען וועט זיך צוזאמען אביסעל דורכפאהרען אין דיא בערג. מען קען פאהרען צוזאמען מיט מענשען, וועלכע זיינען אונז ניט אזוי ליעב. געארג און עלווירא זיינען געגאנגען זיך פארבערייטען צום אויספאהרען.

אום איינס אוהר זיינען דיא גרעפין ראדעצקי, איהר זוהן מאקס און באראן נאני געקומען צופאהרען קיין טאקקי. זיי האבען ערקלערט, אז זיי ווילען פאהרען זעהן א געוויסען טאהל אין דיא בערג, וועלכער איז אין יענער געגענד בעריהמט, ווייל ער געפינט זיך צווישען הויכע בערג און ווייזט אויס, וויא א קעסעל.

דיא גרעפין טאקקי מיט איהרע קינדער זיינען באלד געווען פערטיג צום ארויספאהרען, דיא העפליכקייט אבער האט געפאדערט, אז מען זאל אויפנעהמען דיא געסט

און מען זאל זיי בעווירטהען. מאקס האט זיך נענעבען אלע מיהע צו זיין נאהענט לעבען עלוויראן, צו רעדען מיט איהר און צו אונטערהאלטען זיא. נעארג איז אבער ניט אבגעטרעטען פון זיין שוועסטער.

— אך! וויא גליקליך וואלט איך געוועזן, ווען עס זאל קומען דער טאג, ווען איך זאל קענען ארויסזאגען אלעס, וואס ליעגט בעגראבען טיעף אין מיין הארצען! האט מאקס אויסגערופען און האט געקוקט עלוויראן גלייך אין דיא אויגען.

עלווירא האט זיך געמאכט, אז זיא הערט ניט, וואס ער רעדט צו איהר. נעארג אבער האט ניט געוואלט עס פערשווייגען.

— ליעבער גראף ראדעצקי! האט נעארג געזאגט, עס וואלט געווען פיעל גלייכער פאר אייך, איהר זאלט ניט רעדען פון זאכען, וועלכע ליעגען בעגראבען טיעף אין אייער הארצען. אפען געזאגט! איהר ווייסט זעהר גוט, אז מיין שוועסטער ליעבט אן אנדערן און איהר האט גאר קיין האפנונג אויף איהר האנד. הייסט עס אלזא עדעל זיין, ווען איהר רעדט צו איהר פון זאכען, וועלכע זיא קען ניט הערן און דארף ניט הערן?

— וואס קען מען טאהן, גראף נעארג? האט מאקס געענטפערט, קען דען א מענש בעהערשען זיינע געפיהלע? קען מען דען בעפעהלען אונזער הערץ און איהם זאגען: טהו אזוי און ניט אנדערש? קען מען דען שווייגען, ווען מען ליעבט?

— וואס אונמעגליך, איז אונמעגליך! האט נעארג בעמערקט קורץ און שארף.

מאקס האט געמוזט שווייגען. צו אזא קורצע אנטווארט האט מען ניט וואס צו צוזעצען. נאני האט געזעהן, וואס דא איז פארגעקומען און האט געהערט יעדעסווארט, וואס דיא דרייא יונגע לייט האבען גערעדט.

— נו, נעארג, דוא מיינסט אונז ניט, האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער, איך וועל שוין זעהן דיך צו פערזארגען.

אונטערדעסען זיינען דיא צווייא עלטערע פרויען געזעסען אויף א ווייכען דיוואן און האבען געפלוידערט צווישען זיך.

— אך, וויא שעהן, וויא לעבעדיג איז עס אזוי צו לעבען! האט דיא גרעפין ראדעצקי אויסגערופען. מיר לעבען יעצט, גלייך וויא מיר וואלטען געווען איין פאמיליע. מיר ביידע לעבען, וויא צווייא ליעבליכע שוועסטער. וויא גליקליך וואלט איך נאך געווען, ווען איהר זאלט רופען מאקסין אייער זוהן! ווען מאקס זאל ווירקליך זיין אייער זוהן און עלווירא מיין טאכטער!

— איך ווינש עס אויך, האט דיא גרעפין טאקקי געענטפערט, עס איז נאך אבער צו פריה. איך קען נאך יעצט ניט רעדען מיט עלוויראן, זיא זאל הייראטהען דעם מאן, וועלכען איך האב געוועהלט פון איהרעטוועגען. עס איז נאך אביסעל צו פריה.

— איז זיא נאך אלץ פערליעבט אין איהר **ארימען** באראן? האט דיא גרעפין ראדעצקי געפרעגט.

— ליידער איז זיא נאך אלץ פערליעבט אין איהם.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער גרעפינס קאמערדיענער און האט געמעל-

רעט, אז דיא קארעטעס זיינען שוין איינגעשפאנט און אלעס איז שוין פערטיג צום איספאהרען.

— אלזא, קומט, מיינע ליעבע געסט! האט דיא גרעפין טאקקי אויסגערופען.

דיא גאנצע געזעלשאפט האט זיך אויפגעהויבען און איז ארויסגעגאנגען אין הויף. מען האט זיך אריינגעזעצט אין דיא קארעטעס. געארג האט זיך געהאלטען לעבען זיין שוועסטער און האט זיך געזעצט אין קארעטע לעבען איהר. מאקס איז געווארען רויט, וויא פייער, ווען ער האט עס דערזעהן, ער האט אבער ניט געקענט העלפען. ער האט געמוזט זיך זעצען אין איין קארעטע מיט זיין פריינד נאני.ביידע אלטע פרויען האבען זיך געזעצט אין איין קארעטע' געארג מיט עלוויראן זיינען געזעסען אליין אין זייער קארעטע.

נאני האט א קוועטש געטאהן מאקס'ן ביי דער האנד.

— געדולד, מאקס! געדולד! ער וועט דיר ניט לאנג שטערן. מיר וועלען שוין געפינען א מיטעל, וויא אזוי פון איהם לויז צו ווערן.

דיא קליינע געזעלשאפט איז אין א האלבע שטונדע ארום אנגעקומען אין דעם שעהנעם טאהל, וואוהין זיי זיינען געפאהרען. אלע זיינען ארויסגעגאנגען פון דיא קארעטעס. דיא דיענער האבען אויסגעשפרייט א טישטוך אויפ'ן גרינעם גראז און האבען אויפגעשטעלט קאלטע עסענס און אלערליי אונגארישע וויינע. נאכ'ן עסען איז מען גענאנגען שפאציערן אין דעם שעהנעם טאהל, צווישען דיא אלטע, הונדערט־יעהריגע ביימער.

אין דערזעלבען צייט איז געגאנגען אין דיא קארפאטהען בערג אן איינציגער וואנדערער. ער איז געגאנגען זעהר לאנגזאם, ער האט זיך קוים געשלעפט. וויא עס האט אויסגעוויזען, איז ער געקומען ערגעץ פון א וויטען וועג און איז געוועזען שרעקליך מיעד. זיינע קליידער זיינען געוועזען זעהר ארים. עס איז געוועזען דייטליך, אז דער מענש לייעט נויט און עלענד. פון צייט צו צייט פלעגט ער בלייבען שטעהן אום אפצואטהעמען און זיך אפצורוהען.

ער איז יעצט ארויפגעגאנגען אויף א בערגעל, האט אויפגעאטהעמט, האט זיך אפגעווישט דעם שוויים פון'ם שטערן און האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געמורמעלט צו זיך אליין:

— דא ליעגט ערגעץ איהר שלאס. וואו אבער? דאס ווייס איך ניט. וועל איך קענען נאך היינט אנקומען אהין? און ווען איך וועל שוין קומען אהין, וועל איך קענען מיך דארט אפרוהען? — ניין. איך וועל ניט קענען מיך אפרוהען אין אזא ארט. איך וויל נור וויסען, אויב זיא איז עס ווירקליך. איך וויל זיא זעהן מיט מיינע אויגען. איך וויל מיך איבערצייגען, אז זיא איז עס ווירקליך. — ווען זיא איז עס אבער? ווען איך וועל מיך איבערצייגען, אז זיא איז עס ווירקליך, דאן זאל זיא ציטערן! — איך דארף זיא ניט, איך וויל זיא מעהר ניט קענען! איך וויל נור וויסען, וואס עס איז געווארען פון מיין קינד, וועלכעס איז ביי מיר טהייערער אלס מיין לעבען. — — —

אונגליקליכער שורקע! עלענדער טויגעניכטס! דוא האסט זיא פערפיהרט! דוא האסט אריינגעאסען גיפט אין זיסען בעכער פון מיין לעבען! איך האב דיך אויפגענע-

מען צו מיר אלס פריינד, איך האב דיך גערעטעט, איך האב דיך געשיצט און דוא האסט מיר געדאנקט, דוא האסט מיר בעלוינט, וויא א רויבער און א מערדער דארף בעלוינען א גוטען און אן עהרליכען מענשען!

דער וואנדערער האט געציטערט, ווען ער האט ארויסגעזאגט דיא לעצטע ווערטער. ער האט אויפגעהויבען זיין גראבען שטעקען און האט געוויזען ערגעץ אין א געוויסע זייט, דאן איז ער אניעדערגעפאלען אויף דער ערד פאר מיעדיגקייט און אויפרעגונג.

ער איז אבער געבליעבען ליעגען ניט לאנג אויף דער ערד, ער האט צונויפגענו־מען זיינע לעצטע קרעפטע, האט זיך אויפגעהויבען און איז ווייטער געגאנגען.

אונטערדעסען האבען דיא פאמיליען פון דיא רייכע גרעפינען ארומשפאציערט אין דיא בערג און אין דיא טאהלען. מאקס פלעגט שטענדיג זוכען צו געהן צוזאמען מיט עלווירא'ן. עס איז איהם אויך זעהר אפט געלונגען. ער האט פראבירט מיט איהר רעדען, זיא פלעגט איהם ענטפערן איין ווארט פון צעהן. נאני דאגעגען פלעגט זוכען צו געהן מיט געארג'ן אדער מיט דער גרעפין ראדעצקי.

אזוי איז מען ארומגעגאנגען, ביז דיא זון האט זיך אראפגעלאזען גאנץ ניעדעריג. אין טאהל איז שוין געווען דונקעל, אויף דיא בערג אבער האבען נאך געשפיעלט דיא לעצטע שטראהלען פון דער זון.

צופעלינער ווייזע איז מאקס אויסגעקומען לעבען זיין מוטער און נאני האט געפלוידערט מיט דער פאמיליע פון דער גרעפין טאקקי. מאקס איז געווען טרויעריג און פערטראכט.

— וואס איז דיר, מאקס? האט איהם זיין מוטער געפרעגט, פאר וואס ביסט דוא אזוי טרויעריג? דוא זעהסט דאך אליין, אז מיר זיינען שוין גאר ניט ווייט פון ציעל. דיא גרעפין פאן טאקקי האט מיר ערשט ניט לאנג געזאגט, אז זיא וויל זעהר, אז דוא זאלסט הייראטהען עלווירא'ן.

— וואס העלפט עס, מוטער, ווען עלווירא ווייכט מיך אויס? ווען זיא ענטפערט מיר איין ווארט איבער צעהן? איהר ברודער געארג האט מיר גאנץ אפענהערציג ער־קלערט, אז איך האב גאר ניט וואס צו דענקען פון אזעלכע זאכען: עלווירא וועט מיך קיין מאל ניט ליעבען. וואס העלפט עס, וואס דיא אלטע גרעפין איז פריינדליך צו מיר ווען געארג שטעלט זיך מיר אין וועג?

— זיי רוהיג, מיין זוהן, געארג וועט דיר ניט שטעהן אין וועג. ער וועט פער־שווינדען, וויא עס וועלען פערשווינדען אלע אנדערע הינדערניסע, וועלכע שטעהן אונז אין וועג צו אונזער גליק.

אזוי וויא זיי זיינען אזוי ווייטער געגאנגען, האבען זיי דערהערט איינעם זיפצען. זיי האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן, וויא אונטער א בוים שטעהט אנגע־שפארט אויף זיין גראבען שטעקען אן אלטער מאן, וויא עס האט אויסגעוויזען, א בעטלער, א רייזענדער בעטלער.

— מיין גאט! האט אויסגערופען דער רייזענדער, ווען ער האט דערזעהן דיא

געשטאלטען פון מאקס מיט זיין מוטער. — מיין גאט! מיין גאט! פאר וואס האסט דוא מיך אזוי געשטראפט?

דיא גרעפין ראדעצקי איז געווארען בלייך, וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן, ווען זיא האט דערזעהן דעם וואנדערער.

— וואס איז מיט דיר, מוטער? האט מאקס אויסגערופען און האט ארומגענומען זיין מוטער. שרעק דיך ניט, מוטער! וואס האסט דוא אזוי מורא פאר א בעטלער?

— איך וויים ניט, האט דיא גרעפין ראדעצקי געשטאמעלט, — איך האב איהם דערזעהן אזוי פלוצלונג, אזוי אונערווארטעט, אזוי אונגעריכט.

— מיר דאכט, אז איך האב שוין געזעהן דיעזען בעטלער אין בודאפעסט, האט מאקס בעמערקט, ער איז דארט געקומען צו מיר אין האטעל און האט מיך אויסגעפרעגט אזעלכע נאררישקייטען, אז איך בין פעסט איבערצייגט, אז ער איז א פערריקטער.

מאקס האט גערעכענט, אז ער וועט דערמיט בערוהיגען זיין מוטער, ער האט זיא אבער דערמיט נאך מעהר דערשראקען און נאך מעהר אויפגערעגט. זיא האט אבער זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה זיך צו פערשטעלען און האט זיך געאיילט איהם אוועקצוציעהן מיט זיך. זיי זיינען יעצט געלאפען צו דיא איבעריגע.

אזוי וויא עס איז שוין געווען שפעט, האט מען געהייסען צופיהרען דיא קארעטעם און מען איז געפאהרען אהיים. אויפ'ן וועג איז דיא גרעפין פאן ראדעצקי געזעסען שטיל, פערטראכט און טרויעריג. מען האט גערעדט זעהר ווענעג אויפ'ן גאנצען וועג.

ווען מען איז צוגעקומען צום שלאס טאקקי, האט מען זעהר פריינדליך און זעהר הערצליך אבשיעד גענומען איינער פון אנדערן און מע האט אפגערעדט, ווען מען זאל זיך וויעדער צונויפקומען.

דיא גרעפין ראדעצקי, נאני און מאקס זיינען געפאהרען שנעל אהיים. עס איז געווען דייטליך, אז דיא גרעפין האט זיך געאיילט.

קוים זיינען זיי אנגעקומען איז שלאס ראדעצק, האט דיא גרעפין ארייגגערופען נאני צו זיך אין צימער.

— נאני! איך האב היינט געזעהן עטוואס שרעקליכעס! האט זיא אויסגערופען.

— וואס האט איהר דען געזעהן?

— אך, נאני! איך קען עס דיר ניט זאגען, איך קען עס ניט ארויסרעדען פון מיין מויל.

— דאן שווייגט! ווען מען קען ניט ארויסזאגען א ווארט, דארף מען עס ניט ארויסזאגען.

— נאני! איך האב — איהם געזעהן.

— גאט אין הימעל! ועמען האט איהר דען געזעהן?

— ראבערט'ן, האט דיא גרעפין געענטפערט און איז צוריקגעפאלען אויפ'ן דיוואן, אויף וועלכען זיא איז געזעסען.

— דאס איז אלעס? דערפאר האט איהר זיך אזוי דערשראקען? דערפאר זייט

איהר אזוי אויפגערעגט, גרעפין? — איהר דארפט פרעהליך זיין! איהר דארפט טאנצען! איך שפרינגען פאר פרייד, וואס אונזער פיינד איז ענדליך אליין געקומען אין אונזערע הענד! יעצט וועלען מיר שוין פון איהם לויז ווערן אויף אייביג! — וואו אבער האט איהר איהם דען געזעהן?

— דארט אין דיא בערג, וואו מיר האבען נור וואס שפאציערט. — אך, רעד ניט פון איהם! איך ציטער און שוידער, ווען איך דערמאן מיך אן איהם! — ער איז אזוי בלייך, אזוי אלט געווארען, אזוי עלענד, אזוי ארים, אזוי אונגליקליך! איך האב איהם באלד דערקענט. עס איז צוואר געוועזען שוין דונקעל, ווען איך האב איהם געזעהן, איך האב איהם דאך דערקענט. ער וועט געוויס קומען אהער. עס איז זעהר מעגליך, אז ער ליעגט יעצט ערגעץ אונטער א בוים אין וואלד ניט ווייט.

— דאס איז געוויס, מעהר אלס געוויס, דערפאר דענק איך, אז איך מוז געהן איהם אויפזוכען.

דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן און האט פערדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד.

— וואס ציטערט איהר אזוי? האט נאגי געפרעגט ווילד. איז דען ניט צייט, אז עס זאל פערשווינדען דער לעצטער און איינציגער מענש, וועלכער וויים, אז מיר האבען אמאל געלעבט אין שרעקליכער נויט? איז דען ניט צייט, אז דער לעצטער תקעלער שאטען [illegible] אלטע צייטען, וועלכער שטערט אונזער גליק, זאל אם ענדע צורונען ווערן? — פערטרויט מיר, גרעפין, און זייט רוהיג. אלעס וועט יעצט גוט ווערן.

— איך וואלט געוועזען גליקליך, ווען אלעס זאל שוין זיין אין ארדנונג! איך וואלט געוועזען צופריעדען, ווען אלע הינדערניסע זאלען שוין אמאל פערשווינדען און איבער מיר זאל שיינען א קלארער, העלער הימעל!

— דאס וועט באלד זיין! איבער אונז וועט לייכטען א ריינער, קלארער הימעל קיין שאטענס און קיינע הינדערניסע! מיר וועלען זיין פעראייניגט; מיר וועלען הייסען מאן און פרוי פאר דער גאנצער וועלט.

דיא גרעפין האט געשוויעגען. זיא האט געוואוסט, אז דאס קען ניט געשעהן אזוי לייכט; זיא האט געפיהלט, אז פיעלע מענשענלעבען וועלען מיזען אונטערגעהן, ביז זיא וועט דערגרייכען איהר ציעל. זיא האט ניט געוואלט רעדען דאריבער.

— גוטע נאכט, האט נאגי געזאגט און איז אוועקגעגאנגען.

דער אבענד איז פערגאנגען גאנץ שטיל און גאנץ טרויעריג אין שלאס ראדעצק. מאקס איז באלד אוועקגעגאנגען אין זיינע צימער און האט זיך א גאנצע אבענד ניט געוויזען. דיא גרעפין האט זיך היינט אויך געלעגט שלאפען פריהער וויא געוועהליך. זיא איז אבער ניט געשלאפען. זיא האט ניט געקענט שלאפען. קוים פלעגט זיא פערמאכען דיא אויגען, פלעגט זיך איהר פארשטעלען דיא געשטאלט פון'ם ארימען וואנדערער, וויא ער איז געשטאנען אנגעשפארט אן בוים, ארים, עלענד, מיעד, טרויעריג און פערטראכט.

## 17טער קאפיטעל.

## דיא קארטענווארפערין.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז געקומען א פרוי אין שלאס ראדעצס א האט געבעטען דיא דיענער, זיי זאלען זיא אריינפיהרען צום באראָן נאגי פאן האללא־וואי, מיט וועמען זיא דארף עפּעס רעדען. מען האט זיא געפרעגט, וואס זיא וויל זאגען דעם באראָן? קען זיא עס ניט איבערגעבען דורך א דיענער?

— איך מוז זעהן איהם אליין, האט דיא פרוי געענטפערט.

מען האט עס געמעלדעט דעם באראָן נאגי און ער האט געהייסען זיא אריינ־פיהרען צו זיך. ער האט א ציטער געטאהן, ווען ער האט געזעהן פאר זיך א הויכע, דארע, ארימע, אפּגעריסענע פרוי.

— ווער זייט איהר? האט ער געפרעגט.

— איך הייס סטאסא, האט דיא פרוי געענטפערט.

— עס קימערט מיך ניט, וויא איהר הייסט, וואס ווילט איהר פון מיר?

— איך האב צו אייך א בריעף פון דעם בעריהמטען אדוואקאט נאוואק פון בודאפּעסט.

נאגי האט זעהר גוט געקענט דעם אדוואקאט, ער האט געוואוסט, אז ווען דער אדוואקאט האט געפונען פאר נעטהיג צו שיקען א בריעף דורך דיעזע פרוי, מוז עס זיין עטוואס וויכטיגעס.

— גיט אהער דעם בריעף! האט ער אויסגערופען. דער אדוואקאט נאוואק איז מיין פריינד.

סטאסא האט איהם דערלאנגט דעם בריעף. נאגי האט איהם האסטיג אויפ־געריסען און איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. ער איז געווארען אונרוהיג און האט אנגעהויבען אר׳מצונעהן האסטיג אין צימער. פּלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן פאר דער פרוי און האט איהר געזאגט:

— גוט! — איהר מעגט אייך געהן!

סטאסא אבער איז געבליעבען שטעהן אויף איהר ארט און האט זיך ניט גערירט.

— וואסווארט איהר? האט נאגי געפרעגט.

— איך וויל אייך בעטען, אז איהר זאלט מיר געבען א בעשעפטיגונג, האט סטאסא געענטפערט גאנץ רוהיג.

— וואס רעדט איהר? וואס פאר א בעשעפטיגונג קען איך אייך געבען?

— איך האב אמאל געלערנט ביי א ציגיינערין, וויא צו לעזען דיא געזיכטער פון דיא מענשען. איך לעז אן אייער געזיכט, אז איהר טהוט זאכען, פון וועלכע ניט יעדער דארף וויסען. איך וויל אייך דאהער בעטען, איהר זאלט מיר געבען א בעשעפטיגונג. איך קען אייך צונ׳ץ קומען.

נאגי האט זיא בעטראכט איינינע מינוט ערשטוינט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו דענקען פון דיעזער זאנדערבארען געשטאלט.

— וואס רעדט איהר, פרוי? ווער דארף איך? צו וואס קען איך אייך גע־בריינגען? — נעהמט אייך אייער וועג!

— איך האב געלערנט פון א ציגיינערין צו לעזען אויף דער האנד, וואס מיט א מענשען וועט פאסירען אין זיין לעבען, האט סטאסא געזאגט גאנץ רוהיג; איך קען ווארפען קארטען, איך קען אויסלעגען בעבלעך און טערקישע ווייץ. — ערלויבט מיר ווענינסטענס, איך זאל אייך וויזען, וואס איך קען.

נאני האט זעהר וועניג געגלויבט אין קארטען־ווארפען און וואהרזאגען; ער איז אבער געווארען נייגיעריג. דיעזע זאנדערבארע פרוי האט אנגעהויבען איהם צו אינ־טערעסירען.

— נון, גוט, פרוי! ווארפט מיר קארטען און קוקט מיר אויף דיא הענד! איך זאג אייך אבער פריהער: קום וועל איך אייך האפען אין א ליגען, וועל איך הייס'ען, מען זאל אייך ארויסטרייבען מיט הינט פון דיעזען שלאס.

— זייט זיכער, מיין העררע, אז איך זאג נור דיא וואהרהייט, האט סטאסא גע־ענטפערט. דיא וואהרהייט וויסען נור דיא ציגיינער און דיא ציגיינערינען. זיי וואנדערן אויס דיא גאנצע וועלט און לערנען זיך זאגען דיא וואהרהייט.

— נון, גוט, לאמיר הערן אייער וואהרהייט! האט נאני געלאכט.

— גיט מיר אייער האנד, גנעדיגער העררע, האט סטאסא געבעטען.

נאני האט איהר דערלאנגט זיין האנד. סטאסא האט גענומען דיא האנד און האט זיא בעטראכט אייניגע מינוט.

— האט איהר מוטה, גנעדיגער העדר? קענט איהר אלעס הערן?

נאני האט א ציטער געטאהן. א קאלטער פראסט איז איהם איבערגעלאפען ביי דיעזע זאנדערבארע פראגע פון אזא זאנדערבארע פערזאן.

— איהר דארפט ניט פרענען, איהר דארפט נור זאגען און אנטווארטען אויף פראגען, וועלכע מען פרעגט אייך, האט ער געזאגט שטאלץ.

— גוט, גנעדיגער העדר! — דאן הערט, וואס איך לעז אויף אייער האנד. — אָט איז דיא לאנגע ליניע. דאס איז דיא לעבענס ליניע (קו החיים) דיעזע ליניע ציעהט זיך ניט ביז צום ראנד פון אייער האנד, אייער לעבען וועט ניט זיין לאנג.

— אזוי? דאס איז אלעס? קענסט דוא נאך עפעס לעזען?

— איך לעזע, אז איהר וועט שטארבען מיט אן אוננאטירליכען טויט.

— וואס רעדט איהר? פון וואנען ווייסט איהר עס?

— זעהט איהר? אייער לעבענס ליניע שניידט דורך אנאנדערע געבוי־גענע ליניע, וועלכע האט דאס געשטאלט פון א גאלגען.

נאני האט זיך צולאכט אין דער הויך. אינעווייניג אבער האט ער געציטערט.

— פון וואנען ווייסט איהר עס? האט ער געפרעגט.

— אַזוי האט מיך דיא ציגיינערן געלערענט, אַז דער מענש, וועלכער האט אויף זיך דיעזע קרומע ליניע, דער וועט שטארבען אויף'ן עשאפאט.

נאני האט אַרויסגענומען א גאלד שטיק און האט איהר דערלאנגט.

— איהר זייט ווערט מעהר אַלס דיעזען גאלדשטיק! האט ער אויסגערופען,

איהר האט מיר געמאכט אזוי פיעל שפאס, אז איך האב שוין לאנג אזוי ניט געלאכט, וויא היינט. — אבער גענוג! איך קען שוין דיעזע שטיק; איך ווייס, אז אלע ציגיינע־רינען זאגען דיא וואהרהייט, וויא זיי ווייסען, וואס עס וועט זיין. דיא צוקונפט ווייס קיינער ניט. זיא איז פערדעקט מיט אזא געדיכטען שלייער, אז קיין מענשליכעס אויג קען איהר ניט דורכדרינגען. — זאגט מיר בעסער, וויא קומט איהר צום אדוואקאט נאָוואק? וויא קומט עס, וואס ער האט אייך געשיקט מיט דיעזען בריעף, ריכטיגער געזאגט, וואס ער האט געשיקט דיעזען בריעף מיט אייך?

סטאסא האט געטראכט איינינע מינוט. זיא האט זיך איבערלעגט, וואס זיא זאל זאגען.

— איך בין געוועזען ביי איהם וועגען א פראָצעס, האט זיא ענדליך ערקלערט, מיר האבען זיך צורעדט. איך האב איהם דערצעהלט, אז איך געה אין דיא קארפאטהע־ען בערג ניט וויט פון׳ם שטעדטעל ראזעגוי. ער האט בענוצט דיעזע געלעגענהייט און האט מיר געגעבען דיעזען בריעף.

נאגי איז געוועזען א דורכגעטריעבענער שווינדלער, איהם האט מען ניט געקענט אזוי לייכט אפנארען. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דיא פרוי זאגט איהם ניט דיא וואהרהייט. ער האט פערשטאנען, אז זיא מוז זיין בעסער בעקאנט מיט׳ן אדוואָ־קאט און וויים געוויס, פון וואס עס האנדעלט זיך אין בריעף. ווען דער אדוואקאט איז מיט איהר אזוי גוט בעקאנט, קען זיא דאך ווירקליך צו עפעס ניצען.

— הערט נור, סטאסא! איך ווייס, אז איהר זייט מיט׳ן אדוואָקאט גוט בעקאנט און אז איהר טהוט עפעס פאר איהם. איך קען אייך ניט צווינגען, איהר זאלט מיר זאגען אלעס; איך קען אייך נור זאגען, אז אויב איהר טהוט עפעס פארן אדוואָקאט, קען איך אויך נעפינען פאר אייך בעשעפטיגונג.

— דאס האב איך דאך אייך שוין פריהער געזאָגט.

— וואו וואוינט איהר דען?

— דארט אין טאהל ניט וויט פון׳ם טהורעם פון טשעטני.

ביי דיעזע ווערטער האט זיא געקוקט נאגי גלייך אין דיא אויגען. זיא האט גע־וואלט זעהן, וויא וויט עס וועט אויף איהם ווירקען דאס ווארט דער טהורעם פון טשעטני. נאגי אבער האט זיך געמאכט, אז ער הערט גאר ניט, וואס זיא זאגט.

— ווען קען איך אייך טרעפען אין דער היים? האט ער געפרעגט.

— איך, בין יעדע נאכט אין דער היים, האט סטאסא געענטפערט, נור ווען דער מאנד שיינט העלל און בעלייכטעט דיא געגענד, געה איך שפאציערן אין דיא בערג.

נאגי האט אויף איהר געווארפען א פארשענדען בליק. ער האט געוואלט וויסען, וואס זיא מאכט עפעס ביי נאכט, ווען זיא שפאציערט אין דיא בערג.

— איך מוז אייך נאך עפעס זאגען, מיין הערר, איך וועל בלייבען ניט לאנג אין דיא בערג, איך מוז פאהרען קיין בודאפעסט.

— וועט איהר דארט לאנג בלייבען?

— איך קען עס ניט וויסען געגוי, עס העננט אָפּ פון פערשיעדענע אומשטענדע.

— איך פערשטעה אייך ניט, רעדט דייטליכער.

— איך דארף דארט אבווארטען, ביז מיינער א פיינד וועט שטארבען, דאן וועל איך קומען צוריק אהער.

נאני האט זיא בעטראכט מיט שטוינען. ער האט שוין פריהער בעמערקט, אז זיא פערשטעלט זיך, אז זיא איז קיינע געוועהנליכע קארטענווארפערין, וויא זיא האט געזאגט. זיא איז א קראפט, זיא קען עפּעס טאהן.

— נו, גוט, סטאסא, געהט אהיים, ווען איך וועל האבען פאר אייך א בעשעפ־טיגונג, וועל איך שוין שיקען נאך אייך.

— איהר וועט וויסען, וויא אזוי מיך אויפצוזוכען, האט סטאסא בעמערקט, איהר וועט מיך שוין געפינען, ווען איהר וועט מיך דארפען.

זיא האט זיך פערניגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

נאני איז געבליעבען אליין. ער האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב טיש און האט זיך פערטראכט. דיעזע זאנדערבארע פרוי האט איהם אנגעהויבען צו אינטערע־סירען.

— ווער איז זיא? וואס וויל זיא פון מיר? האט ער געברומט, — צו וואס האט זיא מיר געזאגט, אז איך וועל שטארבען אויפ'ן עשאפאט? האט זיא געוואלט מיך איבערשרעקען? וויים זיא עפּעס פון מיר? האט זיא געוואלט אויסנאררען עפּעס ביי מיר?

ער האט זיך פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און דיעזע געדאנקען זיינען געווען ניט גאנץ אנגענעהמע. וואס מען זאל ניט זאגען און וויא מען זאל עס ניט ערקלערען, עס איז דאך וואהר, אז אין מענשען ליעגט עפּעס, וואס רייסט איהם, שיטעלט איהם און ריטעלט איהם, ער זאל טאהן עטוואס גוטעס. עס קומען פאר מינוטען, ווען עס קרענקט דעם ערגסטען מענשען, פאר וואס ער האט געהאנדעלט אזוי שלעכט געגען דעם אדער יענעם. דיא גוטע נאטור פון'ם מענשען ציעהעט דאן אונטער איהרע רעכנונגען און דערשרעקט זיך, ווען זיא זעהט, וויא טרויעריג דיעזע רעכנונגען וועיזען אויס.

אזעלכע מינוטען האט יעצט דורכגעלעבט נאני. אין זיין קאפּ איז דורכגעפלויגען זיין גאנצעס לעבען. ער האט געמאכט א רעוויו, א סמאטר, אלעס וואס ער האט איבערגעטאהן און, וויא עס וועיזט אויס, איז ער געווען זעהר אונצופריעדען מיט זיך אליין.

ער האט זיך אויפגעהויבען, האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפּ, גלייך וויא ער האט געוואלט ארויסטרייסלען פון זיך דיעזע טרויעריגע געדאנקען, און האט געהאפּט דעם אדוואקאט'ס בריעף. ער האט איהם דורכגעלעזען איין מאל און צוויי מאל.

— אייגענטליך איז עס גאר ניט שלעכט, האט ער געזאגט, דער הערר אדוואָ־קאט בעט מיך, איך זאל איהם טאהן א געפעלינקייט און זאל געבען צו פערשטעהן געארג פאן טאקקי, אז עס איז דא האפנונג צו געפינען דאס דאקומענט, וועלכעס מען האט ביי איהם אוועקגערויבט דאמאלס, ווען מען איז אויף איהם אנגעפאלען אין וואלד, — וואס הייסט דאס? צו וואס זאל איך עס טאהן? — געארג פאן טאקקי

שטעהט מיר אין ווענ און איך מוז זעהן פון איהם לויז צו ווערן. — עס טויג מיר אבער ניט, אז געארג זאל איצט שטארבען, דאן וועט עלווירא ניט קענען הייראטהען אזוי שנעל מאקס'ן. דאס איז ביי מיר דיא הויפט זאכע. גראף מעראס מוז זיין אונזער פריינד, אונזער פערוואנדטעטער. זא לאנג ער איז עס ניט, זיינען מיר ניט זיכער.

דאן מוז ארטהור פאן באטהיאני זיין דארט, וואו איך וויל, ער זאל זיין. איך האף אז מיין יאזעף האט געטאהן אלעס, וויא איך האב איהם געהייסען. ער איז פעהיג אויף אזעלכע זאכען. ער וועט אלעס טאהן און איך וועל שטעהן פון דער ווייטען. איך ווייס גאר ניט פון וואס צו זאגען. איך בין גאר אונשולדיג.

ווען ארטהור וועט שוין זיין דארט, וואו איך וויל, וועל איך אוועקשיקען געארג'ן קיין בודאפעסט. דערוויל וועט עלווירא הייראטהען מאקס'ן. דערנאך מעג שוין זיין, וואס עס וויל זיך.

ער האט געטראכט איינינע אויגענבליקע און האט אויסגערופען פול פרייד:

— בראוואָ, נאגי! דוא ביסט א מייסטער! דוא ביסט א קינסטלער! וואס דוא טראכסט אויס, איז גוט און קלוג.

## 18טער קאפיטעל.

# סטאסא אין שלאס טאקקי.

סטאסא איז ארויסגעגאנגען פון שלאס ראדעצק און איז אריינגעגאנגען אין וואלד. איהר געזיכט האט זיך פערענדערט. עס איז געווארען ווילד, בייז, גרויזאם און אונמענשליך. איהרע אויגען האבען געברענט, וויא דיא אויגען פון א הונגעריגען וואלף; איהרע ליפען האבען געמורמעלט ווערטער, וועלכע זיא האט אליין ניט געהערט; איהרע הענד האבען זיך צונויפגעלעגט אין שרעקליכע פויסטען. זיא האט געקייכט, זיא האט קוים אויפגעאטהעמט.

— איך האב איהם דערקענט! האט זיא ענדליך אויסגערופען. דאס איז ער! דאס איז זיין געזיכט. דאס זיינען זיינע מינען. איך האב אומיסטען געלעזען פון זיין האנד און האב איהם געזאגט, אז דיא ליניען אויף זיין האנד ווייזען, אז ער וועט שטארבען אויפ'ן עשאפאט. ער האט געלאכט, ער האט זיך פערשטעלט, — ער האט אבער געציטערט; ער איז אבער בלייך געווארען. ווען איך האב איהם דערמאנט דעם טהורעם פון טשעמני, איז ער אפגעשפרונגען פון מיר, גלייך וויא א בייזע שלאנג וואלט איהם א ביס געטאהן. — יעצט ווייס איך פאר געוויס, אז דאס איז ער. — גוט, מיין ליעבער! עס וועט קומען דיא צייט, ווען מיר וועלען בעסער בעקאנט זיין.

יעצט מוז איך געהן אין שלאס טאקקי. איך מוז זעהן דעם יונגען גראף פאן טאקקי, איך מוז מיט איהם רעדען. איך וויל טאהן אלעס, וואס איך האב אפגערעדט מיט'ן קלוגען אדוואקאט, הערר נאוואק.

זיא האט אנגעהויבען צו געהן האסטיג דורכ'ן וואלד און איז אין א קורצער צייט צוגעקומען צום שלאס טאקקי. דער טויער איז געשטאנען אפען. אין שלאס טאקקי האט מען פאר קיינעם קיין מורא ניט געהאט. סטאסא איז אריינגעגאנגען אין הויף און האט געבעטען דיא דיענער, מען זאל זיא פיהרען צום יונגען גראף.

ווי עס ווייזט אבער אויס, האבען אלע דיענער פון דער וועלט פיינד געהאט אדער מורא געהאט פאר דיא ארימע סטאסא. מען האט זיא ניט געוואלט הערן. צו פעלינער ווייזע איז נעארג פאַן טאקקי אין דיעזע מינוט ארויסגעקומען אין הויף. סטאסא האט איהם דערקענט און איז צוגעלאפען צו איהם.

— וואס קומט דאָ פאָר? האט נעארג געפרעגט. וואס פערלאנגט דיעזע ארימע פרויא?

— גנעדיגער הערר גראף! איך האב געבעטען אייערע דיענער, זיי זאלען מיך צופיהרען צו אייך, איך דארף מיט אייך עפּעס רעדען, זיי ווילען מיך אבער ניט הערן.

— איהר דארפט מיט מיר עפּעס רעדען? האט נעארג געפרעגט ערשטוינט, איך האב יעצט קיין צייט ניט, קומט מארגען.

איהם איז אויך דיעזע פרוי שטארק ניט געפעלען און ער האט געוואלט זיך אויסדרעהען פון איהר. סטאסא אבער האט איהם ניט אפּגעלאזען.

— איך וויל רעדען מיט אייך נור א פּאָר ווערטער, הערר גראף! האט זיא געבעטען.

— וואס פערלאנגסט דוא, פרוי? ווילסט דוא, איך זאל דיר עפּעס שענקען?

— ניין, גנעדיגער הערר! איך דארף קיין געלד.

— וואס דען דארפסט דוא?

— איך וויל אייך בעטען, איהר זאלט קומען מיך בעזוכען.

נעארג האט זיא אנגעקוקט ערשטוינט און פערוואונדערט. ער איז געוועזען זיכער אז ער האט פאר זיך א וואהנזיניגע.

— גנעדיגער הערר! ווען איהר וועט קומען צו מיר, וועט איהר געפינען א זאך, וועלכע וועט אייך מאכען פיעל פערגניגען.

נעארג איז יעצט געוועזען זיכער, אז ער האט פאר זיך א וואהנזיניגע און ער האט געוואלט זיך מאכען א שפּאס.

— ווען איהר האט פאר מיר אזא גוטע זאך, פאר וואס ברענגט איהר עס ניט אהער, צו מיר אין שלאס?

— איך קען עס ניט טאהן, הערר גראף, האט סטאסא געענטפערט רוהיג, — שעהמט איהר זיך דען אריינצוקומען אין א שטיבעלע פון אן ארימער, עלענדער פרוי? האט איהר דען מורא פאר א ילטע, שוואכע פרוי, ווי איך בין?

דיא לעצטע ווערטער האבען געווירקט. נעארג האט זיך קיין מאל ניט געשייהמט מיט דיא ארימע בויערן פון דיזע דערפער ארום זיין שלאס. ער האט זיי קיין מאל ניט פעראכטעט. אזוי איז שוין דער וואהרער מאגנאט, דער עכטער עדעלמאן. ער שטאָלצירט קיין מאל ניט מיט זיין רייכטהום און מיט זיין טיטול. שטאָלץ און גראב איז נור דער אויפגעקומענער עושר, דער בויער, דער מוזשיק, וועלכער ווערט רייך פּלוצלונג דורך א צופאל. אזא מאן ווייזט ביי יעדער געלעגענהייט, אז ער איז רייך. איהם שטעהט שוין ניט אן צו רעדען מיט זיינע ארימע ברידער.

נעארג האט געטראכט איינינע מינוט און האט געזאגט:

— נו, גוט, איך וועל קומען צו דיר. וואו וואהנסט דוא אייגענטליך?

— איך וואהן ניט ווייט פון דאנען. אין פינף מאהל שטאָט און אלטער, איינ־געפאלענער שלאָס, דארט וואהן איך איינע אליין.

— ווען קען איך דיך טרעפען אין דערהיים?

— א גאנצע טאג ארבייט איך, דערפאר בין איך ביי טאג קיין מאל ניט אין דערהיים, קומט צו מיר אבענדס; אויב עס איז מעגליך, קומט צו מיר זאמסטאג אבענד, איהר וועט עס ניט בערייען, מיין הערר.

— וויא הייסט דוא?

— איך הייס סטאסא.

— נוּן, גוט, איך וועל קומען צו דיר זאמסטאג אבענד, האט געארג געזאגט. יעצט געה!

געארג איז אוועקגעגאנגען. ער איז געגאנגען אין גארטען, וואו עלווירא האט אויף איהם געווארט.

סטאסא איז ארויסגעגאנגען פון שלאס טאקקי. זיא האט שוין אפגעטאהן איהר ארבייט. זיא האט שוין געמעגט געהן. קוים איז זיא ווידער געווען אליין אין וואלד, האט זיא אויסגערופען:

— קום נור צו מיר, שטאָלצער גראף! איך וועל דיר שוין געבען אזא געטרענק, פון וועלכען מען קומט אן גלייך אין גן עדן. — דוא ביסט צוואר שעהן, עס איז מיר א שאדע דיין ליעבליכעס געשטאלט, דוא מוזט אבער דאך שטארבען! איך וויל עס אזוי. איך וויל, אז זיא זאל ווערן א פערברעכערין; אז מען זאל זיא ארייננווארפען אין א קערקער, אז מען זאל זיא פעראורטהיילען צום טויט, וויא מען האט פעראור־טהיילט מיין מאן.

זיא איז געגאנגען האסטיג דורכ'ן וואלד אויפ'ן וועג צו איהר ארימעס שטיבעלע. פלוצלונג אבער איז זיא געבליעבען שטעהן.

— איך האב פערגעסען! האט זיא אויסגערופען, איך מוז נאך דארט זיין, מיין ארבייט איז נאך ניט געענדיגט, איך מוז נאך זיין אין טהורעם פון טשעמני. איך מוז זיין ביי אלעמען. איך מוז זיי אלעמען צוזאמנציעהען, צוזאמענשלעפען. פאר דאס בלוט מיין אונגליקליכען קאזימיר, מוז פליעסען פיעל בלוט. לאזען זיי וויסען, דיא טייפעל! וואס עס הייסט אוועקרויבען ביי אן ארימער פרוי איהר מאן, איהר איינציגע שטיצע.

זיא איז אוועקגעגאנגען אין זייט, וואו עס איז געשטאנען דער טהורעם פון טשעמני.

19מער קאפיטעל.

## דאס פאלשע געלד.

ארטהור געהט ארום זעהר טרויעריג אין זיין צימער. פערליערן דאס צוטרויען צו א מענשען איז שוין טרויעריג גענוג; וויסען אבער, אז דער מענש, וועלכען דוא האסט געהאלטען פאר דיין בעסטען פריינד, פאר וועמען דיין הארץ איז געווען אפען וויא א ריינער שפיעגעל, איז נאר א שווינדלער, א בעטריגער — דאס איז שרעקליך! דאס קען אן עדעלער מענש ניט אזוי לייכט איבערטראגען.

אזוי וויא ער איז אזוי ארומגעגאנגען פערטראכט, האט מען אנגעקלאפט אין דער טה"ר, און ארימער, אפגעריסענער, אפגעשליסענער הויזירער איז אריינגעקומען און האט אנגעהויבען צו בעטען, אז מען זאל ביי איהם עפעס קויפען. ער האט אנגעהויבען צו דערצעהלען, אז ער האט א פרוי און קינדער, וועלכע ליידען נויט און הונגער.

דער מאן האט אויסגעוויעזען אזוי עלענד און אזוי אונגליקליך, אז ארטהור האט אויס מיטלייד געקויפט ביי איהם אייניגע קלייניגקייטען. דער ארימער הויזירער האט געדאנקט און איז אוועקגעגאנגען.

דעם אנדערן טאג איז געקומען אנאנדערער הויזירער און האט אנגעהויבען צו בעטען, ארטהור זאל ביי איהם עפעס קויפען. ארטהור האט ביי איהם אויך עפעס געקויפט און האט איהם געגעבען א גאלדענעם דוקאט, ער זאל איהם ארויסגעבען רעסט.

— אך, גנעדיגער הערר! האט דער הויזירער געזיפצט, וואו האב איך אזוי פיעל געלד? ניט מיר בעסער א קליינע באנקנאטע, עס איז מיר לייכטער צו טראגען און איך וועל אייך קענען געבען רעסט.

ארטהור האט גענומען זיין שובלאדע און האט ארויסגענומען א גולדען באנקנאטע.

— נאט אייך א פאפיער באנקנאטע און לאזט מיך צורוה! האט ער אויסגערופען.

דאס זיינען ניט געוועזען דיא איינציגע. מען האט אנגעהויבען איהם צו בעאונרוהיגען. איינער פלעגט קומען בעטען, ארטהור זאל ביי איהם עפעס קויפען, אנאנדערער פלעגט וועלען אויסוועקסלען ביי איהם געלד אויף פאפיער געלד און פלעגט דערביי ערקלערן, אז פאפיער געלד איז לייכטער צו טראגען ביי זיך אלס גאלד.

וויא עדעל און וויא גוט ארטהור איז געוועזען, איז איהם אם ענדע דאך ניט געפעלען דיעזע זאגדערבארע נאכפראגע נאך געלד אין באנק נאטען. ער האט דאהער אנגעזאגט דיא לאקייען פון האטעל, אז זיי זאלען צו איהם מעהר ניט צולאזען קיין הויזירער און קיין קרעמער.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. אין שטאדט האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען פאלשע באנקנאטען. מען האט אנגעהויבען צו רעדען וועגען פאלש געלד און מען האט ענדליך אנגעהויבען צו שרייבען אין דיא צייטונגען וועגען פאלש געלד.

ארטהור האט זאגאר געלעזען אין א צייטונג, אז דיא פאליציי זאגט צו טויזענד גולדען דעם מענשען, וועלכער וועט איהר אנצייגען, פון וואנען דאס פאלשע געלד נעהמט זיך.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען עטליכע טעג. עס איז געוועזען דער ערשטער יוני. דער ווירטה פון'ם האטעל האט אריינגעשיקט ארטהורן א רעכנונג פארן פערגאנגענעם מאנאט. ארטהור האט איהם זאגלייך בעצאהלט זיין רעכנונג. דאן איז ער אוועקגעגאנגען צו זיינע געשעפטע.

צום מיטאג איז ער געקומען אין האטעל און האט זיך געזעצט צום טיש מיט אלע געסט. ביים עסען האט מען פון קיין אנדער זאך ניט גערעדט אויסער פון דיא

פאלשע באנקנאטען, וועלכע האבען זיך מיט אמאל פערבערייטערט אין שטאדט. מען האט גערעדט און דערצעהלט פערשיעדענעס פון „אס פאלשע געלד; מען האט געזאגט, אז עס איז אזוי גוט נאכגעמאכט, אז נור א גוטער קענער פון געלד קען זיי דערקענען.

נאכ'ן עסען איז ארטהור געגאנגען אין זיין צימער. אין איינינע מינוט ארום איז צו איהם געקומען דער ווירטה פון זיין האטעל און האט איהם געזאגט:

— מיין הערר, איהר האט מיר היינט בעצאהלט מיין רעכנונג מיט פאלשע באנקנאטען.

ארטהור האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט און פערוואונדערט.

— דאס קען ניט זיין! האט ער אויסגערופען, איך האב אין בודאפעסט פון קיינעם ניט גענומען קיין פאפי'ער געלד. איך האב מיין געלד נאך פון דערהיים, וואו מען האט געוויס גוטעס געלד. ביי מיר אין דערהיים האט מען נאך ניט געהערט פון פאלשעס געלד.

— איך וויים ניט, וואו איהר האט גענומען אייער געלד, האט דער ווירטה געענטפערט, איך וויים נור, אז דיא באנקנאטען, וועלכע איהר האט מיר געגעבען, זיינען פאלש און איך בעט אייך, איהר זאלט מיר געבען אנדערע פאר זיי.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש דיא באנקנאטען וועלכע ארטהור האט איהם געגעבען.

ארטהור איז געוועזן אויסער זיך. וויא קומען צו איהם פאלשע באנקנאטען? ער האט געוואלט צוגעהן צו זיין שרייב טיש און ארויסנעהמען אנדער געלד, ווען מען האט געקלאפט אין דער טהיר. א הויכער שטארקער מאן איז אריינגעקומען און האט געפרעגט:

— זייט איהר בארא̈ן ארטהור פאן באטהיאני?

— איך בין עס.

דער מאן האט דערזעהן דיא באנקנאטען אויפ'ן טיש, וועלכע דער ווירטה האט נור וואס אניעדערגעלעגט. ער האט גענומען דיא באנקנאטען, האט זיי בעטראכט און האט אויסגערופען:

— הערר בארא̈ן, דיעזע באנקנאטען זיינען פאלש. זעהט אליין, דא פעהלט א פונקט אויפ'ן אדלער, דארט שטעהט א ציפער ניט גלייך און דארט איז דער שטריך ניט ריכטיג. — מיין הערר, איך בעט, איהר זאלט געהן מיט מיר. איך בין אן אגענט פון דער געהיים פאליציי.

— מיין הערר, וויא קענט איהר מיך ארעסטירען, ווען איהר האט נאר קיינע בעוויזע, אז איך בין שולדיג? האט ארטהור געפרעגט.

— מיר האבען שוין ארעסטירט זעקס מענשען מיט פאלשע באנקנאטען. אלע אגען אז זיי האבען דאס געלד גענומען ביי אייך. דיא פאליציי האט מיך געשיקט אייך פרעגען, וואו איהר האט גענומען אזוי פיעל פאלשעס געלד. איך בין נור וואס אריינגעקומען צו אייך אין צימער און זעה ביי אייך אויפ'ן טיש א גאנצען הויפען פאלש

שע באנקנאָטען. דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז יענע מענשען האבען רעכט. זיי האבען בעקומען דאס פאלשע געלד פון אייך.

— איך מוז אייך זאגען, אז איך קען ניט וויסען, וואו איך האב גענומען דיעזע באַנקנאָטען, האט ארטהור געזאגט גאנץ רוהיג, איך האב זיי מיטגעבראכט פון דער היים. מיין פערוואלטער האט עס מיר געגעבען אלס דיא איינקינפטע פון מיינע גיטער. דאס געלד, וואס איהר זעהט דאָ אויפ'ן טיש, האב איך היינט געגעבען מיין ווירטה פאר זיין רעכנונג. איך האב נור וואס געוואלט צונעהמען דיעזעס געלד און געבען איהם אנדערעס.

— מיין הערר, איך האב א בעפעהל צו צונעהמען ביי אייך אלע באַנקנאָטען, וועלכע איהר האט נור און זיי ברענגען אויף דער פאָליציי.

ארטהור האט ניט גערעדט קיין וואָרט. ער האט אויפגעשלאָסען זיין שרייב טיש, האט ארויסגענומען אלע באנקנאָטען, וואס ער האט געהאט און האט זיי דער־לאַנגט דעם אגענט פון דער פאָליציי.

— יעצט, הערר באראָן, קומט מיט מיר, האט דער פאָליציי בעאמטער געזאגט, מיר וועלען שוין זעהן, אויב דיא מענער, וועלכע זיינען ארעסטירט, האבען ווירקליך גענומען דאס געלד ביי אייך אדער ניט.

— עס זיינען געוועזן ביי מיר אלערליי מענשען, האט ארטהור בעמערקט, וויא קען איך וויסען, אויב דיעזע, וועלכע זיינען ארעסטירט, האבען גענומען דאס פאלשע געלד ביי מיר?

— דאס וועלען מיר שוין אויסגעפינען.

ארטהור האט געבעטען דעם ווירטה פון האטעל, ער זאל שיקען ברענגען א דראָשקע.

— עס איז ניט נעטהיג, האט דער פאליציי בעאמטער בעמערקט, מיין קארעטע ווארט אויף אונז אין דרויסען.

ארטהורן איז געוואָרען פינסטער אין דיא אויגען. ער האט זעהר גוט געוואוסט, וואס עס הייסט פאהרען אין א קארעטע, וועלכע דיא פאליציי שיקט. עס האט אבער נאר ניט געהאָלפען. מען האט געמוזט געהן מיט'ן אגענט פון דער פאָליציי.

אין א פיערטעל שטונדע שפעטער איז ארטהור אנגעקומען אין הויפט קווארטיר פון דער בודאפעסטער פאליציי. מען האט איהם אויפגענומען זעהר העפליך און מען האט איהם אריינגעפיהרט צום פאליציי דירעקטאר, וועלכער האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך.

— זייט איהר באראן פאן באטהיאני, מיטגליעד פון'ם לאנדסראטה? האט דער פאליציי דירעקטאר געפרעגט.

— איך בין עס.

— עס זיינען פארגעקומען זעהר אונאנגענעהמע זאכען, מיין הערר, און איהר געפינט זיך אין א זעהר אונאנגענעהמער לאגע.

— איך בין דערפון ערשט היינט געוואהר געווארען, האט ארטהור געענטפ־ רט.

דער פאליציי דירעקטאר האט אריינגערופען דעם אגענט, וועלכער האט געבראכט ארטהורן און האט איהם געזאגט עפעס אויפ'ן אויער.

— ביטע, הערר באראן, זעצט אייך לעבען מיר. איך האף, אז דיא וואהרהייט וועט ארויסקומען, וויא בוימעל אויפ'ן וואסער און איהר וועט באלד ווערן פריי.

אין איינינע מינוטען ארום האט אן אויפזעהער אריינגעפיהרט זעקס מענשען, וועלכע ארטהור האט באלד דערקענט, אז זיי זיינען געוועזען ביי איהם אלס קרעמער און הויזירער.

— קענט איהר דיעזע מענשען? האט דער פאליציי דירעקטאר געפרעגט.

— איך קען זיי ניט.

— קענט איהר זיך ניט דערמאנען, אויב איהר האט זיי ניט געזעהן?

— יא, זיי זיינען געוועזען ביי מיר אלס הויזירער און האבען מיך אזוי לאנג בעד אונרוהיגט, ביז איך האב געמוזט ביי זיי קויפען איינינע קליינינקייטע.

— דיעזע לייטע זאגען, אז איהר האט זיי בעצאהלט מיט פאלשע באנקנאטען.

— איך האב זיי בעצאהלט, האט ארטהור געענטפערט, אויב דאס געלד, וואס איך האב זיי געגעבען, איז פאלש אדער ניט, ווייס איך ניט.

דיא זעקס ארעסטאנטען האבען צוואר געשוויעגען; ווען מען האל זיך אבער געוועזען בעסער צוקוקען צו זיי, וואלט מען געזעהן, אז זיי זיינען אונרוהיג און ווינקען איינער צום אנדערן.

— איהר האט איבערגעגעבען אונזער אגענט א פעקעל באנקנאטען, וועלכעס איהר האט ארויסגענומען פון אייער שרייב־טיש?

— יא, מיין הערר.

— ווייסט איהר, אז דיעזע באנקנאטען זיינען אויך פאלשע? האט דער פאליציי דירעקטאר געפרעגט.

— איך ווייס גאר ניט, האט ארטהור געענטפערט, איך האב ערהאלטען דיעזעס געלד פון מיין פערוואלטער. דער מאן איז איינפאך און עהרליך. איך קען ניט גלויבען, אז ער מאכט פאלש געלד.

דער פאליציי דירעקטאר האט זיך פערטראכט. דיא געשיכטע איז איהם פאר־געקומען רעכט זאנדערבאר.

— וואו וואהנט איהר? האט ער פלוצלונג געפרעגט.

— אין שלאס באטהיאני, ניט ווייט פון'ם שטעדטעל ראזענוי.

— טרויעריג! זעהר טרויעריג! האט דער פאליציי דירעקטאר געזאגט. מיט יעדער מינוט ווערט דיעזער פאלל אלס מעהר פערוויקעלט און אלס מעהר אונפער־שטענדליך. — לאמיר זעהן, אויב עס געפינען זיך וועניגסטענס עטליכע גוטע באנק־נאטען צווישען אייערע פאלשען.

ער האט גענומען דאס פעקעלע באנקנאטען, וואס דער אגענט האט איהם געבראכט, און האט אנגעהויבען זיי צו צעהלען און זיך צו צוקוקען צו יעדער בעזונדער.

— וואס איז דאס? האט ער פלוצלונג ארויסגערופען, קוקט זיך נור צו! אט זיינען איינינע, וועלכע זיינען נאך ניט געענדיגט! — אט ביי דער פעהלט נאך דער

קאפּ פון'ם אדלער; ביי דער פעהלט נאך דיא נומער און ביי דיעזער זיינען נאך ניט נאכגעמאכט דיא אונטערשריפטען! עס איז דייטליך, אז מיר האבען געטראפען דא א פאבריק פון דיא פאלשע באנקנאטען.

ארטהור איז געווארען בלייך, וויא קאלך. ער האט יעצט געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען, אז ער איז זעהר מיאוס אריינגעפאלען.

— מיין הערר! האט ער געשטאמעלט, איך ווייס ניט, וואס דא קומט פאר.— עפּעס איז דא געשעהן. איך ווייס, אז איך האב געהאט גוטע באנקנאטען. — איך קען מיר ניט ערקלערן, וויא אזוי דיא פאלשע קומען צו מיר.

— עס טהוט מיר לייד, הערר באראן, וואס איך קען ניט אננעהמען אייער ענטשולדיגונג, ריכטיגער געזאגט, אייער ערקלערונג. איהר ערקלערט דאך גאר ני איהר זאגט נור, אז איהר האט געהאט גוטעס געלד. — איך בעדויערע זעהר, וואס איך מוז אייך ערקלערן, אז איהר זייט אן ארעסטאנט.

— מיין הערר! וואס רעדט איהר? איך בין א דעפּוטאט פון לאנדראטה! איהר קענט מיך ניט ארעסטירען!

— עס טהוט מיר לייד, אייך צו זאגען, אז אין אזא פאל וויא אייערער איז, קען איך אלעס און מעג אלעס. א דעפּוטאט פון לאנדראטה האט דאס רעכט צו רעדען געגען דיא רעגיערונג און מען טאר איהם ניט ארעסטירען; ער טאר אבער ניט האנדלען מיט פאלש געלד אדער מאכען פאלש געלד.

ארטהור איז געווען פערניכטעט. ער האט איינגעזעהן, אז ער האט פאר זיך קיינע ענטשולדיגונג און קיין אויסרייד. ער האט געטראכט איינינע מינוט, וואס ער זאל טאהן און וואס ער זאל זאגען. פּלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאָנט. ער האט אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט געוויעזען אויף איינעם פון דיא הוזירער.

— דיעזער מאן האט ביי מיר געפאָדערט, איך זאל איהם געבען באנקנאטען, האט ער געזאגט צום פּאליציי דירעקטאר. איך האב איהם געגעבען א גאלד-שטיק און ער האט איהם ניט געוואלט אננעהמען. דא מוז עפּעס זיין. דער מאן האט פּיעליכט געוואוסט, אז איך....

דער פאליציי דירעקטאר האט געהייסען דעם הוזירער, ער זאל צוקומען נעהענטער און האט איהם געפרעגט:

— איז עס ריכטיג, אז איהר האט געפאָדערט נור פּאפּיער געלד?

— גנעדיגער הערר! האט אויסגערופען דער הוזירער. דער הערר באראן האט מיר געגעבען א גאלד-שטיק און האט געפאָדערט, איך זאל איהם געבען רעסט, איך האב ניט געהאט אזוי פיעל געלד ביי מיר און האב איהם געבעטען, ער זאל מיר געבען א באנקנאטע פון איין גולדען. דער הערר באראן איז געווען אזוי פריינדליך און האט מיר געגעבען א באנקנאטע פון א גולדען. זיא איז אבער געווען א פאלשע. — יעצט מוז איך זיצען ארעסטירט פאר דיעזע פאלשע באנקנאטע און מיין פרוי און קינדער ליידען הונגער און נויט. וואס בין איך דען שולדיג, וואס דער הערר באראן האט מיר געגעבען פאלש געלד?

ער האט געזאגט דיזע ווערטער אזוי ערנסט און אזוי טרויעריג, אז דער פאליציי

דירעקטאר האט ווירקליך ניט געוואוסט וועמען צו גלויבען. ער האט נאך איין זאך געוואוסט פאר זיכער, אז אלע פאלשע געלד, וואס האט זיך ארומגעדרעהט אין שטאדט קומט פון ארטהורן.

דער פאליציי דירעקטאר האט אנגעהויבען איבערצופרעגען יעדען פון דיא זעקס ארעסטירטע הויזירער, וויא אזוי זיי זיינען געקומען צו דיא פאלשע באנקנאטען. יעדער האט דערצעהלט זיין געשיכטע און האט געוויינט, אז ער איז אן אונגליקליכער ארימער מענש, וועלכער לעבט פון הויזירען; יעדער האט ערקלערט, אז ארטהור, דער באראן פאן באטהיאני האט איהם געגעבען דאס פאלשע געלד.

ארטהור האט פראבירט צו ערקלערן נאך א מאל, אז ער ווייס ניט פון וואס צו זאגען. ער האט קיין מאל ניט געהאט קיין פאלשעס געלד, ער ווייס פון קיין פאלשעס געלד און דענקט פון קיין פאלשעס געלד. עס האט איהם גאר ניט געהאלפען. עס איז דאך געווען דייטליך, אז דאס פאלשע געלד קומט פון איהם. ער האט ניט געקענט אפלייקענען, אז ער האט געגעבען דאס פאלשע געלד דיא הויזירער און זיין ווירטה.

דער פאליציי דירעקטאר האט געמוזט הייסען איהם אפפיהרען אין א בעזונדער צימעריל אין געפענגניס. דיא זעקס הויזירער אבער האט מען געמוזט ארויסלאזען. זיי האבען געהאט נור איינע אדער צוויי פאלשע באנקנאטען און האבען בעוויזען, וואו זיי האבען זיי גענומען.

דיא זעקס מענער זיינען ארויסגעגאנגען פון דער פאליציי און זיינען אוועקגעגאנגען נור עטליכע הונדערט שריט, ווען א קליינער מאן מיט שווארצע האר איז זיי ענטגעגען געקומען און האט זיי בעגריעסט גאנץ פריינדליך.

— זעהט איהר? האב איך אייך דען ניט געזאגט, אז מען וועט אייך לאנג ניט האלטען? קוים האט מען איהם ארעסטירט, האט מען געמוזט אייך ארויסלאזען. — איך האב איהם גוט אפגעהיט. איך בין געשטאנען ניט וויט פון'ם האטעל, ווען מען האט איהם ארעסטירט.

— ער וועט שוין זיצען, האט געלאכט דער הויזירער, וועלכער האט געוויינט, אז זיין פרוי און קינדער ליידען הונגער און נויט. — ער וועט שוין זיצען. אזוי גיך דרעהט מען זיך ניט אויס פון דער ליעבער פאליציי. עס איז מיר געווען ניט גאנץ פרעהליך צו זיצען דארט.

— קומט היינט ביי נאכט צו מיר, וועל איך אייך בעצאהלען פאר אייער מיה. האט געזאגט דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר. איהר האט עס גאנץ עהרליך פערדיענט און עס קומט אייך צו בעצאהלען.

דיא זעקס מענער זיינען זיך צוגאנגען אין פערשיעדענע זייטען, דער ניעדעריגער מאן מיט דיא שווארצע האר איז נאך געבליעבען שטעהן איינינע מינוט.

— יעצט מוז איך עס מעלדען דעם באראן נאגי, האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך האב אפגעטאהן מיין ארבייט און האב עס אפגעטאהן זעהר גוט.

ער האט זיך אויסגעדרעהט און איז אוועקגעגאנגען א פאר הונדערט שריט,

פלוצלונג האט זיך פאר איהם געשטעלט א הויכער, אלטער מאן און האט איהם פער־שטעלט דעם וועג.

— שטעה! האט דער אלטער מאן אויסגערופען, ניט פון ארט! — דוא רויבער, דוא מערדער! איך בין געווען דערביי, ווען דוא האסט זיך איינגעשלאסען אין צימער פון באראן ארטהור פאן באטהיאני. דוא ביסט עס, בעטריעגער, וועלכער האט גע־מאכט, אז מען זאל ארעסטירען דעם באראן! — איך קען דיך, דוא טויגעניכטס!

דער אלטער מאן האט איהם געחאפט ביי דער פלייצע און האט איהם געהאל־טען גאנץ פעסט. ער האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, פיעלייכט וועט אנקומען א פאליסמאן אדער ווער. ליידער, איז דיא גאס דאמאלס געווען גאנץ ליידיג. מען האט קיינעם ניט געזעהן.

— לאזט מיך אפ! האט געשריען דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר.

— ניין! איך וועל דיך ניט אפלאזען, דוא בעטריעגער!

דער אלטער האט אנגעהויבען צו רופען א שוצמאן (פאליסמאן).

— לאזט מיך אפ מיט גוטען! האט דער ניעדריגער מאן געזאגט בייז, איך ווארן אייך און בעט אייך, לאזט מיך אפ!

— קום מיט מיר צום פאליציי דירעקטאר, דארט וועל איך דיך אפלאזען, האט דער אלטער מאן געזאגט, דוא האסט זיך געגעבען א פאלשען נאמען; דוא האסט זיך פארגעשטעלט אלס גראף טארנאססי; דוא ביסט געווען א לאנגע צייט אין צימער פון באראן באטהיאני גאנץ אליין.

דער קליינער מאן איז געווארען אויסער זיך. ער האט פראבירט זיך ארויסצריי־סען פון זיין געגנער, עס איז אבער געווען אונמעגליך. דער אלטער מאן האט איהם געהאלטען, וויא מיט אייזערנע צוואנגען. דער קליינער מאן, אדער וויא מיר ווייסען, אז ער האט געהייסען יאזעף, האט ארויסגעחאפט פון בוזים קעשענע א מעסער און האט א שטאך געטאהן דעם אלטען אין האנד.

— האלט דעם מערדער! האלט דעם בעטריעגער! האט געשריען דער אלטער.

יאזעף האט גוט געטראפען. דער אלטער האט איהם געמוזט אפלאזען. פון דער האנד האט אנגעהויבען צו גיעסען בלוט.

שנעל, וויא א קאץ, איז יאזעף אוועקגעשפרונגען און איז פערשוואונדען געווארען אין דיא ענגע און קרומע געסלעך פון אלטען בודאפעסט. דער אלטער מאן איז איהם צוואר נאכגעלאפען א געוויסע שטרעקע. ער האט איהם אבער ניט געקענט דער־גרייכען. יאזעף איז פערשוואונדען גלייך וויא ער וואלט אריין אין דער ערד.

— ער איז אנטלאפען, דער שורקע! דער בעטריעגער! האט געזיפצט דער אלטער. — ווער איז ער? וואס האט ער צו ארטהורן? פאר וואס איז ער איהם אזא פיינד? — וויא קומט עס, וואס מען האט ארטהורן אזוי פלוצלונג ארעסטירט? וואס האט דען ארטהור בעגאנגען?

ער האט זיך פערבונדען דיא פערוואונדעטע האנד, זא גוט ער וואס געקענט און איז אוועקגעגאנגען טרויעריג און פערצווייפעלט.

---

## 20טער קאפיטעל.

# ביים אדוואקאט.

עס איז צעהן אוהר אין דער פריה, דעם אנדערן טאג נאך ארטהור'ס ארעסט. דער אדוואקאט נאָוואק געהט ארום אין זיין צימער. ער איז צופריעדען. ער איז נעבמען געוואהר געווארען א וויכטיגע נייעס.

— עס געהט פארטרעפליך! האט ער ענדליך אויסגערופען, מיין ליעבער פערוואנדעטער, דער באראָן פאָן באטהיאני זיצט פעסט, אזוי גיך געהט ער ניט ארויס פון דיא שארפע נעגעל פון אונזער גערעכטיגקייט. דער קייזער האט פיינט, אז מען זאָל נאכמאכען זיין בילד אויף קליינע שטיקלעך פאפיער, וועלכע הייסען געלד. אזא קינסטלער הייסט ער אויפהענגען הויך אין דער לופט.

איך גלויב צוואר ניט אז דער יונגער באראָן פאָן באטהיאני זאל זיין דער קינסטלער. ער קען ניט נאכמאכען קיין פאלשעס געלד. דאס האט געטאהן אנאנדערער. מע' האט איהם אונטערגעווארפען דאס פאלשע געלד. ווער האט עס אבער געטאהן? מען האט דאך געמוזט קימען צו איהם, עפענען זיין שרייב טיש, ארויסגעהמען דאס גוטע געלד און אונטערוואַרפען פאלשעס געלד. ווער האט עס געקענט טאהן? ער האט געוויס א שרעקליכען פיינד, וועלכער זוכט איהם צו פערניכטען. — וואס געהט עס אבער מיך אן? דיעזער אונבעקאנטער פיינד האט געארבייט פון מיינעטוועגען. איך וואלט איהם געדאנקט, ווען איך זאל נור וויסען, וועמען צו דאנקען. איך מוז זעהן, אז מען זאל מאכען א הויזאונטערזוכונג אין דיא צימערן, וואו דער באראָן האט געוואינט. איך וועל זעהן, איך זאל אויך זיין דערביי, פיעלייכט וועל איך קענען עפעס טאהן פון זיינעטוועגען. — ווען ארטהור שטארבט קען איך פארדערן זיין פערמעגען. —

אין דיעזע מינוט האט מען אנגעקלאפט אין דער טהיר. דער אדוואָקאט האט אליין געעפענט דיא טהיר. ער האט פערשטאנען, אז דאס מוז זיין אן אנשטענדיגער מענש, ווייל זאָנסט, וואָלט דער דיענער איהם ניט אריינגעלאָזען.

— אן אלטער, רייך געקליידעטער מאן איז אריינגעקומען אין צימער. דער אדוואָקאט האט איהם אויפגענומען זעהר העפליך, האט איהם געבעטען זיצען און האט איהם געפרעגט, מיט וואס ער קען איהם דיענען?

— איהר האט געוויס געהערט, וואס פאר אן אונגליק עס האט געטראָפען דעם באראָן ארטהור פאן באטהיאני, האט דער אלטער מאן געזאָגט.

— געוויס האב איך עס געהערט.

— מען זאגט, אז ער האט געמאכט פאלשע באנקנאטען.

— אזוי האט מען מיר דערצעהלט, האט דער אדוואקאט בעמערקט.

— איך האב געהערט, אז איהר זייט א בעריהמטער אדוואָקאט, האט דער אלטער אנגעהויבען, און איך בין דאהער געקומען אייך בעטען, איהר זאלט איבערנעמען דיעזען פראָצעס. איהר זאלט פערטהיידיגען דעם באראָן פאן באטהיאני. בעדענקט, מיין העהר, אז דער יונגער באראָן איז געוויס אונשולדיג. ער האט ביז אהער געלעבט רייך פון דער וועלט. וויא איז עס מעגליך, אז דיעזער גוטער און עדעלער יונגער מאַן

זאל זיך נאר בעשעפטיגען מיט מאכען פאלש געלד? דא איז געווים פארגעקומען א אינטריגע. מען האט איהם געווים אונטערגעווארפען דאס פאלשע געלד. אזא קלוגער אדוואקאט, וויא איהר, וועט שוין וויסען, וויא אזוי צו בעווייזען דיא וואהרהייט.

— וויא הייסט איהר, מיין העררף? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

דער אלטער האט ניט אזוי גיך געענטפערט. עס איז געוועזען דייטליך, אז ער וויל ניט זאגען, וויא ער הייסט.

— איך הייס רודאלף קאזינסקי, האט ער ענדליך געזאגט לאנגזאם און אונגערן.

— .ואו וואינט איהר, מיין העררף?

דער אדוואקאט האט גוט פערשטאנען, אז דער אלטער מאן האט איהם ניט געזאגט זיין ריכטיגען נאמען. ער איז געוועזען גענוג קלוג און גענוג דורכגעטריעבען אום צו פערשטעהן, אז דא איז עפעס ניט גלאט.

— איך וואין אין האטעל געארג.

דער אדוואקאט האט נעטראכט אייניגע מינוט, דאן האט ער געזאגט:

— איך קען אייך דערוויילן נאך גאר ניט זאגען, ווייל איך וויים נאך ניט, וואס פאר א בעווייזע מען האט געגען איהם; איך וויים נאך ניט, וויא שווער דיא אנקלאגע איז געגען איהם. ווען איהר זאלט קענען מיר צושטעלען בעווייזע, אז ער איז אונשולדיג; ווען איהר זאלט קענען מיר געבען א פונקט, און וועלכען איך זאל מיך קענען אנהאלטען, וואלט איך מיט פערגניגען איבערגענומען דיא פערטהיידיגונג פון'ם באראן פאן באטהיאני.

— מיר איז אויך זעהר וועניג בעקאנט דיעזע דונקעלע אנגעלעגענהייט, האט דער אלטער מאן געזאגט, איך בין נור פעסט איבערצייגט, אז דער באראן פאן באטהיאני איז אונשולדיג. אלס אנהאלטס פונקט קען איך אייך געבען, וואס איך האב אליין געזעהן.

דער אדוואקאט איז געווארען אויפמערקזאם און האט געקוקט דעם אלטען גלייך אין דיא אויגען.

— מיט עטליכע טעג צוריק האב איך געוואלט בעזוכען דעם באראן פאן באטהיאני, האט דער אלטער דערצעהלט. איך בין צוגעקומען צו זיין טהיר און האב אנגעקלאפט. קיינער האט מיר ניט געענטפערט. איך האב גערעכענט, אז ער איז ניטא אין דערהיים און האב געוואלט אוועקגעהן. פלוצלונג האט זיך דיא טהיר גע־עפענט און א קליינער מאן מיט שווארצע האר איז ארויסגעקומען פון זיין צימער. איך האב איהם אויפגעהאלטען און האב איהם געפרעגט, ווער ער איז. ער האט מיר גע־ענטפערט אז ער איז גראף טארגאססי. אזוי וויא איך בין אבער זעהר גוט בעקאנט מיט אלע גראפען טארגאססי, האב איך באלד דערקענט, אז ער איז א בעטריגער. איך האב געפרעגט דיא לאקייען פון האטעל, אויב דיעזער מאן קומט אפט צום באראן. מען האט מיר געענטפערט, אז ער ליענט ביי איהם איבער גאנצע טעג.

נאכטען האב איך ווידער דערזעהן דיעזען קליינעם מאן אויף דער גאס. איך האב איהם געוואלט אויפהאלטען און אוועקפיהרען אויף דיא פאליציי. ער האט מיר א שטאך געטאהן אין דער האנד מיט א מעסער און איז אנטלאפען.

— אייער ערצעהלונג איז זעהר וויכטיג, האט דער אדוואקאט גענטפערט. מען קען זיא בענוצען, איך וויס אבער ניט, אויב זיא וועט עפּעס העלפען דעם באראן. מען וועט ביי איהם מאכען א הויז-אונטערזוכונג. דיא הויפּטזאכע איז, וואס מען וועט גע־פינען אין זיין צימער. מעגליך, אז מען וועט דארט געפינען דיא מאשינע, מיט וועלכע מען מאכט דאס פאלשע געלד. דאן שטעהט עס געוויס זעהר שלעכט מיט איהם. וועט מען אבער גאר ניט געפינען, וועט זיין מעגליך איהם צו פערטהיידיגען.

— דאן קען איך מיך בערוהיגען, האט דער אלטער מאן געזאגט, דאן בין איך זיכער, אז דער באראן פאן באטהיאני וועט זיין פריי. אלענפאלס, העררר נאוואק, בעט איך אייך, איהר זאלט איבערנעהמען דעם פּראצעס. איך פערלאנג עס ניט אומזיסט. איהר וועט קריעגען גוט בעצאהלט.

— איך וויל מיר ערלויבען אייך צו פרעגען, וואס געהערט איהר זיך אן מיט'ן באראן פאן באטהיאני? האט דער אדוואקאט געפרעגט געלאסען.

— איך בין מיט איהם בעקאנט, האט דער אלטער גענטפערט.

— וואהנט איהר בעשטענדיג אין בודאפּעסט?

— ניין, איך וואהן אין פּרעסבורג און בין געקומען אהער אויף א קורצע צייט.

— וואו קען איך אייך זעהען, ווען איך וועל דארפען? וואוהין קען איך אייך שרייבען, ווען איך וועל דארפען?

— איך וועל קומען צו אייך, העררר אדוואקאט.

— לאז זיין אזוי, האט דער אדוואקאט געזאגט גלייכגילטיג.

דער אלטער האט מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן ביים אדוואקאט און איז זיך אוועקגעגאנגען. קוים האט זיך פערמאכט הינטער איהם דיא טהיר, איז דער אד־וואקאט אויפגעשפּרונגען, וויא אן אפּגעבריהטער און האט אויסגערופען:

— נו, פריינד! דוא הייסט ניט רודאלף פאן קאזינסקי? דוא טראגסט אנאנדער נאמען! — אבער איז עס מעגליך? הייַ עס זיין? — דאס איז ער! — אלטער נארר! דוא ביסט אליין אריינגעקראכען אין נעץ. איך האב דיך ניט געזוכט, אבער איך דארף דיך. מיך וועסט דוא ניט אפּנאררען! איך קען דיך! — איך וועל שוין נאכשפּיערען, וואו העררר רודאלף פאן קאזינסקי געפינט זיך. מיר וועלען דיך שוין אויפזוכען.

ער האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען זיין שרייב־טיש און האט אנגעשריעבען עטליכע ציילען אויף א ביינעלע פּאפּיער, וועלכעס ער האט אריינגעלעגט אין א קאנ־ווערט און האט איהם פערזיגעלט. דאן האט ער אנגעקלונגען. זיין דיענער איז אריינ־געקומען.

— נעהם דיעזען בריעף און טראג איהם אפּ צום פּאליציי דירעקטאר, אבער שנעל!

דער דיענער איז אוועקגעגאנגען אויספיהרען דעם בעפעהל פון זיין העררר. דער אדוואקאט האט זיך אנגעטאהן און איז אויך ערגעץ אוועקגעגאנגען.

דער שעהן געקליידעטער אלטער מאן, וועלכער האט זיך גערופען רודאלף פאן קאזינסקי איז געקומען אין האטעל נציאנאל, וואו ער האט קווארטירט, ערשט אום אכט אוהר אבענדס. ער האט געוואלט ארויפגעהן אין זיין צימער, וויא געוועהנליך, ווען אן

אלטער דיענער פון'ם האטעל האט איהם געגעבען א ווינק, ער זאל מיט איהם ארויס-געהן אין דרויסען.

ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען אין דרויסען, האט דער האטעל דיענער צו איהם געזאגט שטילערהייט:

— מיין ליעבער הערר, עס איז צוואר שטרענג פערבאטען צו רעדען דאריבער, איהר זייט אבער געווען גוט געגען מיר און האט מיר געשענקט א גאלדשטיק, דארום מוז איך עס אייך זאגען.

— וואס איז? האט דער אלטער מאן געפרעגט אונרוהיג.

— דיא פאליציי זוכט אייך.

— דיא פאליציי זוכט מיך? האט דער אלטער אויסגערופען דערשראָקען און צומישט.

— יא, מיין הערר! זיי זיינען שוין דא געווען און האבען געפרעגט, אויב דאָ שטעהט איין א מאן מיט'ן נאמ'ען קאזינסקי. דערביי האבען זיי אייך בעשריעבען, אזוי וויא איהר זייט. איך האב זיי געזאגט, אז איהר זייט יעצט ניטא אין האטעל. זיי האבען מיך יעפרעגט, ווען איהר דארפט צוריק קומען, איך האב זיי געענטפערט, אז ווען איהר זייט אוועקגעגאנגען, האט איהר מיר געזאגט, אז איהר וועט צוריק קומען ערשט מארגען אין דער פריה.

זיי האבען דאן אוועקגערופען דעם ווירטה און א צייט און האבען מיט איהם אוועקגערעדט א געראומע צייט. וויא עס ווייזט אויס, האט דיא פאליציי אנגעזאגט דעם ווירטה פון'ם האטעל, אז ער זאל אויף אייך אכטונג געבען. איך בין זיכער, אז מארגען פריה וועט מען אייך ארעסטירען און איך וואָרן אייך, איהר זאלט אנטלויפען.

דער אלטער מאן האט אראפגעלאזען דעם קאפ. ער האט פערשטאנען, אז דער דיענער האט איהם געזאגט דיא וואהרהייט.

— קענט איהר מיר ניט פערזארגען א פוהר קיין פרעסבורג? האט ער ענדליך געפרעגט דעם דיענער.

— איך ראטה אייך ניט אוועקצופאהרען פון דאנען, האט דער דיענער געענט-פערט, מיין ווירטה איז בעפריינדעט מיט דער פאליציי. מיר דאכט, אז ער איז זאָגאר א שפיאן פון דער פאליציי. ער וועט האלטען אויף אייך אן אויג. דאס בעסטע וואלט געווען, איהר זאלט זיך מאכען ניט וויסענדיג, זאלט עסען גלייך מיט אלע געסט און זאלט דערנאך ארויסגעהן דורך א הינטער טהיר.

— איהר האט רעכט, מיין פריינד, האט דער אלטער געזאגט און האט איהם געגעבען א גאלדשטיק. — איך דאנק אייך זעהר, וואס איהר האט מיך געווארנט. איך וועל טאהן, וויא איהר הייסט מיר. איך מוז אייך אבער זאגען, אז איך בין קיין פער-ברעכער. איך וויים ניט, פארוואס דיא פאליציי פערפאלגט מיך.

— ווער איז דען זיכער פאר דער פאליציי? האט דער דיענער געפרעגט, דער אונשולדיגסטער מענש קען אריינפאלען אין איהרע שארפע נעגעל.

— איך האב נאך א ביטע צו אייך, האט דער אלטער מאן איהם אונטער-בראָכען.

— ווען עס וועט נור זיין מעגליך, וועל איך עס געוויס טאהן.
— האט איהר געהערט, וואס עס האט פאסירט מיט'ן באראן פאן באטוואשני?
— דיא גאנצע שטאדט רעדט נור פון איהם.
— איהר האט מיר אמאל דערצעהלט, אז איהר האט איהם געזעהען דא אין האטעל. ער איז געקומען אויף א מיטאג.
— דאס איז גאנץ ריכטיג.
— אין דער צייט, וואס דער באראן איז דא געווען, איז ביי איהם אין צימער געווען א פרעמדער מענש. וויא עס וויזט אויס, האט מען איהם אומיסטען ארויס־געגארדט פון זיין קווארטיר, אום מען זאל קענען איהם אונטערוואַרפען דאס פאלשע געלד. טהוט מיר דיא געפעלינקייט און מעלדעט דיא פאליציי, וואס איהר ווייסט.
— איך וועל עס טאהן מיט פערגניגען! אבער לאָמיר צוריקגעהן אין האטעל. מען קען אונז נאך דערזעהן, דאן וועט מען אייך ארעסטירען. — געהט איהר פאראויס, איך וועל שפעטער אנקומען.
דער אלטער מאן איז אריינגעגאנגען אין האטעל און איז באלד ארויסגעגאנגען אין זיין צימער צונויפלעגען זיינע זאכען.
— דאס שיקזאל פערפאלגט מיך! האט ער אויסגערופען טרויעריג. מען לאזט מיך ניט איינרוהען אין אן ארט. איך מוז אנטלויפען. איך קען דא ניט בלייבען. — ווער ווייס? פיעלייכט דארף איך גאר דארט זיין?
ער האט געמאכט פון זיינע זאכען א קליין פעקעלע, האט עס גענומען אונטער'ן ארים און איז ארויסגעגאנגען פון זיין צימער. לאנגזאם און שטילערהייט האט ער זיך ארויסגעגנבעט פון האטעל.
דער דיענער האט רעכט געהאט. פארטאג האט דיא פאליציי ארומגערינגעלט דעם האטעל און האט אנגעהויבען צו פרעגען און צו זוכען אן אלטען מאן מיט'ן נאָמען פאזינסקי. מען האט געזוכט אין דיא צימער, מען האט געזוכט אין דיא קאמערן, מען האט געזוכט אין דיא קעללער און אויפ'ן בוידים. אלעס אומזיסט — דער אלטער מאן איז פערשוואונדען, וויא אין וואסער אריין.

## 21טער קאפיטעל.

## דיא הויז אונטערזוכונג.

פון א גרויסער, אלטער און פינסטערער געביידע אין איינע פון דיא שעהנסטע גאסען פון בודאפעסט זיינען ארויסגעגאנגען צוויא מענשען. דיא געביידע איז זעהר גוט בעקאנט אין בודאפעסט. דאס איז דאס געריכטס הויז. דא אורטהיילט מען איבער־טויט און לעבען פון מענשען. דא זיצט דיא גערעכטיגקייט אבער אויך דיא אונגע־רעכטיגקייט און שפיעלט זיך מיט מענשען לעבען. וואס קען וויסען דיא מענשליכע גערעכטיגקייט? וויא וויים קען גרייכען דיא מענשליכע גערעכטיגקייט? וואס קען דען וויסען דער געוועהנליכער מענשליכער פערשטאנד? וויא לייכט קען א מענש א טעות האבען?
האבען דען ניט רעכט דיא מענשען, וועלכע האבען אפגעשאפט דיא טאדעס

שטראפע? וויא קען איין מענש פעראורטהיילען דעם אנדערן צום טויט? וואס ווייס א מענש? וויא לייכט קען ער א טעות האבען? יעדע שטראפע קען מען צוריקרופען און גוט מאכען, דעם טויט אבער קען מען ניט צוריקרופען.

איינער פון דיא צווייא מענער, וועלכע זיינען ארויסגעגאנגען פון קרימינאל גע־ריכט, האט געטראגען אונטערן ארים א שווערן פארטפעל, וויא דיא אדוואקאטען טראגען מיט זיך.

— יעצט איז אלעס רעכט, האט ער געזאגט צום אנדערן, יעצט האבען מיר איהם שוין אין דיא הענד. מיר געהן מאכען א הויז אינטערזוכונג צום באראן פאן באטהיאני און מיר ווייסען פאראויס אז מיר וועלען עפעס געפינען. דאס איז שעהן! — געהט, הערר נאוואק, צום פאליציי דירעקטאר און זאגט איהם, ער זאל שיקען מיט אונז א צענדלינג זשאנדארמען. איך וועל דערווייל געהן אין האטעל דע פאריז און וועל נעהמען ביים ווירטה דיא שליסעל צום באראנס צימער. איך וועל אויף אייך ווארטען אין האטעל.

ביידע מענער זיינען זיך צוגאנגען אין פערשיעדענע זייטען. מיט א האלבע שטונדע שפעטער האבען זיי זיך ווידער געטראפען אין האטעל. דער אדוואקאט האט מיטגעבראכט צעהן זשאנדארמען.

— אין וועלכען צימער האט געוואינט דער באראן פאן באטהיאני? האט דער אדוואקאט געפרעגט דעם ווירטה.

— איך געה מיט אייך ווייזען אייך, וואו דער באראן האט געוואינט, האט דער ווירטה געענטפערט.

ער האט זעהר גוט געקענט דעם בעריהמטען אדוואקאט און האט עס געהאלטען פאר אן עהרע, וואס דער אדוואקאט איז געקומען צו איהם אין האטעל.

דיא זשאנדארמען און דיא דרייא הערערן זיינען ארויפגעגאנגען אויף דיא טרעפ און זיינען צוגעקומען צו דעם צימער, וואו ארטהור האט געוואינט. דיא טהיר איז געווען פערשלאסען.

— איך האב א בעפעהל פון קרימינאל געריכט, איך זאל מאכען א הויז אונ־טערזוכונג אין דיא צימער פון באראן באטהיאני, האט דער צווייטער הערר ערקלערט דעם ווירטה. ווען איהר האט א שליסעל צו דיא צימער, איז גוט; ווען ניט, האב איך דאס רעכט צו הייסען אויפברעכען דאס טהיר.

— עס איז ניט נעטהיג אויפצוברעכען דיא טהיר, האט דער ווירטה בעמערקט, איך האב שטענדיג דאפעלע שליסעל.

— אלזא, גיט מיר דעם שליסעל.

דער ווירטה האט דערלאנגט דעם אדוואקאט דעם שליסעל.

— מיין הערר, האט איהם דער אדוואקאט געזאגט, אייער זאכע איז געענדיגט, איהר קענט שוין אראפגעהן צו אייערע געסט. מיר ביידע מיט דיא זשאנדארמען וועלען שוין אליין פערטיג ווערן מיט דער הויז אונטערזוכונג.

דער ווירטה איז אוועקגעגאנגען. דער אדוואקאט און דער צווייטער מאן זיינען אריינגעגאנגען אין ארטהור'ס צימער און האבען אנגעהויבען צו זוכען. דיא הויז

אונטערזוכונג האט געדויערט ניט לאנג. באלד איז דער אדוואקאט און זיין בעגלייטער ארויסגעגאנגען פון צימער און זיינען אראפגעגאנגען צום ווירטה איהם איבערגעבען די שליסעל.

— האט איהר עפעס געפונען? האט דער ווירטה געפרעגט?

— זעהר פיעל, האט דער אדוואקאט געענטפערט.

— דאס וואלט איך קיין מאל ניט געגלויבט!

— וויא פלעגט זיך דער באראן אויפפיהרען אין דער צייט, וואס ער האט קווארטירט ביי אייך?

— זעהר פיין און זעהר שטיל, האט דער ווירטה געענטפערט, מען האט פון איהם קיין שלעכטע מינע ניט געזעהן.

— וויא אזוי האט ער געלעבט? האט ער פערשווענדעט פיעל געלד?

— ער האט געלעבט זעהר עקאנאמיש און זעהר גענוי.

— וואונדערבאר! האט דער אדוואקאט אויסגערופען, ער איז דאך א מענש, וועלכער האט געמאכט פאלשעס געלד.

— איך קען עס ניט גלויבען, האט דער ווירטה בעמערקט.

— איך האב עס אויך ניט געקענט גלויבען, איך האב צוגעזאגט, אז איך וועל איהם פערטהיידיגען; יעצט אבער איז אונמעגליך, יעצט האב איך אליין מיך איבערציינגט, אז ער איז שולדיג.

— וואס פאר א שטראפע קומט דארויף?

— דאס געזעץ בעשטראפט דיעזעס פערברעכען מיטן טויט, האט דער אדוואקאט געענטפערט גלייכגילטיג. עס איז זעהר א הארטע שטראפע, מען קען אבער ניט אנדערש. מען מוז אפשרעקען דיא פערברעכער. לאזען זיי מורא האבען!

ער און זיין בעגלייטער האבען געהייסען דיא זשאנדארמען געהן אהיים, דאן האבען זיי אבשיעד גענומען פון'ם ווירטה און זיינען אוועקגעגאנגען.

— איך מוז צופאהרען צום גראף מעראס, האט דער אדוואקאט געזאגט צו זיין בעגלייטער. — מיר וועלען זיך זעהן מארגען אין געריכט.

נאוואק האט צוגערופען א דראשקע און איז אוועקגעפאהרען צום גראף. קוים האט ער זיך אריינגעזעצט אין דער דראשקע, האט ער אנגעהויבען צו מורמלען אונטער דער נאז.

— איך מוז עס זאגען דעם גראף מעראס! לאז דער אלטער, שטאלצער גראף ויסען, ווער עס איז דער מאן, וועלכער האט געוואלט הייראטהען זיין ניכטע! לאז ער וויסען, אז דיעזער מאן מוז שטארבען אויפ'ן עשאפאט. — עס האט מיר צוואר געקאסט געלד צוזאמען צוברענגען אלע בעווייזע געגען איהם. עס וועט מיר אבער לוינען, איך וועל שוין האבען זיינע ניטער. לאז ער נור ניט זיין אויף דער וועלט, וועל איך שוין אנהויבען א פראצעס געגען דער רעגיערונג. — — —

גראף מעראס איז געזעסען אין זיין צימער טרויעריג און פערטראכט. ער האט שוין געהערט, אז ארטהור איז ארעסטירט און וואס פאר א פערברעכען ער האט בעגאנגען.

— ארימעס קינד! ארימע עלווירא! האט ער אויסגערופען. וואס האט דיר געהאלפען דיא בעגנאדיגונג? וואס האט דיר גענוצט, וואס מען האט בעפרייט ארטהור'ן פון טהורעם פון טשעמני, ווען ער וועט יעצט מוזען שטארבען אויפ'ן עשאפאט? איך וועל עס ניט דערלאזען, איך וועל טאהן אלעס מעגליכע אום איהם צו פערטהיידיגען. וועט עס אבער העלפען? דער קייזער קען מיך, ער אכטעט מיך; אין אזא פאל אבער וועט ער זיין זעהר שטרענג.

אונגליקליכע פאמיליע באטהיאני! דיך פערפאלגט דאס שיקזאל! דער פאטער וואנדערט ערגעץ ארום אין דער וועלט אין טאר ניט קומען קיין אונגארן. דער זוהן ליעגט אין געפענגעניס און מען בעשולדיגט איהם אין אזא שרעקליכעם פערברעכען. — וואס טהוט מען? וויא אזוי העלפט מען איהם? וויא אזוי רעטעט מען איהם?

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען זיין קאמערדיענער און האט איהם דערלאנגט א בריעף. גראף מעראס האט בעטראכט דעם בריעף. דיא אדרעסע איז צוואר געווען צו איהם, אויף דער אנדערער זייט אבער איז געווען אויפגעדרוקט א שטעמפעל מיט פאלגענדע ווערטער:

„אינהאלט געלעזען", קייזערליכע־קעניגליכע דירעקציאן דער אונטערזוכונגס געפענגניסע אין בודאפעסט.

גראף מעראס האט פערשטאנען, אז דער בריעף איז פון ארטהורן. ער האט איהם האסטיג אויפגעריסען און האט איבערגעלעזען פאלגענדע צייליען:

ליעבער גראף!

„איך שרייב צו אייך, איך ווייס אבער אליין ניט, וואס איך זאל אייך
„שרייבען. איך מוז שרייבען! מיין הערץ ווערט צוריסען אין מיר. וואס זאל איך
„אבער שרייבען? — איך ווייס ניט! דיא בוכשטאבען שווימען פאר מיינע אויגען,
„דיא האנד ריהרט זיך און איך שרייב. — מען האט מיך אריינגעווארפען אין א
„פינסטערן געפענגניס און מען זאגט מיר, אז איך בין א פערברעכער. מען זאגט
„מיר, אז איך האב געמאכט פאלשעס געלד. איך ווייס, אז איך האב עס ניט
„געטאהן. איך ווייס, אז איך האב קיין מאל ניט געהאט אין זינן קיין פאלש געלד.
„איך שווער אייך ביי אלעס, וואס איז הייליג, אז איך ווייס זאגאר ניט, וויא דאס
„פאלשע געלד איז געקומען צו מיר. און דענאך מוז איך גלויבען, אז מען האט
„געפונען ביי מיר פאלשעס געלד".

„איך ווענדע מיך צו אייך, ליעבער גראף! איך ווענדע מיך צום פריינד
„פון מיין פאטער, וועלכער איז שוין פיעלייכט אין יענער וועלט, אין וועלכער עס
„איז ניטא קיין פאלשקייט און קיין ניעדערטרעכטיגקייט; איך ווענדע מיך צום
„אנקעל פון מיין ליעבער און טהייערער עלווירא. איך ווייס ניט, וואס איך זאל
„אייך בעטען. — גלויבט ניט, עדעלער גראף, אז איך בין א פערברעכער! גלויבט
„ניט, וואס מיינע פיינד זאגען. א באראן באטהיאני איז ניט פעהיג אויף אזא
„ניעדעריגעס פערברעכען. א באטהיאני ערניעדריגט זיך ניט צו א פערברעכען.
„איך קען אייך ניט זאגען, וואס איהר זאלט טאהן פאר מיר; איך ווייס ניט,

„וואס איהר קענט טאהן פאר מיר. איך בעט אייך, אויב עס איז מעגליך, בע-
„ווייזט, אז איך בין אונשולדיג, וויל איך בין אונשולדיג. איך ווייס פון גארנישט.
„איך ווייס ניט, וויא אזוי דאס פאלשע געלד איז געקומען צו מיר".

„איך האף און ערווארט, אז דער עדעלער גראף פאן מעראס וועט ניט
„דערלאזען, אז מען זאל פעראורטהיילען אן אונשולדיגען".

ארטהור פאן באטהיאני.

גראף מעראס האט דורכגעלעזען דעם בריעף אויפמערקזאם. ער איז איהם ארויסגעפאלען פון דער האנד. אין זיינע אויגען האבען זיך געוויזען טרערען. ער האט געפיהלט, אז ארטהור איז אונשולדיג. ער איז געווען איבערצייגט אז ארטהור איז אונשולדיג. וואס טהוט מען אבער? וויא אזוי קען ער ארטהורן העלפען? מיט וואס קען ער איהם העלפען?

דער אלטער מאן האט זיך פערטראכט. אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען זיין קאמערדיענער און האט איהם געמעלדעט, אז דער אדוואקאט נאוואק איז געקומען און וויל מיט איהם רעדען. דאס געזיכט פון'ם גראף האט זיך פערפינסטערט. ער האט אייגענטליך ניט געוואלט איהם אריינלאזען. באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט און האט געהייסען דעם דיענער אריינלאזען דעם אדוואקאט.

— אין אייניגע מינוטען ארום איז דער אדוואקאט אריינגעקומען אין צימער און האט זיך גאנץ העפליך פערנייגט.

— וואס ווינשט איהר, הערר נאוואק? וואס ווילט איהר מיר זאגען?

— איך בין געקומען אייך מעלדען, אז דער באראן פאן באטהיאני קען מעהר ניט הייסען קיין מיטגליעד פון'ם לאנדראטה.

— איך האב געהערט, אז דער באראן איז ארעסטירט, האט דער גראף געענט-פערט, איך קען אבער ניט גלויבען, אז א באראן פאן באטהיאני איז פעהיג אויף אזא פערברעכען. איך מוז האבען זיכערע בעוויזע, אז ער איז א פערברעכער. דאן וועל איך וויסען, וואס איך האב צו טאהן. איך בין דער פארזיצענדער פון'ם לאנדראטה און קען זעהר גוט מיינע פפליכטען.

דער אדוואקאט האט זיך פערנייגט און האט א שמייכעל געטאהן.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, הערר גראף! איהר האט אבער פערגעסען איין זאך.—עס איז שוין בעוויעזען, אז באראן ארטהור פאן באטהיאני איז א פערברע-כער. עס איז שוין זיכער, אז ער האט געמאכט פאלשע באנקנאטען.

גראף מעראס איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל.

— וואס רעדט איהר?

— דיא וואהרהייט, האט געענטפערט דער אדוואקאט גלייכגילטיג.

— באראן פאן באטהיאני איז ניט פעהיג אויף אזא פערברעכען.

— אך, הערר גראף! איך בין אויך געווען פאלקאמען איבערצייגט, אז דער באראן איז אונשולדיג. ליידער, עס האט זיך ארויסגעוויעזען, אז עס איז ניט אזוי. — איבערצייגט אייך אליין, הערר גראף!

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א קליין פעקעלע און האט עס

אויפגעעפענט פארן גראף. דער גראף האט א קוק געטאהן און איז געווארען בלייך, וויא קאלך. אין פעקעלע זיינען געווען אלע אינסטרומענטען צום צייכנען און צום נאכמאכען פאלשעס געלד: קליינע מעסערלעך, פענזלען, בליישטיפטען, ראזיר שטיפטען און פיעלע אנדערע קליינע אינסטרומענטען, וועלכע ווערען געברויכט ביי דער פאבריקאציאָן פון פאלשעס געלד.

— נון, הערר גראף, וואס זאגט איהר יעצט? האט דער אדוואקאט געפרעגט, זייט איהר שוין איבערציינט, אז דער באראן איז א פערברעכער?

גראף מעראס האט אויף איהם געווארפען א בייזען, פינסטערן בליק.

— דאס איז נאך קיין בעוויז, האט ער געענטפערט קורץ און שארף.

— זאנדערבאר! האט אויסגערופען דער אדוואקאט, — א מענש, וועלכער האט אלעמען געצאהלט מיט פאלשע געלד; א מענש, וועלכער האט ניט געהאט ביי זיך ניט איין גוטע באנקנאטע; א מענש, ביי וועלכען מען האט געפונען נאך ניט גאנץ פערטיגע פאלשע באנקנאטען; א מענש, ביי וועלכען מען האט געפונען אלע מאטעריאלען און אלע אינסטרומענטען צו מאכען פאלשעס געלד — אזא מענש איז נאך ניט קיין פערברעכער?

— דאס איז אייער מיינונג, הערר נאוואק, האט איהם גראף מעראס געענטפערט, איך האב מיינע מיינונג. איך וועל טאהן, וויא איך פערשטעה און וואס איך פערשטעה. אויסער דעם מוז איך אייך בעטען, מיין הערר, איהר זאלט מיר יעצט ענטשולדיגען, ווייל איך האב יעצט קיין צייט ניט. מיר וועלען רעדען פון דיעזער אנגלעגענהייט אנאנדער מאל.

דער אדוואקאט האט פערביסען מיט דיא ליפען.

— ענטשולדיגט מיר גראף, וואס איך האב מיר ערלויבט אייך צו שטערן, האט ער געזאגט, איך האב געמיינט, אז איך מוז אייך מעלדען אלעס, וואס עס איז פארגעקומען. איהר קענט דאך ניט בעטראכטען דעם באראן אלס מיטגליעד פון דעם לאנדראטה.

דער גראף האט איהם ניט געענטפערט. נאוואק האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— דוא ועסט איהם ווענינ העלפען! האט דער אדוואקאט אויסגערופען, ווען ער איז אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ. אלע בעוויזע זיינען געגען איהם, אלעס בעשולדיגט איהם. — ער מוז שטארבען! ער וועט שטארבען!

דער גוטער אדוואקאט האט געהאלטען ווארט. ער האט געטאהן אלעס מעגליכע אום „איינצוזאלצען“ דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני.

## 22טער קאפיטעל.

## געזיעגט.

דיא גרעפין פאן ראדעצקי ליעגט אויף איהר דיוואן אין זאל. זיא איז זעהר אונרוהיג און לאזט ניט אראפ קיין אויג פון איהר געטרייען נאני, וועלכער שטעהט פאר איהר און האלט א בריעף אין דער האנד.

אויך נאני איז ניט גאנץ רוהיג. ער פערשטעלט זיך, ער שטארקט זיך; ער וויל ניט ווייזען, וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען. מען מוז זיין א גרויסער מענשען קענער אום צו לעזען אויפ'ן געזיכט, וואס עס קומט פאר אין אזא שווארצען הערץ פון א נאני.

— וואס שרייבט מען דיר? האט ענדליך דיא גרעפין געפרעגט. — וואס איז עפּעס געשעהן?

— עס זיינען פארגעקומען זעהר וויכטיגע נייעס, האט נאני ערקלערט.

— ווייטער נייעס? האט דיא גרעפין געפרעגט אונרוהיג.

— יא, גרעפין, עס זיינען פארגעקומען נייעס, וועלכע איך האב ערווארטעט. — דער באראן פאן באטהיאני איז ארעסטירט, עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער מאכט נאך באנקנאָטען.

דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן מיט'ן גאנצען קערפּער.

— גיב מיר דעם בריעף, נאני! האט זיא אויסגערופען. איך וויל איהם לעזען, איך וויל זעהן, וואס עס איז געשעהן.

— ניין, גנעדיגע פרוי! איך קען אייך ניט געבען דיעזען בריעף, עס געפינען זיך אין איהם זאכען, וועלכע פּאסען ניט פאר אזא שעהנע דאמע, וויא איהר. — זייט זיכער, גנעדיגע פרוי, יעצט זיצט ער שוין פעסט. יעצט וועלען מיר שוין פון איהם לויז ווערען אויף אייביג.

— וואס פאר א שטראפע קומט איהם דען, ווען מען זאל איהם פערארורטהיילען?

— דער טויט, האט נאני געענטפערט גלייכגילטיג, אונזער גוטער קייזער איז זעהר בייז, ווען מען מאכט נאך זיין בילד אויף פּאפּיער. פאר נאכמאכען פאלשעס געלד בעשטראפט ער אזוי שטרענג, וויא פאר מארד.

דיא גרעפין איז בלייך געווארען. דיא שטראפע איז איהר פארגעקומען צו שטרענג.

— נאני! האט זיא אויסגערופען, — נאני! דוא ביסט א קינסטלער, אבער א שרעקליכער קינסטלער.

— אזוי מוזען מיר זיין, גנעדיגע גרעפין! מיר האבען זיך גענומען אויף א וועג, פון וועלכען מען קען ניט געהן צוריק. מיר מוזען געהן אלץ ווייטער און ווייטער. יעדער, וועלכער בעגעגענט אינז און שטעלט זיך אונז אין וועג, מוז פערשווינדען. — מען מוז וויסען, וויא אזוי צו געהן אויף אזא וועג. זעהט איהר, גרעפין, וויא איך ארבייט? — איך שטעה פון דער ווייטען. איך האב שוין מיינע מענשען, וועלכע פיהרען אוים מיינע בעפעהלע; איך האב שוין מיינע דיענער, וועלכע טהוען, וואס איך הייס זיי. קיינער קען מיך ניט בעשולדיגען, אז איך האב געטאהן עטוואס שלעכטעס. איך טהו נור גוטעס, דאס שלעכטע טהוען אנדערע.

— ביסט דוא זיכער, אז מען וועט פערארורטהיילען דעם באראן פאן באטהיאני צום טויט?

— עס זיינען דא געגען איהם אזוי פיעל בעווייזע, אז ער האט געמאכט פאלשעס געלד, אז מען מוז איהם פעראורטהיילען.

ער [illegible] איהר דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע, וויא זיין מענש יאזעף האט

זיך פערשטעלט פאר א גראף טארנאססי, וויא ער איז געווארען ארטהורס בעסטער פריינד; וויא ער האט אראפּגענומען אויף וואקס דיא פאָרם פון זיין שליעסעלע און וויא ער האט ארויסגענומען פון זיין שרייב טיש דיא גוטע באנקנאטען און האט אריינגעלעגט פאלשע.

— יעצט, גרעפין, מוטה! מיר דארפען ניט שווייגען. מיר דארפען דערצעהלען יעדען, וואס פאר אן אונגליק עס האט פאסירט דעם בּאראָן פאן באטהיאני; מיר דארפען איהם בעדויערן, מיר דארפען איהם בעטרויערן; מיר דארפען האבען מיטלייד מיט איהם און זעהן, אז אלע אין אונזער נאכבארשאפט און אין ראזענוי זאלען וויסען, אז באראן ארטהור פאן באטהיאני איז א פערברעכער, וועלכער וועט פערארטהיילט ווערן צום טויט. דאס איז זעהר וויכטיג. מיר וועלען מוזען זיך בעמיהען, אז עלווירא זאל אויך דערפון געוואהר ווערן. דאס איז דאך דיא הויפט זאכע.

אין דיעזע מינוט איז מאקס אריינגעקומען אין צימער. נאני האט איהם דערצעהלט, אז ארטהור איז ארעסטירט און מען וועט איהם געוויס פערארטהיילען צום טויט.

— דאס איז געוויס דיין ארבייט, גוטער און קלוגלר נאני! האט מאקס אויסגערופען, איך פערשטעה עס. — אייגענטליך, טהוט ער מיר לייד. איך וואלט זעהר ניט געוואלט, ער זאל שטארבען מיט אזא שרעקליכען טויט. עס העלפט אבער ניט! ער שטעהט מיר אין וועג. ער שטערט מיר, ער איז דיא אורזאכע, וואס עלווירא האסט מיך. איך מוז פון איהם לויז ווערן! ער מוז שטארבען! עס מאכט ניט אויס, וויא ער וועט שטארבען.

— פיעלייכט וועט מען איהם וויעדער בעגנאדיגען? האט פלוצלונג געפרעגט דיא גרעפין.

— שטעלט אייך פאר, אז מען וועט איהם שוין בעגנאדיגען, האט נאני געלאכט, אלענפאלס וועט מען איהם פערארטהיילען צו לעבענסלענגליכען געפענגנים אין שפּיעלבּערג (דיא עסטערייכישע קאטאָרגא) אדער אין א צוכטהויז. אויך דאן זיינען מיר פון איהם לויז געווארען; אבער שטעלט אייך פאר אזא פאל. מען וועט האבען ווייניג בעווייזע געגען איהם. עס וועלען זיך געפינען גוטע פריינד, וועלכע וועלען בעטען פאר איהם און וועלען אזוי ווייט ווירקען, אז מען וועט איהם בעגנאדיגען. וואס וועט דאן זיין? דאן וועט ער זיין געשענדעט, בעשימפּפט און בעשמוצט, אז קיין אנשטענדיגעס מעדכען וועט ניט וועלען רעדען מיט איהם. מיר האבען דאן דערגרייכט אונזער ציעל.

— איך וועל באלד פאהרען אין שלאס טאָקקי און וועל דערצעהלען עלוויראַ'ן אלעס, האט מאקס אויסגערופען, איך האף, אז זיא וועט פערגעסען, איהר ליעבען ארטהור.

— אך, ניין! טהוט עס ניט, מאקס! ניט איהר דארפט איהר ברענגען דיעזע נאכריכט, ניט פאר אייך פאסט עס. לאזט עס מיר איבער, איך וועל עס שוין בעזאָרגען.

האט מאקס צוואַר ניט געוואלט הערן, וואס נאני האט געזאגט; זיין מוטער אבער

האט געפונען, אז נאני האט רעכט. פאר א ברויטינאם פאסט ניט, ער זאל ברענגען זיין בראוט אן אונאנגענעהמע נאכריכט.

מיט איינינע מינוטען שפעטער איז נאני ארויסגעפאהרען אין זיין קארעט און האט אנגעהויבען ארומצופאהרען אין דער געגענד. ווען ער האט נור דערזעהן, האט ער אויפגעהאלטען און האט געפרעגט:

— האט איהר געהערט, וואס פאר אן אונגליק עס האט געטראפען דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני?

— וואס איז שוין נייעס?

— ער האט צונויפגענומען אין בודאפעסט א גאנצע באנדע שווינדלער און האט מיט זיי געמאכט פאלשע באנקנאָטען. ענדליך האט מען איהם ארעסטירט און מען וועט איהם געווים הענגען.

אזוי האט ער דערצעהלט יעדען, וועלכען ער האט נור בעגעגנט. ער איז ארומגעפאהרען א גאנצען טאג און האט צופויקט דיזע נייעס אזוי ווייט און אזוי ברייט, וויא ער האט נור געקענט. ענדליך געגען אבענד איז ער צוגעקומען צום שלאס טאָקקי.

געארג איז געראדע ניט געווען אין דערהיים. עלווירא און איהר מוטער זיינען געזעסען אין גרויסען זאל אויף זייערע געוועהנליכע ערטער. עלווירא האט געהאלטען א בוך אין דיא הענד, זיא האט איהם אבער ניט געלעזען. זיא האט געקוקט אין פענסטער, גלייך וויא זיא וואלט עמעס ערווארטעט. זייט ארטהור איז אוועקגעפאהרען קיין בודאפעסט, האבען מוטער און טאכטער געלעבט ניט גאנץ פריינדליך צוזאמען. זיי האבען זיך ניט געקריעגט, פלעגען אבער זעהר זעלטען רעדען איינער צום אנדערן.

ווען נאני איז אריינגעקומען אין זאל, האט זיך דיא גרעפין אויפגעהויבען און איז איהם ענטגעגען געגאנגען פול פרייד. עלווירא אבער איז געבליעבען רוהיג זיצען און האט זאגאר ניט געוואלט קוקען אויף איהם, איהר הערץ האט איהר געזאגט, אז דיעזער מאן איז ארטהורס גרעסטער פיינד. זיא האט געפיהלט, אז פון איהם קומט אלעס בייזע, וואס האט פאסירט מיט ארטהורן אין דער לעצטער צייט.

נאני איז געווען אזוי פערטראכט און אזוי טרויעריג, אז דיא גרעפין האט עס באלד בעמערקט און האט געפרעגט:

— וואס איז עפעס נייעס, העדר באראן? איהר זעהט אויס אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגעשלאגען. זיינען אלע געזונד און פריש אין שלאס ראדעצק?

נאני האט א זיפץ געטאהן און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל.

— ביי אונז אין ראדעצק איז אלעס אין ארדנונג, אין אנאנדער שלאס אבער איז געשעהן אן אונגליק, וועלכעס האט מיך געמאכט אזוי טרויעריג. עס איז א בע־קאנטער, א נאכבאר, א היימישער מענש און איהם האט געטראפען אזא שרעקליכעס אונגליק.

— וואס איז געשעהן? ווער איז עס? ווען האט פאסירט אן אונגליק? האט דיא אלטע גרעפין געפרעגט נייגעריג.

נאַני האָט זיך אנגעבויגען צו איהר גאַנץ נאָהענט און האָט איהר געזאָגט שטילערהייט :

— איך קען עס זאָגען נור אייך, גרעפין, אייער טאָכטער אָבער טאָר דערפון ניט וויסען. זיא וועט זעהר פיעל ליידען.

ער האָט צוואר געזאָגט דיעזע ווערטער שטילערהייט, אז עלווירא זאָל זיי ניט הערען. עלווירא האָט זיי אָבער דאָך דערהערט. זיא איז אויפגעשפרונגען פון איהר שטוהל און איז צוגעלאָפען צום באַראָן.

— רעדט, באַראָן האָט זיא אויסגערופען, — דערצעהלט און דער הויך! וואָס איז געשעהן?

— איך קען עס ניט ארויסזאָגען, ליעבע עלווירא! עס איז שרעקליך! עס איז שוידערהאַפט! — פרענט ליעבער גאָר ניט, טהייערע עלווירא!

— מיין הערר, איהר פלאַגט מיך דאָך מעהר מיט דיעזע ווערטער אלס מיט דער ערצעהלונג אליין, האָט עלווירא געזאָגט מיט א פאָרוואורף און האָט דערביי געציטערט וויא אין א פיעבער.

איהר הארץ האָט איהר געזאָגט, אז עפּעס האָט פּאַסירט מיט ארטהור.

— אך, עלווירא! האָט נאַני געזיפצט און געקרעכצט, איהר קענט אייך גאָר ניט פאָרשטעלען, וואָס פאַר א שרעקליכעס אונגליק עס האָט פּאַסירט. —

— איז ער געשטאָרבען? האָט עלווירא געפרעגט.

— דאָס וואָלט שוין געוועזען פיעל בעססער פאַר איהם, האָט נאַני געזיפצט.

— אלזאָ, וואָס איז מיט איהם געשעהן? האָט עלווירא אויסגערופען בייז. — רעדט, באַראָן! איך וויים דאָך, וועמען איהר מיינט. — איהר מיינט ארטהור דעם באַראָן פאָן באַטהיאַני.

נאַני האָט געזעהן, אז ער קען זיא שוין מעהר ניט מאַרטערן. ער מוז שוין אויס־זאָגען אלעס. יעצט איז שוין דיא העכסטע צייט.

— יאַ, גרעפין עלווירא, איהר האָט געטראָפען, האָט ער ענדליך געזאָגט שטי־לערהייט, דעם באַראָן פאָן באַטהיאַני האָט געטראָפען אַן אונגליק. ער האָט געמאַכט פאַלש געלד און מען האָט איהם געכאַפּט.

— דאָס איז א ליגען! דאָס איז א שענדליכער ליגען! דאָס איז קיין מאָל ניט געשעהן און עס קען ניט זיין! ארטהור פאָן באַטהיאַני קען זיך ניט בעשעפטיגען מיט מאַכען פאַלש געלד! האָט עלווירא אויסגערופען אויסער זיך. — יעצט בין איך רוהיג; יעצט בין איך זיכער, אז עס איז א ליגען. ארטהור פאָן באַטהיאַני האָט געמאַכט פאַלש געלד! דאָס איז אונמעגליך!

נאַני האָט געקוקט אויף איהר מיט שטוינען. ער האָט ערשט יעצט געזעהן, וויא הייס, וויא טריי און ריין זיא ליעבט ארטהור'ן.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, גרעפין עלווירא, אייך צו זאָגען נאָך א מאָל, אז איך האָב זיכערע נאַכריכטען, אז דער באַראָן פאָן באַטהיאַני איז ארעסטירט און עס זיינען דאָ זיכערע בעווייזע, אז ער איז א פערברעכער.

— אך! דאָן האָבען שלעכטע מענשען איהם אונטערגעוואָרפען דאָס פאַלשע

געלד! נאך בעסער, און דאס איז דיא וואהרהייט, דער באראן פאן באטהיאני איז גאר ניט ערעסטירט. ער איז גאר ניט בעשולדיגט, אז ער מאכט פאלשעס געלד! דאס האבען שלעכטע מענשען אויסגעטראכט, זיי ווילען בעשמוצען זיין נאמען.

— איך האב ערהאלטען מיינע נאכריכטען פון א זיכערן אָרט, האט נאגי בעמערקט.

— פון וועמען האט איהר דיעזע נאכריכטען? ווער האט זיי אייך מיטגעטהיילט?

— איך בין היינט געפאהרען שפאציערן און בין פארבייגעפאהרען דאס שלאָס באטהיאני. פון'ם שלאָס זיינען ארויסגעקומען זשאנדארמען און א הויכער בעאמטער פון בודאפעסט. איך האב געפרעגט, וואס זיי האבען געטאהן אין שלאס באטהיאני און זיי האבען מיר דערצעהלט, אז זיי האבען דארט געמאכט א הויז אונטערזוכונג. ווען זשאנדארמען האבען געזוכט ביי איהם אין שלאָס, מוז עס דאך עפּעס זיין.

עלווירא האט פערדעקט איהר געזיכט מיטביידע הענד און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— דאס קען ניט זיין! דאס איז אונמעגליך! א באראן פאן באטהיאני טהוט עס ניט. א באראָן פאָן באטהיאני איז ניט פעהיג אויף אזעלכע זאכען.

— איך אליין גלויב עס אויך ניט, גרעפין עלווירא, האט נאגי אויסגערופען, איך וויים זעהר גוט, אז דער באראן פאן באטהיאני איז אן עהרנמאן, אזוי האט מען גע־האלטען פון איהם ביז אהער. איך וואלט אויסגעקראצט דיא אויגען יעדען, ווער עס וואלט זיך ערלויבען צו זאגען א שלעכטעס ווארט אויפ'ן באראן. ליידער, האט פאסירט אזעלכעס, וואס איך מוז גלויבען.

עלווירא האט ניט געענטפערט. דיא טרערין האבען זיא געוואָרגען און זיא האט ניט געקענט ארויסזאגען א וואָרט.

— וויינט ניט, גרעפין עלווירא! האט נאגי געוואלט זיא טרייסטען, וויינט ניט, ליעבעס פריילין! ווען ער איז ווירקליך א פערברעכער, ווען עס איז וואהר, וואס דיא זשאנדארמען האבען מיר געזאגט. דאן איז ער דאך ניט ווערטה, איהר זאלט וויינען איבער איהם. אייערע טרערין זיינען צו טהייער, אום זיי צו פערגיעסען איבער אזא טויגעניכטס. — איז עס אבער א ליגען, האט איהר דאך ניט וואס צו וויינען.

— וואס רעדט איהר, באראן? ארטהור איז א שווינדלער? ארטהור האט גע־מאכט פאלשע געלד? דאס קען ניט זיין! דאס איז אונמעגליך!

— פאר וואס איז עס אזוי אונמעגליך, טאכטער? האט זיך פלוצלונג דיא אלטע גרעפין ארייגעמישט. ער איז ארים, ער האט נור א קליין שטיקעל לאנד ארום זיין שלאָס, ער קען ניט לעבען אין בודאפעסט, ווי א מאגנאט פון דיא איינקינפטע פון זיין לאנד. ער האט געמוזט עפּעס טאהן. עס האבען זיך געפונען מענשען, וועלכע הא־בען איהם פארגעלעגט צו מאכען פאלשע געלד און ער האט עס געטאהן.

— זעהט איהר, דאס קען זיין! האט נאגי אויסגערופען, איהר זייט ווירקליך א קלוגע פרוי, גרעפין מאָקקי! איהר פערשטעהט עס בעסער פון דיא יונגע לייט. — א קלייניגקייט איז צו זיין אָן אָרימאן! ארימקייט קען דאך פיהרען צו דעם גרעסטען פערברעכען.

— ווארט! האט עלווירא אויסגערופען. לאזט מיר פריהער זיך איבערצייגען, אויב אלעס איז וואהר, איך גלויב נאך גאר ניט, אז ארטהור איז ארעסטירט; איך גלויב נאך גאר ניט, אז מען האט איהם בעשולדיגט, אז ער מאכט פאלש געלד.

— איך האף אויך, אז איהר וועט אויסגעפינען, אז עס איז א ליגען, האט נאני געזאגט.

— וואס וועט אבער זיין, ווען עס וועט זיך אויסוויזען, אז אלעס איז וואהר? האט דיא אלטע גרעפין געפרעגט.

— אך, מוטער! איך זעה, אז דוא גלויבסט עס שוין. — אך, וויא טרויעריג איז עס! איך אבער גלויב עס ניט און וועל עס קיין מאל ניט גלויבען. — ארטהור איז אונשולדיג! דיא גאנצע געשיכטע איז א ליגען.

זיא איז צוגעלאפען צו דער שנור פון'ם גלאק, וועלכע איז געהאנגען אין ווינקעל, און האט אנגעהויבען צו קלינגען.

— נו, מיט איהר וועלען מיר האבען א שווערע ארבייט! האט געברומט שטי־לערהייט דער גוטער נאני.

באלד איז אריינגעקומען א דיענער און האט זיך געשטעלט ביי דער טהיר.

— געה זאגלייך אין שלאס באטהיאני, האט עלווירא געזאגט צום דיענער, און פרעג, אויב זיי האבען נאכריכטען פון באראן באטהיאני און ווען מען רעכענט, ער זאל צוריק קומען אהיים.

דער דיענער איז אוועקגעגאנגען אויספיהרען עלווירא'ס בעפעהל.

— אך, גרעפין עלווירא! האט נאני אויסגערופען, ווען דער דיענער איז אוועק־געגאנגען, איך האב מורא, אז איהר וועט באלד הערן דיא טרויעריגע נאכריכט, אז מיט'ן באראן שטעהט עס זעהר שלעכט. — גאט זאל אייך טרייסטען אין דיא שווערע ליידען, וועלכע שטעהן אייך פאר! איך ווייס, וויא עס איז אייך אויפ'ן הארצען, וואס קען מען אבער העלפען? איין גאט אין הימעל קען העלפען.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט אוועקגעהן, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און געארג פאן טאקקי איז אריינגעקומען אין צימער. נאני האט געמוזט בלייבען. ער האט אנגעהויבען צו דערצעהלען געארג'ן, וואס פאר אן אונגליק עס האט פאסירט דעם באראן פאן באטהיאני.

— איך ווייס אלעס, האט געארג געזאגט טרויעריג. איך קען דיא גאנצע גע־שיכטע. ארטהורס צימער זיינען פערזיעגעלט. דאס שלאס באטהיאני איז געשלאסען.

עלווירא איז געבליעבען שטעהן אויף איהר ארט, וויא פערשטיינערט. זיא האט געקוקט אויף געארג'ן און האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. זיא האט זאגאר ניט געקענט וויינען. עס האט זיא געקריינקט, וואס נאני האט איהר געזאגט. וואס געארג האט איהר דערצעהלט, האט זיא ניעדערגעשלאגען וויא א דונער. ענדליך איז זיא געפאלען אויפ'ן דיוואן לעבען איהר מוטער.

געארג איז אויך געבליעבען שטעהן אין דער מיט צימער און האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען און וואס צו טאהן.

דיא לאגע פון אלע מענשען, וועלכע זיינען געווען אין צימער, איז געווען זעהר

א טרויעריגע, א פיינליכע, א שרעקליך אונאנגענעהמע. נאני איז נאטירליך געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך.

— וואס דענקט איהר צו טאהן אין אזא פאל, ליעבער גראף? האט ער געפרעגט געארג'ן.

— איך וויים נאך אליין ניט, האט געארג געענטפערט.

— זעהט, וויא אייער שוועסטער איז אויסער זיך.

— איך זעה זעהר גוט און קען ניט העלפען, האט געארג געזאגט טרויעריג. וואס קען איך טאהן? וויא אזוי קען איך דא העלפען? — איך וויים, אז ארטהור איז אונשולדיג; איך בין איבערצייגט, אז ער איז אונשולדיג. עס איז מעהר אלס זיכער, אז שלעכטע מענשען האבען בעשלאסען איהם צו פערניכטען; טייפעל האבען אפגערעדט איהם צו גרונד צו ריכטען. איך זעה גאנץ גוט, אז זיי טהוען אלעס מעגליכע אום אוועקצורוימען פון דער וועלט דיא פאמיליע באטהיאני. איך זעה אלעס, פערשטעה אלעס — און — —

— איך וואלט אייך געראטהען, איהר זאלט פאהרען קיין בודאפעסט און זאלט דארט זעהן צו טאהן עפעס פאר'ן אונגליקליכען באראן, האט נאני געזאגט מיטליידיג. איך וואלט עס אליין געטאהן, עס איז מיר אבער יעצט אונמעגליך אוועקצופאהרען פון דערהיים.

געארג האט געטראכט איינינע אויגענבליקע, דאן האט ער געזאגט:

— איהר האט רעכט, הערר באראן! איך וועל פאהרען קיין בודאפעסט און וועל טאהן אלעס, וואס איך וועל נור קענען אום צו רעטען דיא עהרע פון דער פא־מיליע באטהיאני.

— איך וואלט אייך געראטהען, איהר זאלט זיך ווענדען צום אדוואקאט נאוואק אין בודאפעסט. ער איז א פעהיגער מענש און דער בעסטער אדוואקאט אין גאנץ אונגארן. ווען ער קען גאר נישט טאהן פאר'ן באראן, איז אלעס פערלארען.

אין דיעזע מינוט איז צוריקגעקומען דער דיענער, וועלכען עלווירא האט געשיקט אין שלאס באטהיאני געוואהר ווערן, וואס דארט טהוט זיך. ער האט אויך דערצעהלט, אז ארטהורס צימער זיינען פערזיעגעלט און דאס שלאס איז פערמאכט, פערשלאסען וויא עס ווייזט אויס, וועט דיא רעגיערונג צונעהמען דעם שלאס און דאס לעצטע שטיקעל ערד, וואס געהערט נאך צו דער פאמיליע באטהיאני.

נאני האט געפונען פאר נעטהיג צו נעהמען אבשיעד און צו געהן אהיים.

— איך האב אייך געגעבען דעם בעסטען ראטה, וואס איך וויים, האט ער געזאגט צו געארג'ן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען.

געארג האט געמוזט נעהמען עלוויראן אונטער דיא ארימס און זיא אוועקפיה־רען אין איהר צימער. דער שמערץ און דיא ליידען פון'ם אונגליקליכען מעדכען זיינען געווען שרעקליך, אונבעשרייבליך. דיא אלטע גרעפין האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיהע צו טרייסטען איהר טאכטער.

— זיי שטארק, עלווירא! האט זיא איהר געזאגט. געגען דיא אונמעגליכקייט

קענסט דוא גארנישט מאכען. דוא זעהסט דאך יעצט אליין, אז ארטהור איז שולדיג.

— אך, לאָזט מיך! האט עלווירא געבעטען, לאָזט מיך אליין! — לאָזט מיך שטארבען! איך קען מעהר ניט לעבען און וויל מעהר ניט לעבען!

געארג האט געזעהן, אז אין דיעזע מינוט איז ווירקליך פיעל בעסער פאר על־ווירא'ן צו זיין אליין; עס איז נוצלאז זיא צו טרייסטען. ער האט זיך אומגעקעהרט אין זאל צו זיין מוטער. זיא האט פראבירט רעדען מיט איהם, ער איז אבער געווען צו טרויעריג און צו פערטיעפט אין זיינע געדאנקען אום צו רעדען מיט זיין מוטער.

דער אבענד איז פערגאנגען טרויעריג אין שלאס טאקסי. מען איז זיך באלד צוגאנגען, יעדער אין זיין צימער. יעדער איז געווען אויפגערעגט און טרויעריג; יעדער איז געווען פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען; יעדער האט געפיהלט אז עפּעס האט זיך אפגעריעסען; עפּעס פעהלט, עפּעס איז צובראכען געוואָרען, עפּעס איז ניט אויף זיין ארט.

עלווירא איז אוועקגעלעגען אין איהר צימער איינינע צייט, וויא אין אהנמאכט. זיא האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר, האט קיין זאך ניט געזעהן און קיין זאך ניט געהערט. ענדליך האט זיא זיך אויפגעחאפּט, וויא פון א טיעפען שלאָף.

— גענוג! גענוג! האט זיא אויסגערופען, גענוג געלעבט! וואס טויג אזא לעבען, ווען אלעס ארום מיר איז אזוי דונקעל און אזוי טרויעריג? — אך! איך זעה פאר מיר א טרויעריגע צוקונפט! — וואס האב איך אזוי פערזינדיגט, וואס אלעס ארום מיר וכט מיך צו פּלאגען, מיך צו קוועלען און מיר צו מאכען ליידען? — אך, ארטהור! איך וואָלט געלאָפען צו דיר! איך וואלט געלאפען קיין בודאפעסט און וואלט זיי דארט אלעמען אויסגעקראצט דיא אויגען. איך קען עס אבער ניט. מיין קראפט איז געבראכען, מיין שטאָלץ איז געבויגען ביז צו דער ערד. — זיי האבען דיך געוואלט מאכען פאר א הענקער, — עס איז זיי ניט געראטהען, — זיי האבען דיך געמאכט פאר א פערברעכער. צו וועמען זאל איך מיך ווענדען? צו וועמען זאל איך בעטען און צו וועמען זאל איך שרייען? גאט זיצט אויבען אויפ'ן הימעל און האט אוועקגעגעבען דיא ערד צו מערדער און פערברעכער.

זיא איז אויפגעשפּרונגען, האט געחאפּט אויף זיך א מאנטעל און האט אויס־גערופען:

— גענוג געלעבט! איך מוז שטארבען! דארט, וואו איך האב געשוואָרען ארטהורן אייביגע ליעבע און טרייע; דארט, וואו ער האט מיר געשוואָרען, אז ער וועט מיך אויביג ליעבען; דארט אונטערן בערגעל, דארט וועל איך שטארבען!

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויסגעגאנגען אין הויף. דיא נאכט איז געווען פינסטער און שווארץ, וויא בייא איהר אויפ'ן הארצען. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט וואלקען. אלעס ארום איז געווען פינסטער, דונקעל, טרויעריג און שויעריג, וויא איהרע געדאנקען.

— אלעס, אלעס איז געגען מיר. האט זיא געזאגט שטילערהייט, זאגאר דיא

שטערן ווילען ניט בעלייכטען מיין פינסטערן וועג; זאגאר דער הימעל האט זיך פער־דעקט מיט א טרויעריגען שלייער. לאז זיין! וואס געהט עס מיך אן? —

זיא איז ארויסגעגאנגען אין וואלד און איז געגאנגען האסטיג צו דעם בערגעל, וואו זיא האט געשווארען ארטהורן אייביגע ליעבע און טרייע. זיא האט ניט געקענט בעמערקען, אז א דונקעלע געשטאלט האט זיך אויפגעהויבען פון הינטער א בוים און איז איהר נאכגעגאנגען.

באלד איז זיא צוגעקומען צו דעם בערגעל. אויבען איז געלעגען א גרויסער שטיין. זיא איז געפאלען אויף דיא קניע לעבען שטיין און האט אויסגערופען:

— דא, ארטהור! דא וויל איך שטארבען. זיי וועלען דיך ניט אפלאָזען, דיא שלעכטע מענשען, דוא וועסט אויך שטארבען. אויבען, אין הימעל, וועלען מיר זיך פעראייניגען. דארט זיינען ניטא קיין שלעכטע מענשען. דארט הערשט דיא אייביגע גערעכטיגקייט און דיא אייביגע בעלוינונג. דארט, פארן טראהן פון'ם העכסטען ריכ־טער וועלען מיר ברענגען אונזערע קלאגען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, האט ארויס־געהאפט א מעסער, וועלכען זיא האט מיטגעבראכט פון דערהיים און האט אויס־גערופען:

— גוטע נאכט, געארג! גוטע נאכט, מוטער! גוטע נאכט אלע מיינע ליעבע און טרייע! — גוטע נאכט דוא שעהנע אבער פערדארבענע וועלט!

זיא האט אויפגעהויבען דאס מעסער געגען איהר הארצען. — א פעסטע, שטארקע האנד האט ארויסגעהאפט פון איהר דאס מעסער. עלווירא האט א ציטער געטאהן און האט זיך אומגעקוקט. — הינטער איהר איז געשטאנען דער שטומער בעטלער. ער האט אוועקגעווארפען דאס מעסער גאנץ ווייט און האט איהר געוויזען אויפ'ן הימעל.

— דוא ביסט עס, ארימער, אונגליקליכער מאן? האט עלווירא ענדליך אויס־גערופען. דוא ביסט געקומען ניט דערלאָזען, אז איך זאָל אויספיהרען מיין וואונש? ווער האט עס דיך געבעטען? ווער האט עס דיך גערופען?

דער שטומער בעטלער האט זיא נאך אלץ פעסט געהאלטען מיט איין האנד און מיט דער אנדערער האט ער געוויזען צום הימעל.

— וואס ווייזט דוא מיר אויפ'ן הימעל, יאקקי? האט עלווירא אויסגערופען, ווייסט דוא דען ניט, אז דער הימעל איז גרויזאם און קאלט? קימערט זיך דען דער הימעל, וואס דיא שלעכטע מענשען טהוען אויף דער וועלט? הארט עס עפעס דעם הימעל, וואס דיא מענשען יאגען און פלאגען איינער דעם אנדערן ערגער וויא דיא ווילדע טהיערע?

דער שטומער בעטלער האט זיא בעטראכט אייניגע מינוט מיט טיעפען טרויער, דאן האט ער אנגעהויבען צו וויינען. עלווירא'ס אויגען זיינען שוין אביסעל געוואינט געווארען צו דער פינסטערניס פון דער נאכט און זיא האט געזעהן, וויא גרויסע, הייסע טראפען טרערן האבען זיך געקייקעלט איבער זיינע בלייכע, פערקנייטשטע באקען,

עלאווירא איז געוועזן געריהרט. ענדליך איז וועניגסטענס דאָ איין מענש, וועלכער פיהלט איהרע ליידען, וועלכער האט מיטלייד מיט איהר. דאס האט געווירקט אויף איהר.

— אונבעקאנטער, געהיימניספאלער מאן! האט זיא אויסגערופען, דוא וויינסט איבער מיין אונגליק, דוא פערגיעסט טרערען איבער מיינע שמערצען! — איך דאנק דיר! — דוא האסט מיר געוויזען אויפ'ן הימעל, גוט! איך וועל האבען צוטרויען צו איהם! איך וועל האָפען אויף א בעסערע צוקונפט.

דער שטומער בעטלער האט געמאכט צייכענס, מיט וועלכע ער האט געוואָלט איהר ענטפערן, זיא האט איהם אבער ניט פערשטאנען. דאן האט ער זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט זיא אראפגעפיהרט פון'ם בערגעל. קוים זיינען זיי אוועקגע־גאנגען עטליכע שריט, זיינען אנגעלאָפען מענשען מיט לאנטערנען און א מינוט ארום האט געארג ארומגענומען זיין שוועסטער.

ער איז אויך ניט געשלאָפען. ער האט זעהר גוט געזעהן, וויא עלווירא ליידעט; ער האט אויך געליטען זעהר שטארק און האט געטראכט און געקלערט, וויא אזוי צו העלפען ארטהור'ן. קוים איז געווארען פינסטער אין שלאָס און אלע האבען זיך געלעגט שלאָפען, האט ער גענומען א ליכט און איז גענאנגען אין עלווירא'ס צימער. ער האט זיא ניט געפונען אין איהר שלאָף צימער. ער האט אויסגעזוכט דאס גאנצע שלאס און האט זיא ניט געפונען. ער האט דאהער אויפגעוועקט זיינע דיענער און איז גע־גאנגען מיט זיי זוכען עלווירא'ן. ער האט זיא געטראָפען אין דער מינוט, ווען זיא איז אראפגעגאנגען פון'ם בערגעל מיט'ן שטומען בעטלער. זיא איז ארויפגעפאלען געארגן אויפ'ן האלז.

ווען זיא איז געקומען אביסעל צו זיך און האט זיך אומגעקוקט, איז דער שטו־מער בעטלער פערשוואונדען געווארען. זיא האט געפרעגט איהרע מענשען, אויב ווער האט ניט געזעהן דעם שטומען בעטלער. — קיינער האט איהם ניט געזעהן.

געארג האט זיא צוריקגעפיהרט אין שלאס. זיא איז געווען אזוי מיעד און אזוי אויפגערעגט, אז עס האט איהר באלד אנגעהויבען צו פיעבערן און זיא איז קראנק געוואָרען. מיט צווייא שטונדען שפעטער איז ארויסגעלאפען א רייטער פון שלאָס טאקקי אין שטעדטעל ראָזענוי ברענגען פון דארט א דאָקטאָר.

23טער קאפיטעל.

## נאך א מאל אין טהורעם פון טשעמני.

זייט איינער צייט איז עס גאנץ טרויעריג אין טהורעם פון טשעמני. זייט דער ענקער איז אוועקגעפאהרען אין בודאפעסט אפהאקען דיא קאפ סטאַטאָס'ס מאן, איז ער געבליעבען אין בודאפעסט. אין טהורעם זיינען יעצט געבליעבען נור צווייא פרויען: אננא און איהר מוטער. אלעס איז געוועזן שטיל און טרויעריג. עס איז ניט געוועזן מיט וועמען צו רעדען א ווארט. פון געהן ערגעץ האבען דיא איינוואינער פון'ם אונ־גליקליכען טהורעם שוין לאנג ניט געוואוסט. זעלטען פלעגט קומען א בעקאנטע פרוי אין טהורעם פון טשעמני.

איין מאל זיינען מוטער און טאכטער געזעסען איינע לעבען די אנדערע און האבען גערעדט שטילערהייט צווישען זיך.

— וויא עס ווייזט אויס, לעבט דיין פאטער א גוטען טאג אין בודאפעסט, האט די מוטער געזאגט צו איהר טאכטער. שוין זעקס וואכען זיינען פערגאנגען, זייט ער זיצט זיך רוהיג אין בודאפעסט און פערגעסט זאגאר צו שרייבען אהיים, וואס ער מאכט. מיר געפעלט עס ניט. ווען ער וועט ניט קומען אין צוויא טאג ארום, וועל איך מיך אויפהויבען און וועל אויך פאהרען קיין בודאפעסט.

— וועסט דוא מיך לאזען דא גאנץ אליין?

— ניין, אננא, דוא וועסט אויך פאהרען מיט מיר.

אננא איז געווען דערמיט זעהר צופריעדען. זיא האט געוואוסט, אז ארטהור געפינט זיך אין בודאפעסט און האט זעהר געוואלט איהם זעהן נאך א מאל.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט קלאפען אין דער טהיר. דעם הענקער'ס פרוי איז ארויסגעגאנגען זעהן, ווער דארט איז. אין אייניגע מינוטען ארום איז זיא צוריקגעקומען און האט מיטגעבראכט אן אלטע פרוי מיט זיך.

— וואס הערט זיך עפעס, סטאסא? האט געפרעגט דעם הענקערס פרוי. וואו זייט איהר געווען אזוי לאנג? פאר וואס האט מען אייך ניט געזעהן אזוי לאנג?

— איך בין ניט געווען אין דערהיים, האט סטאסא געענטפערט, איך קום ערשט פון בודאפעסט.

— האט איהר דארט געזעהן מיין מאן? וואס מאכט ער?

— ער איז געזונד און שטארק און וועט באלד ווערען דער הויפט הענקער פון גאנץ אונגארן. איהר וועט פאהרען צו איהם און וועט וואהנען אין דער גרויסער שטאדט.

— דארף מען דארט דען האבען א בעזונדערן מענשען?

— געוויס! אין בודאפעסט איז שטענדיג דא ארבייט פאר'ן הענקער, האט סטאסא דערצעהלט. וויא איך האב געהערט, געפינט זיך שוין ווידער א פערברעכער, וועלכען מען וועט אפהאקען דעם קאפ.

— ווער איז עס דען יעצט? האט דעם הענקערס פרוי געפרעגט.

— אייערער א בעקאנטער, האט סטאסא געענטפערט.

— אונזערער א בעקאנטער? ווער קען עס זיין?

— דער באראן פאן באטהיאני.

— ארטהור, דער באראן פאן באטהיאני? האט אננא אויסגערופען און איז געווארע בלייך וויא קאלך.

סטאסא האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון'ם יונגען מעדכען. זיא האט גוט בעמערקט, וויא אננא איז בלייך געווארען, ווען זיא האט דערהערט, אז דער באראן פאן באטהיאני איז פעראורטהיילט צום טויט. זיא האט געמורמעלט שטילערהייט:

— איך פערשטעה, וואס דא קומט פאר. די שעהנע אננא האט זיך פערליעבט אין דעם יונגען און שעהנעם באראן, ווען ער איז געווען ביי זיי אין טהורעם. ער זאל

נעווען בלייבען א הענקער און זאל זיא געווען הייראטהען, וואלט איך פיעלייכט געווען צופריעדען. יעצט אבער....

— וואס האט דען דער באראן געטאהן, וואס מען האט איהם פעראורטהיילט צום טויט? האט אננא געפרעגט.

— ער האט געמאכט פאלשעס געלד.

— דער באראן פאן באטהיאני האט געמאכט פאלשעס געלד? האט אויסגערופען דעם הענקערס פרוי.

— דאס קען ניט זיין! האט געשריען אננא, דאס איז אונמעגליך.

— מיין גוטעס, ליעבעס קינד! האט סטאסא געענטפערט, אלעס איז מעגליך אויף דער וועלט קען אלעס פאסירען. איך האב אייך אבער ניט געזאגט אויף געוויס, אז ער איז פעראורטהיילט צום טויט, איך האב נור געזאגט, אז עס קען זיין.

— האט מען דען שוין בעוויעזען, אז ער האט ווירקליך געמאכט פאלשעס געלד? איז שוין גאר ניטא קיין מעגליכקייט איהם צו רעטען?

— עס איז געוויס נאך דא א מעגליכקייט איהם צו רעטען, אבער וואס געהט עס אונז אן? — איך מיין, וואס געהט עס דיך אן, מיין ליעבעס קינד?

— עס געהט מיך אזוי פיעל אן, ווייל איך קען איהם, האט אננא געענטפערט, איך בין פעסט איבערצייגט, אז ער איז אונשולדיג. איך וויים, אז דיא זעלבע מענשען, וועלכע האבען געוואלט, ער זאל ווערן א הענקער, ווילען יעצט געוויס, ער זאל הייסען א פערברעכער און מען זאל איהם פעראורטהיילען צום טויט.

— איך מיין אויך, אז ער איז קיין פערברעכער, האט זיך דעם הענקערס פרוי אריינגעמישט אין געשפרעך, ער איז דאך עפעס א באראן און איז זעהר רייך, צו וואס זאל ער מאכען פאלשעס געלד?

סטאסא האט א שמייכעל געטאהן.

— איהר וואהנט דא אין טהורעם און ווייסט ניט, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, האט זיא בעמערקט. איהר מיינט אויך, אז אלע באראנען זיינען רייך, עס געפינען זיך גראפען און פירסטען, וועלכע האבען ניט פון וואנען איבערצוקומען א טאג.

— איהר האט פריהער געזאגט, אז עס איז דא נור איין מענש, וועלכער קען איהם רעטען, האט אננא ווייטער געפארשט, קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער איז דער איינציגער, וועלכער וואלט איהם געקענט רעטען?

— דער איינציגער איז דער גראף מעראס, האט סטאסא געענטפערט ערנסט. גראף מעראס איז זעהר אנגעזעהן ביים קייזער. ווען דוא, אננא, זאלסט ווען בעטען דעם גראף מעראס, וואלט ער דיר געוויס ניט אפגעזאגט.

— וואס רעדט איהר, סטאסא? האט אננא אויסגערופען. — וויא קום איך צום גראף מעראס? וויא קען אזא ארימעס מעדכען, וויא איך און נאך פון אזא ניעדעריגען שטאנד, קומען צו אזא שטאלצען גראף?

— אך, אננא! דוא קענסט גאר ניט דעם גראף! האט סטאסא אויסגערופען. דוא ווייסט גאר ניט, וואס פאר א גוטער, עדעלער מענש ער איז. א קינד קען צו איהם צוטרעטען. וויא גרויס ער איז, אזוי גוט און פריינדליך איז ער צו יעדען.

אננא האט זיך פערטראכט. איהרע געדאנקען זיינען געפלויגען ווייט, ווייט. זיי זיינען געווען ביי ארטהור'ן אין זיין ענגען קעמעריל אין געפענגנים; זיי זיינען געווען ביים גראף מעראס; זיי זיינען דאן געפלויגען קיין וויען צום קייזער. זיי האבען איהר פארגע־שטעלט בילדער, וויא זיא בעפרייט איהם און פאהרט מיט איהם אהיים.

סטאסא האט פון איהר ניט אראפגעלאזען קיין אויג. זיא האט געלעזען יעדען פון איהרע געדאנקען, יעדע פון איהרע מינען און יעדע פון איהרע בעוועגונגען.

— ווייסט דוא וואס, אננא? — איך זעה, אז דוא אינטערעסירסט זיך זעהר מיט'ן שיקזאל פון'ם באראן. איך אליין גלויב אויך, אז דער באראן איז אונשולדיג. שלעכטע מענשען האבען געוויס איהם אונטערגעווארפען דאס פאלשע געלד. איך וואלט געוועזען העכסט גליקליך, ווען מען זאל דעם באראן בעפרייען. קום צו מיר מארגען אבענד, וועלען מיר זיך איבערלעגען, וואס מיר זאלען טאהן פון זיינעטוועגען.

— מארגען אבענד קען אננא צו איך ניט קומען, האט דעם הענקערס פרוי געזאגט. איך קען זיא מארגען ניט אוועקלאזען, אויסער דעם איז מארגען פרייטאג, א שלעכטער טאג, אין וועלכען מען טאר קיין נייע זאך ניט אונטערנעהמען.

— וואס רעדט איהר? האט סטאסא אויסגערופען, א גוטע זאך מעג מען אונ־טערנעהמען צו יעדער צייט. — אדער וויא איהר ווילט, ווען אננא האט מארגען קיין צייט ניט, מעג זיא קומען צו מיר אנאנדער מאל. איך האב נור מורא עס זאל ניט זיין צו שפעט. מיכאאיל האט פיינד צו ווארטען.

דעם הענקערס פרוי איז געווארען אונאנגענעהם דיעזעס געשפרעך. זיא האט ניט ליעב געהאט, ווען מען האט גערעדט פון איהר מאנ'ס האנדווערק. עס איז געוויס ניט גאנץ אנגענעהם צו רעדען בעשטענדיג פון הענגען, קעפען און נאך אזעלכע ניט פרעהליכע זאכען. זיא האט דאהער געוואלט ענדערן דאס געשפרעך.

— זאגט מיר ליעבער, סטאסא, צו וואס אייגענטליך זייט איהר געקומען צו אונז?

סטאסא האט אויגענבליקליך ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. זיא האט זיך אויף אזא פראגע ניט געריכטעט. באלד אבער האט זיא געפונען אן אויסרייד.

— איך האב אייך געוואלט בעטען, איהר זאלט מיר פערשאפען אביסעל האר פון א מענשען, וועלכער איז פעראורטהיילט צום טויט. מען האט מיר געזאגט, אז דאס איז א גוטעס מיטעל געגען רהעאומאטיזמוס.

— איהר זייט דאך געזונד, האט אננא'ס מוטער אויסגערופען. איהר האט דאך קיין רהעאומאטיזמוס.

— איך דארף עס ניט פאר מיר, איך דארף עס פאר אנאנדערן.

— איהר ווייסט דאך, אז איך בעשעפטיג מיך ניט, מיט אזעלכע זאכען. קומט, ווען מיכאאיל וועט זיין אין דער היים.

— איהר האט רעכט, האט סטאסא געזאגט לאנגזאם. איך האב עס גאר פער־געסען. — דוא אבער, ליעבע אננא, ווען דוא ווילסט עפעס טאהן פארן אונגליקליכען באראן פאן באטהיאני, דאן קום צו מיר, וועלען מיר איבעררעדען, וואס צו טאהן. איך

דענק, אז דוא וואלסט נעקענט עפּעס טאהן פון זיינעטוועג. קום צו מיר, איך וועל דיר שוין געבען א גוטען ראטה.

— איך וועל קומען, האט אננא געזאגט שטילערהייט.

סטאסא האט געזעהן, אז זיא האט דא מעהר ניט וואס צו טאהן.

— א גוטען נאכט! האט זיא געזאגט און איז ארויסגעגאנגען פון טהורעם.

ווען זיא איז געווען אין דרויסען און האט זיך ארומגעקוקט, אז קיינער איז ניטא האט זיא געזאגט צו זיך אליין:

— וויא עס וויזט אויס, האט זיא איהם ליעב; זיא וועט אלזא קומען צו מיר. זיא מוז קומען, ווען ניט מארגען, וועט זיא קומען איבערמארגען. איך וועל שוין געפינען מיטעל, וויא זיא צו פערנארען. דוא שטעלסט זיך מיר אין וועג, דוא הענקערס פרוי! דאס קען איך ניט ליידען!

זיא איז האסטיג אוועקגעלאפען אהיים און האט אנגעהויבען צו זוכען צווישען איהרע זאכען. זיא האט ארויסגענומען א לעהמענעם טאָפּ, וועלכער איז געווען פערבונדען מיט לייוואנד. זיא האט איהם אפּגעבונדען און האט אפּגעגאסען פון איהם עטליכע טראפּען אין א גלאז וואסער. דאס וואסער האט אנגעהויבען צו זיעדען און עס איז געווארען רויט, וויא פייער.

— עס איז שוין ניט שלעכט, האט זיא געזאגט, עס מוז אבער שטעהן נאך א געוויסע צייט, עס מוז ווערן שווארץ. דאן ווירקט עס שנעל. דאן דארף מען נאר א זופּ טאהן און מען פאהרט שוין אוועק אהין, פון וואנען קיינער קומט ניט צוריק. — קומט, מיינע טייבעלעך! איך האב גענוג פאר אייך ביידען און נאך פאר עטליכע צעהנדליג, וויא איהר.

אונטערדעסען איז אננא געזעסען לעבען איהר מוטער טרויעריג און פערטראכט.

— וואס איז דיר, אננא? וואס ביזט דוא אזוי טרויעריג? דוא קענסט דאך ניט העלפען דעם באראן. וואלט איהם דען בעסער געווען, ער זאל געוועזן בלייבען ביי אונז? וואלט ער דען געוועזן גליקליכער צו ווערן א הענקער? — עס איז איהם שוין בעשעערט צו ליידען, איז גלייכער, ער זאל מיט אמאל שטארבען.

— אך, מוטער! מען קען דאך איהם נאך רעטען!

— גלויב ניט, וואס סטאסא זאגט, זיא איז א שלעכטע פרוי.

— צו וואס זאל זיא מיך אפּנארען? וואס וועט זיא דען האבען דערפון?

— פרעג ניט, אננא. איך זאג דיר, אז דוא זאלסט זיך היטען פאר דיעזע פרוי. ווייך פון איהר! אנטלויף פון איהר, וויא פון דער פּעסט. דוא ווייסט נאר ניט, וויא שלעכט און פערדארבען דיעזע פרוי איז.

— ליעבע מוטער! איך פרעג דיך נאך אמאל, וואס קען דיעזע פרוי האבען צו מיר? האב איך איהר דען אמאָל שלעכטעס געטאהן? האב איך דען איהר אמאל געזאגט א שלעכטעס ווארט? וואס פאר אן אורזאכע קען דיעזע פרוי האבען מיך צו פערפאלגען?

— פרעג ניט פיעל, ליעבע טאכטער! איך זאג דיר נאך א מאל און ווארן דיך נאך א מאל: געה ניט צו סטאסא! ווייך זיא אויס! אנטלויף פון איהר!

אך, אומזיסט! העלפט עס דען עפּעס, ווען דאס זומער פֿײנעליע ווייס, אז דאס ליכט איז איהר געפעהרליך? — עס ציהט זיא דאך צום ליכט, זיא פליהט ארום ליכט און פערברענט זיך דיא פליגעלעך.

## 24טער קאפיטעל.

## ביי סטאכא אין הויז.

עלווירא איז גאנץ ערנסט קראנק געוואהרען. זיא האט בעקומען א נערוועז פיעבער און דער דאקטאר, וועלכען מען האט געבראכט פון ראזענוי, האט געשאָקעלט זעהר טרויעריג מיט'ן קאפּ, ווען ער האט זיא בעטראכט.

געארג און דיא אלטע גרעפין האבען זיך שטארק דערשראָקען, ווען זיי האבען דערהערט, אז עלווירא איז גאנץ ערנסט קראנק. זיי זיינען געבליבען זיצען לעבען איהר בעט און פלעגען ארומגעהן ארום איהר. דער דאקטאר איז שוין ניט געפאהרען צוריק קיין ראזענוי. דיא גרעפין האט איהם ניט געלאזט.

מיט יעדען טאג איז דיא קראנקהייט געווארען געפעהרליכער. דער דאקטאר האט געזאגט, אז זיא האט געליטען א שרעקליכען גייסטליבען שמערץ און ער קען ניט וויסען, אויב איהר גאנצעס נערוועז סיסטעם וועט בלייבען אין ארדנונג. עס איז זעהר מעגליך, זיא זאל פערליערן דעם פערשטאנד.

געארג איז געווים געווען זעהר אונרוהיג און זעהר בעזארגט פאר זיין שוועסטער, דענאך האט ער ניט געקענט פערגעסען דיא אורזאכע פון איהר קראנקהייט — דעם באראן פאן באטהיאני. געארג האט איהם צו גוט געקענט אום צו גלויבען, אז ארטהור קען טאהן עפּעס שלעכטעס. ער האט דאהער שטענדיג געטראכט און געקלערט, וויא אזוי צו רעטען ארטהור'ן און וואס צו טאהן פאר איהם.

ער האט דאהער בעשלאסען, ער זאל לאזען דיא קראנקע שוועסטער אין דער היים און צו פאהרען קיין בודאפּעסט רעטען דעם פריינד. ער וואלט זיך נאך פיעלייכט איבערלעגט, אבער זייט עלווירא איז קראנק געווארען, איז נאני געווארען א זעהר אפטער גאסט אין שלאָס טאָקקי. ער פלעגט קומען אהין יעדען טאג און פלעגט דארט אוועקזיצען שטונדען לאנג.

דער גוטער נאני פלעגט רעדען מיט געארג'ן איבער ארטהור און פלעגט איהם אויפפאָרדערן, ער זאל זעהן עפּעס טאהן פון ארטהור'ס וועגען. ער האט איהם אזוי ווייט געבראכט, אז געארג אליין האט זיך אנגעהויבען צו איילען צו פאהרען קיין בודאפּעסט.

— דוּ קענסט איהר דאך גאר ניט העלפען, האט איהם נאני איינגערעדט. עלווירא איז קראנק. זיא ווייס יעצט ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. וואס קענסט איהר דען העלפען? דארט אבער איז עפּעס אנדערש. ארטהור'ן קען מען נאך רעטען, ווען מען זאל זיך זעהן מיט דיא מאגנאטען און מיט דיא ריכטער.

געארג האט זיך פערטיג געמאכט צו דער רייזע. — פאר'ן אוועקפאהרען האט ער זיך דערמאנט, אז סטאכא האט איהם געבעטען, ער זאל קומען צו איהר. זיא וויל איהם עפּעס זאגען אדער עפּעס ווייזען. ער האט בעשלאסען צו געהן צו סטאכא פאר זיין אוועקפאהרען קיין בודאפּעסט.

אננא, דעם הענקערס טאכטער, האט אויך ניט געוואלט הערן איהר מוטער. זיא האט זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז סטאסא וויל איהר טאהן עפעס שלעכטעס און האט אויך בעשלאסען צו געהן צו סטאסא און הערן, וואס זיא קען טאהן פאר ארטהור'ן.

זיא האט קוים אפגעווארט דעם אבענד; זיא האט קוים דערלעבט, אז דיא זון זאל אונטערגעהן. דאן האט זיא זיך אנגעטאהן און איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון טהורעם. זיא האט געקענט דיא געגענד זעהר גוט און האט געוואוסט, וואו דיא אלטע סטאסא וואהנט.

סטאסא האט זיא ערווארטעט. סטאסא איז געווען זיכער, אז זיא וועט קומען. זיא האט געקענט דיא מענשען; זיא האט געקענט דיא מענשליכע נאטור. זיא האט געוואוסט, אז דעם קליגסטען מענשען קען מען פערנארערן, פערפיהרען און מאכען פון איהם, וואס מען וויל.

— זיא וועט קומען, האט זיא געברומט, זיא מוז קומען. — וועט זיא ניט קומען היינט, וועט זיא קומען מארגען. ער זאל נאך אויך קומען, וואלט איך שוין געזעטיגט מיין ראכע אין גאנצען.

זיא האט געעפענט דאס קליינע פענסטעריל אין איהר צימער און האט ארויסגעקוקט אין דעם האלב דונקעל פון דער איינברעכענדער נאכט.

פלוצלונג האט זיא דערזעהן א געשטאלט געהן אין טאהל.

— זיא איז עס! אננא קומט! עס האט אנגעצויגען!

זיא איז ארויסגעלאפען אין דרויסען און איז ענטגעגען געלאפען דעם אונשולדיגען מערכען, האט זיא אנגעכאפט ביי ביידע הענד און האט זיא אריינגעפיהרט אין איהר ארימע וואהנונג.

— עס פרעהט מיך זעהר, וואס דוא ביסט געקומען צו מיר, גוטע אננא! האט זיא אויסגערופען. איך האב געמיינט, אז דוא וועסט ניט קומען. מען פערגעסט אזוי שנעל א פריינד, וועלכער געפינט זיך אין דער נויט. איך האב געגלויבט, אז דוא האסט אויך פערגעסען ארטהור'ן.

— ניין, סטאסא, ניין! איך האב איהם ניט פערגעסען, איך קען איהם ניט פערגעסען. ער איז א גוטער און עדעלער מענש. ער איז ווערטה, אז מען זאל עפעס טאהן פון זיינעטוועגען.

אננא איז געווען צום ערשטען מאל ביי סטאסא אין דערהיים. זיא האט זיך יעצט ארומגעקוקט אין צימער. עס איז געווען ניט גרויס, אבער ריין. אין גאנצען צימער איז געשטאנען א גאנץ איינפאכעס בעט, א פאר לאנגע, הילצערנע בענק און אן איינפאכער הילצערנער טיש. אויפ'ן טיש איז געשטאנען א פלאש מיט ריינעס וואסער.

איינינע צייט האבען ביידע פרויען געשוויגען, גלייך וויא זיי וואלטען גאר ניט געוואוסט, צו וואס פאר א צוועק זיי זיינען זיך צונויפגעקומען. ענדליך האט אננא ניט געקענט מעהר זיך איינהאלטען און האט געזאגט:

— ליעבע סטאסא, איהר האט מיר געזאגט, אז איהר ווילט מיר געבען א ראטה וויא אזוי צו רעטען דעם באראן פאן באטהיאני און איך בין געקומען אומיסטען צו

איך הערן דיעזען ראטה. איך האב ניט פיעל צייט. מיין מוטער האט מיך ניט געלאָזען געהן צו אייך. איך האב געמוזט מיך ארויסגנבענען.

ווען אננא זאל זיך געווען בעסער צוקוקען צו איהר נייע פריינדין, וואלט זיא געווען בעמערקט, וויא אין סטאסא'ס אויגען האט זיך אנגעצונדען א העליש פייער.

— אזוי? האט זיא אויסגערופען, זיא האט דיך ניט געוואלט לאזען געהן צו מיר?

— ניין. זיא האט מיר געהייסען ניט געהן.

— אך, וויא שלעכט זיינען דיא מענשען! האט סטאסא אויסגערופען, זי מיינט, אז יעדער איז שלעכט און פערדארבען, וויא זיי. — גלויב מיר, אננא, אז איך בין דיין בעסטע פריינדין. וואס האב איך דען צו דיר? איך פערצייהע אבער דיין מוטער. זיא איז דאך נור א מענש, זיא ווייס ניט, וואס זיא טהוט.

דערביי האט זיא צוגעלעגט איהר שמוציגען פארטוך צו דיא אויגען און האט זיך געמאכט, אז זיא וויינט. באלד אבער האט זיא זיך בערוהיגט, האט אויסגעווישט דיא אויגען און האט געזאגט טרויעריג:

— איך וויל דיך עפּעס פרעגען, אננא.

— פרעגט, סטאסא, איך וועל אייך געוויס ענטפערן.

— דוא ווילסט זעהר רעטען דעם באראן פאן באטהיאני?

— געוויס, סטאסא!

— זאג מיר דיא וואהרהייט, אננא, ליעבסט דוא איהם?

אננא איז רויט געווארען, וויא א בלומע פון א מאהנקאפּ.

— איך ווייס ניט, האט זיא געשטאמעלט.

— וויא ווייס מען עס ניט, אויב מען ליעבט א מענשען?

— ער איז געווען ביי אונז אין שטוב, האט אננא ערקלערט, ער איז געווען קראנק, ער איז געווען אונגליקליך; איך פלעג ארומגעהן ארום איהם. איך האב געהאט מיטלייד מיט איהם. איך האב געזעהן, וויא ער האט געליטען. איך בין געווען גליקליך, ווען דער קייזער האט איהם בעגנאדיגט און איך בין זעהר אונגליקליך, זייט איך האב געהערט, אז ער איז ארעסטירט און מען וועט איהם פעראורטהיילען צום טויט.

— ביסט דוא בערייט צו טאהן עפּעס פון זיינעטוועגען?

— אלעס, וואס איך וועל נור קענען.

— ביסט דוא בערייט צו אפּפערן דיין לעבען פון זיינעטוועגען?

— איך וועל געוויס טאהן אלעס, וואס איך וועל נור קענען אום איהם צו רעטען.

— דוא ביסט א גוטעס און בראוועס קינד, אננא! איך ליעב דיך מיט יעדער מינוטע אלץ מעהר. דוא פערדיענסט צו לעבען אין אנדערע אומשטענדע. דוא וואלסט געמעגט געבארען ווערען ביי א גראף. און מיר דאכט אויך, אז דוא ביסט ניט דיא טאכטער פון א הענקער.

— וואס רעדט איהר, סטאסא? וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך ווייס אליין ניט, וואס איך רעד. אין מיינע יאהרען פּלוידערט מען, וואס עס קומט אריין אין קאפּ. איך וויל זעהר עפּעס טאהן פון דיינעטוועגען. ווילסט דוא, אננא, וועל איך דיר ווארפען קארטען אדער איך וועל דיר קוקען אויף דער האנד?

אננא האט זיא אנגעקוקט מיט שטוינען. ביז אהער האט זיא נאך ניט געהערט פון איהר איין ווארט איבער דעם וויא אזוי צו רעטען ארטהור'ן. אלס יונגעס מעדכען אבער, איז זיא געווען נייגעריג צו וויסען, וואס דיא קארטען וועלען זאגען. זיא איז דאך אויסגעוואקסען אין א ווילדען וואלד, ווייט פון מענשען און איז דאהער געווען זעהר אבערגלויביש. זיא האט נעגלויבט אין קארטען.

— נו, גוט, סטאסא! לאמיך הערן, וואס דיינע קארטען וועלען מיר זאגען.

— דיא קארטען זיינען ניט נעטהיג, האט סטאסא געענטפערט, איך קוק אויף דער האנד און דערראטה פון דער האנד פיעל בעסער, וויא פון דיא קארטען.

זיא האט גענומען אננא'ס האנד און האט זיא בעטראכט פון אלע זייטען.

— וואס זעה איך? האט סטאסא אויסגערופען, דיר שטעהט פאר א גליק. דוא ביסט געבארען פון ניעדעריגע עלטערן, דוא וועסט אבער ניט שטארבען אזוי. דוא וועסט נאך זעהן רייכקייט און גלאנץ. דוא וועסט אבער האבען שווערע ליידען אויך.— ווייטער אבער זעה איך א זאך, וועלבעס איז מיר זעהר אונאנגענעהם.

— וואס איז עס, סטאסא?

— דוא וועסט שטארבען אין וואסער.

אננא האט א ציטער געטאהן און האט אויסגעהאפט איהר האנד. סטאסא האט וויעדער גענומען איהר האנד און האט געוואלט זיא בערוהיגען.

— זיי ניט קיין קינד, אננא, מען קען ניט וויסען, אויב אלעס, וואס איך זעה, איז ריכטיג.

— נו, אויב אזוי, איז דאך דאס, וואס איהר האט געזאגט, אז איך וועל קומען צו רייכקייט און גלאנץ אויך ניט ריכטיג.

— אָה, ניין! דאס איז אזוי קלאר און אזוי דייטליך אנגעשריעבען אויף דיין האנד, אז איך קען שווערן, אז עס איז וואהר. לאמיר אבער מעהר ניט רעדען דערפון. לאמיר רעדען פון וויכטיגע זאכען. דוא האסט מיר פריהער געזאגט, אז דוא ביסט בערייט צו אפפערן דיין לעבען פאר'ן באראן פאן באטהיאני. ווילסט דוא עס ווירקליך טאהן?

— איך האב דאך אייך שוין איין מאל געזאגט, האט אננא געענטפערט, אז איך וויל זעהר רעטען דעם באראן.

— אלזא מוזט דוא פאהרען קיין בודאפעסט און בעטען גראף מעראס, ער זאל זיך אננעהמען פאר איהם.

— איך? האט אננא געפרעגט, וויא קען איך בעטען אזא שטאלצען גראף? — דאס דארף טאהן עלווירא. זיא איז דעם גראף'ס ניכטע.

— ערשטענס, איז עלווירא יעצט געפעהרליך קראנק. צווייטענס, קענסט דוא מעהר ווירקען ביים גראף מעראס וויא עלווירא. גערעדע דוא, דיא טאכטער פון'ם הענקער, קען מעהר ווירקען אויפ'ן גראף, וויא דיא גרעפין פאן טאקקי.

— דאס פערשטעה איך ניט. וואס געהער איך מיך א מיט'ן באראן פאן באטהיאני'ס פראצעס?

— איך קען עס דיר יעצט נאך ניט זאגען, דוא וועסט עס אנאנדער מאל

נעוואָהר ווערען. — יעצט זאָג מיר נור, ביסט דוא ענטשלאָסען צו פאָהרען קיין בודאפעסט?

— איך וואָלט געוויס געפאָהרען, מיין מוטער אָבער וועט מיך ניט לאָזען.

— דערצו קען איך שוין ניט העלפען, האט סטאַסא געענטפערט, ווען מען וויל רעטען א מענשען, א געליעבטען מענשען, דארף מען ניט קוקען, וואָס א מוטער זאָגט. זיא האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום פענסטעריל.

— ווען געאָרג פאָן טאָקקי וועט היינט ניט קומען, איז אלעס פערלאָרען. איך וועל מחזן אויסטראַכטען אַנאַנדער פּלאַן, האט זיא געזאָגט צו זיך אליין. איך האָב געדעכענט, איך זאָל זיי האָבען ביידען מיט אמאָל.

— זייט איהר זיכער, אז מען וועט מיך צולאָזען צו גראף מעראס?

— געוויס! עס איז גאָר קיין פראגע!

— נון, דאַן וועל איך פאָהרען קיין בודאפעסט, האט אננא געזאָגט, איך וועל צו ערשט קומען צו מיין פאטער. ער וועט מיר שוין זאָגען, וויא אזוי איך זאָל צוקומען צום גראף.

— יא, מיין קינד. טהו אזוי! מיר וועלען זיך ווידערזעהען אין בודאפעסט. איך פאָהר אויך אהין.

אננא האָט זיך אויפגעהויבען און האט געוואָלט געהן אהיים, ווען מען האט דערהערט שווערע טריט אין דרויסען.

— ער איז עס! האט סטאַסא אויסגערופען. דאס איז געאָרג. — בלייב נאָך, אננא! איך וויל דיר נאָך עפּעס זאגען.

אין א פּאָר מינוטען ארום האָט זיך דיא טהיר געעפענט און געאָרג איז אריינגעקומען אין צימער. ער האט זיך אומגעקוקט אין צימער און זיין בליק איז געפאלען אויף דאס שעהנע מעדכען. ער האט ניט ערווארטעט צו געפינען ביי דער ארימער סטאַסא אזא שעהנעם מעדכען. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער האָט זיא ערגעץ געזעהן, אז זיא איז איהם בעקאַנט און דאָך האָט ער זיא בעגעגענט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען. עס איז אָבער ניט געווען דיא צייט צו בעטראַכטען דאס שעהנע מעדכע. ער האָט זיך געווענדעט צו סטאַסא און האָט איהר געזאָגט:

— איהר האָט מיר געזאָגט, אז איהר האָט פאר מיר עפּעס און איך בין געקומען צו אייך.

— גוט, גוט, וואס איהר זייט געקומען צו מיר.

— ווער איז דיעזעס מעדכען? האָט ער געפרעגט שטילערהייט.

— דאָס איז דיא טאָכטער פון'ם הענקער.

געאָרג איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. איהם איז עס פאָרגעקומען זאָנדערבאר, אז דער הענקער זאָל האבען אזא שעהנע טאָכטער. ער האָט ניט געקענט אוועקנעהמען דיא אויגען פון איהר. א געהיימע קראפט האָט איהם געצווינגען צו איהר. זיין הארץ האָט איהם געזאָגט, אז דאָס איז קיין טאָכטער פון'ם הענקער.

— וואָס איז אייך עפּעס, גראף פאָן טאָקקי? האט סטאַסא געפרעגט, איהר זייט עפּעס בלייך. זייט איהר קראַנק?

— איך בין ניט קראנק, האט נעארג געענטפערט. איך בין אוועקגעזעסען צוויי נעכט ביים בעט פון מיין קראנקער שוועסטער. — אבער לאמיר רעדען פון דער זאך, צוליעב וואס איהר האט מיך גערופען.

— אך, נעהמט פריהער א טרונק! האט סטאסא געבעטען, איך האב אזא ריינעם, קיהלעם וואסער, אז איהר וועט זיך ערקוויקען. — אננא, גיב דיעזען הערין א גלאז וואסער.

אננא האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר און וואס זיא זאל טאהן. זיא האט געזעהן נעארג'ן צום ערשטען מאל. דענאך איז זיא צוגעקומען צום טיש, האט אנגעגאסען א גלאז וואסער פון דער פלאש און האט עס דערלאנגט נעארג'ן.

נעארג האט אויסגעטרונקען דאס גאנצע גלאז און האט זיך פערניינט.

— איך דאנק אייך, שעהנעס מעדכען! האט ער געזאגט.

סטאסא האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון אלעס, וואס איז פארגעקומען. ווען נעארג האט אויסגעטרונקען דאס גלאז וואסער, האט זיא א ציטער געטאהן.

— עס איז געשעהן! האט זיא געברומט שטילערהייט. ער האט עס אויסגעטרונקען. ער איז פערלארען.

אננא האט ניט געקענט לענגערווארטען, זיא האט מורא געהאט פאר איהר מוטער. זיא האט דאהער אבשיעד גענומען פון דער אלטער סטאסא, האט זיך פערנייגט פאר נעארג'ן און איז אוועקגעגאנגען. נעארג איז יעצט געבליעבען אליין ביי דער אלטער סטאסא.

— זאג מיר, סטאסא, ווער איז דיעזעס מעדכען? זיא איז ניט דיא טאכטער פון א הענקער, דאס קען ניט זיין! דאס איז א ליגען.

— איך שווער אייך ביי אלע הייליגע, אז זיא איז דעם הענקערס טאכטער.

— וואס האט זיא דא געטאהן?

— זיא איז געקומען צו מיר, איך זאל איהר ראטהען אויף דער האנד.

— אזוי? דאס פערשטעהט איהר אויך?

— געוויס, הערר גראף. ווילט איהר, וועל איך אייך אויך ראטהען?

נעארג האט א שמייכעל געטאהן.

— וואס רעדט איהר? וויא קען עס א שטערבליכער מענש אויפהויבען דעם שלייער פון דער צוקונפט און זעהן דאס, וואס איז פערבארגען? קענען דען אונזערע אויגען זעהן זאכען, וועלכע זיינען נאך ניטא? קענען דען אונזערע אויערן הערן שטימען, וועלכע האבען נאך ניט גערעדט?

— עס איז ניט אזוי, הערר גראף, מיר קענען אמאל זעה און הערן, וואס עס וועט זיין. מיר זעהן עס און הערן עס ניט מיט אונזערע אויגען, ניט מיט אונזערע אויערן, זאנדערן מיט אונזער גייסט, מיט אונזער פערשטאנד. מיר זעהן ניט דיא צוקונפט, מיר פערשטעהן זיא, מיר פיהלען זיא.

— נו, לאמיר זעהן, וואס דוא קענסט, האט נעארג געלאכט. ווארפסט דוא קארטען אדער קוקסט דוא אויף דער האנד?

— איך קוק אויף דער האנד און ראטה פון דיא ליניען פון דער האנד.
נעארג האט איהר דערלאנגט זיין האנד און האט זיא געפרעגט:
— וואס זעהסט דוא אויף מיין האנד?
— איהר וועט באלד שטארבען.
— נו, האט געלאכט נעארג, דאס איז קיין קונסט ניט, מיר וועלען אלע שטארבען.
— איך האב אייך געזאגט, אז איהר וועט באלד שטארבען.
נעארג האט זיא אנגעקוקט מיט שטוינען און פערוואונדערונג. לאכט זיא פון איהם? וויל זיא איהם איבערשרעקען? וואס איז מיט איהר?
— וויא באלה, אז איהר קענט אזוי לעזען אין דער צוקונפט, קענט איהר מיר ניט זאגען, ווען איך וועל שטארבען?
— גיט מיר אייער האנד.
נעארג האט איהר געגעבען נאך א מאל דיא האנד. סטאסא האט זיא בעטראכט איינינע מינוט. פלוצלונג האט זיא אראפגעוואָרפען זיין האנד און האט איהם אנגעקוקט מיט שרעק.
— וואס איז, סטאסא? וואס זעהסט דוא?
— הערר גראף, איהר וועט נאך פיעלייכט היינט שטארבען.
— נו, דאס גלויב איך ניט! האט נעאָרג אויסגערופען, איך פיהל מיך געזונד און שטארק.
— ווער קען עס וויסען, וואס עס קען פאָרקומען. מען קען א מאל שטארבען פלוצלונג.
— גענוג רעדען דיעזע נאררישקייטען! — זאג מיר בעסער, צו וואס פאר א צוועק האסט דוא מיך גערופען?
— אך, הערר גראף! איהר זייט געקומען היינט אביסעל צו פריה. מארגען ערשט וועל איך קענען אייך זאגען, צו וואס איך האב אייך גערופען.
— דאס געפעלט מיר ניט, סטאסא! ווען דוא האסט מיר עפעס צו זאגען, זאָג עס מיר באלד.
— זייט זיכער, גראף, אז מארגען וועט איהר אלעס וויסען. איך וועל מארגען גאנץ פריה קומען צו אייך אין שלאָס.
— פערגעס ניט צו קומען גאנץ פריה, ווייל איך דענק מארגען צו פאָהרען קיין בודאפעסט.
אויף סטאסא'ס בלייכע ליפען האט זיך געוויזען א זאָנדערבארער שמייכעל.
— זייט רוהיג, גראף! איך וועל שוין קומען צו דער רעכטער צייט.
— איך בין יעצט ניט אויפגעלעגט, האט נעארג געזאגט,, אנאנדער מאל וואלט איך דיר געוויעזען, וואס עס הייסט לאכען פון א מענשען, שיקען איהם רופען און דערנאך זאגען איהם: מאָרגען! מאָרגען! דוא פערגעסט, אז איך בין א גראף טאָקקי!
— פערצייהעט מיר, הערר גראף! האט סטאסא געוויינט, איך האָף, אז איהר וועט מיר נאך אמאל דאנקען, וואס איהר האט מיך בעעהרט מיט אייער בעזוך.
נעארג האט מיט איהר מעהר ניט גערעדט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער,

קוים איז ער ארויסגעגאנגען און סטאסא האט געהערט, וויא ער איז אראפגעגאנגען פון בערגעל, האט זיא אנגעהויבען צו שפרינגען און צו טאנצען, וויא א וואהנזיניגע.

— עס איז געשעהן! ער האט געטרונקען דעם גיפט! — דוא ווילסט פאהרען מארגען קיין בודאפעסט. דוא וועסט פאהרען נאך היינט ביי נאכט אין יענעם לאנד, פון וואנען קיינער איז נאך ניט צוריק געקומען. — מיין פלאן איז געלונגען. אננא וועט פאהרען קיין בודאפעסט, זיא וועט איהם אליין דערלאנגען דעם גיפטיגען בעכער! — יעצט טאר איך ניט אראפלאזען קיין אויג פון איהר.

ווען געארג איז ארויסגעגאנגען פון סטאסא'ס צימער, האט ער זיך געפיהלט גאנץ גוט. ער האט געהאט פון וואס צו טראכטען. — ווער איז דיזעס שעהנע און ליעבליכע מעדכען? וויא קומט זיא צו סטאסא? וואס האט זיא דארט געטאהן? — ווער איז דיא סטאסא אליין? צו וואס האט זיא איהם גערופען? צו וואס האט זיא איהם געזאגט, אז ער וועט באלד שטארבען?

אננא'ס בילד האט געשוועבט פאר זיינע אויגען. ער האט זיא ניט געקענט פערגעסען. ער האט געוואלט פערטרייבען דיזען שאטען פון זיך, זיא איז אבער יעדעס מאל צוריק געקומען, יעדעס מאל שעהנער, יעדעס מאל ליעבליכער.

— וואס ווערט דערפון? האט ער ענדליך אויסגערופען. זיא איז דאך ניט מעהר, וויא דיא טאכטער פון א הענקער! — דאס ווארט אליין, דער נאמען הענקער, איז שרעקליך, אבשייליך און שוידערהאפט.

בעשעפטיגט מיט דיזע געדאנקען, איז ער אנגעקומען אין שלאס טאקקי. מען האט איהם געזאגט, אז מאקס פאן ראדעצקי איז געווען אין שלאס און האט נאכגע־פרעגט, וואס עלווירא מאכט. ער האט זיך דארויף ניט אומגעקוקט און האט געהייסען דיא דיענער אלעס פערטיג מאכען צו זיין רייזע קיין בודאפעסט. יעצט איז ער געווען פעסט ענטשלאסען צו פאהרען קיין בודאפעסט און טאהן אלעס, וואס ער וועט נור קענען, אום צו רעטען דעם אונגליקליכען ארטהור.

ער איז נאך געזעסען א געוויסע צייט לעבען זיין קראנקער שוועסטער און האט ענדליך געוואלט געהן אין זיינע צימער זיך לעגען שלאפען, ווען ער האט געפיהלט, אז עס איז איהם געווארען זעהר שלעכט. — דער גיפט האט אנגעהויבען צו ווירקען.

אנפאנגס האט ער זיך וועניג געקימערט. ער האט געמיינט, אז דאס עסען האט איהם געשאדעט. ער וועט אפברעכען און עס וועט איהם לייכטער ווערן. ער האט גע־וואלט זיך אניעדערלעגען. — ער האט זיך ניט געקענט ריהרען. ער האט אנגעהאפט דיא שנור פון דער גלאק און האט אנגעהויבען צו קלינגען. איינגע דיענער זיינען באלד געקומען צו לויפען.

— רופט מיר דעם דאקטאר! שנעל!

דיא דיענער זיינען ארויסגעלאפען נאכ'ן דאקטאר.

— וואס איז דאס? האט ער אויסגערופען. איך פיהל מיך זעהר שלעכט, זאל דיא אלטע העקסע (מכשפה) רעכט האבען? האט זיא ווירקליך געלעזען אויף מיין האנד, אז איך וועל באלד שטארבען?

א קאלטער פראסט איז איהם איבערגעלאפען דורכ'ן לייב. ער האט אנגעהויבען

צו ציטערן, וויא אין א שרעקליכעס פיעבער. זיינע צעהנער האבען אנגעהויבען צו קלאַפּען איינע אן דיא אנדערע; זיינע ליפּען זיינען געווארען בלוי און זיין גאנצעס געזיכט האט זיך פערענדערט.

דער דאקטאר איז באלד געקומען. זייט עלווירא איז קראנק געווארען, איז ער ניט אוועקגעפאהרען פון שלאס טאָקקי. ער האט בעטראכט געאָרג'ן און האט געפונען, אז ער איז גאנץ ערנסט קראנק. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס מיט איהם איז געשעהן. ער האט נור אזוי פיעל פערשטאנען, אז ער מוז איהם אויפמינטערן, בעלעבען, געבען איהם אזעלכע מיטעל, אז זיינע לעבענס־קרעפטע זאלען ווידער אנהויבען צו ארבייטען.

— וויא שטעהט עס מיט מיר, דאקטאר? האט געאָרג געפרעגט.

— איך קען אייך ניט זאגען גענוי, וואס אייך פעהלט, האט דער דאקטאר געענטפערט, איך האָף אבער, אז איך וועל אייך רעטען.

דער דאקטאר האט געהייסען דיא דינער, זיי זאלען אויסטאהן געאָרג'ן און זאלען איהם אניעדערלעגען אויפ'ן בעט. דאן האט ער אנגעהויבען צו געבען איהם אלערליי מיטעל. געאָרג האט צוואר געפיהלט, אז עס איז איהם עטוואס לייכטער, דער דאקטאר אבער האט געשאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ. ער האט אויף קיין פאַל ניט פערשטאנען, וואס מיט געאָרג'ן איז פאָרגעקומען. — ער האט ניט פערשטאנען דיא אורזאכע פון דיעזער זאנדערבארען קראנקהייט.

דיא נאכט איז פערגאנגען. עס איז אנגעקומען דער שעהנער, יונגער טאג. געאָרג האט נאך אלץ געשוועבט אין לעבענס־געפאהר.

דיא נאכריכט, אז געאָרג איז פּלוצלונג קראנק געווארען, האט זיך באלד פערברייטעט אין דער גאנצער געגענד. באלד איז דיא גרעפין פאן ראדעצקי דערפון געוואהר געווארען און איז געקומען צו פליהען אין שלאָס טאָקקי.

דיא אלטע גרעפין פאָן טאָקקי איז געוועזען אויסער זיך. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וויא עס איז אויפ'ן הארצען פון א מוטער, ווען איין קינד איז געפעהרליך קראנק זייט אייניגע טעג און פלוצלונג איז דאס אנדערע קינד קראנק געווארען.

דיא גרעפין ראדעצקי האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה צו טרייסטען דיא מוטער פון ביידע קראנקע קינדער. עס איז איהר אבער ניט געלונגען. דיא גרעפין פאָן טאָקקי האט געגאָסען מיט טרערין און האט זיך ניט געוואלט טרייסטען. דער טרויער און דער יאמער אין שלאס טאָקקי זיינען געוועזען אזוי גרויס, אז דיא גרעפין ראדעצקי האט עס ניט געקענט אויסהאלטען. זיא האט געמוזט אוועקפאהרען.

טרויעריג, פערטראכט, פערוויינט, מיט רויטע געשוואָלענע אויגען איז זיא געקומען צו זיך אהיים און האט זיך געווארפען אויפ'ן דיוואן. וויא שלעכט זיא איז געוועזען, האט זיא דאך אנגעהויבען צו פיהלען, אז עס איז שוין צו פיעל. זיא האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז זיא איז דיא אורזאכע, וואס ביידע קינדער פון דער גרעפין טאָקקי זיינען אזוי געפעהרליך קראנק.

— אך! וויא טרויעריג, וויא שרעקליך איז עס צו צווינגען דיא וועלט, זיא זאל געהן און טאהן, וויא איך וויל און וואס איך וויל! — מיר ווייזט אויס, אז איך שטרעב

צו א געוויסען ציעל און וואס נעהנטער איך קום צו דיעזען ציעל, אלץ ווייטער שטעהט עס פון מיר.

זיא האט א ציטער געטאהן, ווען זיא האט זיך דערמאָנט, וויא זיא האט געזעה עלווירא'ן ליעגען אויף איהר בעט בלייך, סראנק, שוואך, מיט פערברענטע ליפען און גליהענדע אויגען. דאן האט זיא געזעהן נעארג'ן ליעגען קראנק, בלייך, בעוואוסטלאָז. עס ווערט ניט פרעהליך אויפ'ן הארצען, ווען מיר זעהן, וויא א מענש ליידעט; עס ווערט אונאנגענעהם, ווען מיר זעהן פאר אונז, וויא איינער קרעכצט, וויא איינער ליידעט און מיר זיינען ניט אים שטאנד איהם צו העלפען.

דיא גרעפין האט זיך בעשעפטיגט מיט דיעזע טרויעריגע בעטראכטונגען, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און נאני איז אריינגעקומען אין צימער. ער האט באלד דערזעהן, אז דיא גרעפין איז זעהר טרויעריג און פערזארגט.

— וואס איז מיט אייך, גרעפין? פאר וואס זייט איהר אזוי טרויעריג?

— אך, נאני! וויא זאל איך ניט זיין טרויעריג, ווען איך זעה, אז פון אלע אונזערע פלאנען ווערט וואסער? עס איז אומזיסט! אלעס, וואס מיר טהוען; אלעס, וואס מיר טראכטען אויס און קלערן אויס, איז לופט און ווינד. מיר פערפלאָנטערן זיך אלץ מעהר און מעהר אין דיא נעצען, וועלכע מיר שטעלען אויס פאר אנדערע.

— וואס רעדט איהר? וואס ווילט איהר? — אלעס געהט זעהר גוט. אלעס געהט, וויא מיר ווינשען. — עס קומען פאָר שוועריגקייטען. דאס איז קיין וואונדער. מיר שפיעלען קיין געוועהנליכעס שפיעל. מיר ריזיקירען; מיר שטעלען איין זעהר פיעל אויף איין קאָרט.

— קענען מיר דאך פערליערן, האט דיא גרעפין געזיפצט.

— דער גוטער שפיעלער פערליערט קיין מאל ניט, האט נאני געענטפערט שטאָלץ.

— איך זעה נאך ניט איין, וואס דוא האסט געוואונען מיט דיין ריזיקירטעס שפיעלען, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.

— וואס ווילט איהר, גרעפין? איך בין געווארען א רייכער מאן. דאס איז דאס ערשטע און וויכטיגסטע. דאן האב איך מיר ערוואָרבען אייער פריינדשאפט, אייער ליעבע, וועלכע איז ביי מיר טהייערער פון אלע שעצע (אוצרות) פון דער וועלט. מיר האבען יעצט דיעזעס שעהנע שלאָס, צו אונז געהערן אלע לענדער ארום.

— איך ווייס נאך ניט, וויא ווייט דיעזע לענדער געהערן צו אונז, האט איהם דיא גרעפין אונטערבראכען. — לעבען דיעזען שטאלצען שלאס געפינט זיך א שרעקליכער אבגרונד.

— איך האב אומיסטען אפגעזוכט אזא שלאָס, לעבען וועלכען עס געפינט זיך א טיעפער אבגרונד, האט נאני בעמערקט מיט א זאָנדערבארען שמייכעל. איך האב געוואוסט, אז עס קען קומען א צייט, ווען מיר וועלען זיך געפינען הויך, הויך אויף דער שפיצע פון גליק און רייכטהום. מיר קענען דאמאָלס פערגעסען, אז מיר זיינען געוועזן ארים און אונגליקליך. לאז דער אבגרונד אונז דערמאָנען, אז מיר זיינען אמאָל געוועזן זעהר ניעדעריג

דיא גרעפין האט פערשטאנען, וואס ער מיינט און האט געזאגט נור איין ווארט:

— דוא ביסט א טייפעל און קיין מענש, נאגי!

— מען דארף קענען זיין א טייפעל אויך, האט נאגי געלאכט, א גוטער טייפעל האט א מאכט איבער א שלעכטען ענגעל. דערפאר דיינען מיר דאך אזא פאסענדעס פאריל: א טייפעל מיט אן ענגעל.

דיא גרעפין איז געווען אויסער זיך. זיא האט שוין ניט געקענט איבערטראגען דיעזען שפאט און דיעזע פעראכטונג פון דיעזען שרעקליכען מענשען. זיא איז אויפגע־שפרונגען פון דער סאפא, אויף וועלכער זיא איז געזעסען, אין האט געוואלט ארויס־געהן פון צימער.

נאגי האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף איהר פלייצע און האט געזאגט:

— לויפט ניט אזוי, גרעפין! מיר דארפען זיך ניט קריעגען. מיר וועלען דאך באלד ווערן מאן און פרוי פאר דער גאנצער וועלט. צו וואס זאלען מיר זיך קריעגען?

דיא גרעפין האט איהם געקוקט איינינע מינוט גלייך אין דיא אויגען. זיא האט ניט געוואוסט, וואס ער מיינט מיט זיינע לעצטע ווערטער: לאכט ער פון איהר, אדער מיינט ער עס ערנסט.

— איך וויים ניט גענוי, וואס דוא מיינסט מיט דיינע ווערטער, נאגי, האט זיא ענדליך געזאגט, וויא דיא זאלסט עס אבער ניט מיינען, מוז איך דיר זאגען, אז איך זעה נאך ניט ארויס, אז מיר זאלען זיך אזוי שנעל קענען פערהייראטען. מיר ווילען ווערן אנפערוואנדעט מיט'ן גראף מעראס. — ליידער, איז דיעזער פלאן ניט אין גאנצען געלונגען. עלווירא ליעגט אויפ'ן טויטען בעט. איך האב זיא היינט געזעהן. זיא וועט שטארבען אדער זיא וועט אראפ פון זינען. וואס איז דען געווארען פון אלע דיינע פלענער? — דארט ליעגט איינער אין געפענגנים און ערווארטעט, אז מען זאל איהם ברענגען זיין טאדעס אורטהייל. דא ליעגט איינע און קעמפפט דעם לעצטען קאמפף מיט'ן לעבען. אויך געארג איז געפעהרליך קראנק. איך פערשטעה, פון וואנען עס קומט. ער איז דיר געשטאנען אין וועג. — טרויעריג! שרעקליך! אזוי פיעל מענשענלעבען און צו וואס פאר א צוועק?

זיא האט ניט געקענט ווייטער רעדען. דיא טרערין האבען זיא געווארגען. זיא האט געמוזט אוועקלויפען אין איהר שלאף צימער און זיך ווארפען אויף איהר בעט.

נאגי איז געבליעבען שטעהן אין צימער איינינע מינוט. ער האט זיך איבערלעגט, ער האט נאכגעזוכט, וואס דיא גרעפין האט איהם נור וואס געזאגט.

— זיא איז א נארר! האט ער ענדליך אויסגערופען. זיא וויים ניט, וואס זיא רעדט. — עס איז צוואר מעגליך, אז איהר זאל עפעס פאסירען, איך אבער בין גע־שיצט. איך האב קיין שלעכטעס ניט געטאהן. קיינער קען ניט אויפווייזען, אז איך האב געטאהן עטוואס שלעכטעס.

## 25טער קאפיטעל.

# דיא אנקלאגע.

דער גוטער אדוואקאט נאוואק האט ניט גערוהט. ער האט געזוכט און גענראי־בען און געפארשט נאך בעווייזע, אז ארטהור האט ווירקליך געמאכט פאלשעס געל

עס איז אבענד. דער אדוואקאט זיצט לעבען זיין שרייב טיש. פאר איהם ליעגט א פאק פאפיערען און דאקומענטען. ער האט גענומען אן אקט און האט איהם דורכגעלעזען א פאר מאל.

— דאס איז קיין וואונדער, האט ער געברומט. איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז ביי איהם איז שלאס ווערט מען נאר ניט געפינען. דאס איז אבער קיין בעווייז. דער בעסטער בעווייז געגען איהם איז דאס קעסטעלע מיט דיא אינסטרומענטען, וועלכעס איך האב אונטערגעווארפען, ווען מיר האבען ביי איהם געמאכט דיא הויז-אונטערזוכונג דאס איז גענוג! מעהר דארף מען ניט. ער איז פערלארען, קיין זאך אין דער וועלט קען איהם שוין ניט רעטען פון טויט. — יעצט, גראף מעראס, ווערט איהר שוין גלויבען, וואס דער אדוואקאט נאוואק זאגט אייך. — איבערמארגען ווערט זיך אנהויבען דער פראצעס. ער ווערט ניט לאנג דויערן. מען ווערט איהם געווים פערארטהיילען. דאס איז זיכער.

דער דיענער איז אריינגעקומען און האט איהם געמעלדעט, אז א פרעמדער מאן איז געקומען און וויל מיט איהם רעדען. דער אדוואקאט האט געהייסען איהם אריינפיהרען. אין א פאר מינוטען ארום איז מיכאאיל, דער הענקער, אריינגעקומען אין צימער.

— ענטשולדיגט מיר, מיין הערר, וואס איך בין אייך געקומען שטערען. מיין איינינגע צייט צוריק האב איך ערהאלטען פון אייך א בריעף, אין וועלכען, איהר הייסט מיר ווארטען אין בודאפעסט נאך צעהן טאג. איהר ווערט מיר דאן מיטטהיילען א גוטע נאכריכט. זייט יענער צייט זיינען שוין פערגאנגען דרייא וואכען און איך האב נאך פון אייך קיין נאכריכט ניט ערהאלטען. איך וויל פאהרען אהיים און איך וויל וויסען, אויב איך זאל נאך ווארטען.

— גאנץ רעכט, מיכאאיל! איהר האט רעכט! איך האב געזעהן, אז איהר זאלט בלייבען אין בודאפעסט און זאלט זיין דער הויפט הענקער פון גאנץ אונגארן. איך האב געמיינט, אז איך וועל עס דורכזעטצען אין א קורצער צייט. עס געהט אבער ניט אזוי לייכט. מען מוז פריהער אפזעצען דעם אלטען פון זיין אמט.

— דאס איז ניט נעטהיג. ווייל דער אלטער הענקער איז היינט אין דער פריה געשטארבען, האט מיכאאיל געזאגט.

— אה, דאן קענט איהר זיכער זיין, אז איהר ווערט בעקומען זיין שטעלע. איהר ווערט אויך באלד בעקומען ארבייט, א גוטע ארבייט, אן עדעלע ארבייט.

— וואס מיינט איהר, הערר אדוואקאט? ווערט מען באלד דארפען אפהאקען איינעם דעם קאפ?

— געוויס! איך האב דאך אייך געזאגט, אז איהר ווערט האבען אן עדעלע ארבייט.

— מעג איך פרעגען, וויא דער פערברעכער הייסט?

— ער הייסט באראן ארטהור פאן באטהיאני, האט דער אדוואקאט געענטפערט און האט אויסגעצויגען יעדעס ווארט.

מיכאאיל האט א ציטער געטאהן און איז געווארען בלייך, וויא קאלך.

— איך האב געהערט, אז ער איז ארעסטירט, האט ער געזאגט, איך גלויב

אבער ניט, אז ער איז שולדיג. איך בין געווען זיכער, אז דאס האָהע געריכט וועט אויסגעפינען, אז ער איז ניט שולדיג.

— ליידער, האט דאס האהע געריכט אויסגעפונען, אז ער איז יא שולדיג און מען וועט איהם פערארטהיילען צום טויט.

— מעג מען צוקומען צו איהם און רעדען מיט איהם? האט דער הענקער נעפרעגט.

— איהר וועט מיט איהם געווים רעדען, האט געענטפערט דער אדוואקאט מיט א שמייכעל. איהר וועט נאך האבען דיא עהרע איהם אפצוהאַקען דעם קאפּ.

א פינסטערער וואלקען האט זיך געוויזען אויפ'ן הענקערס געזיכט. איהם האט שטארק פערדראָסען, וואס דער אדוואקאט האט געשפאסט איבער ארטהיר'ס טויט. ער פלעגט טאהן זיין ארבייט ערנסט און טרויעריג. ער האט קיין מאל ניט געלאכט פון דיא מענשען, וועלכע ער האט געטויטעט אויפ'ן עשאפאט.

ער האט דאהער מעהר ניט גערעדט מיט'ן אדוואקאט. האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

---

עס איז גאנץ פריה. דיא פרישע, ווארימע יוני זון איז נור וואס אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט א קליין פענסטעריל, בעשלאגען מיט שווערע אייזערנע גראַטעס.

אין דיעזען קאמעריל זיצט יעצט דער באראָן ארטהור פאן באטהאיאני. ווער פון זיינע בעקאנטע עס וואָלט איהם יעצט געזעהן, וואָלט איהם געוויס ניט דערקענט. ערשט מיט דריי וואָכע צוריק איז ער געוועזען א פרעהליכער, לעבעדיגער און קרעפטיגער מאַן, יעצט אָבער איז ער איינגעבויגען, איינגעהויקערט, איינגעדרעהט אין דרייען. זיינע באקען זיינען בלייך, ארום דיא אויגען זעהט מען שווארץ בלויע ראָדער; זיינע ליפען זיינען בלוי און זיין גאַנצע געשטאלט ווייזט אויס אלט, געבויגען און געבראָכען. — דאס האָט געמאכט פון איהם דאס געפענגניס.

וויא פריה עס איז, שלאָפט שוין ניט דער אונגליקליכער ארעסטאנט. ער זיצט אויף זיין אָרימען געלעגער און קוקט אויף דיא עטליכע גאָלדענע שטראַהלען פון דער זון, וועלכע גנב'ענען זיך אריין אין זיין ענגען קעמעריל.

— וואס זיינען מיר? מיט וואָס שטאָלצירען מיר? האָט געברומט דער אַרעס־טאנט פאר זיך, — וויא גליקליך זיינען מיר, זא לאנג מיר זיינען יונג, זא לאנג מיר פערשטעהן ניט דיא וועלט! קוים הייבען מיר אָן זיא צו פערשטעהן, ווערן מיר אונגליקליך. זיי האבען רעכט געהאט, אונזערע אלטע חכמים, ווען זיי האָבען אונז פאָרגעשטעלט, אז דער בוים פון ווי סען איז ניט דער בוים פון לעבען. מען לעבט, זאלאנג מען ווייס ניט; קוים הייבט מען אן צו וויסען, קען מען ניט לעבען.

איך האב געלעבט, זאלאנג איך האב געמיינט, אז אויף דער וועלט איז דא ליעבע און גליק; זאלאנג איך האב ניט געוואוסט, אז אין יעדער פאראדיז, אין יעדען גן עדן, געפינט זיך א שלאנג, וועלכע פערגיפטעט אונזער לעבען. יעצט וויים איך עס, וואס איז דער אונטערשיעד, וויא דיעזע שלאנג הייסט און אין וואָס פאר א געשטאלט זיא קומט פאר: אויב אין דער געשטאלט פון א גראף ראדעצקי, א גראף טארנאססי,

עס בלייבט דאָך אַ שלאַנג!

ער איז צוריקגעפאַלען אויף זיין געלעגער און צוויי גרויסע הייסע טראָפּען טרערען האָבען זיך געקייקעלט איבער זיינע בלייכע און איינגעדאַרטע באַקען. ער האָט זיי אָפּגעווישט מיט דער האַנד. און האָט אויסגערופען:

— אַזוי? איך קען נאָך וויינען? — איך דאַנק דיר גאָט! איך דאַנק דיר דערפאַר, וואָס אין מיינע אויגען זיינען נאָך דאָ טרערען! — מען האָט מיך געמאַכט פאַר אַ פערברעכער און איך בין ניט אים שטאַנד צו בעווייזען, אַז איך בין אונשולדיג. מען קעמפּפט געגען מיר מיט וואַפען, וועלכע איך קען ניט געברויכען. — וואָס קען איך ענטפערען אויף ליגען, פערליימדונג, רכילות, פאַלשקייט און בעטרוג? — דו, גוטע, ליעבע, עדעלע עלווירא! דו פערשטעהסט מיך! דו קענסט מיך! דו ווייסט וואָס פאַר אַ נעצען פון פאַלשקייט און שווינדעל מען האָט געצויגען אַרום מיך. דו ביסט נאָך מיין איינציגע טרייסט. דו ביסט נאָך מיין האָפנונג. אויב איך וועל נאָך לעבען, אָדער מען וועט מיך טוידטען, — דו וועסט זיין מיין ליעבע, טהייערע עלווירא. דו וועסט זיי ניט גלויבען. דו וועסט ניט הערען די פערליימדונג פון מיינע פיינד; דו וועסט מיר בלייבען טריי זאָגאַר נאָך מיין טוידט. —

דער אונגליקליכער איז געפאַלען אויף זיין געלעגער און איז געבליעבען ליעגען אַ געוויסע צייט, ווי פערשטיינערט. ער האָט ניט געוואוסט ווי לאַנג ער איז אַזוי געלעגען, דער שלאָס פון דער שווערער אייזערנער טהיר פון זיין קעמעריל האָט אָנגעהויבען צו קנאַקען, די טהיר האָט זיך געעפענט און אַ געריכטס־דיענער מיט צוויי זשאַנדאַרמען איז אַריינגעקומען אין צימער.

— העזר באַטהיאַני, קומט מיט אונז, האָט דער געריכטס־דיענער איהם געזאָגט, דאָס געריכט האָט זיך פעזאַמעלט און היינט וועט זיין די לעצטע ענטשיידונג.

— ענדליך! ענדליך וועל איך וויסען, וואָס מיין שיקזאַל וועט זיין! האָט אַרטהור אויסגערופען, איהר וועט מיר געוויס ערלויבען זיך אָנצוטהאָן.

— געוויס מיין העזר.

אַרטהור האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן און זיך אַרומגעוואַשען. ער האָט ניט געוואָלט קומען פאַר זיינע ריכטער פערוויינט און פערטרויערט.

מיט אַ האַלבע שטונדע שפּעטער האָט מען איהם אַריינגעפיהרט אין געריכטס זאַל. אַרטהור האָט צום ערשטען מאָהל געזעהן זיינע ריכטער די מענשען, וועלכע וועלען ענטשיידען איבער זיין לעבען. וויא ערשטוינט איז ער געוועזען, ווען ער האָט דערזעהן דעם אַדוואָקאַט נאָוואַק ניט ביים טישעל פון זיינע פערטהיידיגער, זאָנדערן ביים טישעל פון'ם פּראָקוראָר, זיין אַנקלעגער. דאָס האָט ער שוין ניט געקענט פערשטעהן. דער אַדוואָקאַט נאָוואַק האָט דאָך איהם אַליין געזאָגט, אַז ער איז זיין פערוואַנדטער. וויא קען ער פּלוצלונג ווערען זיין אָנקלעגער?

עס איז פערגאַנגען אַ געראַומע צייט, ביז די ריכטער האָבען צונויפגעזעצט זייערע פּאַפּיערען אין אָרדנונג און יעדער האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט.

— באַראָן פאַן באַטהיאַני! האָט ענדליך געזאָגט דער פּאָרזיצענדער מיט אַ

פעסטער, ערנסטער און טרויעריגער שטימע, — עס טהוט מיר הערצליך לייד אייך צו זאָגען, אַז די אונטערזוכונג אין אײַער פּראָצעס האָט זיך געענדיגט זעהר ניט גינסטיג פאַר אייך. — עס איז וואָהר, אַז אין אײַער שלאָס האָט מען גאָר ניט געפונען, אָבער אין אייער וואָהנונג אין האָטעל אין בודאַפּעסט האָט מען געפונען בעווייזע, וועלכע מען קען ניט אָפּלייקענען. —

— בעווייזע? האָט אַרטהור אויסגערופען, מען האָט שוין זאָגאָר בעווייזע? וואו האָט מען שוין גענומען בעווייזע?

— יאָ, הערר פאָן באַטהיאַני! מען האָט געגען אייך גאַנץ שווערע בעווייזע.

ער האָט אַווינק געטהאָן צו אַ געריכטס־דיענער, אַז ער זאָל איהם עפּעס ברענגען. אין איינינע מינוטען אַרום האָט מען געבראַכט אַ קליין קעסטעלע און מען האָט עס אַניעדערגעשטעלט פאַר די ריכטער.

— ווייזט דעם אָנגעקלאָגטען דאָס קעסטעלע מיט אַלע זאַכען, וועלכע געפינען זיך דאַרין, האָט דער פּאָרזיצענדער געהייסען.

דער געריכטס־דיענער האָט צוגעטראָגען צו אַרטהור'ן אַ קעסטעלע מיט בליישטיפטען, שטעמפּלען, מעסערלעך, צייכען אינסטרומענטען און אַלעס, וואָס מען דאַרף ווען מען מאַכט פאַלשע געלד. אַרטהור איז געוואָרען בלייך וויא קאַלך, און איז געפאַלען אויף זיין באַנק אין אָהנמאַכט.

עס איז געוואָרען אַ גוואַלד, אַ געשריי. מען האָט איהם געשפּריצט וואַסער אין געזיכט, עס האָט ניט געהאָלפען. מען האָט געמוזט אונטערברעכען די פערהאנדלונג און שיקען נאָך אַ דאָקטאָר.

**(ענדע פון'ם צווייטען טהייל.)**

דער

# שטומער בעטלער,

איבערזעצט פון א. טאנענבוים.

## דריטער טהייל.

### 1טער קאפיטעל.

### פעראורטהיילט.

דעם אנדערן טאג האט זיך ארטהור געפיהלט בעסער און מען האט געקענט פארטזעצען דיא פערהאנדלונג. מען האט איהם וויעדער געוויעזען דאס קעסטעלע מיט דיא אינסטרומענטען און דער פארזיצענדער פון געריכט האט איהם געפרעגט:

— דערקענט איהר דיעזעס קעסטעלע? געהערט עס צו אייך?

— איך ווייס פון זיי ניט! האט ארטהור אויסגערופען, איך האב זיי קיין מאל ניט געזעהן! — וואו האט מען זיי געפונען?

— אויף אייער קווארטיר, אין האטעל דע פאריז.

— דאס איז אונמעגליך! דאס איז א ליגען! האט זיך געקאכט ארטהור. ווער האט זיי דען געפונען ביי מיר?

— איך האב זיי געפונען! האט אויסגערופען דער אדוואקאט.

— איהר? וויא קומט איהר צו מאכען ביי מיר א הויז-אונטערזוכונג? איהר זייט דאך גאר אן אדוואקאט.

— איך בין געוועזען ביי אייך מיט אן אונטערזוכונגס-ריכטער און מיר ביידע האבען געפונען ביי אייך דיעזעס קעסטעלע.

— דאן זייט איהר א ליגנער און א שווינדלער! האט ארטהור אויסגערופען.

— הערר בעראָן, קיינע בעליידיגונגען! האט געזאגט דער פארזיצענדער שטרענג.

— מיינע העררען! האט ארטהור אויסגערופען ערנסט און פייערליך, איך שווער אייך ביי אלעם, וואס איז הייליג, אז איך האב דיעזע זאכען קיין מאל ניט געהאט ביי מיר אין צימער און האב זיי קיין מאל ניט געזעהן. ווען דער אדוואקאט בעהויפטעט, אז ער אליין האט זיי געפונען, מוז איך זאגען, אז ער האט זיי אונטערגעווארפען. אנדערש קען עס ניט זיין. איך ווייס ניט, וויא ענע פאלשע באנקנאטען זיינען געקומען צו מיר. איך בין זיכער, אז איינער איז געוועזען אין מיין צימער, ווען איך בין ניט געוועזען אין דערהיים און האט מיר אונטערגעווארפען דיא פאלשע באנקנאטען. נאך בעסער,

ער האט צונענומען מיינע גוטע באנקנאטען און האט אריינגעלעגט אין מיין שרייב־טיש דיא שלעבטע.

— קענט איהר עס בעווייזען? האט דער ריכטער געפרעגט.

— איך קען נור אזוי פיעל זאגען, אז דיא דיענער פון האטעל ווייסען, אז א פרעמדער איז געווען ביי מיר אין צימער אין דער צייט, ווען איך בין ניט געווען אין דערהיים. איך פערלאנג, אז מען זאל זיי פרעגען.

— מיר האבען אלעס געטאהן, וואס עס קען נור דיענען צו אייער פערטהיידיגונג, האט דער פארזיצענדער געענטפערט. לײדער, קען מען ניט וויסען, ווער עס איז ביי אייך געווען. איינינע זאגען, אז גראף טארנאססי איז געווען ביי אייך. דאס איז אבער אונמעגליך, ווייל קיינער פון דיא גראפען טארגאססי געפינט זיך יעצט ניט אין בודאפעסט און איז דעם גאנצען זומער דא ניט געווען. עס איז אונמעגליך צו וויסען, אויב דער מאן, וועלבער איז געווען ביי אייך, איז געווען אייער פיינד אדער אייער שותף, אייער פריינד, מיט וועלבען איהר האט צוזאמען געמאכט דאס פאלשע געלד.

— וואס זאל איך זאגען? וויא זאל איך מיך פערטהיידיגען? האט ארטהור אויסגערופען, — אורטהיילט, וויא איהר ווילט און וויא אזוי איהר ווילט. לאז אייער אורטהייל פאלען אויף אייער געוויסען און אויף אייער קאפ! לאז דיעזער קלוגער און געלערנטער אדוואקאט, וועלבער בעשולדינט מיך יעצט און זוכט, אז מען זאל מיך פערארטהיילען, זיך דערמאנען אין דער לעצטער שטונדע פון זיין לעבען, אז מען האט מיך פאלש בעאורטהיילט און פאלש פעראורטהיילט!

נאוואק האט זיך יעצט אויפגעהייבען און האט אויסגערופען:

— אים נאמען פון גאט אים נאמען פון אונזער גרויסען קייזער! אים נאמען פון היילינען געזעץ, פאר וועלבען מיר אלע בייגען אן אונזער קאפ! — אים נאמען פון דיעזע דרייא שווער איך פאר אונזערע הויכע און געעהרטע ריכטער, אז איך האב מיר געגעבען אלע מעגליכע מיה צו פערטהיידיגען דעם אנגעקלאגטען. איך האב געקלערט, געפארשט און געזוכט דעם מענשען, וועלבער האט בעגאנגען דאס שרעקליכע פערברעכען. איך בין אויך אנפאנגס געווען איבערצייגט, אז דער באראן פאן באטהיאני איז אונשולדיג. איך האב קיין מאל ניט פערגעסען, אז ער איז מיין פערוואנדטער, אז איך אליין שטאם אפ פון דער פאמיליע באטהיאני. —

דאס האט שוין ארטהור ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט פארשטאנען, אז דער אדוואקאט זוכט, אז מען זאל איהם פעראורטהיילען.

— נו, מיין העדר! דאס איז א ליגען! האט ארטהור אויסגערופען, איהר שטאמט ניט אפ פון דער פאמיליע באטהיאני! אין אונזער פאמיליע געפינען זיך ניט אזעלבע שלעננ! אין אונזער פאמיליע געפינען זיך ניט אזעלבע מענשען, וועלבע זיינען פערדארבען אזוי ווייט צו פערניכטען זייער אן אנפערוואנדטען. איך זאג אייך אפען, הערר נאוואק, אז איהר זייט א גייסטיגער קריפעל — א גייסטיגע קאליקע. אזעלבע קריפעל געפינען זיך ניט אין אונזער פאמיליע. מיר זיינען אלע עהרליבע, ריינע, שטאלצע און פעסטע נאטורען. איהר זייט א טויגעניכטס! — יעצט, הערען ריכטער, זאגט אייער אורטהייל! איך בין בערייט צו הערען דאס שלימסטע.

דער אדוואָקאט איז געווארען גרין און געל פאר צארן און פארדרוס. ער האט געוואלט עפּעס ענטפערן, דער פארזיצענדער אבער האט איהם ניט געלאזען.

— דער פּראָצעס איז געענדיגט, האט ער געזאגט, וואס וועט ווערן דערפון, וואס דער אנגעקלאגטער וועט זיך זיעדלען מיט'ן אנקלעגער? — מען בעליידיגט דערמיט דאס געריכט. — לאמיר אריינגעהן אין אונזער צימער זיך בעראטהען.

דיא ריכטער האבען זיך אויפגעהויבען און זיינען אריינגעגאנגען אין א בעזונדער צימער. מיר מוזען דערביי בעמערקען, אז אין יענער צייט האט מען נאך ניט געוואוסט פון קיין געשווארענע געריכט (סוד פּריסיאזשניך). דיא ריכטער פלעגען אליין ארויס־זאגען זייער אורטהייל. זיי האבען קיינעם ניט געפרעגט און פלעגען זיך מיט קיינעם ניט בעראטהען. עס איז נאך געווען דיא אלטע מאדע, אז דרייא ריכטער האבען ארויס־געזאגט זייער אורטהייל.

דיא ריכטער זיינען ארויסגעגאנגען אין זייער בעראטהונגס צימער און זיינען גע־בליעבען א לענגערע צייט. אין געריכטס זאל איז געווען שטיל. קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעדען א ווארט. אלע האבען געווארט אויף דיא שרעקליכע מינוט, ווען דיעזער זאנדערבארער פּראצעס וועט זיך ענטשיידען. דא איז געווען א פראגע פון טויט און לעבען. נאָוואק איז געזעסען אין זאל. ער האט ניט געהאט קיין רעכט אריינצוגעהן צו דיא ריכטער.

ענדליך האט זיך דיא טהיר פון בעראטהונגס צימער געעפענט און דיא ריכטער זיינען אריינגעקומען. זיי זיינען געווען ערנסט. זיי זיינען געבליעבען שטעהן לעבען בילד פון קייזער יאזעף דעם צווייטען און דער פארזיצענדער האט ארויסגעזאגט מיט זיין ערנסטער, פייערליכער שטימע:

— דאס האָהע געריכט האט אויסגעפונען, אז דער באראן ארטהור פאן באט־היאני איז שולדיג. ער האט געמאכט פאלש געלד און האט עס פערברייטעט אין פאלק. לויט פאראגראף 46 פונקט 3 פון קרימינאל געזעץ בוך, קומט פאר אזא פער־ברעכען דיא טאדעסשטראפע. מיר האבען דאהער פעראורטהיילט דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני צום טויט דורך אויפהענגען ביים האלז.

ארטהור האט אויסגעהערט זיין טאדעס אורטהייל גאנץ רוהיג. ער איז געווען געפאסט דארויף. ער האט עס ערווארטעט. ער האט שוין געזעהן, וויא דער גאנצער פּראצעס איז געפיהרט געווארען און האט געוואוסט, אז דאס וועט זיין דאס אורטהייל. דיא זשאנדארמען האבען שוין געוואלט איהם אוועקפיהרען. פּלוצלונג האט זיך געעפענט דיא טהיר פון זאל און גראף מעראס איז אריינגעקומען. אלע אויגען האבען זיך געווענ־דעט צו איהם. דיא ריכטער האבען זיך פערנייגט פאר איהם און דער אדוואקאט נאָ־וואק איז געווארען בלייך, וויא דיא וואנד.

גראף מעראס איז צוגעקומען צום טיש, וואו דיא ריכטער זיינען געשטאנען און האט געפרעגט:

— מיינע הערען, איז דער פּראָצעס שוין געענדיגט? האט איהר שוין ארויס־געזאגט אייער אורטהייל?

— מיר האבען שוין ארויסגעזאגט אונזער אורטהייל, האט דער פאָרזיצענדער געענטפערט.

— קען איך וויסען, וויא אזוי דער אורטהייל לויטעט?

— צום טויט דורך הענגען.

גראף מעראס איז געוואָרען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן מיט'ן גאנצען קערפער.

— זייט איהר ווירקליך איבערצייגט, אז דער באראן פאן באטהיאני האט נאכ־געמאכט פאלשע באנקנאטען? האט ער געפרעגט.

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך מוז ערקלערן, אז מיר האבען געהאט זעהר וויכטיגע בעווייזע, אז דער באראָן איז שולדיג.

— זיינען דיעזע בעווייזע היער? האט גראף מעראס וויטער געפרעגט, האט דער אדוואקאט נאוואק אליין געבראכט דיעזע בעווייזע?

דער אדוואקאט האט זיך געביסען דיא ליפען ביז אין בלוט. ער האט זעהר גוט געזעהן, אז גראף מעראס פערשטעהט איהם.

— באראן פאן באטהיאני! האט גראף מעראס אויסגערופען אין דער הויך, פראָטעסטירט געגען אזא אונגערעכטעס אורטהייל! איהר האט דאס רעכט צו אפע־לירען צום העכערן געריכט אין וויען. איך בין זיכער, אז ביז דאס האָהע געריכט וועט פערהאנדלען אייער פראָצעס, וועט מען אויסגעפינען דעם וואהרען פערברעכער.

— איך דאנק אייך, גראף! האט ארטהור אויסגערופען, איך דאנק אייך פאר אייער טהיילנאהמע; איך דאנק אייך דערפאר, וואס איהר גלויבט, אז איך בין אונ־שולדיג. איהר זייט פיעלייכט דער איינציגער, וועלכער איז איבערצייגט, אז איך בין אונשולדיג.

— ניין, באראָן פאן באטהיאני! איך בין ניט דער איינציגער, האט גראף מעראס געענטפערט, יעדער, ווער עס קען אייך, איז איבערצייגט, אז איהר זייט אונשולדיג. איך דענק זאגאר, אז אייניגע פון אייערע ריכטער זיינען אליין איבערצייגט, אז איהר זייט אונשולדיג.

דיא ריכטער האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. דעם פאָרזיצענדען איז געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס דער גראף איז פלוצלונג געקומען און האט זיי געמאכט אזעלכע פאָרווירפע. אלס פאָרזיצענדער האט ער געמוזט פערטהיידיגען זיין אורטהייל.

— הערר גראף, איהר פערגעסט, אז מיר שטעלען פאָר דאס העכסטע געריכט אין לאנד, האט ער געזאגט, ווען מיר האבען ניט ריכטיג געאורטהיילט, מעג דער פער־אורטהיילטער אפעלירען קיין וויען.

גראף מעראס האט ניט געענטפערט. ער האט זיך געווענדעט צו ארטהור'ן און האט איהם געזאגט:

— באראָן פאָן באטהיאני! איהר ווייסט יעצט, וואו איהר האלט און וואס איהר האט צו טאהן. מען האט אייך פעראורטהיילט אונגערעכט. אן אדוואקאט, וועלכער וואלט געדארפט אייך פערטהיידיגען, איז אויפגעטרעטען געגען אייך אלס אנקלאגער.

ער האט געמאכט ביי אייך א הוידאונטערזוכונג. דאס איז גענען דאס געוועז. פראָטעסטירט געגען אן אונגערעכטעס אורטהייל.

— גראף מעראס! האט ארטהור גענטפערט, איך ווייס, אז מיין אפעלאציאָן וועט זיין אומזיסט. דיא זעלבע מענשען, וועלכע האבען מיך געמאכט פאר א פערברעכער, וועלען געוויס טאהן אלעס מעגליכע אום צו בעווייזען, אז איך בין ווירקליך שולדיג. איך זעה דאך, וויא קלוג און וויא געשיקט זיי האבען עס געמאכט און וויא ווייט זיי האבען עס געבראכט. עס איז טרויעריג, זעהר טרויעריג אריינצופאלען אין דיא הענד פון שלעכטע מענשען!

דער פארזיצענדער פון געריכט האט עס ניט געקענט איבערטראגען. ער האט געגעבען א ווינק דיא זשאנדארמען, זיי זאלען אוועקפיהרען דעם פעראורטהיילטען.

דיא זון האט געהאלטען ביים אונטערגעהן, ווען מען האט געבראכט ארטהור'ן צוריק אין זיין קעמעריל. ער איז צוגעגאנגען צום קליינעם פענסטעריל פון זיין קעמעריל און האט ארויסגעקוקט אין דרויסען, וויא עס ווערט אלע מאל דונקלער און דונקלער, וויא ביי איהם אויפ'ן הארצען. ענדליך איז דער לעצטער שטראהל פון דער זון פערלאָשען געווארען. דיא נאכט האט אויסגעברייטעט איהרע שווארצע פליגעל איבער דער וועלט. פינסטער איז געווארען אין דרויסען, פינסטער איז געווארען אין געפענגניס, פינסטער איז געווארען אין ארטהורס זעלע.

— אלעס פערלאָרען! אלעס פאראיבער! איך בין פעראורטהיילט! מיינע פיינד וועלען זיך געוויס געבען אלע מעגליכע מיה, אז מען זאל אויספיהרען מיין טאדעס אורטהייל, וויא אם שנעלסטען. עס איז אומזיסט! מיינע פיינד האבען געזיעגט!

ער איז אוועקגעגאנגען פון פענסטער און האט זיך געווארפען אויף זיין געלעגער. ער איז געוועזן שרעקליך מיעד פון דער אויפרעגונג פון היינטיגען טאג. ער האט פראָבירט אנטשלאפען צו ווערן, עס איז אבער געוועזן אונמעגליך צו שלאפען. עס האבען זיך איהם פאָרגעשטעלט אלערליי שרעקליכע בילדער: אן עשאפאט, א הענקער אין זיין רויטען מאנטעל, סאלדאטען, א נייסטליכער, א ריכטער, א מענגע מענשען, וועלכע דרענגען זיך, דריקען זיך, שטופען זיך און ווארפען אויף איהם זייערע נייגעריגע בליקען.

ארטהור איז אויפגעשפרונגען און האט זיך אומגעקוקט. ביי איהם אין צימער איז געוועזן פינסטער, נור אין קארידאר האט געברענט אן איינציגע לאמפע.

— דוא האסט רעכט געהאט, מיכאאיל, ווען דוא האטס מיר געזאגט, אז דוא האסט פיינד דיא מענשען און ביסט צופריעדען, ווען דוא האקסט אפ איינעם דעם קאפ! זיי זיינען ווערטה, אז מען זאל זיי אלעמען אפהאקען דיא קעפ.—מען פערפאלגט מיך דאך ניט אהן אן אורזאכע; אייניגע וועלען געוויס ציהען נוצען פון מיין טויט. איך בין ניט רייך, אלזא, קענען זיי דאך ניט האבען קיין גרויסע נוצען. פאר א קלייניגקייט אלזא פערקויפט איין ברודער דעם אנדערן. פאר צוואנציג זילבער־שטיקע האבען דיא ברידער פערקויפט יוסף'ן פאר א קנעכט; פאר עטליכע זילבער־שטיקע האט יהודא איש כריות פערקויפט זיין לעהרער, יעזוס קריסטוס! — אזוי זיינען שוין דיא מענשען. וועת

דעם, פון וועמען מען קען עפּעס ציהען נוצען! וועה דעם, וועמען מען קען פערקויפען! מען וועט איהם פערקויפען, מען וועט איהם פערשאכערן!

ער האט רעכט געהאט, דער אונגליקליכער ארטהור! — אין דערזעלבער צייט, ווען ער איז געזעסען אין זיין פינסטערן קעמעריל און האט געטראכט איבער זיין טרויעריגעס שיקזאל, איז דער אדוואקאט נאוואק געזעסען אין זיין העל בעלייכטעטען צימער און האט זיך געריעבען דיא הענד פאר פערגניגען.

— ער איז פעראורטהיילט! האט ער אויסגערופען. ער איז שוין א טויטער. קיין באטהיאני איז שוין אויף דער וועלט ניטא. — וואס קען איהם דען העלפען דאס אפּעלירען? ער וועט לעבען אין געפענגניס נאך עטליכע וואכען, ניט מעהר. יעצט וועט איהם שוין קיינער ניט בעפרייען און ניט בעגנאדיגען. איך האב צייט, איך קען ווארטען. יעצט בין איך שוין זיכער, אז דיא גיטער פון דער פאמיליע באטהיאני וועלען געהערן צו מיר. עס איז נאך דא איין שוועריגקייט — יענער מאן, וועלכער איז געוועזן ביי מיר און האט מיך איינגעלאדען אלס אדוואקאט צו פערטהיידיגען ארטהור'ן. — איהם וועל איך שוין אויסגעפינען. איך וועל איהם שוין טרעפען.

## 2טער קאפּיטעל.
## אלעס געלינגט.

אין שלאָס טאָקקי הערשט ווידער פרייד. געארג איז געזונד געווארען. דער דאקטאר האט געטראָפען, אז געארג האט עפּעס גענעסען אדער געטרונקען א פערגיפטעטע זאך און ער האט אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטעל, וואס ניצען אלס געגען גיפט. געאָרג איז אין גאנצען געזונד געווארען.

אויך עלוויראַ'ן געהט עס פיעל בעסער. זיא געהט שוין אראפּ פון בעט און שפּאציערט שוין איבערן צימער. איהר פריילינקייט אבער, איהר לעבעדיגקייט און איהר מונטערקייט זיינען פערשוואונדען. זיא געהט ארום, וויא א שאטען. זיא רעדט ניט מיט קיינעם, לאכט ניט, שפּאסט ניט, ענטפערט זאגאר ניט, ווען מען פרעגט זיא עפּעס. ווען מען גיט איהר עסען אדער מעדיצין, נעהמט זיא; זיא זאגט אבער ניט אויב עס איז גוט אדער שלעכט, פיעל אדער וועניג, הייס אדער קאלט. זיא טהוט אלעס, וויא א לעהמענער גולם, וויא אן אויטאָמאט.

דער דאקטאָר שאָקעלט טרויעריג מיטין קאפּ, ווען ער בעזוכט זיא און פרעגט זיא אויס, וויא זיא פיהלט זיך. זיא ענטפערט איהם צוואר אויף זיינע פראגען, אבער לאנגזאם, טרויעריג, אונגערן און ניט גאנץ פערשטענדליך. ער האט מורא, זיא זאל ניט ווערן וואהנזיניג.

נאני און דיא גרעפין ראדעצקי בעזוכען יעדען טאג דאס שלאָס טאָקקי. זיי זיינען ווידער גוטע פריינד און פאהרען ווידער זעהר אָפט צוזאמען.

א פאר טאג נאך ארטהורס פעראורטהיילונג צום טויט האט נאני ערהאלטען דורך דיא פּאסט א בריעף, אין וועלכען מען האט איהם אלעס מיטגעטהיילט. ער האט באלד געוויזען דעם בריעף דער גרעפין ראדעצקי.

— נו, וואס ווילט איהר נאך, גרעפין? האט ער אויסגערופען. ארטהור וועט

שטארבען אויפ'ן עשאפאט. עלווירא איז ווידער געזונד און זיא קען הייראטהען מאקס'ן. זיא איז צוואר ניט ביים גאנצען פערשטאנד. דאס מאכט אבער ניט אויס. פערקעהרט, דאס איז נאך בעסער פאר אונזערע צוועקע. דיא גרעפין מאקקי וועט זיין העכסט צופריעדען, וואס עס וועט זיך געפינען א מאן פאר איהר האלב פעררוקטע טאכטער. איך דענק, אז אין שלאס מאקקי וויים מען שוין, אז מען האט פעראורטהיילט ארטהור'ן צום טויט. איך וועל דארט היינט זיין און וועל הערן, וואס דארט טהוט זיך. — עס איז גוט, וואס געארג האלט זיך נאך פעסט, אז ער מוז פאהרען קיין בודאפעסט און טאהן עפעס פאר ארטהור'ן. קוים וועט ער אוועקפאהרען, וועלען מיר דא אפטאהן אונזערע געשעפטען שטילערהייט. — מאקס מוז קומען צו דער גרעפין מאקקי און ביי איהר בעטען עלווירא'ס האנד. זיא וועט איהם ניט אפזאגען. מיר וועלען שוין זעהן, אז דיא פערלאָבונג זאל געשעהן באלד נאך געארג'ס אפרייזע און אין א קורצע צייט ארום מוז זיין דיא האכצייט.

ער האט איהר ערקלערט, וויא אלעס וועט געשעהן און וויא אלעס דארף זיין, אז זיא איז געווארען פאלקאמען פרעהליך.

— דוא האסט דאך רעכט, נאני! האט זיא ענדליך אויסגערופען. איך דאנק דיר זעהר!

— אייער דאנק איז מיר העכסט אנגענעהם, האט נאני געענטפערט. דאס איז מיר אבער נאך ניט גענוג. איך פערלאנג עפעס מעהר. מיר מוזען אמאל ווערן מאן און פרוי פאר דער גאנצער וועלט.

— איך האב אייך קיין מאל ניט געזאגט ניין, האט זיא געענטפערט, איהר ווייסט דאך אבער, ווער עס שטעהט אונז אין וועג.

— ווער שטעהט אונז אין וועג?

— מאקס.

— דאס איז נאָרנישט! האט נאני אויסגערופען. קוים וועט זיך מאקס פער־פערלאָבען מיט עלוויראן, וועל איך איהם איינרעדען, ער זאל פאהרען קיין בודאפעסט קויפען פרעזענטען פאר זיין בראוט. אין דער צייט, וואס ער וועט ניט זיין אין דער־היים, קענען מיר אונז פערהייראטהען. מיר דארפען ניט מאכען קיין ליארם. מיר קענען הייראטהען שטילערהייט. מיר דארפען ניט איינלאדען קיין געסט. מיר זיינען שוין עלטערע מענשען און דארפען ניט מאכען פיעלע צערעמאניען ביי אונזער האכצייט.

— שטילערהייט קענען מיר עס דאך ניט מאכען, האט דיא גרעפין בעמערקט. דיא דיענער וועלען דאך מוזען עס וויסען, זיי וועלען עס אויספלוידערן.

— לאזען זיי פלוידערן! וואס געהט עס אינז אן? — מיר דארפען אויספיהרען אונזערע פלענער. דאס איז אלעס.

— אבער מאקס? וואס וועט מאקס זאגען, ווען ער וועט דערפון געוואהר ווערן?

— מאקס וועט גאר ניט זאגען. מאקס איז א מענש, וועלבער שאקעלט מיט'ן קאפ און זאגט יא אדער ניין, וויא מען פערלאנגט פון איהם. מאקס וויים ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. וואס איז מאקס?

דיא גרעפין האט געשוויעגען. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז מאקס איז ניט פעהיג צו דער וועלט, אז געגען א נאגי איז ער א נול, א גארנישט.

— וויא איהר זעהט, גרעפין, האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען. מיר קענען הייראטהען און גליקליך לעבען. זייט רוהיג! האט פאר קיין זאך קיין מורא ניט. איך האפע אייך פאר אלעס.

— האסט רעכט, נאגי! האט ענדליך דיא גרעפין געזאגט, קוים וועט מען עפענטליך ערקלערן, אז מאקס איז פערלאָבט מיט עלוויראַ'ן, קענען מיר ביידע היי־ראטהען.

נאגי האט זיך פערנייגט גאנץ העפליך פאר דער גרעפין.

— איך וואלט צוואר געדארפט פאהרען קיין בודאפעסט אום צו ארדענען א געוויסעס געשעפט, האט ער געזאגט. אזוי וויא מיר דארפען זיך אבער פערהייראטהען, וועל איך הייסען מיינע מענשען קומען אהער.

— אהער? צו אונז אין שלאס? האט דיא גרעפין געפרעגט ערשטוינט און דערשראקען.

— ניין. ניט צו אונז אין שלאס. איך וועל זיי הייסען קומען אין וואלד. איך דארף זיי ניט אין שלאס.

אין דער צייט וואס אין שלאס ראדעצק האט מען זיך געפרעהט און מען האט זיך פארבערייטעט צו פרעהליכע טעג, איז אין שלאס מאַקקי אנגעקומען א בריעף פון גראף מעראס, אז מען האט ארטהור פעראורטהיילט צום טויט. דיא גרעפין מאַקקי האט געוויינט, ווען זיא האט איבערגעלעזען דיעזע שרעקליכע נאכריכט. זיא האט צוואר ניט שטארק ליעב געהאט דעם באראן פאן באטהיאני; זיא האט איהם אבער גע־האלטען פאר אן עהרליכען מאן און האט ניט געגלויבט, אז ער האט געמאכט פאלש געלד.

עס האט איהר געקרענקט, וואס אזא מענש, וויא ארטהור, זאל שטארבען אויפ'ן עשאפאט, וויא א געמיינער פערברעכער.

מען קען זיך דענקען, וואס פאר א טיעפען איינדרוק דיעזע נאכריכט האט גע־מאכט אויף געארג'ן. ער האט ליעב געהאט ארטהורן, וויא א ברודער. ער איז געווען אויסער זיך, ווען ער האט דערהערט דיעזע שרעקליכע נאכריכט. ער האט זיך געריסען דיא האר, פאר וואס ער איז פריהער ניט געפאהרען קיין בודאפעסט, פיעלייכט וואלט ער דאך געקענט עפעס טאהן פון זיינעט וועגען.

— יעצט איז שוין צו שפעט! האט ער אויסגערופען. וואס קען איך יעצט העלפען? יעצט האט מען שוין אויסגעשפראכען זיין טאדעס אורטהייל און איך קען שוין גאר ניט העלפען.

גראף מעראס האט צוואר אנגעשריעבען עטליכע ווערטער צו עלוויראַ'ן. עס איז אבער געווען אונמעגליך צו וויזען עלוויראַ'ן דיעזען בריעף. זיא איז נאך געווען זעהר שוואך און, וויא עס האט אויסגעוויעזען, איז איהר פערשטאנד געווען פערדונקעלט. מעגליך, אז זיא וואלט דעם בריעף גאר ניט פערשטאנען, אדער זיא וואלט זיך אזוי דערשראקען, אז זיא וואלט זיך דאס לעבען גענומען. דיא גרעפין מאַקקי און געארג

חאבען זעהר גוט פערשטאנען, אז יעצט איז ניט דיא צייט צו ווייזען עלווירא'ן אזא בריעף.

אזוי וויא זיי זיינען אזוי געזעסען פערטרויערט און פערטראכטעט, איז נאני אנגעקומען. דיא גרעפין האט איהם אויפגענומען פריינדליך, וויא געוועהנליך. זיא האט געוואוסט, וויא אזוי זיך אויפצופיהרען געגען פרעמדע מענשען. נאני אבער האט באלד בעמערקט, אז זיא איז פערוויינט און האט געפרעגט:

— וואס איז עפעס נייעס? פאר וואס זייט איהר אזוי טרויעריג?

— ווייסט איהר נאך ניט דיא לעצטע נייעס?

— איך וויים פון גארנישט, האט נאני געענטפערט אונשולדיג.

— דער באראן פאן באטהיאני איז פעראורטהיילט צום טויט, האט איהם דיא גרעפין דערצעהלט.

נאני איז שיער ניט אראפגעפאלען פון שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען.

— וואס רעדט איהר, גנעדיגע גרעפין? האט ער אויסגערופען. דאס איז אונמעגליך!

— ליידער איז עס וואהר. איך האב נור וואס ערהאלטען א בריעף פון מיין ברודער, דעם גראף מעראס. ער שרייבט עס מיר.

— וויים שוין עלווירא פון דיעזע טרויעריגע נייאינקייט?

— וויא קען איך עס איהר מיטטהיילען? זיא וועט שטארבען פאר שרעק.

— איך דענק פערקעהרט. עלווירא געפינט זיך אין א זאנדערבארען צושטאנד איהר פערשטאנד איז עטוואס פערדונקעלט. ווען מען זאל איהר פלוצלונג מיטטהייל א פרעהליכע נאכריכט אדער א טרויעריגע נאכריכט, וואלט עס אויף איהר נעווירקט און זיא וואלט געזונד געווארען. איך בין צוואר קיין דאקטאר, איך האב אבער נעלעזען מעדיצינישע ביכער, און וויים, אז אזעלכע קראנקהייטען ווערן געהיילט אויף אזא ארט. איך דענק, אז עס וואלט געווען פיעל גלייכער, זיא זאל אלעס וויסען.

דיא גרעפין האט זיך פערטראכט. זיא האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן אין אזא פאל. ענדליך האט זיא געפונען, אז נאני האט רעכט.

— איך וועל פראבירען, האט זיא געזאגט.

— פאלגט מיין ראטה, האט נאני געבעטען, איהר וועט מיר דאנקען. עס וועט ווירקען זעהר גוט אויף עלווירא'ן.

דיא גרעפין האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט געהן אין עלווירא'ס צימער. ערשט יעצט האט זיא דערזעהן, אז געארג איז ניטא אין צימער. קוים איז נאני ארייננעקומען אין זאל, איז געארג שטילערהייט ארויסגעגאנגען.

— וואו איז דער יונגער גראף? האט נאני געפרעגט.

— ער איז געווים אין זיינע צימער.

— איך וויל מיט איהם עפעס רעדען.

אין איינינע מינוטען ארום איז נאני געזעסען אין געארג'ס צימער.

— הערר גראף, איך בין נור וואס געווארען פון דער טרויעריגער נאכריכט און איך בעדויער עס זעהר.

— ליידער, אלעס איז וואהר! מיין פריינד איז אין גרעסטען אונגליק און איך קען איהם ניט העלפען! האט נעארג געזיפצט.

— איך דענק, אז איהר וואלט דאך געקענט עפעס טאהן פון זיינעטוועגען.

— וואס רעדט איהר? וואס קען איך טאהן פאר איהם און מיט וואס קען איך איהם העלפען?

— אלענפאלס וועט איהר איהם זעהן און וועט מיט איהם רעדען, האט נאני ערקלערט.

נאני האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איינצורעדען נעארג'ן ער זאל דאך פאהרען קיין בודאפעסט. ער האט זעהר געוואלט, אז נעארג זאל אוועקפאהרען אויף עטליכע טעג, דערווייל וועט ער קענען דא אלעס אפטאהן. — עס איז איהם אויך גע־לונגען איינצורעדען נעארג'ן, ער זאל פאהרען, וויא אם שנעלסטען. — — — —

עלווירא איז געזעסען אין איהר צימער און האט זיך געשפיעלט מיט בלומען. זייט זיא איז געזונד געווארען, פלעגט זיא אין ערגעץ ניט געהן. זיא פלעגט שטענדיג זיצען אין איהר צימער און פלעגט עפעס טאהן. דיא גרעפין פלעגט פראבירען אלעס מעגליכע, זיא אויפצומונטערן. זיא צו צערשטרייען און זיא אויפצורעגען צו א בעשעפ־טיגונג אדער אן ארבייט. — אומזיסט! עלווירא האט ניט געוואוסט, וואס מען רעדט צו איהר און האט זעלטען געענטפערט, ווען מען האט זיא עפעס געפרעגט.

דער דאקטאר האט זעהר גוט פערשטאנען עלווירא'ס צושטאנד. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז נור איין מענש אין דער וועלט קען ווירקען אויף איהר, און דיעזער מענש איז — ארטהור. ער האט עס געזאגט דער אלטער גרעפין. וואס האט זיא אבער געקענט העלפען, ווען זיא האט געוואוסט, אז ארטהור געפינט זיך אין געפענגניס אונ־טער אזא שווערע אנקלאגע?

ווען דיא גרעפין איז יעצט אריינגעקומען אין איהר צימער, איז עלווירא געזעסען און האט געפלאכטען א קראנץ פון בלומען.

— וואס מאכסט דוא, טאכטער?

עלווירא האט ניט געענטפערט.

— וואס פלעכטסט דיא, עלווירא?

— בלומען, מוטער.

— וואס מאכסט דוא פון דיא בלומען?

עלווירא האט וויעדער געשוויעגען.

— ענטפער דאך, ליעבע טאכטער, וואס ווילסט דוא מאכען פון דיא בלומען?

— א קראנץ.

— פאר וועמען מאכסט דוא דעם קראנץ?

— פאר א טויטען.

— אלזא ווייסט דוא שוין דיא טרויעריגע נאכריכט?

עלווירא האט וויעדער ניט געענטפערט.

— האסט דוא שוין געהערט, וואס ארטהור מאכט?

דיעזעס ווארט האט געווירקט אויף עלוויראן, וויא א צויבער. זיא האט אוועק־

געוואָרפען די בלומען, האט זיך אויפגעהובען פון איהר שטוהל און האט געפרעגט האסטיג:

— ארטהור? וואו איז ארטהור? וואס מאכט ארטהור?

— איך האב פאר דיר זעהר א טרויעריגע נאכריכט, טאכטער.

— ארטהור? וואו איז ארטהור? וואס מאכט ארטהור?

— ארטהור איז פעראורטהיילט צום טויט, האט די גרעפין ארויסגעזאגט.

עלווירא האט אויף איהר געוואָרפען א ווילדע, אונמענשליכען בליק, האט זיך אנגעהאפט ביים הארצען, האט אויסגערופען א פאר מאל:

— ארטהור איז טויט! זיי האבען איהם געטויטעט!

דאן איז זיא געפאלען, וויא א קלאָץ צו דער ערד. — זיא האט פערלאָרען דאס בעוואוסט זיין. די גרעפין האט זיך שטארק דערשראקען, האט אנגעהויבען צו קלינגען און צו שרייען. באלד זיינען זיך צונויפגעלאפען אלע דיענער, געאָרג און נאגי. מען האט געבראכט דעם דאקטאר, וועלכער איז געראדע דאמאלס ערגעץ אוועקגעפאהרען, און ער האט אנגעהויבען אויסצופרעגען די גרעפין, וואס דאָ איז פארגעקומען. די גרעפין האט איהם אלעס דערצעהלט.

— איהר שפּיעלט מיט'ן לעבען פון אייער קינד, וויא איינער שפּיעלט אויף א קארט, האט ער געזאגט מיט א פאָרוואורף. פאר וואס האט איהר מיך פריהער ניט געפרעגט, אויב איהר זאלט איהר מיטטהיילען אזא שרעקליכע נאכריכט?

ער האט באלד געהייסען זיא אריינלעגען אין בעט און איז ניט אפּגעטרעטען פון איהר, ביז זיא האט געעפענט די אויגען.

## 3טער קאפּיטעל.

# מיכאאיל און נאגי.

דער הענקער מיכאאיל האט בעקומען די שטעלע, וועלכע ער האט פערלאַנגט. ער איז שוין דער הויפּט הענקער פון גאנץ אונגארן. ער וועט שוין שטענדיג וואהנען אין בודאפּעסט. ער איז דאהער געפאהרען אהיים, אום צונויפצופּאקען זיינע זאכען, געהמען זיין פרוי און זיין טאכטער און ברענגען זיי קיין בודאפּעסט.

שוין דריי טעג זיינען פערגאנגען, זייט מיכאאיל געפינט זיך ווידער אין דערהיים. ער האט שוין אלעס איינגעאָרדענט און איז בערייט צו פאהרען מיט זיין פאמיליע קיין בודאפּעסט, ער האט אבער נאך וואס צו טאהן אין דער געגענד.

— איך וועל היינט קומען שפּעט אהיים, האט ער איינמאל געזאגט צו זיין פרוי, פערשליעס די טהיר און לאז קיינעם ניט אריין.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען. עס איז שוין געוועזען פינסטער, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון טהורעם פון טשעמני. ער איז געגאנגען אין דאָרף טשעמני. עס איז געוועזען דייטליך, אז ער וויל ניט, מען זאל איהם זעהן. ער איז ניט געגאנגען אויף דער שטראסע, ער איז געגאנגען איבער די פעלדער.

ניט ווייט פון'ם דאָרף טשעמני איז געשטאנען אן איינציגע שטיבעלע. מיר האָ־

בען שוין אמאל אריינגעפיהרט אונזערע לעזער אין דיעזעס שטיבעלע און דארט וואו מען איז געוועזן איין מאל, מוז מען זיין נאך א מאל.

אין דיעזען שטיבעלע זיצט יעצט אן אלטער מאן פערטרויערט און פערטראכט.

— אך, גאט! האט ער אויסגערופען, ווען וועט אמאל אריינקומען א פונק ליכט אין דיעזע שרעקליכע פינסטערנים? ווען וועט אמאל אויפגעהן דיא זון און פערטרייבען דיעזע שרעקליכע שאטענס? — אך, וויא טרויעריג! — דארט אין בודאפעסט, שמאכטעט אין געפענגניס אן אונשולדיגער מענש און ציטערט יעדע מינוט, אז אט, אט קומען דיא הענקער און שלעפען איהם אויפ'ן עשאפאט. דא האט א גוטעס, שעהנעס, עהרליכעס מעדכען פערלארען איהר פערשטאנד פאר שמערץ און לייד. ווייטער אין שלאס ראדעצק, וואו עס האבען אמאל געוואהנט דיא עדעלע און שטאלצע גראפען פאן ראדעצקי, האט אויפגעבויט איהר נעסט א פאמיליע פון פערברעכער און מערדער. דיא שווארצע ראבען וואהנען אין דעם נעסט פון'ם אדלער און קרעכצען אזוי שרעקליך און אזוי טרויעריג, אז זיי פערהילכען דיא גאנצע געגענד מיט זייער אבשייליכען געשריי.

איך האב שוין גענוג געלעבט. איך האב שוין געזעהען גענוג עלענד און נויט אין מיין לעבען, עס וואלט שוין צייט געווען פאר מיר צו רוהען דארט, וואו מיינע גרויסע און בעריהמטע עלטערן רוהען אונטער זייערע גרינע בערגעלעך. — איך מוז אבער נאך לעבען! פיעלייכט וועט עס מיר געלינגען אויפצודעקען פאר דער וועלט. —

אין דיעזע מינוט האט מען געקלאפט אין דער טהיר. דער אלטער מאן האט א ציטער געטאהן.

— ווער זאל עס זיין? ווער זאל עס קומען צו מיר? — וואס מאכט עס אוים? איך וועל געהן עפענען.

ער איז געגאנגען עפענען דיא טהיר. דער הענקער מיכאאיל איז אריינגעקומען אין צימער.

— מיכאאיל, דוא ביסט עס? — וואס איז שוין נייעס?

— זייט רוהיג, אלטער יאקי, האט מיכאאיל געענטפערט, שרעקט אייך נים. איהר ווייסט דאך, אז איך האלט פערבארגען אייער געהיימניס אין מיין טיעפסטען הערצען. קיינער ווייס ניט, אז מיר קענען זיך. קיינער וועט עס אויך ניט וויסען. איך קום קיין מאל ניט צו אייך אהיים. ווען מיר דארפען זיך זעהן, טרעפען מיר זיך אין וואלד.

— איך ווייס עס, איך ווייס עס, האט דער שטומער בעטלער געזאגט און האט פערריעגעלט דיא טהיר. וואס איז נייעס, מיכאאיל? איך ווייס, אז דוא ביסט ניט געקומען אומזיסט.

— געוויס בין איך ניט געקומען אומזיסט. — צוערשט וועל איך פון אייך אבשייד נעהמען.

— דוא פאהרסט ערגעץ אוועק, מיכאאיל?

— איך פאהר ארויס קיין בודאפעסט. איך וועל שוין דארט וואינען.

— דוא וועסט דארט באלד האבען ארבייט.

— איך ווייס עס, האט מיכאאיל געזאגט טרויעריג, איך ווייס, וועמען איהר מיינט. איך בין אומיסטען געקומען רעדען מיט אייך דאריבער.

— וואס קען איך דען טאהן? וויא קען איך דען העלפען? האט געזיפצט דער שטומער בעטלער.

— דאס ווייס איך אויך. איך האב אבער אורזאכען צו דענקען, אז אין באראן פאן באטהיאני'ס אונגליק זיינען שולדיג מענשען, וועלכע וואינען דא אין דער געגענד ארום. פיעלייכט וואלט נאך מעגליך געווען צו בעווייזען אז ער איז אונשולדיג?

— וואס מיינסט דוא דערמיט, מיכאאיל?

— איך קען עס אייך ניט זאגען, האט מיכאאיל געענטפערט, איך וויל אייך נור בעטען, איהר זאלט זעהן גוט אכטונג געבען אויף דיא איינוואינער פון שלאס ראדעצק, בעזאנדערס אבער זאלט איהר אויפפאסען אויף דעם באראן נאגי פאן האלי-לאוואאי. איך קען איהם פיעל בעסער, וויא ער מיינט. איך וועל איהם נאך היינט בעזוכען. ווען עס וועט מיר היינט אבער ניט געלינגען ארויסצופרעסען פון איהם זיין געהיימניס, זאלט איהר עס טאהן.

— איך האב שוין לאנג געווארפען אן אויג אויף דיא איינוואינער פון שלאס ראדעצק, האט דער שטומער בעטלער געענטפערט. איך ווייס, אז זיי זיינען ניט דאס, וואס זיי גיבען זיך אויס פאר דער וועלט. אבער —

— דאס האב איך אייך געוואלט זאגען. איהר מוזט זעהן אכטונג געבען אויף אלעס. וואס דארט קומט פאר. איהר מוזט וויסען אלעס: וואוהין זיי געהן, צו וועמען זיי געהן; וואס זיי טהוען דארט, וואוהין זיי געהן און וואס זיי דענקען צו טאהן. אייך ווירד עס לייכט זיין. קיינער וועט זיך ניט אומקוקען אויפ'ן שטומען בעטלער. קיינער וועט זיך פאר איהם ניט היטען. קוים וועט איהר עפעס געוואהר ווערן, זאלט איהר עס מיר מיטטהיילען. איך מוז אלעס וויסען. איך קען אייך יעצט ניט זאגען, וויא וויכטיג עס קען זיין פאר מיר א קלייניגקייט, וואס קען פארקומען אין יענעם הויז.

— איך וועל עס טאהן, מיכאאיל, האט דער אלטער מאן געענטפערט, איך וועל טאג און נאכט מיך געפינען ארום שלאס ראדעצק. איך וועל האלטען א שטרענגע וואך איבער שלאס און איבער זיינע איינוואינער. — שאדע, וואס איך מוז מיך מאכען פאר שטום, זאנסט וואלט מען געקענט זיך צוזאמען רעדען מיט דיא דיענער פון שלאס מען קען זיי אויסערקויפען.

— איהר האט רעכט. דאס איז א גוטער געדאנק. פאר א גאלד שטיק וועט א לאקיי אדער א דיענסט-מעדכען ארויסטראגען פון שלאס אלעס. פיעלייכט קען עס טאהן אלעקסאנדער?

— איך וועל פראבירען איהם שיקען, איך אליין וועל אבער אויך ניט אפטרעטען פון'ם שלאס, פאר מיר היט מען זיך ווענינ, ווייל מען ווייס, אז איך הער ניט און קען ניט רעדען.

— קוים וועט איהר עפעס געוואהר ווערען, זאלט איהר עס מיר באלד מעלדען, האט מיכאעל ווייטער געזאגט. זאלאנג איך וועל נאך בלייבען אין טהורעם פון משעטני

זאלט איהר מיר אלעס מעלדען אין טהורעס; וועל איך אוועקפאהרען, זאלט איהר מיר אלעס מעלדען אין בודאפעסט.

— איך וועל דיר אלעס מעלדען.

— דאס איז אלעס, וואס איך האב איך געוואלט בעטען, האט מיכאיל געזאגט און האט איהם דערלאנגט דיא האנד.

דער אלטער מאן האט גענומען דיא הענד פון'ם הענקער און האט זיא צוגע־פיהרט צום הארצען.

— דוא ביסט מיין איינציגער טרייער פריינד, מיכאאיל, האט ער געזאגט טרויעריג.

— זייט ניט אזוי פערצווייפעלט, אלטער מאן, פיעלעס קען זיך נאך ענדערן, קיי־נער וויים ניט וואס מארגען קען זיין.

ביידע מענער האבען אבשיעד גענומען איינער פון אנדערן. דער שטומער בעטלער האט צוגעפיהרט דעם הענקער צו דער טהיר און האט איהם ארויסגעלאזען אין דיא פינסטערע נאכט, דאן האט ער שנעל ווידער פערריגעלט דיא טהיר. — —

דיא גרעפין ראדעצקי איז געזעסען אין איהר גרויסען, לופטיגען זאאל, לעבען איהר איז געזעסען איהר געליעבטער, דער באראן פאן נאגי. ביידע האבען יעצט גע־רעדט פריינדליך און פערטרויליך.

— אלעס געהט נאך וואונש, האט נאגי געזאגט, איך האב שוין ערקלערט דער גרעפין טאקקי אום וואס עס האנדעלט זיך און וואס מיר פערלאנגען. זיא איז מיט אלעמען איינפערשטאנדען און ערווארטעט מאקס'ן מארגען. זיא וויים אז ער וועט קומען און וועט בעטען עלוויראס האנד. זיא וועט איהם ניט אפזאגען. ער וועט דאן געהן צו עלוויראן און וועט איהר ערקלערן זיין ליעבע. זיא וויים ניט וואס עס טהוט זיך מיט איהר, זיא וועט ניט זאגען ניט יא, ניט ניין. מארגען וועט דיא גאנצע נאכבארשאפט ווייסען, אז עלווירא איז דיא בראוט פון'ם גראפען ראדעצקי. דאס דארפען מיר, מאקס וועט דאן פאהרען קיין בודאפעסט קויפען פרעזענטע פאר זיין שעהנער בראוט און מיר ביידע וועלען קענען דערווייל אונז פערהייראטהען.

— ווען זאל זיין דיא האכצייט פון מאקס'ן מיט עלווירא?

— איך האב אויך דאריבער גערעדט מיט דער גרעפין טאקקי. איך האב פער־לאנגט, אז דיא האכצייט זאל זיין באלד, אין דריי וואכען ארום, דיא גרעפין אבער האט געפונען, אז דאס איז אונמעגליך. זיא וויל איבערווארטען, ביז מען וועט דעם בא־ראן פאן באטהיאני אויפהענגען און דיא זאך זאל אביסעל פערגעסען ווערן. איך האב עס געמוזט צו געבען.

— אבער געארג? וואס וועט זאגען געארג?

— ווען ער וועט קומען צו פאהרען און וועט געפינען, אז זיין שוועסטער איז פערהייראטהעט, וועט ער גאר ניט זאגען. איך וועל שוין זארגען, אז ער זאל ניט קר מען פריהער.

— וויא איך זעה, איז דיר ענדליך דאך אלעס געלונגען, האט דיא גרעפין גע־זאגט לאנגזאם, דוא האסט זיך גענומען עפעס אין קאפ און האסט עס אויסגעפיהרט.

דאס איז גראסארטיג, ! דוא ביזט א מייסטער — איך האב אבער פערגעסען נאך א פונקט. מירביידע קענען נאך ניט הייראטהען.

— וואס נאך פאר א פונקט?

— ער — ראָבערט -- האט דיא גרעפין געשטאמעלט.

— אך, יא! דאמאלס, ווען איהר האט איהם געזעהען אין טהאל, האב איך ניט געשיקט מענשען איהם זוכען, מען האט איהם אבער אין ערגעץ ניט געפונען. אלענפאלס היט מען איהם, קוים וועט ער זיך ווייזען דא ערגעץ, וועל איך איהם שוין האבען אין דיא הענד.

— מען מוז זיין זיכער, האט דיא גרעפין געזאגט, וויא צו זיך אליין. —

אין דיעזע מינוט איז מאקס אריינגעקומען אין צימער, זיין מוטער האט איהם באלד דערצעהלט, אז מארגען וועט ער פאהרען קיין טאָקקי און ערקלערען דער גרעפין, אז ער בעט ביי איהר עלווירא׳ס האנד. מאקס איז געוועזען העכסט ערפרייט.

— ענדליך איז געקומען דיא גליקליכע שטונדע, ווען דיא גרעפין וועט מיך אויסהערען, האט ער אויסגערופען, ליידער, איז עלווירא אזוי טרויעריג, אזוי פערטראַכט, אז זיא ווייס גאר ניט, וואס מען רעדט צו איהר. מיר ווייזט אויס, אז זיא איז ניט ביים פולען פערשטאנד.

— זיא איז נאך ניט אין גאנצען געזונד, האט נאני ערקלערט, א קלוגער בריי-טינאם דארף וויסען, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט זיין בראוט. איהר דארפט איהר קויפען פרעזענטע, איהר דארפט מיט איהר ארומגעהן, ארומפאהרען און זעהן, אז זיא זאל ווערן פרעהליך און מונטער.

— יא מיין זוהן, נאני האט רעכט, האט דיא גרעפין איהם געהאלפען, דוא מוזט זעהן צו רעדען מיט עלוויראַ׳ן, ארומצוגעהן מיט איהר שפּאַציערן און זיא צערשטרייען, זיא איז יונג און וועט באלד ווערן לוסטיג און פרעהליך, וויא זיא איז אמאל געוועזן.

— איך וויל א ביסעל ארויסגעהן, האט נאני געזאגט צו דער גרעפין, איך מוז זעהן מיינע מענשען און זיי פרעגען, אויב זיי האבען א י ה ם ניט געזעהן.

— דיא גרעפין האט א ווינק געטהון און נאני איז ארויסגעגאנגען. מאקס איז נאך געבליבען און האט נאך אוועקגערעדט א לאנגע צייט מיט זיין מוטער. זיי האבען גערעדט איבער דיא פרעזענטע, וועלכע ער זאל קויפען פאר זיין בראוט, וואו ער זאל זיי קויפען און וויא אזוי ער זאל זיי איהר דערלאנגען; וואוהין ער זאל מיט איהר פאהרען צו וועמען ער זאל מיט איהר פאהרען און איבער נאך פערשיעדענע זאכען.

אונטערדעסען איז נאני ארומגעגאנגען אין וואלד און האט עפּעס געזוכט. דיא נאכט איז געווען א פינסטערע. דער מאנד האט ניט געשיינט. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט שווארצע וואלקענס. נאני איז ארומגעגאנגען אין וואלד טרויעריג און פערטראכט. פאר דער גרעפין האט ער זיך געוויעזען פרעהליך און מונטער. ווען ער איז אבער געווען אליין אין דער פינסטער, פלעגט ער זיך א מאל דערשרעקען פאר זיך אליין.

ער איז ארומגעגאנגען א געראַומע צייט און האט געזוכט זיינע מענשען. ער האט זיי אבער ניט געפונען.

— זיי זיינען געווים אוועקגעגאנגען אהיים, ווייל זיי האבען מורא פארן שטורם־ווינד, וועלכער וועט געווים אויסברעכען אין א קורצער צייט. — וואס מאכט עס אויס? עס האט נאך צייט. איך וועל זיי מארגען זעהן.

ער האט געוואלט זיך אומקעהרען און געהן צוריק אין שלאָס, ווען א הויכער, קרעפטיגער מאן אין א רויטען מאנטעל האט זיך געשטעלט געגען איהם. נאגי האט א ציטער געטאהן. דער רויטער מאנטעל האט געשיינט זעהר אונאנגענעהם אין דער דונקעלער נאכט.

— ווער זייט איהר? האט ער געפרעגט.

— אה, איהר דערקענט מיך ניט? — איך בין דער הענקער.

— וואס ווילט איהר פון מיר?

— איך וויל אייך עפּעס פרעגען.

— איך האב אייך ניט וואס צו [illegible] האט נאגי אויסגערופען און האט גע־אאלט ארויסחאפּען זיין שווערד.

דער הענקער האט איהם אנגעחאפּט ביי דער פּלייצע מיט זיין שטארקער, פעסטער, אייזערנער האנד.

— שטעה! דו מוזט מיר ענטפערן, וואס איך וועל דיך פרעגען!

מיט איין האנד האט ער איהם געהאלטען ביי דער פּלייצע און מיט דער אנדערער האט ער ארויסגעריסען ביי איהם זיין שווערד פון דער האנד.

— דיעזער שווערד פּאסט ניט פאר דיר, האט ער געלאכט, נור עדעל לייטע מעגען טראָגען א שווערד אין אונגארן, דו אבער ביסט —

ער האט ניט געענדיגט, וואס ער האט געוואלט זאגען. נאגי האט זיך אויסגע־דרעהט פון איהם און האט געוואלט ארויסחאפּען ביי איהם זיין שווערד. דער הענקער איז אבער געוועזען פלינקער און קרעפטיגער פון איהם. איידער נאגי האט צייט געהאט ארויפצולעגען זיין האנד אויף זיין שווערד, האט מיכאאיל אויף איהם ארויפגעטרעטען מיט'ן פוס און האט איהם צובראָכען אויף שטיקלעך. דעם גריעף פון'ם שווערד האט ער אוועקגעווארפען ווייט פון זיך.

— וויא קומט צו דיר א שווערד? האט ער דערביי אויסגערופען, א שווערד איז א צייכען פון מאכט, פון מוטה און פון העלדענטהאטען. דו אבער קענסט נור אינטריגירען. דו קענסט נור זאגען ליגען, בעגעהן פאלשקייטען און בעטריגערייען.

צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט זיך נאגי ווירקליך דערשראָקען. ער איז געבליעבען שטעהן פאר זיין פיינד, וויא פערשטיינערט און האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן. עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט אין טיעפעס שווייגען. ביידע געגנער זיינען געשטאנען איינער לעבען אנדערן און האבען געווארפען איינער אויפ'ן אנדערן פייערינע בליקע. ענדליך איז נאגי געקומען צו זיך און האט געוואלט אנטלויפען. דער הענקער האט איהם אנגעחאפּט ביים ראָק און האט געזאגט מיט א שארפער, אייז־קאלטער שטימע:

— דוא וועסט ניט אנטלויפען! דוא וועסט געהן מיט מיר!

— וואס ווילט איהר פון מיר? האט נאני געבעטען.

— קום מיט מיר, וואוהין איך וועל דיך פיהרען. איך האב דיך עפעס צו פרעגען און איך וויל האבען א גענויע אנטווארט.

נאני האט געוואלט זיך אויסרייסען פון דעם הענקערס אייזערנע הענד, עס איז אבער געווען אונמעגליך. דער הענקער איז געווען צו שטארק פאר איהם. ער האט געמוזט געהן מיט איהם.

— וואוהין פיהרט איהר מיך? האט ער קוים ארויסגעקייכט.

— איהר וועט עס באלד געוואהר ווערן. איהר וויסט דאך געוויס, וואוהין דער הענקער פיהרט דעם מענשען, וועלכער פאלט אריין אין זיינע הענד. בערוהיגט אייך, אבער, הערר באראן נאני פאן האללאיזאאי, דאס מאל פיהר איך אייך נאך ניט אויפ'ן עשאפאט. דאס מאל וועלען מיר מאכען א קליינעם שפאציער אין דיא בערג. עס איז נאכט. קיינער זעהט אונז ניט. איהר האט זיך ניט וואס צו שעהמען צו געהן מיט'ן הענקער.

לאנגזאם און פארזיכטיג זיינען ביידע מענער געגאנגען אין דער דונקעלער נאכט. מיכאאיל האט געפיהרט דעם באראן אונטערן ארים, גלייך וויא ער וואלט געווען פון גלאז און קען זיך נאך צוברעכען. זיי זיינען אוועקגעגאנגען א גערוימע צייט שטילערהייט. קיינער האט ניט גערעדט קיין ווארט, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א הויכען שטיין, וועלכער איז אראפגעפאלען, וויא א גלייכע וואנד אויף עטליכע הונדערט פוס דיא טיעף.

— מיר זיינען אנגעקומען, האט מיכאאיל געזאגט.

נאני האט זיך אומגעקוקט און האט דערקענט דעם ארט, וואו זיי געפינען זיך. זיי זיינען געווען ניט ווייט פון שלאס ראדעצק און זיינען יעצט געשטאנען איבערן אפגרונד ניט ווייט פון שלאס. דאס איז געווען דערזעלבער אפגרונד, פון וועלכען ער האט ניט לאנג גערעדט מיט דער גרעפין און האט איהר דערצעהלט, אז ער האט אומיסטען געקויפט דעם שלאס לעבען אפגרונד, אז זיא זאל קיין מאל ניט פערגעסען, אז ער האט זיא אמאל ארויסגענומען פון עלענד און נויט.

יעצט האט ער דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז מיכאאיל האט איהם גע- פיהרט גראדע צו דיעזען אפגרונד.

— ניט נור א קוק, הערר באראן, האט דער הענקער געזאגט.

נאני האט געשוויגען און האט געציטערט.

— ניט נור א קוק, הערר באראן, האט מיכאאיל געזאגט צום צווייטען מאל.

— וואס ווילט איהר מיר ווייזען? האט ער קוים ארויסגעשטאמעלט.

— איך וועל אייך אראפשליידערן אין דיעזען אפגרונד.

— וואס האב איך אייך דען געטאהן? האט נאני געפרעגט מיט א ווייגענדע שטימע.

— ענדליך קענט איר שיין רעדען, האט מיכאאיל געלאכט, נון, יעצט דענקט איך, אז מיר וועלען איינער דעם אנדערן בעסער פערשטעהן. איך האף אז איהר וועט

יעצט איינזעהן, אז איך בין אויך ניט געבארען צו זיין א הענקער. מען האט מיך גע־מאכט פאר א הענקער.

נאני האט ווידער געשוויגען איניגע מינוט. ער האט פערשטאנען, אז דאָ קומט פאָ־ עפעס בעזאנדערעס, אז דער הענקער ווייס עפעס פון איהם, אז דער הענקער קען איהם בעסער, וויא עס ווייזט זיך אויס.

וואס פערלאנגט איהר פון מיר? האט ער ענדליך געפרעגט, איך קען ניט דער־קענען. אז איהר האט מיך געבראכט אהער גלאט אזוי אום מיך צו שרעקען. איהר ווילט דאך געוויס עפעס; איהר פערלאנגט דאך פון מיר עפעס. וואס פערלאנגט איהר פון מיר?

— הערר באראָן, איך פערלאנג, איהר זאָלט מיר זאגען דיא גאנצע וואהרהייט אין א פאל, וועלכען איהר קענט גאנץ גוט. איך האב געוואלט אייך בעזוכען אין שלאָס ראדעצק. דער צופאל האט אייך געבראכט מיר אין וועג.

נאני האט זיך אביסעל בערוהיגט. קוים האט ער געהערט, אז דער הענקער פערלאנגט פון איהם אויסקונפט איבער א זאך, איז ער געווען זיכער, אז ער וועט זיך אויסדרעהן מיט זיינע ליגענס. אזוי זיינען שוין דיא ניעדערטרעכטיגע מענשען. קוים פאלען זיי אריין אין א נעץ, הויבען זיי אן צו שווינדלען און צו זאגען ליגען און פאלשקייטען.

— און וועלכער זאך פערלאנגט איהר פון מיר אויסקונפט? האט ער געפרעגט

— איך וויל, איהר זאָלט מיר זאגען דיא וואהרהייט, האט איהר אליין אנגעשטעלט אלע מענשען, וועלכע האבען געבראכט דאס אונגליק אויף דעם באראן פאן באטיהאני, אדער האבען עס אנדערע געטהאן?

נאני איז אונטערגעשפרונגען, אזא פראגע האט ער ניט ערווארטעט. — ער האט דאהער געשוויגען און האט זיך איבערלעגט וואס צו ענטפערן.

— וואס שווייגט איהר, הערר באראן? פאר וואס רעדט איהר ניט? אנטוואָר־טעט אויף מיין פראגע, אדער...

— וויא קומט איהר צו דיעזער פראגע? וואס געהער איך מיך אן מיט'ן באראן פאן באטהיאני?

— איהר וועט זיך ניט אויסדרייען פון מיר מיט נאררישע פראגען, האט דער הענקער געזאגט שארף — אנטוואָרטעט, אָדער איך ווארף אייך אראפ אין דיעזען אבגרונד.

נאני האט איינגעזעהן, אז ער וועט זיך ניט אזוי לייכט אויסדרעהן פון דיעזען ווילדען מענשען.

— איך שווער אייך ביי גאט און ביי אלע היילינגע, אז איך ווייס ניט פון וואס צו זאגען! האט דער גוטער און פרומער נאני אויסגערופען, איך בין געוואהר געווארען אז דער באראן איז ארעסטירט, אויף דעם שלאס טאָקקי.

— דאס איז א ליגען! האט דער הענקער אויסגערופען.

— איך שווער אייך ביי דעם הימעל איבער אונז און ביי דער אייביגער ערד אונ־טער אונז, אז איך בין דעם באראן פאן באטהיאני'ס בעסטער פריינד. איך האב

געחיינט, ווען איך האב דערהערט דיא טרויעריגע נאכריכט. וואס האב איך דען צום באראן פאן באטהיאני? האט ער מיר דען אמאל שלעכטעס געטהון? איך בין דאך דא א פרעמדער. וואס קען איך דען האבען צום באראן?

דער הענקער איז געבליבען שטעהן וויא א פערשטיינערטער. ער האט ניט געקענט איבערטראגען אזוי פיעל פאלשקייט, אזוי פיעל בעטרוג און אזוי פיעל ליגען. וואס קען מען מאכען מיט אזא מענשען, ביי וועמען יעדער האוך איז א ליגען, יעדעס ווארט איז בעטרוג און יעדע מינע איז פאלשקייט און שווינדעל?

— אך, וואס פאר א נארר בין איך! האט ער אויסגערופען, פארדערן פון אזא מענשען דיא וואהרהייט? פארדערן פון א ווילדען טיגער, ער זאל ניט טרינקען קיין בלוט? פארדערן פון א הונד, ער זאל ניט בייסען? פארדערן פון א רויבער, מערדער און פערברעכער, ער זאל זאגען דיא וואהרהייט? אין טויט איז דיין וואהרהייט! אין דער לעצטער שטונדע פון דיין לעבען, ווען דיין אטהעם וועט אויסגעהן און דיינע גליעדער וועלען ציטערן אין לעצטען לעבענס־קאמפף, וועסט דוא אויך ניט זאגען דיא וואהרהייט.

איך קען דיעזע מענשען, איך האב שוין ניט איינעם אזעלכען אפגעשניטען דעם קאפף. זאגאר אויפ'ן עשאפאט זוכען זיי צו בעטריעגען דעם הענקער. — געה אין דיין שטאלצען שלאס, דוא פאלשער באראן! עס וועט קומען א צייט, ווען דוא וועסט ליגען פאר מיר געבונדען דיא הענד און דיא פיס, דאן וועל איך דיך פרעגען, דוא זאלסט מיר אויסזאגען דיא וואהרהייט. — איך האב דיך נאך פיעלעס צו פרעגען, וואס העלפט עס אבער? דוא וועסט וויעדער שווערן ביי גאט און ביי דעם הימעל און ביי דער ערד, אז דוא ביסט אונשולדיג, וויא א לעמעלע. — געה, פאלשער מענש, אויף דעם וועג פון שווינדעל, ליגען און בעטרוג, אויף וועלכען דוא ביסט געגאנגען ביז אהער! דיין איינענע פאלשקייט וועט דיך אריינפיהרען אין גרוב דיין ענדע וועט זיין אויפ'ן עשאפאט!

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אויסגעדרעהט און איז פערשוואונדען געווארען.

נאגי איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. וויא פערדארבען ער איז געווען, וויא ניעדערטרעכטיג ער איז געווען, האבען דאך דיא ווערטער פון'ם הענקער אויף איהם געווירקט. בעזאנדערס איבערראשט האט איהם, וואס דער הענקער האט איהם געפרעגט, אויב ער האט עס געבראכט דעם באראן פאן באטהיאני אין דעם אונגליק, אין וועלכען ער געפינט זיך יעצט. ער איז געוועזן גענוג קלוג צו פערשטעהן, אז דער הענקער האט עס ניט געטראכט פון קאפף. וואהרשיינליך האט ער גערעדט דערפון נאך מיט אנדערע מענשען; וואהרשיינליך האבען נאך אנדערע מענשען גערעדט דערפון און האבען געפונען, אז ער, נאגי, איז פערמישט אין דיעזער געשיכטע. פון וואנען ווייסען זיי עס? — האבען פיעלייכט מיינע מענשען געפלוידערט?

— איך ווייס ניט, וואס דא געהט פאר, האט ער געברומט שטילערהייט. מען פערפאלגט מיך, עפעס א געהיימע קראפט שפיאנירט מיך נאך און ווייס אלע מיינע געהיימניסע. איך מוז זיין פארזיכטיג. יאזעף מוז פערשווינדען. יאזעף ווייס צו פיעל.

יאזעף איז געווען א לאנגע צייט מיין רעכטע האנד. איך מוז זעהען, אז יאזעף זאל פערשווינדען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער לאנגזאם אוועקגעגאנגען צו זיך אהיים.

## 4טער קאפיטעל.

# דיא פערלאבונג.

עלווירא איז וויעדער געזונד. דער דאקטאר אדער איהר יונגע, קרעפטיגע נאטור האט וויעדער געזיעגט איבער דער קראנקהייט. עלווירא איז געזונד. דיא טרויעריגע נאכריכט, אז ארטהור איז פעראורטהיילט צום טויט האט אויף איהר געווירקט. זיא איז ווירקליך וויעדער געזונד. איהר פערשטאנד איז יעצט פיעל העלער, פיעל פערשטענדליכער און פיעל געזינטער, וויא פריהער. יעצט וויים זיא, וואו זיא איז און וואס עס טהוט זיך מיט איהר. יעצט פערשטעהט זיא איהר לאגע זעהר גוט. יעצט וויים זיא אז ארטהור איז טויט, איהר ארטהור איז טויט.

זיא איז ווייטער פערטראכט און טרויעריג, וויא פריהער; זיא פלעגט אבער ניט מעהר קיין בלומען און געהט ניט ארום, וויא א וואהנזיניגע. זיא רעדט ניט מיט קיינעם. זיא ווייבט אוים אלעמען. זיא זיצט אין איהר צימער אדער געהט ארום אליין, פערטראכט און פערוויינט אין גארטען.

דיא אלטע גרעפין איז גליקליך, וואס איהרעביידע קינדער זיינען שוין געזונד. זיא רעדט יעדען טאג מיט'ן גוטען און קליגען נאני און געפינט, אז ער האט רעכט.

— מאקס ראדעצקי איז יעצט דער בעסטער און דער פאסענדסטער מאן פאר עלווירא'ן, זאגט דיא גרעפין צו זיך אליין. ער ליעבט זיא, ער איז רייך, ער איז שעהן און טראגט נאך א שטאלצען נאמען. וואס נאך קען איך פערלאנגען פון איהרעטוועגען? ווען זיא וועט הייראטהען מאקס'ן, וועט ער מאכען מיט איהר א לוסט רייזע. זיא וועט זעהן נייע לענדער, נייע געגענדען און וועט זיך צערשטרייען. זיא וועט פערגעסען דעם באראן פאן באטהיאני. — איך האב אפגערעדט מיט'ן באראן נאני, אז מאקס זאל קומען היינט און זאל בעטען ביי מיר עלווירא'ס האנד. איך וועל איהם געוויס ניט אפזאגען, עלווירא אבער דארף זיין פארבערייטעט. זיא מוז אלעס וויסען. זיא דארף איהם ניט אויפנעהמען גראב. זיא קען איהם נאך אפזאגען; עס איז זאגאר מעגליך, אז זיא זאל איהם ארויסטרייבען. — איך מוז געהן צו איהר און איהר אלעס ערקלערען.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא געגאנגען אין עלוויראס צימער. זיא האט געפונען עלווירא'ן זיצענדיג ביים פענסטער, דעם קאפ אנגעשפארט אויף דיא האנד, טרויעריג, פערטראכט, פערוויינט און ניעדערגעשלאגען. דיא אלטע גרעפין איז צוגעגאנגען צו איהר, האט איהר א קוש געטאהן אין קאפ און האט זיך געזעצט לעבען איהר.

— ליעבע, גוטע עלווירא! האט דיא אלטע גרעפין אויסגערופען, איך זעה, אז דוא ביסט טרויעריג. עס קען אזוי ניט בלייבען. דוא פערצעהרסט זיך אליין. וואס וועט דען ווערען דערפון? — עס מוז אנדערש ווערען. דוא מוזט ארוים אין דער וועלט. דוא מוזט האבען א פריינד, וועלכער זאל דיך פיהרען און בעשיצען. איך האב מיך גוט איבערלעגט און האב געפונען, אז דוא מוזט האבען אזא פריינד.

— טהו, וויא דוא פערשטעהסט און וואס דוא ווילסט, ליעבע מוטער, האט עלווירא גענענטפערט.

— ניין, קינד! ניין! איך וויל ניט טאהן אלעס, וואס איך וויל. איך וויל דיך ניט צווינגען; איך וויל דיך ניט נייטהען צו הייראטהען. — איך וויל מיך מיט דיר בעראטהען. איך וויל, אז דוא זאלסט מיר זאגען דיין מיינונג.

עלווירא האט א קוק געטאהן איהר מוטער גלייך אין דיא אויגען. דיעזער בליק האט געזאגט דייטליך: איך פערשטעה דיך ניט, מוטער און איך וויל דיך ניט פערשטעהן.

— ליעבע עלווירא, לאמיר רעדען אפענהערציג, וויא א מוטער דארף רעדען מיט א קינד. עס איז צייט, דוא זאלסט הייראטהען. עס האט זיך געפונען א מאן, וועלכער ליעבט דיך פון גאנצען הערצען. דוא דארפסט איהם ניט פערשטויסען פון זיך. גיב איהם דיין האנד, עלווירא!

— אזוי, מוטער? אזוי? האט עלווירא גענענטפערט.

— יא, מיין קינד, דוא וועסט שפעטער איינזעהן, אז איך האב רעכט געהאט און האב פערלאנגט נור דיין גליק.

— ארטהור איז דאך טויט, מוטער! האט עלווירא אויסגערופען און א שטראם טרערין האט זיך א גאס געטאהן פון איהרע אויגען.

דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן און האט געשוויגען, ביז עלווירא האט זיך אביסעל בערוהיגט.

— אך, קינד! צו וואס זאלסט דוא דערמאנען דיא טויטע? — לאזען דיא טויטע רוהען אין זייער קאלטען גראב. מיר לעבען, מיר דארפען געניסען דיא וועלט, וועלכע איז דאך אזוי שעהן. פערגעס ניט, אז דוא ביסט יונג. דוא דארפסט דענקען פון דער צוקונפט, ניט פון דער פערגאנגענהייט. — וואס העלפען דיא קלאגען? וואס נוצט דאס וויינען? דעם טויטען קען מען ניט אויפוועקען. — איך ווער מיט יעדען טאג עלטער און שוואכער. איך וויים ניט, ווען מיין ענדע וועט קומען. איך וויל דיך פערזארגען, מיין קינד.

— פערזארג מיך, מוטער, האט עלווירא געענטפערט גלייכגילטיג.

— אזוי האב איך דיך ליעב, קינד. — איך האב אויסגעזוכט פון דיינעטוועגען א מאן, וועלכער ליעבט דיך.

— אזוי? ער ליעבט מיך?

— יא, מיין קינד. ער ליעבט דיך הייס, עהרליך און פייעריג.

— אזוי, מוטער?

— ווילסט דוא איהם געבען דיין האנד?

— יא, מוטער.

— ווייסט דוא, ווער ער איז?

— ניין, מוטער.

— עס איז מאקס גראף פאן ראדעצקי. ער האט דיך שטענדיג געליעבט און ליעבט דיך יעצט אויך.

עלווירא האט א ציטער געטאהן, ווען זיא האט דערהערט דעם נאמען מאקס פאן ראדעצקי. זיא האט זיך אבער געשטארקט און האט ניט געוויינט, זאנדערן האט אניעדערגעלעגט דעם קאפ אויפ'ן פענסטער און איז געבליעבען זיצען, וויא פער־שטיינערט.

דיא גרעפין האט געשוויעגען איינינע מינוט, ביז עס האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז עלווירא האט זיך בערוהיגט.

— נו, טאכטער, וואס דענקסט דוא? ווילסט דוא געבען דעם גראף פאן ראַ־דעצקי דיין האנד?

— איך וויל רייסען בלומען און זיי ארויפלעגען אויף ארטהור'ס גראב.

— ליעבע טאכטער, איך האב דיך געפרעגט גאנץ וואס אנדערש.

עלווירא האט זיא אנגעקוקט, גלייך וויא זיא וואלט גאר ניט פערשטאנען, וואס מען רעדט צו איהר.

— ווילסט דוא הייראטהען מאקס פאן ראדעצקי? האט דיא גרעפין נאך א מאל געפרעגט.

עלווירא האט א שאָקעל געטאהן מיט'ן קאפ. דיא גרעפין איז אויפגעשפרונגען האט זיא ארומגענומען און האט זיא צוגעפרעסט צום הארצען.

— קום צו מיר, מיין גוטע און ליעבע טאכטער! האט זיא אויסגערופען, דוא ווייסט גאר ניט, וויא דוא מאכסט מיך גליקליך מיט דיעזער אנטווארט. — איך ער־ווארטע יעדען אויגענבליק דעם יונגען גראף פאן ראדעצקי. ער וועט געוויס באלד קומען. — געה, טאכטער, טהו זיך אָן. עס פאסט דאך ניט, מיר זאלען איהם אויפ־נעהמען אזוי איינפאך. מיר מוזען דאך וויזען, אז מיר שטעהען ניט ניעדעריגער פון איהם. — קום, טאכטער! — זאל איך דיר שיקען דיין קאמערמעדכען, זיא זאל דיך אנטאהן?

עלווירא האט א שאָקעל געטאהן מיט'ן קאפ. דיא גרעפין איז ארויסגעגאנגען. זיא איז געווען העכסט צופריעדען, וואס עלווירא האט איהר ניט אפגעזאגט.

— איך זאל הייראטהען, האט עלווירא געזאגט טרויעריג, איך זאל זיין גליקליך. קען איך זיין גליקליך? — פאר מיר איז ניטא קיין גליק אויף דער וועלט.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דאס קאמערמעדכען און האט געזאגט:

— דיא גרעפין האט מיך געשיקט, איך זאל אייך אנטאהן.

עלווירא האט ניט געענטפערט און איז געגאנגען מיט'ן מעדכען אין איהר טוא־לעטען צימער.

אין א האלבע שטונדע ארום זיינען אנגעקומען דיא גרעפין פאן ראדעצקי, נאני און מאקס פאן ראדעצקי. דיא אלטע גרעפין איז געווען אנגעטאהן אין איהרע שעהנסטע קליידער און זיא האט זיי אויפגענומען הערצליך און פריינדליך. מאקס האט גוט אויס־געלערנט דיא לעקציאן, וועלכע זיין מוטער און נאני האבען איהם געלערנט. ער איז צוגעגאנגען צו דער גרעפין און האט איהר געזאגט:

— גנעדיגע גרעפין, איך דענק, אז איהר האט שוין לאנג בעמערקט, אז אויף מיינע ליפען שוועבען ווערטער, וועלכע איך קען ניט ארויסזאגען. אין מיין הארצען

ברענט שוין לאנג א פייער פון ליעבע און פערגנעטערונג צו אייער טאכטער. איך האב מיך איינגעהאלטען ביז אהער. איך קען עס אבער ווייטער ניט טאהן. איך מוז ארויס־זאגען אלעס, וואס איך פיהל: — איך ליעב עלווירא'ן, איך פערגעטער זיא! איך האב מיך ענדליך ענטשלאָסען צו פאלען צו אייערע פיס און אייך בעטען, איהר זאלט מיר געבען איהר האנד. — דארף איך האָפען, גרעפין?

נאגי איז געשטאנען דערביי און האט אויסגעהערט דיא לאנגע רעדע. ער איז געווען צופריעדען מיט זיין שילער. מאקס האט גוט געקענט זיין לעקציאן. דיא גרעפין טאָקקי האט א שמייכעל געטאהן און האט געזאגט:

— זייט מיין זוהן, מאקס! איך האָף, אז עלווירא וועט זיין גליקליך מיט אייך!

מיט דיעזע ווערטער האט זיא דערלאנגט מאקס'ן איהר האנד. מאקס האט זיא א קוש געטאהן. יעצט איז דיא גרעפין פאן ראדעצקי צוגעקומען צו דער גרעפין פאָן טאָקקי. ביידע פרויען האבען זיך ארומגענומען און האבען זיך צוקושט, דערביי האבען זיך געוויעזען טרערין אויף זייערע אויגען. דאן איז נאגי צוגעקומען צו דער גרעפין פאָן טאָקקי, האט איהר געווינשט גליק און האט איהר פערזיכערט, אז עלווירא וועט זיין גליקליך, ווייל מאקס איז א גוטער מענש און ער וועט געוויס שעצען און אכטען זיין פרוי, וועלכע ער ליעבט מעהר, וויא זיין לעבען.

— וואו איז אבער אונזער ליעבע בראוט? האט ער פלוצלונג א פרעג געטאהן.

דיא גרעפין טאָקקי איז אוועקגעגאנגען אין עלווירא'ס צימער און אין איינינע מינוטען ארום איז זיא צוריק געקומען מיט איהר טאכטער. עלווירא האט געטראגען א וויים זיידענעם קלייד און א קראנץ פון ווייסע בלומען אויפ'ן קאפ. זיא איז געווען בלייך, וויא דיא בלומען אויף איהר קאפ און האט געהאלטען דיא אויגען אראפגעלאזען צו דער ערד. זיא האט מעהר אויסגעוויעזען, וויא א טויטע, וועלכע מען לעגט אריין אין זארג (טויטען קאסטען) אלס א לעבעדיגע בראוט.

דענאָך איז זיא געווען שעהן, געטליך שעהן! דאס איז אבער געווען דיא שעהנ־הייט פון א סטאטוע, פון א מארמאָר בילד. זיא האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א שטוהל לעבען איהר מוטער און איז געבליעבען זיצען, וויא פערגליווערט, פערשטיינערט, פערפראָרען און צוגעוואקסען צו איהר שטוהל.

מאקס האט א ציטער געטאהן, ווען ער האט זיא דערזעהן. זיא האט זיך פאר קיינעם ניט פערנייגט. זיא האט קיינעם ניט בעגריסט און האט צו קיינעם ניט געזאגט קיין וואָרט.

— דער גראף מאקס פאן ראדעצקי האט ערקלערט, אז ער ליעבט דיך, עלווירא, האט דיא גרעפין פאָן טאָקקי געזאגט צו עלווירא'ן. ער איז געקומען בעטען ביי מיר דיין האנד.

עלווירא האט געשוויעגען, גליך וויא מען וואלט ניט גערעדט צו איהר.

— עלווירא! האט מאקס אנגעהויבען צו רעדען מיט א ביטענדער שטימע, עלווירא! וואס זאל איך אייך זאגען? וואס זאל איך צו אייך רעדען? — איהר ווייסט אליין, אז איך ליעב אייך, אז איך פערגעטער אייך פון דער ערשטער מינוט, וואס איך

האב איך דעטען. — עלווירא! איך ליעב אייך פון גאנצען הארצען. זייט מיין פרוי, עלוויא! איך ווער אייך אייביגע ליעבע און טרייע!

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגענומען איהר האנד און האט א ציטער געטאהן. — איהר האנד איז געווען קאלט, וויא דיא האנד פון א טויטער. איינינע מינוט האט ער ניט געוואוסט וואס צו זאגען. ער האט פערגעסען זאגאר דיא לעקציאן, וואס זיין מוטער און נאני האבען איהם געלערנט. א ווינק פון'ם גוטען נאני, א שטרענגער בליק פון איהם האבען דערמאהנט דעם ארימען מאקס, וואס ער האט צו זאגען אין אזא פאלל.

— ליעבע טהייערע עלווירא! האט ער אויסגערופען, גיט מיר אן אנטווארט! האב איך עפעס צו האפען? — מיין לעבען, מיין גליק, מיין גאנצעס שיקזאל לעג איך אין אייערע הענד! זאגט מיר, ענטשיידעט! זאל איך האפען?

עלווירא האט געשוויעגען, גלייך וויא מען רעדט גאר ניט צו איהר.

— רעד, קינד! האט דיא גרעפין טאַקקי אנגעהויבען צו בעטען, ענטפער איהם! זאג איהם נור איין איינציגעס ווארט.

עלווירא האט וויעדער געשוויעגען.

— זאג נור דאס איין ווארט: יא, האט דיא גרעפין טאַקקי געבעטען.

— יא, האט עלווירא געזאגט לאנגזאם.

— דאן בין איך דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט! האט מאקס אויסגערופען.

ער האט אנגעכאפט איהר האנד און האט זיא אנגעהויבען צו קושען.

— גוטע, ליעבע עלווירא! האט ער אויסגערופען פול פרייד, איך שווער, אז איך וועל זיך אייביג ליעבען און שעצען, און אכטען און דיך טראגען אויף דיא הענד.

— ארטהור איז דאך טויט! האט עלווירא פלוצלונג אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו וויינען.

זיא האט געוויינט אזוי שטארק און אזוי הערצרייסענד, אז אלע אנוועזענדע זיינען געווען גערירהט. אלע האבען געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעדען א ווארט. יעדער האט געפיהלט, אז ער געפינט זיך אין א טרויער הויז; יעדער האט געוואוסט, אז פאר זיינע אויגען שפיעלט זיך אפ איינע פון דיא שרעקליכסטע פאמיליען דראמא'ס, וואו מען וויינט ניט דיא פאלשע טרערען, וועלכע גיעסען זיך פון געפארבטע באקען אין טהעאטער, זאנדערן הייסע, בלוטיגע טרערען פון א הערץ, וועלכעס ווערט צוריסען פאר שמערץ און ליידען.

מען האט געמוזט אוועקטראגען עלוויראַ'ן אין איהר צימער און שיקען נאכ'ן דאקטאר. דיא גרעפין ראדעצקי, מאקס און נאני האבען געזעהן, אז זיי זיינען יעצט איבעריג. זיי האבען אבשיעד גענומען פון דער גרעפין טאַקקי און זיינען אוועקגעפאהרען אהיים.

— איך האף, אז עלווירא וועט זיך אונטערדריקען בערוהיגען און מיר וועלען מארגען מאכען אן עפענטליכע פערלאבונג, האט נאני געזאגט דער גרעפין טאַקקי פאר'ן אוועקפאהרען.

## 5טער קאפיטעל.

# דיא פערלאבונג.

זייט איינינע טעג איז דער שטומער בעטלער געווארען אן אפטער גאסט אין שלאס ראדעצק. ער האט אנגעהויבען צו קומען יעדען טאג אין שלאס און פלעגט געהן גלייך אין קיך. ער איז געווארען נאך עלטער, נאך איינגעבויגענער, נאך איינגעקנייטש־טער. זיינע האר זיינען געווארען נאך ווייסער, זיין געזיכט נאך בלייבער, עס איז געווען דייטליך, אז ער איז קראנק.

דיא דיענער פון'ם שלאס האבען געהאט מיטלייד מיט אן אלטען, שוואכען און שטומען מענשען. זיי פלעגען איהם לאזען זיצען אין קיך, פלעגען איהם געבען עסען און טרינקען און א מאל פלעגען זיי איהם צו ווארפען אן אלטען שוך אדער אן אלטען פאר הויזען.

זיי פלעגען זיך אפט וואונדערן, וואס דער שטומער בעטלער עסט זעהר ווענ׳ג; אפט פלעגט ער זיך זאגאר ניט צו ריהרען צו דיא שפייזען, וועלכע מען האט איהם געגעבען. צומאל פלעגט ער נור עטוואס פערזוכען פון דיא בעסערע עסענס און פלעגט דאס איבעריגע לאזען שטעהן.

— ער איז קראנק, פלעגען זיי זאגען, דער ארימער מאן קען נעביך ניט עסען.

דער שטומער בעטלער פלעגט אוועק זיצען שטונדען לאנג אין קיך. דיא דיענער פלעגען ניט מורא האבען פאר איהם צו רעדען איבער אלעס, וואס האט פאסירט אין שלאס. לאקייען און דיענסט מעדכען האבען ליעב צו פלוידערן.

אין דעם טאג, ווען דיא גרעפין ראדעצקי מיט איהר זוהן זיינען געפאהרען אין שלאס טאקקי אויף דיא פערלאבונג, האט זיא געגעבען אלע איהרע דיענער פרעזענטע און האט געהייסען מאכען פאר זיי א מיטאג. ווען אלע דיענער האבען געגעסען און געטרונקען, איז אנגעקומען דער שטומער בעטלער. מען האט איהם אויפגענומען פאר א גאסט און מען האט איהם געזעצט ביים טיש גלייך מיט אלעמען.

מען האט איהם געגעבען צו עסען און צו טרינקען דאס בעסטע, וואס מען האט געהאט. דער שטומער בעטלער אבער איז היינט געווען זעהר שוואך און האט גאר ניט געגעסען. ער האט אויסגעטרונקען נור איין גלאז טאקאיער־וויין.

— טרינק, יאקי! האבען איהם געזאגט דיא דיענער, טרינק אויף דאס גליק פון דאס נייע פאר פאלק!

דער שטומער בעטלער האט געקוקט אלעמען גלייך אין דיא אויגען. ער האט ניט פערשטאנען, וואס מען רעדט צו איהם. מען האט איהם געמיזט ערקלערען דורך צייכענס, וואס פאר א פרייד עס איז היינט אין שלאס. דערביי האט יעדער דיענער זיך געריהמט מיט דעם פרעזענט, וואס דיא גרעפין פאן ראדעצקי האט איהם גע־שענקט. יעדער האט געוויעזען דעם שטומען בעטלער דעם פרעזענט, וואס דיא גרעפין האט איהם געמאכט.

דער שטומער בעטלער איז אבער היינט געווען בעזאנדערס קראנק אדער טרויע־ריג. ער איז ניט לאנג געזעסען אין דער פרעהליכער געזעלשאפט. ער איז באלד אוועק

געגאנגען. דיא דיענער אין שלאס ראדעצקי האבען זיך אויף איהם ניט אומגעקקט זיי זיינען שוין געווען האלב בעטרונקען.

פון שלאס ראדעצקי איז דער שטומער בעטלער געגאנגען אין שלאס טאקקי. דארט איז אויך אלעם געווען פרעהליך און לוסטיג. דאס גאנצע שלאס איז געווען בע־האנגען מיט בלומען און מיט גירלאנדען. דיא דיענער זיינען געווען פרעהליך, האבען געגעסען, געטרונקען, געלאכט, געשפאסט, געקיארמט און זיך לוסטיג געמאכט.

דער שטומער בעטלער איז געווען א ווילקאָמענער גאסט אין שלאס טאקקי, וויא ער איז געווען א גוטער גאסט אין שלאס ראדעצקי. קוים האט מען איהם דערזעהן, האט מען איהם באלד אריינגעפיהרט אין קיך און מען האט איהם געגעבען א גרויסען בע־כער וויין. דער שטומער בעטלער האט גענומען דעם בעכער און האט איהם געוואלט צוטראגען צו דיא ליפען. דער בעכער איז ארויסגעפאלען פון זיינע הענד און דער וויין האט זיך אויסגעגאָסען.

דיא דיענער האבען איהם ערקלערט דורך צייכענס, אז היינט איז דיא פערלא־בונג פון עלווירא מיט דעם יונגען גראף ראדעצקי. דערביי האט מען דערצעהלט, אז דיא פערלאבונג האט אייגענטליך געדארפט זיין נעכטען נאך, עלווירא אבער איז פלוצלינג קראנק געווארען און מען האט געמוזט אפלעגען דיא פערלאבונג אויף היינט אבענד.

מען האט אנגעגאסען דעם שטומען בעטלער אנאנדער בעכער וויין. ער האט איהם גענומען אין דיא הענד און דער בעכער איז ווידער ארויסגעפאלען ביי איהם פון דער האנד.

— וואס איז היינט מיט איהם? האבען דיא דיענער געפרעגט איינער דעם אנדערן.

— ער איז געווים קראנק, דער ארימער מענש. לאמיר איהם ניט אפלאזען. ער וועט היינט עסען ביי אונז א גוטען מיטאג.

אין שלאס טאקקי איז ווירקליך היינט געווען א גרויסע פרייד. היינט איז גע־ווען דער גרויסער טאג, ווען דיא פערלאבונג פון עלווירא מיט'ן גראף מאקס פאן רא־דעצקי האט שטאטגעפונען. היינט האבען זיך ווירקליך אלע געפרייהט.

עלווירא האט זיך געפיהלט גאנץ גוט, זיא איז היינט גאר גאנץ פרעהליך געווען. זיא האט זאגאר געלאכט און געשפאסט. ווען א גוטער מענשענקענער אדער א דאקטאר וואלט זיך געווען צוגעקוקט בעסער צו עלווירא'ן, וואלט ער זיך דערשראקען פאר איהר געלעכטער. ער וואלט איהר דאן א קוק געטאהן אין דיא אויגען און וואלט דער־זעהן, אז אין זיי ברענט א זאנדערבארעס פייער.

ליידער, האט עס קיינער ניט בעמערקט אדער קיינער האט עס ניט געוואלט בעמערקען. דיא גרעפין טאקקי האט געגלויבט, אז עלווירא איז פאלקאמען געזונד און פרעהט זיך, וואס זיא איז פערלאבט מיט א שטאלצען גראף.

עלווירא איז געגאנגען זעהר רייך געקליידעט, אויפ'ן קאפ אבער האט זיא וויע־דער געטראגען א קראנץ פון ווייסע ראָזען — א צייכען פון טרויער. איהר מוטער האט זיא געבעטען, אז זיא זאל אָנטאָהן א קראנץ פון רויטע ראָזען — א צייכען פון

ליעבע און פרייד. עלווירא אבער האט געלאכט און האט אויף קיין פאל ניט געוואָלט אראָפּנעהמען דיא ווייסע ראָזען פון קאָפּ. איהר מוטער איז געווען אויך דערמיט צופריעדען. זיא איז געווען גליקליך. וואס עלווירא איז ווענינסטענס פרעהליך.

— אזוי האב איך דיך ליעב, מיין קינד, האט זיא צו איהר געזאגט, דוא ביסט מונטער, דוא ביסט פרעהליך. איך פערשטעה, אז דוא ערוואַרטעסט דיין בריוטיגאַם מיט אונגעדולד.

— געוויס, מוטער.

— וועסט דוא היינט ניט זיין אזוי אונהעפליך. וויא געסטערן?

— וואס האב איך דען געסטערן געטאהן?

— דוא האסט געוויינט.

— וואס האב איך געקענט העלפען, מוטער? האט עלווירא געענטפערט. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איך זעה ארטהורס גראב.—א בערגעלע גאנץ אליין, ווייט פון אלעמען. אויף איהם געפינט זיך קיין ציינען, קיין קרייץ, קיין מאָנומענט, קיין גראבמאל (מצבה) און קיין אנדענקען, אז אונטען ליעגען דיא ביינער פון א גוטען און עדלען מענשען.

— רעד ניט דערפון, טאָכטער! האט דיא מוטער געבעטען. רעד ניט פון אזעלכע זאכען עס איז דאָך שוין אלעס פערפאלען.

— איך וויים עס, מוטער, איך וויים עס און דערפאר בין איך פרעהליך, האט עלווירא געענטפערט.

זיא איז ארומגעגאנגען אין צימער עטליכע מאָל, דאן האט זיא זיך אניעדערגעשטעלט ביי א פענסטער, האט ארויסגעקוקט אין דיא דונקעלע נאכט און האט געזאגט צו זיך אליין:

— איך וויים אלעס, איך וויים, ווער עס האט דיך אומגליקליך געמאכט, מיין גוטער און ליעבער ארטהור! איך האב דיך ניט פערגעסען. איך וועל דיך ניט פערגעסען. מען צווינגט מיך, איך זאָל געבען מיין האנד דעם מענשען, וועלכען דוא האסט פיינט געהאט. — איך וועל איהם געבען מיין האנד, דאס וועט אבער זיין א פלוך פאר איהם. ער האט געבעטען מיין האנד אין א בייזע שטונדע. ער וועט צייטערן! ער וועט פערשילטען דעם טאג, אין וועלכען ער האט געבעטען מיין האנד. מיט'ן בלוט פון זיין הערצען, וועט ער בעצאהלען אלעס, וואס ער האט געטאהן אן דיר.

אין דיעזער מינוט איז צו איהר צוגעקומען איהר מוטער.

— עלווירא, קום אין זאַל, מאַקס איז געקומען.

— איך געה, מוטער! איך געה! האט עלווירא אויסגערופען.

מוטער און טאָכטער זיינען אריינגעקומען אין גרויסען זאַל, וואו דיא גרעפין פאָן ראדעצקי, מאקס און דער באראן פאן נאגי האבען אויף זיי געווארט. מאקס איז איהר ענטגעגען געגאנגען, האט זיא גענומען ביי דער האנד און האט אויסגערופען:

— זיי מיר געגריסט, מיין גוטע און ליעבע עלווירא! איך בין גליקליך, וואס

איך זעה דיך היינט אזוי מונטער, אזוי פרעהליך און אזוי גליקליך. דאס איז א גוטער צייכען.

אויף דיא גרעפין פאן ראדעצקי און נאגי זייזען געווען העכסט צופריעדע, וואס עלווירא איז געווען אזוי פרעהליך. דיא אלטע גרעפין האט אלעמען איינגעלאדען צום טיש. ווען מען זאל געווען וויסען, אז עלווירא וועט זיין אזוי מונטער און אזוי פרעהליך, וואלט מען געווען איינלאדען פרעמדע געסט. דיא גרעפין טאקקי אבער האט ניט געוואוסט, וויא אזוי עלווירא וועט זיך אויפפיהרען און זיא האט קיינעם ניט איינגעלאדען.

ווען מען האט זיך געזעצט צום טיש, האט זיך דער גוטער נאגי אויפגעהויבען און האט אויסגערופען:

— אין אונזער שעהנעם אונגארלאנד איז איינגעפיהרט א שעהנע אלטע זיטע (מנהג), אז ביי דער פערלאָבונג זאל דאס יונגע פאר פאלק זיך בייטען מיט דיא רינגען. דיעזע זיטע איז זעהר שעהן. דער רינג איז קיילעכדיג, ער איז אהן אן אנפאנג און אהן אן ענדע. דאס איז דער צייכען פון וואהרע ליבע און וואהרע טרייע. זיי זיינען אויך אהן אנפאנג און אהן ענדע. דיעזע אלטע זיטע דארף ביי אונז זיין טהייער. לאָמיר זיא האלטען! לאז דער ברייטיגאם געבען זיין רינג דער בראוט

מאקס האט אראָפּגענומען פון דיא פינגער א טהייערן רינג און האט איהם אנגעטהאן עלווירא אויפ'ן פינגער.

— נעהם, עלווירא, דיעזען רינג אלס צייכען, אז מיר זיינען פעראיינט אויף אייביג.

עלווירא האט אנגעטהאן דעם רינג און האט גאר ניט געענטפערט. אלע זיינען געווען פרעהליך און לוסטיג. נאגי האט גענומען א בעכער וויין און האט געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האט אויסגעלויבט דעם ברייטיגאם און דיא בראוט. דערביי האט ער זיי געווינשט גליק און אלעס גוטע.

אזוי וויא מען איז אזוי געזעסען און מען האט זיך גאנץ פרעהליך אונטערהאלטען איז אריינגעקומען א דיענער און האט דערלאנגט עלווירא'ן א צונויפגעדרעהטען און פערזיגעלטען בויגען פאפיער.

— ווער האט דיר געגעבען דיעזעס פאפיער? האט דיא גרעפין טאקקי געפרעגט

— עס איז געקומען א שעהן געקליידעטער אלטער מאן, וועלכער האט מיר געגעבען דיעזען בריעף אדער דיעזעס דאקומענט. איך וויים אליין ניט וואס דאס איז.

— האט ער דיר עפּעס געזאגט דערביי?

— ער האט מיר געזאגט, אז דאס איז פאר דיא בראוט.

עלווירא האט גענומען דאס צונויפגעקייקעלטע פאפיער און האט געזעהן, וואס עס איז דארויף אנגעשריעבען. עס זיינען געשטאנען דארויף נור דריי ווערטער:

„ווארנונג פאר דיא בראוט!"

עלווירא האט האסטיג אויפגעריעסען דעם אומשלאג פון דער פאפיער ראָלל און האט צונומען דעם בויגען פאפיער. עס איז געווען א ריכטיג געמאָלטעס בילד פון איהר פאטער.

— מיך מאן! האט אויסגערופען דיא גרעפין טאָקקי און האט צוגענומען דאס פאָרטרעט.

— עס איז נאך עפעס אנגעשריעבען אונטען, האט עלווירא בעמערקט.

דיא גרעפין האט זיך צוגעקוקט צו דיא ווערטער, וועלכע זיינען געווען אונטער־געשריעבען אונטערן בילד און איז געווארען בלייך, וויא קאלך. נאגי איז געווען אויסער זיך ער האט זעהר געוואלט זעהן, וואס עס איז אנגעשריעבען אונטערן בילד, ער איז אבער געזעסען צו ווייט פון דער גרעפין טאָקקי און עס האט ניט געפאסט, ער זאל בעטען ביי איהר דאס בילד.

עס האט גענומען א ווינק צו דער גרעפין ראדעצקי, אז זיא זאל איבערלעזען, וואס עס איז אנגעשריעבען. דיא גרעפין ראדעצקי אבער האט עס אויך ניט געקענט. מאקס איז איהם געקומען צו הילף. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט צוגענומען דאס בילד פון גרעפין טאָקקי'ס הענד.

— ערלויבט מיר, ליעבע מוטער, אוועקצונעהמען דיזעס בילד, וועלכעס האט אונז אלעמען אזוי בעטריבט. מיר זיינען יעצט פערזאמעלט אויף א פריידיגע מאָהל־צייט און מיר דארפען פערגעסע אן דעם, וואס איז שוין לאנג געשעהן.

דיא גרעפין פאן טאָקקי איז געווען אזוי איבערראשט און האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר, אז זיא האט גאר ניט בעמערקט, וואס מאקס האט ביי איהר צוגענומע דאס בילד. דער קלוגער נאגי האט זיך באלד אנגעבויגען און האט איבערגעלעזען פאָלגענדע ווערטער:

„עלווירא! טאכטער! פון מיין גראב וואָרן איך דיך פאר דיעזע הייראטה!
זיא איז א שאנדע פאר מיר, א שאנדע פאר אלע אונזערע עלטערן!"

דיא גרעפין פאן טאָקקי איז באלד געקומען צו זיך. זיא האט צוגענומען דאס בילד ביי מאקס'ן און האט עס אוועקגעטראגען אין אנאנדער צימער.

דיזער פלוצלונגער, אונערווארטעטער אומשטאנד האט געמאכט זעהר א שלעכ־טען איינדרוק אויף דיא גאנצע געזעלשאפט. אלע האבען אראפגעלאזען דיא קעפ און זיינען געווארען טרויעריג. נאגי האט זיך גענעבען אלע מעגליכע מיה צו לאכען, צו שפאסען און אויפצומונטערן דיא געזעלשאפט. עס האט אבער ניט געהאָלפען.

מאקס איז געווארען זעהר טרויעריג. ער האט געפיהלט, אז דיעזעס בילד האט זעהר שטארק געווירקט אויף עלוויראַ'ן. זיא איז וויעדער געווארען שטיל און קאלט וויא אייז. זיא האט מיט איהם מעהר ניט גערעדט קיין ווארט און איז געזעסען, וויא א נעבעכיגע.

אין זאל איז געווארען שטיל. נאגי האט געזעהן, אז עס וועט זיין פיעל גלייבער, זיי זאלען יעצט געהן אהיים. זיי האבען זיך אויפגעהויבען און האבען אנגעהויבען צו נעהמען אבשיעד פון דער גרעפין.

— דאס האט זיך געוויס איינער געוואלט מאכען א שפאס מיט אונז, האט דיא גרעפין פאן טאָקקי געזאגט צו איהרע געסט. איך וועל הייסען נאכפאָרשען, ווער עס האט עס געטאהן און איך וועל איהם געוויס בעשטראפען פאר אזא פרעכהייט. —

ענטשולדיגט פאר דיזע שטערונג. עס געפינען זיך אויף דער וועלט שלעכטע מענשען, וועלכע פערגינען ניט דעם אנדערן א פרעהליכע מינוט.

מען האט אבשיעד גענומען איינער פון'ם אנדערן. עלווירא איז געווען שטיל און טרויעריג, אבער גאנץ רוהיג. מאקס האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, ווען ער האט געזעהן, אז עלווירא איז פריינדליך געגען איהם.

מען איז זיך צופאהרען. אין שלאס טאקקי איז געווארען שטיל. מען האט אויסגעלאָשען דיא לאמפען און יעדער איז זיך צוגאנגען אין זיין צימער.

אנדערש איז עס אבער געווען אין שלאס ראדעצק. דיא גרעפין פאָן ראדעצקי איז אריינגעגאנגען אין איהר צימער און האט געבעטען נאני, ער זאל קומען צו איהר. זיא דארף מיט איהם עפּעס רעדען. ער איז געגאנגען אין זיינע צימער, האט זיך איבערגעטאהן און איז באלד געקומען צו דער גרעפין.

— האסט דוא געלעזען, וואס עס איז געשטאנען אנגעשריעבען אונטערן בילד? האט זיא איהם געפרעגט. וואס איז דארט געשטאנען? איך בין געווען אזוי איבערראשט, אז איך האב ניט געקענט לעזען.

— איך וויים ניט, וואס איך זאל אייך זאגען, האט נאני געענטפערט, עס איז געווען א גרוס פון יענער וועלט.

— וואס מיינסט דוא דערמיט, נאני? איך פערשטעה דיך ניט.

— דער פאטער פון יענער וועלט ווארנט זיין טאכטער, זיא זאל ניט הייראטען מאקס'ן. דער שפּאס איז ניט שלעכט, אבער זעהר דום געמאכט.

דיא גרעפין איז געווארען בלייך.

— איך פערשטעה דיך דאך ניט, נאני, האט זיא געשטאמעלט. ערקלער מיר דייטליך, וואס איז געווען אנגעשריעבען אונטערן בילד.

נאני האט איהר ערקלערט, אז איינער האט אויסגעמאלט דאס בילד פון עלוויראַ'ס פאטער אויף א בויגען פּאפּיער און האט אונטען אונטערגעשריעבען, אז ער ווארנט עלוויראַ'ן, זיא זאל ניט הייראטהען מאקס'ן, ווייל עס איז א שאנדע פאר איהם און פאר זיינע עלטערן.

דיא גרעפין האט געשאָקעלט טרויעריג דעם קאָפּ.

— עס איז דאך א טרויעריגע געשיכטע, האט זיא געזאגט. עס איז אונמעגליך צו געניעסען א פרעהליכע און א פערגניגטע שטונדע. קוים בערוהיגען מיר אונז אויף א מינוט; קוים אטהעמען מיר אויף אביסעל פרייער, קומט אָן פון ערגעץ א פרעמדע האנד און פערשטערט אונזער פרייד און אונזער פערגניגען. איך קען ניט גלויבען, אז דאס איז געווען בלויז א שפּאס. איך קען ניט דענקען, אז דאס איז געווען א צופאל. עס געפינט זיך דא איינער, וועלכער שפירט אונז נאך שריט און טריט.

— וואס מאכט איהר זיך נארריש, גרעפין? האט נאני אויסגערופען. קיינער געהט אונז ניט נאך, קיינער שפירט אונז ניט נאך. עס איז א שפּאס פון א פיינד, דאס איז ריכטיג. איהר קענט אבער ניט וויסען, אויב דאס איז אונזער פיינד אדער א פיינד פון דער פאמיליע טאקקי; — ווייטער וואס געהט אונז אן דיא גאנצע געשיכטע? איהר האט דאך אליין געזעהן, אז אלע מיינע פלענער געלינגען. איהר האט

דאך אויך געזעהן, אז אלעס, וואס מיר נעהמען זיך אונטער, ווערט אויסגעפיהרט; אלזא, וואס קימערט עס אונז, וואס עס געפינט זיך א געהיימער פיינד, וועלכער וויל אונז שטערן? — לאז ער טאהן, וואס ער וויל, לאז ער מאכען וואס ער וויל, — מיר האבען צו דענקען נור פון איין זאך: מאקס זאל הייראטהען עלווירא'ן וואס צום ניכסטען. קוים וועט ער זיא הייראטהען, מעגען זיי שוין טהאן, וואס זיי ווילען.

— יא, מיר קענען גאר ניט העלפען, האט דיא גרעפין געזיפצט, מיר מוזען לאזען אלעס געהן, וויא עס געהט.

— ניין, מאדאם! מיר דארפען ניט לאזען אלעס געהן, וויא עס געהט. מיר מוזען פיהרען אלעס, וואהין מיר ווילען. דער מענש איז דער הערר פון זיין שיקזאל. יעדער מענש ברעכט זיך אליין אויס א וועג אין לעבען. איך וויים, וואס איך טהו. איך שטרעב צו א געוויסען ציעל און איך מוז איהם דערגרייכען. אויף דער וועלט איז ניטא קיין שיקזאל און קיין צופאל. אלעס איז א בערעכנונג. ווער עס קען גוט בערעכענען: ווער עס קען יעדען טרעטען מיט דיא פים; ווער עס קען אויפהייבען דיא האנד אויפ'ן צוויימען; ווען עס קימערט ניט דיא טרערן פון ארימע און אונגליקליכע — דער איז רייך, דער איז שטארק, דער איז גליקליך.

דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן. וויא פערדארבען זיא איז געוועזען, האט זיא דאך ניט געקענט איבערטראגען דיעזע ווילדע, גראבע, אונמענשליכע לעהרע, וויא אזוי א מענש דארף זיך פיהרען אין לעבען.

— לאז מיך אליין, נאני, האט זיא געבעטען. איך בין זעהר מיעד און זעהר אויפגערעגט, איך מוז מיך לעגען שלאפען.

— גוטע נאכט, מיין ליעבע! האט נאני געזאגט און א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געקרייזעלט אויף זיינע גראבע, פליישיגע ליפען.

6טער קאפיטעל.

## עלווירא ביי מטאסא.

אין דער צייט, וואס דיא גרעפין פאן ראדעצקי האט זיך אונטערהאלטען מיט דעם גוטען און עדעלען נאני און ער האט איהר ערקלערט, וויא אזוי א מענש דארף לעבען, איז דער שטומער בעטלער געזעסען אין זיין ארימעס שטיבעלע אין דארף טשעמני און האט געשריעבען א בריעף.

— איך מוז איהם אלעס שרייבען, וויא מיר האבען אפגערעדט, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ער מוז אלעס וויסען. איך מוז געהן יעדען טאג אין שלאס ראדעצק. דיא דיענער קענען מיך זעהר גוט און נעהמען מיך זעהר גוט אויף. איך קען דארט זעהר לייכט געוואהר ווערן אלעס, וואס דארט טהוט זיך.

דארט בין איך געוואהר געווארען, אז עלווירא איז פערלאבט מיט מאקס'ן. — דאס דארף ניט זיין. זיא טאר איהם ניט הייראטהען. עס איז גוט, וואס איך האב געהאט זיין בילד. דיא אונטערשריפט אונטער'ן בילד איז געוועזען ניט גאנץ העפליך און א ביסעל צו גראב. איך האב אבער אנדערש ניט געקענט. איך האב געוואלט געבען עלווירא און איהר מוטער א ווינק. איך האב זיי געגעבען דיעזען ווינק מיט א שטעקען איבער קאפ, ווייל איך האב אנדערש ניט געקענט.

עס זיינען דא מענשען פאר וועלכע עס איז גענוג א ווינק מיט די אויגען; עס זיינען דא מענשען, וועלכע מען מוז געבען א ווינק מיט דער האנד און עס זיינען דא מענשען, וועלכע מען מוז געבען א ווינק מיט א שטעקען איבערן קאָפּ.

ער האט געענדיגט דעם בריעף און איז געגאנגען איהם אַוועקטראָגען אויף די פּאָסט.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט די גרעפין טאַקקי צונויפגערופען אלע איהרע דיענער און האט אנגעהויבען אויסצופרעגען, ווער עס האט געבראכט נעכטען ביינאכט דאס צונויפגעקנייקעלטע פּאפּיער.

— אן אלטער מאן מיט א לאנגער ווייסער באָרד, האבען די דיענער גע־ענטפערט.

— ווער איז דער? וויא הייסט ער?

— דאס האבען מיר איהם ניט געפרעגט.

— פאר וואס האט איהר ביי איהם צוגענומען .... פּאפּיער?

— ער איז געגאנגען זעהר אנשטענדיג געקליידעט און האט אויסגעוויזען, וויא אן עדעלמאן.

דאס איז געווען אלעס, וואס די גרעפין טאַקקי איז געוואָהר געווארען איבער דעם מאן, וועלכער האט איהר נעכטען צוגעשיקט דאס בילד פאָן איהר פערשטאָרבע־נעם מאן.

באלד האט זיך אין דער גאנצער געגענד פערברייטעט די נאכריכט, אז על־וויראַ איז פערלאָבט מיט'ן גראף מאקס פאָן ראַדעצקי. איינינע האבען פערצווינען מיט די אַקסלען און האבען געזאגט, אז דאס פּאריל האט קיין מאל ניט געפּאסט און וועט קיין מאל נים פּאסען; אנדערע האבען געפונען, אז די ביידע פּאסען זעהר גוט איי־נער צום אנדערן.

וואס יעדער האט געזאגט ביי זיך אין דערהיים, האט ער דאך געפיהלט, אז די העפליכקייט פאָדערט, ער זאָל בעזוכען די גרעפין טאַקקי און זאָל איהר ווינשען גליק. פאן דער גרעפין ראַדעצקי האט מען וועניגער גערעדט, וויל זיא איז דאך געווען א פרעמדע, וועלכע האט זיך ערשט ניט לאנג געזעצט אין דיעזער געגענד. די פאַ־מיליע טאַקקי אבער איז געווען בעקאנט וויט און ברייט אין יענער געגענד. פיעלע זיינען געווען פערוואנדעט מיט דער פאמיליע. פיעלע זיינען געווען אזוי גוטע פריינד און אלטע בעקאנטע.

די גרעפין טאַקקי און עלוויראַ האבען איינינע טעג געמוזט זיצען אין דערהיים און עמפּפאנגען די געסט. אלעס איז געגאנגען נאך וואונש. עלוויראַ איז געווען רו־היג און געלאסען. זיא פלעגט ניט לאכען, ניט שפּאסען און ניט פרעהליך זיין; זיא פלעגט אבער רעדען מיט אלעמען און זיך אויפפיהרען גאנץ שעהן און אנשטענדיג, וויא עס פּאסט פאר א גרעפין פאָן טאַקקי.

ווען איינער וואלט זיך צוגעקוקט בעסער צו איהר, ווען איינער וואָלט זיך צוגע־הערט צו אלעס וואס זיא האט גערעדט צו זיך אליין, וואלט ער געזעהן, אז עלוויראַ איז בעשעפטיגט מיט איין איינציגען געדאנקען: צו נעהמען ראכע (זיך נוקם זיין) פאר

ארטהורס טויט. זיא האט געטראכט נור פון ראבע, האט געקלערט נור פון ראבע, האט געטרוימט נור פאן ראבע און האט גערעדט נור פאן ראבע.

אזא צושטאנד פון'ם פערשטאנד פון א מענשען רופען דיא דאָקטוירים: אידעע פיקס אדער „מאניא". דאס איז אייגענטליך דער וואהנזינן. דער מאניאק אדער דער מענש, וועלכער האט זיך אריינגענומען אין קאָפּ א פיקסע אידעע, איז א וואהנזיניגער אין פאָלען זינן פאָן דיעזעם וואָרט. עס איז אבער קיין געוועהנליכער וואהנזיניגער, עס איז א וואהנזינינער מיט א אידעע. א וואהנזינינער מיט א געוויסען געדאנק, א וואהנזינינער מיט א פעסטען ענטשלוס עפּעס צו טהאן. אזעלכע וואהנזיניגע בעגעהן א מאל העלדענטהאטען. אזעלכע וואהנזיניגע האבען געשפיעלט דיא גרעסטע ראלע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

אזא וואהנזינינע איז יעצט געווען עלווירא. אלע איהרע אדערן, אלע איהרע נערווען און אלע איהרע מוסקולען זיינען געווען בעשעפטיגט מיט איין געדאנק — ראבע, בלוטיגע ראבע פאר ארטהורס טויט.

אין א שעהנעם פריהמארגען איז עלווירא אויפגעשטאנען, האט זיך ארומגעקוקט און האט געזאגט צו זיך אליין:

— יענע פרוי, ביי וועלכער איך האב אמאל געגעכטיגט; יענע פרוי, וועלכע איז מיט מיר אמאל געפאָהרען קיין בודאפעסט, — דיעזע פרוי מוז מיר העלפען! איך מוז געהן צו איהר. איך מוז זיא בעטען, זיא זאל מיר העלפען! זיא וועט מיר העלפען.

זיא האט זיך שטילערהייט אנגעטאהן און איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון שלאָס. זיא איז געגאנגען גלייך צום ארימען שטיבעלע, וואו סטאסא האט געוואהנט און איז געווען גליקליך, וואס זיא האט געפונען סטאסא אין דערהיים.

סטאסא איז אויפגעשפרונגען, ווען זיא האט זיא דערזעהן. זיא איז איהר ענטגעגען געלאָפען און האט אויסגערופען:

— אך, גנעדיגעס פריילין! וואס מאכט איהר? וויא קומט איהר אהער? וויא קומט איהר צו דער אָרימער סטאסא?

עלווירא האט זיך אומגעקוקט אין צימער. אין דער מיט צימער איז געשטאנען אן אפענער קאסטען. ארום קאסטען זיינען געלעגען פערשיעדענע זאכען. עס איז געווען דייטליך, אז מען פאקט אין דעם קאסטען. זיא איז אנגעקומען גראדע אין דער מינוט, ווען מען האט געהאלטען אין איינפאקען דעם קאסטען.

— וואס איז מיט אייך, סטאסא? האט עלווירא געפרעגט, — איהר קלייבט אייך אין וועג אריין? איהר ווילט ערגעץ פאהרען?

— יא, גנעדיגעס פריילין, איך פאהר היינט קיין בודאפעסט, האט סטאסא געענטפערט.

— וואס דארפט איהר אין בודאפעסט?

— איך האב דארט עפּעס צו טאהן. עס איז א געהיימניס. איך קען עס אייך ניט זאגען. — וויא קומט איהר אבער צו מיר? וואס ווינשט איהר פון מיר?

עלווירא האט זיך פערטראכט. זיא האט זיך איבערלעגט, וואס זיא זאל איהר ענטפערן.

— וואס זאל עס הייסען? האט סטאסא געברומט. ווי עס ווייזט אויס, זיא נאך גאר ניט, וואס איהר געליעבטער מאכט. — איך מוז עס איהר זאגען. לאמיך זעהן, וואס פאר א מינע זיא וועט מאכען, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז מען וועט באלד אויפהענגען איהר געליעבטען.

זיא האט אנגעהויבען צו צוגעהמען איהרע זאכען און עלווירא האט דערזעהן מיט שטוינען און שרעק, אז אין א פעקעל איינגעוויקעלט אין א ווייסע ליינוואנד איז געלעגען עפעס א זאנדערבארע געשטאלט. עלווירא האט א ציטער געטאהן, ווען זיא האט עס דערזעהן.

— וואס איז דאס, סטאסא? האט זיא געפרעגט.

— איך וועל אייך באלד זאגען, וואס דאס איז. צו ערשט אבער ערלויבט מיר, גנעדיגעס פריילין, איך זאל אייך ווינשען גליק.

— ווינשען גליק? — צו וואס? האט עלווירא געפרעגט.

— איהר זייט דאך פערלאבט מיט'ן גראף פאן ראדעצקי, האט סטאסא געענטפערט. געוויס, דער גראף פאסט אייך פיעל בעסער, אלס דער באראן פאן באטהיאני.

עלווירא'ס געזיכט איז געווארען פינסטער, ווי דיא נאכט און טרויעריג, ווי א נאוועמבער טאג.

— ווייסט איהר, וואס פון יענעם באראן איז געווארען? האט סטאסא פלוצלונג געפרעגט.

— ער איז טויט.

— ער איז נאך ניט טויט, ער וועט אבער באלד שטארבען, האט סטאסא געענטפערט.

— פון וואנען ווייסט איהר עס, סטאסא? האט עלווירא אויסגערופען ווילד.

— איך ווייס עס פון א זיכער מענשען, אז מען וועט אויפהענגען דעם שעהנעם באראן.

עלווירא איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט און האט ניט געענטפערט א ווארט.

— וואס איז מיט איהר? האט סטאסא געברומט. וויא עס ווייזט אויס, הארט עס איהר גאר ניט. זיא האט זיך זאגאר ניט פערקרימט, ווען איך האב איהר ארויסגעזאגט דיא שרעקליכע נאכריכט. — נו, מיין טייבעלע! דוא וועסט שוין ביי מיר טאנצען!

זיא האט ארויפגעלעגט איהר האנד אויף עלווירא'ס פלייצע און האט איהר געזאגט:

— גנעדיגעס פריילין! איהר האט מיך פריהער געפרעגט, וואס עס געפינט זיך אין דיעזען פעקעל. ווילט איהר עס זעה?

— יא, סטאסא, האט עלווירא געענטפערט.

— קומט נעהנטער, גנעדיגע גרעפין.

זיא האט צוגעפיהרט עלווירא'ן נעהנטער צום פעקעל.

— האט איהר מוטה, גנעדינע גרעפין? וועט איהר זיך ניט דערשרעקען?

עלווירא האט געשוויעגען. זיא איז געוועזן אזוי שטארק בעשעפטיגט מיט איהרע געדאנקען, אז זיא האט גאר ניט געהערט, וואס מען רעדט צו איהר.

— ווייסט איהר, גנעדיגע גרעפין, אז דיעזעס פעקיל געהער זיך אן מיט אייך? האט סטאסא פלוצלונג געפרעגט.

— וואס רעדט איהר? וואס מיינט איהר דערמיט?

— איהר וועט עס באלד זעהן, איך האב אבער מורא, אז איהר וועט עס ניט דערקענען. עס האט זיך שטארק פערענדערט. עס איז גאר ניט דאס, וואס עס איז אמאל געווען. — איידער איך וועל עס אייך ווייזען, מוזט איהר מיר ענטפערן אויף מיין פראגע: וועט איהר זיך ניט דערשרעקען?

— איך וועל מיך ניט דערשרעקען.

סטאסא האט זיך אנגעבויגען און האט צונומען דאס בינטעל. — אינעווייניג זיינען געלעגען דיא ווייסע אויסגעטריקענטע ביינער פון א פינף—זעקס יעהריגעס קינד. עלווירא האט א ציטער געטאהן.

— דאס זיינען דיא ביינער פון אייער א פערוואנדטער, האט סטאסא געזאגט רוהיג.

— מיין פערוואנדטע? האט עלווירא אויסגערופען דערשראקען. — וואס רעדט איהר?

עלווירא האט אנגעהויבען שטארק צו וויינען און איז ארויסגעלאפען פון צימער. זיא האט גערעכענט, אז סטאסא וועט איהר עפעס זאגען וואס צו טאהן אום ראכע צו נעהמען פון דיעזע מענשען, וועלכע האבען געטויטעט ארטהור'ן. יעצט ווייזט איהר סטאסא דיא ביינער פון א טויטעס קינד!

סטאסא האט צונויפגעלעגט דיא ביינער און האט זיי פערוויקעלט אין א ליילאך.

— עס וועט ווירקען, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. דער שטאלצער גראף וועט ציטערן, ווען ער וועט זיי דערזעהן. —ווארט נור, גראף מעראס! מיר וועלען זיך שוין אפרעכענען! סטאסא פערגעסט ניט, ווען מען טהוט איהר שלעכטעס. — אויך מיט דיר, מיכאאיל, מוז איך מיך אפרעכענען. דוא ווילסט מיר ניט אפגעבען, וואס עס קומט מיר. איך וועל שוין געפינען מיטעל, וויא אזוי עס צו בעקומען. סטאסא קען זיך שוין אפרעכענען מיט א הענקער!

7טער קאפיטעל.

## געארג נאך א מאל ביים אדוואקאט.

ארטהור פאן באטהיאני האט געמאכט אן אפעללאציאן געגען דאס אורטהייל פון דעם בודאפעסטער געריכט. גראף מעראס איז בעשטאנען דארויף, אז ארטהור זאל פראטעסטירען געגען דעם טאדעס אורטהייל און ארטהור האט איהם געפאלגט.

פיער וואכען זיינען שוין פאראיבער, זייט מען האט איהם פעראורטהיילט צום טויט. ארטהורווארט אין זיין ענגען קעמעריל אין געפענגניס, עס זאל קומען אן אנטווארט פון וויען.

— וואס האב איך צו ערוואַרטען? האט ער געזיפצט. — חעכסטענס וועט מען ערלייכטערן מיין שטראַפע און אנשטאט מיך צו פעראורטהיילען צום טויט, וועט מען מיך פעראורטהיילען צו לעבענסלענגליכע שווערע ארבייט אין שפּיעלבערג (דאס עסט־רייכישע סיביר). איז דען דיזע שטראַפע בעסער אלס דער טויט? איז דען דער מענש, וועלכער איז בעגראבען אין שפּיעלבערג, ניט ערגער וויא געשטארבען?

דאס פלעגען זיין זיינע בעשטענדיגע, טרויעריגע געדאנקען.

איין מאל, ווען ער איז אזוי געזעסען פערטראכט און פערזארגט, האט ער פּלוצ־לונג דערהערט, וויא דער שלאָס פון זיין טהיר האט א קנאַק געטאהן. דער שווערער ריעגעל האט א קלאפּ געטאהן. דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער אדוואקאט נאוואק איז אריינגעקומען אין קעמעריל. ער איז געווען ערנסט און פינסטער.

— גוטען מארגען, הערר באראן!

ארטהור האט זיך פערנייגט און האט געפרעגט גלייכגילטיג:

— וואס האט איהר מיר עפּעס געבראכט, הערר אדוואקאט?

— איך האב אייך געבראכט א וויכטיגע נאכריכט.

— זאגט מיר, וואס איהר ווילט מיר זאגען! האט ארטהור געזאגט שארף. מאכט עס שנעל!

— איילט אייך ניט, הערר באראָן! איך דענק, אז איהר האט גענוג צייט.

— צייט האב איך שוין, איך וויל אבער זיין אליין. איך דארף אייער געזעל־שאפט...

— דאס טהוט מיר לייד! האט דער אדוואקאט ארויסגערופען. איך ווייס, אז איהר האט ניט שטארק ליעב מיין געזעלשאפט, דעפאר בין איך דאך געקומען. — נו, גוט! איך וועל אייך צוליעב טאהן און וועל אייך באלד בעפרייען פון מיין גע־גענווארט.

— זאגט מיר שנעל, וואס איהר ווילט און געהט אייך געזונדערהייט.

— עס איז אנגעקומען אייער אפּעלאציאן פון וויען. דאס אבערגעריכט האט בע־שטעטיגט דעם אורטהייל.

ארטהור איז געבליעבען רוהיג ביי דיזער שרעקליכען נאכריכט. קיין מוסקעל אויף זיין געזיכט האט זיך ניט געריהרט. זיין געזיכטספארב האט זיך ניט געענדערט.
— ער האט עס ערווארטעט.

— ווען וועט מען אויספיהרען דאס אורטהייל? האט ער געפרעגט נאך איי־ניגע מינוט.

מען וואלט עס באלד אויסגעפיהרט, האט דער אדוואקאט געענטפערט רוהיג, איך האב אבער אומיסטען געבעטען, אז מען זאל זיך ניט איילען. איך וויל, אז איהר זאָלט זיין פארבערייטעט צום טויט.

— איך האב שוין אויסגעהערט, וואס איהר האט מיר געדארפט זאגען, יעצט מעגט איהר אייך געהן, האט ארטהור געזאגט קורץ און שארף.

— איך וועל אויך באלד אוועקגעהן, האט נאוואק געענטפערט און האט ארויס־גענומען א בויגען פּאפּיער פון קעשענע, איך מוז אבער טהאן מיינע פפליכט און אייך

צוריקגעבען אייער אפעלאציא. איהר האט געטאהן א גרויסע נאררישקייט, ואס איהר האט אפעלירט.

— צו וואס זאגט איהר עס מיר? איך ווייס עס אהן אייך! האט ארטהור אויסגערופען פול צארן.

דער אדוואקאט אבער איז געבליעבען רוהיג און גלייכגילטיג. ער האט צונומען דאס פאפיער און האט עס צוזאמענגעלעגט און נאהענט צו ארטהורס געזיכט, אז דאס פאפיער האט איהם אנגעריהרט דאס געזיכט.

— זעהט אליין, מיין הערר, האט ער געזאגט רוהיג, און האט אויסגעצויגען יעדעם ווארט, בעטראכט נור גוט דאס פאפיער. זעהט, וויא עס איז אנגעשריעבען גאנץ דייטליך: „דער קייזערליך־קעניגליכע אבערגעריכט בעשטעטיגט דאס אורטהייל פון׳ם בוראפעסטער געריכט איבער דעם געוועזענעם באראן ארטהור פון באטהיאני". — דאס איז דאכט זיך גאנץ דייטליך.

ארטהור איז געווארען אזוי אויפגערעגט איבער דיעזע ניעדערטרעכטיגע גראבהייט און אונפערשעמטהייט, אז ער האט אויסגעהאפט דאס פאפיער פון נאוואק׳ס הענד און האט עס א ווארף געטאהן אויף דער ערד.

— איך האט איהר עס, ניכטסווירדיגער אדוואקאט! האט ער אויסגערופען, — דיא ענטשיידונג פון אן אבערגעריכט, אין וועלכע עס זיצען מענשען, וויא איהר זייט, מעג מען טרעטען מיט דיא פיס! איך קען אייך זעהר וועניג, הערר אדוואקאט, איך מוז אייך אבער זאגען, אז אייער בענעהמען אין דיעזען פראצעס און אייער גאנצע אויפפיהרונג אין דער צייט פון דיעזען פראצעס, איז געוועזען אזוי ניעדעריג, אזוי אבשייליך אזוי שענדליך און אזוי גראב, אז יעדער עהרליכער מענש מוז אייך שפייען אין׳ס געזיכט און אייך רופען: שורקע! טויגעניכטס!

דער אדוואקאט האט זיך געביסען דיא ליפען. ער האט גערעכענט, אז ארטהור וועט פאלען פאר איהם אויף דיא קניע, וועט וויינען און בעטען, ער זאל זיך אויף איהם דערבארמען און יעצט האט ער נאר געפונען א שטאלצען מענשען, וועלכער פעראכטעט איהם און וואגט עס, איהם צו זידלען.

— איך בין געקומען אייך מעלדען, אז אין אכט טעג ארום וועט מען אייך אויפהענגען, האט דער אדוואקאט געזאגט לאנגזאם, פריהער אבער וועט מען צוברעכען אייער שווערד איבער אייער קאפ און מען וועט צורייסען אייער אדעלס בריעף און אייער דיפלאם אלס באראן. — אין צוויי טעג ארום וועט מען אייך אוועקפיהרען פון דאנען אין דעם געפענגניס געארגסבורג. דארט וואוינט יעצט דער הענקער. איך דענק, אז איהר זייט שוין מיט איהם בעקאנט, איהר האט א מאל גערעדט ביי איהם. עס איז מעגליך, אז אויס פריינדשאפט וועט ער אייך אויפהענגען ניט אויף א גראבען פלאקסענעם שטריק, זאנדערן אויף א דינעם זיידענעם. איך בין געקומען אייך מעלדען דאס אלעס, וויל איך דענק, אז דיעזע זאכען זיינען פאר אייך, זעהר אינטערעסאנט.

אונגליקליכער! געה דיר ארויס פון דאנען! דוא האסט דא ניט וואס צו טהאן! האט ארטהור אויסגערופען! — ארויס!

— איך געה באלד ארויס. האט דער אדוואקאט געזאגט מיט א שמייכעל.

— געה ארויס שוין! אין דיעזע מינוט! קיינער האט אייך ניט געשיקט אהער. איהר זייט געקומען פערלאבען און פערשפעטען אן אונגליקליכען.

— איך בין ניט געקומען אייך פערלאבען, איך בין געקומען אייך עפעס פרעגען. מיך נאך פרעגען? האט געזאגט ארטהור מיט א ביטערן געלעכטער. וואס ווילט איהר.

— איך האב גערעכענט, אז א מענש אין אייער לאגע וועט ענטפערן אויף אלע פראגען, וועלכע מען וועט איהם שטעלען.

—האט אייך דאס געריכט געשיקט צו מיר?

—ניין. איך בין אליין געקומען.

— דאן געהט און לאזט מיך אליין. איך האב שוין צופיעל גערעט מיט אייך.

— איך געה אוועק, אבער ניט ווייל איהר פערלאנגט עס פון מיר, זאנדערן ווייל איך דארף געהן אין קרימינאל געריכט, איך דארף דארט גראדע זיין. זייט געזונד און פרעהליך! מיר וועלען זיך געוויס נאך וויעדערזעהן.

ער האט זיך נאך פערנייגט פאר איהם גאנץ ניעדעריג און איז ארויסגעגאנגען. ער איז אבער ניט געגאנגען אין קרימינאל געריכט, זאנדערן צו זיך אהיים. קוים איז ער געקומען אהיים און האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב-טיש, איז אריינגעקומען א דיענער און האט איהם געמעלדעט, אז גראף געארג פאן טאקקי וויל מיט איהם רעדען. דעם אדוואקאט איז עס געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס גראף טאקקי איז גראדע יעצט געקומען צו איהם. ער האט אבער דאך געהייסען זיין דיענער, ער זאל איהם אריינפיהרען.

— וויא עס ווייזט אויס, האט מיך סטאסא אפגענאררט, האט ער געמורמעלט צו זיך אליין, ווען דער דיענער איז ארויסגעגאנגען. איך בין געוועזן זיכער, אז געארג פאן טאקקי לעבט שוין ניט.

אין דיעזע מינוט איז געארג אריינגעקומען אין צימער און האט זיך גאנץ לייכט פערנייגט. דער אדוואקאט איז אויפגעשפרונגען און האט איהם צוגעטראגען א שטוהל.

-- עס פרעהט מיך זעהר אייך צו זעהן ביי מיר, הערר גראף! האט דער אדוואקאט אויסגערופען. — ביטע זעצט אייך און זאגט מיר, מיט וואס קען איך אייך דיענען?

-- איך בין געקומען צו אייך פרעגען, וואס עס הערט זיך מיט'ן פראצעס פון'ם באראן ארטהור פאן באטהיאני. איך ווייס, אז ער האט אנגעגעבען אן אפעלאציאן. האט מען אנגענומען דיא אפעלאציאן?

— עס טהוט מיר זעהר לייד, איך צו מעלדען, אז דאס אבער קרימינאלגעריכט האט בעשטעטיגט דעם אורטהייל פון'ם געריכט פון בודאפעסט.

— און וואס וועט יעצט זיין?

— א טרויעריגע סצענע אויפ'ן עשאפאט, האט דער אדוואקאט געענטפערט קאלטבלוטיג.

— א מאן, וועלכען מען מעג פערטרויען, האט מיר געזאגט, אז איהר האט זיך בעשעפטיגט מיט דיעזען פראצעס מיט א בעזאנדערן פלייס.

— געוויס, הערר גראף! יעדער אדוואקאט מוז זוכען דיא גערעכטיגקייט. וואס קען דען אן אדוואקאט העלפען, ווען ער זעהט דאך, אז דער אנגעקלאגטער איז א פערברעכער?

— איהר זייט געוועזען ביי דער הויז-אונטערזוכונג אדער איהר אליין האט געפיהרט דיא גאנצע הויז-אונטערזוכונג.

— הערר גראף! איך בין ניט פערפליכטעט צו דערצעהלען יעדען, וואס איך טהו אלס אדוואקאט. דאס איז מיין פריוואט זאכע. איהר זייט געקומען מיך פרעגען, וויא עס שטעהט, מיט'ן פראצעס פון'ם באראן פאן באטהיאני, איך האב אייך געזאגט אלעס, וואס איך וויים. דערמיט איז דיא זאכע געענדיגט. אבער אויס רעס־פעקט צו אייך, הערר גראף, וויל איך אייך ענטפערן אויף אייניגע פראגען, ווען איהר וועט מיר זאגען, ווער איז דער מאן, וועלכער האט אייך דאס אלעס דערצעהלט.

— מיין אנקעל, גראף מעראס, האט געארג געענטפערט. איך בין זיכער, אז איהר קענט איהם גוט, און ווייסט, אז איהם מעג מען גלויבען. ער געפינט, אז איהר האט עפעס אן א־רזאכע צו חאסען דעם באראן פאן באטהיאני און איהר האט געטאהן אלעס מעגליכע, אז מען זאל איהם פעראורטהיילען. איך בין אומיסטען געקומען אייך מעלדען, אז איך און מיין אנקעל וועלען ניט שווייגען. מיר וועלען זוכען, פארשען, קלערן, ביז מיר וועלען אויסגעפינען דיא אורזאכע, פאר וואס איהר האט אזוי פער־פאלגט דעם אונגליקליכען באראן.

עס איז זעהר מעגליך, אז אונטערדעסען וועט דער באראן מוזען שטארבען אויפ'ן עשאפאט. דאס וועט געוויס זיין זעהר טרויעריג. דאס וועט זיין א שרעקליכער מארד, בעגאנגען אין נאמען דעם געזעצעס אין בודאפעסט, פערשווייגען וועלען מיר עס אבער ניט. ווען ארטהור פאן באטהיאני וועט שטארבען, וועלען מיר וועניגסטענס פער־היטען, אז דאס אנדערע מאל זאל ניט פארקומען אזא מערדעריי. מיין אנקעל דענקט זאגאר צו פאהרען קיין וויען און רעדען איבער דיעזען פראצעס מיט'ן קייזער.

דער אדוואקאט איז בלייך געווארען. ער האט זיך דערמאנט אן דער היינטיגער סצענע אין ארטהור'ס קעמעריל אין געפענגניס. ער האט פערשטאנען, אז ארטהור קען דערצעהלען, וויא ער איז געוועזען ביי איהם און האט איהם געקרענקט און אויסגע־לאכט. דאס קען מאכען זעהר א שלעכטען איינדרוק. ער האט אבער באלד געפאסט מוטה און האט אויסגערופען:

— איך פערשטעה אייך ניט, הערר גראף! וואס בין איך שולדיג און וואס איז דאס געריכט שולדיג, ווען אלע בעווייזע זיינען געוועזען געגען דעם פערברעכער? — עס איז בעוויעזען געווארען, אז דער באראן פאן באטהיאני האט געמאכט פאלשעס געלד און מען האט איהם פעראורטהיילט. דאס איז אלעס.

— דאס איז ניט אלעס, האט געארג געזאגט, איך ערקלער אייך נאך א מאל, אז דא איז בעגאנגען געווארען א שרעקליכע אונגערעכטיגקייט. מען האט אן אונשול־דיגען מענשען פעראורטהיילט צום טויט און איהר, הערר נאוואק, האט גענומען דעם

גרעסטען אנטהייל אין דיעזער אונגערעכטיגקייט, ריכטיגער געזאגט, אין דיעזען מאָה פון דער גערעכטיגקייט.

— ווער זייט איהר עס, וואס איהר שטעלט זיך אונטער צו רעדען אין אזא שארפען טאן פון דעם קייזערליכער־קעניגליכען קרימינאלגעריכט פון בודאפעסט? האט אויסגערופען דער אדוואקאט פול צאָרן. ווייסט איהר הערר גראף, אז פאר אזעלכע ווערטער קען מען אייך פערקלאגען און אייך זעהר שטרענג בעשטראפען? — רעספעקט פאר דאס געריכט! רעספעקט פאר אונזערע געזעטצע! ווען דאס געריכט האט פעראורטהיילט דעם באראן פאן באטהיאני, איז ער געווים שולדיג.

— ווער איך בין, ווייסט איהר געווים, האט געארג געענטפערט רוהיג, — איך בין דער גראף פון טאקקי, אן אונגארישער מאגנאט. מיינע עלטערן האבען אפגענומען דיעזעס לאנד און האבען עס בעפעלקערט. דאס לאנד געהערט אונז. מיין אָנקעל קענט איהר אויך. ער איז אויך א מאגנאט און דערצו נאך דער ערצבישאָף פון אונ־גארן. איך דענק, אז צוויי אונגארישע מאגנאטען האבען מעהר ווערטה און פערדיענען מעהר צוטרויען אלס איין אדוואקאט, וועלכען מען קען ניט און מען ווייס ניט.

איהר זאגט, אז איהר קענט מיך פערקלאגען און בעשטראפען, דאס איז לעכער־ליך! — א קאַץ וועט פון אייך לאכען. מיינט איהר ווירקליך, אז א גראף פאן טאקקי וועט זיך שטעלען מיט אייך פאר געריכט און וועט וועלען בעווייזען, אז ער האט רעכט? — דאן האט איהר א טעות, מיין ליעבער אדוואקאט! אין דעם טאג וואס איך וועל דאַרפען מיך שטעלען מיט אייך פארן געריכט, וועל איך ארייניאגען א קוגעל אין אייער פערדארבענעם און פערפוילטען קאָפּ. — ווען איהר ווינשט עס, הערר אדוואקאט, פערקלאגט מיך. איך ווינש עס געווים, ווייל אין דעם טאג ווען אונזער פראָצעס וועט פארקומען, וועט אין בודאפעסט זיין מיט איין טויגעניכטס וועניגער.

נאוואק האט זיך פערטראכט, ער האט ווירקליך ניט געוואוסט וואס צוטאהן ער האט זיך דערשראקען פארן פייערינגען געאָרג. וואס וועט ער איהם ווירקליך טאהן ווען ער וועט איהם ארייניאגען א קוגעל אין קאָפּ? אזא יונגער מאן שרעקט זיך ווע־ניג איבער פאר א פראָצעס. ער האט זיך דאהער ענטשלאסען אנצונעהמען א גאנץ אנדערע פאליטיק געגען איהם. ער האט געזעהן, אז מיט בייזען וועט ער גאר ניט מאכען, אלזא מוז מען פראָבירען מיט גוטען.

— הערר גראף, האט ער געזאגט מיט א פריינדליכער ווייכער שטיממע, איהר האט שוין גערעדט פון'ם פראָצעס פון באראן פאן באטהיאני. לאמיר רעדען פון אנ־דערע זאכען. — האט איהר גאר ניט געהערט פון דעם דאקומענט, וועלכען מען האט ביי אייך אויסגעגראבען דאמאלס אין וואלד? ווייסט איהר, אז דיעזעס דאקומענט וואלט מיר יעצט געקענט ניצען? איך בין דעם באראן פאן באטהיאני'ס א גאנץ נאהנטער פערוואנדטער און איך וואלט געקענט עפּעס מאכען פון דיעזעס דאקומענט

— איהר זייט א פערוואנדטער פון דעם באראן פאן באטהיאני? האט געאָרג אויסגערופען מיט א שרעקליכען שפּאָט. איהר שטאמט אָפּ פון דער פאמיליע באטה־יאני? נון, הערר אדוואקאט, דאס איז שוין א ביסעל צופיעל! עס איז מעגליך, אז אזא געשיקטער און דורכגעטריעבענער אדוואָקאט, וויא איהר זייט, וועט געווים געפּ־

נען דאָקומענטע און בעוויזע, אז איהר געהערט זיך אן מיט איהם; איהר וועט אבער דאן הענגען אויף א גאנץ דינעם צוויינעלע און וועט דארפען זיך גוט אומקוקען, אז ער זאל זיך ניט אפרייסען. — היט אייך הערר נאוואק. מיר וועלען אויף אייך גוט אכ־טונג געבען! איך זאג אייך נאך א מאל, ווען איהר קענט נאך עפּעס טאהן פון אר־טהורס וועגען, טהוט עס יעצט, ווייל עס איז נאך ניט שפּעט. איהר וועט פיעלייכט וועלען עפּעס טאהן און וועט ניט קענען! געדענקט, הערר נאוואק, דיעזער שטונדע,

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך פערנייגט פאר איהם און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

קוים איז נעארג ארויסגעגאנגען, איז דער אדוואקאט אויפגעשפּרונגען פון זיין שטוהל. ער האט געקריצט מיט דיא ציינער פאר רציחה און איז ארומגעלאפען אין זיין צימער, וויא א טיגער אין זיין שטייג. ענדליך האט ער צונויפגעלעגט זיינע הענד אין צוויא שטארקע פויסטען און האט אויסגערופען.

— היט דיך פאר מיר, דוא שטאלצער גראף! דוא האסט מיך ארויסגערופען אויף א קאמפף, גוט! איך נעהם איהם אן! מיר וועלען שוין זעהן, וויא דוא וועסט קענען בעשטעהן געגען מיר. עס האט זיך געפונען פארן באראן פאן באטהיאני פאל-שעס געלד, עס וועט זיך געפינען פאר דיר עפּעס אנדערש.

לאנגזאם איז נעאָרג געגאנגען דורך דיא גאסען פון בודאפּעסט. ער האט שוין געוואוסט, וואס ער האט צו ערווארטען פון'ם אדוואקאט. ער האט שוין געוואוסט וואס ער האט צו ערווארטען פון דיא מענשליכע גערעכטיגקייט און פון דיא מענשליכע שלעכטיגקייט. ער האט געוואלט לויפען אין געפענגניס צו ארטהור, איהם זעהן נאך א מאל, רעדען מיט איהם נאך א מאל און נאך א מאל איהם בעמיטליידען.

ער האט שוין יעצט גוט געוואוסט, אז פאר ארטהור איז קיינע רעטונג מעהר דא. ארטהור איז פערלארען. ער האט געוואלט געהן צו איהם, מען לאזט אבער ניט יעדען צו צו א פערארורטהיילטען. מען מוז האבען אן ערלויבניס פון'ם קרימינאלגעריכט, אדער וועניגסטענס בעטען זיין אנקעל, דעם גראף מעראס, ער זאל אויסווירקען פו זיינעטוועגען אן ערלויבניס.

אונטערדעסען איז אבער שפּעט געווארען. נאך זעקס אוהר פאר נאכט לאזט מען שוין קיינעם ניט אריין אין געפענגניס. אלזא מוז מען שוין ווארטען ביז מאָרגען.

פערטיעפט אין זיינע געדאנקען איז ער אנגעקומען אין זיין האָטעל. ווען ער איז אריינגעקומען אין קאָררידאר, האט איהם א לאקיי דערלאנגט א בריעף, וועלכער איז אנגעקומען אין דער צייט, וואס ער איז ניט געווען אין דערהיים.

נעאָרג האט א קוק געטאהן אויפ'ן בריעף און האט אויסגערופען:

— פון מיין מוטער!

ער איז האסטיג ארויפגעלאפען אין זיין צימער און האט אויפגעריסען דעם בריעף. ער איז ווירקליך געווען פון זיין מוטער. אין בריעף זיינען געשטאנען פאָלגענדע ווערטער:

„מיין געליעבטער נעאָרג!

איך האב דיר מיטצוטהיילען א פרעהליכע נייאיגקייט. איך בין זיכער, א

דוא ווערסט זיך פרעהן מיט אונז. געסטערן האבען מיר געהאט א פרעהליכען טאג עלווירא האט זיך פערלאבט מיט'ן גראף מאקס פאן ראדעצקי איך בין פעסט איבערציינגט, אז דיעזע פעראייניגונג וועט אונז ברענגען גליק און פרייד. איך ווייס אז דוא ליעבסט ניט זעהר דיא פאמיליע ראדעצקי, איך בין אבער זיכער, אז ווען דוא זאלסט זיך גוט איבערלעגען, וועסט דוא געפינען. אז דאס איז זעהר א פאסענדע פארטיע. עלווירא אליין איז העכסט צופריעדען און גליקליך מיט איהר ברייטי־גאם. — מעלדע דיעזע נאכריכט דעם אָנקעל און זאג איהם, אז מיר גריסען איהם הערצליך.

דיינע מוטער, עללא פאָן טאָקקי.“

דער בריעף איז ארויסגעפאלען פון געאָרגס הענד און ער איז געבליעבען זיצען, וויא א פערשטיינערטער. זאגאר זיין קאפ האט אויפגעהערט צו דענקען. ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וואס עס איז געשעהן, וואס דארט איז פאר־געקומען. ער האט ניט געקענט פערשטעהן מיט עלווירא'ן. ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי עלווירא האט געקענט איינוויליגען אויף אזא פארכהיע. ער האט זעהר גוטגעוואוסט, אז עלווירא האט פיינט מאקס פאן ראדעצקי, וויא דיא פעסט.

איינגע מינוטען איז ער אזוי געזעסען אויסער זיך. אין דרויסען איז פינסטער געוואָרען, ביי איהם אין הארצען איז פינסטער געווארען. ענדליך האט ער אויסגערופען וויא א וואהנזיניגער:

— מוטער! וואס האסט דוא געטאהן? וויא אזוי פערשטעהסט דוא ניט, אז עלווירא איז ניט ביי איהר פולען פערשטאנד? — וויא האסט דוא זיך געמענט ערלויבען אוועק צו געבען עלווירא'ס האנד צו מאקס פאָן ראדעצקי, וועלכען קיינער קען ניט און קיינער ווייס ניט, ווער ער איז. אך מוטער! ביסט דוא ווירקליך אזוי פערבלענ־דעט, אז דוא זעהסט ניט ווער דיעזע גראף פאן ראדעצקי איז? זיינען דיינע אויגען אזוי פערמאכט, אז דוא דערקענסט ניט אין דעם באראן נאגי אדער וויא ער הייסט דאָרט, א רויבער און א מערדער? — אך! וואס וועט זאגען אונזער גוטער און קלר־נער אָנקעל, ווען ער וועט דערפון געוואהר ווערן.

8טער קאפיטעל.

## געאָרגסבורג.

דאס גרעסטע געפענגניס אין בודאפעסט הייסט געאָרגסבורג. דאס איז אן אל־טער שלאָס געבויט פון דיקע מויערן. פון דרויסען זעהט מען נור א מאסע שווארצע שטיינער. פון אינעווייניג איז דיא פעסטונג נאך טרויריגער. אלטע, נאקעטע, שווארצע ווענט, דעכער בעוואקסען מיט גראז — א גראב, א קבר פאר לעבעדיגע. — דאס ערגסטע איז נאך, וואס לעבען דיעזע פינסטערע און טרוי־ריגע מויערן פליעסט פרעהליך דיא בלויע דאָנוי הונדערטע שיפלעך גליטשען זיך פרעה־ליך אויף דעם שעהנעם טייך, וועלכער בעגריעסט אין זיין וועג זעקס פערשידענע לענ־דער: אונגארן, עסטרייך, סערביע, דיא טירקיי, רומעניען און רוסלאנד.

ניט ווייט פון געפענגניס געאָרגסבורג שטעהט א גרויסעס, שטיינערנעס הויז

אבגעזאנדערט פון אלע. עס איז צוגעבויט צום געפענגניס און פאן דער ווייטען ווייזט עס אויס, אז עס איז א טהייל פון'ם געפענגניס. אין דיעזעם הויז וואהנט דער הענ־ קער. היינט וואהנט דארט דער הענקער מיכאאיל מיט זיין פאמיליע. דא איז צוואר פיעל פרעהליכער, וויא אין טהורם פון טשעמני, אללע אבער וויכען אויס דיעזעם הויז' וויא מען וויכט אויס דעם טהורעם פון טשעמני.

אין א שעהנעם פריהמארגען איז דער אינספעקטאר פון געפענגניס אריינגעקומען צו מיכאאילן און האט איהם געפרעגט:

— נו, זייט איהר שוין גוט בעקאנט מיט אייער נייער וואהנונג?

— מ ר דאכט, אז איך קען שוין גוט מיין נייע וואהנונג, האט מיכאאיל געענט־ פערט, נור אין איין ארט געפינט זיך א פערמאכטע טהיר, וועלכע איך וויים נאך ניט וואוהין זיא פיהרט.

— איבער דיעזע טהיר וויל איך יעצט מיט אייך רעדען, האט דער אינספעקטאר געזאגט. דיעזע טהיר איז זעהר וויכטיג פאר יעדען הענקער, ווייל זיא פיהרט גלייך אין געפענגניס. עס איז ניט שטענדיג אנגענעהם פארן הענקער צו געהן צו פיס צום טויער פון געפענגניס. דארט קלאפען, פארדערן ביי דער וואך, מען זאל איהם אריינלאזען און דאן געהן, וואוהין ער דארף. עס קומען פאר געוויסע פעלע, ווען מען דארף, אז קיינער זאל ניט וויסען, אז דער הענקער איז גאר געוועזען אין געפענגניס. דערפאר איז געמאכט געווארען דיעזע טהיר.

איך גיב אייך יעצט איבער דעם שליסעל צו דיעזער טהיר. דיעזען שליסעל מוזט איהר טראגען ביי זיך; איהר טארט איהם קיינעם ניט פערטרויען, זאגאר אייער פרוי און אייערע קינדער טארט איהר ניט פערטרויען דיעזען שליסעל. איהר זייט פער־ אנטוואָרטליך מיט אייער קאפ, ווען א פערברעכער וועט אנטקויפען דורך דעם געהיימען גאנג. אין א קורצע צייט וועט איהר דארפען געברויכען דיעזען שליסעל. מיר ערווארטען איינעם, וועלכען מען וועט באלד דארפען אויפהענגען. איהר וועט איהם דארפען זעהן. איהר ווייסט דאך געוויס, צו וואס איהר מוזט פריהער זעהן יעדען פערברעכער, וועל־ כען מען פעראורטהיילט צום טויט.

יעצט ווייסט איהר אלעס. פראבירט דיא טהיר, מאכט אייך בעקאנט מיט'ן געהיימען גאנג און זייט בערייט, ווען מען וועט אייך דארפען.

מיכאאיל האט צוגענומען דעם שליסעל און האט געזאגט, אז ער וועט אויס־ פאלגען אלעס, וואס מען וועט איהם הייסען.

אננא איז געראדע דאמאלס געזעסען אין איהר צימעריל. אזוי וויא איהר צימער־ ריל איז געוועזען אפגעטהיילט פון דעם הויפט זאל נור מיט א דינעם וואנטעל, האט זיא געהערט אלעס, וואס דער אינספעקטאר האט גערעדט מיט איהר פאטער.

זייט איהר פאטער האט זיא געבראכט קיין בודאפעסט, האט אננא זיך בער שעפטיגט מיט איין געדאנק, וויא אזוי צו רעטען דעם באראן פאן באטהיאני. זיא האט זיך דערמאנט, וואס סטאסא האט איהר געזאגט, אז ווען זיא זאל געהן צו גראף מע־ ראס, וואלט דער גראף איהם געקענט העלפען.

זיא האט זיך אנגעטאָהן איהרע בעסטע קליידער און האט זיך בעטראכט אין שפּיעגעל.

— איך געה שעהן אנגעטאהן, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, וואס ווערט אבער דערפון? איך בין דאך נור דיא טאָכטער פון א....

אין דיעזע מינוט איז מיכאאיל אריינגעקומען צו איהר אין צימעריל.

— וואס מאכסט דוא, אננא? האט ער געפרעגט, ביסט דוא נאך אלץ אזוי טרויעריג? געהסט דוא ניט שעהן געקליידעט? — פעהלט דיר עפּעס? פאר וואס ביסט דוא שטענדיג אזוי ניעדערגעשלאגען און אזוי פעריאָמערט?

— דוא ווייסט דאך, פאטער, פאר וואס איך בין אזוי טרויעריג.

— דוא קענסט זיך נאך אלץ ניט אפּזאגען פון דער נארישער האָפנונג צו רעטען דעם באראָן פאָן באטהיאני? וואס טהוסט דוא, קינד? דוא שאדעסט זיך און וועסט איהם גאר ניט העלפען. אלעס איז פערלאָרען פאר איהם.

— איך וויל געהן צו גראף מעראס און איהם בעטען, ער זאל עפּעס טאהן פאר איהם.

— גראף מעראס קען דאָ אויך ניט העלפען.

— פאטער, לאז מיך דאך געהן צו גראף מעראס! פיעלייכט וועט ער דאך עפּעס טאהן פון זיינעטוועגען.

— איך האב אבער מורא צו לאזען דיר געהן גאנץ אליין, האט דער הענקער בעמערקט. בודאפּעסט איז א גרויסע שטאדט. א מעדכען דארף ניט געהן גאנץ אליין.

— קום מיט מיר, פאטער, אדער שיק ועמען מיט מיר, האט אננא געבעטען. עס איז דאך ביי טאג, וואס קען איך מורא האבען? — איך קען נעהמען א דראָשקע און צופאהרען צום גראף.

מיכאאיל האט נעטראכט איי‌ניגע צייט. ענדליך האט ער זיך ענטשלאָסען.

— ווען דוא פערלאנגסט עס קינד, — געה! איך וויל דיך ניט צוריקהאלטען.

אננא האט זיך אנגעטאהן און אויסגעפּוצט. אלס פרוי האט זיא געוואוסט, אז ווען מיר ווילען עפּעס ווירקען, ווען מיר ווילען עפּעס אויסבעטען ביי אנאנדערע, מוזען מיר זיין שעהן אנגעטאהן. זיא איז באלד פערטיג געווארען און איז ארויסגעגאנגען פון איהר פאטערס הויז. זיא האט ניט געוואלט נעהמען א דראָשקע באלד, לעבען איהר פאטערס הויז: דאן וועט מען דאך וויסען, אז זיא קומט פון'ם הענקער. זיא האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז ווען זיא וועט אריבערגעהן דיא בריק און וועט דאן נעהמען א דראָשקע, וועט דער קוטשער ניט וויסען, ווער זיא איז.

זיא איז דאהער געגאנגען איבער דער בריק צו פוס און האט גערעכענט צו נעהמען א דראשקע פון יענער זייט בריק. אין דער מיט בריק איבער דער דאנוי איז זיא געבליעבען שטעהן און האט איי‌ניגע אויגענבליקע בעטראכט דיא שטילע וואסערן פון דער שעהנער דאנוי. פּלוצלונג האט זיא געפּילט, וויא א האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף איהר פּלייצע.

— וואס מאכסט דוא, קינד? וויא געפעלט דיר בודאפּעסט? האט געפרעגט א בעקאנטע שטימע.

אננא האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן איהר אלטע בעקאנטע — סטאסא. דאס מאל אבער איז סטאסא ניט געגאנגען אפגעריעסען און אפגעשלעסען, וויא אננא האט זיא געזעהן ביז אהער. סטאסא איז יעצט געגאנגען גאנץ שעהן אנגעטאהן און האט אויסגעוויזען, וויא א גאנץ אנשטענדיגע בירגער פרוי פון בוראפעסט.

— וואוהין געהסט דוא, קינד, א.ו גאנץ אליין? האט סטאסא געפרעגט.

— איך געה, צום גראף מעראס, האט אננא געענטפערט אונשולדיג.

זיא האט נאך ניט געוואוסט, מיט וואס פאר א שלאנג זיא רעדט.

— וואס ווילסט דוא טאהן ביי גראף מעראס? האט סטאסא געפרעגט.

— איהר אליין, סטאסא, האט דאך מיר געראטהען, איך זאל געהן צום גראף אז זאל איהם בעטען, ער זאל עפעס טאהן פארן באראן פאן באטהיאני.

— אך, יא! דוא האסט פאלקאמען רעכט, מיין קינד! האט סטאסא אויסגער רופען, דוא מוזט זיך איילען, וויל וויא איך האב געהערט, וועט מען אין עטליכע טעג ארום אויפהענגען דעם באראן. ווען דוא וועסט זיך ניט איילען, וועט עס זיין שוין צו שפעט.

אננא האט א ציטער געטאהן.

— וואס רעדט איהר, סטאסא? האט זיא אויסגערופען.

— קינד, איך וויים, וואס איך רעד.

— דאן מוז איך מיך איילען!

— געוויס, קינד! דאס איז נאך דאס איינציגע מיטעל איהם צו רעטען.

מיט דיעזע ווערטער האט אננא געוואלט אריבערגעהן דיא בריק און צורופען א דראשקע. סטאסא אבער האט זיא צוריקגעהאלטען.

—ווארט א מינוט, קינד! האט זיא איהר געזאגט, מיר איז עפעס איינגעפאלען. איך וויל דיר עפעס געבען, דוא זאלסט איבערגעבען דעם גראף. עס וועט דיר לייכטער זיין צו איהם צו צוטרעטען.

— וואס ווילט איהר מיר מיטגעבען? האט אננא געפרעגט פערוואונדערט, וויא קומט איהר צום גראף מעראס?

— פרעג ניט, מיין קינד, האט סטאסא געזאגט פריינדליך. גלויב מיר, אז דער גראף וועט זיין העכסט צופריעדען, ווען דוא וועסט עס איהם איבערגעבען און ער וועט דיך אויסהערן. איך בין זיכער, אז ער וועט דאן טאהן אלעס, וואס ער וועט נור קענען פון דיינעט וועגען.

אננא האט געטראכט איינינע מינוט און האט ענדליך געזאגט:

— גוט, סטאסא! גיט עס מיר.

— איך האב עס ניט ביי מיר. קום מיט מיר אין מיין וואוינונג, וועל איך עס דיר איבערגעבען. דוא וועסט דאך ניט געהן צו פוס אזא וייטע שטרעקע.

— נייז, איך וועל נעהמען א דראשקע, האט אננא געענטפערט אונשולדיג.

ביידע פרויען זיינען אריבערגעגאנגען דיא בריק און זיינען אריינגעגאנגען אין אן ענגע און שמוציגע געסעל. סטאסא איז צוגעקומען צו א הויז און האט געזאגט צו איהר בעגלייטערין:

— בלייב דא, אננא, איך וועל דיר באלד ארויסברענגען דעם פרעזענט פאר גראף מעראס.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אריינגעקומען אין שטוב. אין איינינע מינוט ארום איז זיא ארויסגעקומען און האט נעבראכט א פעקעל איינגעוויקעלט אין א ווייסען לייכאך.

— קום, אננא, מיר וועלען באלד צורופען א דראשקע און דוא וועסט זיך אויפ־זעצען און פאהרען צום גראף מעראס. דוא וועסט אליין זעהן, וויא צופריעדען ער וועט זיין, ווען ער וועט דערזעהן דעם פרעזענט.

— וואס זאל איך איהם זאגען, ווען ער וועט מיך פרעגען, ווער עס האט עס איהם געשיקט?

— זאג איהם, אז סטאסא קאררא האט עס געשיקט.

אננא האט אנגעקוקט דיעזע זאנדעבארע פרוי מיט שטוינען.

— זאגט מיר, סטאסא, מיט וואס האב איך עס פערדיענט, וואס איהר אינטע־רעסירט זיך אזוי אין מיר?

— זעהסט דוא דען ניט, קינד, אז איך ליעב דיך? — אויסער דעם האט זער באראן פאן באטהיאני פערדיענט, אז איך זאל מאהן אלעם מעגליכע פון זיינעט וועגען. ער האט מיר געשטיצט אין שווערע צייטען. איך וואלט געוועזען גליקליך, ווען דער גראף מעראס זאל עפעס טאהן פון זיינעט וועגען. דוא ווייסט גאר ניט, אננא, אז זייט ער איז ארעסטירט, עס איך ניט, טרינק ניט און שלאף ניט. איך דענק נור, וויא אזוי איהם צו רעטען.

זיא האט צוגעטראגען דעם פעקעל צו א גרויסער גאס, האט צוגערופען א דראשקע, האט ארויפגעזעצט דאס יונגע מעדכען און האט לעבען איהר אניעדערגעלעגט דאס פעקעל.

— צום פאלאץ פון גראף מעראס! האט סטאסא געזאגט צום קוטשער.

אין צעהן מינוט ארום איז אננא מיט איהר ניט גאנץ לייכטען פעקעל געשטא־נען פאר דער גרויסען טהיר פון'ם פאלאץ און האט געבעטען, מען זאל זיא צולאזען צום גראף.

9טער קאפיטעל.

## נעארג און ארטהור.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז נעארג פאן טאקקי געגאנגען צו זיין אנקעל. ער האט מיטגענומען דעם בריעף פון זיין מוטער און האט איהם געוויעזען דעם גראף. ער האט געמיינט, אז דער גראף וועט אויפשפרינגען, ווען ער וועט דערהערן, אז עלווירא איז פערלאבט מיט גראף ראדעצקי.

צו זיין גרעסטען שטוינען אבער, האט דער גראף איבערגעלעזען דעם בריעף גאנץ רוהיג און האט געזאגט:

— וואס קען מען דען העלפען? ארטהור איז פערלארען. עלווירא קען שוין מעהר ניט דענקען פון איהם. זיא מוז דאך הייראטהען. פאר וואס זאל זיא ניט הייראטהען דעם גראף ראדעצקי?

נעארג האט פערביסען דיא ליפען. דערצעהלען זיין אנקעל, אז ער האט פיינט מאקס פאן ראדעצקי, ערעלערן איהם, אז ער גלויבט גאר ניט, אז מאקס איז א גראף, אז ער האלט איהם פאר א בעטריעגער, האט ער יעצט ניט געוואלט. — ער האט זיך ענטשלאסען צו רעדען מיט זיין אנקעל פון עפעס אנדערש.

— ליעבער אנקעל, האט ער געזאגט, איך וויל בעזוכען דעם אונגליקליכען אר־טהור פאן באטהיאני, מען קען אבער יעצט צו איהם ניט צוקומען. קענט איהר מיר ניט פערשאפען א קארטע צום דירעקטאר פון געפענגנים, אז מען זאל מיך צולאזען צו איהם?

גראף מעראס האט גענומען א קארטעל פון'ם טיש און האט אויף איהר אנגע־שריעבען עטליכע ווערטער.

— נא, נעארג, מיט דיעזער קארטע וועט מען דיר ארייגלאזען, האט ער געזאגט צו זיין נעפען.

נעארג איז אוועקגעגאנגען פון זיין אנקעל, האט גענומען א דראשקע און איז געפאהרען אין געפענגנים. ארטהור איז שוין ניט געווען אין געוועהנליכען געפענגנים, מען האט איהם שוין איבערגעשיקט קיין נעארגסבורג.

נעארג האט געמוזט פאהרען צו דעם שטארקען געפענגנים נעארגסבורג. ער האט צוואר ניט געוואוסט, פאר וואס מען האט זיין אונגליקליכען פריינד איבערגע־פיהרט אין אן אנדער געפענגנים; ער האט אבער פערשטאנען, אז עס איז ניט צום גוטען.

ער האט געמוזט צוקומען צו דיא וואכען, זיך מעלדען און ווארטען, ביז דער דירעקטאר האט געשיקט א וועכטער פרעגען, ווער ער איז און וואס ער דארף. קוים אבער האט ער געוויזען גראף מעראס קארטע, האט מען איהם באלד אריינגעלאזען און מען האט איהם געבראכט צום דירעקטאר. נעארג האט איהם געזאגט, אז ער וויל זעהן זיין פריינד, דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני. דער דירעקטאר האט באלד געשיקט רופען א וועכטער און האט איהם געהייסען פיהרען אין ארטהורס קעמעריל.

מען האט געפיהרט נעארגן דורך פינסטערע און נאסע קארידארען, איבער ענגע און שמוציגע טרעפ, ביז מען האט איהם צוגעפיהרט צו א שווערע טהיר, וועלכע איז געווען פערשלאסען מיט א שווערן אייזערנעם שלאס. דער וועכטער האט געעפענט דעם שלאס און האט אריינגעלאזט נעארגן אין צימעריל.

ארטהור האט געשלאפען. איינינע מינוטען האט נעארג ניט געוואוסט וואס צו טאהן: זאל ער איהם וועקען אדער ניט, ענדליך האט ער זיך ענטשלאסען איהם אויפ־צוּוועקען. ער איז צוגעגאנגען צו ארטהורן און האט ארויפגעלעגט גאנץ לייכט דיא האנד אויף זיין פלייצע. ארטהור האט זיך אויפגעכאפט.

— ווער איז דא? האט ער געפרעגט מיט א שוואכער שטימע.

— איך בין עס, ארטהור! איך, דיין פריינד, נעארג פאן מאקקי.

ארטהור איז אויפגעשפרונגען.

— דוא ביסט עס, נעארג? האט ער אויסגערופען, — איך דאנק דיר, הימעל!

איך דאנק דיר גאט, פאר דיינע גרויסע גנאדע! — קום צו מיר, גוטער, ליעבער פריינד! איך בין גליקליך, וואס איך קען דיך זעהן נאך א מאל אין מיין לעבען.

ער האט ארומגעחאפט געארגן און האט אירם צוגעפרעסט צו זיין הארצען. איינינע מינוטען זיינען ביידע פריינדע אזוי געשטאנען און האבען קיין ווארט ניט גע־רעדט. זייערע הערצער זיינען געווען צו פול אום צו רעדען עפעס.

— אך, געארג! האט ענדליך ארטהור אויסגערופען, אין וואס פאר א טרויעריגען ארט זעהן מיר זיך ווידער און אונטער וועלכע אומשטענדע! — קען א מענש וויסען, וואס פון איהם וועט ווערן? קען א מענש זאגען, וואס פאר א שיקזאל עס ערווארטעט איהם? — עס איז טרויעריג, ברודער גערג! — זעהר טרויעריג! איך האב קיין מורא ניט פארן טויט, איך ציטער פאר דער שאנדע. שטארבען אויף אן עשאפאט, ווען א דומע, ווילדע, הערצלאזע מענגע גאפט אויף דיר, איז שרעקליך. — און מיין נאמען? ווער וועט עס יעצט וואגען צו דערמאנען דעם נאמען פון א פער־ברעכער?

דאס בין איך עבען צו דיר געקומען, האט געארג געענטפערט.

— איך פערשטעה דיך ניט, ברודער.

— איך בין געקומען דיר זאגען, אז איך ווייס, אז דו ביזט אומשולדיג, און מיך נוקם זיין פאר דיין טויט.

— איך דאנק דיר ברודער! איך דאנק דיר! — ווען דוא ווילסט זיך נוקם זיין פאר מיין טויט, ביסט דוא וועניגסטענס איבערצייגט, אז איך בין אונשולדיג. — איך שווער דיר, געארג, ביי אלעם וואס איז הייליג פאר מיר, אז איך ווייס ניט וואס צו זאגען פון דעם פערברעכען, אין וועלכען מען בעשולדיגט מיך. — איך ווייס, אז שלעכ־טע מענשען האבען עס מיר אפגעטהאן. זיי ווילען מיין טויט. עס איז שרעקליך צו דערצעהלען, אז דערזעלבער מענש, וועלכער איז אויפגעטרעטען אלס אנקלעגער געגען מיך, האט געמאכט ביי מיר דיא הויזאונטערזוכונג, ער איז געווען דער ערשטער ציי־גע געגען מיר און מיין אנקלעגער צוגלייך!

— געארג האט איהם געלאזען זיך אויסרעדען. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז דאס איז דער איינציגער טרייסט פארן אונגליקליכען.

ווען ארטהור האט געענדיגט, האט געארג געזאגט:

— ווייסט דוא, ארטהור, אז איך דאכט, איך ווייס, ווער עס האט עס געטאהן?

— ועמען מיינסט דוא?

— איך מיין, אז דער זעלבער, וועלכער האט דיך אנגעקלאגט, האט געבראכט אויף דיין קווארטיר דאס קעסטעלע מיט דיא אינסטרומענטען. איך מיין דער אדוואָ־קאט נאוואק האט עס געטאהן. מיר קומט פאר, אז ער האט דא געשפיעלט זעהר א טרויריגע ראָלע. איך האב מיך נאכגעפרעגט אויף איהם, מיין אָנקעל האט מיר דער־צעהלט פון איהם זאכען, וועלכע באווייזען, אז ער איז אויף אלעם פעהיג.

— דוא האסט רעכט, געארג! דער אדוואקאט האט אלעס געטאהן, ער וויל מיין טויט. איך האב עס שוין פריהער בעמערקט. איך קען אבער אויף קיין פאל ניט פערשטעהן, וואס האט ער צו מיר? וואס האב איך איהם געטאָהן? איך בין דאך

מיט איהם גאר ניט בעקאנט. וואס פיר א נוצען קען ער דען האבען פון מיין טויט?

— איך בין געווען ביי איהם נור איין מאל אין הויז. דאמאלס האט ער מיר זאגאר געזאגט, אז ער איז מיינער א פערוואנדטער.

— מיר ווייזט אויס, אז דאס איז עבען דיא אורזאכע, פאר וואס ער וויל, אז דוא זאלסט שטארבען. ער איז זעהר געשיקט און דורכגעטריעבען. ער וועט ערגעץ אויסזוכען פאפיערן, אז ער איז דיין פערוואנדטער און וועט פאדערן דיין פערמעגען.

אויף ארטהורס ליפען האט זיך געוויזען א שאטען פון א שמייכעל.

— איך קען עס ניט גלויבען, געארג, האט ער געזאגט, איך קען מיר גאר ניט פארשטעלען, אז א מענש זאל זיין אזוי ניעדערטרעכטיג, ער זאל ברענגען דעם אנדער אויפ'ן עשאפאט צוליעב עטליכע טויזענד גולדען.

— וואס רעדסט דוא, ארטהור? דוא קענסט דיעזע ניעדעריגע שמוץ זעעלען ניט. דוא ווייסט ניט, אז עס געפינען זיך שמוץ מענשען, שמוץ כאראקטערע, וועלכע וועלען פערקויפען זייער אייגענעם פאטער פאר עטליכע טויזענד גולדען. וואס פערשטעהט אזא שמוץ מענש פון געפיהל, מענשליכקייט און מיטליידען? — ווייסט דוא, אז ווען מען זאל געפינען דעם דאקומענט, וועלכען מען האט ביי מיר דאמאלס אוועקגערויבט, וואלט מען געקענט פאדערן דיין פאטערס גאנצעס פערמעגען? ווייסט דוא, וואס אזא ניעדערטרעכטיגער, שמוציגער אדוואקאט קען אויפטאהן מיט דיעזען דאקומענט?

ארטהור האט זיך פערטראכט. עס איז זעהר שווער דעם גוטען און עדעלען מענשען צו גלויבען, אז אויף דער וועלט געפינען זיך גאר אזעלכע טייגעניבעסע.

— עס קען זיין, אז דוא האסט רעכט, געארג, האט ארטהור געזאגט לאנגזאם. דוא געהסט ארום פריי און קענסט בעסער אכטונג געבען אויף איהם. איך בין דאך אן ארעסטאנט, א געפאנגענער. איך זעה פאר מיר א פיינד; איך ווייס, אז דער אדוואקאט וויל מיך פערניכטען, איך האב אבער ביז היינט ניט געקענט וויסען, וואס ער האט צו מיר.

— איך פערזיכער דיר, ארטהור, אז איך וועל עס ניט פערשווייגען. איך וועל ניט רוהען און ניט ראסטען, ביז איך וועל איהם בעשטראפען. מיין שווערד איז שארפער פון זיינע אדוואקאטען קינסטע. מיין שווערד וועט דורכבויערן זיין פאלשעס הערץ.

— וואס ווערט דערפון? האט ארטהור געזאגט טרויעריג, איידער דיין שווערד וועט איהם טרעפען, וועט מיין קאפ פאלען אויפ'ן עשאפאט.

— איך דענק, איך זאל באלד געהן צו מיין אנקעל און זאל איהם אלעס ערקלערן, פיעלייכט איז נאך ניט אלעס פערלארען? פיעלייכט איז נאך דא האפנונג?

ארטהור האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ.

— איך דענק, אז מען וועט מיך שוין אין א פאר טאג ארום טויטען. פיעלייכט נאך מארגען. דער שליעסער האט מיר געזאגט, אז אין דיעזע צימער האלט מען דיא פעראורטהיילטע, וועלכע מען דארף באלד——. זעלטען, אז איינער זאל זיצען מעהר אלס דריי טאג אין דיעזע צימערלעך. איך בין שוין דא זייט געסטערן אבענד.

— דערפאר עבען מוז איך געהן שנעל צו מיין אנקעל און מיט איהם איבעררעדען.

— איידער דוא געהסט אוועק, וויל איך דיך עפּעס פרעגען, האט ארטהור גע־זאגט טרויעריג.

— וואס ווילסט דוא וויסען, פריינד?

— וואס מאכט עלווירא? וויא האט זיא אויפגענומען דיא נאכריכט, אז איך בין פעראורטהיילט צום טויט?

נעארג האט א ציטער געטאהן. ער האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. ארטהור האט עס בעמערקט.

— וואס איז געשעהן, נעארג? דערצעהל מיר אלעס! איך זעה, אז דוא ביסט טרויעריג, אז דוא קענסט ניט אנטווארטען. וואס איז געשעהן? וואס מאכט עלווירא? איז זיא געשטארבען?

— ניין, האט נעארג געענטפערט.

— אלזא, וואס דען? פאר וואס שווייגסט דוא?

— פרעג ניט, ברודער! לאז מיך שווייגען!

— נעארג, ברודער! פּלאג מיך ניט! דוא מאכסט מיר נאך גרעסערע ליידען מיט דיין שווייגען. איך בעשווער דיך, ברודער, זאג מיר אלעס! — איך שטעה שוין מיט איין פוס אין גראב, צו וואס זאלסט דוא מיר נאך שווערער מאכען מיינע לעצטע שטונדען? — זאג מיר אלעס! זאג מיר, וואס איז געשעהן מיט עלוויראן?

נעארג האט זיך געביסען דיא פינגער פאר שמערץ און פערדרוס. ער האט איינגעזעהן, אז עס איז אונמעגליך צו שווייגען. ער מוז איהם אלעס זאגען.

— דוא פערלאנגסט צו וויסען אלעס?

— אלעס, ברודער נעארג! אלעס! וואס קען מיר שוין שאדען נאך א קלאפּ?

— אלזא, וויים! — עלווירא איז פערלאָבט.

— פער — לא — בט! האט ארטהור איהם נאכגעזאגט.

— בערוהיג דיך, ארטהור!

— פער — לא — בט? — מיט ווע — מען? האט ארטהור קוים ארויסגעקייכט.

— מיט מאקס פאן ראדעצקי.

— גרויסער גאט! אויך דאס נאך! האט ארטהור אויסגערופען, זיא איז פער־לאָבט מיט מיין שרעקליכסטען פיינד! — פערלאָבט, ווען איך לעב נאך! פערלאָבט נאך איידער איך בין געשטארבען? — דאס איז שרעקליך! דאס איז שווידערהאפט!

נעארג האט געשוויעגען. וואס האט ער געקענט דארויף ענטפערן?

— אך, פרויען! — פרויען ליעבע און פרויען טרייע! האט ארטהור געזיפצט און געקרעכצט, וויא א פערוואונדעטער טיגער. — ערשט ניט לאנג, ערשט פאר מיין אוועקפאהרען קיין בודאפּעסט האט זיא מיר געשווארען אייביגע ליעבע און אייביגע טרייע און יעצט — יעצט האט זיא מיך שוין פערגעסען און האט געגעבען איהר האנד צו מיין ערגסטען פיינד! — אבער, יא! זיא האט דאך רעכט! — איך בין דאך פעראורטהיילט צום טויט! איך בין דאך א פערברעכער! איך האב דאך געמאכט פאלשעס געלד! וויא קען מען געדענקען אזא מענשען, וויא איך? וויא קען מען האָ־בען אין זינען אזא פערברעכער, אזא טויגעניכטס?

— דוא ביסט אונגערעכט געגען איהר, ארטהור! דוא בעליידיגסט זיא אומזיסט. דוא ווייסט ניט, וויא פיעל זיא האט געליטען! דוא ווייסט ניט, וויא פיעל דיא אונ־גליקליכע עלווירא האט איבערטראגען! זיא איז קראנק געוואָרען, ווען זיא האט דער־הערט דיא שרעקליכע נאכריכט, אז דוא ביסט פעראורטהיילט צום טויט. זיא איז יעצט געזונד, אבער איהר פערשטאנד איז פערדונקעלט. זיא ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. זיא ווייס גאר ניט, אויב זיא איז פערלאבט. זיא האט געגע־בען איהר האנד, זיא ווייס אליין ניט וועמען. — דוא קענסט ניט מיין שוועסטער, ארטהור, ווען דוא דענקסט, אז זיא האט מיט איהר פרייען ווילען געגעבען איהר האנד

מאקס פאָן ראדעצקי.

— ארטהור איז געשטאנען אייניגע מינוט וויא פערשטיינערט. פלוצלונג האבען זיך געעפענט דיא קוואלען פון זיינע אויגען און הייסע, ברענענדיגע, ביטערע, בלוטיגע טרערין האבען זיך אנגעהויבען צו גיסען. דאס זיינען ניט געווען דיא פאלשע, פער־שטעלטע פרויען טרערין, וועלכע גיעסען זיך, וויא עס גיעסט זיך וואסער פון א פומפע. מען דארף נאר א קוועטש טאהן און דאס וואסער גיעסט זיך שוין. דאס זיינען געווען טרערין, וועלכע גיעסען זיך פון דיא אויגען פון א שטארקען מאן. דאס איז וואסער וועלכעס גיעסט זיך פון א הארטען שטיין. דיא ערד מוז ציטערן, בערג מוזען אוועק־שפרינגען פון זייער ארט, איידער אזא וואסער הייבט זיך אן צו גיעסען. ערשט ווען דער שטיין ווערט צו שלאגען, ערשט ווען דאס הערץ פון א מאן איז געבראָכען, הייבען זיך אן צו גיעסען דיעזע טרערין.

— געאָרג! האט ער ענדליך אויסגערופען, דוא ווילסט מיך רעטען, טהו עס ניט! לאז מיך שטארבען! ווען מיין אונגליקליכע עלווירא געפינט זיך אין אזא צו־שטאנד, אז זיא ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר, איז מיר דאס לעבען ניט ליעב. — געאָרג! איך האב קיין מאל ניט געוויינט. איך האב שוין געליטען זעהר פיעל אין מיין לעבען און האב אלעס איבערגעטראגען, וויא א מאן. איך וויין יעצט צום ערשטען מאל. איך וויין ניט איבער זיך, איך וויין איבער עלווירא'ס אונגליק.

געאָרג האט געציטערט, וויא אין א פיעבער. ער האט ניט געקענט איבער־טראגען אזוי פיעל עדעלקייט, אזוי פיעל גראָססמוטה, אזוי פיעל עהרליכקייט און אזוי פיעל אונגליק! ער האט ניט געקענט קוקען ארטהור'ן גלייך אין דיא אויגען. ער האט ניט געקענט ארויסזאגען א ווארט. דיא טרערין האבען איהם געווארגען און ער האט זיך אנגעשטרענגט, ער זאל ניט וויינען.

ער האט דערלאנגט ארטהור'ן דיא האנד, האט געכאפט זיין האנד און האט זיא צוגעפרעסט צו דער ברוסט, דאן איז ער ארויסגעלאפען פון קעמעריל, וויא א וואהנזיניגער. דער וועכטער האט פערשלאסען הינטער איהם דיא שווערע טהיר.

ארטהור איז ווידער געבליעבען אליין. ער איז זיך דורכגעגאנגען א פאר מאל אין זיין קעמעריל, דאן איז ער געפאלען אויף זיין ארימעס געלעגער און האט אויסגע־רופען:

— קען איך עס איבערטראגען? פלאצט נאך ניט מיין הערץ? ווערן מיינע אויגען ניט בלינד? — מאקס וועט זיא הייראטהען? — ארימע, אונגליקליכע עלווירא!

— איך האב נאך געהאט דעם מוטה צו זאגען, אז דוא האסט פערגעסען, וואס דוא האסט מיר געשווארען? איך האב נאך געקענט האבען דיא קראפט צו זאגען, אז דוא האסט מיך פערגעסען? — דוא האסט מיך פערגעסען, דוא האסט זיך פערגעסען, דוא האסט פערגעסען אלעס אין דער וועלט, ווייל דיין פערשטאנד איז פערדונקעלט, דוא ביסט וואהנזיניג געווארען דורך מיין אונגליק. דוא ביסט אונגליקליך דורך מיך. — און ווער וויל דיך הייראטהען? — מאקס! — געארג זאגט, אז דער אדוואקאט נאוואק איז שולדיג אן מיין אונגליק! — ניין, מיין אונגליק שטאמט פון איהם — פון מאקס'ן! — אה! איך פיהל עס! איך וויים עס! עס איז אזוי! —

## 10טער קאפיטעל.

# אננא און גראף מעראם.

געארג איז ארויסגעלאפען פון געפענגניס, וויא א וואהנזיניגער. ער האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין דראשקע און האט געטריעבען דעם קוטשער, ער זאל פאהרען וויא אם שנעלסטען צום פאלאץ פון גראף מעראם.

ער איז אריינגעלאפען צו זיין אנקעל אין שרייבצימער און האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט. ער האט איהם דערצעהלט, אז ער איז געוועזען ביים אדוואקאט נאוואק און האט מיט איהם גערעדט. ער האט איהם דערצעהלט, וואס ער האט גערעדט מיט ארטהור'ן.

— מיר ווייזט אויס, אז נאוואק איז אין אלעמען שולדיג! האט ער אויסגערופען. נאוואק וויל, אז ארטהור זאל שטארבען, ווייל ער וויל צונעהמען זיין פערמעגען. עס קען זיין, אז נאוואק וויים גאר, וואו עס געפינט זיך דער דאקומענט, וועלכער בעווייזט, אז דיא רעגיערונג האט ניט געהאט קיין רעכט צוצונעהמען דעם באראן פאבאטהיאני'ס פערמעגען. — אנקעל! ליעבער אנקעל! זא לאנגע ארטהור לעבט נאך קענען מיר אנהייבען א פראצעס געגען דעם אדוואקאט. פיעלייכט וועט ער זיך דערשרעקען און וועט עפעס אויסזאגען, אדער ער וועט וועניגסטענס בעווייזען, אז ארטהור איז אונשולדיג.

דוא ביסט נאך צו יונג, ליעבער געארג, האט דער גראף געענטפערט, דיין בלוט לויפט נאך צו שטארק אין דיינע אדערן. דוא לויפסט און זעהסט ניט, וואס פאר א טיעפער אבגרונד פערשטעלט דיר דעם וועג, עס איז ניט אזוי לייכט אנצוהייבען א פראצעס געגען אזא דורכגעטריעבענעם פוקס, וויא דער אדוואקאט נאוואק. דאס איז א פעסטונג, וועלכע מען קען ניט איינעהמען מיט שטורם, מען מוז זיא בעלאגערן, מען מוז זיא אויסהונגערן, ביז מען קען זיא איינעהמען. איך האב שוין אנגעהייבען צו בעלאגערן דיעזע פעסטונג. איך האב שוין אנגעהויבען צו זאמלען מאטעריאל פאר דיעזע פעסטונג. איך זוך שוין און פארש שוין, וועלכע איז דיא שוואכע זייט פון דיעזע פעסטונג. איך בין זיכער און דוא, געארג, קענסט אויך זיין זיכער, אז פריהער אדער שפעטער וועט פלאצען דיא שרעקליכע באמבע און דיא פעסטונג וועט פאלען. נאוואק מוז ענדיגען זיין לעבען אויפ'ן עשאפאט. — דענק ניט, אז איך רעד אויפ'ן ווינט, נעארג. איך וויים, וואס איך רעד.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז א יונגעס מײדכען איז אנגעקומען און בעט זעהר, אז מען זאל זיא צו לאזען.

— פיהר זיא אריין, האט דער גראף געזאגט צו זיין דיענער.

נעארג האט זיך אויפגעהויבען און איז ארויסגעגאנגען. עס איז א מאָדע ביי אלע גרויסע, אז ווען זיי נעהמען אויף מענשען מיט א ביטע, נעהמען זיי אויף גאנץ אליין. ווען ער איז ארויסגעגאנגען, האט ער זיך געטראפען אויף דער טהיר מיט אננא'ן. זיא איז יעצט געווען פיעל שעהנער אנגעטאהן, וויא דאמאלס. ווען ער האט זיא געזעהן צום ערשטען מאל ביי סטאסאין אין הויז, דענאך האט ער זיא באלד דערקענט און האט געוואלט מיט איהר רעדען; ער האט זיך אבער געשעהמט פאר'ן דיענער און איז אוועק געגאנגען.

— וואס קען דארפען דיא שעהנע טאָכטער פון'ם הענקער צום גראף מיגראס? — וואונדערבאר! האט ער געמורמעלט צו זיך אליין. — וואס האט זיא דא צו טאהן? איהר זייט איך האב זיא דערזעהן צום ערשטען מאל, קען איך זיא ניט פערגעסען. זיא איז ניט געזיכט, בעזאָנדערס איהרע שעהנע אויגען שטעהן שטענדיג פאר מיר. זיא איז דיא טאכטער פון'ם הענקער. דאס קען ניט זיין! — ווער איז זיא אבער?

גראף מעראס האט אויפגענומען דיא שעהנע אננא זעהר פריינדליך. אויך ער דער אלטער מאן איז געווען איבערראשט פון איהר שעהנהייט. אויך איהם האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער האט ערגעץ געזעהן דיעזעס געזיכט, דיעזעס אויג און דיעזע ליפען.

אננא איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר פערשעהמט און דערשראקען. זיא איז צום ערשטען מאל אין איהר לעבען אריינגעקומען צו א גראף אין שטוב; צום ערשטען מאל אין איהר לעבען האט זיא געזעהן אזא רייכטהום און אזא גלאנץ.

— קומט נעהנטער, פריילייז, האט דער גראף געזאגט פריינדליך, קומט נעהנטער זעצט אייך און זאגט מיר, וואס איהר פערלאנגט.

אננא האט זיך ניט געריהרט פון ארט. דער גראף האט געמוזט זיא נעהמען ביי דער האנד און זיא צופיהרען צו א שטוהל.

— זעצט אייך, פריילייז, און זאגט מיר, וואס פערלאנגט איהר?

אננא איז רויט געווארען און האט ניט געוואוסט, וויא אזוי זיא זאל אנהויבען צו רעדען מיט איהם.

— האט איהר א ביטע צו מיר?

— יא, גנעדיגער גראף.

— אלזא, דערצעהלט מיר, און וואס בעשטעהט אייער ביטע?

— איך בין געקומען בעטען פאר'ן בארא̇ן פאָן באטהיאני, האט אננא געשטאמעלט, מען האט מיר געזאגט, אז איהר, גנעדיגער גראף, קענט טאהן זעהר פיעל און איך בין געקומען אייך בעטען, איהר זאלט זעהן איהם העלפען — איהם רעטען.

— ארימעס מעדכען! האט דער גראף אויסגערופען, איך בעדויער זעהר, אייך צו זאגען, אז אין דיעזען פאל קען איך גאר ניט העלפען. איך האב איינפלוס און מאַכט אין געוויסע אנגעלעגענהייטען. דאָ איז אבער א גאנץ אנדערער פאל, וועלכער געהער

זיך אַ מיט'ן קרימינאל געריכט און גענען דאס קרימינאל געריכט קען איך גאר ניט העלפען. עס איז מיר זאגאר אונמעגליך צו בעטען פאר איהם דעם קייזער. מיין ביטע װעט ניט העלפען און דער קייזער װעט נאך אויף מיר בייז װערען.

אננא איז געװארען אזוי טרויעריג, אז אויף איהרע שעהנע אויגען האבען זיך געװיזען טרערען.

— דאן פערצייהעט מיר, גנעדיגער גראף, װאס איך האב אייך געשטערט און בין געקומען צו אייך מיט אזא ביטע.

זיא האט זיך געװאלט אויפהויבען פון'ם שטוהל. דער גראף האט מ טליד בע־קומען מיט דיעזעם איינפאכען מעדכען.

— װארט א װייל, האט ער געבעטען, קענט איהר מיר ניט זאגען, װיא אזוי איהר קומט צום באראן פאן באטהיאני? קענט איהר זיך מיט איהם?

אננא איז רויט געװארען און האט זיך פערשעהמט.

— איך קען איהם, האט זיא געזאגט שטילערהייט.

— זייט איהר פיעלייכט פון יענער געגענד, װאו דער באראן האט געװאהנט?

— איך בין פון יענער געגענד.

— װיא הייסט איהר?

— איך הייס אננא.

— װיא איז אייער פאמיליען נאמען? האט דער גראף געפרעגט.

— איך בין ניט פון אדעל, האט אננא געענטפערט שטילערהייט.

— דאס מאכט ניט אויס, האט דער גראף בעמערקט, דאס איז קיין שאנדע. עס געפינען זיך גוטע און בראװע מענשען צװישען דיא בירגער, װיא צװישען דיא עדעל לייט.

— מיין פאטער הייסט מיכאאיל.

— װאס איז ער? מיט װאס בעשעפטיגט ער זיך?

אננא איז געזעסען, װיא אויף הייסע קוילען. עס איז איהר געװען זעהר אונאנגענעהם צו זאגען, װער זיא איז.

— מיין פאטער איז א הענקער, האט זיא ענדליך ארויסגעזאגט.

— א הענקער? האט דער גראף אויסגערופען.

װיא עדעל און װיא גראסמוטהיג ער איז געװען, איז ער דאך געװען א מאגנאט און אריסטאקראט און דער געדאנק, אז ער רעדט מיט דער טאכטער פון א הענקער, האט איהם געמאכט ציטערן. א הענקער איז דאך קיין פרעהליכע בעשעפטיגונג.

— פון װאנען קענט איהר אלזא דעם באראן פאן באטהיאני?

— מיין פאטער האט פריהער געװאהנט אין טהורעם פון משעמני, ניט װייט פון שטעדטעל ראזענוי, האט אננא דערצעהלט. אמאל האט מען געבראכט דעם באראן צו אונז אין טהורעם. ער איז געװען פערװאונדעט. פון יענער צייט קען איך איהם.

— אייער פאטער מעג שטאלץ זיין מיט אזא טאכטער, האט דער גראף געזאגט. איך שעץ אייער מוטה און אייער עדעלקייט, װאס איהר זייט יעצט געקומען בעטען פארן באראן. עס טהוט מיר הערצליך לייד, װאס אין דיעזער בעציהונג קען איך פ

אייערטוועגען גאר ניט טאהן. ווען איהר זאלט אבער אנאנדער מאל דארפען מיין הילף, קומט צו מיר און זאגט עס מיר. איך וועל דאן טאהן אלעס, וואס איך קען נור פון אייערטוועגען.

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו זיין שרייבטיש. אננא האט פערשטאנען, אז זיא האט שוין מעהר ניט וואס צו טאהן דא. זיא האט זיך פערנייגט און איז אויך ארויסגעגאנגען. אין פארצימער האט זיא דערזעהן דאס פעקיל, וואס סטאסא האט איהר מיטגעגעבען. זיא האט עס איבערגעלאזען אין פארהויז.

זיא האט יעצט געחאפט דאס פעקעל אונטערן ארים, האט אנגעקלאפט שטיל לערהייט ביי דער טהיר און איז אריינגעקומען.

— וואס האסט דוא דא? האט דער גראף געפרעגט.

— מען האט מיך געבעטען, איך זאל אייך איבערגעבען דיעזעס פעקעל, גנעדיגער גראף.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא אניעדערגעלעגט דאס פעקעל אויפ'ן טיש און איז זיך ארויסגעגאנגען.

גראף מעראס איז געבליעבען שטעהן איינינע מינוט, וויא צומישט. ער וואלט געוויס געהייסען א דיענער זיא צוריקרופען און איהר נאכווארפען דאס פעקעל. אננא האט אבער געמאכט אויף איהם אזא גוטען איינדרוק, אז ער איז געווארען פעראינטערעסירט צו זעהן, וואס אין פעקעל געפינט זיך. ער איז געווען איבערצייגט, אז דיזעס גוטע און שעהנע קינד האט געוויס געבראכט עטוואס בעזאנדערעס.

ער האט אנגעקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען. דער גראף האט איהם געהייסען צונעמען דאס פעקעל. דער דיענער האט עס צונומען, האט א ציטער געטאהן און איז אפגעשפרונגען מיט שרעק.

— וואס איז דארט? וואס האסט דוא דארט דערזעהן? האט דער גראף געפרעגט.

דער דיענער האט זיך אזוי דערשראקען, אז ער האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ער האט קוים געקענט ווייזען מיט דער האנד אויפ'ן פעקעל.

דער גראף איז געווארען נייגיעריג. ער איז צוגעקומען צום טיש, האט א קוק געטאהן און איז געווארען בלייך, וויא קאלך. — ער האט דערזעהן דעם סקעלעט (דיא ביינער) פון א קינד. ער איז אבער געווען א בעהערצטער מענש און האט זיך וועניגער דערשראקען אלס זיין דיענער. ער האט בעטראכט דיא ביינער איינינע אויגען בליקען און האט דערזעהן א פאפיער צווישען דיא ביינער.

ער האט ארויסגענומען דאס שטיקעל פאפיער, האט עס צונומען און האט איבערגעלעזען:

„דאס זיינען דיא ביינער פון דער פערשוואונדענער אדעלע, דיא טאכטער פון גראף מעראס. יעצט וועט ער שוין וויסען, וואס עס איז געווארען פון זיין קינד."

דער גראף האט א ווינק געטהאן דעם דיענער, ער זאל ארויסגעהען, קוים איז ער געבליעבען אליין, איז ער צוגעגאנגען נעהנטער צו דיא ביינער פון'ם קינד און האט אנגעהויבען זיי צו בעטראכטען. איינינע מינוטען איז ער געשטאנען, וויא א פערשטיי־

נערטער. אין זיין הארץ האבען געקאכט: שמערץ, ליידענשאפט, ראכע, פערדרוס, פערצווייפלונג און אלע ליידען, וועלכע א פאטער קען ניט פיהלען, ווען ער זעהט דיא ביינער פון זיין איינציגעס קינד. ענדליך האבען זיך פון זיינע אויגען אנגעהויבען צו גיעסען טרערין און ער האט אויסגערופען:

— טהייערעס, געליעבטעס, איינציגעס קינד! דאס איז אלזא דיין שיקזאל! דאס איז פון דיר געווארען! דוא ביסט געבארען געווארען מיט דיא שעהנסטע האפנונגען, איך האב גערעכענט, אז איך וועל דיך א מאל זעהן גליקליך און וועל אויף דער עלטער זיין גליקליך לעבען דיר. — וואס זעה איך יעצט? — נאקעטע, ווייסע, טרוקענע ביינער; דאס איז אלעס, וואס פון דיר איז געבליעבען! — איך וועל אבער ניט שווייגען, איך וועל מיך נוקם זיין פאר דיין טויט! — איך ווייס, ווער עס האט דיך געטוירטעט! איך ווייס, ווער עס האט דיך געשיקט אהער!

ער האט זיך אנגעשפארט אויפ'ן טיש און האט בעטראכט נאך א מאל דיא ביינער פון זיין קינד.

— דאס איז דאס ענדע פון אלע מענשען, האט ער געמורמעלט, מיר וועלען אלע שטארבען. פון אונז אלעמען וועט מעהר ניט בלייבען, וויא טרוקענע ביינער. ווען עס שטארבט אבער אן אלטער מענש, טרייסטען מיר זיך דערמיט, וואס דאס איז דאס געזעץ פון דער נאטור. עס מוז אזוי זיין! אלעס וואס ווערט געבארען, אלעס וואס לעבט, אלעס וואס וואקסט, מוז אונטער געהן. טרויריג און הערץ רייסענד איז עס אבער, ווען א קינד שטארבט, ווען א יונגעס, גרינעס בליהענדעס צווייגעלע ווערט צוטרעטען מיט דיא פיס! — ווער זאל אבער זיין דיעזע שלאנג, וועלכע איז געקומען צו מיר אונטער דער פרומען מאסקע, אז זיא בעט פאר'ן באראן פון באטהיאני און האט מיר געבראכט דיעזע ביינער? — זיא איז דעם הענקערס טאכטער. זיא ווייס געוויס פון דער גאנצען געשיכטע. זיא ווייס פיעלייכט, וויא אזוי דאס קינד איז אומגעקומען. — איך וועל זיא געפינען. איך וועל איהר ווייזען, אז מיט גראף מעראס שפאסט מען ניט.

ער האט פערדעקט דיא ביינער מיט'ן ליילאך און האט זיך ווידער געזעצט לעבען זיין שרייבטיש. אונטערדעסען האט געארג ניט געקענט זיך איינהאלטען. ער איז ארויסגעגאנגען פון זיין אנקעלס פאלאץ און האט זיך געשטעלט אין דרויסען ווארטען, ביז אננא וועט ארויסגעהן פון זיין אנקעל. — ער האט זיך דערווארט. מיט א פיערטעל שטונדע שפעטער איז אננא ארויסגעקומען פון פאלאץ. געארג איז איהר ענטגעגען געגאנגען.

— זייט איהר עס דאס מעדכען, וועלכעס איך האב געזעהן ביי דער אלטער פרוי אין פינגליטאהל ניט ווייט פון טשעמני? האט ער געפרעגט.

— איך בין עס, האט אננא געענטפערט.

— יעצט וואינט איהר אין בודאפעסט אדער איהר זייט נור געקומען צו גאסט אהער?

— איך וואין דא.

— וועל איך קענען אייך ווידערזעהן?

— גנעדיגנער הערר, איך בין דיא טאכטער פון'ם הענקער.

— דאס קימערט מיך זעהר וועניג. איך וויל אייך וויעדערזעהן. איך וויים אליין ניט פאר וואס איך וויל עס. דאס הערץ זאגט מיר, אז איך דארף אייך וויעדערזעהן.

— ליידער, איז עס אונמעגליך.

— ווען איהר ווילט ניט, איז עס אונמעגליך.

— ניין, מיין הערר, איך קען עס ניט און דארף עס ניט.

— מעגליך, אז אייער הערץ איז ניט פריי.

— ניין, מיין הערר. מיין הערץ איז פריי, איך קען אבער ניט זעהן קיין פרעמדען מענשען אויף דער גאס און וויל עס ניט. ווען איהר ווילט מיך זעהן, מוזט איהר קומען צו מיין פאטער. איך גלויב ניט, אז איך זאל עס זיין אנגענעהם. איהר ווייסט דאך געוויס, אז ווען מען פערזאמט זיך לענגער ביי אונז אין הויז, מוז מען ווערן דאס וואס מיין פאטער איז.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך פערנייגט און איז אוועק געגאנגען. געארג האט איהר נאכגעקוקט א לענגערע צייט.

— זיא איז שעהן! — געטליך שעהן! האט ער אויסגערופען. שאדע, וואס זיא איז דיא טאכטער פון א הענקער! — איך מוז זיא אבער וויעדער זעהן! איך וויים ניט, וואס מיט מיר ווערט, ווען איך זעה זיא. — זאל עס זיין ליעבע?

ווען געארג און אננא וואלטען ניט געווען אזוי פערטיפט אין זייער געדאנקען, וואלטען זיי געזעהן, וויא א שעהן געקליידעטע אלטע פרוי שטעהט פון דער וויטען און לאזט פון זיי קיין אויג ניט אראפ.

— אהא! האט דיא אלטע אויסגערופען, ווען זיא האט געזעהן, וויא ביידע רעדען אזוי פריינדליך און אזוי פערטרויליך, — אהא! אזוי איז דיא געשיכטע! איהר פאסט איינער צום אנדערן! עס וואלט ניט קרום געווען, איהר זאלט זיך הייראטהען. דאן מוז דער שטאלצער גראף ווערן א הענקער. נו, דאס איז ניט אזוי לייכט. איך האב צוואר צוגעזאגט דעם אדוואקאט, אז ער וועט פערשווינדען. דאס ערשטע גלאז האט אבער ניט געווירקט, ער האט געהאט ביי זיך א דאקטאר, וועלכער האט ארויסגעטריעבען דאס גיפט. — דאס מאכט ניט אויס! — איך וועל שוין געפינען אנאנדער מיטעל, וויא מיך צו בעפרייען פון איהם. ער מוז שטארבען! — יעצט מוז איך געהן צום אדוואקאטען.

מיט א האלבע שטונדע שפעטער איז זיא געשטאנען פאר אדוואקאט אין זיין שרייב־צימער. ער האט זיא קוים דערקענט, זיא איז געגאנגען אנגעטאהן, וויא א רייכע דאמע. זיא האט איהם געמוזט זאגען, ווער זיא איז.

— וואס איז דאס? וויא קומט עס, וואס דוא טראגסט היינט דיינע יומטובדיגע קליידער?

— וואס קען מען העלפען, הערר אדוואקאט? דער מענש מוז שפיעלען אין לעבען אלערליי ראלען. ער מוז זיך פערשטעלען.

— גוט, גוט! דאס וויים איך! האט דער אדוואקאט אונטערבראכען איהרע

רעד. — לאמיר בעסער רעדען פון אנדערע זאכען. איך האב דיך שוין לענגסט ער׳ וואַרטעט.

— איך האב אויך א געשעפט צו אייך, הערר אדוואקאט, האט סטאסא גע׳ ענטפערט.

— צו ערשט זאג מיר, האסט דוא בעזארגט מיין בריעף אין שלאָס ראדעצק?

— געוויס, הערר אדוואקאט! איך האב איהם איבערגעגעבען דעם באראָן אין דיא הענד און איך מוז אייך זאגען, אז אייער באראָן האט א זאָנדערבארעס געזיכט.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? איך פערשטעה דיך ניט.

— איך מיין, אז דער באראָן, צו וועלכען איך האב געבראכט אייער בריעף, איז א זאָנדערבארער מענש. זאגט מיר, הערר אדוואקאט, דענקט איהר ווירקליך, אז ער איז א באראָן?

דער אדוואקאט איז געווארען אויפמערקזאם און האט געקוקט סטאסאָן גלייך אין דיא אויגען.

— איך בין זיכער, אז ער איז א באראָן.

— און איך זאג אייך, אז ער איז א באראן, וויא איך בין א באראנעסע.

— וואס רעדסט דוא, סטאסא? וואס דען איז ער, ווען ניט קיין באראן?

— ער איז — ער איז אנאנדערער.

— ווער איז ער דען?

— איך קען עס אייך יעצט נאך ניט זאגען. האט ענדליך סטאסא געזאגט פעסט. דאס איז א געהיימניס, וועלכע וועט פריהער אדער שפעטער ארויםקומען, וויא בוימעל אויפ׳ן וואסער.

דער אדוואקאט האט אנגעהויבען צו בעטען סטאסאָן, זיא זאל איהם זאגען, ווער דער באראן נאַני איז. זיא האט אבער אויף קיין פאל עס ניט געוואלט זאגען.

— איך קען עס אייך יעצט נאך ניט זאגען, ווייל עס זיינען פערמישט דארין נאך אייניגע מענשען. איך אליין וויל פריהער אלעס געוואהר ווערען און וויסען גענוי, ווער אלע זיינען. ביז דאמאלס קען איך עס אויף קיין פאל ניט זאגען.

דער אדוואקאט האט איינגעזעהן, אז ער וועט מיט איהר גאר נישט מאכען. זיא האלט זיך פעסט און וויל ניט אויסזאגען, ווער דער באראן נאַני איז. ער האט דאהער זיך ענטשלאסען, ער זאל זיא יעצט אפלאזען און זאל רעדען פון אנדערע זאכען.

— דוא האסט ניט געהאלטען דיין וואָרט, סטאסא, האט ער געזאגט מיט א פאָרוואורף.

— איהר מיינט דאס וואָרט, וואס איך האב אייך געגעבען וועגען דעם גראף פאָן טאָסקי.

— ווען דוא ווייסט עס, צו וואס פרעגסט דוא?

— ער איז יעצט אין בודאפעסט.

— דאס ווייס איך אהן דיר. זאג מיר ליעבער, פארוואס איז ער ניט דארט, פון וואַנען מען קומט ניט צוריק?

— זייט רוהיג, הערר אדוואקאט! ער וועט שוין קומען אהין. האט נור אביסעל

גערולד. איך דארף איהם נאך דערוייל האבען. איך בין צופריעדען, וואס מיין ערשטע פראָבע איז ניט געלונגען. ער וועט מיר יעצט צונייז קומען.

איינינע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. דער אדוואקאט איז געווען פינסטער און אונרוהיג. סטאסא איז זיך געשטאנען גלייכגילטיג און האט איהם בעטראכט. ענדליך האט דער אדוואקאט אויסגערופען:

— לאמיר דערפון מזהר ניט רעדען, סטאסא! איך וויל פון דער גאנצער געשיכטע מעהר ניט וויסען. דוא ביסט מיר צו קלוג און וועסט טאהן, וואס דוא ווילסט און וואס עס פאַסט דיר.

— דאס איז שעהן פון איך, הערר נאוואק! דאס הייסט צוטרויען! — זייט רוהיג, הערר נאוואק! איהר וועט שוין מיט מיר צופריעדען זיין.

— דוא מענסט דיר שוין געהן, סטאסא, האט דער אדוואקאט געזאגט אונגעדולדיג. איך זעה דאך, אז דוא האסט מעהר ניט וואס צו טאהן. איך דארף דיך שוין ניט.

— איך דארף אבער איך, האט סטאסא בעמערקט.

— זאג שנעל און קורץ, וואס ווילסט דוא?

— איך וויל, אז איהר זאלט שיקען איינעם צום גראף מעראס, ער זאל געוואהר ווערן פון דיא דיענער, וואס עס איז פארגעקומען אין דער לעצטער צייט ביי איהם אין פאלאץ.

דער אדוואקאט האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט און ערשטוינט.

— וואס מיינסט דוא, סטאסא? איך פערשטעה דיך ניט.

— גראף מעראס האט היינט ערהאלטען דיא ביינער פון א מענשען. איך וויל וויסען, וואס ער וויל טאהן מיט זיי.

— ביינער פון א מענשען? האט דער אדוואקאט אויסגערופען.

— יא, דיא ביינער פון א קליין קינד.

— וואס רעדסט דוא, סטאסא? וואס איז דאס פאר א רעטעניש?

— בערוהיגט איך, הערר ארוואקאט, עס איז גאר נישט. עס איז צוואַר דאס, וואס איהר מיינט, עס געהער זיך אבער גאר ניט אן מיט אייערע געשעפטען.

דער אדוואָקאט איז בלייך געווארען, ער האט זעהר גוט געוואוסט, וואס סטאסא מיינט און וואוהין זיא ציעלט.

— הער נור, סטאסא, האט ער פלוצלונג אויסגערופען, וויא פיעל יאהר איז עס שוין, זייט דוא האסט אוועקגערויבט דאס קינד?

— זייט איהר האט צוגענומען א י ה ר פערמעגען, האט סטאסא געענטפערט, איהר קענט יעצט זעהר לייכט אויסרעכענען, ווען דאס איז געווען.

דער אדוואקאט האט אויף איהר געווארפען א בייזען ווילדען בליק, ער האט אבער ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. עס איז געווען דייטליך, אז זיא האט געוואוסט פון זיינע געהיימניסע מעהר, וויא עס איז איהם ליעב געווען. דיא לעצטע ווערטער האבען איהם געצייגט, אז ער איז מיט איהר ניט פערטיג. זיא וויים שוין צו פיעל! — סטאסא אבער איז געבליעבען רוהיג און גלייכגילטיג. זיא האט געקוקט אויפ'ן

אדוואקאט און א זאַנדערבארער שמייכעל האט זיך געקרייזעלט אויף איהרע ליפען. זיא האט געוואוסט, אז דער שטאַלצער אדוואקאט וועט מוזען איינבויגען פאר איהר דעם קאפּ; זיא איז געווען זיכער, אז דער קלוגער און דורכגעטריבענער אדוואקאט וועט דאך מוזען טאהן, וואס זיא וועט איהם הייסען.

— אלזא, הערר אדוואקאט, וועט איהר שיקען א מענשען צום גראף מעראס?

דער אדוואקאט איז אויפגעשפרונגען און האט אויסגערופען:

— איך קען ניט שיקען קיינעם פון מיינע דיענער! איך טאָר עס ניט! איך דארף עס ניט! — זוך דיר אימ אנאנדערען!

— איך האב ניט קיינעם, האט סטאסא געזאגט קאלטבלוטיג. איך ווייס שוין, וויא דיעזע רייכע מענשען בעהאנדלען דיא ארימע. זיי שאפען זיך מיט זיי, הייסען זיי טאהן אלעס בייזע און ווען עס קומט צו עפּעס, שאקלען זיי זיך אפּ און זאגען, אז זיי ווייסען פון גאר נישט. — איך קען אייך גאנץ גוט, הערר אדוואקאט. איהר זייט א גאנץ קלוגער און דורכגעטריעבענער אדוואקאט, אין דיעזער געשיכטע אבער מוזט איהר מיך האבען. זא לאנג סטאסא לעבט, קענט איהר זיך ניט אפּזאגען, ווען זיא בעט אייך עפּעס. איהר מוזט געפינען איינעם, וועלכער זאל געהן צו גראף מעראס און זאל דארט געוואהר ווערען, וואס דארט איז היינט פאָרגעקומען. איהר ווייסט זעהר גוט, אז איהר מוזט עס טאהן.

נאוואק האט זיך געביסען דיא ליפען ביז אין בלוט. ער האט געפיהלט, אז דיעזע פרוי בעהערשט איהם; ער האט געוואוסט, אז ער איז ביי איהר אין דיא הענד, אז זיא האלט איהם ביים קאָפּ. — ער האט געטראכט איינינע מינוט און האט ענדליך געזאגט:

— נו, גוט, סטאסא! איך וועל טאהן, וואס דוא פערלאנגסט.

— אבער נאך היינט.

— נאך היינט.

— אבענדס וועל איך ווידער קומען אום צו וויסען, וואס דארט איז פאָרגעקומען. עס איז זעהר וויכטיג, איך מוז עס וויסען.

— ניט! איך וועל דיך ערווארטען. יעצט אבער געה!

סטאסא האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

דער אדוואקאט איז געווען אזוי אויפגערעגט און אזוי אונרוהיג, אז ער איז אניעדערגעפאלען אויפ'ן דיוואן.

צום טייפעל! האט ער אויסגערופען, איך האב געמיינט, אז איך בין שוין זיכער, אז אלעס איז שוין פערגעסען און בעגראבען; יעצט קומט דיעזע פרוי און גראבט אויס דאס פערגאנגענע! — וואס האב איך דאמאלס געקענט טאהן? — איך האב געמוזט זיא בענוצען, איך האב ניט געהאט קיין אנדערע. זיא איז געווען דיא איינציגע, וועלכע האט עס געקענט טאהן. איך האב איהר גוט בעצאהלט און האב גערעכענט, אז עס איז שוין פערגעסען. איך האב געהאפט, אז זיא וועט אונטערדעסען שטארבען. זיא לעבט אבער און געדענקט נאך זעהר גוט אלעס, וואס דאמאלס איז געשעהן.

וואס בעהיט מען? וויא וועהרט מען פון איהר לויז? — איך האב שוין געטראכט

און געקלערט דאריבער. איך זעה ניט ארויס, וויא פון איהר לויז צו ווערן, אויסער — זיא צו טויטען. — עס מוז זיין! עס קאן אנדערש ניט זיין! — אבער ניט באלד, נאך ניט יעצט. — שפעטער, ווען זיא וועט שוין ווערן אונערטרעגליך. — אך! עס איז געווען א זאנדערבארע צייט! איך געדענק נאך. וויא דאס קינד האט זיך גע־שפיעלט אין גארטען, וויא סטאסא איז געקומען, האט עס אויפגעחאפט און איז דער־מיט אנטלאפען. — וואוהין? דאס וויים איך ניט! דאס האט זיא מיר ניט געזאגט און וויל מיר ניט זאגען ביז אויף היינטיגען טאג.

עס איז געווען זעהר מרוריג. איך האב ניט געקענט הערן, וויא דאס קינד האט געוויינט. עס האט אבער געמוזט געשעהן, ווייל איך בין דאמאלס געווען זעהר ארים. איך האב געמוזט האבען א פערמעגען, איך האב עס בעקומען דורך דעם פער־שווינדען פון דיעזעם קינד.

אבער גענוג! איך מוז שיקען איינעם געוואהר ווערן, וואס עס טהוט זיך ביי גראף מעראס. עס איז ריכטיג, סטאסא האט רעכט. איך מוז זעהן, אז דיא ביינער־זאלען פערשווינדען. ווען עס וועט ניט זיין קיין אנקלעגער, וועט ניט זיין קיין קלעגער!

## 11טער קאפיטעל.

# מיכאאילס גאסט.

אננא איז צוריק געקומען פון גראף מעראס טרויעריג און ניעדערגעשלאגען. זיא האט זיך פערמאכט אין איהר צימעריל, האט זיך געווארפען אויף איהר דיוואן, האט געוויינט און האט מיט קיינעם ניט געוואלט רעדען.

ווען דער הענקער האט געזעהן, אז אננא איז ניט געקומען צום מיטאג, איז ער אריינגעגאנגען אין איהר צימער און האט זיא געפונען ליעגענדיג אויפ'ן דיוואן.

— אך, קינד! האט ער אויסגערופען, האב איך דיר ניט געזאגט, אז גראף מעראס קען דא שוין גאר ניט העלפען? צו וואס ביסט דוא געגאנגען צו איהם? — הער אויף צו וויינען און צו יאמערן. עס איז פערפאלען. מען קען ניט העלפען!

קוים האט ער ארויסגערעדט דיעזע ווערטער, האט מען געהערט אין דרויסען א געשריי און א געוואלד.

— חאפט איהם! האלט איהם! — חאפט דעם מערדער! האלט איהם! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

מיכאאיל איז ארויסגעלאפען זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דרויסען. קוים האט ער געעפענט דאס טהירעלע איז צו איהם צוגעלאפען פערסאפעט און פערקייכט א יונגער מאן, הינטער וועלכען עס זיינען נאכגעלאפען פיעלע מענשען מיט געשרייען און געוואלדען.

— האט מיטלייד מיט מיר! — רעטעט מיך! האט דער יונגער מאן געקייכט און האט אויסגעשטרעקט צו מיכאאיל'ן דיא הענד. — רעטעט מיך! שיצט מיך!

מיכאאיל איז געשטאנען איינינע מינוטען, וויא א ציטשטער. ער האט ניט גע־וואוסט, וואס דא טהוט זיך.

— יונגער מאן, דוא ווייסט ניט, וועמען דוא בעטסט, ער זאל דיך שיצען, האט ער ענדליך געזאגט.

— עס מאכט מיר ניט אויס, ווער איהר זייט, האט אויסגערופען דער פערפאלגטער און איז געפאלען פאר מיכאאיל'ן אויף דיא קניע, — איהר מעגט זיין דער טייפעל אליין, — רעטעט מיך! האט מיטלײדען מיט מיר און שיצט מיך געגען מיינע פערפאָלגער! זיי ווילען מיך טויטען! זיי ווילען מיך צורייסען אויף שטיקער!

— איך בין קיין טייפעל, אבער אויך קיין מענש, האט מיכאאיל געזאגט טרויעריג.

— לאזט מיך אריין צו אייך אין שטוב, איהר מעגט זיין, ווער עס וויל זיך.

— איך בין דער הענקער. ווען דוא קומסט אריין צו מיר, מוזט דוא אויך ווערן א הענקער.

— איך וועל ווערן, וואס איהר ווילט, נור לאזט מיך אריין!

דיא מענגע איז יעצט צוגעלאפען גאנץ נאהענט. מיכאאיל האט ארויפגעלעגט דיא האנד אויפ'ן יונגען מאן און האט איהם אריינגעשלעפט אין זיין הויז. דיא מענגע האט א ציטער געטאהן און האט אנגעהויבען צו שרייען און צו ליארמען נאך העכער און נאך שטארקער, קיינער אבער האט ניט געוואגט אריינצוקומען צום הענקער אין הויז. זיי זיינען אוועקגעשטאנען איניגע צייט און האבען געמוזט זיך צוגעהן.

מיכאאיל האט אונטערדעסען אריינגעפיהרט דעם יונגען מאן צו זיך אין שטוב און האט איהם געלאזען אביסעל אפאטהעמען. ווען דער יונגער מאן האט זיך אביסעל בערוהיגט, האט ער איהם געזאגט:

— יעצט זייט איהר פריי. זאלאנג איהר זייט ביי מיר, וועט אייך קיינער ניט אנריהרען, איהר מוזט אבער ווערן א הענקער. — איידער איך וועל אייך וויטער ערקלערן, וואס איהר האט יעצט צו טאהן, וויל איך וויסען, וואס האט איהר בעגאנגען און פאר וואס מען האט אייך פערפאָלגט?

— מיט א שטונדע צוריק איז געקומען א דיענער פון געריכט צו מיין מוטער אין הויז און האט פון איהר געפאָדערט, אז זיא זאל בעצאהלען דיא שטייערן. אזוי וויא מיר זיינען זעהר ארים און האבען יעצט ניט מיט וואס צו בעצאהלען, האט ער געוואלט צונעהמען ביי איהר אונזערע לעצטע קישעלעך פון אונטערן קאפ. איך און מיין מוטער האבען אנגעהויבען צו וויינען און צו בעטען, ער זאל אונז ווארטען, ביז איך וועל עפעס פערדיענען און וועל בעצאהלען, וויא פיעל איך וועל קענען. — אומזיסט! ער האט אונז ניט געוואלט הערן און האט געוואלט צונעהמען דאס לעצטע. איך בין ענדליך געווארען אויסער זיך. איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב איהם אריינגעשטעקט א מעסער אין הארצען. — עס איז געווארען א געוואלד און א געשריי. מענשען זיינען זיך צונויפגעלאפען און האבען געוואלט מיך ארעסטירען. איך בין אנטלאָפען געווארען און בין געקומען אהער.

— איז דער בעאמטער טויט?

— ניין, ער לעבט נאך און וועט שוין וויסען, וויא אזוי צו צונעהמען ביי אן ארימער פרוי דיא לעצטע קישעלעך פון צוקאפענס.

מיכאאיל האט געטראכט איניגע אויגענבליקע.

— דאן בין איך צופריעדען, וואס איך האב אייך גערעטעט, האט ער געזאגט,—
וואס ווערט אבער דערפון? איך האב אייך גערעטעט דאס לעבען, איהר וועט אבער מוזען ווערן א הענקער. איז דען דער טויט אויפ'ן עשאפאט ניט בעסער אלס צו זיין א הענקער?

— איהר האט געוויס רעכט. האט דער יונגער מאן געענטפערט, איך האב אבער אן אלטע מוטער, וועלכע איך קען ניט לאזען שטארבען פאר הונגער.

דער יונגער מאן האט אלעס גערעדט אזוי הערצליך און אזוי ערנסט, אז מ׳באַאיל האט גאר ניט געצווייפעלט, אז אלעס איז וואהר. איהם איז גאר ניט איינגעפאלען, אז מען זאל איהם וועלען אפנארען. ער האט געהייסען דעם יונגען מאן זיצען אין זאל און זיך בעקענען מיט זיין הויז. אליין איז ער ארויסגעגאנגען זעהן, וואס עס הערט זיך אין דרויסען.

קוים איז ער ארויסגעגאנגען, האט דער יונגער מאן זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און א בייזער, ווילדער, אונמענשליכער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפען.

— עס איז געלונגען! האט ער אויסגערופען, ער גלויבט מיר און איך בין בייא איהם.

ער האט זיך דאן ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געפרעגט:

— וואו איז אבער דיא שעהנע אננא, פון וועלכער זיא האט מיר אזוי פיעל דערצעהלט? פאר וואס זעה איך זיא ניט? מען האט מיר צוגעזאגט צו געבען טויזענד גולדען, ווען איך וועל זיא הייראטהען. איך מוז זיא דאך פריהער זעהען, אויב זיא איז ווירקליך שעהן. דאן וואלט עס געווען א גוטעס געשעפט. איך וועל האבען א שעהנע פרוי און געלט. ווען עס וועט מיר ניט געפעלען צו זיין א הענקער, קען איך אנטלויפען. אונגארן איז גרויס און אויף דער פוסטא קען מען ניט אזוי לייכט חאפען א מענשען.— פון וואנען אבער האט דיא אלטע גענומען אזוי פיעל געלד? וואו האט זיא עס גענומען? — זיא איז דורכגעטריעבען. זיא האט ערגעץ א קניפעל מיט געלד. דאס מוז איך געוואהר ווערן.

מיר האבען געהערט, וואס דער יונגער מאן האט דערצעהלט דעם הענקער. דאס איז אבער געווען א ליגען. דיא געשיכטע האט אזוי פאסירט:

אין דער קעניגס שטראסע, עטליכע הונדערט שריט ווייט פון דעם געפענגניס געארגסבורג איז געגאנגען אן אלטע פרוי. פלוצלונג איז פון א הויז ארויסגעשפרונגען א יונגער מאן און איז צוגעלאָפען צו דער אלטער. אין א מינוט איז זיא געלעגען אויף דער ערד מיט א שטריק אויפ'ן האלז.

— רעטעט מיך! — מערדער! האט געשריען דיא אלטע פרוי.

עס זיינען זיך צונויפגעלאפען מענשען. דער יונגער מאן איז אנטלאפען און איז געלאפען גלייך צום הויז, וואו דער הענקער האט געוואהנט.

— חאפט דעם מערדער! אָט איז ער! אט לויפט ער! האט מען געשריען.

דיא גאנצע סצענע איז אבער געווען אזא געשיקט געשפיעלטע קאמעדיע, אז קיינער פון דיא אנוועזענדע האט ניט געוואוסט, וואס דאָ קומט פאָר. פיעלע פון דיא

מענשען, וועלכע זיינען נאכגעלאפען דעם מערדער, האבען עס געטאהן נור צום שפאס. זיי וואלטען איהם געקענט זעהר לייכט חאפען. זיי האבען עס אבער ניט געטאהן. ווען זיי האבען איהם געזעהן ליגען פאר'ן הענקערס טהיר, זיינען זיי געשטאנען פון דער וויטען און זיינען גאר ניט צוגעגאנגען. זיי האבען זיך געמאכט, אז זיי האבען מורא צו צוגעהן צום הענקערס הויז.

דיא אלטע פרוי איז געלעגען איינינע מינוט אויף דער ערד, דאן האט זיא זיך גאנץ רוהיג אויפגעהויבען און איז זיך ארייגגעגאנגען אין דעמזעלבען הויז, פון וואנען דער יונגער מאן איז אויף איהר אנגעפאלען. ווען זיא האט פערמאכט דיא טהיר און האט געזעהן, אז קיינער איז ניטא אין צימער, האט זיא אויסגערופען:

— בראווא, פראנץ! עס איז געלונגען! דוא ביסט א גוטער קאמעדיאנט! ווען דוא וועסט וואהנען ביי איהם עטליכע מאנאטע, וועסט דוא אויספיהרען אלעס. וואס איך האב דיר געהייסען. דוא ביסט א גוטער יונג און פאר א גולדען וועסט דוא אי־בערשניידען דעם גארגעל דיין אייגענע מוטער. אזא איינגעלע דארף איך האבען! ער קען מיר העלפען. ווען מיין גוטער מאן זאל געוועז האבען אזא טהייערן געהילפען, וואלט ער נאך געלעבט ביז היינט.

עס זיינען פערגאנגען א פאר שטונדען, זייט דער יונגער מאן האט זיך געפונען ביים הענקער אין הויז. מיכאאיל האט מיטלייד געהאט מיט איהם און האט געהייסען זיין פרוי איהם געבען עסען.

— דער ארימער מענש איז געווים הונגעריג, האט ער איהר געזאגט.

דער ארימער מענש האט אויך געוויזען, אז ער האט א גאנץ גוטען אפעטיט. ער האט אויפגעגעסען אלעס, וואס מען האט איהם אויפגעגעבען. — נאכ'ן עסען האט איהם מיכאאיל גענומען מיט זיך און האט איהם אנגעהויבען צו ווייזען זיינע אינ־סטרומענטען.

— וויא הייסט דוא, יונגער מאן? האט ער איהם דערביי געפרעגט.

— איך הייס פראנץ, איז געווען דיא אנטווארט.

— אין א קורצע צייט וועלען מיר האבען ארבייט, האט מיכאאיל ווייטער גע־זאגט, וועסט דוא ניט מורא האבען ארויפצוגעהן מיט מיר אויפ'ן עשאפאט און מיר העלפען ביי מיין ניט גאנץ פרעהליכער ארבייט?

— ניין. איך וועל געהן מיט אייך און וועל טאהן, וואס איהר וועט מיר הייסען. האט דער יונגער מאן געענטפערט.

— וועסט דוא זיך ניט דערשרעקען, ווען דוא וועסט דערזעהן, וויא עס גיעסט זיך דאס בלוט פון א מענשען?

— מיר דאכט, אז איך וועל מיך ניט דערשרעקען.

מיכאאיל איז צוואר געווען ניט שטארק צופריעדען פון דיא אנטווארטען פון זיין נייעם געהילפען, ער האט איהם אבער געדארפט האבען. עס האט איהם געפעהלט א מענש. אזוי וויא ער איז אזוי געשטאנען און האט געטראכט, האט ער געהערט דאס פאסט־הארן פייפען פאר זיין טהיר. דער פאסטאליאן האט געבראכט א בריעף און האט איהם גערופען, ער זאל געהן איהם נעהמען.

מיכאאיל איז ארויסגעלאפען און האט צונענומען דעם בריעף. ער איז געוועזן פון ראזענוי. ער האט איהם באלד אויפגעריסען און האט איבערגעלעזען פאלגענדעס:

„עלוירא פאן טאקקי איז פערלאבט מיט גראף מאקס פאן ראדעצקי. אזוי זיינען דיא פרויען. ביי זיי איז אלעס רעכט, א לייב אדער א קאץ. זייער באראקטער איז דער ווינד: אט וועהט ער פון אסטען (מזרח) און אט וועהט ער פון וועסטען (מעריב).“

— עס איז אזוי, האט מיכאאיל געזאגט און האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ.

## 12טער קאפיטעל.

# דיא לעצטע נאכט.

עס איז אום ניין אוהר אבענדס. אין ארטהורס אריםעס און טרויעריגעס קעמעריל איז אריינגעקומען איינער פון זיינע ריכטער.

— וואס מאכט איהר, הערר פאן באטהיאני?

ארטהור האט געשוויעגען.

— עס איז געקומען דיא צייט, האט דער ריכטער געזאגט, מארגען וועט דאס אורטהייל אויסגעפיהרט ווערן.

ארטהור האט געשוויעגען. ער האט עס געוואוסט. ער האט עס ערווארטעט. וואס האט ער געהאט צו רעדען?

— פערלאנגט איהר נאך עפעס?

— איך פערלאנג גאר נישט.

— פערלאנגט איהר ניט, אז א גייסטליכער זאל קומען צו אייך?

— איך פערלאנג גאר נישט.

— דאן מוזט איהר זיין פארבערייטעט צו עמפפאנגען דעם הענקער. ער וועט אייך אוועקפיהרען אין א בעזונדער צימעריל, וואו דיא פעראורטהיילטע פערברייגגען דיא לעצטע נאכט פון זייער לעבען.

דער ריכטער האט מעהר ניט גערעדט און איז אוועקגעגאנגען. פיעלע פון מיינע לעזער וועלען זיך וואונדערן איבער דיעזעס גראבע, ווילדע און אונמענשליכע בעהאנדלונג. פיעלע וועלען פרעגען, צו וואס איז דער ריכטער דען געקומען? וואס האט ער דען געדארפט מעלדען ארטהור'ן? צו וואס איז געוועזן דיא גאנצע ווילדע צערעמאניע?

מען מוז קענען יענע ווילדע צייט. מען מוז וויסען, אז דאמאלס זיינען דיא מענשען געוועזן אזוי גראב און אזוי ווילד, אז מיר האבען דערפון גאר קיין בעגריעף ניט. פיעלע זאכען קומען אונז יעצט פאר זעהר פרעמד; מיר גלויבען גאר ניט, אז עס איז אמאל אזוי געוועזן. עס איז אבער דאך וואהר. אזוי האבען דיא מענשען דאמאלס געלעבט, אזוי האבען זיי דאמאלס געדענקט און אזוי האבען זיי דאמאלס געווירקט און געהאנדעלט.

דער ריכטער איז אוועקגעגאנגען פון ארטהור'ס קעמעריל און איז אריינגעקומען צום הענקער, מיט איהם איז געגאנגען דער ערשטער אינספעקטאר פון געפענגניס.

ביידע מענער האבען זיך אומגעקוקט אין צימער און האבען דערזעהן אננא'ן. זיי האבען א ווינק געטאהן מיכאאילן, אז זיי דארפען מיט איהם רעדען גאנץ אליין.

מיכאאיל האט געגעבען זיין טאכטער א ווינק, אז זיא זאל ארויסגעהן אין איהר צימער. ווען ער איז געבליבען מיט זיינע געסט אליין, האט ער זיך צו זיי געווענדעט און האט זיי געפרעגט:

— נו, מיינע הערען, וואס ווילט איהר מיר בעפעהלען?

— אין צוויא שטונדען ארום דארפט איהר זיין אין געפענגניס, דארט איבערנעהמען א פערברעכער און איהם אוועקפיהרען אין דער טויטענקאמער. קיים וועט איהר איהם איבערנעהמען, געהערט ער שוין אייך. איהר זייט דאמאלס פעראנטווארטליך פאר איהם.

— ווער איז דער פערברעכער? האט מיכאאיל געפרעגט.

— דער געוועזענער באראן פאן באטהיאני.

מיכאאיל איז געווארען בלייך און האט א ציטער געטאהן.

— וויא דארף ער שטארבען? האט ער געפרעגט.

— דאס אורטהייל זאגט, מען זאל איהם אויפהענגען.

— דאן וועל איך ניט דארפען קיין געהילפען, האט מיכאאיל געברומט, דאן וועל איך קענען אויספיהרען דעם אורטהייל אליין.

— איהר וועט מוזען אריינקומען אין געפענגניס דורך דיא געהיימע טהיר, צו וועלכער איך האב אייך געגעבען דעם שליסעל. דיעזע טהיר ווערט געעפענט נור דאן, ווען מען דארף אויספיהרען א טאדעס אורטהייל. — איהר וועט עפענען דיא געהיימע טהיר און וועט אריינגעהן אין א לאנגען, דונקעלן גאנג און וועט געהן אזוי לאנג, ביז איהר וועט קומען צו עטליכע טרעפ. דיעזע טרעפ פיהרען צו דער טויטענקאמער. אזוי וויא איהר זייט א נייער מענש, וועט איהר גוט בעטראכטען דיעזעס צימער. פון דארט פיהרט א לאנגער קארידאר צום געפענגניס. ווען איהר וועט דורכגעהן דיעזען קארידאר וועט איהר בעגעגענען דיא וואך. זיא וועט אייך שוין זאגען, וואוהין איהר זאלט געהן ווייטער, ביז איהר וועט קומען צום ארט, וואו מען וועט אייך איבערגעבען דעם פערורטהיילטען.

— וואס האב איך דאן צו טאהן מיט'ן פעראורטהיילטען?

— איהר דארפט איהם אריינפיהרען אין דער טויטענקאמער און איהם דארט פערשליעסען. מארגען אין דער פריה וועט אייך דאס געריכט צושיקען א בעפעהל, ווען איהר זאלט אויפהענגען דעם פעראורטהיילטען און וויא איהר זאלט איהם אויפהענגען: עפענטליך אדער שטילערהייט אין טויטענקאמער.

— ווען מען זאל איהם אויפהענגען עפענטליך, מוז איך דאך חייסען אויפשטעלען דעם עשאפאט.

— מען וועט אייך שוין דאריבער צושיקען א עקסטרא בעפעהל.

— איך בין נאך א נייער מענש, האט מיכאאיל בעמערקט, דיא געזעצע מיט דיא קאמערן זיינען מיר נאך ניט בעקאנט.

— איך וועל מוזען אייך א יספיהרען אומעדום און אייך אלעס ווייזען, האט דער

אינספעקטאָר פון געפענגניס געזאגט. — האט איהר ביי זיך דעם שליסעל צו דער געהיימען טהיר?

— איך טהו, וויא איהר האט מיר אנגעזאגט: איך טראג דעם שליסעל שטענ־דיג ביי מיר.

— גיט איהם אהער.

מיכאאיל האט איהם דערלאנגט דעם שליעסעל. ער האט פערשטאנען, אז דאס פּראָבירט מען איהם. מען וויל זעהן, אויב ער פאלגט אויס, וואס מען הייסט איהם.

— איך האב דאָ מעהר ניט וואס צו טאהן, האט דער ריכטער געזאגט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

מיכאאיל מיט'ן געפענגניס אינספעקטאר זיינען יעצט צוגעגאנגען צו דער געהיי־מער טהיר. דער אינספעקטאר האט זיא געעפענט און ביידע מענער זיינען אריינגע־גאנגען אין געהיימען גאנג.

קוים זיינען ביידע מענער ארויסגעגאנגען דורך דיא געהיימע טהיר, איז אננא ארויסגעלאפען פון איהר צימעריל. דיא וועגטלעך פון איהר צימעריל זיינען געווען גאנץ דין און זיא האט געהערט אלעס, וואס מען האט גערעדט.

— אך, גאט! האט זיא אויסגערופען, איך האב אלעס געהערט. איך וויים שוין אלעס. — וואס טהוט מען? וויא אזוי רעטעט מען איהם? — מען פיהרט איהם שוין אוועק אין טויטענקאמער. — באלד וועט שוין זיין אלעס פערלאָרען. — דער געהיימער גאנג? — דער שליעסעל? — וואו נעהמט מען דעם שליעסעל? — יא, מיט'ן שליסעל וואלט מען איהם געקענט רעטען. — דאס איז דער איינציגער וועג. — איך בין דאך אבער אליין! וואס קען איך טאהן איינע אליין? איך בין דאך נור א שוואכעס מערכען. גיב מיר קראפט, גאט אין הימעל! אויסצופיהרען מיין פּלאן! גיב מיר מוטה צו רעטען אן אונשולדיגען מענשען פון א שענדליכען טויט.

אונטערדעססען איז מיכאאיל מיט זיין פיהרער געגאנגען אין געהיימען גאנג. זיי האבען מיטגענומען א ליכט און דער אינספעקטאָר האט איהם ארומגעפיהרט און אלעס אויסגעוויעזען. ענדליך זיינען זיי אנגעקומען אין טויטענקאמער.

דאס איז געווען א גרויסער רונדער צימער מיט גראבע ווענד. דער באָדען איז געווען אויסגעפלאסטערט מיט גרויסע פיערעקיגע שטיינער. אויפ'ן ערשטען בליק האט מען אין דיעזען צימער גאר ניט געזעהן קיין בעזאנדערעס. דאס איז געווען א צימער גלייך וויא אלע. מיכאאיל האט אנפאנגס ניט פערשטאנען, פאר וואס מען רופט עס דיא טויטענקאמער. דער אינספעקטאָר אבער האט עס איהם ערקלערט.

— זעהט איהר אויבען אין געוועלב א גרויסען אייזערנעם רינג? — צו דיעזען רינג ווערט צוגעבונדען דער שטריק, אויף וועלכען מען הענגט אויף דעם פערברעכער.

— דאס פערשטעה איך.

— איהר פערשטעהט נאך גאר ניט, ווייל איהר זייט נאך ניט בעקאנט מיט דיעזען צימער, האט דער אינספעקטאר בעמערקט.

ער האט געהייסען מיכאאיל'ן אפטרעטען איינ'גע שריט. ווען מיכאאיל האט געפאלגט און איז אפגעטרעטען אן א זייט, האט דער אינספעקטאר א קוועטש

געטאהן א קליין שטיינדעלע, וועלכעס איז געליגען איינגעפאסט צווישען דיא גרויסע שטיינער פון פוסבאָדען. — א גרויסער, פיערעקיגער שטיין איז אראפגעפאלען עס האט זיך געעפנעט א פיערעקיגע טהיער און מיכאאיל האט געזעהן מיט שטוינען און מיט שרעק, וויא אונטען האבען גערוישט דיא קלארע וואססער פון דער בלויער דאָנוי.

— זעהט איהר, אז איהר קענט נאך ניט דיא געהיימניסע פון דיעזער קאמער? האט דער אינספעקטאר געזאגט. — ווען מען דארף טייטען דעם פערברעכער שטילער הייט, שטעלט מען איהם ארויף גראדע אויף דיעזען שטיין. ער איז לייכט צו דער־קענען, וויל אלע שטיינער ארום זיינען גרויע און דיעזער איז שווארץ. ווען דער פער־אורטהיילטער שטעהט אויף דיעזען שטיין, טהוט מען איחם אן דעם שטריק אויפ׳ן האלז און מען גיט א קוועטש דיעזעס קליינע שטיינדעלע. דער שווארצע שטיין לאזט זיך אראפ און דער פעראורטהיילטער בלייבט הענגען.

אין דיא אלטע צייטען פלעגט מען דיא פערברעכער געגען דער רעגיערונג טייטען אויף דיעזער ארט. ווען זיי פלעגען שוין זיין טויט, פלעגט מען אפשניידען דעם שטריק און דער קערפער פלעגט אראפפאלען אין דער דאנוי.

מיכאאיל איז געשטאנען, וויא א צומישטער. דיעזע ארט צו הענגען א מענשען איז פאר איהם געווען גאנץ ניי. ער איז נאך צו איהר ניט געווען געוואינט.

— דאס איז זאָנדערבאר! האט ער אויסגערופען. דאס איז ביי מיר א נייעס! איך וויס, אז מען שטעלט אויף אן עשאפאט און מען הענגט אויף דעם פערברעכער אויפ׳ן גאלגען.

— דיא מענשען זיינען קלוג, זיי האבען אויסגעטראכט אלערליי מיטעל און וועגען, וויא צו טייטען איינער דעם אנדערן, האט דער אינספעקטאר געענטפערט ערנסט. — אין אלטען גריעכענלאנד פלעגט מען טייטען דיא פעראורטהיילטע דורך גיפט, וועלכעס מען פלעגט מאכען פון דיא בלעטער פון דעם גיפטיגען ביימעלע, בעל־לאדאָנא. אין רוים פלעגט מען אריינווארפען דיא פעראורטהיילטע אין א שטייג פון הונגעריגע לייבען און טיגערן. אין שפאניען פערברענט מען. אין פראנקרייך האקט מען אראָפ דעם קאָפ. ביי אונז טהוט מען אלעס וואס מען קען.

מיכאאיל האט געשוויגען. דער אינספעקטאר האט איהם געגעבען א לעקציאָן אין זיין קונסט.

— יעצט פראָבירט איהר אליין עפענען און פערשליסען דיעזען שטיין, האט דער אינספעקטאר געזאגט.

מיכאאיל האט איהם געפאלגט. דיא געהיימע קלאפע האט זיך געעפענט און פערשלאָסען זעהר לייכט.

— יעצט ווייסט איהר שוין אלעס, האט איהם דער אינספעקטאר געזאגט, יעצט קומט מיט מיר. איך וועל אייך איבערגעבען דעם פעראורטהיילטען.

ביידע מענער זיינען ארויסגעגאנגען פון דער טויטען־קאמער און זיינען געגאנגען דורך א לאנגען קארידאר.

— דיעזען קארידאר רופט מען דעם טויטען־גאנג, האט דער אינספעקטאר גע־

זאנט, דורך דיעזען קארידאר פיהרט מען נור דיא פערברעכער, וועלכע זיינען פעראורטהיילט צום טויט.

מיכאאיל איז געגאנגען דעם קאָפּ אראפּגעלאזען, טרויעריג און פערטראכט. אין דער גאנצער צייט, וואס זיי זיינען געגאנגען אין קארידאר, האט ער ניט גערעדט א ווארט. ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צום קעמעריל, וואו ארטהור איז געווען פערשפארט. דער אינספּעקטאר האט אויפגעשלאָסען דיא טהיר, און ביידע מענער זיינען אריינגעקומען.

ארטהור איז געלעגען אויף זיין געלעגער, ער איז אבער ניט געשלאפען. קוים האט ער דערהערט, אז מענשען זיינען אריינגעקומען צו איהם אין קעמעריל, האט ער זיך אויפגעהויבען אויף זיין געלעגער. ער האט דערזעהן מיכאאילן. ביידע בעקאנטע האבען זיך אנגעקוקט אייניגע מינוט. קיינער האט געקענט ארויסרעדען א ווארט. דער שטארקער מיכאאיל, דער הענקער, דער מענש, וועלכער האט שוין געטייטעט אזוי פיעל מענשען רוהיג, קאלטבלוטיג און איבערלעגט, איז יעצט געשטאנען, וויא פערשטיינערט. עס האט איהם געריסען דאס הערץ ביים איינציגען געדאנק, אז ער מוז טייטען דיעזען מענשען, וועלכען ער האט ליעב געקראגען.

צו זיין גרויסען ערשטוינען אבער האט ער בעמערקט, אז ארטהור איז גאנץ רוהיג און געפאסט.

— איך וויים, צו וואס איהר זייט געקומען אהער, מיכאאיל, האט ארטהור געזאגט. דיא מענשליכע גערעכטיגקייט ניט מיך איבער צו אייך.

— יא, מיין העררר, מען האט מיר געהייסען אייך פיהרען אין אנאנדער צימער. ער האט ניט געוואלט זאגען, אז ער וויל איהם פיהרען אין דיא טויטענקאמער.

— איך בין בערייט צו געהן מיט אייך, מיכאאיל, האט ארטהור געזאגט רוהיג. גלויבט איהר אבער, מיכאאיל, אז איך בין שולדיג?

— ניין, בארא̈ן פאָן באטהיאני! איך בין איבערצייגט, אז איהר זייט אונשולדיג.

— און דענאך ווילט איהר מיך טויטען?

— וואס קען איך העלפען? איך מוז פאלגען, וואס מען הייסט מיר.

— האט איהר שוין א בעפעהל פון'ם געריכט?

— נאך ניט.

— מיר ערווארטען דיעזען בעפעהל, האט דער אינספּעקטאר זיך אריינגעמישט ער וועט געוויס מארגען אין דער פריה אנקומען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער א וויִנק געטאהן דעם הענקער, ער זאל אפּטאהן זיין ארבייט שנעל און איז ארויסגעגאנגען פון קעמעריל. ער האט איבערגעגעבען דעם פעראורטהיילטען אין דיא הענד פון'ם הענקער, דערמיט האט ער אפּגעטאהן זיין ארבייט.

ארטהור און מיכאאיל זיינען יעצט געבליבען אליין.

— אך! האט געזיפצט מיכאאיל, דיא צייטען ענדערן זיך. ערשט ניט לאנג האט איך יענע דאמע בעפרייט פון מיינע הענד; יעצט האט אייך דאס שיקזאל ווידער געבראכט צו מיר, לײדער אין א פיעל ערגערע און פיעל טרויעריגערע לאגע.

— ניין, מיכאאיל! מיין איצטיגע לאגע איז ניט ערגער. וואס איז שטארבען? — איינינע מינוטען ליידען און איך וועל שוין רוהיג זיין אויף אייביג. דאמאלס איז מיר שלעכט געווען. דאמאלס, ווען איך האב געמוזט לעבען און טאהן זאכען, וואס איך האב ניט געוואלט. — דאמאלס האב איך געליטען.

— געדענקט איהר, וואס איך האב אייך אמאל געזאגט? האט מיכאאיל גע־פרעגט, טויטעט דיא מענשען! האקט זיי אפ דיא קעפ! ווען ניט, וועלען זיי עס אייך טאהן.

— איך געדענק עס, מיכאאיל. איהר זייט א שרעקליכער פראפעט. אייער נבואה איז מקוים געווארען.

— עס דאכט זיך אייך נור, אז איך בין שרעקליך, האט מיכאאיל זיך פער־טהיידיגט. איך בין עס ניט. איך בין פיעל מילדער און פיעל ווייכער, וויא איהר דענקט.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך ווייס ניט, וואס מיט מיר איז געשעהן. איך פיהל עפעס היינט, וואס איך האב שוין ניט געפיהלט זייט לאנגע, לאנגע יאהרען.

— וואס פיהלט איהר דען?

— איך פיהל מיטלייד.

— איך דאנק אייך, מיכאאיל, פאר אייער מיטלייד צו מיר. איהר דארפט עס אבער ניט פיהלען. דיעזעס געפיהל איז געגען אייער האנדווערק.

— איך ווייס ניט, אויב עס איז געגען מיין הערץ.

— לאמיר דערפון מעהר ניט רעדען. זאגט מיר ליעבער, וואס מאכט אננא?

— זיא איז געזונד, אבער זעהר טרויעריג און זעהר ניעדערגעשלאגען איבער אייער שיקזאל.

— גריסט זיא פון מיר, זאגט איהר, אז איך דאנק איהר זעהר פאר איהר פריינדליבקייט.

— איך וועל עס איהר איבערגעבען, האט מיכאאיל געזאגט, — אבער מיר מוזען געהן.

— איך ווייס עס, איהר האט רעכט.

— אלזא, לאמיר געהן.

ארטהור האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען מיט מיכאאילן. אין איינינע מינוט זיינען זיי געווען אין דער טויטענקאמער.

— ווען וועט איהר קומען מיך טויטען? האט ארטהור געפרעגט.

— איהר ווייסט דאך, פריינד, אז איך טהו נור, וואס מען הייסט מיר. איך בין נור א מאשין אין דיא הענד פון דיא ריכטער.

— איך ווייס עס, מיכאאיל, איך ווייס עס. איך פרעג נור, ווען איהר וועט קומען.

— איך בין נאך ניט גוט בעקאנט מיט דער ארדנונג אין בודאפעסט, האט מיכאאיל געענטפערט, וואהרשיינליך וועל איך קומען מארגען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון דער טויטענקאמער.

## 13טער קאפיטעל.

# דיא ביינער פון'ם קינד.

סטאסא האט געהאלטען ווארט. אבענדס דעמזעלבען טאג איז זיא געקומען צום אדוואקאט געוואהר ווערן, אויב ער האט געשיקט א מענשען צום גראף מעראס און וואס דארט טהוט זיך.

— איך האב דיר צוליעב געטאהן, סטאסא און האב געשיקט א מענשען.

— נון, וואס דערצעהלט ער? וואס טהוט זיך ביים גראף?

— גראף מעראס איז שטארק אויפגערעגט. ער געהט ארום אין זיין צימער ווייא א וואהנזיניגער.

— וואס הערט זיך אבער מיט דיא ביינער פון'ם קינד?

— ער האט געהייסען זיי בעגראבען מיט גרויס צערעמאָניע אין זיין פאמיליען גראב.

— אזוי? האט סטאסא אויסגערופען פול פרייד. — דאס איז רעכט!

דער אדוואקאט האט איהר געקוקט אייניגע צייט גלייך אין דיא אויגען. עס איז געוועז דייטליך, אז ער וויל אויספארשען, וואס עס טהוט זיך אין דיעזער שווארצער זעעלע. ענדליך האט ער געזאגט:

— איך וויל אייך עפעס בעטען, סטאסא.

— וואס ווינשט איהר, הערר אדוואקאט?

— איך וויל ניט, אז דיא ביינער זאלען ליעגען אין פאמיליען גראב פון גראף מעראס. איך וויל, אז זיי זאלען ערגעץ פערשוואונדען ווערען.

— איך פערשטעה אייך, הערר אדוואקאט. איהר ווילט, אז יעדע שפור פון דער אלטער געשיכטע זאל פערשווינדען פון דער וועלט. איהר ווילט, אז דאס אלטע, פערגאנגענע זאל מעהר ניט פארקומען.

דער אדוואקאט האט געמאכט א צייכען מיט'ן קאפ, אז ער וויל עס ווירקליך.

— פאר וואס זייט איהר אזוי אונרוהיג, הערר אדוואקאט? עס איז דאך אן אלטע געשיכטע און איהר זעהט דאך, אז דער גראף גלויבט אונז.

— איך וויל ניט — איך האב מורא, — עס דאכט מיר, אז דיעזע אלטע געשיכטע קען נאך אמאל ארויפשווימען און אונז מאכען אונאנגענעהמליכקייטען. עס איז פיעל גלייכער, אז דיא גאנצע געשיכטע זאל פערניכטעט ווערן און פון איהר זאל קיין שפור מעהר ניט בלייבען.

סטאסא האט זיך צולאכט.

— וואס קענען דען בעווייזען טרוקענע ביינער? האט זיא געפרעגט. — קען מען דען בעווייזען, אז דאס זיינען ווירקליך דיא ביינער פון יענעם קינד?

— איך בין שוין מעהר אלס צוואנציג יאהר אדוואקאט, האט נאוואק געזאגט, איך האב שוין גענוג איבערגעזעהן און גענוג איבערגעהערט אין מיין לעבען. קיין מאָרד ווערט ניט פערשוויעגען. ער מוז אמאל ארויסקומען. עס קענען פערגעהן יאהרען און מען זאל ניט וויסען, ווער עס האט עס געמאכט, אם ענדע מוז פארקומען א צופאל.

דורך וועלכען דיא וואהרהייט שווימט ארויף, וויא ביימעל אויפ'ן וואסער. אויך דיעזע געשיכטע איז שוין דאכט זיך געוועזען אין גאנצען פערגעסען. פלוצלונג האסט דוא זיא אויסגעגראבען. איך וויל ניט וויסען, צו וואס דוא האסט עס געטאהן; איך וויל אבער ניט, אז דיא ביינער זאלען זיך ערגעץ געפינען.

— איך האב גאר ניט געוואוסט, אז איהר האט אזוי שטארק מורא פאר טויטע, האט סטאסא געלאכט. וואס זאל איך אבער טאהן מיט זיי?

— איך וויל, אז דוא זאלסט אויסגראבען דיא ביינער פון גראף'ס פאמיליען גראב און זאלסט זיי אוועקנעהמען צו זיך אהיים, אין דיינע בערג, ערגעץ ווייט פון דאנען.

— איהר זייט א זאנדערבארער מענש, העררר אדוואקאט! ווייסט איהר דען ניט ארויסגנבענען א טויטען איז א גרויס תערברעכען? ווייסט איהר דען ניט, אז אונזערע געזעצע בעשטראפען זעהר שטרענג אזא פערברעכען? — אבער איך וועל עס אייך צוליעב טאהן. איך וועל ארויסנעהמען דיא ביינער. וואס איך וועל טאהן מיט זיי, איז מיין זאך. איהר וועט מיר נור געבען עפעס געלד אויף קליינע אויסגאבען.

דער אדוואקאט איז צוגעגאנגען צו זיין קאסא קאסטען, האט ארויסגענומען א פעקל געלד און האט איהר דערלאנגט. סטאסא האט צוגענומען דאס געלד און האט איהם געזאגט:

— גוט נאכט, העררר אדוואקאט!

נאוואק איז געבליעבען אליין. ער האט זיך ווידער געזעצט לעבען זיין שרייבטיש און האט זיך פערטראכט. סטאסא איז איהם ניט געפעלען. זיא פלעגט שטענדיג ציטערן פאר איהם; זיא פלעגט קיין מאל ניט וואגען ארויסצוזאגען א הויך וואָרט ביי איהם אין שטוב. זיא פלעגט שטענדיג שטעהן פאר איהם, וויא א ניעדריגע דיענסט און פלעגט ציטערן פאר זיין ווינק, — יעצט אבער רעדט זיא אזוי שטאלץ מיט איהם און ערלויבט זיך זאגאר צו שפאסען און צו זאגען איהם שטעכווערטליך.

— וואס האב איך געטאהן? האט ער געברומט און געבראכען דיא הענט פאר פערדרוס. פאר וואס האב איך מיך אריינגעלאזען אין אזא געפעהרליכע געשיכטע מיט דיעזער פרוי? — צו וואס האב איך עס גאר אנגעהויבען? — וואס האב איך זיכער געקענט מאכען? איך האב געדארפט האבען א מאשין, אן אינסטרומענט, וועלכעס זאל אויספיהרען מיין פלאן. דורך דיעזען פלאן בין איך רייך געווארען. דורך דיעזען פלאן האב איך בעקומען געלד. — וואס טויג דען עהרע, בעריהמהייט און אלע גליקען פון דער וועלט אהן געלד? — דער באראן פאן באטהיאני האט געהאט זעהר פיעל עהרע. ער איז געוועזען זעהר בעריהמט. אלע האבען געזאגט, אז ער איז גליקליך. — וואס איז ער אבער יעצט? וואלט ער געוועזען רייך, וואלט עס ניט געקומען דערצו.

ער האט זיך ווידער פארטראכט. דונקעלע, שווארצע, פינסטערע בילדער פון אלעס, וואס ער האט איבערגעטאהן אין זיין לעבען, האבען זיך איהם פארגעשטעלט אין שרעקליכע, אבשייליכע, ווילדע געשטאלטען. פלוצלונג האט ער א מאך געטאהן מיט דער האנד.

— איך האב קיין מורא ניט! האט ער אויסגערופען, קיינער וועט מיר ניט אריינקוקען אין דיא קארטען. איך האב גאר נישט געטאהן. איך האב פאפיערען און דאקומענטע, אז איך וויים פון גאר נישט. ביי מיר קען מען גאר נישט געפינען. איך קען אויפטרעטען פריי און אפען פאר דער וועלט און זאגען, אז איך בין אונשולדיג. — לאז נור י ע נ ע ר שטארבען, לאז נור געארג פאן טאקקי פערשווינדען און איך בין איינער פון דיא רייכסטע מענער אין בודאפעסט. — דעם באראן פאן באטהיאני וועט מען אויפהענגען אהן מיר. איך וועל פאהרען קיין ראזענוי און וועל מיך זעהן מיט'ן באראן נאני. מיט איהם מוז איך נאך איבעררעדען. ער איז א קלוגער מענש און מירביידע דארפען זיך בעסער פערשטעהן.

ער איז געוואהרען פרעהליכער און האט זיך גענומען צו זיינע פאפיערע.

דעם אנדערן טאג האט גראף מעראס געהייסען איינשפאנען זיין קארעטע, צוויי דיענער האבען ארויסגעטראגען א לאנגען זארג (טוטען קאסטען) פון ראזענהאָלץ איינגעהילט אין א שווארצער דעק און האבען איהם ארויפגעשטעלט אויף דער קארעטע. דער גראף האט געהייסען זיינע צווייא דיענער, זיי זאללען זיך זעצען פון הינטען. ער אליין האט זיך געזעצט לעבען זארג און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אויפ'ן בעערדיגונגס פלאץ סאנקט־געארג.

ווען דיא קארעטע איז אנגעקומען אויפ'ן בעערדיגונגס פלאץ, האט דער גראף געהייסען זיינע דיענער אראפ טראגען דעם זארג אין קעלער, וואו זיין פרוי איז געווען בעגראבען. ערשט יעצט האט מען געקענט זעהן, אז אויפ'ן זארג איז געווען אנגעשריעבען: „מיין געליעבטע טאכטער אדעלע. פערקלאג דיינע מערדער פאר גאט!“

דיא דיענער האבען אניעדערגעשטעלט דעם קליינעם זארג אין א נישע, אן עפענונג אין דער מויער. דער גראף האט זיי געגעבען א ווינק, זיי זאלען אוועק געהן. ווען ער איז געבליעבען אליין, איז ער געפאלען אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו בעטען:

— רוהט אין פריעדען, מיינע טהייערע, מיינע געליעבטע! באלד וועט אייער פאטער קומען צו אייך. באלד וועלען מיר זיך פעראייניגען אויף עוויג!

ער האט אנגעשפארט דעם קאפ אן דעם גראב פון זיין פרוי און זיין קינד און האט געוויינט. ענדליך האט ער זיך אויפגעהויבען און איז ארויסגעגאנגען פון זיין פאמיליען גראב. ער איז געווען אזוי פערטרויערט, אז ער האט פערגעסען צו פערשליעסען דיא טהיר.

קוים איז ער אוועק געגאנגען פון בעערדיגונגס פלאץ, איז פון אונטער דיא ביימער ארויסגעגאנגען סטאסא. זיא איז צוגעקומען צום פאמיליען גראב און האט דערזעהן, אז ער איז ניט פערשלאסען.

— דאס איז רעכט! דאס איז גוט! האט זיא אויסגערופען און איז אראפגעגאנגען אין קעלער. זיא איז צוגעקומען צו דער נישע, וואו דער קליינער זארג איז געשטאנען.

— אזוי! דא ביסט דוא? האט זיא אויסגערופען. — ניין! דא דארפסט דא

ניט בלייבען. הערר נאוואק וויל ניט, אז דוא זאלסט דא בלייבען. איך וועל דיך מיטנעהמען מיט מיר. וואוהין? דאס דארף ער ניט וויסען.

זיא האט געחאפט דעם קליינען זארג, האט איהם ארויסגעשלעפט פון דער נישע און האט אנגעהויבען ארויפצוגעהן דיא טרעפ פון דעם פאמיליעבעגרעבניס. אין דיעזע מינוט איז איהר אנגעקומען א מאן ענטגעגען.

— מיר דאכט, אז דאס איז דער טויטענגרעבער, האט זיא געזאגט, און איז צוריק געלאפען אין קעלער.

עס איז שוין אבער געוועזען צו שפעט. דער מאן האט דערזעהן, אז זיא טראגט עפעס אונטערן ארים און האט פערשטאנען, אז זיא האט דא עפעס געגנבעט. ער איז איהר נאכגעלויפען און האט זיא געחאפט מיט'ן זארג אין דער האנד.

— ווער ביסט דוא? וואס האסט דוא געטאהן? האט ער אויסגערופען.

— ווילסט דוא לעבען, דאן לאז מיך געהן, האט איהם סטאסא געענטפערט.

— אונגליקליכע! דוא האסט ארויסגעגנבעט דעם קליינעם זארג פון גראף מעראס טאכטער! — איך ארעסטיר דיך! איך וועל דיך איבערגעבען דער פאליצייא.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיא אנגעחאפט ביי דיא פלייצעס און האט געוואלט זיא ארויסשלעפען פון'ם קעלער. סטאסא האט אראפגעווארפען דעם זארג. האט ארויסגעחאפט פון א קעשענע א קליין פלעשעלע און האט עס אויסגעגאסען דעם מאן אין געזיכט. ער האט זיא באלד אפגעלאזען, האט זיך אהאפ געטאהן מיט ביידע הענד ביים קאפ און האט אנגעהויבען צו שרייען:

— מיינע אויגען! מיינע אויגען! — רעטעט! העלפט!

— שרייסט אומזיסט! האט סטאסא געענטפערט, דוא וועסט שוין קיין מאל ניט זעהן דיא ליכט פון'ם העלען טאג. — איך האב דיך געבעטען, זאלסט מיך לאזען געהן, דוא האסט ניט געוואלט, יעצט האסט דוא דיין לוין!

זיא האט געחאפט דעם קליינעם זארג און איז לאנגזאם ארויפגעגאנגען דיא טרעפ פון'ם קעלער, זיא איז געוועזען זיכער, אז איידער מענשען וועלען אנקומען, וועט זיא שוין זיין ערגעץ גאנץ ווייט.

זיא האט עס גאנץ ריכטיג בערעכענט. דער אונגליקליכער איז געבליעבען ליעגען אין קעלער און האט זיך געקייקעלט אין זיין שמערץ. עס זיינען פערגאנגען אייניגע שטונדען, ביז עס זיינען אנגעקומען מענשען און מען האט איהם ארויסגעטראגען פון'ם קעלער. זיין גאנצעס געזיכט איז געוועזען פערברענט, זיינע אויגען אויסגערונען. ער איז געבליעבען בלינד אויף עוויג.

דעם אנדערן טאג איז גראף מעראס געוואהר געווארען, וואס עס האט פאסירט אויפ'ן בעערדיגונגספלאץ סאנקט געארג, ער האט אויפגעפאדערט דיא גאנצע פאליציי פון בודאפעסט, זיא זאל אויסגעפינען דעם פערברעכער. דיא פאליציי האט געטהאן אלעס, וואס זיא האט נור געקענט, אבער אומזיסט! זיא האט גאר ניט אויסגעפונען.

---

## 16טער קאפיטעל.

# פרייד און לייד.

אין שלאָס ראדעצקי איז מען פרעהליך און לוסטיג, יעדען טאג איז אנאנדערע פרייד, מען גיט אבענדע, בעלער און קאָנצערטע, אלע נאכבארען, אלע עדעללייט פון דער געגענד ארום זיינען איינגעלאדען אויף דיעזע פרעהליכקייטען און אויף דיעזע אבענדע. מען עסט, מען טרינקט, מען שפיעלט און מען זינגט דורך דיא טעג און דורך דיא נעכט. ווין גיעסט זיך, וויא וואסער, פרעהליכע שטימען זינגען און קלינגע אין דיא פרישע ריינע לופט.

אויך עלווירא און איהר מוטער האבען זעהר אָפט געמוזט קומען אויף דיעזע פרעהליכע אבענדע. עלווירא איז געבליעבען דיעזעלבע. אמאל פלעגט זיא זיך צולאכען און פלעגט זיין אויסגעלאזען פרעהליך, אז אלע פלעגען זיך וואונדערן און פלעגען ניט קענען פערשטעהן, וואס מיט איהר איז געשעהן. פלוצלונג אבער פלעגט זיא ווערן טרויעריג און פלעגט אנהויבען שרעקליך צו וויינען. זיא פלעגט וועניג רעדען מיט דיא געסט, פלעגט זיך שטענדיג האלטען אהן א זייט און פלעגט יעדען אויסוויכען.

מאקס האט פיעל מאל פראבירט רעדען מיט איהר, וויא א ברויטיגאם רעדט מיט זיין בראוט, אבער אויך מיט איהם פלעגט זיא רעדען אונגערן און פלעגט איהם ענטפערן איין ווארט איבער צעהן. אפט פלעגט ער נעהמען איהר האנד, זיא פלעגט אבער א ציטער טאהן און פלעגט אויסרייסען דיא האנד פון איהם. מאקס פלעגט זיין פערצווייפעלט. ער האט ניט געוואוסט, וויא זיך צו האלטען מיט איהר און וויא צו רעדען מיט איהר.

איין אבענד, ווען דער שלאס ראדעצק איז געוועזען העל בעלייכטעט און דיא פרעהליכע שטימען איגעוועניג האבען פערהילכט דיא גאנצע געגענד ארום, איז אין דרויסען אויפ'ן בערגעל צווישען דיא בוימער געשטאנען אן אלטער מאן און האט געזיפצט שטילערהייט.

— גרויסער גאט אין הימעל! דוא זעהסט אלעס, ווייסט פון אלעס און דאך ערלויבסט דוא אלעס? פאר וואס זאל ניט איינפאלען דער דאך איבער זיי? פאר וואס זאל זיך ניט עפענען דיא ערד אונטער זיי און זאל זיי ניט אלע פערשלינגען? האט דער אלטער מאן געיאמערט. — דער זוהן עסט, טרינקט און איז פרעהליך מיט זיינע געסט אין דער צייט, וואס דער פאטער לעבט אין עלענד און נויט און האט ניט, וואו דעם קאפ אניעדערצולעגען! — איך גלויב ניט, אז עס זאל ווייטער אזוי געהן. דיא מענשען זיינען דאך ניט, וויא דיא פיש אין מעער, וויא דיא ווערים אין דער ערד. עס מוז קומען דער טאג פון ראכע, דער טאג פון פערגעלטונג, דער טאג פון שטראפע. און דענאך וויל איך איהם זעהן נאך א מאל, איך וויל איהם נאך א מאל צודריקען צו מיין הערצען! ער איז דאך מיין קינד. ער קען מיך ניט. ער וויים ניט, אז א רויבער און א מערדער האט אוועקגערויבט ביי מיר אלעס: מיין פערמעגען, מיין נאמען, מיין עהרע, מיין פרוי און מיין קינד! — עס קען ניט לאנג דויערן, עס וועט ניט לאנג דויערן. עס מוז צוזאמען פאלען, וויל דיא גאנצע געביידע איז געבויט אויף לופט און ווינד.

דער אלטער, איינגעבויגענער און איינגעקאָרטשעטער מאן איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיין שמערץ, אז ער האט קוים בעמערקט, ווי א געשטאלט איז צוגעקראָכען צו איהם פון הינטען און האט געוואלט איהם אנכאפען.

— ווער זייט איהר? האט ער געפרעגט.

ער האט זיך אומגעקעהרט און האט דערזעהן פאר זיך איינעם שטעהן. אין דער דונקעלהייט אבער איז עס געווען אונמעגליך צו דערקענען זיין געזיכט.

— אהא! האט אויסגערופען דיא געשטאלט, איך זוך דיך שוין לאנג! ענדליך האב איך דיך דערטאפט! יעצט וועסט דוא זיך שוין ניט אויסדרעהן פון מיינע הענד.

מיט דיזע ווערטער האט ער ארויסגעכאפט א לאנגע מעסער און האט איהם געוואלט ארייענשטעכען דעם אלטען אין הארצען. דער אלטער אבער האט זיך אויסגעדרעהט און האט ביי איהם ארויסגעחאפט דאס מעסער.

— איך וואלט דיר ארייננעשטאכען דאס מעסער אין דיין פערדאמטעס הערץ, האט ער געזאגט, איך וויל עס אבער ניט, ווייל איך בין זיכער, אז פריהער אדער שפעטער וועסט דוא שטארבען אונטער דיא הענד פון'ם הענקער.

ער האט אוועקגעווארפען דאס מעסער ווייט פון זיך און איז פערשוואונדען נעבער ווארען צווישען דיא ביימער אין וואלד.

נאני האט אנגעהויבען נאכצולויפען דעם אלטען, אין דיזע מינוט אבער האט מען געהערט פרעהליכע שטימען פאר'ן טויער פון'ם שלאָס, וועלכע האבען געפרעגט:

— וואו איז אהינגעקומען דער באראן נאני? מיר ווילען פון איהם אבשיעד נעהמען.

דאס זיינען געווען איינינע געסט, וועלכע האבען געמוזט פאהרען אהיים פריהער פון דיא איבעריגע. עס האט איהם ניט געהאלפען, ער האט געמוזט צוגעהן צו דיא געסט און נעהמען אבשיעד פון זיי. דאן איז ער צוריק געגאנגען אין שלאס. וואו האט ער שוין געקענט יעצט פערפאלגען דעם אלטען אין דער פינסטערער נאכט?

מען איז געזעסען גאנץ שפעט דיעזען אבענד אין שלאס ראדעצק. ענדליך איז מען זיך דאך צופאהרען. מאקס איז געבליעבען אליין מיט זיין מוטער.

— מוטער, האט מאקס געזאגט, איך ווייס ניט, וואס איז מיט עלוויראן. איך קען זיא ניט פערשטעהן. ווען איך געה צו צו אהר, דערשרעק איך מיך. איך האב מורא פאר איהר. איך זאג דיר דיא וואהרהייט. איך בערייע, וואס איך האב מיך פערלאָבט מיט איהר. איך וועל קיין מאל ניט זיין גליקליך מיט איהר. זיא איז שטענדיג טרויעריג און וויל ניט רעדען מיט מיר. א מאל וויינט זיא צופיעל, א מאל לאכט זיא ניט נאטירליך. איך האב מורא פאר אזא בראוט.

— זיי ניט קיין קינד, מאקס, האט דיא גרעפין ראדעצקי געענטפערט. עלווירא איז יעצט אויפגערעגט, זיא איז אונרוהיג. זיא איז נור וואס אויפגעשטאנען פון א שווערע קראנקהייט. דוא וועסט זיא הייראטהען, וועסט מאכען מיט איהר א רייזע קיין פראנקרייך אין קיין איטאליען. זיא וועט זעהן נייע מענשען, נייע לענדער און נייע זיטען (מנהגים) וועט זיא זיך אין גאנצע בערוהיגען.

— ניין, מוטער! זאג, וואס דוא ווילסט, עלווירא איז ניט פאר מיר. איך וועל

מיט איהר קיין מאל ניט זיין גליקליך. איך ציטער זאגאר פאר דיא צוקונפט. איך האב מורא פאר איהר. איך האב פארינגע נאכט געהאט א שלעכטען טרוים.

— וואס האסט דוא געטרוימט?

— איך קען עס דיר ניט זאגען, מוטער.

— דערצעהל מיר, קינד! א טרוים דארף מען דערצעהלען, דאן פערגעסט מען איהם.

— נון, גוט! איך וועל דיר איהם דערצעהלען. איך האב געזעהן ארטהור פאן באטהיאני שטעהן אויפ'ן גאלגען. ער האט מיר געווינקט, האט מיך צוגערופען און האט מיר געזאגט: „איהר האט מיך געבראכט אויפ'ן עשאפאט. ווארט א וויילע, וועט איהר שטעהן אויף דעמזעלבען עשאפאט, אויף וועלכען איך בין געשטאנען.“ — פלוצלונג איז ער פערשוואונדען געווארען. דער עשאפאט איז געבליעבען לעדיג. אויף זיין ארט האט מען ארויפגעבראכט אונזער פריינד נאגי. ער איז געוועזען בלייך, וויא קאלך און האט געציטערט, וויא אין א פיעבער. איך האב געהערט, וויא זיינע ציינער האבען געקלאפט איינער אן דעם אנדערען. באלד איז געקומען דער הענקער און האט איהם אויפגעהאנגען. זיין קערפער האט זיך געשאקעלט אין דער לופט. — דאן — מעהר האט ער ניט געקענט רעדען.

— וואס דאן? האט דיא מוטער געפרעגט.

— איך קען עס ניט זאגען. דוא דארפסט עס ניט הערען, מוטער.

— זאג מיר אלעס, מאקס! איך קען אלעס הערען.

— אך, ניין! איך קען ניט! איך וויל ניט!

— זאג, מאקס, זאג אלעס! איך גלויב ניט אין אזעלכע נאררישקייטען! האט זיא אויסגערופען.

זיא איז אבער געוועזען בלייך און האט געציטערט. מאקס האט ניט בעמערקט, אז זיא שטארקט זיך, אז זיא ניט זיך דיא גרעסטע מיה צו ווייזען, אז זיא איז גלייכגילטיג.

— זאג מיר, מאקס, וואס איז דאן געשעהן, האט זיא געבעטען.

— דאן ביסט דוא געקומען, מוטער. —

ער האט א קוק געטאהן אויף זיין מוטער און איז שטיל געבליעבען. ער האט געזעהן, אז זיא איז טויט. איינינע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. אין יענע צייטען האט מען נאך געגלויבט אין א טרוים. מאקס האט צוואר ניט געוואוסט דיא געהיימניסע פון זיין מוטער, ער האט אבער געגלויבט, אז דער טרוים איז א ווינק פון הימעל. ער האט דאהער גענומען זיין מוטערס הענד און האט זיי צוגעלעגט צום הערצען.

— בערוהיגע דיך, מוטער! האט ער געבעטען. עס איז דאך נור א נאררישער טרוים.

— יא, מיין זוהן, עס איז נור א נאררישער טרוים. — עס איז שוין שפעט, מאקס, געה שלאפען.

מאקס האט געקושט זיין מוטער **דיא הענד** און איז אוועקגעגאנגען אין זיינע צימער. **קוים איז דיא גרעפין געבליעבען אליין, האט זיא זיך** אנגעהאפּט **ביים קאפּ.**

— איך קען וואהנזיניג ווערן! האט זיא אויסגערופען. איך וויים שוין ניט, וואס צו דענקען. דער טרוים איז נארריש, פאר וואס אבער האט מאקס געהאט אזא טרוים? וויא קומען צו איהם אזעלכע געדאנקען? — זאל דער טרוים ווירקליך זיין א ווינק פון הימעל? איז דער טרוים ניט מעהר, וויא א שפּיעגעל פון דיא געדאנקען, מיט וועלכע מיר בעשעפטיגען זיך ביי טאג? — ווער וויים עס? ווער קען עס ערקלערן?

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר דיוואן און איז ארומגעגאנגען אין צימער. עס האט איהר אויסגעוויזען, אז דער דאך פאלט איין איבער איהר. דיא לופט פון'ם צימער האט זיא געדריקט. זיא איז צוגעקומען צום פענסטער, האט איהם געעפענט און האט ארויסגעקוקט אין דיא פינסטערע נאכט.

פלוצלונג האט זיא דערזעהן, וויא איינער געהט ארום פערטראכט אין הויף.

— ווער איז דארט? האט זיא געפרעגט.

— איך בין עס, אאט נאגי געענטפערט.

— דוא שלאפסט נאך ניט אזוי שפּעט?

— ניין, איך קען עפּעס ניט שלאפען און שפּאציער ארום אביסעל אין הויף.

— וויא קומט עס וואס דוא שלאפסט ניט? פאר וואס ביסט דוא אזוי אונרוהיג? האסט דוא אויך געטרוימט?

— וואס רעדט איהר עפּעס פון טרוימען? ווער האט דען געטרוימט? וואס מיינט איהר דערמיט?

— מאקס האט מיר נור וואס דערצעהלט, אז ער האט געהאט א זאנדערבארען טרוים.

— וואס האט ער געקענט טרוימען, דער נארר? האט נאגי געלאכט.

— ער האט געזעהן אין טרוים, אז מירביידע זיינען געשטארבען אויפ'ן עשאפאט.

— וויא איך זעה, מוזען מיר זיך בעאיילען צו פערהייראטהען מאקס'ן, האט ער געענטפערט. איך האפּ, אז דאמאלס וועט מאקס מעהר ניט האבען אזעלכע טרוימען. אלענפאלס וועלען מיר דאן זיך ניט איבערשרעקען פאר אזעלכע טרוימען. גראף מעראס וועט ניט דערלאזען, אז דיא שוויגער מוטער פון זיין ניכטע זאל שטארבען אויפ'ן עשאפאט.

— וויא איך זעה, האפסט דוא שוין צופיעל אויף גראף מעראס, האט דיא גרעפין בעמערקט. ער איז ווירקליך א גרויסער מאן, און אנגעזעהנער מאן, אבער —

— וואס אבער? ווען ער איז ווירקליך אזא גרויסער מאן, וועט ער ניט דערלאזען, אז מען זאל פעראורטהיילען מענשען, וועלכע זיינען זיינע נאהענטע פערוואנדטע.

— דוא זעהסט דאך, אז נעגען קרימינאל געריכט קען ער אויך גאר ניט העלפען. מיר וויסען דאך, אז ער האט געטאהן אלעס מעגליכע אום צו רעטען דעם באַן פּאַן כאָ, באָבּ יאַני און עס איז איהם דאך ניט געלונגען.

— ווייסט איהר, פאר וואס ער האט ניט געקענט העלפען אין דעם פראָצעס באטהיאני? ווייל עס איז געווען צו שפעט. דיא קלאגע איז שוין געמאכט געווארען. מען האט שוין געהאט אלע בעווייזע. דאמאלס קען שוין קיינער ניט העלפען. גראף מעראס קען אבער טאהן זעהר פיעל. אז עס זאל גאר קיין קלאגע ניט אריינקומען אין געריכט. ער קען דערשטיקען אזא קלאגע, איידער עס ווערט גאר עפעס פון איהר. ער קען בעטען דיא ריכטער, זיי זאלען ניט אננעהמען אזא קלאגע. —

— וואס קען ער אבער העלפען, ווען דיא ריכטער נעהמען אן דיא קלאגע? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— דאן איז געוויס שלעכט. אזוי וועל איך אבער ניט האנדלען. קום וועט איהר ווערן דיא פערוואנדטע פון גראף מעראס, וועט מען מוזען איהם געבען צו וויסען, אז געגען אונז קען פארקומען אזא און אזא קלאגע. ער וועט דאן טאהן אלעס, וואס ער וועט נור קענען אום זיא צו פערהיטען. ער וועט שוין געפינען מיטעל און וועגע, וויא אזוי עס צו טאהן.

דיא גרעפין האט זיך בערוהיגט. זיא האט איינגעזעהן, אז נאני וויס דאך, וואס ער טהוט. זיין פלאן איז דאך ריכטיג. וואס שנעלער אלזא מאקס וועט הייראטהען עלוויראַ'ן, אלס זיכערער וועט זיא זיין.

— וואס הערט זיך עפעס פון'ם באראן פאן באטאיני? האט זיא פלוצלונג א פרעג געטאהן. — ווען דארף מען איהם אויפהענגען?

— איך ערווארט אין איינגע טעג דעם בעזוך פון א פריינד, וועלכער האט געשפיעלט א גרויסע ראלע אין דיעזען פראצעס, פון איהם וועל איך אלעס געוואהר ווערן. אלענפאלס איז ער פעראורטהיילט און קיין גאט קען איהם שוין ניט רעטען.

זיי האבען וויעדער געשוויעגען עטליכע מינוט. יעדער איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. יעדער האט געפיהלט, אז ער איז דאך ניט אין גאנצען בערוהיגט.

— זאג מיר דיא וואהרהייט, נאני, פאר וואס ביסט דוא ארומגעגאנגען אין הויף? דוא ביסט דאך געווען עפעס אונרוהיג? איז פאָרגעקומען עפעס נייעס?

— א קלייניגקייט, גאר א קלייניגקייט, האט נאני געענטפערט. איך האב דא געטראפען איינעם, וועלכען איך האב געוואלט אריינשטעכען א מעסער אין הארצען. ער איז אבער אנ לאפען.

דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן. זיא האט געוואוסט פון וועמען ער רעדט.

— גאָט אליין בעשיצט איהם, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.

— אזוי זאגען נארען! האט נאני אויסגערופען בייז. איהר זעהט דאך אליין, אז איך פיהר אוים אלעס, וואס איך וויל. מאקס מוז הייראטהען עלוויראַ'ן און איהר, מאדאם, מוזט ווערן מיין פרוי פאר דער גאנצער וועלט. דיעזע צוויא זאכען פעהלען מיר צו מיין זיכערהייט. איך וועל זיי דערגרייכען און וועל זיי האבען.

דיא גרעפין האט ניט געענטפערט. זיא האט מורא געהאַט פאר דיעזען שרעקליכען מענשען.

— מיר זיינען יעצט ביידע אויפגערעגט און מיעד, האט נאני געזאָגט,

נעהט שלאפען, גרעפין. זעהט, עס הויבט שוין אן צו טאגען. לענט אייך שלאפען און טרוימט ניט פון אזעלכע נארישקייטען, פון וועלכע מאקס טרוימט.

דיא גרעפין האט פערמאכט דאס פענסטער און איז אוועקגעגאנגען אין איהרע צימער.

## 17טער קאפיטעל.

# צווייא שורקען.

דעם אנדערן טאג אום צוועלף אוהר, ווען נאגי איז נור וואס אויפגעשטאנען, איז אריינגעקומען זיין דיענער און האט איהם געמעלדעט, אז דער אדוואקאט נאוואק פון בודאפעסט איז געקומען צופאהרען און וויל מיט איהם רעדען.

— וואס זאל דאס הייסען? האט נאגי געפרעגט זיך אליין. וואס וויל דיעזער מאן? וויא קומט ער אהער?

ער האט געטראכט אייניגע מינוט און האט ענדליך געהייסען דעם דיענער, ער זאל איהם אריינפיהרען אין זיין שרייב-צימער. באלד זיינען ביידע געזעסען איינער געגען דעם אנדערן.

— ווען דער בעריהמטער אדוואקאט נאוואק האט מיר געצייגט דיא עהרע צו קומען צו מיר, האט ער געוויס מיר מיטצוטהיילען זעהר וויכטיגע זאכען, האט נאגי אנגעהויבען דאס געשפרעך.

— געוויס, הערר באראן! האט נאוואק געענטפערט. איך בין געקומען אהער ניט אומזיסט, איך האב מיט אייך צו רעדען איבער זעהר וויכטיגע אנגעלעגענהייטען. ווען איהר האט מיר ערצייגט דיא עהרע צו זיין ביי מיר אין בודאפעסט, האב איך באלד דערקענט, אז איהר זייט א מענש מיט קאפ און מיט פערשטאנד. איך האב דאמאלס געזעהן, אז איך האב פאר מיר א מענשען, מיט וועלכען מען קען רעדען, דאר'ם בין איך יעצט געקומען. איידער איך וועל אייך אבער ערקלערען, צו וואס איך בין גע־קומען, וויל איך אייך פרעגען, אויב אייער צימער איז זיכער? אויב קיינער וועט זיך ניט אונטער־הערען, וואס מיר רעדען?

— זייט רוהיג, הערר נאוואק! מיינע צימער זיינען שוין גענוג זיכער. איהר מענט רעדען, וואס איהר ווילט, קיינער וועט אונז ניט הערען.

— קענט איהר זיך דערמאנען, וואס מיר האבען גערעדט וועגען דעם באראן פאן באטהיאני דאמאלס, ווען איהר זייט געוועזען ביי מיר?

— אה, יא! איך געדענק אלעס, וואס מיר האבען דאמאלס גערעדט. — וואס הערט זיך מיט'ן באראן? האט מען איהם שוין אויפגעהאנגען?

— ווען איך בין אוועקגעפאהרען פון בודאפעסט, האט ער נאך געלעבט. יעצט לעבט ער שוין געוויס ניט.

— ווייסט איהר עס אויף געוויס?

— וואס איז אייך דער אונטערשיעד, אויב מען וועט איהם אויפהענגען מיט א טאג פריהער אדער מיט א טאג שפעטער? האט דער אדוואקאט געפרעגט

— אה האב מיטליד מיט איהם, האט נאגי געענטפערט. ער איז א פערברעכער

און האט פערדיענט זיין שטראפע; ער איז אבער דאך א באראן און מיינער א געוועזענער נאכבאר.

דער אדוואקאט האט געווארפען א פארשענדען בליק אויפ'ן באראן. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז דיעזער מענש ווייס פון קיין מיטלייד; ווען ער זאגט, אז ער בעדויערט איהם, האט ער דערביי א געוויסען מיין.

— איך אליין האב אויך פיעל מיטלייד מיט איהם. איך בעדויער איהם זעהר, וויל ער איז מיין פערוואנדטער, א גאנץ נאהענטער פערוואנדטער.

— אזוי? איהר זייט זיין גאנץ נאהענטער פערוואנדטער? האט נאני אויסגערופען, — פיעלייכט אויך זיין איינציגער ערבע (יורש)?

דער דורכגעטריעבענער נאני האט זעהר גוט פערשטאנען, אז ניט אומזיסט איז דער אדוואקאט געווארען פון העלער הויט ארטהור'ס פערוואנדטער. ביידע שורקען האבען זיך פערשטאנען.

— יא, הערר באראן, איך בין ווירקליך זיין איינציגער ערבע (יורש). דאס איז דיא אנגעלעגענהייט, איבער וועלכע איך וויל יעצט מיט אייך רעדען. — ארטהור פאן באטהיאני האט ניטער דא אין דער געגענד, איך וויל אייך בעטען, איהר זאלט מיט מיר פאהרען און מיר ווייזען דיא גיטער, וועלכע געהערען צו איהם.

— מיט'ן גרעסטען פערגניגען! האט נאני אויסגערופען.

ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דער אדוואקאט האט איהם נאך עפעס צו זאגען.

— איך האב צו אייך נאך א ביטע, האט דער אדוואקאט געזאגט לאנגזאם.

— זאגט עס מיר, הערר אדוואקאט! פון אייערטוועגען וועל איך טאהן אלעס, וואס איך וועל נור קענען.

— זייט איהר גוט בעקאנט מיט'ן גראף געארג פאן טאקקי?

— איך בין מיט איהם זעהר גוט בעקאנט. זיין שוועסטער הייראטעט מיין פערוואנדטען, דעם גראף מאקס פאן ראדעצקי.

דיעזע נאכריכט איז געוועזען א נייעס פארן אדוואקאט און דיעזע נייעס האט איהם איבערראשט. ער האט פערשטאנען, אז דא איז עפעס, אז דיעזע האכצייט איז ניט אומזיסט. נאני שפיעלט דא עפעס א ראללע. נאני פון זיין זייט האט אויך זעהר גוט געוואוסט, אז דער אדוואקאט איז ניט געקומען אומזיסט. יעדער פון זיי האט געוואלט עפעס ארויסקריעגען פון'ם אנדערן, קיינער אבער האט ניט געוואגט ארויסצוטרעטען דער ערשטער.

— מיט וואס קען איך אייך דיענען בעטרעפס דעם גראף טאקקי? האט ענדליך נאני געפרעגט.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס דער גראף פאן טאקקי איז יעצט געווארען אייער פערוואנדטער, האט דער אדוואקאט געזאגט לאנגזאם.

— איך פערשטעה אייך ניט, הערר נאוואק.

— איך האב א פערדאכט (א חשד) אויף גראף געארג.

— וואס רעדט איהר? וואס מיינט איהר דערמיט? האט נאני אויסגערופען. — ערקלערט עס מיר!

— איך וואלט עס אייך געקענט ערקלערן אין צוויא ווערטער, אבער — עס איז נאך צו פריה, איך מוז פריהער זעהן דאס שלאס באטהיאני, דאן וועל איך עס אייך זאגען.

— איהר ווייסט דאך געוויס, אז דיא פאליצייא האט אפגעשלאסען דאס שלאס באטהיאני, האט נאני בעמערקט.

— דאס ווייס איך! — איך האב עס אליין געהייסען טאהן, וויל איך אליין בין אויפגעטרעטען אלס אנקלעגער געגען דעם באראן.

— אלס פערוואנדטער איז עס אביסעל זאנדערבאר.

— איך בין דאך א דיענער פון געזעץ און גערעכטיגקייט, האט דער אדוואקאט זיך פערענטפערט, איך מוז טאהן, וואס דאס געזעץ און דיא גערעכטיגקייט הייסען מיר טאהן, — אבער לאמיר בעסער רעדען פון אנדערע זאכען. איך בין געוועזען אין ראזענוי און האב גענומען ביי דער פאליצייא דיא שליסעל פון'ם שלאס באטהיאני. איך וועל דארט זאגאר וואהנען אין דער נאנצער צייט, וואס איך וועל בלייבען אין דיעזער געגענד. איך בעט אייך דאהער נאך א מאל, ווען עס איז אייך אנגענעהם, בעזוכט מיט מיר צוזאמען דאס שלאס באטהיאני.

— מיט פערגניגען! האט נאני אויסגערופען. איך הייס באלד איינשפאנען מיין קארעטע און מיר וועלעןביידע פאהרען צוזאמען. דערווייל וועלע מיר עסען פריהשטיק און אויסטרינקען א פאר פלאשען טאקאיער וויין אויף דאס וואהל און דאס גליק פון דיא פערלאבטע.

— דיא גרעפין עלווירא איז דאכט זיך, פריהער געוועזען דיא בראוט פון'ם באראן פאן באטהיאני?

— און זיא וועט אין א גאנץ קורצער צייט ווערען דיא גרעפין פאן ראדעצקי.

נאני האט געהייסען זיינע דיענער ברענגען א גוטען פריהשטיק און איינינע פלא-שען וויין. ער מיט'ן אדוואקאט האבען זיך געזעצט צום טיש און האבען געוויעזען, אז זיי האבען נאך ביידע קיין שלעכטען אפעטיט. דער גוטער טאקאיער וויין האט געטאהן דאס זייניגע: ער האט אביסעל לויז געמאכט דיא צונגען, מען האט אנגעהויבען צו רעדען פרייער און פריינדליכער.

— מיט איינינע צייט צוריק האט איהר מיר געשיקט א בריעף דורך א זאנ-דערבארען פאסטאליאן, האט נאני ארויסגעפלאצט. דאס איז א פרוי, וועלכע מען קען [illegible] צו פערשיעדענע זאכען. וואו האט איהר גענומען אזא פארטרעפליכען פאסטאליאן?

— אהא! איהר מיינט דיא סטאסא? זיא וואהנט דאך ערגעץ דא ניט ווייט. זיא איז דאך אייער נאכבארין! עס איז וואהר, זיא איז גאנץ קלוג און זעהר געשיקט. זיא קען אמאל געבען א גוטען ראטה.

— איך האב עס פערשטאנען, הערר נאוואק, האט נאני בעמערקט. איך האב פערשטאנען, אז איהר קענט זיא זעהר גוט, דערפאר האט איהר זיא געשיקט מיט א

וויכטיגען בריעף. איהר קענט זיא געוויס בעסער פון מיר. איך וויל אייך נור זאגען, אויב מען קען זיך אויף איהר פערלאזען. איהר מעגט עס מיר זאגען, הערר נאוואק. מיר זיינען ביידע קיינע קינדער. מיר זיינען מענער, וועלכע קענען דיא וועלט און וויסען וויא אזוי אויסצוניצען מענשען.

— סטאסא איז א קלוגע פרוי, האט נאוואק געענטפערט. מען מעג זיך אויף איהר פערלאזען.

נאני האט געזעהן, אז דער טאָקאיער האט שוין געווירקט אויפ'ן אדוואקאט און דאט געוואלט איהם אויסניצען.

— איהר האט מיר פריהער געזאגט, אז איהר וועט מיר עפּעס מיטטהיילען וועגען דעם גראף געארג פאן טאָקקי, האט נאני בעמערקט, וויא פלוצלונג. מיר זיינען גאנץ אליין, איך גלויב, אז איהר קענט עס מיר יעצט זאגען.

— מיר וויזט אויס, אז גראף געארג פאן טאָקקי איז דער הויפּט פאבריקאנט פון דיא פאלשע באנקנאטען, האט דער אדוואקאט ארויסגעזאגט. דער באראן פאן באטהיאני איז נור געווען זיין געהילפע. עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך האב נאך וועגען דעם גראף טאקקי קיינע פעסטע בעוויזע. איך האָף אבער, אז אין שלאס באטהיאני וועלען זיך געפינען בריעף, צעטעלעך, דאקומענטען און אנדערע זאכען, וועלכע וועלען מיך פיהרען אויף דיא ריכטיגע שפור פון דיזעם פערברעכען.

נאני האט זיך געמאכט, אז ער איז איבערראשט, אין דער וואהרהייט איז ער געווען זעהר צופריעדען דערמיט.

— מיין גאט! וואס רעדט איהר? איז עס מעגליך, אז דער שטאָלצער גראף פאן טאָקקי זאל....

דער אדוואקאט האט איהם אנגעהויבען צו ערקלערען, אז נור דער גראף פאן טאָקקי האט עס געקענט זיין, וועלכער האט געמאכט דאס פאלשע געלד. ער האט זאגאר צוגעגעבען, אז עס איז מעגליך, אז דער באראן פאן באטהיאני וויים נאר ניט פון דער גאנצער געשיכטע. — נאני איז געווען העכסט צופריעדען דערמיט. יעצט וועט שוין קיינער ניט וויסען, אז ער איז נאר געווען דער גאנצער מאכער פון'ם פאלשען געלד.

— איבערלעגט אייך, הערר נאוואק! וואס רעדט איהר? האט נאני אויסגערופען, דער גראף פאן טאָקקי זאל זיין אזא פערברעכער? וויא קען דאס זיין?

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך מוז עס אייך זאגען. דער גראף איז אייער פערוואנדטער און עס וועט אייך געוויס זיין זעהר אונאנגענעהם צו זעהן איהם שטעהן פאר א קרימינאל געריכט, אבער וואהרהייט! גערעכטיגקייט! געזעץ! הערר באראן! מיר מוזען אלע אנבויגען אונזער קאפּ פאר דיא וואהרהייט. איהר זעהט דאך, דער באראן פאן באטהיאני איז מיין נאהענטער פערוואנדטער און פון דעסטוועגען האב איך איהם ניט געשוינט, ווען איך האב געפונען, אז ער איז א פערברעכער. — איך וועל אייך נאך פיעלעס דערצעהלען, אבער ניט יעצט. — איז אייער עקיפּאזש פערטיג?

— איך גלויב, אז מיין קארעטע איז שוין איינגעשפּאנט און שטעהט שוין אין הויף.

אין איינינע מינוטען ארום זיינען ביידע גוטע פריינד געזעסען אין דער עקיפאזשע. נאני האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען צום שלאס באטהיאני.

ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען אויפ'ן גרויסען טראקט, האט נאני געוויזען זיין נאסט דיא נאכבארשאפט.

— אט דארט רעכטס קענט איהר זעהן דעם הויכען דאך פון'ם שלאס טאקקי מיט זיינע טהורעמס. דאס איז איינער פון דיא עלטעסטע, רייכסטע און שעהנסטע שלעסער אין דער גאנצער געגענד.

נאוואק האט געבעטען דעם קוטשער, ער זאל בלייבען אביסעל שטעהן און האט בעטראכט פון דערווייטענס דאס שלאס טאקקי.

— ווירקליך א שעהנער שלאס! האט ער אויסגערופען. ער ליעגט פערשטעקט אין דיא בערג, גלייך וויא זיי וואלטען געווען זיינע וועכטער. עס איז ווערטה צו האבען אזא שלאס. צוואר אום ווינטער דארף דא זיין אביסעל לאנגווייליג, דערפאר אבער דארף דא זיין אום זומער א גן עדן.

אין דיעזע מינוט האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן אויפ'ן וועג אן אלטען, שוואכען, אין דרייען צונויפגעבויגענעם מאן, וועלכער האט זיך קוים, קוים געשלעפט אויפ'ן וועג און איז צוגעקומען צו דער קארעטע.

— ווער איז דער? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

— דאס איז דער שטומער בעטלער, אן ארימאן פון אונזער געגענד, האט נאני געענטפערט.

דער בעטלער האט אראפגענומען דעם הוט און האט זיך געשטעלט ניט ווייט פון דער קארעטע. דער אדוואקאט האט איהם דורכגענומען מיט זיינע שארפע אויגען.

— ווייסט איהר געוויס, אז דאס איז א שטומער ארימאן אדער וויא איהר רופט איהם א שטומער בעטלער? האט ער געפרעגט דעם באראן נאני.

נאני האט ארויסגענומען א זילבערנע מינצע און האט זיא אריינגעווארפען דעם אלטען אין הוט.

— אלע קענען איהם אויף צעהן מייל ארום, האט ער געזאגט צום אדוואקאט, דאס איז אן אונגליקליכער, וועלכער איז טויב און שטום.

דער שטומער בעטלער האט צוגענומען דיא זילבערנע מינצע, האט געדאנקט און האט אנגעהויבען צו ערקלערן מיט צייכענס, אז ער איז מיעד און בעט, אז מען זאל איהם ערלויבען זיך צו זעצען לעבען קוטשער.

נאני האט געהייסען דעם קוטשער, ער זאל ארויפנעהמען דעם שטומען בעטלער לעבען זיך. דער קוטשער האט זעהר גוט געקענט דעם שטומען בעטלער. ער איז אראפגעגאנגען פון זיין זיץ און האט געהאלפען דעם אלטען קראנקען בעטלער זיך אויפזעצען.

יעצט האט נאני געהייסען וויטער פאהרען. אין א פיערטעל שטונדע ארום זיינען זיי אנגעקומען צום טויער פון שלאס באטהיאני.

דאס לאנד ארום איז געווען הערליך שעהן. אלעס האט געבליהט, אלעס האט געגרינט, אלעס האט געלעבט און איז געווען פרעהליך, נור דער שלאס איז געווען

טרויעריג, איינזאם און פערלאַסען פון אלעמען. דער שעהנער גאָרטען איז געוועזן פער-וואַקסען, פערווילדערט און פערנאַכלעסיגט. אין הויף האט מען ניט געזעהן קיין לעבעדיגען מענשען.

דער אדוואָקאַט האט ארויסגענומען א בונט שליסעל און האט געעפענט דעם טויער. ביידע זיינען אריינגעגאנגען אין גרויסען הויף. אלעס איז געוועזן שטיל. קיין מענש, קיין טהיר, קיין פויגעל. פון דיעזען שלאָס איז פערשוואונדען דאס פריידליכע, פרעהליכע לעבען פון א דאָרף, וועלכעס דערפרעהט דיא הערצער פון דיא שטאדט לייט.

— הערר אדוואקאט, האט פלוצלונג נאני געזאגט, איך דארף צופאהרען אויף א גאנץ קורצע צייט דא ניט וויט אין דארף טשעמני. אין א גאנץ קורצער צייט בין איך דא צוריק. איהר וועט דערווייל אלעס בעקקען, אלעס בעטראכטען. ווען איך וועל קומען צוריק, וועלען מיר דא אביסעל פלוידערן. דא וועלען מיר געוויס זיין אליין.

— ווען איהר דארפט פאהרען, וועל איך אייך ניט אויפהאלטען, האט דער אדוואקאט געענטפערט.

ביידע מענער זיינען צוגעקומען צום טויער. דער אדוואקאט האט געוואלט זיין העפליך און איז ארויסגעגאנגען בעגלייטען דעם באראָן ביז צו דער קארעטע.

פארן שלאָס אויף א שטיין איז געזעסען דער שטומער בעטלער און האט זיך אויסגערוהט.

— איך האף, אז איהר וועט זיין צופריעדען מיט דיעזען שלאָס, האט נאני געזאגט צו זיין פריינד. איהר וועט איהם געוויס רעפארירען און וועט פערברענגען דא דעם זומער. מיר וועלען זיין נאכבארען און וועלען זיך אפט זעהן. איהר האט אייך ניט וואס צו בעקלאגען אויפ'ן באראָן פאן באטהיאני. ער האט אייך איבערגעלאזען א גוטע ערב-שאפט (ירושה).

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אריינגעזעצט אין זיין קארעטע און האט גע-זאגט דעם קוטשער:

— קיין טשעמני, צום גייסטליכען.

דיא קארעטע איז אוועקגעפאהרען און דער אדוואקאט איז זיך אוועקגעגאנגען אין שלאָס.

שנעל וויא דער בליץ' האט זיך דער שטומער בעטלער אויפגעהויבען, איז נאכ-געלאפען דיא קארעטע און האט זיך אויפגעזעצט פון הינטען.

— וואס קומט דא פאר? האט ער געברומט. וויא קומט ער צו זיין א פער-וואנדטער פון'ם באראן פאן באטהיאני? וואס וויל דיעזער רויבער טאהן ביים גייסטליכען פון טשעמני? — וואס איז דא אזעלכעס? — ארימער, אונגליקליכער אר-טהור! יעצט פערשטעה איך, דיעזע צווייא מענשען האבען דיך געבראכט אויפ'ן עשאפאט! — איך קען דיר ניט העלפען. איך קען דיך ניט רעטען, אבער איך וועל מיך נוקם זיין פאר דיר. איך וועל אויסגראבען פון אונטער דער ערד אלע פאלשקייי-טען און בעטריגערייען, וואס זיי האבען בעגאנגען און זיי וועלען שטארבען אויף דעמ-זעלבען עשאפאט, אויף וועלכען זיי האבען דיך געבראכט. — יעצט מוז איך וויסען, וואס דיעזער רויבער וויל פון'ם גייסטליכען פון טשעמני.

## 18טער קאפיטעל.

## ביים גייסטליכען.

אין א קורצע צייט איז דיא קארעטע אנגעקומען פארן הויז פון'ם גייסטליכען פון דארף משעמני. דער ארימער גייסטליכער איז ניט געווען געוואהנט, אז צו זיין הויז זאלען צופאהרען קארעטעס. ער איז דאהער ארויסגעלאפען פון זיין הויז און איז ענטגעגען געלאפען דעם באראן פאן נאני. דאן האט ער איהם אריינגעפיהרט אין שטוב און האט איהם געפרעגט:

— וואס האב איך צו פערדאנקען דיא עהרע פון אייער בעזוך?

— איהר ווייסט געוויס, הערר גייסטליכער, אז באלד וועט פארקומען א גרויסע פרעהליכקייט אין שלאס ראדעצק.

— איך האב געהערט דערפון, האט דער גייסטליכער געענטפערט.

— דעם פופצעהנטען אויגוסט וועט זיין דיא האכצייט פון'ם גראף מ... ... ן ראדעצקי און דיא גרעפין עלווירא פאן טאקקי.

— מען האט עס מיר דערצעהלט, האט דער גייסטליכער בעמערקט.

— איך בין געקומען צו באהרען אייך איינלאדען אויף דער האכצייט, איהר זאלט פאלציעהען דיא טרויאונגס צערעמאניע.

— איך דאנק אייך זעהר, גנעדיגער הערר.

— איידער יענע האכצייט וועט שטאטפינדען, האט נאני ווייטער געזאגט, וועט פארק מען נאך אנאנדערע האכצייט, ריכטיגער געזאגט, א טרויאונג.

— דאס ווייס איך ניט. איך האב נאך דערפון ניט געהערט. ווער וועט הייראטהען וועמען?

— איך וועל הייראטהען.

— וועמען?

— דיא גרעפין אייזשעניע פאן ראדעצקי.

— דאס איז שעהן! דאס איז גראסארטיג! האט דער גייסטליכער אויסגערופען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אויפגעעפענט דאס גרויסע קירכען בוך און האט אנגעהויבען צו פערשרייבען דיא נעמען.

— איהר הייסט?

— איך הייס פראנץ נאני באראן פאן האללאוואאי.

— דיא גרעפין הייסט?

— אייזשעניע מאריא, וויטווע פון'ם גראף וולאדיסלאוו פאן ראדעצקי.

— זיא איז א וויטווע, ריכטיג! איך האב עס פערגעסען.

ער האט געטראכט איינינע מינוט און האט זיך געווענדעט צום באראן.

— ענטשולדיגט מיר, הערר בארא, ווע איך וועל אייך עפעס פרעגען. ווען דיא גרעפין פאן ראדעצקי איז א וויטווע, קען איך ניט אויספיהרען דיא טרויאונגס צערעמאניע, ביז איך וועל ניט האבען דעם טאדטען שיין פון איהר מאן. אזוי איז דאס געזעץ.

— נאנץ ריכטיג, הערר גייסטליכער! איך ווייס אייך פון דיעזעס געזעץ און וועל יעס אייך באלד געבען.

ער האט ארויסגענומען פון בוזים קעשענע א פארטפעל מיט פאפיער, האט עס געעפענט און האט דערלאנגט דעם גייסטליכען א פאפיער. דער גייסטליכער האט עס צונומען און האט געלעזען:

„אויף דער פערלאנגע פון דער גרעפין אייזשעניע פאן ראדעצקי גיבע מיר ארויס דיעזען שיין, אז איהר מאן, דער גראף וולאדיסלאוו פאן ראדעצקי, איז געשטארבען דעם זיעבעצעהנטען מאי 1783 און איז בעערדיגט אויף דעם קירכהאף פון סאנקט אננא אין פאמיליענגראב פון זיינע עלטערן."

„ארויסגעגעבען און אויסגעפערטיגט פון דעם קירכען בעצירק סאנקט אננא, לויט דיא ביכער פון דיעזע קירכע."

„קראקוי דען 15טען יוני 1784".

„פריעדריך יאאכים ווארא׳וסקי, בישאף פון דער שטאדט קראקוי."

— דאס דאקומענט איז אין ארדנונג, הערר באראן האט דער גייסטליכער געזאגט, איך קען אייך דערביי מיטטהיילען דיא פרעהליכע נאכריכט, אז דער בישאף ווארא׳ווסקי, מיט וועלכען איך האב צוזאמען געלערנט אין סעמינאריום, וועט איבער־מארגען קומען אהער מיך בעזוכען און וועט דא פערברענגען עטליכע טעג.

נאגי איז געווארען בלייך וויא קאלך. דער אלטער און ניט נאגין קליינער גייסט־ליכער האט עס אבער ניט בעמערקט. נאגי האט געוואוסט, וויא זיך צו פערשטעלען.

— עס פרעהט מיך זעהר צו הערן, אז איהר וועט האבען אזא וויכטיגען גאסט, האט ער אויסגערופען, אין אונזער געגענד קומען זעלטען אזעלכע הויכע בעאמטע פון דער קירכע.

— דער בישאף פאהרט פון וויען, האט דער גייסטליכער ערקלערט, ער האט עפעס צו טאהן אין ראזענוי און וועט אראפפאהרען צו מיר אויף א פאר טעג.

— וואו וועט ער איינשטעהן? האט נאגי געפרעגט.

— איך בין אויך זעהר אונרוהיג דאריבער, האט דער גייסטליכער געענטפערט, איך וואהן זעהר ענג. מיין שטוב איז קליין און ארים. איך קען מיר גאר קיין ראטה ניט געפינען, וואו איך זאל געפינען א פאסענדע קווארטיר פאר איהם.

— איך וועל אייך געבען א שעהנע קווארטיר פארן בישאף ווארא׳ווסקי.

דער גייסטליכער האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט.

— דאס שלאס פון באראן באטהיאני שטעהט יעצט לעדיג, האט נאגי ערקלערט, מען קען איהם געבען דיעזעס שלאס אלס קווארטיר.

— דאס שלאס איז דאך אבער געריכטליך געשלאסען? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— עס איז שוין אפען. עס איז געקומען אהער אן אדוואקאט פון בודאפעסט מיט'ן נאמען נאוואק און האט עס געעפענט. ער איז א נאהענטער פערוואנדטער פון'ם באראן פאן באטהיאני און איז דאהער זיין איינציגער ערבע (יורש). איך קען מיך מיט איהם זעהר גוט און וועל איהם בעטען, ער זאל אפטרעטען דעם שלאס פארי בישאף ווארא׳ווסקי.

— אזוי? האט אויסגערופען דער גייסטליכער, דער באראן פאן באטהיאני לעבט שוין מעהר ניט? האט מען איהם שוין....?

— ליידער, לעבט ער שוין מעהר ניט, האט נאני געזאגט טרויעריג.

— אך! האט דער גייסטליכער אויסגערופען, איך וואלט קיין מאל ניט גע־גלויבט, אז ארטהור פאן באטהיאני, דער גוטער, פרעהליכער יונגע, וועלכער האט זיך געשפיעלט ביי מיר אויף דיא קניע, זאל שטארבען מיט אזא שרעקליכען טויט.

— מיר זיינען אלע ביי גאט אין דיא הענד! האט דער גוטער און פרומער נאני אויסגערופען.

אייניגע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. ביידע זיינען געווען פערטיעפט אין זייערע טרויעריגע געדאנקען. ענדליך האט דער גייסטליכער געזאגט:

— איך דאנק אייך זעהר, באראן, וואס איהר האט מיר פערשאפט אזא גוטע קווארטיר פארן בישאף.

— ווען ערווארטעט איהר דעם בישאף?

— ער שרייבט מיר, אז איבערמארגען אבענדס אום צעהן אוהר וועט ער קומען אהער.

— דאס איז שעהן! האט נאני אויסגערופען פול פרייד. דאן וועלען מיר האבען גענוג צייט איינצואורדנען פאר איהם דאס שלאס.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט ארויסגעהן.

— איך וויל אייך נאך עפעס פרעגען, האט איהם דער גייסטליכער אויפגעהאל־טען, — ווען וועט זיין אייער האכצייט מיט דער גרעפין?

— דעם אכטען אויגוסט. דיעזע האכצייט וועט אבער זיין גאנץ שטילל. דיא גרעפין וויל ניט מאכען קיין פיעלע צערעמאניען און קיין גרויסען ליארם. מיר וועלען ניט איינלאדען קיין געסט און וועלען קיין באלל ניט מאכען. נאך דער טרויאונג וועלען מיר געבען א געוועהנליכען מיטאג פאר זייא היימישע מענשען.

— וואו וועט זיין דיא טרויאונג? האט דער גייסטליכער וויטער געפרעגט. — ווען איהר ווילט, קענט איהר זיא מאכען אין אייער שלאס.

— מיר האבען אויך אזוי אפגערעדט, האט נאני ערקלערט. איהר וועט קומען צו אונז אין שלאס מיט אלעס, וואס איז נעטהיג פאר דער צערעמאניע און מיר וועלען מאכען דיא טרויאונג אין גרויסען זאל פון'ם שלאס.

ער האט געגעבען דעם גייסטליכען א נאלד־שטיק האט פון איהם אבשיעד גע־נומען און איז ארויסגעגאנגען.

קוים האט ער זיך אריינגעזעצט אין זיין קארעטע, איז דיא פרעהליכקייט פער־שוואונדען פון זיין געזיכט. ער איז געווארען פינסטער, וויא א נאוועמבער טאג און טרויעריג וויא א דעצעמבער נאכט.

— צום טייפעל! האט ער אויסגערופען, וואס וויל דא דער שורקע, דער בישאף? דער טייפעל האט איהם אנגעטראגען אהער מיר אויף צולעצעניש! וויא האב איך גע־קענט דענקען, אז דער הונט פאן בישאף, דער ווארא־וסקי, וועט פון העלער הויט אנלויפען אהער? — אבער ווארט, העבר בישאף! ביז אהער איז מיר געלונגען אלעס,

וואס איך האב נור געוואלט אלע, וועלכע זיינען מיר געשטאנען אין וועג, זיינען פערשוואונדען געווארען, אויך דוא, שטאלצער בישאף, ווערסט מוזען מיר אויסווייכען דעם וועג.

אין איינינע מינוטען ארום איז דיא קארעטע אנגעקומען צום שלאס באטהיאני. נאני איז אריינגעגאנגען אין שלאס און האט דארט געטראפען זיין פריינד דעם אדוואקאט.

— נון, הערר נאוואק, האט איהר שוין גוט בעטראכט דאס שלאס? געפעלט אייך דאס שלאס?

— איך האב אלעס בעטראכט און אלעס אנגעקוקט. זיי זאגען אלע, אז דער באראן פאן באטהיאני איז געווען ארים. איך זעה, אז ער האט געלעבט וויא א פירסט. זיין מעבעל איז ווערטה פיעל געלד.

— נון, וואס דענקט איהר, הערר נאוואק? ווערט איהר דא נעכטיגען? דאן וועל איך שיקען אהער מיינע דיענער, זיי זאלען אייך בעדיענען.

— איך דאנק אייך, הערר באראן, אבער איך וועל ניט נעכטיגען אין שלאס. איך וועל נאך היינט ביי נאכט אוועקפאהרען קיין ראזענוי. — איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט: מיר געפעלט ניט דאס שלאס.

— פאר וואס, הערר נאוואק? איך דענק, אז עס איז נאך א גאנץ גוטע געביידע. מיט איינינע הונדערט גולדען קען מען עס רעפארירען און מאכען דערפון א פירסטליכען פאלאץ.

— דאס קען זיין. עס איז אבער זעהר טרויעריג צו זיין דא אליין אין דיעזע גרויסע לעערע, אלטע זאלען. איך וואלט עס ליעבער פערקויפט.

— ווען איהר ווילט עס פערקויפען, וואלט איך געווען דער קויפער, האט נאני געזאגט. מיר קענען דאס געשעפט באלד אפמאכען.

— צונעשלאגען, הערר באראן! פאר אייך איז עס א געשעפט. איהר וואהנט דא אין דער נאכבארשאפט, איהר האט דא גיטער ארום, פאר אייך קען עס נוצען. פאר מיר אבער האט עס קיין ווערטה.

— גוט, הערר אדוואקאט. מיר וועלען שוין דורכקומען מיט'ן פרייז. — יעצט לאמיר פאהרען קיין ראדעצק.

ביידע פריינדע האבען זיך אויפגעזעצט אין דער קארעטע און זיינען אוועקגעפאהרען קיין ראדעצק. דארט האט מען ווידער געטרונקען. מען האט וויעדער אויסגעטרונקען עטליכע פלעשער גוטען טאקאיער וויין און מען האט אפגעמאכט דאס געשעפט. מען האט זיך אויסגעגליכט מיט'ן פרייז. נאני האט געגעבען דעם אדוואקאט האנד געלד און מען האט אפגערעדט, אז דעם רעסט געלד זאל ער איהם געבען, ווען ער וועט איהם געבען א רעגעלרעכטען קויפשיין.

— יעצט, הערר אדוואקאט, האב איך דאס רעכט צו בעטען ביי אייך דיא שליסעל פון שלאס באטהיאני. איך בין דאך שוין דער איינענטהימער פון'ם שלאס.

דער אדוואקאט האט ארויסגענומען דיא שליסעל און האט זיי איבערגעגעבען

דעם באראן נאני. — יעצט האט מען אנגעהויבען צו טרינקען אויף דאס וואהל פון'ם נייען קויף.

— הערר באראן, האט געזאגט דער אדוואקאט, ווען ער איז געווען שוין האלב בעטרונקען, איך זעה, אז איהר זייט דער מענש, מיט וועלכען מען קען אלעס רעדען. איהר זייט דער מענש, וועלכען איך דארף.

— זייט זיכער, הערר נאוואק, אז איהר האט פאר זיך אן עהרנמאן, א מענשען וועלכען איהר מעגט אלעס פערטרויען. מיר ביידע פאסען איינער צום אנדערן און וועלען געווים מאכען מיט דער צייט גוטע געשעפטע.

דער אדוואקאט האט זיך אנגעבויגען צום באראן און האט מיט איהם אוועק גערעדט א גאנצע האלבע שטונדע אויפ'ן אויער. ווען ער האט געענדיגט, האט נאני געזאגט:

— איהר מעגט אייך פערלאזען אויף מיך. עס וועט אלעס געשעהן, וויא איהר פערלאנגט. איך בין זיכער, אז מיר פערשטעהן זיך יעצט און איך האף, אז מיר וועלען איינער מיט'ן אנדערן צופריעדען זיין. מיר קענען זיך שוין גאנץ גוט און קענען שפיעלען מיט אפענע קארטען.

— איהר קענט רעכנען אויף מיך, האט דער אדוואקאט געענטפערט, איך וועל טאהן אלעס, מיט וואס איך וועל נור קענען אייך דיענען. שרייבט מיר אלעס, וואס מען קען שרייבען, ווען מען קען עס אבער ניט שרייבען, וועט איהר מוזען אליין קומען צו מיר. איך וועל דאן שטעהן פאר אייך, וויא אן אייזערנע וואנד.

— איך דאנק אייך, הערר נאוואק! פון איצט אן זיינען מיר דיא בעסטע פריינד.

— און איהר פערשטעהט אלעס, וואס איך האב געזאגט וועגען געארג פאן טאקקי?

— געווים! איך פערשטעה שוין אלעס.

— דאן וויל איך אייך בעטען, איהר זאלט שיקען א דינער זאגען מיין קוטשער ער זאל איינשפאנען דיא פערד.

— ערלויבט מיר, איך זאל אייך פארשטעלען דער גרעפין פאן ראדעצקי. אלס עדעלמאן קען איך אייך ניט לאזען אוועקפאהרען, ביז איך וועל אייך פארשטעלען פאר איהר.

דער אדוואקאט האט זיך אויפגעהויבען. ביידע פריינד זיינען געגאנגען צו דער גרעפין.

דיא גרעפין האט צוואר אויפגענומען דעם אדוואקאט העפליך, אבער קאלט. ער איז איהר ניט געפעלען. זיא האט מורא געהאט פאר זיין שארפען, דורכשטעכענדעם אויג. זיא האט אויפגעאטהעמט פרייער, ווען ער איז ענדליך אוועקגעגאנגען. זיין בעזוך איז געווען גאנץ קורץ. ער האט גערעדט מיט דער גרעפין נור עטליכע ווערטער איבער גאנץ געוועהנליכע זאכען.

דער וואגען איז שוין געשטאנען אין דרויסען, ווען דער אדוואקאט מיט באראן נאני זיינען ארויסגעגאנגען פון דער גרעפין. זיי האבען זיך נאך געגעבען דיא הענד און דער אדוואקאט האט זיך געזעצט אויפ'ן וואגען.

קוים איז ער אוועקגעפאהרען איינינע הונדערט שריט פון שלאס ראדעצק, האט ער אויסגערופען:

— אין אזא קורצער צייט האב איך אויפגעטאהן אזוי פיעל! דער באראן נאני איז א גרויסער מאן. ער איז א גאנץ קלוגער, דורכגעטריעבענער מענש, מיט איהם קען מען מאכען געשעפטע. דער באראן פאן באטהיאני איז שוין געווים ניטא אויף דער וועלט. ווען געארג פאן באקקי זאל נאך פערשווינדען, וואלט איך געקענט אויפטרעטען עפענטליך און פארדערן דאס גאנצע פערמעגען פון דער פאמיליע באטהיאני. — אלעס איז געגאנגען גאנץ גוט. איך בין העכסט צופריעדען מיט דיעזען בעזוך. איין זאך נור בעאונרוהיגט מיך א ביסעל — דער שטומער בעטלער! מיר דאכט אז איך האב איהם ערגעץ געזעהן; מיר קומט פאר, אז איך האב איהם דערקענט. זאל איך האבען אזא גראבען טעות? פערשטעלט זיך דער מאן אדער איז ער טאקע שטום?

אין א שטונדע ארום איז ער אנגעקומען אין שטעדטעל ראזענוי. דארט האט ער איבערגענעכטיגט און דעם אנדערן טאג איז ער אוועק געפאהרען קיין בודאפעסט.

## 19טער קאפיטעל.

# דיא רעטונג.

אננא האט זיך אין דער לעצטער צייט צוגעהערט צו אלעס, וואס מען האט גערעדט ביי איהר פאטער אין הויז. זיא האט געהערט, וואס דער אינספעקטאר האט געזאגט צו איהר פאטער, ווען ער האט איהם איבערגעגעבען דעם שליסעל צום געהיימען גאנג פון זיין הויז אין געפענגניס. זיא האט געהערט ווען דער בעאמטער פון'ם געריכט האט געזאגט צו איהר פאטער, אז ער זאל אוועק פיהרען דעם פעראורטהייל־טען אין טויטענקאמער. זיא האט זיך פעסט ענטשלאסען צו רעטען ארטהורן. זיא האט יעצט געוואוסט, אז איהר פאטער האט דעם שליסעל צו דער טויטענקאמער.

— דאס איז דער איינציגער וועג איהם צו רעטען! פלעגט זיא אפט זאגען צו זיך אליין. איך מוז בענוצען דיעזעס מיטעל, איך מוז בענוצען דיעזען וועג.

זייט זיא האט געוואוסט, אז ארטהור געפינט זיך אין דער טויטענקאמער, האט זיא ניט געלעבט און ניט גערוהט. זיא האט געוואוסט, אז דיא שטונדען זיינען געצעהלט, אז יעדע מינוט איז יעצט טהייער און איהר יונגער קאפ האט געארבייטעט און געזוכט מיטעל, וויא אזוי צו בעקומען דעם שליסעל. זיא פלעגט זיך צוהערן צו יעדען געררויש אין שטוב. יעדעס מאל, ווען מען פלעגט עפענען דיא טהיר, פלעגט זיא א ציטער טאהן און פלעגט צו לענען דעם אויער צו דער וואנד אום צו הערן, ווער עס איז געקומען און וואס ער וועט זאגען.

אזוי איז זיא איין מאל געזעסען אין איהר צימער טרויעריג און פערטראכט. פלוצלונג האט זיא געהערט קלינגען. איהר פאטער איז געגאנגען עפענען דיא טהיר. זיא איז אריינגעקומען אין גרויסען צימער זעהן, ווער עס איז געקומען. איהר הערץ האט איהר געזאגט, אז דא איז מען געקומען וועגען ארטהורן.

עס איז ווירקליך אריינגעקומען א בעאמטער פון קרימינאל געריכט און האט

איבערגעגעבען איהר פאטער א פערזענלעכען בריעף. מיכאאל האט צוגענומען דעם בריעף און האט זיך צושריעבען אין בוך. דער באמטער איז זיך אוועקגעגאנגען.

האסטיג האט מיכאאיל אויפגעריסען דעם קאנווערט און האט דורכגעלעזען דעם בריעף מיט דיא אויגען. ער איז געווארען טרויעריג.

— עס איז פערפאלען, טאכטער! האט ער אויסגערופען, עס איז מעהר קיינע רעטונג דא פאר בארא‏ן פאן באטהיאני! אט איז דער בעפעהל, איך זאל אלעס פאר־בערייטען. מארגען וועט מען איהם אויפהענגען.

מיט דיזע ווערטער האט ער איהר דערלאנגט דעם בעפעהל.

— לעז אליין, טאכטער.

אננא האט גענומען דאס שרעקליכע פאפיער און האט געלעזען:

„דאס קייזערליך־קעניגליכע קרימינאל געריכט פון בודאפעסט הייסט דעם הענקער מיכאאיל, ער זאל פארבערייטען אלעס נעטהיגע צו דער היגריכטונג פון׳ם פערברעכער ארטהור, געוועזענער בארא‏ן פאן באטהיאני. ער מוז שטארבען דורך הענגען“.

אננא האט אנגעהויבען צו ציטערן. זיא האט צוואר ערווארטעט דיעזע שרעק־ליכע בעפעהל. זיא האט דאך געוואוסט, אז דיעזער בעפעהל וועט ענדליך קומען, אבער אזוי איז שוין דער מענש. זא לאנג ער אטהעמט נאך, האפט ער נאך. אננא האט נאך אלץ געהאפט, אז דער קייזער וועט בעגנאדיגען ארטהור׳ן, אז עפעס וועט נאך געשעהן אום איהם צו רעטען, צו בעפרייען. יעצט אבער איז שוין אלעס פערלא־רען. יעצט מוז ער שטארבען, וויא א פערברעכער אויפ׳ן עשאפאט.

— וואס קענען מיר העלפען? האט זיא געזאגט, דוא מוזט טאהן, וואס מען הייסט דיר, פאטער. — אבער אך! איך וויל זעהר איהם זעהן נאך א מאל פאר זיין טויט. פאטער! פיהר מיך צו איהם!

— איך טאר עס ניט, קינד, האט מיכאאיל געענטפערט, און צו וואס דארפסט דוא עס? עס איז קיין פרעהליכער אנבליק פאר א יונגעס מעדכען.

— איך בין שטארק גענוג, פאטער, איך וועל עס איבערטראגען.

— ניין, קינד, איך קען עס ניט. דוא דארפסט ניט אריינקומען אין דיא טוי־טענקאמער.

— וואו געפינט זיך דיא טויטענקאמער?

— צו וואס פרעגסט דוא אזעלכע נארישקייטען, קינד? עס איז ניט פאר דיר!

— פאטער! איך בעט דיך! איך בעשוועהר דיך! פיהר מיך צו איהם! איך וויל איהם נאך א מאל זעהן. גיב מיר דעם שליעסעל און זאג מיר, וואו דיא טויטענקאמער געפינט זיך, וועל איך אליין געהן צו איהם.

— דוא וועסט אליין ניט טרעפען דעם וועג.

— פאטער! גיב מיר דעם שליעסעל. איך וועל שוין טרעפען דעם וועג.

— איך קען עס ניט טאהן, טאכטער. איך האב געשווארען, אז איך זאל קיינעם ניט געבען דעם שליסעל.

אננא האט געטראכט איינינע מינוט. זיא האט געקלערט, וויא אזוי זיא זאל

דאך אויסבעטען דעם שליסעל ביי איהר פאטער. פל... ...איהר
געווארען. א נייער געדאנק איז איהר געקומען אין קאפ.

— פאטער, ווייז מיר ווענינגסטענס דעם שליסעל צו יענער טהיר.

— צו וואס דארפסט דוא איהם זעהן? דוא ביסט איסער זינען, קינד!

— עס איז א קאפריז פון מיר, איך וויים עס, האט זיא געזאגט, וואס האט עס דיך אבער? קענסט דוא מיר ניט צוליעב טאהן אזא קלייניגקייט?

מיכאאיל האט ארויסגענומען דעם שליסעל פון א קעשענע פון זיין ראק און האט איהם געוויעזען זיין טאכטער. אננא האט איהם דערקענט, או אס איז דער ריכטיגער.

— פון וואנען ווייסט דוא, אז דאס איז דער ריכטיגער שליסעל? האט מיכאאיל געפרעגט, פיעלייכט האב איך דיך אפגענארט?

— אך, פאטער! איך קען דיך זעהר גוט, האט אננא אויסגערופען, דוא וועסט דיין קינד ניט אפנארען.

— ניין, אננא, ניין! איך וועל מיין קינד ניט אפנארען.

— איך וויים עס, פאטער, איך קען דיך. דוא האסט פיינט יעדע פאלשקייט און יעדען בעטרוג. — פאר וואס אבער טראגסט דוא ארום דיעזען שליסעל ביי זיך? פאר וואס הענגסט דוא איהם ניט אויף מיט דיא אנדערע שליסעל?

— איך טאר עס ניט טאהן, טאכטער, מען האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל דעם שליסעל קיינעם ניט געבען. איך בין פעראנטווארטליך פאר איהם.

— ווען דוא ביסט פעראנטווארטליך פאר דיעזען שליסעל, איז דאך פיעל גלייכער, דוא זאלסט איהם האלטען ביי זיך אין צימער. ווען דוא טראגסט איהם ארום אין קעשענע קענסט דוא איהם פערליערען.

— דוא האסט רעכט, אננא, מען האט מיר אבער אנגעזאגט זעהר שטרענג, אז איך זאל איהם האלטען ביי זיך.

— טהו, וויא דוא פערשטעהסט, פאטער. אבער דער באראן...

— וואס קענען איהם העלפען דיין מיטלייד און דיין בעדויערן? ער מוז ליידען. ער מוז שטארבען! — אך! ווען ער זאל דאמאלס געווען בלייבען ביי אונז; ווען ער זאל געווען ווערן א הענקער, דאן וואלט ער געטויטעט דיעזע טייפעל, וועלכע מיר רופען מענשען. יעצט אבער וועלען זיי איהם טויטען. עס איז מיר שווער עס צו טאהן, איך מוז עס אבער.

— ווען וועט מען איהם אויפהענגען?

— מארגען גאנץ פריה.

פאטער און טאכטער האבען נאך אוועקגערעדט אייניגע צייט, דאן איז דער הענקער אוועקגעגאנגען אין זיין צימער. אננא איז געבליעבען אליין.

יעצט וויים זיא שוין, וועלכער שליסעל עפענט דיא געהיימע טהיר. זיא וויים שוין, וואו דיעזער שליסעל געפינט זיך. וויא אזוי קומט מען אבער צו איהם? דער פאטער וויל איהם אויף קיין פאלל ניט געבען. מיט גוטען וועט זיא איהם ניט קריגען.

זיא מוז עפּעס אויסטראכטען. זיא מוז געברויכען עפּעס א קונסט־שטיק. זיא מוז איהם אויסנאררען.

זיא האט זיך דערמאָנט, אז יעדעס מאל ווען איהר פאטער דארף אויסאיבען זיין בלוטיגעס האנדווערק, האט ער ליעב צו טרינקען.

— דאס מוז מען יעצט בענוצען, האט זיא געמורמעלט צווישען דיא ציינער. ער מוז נור שלאפען אביסעל שטארקער, וויא געוועהנליך. ער וועט געוויס טרינקען היינט ביי נאכט.

זיא האט זיך אנגעטאהן און איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען. דיא זון איז שוין אונטערגעגאנגען. אין דיא גאסען איז געווען פינסטער. אננא איז געגאנגען צו א גרויסען וויינהענדלער און האט געקויפט ביי איהם דרייא פלאשען שטארקען, אלטען טאָקאַיער וויין, וויא מען קען איהם קריעגען נור אין אונגארן. זיא האט זיי איינגעוויקעלט אין א שאַל און איז געגאנגען אהיים. אויפ'ן וועג האט זיא צונערופען א דראָשקע און האט געהייסען דעם קוטשער ווארטען אויף דער בריק ביז ארום צוועלף אוהר ביי נאכט.

— היינט ביים נאכט־עסען וועט ער געוויס טרינקען מעהר וויא געוועהנליך, האט זיא זיך געטראכט. איך מוז זעהן, ער זאל טרינקען דיעזען וויין.

זיא איז געקומען אהיים, האט אניעדערגעשטעלט דעם וויין אין שפּייזע־קאסטען און איז זיך אוועקגעגאנגען אין איהר צימער.

אום אכט אוהר האט זיך מיכאאיל געזעצט עסען.

— וואו איז עס אננא? האט ער געפרעגט זיין פרוי, פאר האט געהט זיא ניט עסען מיט אונז?

— זיא זיצט אין איהר צימער און וויינט. זיא קען ניט פערגעסען דאס שיקזאל פון'ם ארימען באראָן.

— רוף זיא אריין, לאז זיא עסען. וואס וועט זיא דען העלפען מיט איהר וויינען און מיט איהר יאמערן?

אין איינינע מינוטען ארום איז אננא געקומען מיט איהר מוטער און האט זיך געזעצט צום טיש. זיא האט זיך צוגעקוקט און האט דערזעהן, אז אויפ'ן טיש שטעהען ווירקליך דיא פלעשער וויין, וועלכע זיא האט געקויפט ביים וויין הענדלער. יעצט איז נור געווען דיא פראגע, וויא אזוי עס צו מאכען, אז איהר פאטער זאל פיעל טרינקען.

— וואס טרויערסט דוא אזוי שטארק, קינד? האט מיכאאיל אויסגערופען, ווען זיא האט זיך געזעצט צום טיש. וואס וועט דען ווערן דערפון? — פערגעס איהם, טאָכטער! ער איז א פערלאָרענער מענש און מיר מוזען איהם פערגעסען.

— איך קען ניט, פאטער. יעדעס מאל, ווען איך דערמאן מיך אן איהם, הייב איך אן צו ציטערן. עס פאלט אן אויף מיר א טרויער און איך מוז וויינען.

— טרינק אביסעל וויין, טאכטער, וועסט דוא זיך בערוהיגען. מיר ווערט אמאל אויך זעהר שווער מיין האנדווערק. איך זוך צו פערטרינקען מיין שמערץ אין וויין, דאס ליעבע געטרענק, וועלכעס גאט האט בעשאפען צו טרייסטען און ערקוויקען דיא מענשען.

ער האט גענומען דיא פלאש און האט אנגעגאסען זיך א גרויס גלאז און זיין טאכטער א קליין גלעזעלע און האט אנגעהויבען צו בעטען אז זיא זאל טרינקען.

— טרינק דוא, פאטער! דיר איז עס נעטהיג. דוא האסט מארגען א שווערע ארבייט. דוא מוזט טרינקען.

פאטער און טאכטער האבען אנגעהויבען זיך צו שפארען, ווער עס דארף מעהר טרינקען. מיכאאיל האט געוויזען זיין טאכטער, אז ער קען טרינקען. ער האט אויס-געלעדיגט דיא פלאש און האט אנגעהויבען אן אנדערע. אננא האט זיך געמאכט אז יא טרינקט און האט איהם אלע מאל אונטערגענאסען. מיכאאיל איז פריהליכער געווארען. דער שטארקער טאקייער וויין האט געטאהן דאס זייניגע. ער האט גאנץ עהרליך ערפילט זיין פפליכט אלס גוטער, שטארקער וויין.

ענדליך זיינען דיא פלאשען געווארען לעדיג. מיכאאיל האט זיך שוין קוים געקענט דיהרען.

— לעג דיך שלאפען, פאטער! האט אננא געבעטען, דוא דארפסט געוויס אויפשטעהן מארגען גאנץ פריה.

— יא, איך מוז אויפשטעהן אום פיער אוהר אין דער פריה און מאכען אלע פארבערייטונגען.

— קום, פאטער, איך וועל דיך לעגען שלאפען.

עס איז שוין געווען רעכט שפעט. אננא'ס מוטער איז נאך פריהער אוועקגע-גאנגען פון טיש און האט זיך געלעגט שלאפען. אננא האט אריינגעפיהרט איהר פאטער אין זיין צימער און האט איהם געלעגט שלאפען. ער איז שוין געווען אזוי פול אז ער האט זיך געלעגט ניט אויסגעטאהן.

אום עלף אוהר איז אין גאנצען הויז געווען פינסטער. אלע האבען געשלאפען. דיא לאדען פון דיא פענסטער איז געווען פערמאכט, דיא טהירען געשלאסען. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג. נור אין איין צימעריל האט געברענט דונקעל א ליכט. אננא איז געזעסען אין איהר צימעריל און האט געווארט. זיא האט געווארט, ביז אלע וועלען געשמאק שלאפען.

— אך, גאט! האט זיא געמורמעלט. — גיב מיר קראפט און פערשטאנד אידם צו רעטען! גיב מיר פערשטאנד אויסצוגעפינען דיא טויטענקאמער. — איך קען עס ניט איבערטראגען. איך וועל ניט לעבען, ווען מען וועט איהם אויפהענגען. איך מוז איהם רעטען. איך האב אמאל צוגעזאגט סטאסא'ן, אז איך בין בערייט צו אפפערן מיין לעבען פון זיינעט וועגען. היינט איז געקומען דיא צייט עס צו טאהן.

זיא האט גענומען דאס ליכט און איז שטילערהייט געגאנגען אין איהר פאטערס צימער. ער איז געשלאפען געשמאק, וויא א מענש קען נור שלאפען, ווען ער האט אויסגעטרונקען א פאר פלאשען שאמפאניער. זיא האט אניעדערגעשטעלט דאס ליכט אויפ'ן טיש און האט זיך אנגעבויגען איבער איהר פאטער.

— זיא געהערט מיר! איך וועל זיא דיר ניט געבען, סטאסא! האט מיכאאיל געשריען.

— ער רעדט פון שלאף. ער טרוימט. — וואס קען סטאסא פערלאנגען פון איהם? חאט אננא גערעדט צו זיך אליין.

זיא האט געמוזט ווארטען איינציגע מינוט, ביז איהר פאטער איז ווידער גע־שלאפען געשלאפען. דאן האט זיא אריינגעלעגט לאנגזאם און פארזיכטיג איהר קליינע האנד אין זיין בוזים קעשענע, וואו ער האט געהאלטען דעם בעוואוסטען שליסעל. — ער איז דא! זיא האט איהם!

אין דיעזע מינוט האט איהר פאטער ווידער אנגעהויבען צו רעדען פון שלאף.

— איך וועל זיא דיר ניט געבען, סטאסא! דוא ווייסט גאנץ גוט, ווער איך בין. זיא איז מיינע. געה דיר אוועק און קום ניט צו מיר נאך א מאל מיט אזעלכע פאדערונגען!

אננא האט א ציטער געטאהן. אלזא איהר פאטער קריעגט זיך מיט סטאסא'ן. עפּיס געפינט זיך צווישען זיי א געהיימניס. עס איז אבער יעצט ניט דיא צייט צו דענקען פון דיעזעס געהיימניס. זיא האט אנאנדערע וויכטיגערע ארבייט פאר זיך.

ענדליך האט זיא ארויסגענומען דעם שליסעל פון'ם פאטערס קעשענע און איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון צימער. איהר הערץ האט געקלאפט, ווי מיט האמערס, איהרע הענד האבען געציטערט. זיא איז אבער געווען גליקליך. ענדליך געהט זיא רעטען ארטהורן!

שטיל, לאנגזאם און פארזיכטיג איז זיא דורכגעגאנגען דעם לאנגען קארידאר און איז צוגעקומען צו דער טהיר, וועלכע האט געפיהרט צום געהיים־גאנג. זיא האט געעפענט דיעזע שרעקליכע טהיר און איז אריינגעקומען אין א פינסטערן, פייכטען און דומפיגען קארידאר. דא האט זיא געמוזט געהן נאך לאנגזאמער, נאך פארזיכטיגער, זעהר אפט האט זיא געמוזט בלייבען שטעהן און זיך ארומקוקען. עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז איבער איהר קאפּ רוישט וואסער.

— זאל דאס זיין דער וואסער פון דער דאנוי? האט זיא געפרעגט.

זיא האט צונויפגענומען אלע איהרע קרעפטע און איז געגאנגען ווייטער און ווייטער, טיעפער און טיעפער אין דיעזען פינסטערן גאנג. — — — — —

אויף עטליכע ברעטער, בעדעקט מיט שמוציגעס, פערפוילטעס שטרוי איז גע־לעגען ארטהור פאן באטהיאני אין דער קאלטער און נאסער טויטענקאמער. ניט ווייט פון איהם איז געשטאנען א לעהמענער קרוג מיט וואסער און א שטיק שווארצעס, פערדארטעס ברויט. דאס איז געווען דיא איינציגע שפייז, וואס מען האט איהם גע־געבען. ער האט עס אבער ניט אנגעריהרט.

שוין זייט צוואנציג שטונדען געפינט ער זיך אין דיעזער טרויעריגען קאמער. ער ליעגט אויף זיין געליגער אדער זעצט זיך אויף און טראכט. ער רעדט ניט, שרייט ניט, קלאגט ניט, יאמערט ניט, בייזערט זיך ניט און ווארפט זיך ניט. ער איז געפאסט אויף זיין ענדע.

— באלד, באלד וועט עס געשעהן, ברומט ער פון צייט צו צייט פאר זיך, באלד וועט אלעס אויפהערן, מיין לעבען און מיינע ליידען וועלען זיך ענדיגען מיט אמאל. פון דעם פרישען, געזונדען און מינטהערן ארטהור, וועלכער האט געטרוימט פון גליק און

ליעבע, וועט בלייבען אביסעל פלייש און ביינער, וועלכע וועלען נאך דויערן איינינע צייט און וועלען ווערן שטויב, — ניכטס! —

ער האט זיך צוריק געלעגט אויף זיין שמוציגען, הארטען און קאלטען געלעגער.

— איך דוא, עלווירא, האסט מיך פערגעסען; דוא האסט זיך אויך אוועק־געקעהרט פון'ם פעראכטעטען פערברעכער — וואס איז דאס? — דאכט זיך, מען געהט! — איך הער שטילע טריט! — זאל עס זיין דער הענקער? — קומט ער שוין מיך צו פיהרען אויפ'ן עשאפאט?

אין דער טהיר פון דער טויטען קאמער האט זיך געוויזען א שוואכער שיין. שטילערהייט האט זיך דיא שווערע טהיר געעפענט. א געשטאלט איז אריינגעקומען מיט א ליכט אין דער האנד.

— אננא! האט ער אויסגערופען ערשטוינט.

— ליעבער ארטהור!

— מעהר האט אננא ניט געקענט זאגען. דיא טרערין האבען איהר געווארגען, ווען זיא האט געזעהן דיא טרויעריגע, נאסע און קאלטע קאמער.

— אננא! וויא קומסט דוא אהער? האט ארטהור ענדליך געפרעגט.

— איך וויל אייך רעטען, ארטהור, האט אננא געענטפערט.

— וואס רעדסט דוא, אננא? דוא לאכסט פון מיר? דוא ביסט געקומען מיך מארטערן אין דיא לעצטע שטונדען פון מיין טרויעריגעס לעבען?

— ניין, ארטהור, ניין! איך בין ניט געקומען לאכען פון אייך; איך בין געקומען אייך רעטען פון'ם שרעקליכען שיקזאל, וועלכער ערוואַרטעט אייך מארגען אין דער פריה. — אייערע מינוטען זיינען געצעהלט. איך וויל אייך רעטען. לאמיר בענוצען דיא איינציגע מינוטען, וועלכע זיינען אייך נאך געגעבליעבען.

ארטהור האט געשאקעלט טרויעריג מיטן קאפ, ער האט איהר ניט געגלויבט.

— וויא אזוי ווילסט דוא מיך רעטען, אננא?

— איך וועל אייך פיהרען אויף א געהיימען וועג פון אונזערע וואינונג, פון דארט געהט איהר ארויס אויף דער בריק איבער דער דאַנוי און איהר זייט פריי. פון יענער זייט בריק שטעהט א דראָשקע, אויף וועלכער עס ליעגט פון אייערט וועגען א פעקעל קליידער.

ארטהור איז געווארען אזוי איבערראשט, אז ער האט קוים געקענט רעדען. ער האט זיך איבערצייגט, אז אננא מיינט עס גאנץ ערנסט, אז זיא רעדט דיא וואהרהייט אז זיא האט ווירקליך אלעס פארבערייטעט אום איהם צו רעטען.

— גוטעס, עדלעס, גראָסמוטהיגעס מעדכען! האט ער אויסגערופען, איך בע־וואונדער דיין מוטה און דיין קראַפט! איך דאנקע דיר פאר דיין עדעלקייט און גוטעס הערץ! איך קען אבער ניט אנטלויפען. איך וויל ניט, אז מען זאל זאגען, אז דער באראָן פאן באַטהיאני האט מורא געהאט פארן טויט און איז אנטלאפען, וויא יעדער אנדערער פערברעכער.

— ניין, ארטהור, ניין! מע וועט זאגען, אז דער באראָן ארטהור פאן באַטה־יאני האט געוואוסט, אז ער איז אונשולדיג און ער האט ניט געוואלט, אז דאס קריי־

מינאל געריכט פון בודאפעסט זאָל בעגעהן אזא שרעקליכעס פערברעכען. מען וועט זאגען, אז דער באראן ארטהור פאָן באטהיאני וויל ערגיינץ אפווארטען, ביז עס וועט זיך ארויס ווייזען, אז ער איז אונשולדיג און מען האט איהם אונגערעכט פערורטהיילט.

— מען וועט דאך אבער רעדען פון מיר אין אלע גאססען, מען וועט געוואהר ווערן, אז איך בין אנטלאפען, מען וועט מאכען אונטערזוכונגען. אונשולדיגע מענשען וועלען ליידען דורך מיין אנטלויפען.

— ניין, ארטהור, ניין! קיינער וועט ניט ליידען. דיא ריכטער שעהמען זיך שוין, וואס זיי האבען אייך פערארטהיילט און זיי האבען צוגעשיקט צו מיין פאטער א בעפעהל, ער זאל אייך טייטען שטילערהייט. זיי אליין האבען מורא פאר דיא עפענטליכקייט. זיי ווילען. אז איהר זאלט שטארבען, זיי ווילען אבער קיין רעש דערפון מאכען. איך האב געהערט, אז מען וויל אייך טייטען מארגען גאנץ פריה, פאר טאג. רעטעט אייך! קיינער וועט ניט וויסען דערפון, מיין פאטער וועט קיינעם ניט ארויסזאגען, ווייל ער איז פעראנטווארטליך מיט זיין לעבען פאר אייך.

— דאן קען איך ניט אנטלויפען! איך וויל ניט, אז דיין פאטער זאל ליידען דורך מיר, איך וויל ניט, אז א מענש זאל זיך האבען צו בעקלאגען אויף מיר.

— מיין פאטער וועט ניט ליידען דורך אייך! האט אננא אויסגערופען, ווען מען זאל עס שוין געוואהר ווערן, וועל איך נעהמען דיא שולד אויף מיר. איך וועל זאגען, אז איך האב עס געטאהן. מיר וועט מען גאר ניט טאהן, ווייל איך בין נאך ניט פאליעהריג.

— גוטעס, עדעלעס מעדכען! האט ארטהור אויסגערופען, דוא ביסט א זעלטענהייט צווישען דיא מענשען! אין דער צייט, ווען ארום אונז הערשען רויב, מארד, שווינדעל און בעטרוג, ביסט דוא געבליעבען אונשולדיג, ריין און אין דיין ברוסט שלאגט נאך א מענשליכעס הערץ! דוא האסט נאך אין זיך מענשליכע געפיהלע, דוא ביסט נאך גוט, עדעל און גראססמיטהיג! דוא ווילסט אפפערן דיין לעבען אום מיך צו רעטען! — לאז מיך, עדעלעס קינד! לאז מיך! פאר מיר האט דאס לעבען קיין ווערטה מעהר. איך וויל שטארבען, דוא אבער ביסט נאך יונג און קענסט נאך גליקליך זיין. געה דיר אהיים און לאז מיך איבער מיין שיקזאל.

זיא האט איהם אנגעכאפט ביידע הענד און האט אויסגערופען:

— אום גאטעס וויללען! קומט מיט מיר! קומט שנעל! דיא צייט פערגעהט. באלד וועט עס שוין זיין שפעט!

זיא האט איהם אנגעהויבען צו שלעפען מיט זיך, ארטהור האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן. ער האט ניט געוואלט אנטלויפען, ער האט גוט בערעכענט, אז ער וועט מוזען זיך וואלגערן ערגעץ אין פרעמדע לענדער אונטער א פאלשען נאמען און ליידען הונגער און נויט, וועלכע זיינען שרעקליכער וויא דער טויט.

ער איז געשטאנען פערטראכט און האט זיך איבערלעגט: זאל ער נעהן מיט איהר אדער ניט. פלוצלונג האט ער געפיהלט, וויא צוויא הייסע ברענענדיגע טרעהרן זיינען ארויפגעפאלען אויף זיינע הענד. אננא האט געוויינט, איהרע טרעהרן האבען

איהם געריהרט, ער האט געפיהלט, אז דיזעס מעדכען ליעבט איהם מיט א וואהרער, עהרליכער ליעבע.

— איך געה מיט דיר אננא! — קום, פיהר מיך! איך וועל געהן מיט דיר וואוהין דוא ווילסט. לאז זיין, וואס עס וויל זיך!

אננא האט אויפגעהערט צו וויינען און האט געקוקט אויף איהם פול פרייד.

— קומט מיט מיר! קומט!

— וואו וועל איך מיך דערוויילע בעהאלטען?

— איהר קענט פאהרען אהיים, אין דיא קארפאטען בערג קען מען זיך איינ־בעהאלטען, אין אייסערסטען פאל קענט איהר זיך בעהאלטען אין טהורעם פון משעמ־ני, ער שטעהט יעצט לעדיג, איהר קענט דארט א געוויסע צייט זיין זיכער. אונטער־דעסען קען זיך ארויסווייזען. אז איהר זייט אונשולדיג, דאס שפריכווארט זאגט: "קאמט צייט, קאמט ראטה". מיט דער צייט וועט איהר זיך איבערלעגען וואס צו מאהן. יעצט אבער קומט.

זיא האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט איהם געפיהרט, וויא מען פיהרט א קינד. זיי זיינען געגאנגען שטיל און פארזיכטיג, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום געהיימען גאנג. דארט זיינען זיי דורכגעגאנגען דעם געהיימען גאנג און זיינען ארייגגע־קומען צו מיכאאילן אין הויז. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג, אלע זיינען געשלאפען קיינער האט ניט געהערט. קיינער האט זיי ניט געשטערט. אננא האט שטילערהייט פערשלאסען דיא געהיימע טהיר הינטער זיך, האט דורכגעפיהרט ארטהורן דורכן הויף און האט איהם ארויסגעלאזען אין דרויסען.

— געהט אריבער דיא בריק, האט זיא איהם געזאגט, פון יענער זייט וועט איהר דערזעהן א דראשקע. איהר וועט צוגעהן צום קוטשער און איהם זאגען: „גרים נאכט אין האלבע נאכט!" ער וועט אייך באלד אויפנעהמען מיט אייך אוועקפאהרען.

— איך דאנק דיר, גוטע, עדעלע זעלע! איך דאנק דיר פון גאנצען הערצען! איך קען דיך ניט בעלוינען פאר דיין גוטעס הערץ און פאר דיינע אויפאפפערונג, גאט זאל דיך בעלוינען! גאט זאל דיך בעשיצען!

אננא האט שוין ניט געהערט ארטהורס לעצטע ווערטער. זיא האט פערמאכט דאס טהירעל און איז אריינגעלאפען צו זיך אין שטוב.

אננא און ארטהור זיינען געווען צופיעל בעשעפטיגט מיט זיך אליין אום צו זעהן, וויא א פערהילטע געשטאלט איז געשטאנען אין א ווינקעלע און האט אלעס געזעהן און אלעס געהערט.

— איך וויים, ווער דוא האסט דא ארויסגעפיהרט, שעהנע אננא! האט דיא געשטאלט געזאגט צו זיך אליין. איך וויל דיך יעצט ניט שטערן, ווייל עס פאסט מיר צו מיין פלאן. איך וועל שווייגען איינינע צייט, ביז איך וועל זעהן, אב עס ניצט מיר. דאן אבער וועל איך רעדען. דאן וועה דיר, שעהנע אננא! ווען דוא ווערסט ניט וועי־לען טאהן אלעס, וואס איך וועל פון דיר פערלאנגען.

ארטהור איז געגאנגען לאנגזאם איבער דער בריק. דיא נאכט איז געווען שעהן און דונקעל. ער האט איינגעאטהעמעט מיט פולע באקען דיא פרישע, קיהלע נאכט

לופט. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער איז ניי געבארען. ערשט מיט איינינע מינוט צוריק האט ער ערוואַרטעט דעם טויט און יעצט איז ער א פרייער מענש. ער האט זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטען. ער האט בעגריסט דעם הימעל, דיא ערד, דיא נאכט, -דיא שטערן, דאס וואסער, דיא גאסען, דיא הייזער און אלעס, וואס ער האט געקענט זעהן און הערן אין דער פינסטער. אלעס האט איהם געזאגט: „דוא לעבסט! דוא ביסט פריי!"

ער איז אריבער געגאנגען דיא בריק איבער דער דאנוי, פון יענער זייט איז גע־שטאנען א דראשקע. דער קוטשער איז ארומגעגאנגען ניט ווייט. ארטהור איז צוגע־קומען צו איהם און האט איהם געזאגט:

— גרים דיך נאט אום האלבע נאכט!

קוים האט ער אויסגעזאגט דיעזע ווערטער, איז דער קוטשער ארויפגעשפרונגען אויף זיין זיץ און האט אווינק געטאהן ארטהורן, ער זאל זיך זעצען. ארטהור האט זיך אריינגעזעצט אין דער דראשקע. דער קוטשער האט אנגעהויבען צו טרייבען דיא פערד. אין א האלבע שטונדע ארום זיינען זיי געווען אויסער דער שטאדט. ארטהור האט אנגעטאפט אין דער דראשקע א פעקעל. דאס זיינען געווען אנדערע קליידער פאר איהם.

## 20טער קאפיטעל.

# פאטער און טאכטער.

אננא איז געווען גליקליך. זיא איז געווען אויפ'ן זיעבענטען הימעל, וואס עס איז איהר געלונגען צו בעפרייען דעם בארא פאן באטהיאני. זיא איז אריינגעלאפען אין איהר צימערל, איז געפאלען אויף דיא קניע פאר א הייליגען בילד און האט אנ־געהויבען צו דאנקען גאט פאר דיא גליקליכע בעפרייאונג.

זיא האט געפיהלט, אז זיא האט געטאהן א גוטע זאך. זיא האט גערעטעט א מענשען. דיעזעס געפיהל איז זים. דיעזעס געפיהל איז אנגענעהם. דיעזעס געפיהעל מאכט אונז שטאלץ. מיר זיינען גליקליך, ווען מיר טהוען עטוואס גוטעס. מיר פיה־לען, אז מיר האבען ניט געלעבט אומזיסט, אז מיר האבען עפעס אויפגעטאהן אין אונ־זער לעבען.

ענדליך האט זיא זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און איז אריינגעגאנגען אין איהר פאטער'ס צימער. מיכאאיל איז געשלאפען געשמאק. זיא האט איהם ארייג־געלענט דעם שליסעל צוריק אין בוזים קעשענע און ער האט ניט געהערט. דאן האט זיא זיך געזעצט לעבען זיין בעט און האט זיך פעטראכט. פון שלאפען האט ביי איהר קיין רעד ניט געקענט זיין, זיא האט זיך געפיהלט אזוי גליק־ליך, אז זיא האט ניט געקענט דענקען פון שלאף. שטונדען נאך שטונדען זיינען פער־גאנגען און זיא איז אלס געזעסען אויף איהר שטוהל און האט געקוקט אויף איהר פאטער.

צומאל פלעגט זיא דענקען, וואס האט זיא דען געטאהן? זיא האט דאך אפ־גענארט איהר פאטער און האט איהם געבראכט אין געפאהר, באלד אבער פלעגט

זיא זיך איבערלעגען, אז אין אייסערסטען פאלל וועט זיא אלעס אויסזאגען און וועט נעהמען דיא גאנצע שולד אויף זיך.

ענדליך האט דיא אוהר אויסגעשלאגען פיער, יעצט האט מיכאאיל געדארפט אויפשטעהן. זיא האט זיך ענטשלאסען איהם צו וועקען.

— שטעהט אויף, פאטער! עס איז שוין צייט, האט זיא געזאגט שטילערהייט איבער זיין אויער.

זיא האט געמוזט שרייען העכער, ביז ער איז אויפגעשטאנען. ער האט באלד א קוק געטאהן אויף דיא אוהר. עס איז געווען איניגע מינוט נאך פיער. ער האט זיך שנעל אנגעטאהן, האט גענומען זיין קעסטעלע אינסטרומענטען מיט זיך און איז אוועקגעגאנגען.

אננא איז צוריקגעגאנגען אין איהר צימער. זיא האט זיך אבער ניט געלעגט. זיא איז געזעסען און האט געציטערט. זיא האט געוואוסט, אז באלד וועט איהר פאטער צוריקקומען. ער וועט ענטדעקען, אז דער פעראורטהיילטער איז פערשוואונדען געווארען. ערשט יעצט האט זיא אנגעהויבען צו פיהלען, אז איהר פאטער איז ווירקליך אין א געפאהר.

אין א האלבע שטונדע ארום איז איהר פאטער ווירקליך צוריקגעקומען. ער איז געווען בלייך און אויפגערעגט.

— וואס האט דא געקענט פארקומען? האט ער געשריען, ווען ער איז אריינגעקומען אין שטוב, דער פעראורטהיילטער איז פערשוואונדען! איך קען גאר ניט פערשטעהן, וואס דא איז געשעהן. וויא אזוי האט ער געקענט אנטלויפען?

— אזוי? ער איז אנטלאפען? — דעסטא בעסער! האט אננא אויסגערופען פול פרייד.

— וואס רעדסט דוא, טאכטער? דוא פרעהסט זיך? דוא ווייסט ניט, אז איך בין פעראנטווארטליך פאר איהם. מען האט איהם איבערגעגעבען מיר אין דיא הענד.

— דוא ביסט דאך אבער ניט שולדיג, פאטער, דוא האסט דאך קיינעם ניט געגעבען דעם שליסעל. דוא האסט דאך ניט געהאלפען, ער זאל אנטלויפען.

— דערפאר איז דאך מיר א וואונדער, וויא אזוי איז ער אנטלאפען.

— פאטער, פיעלייכט האט איינער פון דיא וועכטער פון געפענגנים אדער איינער פון דיא בעאמטע איהם געהאלפען אנטלויפען.

— דאס קען ניט זיין. ווען מען האט איהם מיר איבערגעגעבען, איז מיט מיר געווען נור דער אינספעקטאר פון געפענגנים. נור ער האט געוואוסט, וואו דער פעראורטהיילטער געפינט זיך. ער האט געוויס ניט געהאלפען, אז דער באראן זאל אנטלויפען.

— בעדענק, פאטער, אז עס קען פיעלייכט זיין אנדערע מיטעל צו אנטלויפען. דוא ביסט נאך ווייניג בעקאנט מיט'ן געפענגנים. פיעלייכט געפינען זיך געהיימע טהירען אדער געהיימע גענג, דורך וועלכע מען קען אנטלויפען?

זיא האט מיט איהם אזוי לאנג גערעדט און אזוי פיעל אויסגעפארשט, ביז ער

האט איהר ערקלערט, וויא דיא טויטענקאמער איז איינגעריכטעט און אז עס געפינט זיך אין דערמיט א שטיין, וועלכער איז גאר א פאלל טהיר. מען דארף נור א קוועטש טאהן אין איין ארט, עפענט זיך אויף א טהירעל צו דער דאנוי. דאס האט געדארפט דיא קלוגע אננא. יעצט האט זיא שוין געהאט עפעס, און וואס זיך צו האלטען.

— פאטער, ווען עס געפינט זיך א געהיימע טהיר צו דער דאנוי, איז דאך מעגליך, אז דער באראן איז געוואהר געווארען פון דיעזער געהיימניס און איז אריינגעשפרונגען אין דער דאנוי?

— ניין, דאס קען ניט זיין! האט ער אויסגערופען, קיינער ווייס ניט פון דיעזעס געהיימניס אויסער מיר און דעם אינספעקטאר.

— מען קען גאר ניט וויסען, האט אננא איהם געטרייסט, עס קען זיין, אז דער באראן האט דורך א צופאל ענטדעקט יענע געהיימע טהיר.

דער הענקער האט ווידער געטראכט איינינע מינוט. ענדליך האט ער אויך געמוזט אנערקענען דיעזע ערקלערונג.

— עס מוז אזוי זיין, האט ער געברומט, אנדערש קען איך עס מיר ניט ערקלערן. דער באראן האט דורך א צופאל ענטדעקט דיא געהיימע טהיר און האט זיך אריינגעווארפען אין דער דאנוי.

— ער האט בענאננען זעלבסטמארד, האט אננא ערקלערט. ער האט בעסער געוואלט זיך אליין געבען דעם טויט, איידער צו שטארבען אויפ'ן עשאפאט.

דער הענקער האט זיך אבער נאך אלץ ניט געקענט בערוהיגען. ער האט מורא געהאט פאר דיא פעראנטווארטליכקייט.

— פאטער! דו דארפסט דאנקען דעם צופאל, וואס עס האט זיך אזוי געמאכט, האט אננא אנגעהויבען צו בערוהיגען איהר פאטער, דו וואלסט געדארפט טאהן א שרעקליכע ארבייט, דער צופאל האט דיך בעפרייט דערפון. איך שטעל מיר פאר, וויא עס וואלט דיר געווען אויפ'ן הארצען, ווען דו וואלסט געמוזט טאהן דיינע פפליכט געגען דעם באראן.

מיכאאיל איז געווען גערירהט. דיא לעצטע ווערטער פון זיין טאכטער האבען אויף איהם געמאכט א שטארקען איינדרוק. ער האט געטראכט איינינע מינוט און האט אויסגערופען:

— דו האסט רעכט, קינד! איך דאנק גאט, וואס ער האט מיך אויסגעהיט דערפון, דאס איך דארף ניט טויטען דעם באראן. איך ווייס דאך, אז ער איז אונשולדיג. לאז ער זיין, וואו ער איז זיך! איך מוז יעצט געהן מעלדען דיא בעאמטע פון געפענגניס, אז ער איז ניטא.

מיכאאיל איז אוועקגעגאנגען אין געפענגניס. דעם אנדערן טאג האט מען געלעזען אין דער געריכטס צייטונג פון בודאפעסט:

„היינט גאנץ פריה האט מען אויפגעהאנגען דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני דערפאר וואס ער האט נאכגעמאכט פאלש געלד".

„אזוי וויא דער באראן פאן באטהיאני איז געווען מיטגליעד פון'ם לאנדראטה, האט דאס קרימינאל געריכט בעשלאסען צו שוינען איהם און ניט אנטאהן איהם דיא

שאנדע, ער זאל שטארבען עפענטליך אויפ'ן עשאפאט. מען האט איהם אויפגעהאנגען שטילערהייט אין געפענגניס.״

דאס איז געווען אלעס, וואס מען האט געוואוסט, וויא אזוי ארטהור פאן באטהיאני איז געשטארבען. אין איינינע טעג ארום איז דיא גאנצע געשיכטע פערגעסען געווארען.

איינינע טעג נאכדעם האט דער הענקער מיכאאיל ערהאלטען א בריעף מיט'ן פאסט שטעמפיל „ראזענוי". ער האט איהם האסטיג אויפגעריסען און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען.

— אזוי? האט ער אויסגערופען, אזוי וויט איז עס שוין געקומען? זיי הייראטען? נון, גוט, איך וועל זיי געבען א האכצייט'ס געשענק, וועלכען זיי וועלען קיין מאל ניט פערגעסען. איך אליין מוז אייך קימען אלס גאסט אויף זייער האכצייט. — יא, באראן נאגי! דוא ווערסט אויפשטעהן אין דער פריה און עס וועט דיר אויסווייזען, אז דיא זון שיינט העלל און פרעהליך איבער דיר, ווען זיא וועט אבער אונטערגעהן, וועט דיר זיין פינסטער אין דיא אויגען, וויא דיא נאכט. דיין ליעבע בראוט וועט פערגיעסען טרעהרען אבער קיין וואסער וועט רינען פון איהרע אויגען, זאנדערן בלוט. מיין האכצייט'ס פרעזענט וועט אייך פערניכטען אייער גליק און פערביטערן אייער פרייד. — איהר האט מיך ניט איינגעלאדען אויף אייער האכצייט. דאס מאכט ניט אויס. איך וועל קימען אלס איינגעבעטענער גאסט. דאן גרעפין וועט איהר ציטערן פארן הענקער!

זייט ער האט ערהאלטען דעם בריעף, פלעגט מיכאאיל ארומגעהן טרויעריג און פערטראכט. אננא און איהר מוטער האבען עס בעמערקט און האבען פראבירט רעדען מיט איהם און איהם אויספרעגען, וואס מיט איהם איז. ער פלעגט זיי אבער ניט ענטפערן. אננא האט מורא געהאט. פיעלייכט איז ער עפעס געוואהר געווארען וועגען ארטהור'ס אנטלויפען און זיא האט זיך ענטשלאסען, זיא זאל זיך בעסער צוקוקען צו איהם. וויא זיא האט געוואוסט, אז ער רעדט פון'ם שלאף, פלעגט זיא שטילערהייט אריינגעהן ביי נאכט אין זיין שלאף צימער און פלעגט זיך אונטערהערען, וואס ער רעדט.

איין מאל האט זיא געהערט, וויא ער זאגט:

— דאס בעסטע און זיכערסטע איז דאך מיט דער פאסט. ביז צום אכטען אויגוסט וועט עס געוויס אנקומען. דאן וועל איך אויך זיין דארט.

דעם אנדערן טאג האט זיא געזעהן, וויא איהר פאטער איז ארויסגעגאנגען פון דערהיים מיט א פעקעל אונטערן ארים. זיא האט זיך געבראכען דעם קאפ, גע־טראכט, געקלערט און געפארשט, וואס דאס קען זיין; זיא האט אבער גאר ניט געקענט אויסקלערן. אלס פרוי איז זיא געווען נייגעריג און האט זיך ענטשלאסען אויסצופארשען איהר פאטער.

זיא האט אפגעהיט א צייט, ווען איהר פאטער איז געווען אויפגעלעגט און זיא האט איהם געזאגט:

— ליעבער פאטער, איך זעה, אז זייט איינינער צייט געהסט דוא ארום טרויע־ריג און בעטריעבט. וואס איז מיט דיר, פאטער? קענסט דוא ניט מיר פערטרויען דיין שמערץ? פאר וואס זאל איך ניט וויסען, וואס עס בעאונרוהיגט דיך? פאר וואס

זאלסט דוא מיר ניט זאגען, וואס עס קימערט דיך אזוי און פאר וואס דוא לײדעסט?

— איך בין ניט טרויעריג, טאטטער. פערקעהרט, איך פרעה מיך זאגאר. לײ־דער, קען איך דיר יעצט נאך ניט זאגען, פאר וואס איך פרעה מיך אזוי. עס וועט קומען א צייט, אננא, ווען דוא וועסט אלעס וויסען, עס וועט קומען א צייט, אננא, ווען דוא וועסט אלעס פערשטעהן. יעצט אבער מוז איך נאך שווייגען.

אננא האט מעהר ניט גערעדט און מעהר ניט געפאָרשט. זיא האט געוואוסט, אז איהר פאטער וועט איהר מעהר ניט זאגען און זיא וועט פון איהם מעהר ניט ארויסקריעגען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז איהר פאטער אריינגעקומען צו איהר אין צימער. ער איז געווען ערנסט און פערטראכט.

— אננא, איך מוז אוועקפאהרען אויף עטליכע טעג.

— וואוהין פאהרסט דוא פאטער?

— וואס מאכט עס דיר אויס?

— אך, פאטער! איך וויל עס דאך וויסען.

זיי רוהיג, קינד! אין עטליכע טעג ארום וועל איך זיין צוריק אין דערהיים. איך בין געקומען אבשיעד נעהמען פון דיר און דיך עפּעס בעטען.

— מיך בעטען, פאטער? — זאג מיר! בעפעהל, פאטער!

— איך פערלאנג, אז אין דער גאנצער צייט, וואס איך וועל ניט זיין אין דער היים, זאלסט דוא ניט ארויסגעהן פון אונזער הויז.

— וואס זאל איך אבער טאהן, ווען עס וועט פארקומען, אז איך וועל מוזען ארויסגעהן?

— זאלסט דוא בלייבען אין דערהיים. גלויב מיר, אננא, איך וויים, וואס איך פערלאנג.

— גוט, פאטער, איך גיב דיר מייןווארט, אז איך וועל בלייבען אין דערהיים.

— איך דאנק דיר, טאכטער! איך בין זיכער, אז דוא וועסט האלטען דיין ווארט.

מיכאאיל האט ארומגענומען זיין טאכטער, האט איהר א קוש געטאהן אין קאפּ און איז אוועקגעגאנגען צו זיין פרוי. ער האט איהר אויך געזאגט, אז ער מוז אוועק־פאהרען אויף עטליכע טעג.

— איך האב צו דיר א ביטע, האט ער ענדליך געזאגט.

— וואס פערלאנגסט דוא, מיכאאיל?

— ווען סטאסא וועט קומען אהער, זאלסט דוא זיא ניט אריינלאזען.

— איך וועל טאהן, וויא דוא הייסט מיר.

ער האט אבשיעד גענומען פון זיין פרוי און איז זיך אוועקגעפאהרען.

21טער קאפּיטעל.

## אנאנדער בעטלער.

נאני איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער האט אפּגעקויפט דאס שלאָס קאָטהיאני ער איז געווען גענוג קלוג און גענוג דורכגעטריעבען צו וויסען, אז דער

אדוואקאט האט נאך קיין רעכט עס צו פערקויפען. ער האט אבער געהאט אויף איהם א וועקסעל, אז ער מוז איהם געבען ענטוועדער דאס שלאס באטהיאני אדער צוויא מאל אזוי פיעל, וויא פיעל ער האט איהם געגעבען.

— עס איז זעהר גוט, וואס איך האב דיא שליסעל פון שלאס באטהיאני האט ער געזאגט. ווענינגסטענס, ווען דער בישאף ווארשאווסקי וועט קומען צופאהרען, וועל איך האבען וואו איהם אויפצונעהמען.

ער איז צוריקגעגאנגען אין צימער פון דער גרעפין ראדעצקי און האט זיא געפונען טרויעריג און פערטראכט.

— וואס זייט איהר אזוי טרויעריג, גרעפין? האט ער אויסגערופען. איך האב גאנץ פרעהליכע נאכריכטען פאר אייך. איהר מעגט פרעהליך זיין.

— וואס האט פערלאנגט פון אונז דער אדוואקאט? האט זיא געפרעגט.

— זייט זיכער, גרעפין, אז ער האט אונז געבראכט נור גוטעס. דיעזער מענש איז זעהר וויכטיג פאר אונז.

— עס קען זיין, האט דיא גרעפין בעמערקט, זאג מיר יעצט דיינע פרעהליכע נאכריכטען.

— צו ערשט וויל איך אייך מעלדען, אז דער באראן ארטהור פאן באטהיאני לעבט שוין ניט מעהר.

דיא גרעפין איז געווארען בלייך און אונרוהיג.

— פון וואנען ווייסט דוא עס? ווער האט עס דיר געזאגט?

— דער אדוואקאט, וועלכער איז נור וואס אוועקגעפאהרען.

— אזוי? איז דער באראן פאן באטהיאני שוין ווירקליך טויט? האט דיא גרעפין איבערגעפרעגט נאך א מאל.

— יא, ער איז ווירקליך טויט.

איינינגע מינוטען האבעןביידע געשוויגען. דיא גרעפין איז געווען זעהר אונרוהיג. וויא זיא האט געוואונשט אז ארטהור זאל שטארבען, האט עס איהר דאך א שטאך געטאהן ביים הארצען, ווען מען האט איהר געזאגט, אז ער איז שוין ווירקליך געשטארבען. זיא האט דאך געוואוסט, אז ער איז געשטארבען דורך איהר.

— איך האב געטאהן, וויא מיר האבען אפגערעדט, האט נאגי ענדליך געזאגט. אונזער האכצייט איז בעשטימט אויפ'ן אכטען אויגוסט, מיט איין וואך פריהער פאר דער האכצייט פון עלוויראז'ן מיט מאקס'ן.

דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן ביי דיא לעצטע ווערטער נאגי'ס. ער האט זיי ארויסגעזאגט, אזוי שטרענג און אזוי ענטשלאסען, אז זיא האט געוואוסט, אז דאס איז א בעפעהל פון איהם. זיא האט עס אבער דאך ניט געוואלט און האט בעמערקט, וויא צו זיך אליין:

— בינאמיע (הייראטהען נאך א מאל, ווען מען האט זיך ניט געשיעדען פו'ם מאן אדער פון דער פרוי) איז א גרויסעס פערברעכען, וועלכעס ווערט זעהר שטרענג בעשטראפט.

— איהר זייט א וויטווע, גרעפין

— אלזא האסט דוא איהם ערמאָרדעט? האט זיא אויסגערופען. אונגליקליכער! וואס האסט דוא געטאהן?

— איך האב איהם ניט ערמאָרדעט, ער לעבט. איך האב נור א טויטענ־שיין, אז ער איז טויט. דאס איז דערווייל גענוג. עו וועט שוין שטארבען.

— גרויסער גאָטט! וואס האסט דוא געטאהן?

— איך האב גאר ניט געטאהן. דער בישאף וואראוווסקי האט אונטערגעשריבען דעם טויטענ־שיין. אלעס איז אין ארדנונג.

דיא גרעפין האט פערדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד. עס איז שווער געוועזען צו זאגען, אויב זיא האט ווירקליך געוויינט, אדער זיא האט זיך נור פערשטעלט, אז זיא וויינט. נאני אבער האט עס בעמערקט און האט אויסגערופען:

— וואס איז מיט איך? פאר וואס זייט איהר אזוי אונרוהיג? וואס האט איהר אזוי מורא? איך בין געוועזען זעהר פארזיכטיג. דער טויטענ־שיין איז אויסגעשטעלט אין דער בעסטער און ריכטיגסטער ארדנונג. דער בישאף וואראוווסקי וועט קיין מאל ניט האבען דיא געלעגענהייט צו בעווייזען, אז דער טויטענ־שיין איז פאלש.

ער האט אויסגעצויינען דיא לעצטע ווערטער און האט זיי ארויסגעזאגט מיט א בזאנדערן טאָן.

— ווען אלעס איז אזוי גוט אפגעמאכט און איינגעריכטעט, האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען אין עטליכע טעג ארום וועלען מיר זיין מאן און פרוי.

— אך, נאני! האט דיא גרעפין געזיפצט. איך ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. צוריק מיט איינינע מאנאטע האב איך מיך געפיהלט שטארק גענוג און האב געקענט אלעס איבערטראגען. היינט בין איך אנדערש; היינט בין איך שוואך; היינט האב איך מורא, ווען א בלאט פון א בוים הייבט אן צו ציטערן. וואס נעהנטער איך קום צום ציעל, אלס מעהר שרעק איך מיך.

— רעדט ניט פון אזעלכע נארישקייטען! האט נאני אויסגערופען, איהר זייט דאך שוין קיין קינד.

— עס זיינען קיינע נארישקייטען, נאני. איך בין אונגליקליך! איך ציטער. איך האב מורא.

— מיינט איהר, אז איהר וועט מיך איבערשרעקען דערמיט? האט נאני אויסגערופען. מיינט איהר ווירקליך, אז דורך אייערע פאנטאזיען וועל איך ניט אויספיהרען, וואס איך וויל? מיין ענטשלוס איז פעסט, וויא דיא קארפאטהען בערג ארום אונז, מיר מוזען הייראטהען. איך בין זיכער, אז איהר וועט ניט וועלען האנדלען נעגען מיין בעשלוס.

דיא גרעפין האט איהם אנגעקוקט מיט שרעק און שטוינען. ער האט נאך קיין מאל ניט גערעדט אזוי שטרענג מיט איהר.

— וואס וועט אבער מאקס זאגען דערצו?

— ער וועט גאר ניט זאגען, וויל ער וועט גאר ניט זיין דערביי. איך וועל איהם איינרעדען, ער זאל פאהרען קיין בודאפעסט איינקויפען פרעזענטען פאר זיין

בראוט און פערזארגען נאך אנדערע יאבען. איך האב איהם שוין ערקלערט, אז ווען ער וועט זיך ניט געפינען אין דערהיים איינינע צייט, וועט איהם דאן עלווירא מעהר ליעבען, איהר, גרעפין, דארפט זעהן, אז ער זאל מיר פאלגען און זאל באלד אוועקפאהרען. מיר וועלען אונטערדעסען הייראטהען.

דיא גרעפין האט איהם ניט געענטפערט. עס איז געוועזן דייטליך, אז דיעזעס געשפרעך איז איהר אונאנגענעהם. נאני האט געוואלט איהר צערשטרייען און איהר זאגען א פרעהליכע נאכריכט.

— איך וויל אייך וויזען, גרעפין, אז איך דענק שטענדיג פון אייך און וויל שטענדיג אייך פערשאפען פערגניגען, האט ער געזאגט, איך האב פון אייערטוועגען אנגעגרייט א פרעזענט, מיט וועלכען איהר וועט צופרידען זיין.

ריא גרעפין האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט און פערוואונדערט.

— איך האב היינט געקויפט פון אייערטוועגען דאס שלאס באטהיאני.

— וואס מיינט איהר דערמיט? וויא איז דאס מעגליך?

— גאנץ איינפאך. דער אדוואקאט, וועלכער איז דא געוועזן, איז דעם באראן פאן באטהיאני'ס פערוואנדעטער און זיין איינציגער ערבע (יורש) קוים איז באטהיאני געשטארבען, געהערט איהם דאס שלאס. איך האב עס ביי איהם אפגעקויפט און שענק עס אייך אוועק,

דיא גרעפין האט זיך ווירקליך דערפרעהט. האבען נאך א שלאס אין דיעזער געגענד, איז פיעל ווערטה. דאס וויזט דאך, אז מען איז רייך און אז דיא נאכבארען דארפען פאר מיר האבען רעספעקט. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז זאגאר דיא גרעפין טאקקי פערמעגט ניט מעהר, וויא איין שלאס און זיא וועט פערמעגען גאנצע צווייא.

— איך דאנק דיר, נאני! איך וועל עס אפגעבען מיין שוויעגער־טאכטער עלווירא. זיא מיט מאקס'ן זאלען דארט וואינען. איך וועל הייסען עס אויספוצען און פערציערן, אז אלע נאכבארן זאלען שטוינען.

— ליידער, איז עס נאך יעצט אונמעגליך, האט נאני געזאגט.

— וואס הייסט אונמעגליך? איך וועל שוין מארגען שיקען ארבייטער, זיי זאלען אנהויבען עס צו רעפארירען.

— דאס קען ניט געשעהן מארגען, ווייל איך האב צוגעזאגט איינעם, ער זאל דארט וואינען א קורצע צייט.

— וועמען?

— דעם בישאף ווראָאווסקי, האט נאני געענטפערט.

— ער וועט קומען אהער?

— יא, ער דארף דא זיין נאך מארגען.

— דאן איז פערפאלען. איך וועל מוזען איבערווארטען, ביז דער בישאף וועט אוועקפאהרען.

זיי האבען נאך אוועקגערעדט איינינע צייט און נאני איז זיך אוועקגעגאנגען. דיא גרעפין איז געבליעבען זיצען אויף איהר ארט און האט זיך פערטראכט.

— זאָנדערבאר הא זיא געמורמעלט, איך האב יעצט ראס שלאָס באטהיאני. עס געפעלט מיר געוויס. הא עז צוויא שלעסער אין דיעזער געגענד איז געוויס זעהר שעהן. ווען איך הייב אבער אן צו בעטראכטען, וואס עס איז געווארען פון דעם מאן צו וועלכען דיעזעס שלאָס האט געהערט, הייב איך אן ציטערן. דעם אייגענטהימער פון שלאָס האט מען אויפגעהאנגען אין דורך וועמען? — שרעקליך! דער געדאַנקען דערפון איז אונערטרעגליך! — איך פערשטעה ווייטער ניט, וואס דא איז געשעהן. אלעס איז געטאהן געווארען אזוי שנעל, אזוי איבעראיילט און אזוי אונאיבערלעגט. ארטהור פאן באטהיאני איז נור וואס געשטארבען און מען פערקויפט שוין זיין שלאָס. דאס איז עפעס ניט נאטירליך.

זיא איז אויפגעשטאנען און איז ארויסגעגאנגען אביסעל אין גארטען.

— איך מוז שיקען רופען מאקס'ן און איהם הייסען, ער זאל פאהרען קיין בודאפעסט. נאני וויל אזוי, איך מוז איהם פאלגען, האט זיא געזאגט צו זיך אליין.

זיא האט געשיקט א דיענער רופען מאקס'ן, דער דיענער איז באלד געקומען צוריק און האט איהר געמעלדעט, אז מאקס איז ניט אין דערהיים. זיא האט געפרעגט, אויב דער באראן נאני איז דא אין דערהיים.

— דער באראן איז אוועק געפאהרען, האט מען איהר געענטפערט.

עס איז געווארען שפעט. דיא זון איז אונטערגעגאנגען, עס איז געווארען פינסטער. דער אבענד איז געוועזן א הייסער, דריקענדער און שטיקענדער, וויא עס קומט אפט פאר צום ענדע פון מאנאט יולי.

דיא גרעפין איז ארויסגעגאנגען פון גארטען און האט זיך געזעצט אויפ'ן באלקאן פון איהר שלאָס. פון דארט האט מען געהאט א שעהנע אויסזיכט אויף דיא בערג און דיא וועלדער ארום. זיא האט זיך געזעצט לעבען א טישעלע און האט זיך פערטראכט. זיא האט געהאט גענוג איבער וואס צו טראכטען. דיא נאכט איז אנגעקומען. עס איז געווארען שטארק פינסטער. דיא גרעפין האט ניט בעמערקט, וויא א געשטאלט איז שטילערהייט ארייגעקומען אין הויף, איז ארויפגעגאנגען אויף דיא עטליכע טרעפ, וועלכע פיהרען צום באלקאן און איז שטילערהייט, אויף דיא שפיץ פינגער, צו געקומען צו איהר.

אייניגע מינוטען האט דיא געשטאלט זיא בעטראכט שטילערהייט. דאן האט זיא א זיפץ געטאהן, דיא גרעפין האט דערהערט דעם זיפץ און האט זיך אומגעקוקט. פאר איהר איז געשטאנען א אלטער מאן.

— קאָנסטאנציא! האט דער אלטער מאן געזאגט שטילערהייט.

דיא גרעפין האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט אנטלויפען. דער אלטער מאן אבער האט זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט זיא פעסט געהאלטען.

— פאר וועמען אנטלויפסט דוא, קאנסטאנציא? האט ער זיא געפרעגט, — אנטלויפסט דוא פאר מיר אדער פאר דיין אייגענעם געוויסען?

דיא גרעפין איז געבליעבען זיצען אייניגע מינוט, וויא פערשטיינערט. ענדליך איז זיא געקומען צו זיך און האט געפרעגט:

— ווער זייט איהר?

— דוא דערקענסט מיך ניט, קאנסטאנציא?

— איהר זייט א בעטלער און ווילט איך זאל אייך עפּעס שענקען.

זיא האט זיך גענומען צו דער קעשענע און האט געוואלט ארויס נעהמען א מינצע.

— שעהם זיך, קאָנסטאנציא! האט דער אלטער מאן אויסגערופען. ביסט דוא שוין אזוי טיעף געזונקען, אז דוא ווילסט מיך שוין ניט דערקענען? ביסט דוא שוין אזוי ניעדעריג געפאלען, אז דוא קענסט האבען דיא פרעכהייט מיך ניט צו דערקענען? אונגליקליכע! דאן איז ווירקליך אומזיסט מיין קומען אהער! דאן איז ווירקליך א שאנדע מיט דיר צו רעדען! — ווען א מענש האט שוין פערלארען דאס הייליגסטע געפיהל זיך צו שעהמען; ווען א מענש איז שוין אזוי טיעף, אז ער האט דיא פרעכהייט צו זאגען דעם מענשען, מיט וועלכען ער איז געשלאפען אויף איין קישען: איך קען דיך ניט. — דאן איז ער א ווילדעס טהיער און קיין מענש.

— געהט אוועק, אוועק! האט דיא גרעפין אויסגערופען, אדער איך וועל היי־סען מיינע דיענער זיי זאָלען . . . .

— דוא ביסט ניט מעהר, וויא א ווילדעס טהיער.

דיא גרעפין האט נור געדראהעט, אז זיא וועט רופען איהרע דיענער, זיא האט זיי אבער ניט גערופען. זיא האט בעסער געוואלט אוועק געהן און לאזען דעם מאן אליין. ער האט זיא אבער צוגעהאלטען מיט זיינע דארע האנד אזוי שטארק, אז זיא האט זיך ניט געקענט ריהרען.

— וואס ווילט איהר פון מיר? האט זיא ענדליך געזאגט, איך בין, וואס איך בין. מיט בעטלער קען איך מיך ניט. וויא קומט דיא גרעפין פאן ראדעצקי צו א בעטלער.

— אזוי? דוא ביסט שוין געווארען א גרעפין פון ראדעצקי? — אה! שעהמט אייך מענשען! פערדעקט זיך מיט שווארצער נאכט קלארער, בלויער הימעל! דיעזע ניעדערטרעכטיגע פרוי וואגט עס זיך צורופען מיט א נאמען פון אן עהרליכע און גוטע גוטע גרעפין! דוא ביסט דאך נור א....

— שווייג, אלטער! קיין ווארט מעהר! האט יעצט דיא גרעפין אויסגערופען.

מען קען זיך פארשטעלען, אין וואס פאר א לאגע דיא גרעפין איז געווען. זיא האט ניט געקענט שרייען. זיא האט מורא געהאט צו מאכען א ליארם. זיא האט עס ניט געקענט טאהן פאר איהרע אייגענע דיענער. עס וועט דאך ווערן א שרעקליכער סקאנדאל. דיא דיענער קענען נאך אויספלוידערן און מען וועט געוואהר ווערן אין שלאָס טאקקי. וואס דאָ איז פאָרגעקומען.

— לאז מיך! האט זיא אנגעהויבען צו בעטען. געה דיר דיין וועג און לאָז מיך צורוה!

— דוא מוזט מיר פריהער אנטווארטען אויף מיינע פראגען

— וואס ווילסט דוא פון מיר?

— וואו איז מיין זוהן?

— איך פערשטעה ניט, וואס איהר פרעגט מיך?

— הער אויף זיך צו פערשטעלען, אנטוואָרטע מיר בעסער!

— איך פערשטעל מיך גאר ניט. איך קען דיך ניט.

— ענטפער מיר, איז דער מיין זוהן, וועלכער הייסט זיך רופען מאַקס גראף פאָן ראַדעצקי? וועז עס איז דערזעלבער, מוז איך איהם זעהן. לאָז ער ווענינגסטענס וויסען, אז ער האט א פאטער.

— געהט אייך אוועק פון מיר, וואהנזיניגער! האט דיא גרעפין געשריען אויסער זיך.

דער אלטער מאן אבער האט זיך ניט געקימערט אום איהר געשריי און האט ווייטער געזאגט:

— לאָז מיין זוהן ווענינגסטענס וויסען, אז דער ארימער, עלענדער, נויט־ליידענ־דער אלטער מאן, וועלכער נעכטיגט דארט, וואו ער טאָגט ניט און טאָגט דארט, וואו ער נעכטיגט ניט, איז זיין פאטער! לאז מיין זוהן ווענינגסטענס וויסען, וויא אזוי מען האט בערויבט זיין ארימען פאטער. לאז מיין זוהן ווענינגסטענס מיך קענען, דאן וועל איך שטארבען.

— בעטלער! וואהנזיניגער! געה דיר אוועק פון מיר! דוא האסט דא ניט וואס צו טאָהן! האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— זייא פערדאמט, דוא פאלשע פרוי! האט דער אלטער מאן אויסגערופען, דוא ווילסט ניט, איך זאל זעהן מיין זוהן. נון, גוט! איך וועל געהן אין שלאָס טאַקקי און וועל דארט דערצעהלען, ווער דיעזער גראף מאקס פאן ראדעצקי איז. איך וועל דער־צעהלען, וויא ער הייסט און פון וואנען ער איז.

דיא לעצטע ווערטער האבען געווירקט, וויא א דאננערשלאג. דיא גרעפין איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא זיא וואלט געוועזן א גומי באַל.

— וואס פערלאנגסט דוא, אונגליקליכער? האט זיא אויסגערופען. זאג, וואס ווילסט דוא?

— איך וויל רעדען מיט מיין זוהן.

— דיא גרעפין האט געטראכט איינינע מינוט. דאן האט זיא געזאגט:

— גוט! איהר וועט איהם זעהן און וועט מיט איהם רעדען.

— איך דאנק דיר! דוא ווייסט גאר ניט, וויא גליקליך איך וועל זיין!

— ווען ווילט איהר איהם זעהן?

— מארגען אבענדס.

— איהר מעגט קומען מארגען, קומט אבער ניט אהער, האט דיא גרעפין גע־זאגט מיט א מילדער, ווייכער שטימע. איהר קענט קומען אין א געפאהר.

דער אלטער מאן האט זיך פערטראכט איינינע אויגענבליקע.

— דוא האסט רעכט, האט ער ענדליך געזאגט, ער קען מיך נאך טויטען.

— אלזא, וואו דען וועט איהר ווארטען?

— אונטען אין וועלדיל, וואו עס וואקסען דיא טאננענבוימער.

— אין וואס פאר א צייט?

— אום אכט אוהר אבענדס.

— ראס איז צו פריה, האט דיא גרעפין בעמערקט

— דאן לאז זיין אום ניין אוהר.

— יא, אום ניין אוהר איז דיא בעסטע צייט, האט דיא גרעפין געזאגט לאנגזאם

— קען איך זיין זיכער? ווערט ער געוויס קומען? האט דער אלטער געפרעגט.

טראך! עס האט געקנאקט א פיסטאלעטען שיס. דיא קוגעל האט געטראפען אין דער וואנט, ניט ווייט פון דער גרעפין. זיא האט א ציטער געטאהן און האט אויסגערופען:

— דיא קוגעל איז ניט געוועזען בעשטימט פאר דיר, זיא איז געוועזען בעשטימט פאר מיר. — זעה אט געהט דער מאן, וועלכער האט זיא געשיקט. זייט פערדאמט ביידע! דוא מיט איהם! איך מוז געהן. וועסט דוא ניט האלטען דיין ווארט, וועט מיין זוהן ניט קומען מארגען אבענדס צו מיר דארט אונטען אין וועלדעל, דאן וועל איך מוזען געהן אין שלאס טאקקי און דארט אלעס דערצעהלען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אראפגעשפרונגען פון דיא טרעפ און איז פערשוואונדען געווארען אין וואלד.

טראך! עס האט נאך אמאל געקנאקט א שוס, אבער אומזיסט. אין דער פינסטער איז שווער צו ציעלען. ער איז פערשוואונדען געווארען אין וואלד.

— ווער איז דיר שולדיג? האט געמורמעלט דיא גרעפין. דוא זוכסט אליין דעם טויט. דוא פערלאנגסט עס, דוא קריעכסט אין פייער. דוא ווילסט אזוי, — דוא וועסט עס האבען. דוא וועסט אליין זיין שולדיג, ווען דיר וועט געשעהן עטוואס שלעכטעס. דיא בייזע גייסטער שלאפען. מען טאר זיי ניט וועקען. ווער עס וועקט זיי אויף, דעם שוינען זיי ניט.

זיא האט געטראכט אייניגע מינוט. אין איהר הערצען האבען אנגעהויבען זיך צו ריהרען אנדערע געדאנקען און אנדערע געפיהלע. זיא האט זיך דערמאנט אן אנדערע צייטען. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען אין דיעזער מינוט וואלט געקומען איינער און וואלט איהר פארגעשטעלט, וויא אוננערעכט זיא איז און וויא שלעכט זיא האנדעלט נעגען דעם פאטער פון איהר איינציגעס קינד, וואלט זיא נאכגעלאפען נאכ'ן אלטען מאן און וואלט איהם צוריקגערופען.

באלד אבער איז נאגי צוגעקומען צו איהר.

— איך האב ווידער ניט געטראפען, האט ער געזאגט צו דער גרעפין, עס העלפט אבער ניט. איך מוז פון איהם לויז ווערען. זא לאנג ער לעבט, קען ער אונז ווערן געפעהרליך. ער מוז פערשווינדען. — איך מוז ארויסשיקען מענשען, זיי זאלען איהם זוכען. איך מוז איהם געפינען. איך ווייס, אין וועלכער זייט ער איז פערשוואונדען.

— עס איז ניט נעטהיג, נאגי, האט דיא גרעפין געזאגט, מען דארף עס ניט.

— אזוי? וויל דיא גנעדיגע גרעפין, אז מען זאל ווייסען אין דער גאנצער געגענד, וויא איהר הייסט? ווילט איהר, אז מען זאל ווייזען אויף אייך מיט דיא פינגער?

— וואס רעדסט דוא, נאגי? ווער וועט עס גלויבען, וואס אן אפגעריסענער בעטלער וועט זאגען?

— עס וועלען זיך שוין געפינען מענשען וועלכע וועלען איהם גלויבען.

— לאז מיך אויסרעדען, נאני, האט דיא גרעפין געבעטען. דוא פערשטעהסט מיך ניט. איך מיין עס גאנץ אנדערש, וויא דוא דענקסט.

נאני האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט און האט געפרעגט:

— וואס מיינט איהר דען?

דיא גרעפין האט איהם דערצעהלט, וואס זיא האט אפגערעדט מיט'ן מאן, ווען ער זאל קומען און וואוהין ער זאל קומען.

— בראוואָ! האט נאני אויסגערופען. דאס איז עטוואס אנדערש! ערשט יעצט האב איך אייך ליעב! ערשט יעצט זעה איך, אז איהר פאסט ווירקליך צו זיין מיין פרוי!

ער האט גענומען איהר האנד און האט זיא צוגעלעגט צו זיינע ליפען.

— איך בין אויפגערעגט, האט דיא גרעפין געזאגט, איך מוז מיך לעגען אין בעט.

— גוטע, מיינע ליעבע בראוט, רוה דיך אויס. מיר וועלען מאָרגען נאך רעדען דאריבער.

דעם אנדערן טאג זיינען זיי געזעסען אין איהר צימער און האבען גערעדט פון זייער האָכצייט און פון פערשיעדענע אנדערע זאכען. פלוצלונג האט נאני געגעבען א צייכען, עס זאָל זיין שטיל.

— איך האב געהערט א גערויש, האט ער געזאגט, איינער פון אונזערע דיענער געפינט זיך געוויס אין אנדערן צימער.

ער איז צוגעלאָפען צו דער טהיר פון דער גרעפין'ס טואלעט צימער און האט זיא געעפענט. דאָרט איז געשטאנען א דיענסט מעדכען און האט פלייסיג געפוצט דיא זאכען פון'ם צימער.

— פערדאמט! האט נאני אויסגערופען. זיא האט געהערט אלעס, וואס איך האב גערעדט. זיא איז א שפיאָנין.

— מיר מוזען איהר אפזאגען, האט דיא גרעפין בעמערקט.

— יא אפזאגען, איך האב אבער מורא, אז עס איז שוין צו שפעט. זיא האט שוין צופיעל געהערט.

— ווער וועט עס גלויבען, וואס א דיענסט מעדכען וועט זאגען? עס מאכט ניט אויס! איך דענק, אז זיא פערשטעהט גאר ניט אלעס, וואס מיר האבען גערעדט.

— לאָמיר דערפון מעהר ניט רעדען. זאגט מיר ליעבער, האט איהר שוין איבערגערעדט מיט מאקס'ן?

— נאך ניט. איך וועל ערשט היינט מיט איהם רעדען, האט דיא גרעפין גע-ענטפערט. ער איז נעכטען ניט געוועזען אין דער היים.

— איהר מוזט זעהן, אז ער זאל נאך מאָרגען אוועקפאהרען. עס איז פיעל בע-סער פאר אונז, ער זאל דערוויילע ניט זיין אין דער היים.

— איך וועל טאהן אלעס מעגליכע.

## 22טער קאפיטעל.

## בישאף וואראווסקי.

דער שטומער בעטלער האט געשיקט זיין פריינד צום גייסטליכען פון טשעטני, יער זאל ביי איהם געוואהר ווערן, וואס נאגי האט פון איהם פערלאנגט. דער גייסט ליכער אבער איז געווען שטום, וויא א פיש, און האט ניט געוואלט זאגען, וואס נאגי האט איהם געהייסען טאהן.

בײדע אלטע לײט זיצען ווידער אין זייער ארימער וואינונג און רעדען צווישען זיך.

— ער וויל ניט זאגען, וואס דער באראן האט פון איהם פערלאנגט?

— נון. ער האלט זיך פעסט, דער אלטער, און וויל ניט ארויסגעבען פרעמדע געהיימניסע.

— אלזא, מוז איך ווידער געהן אין שלאס ראדעצק, האט דער שטומער בעט לער געזאגט. דארט אין קיך קען מען דאך עפּעס געוואהר ווערן. דיא דיענער דער צעהלען אלעס. עפּעס מוז דא זיין. דער שורקע נאגי איז ניט אומזיסט געקומען צום גייסטליכען. — גוטען טאג, אלעקסאנדער! פאר נאכט וועלען מיר זיך ווידערזעהן.

דער שטומער בעטלער איז ארויסגעגאנגען פון זיין שטיבעלע און איז גלייך גע נאנגען צום שלאס ראדעצק. מען איז שוין דארט געווען אזוי געוואהנט מיט'ן שטומען בעטלער, אז אלע פלעגען זיין העכסט צופריעדען, ווען זיי פלעגען איהם דערזעהן און מען פלעגט איהם באלד געבען צו עסען און צו טרינקען.

וויא איבערראשט איז דער שטומער בעטלער דאהער געווען, ווען ער האט געזעהן, אז דיא דיענער זיינען עפּעס היינט זעהר טרויעריג. ער האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס דא איז היינט פארגעקומען.

באלד איז ער געוואהר געווארען, וואס דא איז געשעהן. איינע פון דיא דיענסט מעדכענס איז אריינגעקומען פערוויינט מיט א בינטעל אין דער האנד. זיא איז געקומען אבשיעד נעהמען פון דיא איבעריגע דיענער. ווען זיא האט דערזעהן דעם שטומען בעטלער, איז זיא צוגעלאפען צו איהם און האט אויסגערופען:

— אך, אלטער יאקקי! איך וועל דיר שוין מעהר ניט געבען עסען. דיא גרעפין האט מיך ארויסגעטריעבען. איך ווייס אליין ניט פאר וואס.

דער שטומער בעטלער האט זיא אנגעקוקט, האט געמאכט עפּעס צייכענס און האט עפּעס געפרעגט. זיא האט איהם אבער ניט פערשטאנען און האט איהם ניט געקענט ערקלערן, פאר וואס דיא גרעפין האט זיא ארויסגעטריעבען. זיא האט איהם א קוש געטאהן אין דער האנד, האט אבשיעד גענומען פון דיא איבעריגע דיענער און איז זיך אוועקגעגאנגען מיט'ן בינטעל אונטערן ארים.

דער שטומער בעטלער איז געבליעבען זיצען אויף זיין ארט. ווען דיא דיענער האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האט איינער געפרעגט דעם אנדערן:

— איז עס וואהר, וואס זיא האט דערצעהלט?

— איך ווייס גאר ניט, וואס זיא האט דערצעהלט.

— אז דיא גרעפין וויל הייראטהען דעם באראן נאגי.

— איך הער עס ערשט, האט דער אנדערע דיענער געענטפערט.

— געוויס! העלענא האט אויפגעראמט דאס טואלעטען צימער פון דער גרעפין און זיא האט געהערט, וויא נאני האט אפגערעדט מיט איהר, אז דעם אכטען אויגוסט וועט דער גייסטליכער פון טשעמני קומען אהער און וועט מאכען דיא טרויאונגס צערעמאָניע אין גרויסען זאל פון'ם שלאָס. דאן וועט זיין א מיטאג פאר דיא געסט.

— אזוי? דערפאר האט זיא דיא גרעפין ארויסגעטריבען?

— געוויס! דיא גרעפין האט איהר געזאגט, אז זיא וועט אונז אלעמען ארויס־טרייבען, ווען מיר וועלען עפּעס אויסזאגען פון'ם שלאס.

— דאס וועט זיין א שעהנע געשיכטע, האט דער ערשטער געלאכט. פריהער איז נאני געווען דער פערוואלטער פון דער גרעפין, דערנאך איז ער מיט א מאל געווארען א באראן און מען האט אונז געהייסען, מיר זאלען איהם רופען באראן. יעצט וועט ער שוין ווערען דער אייגענטהימער פון'ם שלאס און ער וועט אונז קאמאנדירען. מיר וועלען האבען שלעכטע צייטען.

— אך! מיר האבען גאר פערגעסען אן דעם שטומען בעטלער! האט דער צווייטער דיענער אויסגערופען. גיב איהם עפּעס עסען, ער איז געוויס הונגעריג.

ער האט אניעדערגעלעגט פאר'ן שטומען בעטלער א שטיק ברויט און א פיערטעל הוהן און האט איהם געבעטען דורך צייכענס, ער זאל עסען. דער שטומער בעטלער האט עפּעס גענעסען און איז באלד אוועקגעגאנגען.

קוים איז ער געווען ווייט פון'ם שלאס, האט ער אויסגערופען:

— אזוי? יעצט ווייס איך שוין, צו וואס דיעזער באראן איז געפאהרען צום גייסטליכען' ער האט איהם איינגעלאדען, ער זאל מאכען דיא טרויאונגס צערעמאָניע. א שעהנעם פּאָריל! שעהנע געשיכטען קומען פאר. איך מוז עס שרייבען מיכאאילין. ער האט מיך געבעטען, איך זאל איהם מעלדען אלעס, וואס אין שלאס ראד[illegible] וועט פאָרקומען. דאס איז זעהר א וויכטיגע נייעס פאר איהם.

ער איז אוועקגעגאנגען אהיים און האט אנגעשריעבען א בריעף.

גענען אכט אוהר אבענדס האט נאני געהייסען איינשפּאנען זיין קארעטע און איז אריינגעקומען צו דער גרעפין.

— איך מוז פאהרען אין שטעדטעל ראזענוי, האט ער צו איהר געזאגט, איהר מיט מאקס'ן מוזט געהן אין וואלד אביסעל. קומט אבער ניט לעדיג צוריק. הערט איהר?

דיא גרעפין האט געשוויגען. נאני האט זיך פערניינט און איז אוועקגעגאנגען.

— וואס נעהענטער עס קומט דיא שטונדע זיך צו זעהן מיט איהם, אלץ שווערער ווערט עס מיר, האט דיא גרעפין געזאגט צו זיך אליין. איך ווייס, אז עס מוז זיין או דאך...

נאני האט זיך אריינגעזעצט אין זיין קארעטע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אויפ'ן וועג קיין ראזענוי.

— יא, הערר בישאָף! האט ער געמורמעלט. איך וועל דיך עמפפאנגען, וויא איך ווייס. דוא וועסט זיין צופריעדען מיט מיר. דאס מאל מוז איך אלעס אליין טאהן.

דאס מאל קען איך מיך ניט פערלאזען אויף א פרעמדען. עס איז שטענדיג בעסער צו טאהן אלעס אליין. דאן איז מען זיכער, אז קיינער וועט דערפון ניט וויסען.

קוים איז נאני אוועקגעפאהרען, האט דיא גרעפין געשיקט רופען איהר זוהן.

— מאקס, איך האב מיט דיר עפּעס צו רעדען. זעץ דיך לעבען מיר, האט זיא איהם געזאגט.

מאקס האט זיך אניעדערגעזעצט. ער האט ניט געוואוסט, וואס זיין מוטער פערלאנגט פון איהם.

— ליעבער מאקס, האט דיא גרעפין געזאגט, איך פיהל מיך זעהר שלעכט און וויל פאהרען אביסעל שפּאציערען. איך האף, אז דיא וואלד לופט וועט מיך פרישער מאכען. נעהם דיינע פּיסטאלעטען, מאקס, און הייס דיא דיענער איינשפּאנען דיא קארעטע.

מאקס האט געווארפען א פאָרשענדען בליק אויף זיין מוטער. ער האט געזעהן, אזוי אז זיא איז עפּעס אונרוהיג. ער האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט. אזוי וויא ער האט אבער ניט געוואוסט פון דיא געהיימניסע פון זיין מוטער, האט ער לאנג ניט געטראכט און האט געטאהן, וויא זיין מוטער האט איהם געהייסען.

אין אייניגע מינוטען ארום זיינען מוטער און זוהן געזעסען אין זייער קארעטע און זיינען געפאהרען אין וועלדעל ניט ווייט פון שלאס ראדעצק.

אונטערוועגען איז נאני געפאהרען אויפ'ן וועג קיין ראזענוי. ער האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען לאנגזאם און פון צייט צו צייט פלעגט ער עפענען דאס פענסטער פון זיין קארעטע און ארומקוקען זיך אין אלע זייטען. ער האט געזוכט מיט דיא אויגען, פיעלייכט וועט ער דערזעהן דיא קארעטע פון'ם בישאף. ער האט זיא אבער ניט געטראפען.

אזוי איז ער אריינגעפאהרען אין שטעדטעל און איז פערפאהרען אין גאסט-הויז „צום גאלדענעם רינג“. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוים וועט בישאף ווראָווסקי קומען קיין ראזענוי, וועט ער געווים אפּשטייגען אין דיעזעם גאסט-הויז, ווייל דאס איז דיא בעסטע גאסט-הויז אין שטעדטעל.

קוים איז ער ארויסגעשטיעגען פון זיין קארעטע, האט ער דערזעהן דעם גייסט-ליכען פון טשעמני, וועלכער איז געזעסען ביים פענסטער און האט געקוקט אויפ'ן וועג פון וויען.

דער גייסטליכער האט איהם באלד דערקענט און האט איהם געגריסט. עס איז געווען דייטליך, אז נאני איז ניט שטארק צופריעדען מיט דיעזער בעגעגנונג. ער האט עס ניט ערווארטעט, אז דער גייסטליכער פון טשעמני זאל גאר פאהרען קיין ראזענוי. דעננאך האט ער געוואוסט, וויא זיך צו פערשטעלען און איז צוגעגאנגען גלייך צו איהם.

— וואס מאכט איהר עפּעס אין ראזענוי, העדר גייסטליכער? האט ער געפרעגט און האט באלד אליין געענטפערט: איך פערשטעה, איהר ערווארטעט געווים דעם בישאף ווראָווסקי, אייער שול קאמעראד.

— יא, באראן, איך ערווארט איהם ווירקליך.

— דאס איז שעהן! האט זאגט א סנעראָפּען, איך בין אויך געקומען אום איהם צו עמפּפאנגען. איך האב שוין געהייסען פארברייטען אלעס אין שלאס באטהיאני, וועלכעס געהערט יעצט צו מיר, און וועל מיטנעהמען דעם בישאָף גלייך אהין.

— דאס שלאס באטהיאני געהערט שוין צו אייך? האט דער גייסטליכער געפרעגט פערוואונדערט. איהר האט דאך מיר דערצעהלט ערשט ניט לאנג, אז עס געהערט גאר עפּעס צו אן אדוואקאט מיט'ן נאמען.... איך האב שוין פערגעסען, וויא ער הייסט. — ענטשולדיגט מיר, העררר באראן, וואס איך שטעל אייך דיעזע פראגע, איך בין דאך אויך נור א מענש און בין אויך אביסעל נייגעריג.

— איך פערצייהע אייך, ווייל עס איז גאנץ נאטירליך. איך האב אפּגעקויפט דיעזעס שלאס פון'ם אדוואקאט.

איינינע מינוטען האט דער גייסטליכער געשוויעגען. פּלוצלונג האט ער אויסגערופען טרויעריג:

— אך! יעצט איז דיא פאמיליע באטהיאני, וועלכע איז אמאל געווען אזוי בעריהמט אין דיעזער געגענד, אין גאנצען פערשוואונדען. דיא ערעלע פאמיליען האבען דאס זעלבע שיקזאל, וואס קעניגרייכע און פעלקער: זיי הויבען אן צו בליהען, ווערן שטארק און בעריהמט, דאן געהט עס צוריק. זיי ווערן שוואך און פערשווינדען; זיי שטארבען אויס. — שאדע! דער באראן ארטהור פאן באטהיאני איז געווען א גוטער מענש. — אבער עס ווערט פינסטער, איך וועל ארויסגעהן אין דרויסען און שפּאציערן אביסעל.

— קומט, העררר גייסטליכער, איך וועל אייך בעגלייטען. אלענפאלס איז אין נאסט־הויז זעהר הייס. אין דרויסען איז דאך אנגענעהמער.

נאגי האט ניט געוואלט לאזען דעם בישאָף אליין מיט'ן גייסטליכען. ער זאל געווען קענען, וואלט ער דעם גייסטליכען אוועקגעשיקט צו אלע טייפעל. אזוי וויא דאס איז אבער דערווייל געווען אונמעגליך, האט ער וועניגסטענס געוואלט אפּהיטען, אז דער גייסטליכער זאל ניט בלייבען מיט'ן בישאָף אליין.

דער גייסטליכער איז צוואר געווען א גאנץ איינפאכער מענש. ער האט אבער דאך בעמערקט, אז נאגי זארגט זיך שוין עפּעס צו פיעל פארן בישאָף. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז נאגי איז גאר ניט אזוי פרום, אז ער זאל עס האלטען פאר א גוטע זאך צו האבען ביי זיך א בישאָף פאר א גאסט. ער איז דאהער געווארען אביסעל אויפמערקזאמער.

ביידע זיינען ארויסגעגאנגען אין דרויסען און האבען געוואלט אביסעל שפּאציערן, ווען אויפ'ן גרויסען פּאסט טראקט איז אנגעלאפען א קארעטע מיט פיער פערד און איז צוגעקומען גלייך צום גאסט־הויז. דער קוטשער איז אראפּגעשפּרונגען פון זיין זיץ, האט געעפענט דאס טהירעל פון דער קארעטע און האט ארויסגענומען אן אלטען אבער נאך גאנץ קרעפטיגען מאן.

קוים האט איהם דער גייסטליכער דערזעהן, איז ער צוגעלאפען צו איהם און האט איהם ארומגענומען.

— אך, דוא ביסט עס, מיין גוטער, אלטער פריינד? האט דער בישאף אויס-גערופען. — וואס מאכסט דוא? וויא געהט עס דיר אין דארף?

ביידע מענער האבען אוועקגערעדט איינינע צייט, האבען זיך אויסגעפרעגט, וואס זיי מאכען און האבען זיך זעהר געפרעהט. ווען זיי האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האט דער נייסטליכער פארגעשטעלט דעם באראן נאני.

— איך האב דיא עהרע איך פארצושטעלען דעם באראן נאני פאן האללאוואי האט ער געזאגט צום בישאף. ער האט אפגעטרעטען פון אייערטוועגען איינעם פון זיינע שלעסער. דארט וועט איהר קענען האלטען קווארטיר דיא גאנצע צייט, וואס איהר וועט בלייבען אין דיעזער געגענד.

נאני האט זיך פערנייגט זעהר ניעדעריג און האט געזאגט:

— איך האב פארבערייטעט אלעס נעטהיגע פאר אייער עמינענץ (דער טיטול פון א בישאף איז עמינענץ). איך האף, אז איהר וועט זיין צופריעדען מיט אייער קווארטיר.

— איך דאנק אייך זעהר, הערר באראן! האט דער בישאף געענטפערט, איך וועל אבער דא פערבלייבען נור א גאנץ קורצע צייט. איך מוז פאהרען קיין קראקוי.

— ווען אייער עמינענץ וועט ערלויבען, וועל איך אייך בעגלייטען אין מיין שלאס. איך האב דא מיין קארעטע און מיר קענען זיך שוין אויפזעצען און אוועק-פאהרען. איך בין אומיסטען געקומען אהער אום צו עמפפאנגען אייער עמינענץ.

דער בישאף האט איהם אנגעקוקט א פאר מינוט. דער נאמען איז איהם געווען גאנץ אונבעקאנט און עס איז איהם פארגעקומען זאנדערבאר, וואס דיעזער באראן איז געגען איהם אזוי פריינדליך און אזוי ערגעבען

— וויא הייסט איהר? האט ער געפרעגט.

— נאני באראן פאן האללאוואי.

— ער איז דער בעסטער פריינד פון דער גרעפין פאן ראדעצקי. האט דער נייסט-ליכער פון טשעמני ערקלערט. איך דענק, אז איהר, הערר בישאף, דארפט קענען דיא גרעפין.

נאני האט א ציטער געטאהן. ער האט פערשטאנען, אז דער נייסטליכער האט ניט אומזיסט דערמאנט דעם נאמען פאן ראדעצקי. ער האט עס געזאגט אומיסטען, ער מיינט עפעס דערבייא.

— א גרעפין פאן ראדעצקי? האט דער בישאף געפרעגט, איך קען נאר אזא נאמען ניט.

נאני איז געווען אויסער זיך. ער האט זיך געבראכען דעם קאפ, וויא אזוי צו פיהרען דאס געשפרעך איבער אנדערע זאכען. דער נייסטליכער פון טשעמני אבער האט ניט נאכגעלאזען.

— איהר האט מיר געזאגט, הערר באראן, אז דיא גרעפין פאן ראדעצקי וועט זיין גליקליך צו זעהן איהר אלטען פריינד, דעם בישאף ווראאווסקי, האט ער געזאגט.

דערבייא האט ער געקוקט דעם באראן גלייך אין דיא אויגען. נאני האט איינ

געזעהן, אז דא איז עפּעס ניט גלאַט. ער האט זיך אבער געגעבען אלע מיה זיך איינצוהאלטען און צו ווייזען, אז ער שרעקט זיך גאר ניט איבער, ער האט זיך געשטארקט און האט געמאכט א גאנץ פרעהליכע מינע.

— געוויס! דיא גרעפין וועט זיין העכסט דערפרעהט, ווען זיא וועט זעהן יינע עמיגנץ, דעם הערך בישאף און איך האף, אז דער הערר בישאף וועט אויך צר פריעדען זיין זיא צו זעהן.

— איך זאג אייך נאך א מאל, מיינע הערען, אז איך קען קיינע גרעפין פאן ראדעצקי, האט דער בישאף געזאגט.

— עס איז מעגליך, אז אייער עמינענץ האט פערגעסען דיא גרעפין, האט נאגי געזאגט רוהיג, ווען איהר וועט זיא זעהן, וועט איהר זיא געוויס דערקענען.

דער גייסטליכער פון טשעמני, וועלכער האט זיך שוין לאנג געוואונדערט, וויא אזוי דער באראן נאגי האט אזוי שנעל געקויפט דאס שלאס באטהיאני, איז יעצט געווען העכסט איבערראשט, ווען ער האט דערהערט, אז דער בישאף האט קיין מאל ניט געהערט זאגאר דעם נאמען פון דער גרעפין ראדעצקי. דיא געשיכטע איז איהם פארגעקומען רעכט זאנדערבאר. דער באראן האט דאך איהם געגעבען א טויטענשיין, אז גראף ראדעצקי איז געשטארבען און אונטער'ן טויטענשיין איז געווען אונטערגעשריעבען דער בישאף וואראווסקי.

— דער הערר באראן פאן האללאוואאי איז דער בריטיגאם פון דער גרעפין ראדעצקי, האט דער גייסטליכער פון טשעמני געזאגט, איהר האט דאך געוויס געקענט איהר פערשטארבענעם מאן, דעם גראף ראדעצקי.

— ליידער, קען איך מיך ניט דערמאנען אזא נאמען, וויא גראף ראדעצקי.

— איך האף, אז מארגען וועלען מיר זיך אויסרעדען און אלעס וועט זיך אויפקלערען, האט נאגי געזאגט. אלענפאלס איז דאך ניט דא דער ארט צו רעדען פון אזעלכע זאכען. איך דענק, אז דער הערר בישאף איז זעהר מיעד פון דער רייזע און דארף זיך אויסרוהען. עס איז שוין ניט פריה און מיר מוזען פאהרען אין אונזער שלאס.

ער האט געבעטען דעם בישאף, ער זאל זיך זעצען אין זיין קארעטע און מיט איינינע מינוטען שפעטער זיינען אלע דרייא געפאהרען צום שלאס באטהיאני.

23טער קאפּיטעל.

## דער פאטערמארד.

אין דער צייט, וואס דער באראן נאגי האט פערבראכט אין ראזענוי, האט אין זיך אנאנדער ארט אין דערזעלבער געגענד אפּגעשפּיעלט א רעכט טרויעריגע סצענע.

דיא גרעפין פאן ראדעצקי מיט איהר זוהן זיינען ארויסגעפאהרען שפּאציערען אין וועלדעל ניט ווייט פון זייער שלאס. דיא גרעפין האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען זעהר לאנגזאם. זיי האבען ניט געהאט וואס זיך צו איילען. איינינע צייט האבען ביידע געשוויגען. דיא גרעפין איז געווען זעהר אונרוהיג. פון צייט צו צייט פלעגט זיא א ציטער טאהן. וויא מאקס איז געווען ווענינ איבערשפּיצט און האט ניט געוואוסט פון

די געהיימניסע פון זיין מוטער, האט ער דאך בעמערקט, אז זיא איז היינט זעהר אויפגערעגט און אויסער זיך. ער האט געזעהן, אז זיא איז בלייך און ציטערט.

— מוטער, דוא ביסט ווירקליך ניט געזונד, האט ער ענדליך געזאגט, פאר וואס שיקסט דוא ניט רופען א דאָקטאָר?

די גרעפין האט ניט אזוי גיך געענטפערט. זיא האט געמוזט זיך איבערלעגען וואס צו זאגען. ענדליך האט זיא געפאסט מוטה און האט געזאגט:

— עס איז גאר נישט, מיין קינד, עס איז שוין פאריבער. די פרישע לופט ווירקט אויף מיר זעהר גוט. איך האב געהייסען דעם קוטשער בלייבען שטעהן דארט אויבען אויפ'ן בערגעל. מיר וועלען דאן געהן אביסעל צו פוס שפאצירען. — איך האב נאך עפעס מיט דיר צו רעדען, מיין זוהן. איך האב אומיסטען דיך איינגעלאדען צו פאהרען מיט מיר שפאציערן.

מאקס האט געקוקט אויף איהר ערשטוינט. זיא פלעגט מיט איהם קיין מאל ניט רעדען אזוי פערטרוייליך.

— וואס ווילסט דוא מיר זאגען, מוטער?

— דוא ליעבסט עלווירא'ן?

— וואס פרעגסט דוא, מוטער?

— און דוא ווילסט געוויס, אז זיא זאל דיך אויך ליעבען?

— צו וואס פרעגסט דוא עס, מוטער? ווייסט דוא דען ניט, אז איך האב איבערגעטאהן זעהר פיעלעס אום צו קומען צו עלווירא'ן. דוא ווייסט דאך, וויא פיעל מיר האבען ריסקירט און איינגעשטעלט, אום איך זאל בעקומען עלווירא'ס האנד. וויא קענסט דוא אלזא פרעגען, אויב איך וויל, אז עלווירא זאל מיך ליעבען?

— יא, מיין קינד, מיר האבען געמוזט טאהן זעהר פיעלע זאכען אום צו שליע־סען דיעזע הייראטה. זיא איז פאר אונז זעהר וויכטיג. ענדליך זיינען מיר געקומען צום ציעל. דעם פופצעהנטען אויגוסט וועט עלווירא זיין דיין פרוי.

— איך ווייס עס, מוטער! איך ווייס עס! איך ווייס, וואס עס האט אונז גע־קאָסט מיה און.... איך וויל עס ניט זאגען, איך קען עס ניט ארויסזאגען! עס האט אונז געקאָסט אונזער געוויסען און אונזער עהרע. מיר האבען געמוזט בעגעהן פערברע־כען, איידער מיר האבען דערגרייכט דיעזעם ציעל. — איך זאג דיר, מוטער, די וואהרהייט: איך ציטער זעהר אפט, ווען איך דערמאָן מיך. וואס מיר האבען געמוזט טאהן. — און וואס האבען מיר געוואונען? עלווירא ליעבט מיך ניט. איך זעה עס, איך פערשטעה עס און עס קריינקט מיך.

— מיין קינד, עס קען זיין, אז זיא ליעבט דיך ניט, זיא האסט דיך אבער אויך ניט.

— אך, מוטער! איך זעה מיט שמערץ, אז עלווירא ווערט פערוועלקט, וויא א בלום. איך זעה פאר מיר א טרויעריגע צוקונפט. איך וועל ניט גליקליך זיין מיט איהר. איך האב מורא פאר דיעזע הייראטה. איך זעה פאר מיר שרעקליכע בילדער. ווער ווייס, וואס דאס ענדע וועט זיין.

די גרעפין איז געוואָרען טרויעריג. זיא האט מיטגעפיהלט מיט איהם. אויך

זיא האט פון צייט צו צייט נעפיהלט, אז עס קען זיך ניט ענדיגען גוט. דאס האט אבער געדויערט נור איינינע מינוט. באלד איז זיא וויעדער געווארען דיא הארטע, ערבארמונגסלאָזע פרוי.

— מאקס, דוא מוזט אוועקפאהרען פאר דיין האכציים אויף איינינע צייט. דוא מוזט זיך צערשטרייען. דוא מוזט פערטרייבען פון דיר דיזע טרויעריגע געדאנקען. אויסער דעם מוזט דוא דאך איהר וויזען, אז מיר זיינען רייך. דוא מוזט איהר קויפען רייכע פרעזענטע. לאז זיא וועניגסטענס וויסען, אז זיא איז דיא בראוט פון א רייכען גראף.

— יא, דוא האסט רעכט, מוטער, מיר מוזען זיך פארשטעלען, אלס רייכע און שטאָלצע גראפען.

— איך האב נאך עפעס אין זינען. ווען עלווירא וועט דיך ניט זעהן עטליכע טעג, וועט זיא אנהויבען צו בענקען נאך דיר. אזוי זיינען שוין דיא פרויען. ווען זיי זעהן דיא מענער; ווען דיא מענער קומען צו אָפט צו זיי, ווערן זיי קאלט און פעראכטען דיא מענער. קוים זעהן זיי אבער ניט דיא מענער, הויבען זיי אן צו בענקען נאך זיי.

— איז עס ריכטיג, מוטער?

— גלויב מיר, מיין זוהן, אז עס איז אזוי. איך בין אויך א פרוי און קען זעהר גוט דאס פרויען הערץ.

מאקס האט נעקוקט א פאר מינוט זיין מוטער גלייך אין דיא אויגען און האט דאן געזאגט:

— גוט, מוטער! איך וועל דיר פאלגען און וועל מארגען אוועקפאהרען קיין בודאפעסט.

פלוצלונג איז דיא קארעטע געבליעבען שטעהן. מאקס האט זיך ארומגעקוקט און איז בלייך געווארען.

— וואס איז מיט דיר, מיין זוהן? פאר וואס ביסט דוא געווארען אזוי בלייך?

— מוטער! מיר געפינען זיך אין וועלדעל, וואו....

— איך וויים עס. נו, וואס איז דען? וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראקען?

— אך, מוטער! אויף דיעזען ארט איז אמאל בעגאנגען געווארען א שרעקליכעס פערברעכען.

— רעד קיינע נארישקייטען, מאקס! הער אויף צו דערצעהלען, וואס א מאל איז דא געשעהן. דוא ביסט דאך א מאן. דוא דארפסט זיין שטארק און ניט מורא האבען פאר זאכען, וועלכע זיינען שוין לענגסט געשעהן און לענגסט פערגעסען. דוא ביסט א מאן און טראגסט א שטאָלצען נאמען. וויסט דוא דיא בעדייטונג פון'ם נא־מען גראף? — א גראף פלעגט א מאל זיין א העלד, וועלכער פלעגט דארפען פער־טהיידיגען דיא גרענצען פון'ם לאנד געגען דיא פיינד. א גראף דארף פאר קיין זאך ניט מורא האבען און פאר קיין מענשען זיך ניט איבערשרעקען. א גראף מוז צוטרעטען זיינע פיינד אונטער זיינע פיס.

— וואס רעדסט דוא, מוטער! בין איך דען אזא פיינער מענש (א טרוס)?

מיינסט דוא ווירקליך, אז איך ציטער פאר יעדעס בלאט, וועלכעס פאלט אראפ פון א בוים? איך זאג נור, אז . . .

— זאג גאר נישט און קום בעסער מיט מיר אביסעל שפאציערען.

ביידע זיינען ארויסגעגאנגען פון דער קארעטע און זיינען אריינגעגאנגען אין טהאל פארן בערגעל. דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געווארען דונקעל. דיא לופט איז געווען ריין און שטיל. קיין ווינטעלע האט ניט געוועהט, מען האט ניט גע־הערט קיין האוך.

מוטער און זוהן זיינען געגאנגען איינער לעבען אנדערן. מאקס האט א קוק גע־טאהן און האט דערזעהן פון דערווייטען דאס שלאס באטהיאני מיט זיינע ווייסע מויערן און הויכע רויטע דעכער.

— אלזא, דיעזעס שלאס געהערט שוין יעצט צום באראן נאני? האט ער געפרעגט.

— יא, מיין זוהן, האט דיא גרעפין געענטפערט. ער האט עס אפגעקויפט ביים אדוואקאטען און וויל עס דיר שענקען, דוא זאלסט דארט וואינען נאך דער האכצייט מיט עלווירא'ן. דוא דארפסט עס אבער דערווייל נאך קיינעם ניט זאגען. ער וויל דיך איבערראשען.

— אזוי? דער באראן איז גאנץ קלוג! ער וויל, אז איך זאל וואינען מיט מיין פרוי אין שלאס פון דעם מענשען, וועלכען מיר האבען געבראכט אויפ'ן עשאפאט. ער מיינט געוויס, אז איך וועל דאן לעבען גליקליכער און וועל פערגעסען . . .

דיא גרעפין האט געפיהלט, וויא קאלט און מיט וואס פאר א גיפט ער האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער. זיא האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג און איז ווייטער געגאנגען. פון צייט צו צייט פלעגט זיא זיך ארומקוקען און עפעס זוכען מיט דיא אויגען.

— איך זעה איהם נאך ניט, האט זיא געמורמעלט שטילערהייט, וואס זאל עס הייסען?

זיי זיינען אריינגעגאנגען אין וועלדעל. דארט איז שוין געווען גאנץ פינסטער. ביידע האבען געשוויגען. ביידע זיינען געווען פערטיעפט אין זייערע געדאנקען.

פלוצלונג האבען זיי דערהערט א גערויש, דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן. זיא האט זיך אומגעקוקט און איהר געזיכט האט זיך אין גאנצען פערענדערט. איהר געזיכט איז ווידער געווארען קאלט און הארט, איהרע ברעמען האבען זיך צוזאמענגע־צויגען און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו ברענען.

— דאס איז ער! האט זיא געזאגט שטילערהייט. ער איז דאך געקומען!

צווישען דיא ביימער האט זיך געוויזען א געשטאלט פון א מענשען.

— איהר זייט עס? האט דיא גרעפין געפראגט ניט גאנץ הויך. דיא געשטאלט האט זיך געשטעלט צווישען צוויא ביימער און האט ניט געענטפערט.

— אט איז ער, מאקס, האט דיא גרעפין געזאגט צו איהר זוהן, טייט איהם! אט איז ער ווידער!

מאקס האט דערזעהן פאר זיך אן אלטען מאן אין ארימע צוריסענע קליידער.

ער האט איהם דערקענט. דאס איז געווען דער זעלבער, וועלכער איז געווען ביי איהם אין האטעל אין בודאפעסט און האט זיך אזוי נאכגעפרעגט נאך זיינע עלטערן.

— אה! דוא ביסט עס! האט ער אויסגערופען און האט ארויסגעחאפט זיין שווערד. — דוא ביסט עס? דוא ביסט ווידער געקומען אונז שטערן?

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך געווארפען אויף איהם מיט זיין בלויזער שווערד.

— האלט איין! האט דער אלטע מאן אויסגערופען, דוא ווייסט ניט, וואס דוא טהוסט!

דער אלטער האט אויפגעהויבען זיינע הענד, גלייך וויא ער האט געוואלט זיך פערשטעלען, מאקס אבער איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט זיך ארויפגעווארפען אויפ'ן אלטען מיט א געשריי:

— שטארב, דוא טויגעניכטס! דוא רויבער!

און האט איהם אריינגעשטאכען זיין שווערד אין הארצען. דער אלטער מאן איז געפאלען צו דער ערד.

דיא גרעפין איז געשטאנען רוהיג און האט צוגעזעהן, וואס איהר זוהן האט געטאהן. ווען עס זאל געווען זיין אביסעל העלער, וואלט מאקס פיעלייכט געזעהן, וואס עס טהוט זיך ביי זיין מוטער אויפ'ן געזיכט, וויא זיא ווערט פון אלערלייא פארבען; וויא אויף איהר שטערן איז ארויסגעגאנגען א קאלטער שוויים און וויא זיא ציטערט ביי יעדען קרעכץ פון דעם ערמארדעטען אלטען.

אויך מאקס איז געקומען אביסעל צו זיך און האט געפיהלט, אז ער האט זיך איבעראיילט. עס איז דאך זעהר טרויעריג צו פערגיסען מענשען-בלוט.

דער אלטער מאן איז אוועקגעלעגען עטליכע מינוטען און האט נור געקרעכצט שטילערהייט. באלד אבער איז ער געקומען צו זיך, ער איז געווען טייטליך פערוואונדעט. ער האט געוואוסט, אז ער קען שוין ניט לעבען און האט בענוצט דיא לעצטע מינוטען פון זיין לעבען אום ארויסצוזאגען, וואס ער האט געפיהלט.

— טראג מיך ארויף אויפ'ן בארג, האט ער געקרעכצט, דארט וועל איך עס קלאגען דעם הימעל און דיא ערד. לאזען הערן דיא שטומע ביימער, אז א זוהן האט געטייטעט זיין פאטער און דיא מוטער האט איהם אנגערעדט דערצו. לאזען עס הערן דיא עוויגע שטערן, אז א פרוי האט פערנארט איהר מאן אין א וואלד, אז איהר זוהן זאל טייטען זיין פאטער. זיי פערפלוכט, ניעדערטרעכטיגע בייזע שלאנג! זיי פערפלוכט, אונמענש, וועלכען איך מוז רופען מיין זוהן! — זיי פערפלוכט — אויף איי—ביג, שלעכטער, אונ—נא—טיר—לי—כער מענש — זוהן!

מאקס און דיא גרעפין האבען עס געהערט.ביידע זיינען געשטאנען, וויא פערשטיינערט. און האבען ניט געקענט זיך ריהרען פון ארט. זייא האבען ניט געקענט ארויסזאגען א ווארט; יעדעס ווארט, וואס דער שטערבענדער מאן האט ארויסגעזאגט, האט זיי געשטאכען, וויא מיט מעסערס, זיי האבען געוואלט אנטלויפען, — זיי האבען ניט געקענט.

דער אלטער מאן האט נאך געציטערט אייניגע מינוט, דאן האט ער זיך אויס־געשטרעקט און איז געבליעבען ליגען טויט. מאקס האט גוט געטראפען.

עס האט זיך אויפגעהויבען א לייכטער ווינטעלע. דיא ביימער האבען אנגע־הויבען צו רוישען. ערגעץ ווייטער אין וואלד האט א פויגעל אנגעהויבען צו שרייען. מו־טער און זוהן זיינען געקומען צו זיך. מאקס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט זיך אויפגעכאפט וויא פון א שווערן שלאף.

— קום מוטער! לאמיר אנטלויפען פון דאנען! האט ער קוים ארויסגעקייכט.

— האלט מיך אונטער, מיין זוהן. האט דיא גרעפין געבעטען, איך קען ניט געהן.

מאקס האט זיא אנגענומען אונטערן ארים און האט געזאגט נאך א מאל:

— קום מוטער, לאמיר אנטלויפען פון דאנען!

ווען זיי זיינען אוועקגעגאנגען טאליכע שריט, האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז מען געהט זיי נאך. זיי האבעןביידע א ציטער געטאהן און האבען זיך אומגעקוקט. זיי הא־בען געזעהן דייטליך, וויא דער טויטער ליעגט אויף זיין ארט און ריהרט זיך ניט. ווי־טער האבען זיי קיינעם ניט געזעהן.

— אך, מוטער! עס וואלט פיעל בעסער געווען, מיר זאלען גאר ניט געווען קר־מען אהער! האט מאקס געזיפצט. — איך האב געטויטעט א מענשען.

דיא גרעפין האט געשוויעגען.

— דוא ביסט אויך זעהר אונרוהיג און אויפגערעגט, מוטער, האט מאקס ווי־טער געזאגט. וואס איז דיר?

— איך ווייס ניט. יעדעס מאל, ווען איך פלעג דערזעהן דיזען בעטלער, פלעג איך מיך דערשרעקען.

— נו, יעצט וועסט דוא שוין מעהר זיך ניט שרעקען, מוטער: ער איז טויט.— אך, מוטער! פאר וואס האב איך איהם געטויטעט? וואס האט ער מיר געטאהן?

— רעד ניט מעהר פון איהם, מאקס! עס איז שוין פערפאלען, וואס האט מען דערפון צו רעדען?

זיי זיינען צוגעקומען צו דער קארעטע, האבען זיך אריינגעזעצט און זיינען אוועק־געפאהרען אהיים. דיא גרעפין האט זיך אונטערדעסען אין גאנצען בערוהיגט. זיא האט שוין פערגעסען, וואס עס איז געשעהן און האט געהייסען איהרע דיענער גרייטען צום טיש און אויסגעבען דיא טהייערסטע ווייגען, וועלכע האבען זיך געפונען אין איהר קעללער.

מאקס איז געזעסען טרויעריג און פערטראכט. זיין מוטער האט איהם געבעטען ער זאל זיך זעצען צום טיש און זאל עסען מיט איהר, מאקס האט ניט געוואלט.

— איך קען יעצט ניט עסען, האט ער געזאגט. איך מוז מיך פארבערייטען צו דער רייזע. מארגען גאנץ פריה פאהר איך קיין בודאפעסט. איך מוז מיך לעגען שלא־פען פריהער. — גוטע נאכט, מוטער!

דיא גרעפין האט איהם געבעטען, ער זאל נאך בלייבען ביי איהר אביסעל: ער האט עס אבער ניט געוואלט און איז אוועקגעגאנגען אין זיין צימער.

---

24טער קאפיטעל.

## דער מארד.

אום עלף אוהר אבענדס איז אנגעלאפען א קארעטע אין דארף טשעמני און איז געבליעבען שטעהן פאר'ן הויז פון'ם גייסטליכען. דער גייסטליבער איז ארויסגעגאנגען פון דער קארעטע און האט דערלאנגט זיין האנד דעם בישאף ווארעאווסקי, וועלכער איז געזעסען אין קארעטע.

— גוטע נאכט, טהייערער פריינד! האט ער געזאגט, מיין הויז איז צו ארים אום דיך אויפצונעהמען. מארגען אין דער פריה וועל איך קומען צו דיר און מיר וועלען רעדען איבער אלעס. יעצט איז שוין שפעט. — גוטע נאכט!

— גוטע נאכט! האט דער בישאף געענטפערט.

דיא קארעטע איז יעצט אוועקגעפאהרען צום שלאס באטהיאני. אין דער קארעטע זיינען יעצט געזעסען נור צוויא מענשען, דער באראן נאגי און דער בישאף ווארעאווסקי. ביידע האבען דעם גאנצען וועג גערעדט פריינדליך און פרעהליך. מען האט גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען, ביז מען איז צוגעקומען צו דעם שלאס באטהיאני.

באראן נאגי איז אראפגעשפרונגען פון דער קארעטע, האט געעפענט דעם טויער און האט אריינגעפיהרט דעם בישאף אין גרויסען זאל פון'ם שלאס. באלד האט געברענט א לאמפ אין זאל און ביידע נייע פריינד האבען זיך אומגעקוקט.

— נון, וויא געפעלט אייך דיעזעס שלאס? האט נאגי געפרעגט.

— דאס שלאס מאכט אויף מיך א טרויעריגען איינדרוק, האט דער בישאף געענטפערט. איך ווייס ניט, וויא אזוי עס צו ערקלערן. איך ווייס נור, אז עפעס פרעסט מיך, עפעס דריקט מיך דא אין דיעזען שלאס.

— מעגליך, וויל איהר זייט נאך ניט בעקאנט מיט איהם. ווען איהר ווילט, וועל איך שיקען מיינע דיענער אהער. איהר וועט דאן ניט בלייבען גאנץ אליין אין דיעזען שלאס.

— איך דאנק אייך, הערר באראן! האט דער בישאף געענטפערט. מיין קוטשער וועט מיך בעדיענען. מעהר דארף איך ניט.

— ער איז נאך ניט גוט בעקאנט מיט'ן שלאס, האט נאגי געזאגט. איך מוז איהם ווייזען אלעס.

ער איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען זיך אי ערלעגען וואס צו טאהן. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוים וועט דער גייסטליבער פון טשעמני זיך זעהן מיט'ן בישאף וועט ער איהם געווים ווייזען דעם טויטען שיין. דאן וועט ווערן א סקאנדאל. אלזא, בלייבט איהם קיין זאך ניט איבעריג אלס צו טויטען דעם בישאף. אבער דער קוטשער? וואס טהוט מען מיט'ן קוטשער? — איהם אויך טויטען. דאס איז אביסעל צו פיעל פאר איין מענשען. איינער געגען צוויי איז שווער צו בעשטעהן. מען מוז זוכען נאך איינעם.

ער איז צוריק געקומען אין שטוב און האט געזאגט צום בישאף.

— איך האב שוין אלעס פאַרזארגט. איך האב אנגעגרייט אלעס און האב געוויזען דעם קוטשער, וואס ער זאל טאהן און וואו ער זאל שלאפען. איהר זייט געווים מיעד און ווילט שלאפען. איך ווינש אייך א גוטע נאכט!

ער האט אבשיעד גענומען פון'ם בישאף און איז זיך אוועקגעגאנגען. אין דרויסען האט ער געהייסען זיין קוטשער פאהרען אהיים און ער אליין איז געגאנגען צו פוס. ער איז אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט און איז געבליעבען שטעהן.

— ניין, האט ער געזאגט, ניין, איך דארף עס ניט טאהן אליין. איך מעג זיין דערביי, אבער דאס אנדערע האנט דארף טאהן פאר מיר דיא בלוטיגע ארבייט. איך האב וועמען צו שיקען. ער וועט עס טאהן.

ער האט אנגעהויבען צו געהן האסטיג און איז אריינגעגאנגען אין דיא בערג. אין א שטונדע ארום איז ער געשטאנען פאר אן איינציגען הויז אין א וואלד. הינט האבען אנגעהויבען צו בילען און ער האט געמוזט אפבערעכען א צווייג פון א בוים אום זיך צו וועהרען געגען זיי.

ער איז צוגעקומען צו דער טהיר און האט אנגעהויבען צו קלאפען.

— ווער איז דארט? ווער שטערט עס מיך ביי נאכט? האט געפרעגט א גראבע מענער שטימע.

— עפען דיא טהיר און קום ארויס, האט נאגי געענטפערט.

— ווער ביסט דוא? וואס דארפסט דוא מיך?

— צינד אן א ליכט און קום ארויס. איך וועל דיר שוין זאגען, וואס איך דארף דיך.

אין איניגע מינוטען ארום האט זיך דיא טהיר געעפענט און א הויכער, שטארקער מאן איז ארויסגעקומען מיט א ליכט אין דער האנד.

— דוא האסט מיך ניט דערקענט, שעק? האט נאגי געפרעגט.

— אה! איהר זייט עס, גנעדיגער הערר? איך האב אייך ווירקליך ניט דערקענט, האט שעק געענטפערט, איהר האט מיר שוין לאנג קיין ארבייט ניט געגעבען. זייט מיר זאגען אביסעל צושטאכען דעם באראן פאן באטהיאני, האבען מיר אייך ניט געזעהן.

— רעד ניט מעהר דערפון, שעק, איך האב פאר דיר אנאנדער ארבייט.

— יאָן ארבייט? זאגט מיר נור, וואס איך זאל טאהן און איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין.

— וואו איז סטעפען? האט נאגי געפרעגט. איז ער ניטא ביי דיר?

— דער סטעפען איז אוועקגעפאהרען.

— וואוהין? איך דארף איהם האבען.

— ער איז אוועקגעפאהרען אויף א גאנץ ווייטען וועג.

— אבער וואוהין? האט נאגי געפרעגט בייז.

— אויפ'ן הימעל.

— רעד קיינע נארישקייטען! זאג מיר, וואו סטעפען איז.

— מיט צוויי וואכען צוריק האבען מיר ביידע שפאציערט אין וואלד און האבען

דערזעהן א שווערע קארעטע מיט א פאר גוטע פערד פאהרען אויף א זייטען ווענעל. מיר האבען געוואלט אביסעל לייכטער מאכען דיא ארימע פערד. אין דער קארעטע זיינען אבער געזעסען צוויא מענער, וועלכע האבען ניט געוואלט וויסען פון אונזער פריינדליכקייט. זיי האבען אונז טראקטירט מיט הייסע קוגעלן, איינע האט געטראפען דעם ארימען סטעפען אין קאפ און ער איז אוועקגעפאהרען אויפ'ן הימעל.

— דאס איז זעהר שלעכט, האט נאגי נעזאגט, איך דארף האבען צוויי מענשען.

— גנעדיגער הערר, ווען איהר דארפט אונז האבען געגען דרייא מענשען, קען איך מיך אונטערנעהמען; ווען איהר דארפט אונז האבען געגען מעהר אלס דרייא, קען איך מיך ניט אונטערנעהמען.

נאגי האט געטראכט איינינע מינוט. ער האט בעטראכט דיא שטארקע, אייזערנע הענד שעק'ס און האט געזאגט:

— איך דארף דיך נור געגען צוויי. איינער פון זיי איז אן אלטער, שוואכער מאן.

— דאן האט איהר ניט וואס צו רעדען. דאן וועל איך מיט זיי פערטיג ווערן.— האבען זיי פיסטאלעטען?

— ניין, שעק! דאס זיינען מענשען, וועלכע האבען קיין מאל קיין פיסטאלעט אין האנד ניט גענומען.

— דאן זאגט מיר וואוהין צו געהן.

— איך וועל דיך פיהרען. נעהם נור מיט שארפע מעסערס און א שווערע האק.

שעק איז אריינגעגאנגען אין שטוב, האט זיך איבערגעטאהן און האט מיטגענומען אלעס, וואס ער האט געדארפט. אין איינינע מינוטען ארום איז ער ארויסגעקומען פיקס און פערטיג.

דער שטאלצער באראן איז יעצט געגאנגען זייט בייזייט מיט א נידעריגען וואלד רויבער. איינינע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. פלוצלונג האט דער רויבער געפרעגט.

— וואוהין געהען מיר?

— צום שלאס באטהיאני.

— וואס דארף איך דארט טאהן?

— שטים מאכען צוויא מענשען. איינער איז מיין שרעקליכסטער פיינד. ער וויל מיך אומברענגען. איך מוז מיך וועהרען געגען איהם. דער צווייטער איז זיין דיענער. ער שלאפט רוהיג און ווייס ניט פון וואס צו זאגען.

— וויא וועלען מיר אבער אריינקומען אין שלאס?

— איך האב ביי מיר דיא שליסעל צום טויער און צו אלע טהירען.

— וועט איהר מיר העלפען, ווען עס וועט נעטהיג זיין?

— געוויס! אבער נור אין אייסערסטען פאלל. איך וועל שטעהן פון דערוויטען און וועל זעהן, וויא דוא ארבייטעסט. ווען דוא וועסט ניט קענען פערטיג ווערען מיט ביידען, וועל איך צוקומען דיר העלפען.

— דאס איז מיר אויך רעכט, אבער מיין הערר...

— אך, דוא האסט רעכט! איך האב פערגעסען, אז דוא האסט פיינד צו א־בייטען אומזיסט.

— נעוויס, גנעדיגער הערר, איך וויל קריעגען בעצאהלט פאר מיינע ארבייט, וויא יעדער אנדערער ארבייטער.

נאני האט ארויסגענומען עטליכע גאלדשטיקע און האט זיי איהם דערלאנגט. דער רויבער האט זיי איבערגעצעהלט און האט געפונען, אז ער האט ניט גענוג.

— גנעדיגער הערר, האט ער אויסגערופען, דיא צייטען זיינען זעהר שלעכט. מען פערדיענט ווענינ; ווען מען קריעגט שוין א שטיקעל ארבייט, וויל מען קריעגען גוט בעצאהלט.

נאני האט זיך אביסעל נעקרימט, ער האט אבער דאך געמוזט צולעגען נאך עטליכע גאלדשטיקע. זיי זיינען ווייטער געגאנגען און האבען מעהר ניט גערעדט קיין ווארט. ווען זיי זיינען אנגעקומען צום שלאס באטהיאני, האט זיך געוויזען דער ערש־טער פאס ליכט אויפ'ן הימעל. עס האט אנגעהויבען צו טאגען.

— שנעל! שנעל! עס ווערט שפעט! האט נאני אנגעטריעבען זיין ארבייטער.

זיי זיינען צוגעגאנגען האסטיג צום שלאס. נאני האט אויפגעשלאסען א קליין טהירעל'ע אין טויער און ביידע זיינען אריינגעקומען אין הויף. דער אונגליקליכער בישאף האט צוואר אנגעזאגט זיין קוטשער, אז ער זאל פערשליעסען און פערריגעלן אלע טהי־רען. דער קוטשער איז אבער געווען פרעמד אין שלאס. ער האט ניט געוואוסט, אז אין טויער געפינט זיך א קליין טהירעל. ער האט ווייטער ניט געהענט וויסען, אז יעד דעם צימער האט צוויא טהירען. נאני האט איהם איבערגעלאזען דיא שליסעל נור פון איין טהיר.

— יעצט געה גאנץ שטיל, שעק, האט נאני געזאגט.

— עס איז פינסטער אין דיא קארידארען, האט שעק בעמערקט. זאל איך פיעלייכט אנצינדען א ליכט?

— ניין, שעק, מען דארף קיין ליכט. קום נור מיט מיר. איך קען דיא אלע וועגען

נאני האט אנגענומען דעם באנדיט ביי דער האנד און האט איהם געפיהרט. צוערשט זיינען זיי אריינגעגאנגען אין קיך. נאני האט גערעכנט, אז דער קוטשער שלאפט נעוויס אין קיך. זיי זיינען אריינגעקומען אין ערשטען צימער. דער רויבער האט אנגעצונדען א ליכט און זיי האבען זיך אומגעקוקט. — לעדיג! קיינער איז ניטא!

— וואס זאל דאס הייסען? האט נאני אויסגערופען ערשטוינט. וואו שלאפט דער קערל.

זיי זיינען דורכגעגאנגען אלע צימער פון קיך און האבען קיינעם ניט געפונען. נאני איז געווען אויסער זיך פאר פערדרוס.

— ער שלאפט געווים אין שלאס לעבען זיין הערר, האט שעק געזאגט.

— דוא האסט רעכט, דאס קען זיין. מיר האבען דא ניט וואס צוטאהן, האט נאני געענטפערט.

זייא זיינען ארויסגעגאנגען פון קיך און זיינען געגאנגען צום שלאס. דיא הויפט

טהיר איז געווען פארשלאסען און נאני האט געגעבען דעם שליסעל דעם בישאף. נאני האט אבער געהאט א יזליעסנך צו א זייטען טהיר. ער האט זיא געעפענט און ביידע זיינען אריינגעגאנגען אין שלאס. זיי זיינע דורכגעגאנגען עטליכע לעדיגע צימער. נאני האט געפיהרט דעם מערדער צום שלאף־צימער, וואו עס איז געשטאנען דאס גרויסע, געשניצטע בעט פון דיא אלטע באראנעז באטהיאני.

אין צימער פארן שלאף־צימער האבען זיי דערזעהן א געשטאלט ליעגען אויף דער ערד, דאס איז געווען דעם בישאף'ס קוטשער.

שעק האט רעכט געהאט. דער בישאף האט עפעס מורא געהאט צו שלאפען איינער אליין אין א פערנאבלעסיגטען שלאס און ער האט געהייסען זיין קוטשער זיך לעגען אין פארצימער.

דער קוטשער איז געווען זעהר מיעד פון דער רייזע און איז געשלאפען געשמאק. שעק האט ארויסגענומען א לאנגעס, שארפעס מעסער, האט זיך אנגעבויגען און האט איבערגעשניטען דעם קוטשער דעם האלז.

דער קוטשער האט זיך אויפגעהאפט, האט געעפענט דיא אויגען, האט א קוק געטאהן מיט שרעק און שטוינען אויף זיין מערדער און האט וויעדער פערמאכט דיא אויגען. אייניגע מינוטען נאך האט ער זיך געווארפען און איז געבליעבען ליעגען טוט.

— וואו איז דער צווייטער, גנעדיגער הערר? האט שעק געפרעגט דעם באראן

— ער שלאפט געוויס אין אנדערן צימער, האט נאני געענטפערט.

אין דיעזער מינוט האט מען געהערט א מענשען זיך ריהרען אין צווייטען צימער און אן אלטע מענער שטימע האט געפרעגט:

— פראנץ, וואס איז מיט דיר? וואס ווארפסט דוא זיך אזוי?

נאני און דער רויבער האבען א ציטער געטאהן. דיא אלטע, שוואכע שטימע פון'ם בישאף, וועלכער האט גערופען דעם קוטשער, האט געמאכט אויף זיי א בעזאנ־דערן איינדרוק.

עס איז מערקווירדיג מיט'ן מענשען, זאגאר מיט'ן ערנסטען מענשען. ווען מען שטעלט זיך געגען איהם, ווען מען רעדט צו איהם גראב און בייז, רייצט מען איהם און מען צווינגט איהם צו טאהן א גרויזאמקייט. ווען ער הערט אבער דיא שוואכע שטימע פון א קינד אדער פון א אלטען מאן, ווערט ער ווייך און מילד געשטימט. דיא שוואכע, ווייכע שטימע פון א קינד אדער אן אלטען מאן ווירקט אויף אונז בע־רוהיגענד.

נאני איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך.

— ער האט זיך אויפגעהאפט, האט ער געזאגט, דאס מאכט ניט. געה, שעק, און ענדיג מיט איהם.

ווען דער בישאף האט געזעהן, אז פראנץ ענטפערט איהם ניט, איז ער אראפגע־גאנגען פון בעט און איז צוגעקומען צו דער טהיר. דא האט ער דערהערט, וואס נאני האט געזאגט צום מערדער.

— וואס איז דא? וואס קומט דא פאר? האט דער בישאף געפרעגט דער־שראקען און האט געעפענט דיא טהיר פון'ם שלאף־צימער.

האט דערזעהן דעם באראָן נאגי מיט אַ פרעמדען מענשען און האט אַ ציטער געטאהן.

— גרויסער גאט! וואס איז דא געשעהן? האט דער אונגליקליכער מאַן אויס־געריפען — נאָט אין הימעל! הערר באראָן! איהר זייט עס? וויא קען איך עס ער־קלערן? וויא קען איך עס פערשטעהן?

— איהר וועט עס פערשטעהן אויף יענער וועלט, האט נאגי געענטפערט רוהיג און קאלטבלוטיג. — שעק מהו, וואס איך האב דיר געהייסען!

שעק האט אויפגעהאבען דיא שווערע האק, וועלכע ער האט מיטגענומען פון דערהיים און האט געוואלט אַ זעץ טאהן דעם בישאף אין קאָפּ. דער בישאף אבער איז צוגעלאפען צום בעט און האט אנגעהויבען צו שרייען:

— מערדער! וואס האב איך איך געטאהן? וואס האט אייך געטאהן יענער אונגליקליכער, וועלכען איהר האט ערמארדעט אזוי אונבארמהערציג? וואס האט איהר צו מיר, באראן נאגי פאָן האללא — —

ער האט ניט געענדיגט, וואס ער האט געוואלט זאגען. שעק האט איהם אריינ־געשטאכען אַ מעסער צווישען דיא ריפען. דער בישאף האט געגעבען נור איין געשריי און איז געפאלען אויפ'ן בעט.

— גוט, שעק, דוא האסט גוט געטראפען, האט נאגי געזאגט, ער לעבט אבער נאך. מאך מיט איהם אן ענדע.

— גאט — זאָל — זיך — אנ—נעהמען — פאר — אונז — און — זאָל — אייך — שטרא— — — האט נאך געקרעכצט דער בישאף.

שעק האט איהם איבערגעשניטען דעם האלז. נאגי איז געשטאנען דערביי און האט צוגעקוקט. וויא דער מערדער טהוט קאלטבלוטיג, זיינע בלוטיגע ארבייט. ווען אלעס איז געווען געענדיגט, האט ער צו איהם געזאגט:

— דוא האסט פערדיענט דיין געלד גאנץ עהרליך. דוא מעגסט יעצט בעזוכען דעם אלטען און צונעהמען וואס דוא וועסט געפינען ביי איהם. עס געהערט דיר.

דער מערדער האט זיך ניט געהייסען צוויימאל זאגען. ער האט אויפגעריסען דעם בישאף'ס רענצעל און האט ארויסגענומען אלעס, וואס ער האט דארט געפונען.

— יעצט מוזען מיר אויפרייסען אַ טהיר, האט נאגי געזאגט צו זיין פריינד, לאז מען מיינען, אז רויבער זיינען אנגעפאלען און האבען צובראכען דיא טהיר.

— דאס איז זעהר לייכט, גנעדיגער הערר, האט שעק געענטפערט און האט באלד אויפגעריסען אַ טהיר.

— יעצט קום, שעק.

ביידע זיינען ארויסגעגאנגען פון שלאס און זיינען אוועקגעגאנגען עטליכע הונ־דערט שריט.

— יעצט מוזען מיר זיך צוגעהן אין פערשיעדענע זייטען, האט נאגי געזאגט.

— גוטע נאכט, הערר באראָן! איך דאנק אייך פאר דיא ארבייט, וואס איהר האט מיר פערשאפט און בעט אייך, איהר זאָלט אן מיר ניט פערגעסען, ווען איהר וועט דארפען אפטאהן נאך אן ארבייט.

דער מערדער איז זיך אוועקגעגאנגען אין זיין היים אין דיא בערג און נאני איז געגאנגען צום שלאָס ראדעצק.

— נו, גייסטליכער פון טשעמני! האט נאני אויסגערופען, יעצט ווערסט דוא שוין אויפהערן צו פרעגען, ווער דיא גרעפין פאָן ראדעצקי איז, דוא ביסט שולדיג, וואס דיין יוגענד פריינד איז ערמארדעט געוואָרען. עס איז וואהר, אז רויבער און מערדער זיינען אנגעפאלען אויפ'ן שלאס. זיי האבען געטייטעט דעם בישאף און האבען בער רויבט זיינע זאכען. קיינער וועט ניט קענען זאגען, אז עס איז אנדערש געווען.

ער איז געגאנגען האסטיג אהיים. אין דרויסען איז שוין געווען גוט ליכטיג, אין אָסטען (מזרח) האבען זיך געוויזען דיא ערשטע שטראהלען פון דער זון. דער הימעל איז געוואָרען שטארק רויט. נאני האט א קוק געטאהן אויפ'ן הימעל און האט א ציטער געטאהן.

— גערעכטיגקייט, האט ער געמורמעלט, וואו איז דיא גערעכטיגקייט? איז דא אויף דער וועלט גערעכטיגקייט? ווער עס איז קלוג, ווער עס וויס, וויא צו רויבען, וויא צו מאָרדען און דערנאך זיך אפצולייקענען, דער איז גערעכט. אונגערעכט איז דער ארימער, דער עלענדער, דער מענש מיט א ווייכעס הערץ און שוואכע נערווען, דער איז אונגערעכט. דער שטארקער אבער איז שטענדיג גערעכט. ווער עס האט א קור פערנעם שטערן און אזוי פיעל פרעכהייט, אז ער קען אפלייקענען, אז צוויא מאל צוויא איז פיער, דער איז גערעכט. איך בין גערעכט. דער בישאף האט געקענט פערניכטען אלע מיינע פלענער און איך האב געמוזט איהם טייטען. דאס איז מיינע גערעכטיגקייט.

## 25טער קאפיטעל.

## ער איז גערעכט.

ווען דיא גרעפין מיט איהר זוהן זיינען געקומען אהיים, איז מאקס אוועקגעגאנגען אין זיין צימער און דיא גרעפין איז געבליעבען אליין. מאקס איז נאך ניט געווען אזוי פערדארבען, וויא נאני. ער האט געפיהלט, אז ער איז אונגערעכט. ער האט פערשלאָסען דיא טהיר פון זיין צימער, איז געפאלען אויף זיין בעט, האט פערגראבען זיין קאָפּ אין קישען און האט אנגעהויבען צו וויינען. ער האט געפיהלט, אז ער איז אונגערעכט.

דיא גרעפין איז געבליעבען אליין. זיא איז געווען זעהר אונרוהיג. דער שאטען אין דרויסען, דער שאטען אין איהר צימער, דער שאטען אין איהר הארצען האבען איהר געשריען, אז זיא אונגערעכט. זיא האט געוואלט פערטרייבען דיא שאטענס. זיא האט אנגעצונדען ליכט. ליכט איז לעבען. ליכט איז פרייד. דיא ליכט, וועלכע זיא האט אנגעצונדען, האבען פערטריעבען דיא שאטענס פון איהר צימער און דיא שאטענס פון דרויסען. אין איהר הערץ אבער זיינען דיא שאטענס געבליעבען. א שטיק אייז האט זיך ארויפגעלעגט אויף איהר הערץ און איהר בלוט איז פערקיהלט געווארען אין איהרע אדערן.

זיא איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען. דיא נאכט איז געווען פינסטער. א שווערער שווארצער שאטען איז געלעגען אויף דיא געגענד. שווארצע, דונקעלע, טרויעריגע,

שאטענס האבען זיך ארומגעלענט ארום איהר הערץ און האבען עס געפרעסט און גע־דריקט, אז זיא האט זיך קיין ארט ניט געקענט געפינען.

— נאני! האט זיא אויסגערופען. וואו איז נאני?

קיינער האט איהר ניט געענטפערט. דער שאטען, דאס בילד פון איהר געמאר־דעטען מאן האט זיך פארגעשטעלט פאר איהרע אויגען און האט געפאָדערט פון איהר רעכנונג פאר אלעס, וואס זיא האט געטאהן.

זיא האט זיך דערמאנט אן דיא גליקליכע צייט נאך איהר האכצייט מיט דיעזען מאן. זיא האט איהם דאמאלס געליעבט. זיא איז געווען גליקליך, ווען זיא האט גע־האט דאס ערשטע קינד, דאס איינציגע קינד. זיא איז דאמאלס שטאלץ געווען מיט דער ליעבע פון איהר מאן און איהר קינד.

פלוצלונג האט זיך אריינגעמישט א שאטען. ער האט אנגענומען דיא געשטאלט פון'ם באראן נאני. דער שאטען איז געוואקסען און האט פערשטעלט און פערדונקעלט איהר ליעבע, איהר געפיהלע און איהר געוויסען. דער שאטען איז געווארען אימער דונקעלער, עס איז פון איהם געווארען א שווארצער וואלקען, וועלכער האט זיא אין גאנצע פערדעקט און פערהילט.

יעצט ציטערט זיא פאר דיעזען שאטען. ער האט זיא דערווייטערט פון איהר מאן, פון איהר ליעבע, פון איהר עדעלסטע געפיהלע און האט זיא געטריעבען דערצו, אז זיא זאל הייסען איהר אייגענעם זוהן טייטען זיין פאטער.

— שרעקליך! שוידערהאפט! אונמענשליך! האט זיא אויסגערופען. גאט אין הימעל! האב מיטלייד מיט מיר!

— גאט? האט פון ערגעץ געלאכט א שטימע — גאט? וויא קומסט דוא צו גאט? וואס ווילסט דוא פון גאט? וויא קענסט דוא רופען צו גאט, ווען דיינע פינגער זיינען בעפלעקט מיט דעם בלוט פון דיין מאן, וועלכען דוא האסט אמאל געליעבט?

זיא איז אנטלאפען צוריק אין איהר צימער און האט אנגעהויבען צו קלינגען. איהרע דיענער זיינען זיך צונויפגעלאפען און האבען זיא געפרעגט, וואס זיא דארף זיי.

— איך האב געהערט, וויא מען איז אריבער געקראָכען דיא מויער, האט זיא געענטפערט. געהט און זעהט אויב קיינער איז ניטא אין הויף.

דיא דיענער זיינען זיך צולאפען אין אלע זייטען. זיי האבען דורכגעזוכט דעם גאנצען הויף. זיי האבע אבער קיינעם ניט געפונען און זיינען געקומען עס מעלדען דער גרעפין.

— עס איז קיינער ניטא, האבען זיי איהר געמעלדעט. דער טויער איז פעררי־געלט, דיא טהירען זיינען פערשלאסען, אלעס איז רוהיג.

— דאן געהט שלאפען, האט דיא גרעפין געענטפערט אונרוהיג.

— דיא דיענער זיינען געגאנגען צוריק אין זייער צימער.

— וואס איז היינט מיט איהר? האט איינער געזאגט צום אנדערן. זיא איז פּליך און ציטערט.

— וואו איז דער באראן נאני? האט דער צווייטער דיענער געפרעגט.

— ער איז נאך ניט געקומען אהיים.

— עפעס איז ניט גלאט מיט אונזערע הערשאפטען, האט דער ערשטער וויעדער גענומען דאס ווארט. דער באראן געהט ארום דורך די נעכט. די גרעפין שלאפט ניט דורך די נעכט. דער יונגער גראף האט ביי נאכט ניט געוואלט עסען. וואס איז מיט זיי?

— וואס געהט עס אונז אן? האט דער צווייטער אויסגערופען. זיי צאהלען אונז פינקטליך און גיעבען אונז עסען און טרינקען, ווייטער מעגען זיי זיך שלאגען קעפ אן דער וואנד.

— דוא ביסט גערעכט, יאהאן! קום שלאפען און לאזען זיי זיך שלאגען קעפ אן דער וואנד.

ער האט אויך רעכט געהאט און ביידע גערעכטע זיינען געגאנגען שלאפען און זיינען באלד אנטש.אפען געווארען, וויא די גערעכטע.

די גרעפין האט אויך פראבירט זיך לעגען שלאפען. עס איז איהר אבער ניט געגאנגען. קוים האט זיא זיך געלעגט אויף, איהר בעט, האט זיא דערזעהען פאר זיך דעם אונגליקליכען אלטען, וויא ער ווארפט זיך, וויא ער צאפעלט זיך, וויא ער קרעכצט און וויא ער קעמפפט דעם שרעקליכען טאדעס-קאמפף.

אין אָסטען (מזרח) האט זיך אנגעהויבען צו ווייזען דער ערשטער פאס ליכט און די גרעפין האט נאך אלץ ניט געקענט אנטשלאפען ווערען. זיא איז אויפגעשפרונגען פון איהר געלעגער און איז ווידער ארויסגעגאנגען אין דרויסען.

— עס ווערט טאג, עס ווערט העלל. אין דרויסען, האט זיא געמורמעלט, די שאטענס אנטלויפען. איך ווער רוהיגער. ליכט איז לעבען. פינסטערניס איז טויט.

עס איז געווארען העלער און העלער, ליכטיגער און ליכטינער. די ערשטע רויטע שטראהלען פון דער יונגער זון זיינען ארויסגעגאנגען און האבען בעלייכטעט די בערג. די גרעפין האט זיך דערשראקען פאר די רויטע שטראהלען. פלוצלונג האט זיא דערזעהן א מענשען צוקומען צום שלאס.

— דאס איז נאני! האט זיא אויסגערופען. ענדליך קומט ער! ענדליך וועל איך האבען מיט וועמען צו רעדען א ווארט.

דאס איז ווירקליך געוועזן נאני, ער איז געקומען פון זיין בלוטיגע ארבייט, אין איינינע מינוטען ארום איז ער צוגעקומען צום שלאס און איז אריינגעקומען דורך א הינטער טהיר, צו וועלכער נור ער האט געהאט א שליעסעל. ער איז געוועזן רוהיג, אבער זעהר בלייך. ווען ער איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן באלקאן, האט ער דערזעהן די גרעפין.

— אזוי פריה זייט איהר שוין אויפגעשטאנען? האט ער געפרעגט.

— איך האב מיך נאך ניט געלעגט, האט די גרעפין געענטפערט.

— איז עס מעגליך? איהר האט נאך גאר ניט געשלאפען?

— איך האב ניט געקענט שלאפען. איך בין געוועזען זעהר אונרוהיג, וואס דוא ביסט ניטא אין דערהיים.

— דאס איז שעהן! דאס איז גראסארטיג! האט נאני אויסגערופען מיט א

זאַנדערבארען שמייכעל. נו וואס הערט זיך? וואס מאכט עפּעס אייער ליעבער מאַן
— אך, גאָט! רעד ניט דערפון! האט דיא גרעפין אויסגערופען. עס איז ניט אזא פרעהליכע זאך, מען זאל דערפון אזוי רעדען.
— דאס הארט מיך ניט. איך פרעג נור וויא שטעהט עס מיט איהם?
— ער איז טויט.
— איך דאנק דיר, ליעבע אייזשעניע! האט נאני אויסגערופען. יעצט זיינען מיר שוין זיכער און געשיצט פון אלע אונזערע פיינד.
— יא, מיר זיינען שוין זיכער, האט דיא גרעפין געזאגט לאנגזאם.
— און דאס האט מאקס געטאהן? האט נאני געפרעגט. מאקס האט געהאט אזוי פיעל מוטה צו טויט....
— יא, מאקס האט געטויטעט זיין פאט.... האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.
— הערט שוין א מאל אויף צו מארטערן זיך מיט אזעלכע נארישע געדאנקען! האט נאני געזאגט פעסט און רוהיג, מיר האבען יעצט צו רעדען פון פיעל וויכטיגערע זאכען. ערשטענס, דארפען מיר נאך רעדען פון אונזער האכצייט. צווייטענס, מוז מאקס אוועקפאהרען אויף עטליכע טעג. האט איהר שוין גערעדט מיט איהם דערפון?
— איך האב שוין מיט איהם גערעדט.
— קוים וועט ער אוועקפאהרען, וועלען מיר פארבערייטען אלעס צו אונזער האכצייט, וועלכע מוז שטאטפינדען דעם אכטען אויגוסט. מיר האבען יעצט אפגערוימט פון אונזער וועג אלע שטערונגען און אלע הינדערניסע. מיר זיינען לויז געווארען פון'ם באַראן פאן באטהיאני, מיר זיינען בעפרייט געווארען פון יענעם.... און ענדליך....
— וואס ענדליך? פון וועמען נאך זיינען מיר לויז געווארען? האט דיא גרעפין געפרעגט.
— דער בישאף וואראווסקי וועט אונז אויך ניט שטערן.
דיא גרעפין איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא א שלאנג וואלט זיא אנגעריהרט.
— אויך דיעזער? האט זיא געפרעגט, אך, נאני! דענקסט דוא, אז א געביידע, וועלכע איז געבויט געווארען אויף אזוי פיעל בלוט און אויף אזוי פיעל מארד, קען בעשטעהן? האסט דוא ניט מורא, אז אזא געביידע וועט צוזאמען פאלען מיט א שרעקליכען טראך און וועט אונז בעגראבען אונטער זיינע טרימער?
— ניין, האט נאני געענטפערט פעסט, זיינען דען ניט פיעלע קעניגרייכע געגרינדעט אויף מארד און בלוט? וואס האבען דען דיא קעניגע און דיא פירסטען געטאהן? זיי האבען געפיהרט קריעג מיט זייערע פיינדע און האבען זיי בעזיעגט, מיר האבען אויך געפיהרט קריעג מיט אונזערע פיינד און האבען זיי בעזיעגט. דיא קעניגען און דיא פירסטען מאָרדען און רויבען עפענטליך, מיר האבען געמארדעט און גערויבט שטילערהייט. וואס איז דער אונטערשיעד?
דיא גרעפין האט זיך פערטראכט. זיא האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן און וויא אזוי צו ערקלערן, אז יעדער מארד און יעדער רויב איז שלעכט און פיהרט ניט צום גוטען. זיא איז געווען צו שוואך דערצו. זיא איז געווען שלעכט און פערדארבען און דאך פלעגט זיא ציטערן יעדעס מאל, ווען זיא פלעגט זיך דערמאָנען, וואס

דורך איהר איז געשעהן. דאס איז געווען א שוואנקענדער כאראקטער, — א כאראק־טער, וועלכער איז איס שטאנד צו טאהן דאס ערגסטע און דערנאך זיך אליין דער־שרעקען פאר דעם, וואס זיא האט אפגעטהאן. ווען נאגי פלעגט אויף איהר ווירקען און איהר הייסען עפעס טאהן, פלעגט זיא עס טאהן; שפעטער אבער פלעגט זיא ציטערן און פלאטערן, פאר וואס זיא האט עס געטאהן.

נאגי דאנגען איז געווען א קאלטער, איבערגעלעגטער מערדער. זיין קאפ האט שטענדיג געארבייט, האט שטענדיג געטראכט, וויא אזוי צו רויבען, צו מארדען און רייך צו ווערן. ער האט קיין מאל ניט בערייעט, וואס ער האט געטאהן און האט מיט קיינעם קיין מיטלייד ניט געהאט.

— פאר וואס האט געמוזט פאלען דער בישאף וואראווסקי? האט דיא גרעפין געפרעגט מיט א פארוואורף אין איהר שטימע.

— ווייל ער האט געקענט ווערן געפעהרליך פאר אונז, האט נאגי געענטפערט קאלטבלוטיג.

— האסט דוא זיך ניט איבעראיילט, נאגי?

— ניין. מיר דארפען זאנאר, אז עס איז געטאהן געווארען אביסעל צו שפעט.

— וואס רעדסט דוא? איך פערשטעה דיך ניט.

— ער האט שוין עפעס געפלוידערט מיט'ן גייסטליכען פון טשעמני. עס מאכט אבער ניט אויס. איך וועל היינט זיין ביים גייסטליכען און וועל דארט מאכען אזא געשריי און אזא גוואלד איבער דעם ערמארדעטען בישאף, אז ער וועט מיינען, אז איך בין ווירקליך געווען זיין בעסטער פריינד. איך וועל איהם זאגען, אז דוא ביסט געפאלען אין אהנמאכט, ווען דוא האסט דערהערט, אז דער בישאף איז ערמארדעט געווארען. איך וועל אויפריהרען דיא גאנצע פאליציי און דאס גאנצע שטעדטעל ראזענוי. — איך פערגעס אבער, אז איך מוז ערשט געוואהר ווערן, אז ער איז טויט. דאס מוזען מיר מעלדען מיינע דיענער. איך וועל אנגרייטען א גוטען פריהשטיק און וועל איהם שיקען דעם הערן בישאף.

— ביסט דוא זיכער, נאגי, אז אויף דיר וועט ניט פאלען קיין פערדאכט (חשד)?

— איך בין עס זיכער.

— דערצעהלט מיר אלעס, דאס וועט מיך בערוהיגען. איך וויל וויסען, וויא אזוי עס איז צוגעגאנגען.

נאגי האט איהר דערצעהלט פון אנפאנג ביז צו ענדע, וויא אזוי ער האט גע־טויטעט דעם בישאף וואראווסקי.

— נון, יעצט ווייסט דוא אלעס, האט ער געענדיגט זיין ערצעהלונג. וועט זיך איינער אונטערשטעלען צו דענקען פון שלאס ראדעצק? — וועה דעם, וועלכער וועט וואגען ארויסצוזאגען א ווארט נעגען אונז! — זיי רוהיג, אייזשעניע! אלעס איז אפגע־טאהן געווארען אזוי גלאט, אז דער טייפעל אליין וועט עס קיין מאל ניט וויסען.

— איך האב מורא פארן גייסטליכען. ער איז געווען דעם בישאף'ס יוגענד פריינד. ער וועט מאכען א געוואלד. ער וועט זוכען, פארשען, קלערן, שפיאנירען און..

— זיי רוהיג. איך וועל שוין מאכען, אז דער גייסטליכער זאל מיך האלטען פאר

זיין בעסטען פריינד. איך װעל איהם העלפען זוכען, װער דער מערדער איז געװען און װעל איהם פערפיהרען.

דיא גרעפין האט נעטראכט איינינע מינוט. זיא האט שוין גוט געקענט איהר פריינד און האט געװאוסט, אז ער איז פעהיג אלעס צו טאהן.

— איך האב א ביטע צו דיר, נאני, האט זיא פלוצלונג געזאגט.

— א ביטע? זאג מיר, ליעבע! בעפעהל און איך װיל אלעס טאהן.

— גיב מיר א הייליגעס פערשפרעכען, אז מאקס זאל קיין מאל ניט געװאהר װערן, װעמען ער האט געטויטעט.

— איך שװער עס דיר ביי אלע הייליגע אויף׳ן הימעל און אויף דער ערד, אז מאקס װעט עס קיין מאל ניט געװאהר װערן. ביסט דוא צופריעדען מיט מיר?

— איך בין צופריעדען.

— יעצט, ליעבע אייזשעניע, מוזען מיר זיך לעגען שלאפען. מיר מוזען דאך אין א פאר שטונדען ארום שיקען א פריהשטיק דעם בישאף װאראװסקי.

ביידע זיינען זיך אװעקגעגאנגען אין זייערע צימער.

26טער קאפיטעל.

## נאני איז אויסער זיך.

מאקס איז אויפגעשטאנען אין דער פריה און האט זיך פארבערייטעט אויף דיא רייזע קיין בודאפעסט. ער איז געװען טרויעריג און ניעדערגעשלאגען. ער האט זאגאר ניט געװאלט פאהרען קיין טאקקי אום אבשיעד צו נעהמען פון עלװיראן. ער האט איהר געשריעבען א בריעף, אז ער פאהרט אװעק אויף עטליכע טעג קיין בודאפעסט. װען ער װעט צוריק קומען, װעט ער איהר ברענגען שעהנע פרעזענטע.

װען ער האט פערזארגט דיעזען בריעף מיט א דיענער, איז ער אריינגעקומען צו זיין מוטער, האט ביי איהר גענומען געלד אויף דיא רייזע און האט פון איהר אבשיעד גענומען, צו נאני האט ער ניט געװאלט געהן. ער האט איהם אין דער לעצטער צייט פיינט בעקומען.

אום ניין אוהר איז ער אװעקגעפאהרען.

נאני איז אויפגעשטאנען אום אכט אוהר און האט געהייסען דיא דיענער פון שלאס אויסזוכען דאס בעסטע און דאס שעהנסטע, װאס מען האט נור געקענט קריעגען צו עסען און צו טרינקען, עס אריינלעגען אין א קארב און עס שיקען אין שלאס באטהיאני דעם בישאף װאראװסקי.

עס איז באלד פערטיג געװארען און ער האט אװעקגעשיקט צװייא דיענער מיט׳ן פריהשטיק. דערביי האט ער זיי אנגעזאגט, אז זיי זאלען בלייבען ביים בישאף און זאלען טאהן אלעס װאס ער װעט זיי הייסען.

אין א שטונדע ארום זיינען דיא דיענער צוריק געקומען דערשראקען און פערװיינט און האבען דערצעהלט, אז זיי האבען געפונען דעם בישאף און זיין דיענער טויט.

נאני איז אויפגעשפרונגען, ער האט עס גאר ניט געװאלט גלויבען. ער איז געװען אויסער זיך און האט געשריען:

— עס קען ניט זיין! עס איז אונמעגליך!

ער האט געוויינט, ער האט געקלאגט, ער האט זיך געריסען ביי דיא האר, ער האט זיך געווארפען צו דער ערד. דיא דיענער זיינען געווען איבערצייגט, אז דער בי־שאף איז געווען זיין ברודער אדער זיין גאנץ נאהנטער פערוואנדטער. דער שמערץ פון׳ם גוטען נאני איז געווען אונבעשרייבליך. מען האט געמוזט רופען דיא גרעפין, זיא זאל איהם איינרעדען און זאל איהם אביסעל בערוהיגען.

ווען ער האט זיך אביסעל בערוהיגט, האט ער געהייסען א דיענער, ער זאל אנזאטלען א פערד.

— לויפט קיין ראזענוי און מעלדעט עס דער פאליציי, האט ער גיזאגט צום דיע־נער. עס איז דייטליך, אז אין דער געגענד ארום געפינט זיך א רויבערבאנדע. דיא פאליציי מוז זיי אויפזוכען. דיא פאליציי מוז דא עפּעס טאהן. — איך מוז פאהרען צום גייסטליכען פון טשעמני און איהם מעלדען דעם טרויערינגען פאלל. ער וועט ליידען שרעקליך דער ארמער גייסטליכער.

דער דיענער איז אוועקגעלאפען קיין ראזענוי און נאני האט געכאפּט אויף זיך עפּעס א ראק און איז געפאהרען צום גייסטליכען פון טשעמני.

דער גייסטליכער איז געווען אנגעטאהן און האט נור וואס געוואלט פאהרען צום שלאס באטהיאני צו זיין יוגענדפריינד, ווען נאני איז אריינגעקומען צו איהם אין צימער דער גייסטליכער האט א ציטער געטאהן, ווען ער האט דערזעהן, וויא נאני איז בלייך פערוויינט, דיא האר צו ווארפען און דיא קליידער ניט אין ארדנונג. ער האט פער־שטאנען, אז עפּעס נייעס איז געשעהן.

— וואס איז, הערר באראן? וואס איז פארגעקומען? האט ער אויסגערופען.

— שרעקליך! — אונמעגליך! האט נאני געשריען. — איך קען עס ניט ארויס־זאגען! אזא פערברעכען איז ניט געשעהן, זייט דיא וועלט שטעהט! — הימעל עפען דיך! — ווער קען עס גלויבען?

— וואס איז געשעהן? האט דער גייסטליכער וויעדער געפרעגט.

— נאני האט אבער ניט געהערט, וואס מען רעדט צו איהם. ער האט פון זיך געריסען דיא האר פון׳ם קאפּ און האט געשריען:

— שרעקליך! אונערהערט! געוואלד! — גערעכטיגקייט! — פאליציי!

— וואס איז דאך געשעהן? האט דער ערשטוינטער און דערשראקענער גייסט־ליכער געפרעגט.

— פרעגט גאר ניט, הערר גייסטליכער! פרעגט גאר ניט! איך קען עס אייך גאר ניט דערצעהלען.

— אבער דאך! איהר זייט דאך געקומען צו מיר, וואהרשיינליך ווילט איהר דאך מיר עס דערצעהלען.

— וואס זאל איך דערצעהלען? וויא זאל איך דערצעהלען? איך וויים גאר ניט וואס צו דערצעהלען. — איך האב געשיקט מיינע דיענער היינט אין דער פריה ברענ־גען דעם בישאף ווארצאווסקי א פריהשטיק. זיי האבען געפונען דעם בישאף מיט א נאז קוטשער טויט, — ערמארדעט!

דער גייסטליכער איז אומגעפאלען ביי דיעזער נאכריכט אויף דער ערד, וויא א שטיק האלץ. נאני האט געמוזט פיערגעסען זיין אייגענעם שמערץ און העלפען דעם גייסטליכען. ער האט איהם געשפריצט וואסער אין געזיכט און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איהם אויפצומינטערן.

ענדליך איז דער ארימער גייסטליכער געקומען צו זיך.

— נאט אין הימעל! האט ער אויסגערופען, איז דאס וואהר? איז דאס מעגליך?

— ליידער, איז עס וואהר, האט נאני געזאגט טרויעריג.

— פון וואנען ווייסט איהר עס? פיעלייכט איז עס א ליגען?

— מיינע דיענער האבען אליין געזעהן, וויא דער בישאף מיט זיין קוטשער ליגען טויט, ערמארדעט אין א טייך פון בלוט.

דער גייסטליכער איז געווען אויסער זיך. ער איז קוים איינגעזעסען אויף א שטוהל, אויף וועלכען נאני האט איהם אניעדערגעזעצט.

— גרויסער גאט! האט ער געקרעכצט, קען עס זיין? אזוי האט געענדיגט זיין לעבען דער גוטער, עדעלער מאן, וועלכען איך קען פון קינדהייט אן?

— איך האב שוין געטאהן אלעס, וואס איך האב געקענט, האט נאני אויסגערופען. איך האב געשיקט א מענשען קיין ראזענוי מעלדען דער פאליציי אלעס, וואס עס האט פאסירט. וויא עס ווייזט אויס געפינט זיך אין אונזער געגענד א גאנצע רויבערבאנדע. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא רויבער וואינען אין שלאס באטהיאני. זיי זיינען געוואהר געווארען, אז דאס שלאס באטהיאני שטעהט לעדיג און זיי האבען זיך אריינגעצויגען אהין, דער בישאף האט זיי געשטערט אין זייער האנדווערק און זיי האבען איהם געטייטעט. — דיא פאליציי מוז דאס אלעס אונטערזוכען.

— איך פערשטעה עס ניט, האט דער גייסטליכער געברומט, ביז אהער איז געווען אלעס שטיל אין אונזער געגענד, עס וואינען פיעלע מאגנאטען און רייכע מענשען אין אונזער געגענד און מען האט קיינעם ניט אנגעריהרט, נור מיין אונגליקליכען יונגענדפריינד. וועלכער איז געקומען אהער נור אויף א גאנץ קורצע צייט, האט מען ערמארדעט? דאס איז זאנדערבאר! דאס קען איך מיר אזוי לייכט ניט ערקלערען. פאר וואס זיינען דיא רויבער ניט אנגעפאלען אויפ'ן שלאס ראדעצק? דארט וואלטען זיי דאך געוויס געפונען געלד? — וויא קומט עס, וואס גראדע אין דיעזער נאכט, ווען מיין אונגליקליכער יוגענדפריינד איז נור וואס געקומען, איז שוין געשעהן אזא אונגליק? — עס איז געוויס געווען צוועלף אוהר, ווען ער איז אריינגעפאהרען אין שלאס באטהיאני. פון וואנען זיינען דיא רויבער שוין געוואהר געווארען, אז ער איז דארט?

— דאס וועט דיא פאליציי אונטערזוכען, האט נאני געענטפערט, מיר איז עס אויך א וואונדער, איך קען עס מיר נור ערקלערן אויף דיעזער ארט, אז דיא רויבער האלטען זיך אויף אין שלאס באטהיאני, ווען זיי האבען דערזעהן, אז א מענש נעכטיגט דארט, האבען זיי געמיינט, אז ער וויל דארט בלייבען וואינען און האבען איהם געטייטעט.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען א בויער פון דארף טשעמני און האט אויסגערופען:

— הערר גייסטליכער! היינט גאנץ פריה זיינען צווייא בויערן גענאנגען האקען האלץ אין װאלד. אויפ'ן בערגעל לעבען פיכטענבוהאל האבען זיי געפונען דעם טויטען קערפער פון א אלטען מאן. זיי זיינען געלאפען אין דארף און האבען עס געמעלדעט דעם שולץ (סטאראסטא). דער שולץ האט מיך געשיקט צו אייך פרעגען, וואס מיר זאלען טאהן און וואוהין מען זאל ברענגען דעם טויטען.

— נאך איינעם? נאך א מארד? האט דער גייסטליכער אויסגערופען. וואס הייסט עס? וואס איז דא געשעהן אין אונזער געגענד? די גאנצע פאריגע נאכט האט מען נור געמארדעט? זיינען אלע טייפעל ארויסגעקראכען פון דער העללע און זיינען געקומען אין אונזער אונגליקליכע געגענד אום צו רויבען און מארדען?

נאני האט א ציטער געטאהן ביי דיעזער נאכריכט. צוואר האט ער זעהר גוט געוואוסט, ווער דער ערמארדעטער איז און ווער עס האט איהם ערמארדעט. עס איז איהם אבער דאך געוועזען העכסט אונאנגענעהם צו הערן, אז אלעס קומט זיך צונויף אין איין ארט. ער האט אבער געוואוסט, אז נור איין זאך — ליגען און פרעכהייט (שרעקליכע חוצפא) קען איהם העלפען. ער האט דאהער זיך אנגעטאהן דעם מאנטעל פון שרעקליכער פרעכהייט און האט אויסגערופען:

— איך האב דאך געזאגט, אז אין אונזער געגענד געפינט זיך א באנדע רויבער. דיעזע באנדע האט ערמארדעט דעם בישאף ווארצאווסקי און דיעזעלבע באנדע האט ערמארדעט דיעזען מענשען.

דער גייסטליכער האט געטראכט איינינע מינוט. ער האט ניט געהערט, וואס נאני האט געזאגט. ער האט זיך געווענדעט צום בויער און האט איהם געזאגט:

— דערוויל ברענגט די לייכע אין די קירכע. די פאליצייא וועט היינט קומען, וועט זיא שוין וויסען וואס צו טאהן.

דער בויער איז אוועקגעגאנגען.

— יעצט מוז איך פאהרען אין שלאס באטהיאני זעהן די לייכע פון מיין אונגליקליכען פריינד, האט דער גייסטליכער געזאגט צום באראן. איך קען איהם מעהר ניט רעטען, איך וויל איהם אבער אפגעבען די לעצטע עהרע.

— איך וועל אייך בעגלייטען, הערר גייסטליכער, האט נאני געזאגט. איך האב דאך אייך זעהר געליעבט און געשעצט דען גוטען און עדלען בישאף ווארצאווסקי. אין דרויסען שטעהט מיין קארעטע. מיר קענען שוין פאהרען.

אין איינינע מינוטען ארום זיינען ביידע צוגעפאהרען צום שלאס באטהיאני. זיי זיינען אריינגעגאנגען אין שלאס און א שרעקליכער אנבליק האט זיך זיי פארגעשטעלט. אין ערשטען צימער איז געלעגען דעם בישאפ'ס קוטשער אויף דער ערד און שטיקער פערגליווערטע בלוט זיינען געלעגען ארום איהם. אין שלאף צימער איז געלעגען דער בישאף אויף זיין בעט. א שרעקליכע וואונד אין קאפ און א וואונד אין זייט האבען געוויעזען, פון וואנען דאס לעבען איז ארויסגעקוואלען און אנטלאפען פון איהם.

דער ארימער גייסטליכער איז געפאלען אויף די קניע פארן בעט און האט אנגעהויבען צו זאגען א געבעט. נאני איז אויך געפאלען אויף די קניע לעבען איהם או האט אויך עפעס געמורמעלט.

— גרויסער גאט אין הימעל! האט אויסגערופען דער גייסטליכער, שטראף דיא מערדער! פערניכטע זיי מיט דיין צארן! דאס בלוט פון מיין אונגליקליכען פריינד פאדערט ראכע. זיי דיך נוקם פאר איהם, גאט אין הימעל! ווייז אונז, ווער דיא מערדער זיינען!

ווען דער גייסטליכער וואלט זיך גענומען אומגעקוקט אין דיעזע מינוט, וואלט ער געזעהן, וויא נאני'ס געזיכט איז געווארען פון אלערליי פארבען. דאס האט אבער נור געדויערט א מינוט. באלד האט ער אויף זיך ארויפגעצויגען דיא מאסקע פון פרעכ־הייט און לינגען און האט אויסגערופען:

— זייט זיכער הערר גייסטליכער, אז איך וועל ניט רוהען און ניט ראסטען, ביז איך וועל אויסגעפינען דיא מערדער.

דער גייסטליכער איז נאך געשטאנען אויף דיא קניע איינינע מינוט. דאן האט ער זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט:

— הערר באראן, איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און מיר איבערגעבען דיא שליע־סעל פון'ם שלאס. איך מוז זעהן, אז מען זאל בעערדיגען דיא טויטע. דעם קיטשער וועט מען בעערדיגען דא אין דארף. דיא לייכע פון'ם בישאף אבער מוז איך אוועק־שיקען קיין קראקוי. איך קען נאטירליך גאר ניט טאהן, ביז דיא פאליציי וועט קומען. איך מוז אבער מאכען מיינע פארבערייטונגען. איך מוז אנגרייטען אלעס פאר דיא בעערדיגונג.

— איהר האט רעכט, הערר גייסטליכער, נעהמט אייך דיא שליעסעל און טהוט, וואס איהר פערשטעהט.

ער האט איהם איבערגעגעבען אלע שליסעל אוןביידע זיינען ארויסגעגאנגען פון שלאס. נאני איז נאך געוועזען אזוי העפליך, אז ער האט צוגעפיהרט דעם גייסטליכען אהיים. דאן איז ער צוריק געפאהרען אין שלאס ראדעצק.

עס זיינען פערגאנגען נור איינינע מינוט, זייט דער גייסטליכער איז געקומען אהיים, ווען דער שולץ (סטאראָסטא) פון דארף טשעמני איז אריינגעקומען צו איהם און האט איהם געמעלדעט, אז מען האט געבראכט אין דער קירכע דיא לייכע פון דעם ערמארדעטען מאן, וואס מען האט געפונען אין וואלד. דערביי האט ער איהם איבער־געגעבען א לעדערנעם פארטפעל.

דיעזען פארטפעל האבען מיר געפינען אין בוזים קעשענע פון'ם ערמארדעטען. איך האב עס ניט געעפענט, ווייל איך וויל, אז מיר ביידע זאלען עס עפענען צוזאמען פיעלייכט געפינט זיך געלד אינעווייניג. פיעלייכט געפינען זיך דא פאפיערן, פון וועלכע מען וועט קענען וויסען, ווער דער אונגליקליכער מאן איז.

דער גייסטליכער האט געעפענט דעם פארטפעל. עס האבען זיך דארט געפינען נור פינף גולדען אין באנקנאטען און איינינע פאפיערן.

— דיא פאפיערן מוז איך לעזען, האט דער גייסטליכער געזאגט, איך בין אבער יעצט מיעד און זעהר אויפגערעגט. איהר האט געוויס געהערט, אז דיעזע נאכט איז געשעהן, נאך א מארד.

דער שולץ האט נאך ניט געוואוסט פון'ם צווייטען מארד און האט אנגעקוקט דעם גייסטליכען מיט שטוינען.

— איהר וועט האבען נאך ארבייט היינט, הערר שולץ, האט דער גייסטליכער געזאגט און האט איהם דערצעהלט, וואס עס איז פארגעקומען דיעזע נאכט אין שלאס באטהיאני.

— דאס שלאס באטהיאני געהערט ניט צו מיר, האט ער געזאגט.

— דענאך וועט איהר מוזען מיר העלפען, האט דער גייסטליכער געזאגט, איהר מוזט שטעלען א וואך פארן שלאס, ביז דיא פאליציי וועט אנקומען.

דער שולץ איז אוועקגעגאנגען און דער גייסטליכער איז געבליעבען אליין. פלוצלונג האט ער א קוק געטאהן אויף דיא פאפיערן, וועלכע ער האט ארויסגענומען פון'ם פארטפעל. ער האט זיי אנגעהויבען צו בלעטערן. צווישען זיי איז געוועזען א בריעף אדרעסירט צו איינעם ראבערט ריטטער אין בודאפעסט. דער גייסטליכער האט געעפענט דעם בריעף און האט איהם איבערגעלעזען. אין בריעף זיינען געשטאנען פאל־גענדע צייל‍ען:

„מיין ליעבער פריינד!

איך האב אלעס גענוי אונטערזוכט און נאך פיעלע מיה איז עס מיר גע־לונגען צו ערפאהרען, אז אייער פרוי וואהנט ערגעץ ניט וויט פון'ם שטעדטעל ראזענוי אונטער א פרעמדען נאמען. מעהר האב איך דערוויל ניט געקענט אויס־געפינען. דאס בעסטע וואלט געוועזען, דוא זאלסט אליין פאהרען קיין ראזענוי און זאלסט דארט נאכפרעגען אין דער געגענד ארום און אזוי לאנג נאכפארשען, ביז דוא וועסט זיא געפינען. אין איינע צייט ארום וועל איך פיעלייכט אויך קומען אין יענע געגענד און וועל דיר העלפען זוכען. דאס שווערסטע איז, וואס איך האב אויף קיין פאל ניט געקענט אויסגעפינען, אונטער וואס פאר א נאמען זיא לעבט יעצט. זיא האט שוין א פאר מאל געענדערט איהר נאמען. ווען איך וועל זיין אין ראזענוי, וועל איך איינשטעהן אין גאסט־הויז צום „רויטען הירש.“

קראקוי, דען 15טען דעצעמבער 1789.

יוליוס קארנעל.“

דער גייסטליכער האט איבערגעלעזען דעם בריעף איינינע מאל און האט גע־מורמעלט צווישען דיא ציינער:

— א פרוי וואהנט דא ערגעץ אונטער א פרעמדען נאמען? ווער זאל זיא זיין? לײדער, שרייבט ער ניט, אויב זיא איז רייך אדער ארים, יונג אדער אלט? לעבט זיא אליין אדער מיט נאך איינעם? — —

פלוצלונג האט ער זיך א חאפ געטאהן ביים קאפ.

— דיא גרעפין ראדעצקי וואהנט דאך דא ערשט זייט א יאהר. קיינער קען זיא ניט, קיינער וויים ניט, ווער זיא איז. אך, גאט! וואס פאר זאנדערבארע געדאנקען? ואס טהוט מען? ויא געפינט מען עס אויס? זאל דיעזער אונגליקליכער זיין דער וועלכער ראבערט ריטער, וועלכער זוכט זיין פרוי? זאל דיעזע בריעף אונז פיהרען אויף

א שפור צו ענטדעקען דיא מערדער? — אך, גאט! ערלייכטע מיינע אויגען און פיהר מיך אויפ'ן ריכטיגען וועג! — — —

## 27טער קאפיטעל.

## דער גייסט.

עס איז נאכט. שווארצע שאטענס האבען אנגעפילט דיא טאהלען פון דיא קארפאטהען בערג, נור דיא שפיצען פון דיא בערג זיינען געווען בעגאסען מיט דיא קלארע, זילבערנע שטראהלען פון'ם העלען מאנד. אלעס איז שטיל. אלעס איז רוהיג. אלעס שלאפט נאך דעם לאנגען, הייסען טאג.

אין איינעם פון דיא טיעפע טאהלען געהט א מאן איינגעהילט אין א מאנטעל ער געהט לאנגזאם. ער האט זיך ניט וואס צו איילען. פון צייט צו צייט בלייבט ער שטעהן און קוקט זיך ארום אין אלע זייטען. ווען ער הערט עפעס א גערויש, גיט ער א ציטער און שטעלט זיך אונטער א בוים. אויך יעצט האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער הערט מענשען טריט הינטער זיך. ער איז ארויפגעלאפען אויף א בערגעל און האט זיך געשטעלט אונטער א בוים, וואו ער איז אוועקגעשטאנען איינינע מינוט.

— ניין, האט ער דאן געזאגט צו זיך אליין, דא געפינט זיך קיין פעררעטהער און קיין שפיאן. דא געהט א מאל א רויבער און א מערדער, פאר איהם האב איך אבער קיין מורא ניט. וואס וועט ער דען נעהמען ביי מיר? צו וואס זאל ער מיך טויטען? איך האב נור מורא פאר א פריינד, פאר א מענשען מיט א גלאטער צונג, וועלכער לויבט מיך אין דיא אויגען און שארפט אויף מיר דאס מעסער אונטער דיא אויגען.

ער איז אראפגעגאנגען פון'ם בערגעל און איז ווייטער געגאנגען, ביז ער איז ארויפגעקומען אויפ'ן טראקט ניט ווייט פון שלאס טאקקי. דא איז ער ווידער געבליבען שטעהן און האט ווידער אנגעהויבען צו רעדען צו זיך אליין.

— איך בין ווידער אין דער היים. איך בין ווידער געקומען אויף דעם ארט, וואו איך האב פערבראכט מיינע יונגע יאהרען, וואו איך האב צום ערשטען מאל דערזעהן דאס ליכט פון דער ליעבער זון; וואו איך האב געלעבט גליקליך לעבען א געליעבטער מוטער, וואו איך האב געהאפט צו לעבען גליקליך מיט א געליעבטער פרוי! — אך! יעצט בין איך א פרעמדער, א פעריאנטער, א פערטריעבענער. איך מוז מיך בעהאלטען אין מיין היימאט לאנד. איך טאר מיך ניט ווייזען אין מיין שלאס, איך טאר מיך ניט ווייזען פאר מיינע פריינד, פאר מיינע בעקאנטע. איך טאר ניט זעהן דיא, וועלכע איז מיר אזוי ליעב און אזוי טהייער.

ער איז אוועקגעגאנגען עטליכע שריט און האט ווידער אנגעהויבען צו רעדען.

— איך מוז מיך בעהאלטען ביי טאג, וויא א רויב טהיער, וויא דער וואלף פון דיא קארפאטהען, נור ביי נאכט, אין דער פינסטער, ווען אלע שלאפען, מעג איך ארויסקימען און בעזוכען דיא ערטער, וועלכע זיינען מיר געווען ליעב און טהייער.

ער האט אנגעהויבען צו געהן האסטיג און איז צוגעקומען צום שלאס טאקקי. ער איז איהם ארומגעגאנגען פון אלע זייטען און איז געבליבען שטעהן אין איין ארט.

— דאָרט איז איהר פענסטער, האט ער געזאגט, איך זעה דארט א ליכט, זיא שלאפט נאך ניט. — אך, וויא קלאפט מיין הערץ! וויא עס ציטערט! וויא עס רייסען מיינע נערוועו! מיין בלוט קאכט אין מיר, וויא אין א קעסעל. אך, עלווירא! געדענקסט דוא מיך נאך? האסט דוא מיך פערגעסען? איז עס געלונגען דיין מוטער אויסצורייסען פון דיין הערצען מיין ליעבע? — איך ליעב דיך, עלווירא! איך וועל דיך ליעבען, זא לאנגע איך האב נאך אן אטהעם אין מיין ברוסט. איך וויל דיך זעהן, איך וויל מיט דיר רעדען, איך וואלט געווען גליקליך צו הערן איין ווארט פון דיינע ליפען. אבער אך! וויא קען איך עס טאהן? וויא אזוי גיט מען איהר וועניגסטענס א צייכען, אז איך לעב נאך? לאז זיא וועניגסטענס וויסען, אז איך בין נאך ניט טויט.

מיר מוזען זיך יעצט אומקעהרן צום שלאס טאקקי און דערצעהלען, וואס אין דער גאנצער צייט האט פאסירט מיט עלוויראַ'ן.

זיא האט זיך וועניג פערענדערט אין דער לעצטער צייט. זיא פלעגט נאך אלץ אוועקזיצען שטונדען לאנג אין איהר צימער טרויעריג און פערטראכט. זיא האט אנגעהויבען אויסצואווייכען איהרע בעקאנטע. מיט מאקס'ן פלעגט זיא רעדען זעהר וועניג, זיא פלעגט איהם ענטפערן איין ווארט איבער צעהן. זעהר אָפט פלעגט זיא פלוצלונג אנהויבען צו וויינען און איהר מוטער פלעגט זיין געצוואונגען זיא אוועקצופיהרען אין איהר צימער.

דיא גרעפין פאָן ראדעצקי פלעגט זעהר אפט בעזוכען דאס שלאס טאָקקי און האט זעהר גוט געזעהן, אין וואס פאר א צושטאנד עלווירא געפינט זיך. זיא האט פראבירט אויסצופרעגען עלוויראַ'ן, וואס עס איז מיט איהר און פאר וואס זיא איז אזוי טרויעריג. עלווירא פלעגט איהר אבער ניט ענטפערן.

דיא גרעפין פאָן ראדעצקי האט געשיקט רופען דעם דאקטאר, וועלכער פלעגט בעהאנדלען עלוויראַ'ן, און האט איהם געפרעגט, וואס פאר א קראנקהייט עלווירא האט. דער דאָקטאָר האט איהר ערקלערט, אז דאס איז א נערוועז קראנקהייט, וועלכע קען געהיילט ווערן נור דורך א צופאלל.

עלווירא פלעגט אויסמיידען איהר קינפטיגע שוויגערמוטער, וויא וויט זיא האט געקענט. קוים פלעגט זיא זעהן, אז דיא גרעפין פאן ראדעצקי קומט אריין אין זאל, פלעגט זיא ארויסלויפען. — דיא גרעפין פאָן טאקקי האט זיך געפיהלט זעהר אונגליקליך, וואס עלווירא איז זעהר ניט העפליך געגען איהר ברייטיגאם, מאקס, און זיין מוטער. זיא פלעגט אפט רעדען מיט עלוויראַ'ן און זיא בעטען, זיא זאל זיין פריינדליכער געגען זיי. עס האט איהר אבער ניט געהאלפען. עלווירא האט געוויעזען ביי יעדער געלעגענהייט, אז זיא האט זייא פיינט און ווייכט זיי אויס.

דער באראן נאני פלעגט אויך זיין אן אפטער גאסט אין שלאס טאָקקי. זיי שארפעס אויג האט אלעס געזעהן און אלעס בעמערקט. ער האט זעהר גוט פארשטאנען, וואס מיט עלוויראַ'ן קומט פאר. דאס האט איהם וועניג געקימערט. ער האט געוואוסט נור איין זאך: דיא גרעפין פאן טאקקי מוז ווערן מאקס שוויגערמוטער. דאס איז דיא אייזערנע וואנד, וועלכע קען איהם בעשיצען געגען אלע צופעלע.

מיט איינינע טעג צוריק האט עלווירא ערהאלטען א בריעף פון מאקס'ן, אז ער פאהרט אוועק אויף עטליכע טעג קיין בודאפעסט. ער וועט איהר דארט קויפען טהייערע פרעזענטען און אלערליי שעהנע זאכען פאר זייער ווירטהשאפט.

עלווירא האט איבערגעלעזען דעם בריעף און האט אנגעהויבען אזוי שטארק צו וויינען, אז איהר מוטער האט זיא געמוסט אוועקפיהרען אין איהר צימער. זייט דאמאלס האט זיך עלווירא איינגעשלאסען ביי זיך אין צימער און האט קיינעם ניט געוואלט זעהן און מיט קיינעם ניט געוואלט רעדען.

— דוא ביסט גוט, ליעבער ארטהור! פלעגט זיא אויסרופען פון צייט צו צייט. דיא גרויסע, בעריהמטע און עדעלע פאמיליע פון די באטהיאני'ס האט געהאט אזא שרעקליכעס ענדע! איך וועל דיך אבער ניט פערגעסען, עדעלער פריינד. דוא וועסט לעבען ביי מיר אין הארצען, זא לאנג דיעזעס הערץ וועט שלאגען. איך וויים, אז דוא ביסט אונשולדיג. איך וויים, ווער עס האט דיך געבראכט צו אזא שרעקליכען ענדע, איך קען יעצט גאר ניט טאהן געגען זיי, איך מוז אבווארטען דיא געלעגענהייט. זיא וועט אבער זיך פארשטעלען. דיא וואהרהייט מוז ארויפשווימען, וויא בוימעל אויפ'ן וואסער. דיא ווארהייט מוז זיעגען.

אין דעם אבענד, אין וועלכען מיר זעהן דעם וואנדערער ארומגעהן ארום שלאס טאקקי, איז עלווירא געזעסען ביים פענסטער טרויעריג און פערטראכט. איהרע געדאנקען זיינען געווען בעשעפטיגט מיט איהר אונגליקליכען פריינד. אין דרויסען איז געווען שטיל און רוהיג. עס איז שוין געווען ניט פריה, דיא אוהר אין איהר צימער האט געוויזען דיא עלפטע שטונדע.

עלווירא האט געעפענט דאס פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין דיא פינסטערע נאכט. זיא האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל און האט בעטראכט דיא פונקעלנדע שטערן. דיא פרישע נאכט־לופט האט זיא ערקוויקט און זיא האט געפיהלט, אז עס ציהט זיא עפעס אין דרויסען.

— איך וויל שטארבען, האט זיא געזיפצט, וואס טויג מיר דיעזע וועלט פון בעטרוג און פאלשקייט? פריעדען און רוהע געפינען זיך נור אויבען ביי דיא אייביגע שטערן, דארט שוועבט יעצט ארטהור'ס ריינע זעלע — —

פלוצלונג האט זיא א ציטער געטאהן. פון אונטען האט ארויפגעקלונגען א ריינע, העללע שטימע:

— עלווירא! איך האב דיך ניט פערגעסען!

עלווירא האט ניט געזעהן קיינעם. זיא האט נור געהערט א שטימע און זיא האט דערקענט דיא שטימע. זיא האט געוואוסט וועמעס שטימע דאס איז. אין דער שטילער, רוהיגער, דונקעלער נאכט האט דיא שטימע געקלונגען, וויא א שטימע פון גייסטער. עלווירא איז צוריקגעפאלען אויפ'ן דיוואן, אויף וועלכע זיא איז געזעסען און האט אויסגערופען:

— דאס איז זיין שטימע! ער רופט מיך! ער האט מיך ניט פערגעסען!

זיא האט זיך ארויסגעבויגען פו'ם פענסטער און האט געזאגט אין דער הויך:

— פערגעס מיך ניט, ארטהור! איך וועל באלד קומען צו דיר!

זיא האט געהערט טריט און האט געזעהן, וויא א געשטאלט איז אוועקגעלאפען פון'ם שלאס און איז פערשוואונדען געווארען אין וואלד. וואלט זיא ניט געווען אזוי אויפגעערעגט און אזוי קראנק, וואלט זיא פיעלייכט פערשטאנען, אז דא מוז עפעס זיין, אז א גייסט קען ניט געהן מיט שווערע טריט. זיא האט אבער געוואוסט פאר זיכער, אז ארטהור איז טויט זיא איז געווען קראנק, דארום האט זיא געגלויבט, אז דאס איז געווען ארטהור'ס גייסט.

— דאס איז געווען זיין גייסט! האט זיא אויסגערופען, ער רופט מיך צו זיך! איך וועל קומען צו דיר, ארטהור! איך וועל קומען.

זיא איז אויפגעשפרונגען. האט זיך ארויסגעבויגען איבערן פענסטער און האט אנגעהויבען צו רופען:

— ארטהור! ארטהור! זאג מיר נאך א ווארט!

קיינער האט איהר ניט געענטפערט און זיא האט מעהר קיינעם ניט געזעהן.

זיא איז ארומגעגאנגען אין איהר צימער א גאנצע נאכט. פון צייט צו צייט פלעגט זיא צוקומען צום פענסטער, זיך ארויסבייגען און רופען:

— ארטהור! ענטפער מיר! וואו ביסט דוא?

קיינער האט איהר ניט געענטפערט. ערשט גאנץ פריה איז זיא אנטשלאפען געווארען מיט א הארטען, שווערן שלאף. עס איז שוין געווען ניט פריה, ווען זיא האט זיך אויפגעכאפט. זיא האט זיך געפיהלט זעהר שלעכט און האט זיך ניט געקענט ריהרען.

אום ניין אוהר איז איהר מוטער געקומען זעהן, וואס זיא מ‎:‎כט. זיא האט באלד דערקענט, אז איהר טאכטער איז קראנק.

— וואס איז דיר, עלווירא? האט זיא געפרעגט.

— מוטער, איך האב איהם געזעהן היינט ביי נאכט.

— וועמען האסט דוא געזעהן, טאכטער?

— איך האב איהם ניט געזעהן, איך האב נור געהערט, וויא ער רופט מיך.

— וועמען האסט דוא געהערט? ווער האט דיך גערופען?

— ארטהור האט מיך גערופען.

דיא גרעפין פאן טאקקי איז געווארען בלייך, וויא קאלך. זיא האט געמיינט, אז איהר טאכטער רעדט פון וואהנזינן. זיא איז ניט ביי איהרע געדאנקען.

— עלווירא, בערוהיג דיך, האט זיא געבעטען. איבערלעג, וואס דוא רעדסט.

— מוטער, איך וויים, וואס איך רעד. איך פאנטאזיר ניט.

— דוא האסט געוויס געטרוימט און מיינסט, אז דוא האסט עפ‎:‎ס געזעהן.

— ניין, מוטער, איך האב ניט געטרוימט. איך האב מיך נאך גאר ניט געלעגט שלאפען. איך האב אלעס געזעהן קלאר און דייטליך.

איהר מוטער האט זיא בעטראכט מיט שטוינען. אין יענער צייט פלעגט מען מעהר גלויבען אין גייסטער, וויא היינט. אין יענער צייט פלעגען זאגאר אויפגעקלערטע מענשען גלויבען, אז דיא זעעלע פון'ם מענשען געהט ארוים נאכ'ן טויט פון'ם קערפער און ווייזט זיך צו איהרע פריינד און בעקאנטע. דיא גרעפין טאקקי האט ניט געוואוסט,

וואס צו דענקען איבער עלווירא'ס רעד: האט עלווירא ווירקליך געזעהן ארטהורס גייסט, אדער איז עס נור געוועזן א טרוים.

דערצעהל מיר, טאכטער, וואס האסט דוא געזעהן? האט זיא ענדליך געבעטען עלוויראן.

עלווירא האט איהר דערצעהלט אלעס, וואס עס האט פאסירט מיט איהר פאריגע נאכט. דיא גרעפין האט פערשטאנען, אז דא איז ווירקליך עפעס געשעהן. זיא האט אבער געפונען פאר נעטהיג, זיא זאל אויסרעדען עלוויראן און זאל איהר ווייזען, אז עס האט זיך איהר נור אויסגעוויעזען.

— דוא האסט געזעהן א געשטאלט אוועקגעהן פון'ם שלאס, דאס איז געוויס געוועזן דער שטומער בעטלער. ער האט ליעב ארומצוגעהן ביי נאכט. קיין שטימע האסט דוא ניט געהערט. עס האט זיך דיר אויסגעוויעזען, אז איינער האט גערעדט.

— ניין, מוטער, ניין! איך האב געהערט גאנץ דייטליך זיין שטימע, האט עלווירא אויסגערופען. ער האט גערעדט צו מיר. ער האט מיך גערופען צו זיך. איך וועל געהן צו איהם, מוטער!

דיא גרעפין האט פראבירט נאך א מאל אויסרעדען איהר טאכטער און איהר ערקלערן, אז אלעס האט זיך איהר נור אויסגעוויעזען.

— הער אויף, עלווירא, צו רעדען פון אזעלכע נאררישקייטען! בעדענק, אז באלד דארף זיין דיין האכצייט. דיין ברייטיגאם איז איינער פון דיא רייכסטע און עדעלסטע מאגנאטען אין אונגארן. — וואס קענסט דוא דען איינוועגדען געגען איהם? יעדעס מעדכען אויף דיין ארט וואלט געוועזן גליקליך צו האבען אזא מאן. — יענער איז דאך שוין טויט. עס איז דאך שוין פערפאלען. צו וואס זאלסט דוא איהם נאך דערמאנען? צו וואס זאלסט דוא נאך דענקען אן איהם? פערגעס ניט, אז דיין האכצייט איז שוין אנגעציינט געווארען אין דיא קירכען. מיר קענען עס שוין ניט צוריקרופען. דיא גאנצע וועלט וויים שוין דערפון. זיי שטארק עלווירא! הער אויף דיינע פאנטאזיען. הער אויף צו דענקען אן דיא טויטע. מיר לעבען און מיר דארפען דענקען פון דיא לעבענ־דיגע ניט פון דיא טויטע.

זיא האט גערעדט מיט איהר א לאנגע צייט און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה זיא צו בערוהיגען. עלווירא אבער איז געבליעבען ביי איהר איבערצייגונג, אז זיא האט געהערט ארטהורס שטימע. דיא גרעפין האט געזעהן, אז זיא מוז שיקען רופען דעם דאקטאר און זיך מיט איהם בעראטהען, וואס זיי זאלען טהאן און וויא אזוי זיי זאלען אויסרעדען עלוויראן און איהר איבערצייגען, אז זיא האט ניט געקענט הערן ארטהורס שטימע. עס האט זיך איהר נור אויסגעוויעזען.

אין דער צייט, וואס אין שלאס טאקקי איז מען געוועזן אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגעשלאגען, איז מען אין שלאס ראדעצק געוועזן פרעהליך און מונטער. דארט איז געזעסען דער באראן נאגי לעבען דער גרעפין פאן ראדעצקי און האט מיט איהר גערעדט פון זיין האכצייט.

— מארגען איז אונזער האכצייט, האט נאגי געזאגט, ענדליך איז געקומען דיא גליקליכע צייט, ווען מיר וועלען זיך פעראייניגען אויף אייביג. ווען מאקס וועט צוריק

קומען, ווען ער הייראטהען עלוויראין. איך וועל אייך אבער עפעס ווייזען, וואס וועט אייך מאכען פערגניגען. צוואר ווייסט איהר עס שוין, איהר וועט אבער דאך צופריעדען זיין, ווען איהר וועט עס לעזען אין דיא צייטונגען.

דיא גרעפין האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט. זיא האט ניט געוואוסט, וואס ער מיינט. נאגי האט ארויסגענומען א בלאט צייטונג און האט איהר געוויזען.

— לעזט עס אין דער הויף, מיין ליעבע אייזשעניע.

דיא גרעפין איז דורכגעלאפען מיט דיא אויגען דעם ארט אין דער צייטונג, אויף וועלכען נאגי האט איהר געוויעזען, און האט א ציטער געטאהן. איהר איז ניט געפעלען וואס נאגי שטאלצירט אזוי דערמיט.

— לעזט עס אין דער הויף, האט נאגי געבעטען נאך א מאל.

— איך זעה דאך שוין, וואס דא שטעהט געשריעבען. צו וואס זאל איך עס לעזען?

— נון, ווען איהר ווילט עס ניט לעזען, וועל איך עס לעזען, האט נאגי אויסגערופען.

ער האט גענומען דיא צייטונג און האט אנגעהויבען צו לעזען:

„נעכטען גאנץ פריה האט מען אויפגעהאנגען דעם געוועזענעם באראן ארטהור פאן באטהיאני. ער האט געמאכט פאלש געלד און מען האט איהם פעראורטהיילט צום הענגען אויפ'ן עשאפאט. דאס קרימינאל געריכט האט אבער מיטלייד געהאט מיט'ן גרויסען נאמען באטהיאני און האט געהייסען, מען זאל איהם הענגען שטילערהייט אין הויף פון געארג געפענגניס."

ער האט איבערגעלעזען דיעזע ציילען לאנגזאם, בעדאכט און איבערלעגט. ער האט אויסגעצויגען יעדעס ווארט און האט זיך געקוויגט מיט יעדעס ווארט, וויא א פרעסער, וועלכער עסט לאנגזאם און קייט איבער יעדען ביסען, אום ער זאל בעסער פיהלען דעם געשמאק פון'ם עסען.

דיא גרעפין אבער האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט זיך פערטראכט. זיא האט געציטערט פאר איהר ברייטיגאם. זיא האט מורא געהאט פאר דיעזען מענש ן. זיא האט געפיהלט, אז איהר לעבען איז ניט ווערטה א קרייצער, און ווען נאגי זאל נור האבען דעם קלענסטען נוצען דערפון, וואלט ער זיא שוין לאנג געטייטעט.

— וואס דארפסט דוא דיעזע צייטונג? האט זיא געפרעגט.

— איך וויל זיא ווייזען דער גרעפין פאן טאקקי און וויל זיא בעטען, זיא זאל ווייזען דיעזע צייטונג עלוויראין. לאז זיא וויסען, אז זיא האט ניט אויף וועמען צו האפען, ארטהור איז געשטארבען, וויא א פערברעכער, זיין נאמען איז געווארען צו שאנדען.

— איך דענק, אז עס איז גאנץ איבעריג, זיי ווייסען דאך שוין דערפון. צו וואס זאלסט דוא עס זיי ווייזען?

— איך וויל איינלאדען דיא גרעפין פאן טאקקי מיט איהר טאכטער אויף אונזער חאכציים.

— מיר האבען דאך אפגערעדט, אז אונזער האכצייט זאל געשעהן גאנץ שטילע

האט דיא גרעפין געפרענט. מיר האבען דאך בעשלאסען, אז מיר זאלען קיינעם ניט איינלאדען.

— זיי אבער מוזען מיר דאך איינלאדען, האט נאני ערקלערט.

פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאנט.

— אך! איך האב גאר פערגעסען! האט ער אויסגערופען, איך מוז באלד פאהרען קיין טשעמני. דער גייסטליכער פון טשעמני האט מיך געשיקט רופען. ער וויל עפּעס רעדען מיט מיר.

— וואס זאל ער דיך דארפען? האט דיא גרעפין געפרענט.

— וואס הארט עס מיך, וואס דער שמוציגער גייסטליכער דארף מיך? איך וויל צו איהם פאהרען, ווייל איך וויל איהם אנזאגען נאך א מאל, אז ער זאל קומען מארגען פונקט אום עלף אוהר.

— נאני! מיר געפעלט ניט דיעזער וואונש פון'ם גייסטליכען.

— וואס רעדט איהר, גרעפין? האט נאני אויסגערופען און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען און צו שפּריצען פייער. לאז נור דער שמוציגער גייסטליכער וואגען ארויסצוזאגען א ווארט און ער וועט באלד זיין דארט, וואו זיין פריינד, דער בישאף איז. זייט רוהיג! מיר מוז מען פאלגען. געגען מיר טאר מען גאר ניט טאהן.

דיא גרעפין האט געשוויגען. זיא האט מורא געהאט פאר דיעזען מענשען. געגען איהם טאר מען גאר ניט טאהן.

— אלזא, מיין ליעבע, מארגען איז אונזער האכצייט. זיי פרעהליך און פערגעס אלעס, וואס עס איז געשעהן. קיין פיינד וועט ניט וואגען צו זאגען א שלעכט ווארט געגען אונז. — יעצט מוז איך געהן צום גייסטליכען.

## 48טער קאפּיטעל.

# נאכפארשונגען.

זייט מען האט ערמארדעט דעם בישאף וואראווסקי, איז דער ארימער גייסטליכער פון טשעמני ארומגעגאנגען, וויא א שאטען. ער פלעגט ניט עסען, ניט טרינקען און ניט לעבען. שטונדען לאנג פלעגט ער זיצען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און פלעגט טראכטען, וויא אזוי מען געפינט אויס, ווער עס האט ערמארדעט דעם בישאף.

דיא פאליציי איז צוואר געקומען אין שלאס באטהיאני און האט אנגעהויבען צו מאכען אן אונטערזוכונג. מען האט אנגעשריעבען גאנצע פעק פאפּיער. עס איז אבער דערפון גאר ניט געווארען. דיא פראטאקאלען ליעגען זיך גאנץ רוהיג אין ארכיוו פון דער פאליציי אין ראזענוי. קיינער קוקט זיי ניט אן און קיינער בעשעפטיגט זיך ניט מיט זיי.

— זאנדערבארע זאכען זיינען פארגעקומען אין דער לעצטער צייט אין אונזער געגענד, האט ער געזאגט צו זיך אליין. פלוצלונג, פון העלער הויט איז דער גוטער און עדלער באראן פאן באטהיאני געווארען א פערברעכער און האט געענדיגט זיין לעבען אויפ'ן עשאפאט. דאס איז אונמעגליך. דער באראן איז ניט געוועזען קיין פערברעכער. איך קען איהם פון קינדווייס אן. איך וויס, אז ער איז ניט פעהיג געוועזען אויף אזא

פערברעכען. דאס זאנדערבארסטע אבער איז, אז קוים האט מען געטייטעט דעם באראן פאן באטהיאני, האט שוין דער באראן נאגי אבגעקויפט זיין שלאס. קוים האט ער אפגעקויפט דעם שלאס, האט מען אין איהם געטייטעט צוויי מענשען.

דיא גרעפין עלווירא פא. טאקקי איז געוועזען פערלאבט מיט'ן באראן פאן באטהיאני. יעצט הייראטהעט זיא דעם גראף מאקס פאן ראדעצקי. וואס טהוט זיך דא ביי אונז? וואס קומט דא פאר? זייט איינינער צייט האט זיך אין אונזער געגענד פערקאכט אזא קאשא, אז עס איז אונמעגליך פון איהר ארויס צו קריכען.

ער האט זיך וויעדער פערטראכט אויף איינינע מינוט. דאן האט ער וויעדער אנגעהויבען צו רעדען צו זיך אליין:

— ווער איז דער אלטער מאן, וועלכען מען האט געפונען טויט אין וואלד? מען האט געפונען ביי איהם א בריעף. וואס ווערט אבער פון דיעזען בריעף? ווייס מען דען שוין, ווער ער איז? מען ווייס גאר ניט. — וואס איז ווייטער דיא געשיכטע מיט דיעזער האכצייט פון'ם באראן נאגי מיט דער גרעפין? ווער איז דיעזע גרעפין? דער בישאף האט מיר געזאגט, אז ער קען גאר ניט אזא נאמען. פאר וואס וויל דער באראן אז דיא האכצייט זאל געשעהן שטילערהייט? וואס האט ער דען מורא? — וואס טהוט זיך דא? וואס קומט דא פאר? — עפען מיינע אויגען, גרויסער גאט אין הימעל! קלער מיך אויף! ווייז מיר דעם וועג —

ער האט ניט געענדיגט זיין רעדע, ווייל אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען דער באראן נאגי. ער האט זיך לייכט פערנייגט און האט געזאגט:

— הערר גייסטליכער, איהר האט מיר געשיקט זאגען, אז איהר ווילט עפעס רעדען מיט מיר.

— גאנץ ריכטיג, הערר באראן, איך וויל אייך פרעגען, וואס איז דיא אורזאכע וואס איהר פערלאנגט, אז אייער האכצייט זאל שטאטפינדען שטילערהייט? עס איז היינט זעהר שטרענג. דער בישאף פון בודאפעסט פאדערט, אז איבער יעדער שטילע האכצייט זאל מען פערשרייבען אין דיא ביכער פון דער קירכע א בעזאנדערן פראטאקאל און מען זאל ערקלערן דיא אורזאכע, פאר וואס דיעזע האכצייט איז געשעהן אזוי שטיל. איך בעט אייך דאהער, איהר זאלט מיר ערקלערן דיא אורזאכע פון אייער שטילער האכצייט, אדער איך....

— הערר גייסטליכער, איהר וועט עס ניט טאהן.

— ווען א הר וועט מיר ערקלערן דיא אורזאכע, וועל איך עס געוויס ניט טאהן.

— מיין הערר! איך האב אייך שוין אלעס ערקלערט. דיא גרעפין האט א זוהן, וועלכער דארף באלד הייראטהען, זיא וויל דאהער, אז איהר אייגענע האכצייט זאל געשעהן גאנץ שטיל. דאס איז אלעס. איך האב אייך צוגעשטעלט דיא דאקומענטען, וועלכע זיינען נעטהיג פאר אונזער האכצייט. וואס נאך ווילט איהר?

— איך דארף האבען נאך איינינע דאקומענטען, האט דער גייסטליכער געענטפערט רוהיג.

— וואס נאך דארפט איהר? האט זיך געקאכט דער באראן.

— איך מוז האבען א בעוויז, אז איהר זייט ניט פערהייראטהעט, הערר באראן,

איך האב א שטרענגען בעפעהל פון דעם בישאף פון אונגארן, אז ווען אן עלטערער מענש גהעהט הייראטהען, זאל מען פון איהם פארדען א בעווייז, אז ער איז ניט פער־הייראטהעט.

— הערר גייסטליכער! איך קען אייך ניט געבען אזא בעווייז. איך בין נאך קיין מאל ניט געוועהן פערהייראטהעט. איהר פערגעסט, הערר גייסטליכער, אז איך בין א בארא, א מאגנאט, וועמען מען מעג גלויבען אויף זיין עהרענוואָרט. אזא מענש, וויא איך, מוז שוין האבען טרויען אן גלויבען אויף אזוי פיעל, אז איך וועל ניט הייראטהען נאך א מאל, ווען איך זאל שוין זיין איין מאל פערהייראטהעט.

— איך וואלט אייך געווים געגלויבט אויף אייער ווארט, ווען איהר זאלט ניט פערלאנגען, אז אייער האכצייט זאל זיין א געהיימע.

— איהר אליין קענט מיך דאך זעהר גוט, האט דער באראן אויסגערופען, אין דאס נאך אלץ ווייניג?

דער גייסטליכער האט זיך פערטראכט. ער האט זיך אפגענארט אין זיין פלאן. ער האט גערעכענט, אז דער באראן וועט איהם זאגען ווער זיין ערשטע פרוי איז געוועזען און וואו ער האט זיא געהייראטהעט און וואו זיא איז געשטארבען, דערוייל וועט ער קענען נעוואהר ווערן, ווער דיעזער בארא איז. דער בארא איז אבער געוועזען א צו קלוגער פוקס אום צו דערצעהלען, ווער ער איז און וואו ער איז געוועזען. ער האט ער־קלערט, אז ער איז נאך גאר ניט פערהייראטהעט. — אלזא מוז מען זוכען אנדערע מיטעל, וויא אזוי אויסצופארשען דעם בארא.

— איהר האט רעכט, בארא, האט ער געזאגט, איך קען אייך און גלויב אייך אויף אייער עהרענוואָרט. איך דארף אבער האבען נאך צוויי זאכען.

— נאך צוויי? וועלכע?

— ערשטענס דארפט איהר מיר אויפגעבען דיא נעמען פון אייערע ציינגען. איך מוז פערשרייבען זייערע נעמען אין מיין בוך.

נאגי האט געטראכט א פאר מינוט און האט געזאגט:

— איהר מעגט פערשרייבען דיעזע נעמען.

ער האט איהם אויפגעגעבען דיא נעמען פון צוויא רייכע בארא נען, וועלכע האבען געוואהנט אין יענער געגענד. דער גייסטליכער האט פערשריעבען ביידע נעמען אין זיין קירכען בוך.

— נון, וואס נאך דארפט איהר, הערר גייסטליכער?

— איהר האט פערגעסען מיר צו געבען דעם געבורטס שיין פון דער גרעפין פא, ראדעצקי.

— דאס איז ריכטיג. איהר האט פערגעסען צו פארדערן פון מיר דיעזען שיין און איך האב ניט געוואוסט, אז איהר דארפט איהם האבען. — גוט, גוט, איך וועל איהם אייך געבען.

— איך האב מיך ערשט יעצט דערמאנט, אז איך מוז האבען דעם געבורטס שיין פון דער גרעפין, האט זיך דער גייסטליכער פערענטפערט, וויל איך האב ערשט

ניט לאנג ערהאלטען א שטרענגען בעפעהל פון בודאפעסט. איך מוז זאגאר האבע
אייער געבורטס שיין אויך. מען פאדערט עס פון מיר און איך מוז עס אויספאלגען.

— גוט, הערר גייסטליכער, איך וועל אייך צושטעלעןביידע דאקומענטען.

ער האט זיך לייכט פערנייגט און האט געוואלט אוועקגעהן.

— ווארט נאך א מינוט, הערר באראן, האט דער גייסטליכער געבעטען.

— וואס נאך ווינשט איהר?

דער גייסטליכער איז צוגעגאנגען צו זיין קאמאד, האט געעפענט א שובלאדע און האט ארויסגענומען א פארטפעל.

נאגי האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון'ם גייסטליכען. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס דער גייסטליכער וויל פון איהם. דער גייסטליכער האט ארויסגענומען א בריעף פון'ם פארטפעל און האט געזאגט:

— דיעזען פארטפעל האט מען געפונען ביי דעם אלטען מאן, וועלכען מען האט געפונען טויט אין וואלד. איך האב געפונען דארין א בריעף, וועלכער קען אונז געבען אויסקונפט, ווער דער מאן איז געווען. מיר מוזען וועניגסטענס געבען צו וויסען זיינע פריינד און זיינע פערוואנדטע, אז ער איז טויט. אזוי וויא איהר זייט איינער פון דיא גרעסטע גוטס־בעזיצער אין אונזער געגענד און איהר האלט פיעלע פרעמדע דיענער און דיענסט מעדכען, וויל איך אייך אויפמערקזאם מאכען אויף דיעזען בריעף. ביטע, לעזט איהם דורך און זאגט מיר, וואס דענקט איהר פון איהם.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם דערלאנגט דעם בריעף, וועלכען מיר האבען שוין געלעזען. נאגי האט איהם דורכגעקוקט מיט דיא אויגען און זיין געזיכט איז געווארען פון אלערליי פארבען, ער האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה זיך צו פערשטעלען און וויזען, אז דער בריעף געהט איהם גאר ניט אן. ער האט געוואלט בלייבען גלייכגילטיג. עס איז איהם אבער ניט געראטהען. דער גייסטליכער האט אלעס געזעהן און אלעס בעמערקט.

— וואס קען איך דען טאהן? האט נאגי ענדליך אויסגערופען, צו וואס האט איהר מיר געוויעזען דיעזען בריעף?

— איהר האט פיעלע דיענסטען, פיעלייכט געפינט זיך צווישען אייערע דיענסטען א פרוי, וועלכע לעבט אונטער א פרעמדען נאמען? האט דער גייסטליכער געענטפערט גאנץ רוהיג. מיר וואלטען דאן געקענט וויסען, ווער דער אונגליקליכער איז געווען. פיעלייכט קענט איהר אזוי א דאמע, וועלכע וואינט אין אונזער געגענד אונטער א פרעמדען נאמען? איהר קומט דאך עפעס צווישען מענשען.

— איך קען קיינעם ניט און וויל ניט האבען צו טאהן מיט מיינע דיענער, האט נאגי געענטפערט און א קאלטער שווייס איז געשטאנען אין גרויסע טראפען אויף זיין שטערען.

— פיעלייכט קענט איהר דעם מאן, וועלכער שרייבט זיך אונטער יוליוס קארנעל?

— פון וואנען זאל איך איהם קענען?

— דאן ענטשולדיגט, הערר באראן, וואס איך האב אייך בעאונרוהיגט מיט ריעזען בריעף.

— אָה ניין! עס מאכט ניט אויס! האט נאני געענטפערט, אים געגענטהייל, איך וואלט געוואָלט העכסט צופריעדען, ווען איך זאל קענען אייך געבען אויסקונפט איבער דיעזען מענשען. — אלזא, מארגען אין דער פריה וועל איך אייך ברענגען דיא דאקומענטע, וועלכע איהר דארפט האבען צו אונזער האבציים.

ער האט זיך לייכט פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. דער גייסטליכער האט איהם נאכגעקוקט, ביז ער האט זיך ארייגגעזעצט אין זיין קארעטע.

— איך בין זיכער, אז ער וויס פון דעם אלטען מאן, האט ער געברומט צו זיך אליין. עס איז העכסט וואהרשיינליך, אז ער וויס פון דיא מערדער, וועלכע האבען געטייטעט דעם בישאף וואראווסקי. וואס העלפט עס אבער? איך האב קיינע בע־ווייזע. איך קען ניט אויפטרעטען געגען איהם עפענטליך און שרייען. דוא ביסט דער מערדער! איך מוז ווארטען, איך מוז פארשען, איך מוז זוכען און קלערן, ביז איך וועל עפּעס געפינען, ביז איך וועל האבען בעווייזע, דאן וועל איך אויפטרעטען געגען איהם. דאן וועל איך איהם פערקלאגען.

נאני איז געזעסען זעהר אונרוהיג אין זיין קא־עטע און האט זיך געדרעהט פון איין ארט אויפ'ן אנדערן. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דער גייסטליכער האט אויף איהם א פערדאכט, (א חשד) צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער אנגע־הויבען מורא צו האבען.

— דער בריעף קען ביהרען צו עפּעס, האט ער געמורמעלט, ער קען דיענען אלס בעוויין. ווען דיעזער יוליוס קארנייל זאלווירקליך קומען אהער און זאל דערקענען דיא גרעפין, וועט זיין זעהר שלעכט. דער גייסטליכער ווערט מיר צו קלוג. ער וויל גאר וויסען פרעמדע געהיימניסע. — אך! איך בין אליין שולדיג! פאר וואס האב איך ניט באגראבען דעם ראבערט מיט זיין פארטפעל? פאר וואס האב איך איהם געלא־זען ליעגען אין וואלד? עס איז שוין פערפאלען. דער וויל קען דער גייסטליכער גאר ניט טאהן, לאז ער זיך האלטען מיט זיין פערדאכט.

ער האט זיך ארויסגעבויגען פון זיין קארעטע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען צום שלאס טאקקי.

מיט א פערטעל שטונדע ארום איז ער אריינגעגאנגען אין גרויסען זאל פון'ם אלטען שלאס. דיא גרעפין פאן טאקקי האט איהם אויפגענומען גאנץ פריינדליך און האט איהם געפרעגט, וואס ער מאכט און וואס דיא גרעפין פאן ראדעצקי מאכט.

— גנעדיגע גרעפין, איך האב דיא עהרע אייך איינצולאדען אויף א מיטאג, וועלכע דיא גרעפין פאן ראדעצקי האט פעראנשטאלטעט מארגען דעם אכטען אויגוסט.

— דעם אכטען? האט דיא גרעפין איבערגעפרעגט, פאר וואס זאלט איהר ניט ווארטען, ביז מאקס וועט צוריק קומען.

— מאקס קען זיך נאך זיימען עטליכע טעג אין בודאפעסט און דיא גרעפין האט שוין געמאכט אלע פארבערייטונגען.

— איך וועל געוויס קומען.

— וועט פרייליין עלווירא אויך קומען?
— איך האף, אז זיא וועט זיך פיהלען בעסער און וועט אויך קומען.
— אזוי? פיהלט זיא זיך היינט עפּעס ניט גוט? האט נאני געפרעגט.
— זיא איז פארינע נאכט ווייניג געשלאפען און האט עפּעס געטרוימט.
דאן האט זיא איהם דערצעהלט אלעס, וואס האט פאסירט מיט עלווירא'ן אין פארינע נאכט. נאני האט אלעס אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם און האט זיך צר לאכט מיט זיין ברייטען, הויכען געלעכטער.
— דאס איז זאנדערבאר! האט ער אויסגערופען, ערשט מיט א פאר טעג צו־ריק זיינען מיר אנגעקומען די ציימונגען פון בודאפעסט, אין וועלכע עס שטעהט שווארץ אויף ווייס, אז יענער קען שוין מעהר ניט ארומגעהן און ניט רעדען.
ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע די צייטונגען און האט איהר געוויע־זען דעם ארט, וואו עס ווערט אנגעצייגט, אז ארטהור איז טויט.
— לעזט אליין, גרעפין, און איהר וועט זיך באלד איבערצייגען, אז עלווירא האט געטרוימט.
די גרעפין האט גענומען די צייטונג און האט איבערגעלעזען די עטליכע צייל‏ען, אויף וועלכע נאני האט איהר אנגעוויזען. די צייטונג איז ארויסגעפאלען פון איהר האנד.
— גאט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט! האבען געמורמעלט איהרע ליפּען.
— אלזא, גרעפין, האט איהם עלווירא געוויס ניט געזעהן, האט נאני געלאכט.
ער איז נאך געזעסען מיט איהר איינע צייט און האט נאך גערעדט מיט איהר איבער פערשיעדענע זאכען. דאן האט ער פון איהר אבשיעד גענומען און איז זיך אוועקגעגאנגען.

## 29טער קאפּיטעל.
## דער וואנדערער.

ארטהור איז געשטאנען נור איינינע מינוט אונטערן פענסטער פון'ם שלאס טאקקי. ער האט געזעהן, וויא עלווירא האט זיך אריבערגעבויגען איבערן פענסטער; ער האט געהערט, וויא זיא האט אויסגערופען:
— ארטהור! איך וועל באלד קומען צו דיר!
ער האט געזעהן פון דער ווייטען איהר בלייבעס געזיכט און האט געהערט איהר ליעבליכע שטיממע. ער איז געווען גליקליך און טרויעריג, אונגליקליך און דאך פול פרייד. אין זיין הארצען האט עס געברענט, געקאכט און געזאטען. ער האט גע־האט פאר זיך דאס ליעבסטע, דאס טהייערסטע, דאס בעסטע, דאס עדעלסטע פאר איהם און דאך — האט ער געקענט צוגעהן צו איהר? האט ער געקענט מעהר רעדען מיט איהר?
וואס איז ער יעצט? — א פערברעכער, וועלכען מען קען האפּען יעדע מינוט און אויפהענגען. ער איז א לעבעדיגער טויטער. ער האט עס געוואוסט, ווען אננא האט איהם געבעטען, ער זאל אנטלויפען. ער האט דערפאר ניט געוואלט אנטלויפען.

וואס טויג אזא לעבען? הייסט דאס געלעבט, ווען מען מוז זיך בעהאלטען פאר דער גאנצער וועלט?

ער איז געווען גוט בעקאנט מיט'ן שלאס טאקקי און וואלט זעהר לייכט געקענט אריינקומען אין עלוויראַ'ס צימער. איינע מינוט האט ער געטראכט, ער זאל עס אויך טאהן. באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט, אז עס איז אומזיסט, ער מוז בלייבען פאר איהר טויט.

ער איז דאהער פערשוואונדען צווישען די בערג.

— זיא ליעבט מיך נאך, האט ער אויסגערופען, ווען ער איז אוועקגעגאנגען איינע הונדערט שריט פון שלאס. זיא איז נאך ניט פערהייראטהעט. ווען זיא זאל וויסען, אז איך לעב נאך, וואלט זיא פיעלייכט גאר ניט געהייראטהעט. — עס וואלט מיך פיעלייכט גאר ניט געהארט, וואס זיא הייראטהעט, ווען זיא זאל נעהמען אנאנדערן, ניט מאקס'ן, מיין ערגסטען פיינד. — אך, ניט איהם! זיא מעג הייראטהען, וועמען זיא וויל. נור ניט דיעזען טייפעל. ווער איז ער דען? וואס איז ער דען? ער איז קיין גראף. וויא אונגליקליך וועט זיא זיין, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, ווער ער איז, וויא וועט זיא עס דאן בעדויערן? זיא קען דאןווירקליך ווערן וואהנזיניג. דאס דארף איך ניט דערלאזען! דאס טאר איך ניט דערלאזען! זיא טאר איהם ניט הייראטהען. זא פיעל עס וועט ליעגען אין מיין מאכט, וועל איך עס ניט דערלאזען.

ער איז ארויסגעגאנגען פון וואלד און איז ארויפגעקומען אויפ'ן גרויסען טראקט קיין ראזגוי. דא האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן די הויכע דעכער פון שלאס. דער העלער מאנד האט בעשיינט די רויטע דעכער און טהורעמס פון שלאס באטהיאני.

— עס איז מיין שלאס און דאך געהערט עס יעצט ניט מיר, האט ער געמורמעלט, איך בין אין דערהיים און דאך בין איך א פרעמדער. וויא ציעהט מיך מיין הערץ אריינצוגעהן אין מיין שלאס. בעטראכטען דעם ארט, וואו מיינע עלטערן האבען געלעבט און זיינען גליקליך געווען. אבער אך! איך קען עס ניט און איך דארף עס ניט. איך מוז אנטלויפען פון דאנען. ניט אין שלאס באטהיאני איז מיין פלאץ, זאנדערן אין דעם פערדאמטען טהורעם פון טשעמני. דארט בין איך זיכער. ניט די הויכע מויערן פון טהורעם טשעמני קענען מיך בעשיצען, זאנדערן דער אבערגלויבען און די אונוויסענהייט פון'ם פאלק. דער הענקער וואינט שוין ניט מעהר אין טהורם פון טשעמני און, דאך האט דאס פאלק מורא פאר דיעזען טהורם. דארט אלזא מוז איך דערוויל בלייבען. דארט מוז איך אבווארטען, ביז דער שטורם וועט פאריבערגעהן און די העלע זון וועט וויעדער שיינען אויף א קלארען הימעל.

ער האט זיך פעסטער איינגעהילט אין זיין מאנטעל און איז געגאנגען צום טהורעם פון טשעמני. אזוי וויא ער איז אזוי געגאנגען און איז צוגעקומען צו א בערגעל, האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד אנאנדערע געשטאלט און האט אנגעהויבען צו מורמלען:

— ווער איז דיעזער וואנדערער? איז דאס אויך אן אונגליקליכער, וועלכער מוז בענוצען די שפעטע שטונדען פון דער נאכט פאר זיינע וואנדערונגען? אדער עס

א העלד פון דער נאכט, א מענש, וועלכער האט מורא פאר דעם שיין? — איך מוז איהם זעהן. איך מוז וויסען, ווער ער איז. זייט איינינע צייט קומען פאר אזעלכע זאנ־דערבארע זאכען אין דיעזער געגענד, אז מען מוז זיך אומקוקען אויף יעדען, ווער עס קומט אהער.

דיא געשטאלט איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן בערגעל און האט בעטראכט דעם וואנדערער. דער העלער מאנד האט בעלייכטעט זיין געזיכט.

— גרויסער גאט אין הימעל! דער באראן פאן באטהיאני! האט דיא געשטאלט אויסגערופען. איז עס מעגליך? קען עס זיין? — ניין. דער באראן איז דאך טויט. — ער איז אבער דאך זעהר עהנליך צו איהם. וואס זאל דאס הייסען? איך מוז וויסען, ווער עס איז.

דיא געשטאלט איז אראפגעלאפ'ען פון בערגעל און איז פערלאפען פאראויס פארן וואנדערער. ארטהור איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען, אז ער האט ניט בעמערקט, אז מען געהט איהם נאך, ביז ער האט זיך אנגעשטויסען אן דיא געשטאלט. אין דער ערשטער איבעררראשונג האט ער געהאפט זיין גראבען שטעקען און האט געוואלט זיך פערטהיידיגען. ער האט געמיינט, אז דער פרעמדער וויל אויף איהם אנפאלען.

וויא גרויס איז דאהער געווען זיין איבעררראשונג, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך — דעם שטומען בעטלער.

דער שטומער בעטלער האט איהם אויך דערקענט. ער איז געפאלען פאר ארטהור'ן אויף דיא קניע, האט אויסגעשטרעקט צו איהם דיא הענד, האט עפעס גע־מורמעלט, עפעס געזאגט, עפעס געוויעזען אויפ'ן הימעל און האט געוויעזען דורך ציי־כענס, אז ער פרעהט זיך זעהר, וואס ער האט איהם דערזעהן. ענדליך האט דער שטומער בעטלער אנגעהאפט ארטהור'ס האנד און האט זיא אנגעהויבען צו קושען.

ארטהור איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט. ער האט זיך געפיהלט גליקליך, וואס ער האט ווענינסטענס געפונען א לעבעדיגע זעלע, וועלכע פרעהט זיך, וואס ער לעבט, וואס ער איז דא. דער שטומער בעטלער פלעגט דאך אפט קומען צו איהם.

— ער פרעהט זיך, דער אונגליקליכער, וואס ער זעהט מיך ווידער, האט אר־טהור געבראכט. ער האט מיך דערקענט. ער ווייס געוויס ניט, וואס מיט מיר האט פאסירט. קיינער האט עס איהם ניט דערצעהלט. ער איז דאך שטום און טויב. ער פרעהט זיך, וויל ער האט מיך אזוי לאנג ניט געזעהן.

ער האט אנגענומען דעם שטומען בעטלער'ס האנד און האט זיא צוגעדריקט צו זיין הארצען.

— אך, גוטער, אלטער מאן! האט ער אויסגערופען, דיא צייטען האבען זיך געענדערט. איך בין ניט מעהר דער רייכער, שטאלצער באראן. איך בין אן עלענדער און אונגליקליכער, וויא דוא.

דער שטומער בעטלער האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען. באלד האבען זיך געוויעזען צוויי גרויסע טראפענס טרערין אויף דיא באקען פון'ם שטומען בעטלער.

— דוא וויינסט, אלטער מאן? דוא האסט נאך טרערין פאר מיר? איך דאנק

דיר, אלטער! דוא ביסט פיעלייכט דער איינציגער אין דיעזער געגענד, וועלכער האט פערגאַרען א מרער איבער מיר. — גוטע נאכט, אלטער!

ער האט אנגעהויבען ווייטער צו געהן, דער שטומער בעטלער אבער איז ניט אפּגעטרעטען פון איהם. ארטהור האט פּראבירט אוועקצוגעהן אן א זייט, דער שטומער בעטלער אבער האט איהם געוויעזען און געבעטען דורך צייכענס, אז ער זאל געהן מיט אידם. דער שטומער בעטלער האט איהם געפיהרט.

זיי זיינען געגאנגען אויף קליינע וועגעלעך דורך גערטנער און וועלדלעך, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א שטיבעלע, וועלכעס איז געשטאנען אביסעל ווייטער פון דאָרף טשעמני. דארט איז דער שטומער בעטלער געבליעבען שטעהן און האט אנגעהויבען צו בעטען און צו ווייזען דורך צייכענס און מינען, אז ער בעט איהם אריינצוקומען אין זיין הויז.

ארטהור האט א זיפץ געטאהן און האט אויסגערופען:

— אך! וויא אונגליקליך בין איך, אז אן ארימער, אונגליקליכער בעטלער ביטעט מיר אן זיין גאסט־פריינדשאפט און לאדעט מיך איין אין זיין וואהנונג.

ער האט זיך געווענדעט צום שטומען בעטלער און האט איהם געפרעגט:

— וואהנסט דוא אין דיעזעס שטיבעלע?

אזוי וויא דער שטומער בעטלער האט איהם ניט פערשטאנען, האט ארטהור געמוזט ווידערהאלען דיעזע פראגע דורך צייכענס.

דער שטומער בעטלער האט א שאָקעל געטאהן מיט'ן קאפּ און האט איהם נאך א מאל געבעטען, ער זאל אריינקומען צו איהם אין שטיבעלע.

ארטהור האט זיך פערטראכט. זיין קאפּ האט אנגעהויבען צו ארבייטען.

— איך האב צוואר ביי מיר געלד, האט ער געזאגט צו זיך אליין, וואס העלפט עס אבער? וואס קען איך דען מאכען מיט'ן געלד? ביי טאג טאר איך ניט ארויסגעהן פון טהורעם פון טשעמני. ביי נאכט קען איך מיך אויך ניט ווייזען צו בעקאנטע. ווען איך דארף האבען עסען, מוז איך געהן עטליכע מייל ווייט, מוז קומען אין א דארף, וואו מען האט מיך קיין מאל ניט געקענט, און דארט קויפען עסען. פאר וואס זאל איך ניט בענוצען דעם שטומען בעטלער? ווענינגסטענס וועט ער מיר קענען פערזארגען מיט עסען. ווענינגסטענס וועל איך ניט דארפען געהן מיילען ווייט אום מיר צו פערשאפען ברויט און אלע אנדערע נעטהיגע זאכען. — פיעלייכט שיקט מיר גאט דיעזען שטומען בעטלער, דעם איינציגען מענשען, וועלכען איך קען בענוצען אין מיין איצטיגער טרויעריגער לאגע.

ער האט געטראכט נאך אייניגע מינוט און האט זיך געווענדעט צום שטומען בעטלער.

— הער נור אלטער, ווילסט דוא עפּעס טאהן פון מיינעטוועגען?

דער שטומער בעטלער האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפּ.

— נא דיר געלד, יאסקי. איך פערלאנג פון דיר, אז יעדען אבענד זאלסט דוא מיר ברענגען עסען אין טהורעם פון טשעמני. איך מוז דערווייל דארט וואהנען. איך דארף מיך ניט ווייזען אויף דער גאס. דוא זאלסט אלזא מיך פערזארגען מיט עסען.

זעלבסט פערשטענדליך, אז ארטהור האט געמוזט זיך געבען אלערליי מיה, ער זאל ערקלערן דעם שטומען בעטלער דורך צייכענס, וואס ער פערלאנגט. ענדליך האט דער שטומער בעטלער איהם דאך פערשטאנען און האט געמאכט צייכענס, אז ער וועט טאהן, וואס ארטהור הייסט איהם. דערביי אבער האט ער ניט געוואלט נעהמען דאס געלד, וואס ארטהור האט איהם געגעבען.

— פאר וואס נעהמסט דוא ניט דאס געלד, אלטער?

דער שטומער בעטלער האט געמאכט צייכענס און האט עפּעס ערקלערט. ארטהור אבער האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט. ער האט איהם געגעבען נאך א מאל דאס געלד, דער שטומער בעטלער האט גענומען זיין האנד, האט זיא צוגעלעגט צו זיין הארצען, האט ווידער געמאכט צייכענס און האט ווידער ניט גענומען דאס געלד.

ארטהור איז געווען אויסער זיך, וואס ער האט דאס מאל זיך ניט געקענט צוזאמען רעדען מיט'ן שטומען בעטלער. ער איז זיך אוועקגעגאנגען. ער האט געוואלט געהן אין טהורעם פון טשעמני, וואו ער האט זיך דערווייל אויפגעהאלטען.

קוים איז ארטהור אוועקגעגאנגען עטליכע שריט, האט דער שטומער בעטלער אויסגערופען:

— גרויסער גאט אין הימעל, איך בין ניט אים שטאנד דיר צו דאנקען פאר דיין גנאדע. דוא האסט איהם דאך גערעטעט! ער לעבט דאך! וויא אזוי איז עס אבער געשעהן? ווער האט עס געהאט מיטלייד מיט איהם? ווער האט עס איהם גערעטעט? דאס וויים איך נאך ניט.

ער האט ארויסגענומען דעם שליסעל און האט געוואלט עפענען דיא טהיר פון שטיבעלע, ווען ער האט דערהערט מענשען טריט. ער האט זיך אומגעקוקט, ארטהור איז ווידער געשטאנען פאר איהם. דער שטומער בעטלער האט זיך אנפאנגס דערשראקען. ער האט געמיינט, אז ארטהור האט געהערט וואס ער האט גערעדט צו זיך אליין, אבלד אבער האט ער זיך בערוהיגט. ער האט זיך איבערצייגט, אז ארטהור האט זיך פלוצלונג עפּעס דערמאנט און האט זיך אומגעקוקט צו איהם.

— זאג נור, אלטער, קומסט דוא אפט אין שלאס טאקקי? האט ארטהור געפרעגט דורך צייכענס און ווערטער.

דער שטומער בעטלער האט איהם געענטפערט דורך צייכענס, אז ער קומט אפט אהין.

— קענסט דוא געוואהר ווערן, ווען עס וועט זיין דיא האכצייט פון דער יונגער גרעפין?

דער שטומער בעטלער האט איהם יעצט זעהר גוט פערשטאנען און האט איהם געענטפערט דורך צייכענס, אז מארגען נאך וועט ער איהם זאגען, ווען דיא האכצייט וועט זיין.

ארטהור האט איהם געוויזען אויפ'ן טהורם פון טשעמני און האט איהם געבעטען, ער זאל קומען צו איהר אין טהורם. דאן האט ער געזאגט דעם שטומען בעטלער א גוטע נאכט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

ער איז נעגאנגען לאנגזאם און האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. אין דרויסען האט זיך געוויעזען דער ערשטער שיין פון'ם יונגען טאג. פלוצלונג האט ארטהור בעמערקט, אז ער געפינט זיך אויף דעם ארט, וואו עלווירא האט איהם בעגעגנעט און האט איהם געבראכט דעם בעננאדיגונגס בריעף פון'ם קייזער. ארטהור איז געפאלען אויף דיעזען ארט און האט אנגעהויבען צו קושען דיא ערד.

— ליעבע, הייליגע ערד! האט ארטהור אויסגערופען, דא אויף דיעזען פלאץ, האט זיא מיר בעוויעזען, וואס דיא ליעבע איז אים שטאנד צו טאהן. דא האט זיא מיר געשוואוירען אייביגע ליעבע און טרייע. וואס איז אבער דערפון געווארען? — איז זיא דען שולדיג?

ער איז אויפגעשפרונגען און האט זיך אומגעקוקט. דער יונגער טאג האט בעשיינט דיא דעכער פון'ם שלאס ראדעצקי.

— דארט, דארט! דארט וואינען דיא מענשען, וועלכע האבען ביי מיר אוועקגענומען אלעס: מיין פערמעגען, מיין נאמען, מיינע עהרע, מיין פרייהייט און מיינע ליעבע! — דוא שלאפסט יעצט געשמאק, מאקס און טריימסט פון ליעבע און גליק, איך אבער מוז וואנדערן און זיך בעהאלטען פון יעדען. איך בין א לעבעדיגער טויטער. דענקט אבער ניט, אז איך בין ווירקליך טויט. איך לעב נאך. איך האב נאך גאר ניט פערגעסען. איך וועל מיך נאך נוקם זיין! איך וועל דיך נאך אויפשרעקען פון דיין זיסען שלאף און וועל דיך ארויסיאגען פון דיין שטאלצען שלאס.

אין דיעזער מינוט האט זיך געוויעזען א קארעטע. ארטהור האט זיך געמוזט בעהאלטען אונטער א בוים.

— עס ווערט שפעט, מען הייבט אן צו פאהרען. איך מוז געהן אהיים, האט ער געזאגט.

דיא קארעטע איז פאראיבערגעפאהרען. ארטהור איז אוועקגעגאנגען אין זיין טהורעם. זייט דער הענקער האט זיך ארויסגעצויגען פון טהורעם, האט אין איהם קיינער ניט געוואינט, עס איז געוועזען א פערפלוכטער טהורם און דאס פאלק האט געציטערט פאר איהם.

ארטהור איז אריינגעגאנגען אין טהורעם און האט פערמאכט דיא טהיר. דא איז עס געוועזען זיכער. דא האט ער געוואוסט, אז זיינע פיינדע וועלען ניט קומען. דא איז ער וועניגסטענס אליין. דער טהורעם איז איהם בעקאנט. ער איז ארויפגעגאנגען אין זיין צימער און האט זיך געווארפען אויף זיין געלעגער.

30טער קאפיטעל.

## דער נייער געהילפע.

עס איז אום עלף אוהר אבענדס. סטאסא זיצט אליין אין איהר צימעריל אין בודאפעסט. זיא איז אונרוהיג און רעדט צו זיך אליין.

— ער איז אוועקגעפאהרען, האט זיא געברומט, מען לאזט מיך ניט אריין צו זיי אין הויז. דאס איז זעהר שלעכט. עס הארט מיך אבער ניט, איך וועל דאך געפינען מיטעל צו קומען צו זיי. זיא מוז פאלען. איך וויל עס אזוי. אך! ווען פראנץ זאל נור קומען! וואס איז מיט איהם? פאר וואס קומט ער היינט אזוי שפעט?

קוים האט זיא עס ארויסגערעדט, האט זיא געהערט, וויא מען קלאפט גאנץ שטיל אין איהר טהיר, סטאסא האט געעפענט און איחר עניקעל פראנץ איז אריינגעקומען אין צימער.

— גוטען אבענד, גראססמוטער! האט פראנץ געזאגט און איז צוגעקומען צו זיין גראָססמוטער.

— אזוי שפעט, פראנץ? האט סטאסא אויסגערופען, איך ווארט שוין אויף דיר אזוי לאנג, אז איך האב געמיינט, דוא וועסט שוין גאר ניט קומען. דוא ביסט שוין לאנג ניט געוועזען בייא מיר. זיא לאזט מיך ניט אריין צו דיך אין שטוב, דיא אלטע הענקערס פרוי.

— דוא האסט דאך געדארפט וויסען, אז איך וועל היינט קומען. דוא האסט היינט אנגעקלאפט ביים הענקער. איך האב דיך געזעהן דורכ'ן פענסטער און האב פערשטאנען דעם ווינק, וואס דוא האסט מיר געגעבען.

— גענוג רעדען דערפון, פראנץ! זאג מיט בעסער, וואס הערט זיך עפעס נייעס בייא אייך?

— גאר קיין נייעס גראססמוטער. איך קען ניט בלייבען ביים הענקער. איך מוז אנטלויפען פון איהם. עס איז דארט שרעקליך לאנגווייליג. דוא האסט מיר צוגעזאגט אז דוא וועסט מיר געבען א טרענקעל פאר דעם הענקערס טאכטער. ווען זיא וועט עס אויסטרינקען, וועט זיא מיך ליעבען. זיא ליעבט מיך אבער ניט, אים געגענטהייל, עס ווייזט מיר אויס, אז זיא האסט מיך. זיא וויל מיט מיר קיין מאל ניט רעדען און שאפט זיך מיט מיר, וויא מיט א דיענער. זיא פעראכטעט מיך. איך קען דארט ניט בלייבען! גיב מיר דאס געלד, וואס דוא האסט מיר צוגעזאגט און לאמיך אנטלויפען אין דער וויטער וועלט. איך קען דארט ניט בלייבען!

— דוא רעדסט, וויא א קינד, פראנץ. דוא דארפסט ניט אנטלויפען אין דער וויטער וועלט. דוא וועסט קענען בלייבען אין בודאפעסט. ווען דיר געפעלט ניט דעם הענקערס טאכטער, וועל איך אויסזוכען פאר דיר אנאנדער בראוט.

— אבער דאס געלד? האט פראנץ אויסגערופען. דוא האסט דאך מיר צוגעזאגט צו געבען הונדערט גולדען, ווען איך וועל אריינטרעטען צום הענקער. וואו איז דאס געלד? גיב מיר דיא הונדערט גולדען!

— דיא הונדערט גולדען וועל איך דיר געבען, ווען דוא וועסט זיי פערדיענען. איך וועל דיר געבען נאך מעהר געלד, ווען דוא וועסט זיין א גוטער יונגע און וועסט מיר פאלגען.

— איך וויל אבער ניט זיין קיין הענקער.

— דוא דארפסט אויך ניט זיין קיין הענקער.

— וואס רעדסט דוא, גראססמוטער? דוא פערגעסט, אז איך בין שוין זייט צוויי וואכען ביים הענקער. איך קען אנטלויפען אדער איך מוז ווערן א הענקער.

— זיי רוהיג, פראנץ, איך האב א פריינד, וועלכער וועט מאכען, אז דוא זאלסט ניט זיין קיין הענקער.

— ווער איז עס דיעזער פריינד, וועלכער קען עס אזוי מאכען?

— דער אדוואקאט נאוואק.

פראנץ האט זיך פערטראכט. דער נאמען נאוואק האט אויף איהם געווירקט.

— יא, דיעזער מאן קען אלעס מאכען, האט פראנץ געזאגט, וויא צו זיך אליין, וועט ער אבער וועלען טאהן עפּעס פון מיינעטוועגען? דיא אדוואקאטען נעהמען נור צו דאס געלד און האבען פיינד צו טאהן עפּעס פאר זייערע קליענטען.

— מעגסט מיר גלויבען, אז ער וועט טאהן אלעס, וואס איך וועל פון איהם פערלאנגען. איך האב שוין גערעדט מיט איהם און ער האט שוין געפונען א געזעץ, אז דוא ביסט ניט געווען פאליעהריג, דוא ביסט נאך ניט אלט געווען קיין איין און צוואנציג יאהר, ווען דוא ביסט אריינגעטרעטען צום הענקער. אויסער דעם האסט דוא קיין פערברעכען ניט בעגאנגען. דוא האסט צופעליגער ווייזע געווארפען א שטריק, וועלכער איז ארויפגעפאלען געראדע אויף מיר. עס זיינען אנגעלאפען מענשען, וועלכע האבען ניט געוואוסט, וואס דא טהוט זיך און האבען געוואלט דיך שלאגען, ביסט דוא אנטלאפען געווארען צום הענקער. — קורץ און גוט, דער אדוואקאט נאוואק וועט דיך בעפרייען פון'ם הענקער.

— דער אדוואקאט נאוואק קען עס טאהן, האט פראנץ געברומט, דאן וואלט איך געקענט בלייבען אין בודאפעסט און וואלט ניט געדארפט אנטלויפען. — גוט, מוטער, דאן וועל איך דיר פאלגען. וואס פערלאנגסט דוא יעצט פון מיר? זאג עס מיר, איך וויל מעהר ניט בלייבען ביים הענקער.

— גוט, מיין קינד! דוא וועסט דארט לענגער ניט בלייבען. הער מיך נור אויס. ווייסט דוא, וואו אננא'ס צימער געפינט זיך?

— געוויס, מוטע.

— קענסט דוא אויספיהרען, אז דוא זאלסט קומען אין איהר צימער, ווען זיא איז ניטא אין דערהיים?

— איך קען עס טאהן זעהר לייכט.

— דאן וויל איך, אז דוא זאלסט בעהאלטען אין איהר צימער א זאך, וועלכע איך וועל דיר געבען. דוא מוזט עס אבער אזוי בעהאלטען, אז מען זאל עס ניט אזוי לייכט געפינען. דוא מוזט אויסזוכען א פלאץ, וואו זיא קוקט זיך זעלטען אום. זיא זאל עס ניט אזוי לייכט בעמערקען.

— דאס איז אויך ניט שווער. איך דענק, אז איך קען עס אריינלעגען אין אויווען. דארט וועט זיא זיך אזוי גיך ניט אומקוקען, עס איז יעצט זומער און מען הייצט ניט אין אויווען.

סטאסא האט געעפענט א קאסטען און האט פון איהם ארויסגענומען א פעקיל איינגעוויקעלט אין שטרוי און ליינוואנד.

— אט איז דאס פעקעל, האט זיא געזאגט צו איהר עניקעל. ער איז ניט גאנץ גרויס. לעג איהם אריין אין אויווען אדער וואו דוא וועסט געפינען פאר בעסער, עס אניעדערצולעגען. ווען דוא וועסט עס בעווארענען, קום צו מיר. דאן וועסט דוא מעהר ניט צוריקגעהן צום הענקער. איך וועל דיך פיהרען צום אדוואקאט.

— קענסט דוא מיר ניט זאגען, וואס געפינט זיך אין דיעזעם פעקעל?

— דארט געפינט זיך א זאך, פון וועלכער דיא שעהנע אננא וועט א מאל

איבערראַשט ווערען. זיא וועט שוין וויסען, וויא אַזוי צו זיין שטאָלץ און צו בעהאַנדלען דיך, וויא אַ דיענער. היט זיך אָבער עס צו עפּענען. אַזוי וויא דו נעהמסט עס ביי מיר, אַזוי זאָלסט דו עס אַניעדערלעגען אין דעם צימער פון דער שעהנער אַננאַ.

— זייט זיכער, מוטער, אז איך וועל טאָהן אַלעס, וויא דו האָסט מיר געהייסען.

— געדיינק עס, מיין קינד! דו זאָלסט עס ניט עפּענען.

פראַנץ האָט געשוואָרען און האָט בעטהייערט, אַז ער וועט טאָהן אַלעס, וויא זיין גראָסמוטער האָט איהם אָנגעזאָגט.

— וועסט דו מיר אָבער געבען די הונדערט גולדען?

— געוויס מיין קינד.

(ענדע פון'ם דריטען טהייל.)

דער
# שטומער בעטלער.
איבערזעצט פון א טאנענבוים.

## פיערטער טהייל.

### 1טער קאפיטעל.
### אונטער־געווארפען.

איינינע מינוטען זיינען גראסמוטער און עניקעל געזעסען איינער לעבען אנדערן און האבען געשוויעגען. זיי האבען מעהר ניט געהאט וואס צו רעדען. זיי האבען זיך פערשטאנען. דאס עניקעל האט פערשטאנען, אז דיא גראסמוטער וויל אונגליקליך מאכען דעם הענקערס טאכטער. דאס איז איהם געווען א וואונדער, דאס האט ער זיך ניט געקענט ערקלערן.

ווען זיא האט איהם צום ערשטען מאל געשיקט צום הענקער און האט איהם געזאגט, אז זיא וועט איהם געבען געלד, ווען ער וועט הייראטהען דיא שעהנע אננא, האט ער עס נאך פערשטאנען. מען האט גערעדט אין שטאדט, אז דער הענקער האט געלד. זיין גראסמוטער וויל אלזא, ער זאל הייראטהען דעם הענקערס איינציגע טאכטער און זאל ווערן רייך. יעצט אבער, ווען זיא הייסט איהם עפעס אונטערוואר־פען דערזעלבער אננא, האט ער עס שוין גאר ניט געקענט פערשטעהן.

נאך לאנגעם טראכטען, האט ער זיך געווענדעט צו איהר.

— מוטער, קענסט דוא מיר ניט זאגען, וואס געהערסט דוא זיך אן מיט דער שעהנער אננא? — אך, מוטער! זיא איז זעהר שעהן און איך וואלט זעהר געוואלט זיא הייראטהען. זיא איז אבער אזוי שטאלץ און אזוי שטרענג, אז איך מוז אנטלויפען ווען זיא גיט אויף מיר א קוק.

סטאסא האט געמאכט א ווילדע, אונמענשליכע גרימאסע, עס איז געווען דיא גרימאסע פון א ווילדען טיגער, וועלכער בערייטעט זיך פאר ארויפצופאלען אויף זיין אפפער.

— וואס איז מיט דיר, מוטער? פאר וואס ביסט דוא אזוי בייז אויף דיא שעהנע אננא?

— דוא ביסט נאך צו יונג און דארפסט ניט אלעס וויסען, האט סטאסא גע־ענטפערט קורץ און שארף. עס איז זעהר מעגליך, אז עס וועט קומען א צייט, ווען איך

וועל דיר אלעס ערקלערן. יעצט איז עס אבער נאך צו פריה. — קום בעסער מיט מיר מיין קינד. איך וועל דיר העלפען טראגען דאס פעקעל.

— לאמיר געהן, האט פראנץ געענטפערט.

— האסט דוא דעם שליעסעל צום טהירעל? האט פלוצלונג סטאסא געפרעגט.

— ניין, דעם שליעסעל האלט דיא ווירטהין ביי זיך.

— אלזא, וויא ביסט דוא ארויסגעקומען?

— איך קריך אריבער איבערן פארקען.

— נו, דאס מוז זיין א שווערע ארבייט, האט סטאסא געזאגט וויא צו זיך אליין.

— קום, גראססמוטער, קום! האט פראנץ געבעטען.

ביידע זיינען ארויסגעגאנגען. סטאסא האט געהאלטען דאס פעקיל אונטערן ארים.

אין דרויסען איז געוועזן פינסטער. אין דיא גאסען האט מען ניט געזעהן קיין לעבעדיגע מענשען. זיינען דיעזע צווייא מענשען געוועזן דיא איינציגע אויף דער גאס?

שטילערהייט און לאנגזאם זיינען זיי צוגעקומען צום הויז, וואו דער הענקער האט געוואינט. פראנץ האט גענומען דאס פעקעל און האט געוואלט ארויפקלעטערן אויפ'ן פארקען.

— וויא אזוי וועסט דוא בעהאלטען דיעזעס פעקעל?

— גאנץ איינפאך. אננא געהט יעדען מארגען שפאציערן אין איהר קליינעם גארטען ליבען דער דאנוי. איך וועל אפהיטען דיא צייט, ווען זיא געהט ארויס פון שטוב און וועל דאמאלס בעהאלטען דאס פעקעל אין איהר צימער.

— דאס איז גאנץ רעכט. דוא מוזט אבער זיין זעהר פארזיכטיג.

פראנץ האט געוואלט ארויפקלעטערן אויפ'ן פארקען. דאס פעקעל איז אבער געווען צו שווער פאר איהם און ער האט ניט געקענט ארויפקלעטערן מיט איהם.

— גיב מיר דאס פעקעל, האט סטאסא געזאגט, קלעטער ארויף אויפ'ן פארקען און ווארט אין הויף, איך וועל דיר אריבערווארפען דאס פעקעל.

זיי זיינען געווען אזוי זיכער, אז קיינער הערט זיי ניט, אז זיי האבען גערעדט גאנץ הויך.

פראנץ איז אריבערגעקראכען איבערן פארקען און זיין גראססמוטער האט איהם אריבערגעווארפען דאס פעקעל.

— איך האב עס, מוטער! האט ער געזאגט, גוט נאכט מוטער!

מיט דיעזע ווערטער איז ער פערשוואונדען געווארען אין שטוב. סטאסא איז אויך געגאנגען אהיים גאנץ צופריעדען. זיא האט אפגעטאהן איהר ארבייט.

— איך האב נור מורא פאר איין איינציגען מענשען, האט זיא געמורמעלט, דאס איז דער טויטענגרעבער, וועלכען איך האב געמאכט פאר א בלינדען. איך וועל אבער איהם אויך פערזארגען.

פראנץ איז אריינגעקומען אין זיין צימער און האט אניעדערגעלעגט דאס פעקעל. וויא א הונגעריגער וואלף האט ער עס בעטראכט. ער האט זעהר געוואלט עס עפענען, ער האט געברענט, ער זאל וויסען, וואס דארט געפינט זיך. ער האט אבער מורא געהאט פאר זיין גראססמוטער. ער האט זיא געהאלטען פאר א צויבערין. ער

האט געריעכענט, אז דא ליעגט עפּעס א צויבער, א כישוף, און ער האט זיך אייגנעהאלטען מיט אלע קרעפטע, ער זאל עס ניט עפּענען.

זייט אננא האט בעפרייט ארטהורן, איז זיא געווארען אנאנדערער מענש. זיא איז געווארען פרעהליך און מונטער. זיא איז געוועזען גליקליך, וואס אלעס האט זיך געענדיגט אזוי גוט. ארטהור איז פריי, ארטהור לעבט, איהר פאטער איז עס געלונגען צו ערקלערן דיא בעאמטע, אז ער האט שלעכט פערשטאנען זייער בעפעהל און ער האט געטייטעט ארטהור'ן שטילערהייט.

און דאך האט זיא זיך בעאונרוהיגט. זיא האט ניט געהאט קיין נאכריכט פון ארטהורן. שוין צווייא וואכען זיינען פערגאנגען, זייט ער איז בעפרייט און זיא האט נאך פון איהם קיינע נאכריכט ערהאלטען. וואס זאל דאס הייסען? ער האט איהר צוואר ניט צוגעזאגט, אז ער וועט איהר שרייבען, זיא האט איהם אבער זעהר גוט געקענט; זיא האט געוואוסט, אז ער איז גוט און עדעל און וועט איהר געוויס מעלדען, אז ער איז גליקליך אנגעקומען קיין טשעמני און האלט זיך דערווייל אויף אין טהורעם.

אנאנדערע זארג האט בעאונרוהיגט דיא שעהנע אננא — דיא פּלוצלונגע, געהיימניספאלע אבּרייזע פון איהר פאטער. ער איז שוין זעקס טאגע ניטא אין דערהיים. זיא ווייס ניט, וואוהין ער איז געפאהרען; זיא ווייס ניט, צו וואס ער איז געפאהרען; זיא ווייס ניט, ווען ער וועט צוריק קומען. זיא האט זיך זעהר בעאונרוהיגט וועגען איהם. זיא איז עס ביזהער ניט געוואינט געוועזען, אז איהר פאטער זאל אוועקפאהרען אויף אזא לאנגע צייט און זיא זאל ניט וויסען, וואוהין ער פאהרט.

יעדען פריה מארגען פלעגט זיא אויפשטעהן און ארויסגעהן אין דעם קליינעם גארטען הינטער זייער הויז. דארט פלעגט זיא בעגיעסען איהרע בלומען און דענקען אן איהר פאטער און פון ארטהור'ן. זיא האט ניט געקענט וויסען, דיא ארימע אננא, אז אין איהר שטוב וואינט א שלאנג, וועלכע קוקט איהר נאך אויף יעדען שריט.

דעם אנדערן טאג אין דערפריה איז אננא געגאנגען אין איהר קליינעם גארטען, וויא געוועהנליך. קוים איז זיא ארויסגעגאנגען פון איהר צימער, איז פראנץ אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער, האט געחאפּט דאס פּעקעל, וואס זיין גראססמוטער האט איהם געגעבען, האט צוגעשטעלט א שטוהל צום אויווען און איז ארויפגעשפּרונגען אויף איהם. באלד איז דאס פּעקעל געליעגען גאנץ רוהיג אויפ'ן הויכען אויווען.

פראנץ איז ארויסגעגאנגען פון צימער רוהיג און צופריעדען. ער האט אבגעטאהן זיין ארבייט שנעל און געשיקט, וויא זיין גראססמוטער האט איהם געהייסען. ווען אננא איז צוריקגעקומען אין איהר צימער, האט זיא קיינע ענדערונגען ניט געפונען. אלעס אין צימער איז געבליעבען אויפ'ן זעלבען ארט, וויא פריה

## 2טער קאפּיטעל.

# אננא'ס איבערראשונג.

גענען מיטאג האט מען אנגעהויבען שטארק צו קלאפּען אן דער טהיר. אננא'ס מוטער איז ארויסגעלאפען זעהן, ווער עס קלאפּט. זיא האט דערזעהן פאר זיך א

רייכגעקליידעטען דיענער, וועלכער האט זיך אפגערוקט אייניגע שריט, ווען ער האט זיא דערזעהן.

— זייט איהר דעם הענקערס פרוי? האט דער דיענער געפרעגט.

— איך בין עס.

— האט איהר א טאכטער, וועלכע הייסט אננא?

דיא פרוי האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט.

— איך האב א טאכטער, וועלכע הייסט אננא.

— זיינע האכווירדען, דער גראף מעראס האט מיך געשיקט צו אייך. ער בעט, אז אייער טאכטער אננא זאל באלד קומען צו איהם. ער דארף מיט איהר עפּעס רעדען.

— פון וואנען קען דען גראף מעראס מיינע טאכטער? האט געפרעגט דיא פערוואונדערטע פרוי.

— איך וויים עס ניט און קען עס אייך ניט זאגען. איך וויים נור, אז ער האט געהייסען, זיא זאל באלד קומען צו איהם.

דעם הענקערס פרוי איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט און האט ניט געקענט ארויסזאגען א ווארט.

— וועט זיא באלד קומען? האט דער דיענער איבערגעפרעגט.

— איך וועל זיא באלד שיקען, האט אננא'ס מוטער געענטפערט.

דער דיענער איז זיך אוועקגעגאנגען.

דעם הענקערס פרוי איז געגאנגען צו איהר טאכטער און האט איהר געזאגט:

— אננא, נור וואס איז דא געווען א דיענער פון גראף מעראס. ער פערלאנגט, אז דוא זאלסט באלד קומען צו איהם. ער דארף מיט דיר עפּעס רעדען. וואס זאל עס בעדייטען?

אננא איז געווען אזוי איבערראשט, וויא איהר מוטער. זיא האט אויך ניט גע־קענט פערשטעהן, צו וואס גראף מעראס האט זיא געשיקט רופען.

— מוטער, איך וויים ניט וואס צו טאהן. ווען ד"ר פאטער איז אוועקגעפאהרען האט ער מיר אנגעזאגט, איך זאל אין ערגעץ ניט געהן אין דער צייט, ווען ער וועט ניט זיין אין דערהיים.

— איך וויים דערפון, האט דיא מוטער געענטפערט, דאס איז דאך אבער א זאנדערבארער פאל. עס איז דאך א גרויסע עהרע פאר אונז, אז דוא זאלסט געהן צום גראף מעראס. דוא מוזט געהן.

אננא האט זיך איבערלעגט עטליכע מינוט. ענדליך האט זיא זיך ענטשלאסען צו געהן. זיא האט זיך באלד אנגעטאהן און מיט א האלבע שטונדע שפּעטער איז זיא געשטאנען אין פארהויז פון'ם רייכען פאלאץ פון גראף מעראס.

דיא דיענער האבען זיא געמעלדעט און באלד האט זיך געעפענט דיא הויכע רייכפערציערטע טהיר. פאר איהר איז געשטאנען דיא הויכע, שטאלצע געשטאלט פון'ם אלטען גראף.

אננא האט אויף איהם א קוק געטאהן און האט זיך דערשראקען. דאמאלס

האט זיא געזעהן פאר זיך א גוטען, פריינדליכען מענשען, וועלכער האט זיא בעהאנ־דעלט, וויא א פאטער. יעצט אבער שטעהט פאר איהר א שטרענגער פינסטערער ריכטער, וועלכער האט פאר איהר קיין פריינדליכעס ווארט, קיין פריינדליכע מינע און קייז פריינדליכען בליק.

אננא האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. זיא האט יעצט מורא גע־האט פאר איהם. זיא האט מורא געהאט ארויסצורעדען א וואָרט. זיא האט מורא געהאט איהם צו פרעגען, צו וואס ער האט זיא געשיקט רופען. זא האט געווארט, ער זאל אנהייבען צו רעדען צו איהר. זיא האט ניט לאנג געווארט.

— מיט דרייא וואכען צוריק זייט איהר ביי מיר געווען, האט גראף מעראס גע־זאגט שטרענג און הארט, איהר האט מיר דאמאלס געזאגט, אז איהר זייט געקומען בעטען פאר'ן בעראן ארטהור פאָן באטהיאני.

— יא גנעדיגער העדר גראף.

— ווען איהר זייט געווען ביי מיר, האט איהר מיר איבערגעלאזען א קעסטעלע און זייט באלד אוועקגעגאנגען. האט איהר געוואוסט, וואס אין יענעם קעסטעלע איז געווען?

— ניין, גנעדיגער הערר, איך האב עס ניט געוואוסט.

— דאס קען ניט זיין! דאס איז א ליגען! האט זיך געקאכט דער גראף. איך זעה מיט בעדויערן, אז איך האב דאמאלס געמאכט א גרויסען פעהלער. איך האב געמיינט, אז איך האב פאר מיר א גוטעס אונשולדיגעס קינד און עס איז נאר געווען א פערברעכערין.

אננא איז געווארען בלייך וויא קאלך. אייניגע מינוט איז זיא געשטאנען, וויא א בילד פון מארמאָר, און האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ענדליך האט זיא געפאסט מוטה און האט געענטפערט:

— גנעדיגער הערר גראף, איך בין צוואר נור דיא טאכטער פון א הענקער, איך בין אבער קיין ליגנערין און קיין פערברעכערין. איך שווער אייך, הערר גראף, בייא אלעם, וואס איז מיר הייליג, אז איך האב ניט געוואוסט, וואס אין דעם קעסטעלע איז געווען. ווילט איהר מיר גלויבען, וועל איך אייך זעהר דאנקבאר זיין. ווילט איהר מיר אבער ניט גלויבען, וועט עס מיך געוויס זעהר קרענקען. דאן האב איך דא ניט וואס צו טאהן. דאן ערלויבט מיר, איך זאל מיר אוועקגעהן.

גראף מעראס האט זיך פערטראכט. אננא האט גערעדט מיט אזוי פיעל גע־פיהל און אזוי ערנסט, אז דער גראף איז געווען איבערראשט.

— זאל דיעזעס יונגע קינד שוין וויסען פון ליגען, שווינדעל און בעטרוג? האט ער געמורמעלט. — ניין! דאס קען ניט זיין! דאס איז אונמעגליך! איך קען עס מיר ניט פארשטעלען, אז אזא יונגעס קינד זאל שוין זיין אזוי פערדאָרבען און זאל זיך קענען אזוי פערשטעלען?

גראף מעראס האט געפיהלט, אז אננא רעדט דיא וואהרהייט. עס האט איהם עפעס געצויגען און עפעס געזאגט, אז דיעזעס יונגע מעדכען איז קיין ליגנערין און קיין פערברעכערין.

אננא האט זיך טיעף פערניינט און האט געוואלט אוועקגעהן.

— ווארט! האט גראף מעראס אויסגערופען. איך וויל אייך נאך עפעס פרעגען, בלייבט נאך איינינע אויגענבליקע.

— וואס פערלאנגט איהר נאך פון מיר? האט אננא אויסגערופען מיט טרערין אין דיא אויגען.

— אלזא, האט איהר נים געוואוסט, וואס אין קעסטעלע איז געווען?

— ניין, הערר גראף! האט אננא אויסגערופען.

— וויא קומט צו אייך דיעזעס קעסטעלע?

— א פרעמדע פרוי האט עס מיר געגעבען.

— דאס פערשטעה איך נים.

— עס איז גאנץ איינפאך. איך האב געוואלט פאהרען צו אייך און האב גענומען א דראָשקע. אין דיעזע מינוט איז צו מיר צוגעקומען א פרעמדע פרוי, האט מיר געגעבען דאס קעסטעלע און האט מיך געבעטען, איך זאל עס אייך איבערגעבען.

— וויא הייסט דיעזע פרעמדע פרוי?

— סטאסא.

גראף מעראס האט זיך פערטראכט. דער נאמען סטאסא איז איהם צוואר געווען בעקאנט, ער האט אבער דאך נים געקענט פערשטעהן, וויא קומט סטאסא צום קעסטעלע. וואס פאר א צוועק האט סטאסא געקענט האבען איהם צו שיקען דיעזעס קעסטעלע?

— וויא קומט איהר אבער צו דיעזער סטאסא? האט ער געפרעגט. קענט איהר זיא?

— איך בין מיט איהר בעקאנט, איך קען זיא אבער נים, האט אננא געענט-פערט. איך ווייס נור, אז זיא איז אן ארימע פרוי און וואהנט אין דיא בערג נים ווייט פון טשעמני. איך האב זיא געזעהן א פאר מאל, ווען מיינע עלטערן האבען געוואהנט אין טשעמני. זיא האט מיר איבערגעגעבען דאס קעסטעלע און האט מיר געזאגט, אז איהר וועט זיין זעהר צופריעדען מיט דעם פרעזענט. דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך זאגען, וויא אזוי דאס קעסטעלע איז געקומען צו מיר.

גראף מעראס האט אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם, וואס אננא האט איהם געזאגט. עס איז געווען גאנץ דייטליך, אז זיא זאגט דיא וואהרהייט, אז זיא איז אונ-שולדיג; אז זיא ווייס נים, וואס סטאסא האט געמיינט מיט'ן קעסטעלע.

— וואהנט דיעזע פרוי סטאסא אין דיא בערג, נים ווייט פון טשעמני? האט דער גראף געפרעגט נאך א מאל.

— יא, הערר גראף.

גראף מעראס האט ווידער געטראכט איינינע אויגענבליקע. דאן האט ער געזאגט:

— איהר מעגט יעצט געהן, מיין קינד, איך בעט אייך אבער, אז ווען איהר וועט דערזעהן דיעזע סטאסא, זאלט איהר עס מיר מעלדען.

— זיא פלעגט א מאל קומען צו מיין פאטער, האט אננא געזאגט אונשולדיג,

אין דיא לעצטע צייט אבער האט מיין פאטער אנגעזאגט, אז מען זאל זיא ניט אריינ־לאָזען צו אונז אין שטוב. ער האט מיר זאגאר אנגעזאָגט, איך זאָל מעהר מיט איהר ניט רעדען.

דיא לעצטע ווערטער האבען געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף גראף מעראס. ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז סטאסא האט בענוצט דיא אונשולדיגע אננא אלס איהר ווערקצייג.

— שיקט מיר אייער פאטער, האט ער געבעטען.

— מיין פאטער איז אוועקגעפאהרען פון בודאפעסט.

— שיקט איהם, ווען ער וועט צוריק קומען, האט דער גראף געזאגט פריינדליך. ענטשולדיגט מיר, וואס איך בין געווען אזוי שטרענג געגען אייך. איך האב אנדערש ניט געקענט. איך האב גענוג אורזאכען צו זיין בייז און אויפגערעגט. — יעצט מעגט איהר געהן.

אננא האט זיך טיעף פערנייגט פאר'ן גראף און איז אוועקגעגאנגען.

קוים איז זיא אוועקגעגאנגען צוואנציג — דרייסיג שריט פון'ם גראף'ס הויז, האט זיא בעגעגענט נעאָרג פאָן טאקקי.

— גוטען טאג, פריילין אננא! האט ער אויסגערופען. וואס מאכט איהר?

אננא האט געוואלט אוועקגעהן און איהם גאר ניט ענטפערן, ער איז אבער געווען אזוי פריינדליך און אזוי העפליך, אז זיא האט געמוזט בלייבען שטעהן און מיט איהם רעדען.

— וואו זייט איהר עס געווען, פריילין אננא? פאר וואס זעהט מען עס אייך קיין מאל ניט? האט נעארג וויטער געפרעגט.

— איך זיץ אין דערהיים און געה אין ערגעץ ניט, האט אננא געענטפערט.

— וועט איהר מיר ערלויבען, איך זאל אייך בעגלייטען? האט נעאָרג געפרעגט.

אננא האט געשוויעגען. „שווייגען איז אויך אן אנטווארט“, זאגט דאס שפריכ־ווארט.ביידע זיינען געגאנגען לאנגזאם דורך דיא גאסען פון דער שטאדט און האבען גערעדט אזוי פריינדליך, אזוי ליעבליך, אזוי צוטרויליך, אז זיי האבען גאר ניט בעמערקט, וויא דיא צייט איז פערשוואונדען. דיא צייט פליעהט זעהר שנעל, ווען צוויי ליעבענדע אונטערהאלטען זיך. מען רעדט דאכט זיך, איבער גאר נישט און דאך איז עס אזוי זיס, אזוי אנגענעהם, אז מען פערגעסט אלעס אין דער וועלט.

זיי האבען גאר ניט בעמערקט, אז זיי זיינען צוגעקומען צו דער בריק איבער דער דאנוי. ערשט דער גערויש פון א קארעטע, וועלכע איז נור וואס אריבערגעפאהרען דיא בריק, האט זיי אויפגעוועקט פון זייער זיסען טרוים.

נעאָרג האט גענומען איהר האנד און האט זיא געדריקט אזוי ווייך און אזויווארם, אז אננא האט א ציטער געטאהן.

— איך מוז באלד אוועקפאהרען פון בודאפעסט, האט ער איהר געזאגט טרויעריג. אך, וויא גליקליך וואלט איך געווען, איך זאל אייך בעגעגנען ווארט, וואו איך האב אייך געזעהן צום ערשטען מאל.

— צו וואס זאל עס זיין? וואס וועט דען דערפון ווערן? האט אננא נעענט-פערט. איך בין דיא טאכטער פון א הענקער און וועל עס בלייבען. נעהט איהר אייך אייער וועג, גראף! גאט זאל זיין מיט אייך! גאט זאל אייך העלפען.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא צוגעלאפען צום טויער פון איהר הויז און האט געוואלט אריינלויפען אין הויף, ווען א שטארקע האנד האט זיא אנגעחאפט. אננא האט זיך אומגעקוקט. פאר איהר איז געשטאנען סטאסא.

— אהא! האט סטאסא אויסגערופען. איך האב דיך ווידער דערטאפט! איך וויים, דוא ליעבסט דעם שעהנעם געארג פאן טאקקי! ער ליעבט דיך אויך. איך האב געזעהן, וויא פריינדליך איהר זייט ביידע געגאנגען, וויא צוטרויליך איהר האט גערעדט.

לאזט מיך אפ, סטאסא האט אננא געבעטען, איך האב קיין צייט ניט. דיא מוטער ווארט אויף מיך.

— נעה, קינד! איך האלט דיך דען צו? איך האב דיך נור געוואלט פרעגען, ווען דיין פאטער וועט צוריק קומען.

— איך וויים עס ניט, סטאסא! האט אננא אויסגערופען און איז פערשוואונדען געווארען אין הויף.

סטאסא איז געבליעבען אליין.

— לויף, לויף, שעהנע אננא! האט זיא געברומט. דוא וועסט פון מיר ניט אנטלויפען! דוא וועסט ענדיגען דיין לעבען אויפ'ן עשאפאט און ע־שט דאן וועט ער וויסען, ווער דוא ביסט!

אין א פאר טעג ארום איז פראנץ ווידער געקומען צו זיין גראסמוטער. דאס מאל איז עס געוועזען אין דער פריה. סטאסא איז איהם ענטגעגענגעלאפען און האט איהם ארומגענומען.

— נו, וואס הערט זיך, מיין קינד? האט זיא אויסגערופען. איז אלעס אין ארדנונג? האסט דוא אלעס בעזארגט?

— יא, מוטער. איך האב אלעס בעזארגט, וויא איהר האט מיר געהייסען. דיא שעהנע אננא וויים פון גאר נישט און עס וועט איהר אזוי לייכט ניט קומען אין קאפ, אז עמעס ליעגט אויפ'ן אויוועז.

— קען איך זיין זיכער, אז דוא האסט עס דארט געלעגט? דאן וועט אננא ווירקליך האבען א זא־דערבארע איבעררראשונג.

— געוויס, מוטער! וואס פרעגסט דוא? וויסט דוא דען ניט, אז פראנץ טהוט אלעס, וואס דוא הייסט איהם? פראנץ וויים שוין, וואס ער האט צו טאהן. — יעצט אבער, מוטער, פערלאנג איך, דוא זאלסט האלטען, וואס דוא האסט מיר צוגעזאגט.

— יא, מיין קינד, איך וועל דיר געבען, וואס איך האב דיר צוגעזאגט.

זיא איז געגאנגען צו אן אלטע אבער שטארקע קאמאדע און האט עמעס ארויס־גענומען פון איהר.

— נו, מיין קינד, נא דיר דערווייל עטליכע גולדען פאר דיין ארבייט, שפעטער וועל איך דיר געבען נאך.

בו...ין האט צונענומען דיא עטליכע גולדען און האט זיך זעהר פערקרימט. עס איז איהם געווען ווענינ. סטאסא האט עס געזעהן און האט געוואלט איהם פעררעדען.

— איז דער הענקער נאך ניט צוריק געקומען? האט זיא געפרעגט.

— ער איז נאך ניט צוריק געקומען.

— ווייסט דוא נאך אלץ ניט, וואוהין ער איז געפאהרען?

— איך ווייס עס ניט.

— אלזא געה צוריק צו איהם און בלייב ביי איהם, ביז ער וועט צוריק קומען.

— ניין, מוטער! איך געה ניט צוריק צו איהם. דוא האסט דאך אליין געזאגט, אז דוא ווילסט מיך פיהרען צום אדוואקאט נאוואק.

— זיי רוהיג, מיין קינד. איך וועל דיך פיהרען צום אדוואקאט אויך. דוא קענסט שרייבען און דוא וועסט אריינטרעטען צו איהם אלס שרייבער. ביי אזא גרויסען מאן, וויא דער אדוואקאט נאוואק קען מען עפעס אויסלערנען. דוא האסט א גוטען קאפ און דוא וועסט מיט דער צייט ווערן א מענש. דערווייל אבער געה, מיין קינד, צוריק צום הענקער און בלייב דארט ביז ער וועט צוריק קומען.

— איך וויל ניט, מוטער! איך לאנגווייל מיך דארט.

— מיין ליעבעס קינד, דוא קענסט דאך ניט אוועקגעהן פון איהם, ווען ער איז ניטא אין דערהיים. ער וועט געוויס באלד צוריק קומען. דאן וועל איך דיך אפנעהמען. זיא האט איהם אזוי לאנג איינגערעדט ביז ער איז צוריקגעגאנגען צום הענקער.

### 3טער קאפיטעל.

## דער נייער שרייבער.

עס איז נאכט. דאס שרייב צימער פון'ם אדוואקאט נאוואק איז העל בעלייכטעט. ער ארבייטעט. ער שרייבט און ווילכטיגע פאפיערן און דאקומענטען. ביי איין דאקומענט האט ער זיך בעזאנדערס פערטראכט.

— אלעס איז אין דער בעסטער ארדנונג, האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך האב שוין אלע נעטהיגע דאקומענטען, וועלכע בעווייזען, אז איך בין דער איינציגער פערוואנדטער און דער איינציגער ערבע (יורש) פון דער פאמיליע באטהיאני. איך קען זאגאר מארגען פארשטעלען מיינע דאקומענטע אין ציוויל געריכט און פארדערן, אז מען זאל מיך אנערקענען אלס ערבע און מיר איבערגעבען דאס גאנצע פערמעגען פון דער פאמיליע באטהיאני. — פאר וואס זאל איך עס ניט טאהן? ארטהור פאן באטהיאני, דער לעצטער און איינציגער פון דיעזער פאמיליע איז טויט זייט מעהר אלס צוויא וואכען. דער איינציגער מענש, וועלכער ווייס, אז דער דאקומענט איז פון איהם נערויבט געווארען, איז געארג פאן טאקקי. פאר איהם האב איך ניט וואס מורא צו האבען. דער גוטער נאני האט מיר צוגעזאגט, אז געארג וועט ניט לאנג לעבען. אלזא, פאר וואס זאל איך ניט איינגעבען שוין מיינע דאקומענטען?

ער האט נאך א מאל צונויפגעלעגט זיינע דאקומענטען, האט זיי נאך א מאל איבערגעקוקט און האט זיי אוועקגעלעגט אן א זייט.

— ניין. עס איז נאך צו פריה, האט ער ווייטער געזאגט, לאמיך בעסער אפוואַרטען

אייניגע צייט. לאמיך ניט ארויסטרעטען אזוי גיך. לאז דיא געשיכטע אביסעל פערגע־סען ווערן. לאז פריהער גענוג פאן טאקקי, דער איינציינער, וועלכער קען זאגען עדות געגען מיך, פערשוואונדען ווערן. דאן וועל איך אויפטרעטען און פארדערן, וואס מיר קומט. דערוייל האבען זיך נאך קיינע אנדערע ערבען (יורשים) ניט געוויעזען. עס וועט אלזא פון מיר ניט אנטלויפען.

אין דיעזע מינוט האט ער געהערט קלאפען אין דער טהיר. נאוואק האט צר־נויפגעלעגט זיינע דאקומענטען און איז געגאנגען עפענען דיא טהיר. סטאסא איז אריינגעקומען.

נאוואק איז געוועזן זעהר אונצופריעדען מיט דיעזען בעזוך. ער האט סטאסא'ן ניט ליעב געהאט. פון דעסטוועגען האט ער זיך פערשטעלט און האט געזאגט:

— דוא ביסט שוין לאנג ניט געוועזן ביי מיר, סטאסא, וויא קומט עס?

— אך, הערר אדוואקאט! דענקט איהר, אז איך קען אזוי אפט קומען צו אייך און אייך שטערן פון אייער ארבייט?

— הער נור, סטאסא, דוא האסט בעגאנגען א גרויס נארישקייט, וואס דוא האסט בעגאנגען מיט אלים דאס געזיכט פון'ם טויטענגרעבער. גאנץ בודאפעסט איז אזוי אויפגעריהרט געווארען. מען רעדט דערפון אין אלע גאסען.

— וואס קען מען העלפען, הערר אדוואקאט? מען מוז זיך דאך פערטהיידיגען. ער איז אנגעקומען פונקט דאמאלס, ווען איך האב געוואלט ארויסגעהן. איך האב גע־מוזט עס טאהן.

— דאס איז אלעס רעכט, אבער וואו האסט דוא אהינגעטאהן דיא ביינער?

— איך ווייס עס שוין.

— איך וויל עס אבער אויך וויסען, האט געזאגט דער אדוואקאט ערנסט.

— אזוי? האט סטאסא געפרעגט מיט א געלעכטער, פון ווען אן איז עס דער גרויסער אדוואקאט, הערר נאוואק, געווארען אזוי נייגעריג?

— דאס געהט דיך ניט אן, סטאסא! האט דער אדוואקאט אויסגערופען און אויף זיין שטערן האט זיך געוויעזען א פינסטערער וואלקען.

— זייט ניט בייז, הערר אדוואקאט, איך וועל אייך זאגען, וואו עס געפינט זיך.

— וואו? האט דער אדוואקאט געפרעגט האסטיג.

— איך האב עס געלעגט דארט, וואו עס דארף ליעגען.

— רעד דייטליכער. זאג, וואו האסט דוא עס אהין געטאהן.

— איך האב עס בעגראבען.

— אויף וואס פאר אן ארט?

— אין הויף פון'ם הענקער.

ביי דיעזער אנטווארט האט זיך אויף סטאסא'ס געזיכט געוויעזען א ווילדע אבשייליכע, אבשטויסענדע גרימאסע. דער אדוואקאט האט עס בעמערקט. ער האט פערשטאנען, אז סטאסא האט שוין אפגעטאהן אנאנדערע ניעדערטרעכטיגקייט. ער האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג אז האט געזאגט

גוט, סטאסא! איך בין מיט דיר צופריעדען. — נו, וואס ווינשט דוא יעצט פון מיר?

— איך וויל אייך ברענגען א שילער.

— וואס הייסט דאס? האט דער אדוואקאט געפרעגט מיט א געלעכטער.

— לאכט ניט, הערר אדוואקאט, איך מיין עס גאנץ ערנסט. איך וויל, אז מיין עניקעל זאל לערנען ביי אייך אויף אן אדוואקאט. ער שרייבט זעהר גוט, האט א גוטען קאפ און איז א פעהיגער יונג. ביי אייך וואלט ער געקענט זיך אויסלערנען זעהר לייכט צו ווערן א גוטער אדוואקאט.

נאוואק האט זיך צולאכט אין דער הויך.

— נאררישע סטאסא! האט ער אויסגערופען, מיינסט דוא, אז יעדער, ווער עס קען נור האלטען א פעדער אין דיא הענד, דער קען שוין ווערן אן אדוואקאט? מיינסט דוא, אז יעדער, ווער עס קען אנשמירען א בלעטעל פאפיער מיט שעהנע בוכשטאבען דער איז שוין א קענער? ניין, סטאסא. ווער עס וויל קענען א העכערע וויסענשאפט, דער דארף לערנען, א לאנגע צייט לערנען, פלייסיג לערנען, דאן קען מען פיעלייכט ווערן עפעס א מענש. דיין עניקעל קען נור א ביסעל שרייבען, פון איהם קען ווערן א שרייבער, א שמיערער, אבער קיין געלערנטער, קיין אדוואקאט.

סטאסא האט זעהר ווייניג פערשטאנען, וואס דער אדוואקאט האט איהר געזאגט. ביי איהר איז אויסגעקומען, אז א שרייבער ביי אן אדוואקאט איז שוין אויך א גרויסער מאן.

— קענט איהר אויפנעהמען מיין עניקעל אלס שרייבער ביי אייך?

— ווען ער האט א שעהנע האנדשריפט, קען איך איהם געברויכען אלס א שרייבער.

— דאס איז שעהן! איך דאנק אייך זעהר, הערר נאוואק, וואס איהר נעהמט איהם אן. אין עטליכע טעג ארום וועל איך איהם ברענגען, איך האף, אז איהר וועט זיין מיט איהם צופריעדען.

— דאס איז שוין מיין זאך. — הער נור, סטאסא, נאך דאס מאל וועל איך טאהן, וואס דוא פערלאנגסט פון מיר אויף ווייטער אבער בעט איך דיך, דוא זאלסט אויפהערן צו קומען צו מיר. איך האב שטענדיג געהאנדעלט מיט דיר גאנץ עהרליך און איך וויל דיר יעצט אויך בעצאהלען פאר דיינע לעצטע ארבייט, דערמיט אבער זיינען מיר אויס בעקאנטע.

— יא, יא! אזוי פיהרט עס זיך שוין אויף דער וועלט! האט סטאסא געזיפצט, אזוי זיינען זיי שוין אלע: זא לאנג זיי דארפען האבען א מענשען, קריעכען זיי פאר איהם, שמייכלען איהם, גלעטען איהם און לעקען איהם; האבען זיי איהם אבער אויסגענוצט, האבען זיי איהם אויסגעזויגען און אויסגעקוועטשט, ווארפען זיי איהם אוועק, וויא דיא שאלעכץ פון א ציטעראנע. זייט אבער רוהיג, הערר אדוואקאט, איך בין דערמיט אויך צופריעדען. נעהמט נור אויף מיין עניקעל און מאכט פון איהם א מענשען, דאן בין איך מיט אייך גאנץ צופריעדען און פערלאנג ווייטער גאר ניט פון אייך.

דער אדוואקאט האט געטראכט אייניגע מינוט.

— זאג נור, סטאסא, פון וואנען האט זיך דיר פלוצלונג גענומען אן עניקעל? זאלאנג איך קען דיך, האסט דוא מיר קיין מאל ניט געזאגט, אז דוא האסט קינדער. וויא אזוי האט זיך פלוצלונג גענומען צו דיר אן עניקעל?

— וואס זאל איך לאנג דערצעהלען, הערר אדוואקאט! איך האב א מאל געהאט א טאָכטער, זיא איז געשטארבען און האט איבערגעלאזען א קינד, דאס איינציגע עניקעל וואס איך האב.

נאוואק האט געוואוסט, אז זיא זאגט א ליגען. איהם איז זעהר ניט געפעלען דאס עניקעל, וועלכעס סטאסא האט אזוי פלוצלונג פון ערגעץ אויסגעגראבען. ער האט אבער גאר ניט געקענט מאכען: ער האט מורא געהאט פאר דיעזע פרוי. זיא האט געוואוסט צופיעל פון זיינע געהיימניסע.

— נון, גוט, סטאסא! איך וועל אויפנעהמען דיין עניקעל צו מיר אלס שרייבער.

— ניין, איך וויל, איהר זאלט איהם לערנען אויך, האט סטאסא געבעטען. איך וויל, אז מיין עניקעל זאל ווערן א גרויסער מאן, וויא איהר אליין, הערר אדוואקאט.

ביידע גוטע פריינד האבען זיך אנגעקוקט איין סעקונדע גלייך אין דיא אויגען. זיי האבען זיך פערשטאנען. זיי זיינען געווען צו שטארק פערבונדען און פערקניפט צוזאמען אום זיך אזוי גיך צו שיידען.

— אלזא, זייט געזונד, הערר אדוואקאט! האט ענדליך סטאסא געזאגט, איך וועל אייך מעהר ניט בעאונרוהיגען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך פערנייגט זעהר העפליך און איז זיך אוועקגעגאנגען. נאוואק האט אויפגעאטהעמט פרייער, ווען זיא איז ארויסגעגאנגען.

מיט איינינע טעג שפעטער איז סטאסא געקומען מיט איהר עניקעל צום אדוואקאט. דער יונגער פראנץ איז יעצט געגאנגען רייך געקליידעט און האט אויסגעוויעזען צו זיין א גאנץ אנשטענדיגער יונגער מאן.

— הערר אדוואקאט איך האב דיא גרויסע עהרע אייך פארצושטעלען מיין עניקעל, האט סטאסא געזאגט און האט אויסגעצויגען יעדעס ווארט, אז עס האט אויסגעוויעזען, אז יעדעס ווארט האט א בעזונדערע בעדייטונג.

דער אדוואקאט האט בעטראכט דעם יונגען מאן און עס איז איהם פארגעקומען, אז זיין געזיכט איז איהם בעקאנט. ער האט זיך אבער אויף קיין פאל ניט געקענט דערמאנען, וואו ער האט איהם געזעהן. דאס האט איהם זעהר בעאונרוהיגט. ער האט געוואוסט, אז סטאסא זאגט א ליגען. עס איז ניט איהר עניקעל. ער האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג און האט געזאגט:

— אייער עניקעל איז זעהר עהנליך צו אייך, סטאסא.

— געוויס הערר אדוואקאט! ער איז דאך מיין בלוט און פלייש.

— יעצט וועלען מיר זיך אפרעכנען, סטאסא, האט דער אדוואקאט ווייטער געזאגט.

ער האט געעפענט א שובלאדע פון זיין שרייבטיש, האט ארויסגענומען א פעקעל געלד און האט איהר דערלאנגט.

— יעצט, סטאסא, זיינען מיר קוויט, האט ער געזאגט, פערגעס ניט, וואס מיר האבען אפגערעדט!

— איך וועל עס ניט פערגעסען, האט סטאסא געענטפערט.

זיא האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. קוים איז זיא אוועקגעגאנגען איינינע הונדערט שריט פון זיין הויז, האט זיא אנגעהויבען צו מורמעלן אונטער דער נאז:

— ווען הערר נאוואק זאל וויסען, ווערמען ער האט אויפגענומען אין זיין הויז אלס שרייבער. וואלט ער ניט געגעסען, ניט געטרונקען און ניט געשלאפען, ביז ער וואלט געווארען וואהנזיניג, אדער וואלט געטייטעט זיין שרייבער. — דוא וועסט עס אבער וויסען. דוא וועסט עס געוואהר ווערן, דוא גוטער שלעכטער, פאלשער גערעכטער, גרויסער ניעדערינגער אדוואקאט! דוא מיינסט, אז דוא ביסט שוין זיכער, אז דוא ביסט רייך און אנגעזעהן אין שטאדט. · ווארט נור, הערר נאוואק! מיר וועלען זיך ערשט א מאל אפרעכנען.

4טער קאפיטעל.

## צווייא אלטע בעקאנטע בעגעגנען זיך.

אלעס איז שטיל און רוהיג אין דארף טשעמני. דיא ארימע, פערמארטערטע בויערן שלאפען געשמאק נאך דעם לאנגען, הייסען זומער טאג, וועלכען זיי האבען פערבראכט אויפ'ן פעלד ביי זייער שווערע ארבייט.

עס איז דיא הייסע ארבייטס צייט, ווען מען נעהמט אראפ דעם קארן און דעם וויי‌צען פון דיא פעלדער. דאמאלס ארבייטען אלע. עס ארבייטען מענער, עס ארבייטען פרויען; עס ארבייטען דערוואקסענע, עס ארבייטען קינדער; עס ארבייטען גרויסע, עס ארבייטען קליינע. אלעס ארבייטעט, אלעס מיהט זיך אפ, אלעס פלאגט זיך. — מען גרייט אן זומער וואס צו עסען אין לאנגען, קאלטען ווינטער.

אום צוועלף אוהר ביי נאכט, ווען אלע זיינען געשלאפען געשמאק, איז א וואגען צוגעפאהרען צום דארף. דא איז ער געבליעבען שטעהן און איין איינציגער רייזענדער איז ארויסגעגאנגען פון איהם. ער האט גענומען א פעקעל אונטערן ארים און איז זיך אוועקגעגאנגען אין דארף.

— ענדליך בין איך געקומען אויף דער האכצייט, האט דער רייזענדער געזאגט צו זיך אליין. דאס נייע פאר פאלק וועט זיין צופריעדען מיט מיין פרעזענט. איך בין זיכער; אז מארגען פאר נאכט, פונקט צום באלל וועט מיין פרעזענט אנקומען מיט דער פאסט.

ער איז געגאנגען האסטיג גלייך צום טהורעם פון טשעמני. עס איז געווען דייטליך, אז ער איז גוט בעקאנט מיט דער געגענד. ער האט געקענט אלע וועגען און אלע שטעגען. ער איז געגאנגען ביי נאכט פעסט און זיכער, גלייך וויא ער וואלט געווען א היימישער.

ענדליך איז ער צוגעקומען צום טהורעם. דאס טהירעל איז געווען פערשלאסען.

— וואס הייסט דאס? האט ער אויסגערופען. דאס טהירעל פון'ם טהורעם האט נור א ריגעל פון אינעווייניג. ווען עס איז פערשלאסען, איז עס א בעווייז, אז

אינעווענינ איז דא א מענש ווער זאל עס זיין? ווער קען עס וואנען צו וואינען אין טהורעם פון טשעמני?

ער האט געטראכט איינינע מינוט און האט אנגעהויבען שטארק צו קלאפען אן דער טהיר.

— לאז ער עפענען! האט ער געזאגט צו זיך אליין, לאמיך זעהן, ווער עס האט מיטה און איז אזוי בעהערצט, אז ער האט קיין מורא ניט צו וואהנען אין דיעזען טהורם, פון וועלכען גאט און מענשען אנטלויפען?

אזוי וויא מען האט איהם ניט אזוי גיך געענטפערט, האט ער אנגעהויבען צו קלאפען נאך שטארקער.

— עפענט אויף! האט ער אויסגערופען. איך בין עס, דער הענקער מיכאאיל! איך בין געקומען אין מיין שלאס. לאזט מיך אריין.

ארטהור פאן באטהיאני וואהנט זייט איינינע טעג אין טהורעם פון טשעמני. ווען דער הענקער מיכאאיל איז ארויסגעפאהרען קיין בודאפעסט, האט ער פיעלע זאכען איבערגעלאזען אין טהורעם. ער האט ניט געוואלט אדער ניט געקענט שלעפען זיי מיט זיך. ער האט געוואוסט, אז אין בודאפעסט וועט ער אלעס קריעגען בעסער און בילינער.

ארטהור האט זאגאר געפונען דאס בעט, אויף וועלכען ער פלעגט שלאפען, ווען ער האט געוואהנט אין טהורעם. ער האט אפגענומען דאסזעלבע צימער און האט זיך איינגעריכטעט, וויא ער האט געקענט. עס האבען איהם געפעהלט פיעלע זאכען, ער האט אבער געמוזט אננעהמען פאר ליעב אלעס, וואס ער האט געפונען. בעסערעס איז דערווייל ניט געווען צו קריעגען. דאס ערגסטע און שווערסטע איז פאר איהם געווען צו קריעגען עסען.

מיר האבען שוין דערצעהלט, וויא ער האט בעגעגענט דעם שטומען בעטלער און וואס ער האט גערעדט מיט איהם. דאס איז געווען שפעט ביי נאכט.

דעם אנדערן טאג אבענדס, ווען עס איז נור וואס דונקעל געווארען, איז ארטהור געזעסען אין זיין צימעריל טרויעריג און פערטראכט. עס האט זיך איהם אויסגעלאזען דאס לעצטע שטיקעל ברויט. פאריגע נאכט האט ער קיין צייט ניט געהאט צו געהן ערגעץ קויפען עסען. א גאנצען טאג האט ער מורא געהאט ארויסצוגעהן. יעצט איז עס נאך צו פריה.

אזוי וויא ער איז געזעסען פערטראכט, האט ער געהערט, וויא מען קלאפט אין דער טהיר גאנץ שטיל. ער האט ארויסגעקוקט דורך זיין פענסטעריל און האט דערזעהן, אז אונטען שטעהט דער שטומער בעטלער. ער איז אראפגעלאפען און האט איהם געעפענט.

דער שטומער בעטלער האט אניעדערגעשטעלט א קארב מיט פראוויאנט אויף דער שוועל פון׳ם טהורעם און איז זיך אוועקגעגאנגען.

— יאקקי! — גוטער יאקקי! האט ארטהור אויסגערופען. קום אהער! קום אריין!

דער שטומער בעטלער האט ניט געהערט, וואס מען זאגט צו איהם און איז זיך געגאנגען זיין וועג.

ארטהור האט פראבירט איהם נאכלויפען. ער האט געוואלט איהם בעצאהלען פאר'ן פראוויאנט, וואס ער האט איהם געבראכט; דער אלטער שטומער בעטלער איז אבער געלאפען אזוי שנעל, אז ער האט שוין ניט געקענט איהם אניאגען.

— וואס איז דאס פאר א זאנדערבארער מענש, דיעזער שטומער בעטלער? האט ארטהור געפרעגט זיך אליין. וואס איז מיט דיעזען מענשען? וויא קומט עס, וואס ער ליעבט מיך אזוי? — צוריק מיט איינינע צייט האט ער מיר געבראכט געלד, יעצט ברענגט ער מיר עסען און טרינקען און וויל קיין געלד ניט נעהמען. — וואס זאל דאס הייסען? וויא איז דאס מעגליך? — אך, וויא שאדע, וואס דער מענש איז טויב און שטום, אז עס איז אונמעגליך זיך מיט איהם צונויפצורעדען!

ער איז אזוי אוועקגעשטאנען א לאנגע צייט פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. ענדליך האט ער דאך געמוזט צוריק געהן. ער איז געוועזען העכסט איבערראשט, ווען ער איז ארויפגעגאנגען צו זיך אין צימער און האט געעפענט דעם קארב, וואס דער שטומער בעטלער האט געבראכט. אין קארב זיינען געוועזען דיא בעסטע עסענס און צוויי פלאשען גוטען אלטען טאקאיער וויין.

ארטהור האט זיך ארויפגעווארפען אויף דיא שפייזע, וויא א הונגעריגער וואלף. זייט מען האט איהם פעראורטהיילט צום טויט, האט ער ניט געגעסען, וויא א מענש. אין געפענגניס פלעגט מען איהם געבען נור ברויט מיט וואסער. ווען ער איז אנטלאפען פון געפענגניס, האט ער מורא געהאט זיך צו ווייזען אין אן אנשטענדיגען רעסטאראן און פלעגט מוזען עסען, וואס ער האט נור געקענט קריעגען.

יעצט, צום ערשטען מאל נאך לאנגע און שווערע, ליידען, פאסטען און הונגערן, האט ער געגעסען זאבען, צו וועלכע ער איז געווען געוואינט אין דער גליקליכער צייט ווען ער איז נאך געווען דער שטאלצער באראן פאן באטהיאני.

דעם אנדערן טאג אויף דער נאכט איז דער שטומער בעטלער ווידער געקומען מיט א קערבעלע פראוויזיאן, האט עס ווידער אניעדער געשטעלט אויפ'ן שוועל פון'ם טהורעם און איז ווידער אנטלאפען.

ארטהור איז געוועזען אויסער זיך.

— נו, קען מען פערדאמען אלע מענשען, ווייל עס געפינען זיך ניעדערטרעכטיגע רויבער און מערדער צווישען זיי? האט ער געפרעגט זיך אליין. פאר דיעזען איינציגען גוטען מענשען מעג מען שוין פערצייהען אלע שווינדלער און בעטריעגער פון דער גאנ־צער וועלט, דיעזער איינציגער מענש צייגט מיר, אז דער מענש איז דאך ניט אזא וויל־דעס, גרויזאמעס טהיער, וועלכעס וויס נור צו מארדען, צו רויבען און אויפצופרעסען. אך! דיא וועלט איז דאך שעהן! דיא מענשען וואלטען דאך געקענט לעבען רוהיג און גליקליך, ווען זיי וואלטען נור בעסער ערצויגען ווערן.

ער איז ארויפגעגאנגען אין זיין צימער, האט אפגעגעסען און האט זיך צוגעלעגט. צום ערשטען מאל, זייט ער האט ווידער געוואינט אין טהורעם פון טשעמני, איז ער אנטשלאפען געווארען רוהיג און געשמאק.

ער האט ניט געקענט וויסען, וויא לאנג ער איז געשלאפען; ער האט ניט

נעקענט וויסען, וויא שפעט עס איז. א שטארקעס קלאפען אין דער טהיר האט איהם אויפגעוועקט פון זיין זיסען שלאף.

אנפאנגס האט ער זיך שטארק דערשראקען.

— ווער זאל עס קלאפען אזוי שפעט? האט ער געפרעגט זיך אליין. דער שטומער בעטלער קלאפט זעהר שטיל און זעהר אנשטענדיג. — זאל עס זיין דיא פאליציי? האט מען מיך שוין פערראטהען?

ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער, האט געחאפט אן אלטע חאק וועלכע דער הענקער מיכאאיל האט פערגעסען אדער אומיסטען געלאזען אין טהורעם, און איז צוגעלאפען צום אפענעם פענסטער.

פלוצלונג האט ער דערהערט א בעקאנטע שטימע: מיכאאיל דער הענקער, בעט, אז מען זאל איהם אריינלאזען. — וואס טהוט מען יעצט? מיכאאיל וויס דאך געוויס, אז ער איז אנטלאפען פון געפענגנים אין בודאפעסט. וואס וועט זיין, ווען ער וועט איהם עבגעגנען? וועט ער איהם פערראטהען? וועט ער איהם איבערגעבע אין דיא הענד פון דער פאליציי?

— ניין! ער וועט עס ניט טאהן! האט ענדליך ארטהור אויסגערופען, איך קען דעם הענקער מיכאאיל, דאס איז ווידער איינער פון דיא מענשען, וועלכען זיינען פיעל בעסער, וויא עס ווייזט זיך אויס. איך וועל געהן איהם עפענען. ער איז צו גוט און צו עדעל אום מיך צו פערראטהען.

ער איז אראפגעגאנגען דיא טרעפ און האט האסטיג אוועקגערוקט דעם ריגעל פון דער טהיר. מיכאאיל האט איהם דערזעהן, און האט איהם באלד דערקענט.

— וואס איז דאס? האט ער אויסגערופען, איהר זייט גאר דא?

— קומט ארויף אין מיין צימער, מיכאאיל, איך וועל אייך אלעס ערקלערן, האט ארטהור געענטפערט.

מיכאאיל איז אריינגעגאנגען אין טהורעם, האט ווידער פעררינגעלט דיא טהיר און איז ארויפגעגאנגען אין ארטהורס צימער.

איניגע מינוטען זיינען ביידע מענער געשטאנען איינער נעגען אנדערן. קיינער האט ניט געוואגט אנצוהויבען צו רעדען צום אנדערן. בעזאנדערס שווער איז עס געווען ארטהור'ן צו דערצעהלען, וויא אזוי ער איז אנטלאפען פון געפענגנים. זאל ער דערצעהלען, אז אננא האט עס איהם גערעטעט? פיעלייכט וועט מיכאאיל ברוגז ווערן אויף איהר און וועט זיא בעשטראפען?

דאס שווייגען איז געווארען אונאנגענעהם פאר ביידען. ארטהור האט ענדליך געפיהלט, אז ער מוז רעדען און מוז מיכאאיל'ן אלעס ערקלערן.

— מיכאאיל, האט ער ענדליך אנגעהויבען זיין רעדע, מיכאאיל, שווערט מיר, אז וואס איהר וועט הערן, זאל עס אייך ניט אויפרעגען און ניט פערדריעסען.

— שווערן וויל איך ניט, האט מיכאאיל געענטפערט. איך בין דאך נור א מענש. עס קען זיין, עס זאל מיך יא פערדריעסען. איך קען אייך נור געבען מיין ווארט אז איך וועל ניט זאגען א ווארט פון אלעס, וואס איהר וועט מיר דערצעהלע. איהר

מוזט דאך וויסען, אז איך בין פערצנטוואָרטליך פאר אייך. — זאגט מיר, וויא אזוי זייט איהר אנטלאפען פון געפעננגניס און ווער עס האט אייך דערביי געהאלפען?

— אייער טאכטער, מיכאאיל.

מיכאאיל האט א ציטער געטאהן.

— אננא האט אייך גערעטעט? דאס קען ניט זיין! האט ער אויסגערופען.

— האט איהר ליעב אייער טאכטער?

— מעהר אלס מיין לעבען, דארום וואלט איך נעוועזען פיעל מעהר צופריעדען, ווען אנאנדערער, ניט זיא, וואלט אייך געוועזען גערעטעט. דאס איז א שרעקליכעס פערברעכען, פאר וועלכעס דאס געזעץ בעשטראפט מיט'ן טויט. איך וויל יעצט ניט רעדען דאריבער, אויב דיעזעס געזעץ איז גוט אדער ניט. עס איז אבער אזוי.

— אננא האט מיך בעפרייט, דאס איז ריכטיג, האט ארטהור געזאגט, דאך זייט רוהיג, מיכאאיל. אננא וועט ניט ליידען דורך מיר. איך וועל עס ניט דערלאָזען, מיכאאיל. אָט בין איך! ווען איהר האט מורא, אז אננא זאל עפעס ליידען דורך מיר, גיט מיך איבער אין דיא הענד פון דער פאליציי אדער טהוט, וואס איהר פערשטעהט.

דער הענקער האט זיך פערטראכט איינינע מינוט. דיא לאגע איז געוועזען זעהר אן אונאננעהמע.

— עס איז שוין פערפאלען, האט ער ענדליך געזאגט, יעצט מוז אלעס זיין, וויא עס איז. איהר ווייסט זעהר גוט, אז איך טויטע מענשען נור אויף בעפעהל פון'ם געריכט. קיין פערברעכער און קיין שפיאָן בין איך ניט. איהר זייט אנטלאפען פון געפעננניס, לעבט און זייט געזונד; בלייבט איבער דא אין טהורעם אדער פאהרט אוועק אין אנאנדער לאנד. דא זייט איהר דערווייל זיכער. איך האף, אז קיינער וועט אייך ניט פערראטהען.

— איך ווייס עס זעהר גוט, מיכאאיל, האט ארטהור געזאגט טרויעריג, איך מוז דא נאך בלייבען א קורצע צייט, דאן וועל איך אוועקפאהרען ערגעץ ווייט פון דאנען. איך וועל געוויס זעהן, אז אייער טאכטער זאל ניט ליידען דורך מיר.

— ווייסט איהר נאך ניט, ווער זיינען דיא מענשען, וועלכע האבען אייך אונטערגעווארפען דאס פאלשע געלד?

— ליידער, ווייס איך עס נאך ניט, האט ארטהור געענטפערט. איך האב אנפאנגס געדאכט, אז איך וועל בלייבען אין טהורעם פון טשעמני אזוי לאנג, ביז איך וועל עפעס געוואהר ווערן. יעצט אבער וועל איך עס איבערגעבען מיין פריינד, געארג פאן טאָקקי, ער זאל אויסגעפינען דיא שלעכטע מענשען, וועלכע האבען מיך אזוי פערפאלגט. איך וועל באלד אוועקפאהרען. — אבער גענוג צו רעדען פון מיר! וואס מאכט איהר דאָ, מיכאאיל? וויא קומט איהר אזוי פלוצלונג אהער?

— איך בין געקומען אויף א האכצייט, האט מיכאאיל געענטפערט.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— דער באראן נאגי הייראטהעט דיא גרעפין פאן ראדעצקי, האט מיכאאיל ערקלערט, בין איך געקומען אויף דער האכצייט.

ארטהור האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט און איבערראשט.

— וואס געהערט איהר זיך אן מיט דיעזען מענשען? האט ער געפרעגט.

— איך קען עס אייך יעצט נאך ניט ערקלערן. מארגען איז דיא האכצייט. איך וועל טאנצען, וויא איך האב נאך אין מיין לעבען ניט געטאנצט.

ארטהור האט זיך פאר איהם דערשראקען. איהם איז פארגעקומען, אז מיכאאיל איז וואהנזיניג. ער האט געוואלט פראבירען רעדען פון אנדערע זאכען אום צו זעהן, אויב מיכאאיל איז ביים פולען פערשטאנד.

— אלזא, דער באראן נאגי הייראטהעט דיא גרעפין פאן ראדעצקי? האט ער געפרעגט. ווייסט איהר עס פאר געוויס?

— עס איז אזוי, איך רעד ניט פון חיץ. — אבער גענוג! לאמיר דערפון מעהר ניט רעדען. ווייסט איהר, וואס איך וואלט אייך ראטהען?

— וואס?

— ווען איהר ווילט א מאל ארויסגעהן פון טהורעם, זאלט איהר אנטאהן א רויטען מאנטעל. איך האב דא געלאזען אן אלטען מאנטעל. טהוט איהם אן, ווען איהר געהט ארויס. ווען מען וועט דערזעהן א רויטען מאנטעל, וועט מען מיינען, אז איך בין עס. אדער אז עס איז מיין גייסט און מען וועט אנטלויפען פון אייך. — עס איז א נאררישקייט, עס איז אן אבערגלויבען, דאס פאלק האט אבער דאך מורא פאר א רויטע מאנטעל, עס האט זאגאר מורא פאר א רויטען קאלנער. פאר וואס זאלען מיר ניט אויסניצען דעם אבערגלויבען פון פאלק? ווען דיעזער אבערגלויבען קען אייך בעשיצען און אייך רעטען, מוזט איהר איהם בענוצען.

ארטהור האט געשוויגען. ער האט געוואוסט, אז מיכאאיל האט רעכט, ער האט אבער אזוי פיינד געהאט דעם רויטען מאנטעל, אז ער האט געציטערט פאר איהם.

הטער קאפיטעל.

## דער האכצייטס פרעזענט.

דונקעלע נאכט. דער הימעל איז בעדעקט מיט שווערע, שווארצע וואלקען. דער ווינד רוישט און פייפט אין דיא קארפאטהען בערג. אלטע בוימער בויגען זיך ביז צו דער ערד. עס האט אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורם. אין אזא צייט זוכט זאגאר דער ווילדער וואלף אן ארט, וואו זיך צו בעהאלטען.

און דענאך געהט א מענש איינגעהילט אין זיין מאנטעל אין א טיעפען טאהל צווישען דיא בערג. דער ווינד רייסט פון איהם דעם מאנטעל. דיא בוימער רוישען און ···, ער הערט עס אבער ניט, ער געהט ווייטער, ביז ער איז צוגעקומען צו א ···יין. דא איז ער געבליעבען שטעהן און האט זיך ארומגעקוקט פון אלע ···

— זיי קומען ניט, האט ער געזאגט צו זיך אליין. איז עס מעגליך, אז זיי האבען זיך איבערגעשראקען פארן שטורם? — דאס קען ניט זיין! אזעלכע מענשען זיינען געוואהנט צו אלערליי וועטערן. — צום טייפעל! עס איז גאר קאלט געווארען! אין אויגוסט זאל זיין אזא קעלט! דאס געדענק איך גאר ניט. — פאר וואס קומען זיי אבער נים?

ער איז ארויפגעגאנגען אויף דעם שטיין, לעבען וועלכען ער איז געשטאנען, און האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. אויפ'ן שטיין איז דער ווינד געווען נאך שטארקער. דער מאן האט זיך קוים איינגעהאלטען.

— עס איז פינסטער, שרעקליך פינסטער! האט ער אויסגערופען, עס איז אונמעגליך צו זעהן אין אזא פינסטערניס. דער שטורם איז שרעקליך. — וואס איז מיט מיר? האב איך אויך מורא? — וויזט עס מיר זיך אויס, אז איך הער דיא שטימע פון בישאף ווארעווסקי? — האב איך איהם דען געטויטעט? האב איך איהם דען אנגעריהרט? דאס האט געטאהן שעק. וואס נעהט עס מיך אלזא אן?

דער ווינד האט איהם יעצט אנגעהאפט און האט איהם אראפגעווארפען פון שטיין. צום גליק פאר איהם, איז דער שטיין געווען ניט שטארק הויך. ער איז אראפגעפאלען אויפ'ן ווייכען זאמד און עס האט איהם גאר ניט געשאדעט.

— צום טייפעל מיט זיי! האט ער אויסגערופען, פאר וואס קומען זיי ניט? זיי ווייסען דאך, אז איך ווארט אויף זיי.

ער האט זיך ווידער געשטעלט אונטערן שטיין און האט זיך פערטראכט.

— עס העלפט ניט! איך מוז געהן אהיים, האט ער געזאגט, וואס וועל איך אבער טאהן מארגען? איך מוז זיי דאך האבען!

פלוצלונג האט א נאכט אײלע (אזא פויגעל) אנגעהויבען צו קרעכצען מיט איהר אונאנגענעהמער, ווילדער, טרויעריגער שטימע.

— ענדליך! האט אויסגערופען דער מאן פול פרייד. ענדליך קומען זיי! דאס איז זייער צייכען.

ער איז אוועקגעגאנגען פון'ם שטיין און האט געוואלט געהן צום אריינגאנג אין טאהל, ווען צוויא מענשען זיינען איהם ענטגעגען געקומען און האבען זיך שיער ניט אנגעשלאגען אן איהם.

— פאר וואס זייט איהר געקומען אזוי שפעט? האט ער זיי געפרעגט. איך האב שוין געוואלט געהן אהיים.

— דוא האסט דאך געוואוסט נאני, אז מיר וועלען קומען, האט איינער פון דיא צוויא געענטפערט. מיר מוזען קומען. מיר מוזען טאהן, וואס דוא פערלאנגסט אמאל זיינען מיר געווען גלייכע מענשען, חיינט איז עס אנדערש. דוא ביסט געווארען א שטאלצער באראן, א רייכער מאן, א גרויסער מאן. דוא האסט שלעססער און הייזער; מיר אבער זיינען געבליעבען, וואס מיר זיינען געווען. מיר זיינען ארימע לייט און מוזען ארבייטען און טאהן, וואס מען הייסט אונז.

— וואס רעדט איהר נארישקייטען? האט נאני אויסגערופען, ווער איז אייך דען שולדיג, ווען אייך איז בעשערט אזוי צו לעבען? — דאס איז אייער שיקזאל. יעדער מענש דארף צופריעדען זיין מיט זיין שיקזאל. ער טאר זיך ניט בעקלאגען. בעזאנדערס איהר האט זיך ניט וואס צו בעקלאגען. איך פערשאף אייך ארבייט און בעצאהל אייך זעהר גוט. וואס נאך ווילט איהר?

— מיר ווילען גאר נישט. זאג, צו וואס האסט דוא אונז געשיקט רופען?

— איך האב פאר אייך א זעהר שעהנע און אנשטענדיגע ארבייט, פאר וועלכע איהר וועט קריעגען גאנץ גוט בעצאהלט.

— וואס איז עס פאר אן ארבייט?

— א גאנץ לייכטע. איהר וועט זיך אנטאהן גאנץ שעהן און אנשטענדיג און וועט זיין צייגען ביי א האכצייט, דערביי וועט איהר שפיעלען דיא ראָלע פון שטאָלצע בעראנען אדער גראפֿען, וואס איהר וועט נור אליין וועלען.

— וואו וועט זיין דיעזע האכצייט?

— אין שלאָס ראדעצק. מארגען אום פיער אוהר פאר נאכט.

— ווער איז דער ברייטיגאם?

— איך אליין, האט נאגי געענטפערט. איך האב שוין פערשריעבען ... נעמען ביים גייסטליכען אין קירכען בוך, דערביי האב איך מיר ערלויבט צו געבען אייך א טיטול בעראן. ווען דיעזער טיטול געפעלט אייך ניט, מעגט איהר זיך נעהמען א העכערן, אבער קיין ניעדעריגערן אלס בעראן.

— גוט! מיר וועלען קומען און זייט זיכער, איהר וועט זיך ניט האבען וואס צו שעהמען מיט אונז.

— דיא האכצייט וועט זיין א געהיימע, האט נאגי ווייטער געזאגט איהר וועט זיין דיא איינציגע צייגען. עס וועלען זיין זעהר וועניג געסט.

— ווער איז דיא גליקליכע בראוט?

— דיא גרעפין פאן ראדעצקי.

— בראוואָ! האבען אויסגערופען ביידע מענער מיט א מאל. דאס הייסט א גליק! ערשט ניט לאנג איז ער געוועז ארים, יעצט איז ער רייך, האט א טיטול פון א בעראן און הייראטהעט א גרעפין. —

נאגי האט זיי אונטערבראכען.

— גענוג רעדען נארישקייטען! האט ער אויסגערופען, איך וויל, איהר זאלט קומען מארגען אום האלב נאך דרייא אוהר. איהר וועט זיך געפינען אין דער צייט פון דער האכצייט צערעמאָניע, וועט זיך אונטערשרייבען אויפ'ן הייראטה'ס קאנטראקט און וועט אייך באלד אוועקגעהן. איהר האט דאך קיין פיעל צייט. איך האף, אז דיא גאנצע צייט, וואס איהר וועט זיך געפינען ביי מיר אין שטוב, וועט איהר זיך אויפפיהרען גאנץ העפליך און גאנץ אנשטענדיג.

— זייט זיכער, בעראן! מיר וועלען זיך אויפפיהרען, וויא עס פאסט וואהרע גראפען. עס וועט קיין זאך ניט פעהלען פון אייער שטוב, ווען מיר וועלען אוועקגעהן.

— איך זעה, אז איהר פערשטעהט מיך. דאס איז שעהן פון אייך.

ער האט געגעבען יעדען פון זיי א פעקעלע געלד, האט זיי נאך א מאל אנגע־זאגט, ווען זיי זאלען קומען און ווען זיי זאלען זיך אוועקגעהן, דאן האט ער זיך פערנייגט פאר זיי און איז אוועקגעגאנגען.

ביידע מענער זיינען געבליעבען אליין. זיי זיינען אוועקגעשטאנען איינע צייט שטילערהייט. דאן האט איינער געזאגט צום אנדערן:

— וואס זאגסט דוא צו איהם? ער ווערט אלע מאל רייכער און פארנעהמער.

— לאז עס דיך ניט הארען. ער וועט עס אויסקרענקען.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? האט דער צווייטער געפרעגט

— וואס זאל איך דען מיינען? פערשטעהסט דוא דען ניט, אז פאר אונז האט זיך געעפענט א שמאלץ גרוב, פון וועלכער מיר וועלען קענען שעפען מיט עמערס? וואס רייכער ער ווערט, איז אלץ בעסער פאר אונז. מיר וועלען האבען פון וואנען צו שלעפען געלד. דער שטאלצער און רייכער באראן פאן נאגי וועט קיין מאל ניט קענען אפזאגען זיינע ארימע פערוואנדטע, ווען זיי וועלען קומען און וועלען בעטען ביי איהם א פאר טויזענד גולדען.

— דוא האסט פאלקאמען רעכט, האט דער צווייטער געענטפערט, עס איז געוויס זעהר גוט צו האבען א מענשען, ביי וועלכען מען קען אמאל אויס ארגען עטליכע הונדערט גולדען.

מיט דיעזע ווערטער זיינען זיי זיך אוועקגעגאנגען. — — —

דער אכטער אויגוסט איז געוועז א שעהנער טאג. דער שטורם איז פאראיבער און דיא זון האט געשיינט העל, קלאר אוןווארם. אלעס האט אפגעלעבט, אלעס איז געווארען דערפרישט נאכ'ן שטורם.

אין שלאס ראדעצק האט זיך געקאכט און גערוישט. דיא דיענער זיינען ארום געלאפען, וויא דיא וואהנזיניגע און האבען געריינינט און געפוצט. זיי האבען צוואר ניט געוואוסט, וואס היינט וועט פארקומען. זיי האבען נור געקענט פערמוטהען (זיך משער זיין), אז היינט וועט געשעהן עטוואס בעזאנדערס און זיי האבען געארבייט מיט אלע זייערע קרעפטע, אז אלע זאלען און אלע צימער זאלען זיין אין דער בעסטער ארדנונג.

דיא גרעפין פאן ראדעצקי איז געזעסען אין איהר צימער טרויעריג און פערטראכט. לעבען איהר איז געזעסען איהר גליקליכער ברייטיגאם, דער שטאלצער באראן פאן נאגי.

— וואס ביסט דוא אזוי פערטראכט, ליעבע אייזשעניע? האט נאגי געפרעגט, זעה אליין, ביי נאכט איז געוועזן א שרעקליכער שטורם, עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז דיא וועלט וויל זיך איבערקעהרען. יעצט איז דער טאג שעהן, דער הימעל איז ריין. אלעס איז פרעהליך און לעבעדיג. דיא נאטור אליין האט זיך אויסגעפוצט צו אונזער האכצייט.

— יא, אין דרויסען איז עס שעהן, האט דיא גרעפין געזיפצט, ביי מיר אין הארצען אבער קאכט עס נאך אימער. ביי מיר אין הארצען רוישט דער שטורם.

— אזוי זייט איהר שוין, איהר פרויען, אייך דאכט זיך אלץ; איהר טרוימט נור און פאנטאזירט. — זיי פרעהליך, אייזשעניע! מיר האבען דאך דערגרייכט אלעס, וואס מיר האבען פערלאנגט.

— דאס איז אלעס וואהר און דאך בין איך טרויעריג, האט דיא גרעפין גע-ענטפערט, איך וויים אליין ניט פאר וואס. איך קען עס מיר ניט ערקלערען, פאר וואס איך האב אזוי מורא פאר היינטיגען טאג. עפעס ציטער איך. עפעס פלאטער איך. עפעס פרעסט מיר דאס הערץ.

— זאג מיר, וואס האסט דוא מורא? פאר וואס ציטערסט דוא? וואס איז דען געשעהן? דאכט זיך, אלעס איז אין בעסטער ארדנונג. מיר האבען קיינע פיינד מעהר.

— איך ווייס עס, נאני, איך ווייס עס. איך ווייס, אז מיר האבען ענדליך דער־גרייכט, וואס מיר האבען געוואלט. איך ווייס, אז קיינער שטעהט אונז ניט אין וועג און דאך זעה איך פאר מיר שרעקליכע בילדער. זעהר אפט געהט מיר איבער א פראסט איבערן לייב. עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגען און עס דאכט מיר, אז אט, אט וועל איך פאלען אין אהנמאכט.

— דאס קומט פון שוואכע נערווען, האט נאני געענטפערט, איך האב דיר שוין לאנג געזאגט, אז דוא דארפסט פרעגען א דאקטאר. דוא וואלסט געדארפט נעהמען קאלטע בעדער.

— דוא לאכסט, נאני, און מיר שניידעט עס, וויא מיט מעסערס. יעדעס מאל, וואס איך דערמאן מיך אן יענעם אבענד, ווען מאקס האט...., ווערט מיין בלוט פער־קיהלט אין מיינע אדערן. אך! איך קען יענעם אבענד ניט פערגעסען!

— יענער אבענד איז אן אבענד, וויא יעדער אנדערער, האט נאני געלאכט. וואס שרעקסט דוא זיך אזוי פאר יענעם אבענד?

— הער אויף צו שפאסען, נאני! יעדעס מאל, ווען איך דערמאן מיך, וויא ער איז געלעגען אויף דער ערד, האט זיך געוואָרפען און האט זיך געצאפעלט אין זיין בלוט, דאכט זיך מיר, אז א שרעקליכער פראסט הויבט מיך אן מיט זיין קאלטען אטהעם. דיעזעס בילד שטעהט פאר מיר ביי טאג און ביי נאכט. קוים פערמאך איך די אויגען, שטעלט זיך מיר פאר זיין בילד, וויא ער לעבט. איך זעה, וויא מאקס הויבט אויף זיין שווערד, וויא ער שטעכט איהם אריין דעם שווערד אין הארצען; וויא ער פאלט טויט. — אך! עס איז שרעקליך צו זעהן, וויא א מענש שטארבט! זיינע מינען, זיין בעטענדעס געזיכט, זיין ציטערן דערביי — קען מען אייביג ניט פערגעסען.

נאני האט ארויסגעלאזט א ברייטען, הויכען געלעכטער. ער האט זיך געהאלטען ביי די זייטען פון לאכען. דאס לאכען איז צוואר געווען פאלש ניט נאטירליך, נאני אבער האט זיך געקענט פערשטעלען. ער האט שוין גוט געשפיעלט זיין ראלע. ווען ער האט זיך ענדליך גוט אויסגעלאכט, האט ער געזאגט צו זיין בראוט.

— דאס האב איך ניט ערווארטעט פון דיר, אייזשעניע. איך האב דיך געהאל־טען פאר א שטאלצע, שטארקע פרוי, וועלכע קען אלעס איבערטראגען און איז ווערטה צו זיין די פרוי פון אזא שטארקען מאן, וויא איך בין. — וויא די זאך איז אבער, היינטיגען טאג מוזט דוא פרעהליך זיין. נאך אונזער האכצייט וועלען מיר זעהן, וואס מיר זאלען טאהן. מעגליך, אז מיר וועלען ביידע מאכען א רייזע, אדער דוא וועסט אליין פאהרען ערגעץ אין די בעדער. דוא וועסט זעהן פרעמדע מענשען, דוא וועסט זיך צערשטרייען און וועסט ווערן, נאר אנאנדער מענש. — עס איז שוין צייט, דוא זאלסט זיך אנטאהן. איך דענק, אז דער גייסטליכער וועט באלד קומען. פיעלייכט וועלען זיך באלד צונויפקומען די געסט, וועלכע מיר האבען איינגעלאדען.

— עס איז מיר זעהר אונאנגענעהם געגען אונזערע דיענער. זיי האבען ניט גע־וואוסט פון אונזער האכצייט ביז היינטיגען טאג. זיי וועלען געוויס פלודער.

— וואס נעהן אונז אן דיא דיענער? וואס הארט עס דיך, וואס א לאקיי אדער א דיענסט=מעדכען וועט פלוידערן? לאזען זיי רעדען, וואס זיי ווילען. פערגעס ניט, אז דוא ביסט דיא גרעפין און זיי זיינען דיינע דיענער, דיינע קנעכט. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז עס זיינען געקומען צווייא מענער: דער באראן פאן ניקס און דער גראף פאן מיטוועג.

— דאס זיינען מיינע צווייא גוטע פריינד, וועלכע איך האב איינגעלאדען אלס צייגען אויף אונזער האכצייט, האט דער באראן ערקלערט זיין בראוט.

דאן האט ער זיך געווענדעט צום דיענער און האט איהם געזאגט:

— פיהר אריין דעם באראן פאן ניקס און גראף פאן מיטוועג אין גרויסען זאל.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען אויספיהרען דעם בעפעהל פון זיין העררן.

— קום, אייזשעניע, לאמיך דיך פארשטעלען מיינע פריינד, האט נאגי געבעטען.

ער האט זיא אריינגעפיהרט אין גרויסען זאל און האט זיי פארגעשטעלט פאר זיין בראוט. דיא צוויי מענער האבען זיך פערנייגט גאנץ העפליך, האבען געווינשט גליק דעם פאר פאלק און דער גראף פאן מיטוועג האט זאגאר געזאגט א גאנץ פיינעם קאמפלימענט דער בראוט.

ביידע זיינען געגאנגען זעהר שעהן אנגעטאהן און האבען אויסגעוויזען, וויא גאנץ אנשטענדיגע מענשען. דיא גרעפין אבער האט געפיהלט, אז איהר איז עפעס אונאנגענעהם מיט זיי. זיא האט מיט זיי גערעדט נור איניגע ווערטער, זיי זיינען איהר ניט געפעלען. זיא האט זעהר געוואלט א קוק טאהן אויף זייערע הענד. זיי זיינען אבער געגאנגען אין דיא פיינסטע גלאסעע האנדשוה. זיא איז דאהער געבליעבען אין זאל ניט לאנג און איז באלד אוועקגעגאנגען זיך אנטאהן צו דער האכצייט.

נאגי מיט זיינע צווייא געסט זיינען געבליעבען אליין.

— איהר זייט געקומען צו פריה, האט ער זיי געזאגט. איהר דארפט ניט פעראיבעל האבען אויף מיין ליעבע בראוט, וואס זיא איז אוועקגעגאנגען אזוי שנעל און האט אייך איבערגעלאזען אליין. ערשטענס, דארף זיא זיך נאך אנטאהן. צווייטענס, איז אייער שפראכע נאך ניט אזוי שעהן און אזוי עלעגאנט, וויא עס דארף זיין פאר אזא דאמע, וויא זיא איז. איך האב דאך אייך אנגעזאגט, איהר זאלט ניט קומען צו פריה.

— אבער ליעבער באראן, וואס שאדעט עס, וואס מיר זיינען געקומען אביסעל פריהער? ווען דוא ווילסט, וועלען מיר דערווייל געהן אביסעל שפאצירען אין גארטען.

— ניין, מיינע פריינד! דאס פאסט ניט. קוים זייט איהר געקומען, מוזט איהר דא בלייבען. איך וועל הייסען ברענגען וויין און מיר וועלען דערווייל אביסעל טרינקען. וואהרשיינליך, וועט דער גייסטליכער אויך באלד קומען. איהר זייט ביי מיר אזעלכע ליעבע געסט, אז קוים וועט דער גייסטליכער קומען, וועל איך באלד איהם הייסען מאכען דיא צערעמאניע. איך וועל זאגאר ניט ווארטען אויף דיא איבעריגע געסט.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. אין א פאר מינוטען ארום זיינען אריינגעקומען צווייא דיענער מיט זילבערנע טעצלעך, אויף וועלכע עס זיינען געווען אנגעשטעלט אלערליי וויינען, פרוכטען און טהייערע קאנפיטורען. דיא צווייא געסט

האבען געווייזען, אז זיי האבען אן אפעטיט, וועלכער פאסט ווענינ פאר א באראן מיט א גראף. אין א קורצער צייט האבען זיי אראפגעראמט פון דיא טעצלעך, וויא אויס־געהונגערטע היישרעקען, וועלכע פאלען אן אויף א פעלד מיט גרינעם קארן.

אונטערדעסען האט זיך דער הימעל בעדעקט מיט וואלקענס. עס איז געווארען דינקעלער און דונקעלער. דיא לופט איז געווארען אזוי שווער און אזוי דריקענד, אז דער מענש האט זיך ניט געקענט ריהרען. אלעס איז געווארען שטיל, אונאנגענעהם שטיל, וויא עס איז געוועהנליך שטיל, איידער עס ברעכט אויס א שטורם.

נאני איז געגאנגען זעהן, אויב זיין בראוט האט זיך שוין אנגעטאהן. ער האט זיא געפונען אין איהר טואלעט צימער. זיא איז געזעסען שטיל און פערטראכט.

— וואס טראכסט דוא אזוי, ליעבע אייזשעניע? האט ער זיא געפרעגט.

— זעה נור, נאני, גיב נור א קוק, וויא דער הימעל איז בעדעקט מיט וואלקענס. באלד וועט אויסברעכען א שטורם. אך! אין מיין הערצען איז עס אויך אונרוהיג. אין מיין הערצען איז אויך אויסגעבראכען א שטורם. איך ווייס ניט, פאר וואס עס איז אזוי, אבער דיעזער שטורם אין דרויסען פרעסט מיך, דריקט מיך און בעאונרוהיגט מיך. פאר וואס איז געקומען דיעזער שטורם געראדע אין דער מינוט, ווען אונזער האכצייט דארף זיין? פאר וואס זיינען ביז אהער געווען שעהנע, העלע טעג און יעצט, געראדע יעצט, געראדע היינט ענדערט זיך אזוי דאס וועטער?

— וואס ווילסט דוא? היינט ביי נאכט איז אויך געווען א שטורם, האט נאני אויסגערופען.

— איך ווייס עס, איך בין ניט געשלאפען, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג. דוא ביסט ניט געווען אין דערהיים. וואו ביסט דוא געווען? —

— דער גייסטליכער איז געקומען! האט נאני אויסגערופען. קום, מיין ליעבע, איך וועל איהם הייסען באלד מאכען דיא צערעמאניע.

ער האט זיא גענומען אונטערן ארים און האט זיא אריינגעפיהרט אין גרויסען זאל, וואו דיא צוויי פרעמדע האבען געווארט.

באלד האט זיך געעפענט דיא טהיר און דער גייסטליכער פון טשעמני איז אריינגעקומען אין זאל. ער האט זיך פערנייגט פאר אלעמען קאלט און רוהיג. ער האט באלד געהייסען, אז דיא דיענער זאלען שטעלען אין דער מיט פון'ם זאל א טיש, זאלען איהם שעהן בעדעקען און זאלען אויף איהם ארויפשטעלען עטליכע ליכט.

אין דיעזע מינוט האט א בליץ דורכגעשפאלטען דעם גאנצען הימעל פון איין עק צום אנדערן און א שטארקער דונער האט פערטויבט דיא אויערן. דיא גרעפין איז געווארען בלייך, וויא קאלך. נאני אבער האט זיך גאנץ ווענינ דערשראקען. ער האט געהייסען דיא דיענער מאכען אלעס, וואס דער גייסטליכער האט זיי געהייסען.

אין איינינע מינוט איז אלעס פערטיג געווען. דער טיש אין דער מיט זאל איז געווען פערדעקט מיט א קלאר ווייסען טישטוך, דיא פארב פון אונשולד, און אויפ'ן טיש האבען געברענט עטליכע ליכט. דער גייסטליכער האט אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש זיין קירכען בוך, אין וועלכען ער פערשרייבט אלע האכצייטען און געבורטען. לעבען

איהם האט ער אניעדערגעלעגט זיין געבעט בוך און האט אויפגעעפענט דעם ארט, וואו עס געפינט זיך דיא האכצייטס צערעמאָניע.

ער האט געהאלטען א קורצע רעדע פאר דאס נייע פאר פאלק און האט זיי ערקלערט דיא פפליכטען פון א מאן און א פרוי איינער געגען אנדערן. דאן האט ער געפרעגט דעם ברייטיגאם:

— ווילסט דוא הייראטהען דיא פרוי לואיזא, מאריא, אייזשעניע, געוועזענע גרעפין פאן ראדעצקי, און זיא ליעבען, שעצען און אכטען, וויא דאס געזעץ שרייבט פאר?

— יא, האט נאני געענטפערט גלייכגילטיג.

— און דוא לואיזא, מאריא, אייזשעניע, ווילסט דוא הייראטהען דעם באראָן אנטאן, יאזעף, נאני באראָן פאן האללאוואי?

— יא, האט דיא גרעפין געענטפערט גאנץ שטיל.

— דאן שרייבט אונטער אייערע נעמען אין קירכענבוך.

דער באראן און דיא גרעפין האבען זיך אונטערגעשריעבען וויא דער גייסטליכער האט זיי געוויעזען.

דער גייסטליכער האט זיי געהייסען געבען צוויי גאלדענע רינגע. דער באראָן האט אנגעטאהן דער גרעפין זיין רינג און זיא האט איהם אנגעטאהן איהר רינג. יעצט האט דער גייסטליכער אנגעהויבען צו זאגען זיין געבעט, וועלכעס ענדיגט זיך מיט דיא ווערטער:

— זייט פרוכטבאר, פערמעהרט זיך און פילט אן דיא ערד. גאט זאל אייך זעגנען און בעשיצען, אמן!

אבערמאלס האט א בליץ צוריסען דעם הימעל און האט בעליכטעט דיא גאנצע געגענד מיט זיין בלויען, עלעקטרישען ליכט. נאכ'ן בליץ האט א קנאק געטאהן א שרעקליכער דונער.

— איהר זייט פעראייניגט אויף אייביג! האט דער גייסטליכער געזאגט. דיא צערעמאניע האט זיך געענדיגט.

דיא גרעפין איז קוים געשטאנען אויף דיא פיס. זיא האט זיך געמוזט פעסט אנהאלטען אן ארם פון איהר מאן, זיא זאל ניט אומפאלען.

— האט קיין מורא ניט פארן דונער, האט דער גייסטליכער געזאגט, לאזען מורא האבען דיא שלעכטע, וועלכע האבען הענד בעפלעקט מיט בלוט! לאזען מורא האבען דיא מערדער און דיא רויבער! איהר אבער זייט פרעהליך, היינט איז פאר אייך א טאג פון פרייד און גליק.

ווען ער האט געזאגט דיעזע ווערטער, האט ער ניט אראפגעלאזען דיא אויגען פון דאס נייע פאר פאלק. ער האט נאך געזאגט א שטילעס געבעט און האט געהייסען ביידע עדות, זיי זאלען זיך צו שרייבען אין בוך, אז זיי זיינען געוועזען ביי דער צערעמאָניע און אז אלעס איז געשעהן, וויא דאס געזעץ שרייבט פאָר.

ביידע עדות האבען זיך צושריעבען. צוואר איז זייער אונטערשריפט ניט געוועזען גאנץ עלעגאנט און ניט גאנץ שעהן. דער גייסטליכער האט זיך אבער זעהר ווענינ אומגעקוקט אויף זיי.

— דיא צערעמאָניע איז אין גאנצען גענענדיגט, האט יעצט דער גייסטליכער ערקלערט. עסט, טרינקט און זייט פרעהליך.

דיא דיענער זיינען אריינגעקומען, האבען אויסגעלאשען דיא ליכט, האבען צוגע־נומען דעם טיש פון דער מיט זאל און האבען אריינגעבראכט א טיש מיט טהייערע ווייגען און אלערליי שפייזען. אלע האבען זיך געזעצט צום טיש.

אין דרויסען האט אנגעהויבען צו גיעסען א רעגען. דער גייסטליכער האט פער־זוכט נור א ביסעל וויין, האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאנגען.

— וויא וועט איהר געהן אין אזא רעגען? האט נאני געפרעגט, בלייבט ביי אונז, ביז דער רעגען וועט איבערגעהן.

— וואס האב איך מורא פארן רעגען? האט דער גייסטליכער געענטפערט, מיין איינפאַכער ראָק וועט ניט פערדאַרבען ווערן פון רעגען. איך האב א רעגענשירם אויך מיט מיר. אין א פיערטעל שטונדע בין איך אין דערהיים.

וואס נאני האט איהם געבעטען, ער זאל נאך בלייבען א וויילע, עס האט גאר ניט געהאלפען. דער גייסטליכער איז אוועקגעפאהרען. קוים איז ער אוועקגעפאהרען, האבען זיך דיא צוויא איינציגע געסט אויפגעהויבען און האבען ערקלערט, אז זיי ווילען אויך אוועקפאהרען. נאני און דיא גרעפין האבען זיי געבעטען, זיי זאלען נאך בלייבען, ביז דער רעגען וועט איבערגעהן. דיא געסט אבער האבען ניט געוואלט בלייבען. נאני האט זיי געגעבען א ווינק, זיי זאלען זיך געהן. ער דארף זיי מעהר ניט.

אויך דיעזע איינציגע צוויא געסט זיינען אוועקגעפאהרען. נאני מיט זיין פרוי זיינען געבליעבען אליין.

— וואס זאל עס הייסען, וואס קיינער איז ניט געקומען אויף דער האכצייט? האט דיא נייע באראנעסע געפרעגט איהר מאן.

— עס איז זעהר מעגליך, אז דער שטורם האט זיי אפגעהאלטען, האט נאני געענטפערט. איך בין גאנר צופריעדען, וואס קיינער איז ניט געקומען. צו וואס דארפען מיר זיי?

— פאר וואס אבער איז דיא גרעפין פאן טאָקקי מיט איהר טאכטער ניט גע־קומען? האט דיא באראנעסע געפרעגט. זיי האב איך יא געוואלט האבען אויף אונזער האכצייט.

— עלווירא איז נאך אלץ קראנק, האט נאני ערקלערט, פון צייט צו צייט הויבט זיא אן צו ווייגען און בעקומט אן אנפאל פון נערווען שוואכע. עס איז זעהר מעגליך, אז עס האט איהר היינט פאסירט אזא פאלל, דערפאר איז זיא ניט געקומען.

— מארגען וועט מאקס קומען, וויא זאלען מיר עס איהם זאגען, אז מיר האבען געהייראטהעט?

— מיר דארפען עס איהם ניט זאגען.

— און ווען ער וועט אליין געוואהר ווערען?

— זאל ער געוואהר ווערען! האט נאני אויסגערופען. וואס הארט עס אונז? ער וועט עס דאך מוזען וויסען פריהער אדער שפעטער.

דער שטורם האט אונטערדעסען נאכגעלאזען. עס האט נאך גערעגענט, אבער

אין איין זייט האט דער הימעל אנגעהויבען ליטער צו ווערן. פארן שלאס איז אנגע-לאפען א פאסט־וואגען. דער פאסטאליאן איז אראפגעשפרונגען און האט אנגעהויבען צו קלינגען ביים טויער פון'ם שלאס. א דיענער איז ארויסגעלאפען און האט איהם גע-פרעגט, וואס ער דארף.

— איך האב א פעקעל פארן באראן נאגי פאן האללאוואי.

— גיב איהם מיר.

— איך קען ניט. דאס פעקעל איז רעקאמאנדירט און ערקלערט אלס ווערטה זאכען. דער באראן מוז זיך אונטערשרייבען ביי מיר אין בוך.

דער דיענער איז אריינגעגאנגען און האט עס געמעלדעט דעם באראן.

— ווער זאל עס מיר שיקען א פעקעל מיט דער פאסט? האט ער געפרעגט זיך אליין. — פיהר איהם אריין!

דער פאסטאליאן איז אריינגעקומען, האט אניעדערגעשטעלט אויפ'ן טיש א לאנגעם קעסטעלע און האט ארויסגענומען פון זיין לעדערנע טאשע א בוך. נאגי האט זיך צושריעבע, וואו דער פאסטאליאן האט איהם אנגעוויעזען. דער פאסטאליאן איז זיך אוועקגעגאנגען.

— פון וועמען זאל עס זיין? האט נאגי וויעדער געפרעגט.

— פיעלייכט האט עס אונז מאקס געשיקט, האט דיא באראנעסע געענטפערט. אלענפאלס דארף מען עס עפענען און זעהן, וואס איגעווענינ טהוט זיך.

אלס פרוי האט זיא זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט געוואלט וויסען, וואס עס געפינט זיך אין קעסטעלע.

נאגי איז געווען רוהיגער. ער האט אויפגעהויבען דאס קעסטעלע, האט עס בעטראכט פון אלע זייטען און האט געזאגט:

— ניין, דאס איז ניט פון מאקס'ן. עס איז עפּעס צו שווער. מאקס וואלט גע-שיקט בריליאנטען און אנדערע פיינע זאכען, וועלכע זיינען ניט שווער.

— עפען איהם, נאגי! האט דיא באראנעסע געבעטען.

זיא האט געברענט פאר נייגיערדע, זיא האט שוין געוואלט וויסען, וואס דארט טהוט זיך. איהר האט זיך אויסגעוויעזען, אז דאס האט מאן איהר געשיקט א פרע-זענט אויף איהר האכצייט. זיא האט פערגעסען איהרע פאנטאזיען, איהרע טרוימע און אלעס אין דער וועלט. זיא האט געוואלט וויסען נור איין זאך — וואס געפינט זיך אין קעסטעלע?

נאגי האט אראפגעריסען דעם לייוועגד, מיט וועלכען דאס קעסטעלע איז געווען ארומגעוויקעלט און האט ארויסגענומען א שפאגעל נייעס, ווייסעס, הילצערנעס קעס-טעלע. דאס דעקעל איז ניט געווען צוגעשלאגען עס איז געווען מיט א שיעבער.

לאנגזאם, פארזיכטיג האט נאגי אוועקגערוקט דעם שיעבער און האט א קוק געטאהן אין קעסטעלע. זיינע האר האבען זיך אויפגעשטעלט, וויא שפילקעס. זיינע אויגען האבען געקוקט ווילד. זיינע הענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן. ער האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

דיא באראנעסע איז געווארען בלייך, וויא קאלך, און איז אומגעפאלען אויף א

שטוהל לעבען טיש. אייניגע מינוט האבען ביידע ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ענדליך האט דיא גרעפין אויסגערופען:

— גאט אין הימעל! וואס איז דאס? ווער האט עס אונז געקענט שיקען?

אין קעסטעלע איז געלעגען א האק מיט א שטריק.

ענדליך איז אויך דער שטארקער נאני געקומען צו זיך און האט זיך בעסער צוגעקוקט צום קעסטעלע.

— אינעוועניג ליעגט נאך א שטיקעל פאפיער! האט ער אויסגערופען.

— נעהם עס ארויס! לעז עס איבער! האט דיא גרעפין געשריען. פיעלייכט וועלען מיר וויסען, וואס דאס איז!

נאני האט ארויסגענומען דאס שטיקעל פאפיער און האט איבערגעלעזען מיט א דערשטיקטער שטימע:

„אין דיא טעג פון פרייד און גליק דארף מען זיך דערמאָנען אן טויט.“

מעהר איז ניט געשטאנען אויפ'ן שטיקעל פאפיער.

דיא האנדשריפט איז איהם געווען אונבעקאנט. קיין אונטערשריפט, קיין צייכען, פון וועמען עס איז. נאני האט זיך געבראכען דעם קאפ אויסצוגעפינען, ווער עס האט איהם געקענט שיקען דיעזען זאנדערבארען פרעזענט צו זיין האכצייט.

אנפאנגס האט ער גערעכענט, אז עס האט עס געטאהן דאס דיענסט מיידכען, וועלכע דיא גרעפין האט מיט אייניגע צייט צוריק אפגעזאגט. ער האט עס געזאגט זיין פרוי.

— ניין, נאני, דאס קען ניט זיין! האט דיא בארא‌נעסע געענטפערט. דאס מעדכען איז צו איינפאך און צו נאריש אום צו טאהן אזא זאך. זיא האט עס ניט געטאהן. דאס האט געטאהן א דורכגעטריעבענער מענש, וועלכער איז בעקאנט מיט דיינע געהיימניסע.

אזוי זיינען זיי אוועקגעזעסען א לאנגע צייט און האבען גערעדט און געטראכט, און געקלערט, און געפארשט, און זיך געבראכען דעם קאפ, ווער עס האט עס געקענט טאהן. ביידע האבען מורא געהאט אויפצוהויבען דיא אויגען אויף דאס פערדאמטע קעסטעלע. ענדליך זיינען זיי מיעד געווארען.

— נאני, האב מיטלייד מיט מיר און נעהם צו פון מיר דיעזעס קעסטעלע! האט דיא גרעפין אויסגערופען. איך קען מיך ניט אויפהויבען פון'ם ארט, זא לאנג דאס קעסטעלע שטעהט דא אויפ'ן טיש.

— בערוהיג דיך, אייזשעניע! האט נאני געבעטען. איינער האט זיך געוויס שפאס געמאכט און האט עס צוגעשיקט צום שפאס. דיעזער שפאס אבער וועט איהם טהייער קאסטען. זיין קאפ וועט פאלען אונטער דיעזער האק.

— אך, נאני! הער אויף צו רעדען אזעלכע זאכען! האט דיא גרעפין געשריען. אין טאג פון מיין האכצייט, אין טאג פון מיין פרייד זאל מען מיר שיקען אזא פרעזענט! — וועה מיר! וואס זאל עס בעדייטען? — וועה דעם, ווער עס האט געוואגט עס צו טאהן!

זיא איז אויפגעשפרונגען וויא א גערייצטע טיגערין, האט געריסען דיא האר פון

זיך, האט געוויינט, געשריען, געליארמט, זיך געבייזערט און ארומגעשפרונגען, וויא א וואהנזיניגע. נאגי האט געמוזט זיא בערוהיגען, וויא וויט ער האט געקענט. ער האט אנגעגאסען א גרויסע גלאז שטארען טאקאיער ווין און האט געבעטען:

— טרינק, אייזשעניע! דאס וועט דיך בערוהיגען.

דאן האט ער אנגעגאסען א צווייטע גלאז פאר זיך און האט עס אויסגעטרונקען מיט אמאל.

— דאס איז גוט! דאס שטארקט! דאס בערוהיגט! האט ער אויסגערופען און האט זיך אנגעגאסען נאך א גלאז.

— מיר זיינען אליין דיא געסט און אליין דיא נייפערהייראטהעטע, האט געזיפצט דיא גרעפין. מיר טרינקען גאנץ אליין אויף אונזער האכצייט.

— הער אויף צו רעדען נארישקייטען, האט ער זיא געבעטען. מיר קען ניט ארויס פון קאפ דאס קעסטעלע. איך מוז וויסען, ווער עס האט עס געשיקט. לאמיך נור זעהן דעם פאסט־שטעמפעל. לאמיך ווענינסטענס וויסען, פון וואנען עס קומט.

ער האט גענומען דאס ליינוואנד פונ'ם קעסטעלע און האט עס אנגעהויבען צו בעטראכטען פון אלע זייטען. ער האט געפונען דעם פאסט סטעמפעל און האט איהם איבערגעלעזען.

— איך קען מיך ניט דערמאנען אזא נאמען פון א שטאדט. דאס מוז זיין ערגעץ א דארף אדער א גאנץ קליינעס שטעדטעלע.

ער האט געזוכט עפעס א נאמען אויפ'ן ליינוואנד. אויף יעדע פאסט־זענדונג מוז מען דאך אנשרייבען, ווער עס האט עס ארויסגעשיקט. ער האט געפונען א נאמען.

— אבער אויך דיעזער נאמען איז מיר אונבעקאנט. איך האב קיין מאל אזא נאמען ניט געהערט, האט ער געזאגט, וויא צו זיך אליין. דאס איז א פאלשער נאמען.

— אך, נאגי! האט דיא גרעפין געזיפצט, איך האב מורא, אז דאס האט געטאהן א מענש, וועלכער ווייס פיעל פון אונזערע געהיימניסע. איך האב מורא אז דאס איז געטאהן געווארען אומיסטען, איבערלעגט. מיר זיינען פערקראכען צו וויט, נאגי! אונזער וועג איז געפארבט מיט בלוט. מיר האבען געמוזט ברענגען א מענשען אויפ'ן עשאפאט אום ביי איהם אוועקצורויבען זיין געליעבטע. וואס האבען מיר דערפון? מאקס וועט הייראטען יעלוויראן. דאן וועלען מיר ווערן פערוואנדעט מוט'ן רייכען, שטאלצען און אנגעזעהנעם גראף מעראס. דאס איז געווען אין גאנצען אונזער ציעל. איז דען גראף מעראס אזוי שטארק, אז ער זאל קענען בעשיצען פערברעכער? דוא פערגעסט, נאגי, אז איך האב ארייגעשלעפט ד.ם שוואכען, אונשולדיגען מאקס. איך אליין האב איהם געהייסען טייטען זיין פאטער. מיר האבען געטייטעט דעם בישאף ווראאווסקי. — בלוט, בלוט און בלוט בעפלעקט און בעשמוצט אונזער וועג פון זינד און פערברעכען. דאס האט אונז געציינט דער אונבעקאנטער, וועלכער האט אונז צוגעשיקט א האק מיט א שטריק. עס איז טרויעריג, נאגי! זעהר טרויעריג! איך דענק, אז דאס בעסטע וואלט געווען, מיר זאלען אלעס פערקויפען און ערגעץ אוועק־

פאהרען. איך וואלט זאגאר צופריעדען געווען צו פאהרען קיין אמעריקא. דארט וויניגסטענס קען אונז קיינער ניט. קיין אמעריקא אנטלויפען אלע, וועלכע האבען בעגאנגען א פערברעכען אין אייראפא. אין אמעריקא קען מען זיי ניט און זיי ווערן דארט רייך און שפיעלען א גרויסע ראללע.

נאגי האט זיך אין גאנצען בערוהיגט. ער האט אויסגעהערט אויפמערקזאם אלעס, וואס דיא גרעפין האט געזאגט און האט א לאך געטאהן.

— וואס איז מיט דיר, אייזשעניע? האט ער אויסגערופען, איך זעה, אז דוא האסט אין דיר אלע איינגעשאפטען צו ווערן א נאנע (מאנאשקע) געה אין א מאנאסטיר און ווער א פרומע שוועסטער. וואס רעדסט דוא פון אנטלייפען, פון אוועקפאהרען, פון אמעריקא? א קלוגער מענש דארף ניט אנטלויפען און דארף ניט מורא האבען. ער דארף זיך בעווארענע, אבער ניט אנטלויפען. — אנטלויפען הייסט זיך אונטערגעבען, אנטלויפען הייסט אנבויגען דעם קאפ און ערקלערן פאר דער גאנצער וועלט, אז איך בין שולדיג. א נארר אנטלויפט, א פייגלינג (טרוס) אנטלויפט, א קלוגער און שטארקער מענש שטעלט זיך אניעדער פעסט אין שטאלץ און זאגט: איך בין געוועזן ניעדעריג און בין ארויפגעקלעטערט אין דער הויך. דא בלייב איך שטעהן! דיא גאנצע וועלט וועט ניט קענען מיך ארונטערררייסען פון דער הויך, אויף וועלכער איך שטעה!

— אך! דאס וואלט געוועזן גאנץ ריכטיג, ווען דער וועג צו דעם הויכען בערג זאל ניט זיין בעגאסען מיט בלוט, האט דיא גרעפין געזיפצט.

— בלוט, בלוט און בלוט? האט נאגי געלאכט, פאר וואס זאגסט דוא ניט: ליעבע, ליעבע און ליעבע?

— ליעבע? האט דיא גרעפין איבערגעפרעגט.

— געווים! פאר וואס האבען מיר געבראכט דעם ב[illegible] באטהיאני א[illegible]'ן עשאפאט? — אויס ליעבע! פאר וואס האסט דוא געהייסען מאקס'ן טייטען דיין מאן — אויס ליעבע! פאר וואס האב איך געהייסען טייטען דעם בישאף מיט זיין קומשער? — אויס ליעבע! — יעצט איז אלעס גוט, איך ליעב דיך, מאקס ליעבט עלוויראן, וואס ווילסט דוא נאך? —

ער האט געוואלט נאך עפעס רעדען, ווען ער האט דערהערט דעם גערויש פון א קארעטע.

— עס קומען געסטע! האט ער אויסגערופען, אייזשעניע, ביז נאך מאקס האבצייט, בלייב איך באראן נאגי און דוא בלייבסט גרעפין ראדעצקי. —

— אום גאטעס ווילען! נעהם צו דאס פערדאמטע קעסטעלע! האט דיא גרעפין געשריען אויסער זיך. דיא געסטע וועלען עס נאך דערזעהן!

נאגי האט געחאפט דאס קעסטעלע מיט'ן ליינוואנד און איז אוועקגעלאפען דערמיט אין אנדערן צימער. דיא גרעפין האט זיך צורעכט געמאכט איהרע האר און איהרע קליידער און האט געפרעגט זיך אליין:

— ווער זאלען עס זיין, דיעזע געסטע? דאס איז געווים דיא גרעפין פאן טאקקי מיט איהר טאכטער. קיין אנדערע געסט האבען מיר דאך ניט איינגעלאדען.

זיא איז ארויסגעגאנגען אין איהר טואלעט צימער זעהן, אויב איהרע קליידער זיינען אין ארדנונג. אין איינינע מינוטען ארום איז זיא צוריקגעקומען אין זאל און האט דערזעהן מיט שטיינען, אז דיא געסט זיינען ניט דיא גרעפין טאקקי מיט איהר טאכטער, זאנדערן נאכבארן, וועלכע זיינען אפט ביי איהר געווען צום בעזוך. עס האט ניט געהאלפען, מען האט געמוזט זיי אויפנעהמען.

דיא גרעפין האט זיך געוויעזען אלס פריינדליכע ווירטהין און האט מיט יעדען גערעדט, צו יעדען געשמייכעלט און פאר יעדען געפונען א גוטעס, פריינדליכעס ווארט.

באלד זיינען אנגעקומען פרישע געסט. נאגי און דיא גרעפין האבען געשטוינט, זיי האבען קיינעם ניט איינגעלאדען, קיינעם ניט גערופען און דאך זיינען אלע געקומען.

אזוי וויא דיעזע געסט זיינען אבער געווען רייכע און אנגעזעהנע באראנען, גראפען און מאגנאטען פון דער נאכבארשאפט, האט מען געמוזט אלעמען אויפנעהמען פריינדליך און העפליך. זייט מאקס האט זיך פערלאבט מיט עלוויראין, פלעגען דיא זעלבע געסט זיך זעהר אפט צונויפקומען.

דיא גרעפין איז זאגאר צופריעדען געווען מיט דיא געסט. זיא האט פערגעסען אלעס אין דער וועלט; דאס פערדאמטע קעסטעלע, איהרע טרויעריגע געדאנקען, איהרע פערברעכען און איהרע פערגאנגענהייט. זיא איז יעצט געווען דיא פרעהליכע, גליקליכע און ליעבענסווירדיגע גרעפין און ווירטהין פון שלאס ראדעצק.

דיא געסט זיינען געווארען פרעהליכער, מען האט געגעסען און געטרונקען, וויא פיעל מען האט געוואלט: דאן האט מען געוואלט טאנצען. אין יענער צייט פלעגט יעדער גוטס-בעזיצער האבען ביי זיך א באנדע מוזיק. דיא געסט האבען געפאדערט, אז דיא מוזיק זאל שפיעלען. באלד האט דיא מוזיק אנגעהויבען צו שפיעלען און פארליך האבען זיך אויסגעשטעלט צום טאנץ.

דיא מוזיק האט געשפיעלט. אלע זיינען געווען פרעהליך און לוסטיג. נאגי און דיא גרעפין האבען זיך אויך ארייגעמישט צווישען דיא געסט.

פלוצלונג איז דיא גרעפין בלייך געווארען, וויא קאלך. צווישען דיא טאנצענדע געסט האט זיא דערזעהן א הויכען, שוין געקליידעטען מאן, וועלכער איז געשטאנען אין א זייט און האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון איהר. דער מאן איז איהר געווען אונבעקאנט און דאך האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז זיא האט איהם ערגעץ געזעהן.

זיא האט געזוכט ניט צו קוקען אויף איהם. זיא האט געטאנצט און האט געוואלט ניט קוקען אויף איהם. עס האט איהר אבער ניט געהאלפען. עס האט זיא געצווינגען, עס האט זיא געשלעפט, עס האט זיא געריעסען צו קוקען אויף איהם.

דער מאן איז געשטאנען אנגעשפארט אן א זייל. דיא הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט. זיין געזיכט איז געווען ערנסט און פינסטער. זיינע דונקעלע, שווארצע בליקען זיינען געווען געריכטעט נור אויף איין פונקט — אויף דיא גרעפין אדער אויפ'ן באראן נאגי.

דיא גרעפין איז געווארען אזוי אונרוהיג, אז זיא איז צוגעקומען צום באראן און האט זיך אנגעהאלטען אן איהם.

— וואס איז דיר, איזשעניע? האט ער געפרעגט; פיהלסט דוא שלעכט?

— גיב נור א קוק אהין, נאני! זעה נור, ווער דארט איז?

— וואוהין? וועמען?

— זעה נור דארט לעבען זייל שטעהט אנגעשפארט א מאן. בעטראכט איהם נור.
נאני האט א קוק געטאהן און איז אויך בלייך געווארען.

— דערקענסט דוא איהם ניט? האט דיא גרעפין געפרעגט דערשראָקען. ווייסט
דוא ניט, ווער דאס איז? מיר דאכט, אז ער איז שוין אמאל ביי אונז געוועז. — אך,
ניין! — דאס קען ניט זיין. דאס איז אונמעגליך. — וואס איז דאס? וויא פיעל איר
בערראשונגען האט אונז געבראכט דער היינטיגער טאג? — זעה נור, נאני, וויא ער
קוקט אויף אונז! וויא ער בעטראכט אונז! וויא ער לאזט ניט אראפ קיין אויג פון
אונז.

נאני האט זיך גוט צוגעקוקט צו איהם.

— ווארט דא א ווילע, אייושעניע. איך וויל מיט איהם רעדען. איך מוז וויסען,
ווער עס איז.

ער האט ניט געווארט אויף איהר אנטווארט, איז צוגעגאנגען נעהענטער צום
פרעמדען און האט אנגעהויבען איהם צו בעטראכטען פון אלע זייטען. ער האט געוואלט,
אז דער פרעמדער זאל איהם ניט זעהן. דאס איז איהם אבער ניט געלונגען. דער
פרעמדער האט זיך אומגעקעהרט צו איהם און האט איהם געזאגט:

— איך ווינש אייך גליק, הערר בעראן!

— צו וואס ווינשט איהר מיר גליק?

— איהר ווייסט עס דאך, הערר בעראן.

— ווער זייט איהר, מיין הערר? האט נאני געפרעגט.

— א גאסט, מיין הערר.

— ווער האט אייך איינגעלאדען?

— צוויא זאכען: דיא נייגיערדע און מיין רעכט.

— וויא הייסט איהר, מיין הערר?

— וויא מען האט מיר א נאמען געגעבען.

נאני האט בעטראכט דעם פרעמדען מיט שטויגען. ער האט ניט געוואוסט וואס
צו דענקען פון איהם: איז ער א וואהנזיניגער, וועלכער ווייס ניט, וואס ער רעדט,
אדער איז עס א דורכגעטריבענער שארלאטאן, וועלכער לאכט פון איהם. — וואס
איז דאס פאר א מענש? ווער איז ער? וואס וויל ער?

— מיין הערר, איהר רעדט אזוי זאנדערבאר, אז מיר ווייזט אויס, אז אייך
פעהלט עפעס אין אויבער שטיבעל.

— אזוי, הערר בעראן? איהר האלט מיך פאר א וואהנזיניגען? דאס האט איהר
א טעות. זייט ליעבער פארזיכטיג מיט אייער אייגענעם פערשטאנד. עס מאכען זיך
פעלע אין לעבען, ווען מען פערליערט דעם פערשטאנד פאר שמערץ און ליידען. עס
זיינען וויעדער דא פעלע, ווען מען האלט עס זאגאר פאר א גליק, ווען מען פערליערט
דעם פערשטאנד.

נאני איז אויפגעשפרונגען און האט איהם ניט געלאזט ענדיגען.

— מיין הערר, איהר רעדט אזוי ניט צו דער זאך, אז איך וועל מוזען אייך בעטען.... ערשטענס, האט איהר מיר נאך ניט געזאגט, וויא איהר הייסט און ווער איהר זייט. צווייטענס, האט איהר מיר נאך ניט געזאגט, ווער עס האט אייך איינגע־לאדען. וויא עס ווייזט אויס, זייט איהר אליין געקומען. אלזא, זאגט מיר קורץ און שארף, וואס איהר ווינשט און געהט אייך געזונדערהייט. ווען איהר עס ניט טאהן, וועל איך הייסען מיינע דיענער, זיי זאלען אייך....

דער פרעמדער איז זיך געשטאנען גאנץ רוהיג, האט אויסגעהערט גאנץ אויפ־מערקזאם אלעס, וואס באראן נאגי האט איהם געזאגט, און האט געענטפערט רוהיג, קאלטבלוטיג, שארף, שניידענד און אייז קאלט.

— גנעדיגער הערר באראן, איך בין צוואר אייך ניט בעקאנט, איהר ווערט אבער דאך מיך ניט ארויסשמייסען. דאס בין איך זיכער. איהר זייט גענוג קלוג צו פערשטעהן, אז פאר אייך טויג ניט צו מאכען א סקאנדאל פאר אייערע געסט. וואס וועלען זיי זאגען, ווען פלוצלונג, פון דער העלער הויט ווערט איהר הייסען איינעם פון זיי ארויס־ווארפען? זיי וועלען זיך דאך שעהמען פאר זיך אליין. אויסער דעם וועל איך אייך זאגען, אז אזוי לייכט ווארפט מען מיך ניט ארויס. אלזא, רעדט ניט פיעל, מאכט אייך גאר ניט וויסענדיג, אז איך בין דא. איך וועל בלייבען שפעטער פון אלע אייערע געסט. ווען אלע וועלען זיך צופאהרען, וועלען מיר ביידע אביסעל פלוידערן.

נאגי האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דער פרעמדער האט רעכט. ער האט געוואלט עפעס ענטפערן, ווען איינער פון דיא געסט האט איהם אוועקגערופען.

אין דער גאנצער צייט, וואס דער פרעמדער האט גערעדט מיט נאגי, האט דיא גרעפין פון איהם קיין אויג ניט אראפגעלאזען. זיא האט צוואר ניט געהערט, וואס זיי האבען גערעדט, זיא האט אבער פערשטאנען, אז דא איז עפעס ניט גלאט.

עס האט איהר וועניג געקימערט, וואס דיא גרעפין טאקקי מיט איהר טאכטער זיינען ניט געקומען. זיא האט זיך עס געקענט ערקלערן, אז עלווירא איז קראנק און דיא גרעפין האט ניט געקענט קומען. אויף איינינע געסט האט זיא זיך גערעכט. זיא האט געוואוסט, אז זיי וועלען קומען. איהר איז נור געווען אונאנגענעהם, וואס עס זיינען שוין געקומען צו פיעל געסט.

ווען עס זאלען געווען קומען נור איינינע מענשען, נאהענטע פריינדע און בע־קאנטע, וואלט דער פרעמדער ניט געקענט אריינקומען. יעצט אבער, ווען עס זיינען אנגעקומען אזוי פיעל געסט, אויף וועלכע זיא האט זיך ניט גערעכט, איז גאר קיין וואונדער, וואס א פרעמדער, אן אונבעקאנטער, איז אויך אריינגעקומען.

אזוי וויא זיא איז אזוי געזעסען אויף א ווייכען שטוהל און האט געטראכט, ווער דער פרעמדער קען זיין, איז ער שטיקערהייט צוגעקומען צו איהר.

— גוטען אבענד, גנעדיגע גרעפין! האט ער געזאגט און האט זיך גאנץ טיעף פערנייגט.

— גוטען אבענד, האט דיא גרעפין קוים, קוים ארויסגעשטאמעלט.

— איהר זייט מיר עפעס טרויעריג און אונרוהיג, גנעדיגע גרעפין, האט דער

פרעמדער ווייטער געזאגט, דאס איז מיר א וואונדער! היינט דארף זיין פאר אייך א טאג פון פרייד און גליק.

— ווער זייט איהר, מיין העררי?

— איהר קענט מיך גאר ניט, מאדאם?

— ניין, מיין העררי.

— דאן מוז איך אייך זאגען אז איך בין קיין שלעכטער מענש. איך פרעה מיך און בין גליקליך, ווען איך זעה, אז אנדערע מענשען זיינען פרעהליך און גליקליך; איך בין צופריעדען, ווען איך זעה, אז אנדערע מענשען זיינען צופריעדען און געניסען דאס לעבען. איך זעה, אז איהר זייט היינט זעהר פרעהליך און זעהר צופריעדען און איך בין דאריבער ענטציקט. אזוי דארף עס זיין.

— מיין העררי, איך פערשטעה ניט, וואס איהר מיינט.

— וואס מאכט עס אויס, גנעדיגע פרוי? ווען פערשטעהט דען איין מענש דעם אנדערן? דיא מענשען פערשטעהן איינער דעם אנדערן זעהר זעלטען.

— צו וואס אבער זייט איהר געקומען אהער?

— איך וויל מיך פרעהען מיט אייך.

— איך קען דאך אייך אבער ניט און קיינער האט אייך ניט איינגעלאדען?

— איך האב מיך אליין איינגעלאדען. איך דענק, אז איך האב א שטיקעל רעכט דארויף.

דיא גרעפין האט זיך געפיהלט אזוי שלעכט און איהר איז געווען אזוי אונאנגע־נעהם צו רעדען מיט דעם זאנדערבארען פרעמדען, אז זיא וואלט געווען העכסט צו־פריעדען, ווען איינער זאל געווען צוקומען צו איהר און זיא אוועקרופען. ליידער, האט געראדע דאמאלס דיא מוזיק אנגעהויבען צו שפיעלען א פאלקא־מאזורקא און דיא געסט האבען זיך געדרעהט אין א לוסטיגען טאנץ.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא גליקליך דיא גרעפין איז געווען, ווען נאני איז צוגעקומען צו איהר און האט געזאגט צום פרעמדען:

— וואס איז דאס? איהר בעאונרוהיגט דיא גנעדיגע גרעפין? וועלע אייערע גראבהייטען גאר קיין ענדע נעהמען?

— ניט אזוי שנעל, מיין העררי, האט דער פרעמדער געענטפערט, איך וויל איינלאדען דיא גנעדיגע גרעפין זיא זאל מיט מיר טאנצען א פאלקא־מאזורקא.

דיא גרעפין האט זיך אומגעקוקט און האט א זיפץ געטאהן.

— וואס איז דאס פאר א פרעכהייט? האט נאני אויסגערופען.

דער פרעמדער האט איהם גאר ניט געענטפערט. ער האט גאנץ רוהיג אנגע־נומען דיא גרעפין אונטערן ארים און האט זיא אריינגעשלעפט צווישען דיא פארליך, וועלכע האבען לוסטיג געטאנצט.

נאני האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר שמערץ און פעררדרוס. ער איז געווען צו קלוג און דורכגעטריעבען אום צו פערשטעהן, אז עס איז יעצט אונמעגליך פאר איהם זיך אריינצומישען און צו שטערן דעם טאנץ. עס וואלט געווארען א סקאנדאל. דאס האט ער ניט געדארפט דערלאזען.

אונטערדעסען האט דער פרעמדער געהאלטען דיא גרעפין מיט זיינע אייזערנע הענד און האט זיך געדרעהט מיט איהר צווישען דיא פארליך. דיא גרעפין האט זיך געוואלט ארויסרייסען פון זיינע הענד, עס איז אבער געווען אונמעגליך. ער איז געפלויגען מיט איהר, וויא א שטורמווינד. ער האט זיא ניט געפיהרט, ער האט ניט געטאנצט. ער האט זיך געדרעהט און האט זיא מיטגעשלעפט, וויא דער ווינד דרעהט און טרייבט פאר זיך דיא אראפגעפאלענע בלעטער אין שפעט הערבסט.

אין איינינע מינוטען איז דיא גרעפין געווארען אזוי מיעד און אזוי ערשעפט, אז זיא האט אנגעהויבען צו קרעכצען:

— האלט איין! לאזט מיך אפ! איך קען שוין מעהר ניט טאנצען.

— רוהיג, גנעדיגע פרוי! רוהיג! נאך איינינע אויגענבליקע און איך וועל אייך צופיהרען צוריק צו אייער פלאץ.

ער האט אויך געהאלטען ווארט. ער האט נאך געטאנצט מיט איהר איינינע מינוט און האט זיא צוריקגעפיהרט צום שטוהל, אויף וועלכען זיא איז פריהער געזעסען.

נאגי איז נאך אלץ געשטאנען נעבען דעמזעלבען שטוהל און האט אויף איהר געווארט. דער פרעמדער האט אניעדערגעזעצט דיא גרעפין, האט זיך הefליך פערנייגט און האט געזאגט:

— איך דאנק אייך, גנעדיגע פרוי, וואס איהר האט מיר ערצייגט דיא גרויסע עהרע צו טאנצען מיט מיר.

— איהר מוזט מיר זאגען, וויא איהר הייסט, איידער איהר וועט ארויסגעהן פון דאנען, האט נאגי אויסגערופען.

— איך וועל אייך זאגען, וויא איך הייס, ווען איהר וועט מיר זאגען, וויא איהר הייסט, האט דער פרעמדער געענטפערט. דער נאמע, ביי וועלכען אלע רופען אייך, איז ניט דער ריכטיגער.

נאגי איז בלייך געווארען און האט א ציטער געטאהן. דיא גרעפין האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, אויב קיינער האט ניט געהערט, וואס דער פרעמדער האט נור וואס געזאגט.

— גאט אין הימעל? וואס איז דאס? ווען וועט זיך עס ענדיגען? האט זיא געזיפצט.

דער פרעדער איז זיך אוועקגעגאנגען און האט זיך ווידער געשטעלט לעבען זיין וייל אין ווינקעלע.

דער טאנץ האט זיך געענדיגט. דיא מוזיק איז שטיל געבליעבען. יעדער האט זיך געזעצט אויף זיין ארט. באלד איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז דער טיש איז געדעקט. נאגי און דיא גרעפין האבען געמוזט זיך ווייזען אלס גוטעווירטהע און האבען געמוזט איינלאדען זייערע געסט צום טיש.

עס איז שוין אויך צייט געווען צו עסען. דיא אוהר האט שוין געוויעזען צעהן. דיא גרעפין האט זיך אויפגעהויבען און האט געגעבען א צייכען, אז דיא געסט זאלען געהן צום טיש. צוערשט איז געגאנגען נאגי מיט דער גרעפין, דאן האט יעדער קאוואליער געפיהרט זיין דאמע צום טיש.

נאגי און דיא גרעפין זיינען געווען זיכער, אז יעצט וועט זיך דער פרעמדער אוועקנעהן. אלס אונבעקאנטער גאסט וועט ער געוויס ניט וואגען צו געהן צום טיש. ער האט געמעגט שטעהן אין זאל און צוקוקען צום טאנץ, געהן אבער צום טיש וועט ער ניט וואגען.

וויא גרויס איז דאהער געווען זעהר שטוינען, ווען דיא געסט האבען זיך צוזעצט ארום טיש און זיי האבען דערזעהן אז דער פרעמדער איז וויעדער דא. ער האט זיך געזעצט פונקט נעגען דער גרעפין און האט געקוקט אויף איהר גלייך, וויא פריהער אין טאנץ־זאל. דיא גרעפין איז געווען אויסער זיך. זיא האט ניט געקענט אויפהויבען דעם קאפ. קוים האט זיא אויפגעהויבען דעם קאפ, האט זיא דערזעהן דיא שרעקליכע בליקען פונ׳ם פרעמדען.

נאגי האט זיך געביסען דיא ליפען פאר פערדרוס און שמערץ. ער וואלט אויפגעשטאנען און דערשטאכען דעם פרעמדען אויפ׳ן ארט. ער האט עס אבער ניט געקענט. ער האט מורא געהאט פאר איהם.

זאנדערבאר איז איהם פארגעקומען, וואס דער פרעמדער האט זעהר ווייניג געגעסען. ער האט זיך קוים צוגעריהרט צו דיא פיינסטע שפייזען.

פלוצלונג האט דער פרעמדער זיך אנגעגאסען א גלאז טאקאיער וויין, האט זיך אויפגעהויבען און האט אויסגערופען אין דער הויך:

— איך טרינק אויף דאס וואהל פון דער גרעפין ראדעצקי און דעם באראן נאגי פאן האללאוואאי! — הורראה!

ער האט אנגעריהרט זיין גלאז אן דיא גלעזער פון באראן נאגי און פון דער גרעפין, דאן האט ער אניעדערגעשטעלט זיין גלאז און האט ניט אויסגעטרונקען ניט איין טראפען.

יעצט האבען דיא אנדערע געסט אנגעהויבען זיך צו צוקוקען צום פרעמדען. קיינער פון דיא אנוועזענדע האט איהם ניט געקענט. קיינער האט ניט געוואוסט, ווער ער איז. ער איז געגאנגען שעהן געקליידעט און האט גערעדט וויא א געבילדעטער מאן.

דיא געסט האבען אנגעהויבען איהם נאכצוטאהן. יעדער האט אנגעגאסען זיין גלאז און האט געטרונקען אויף דאס וואהל פון דער גרעפין און דעם באראן נאגי. דערביי האט יעדער געהאלטען א קורצע רעדע. דער פרעמדער האט אויך געהאלטען א קורצע אבער קלוגע און געשיקטע רעדע.

פלוצלונג האט דיא גרעפין א געשריי געטאהן און איז געפאלען אין אהנמאכט. נאגי מיט א פאאר דיענסט מעדכען האבען געמוזט זיא אריינטראגען אין איהר שלאף צימער.

עס איז געווארען א ליארם און א געשריי. דער אבענד איז געשטערט געווארען. דיא געסט האבען זיך אויפגעהויבען איינציגווייס און זיינען זיך צוגאנגען. אין א שטונדע ארום איז דער זאל געווארען לעדיג. אלע זיינען זיך צופאהרען. עס איז געבליעבען נור איינער — דער זאנדערבארער פרעמדער.

דיא גרעפין האט זיך באלד געפיהלט פיעל בעסער. נאגי האט געמוזט שפיעלען

דיא ראלע פון א העפליכען ווירטה און בעגלייטען איינינע פון זיינע געסט ביז אין הויף. ווען דער לעצטער גאסט איז אוועקגעפאהרען, איז נאני אריינגעקומען אין זאל און האט דארט געפונען דעם פרעמדען. ער איז געשטאנען אויף זיין ארט, צוגעשפארט צו א זייל, דיא הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט, ערנסט און פערטראכט. — נאני איז צוגעגאנגען צו איהם.

— יעצט, מיין הערר, ווען איהר שוין געוויס זיך אוועקגעהן, האט ער צו איהם געזאגט. אלע זיינען זיך צופאהרען. עס איז שוין שפעט, איהר מוזט אויך אוועקגעהן.

דער פרעמדער האט געשוויגען.

— מיין הערר, געהט אייך ארויס פון מיין הויז! האט נאני געשריען.

דער פרעמדער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט געווארפען אויף איהם א שטאלצען און פעראכטענדען בליק.

— הערר בעראן, מיר זיינען יעצט אליין און מיר וואלטען געקענט רעדען א פאר ווערטער, וועלכע מען דארף רעדען נור צווישען פיער אויגען. איך וויל אייך אבער ניט אויפהאלטען, איך וויל אייך ניט שטערן. איך וויל אייך נור שטעלען איין איינציגע פראגע.

נאני האט איהם אנגעקוקט און האט געשוויגען.

— קענט איהר מיך גאר ניט? האט דער פרעמדער געפרעגט.

— ניין, מיין הערר, איך קען אייך ניט, האט נאני געענטפערט שטילערהייט.

— אזוי? — איהר דערקענט מיך ניט? האט דער פרעמדער איבערגעפרעגט.

— איהר זייט....

מעהר האט נאני ניט געקענט רעדען. דיא ווערטער זיינען פערגליווערט געווארען אויף זיינע ליפען.

— איך בין א י י ע ר — ניין, איך בין דער הענקער! האט דער פרעמדער געזאגט שארף און קאלט. יעצט קענט איהר מיך שוין? יעצט ווייסט איהר שוין, ווער איך בין? ציטערט איהר גאר ניט פאר מיר? קלאפט ניט אייער הערץ שטארקער, ווען איהר רעדט מיט מיר? טרוימט עס אייך ניט, אז איהר וועט אמאל זיך צוזאמען טרעפען מיט מיר? — גוט! איך וויל אייך יעצט ניט שטערן. איהר וועט נאך האבען גענוג ביטערע נעכט. מיר וועלען זיך נאך א מאל ווידערזעהן, אבער אין א גאנץ אנדערן ארט און אונטער גאנץ אנדערע אומשטענדע.

ער האט זיך אויסגעדרעהט און איז האסטיג ארויסגעגאנגען פון זאל.

נאני איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. עס האט איהם געשווינדעלט פאר דיא אויגען און ער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. ער האט זיך קוים צוגעשלעפט צו א שטוהל און איז אניידערגעפאלען אויף איהם, וויא א דערהרגעטער.

ער האט ניט געוואוסט, וויא לאנג ער איז אזוי געזעסען, פערטיעפט אין זיינע פינסטערע געדאנקען. דיא דיענער האבען מורא געהאט איהם צו שטערן. זיי האבען אויסגעלאשען אלע ליכט און האבען איבערגעלאזען נור צוויא אויפ'ן טישעל, לעבען וועלכען נאני איז געזעסען. דאן זיינען זיי זיך צוגאנגען זיך לעגען שלאפען.

פלוצלונג האט ער געפיהלט, וויא א האנד לעגט זיך ארויף אויף זיין פלייצע. ער האט געעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט. פאר איהם איז געשטאנען דיא גרעפין.

— וואס מאכסט דוא, אייזשעניע? פאר וואס שלאפסט דוא ניט? האט ער געפרעגט.

— איך קען ניט שלאפען, נאגי, האט זיא געענטפערט. איך קען ניט רוהען, ביז וואנען איך וועל ניט וויסען אלעס.

— וואס ווילסט דוא וויסען, אייזשעניע?

— ווער איז געוועזען דער פרעמדער?

— איך ווייס עס ניט.

— דאס קען ניט זיין, נאגי! ווען ער האט געטאנצט מיט מיר, האט ער מיר געזאגט, אז ער האט א רעכט מיט מיר צו טאנצען.

— לאז מיך צורוה, אייזשעניע! הער אויף מיך צו פרעגען, וואס יענער וואהנ־זיניגער פרעמדער האט געמיינט, ווען ער האט געפלוידערט.

— וואהנזיניג, נאגי? דוא זאגסט, אז דער פרעמדער איז געוועזען א וואהנזיניגער? ניין, נאגי, ער איז געוועזען קליגער פון דיר. וואס ער איז, ווייס איך זעהר גוט, דאס דארפסט דוא מיר ניט ערקלערן. ער איז דער הענקער. איך האב איהם דערקענט, ווען ער האט אנגעהויבען צו רעדען ביים טיש. דערפאר האב איך געגעבען אזא געשריי און בין געפאלען אין אהנמאכט. — ער געהער זיך עפעס אן מיט דיר, נאגי. דאס וויל איך וויסען. זאג עס מיר, נאגי! דוא ווייסט עפעס פון איהם.

נאגי האט געקוקט אויף איהר איינינגע מינוט בייז און פערדראסען. פלוצלונג האט ער זיך צולאכט מיט א בייזען, ווילדען געלעכטער.

— דוא ווילסט עס וויסען? געה און פרעג איהם. מיר האבען געהייראטהעט פאר נאם און פאר א פריעסטער. וואס געהט מיך אן, וואס דוא ווילסט אדער וואס דוא ווילסט ניט? זארג זיך פאר זיך אליין ניט פאר מיר. איך ווייס נאך ניט, ווער פון אונז וועט פריהער בעקאנט ווערן מיט'ן הענקער.

דאס געזיכט פון דער גרעפין איז געווארען פון אלערליי פארבען.

— טייפעל! האט זיא אויסגערופען, רייץ מיך ניט! דוא ווייסט נאך ניט, וואס איך קען! ווען איך בין אויפגערייצט, בין איך פיעל ערגער אלס דוא מיט דיין שטיל־קייט. דוא ווייסט גאר ניט, וואס א בעליידיגטע, געקרענקטע און גערייצטע פרוי קען! איך קען מיך אראפווארפען אין א טיעפען אבגרונד און דיך אויך מיטשלעפען. איך קען דערצעהלען אלעמען, ווער איך בין און ווער דוא ביסט; איך קען מיך פערקלאגען און דיך פערקלאגען. איך קען מיך ברענגען אויפ'ן עשאפאט און דיך ברענגען אויפ'ן עשאפאט. היט זיך, אלזא, נאגי! דענק גאר ניט, אז דוא האסט פאר דיר א שוואַ־כעס ווייב.

— אוועק פון דאנען! האט נאגי אויסגערופען אויסער זיך. — געה! טהו, וואס דוא ווילסט! אבער היט זיך פאר מיר! איין דרעה מיט דער האנד און דוא

ביסט דארט, וואו זיי אלע זיינען! אוועק! אוועק פון מיר, אדער דוא ביסט ניטא אויף דער וועלט!

ער האט זיא אנגעחאפט מיט זיין אייזערנער פויסט, האט אויסגעבראכען דיא טהיר און האט זיא ארויסגעווארפען אויפ'ן באלקאן.

— נעה צום טייפעל, ווען דוא ווילסט עס! האט ער אויסגערופען.

זיין געזיכט האט געברענט פאר צארן, זיינע אויגען האבען געפונקעלט, אויף זיינע ליפען האבען זיך געוויעזען א ווייסער שוים. ער איז געוועזען שרעקליך אנצוקוקען אין דיעזע מינוט. ער איז געשטאנען נור אייניגע אויגענבליקע אין זאל און איז אוועקגעלאפען אין זיינע צימער.

דיא גרעפין איז געבליעבען ליעגען אויפ'ן באלקאן אייניגע צייט בעוואוסטלאז. דיא קיהלע נאכט לופט האט אויף איהר ענדליך געווירקט און זיא איז געקומען צו זיך. זיא האט געעפענט דיא אויגען, האט זיך ווילד אומגעקוקט און האט געזאגט:

— עס העלפט ניט! איך מוז אוועקגעהן פון איהם! מיר מוזען זיך צושיידען איך קען עס שוין ניט אויסהאלטען.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אוועקגעגאנגען צו זיך אין שלאף צימער, האט זיך פערשפארט און איז איבערגעזעסען דיא גאנצע נאכט.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה האט זיא געשיקט איהר דיענסט מעדכען רופען דעם באראן. ער איז באלד געקומען.

— דוא לעבסט נאך, אייזשעניע? האט ער געפרעגט מיט א שמייכעל, איך האב געמיינט, אז דוא האסט זיך אראפגעווארפען פון באלקאן. דוא האסט עס אבער ניט געטאהן, דוא ביסט צו קלוג דערצו.

— קיין שפאס, נאגי! איך רעד יעצט מיט דיר גאנץ ערנסט. איך קען דא ניט בלייבען, מיר מוזען זיך צוגעהן. דוא האסט מיר געשענקט דאס שלאס באטהיאני, גיב מיר דיא שליעסעל, איך וויל דארט וואהנען.

— מיט פערגניגען, מאדאם! דוא ווילסט וואהנען בעזונדער, גוט! איך בין דער-מיט צופריעדען.

ער איז אוועקגעגאנגען און אין אייניגע מינוט ארום האט איהר א דיענער גע-בראכט א בונט שליעסעל.

דיא גרעפין האט זיך דערשראקען. דאס האט זיא ניט ערווארטעט! זיא האט געדעכענט, אז נאגי וועט אנהויבען מיט איהר צו רעדען און איהר צו ערקלערן, אז עס איז גלייכער, זיא זאל בלייבען אין שלאס ראדעצק; ער וועט זיא בעטען און איינרע-דען, זיא זאל זיך ניט ארויסציעהן. יעצט אבער איז עס געקומען אזוי ווייט, אז זיא מוז שוין האלטען ווארט און זיך ארויסציעהען.

אין א שטונדע ארום האט זיא גענומען א דיענער און איהר קאמערמעדכען און איז מיט זיי אוועקגעפאהרען אין שלאס באטהיאני.

---

## 6טער קאפיטעל.

## דער גייסט.

ארטהור האט זיך אונטערדעסען נאך אלץ אויפגעהאלטען אין טהורעם פון טשעמ..י. ביי טאג פלעגט ער בלייבען אין טהורעם, ביי נאכט פלעגט ער ארויסגעהן.

דעם אנדערן מארגען אין דער פריה נאך דער האכצייט פון דער גרעפין איז מיכאאיל געקומען אין טהורם. ארטהור האט איהם בעגריעסט פריינדליך און האט איהם געפרעגט:

— נו, וואס הערט זיך? זייט איהר געווען אויף דער האכצייט.

— יא, ארטהור, איך האב אפגעטאהן מיין ארבייט און וועל שוין באלד אוועקפאהרען. האט מיכאאיל געזאגט. איך בין אייגענטליך געקימען אבשיעד נעהמען פון אייך. זייט געזונד, באראן פאן באטהיאני! פערגעסט ניט, אז דאס לעבען פון מיין אננא איז אין געפאהר.

— זייט זיכער, מיכאאיל, אז איך וועל בלייבען טוט פאר דער גאנצער וועלט. איך וועל בלייבען דא נאך א גאנץ קורצע צייט, דאן וועל איך מיר ערגעץ אוועקפאהרען.

— איך גלויב אייך, באראן און רעכען אויף אייך. איך וויס, אז איהר וועט האלטען אייער ווארט.

— איך דאנק אייך, מיכאאיל! גריסט אננאן און זאגט איהר, אז איך וועל זיא אייביג ניט פערגעסען.

זיי האבען זיך געגעבען דיא הענד און מיכאאיל איז זיך אוועקגענאנגען.

ארטהור איז ווידער געבליעבען אליין. ער איז ארומגעגאנגען אין זיין צימער פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען.

— איך קען דא ניט בלייבען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך קען ניט לעבען, וויא א מוילוואורף (קראט) אין זיין נעסט, וועלכער ליעגט א גאנצען טאג בעהאלטען און נור ביי נאכט וואגט ער עס זיך ארויסצואווייזען אויף דער וועלט.

איך מוז רעטען עלווירא'ן. דאס מוז זיין מיין ערשטע אויפגאבע. איך וויס, וויא שווער עס איז, איך מוז עס אבער דאך טאהן. וויא קען איך זיא לאזען צווישען דיעזע שלעכטע מענשען? איך מוז ריזיקירען מיין לעבען און זיא רעטען. אך! וויא שוואך בין איך געווען! וויא אונגערעכט, ווען איך האב געמיינט אז זיא ליעבט מיך ניט מעהר, אז זיא ליעבט דעם גראף פאן ראדעצקי? — עלווירא איז ריין, וויא נאלד, און טריי, וויא דיא ליעבע זון. דוא ביסט ווערט עלווירא, אז איך זאל ריזיקירען פאר דיר מיין לעבען דוא האסט אלעס געטאהן פאר מיר און איך האב פאר דיר גארניט געטאהן.

מיכאאיל האט פאלקאמען רעכט. ווען איך וויל ארויסגעהן, דארף איך אנטאהן זיין רויטען מאנטעל. דאן וועט מען מיינען, אז איך בין דער הענקער אדער א גייסט און מען וועט פון מיר אנטלויפען

איך מוז נאך געהן אין שלאס באטהיאני. איך האב דארט אין אן ארט

בעהאלטען עטליכע הונדערט גאלדשטיקע. מיין מוטער האט עס בעהאלטען פאר א נויט או. האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל זיי ניט ריהרען ביז צום לעצטען, אויסערסטען פאל. יעצט איז געקומען דיא צייט זיי צו בענוצען. יעצט איז געקומען דער אויסערסטער פאל. וואס קען שוין דען ערגער זיין? איך בין דאך ניט מעהר, וויא א לעבדינער טויטער. איך מוז רעטען מיין לעבען און דאס לעבען פון מיין געליעבטער. ווען איך וועל האבען דאס געלד, וועל איך מעהר ניט שווייגען. איך וועל דאן געהן צו עלוויראן, איך וועל אריבערקריעכען איבער דיא מויער פון שלאס כאקקי און וועל קומען אין איהר צימער. מיר וועלען דאן ביידע אנטלויפען. — אך! עס זאל שוין שנעלער ווערן נאכט! עס זאל שוין פינסטער ווערן. מען קען וואהנזיניג ווערן צו בלייבען דא דעם גאנצען לאנגען טאג.

ער האט ווידער אנגעהויבען צו געהן אין זיין צימעריל האסטיג און אונגעדולדיג. ער האט זעהר געוואלט אראפשלעפען דיא זון קיין ווערסטען (מעריב) און ברענגען דיא נאכט. דיא זון איז אבער געגאנגען לאנגזאם. זיא האט זיך ווענינ געאיילט. דיא ליידען און דיא פריידען פון דיא שוואכע ווערים, וועלכע רופען זיך מענשען, קימערן זיא זעהר ווענינ. דיא מענשען פערגעהן, דיא געזעצע פון דער נאטור אבער בלייבען אייביג.

וויא לאנג דיא צייט איז איהם געווען, האט ער דאך ניט געקענט ארויסגעהן פון טהורם, ביז עס איז נאכט געווארען. ענדליך האט זיך דיא זון אראפגעלאזען צו דיא קארפאטהען בערג. עס איז געווארען דונקעלער און דונקעלער.

ארטהור האט צוואר ניט געוואלט עסען, ער האט אבער געמוזט אראפגעהן פון'ם טהורם זעהן, אויב דער שטומער בעטלער האט איהם געבראכט זיין עסען, וויא ער פלעגט טאהן יעדען אבענד. יעדענפאלס דארף ער דאך האבען דאס עסען.

ער איז אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ, האט געעפענט דאס טהירעל און האט ווירקליך געפונען דעם קארב מיט עסען שטעהן אויפ'ן שוועל פון דעם טהירעלע. ער האט איהם ארויפגעטראגען און האט גאר ניט געוואלט איהם עפענען. באלד האט ער זיך אבער איבערלעגט. ער וויל אוועקגעהן אויף א גאנצע נאכט. ער מוז דאך עפעס עסען און זיך שטארקען.

ער איז צוגעגאנגען צום קארב, האט איהם געעפענט און האט דערזעהן פון אויבען א בויגען פאפיער. ער האט איהם האסטיג א חאפ געטאהן און האט אנגעהויבען צו לעזען.

„דאס שלאס באטהיאני געהערט שוין מעהר ניט צו אייך. וויא עס ווייזט
„אויס, האט איהם דיא גרעפין פאן ראדעצקי געקויפט. היינט אין דער פריה איז
„זיא געקומען צופאהרען און האט זיך בעזעצט אין אייער שלאס.“
„איך האט אייך נאך צו מעלדען, אז דיא האכצייט פון דער גרעפין עלווירא
„מיט דעם מאן, וועלכער הייסט זיך רופען מאקס גראף פאן ראדעצקי, איז בע־
„שטימט אויפ'ן פופצעהנטען אויגוסט, דאס הייסט, אין זעקס טעג ארום. איך
„וועל נאך פראבירען אלעס מעגליכע אום דיעזע האכצייט ניט צו דערלאזען.
„האט צוטרויען צום אלטען יאקקי“.

ארטהור איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. דאס האט ער ניט ערוואַרטעט! דארויף האט ער זיך ניט געריכט.

— אזוי? האט ער אויסגערופען, זיי האבען ביי מיר אלעס אוועקגערויבט! מיין בראוט, מיינע עהרע און מיין פערמיגען! — אך, געאַרג, געאַרג! וואו ביסט דוא, גוטער, עדעלער פריינד? מיט דיר וואלט איך געקענט רעדען. מיט דיר וואלט איך געקענט מיך בעראטהען. פאר דיר וואלט איך געקענט אויסגיעסען מיין ביטער הערץ! דוא ביסט אבער ערגעץ ווייט. זיי האבען דיך אוועקגעשיקט. זיי האבען מורא פאר דיר. דיא פלעדער מיוז ציטערן פאר דאס ליכט. דיא שלעכטע האבען מורא פאר'ן גוטען. זיי מוזען איהם אויסוויכען.

און ווער ביסט דוא, גוטער, עדעלער אבער שטומער פריינד? דוא ווילסט מיר העלפען. דוא ווילסט ניט דערלאזען דיא האכצייט פון עלווירא'ן מיט דעם, וועלכער הייסט זיך רופען גראף מאקס פאן ראדעצקי. וואס קענסט דוא טאהן? וויא קענסט דוא עס ניט דערלאזען? — ניין, אלטער יאקקי! ניט דוא וועסט ניט דערלאזען דיעזע הייראטה, — איך וועל עס טאהן. דיא האכצייט איז פעסטגעזעצט אויפ'ן פופצעהנטען. אלזא האב איך נאך זעקס טאג צייט. אין זעקס טאג איז דיא וועלט בעשאפען געווארען, אין זעקס טעג קען זיך פיעלעס ענדערן.

היינט ביי נאכט מוז איך נאך בעזוכען דעם שלאס פון מיינע עלטערן. דיא גרעפין פאן ראדעצקי וועט געוויס ניט זיין צופריעדען מיט מיין בעזוך. זיא וועט זיך פיעלייכט דערשרעקען און מיינען, אז מיין גייסט געהט עס ארום ביי נאכט. — אך! פינסטערניס, פינסטערניס! וואו נעהמט מען פינסטערניס? איך בין פיעלייכט דער איינציגער מענש אויף דער וועלט, וועלכער ליעבט דיא פינסטערניס, וועלכער זוכט דיא פינסטערניס און דארף האבען דיא פינסטערניס. וואס זאל איך טאהן, ווען איך קען ניט קומען אין הויז פון מיינע עלטערן נור אין דער פינסטערניס? ווען איך קען ניט זעהן א לעבעדיגען מענשען נור אין דער פינסטערניס? אין דעם הויז, וואו איך בין געבאָרען געוואָרען, וואו איך בין אויסגעוואקסען, וואו איך האב פערבראכט מיינע יונגענד יאהרען, מוז איך קומען אין דער פינסטערניס. — אך, דיא פינסטערניס!

ער האט שוין ניט געגעסען, ניט געטרונקען און ניט גערוהט. וויא א ווילדעס טהיער אין זיין שטייג איז ער ארומגעגאנגען אין זיין צימעריל. האט געצעהלט דיא שריט און האט געקוקט אויף דיא שטערן.

ענדליך איז געווארען שפעט. ארטהור האט אויף זיך ארויפגעווארפען דעם רויטען מאנטעל פון א הענקער און איז ארויסגעגאנגען אין דיא דונקעלע נאכט.

קוים איז ער אוועקגעגאנגען עטליכע שריט פון'ם טהורעם, זיינען אנגעקומען צוויא מענשען. זיי האבען דערזעהן דעם רויטען מאנטעל און האבען אנגעהויבען צו אנטלויפען, וויא א פייל פון'ם בויגען. ארטהור האט געזעהן, וויא זיי לויפען, אין דער פינסטער אבער האט ער אויף קיין פאל ניט געקענט וויסען, ווער זיי זיינען. ער האט נור אזוי פיעל געזעהן, אז זיי לויפען צום דארף טשעמני.

ער איז געגאנגען ווייטער, גלייך צום שלאס באטהיאני. דער וועג איז איהם געווען גוט בעקאנט. ער האט געוואוסט, וואו דיא מויער ארום גארטען פון'ם שלאס

איז ניעדעריג און מען קען זיא אריבערקריעכען. ער האט געקענט יעדעס וועגעלע און יעדעס שטענעלע.

ער איז צוגעקומען שטילערהייט צו דעם ארט, וואו דיא מויער איז ניט געוועזען שטארק הויך און האט אנגעהויבען צו קלעטערן, וויא א קאץ איבער דער מויער. אין איינינע מינוט איז ער געוועזען אין גארטען. דא האט ער זיך געווארפען אויף דער ערד און האט אנגעהויבען זיא צו קושען.

— ליעבע, טהייערע ערד! האט ער אויסגערופען מיט טרערין אין דיא אויגען, דא פלעג איך אפט שפאציערן מיט מיין ליעבער מוטער. דא פלעג איך מיך שפיעלען, דא פלעג איך פערברענגען דיא גליקליכע שטונדען פון מיין לעבען. ארום מיר איז גע־ווען פרייד, ליעבע און גליק. יעצט אבער, יעצט קום איך אהער אלס פערברעכער, אין א רויטען מאנטעל פון א הענקער. — אך, יא! איך מוז נאך בעזוכען דעם גראב פון מיין־מוטער, איידער איך וועל אוועקפאהרען פון דאנען אויף אייביג. איך וויס ניט, וואו עס געפינט זיך דאס גראב פון מיין פאטער. איך וויס ניט, וואו זיינע ביינער ליעגען, לאמיך ווענינסטענס מיך אויסוויינען אויפ'ן גראב פון מיין מוטער.

אין גארטען איז אלעס געוועזען שטיל און רוהיג. דער גארטען אליין איז געוועזען פערנאכלעסיגט און פערווילדערט. א גאנצען זומער האט דא קיינער ניט געוואהנט. ארטהור איז געגאנגען לאנגזאם און טרויעריג אויף דיא פערוואקסענע און פערווילדער־טע וועגעלאך.

— איך וויס, וויא אזוי אריינצוקומען אין שלאס, האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיי האבען געוויס ניט פערשלאסען דעם קעללער. ווער האט עס געהארט? ווער האט זיך עס געקענט קימערן צו פערשליעסען דעם קעללער?

ער איז געגאנגען לאנגזאם און פארזיכטיג, ביז ער איז צוגעקומען צו דער טהיר פונ'ם קעללער. זיא איז ווירקליך געוועזען צוגעמאכט אבער ניט פערשלאסען. הויכע גראָ־זען האבען זיא בעוואקסען און האבען זיא אין גאנצען פערדעקט. עס איז געוועזען ניט לייכט צו דערקענען, אז דא געפינט זיך א טהיר.

מיט שווערע מיה איז עס איהם ענדליך געלונגען אויפצוהויבען דיא שווערע טהיר. זיא איז געוועזען פערראָסטעט. ער האט זיא אבער דאך אויפגעהויבען, איז אריינגעגאנ־גען אין קעללער און האט זיא ווידער אראפגעלאזען. א שווערער, דריקענדער, דומפפער גערוך האט איהם ענטגעגען געוועהט.

ארטהור האט געוואוסט, אז דאס איז דער איינציגער וועג אריינצוקומען אין שלאס און האט מיט זיך געגומען א שטיקעל סטעארין ליכט און א פייער־געצייג. ער האט אויסגעשלאגען פייער און האט אנגעצונדען דאס ליכט.

אין קעללער איז אלעס געוועזען אין ארדנונג. אלעס איז געשטאנען אויף זיין אָרט. ער פלעגט צוואר קיין מאל ניט זיין אין קעללער. עס איז אבער געוועזען גאנץ דייטליך, אז אין דיעזען קעללער איז שוין זעהר לאנג קיינער ניט געוועזען. דאס האט איהם גע־פרעהט, ווייל אין דיעזען קעללער האט זיך געפונען א בעזונדערע אבטהיילונג, וואוהין קיינער פלעגט ניט קומען. זיין מוטער האט איהם אמאל אראפגעפיהרט אין דיעזע אבטהיילונג, האט איהם געוויעזען א שטיין, וועלכען מען האט זעהר לייכט געקענט

אוועקגעהמען פון'ם ארט. דארט איז געשטאנען אן אייזערנער קאסטען, אין וועלכען זיא האט געהאלטען פערבארגען איהרע פאמיליען ברילליאנטען און א געוויסע סומע גאלד שטיקע.

מיר האבען שוין דערצעהלט, אז דיא רעגיערונג האט צוגענומען ביי ארטהור'ס פאטער זיין גאנצעס פערמעגען: אלע זיינע גיטער, שלעסער און דאס באארע געלד, וואס ער האט געהאלטען אין דיא בענק.

נור איינינע טויזענד גולדען האט ארטהור'ס מוטער בעהאלטען אין דיזען קאסטען. וויא פיעל געלד דארט געפינט זיך, האט ארטהור ניט געוואוסט. ער איז געוועזען צו שטאלץ און צו עדעל צו פרעגען זיין מוטער, וויא פיעל געלד זיא האט. ער האט דערפון גיט געוואלט וויסען. ער האט געלעבט שטיל און רוהיג און האט ניט פיעל געדארפט. דאס קליינע לאנד ארום שלאס האט איהם געגעבען גענוג אויף צו לעבען. קיין רייכקייט האט ער ניט געזוכט.

יעצט אבער אין דער נויט, יעצט אין אייסערסטען פאל; יעצט, ווען ער האט געמוזט אנטלויפען אין דער וויטער וועלט, האט ער זיך דערמאנט אן דעם בעהאלטענעם געלד, וועלכע זיין מוטער האט פיעלייכט אפגעשפארט פון איהר מויל אדער פון איהרע קליידער.

ער איז צוגעקומען צום ארט, וואו דער שטיין איז געוועזען, האט איהם אוועקגערוקט פון ארט און האט געפונען דאס אייזערנע קעסטעלע.

— גוטע, ליעבע, טרייע מוטער! האט ער אויסגערופען, דוא האסט זיך געזארגט פאר מיר נאך דיין טויט. דוא האסט פיעלייכט אפגעשפארט דאס געטהיגסטע אום מיך צו פערזארגען אין א נויט. דוא האסט געוויס ניט געוואוסט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען דיין קינד וועט קומען אהער, וויא א גנב, פערשטעלט און בעהאלטען און וועט בענוצען דיא שעצע (אוצרות), וועלכע דוא האסט אנגעגרייט פון מיינעטוועגען.

דוא ביסט טויט, גוטע מוטער! דיינע אויגען קוקען ניט מעהר מיט ליעבע און טרייע אויף דיין קינד, דיין הערץ קלאפט ניט מעהר און דאך וואכסט דוא איבער מיר! — גוטע, היילינע מוטער ליעבע! איך פיהל דיך יעצט אין דיזער מינוט. יעצט וויים איך, פאר וואס דאס ערשטע ווארט, וואס א מענש שרייט אויס, ווען ער איז אין א געפאהר, איז: מאמא! מוטער!

ער האט אויפגעעפענט דעם קאסטען און האט ארויסגענומען, וואס דארט איז געוועז. פון צעהלען, איבערקוקען און איבערזעהן, וואס דארט טהוט זיך, האט קיין רעדע ניט געקאנט זיין. דאן האט ער ווידער פערמאכט דעם קאסטען, האט ארויפגעלעגט דעם שטיין און האט איהם בעדעקט מיט ערד.

יעצט האט ער געוואלט אוועקגעהן. פלוצלונג האט ער זיך עפעס דערמאנט.

— אך, איך אונדאנקבארער! האט ער אויסגערופען, איך האב נור וואס דערמאנט מיין מוטער און זאל ניט אריינגעהן אין שלאס א קוק טאהן אויף איהר בילד? אך, וויא שלעכט איז דער מענש! זיין אזוי נאהענט און ניט א קוק טאהן צום לעצטען מאל אויף דאס געזיכט, וועלכעס איז תאר מיר אזוי טהייער?

ער האט געוואוסט, אז פון קעלער איז דא א וועג אין דיא צימערן פון שלאס. ער האט באלד געפונען דעם וועג. — — —

דיא גרעפין ראדעצקי האט פערבראכט א גאנצען טאג אין שלאס באטהיאני. נאכ'ן פריהשטיק איז זיא ארומגעגאנגען אין גארטען און האט אלעס בעטראכט. דאס שלאס איז איהר זעהר געפעלען. עס איז געווען אן אלטע אבער גאנץ בעקוועם איינ־געארדענטע געביידע, אויף יעדען שריט האט מען געקענט זעהן, אז דא האט געוואינט א גוטע ווירטהין. אלעס איז געשטאנען אויף זיין ארט. יעדע זאך האט געפאסט. יעדעס צימער האט געדארפט זיין, וואו עס איז געווען.

באלד אבער איז איהר געווארען לאנגווייליג צו זיין אליין. זיא וואלט געווען העכסט צופריעדען, ווען נאני זאל געווען קומען און זאל געווען זיא בעטען, אז זיא זאל פאהרען צוריק קיין ראדעצק. ער איז אבער ניט געקומען.

— וואס וועט זאגען דיא גרעפין פאן טאקקי, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז איך וואהן נאר יעצט אין שלאס באטהיאני? האט זיא געפרעגט זיך אליין. — וואס וועט זאגען מאקס, ווען ער וועט קומען צופאהרען און וועט מיך ניט געפינען אין ראַ־דעצק? איך קען דאך קיינעם ניט זאגען, אז איך בין זיך צוגאנגען מיט מיין ליעבען מאן. דאס איז אונמעגליך. — אך! פאר וואס קומט ער ניט? — ער מוז קומען! ער מוז מיך בעטען, איך זאל צוריק פאהרען קיין ראדעצק.

נאני איז אבער ניט געקומען זיא בעטען און דיא גרעפין האט זיך שרעקליך געלאנגווייל'ט. זיא האט זיך געלעגט אויפ'ן דיוואן און האט געוואלט אנטשלאפען ווערן. דער שלאף איז אבער ניט געקומען. זיא האט געמוזט אויפשטעהן, זיא איז ווידער ארומגעגאנגען אין גארטען, האט ווידער געקוקט א לאנגע צייט אויפ'ן וועג צום שלאס ראדעצק, פיעלייכט קומט נאני זיא בעטען. זיא האט אבער קיינעם ניט געזעהן און קיינעם ניט געהערט. נאני האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג.

אזוי איז פערגאנגען דער טאג. דיא גרעפין איז געווען אונרוהיג און האט זיך געלאנגווייל'ט צו טויט. נאך אנאנדערע זארג האט זיא בעאונרוהיגט. מאקס האט געדארפט קומען היינט.

— ווען ער איז געקומען אין שלאס ראדעצק, האט ער דאך געוויס באלד גע־פרעגט, וואו איך בין. מען האט איהם געוויס געזאגט. פאר וואס קומט ער ניט צו מיר? עס איז אבער מעגליך, אז ער האט זיך פערזאמט אין בודאפעסט נאך א טאג.

עס איז געווארען נאכט. דיא גרעפין האט געהייסען אנצינדען ליכט אין איהר צימער. ערשט יעצט האט זיא געזעהן, אז זיא איז אליין. אין שלאס ראדעצק זיינען געווען פיעל דיענער. עס האט זיך שטענדיג געקאכט און געראווישט. עס זיינען שטענ־דיג ארומגעגאנגען מענשען. דא אבער איז אלעס געווען שטיל, וויא אויף א בעערדי־גונגס פלאץ.

ביי נאכט האט זיא מורא געהאט ארויסצוגעהן אין הויף, אין גארטען, אין דיא אנדערע צימער. באלד האט זיא זיך דערמאָנט, אז ערשט גאר ניט לאנג האט מען אין דיעזען שלאס ערמארדעט צוויא מענשען. זיא האט א ציטער געטהאן. זיא האט זיך דערמאָנט, צו וועמען דאס שלאס האט געהערט און וויא אזוי דיעזעס שלאס גע־

הערט יעצט צו איהר. אלעס איז געשעהן אזוי שנעל, אזוי אוננאטירליך, אויף אזא שלעכטען וועג, אז זיא האט געציטערט פאר איהר אייגענעם שאָטען.

עס איז געוואָרען שפּעט. דער איינציגער דיענער, וועלכען זיא האט מיטגענומען פון שלאָס ראַדעצק, האט זיך געלעגט שלאָפען ערגעץ אין א צימער. איהר קאַמערמעדכען איז אויך אנטשלאָפען געוואָרען זיצענדיג אין פאָרצימער. דיא גרעפין איז געבליעבען גאנץ אליין און האט געמוזט זיך לעגען שלאָפען.

דער ערקוויקענדער שלאָף איז אבער ניט געקומען. זיא האט זיך געקייקעלט אויף איהר געלעגער און האט ניט געקענט אנטשלאָפען ווערן. זיא האט געלאָזען דאָס ליכט ברענען אויף איהר טישעל, זיא האט מורא געהאט אויסצולעשען.

עס איז געוואָרען שפּעט, דיא גרויסע אַלט־מאָדישע וואַנד־אוהר האט אויסגעשלאָגען צוועלף.. ווען דיא גרעפין איז געקומען אין דער פריה אין שלאָס, איז דיא אוהר געשטאַנען. זיא האט באלד געהייסען איהר דיענער אנציעהען דיא אוהר און זיא לאָזען געהן.

— עס איז פרעהליכער אין שטוב, ווען דיא אוהר קלאַפּט רעגעלמעסיג איהר טיק־טאַק, האט זיא געזאגט צום דיענער.

יעצט האט דיעזע אוהר לאַנגזאַם און טרויעריג אויסגעשלאָגען איהרע צוועלף שלעג.

— גרויסער גאָט! האט דיא גרעפין אויסגערופען, עס איז שוין צוועלף אוהר און איך קען נאך ניט שלאָפען!

זיא איז אויפגעשטאַנען, האט געעפענט דאָס פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין דיא דונקעלע נאַכט. אלץ איז שטיל, רוהיג, שרעקליך, שווערהאַפט, אונהיימליך און ניט פריינדליך.

פּלוצלונג האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז אונטען געהט ווער, זיא האט געהערט דייטליך טריט פון א מענשען. זיא האט שנעל צוגעמאַכט דאָס פענסטער און האט זיך אומגעקוקט. — אלעס איז רוהיג.

— עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, האט זיא געזאגט און האט זיך צוריק געלעגט.

באלד האט זיא ווידער געהערט א גערייש פון שריט. דאָס מאָל האט זיא עס געהערט גאנץ דייטליך און איז אויפגעשפּרונגען מיט שרעק. א קאַלטער שוויס האט זיא בעדעקט און זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן.

זיא איז געלאָפען אין צווייטען צימער אויפוועקען איהר קאַמערמעדכען און איז געבליעבען שטעהן אויף דער שוועל, וויא פערשטיינערט. — פאַר איהר איז געשטאַנען א געשטאַלט אין א רויטען מאַנטעל מיט א ליכט אין דער האנד.

דיא גרעפין האט געוואָלט אנהייבען צו שרייען, איהר שטימע אבער איז פערקיהלט געוואָרען אין איהר האלז און זיא האט ניט געקענט אויסרעדען א וואָרט. וויא א מאַרמאָר בילד פון שרעק און איבעראַשונג איז זיא געשטאַנען אנגעשפּאַרט אן טהיר און האט זיך ניט געקענט ריהרען. זיא האט געוואָלט אוועקדרעהן איהר געזיכט, אום זיא זאל ניט זעהן דיא שרעקליכע געשטאַלט, זיא האט עס ניט געקענט. זיא האט

געוואלט פערמאכען דיא אויגען, זיא האט עס ניט געקענט. זיא האט געמוזט קוקען גלייך און זעהן פאר זיך דיא געשטאלט ארטהור'ס פאן באטהיאני, דעם מענשען, וועלכען זיא מיט איהרע פריינד האבען געבראכט אויפ'ן עשאפאט און האבען ביי איהם אוועקגערויבט דאס שלאס, אין וועלכען זיא געפינט זיך יעצט.

וואלט זיא געפאלען אין אהנמאכט, וואלט זיא ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר, וואלט איהר געווען פיעל בעסער. אויף איהר איז אבער אנגעפאלען א סארט קראמפף, א פאראליז; זיא האט אלעס געזעהן, אלעס געהערט און האט זיך דאך ניט געקענט ריהרען.

ארטהור איז געשטאנען אייניגע מינוט און האט געקוקט גלייך אויף דיא גרע־פין. דאן האט ער אויפגעהויבען זיין ליכט און האט זיא געלייכט גלייך אין דיא אויגען.

— איך בין עס, האט ער געזאגט, איך בין עס, ארטהור פאן באטהיאני. וואס האט איהר אזוי מורא פאר מיר? איהר האט דאך מיך שוין געבראכט אויפ'ן עשאַ־פאַט? וואס האט איהר אלזאָ מורא צו האבען פאר מיר? — זייט רוהיג, איך וועל אייך גאר ניט טאהן. איך בין קיין רויבער און קיין מערדער. איך רעספעקטירע דיא געפיהלע פון יעדען מענשען און וויל קיינעם ניט בעליידיגען און קיינעם ניט ערניעדע־ריגען. — איך וויל אייך שטעלען נור איין פראגע: וויא קומט איהר צו דיזען שלאָס?

דיא גרעפין האט זיך עטוואס בערוהיגט. זיא האט וועניגסטענס געהערט, אז דער גייסט וויל איהר ניט טאהן קיין שלעכטעס; זיא האט געהערט, אז דער גייסט רעדט, וויא א מענש. ער איז ניט בייז, ער שטעלט נור א פראגע.

— אונגליקליכער גייסט! האט זיא אויסגערופען, וויא איך זעה, קענסט דוא קיין רוהע ניט געפינען.

דענקענ, אז דאס איז א מענש; זיך פארשטעלען, אז דאס איז א לעבעדיגער באראָן פאן באַטהיאני; זיך איבערלעגען, אז א גייסט דארף קיין ליכט ניט און געהט ניט ארום דורך דיא נעכט, — האט דיא גרעפין ניט געקענט. זיא האט דאך גע־וואוסט, אז ארטהור איז טויט: זיא האט עס דאך אליין געלעזען אין דיא צייטונגען. טויט איז ער אלזאָ פאר געוויס און דאס איז זיין גייסט, זיין זעעלע. עס איז אבער א גוטער גייסט. ער איז געווען גוט ביים לעבען און איז גוט נאכ'ן טויט.

ארטהור האט אויך געפונען פאר נעטהיג צו שפיעלען דיא ראלע פון א גייסט. ער האט ניט געקענט און האט ניט געטאָרט זאגען אז ער איז קיין גייסט, אז ער איז ווירקליך דער לעבעדיגער באראָן פאָן באטהיאני פון פלייש און בלוט.

— איך קען ניט געפינען קיין רוה, האט ער געזאגט, שלעכטע מענשען האבען מיך געבראכט אויפ'ן עשאפאַט, דער פאר קען איך מיך ניט בערוהיגען. — זאגט מיר, וויא קומט איהר צו דיזען שלאָס?

— דאס שלאָס באטהיאני געהערט יעצט צו מיר, האט זיא געענטפערט.

— דאס ווייס איך, זייט ווען אבער געהערט עס צו אייך?

— זייט א פּאָר וואכען.

— וויא אַזוי קומט עס אבער צו אייך? ביי וועמען האט איהר עס געקויפט?

— דער באראָן נאַני האט עס מיר געשענקט.

— געשענקט? האט ארטהור איבערגעפרענט, וויא אזוי האט ער געקענט עס אייך שענקען?

— ער האט עס געקויפט.

— ביי וועמען?

— דער באראן נאַני האט עס אפגעקויפט פון'ם אדוואקאט נאוואק.

— וואס רעדט איהר? וויא איז דאס מעגליך? דער אדוואקאט נאוואק וואהנט דאך גאר אין בודאפעסט?

— ער איז געוועזן אין שלאס ראדעצק און האט ערקלערט, אז ער איז אייער איינציגער יורש. ער האט געוויזען דאקומענטען, אז ער איז אייער פערוואנדטער און אייער גאנצעס פערמעגען געהערט איהם.

ארטהור האט געוואלט איהר שטעלען נאך איינינע פראגען, ער האט אבער מורא געהאט, אז ווען ער וועט רעדען מיט דער גרעפין צו לאנג, וועט זיא אנהויבען צו פערשטעהן, אז ער איז קיין גייסט. דאס האט ער ניט געטארט טאה און האט עס ניט געקענט טאהן. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, וויא נוצליך און וויא נאטהווענדיג עס איז פאר איהם צו טראגען דיא מאסקע פון א גייסט.

— אייער מיה איז אומזיסט, האט ער געזאגט, אייער געלד איז ארויסגעווארפען. איהר וועט ניט וואהנען אין דיעזען שלאס, וואו מיינע עלטערן האבען געוואהנט. איך וועל אייך יעצט ניט שטערן, איך זאג עס אייך אבער און ווארן אייך, איהר זאלט ניט בלייבען דא אין שלאס. קיין פרעמדער, אויסער דעם, וועלכער טראגט דעם נאמען באַטהיאני, וועט אין דיעזען שלאס ניט וואהנען. — היט אייך אלזא פאר דיעזען שלאס, וויכט אוים דיעזעם שלאס, וויא ווייט איהר קענט!

נאך עפעס, דאן וועל איך מיר אוועקנעהן. זאגט אייער זוהן מאקס, ער זאל אויפהערן צו דענקען פון עלוויראַ'ן. זיא איז ניט בעשטימט פאר איהם. זיא האט מיר געשווארען ליעבע און טריינ ביז איבערן טויט און זיא וועט עס האלטען. זיא וועט קיינעם ניט הייראטהען. איך וועל עס ניט דערלאזען. ווען אייער זוהן איז ביי אייך טהייער, ווארנט איהם, צווינגט איהם, ער זאל זיך אפזאגען פון עלווירא טאקקי.

דיא גרעפין האט געשוויגען. וואס האט זיא געקענט ענטפערן א גייסט? עס איז צוואר א גוטער גייסט, אן עהרליכער גייסט, א מילדער גייסט. — עס איז אבער דאך א גייסט און ער האט איהר געזאגט זאכען, וועלכע זיא האט זעהר גוט געפיהלט, אז ער האט רעכט. זיא אליין האט אין דער לעצטער צייט איינגעזעהן, אז מאקס דארף ניט הייראטהען עלוויראַ'ן. זיא אליין וואלט איהם אפגעראטהען דערפון, ווען נאַני זאל זיא ניט געוועזן צווינגען.

זיא איז געקומען וואינען אין שלאס באַטהיאני ניט מיט איהר גוטען ווילען. זיא האט אויך גאר ניט גערעכנט דא צו וואינען. זיא איז געקומען אהער אויס קאפריז און איז געוועזן זיכער, אז נאַני וועט באלד אנקומען און וועט זיא נעהמען אהיים. ליידער, איז ער ניט געקומען.

ארטהור איז נאך געשטאנען איינינע מינוט און האט געווארט אויף אנטווארט.

אזוי וויא דיא גרעפין האט געשוויגען, האט ער זיך אויסגעדרעהט און איז אראפּגעגאנגען אין קעללער. דיא טהיר האט זיך פערמאכט מיט א שרעקליכען טראסק. ארטהור איז פערשוואונדען געווארען.

אין איינינע מינוט ארום איז ער ווידער געשטאנען אויפ'ן פרייען פעלד פארן שלאס.

— אזוי? האט ער געזאגט צו זיך אליין, נאוואק איז שוין געווארען מיין פערוואנדערטער און מיין ערבע (יורש)? דא ליענט אלזא דער הונד באגראבען? נאוואק און נאני זיינען דיא בעסטע פריינד. מען האט זיך פריהער אפגערעדט, אז מען זאל מיך ברענגען אויפ'ן עשאפאט. דיעזע ביידע שורקען האבען עס מיר אונטערווארפען דאס פאלשע געלד! יעצט פערשטעה איך. פאר וואס דער גוטער נאוואק האט מיר אזוי שטארק פערטהיידינט. ער האט געוואלט, מען זאל מיך פעראורטהיילען צום טויט. ער האט געוואלט צונעהמען מיין פערמעגען. דא מוז נאך עפּעס זיין. — אך, נעארגז! גוטער, ליעבער נעארגז! ווען וועסט דוא שוין אמאל צוריקקומען?

7טער קאפיטעל.

## אפלעגען דיא האבצייט.

אין ארימען שטיבעלע פונ'ם גייסטליכען פון דארף טשעמני שטעהט אן אלטער מאן און ווארט. דער גייסטליכער איז ערגעץ אוועקגעגאנגען און דער אלטער מוז ווארטען. ער איז אונרוהיג און קוקט אונגעדולדיג אין פענסטער. ענדליך איז דער גייסטליכער געקומען. ער האט דערזעהן דעם אלטען, האט איהם פריינדליך אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט געזאגט:

— וואס מאכט איהר, אלטער? מיר האבען זיך שוין לאנג ניט געזעהן.

— עס איז גאר ניט אזוי לאנג, וויא איהר מיינט, האט דער אלטער געענטפערט טרויעריג.

— וואס פערלאנגט איהר עפּעס יעצט, ליעבער פריינד? איהר זייט דאך ניט געקומען צו מיר אהן איין אורזאכע.

— איז אין אייערע ביכער שוין פערשריעבען, אז דיא גרעפין עלווירא פאן טאקקי וועט באלד הייראטהען? האט איהר עס שוין געמעלדעט אין דער קירכע?

ביי דיא קאטוליקען איז איינגעפיהרט, אז יעדע הייראטה מוז דריי מאל געמעלדעט ווערן אין דער קירכע. יעדען זאנטאג, ווען אלע זיינען פערזאמעלט אין דער קירכע, מעלדעט דער גייסטליכער, אז אין צווייא אדער אין דרייא וואכען ארום וועט דיעזער און דיעזער הייראטהען דיעזע און דיעזע. דאס געזעץ שרייבט פאר, אז יעדע הייראטה מוז אנגעמעלדעט ווערן דרייא מאל.

דיעזעם געזעץ, ריכטינער געזאגט, דיעזער מנהג, איז איינגעפיהרט געווארען דארום, אז אין פאל איינער וויים עפּעס, פאר וואס דיעזע הייראטה קען ניט אדער דארף ניט שטאטפינדען, זאל ער עס מעלדען. יעדער מענש האט אין אזא פאל דאס רעכט צו קומען צום גייסטליכען און איהם ערקלערן, אז דיעזער טאר ניט הייראַ־יענע אוים דיעזער אורזאכע.

וויא מיינע לעזער זעהן, איז עס איינענטליך א גאנץ גוטע זיטע. לאז דיא וועלט וויסען פאראויס, ווער עס וויל הייראטהען. פיעלייכט קומט פאר אן אונגערעכטיגקייט אדער א פערברעכען.

ליידער, האלטען זיך דיא קאטוילישע גייסטליכע ניט גאנץ שטרענג אן דיעזע זיטע (מנהג). איך רעד שוין ניט, אז פאר געלד קען מען ביי זיי אלעס מאכען; זיי מורמלען אפ דיא נעמען פון דיא מענשען, וועלכע ווילען הייראטהען אזוי שטיל און אונטער דער נאָז, אז קיינער הערט זיי ניט. דער קאטוילישער גייסטליכער לעבט פון דיא אכצייטען. ער וויל ניט פערליערן זיין געלד.

איך האב געמוזט געבען דיעזע ערקלערונג מיינע אידישע לעזער, ווייל זאנסט וואלטען זיי ניט פערשטאנען דאס געשפרעך צווישען גייסטליכען און דעם אלטען.

— מארגען איז דער לעצטער זונטאג, האט דער גייסטליכער ערקלערט.

— קענט איהר ניט מאכען, אז מען זאל אפלעגען דיא אכצייט? האט דער אלטער געפרעגט. פיעלייכט קענט איהר עס מארגען ניט מעלדען אין דער קירכע.

— דאס קען איך ניט. איך האב זיא שוין צווייא מאל געמעלדעט. איך מוז זיא מעלדען צום דריטען מאל.

— פיעלייכט קענט איהר עפעס אויסגעפינען אנאנדער מיטעל, וויא אזוי אפצר לעגען דיא אכצייט? האט דער אלטער ווייטער געפרעגט.

דער גייסטליכער האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— איך קען דא גאר ניט העלפען, האט ער געזאגט. ווען דאס פאר פאלק וויל זיך איינער דעם אנדערן, קען איך גאר ניט טאהן.

— ווען זיי ווילען זיך אבער ניט?

— דאן מוזען זיי עס מיר מעלדען. ווען זיי מעלדען עס מיר ניט פאר דער אכצייט, קענען זיי עס טאהן אין דער צייט, ווען איך פיהר אויס דיא טרויאונגס צערעמאניע. איך מוז דאן פרעגען יעדען בעזונדער, אויב ער וויל הייראטהען דעם אנדערן. דאמאלס האט יעדער פון זיי דאס רעכט צו זאגען „יא“ אדער „ניין“.

— נון, דאן האף איך, אז זיא וועט זאגען: ניין! — אך, ליעבער פריינד! איהר ווייסט זעהר גוט, וואס אין דער לעצטער צייט האט זיך איבערגעטראגען אין אונזער געגענד. ווען איך זאל דארפען רעדען, וואלט פיעלעס אנדערש געווען. איך מוז אבער זיין שטום. איך מוז זיין פאר יעדען דער שטומער בעטלער. איך מוז זיין טויב און שטום פאר דער גאנצער וועלט. וואס קען איך העלפען? וואס קען איך טאהן? איך בין געקומען אייך בעטען, איהר זאלט זיך בעסער צוקוקען צו אלעס, וואס דיעזער באראָן נאגי און דיעזע זאנדערבארע גרעפין פאן ראדעצקי, ריכטיגער געזאגט, באראנעסע פאן נאגי טהוען עפעס. דא איז ניט אלעס אין ארדנונג. דאס הייראטהען פונ'ם באראן נאגי איז אויך זעהר זאנדערבאר. פאר וואס איז זיא געשעהן אזוי רוהיג און אזוי שטיל? ווען אלעס זאל געווען צוגעהן אויף א גלאטען וועג, וואלט זיי זיך ניט געדארפט בעהאלטען.

— זייט רוהיג, אלטער פריינד! איך וועל שוין גוט אכטונג געבען אויף דיעזעס

נייע פאר פאלק. איך האב אליין א שטיקעל אינטערעסע זיך צו צוקוקען צו אלעס וואס זיי טהוען.

— ווייסט איהר, פריינד, אז דאס שלאס באטהיאני געהערט שוין צו דער גרעפין ראדעצקי, ריכטיגער געזאגט, צו דער באראנעסע נאני פאן האללאוואי? זיא האט זיך שוין אריינגעצויגען אין שלאס. — וואס קומט דארט פאר? ניט לאנג האט מען דארט ערמארדעט צווייא מענשען. זייט זעקס הונדערט יאהר איז דיעזעס הויז צום ערשטען מאל בעפלעקט געווארען מיט מענשען בלוט. ווער האט בעגאנגען יענעם מארד? — מען זאגט, אז אין דער געגענד געפינט זיך א רויבער באנדע. דאס איז ניט וואהר. דאס איז א ליגען. דאס קען ניט זיין. אין אונזער געגענד איז שטיל. קיין רויבער און מערדער האלטען זיך דא ניט אויף. דא איז עטוואס אנדערש. — אבער גענוג! מיר וועלען נאך רעדען דערפון. — יעצט וויל איך אייך נור פרעגען: אויב עס זיינען אויס־געפיהרט געווארען אלע פארמאליטעטען. וועלכע זיינען נעטהיג פאר דיא האכצייט פו דער גרעפין עלווירא מיט מאקס ראדעצקי?

— עס איז אלעס אין דער בעסטער ארדנונג, האט דער גייסטליכער ערקלערט. איך קען נאר ניט איינווענדען געגען דיעזע האכצייט. — זאגט מיר אבער, זאנדערבא־רער גרייז, פאר וואס ווילט איהר אלזא, אז דיעזע האכצייט זאל אפגעלעגט ווערן אדער זאל גאר ניט שטאטפינדען? וואס פאר אן אורזאכע האט איהר צו ווינשען, אז דער גראף ראדעצקי זאל ניט הייראטהען עלווירא פאן טאקקי?

דער אלטער מאן האט זיך פערטראכט איינינע אויגענבליקע. עס איז געווען דייטליך, אז עס איז איהם געווען אונאנגענעהם צו זאגען, פאר וואס ער אינטערעסירט זיך אזוי שטארק אין דיעזער אנגעלעגענהייט.

— איך בעדויער זעהר דיא גרעפין עלווירא, האט ער דאן געזאגט. איך גלויב ניט, אז זיא זאל זאגען אין דער קירכע, אז זיא וויל הייראטהען מאקס פאן ראדעצקי.

— ליידער, קענט איהר דארויף ניט רעכענען, האט דער גייסטליכער בעמערקט, וויא מען האט מיר געזאגט, געפינט זיך דיא גרעפין עלווירא אין אזא צושטאנד, אז עס איז אונמעגליך צו זאגען, אויב זיא ווייס, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. איך וויים אז זיא איז קראנק. זיא קען ניט פערגעסען איהר ברייטיגאם, דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני.

דער אלטער מאן איז נאך געשטאנען איינינע מינוט און האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ. פלוצלונג האט ער געגעבען דעם גייסטליכען דיא האנד און איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון צימער.

— זאנדערבארער מאן! האט דער גייסטליכער אויסגערופען. ווער ביסט דוא און וואס פערלאנגסט דוא? דוא ביסט ניט קיין בעטלער, דוא ביסט ניט שטום; דוא טראגסט אין הארצען א געהיימניס, וועלכעס דוא ווילסט קיינעם ניט זאגען אדער דוא קענסט קיינעם ניט זאגען. — עס איז טרויעריג צו לעבען אזוי! עס איז שרעקליך!

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און א בויער פון דאָרף איז אריינגעקומען.

— נו, וואס ווילסט דוא עפעס זאגען, יאהאן? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— הערר גייסטליכער, ביי אונז אין דארף איז ניט אלעס אין ארדנונג.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? פאר וואס איז ניט אלעס אין ארדנונג?

— עפעס איז ניט גלאט.

— וואו איז ניט גלאט? וואס איז ניט גלאט? רעד דייטליך. וואס איז שוין נייעס?

— אין טהורם פון טשעמני האלט זיך אויף א ניטגוטער.

— וואס רעדסט דוא, יאהאן?

— יא, הערר גייסטליכער, האט יאהאן געענטפערט. שוין צוויי מאנאטע זיינען פערגאנגען, זייט דער הענקער איז ארויסגעפאהרען פון יענעם טהורם. זייט דאמאלס פלעגען מיר גאנץ רוהיג פארבייגעהן פאר דיזען טהורם און מיר האבען קיין מורא ניט געהאט. נעכטען ביי נאכט בין איך און פאול פארבייגעגאנגען לעבען טהורם. פלוצלונג האט זיך געעפענט דאס טהירעל און א הויכער מאן אין א רויטען מאנטעל איז ארויסגעקומען פון טהורם. דאס איז געווען א ניטגוטער. איך קען דארויף שווערן. ער איז געווען אזוי הויך און אזוי גרויס, אז עס איז געווען א שרעק אנצוקוקען. איהר וועט מוזען גוטען, ער זאל זיך מעהר ניט ווייזען אין דיעזער געגענד.

— דוא האסט געוויס צו פיעל זיך געלעבט מיט א פלאש שנאפס, ווען דוא האסט איהם געזעהן, האט דער גייסטליכער געענטפערט מיט א געלעכטער. אין אונזער געגענד זיינען ניטא קיין גייסטער, ניטא קיין ניטגוטע און ניטא קיין הענקער.

— ניין, הערר גייסטליכער, ניין! איך האב ווירקליך געזעהן א ניטגוטען. איך בין ניט געווען בעטרונקען נעכטען ביי נאכט. פאול איז אויך ניט געווען בעטרונקען. מיר האבען געזעהן דעם ניטגוטען זעהר גוט. ער איז געגאנגען אויפ'ן וועג צום שלאס באטהיאני. מיר האבען זיך אזוי דערשראקען, אז מיר זיינען אנטלאפען געווארען אהן אן אטהעם.

— געה אהיים און בערוהיג דיך, האט דער גייסטליכער געזאגט. דער ניטגוטער וועט אונז ניט שאדען. מיר האבען קיין מורא ניט פאר ניטגוטע.

דער גייסטליכער האט געזעהן צו בערוהיגען דעם בויער, וויא וויט ער האט געקענט. ביי זיך אין הארצען אבער האט ער געטראכט, אז דער בויער האט ווירקליך עפעס געזעהן.

## 8טער קאפיטעל.

# דאס צעטעלע.

זייט עלווירא האט געהערט ארטהורס שטימע ביי נאכט, איז זיא געווארען אונרוהיג. זיא פלעגט זיך רייסען ארויסצוגעהן אין דיא פעלדער און דיא וועלדער זוכען ארטהור'ן, איהר מוטער אבער פלעגט זיא ניט לאזען ארויסגעהן פון שלאס. זיא האט זיא געהאלטען, וויא א געפאנגענע.

מוטער און טאכטער האבען אנגעהויבען בייז צו ווערן איינע אויף דיא אנדערע. זיי פלעגען אפט גאנצע טעג ניט רעדען מיט אנאנדער. עלווירא איז געווארען אויפגערעגט און אונצופריעדען. איהר מוטער דאגעגען איז געווארען שטרענג און הארט.

איינינע שטונדען נאכדעם, וויא דער אלטער מאן איז אוועקגעגאנגען פון דעם גייסטליכען, איז דער שטומער בעטלער געקומען אין שלאס טאקקי. שטענדיג פלעגט ער קומען נור אין קיך אדער אין צימער, וואו דיא דיענער פלעגען זיך אויפהאלטען. דאס מאל אבער איז ער אריינגעגאנגען אין גרויסען זאל, וואו עלווירא איז געזעסען אין איין ווינקעלע און איהר מוטער איז געזעסען אין אנאנדער ווינקעלע.

קוים איז דער שטומער בעטלער אריינגעקומען אין זאל, איז דיא גרעפין טאקקי אויפגעשפרונגען, האט אנגעהויבען זיך צו בייזערן און צו שרייען אויף איהם.

— וואס איז דאס? האט זיא געשריען. ווער האט עס אריינגעלאזען צו מיר אין זאל דעם בעטלער? ארויס פון דאנען!

זיא האט איהם צוגעווארפען א קליינע מטבע און האט איהם געוויעזען, אז ער זאל ארויסגעהען. דער שטומער בעטלער האט אנגעהויבען צו מאכען עפעס צייכענס. וועלכע דיא גרעפין האט ניט פערשטאנען, און איז ניט ארויסגעגאנגען.

עלווירא איז צוגעגאנגען צו איהר מוטער און האט אנגעהויבען צו בעטען, אז זיא זאל דעם שטומען בעטלער ניט ארויסווארפען.

— וואס ווילסט דוא פון איהם האבען? האט זיא אויסגערופען. ער איז דאך אן אונגליקליכער. וואהרשיינליכער וויל ער עפעס און קען עס ניט ארויסזאגען. לאז מיר נור רעדען מיט איהם.

זיא האט גענומען דעם אלטען מאן ביי דער האנד און האט אנגעהויבען צו איהם צו רעדען און מאכען איהם צייכענס.

— וואס ווילסט דוא עפעס זאגען, אלטער מאן? האט זיא איהם געפרעגט. איך וויים, אז דוא האסט ליעב געהאט מיין ארטהור. איך וויים, אז דוא האסט געפיהלט, וויא איך האב איהם געליעבט און וויא ער איז ווערטה געווען, אז מען זאל איהם ליעבען. וואס ווילסט דוא מיר עפעס זאגען?

דער שטומער בעטלער האט שטילערהייט דערלאנגט עלוויראן א צעטעלע. ער האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה, אז דיא גרעפין זאל עס ניט זעהן, זיא האט עס אבער דאך דערזעהן.

— וואס האט ער דיר געגעבען, עלווירא? האט זיא אויסגערופען, גיב עס אהער! איך וויל זעהן, וואס דארט איז אנגעשריעבען.

— איך וועל דיר עס ניט געבען, מוטער! האט עלווירא געזאגט ענטשלאָסען.

זיא האט בעהאלטען דאס צעטעלע אין בוזים און האט געווארפען א שטרענגען בליק אויף איהר מוטער.

דיא גרעפין פאן טאקקי האט געוואלט זיך ארויפווארפען אויפ'ן שטומען בעטלער און איהם שלאגען, דער שטומער בעטלער איז אבער פערשוואונדען געוואָרען. זיא האט אנגעהויבען צו טאנצען פאר צאָרן.

— שלעכטעס קינד! האט זיא אויסגערופען, אזוי וויט איז שוין געקומען? דוא ווילסט מיך שוין גאר ניט פאלגען? דוא ווילסט שוין גאר ניט הערן, וואס איך היים דיר? דוא בעקומסט שוין געהיימע בריוועלעך? —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען א דיענער.

— וואס דארפסט דוא? האט דיא גרעפין געפרעגט בייז.

— עס איז געקומען א מענש פון שלאס ראדעצק מעלדען, אז דער יונגער גראף איז נור וואס געקומען צופאהרען פון בודאפעסט. ער וועט באלד קומען אהער זעהן זיין ליעבע בראוט און זיין ליעבע שווינגער מוטער.

דיא גרעפין האט זיך דערפרעהט. עס איז איהר געווען אנגענעהם וואס מאקס איז ענדליך געקומען. עס וועט וויעדער זיין פרעהליך און עלווירא וועט וויסען, אז זיא האט שוין ניט מעהר וואס צו האפען. זיא מוז הייראטהען מאקסן.

עלווירא האט אויסגעהערט גאנץ רוהיג, וואס דער דיענער האט געמעלדעט, און האט געוואלט אוועקגעהן אין איהר צימער, דיא גרעפין האט זיא צוריקגערופען.

— וואוהין געהסט דוא, עלווירא? האסט דוא דע ניט געהערט, אז דיין ברייטינאם איז געקומען? ער וועט באלד קומען אונז בעזוכען, מיר מוזען זיך פארבערייטען איהם צו עמפפאנגען.

— איך האב יעצט קיין צייט ניט זיך צו פרעהען, האט עלווירא געענטפערט מיט א שמייכעל. שפעטער, מוטער, שפעטער! איך וועל נאך צייט האבען זיך צו פרעהען מיט איהם.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארייננעלאפען צו זיך אין צימער און האט פערריענעלט דיא טהיר. זיא איז געווען אונגעדולדיג און נייגיעריג צו וויסען, וואס פאר א נאכריכט דער שטומער בעטלער האט איהר געבראכט.

זיא האט צונומען דעם בויגען פאפיער און האט געלעזען פאלגענדעס:

„אן אלטער פריינד מאכט אייך אויפמערקזאם, אז אין דער לעצטער צייט
„זיינען פארגעקומען וויכטיגע נאאיגקייטען. עס זיינען פארגעקומען זאכען, וועלכע
„איהר וואלט אויף קיין פאל ניט געגלויבט, ווען מען זאל עס אייך דערצעהלען.
„איהר וועט באלד הערען זאכען, וועלכע וועלען אייך איבערראשען. ער ראטה
„אייך דערפאר, איהר זאלט זיך האלטען פעסט און זאלט זעהן, אז אייער האכצייט
„מיט'ן גראף מאקס פאן ראדעצקי זאל ניט געשעהן אזוי גיך. ווען איהר וועט עס
„דורכזעצען, קענט איהר האבען דיא בעסטע האפנונגען. איהר קענט האפען אויף
„זאכען, וועלכע איהר האט אין טרוים ניט געזעהן. מעהר קען אייער פריינד יעצט
„אייך ניט זאגען. גלויבט איהם! האט צוטרויען צו איהם! ער מיינט עס גוט
„מיט אייך".

עלווירא האט איבערגעלעזען דאס צעטעלע אדער דעם בריעף איין מאל און צוויא מאל. זיא האט געגלויבט דעם אונבעקאנטען פריינד. זיא האט נאך ניט געוואוסט, וואס זיא קען האפען. זיא האט אבער דאך געהאפט. דיא האפנונג איז דאך א פונק פון הימעל, וועלכער בעלייכטעט אונזער פינסטערניס, דערווארמט אונזער הערץ און דערפרישט אונז. אין דעם זאנדערבארען בריעף, וועלכען דער שטומער בעטלער האט איהר געבראכט, איז דאך גאר קיין זיכערעס נישט געווען. מען האט דאך פון איהם ניט געקענט וויסען: וואס זאל זיא האפען? אויף וועמען זאל זיא האפען? דענאך האט זיך עלווירא געפיהלט בערוהיגט און האט אנגעהויבען צו האפען. גויא

א שווערער שטיין איז איהר אראפּגעפאלען פון הארצען. זיא האט זיך געפיהלט דער־קוויקט און בעלעבט.

— גוטער, אלטער מאן! האט זיא אויסגערופען, פאר וואס האט נאט ביי דיר צוגענומען דיא שפּראכע? פאר וואס קענסט דוא ניט רעדען און מיר ערקלערן, וואס עס איז פארגעקומען אין דער לעצטער צייט און אונזער געגענד? פאר וואס בין איך ניט אים שטאנד דיר צו דאנקען? ווער ביסט דוא, וואס דוא אינטערעסירסט זיך אזוי אין מיר? פון וואנען קענסט דוא מיך אזוי? — ווער איז דער אלטער פריינד, וועלכער שיקט מיר שוין דעם צווייטען מאל אזעלכע נאכריכטען. —

אין דיעזע מינוט האט מען געקלאפּט אין איהר טהיר. עלווירא האט געפרעגט ווער עס איז, איהר מוטער האט געענטפערט, אז זיא וויל מיט איהר רעדען. עלווירא האט געעפענט און איהר מוטער איז אריינגעקומען.

— דוא האסט מיך פריהער שטארק בעליידיגט, עלווירא. איך וואלט געדארפט בייז זיין מיט דיר. איך וויל עס אבער ניט. איך וויל מיך ניט צוקריעגען מיט דיר איינינע טעג פאר דיין האכצייט. צו דיין האכצייט איז אין גאנצען נאך פינף טעג. איבעראכטאגען דאנערשטאג וועסט דוא הייראטהען דעם גראף מאקס פאן ראדעצקי אין דער קירכע פון דארף טשעמני. מיר האבען שוין אלעס אפּגערעדט.

— איז דאס דיין לעצטעס וואָרט, מוטער?

— געוויס, טאָכטער.

— נון, דאן וועל איך דיר אין איינינע טעג ארום זאגען, וואס איך האב בע־שלאָסען.

— וואס רעדסט דוא? וואס מיינסט דוא דערמיט?

— איך רעד, וואס איך וויים און דוא מעגסט זיך אליין ערקלערן, וואס איך מיין דערמיט.

— אזוי רעדסט דוא עס מיט דיין מוטער? האט זיך דיא גרעפין געקאָכט.

— איך רעד צו דיר, וויא דוא רעדסט צו דיין טאָכטער.

דיא גרעפין פאן טאָקקי איז אזוי בייז געווארען, אז זיא האט א קלאפּ געטאהן מיט דער טהיר און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

### 9טער קאפּיטעל.

## צוריק קיין ראדעצק.

מיר מוזען זיך יעצט אומקעהרן צו דער גרעפין ראדעצקי. מיר האבען זיא איבערגעלאזען אין דעם גרעסטען שרעק, ווען ארטהור איז אראפּגעלאפען אין קעללער און איז ארויסגעגאנגען פון שלאָס.

דיא גרעפין איז געבליעבען שטעהן איינינע צייט, וויא פערשטיינערט. זיא האט געזעהן ארטהורס גייסט מיט איהרע איינענע אויגען; זיא האט געהערט זיין שטימע גאנץ דייטליך. זיא איז צוואר געווען זיכער, אז דיעזע נאכט וועט ער שוין מעהר ניט קומען. זיא האט אבער דאך געציטערט, וויא אין א פיעבער.

איינינע מאל איז איהר פארגעקומען, אז דאס איז גאר ניט געווען ארטהור'ס

ווייסט, אז דאס איז ער אליין געווען, א לעבעדיגער. זיא האט דאך איהם געזעהן גאנץ דייטליך. אזוי ווייזט ניט אוים א גייסט. באלד אבער האט זיא זיך איבערלעגט, אז ער איז דאך טויט. זיא האט דאך אליין געלעזען אין דיא צייטונגען, אז ער איז טויט. — זיא מוז זיך איבערצייגען.

זיא איז אריינגעקומען אין צווייטען צימער און האט אויפגעוועקט איהר קאמער-מעדכען. ווען דאס מעדכען איז אויפגעשטאנען און האט זיך אויסגעריעבען דיא אויגען, האט דיא גרעפין זיא געפרעגט:

— האסט דוא געהערט עפעס א רעש אין שלאס?

— איך האב גאר נישט געהערט.

— האסט דוא ניט געהערט עפעס א שטימע?

— איך האב קיין שטימע ניט געהערט.

— האט זיך דיר ניט אויסגעוויעזען, אז א מענש געפינט זיך אין צימער?

— ניין, גנעדיגע פרוי, איך וויים פון גאר נישט.

— שטעה אויף און קום אין מיין צימער.

דאס קאמערמעדכען איז אויפגעשטאנען און האט זיך געזעצט אויף א שטוהל לעבען דער גרעפינס בעט.

דיא גרעפין האט זיך צוריק געלעגט. זיא איז אבער ערשט גאנץ פריה אנטשלא-פען געווארען מיט אן אונרוהיגען שלאף. זיא איז געשלאפען הארט און שווער. פון צייט צו צייט האט זיא זיך א ווארף געטאהן, גלייך וויא זיא האט געוואלט ערגעץ אנטלויפען.

אום ניין אוהר אין דער פריה האט זיא דאס קאמערמעדכען אויפגעוועקט און האט איהר געמעלדעט, אז דער באראן נאגי איז געקומען און וויל עפעס מיט איהר רעדען. דיא גרעפין האט זיך אויפגעכאפט, וויא אן אפגעבריהטע און האט זיך שנעל אנגעטאהן. זיא האט געוואלט אנטלויפען פון דיעזען שלאס, וויא פון דער פעסט.

נאגי איז אריינגעקומען לוסטיג און פרעהליך, גלייך וויא עס וואלט גאר נישט פארגעקומען צווישען זיי, האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען דער גרעפין און האט געזאגט:

— גוטען מארגען, אייזשעניע! האסט דוא גוט געשלאפען?

דיא גרעפין האט געשוויעגען. זיא האט געוואלט זיך פערשטעלען, אז זיא איז בייז אויף איהם.

— ליעבע אייזשעניע, איך זעה, אז דיר געפעלט זעהר גוט דאס שלאס באטהיאני און איך וואלט דיך געלאזט דא וואהנען. עס איז אבער יעצט ביי אונז אזא צייט, ווען דוא מוזט זיין אין שלאס ראדעצק און זיין דיא ווירטהין פון'ם שלאס. דוא וועסט אלזא מוזען מיר פערצייהען און פאהרען מיט מיר צוריק אהיים. מיין קארעטעווארט אין דרויסען.

דיעזע ווערטער זיינען געזאגט געווארען אזוי הארט און אזוי שארף, אז דיא גרעפין האט פערשטאנען, אז נאגי בעט זיא ניט, — ער הייסט איהר פאהרען אהיים.

— איך וועל ניט פאהרען קיין ראדעצק, ביז דוא וועסט מיר ניט זאגען, וואס דוא געהערסט זיך אן מיט'ן הענקער, האט זיא בראבירט ענטפערן.

— דוא מוזט פאהרען! האט נאני געענטפערט רוהיג. איך וועל דיר אנאנ־דער מאל אלעס ערקלערן. יעצט מוזען מיר זיין גוטע פריינד.

עס האט ניט געהאלפען. דיא גרעפין האט זיך געמוחט איבערבעטען מיט איהר טהייערן מאן, זיא וואלט אלענפאלס ניט געשלאפען אין שלאס באטהיאני נאך א נאכט, ווען מען זאל איהר געבען מיליאנען.

באלד האבען מאן און פרוי געערדט פריינדליך און צוטרויליך, גלייך וויא זיי וואלטען זיך קיין מאל ניט געקריעגט.

— דוא ביסט ווירקליך א בראווע פרוי, אייזשעניע, האט נאני איהר געזאגט א קאמפלימענט. איך־וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז דוא וועסט זיין בעהארצט צו שלאפען אליין אין שלאס באטהיאני.

— איך וועל עס אויך אויף קיין פאל מעהר ניט טאהן, האט דיא גרעפין גע־ענטפערט. איך וועל בעסער שלאפען אין דעם שמוציגען שטיבעלע פון א בויער, אלס אין דיעזען שלאס.

— פאר וואס איז עס, אייזשעניע?

— אך, פרעג ניט! האט דיא גרעפין אויסגערופען. איך קען ניט בלייבען אין דיעזען שלאס! אויף קיין פאל ניט!

— וואס איז מיט דיר? וואס איז דא פארגעקומען?

דיא גרעפין האט איהם דערצעהלט, וואס עס האט מיט איהר פאסירט פאריגע נאכט. נאני האט אויסגעהערט אלעס גאנץ אויפמערקזאם און האט אויסגערופען:

— דוא האסט געטרוימט, אייזשעניע! עס האט זיך דיר אויסגעוויעזען. דער גייסט פון באראן פאן באטהיאני האט ניט געקענט קומען אזא ווייטען וועג אום דיך איבערצושרעקען.

— ניין, נאני, איך האב ניט געטרוימט; איך האב איהם געזעהן גאנץ דייטליך, וויא איך זעה יעצט דיך. איך האב געזעהן, וויא ער איז דא געשטאנען. איך האב געזעהן, וויא ער איז דא אראפגעגאנגען אין אבגרונד.

נאני האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו דעם ארט, וואו דיא גרעפין האט איהם געוויעזען אז ארטהור איז פערשוואונדען געווארען. ער האט אבער גאר נישט געפונען. וואלט ער גענאנגען אביסעל ווייטער, אין צווייטען צימער און וואלט זיך בעסער צוגעקוקט, וואלט ער געווים געפונען דיא טהיר אין קעללער אריין. ער איז אבער געווען נור אין ערשטען צימער. דא האט ער גאר ניט געפונען.

— עס האט זיך דיר אויסגעוויעזען, אייזשעניע. דוא האסט גאר ניט געזעהן. און עכטער, אנשטענדיגער גייסט וואלט דאך ניט געדארפט פרעגען, וויא אזוי איך בין געקומען צו דיעזען שלאס. אזא גייסט וואלט עס דאך אליין געוואוסט. אויסער דעם האסט דוא מיר דערצעהלט, אז ער האט געטראגען א רויטען מאנטעל. דאס איז אויך עפעס ניט גלאט. א רעכטער גייסט געהט אנגעטאהן אין ווייסע אדער אין שווארצע קליידער. רויטע קליידער טראגט ער קיין מאל ניט. איך הער עס צום ערשטען מאל אין מיין לעבען, אז א גייסט זאל גאר טראגען רויטע קליידער.

— דוא מעגסט לאכען, נאני, האט דיא גרעפין זיך אפגערופען, איך זאג דיר

נאך א מאָל, איך האב איהם אליין געזעהן און האב מיט איהם גערעדט, וויא איך רעד יעצט מיט דיר. איך וויים ניט, וויא א גייסט דארף זיין אנגעטאהן. איך האב איהם אבער געזעהן.

— נוּ, גוט, אייזשעניע! איך גלויב דיר, אז דוא האסט געזעהן א גייסט. איך וועל איהם נאכשפירען. איך וויל איהם אויך זעהן. — וועה דעם גייסט, וועלכער וועט קומען צו מיר אזוי נאהענט, אז איך וועל איהם קענען דערשטעכען! לאמיך איהם נור איין מאל זעהן. ער וועט שוין דאס צווייטע מאל ניט קומען. — אבער גענוג רעדען פון גייסטער! — קום, אייזשעניע, לאמיר פאהרען אהיים.

אייזשעניע האט זיך שנעל אנגעטאהן און אין איינינע מינוטען ארום זיינען ביידע געפאהרען צום שלאס ראדעצק.

וויא גליקליך איז געווען דיא גרעפין, ווען זיא איז געקומען אהיים און האט גע־פונען מאקסען. זיא האט איהם ארומגענומען, האט איהם געקושט און האט זיך געפרעהט מיט איהם, וויא א קינד. מאקס אבער איז געווען שטיל, פערטראכט און אונרוהיג.

— וואס איז דיר, מאקס? פאר וואס ביזט דוא אזוי בעטריעבט? פאר וואס ביסט דוא אזוי אונרוהיג?

איינינע צייט האט מאקס געשוויגען און האט ניט געוואלט זאגען. דיא גרעפין אבער האט איהם ניט געלאָזט רוהען.

— מוטער, האט ער ענדליך געזאגט, ווען איך בין געקומען צופאהרען היינט גאנץ פריה, האט מיך בעגעגענט דער שטומער בעטלער. ער האט מיך אויפגעהאל־טען און האט מיר געמאכט עפּעס צייכענס, וועלכע איך קען ניט פערשטעהן. עפּעס האב איך אבער מורא פאר איהם. ער האט אויפגעהויבען דיא פויסטען און האט געווינקט און האט געדראָהעט, אז איך האב מיך דערשראקען.

— אך, קינד! פאר וועמען האסט דוא זיך דערשראָקען? — פאר אן אונגליק־ליכען שטומען בעטלער! — הער אויף צו רעדען אזעלכע נארישקייטען. געה בעסער צו דיין ליעבער בראוט. דארט וועסט דוא זיך צערשטרייען און וועסט פערגעסען דעם שטומען בעטלער.

זיא האט איהם אזוי לאנג איינגערעדט, ביז ער איז געווארען פרעהליכער און האט נ שיקט א דיענער אין שלאס טאקקי מעלדען, אז ער וועט באלד קומען. — —

עלווירא איז געזעסען אין איהר צימער און האט בעטראכט דעם בריעף, וואס דער שטומער בעטלער האט איהר געבראכט. זיא האט איהם איבער געלעזען צום צעהנטען מאל און האט אלץ געזוכט אויסצוגעפינען דעם פערבאָרגענעם זינן פון דיעזען זאָנדערבארען בריעף.

— האָפען? האט זיא געזאגט צו זיך אליין. ער שרייבט מיר, איך זאל האָפען. וואס קען איך דען האפען? ער איז דאך טויט? וואס פאר א האפנונג קען איך דען האבען? — ער שרייבט מיר וויטער, איך זאל זעהן, אז מען זאל אפּלעגען דיא האכ־צייט. דאס וועל איך טאהן. דאס קען איך אויספיהרען. זייט איך האב געהערט ארמהורס שטימע, וויא ער האט מיך גערופען, פיהל איך מיך שטארק און מוטהיג

אלעס צו טאהן. עס איז מיר א וואונדער, פאר וואס איך האב גאר איינגעווילינט זיך צו פערלאבען מיט'ן גראף מאקס פאן ראדעצקי. — דאס איז שוין אבער פערפאלען. הייראטהען וועל איך איהם דאך ניט. — ער האט געמעלדעט. אז ער וועט קומען. גוט! איך וועל געהן איהם עמפפאנגען. — איך בין יעצט שטארק! איך בין מוטהיג!

אזוי וויא זיא איז אזוי געזעסען און האט געטראכט, איז איהר מוטער אריינגעקומען אין איהר צימער.

— עלווירא, מאקס פאן ראדעצקי דארף באלד קומען, האט זיא געזאגט, געה, טהו זיך אן און עמפפאנג איהם, וויא א בראוט.

עלווירא האט ניט געענטפערט. זיא האט זיך אויפגעהויבען און האט גערופען איהר קאמערמעדכען, זיא זאל איהר העלפען זיך אנטאהן.

אין א האלבע שטונדע ארום איז זיא געווען אנגעטאהן און איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל. דארט האט זיא זיך געזעצט אין איהר ווינקעלע.

באלד איז מאקס אנגעקומען. דיא גרעפין טאקקי איז איהם ענטגעגען געלאפען און האט איהם בעגריעסט גאנץ פריינדליך. עלווירא איז געבליעבען זיצען אויף איהר ארט און האט איהם בעגריעסט פון דער וויטען. מאקס האט עס בעמערקט און עס האט איהם שטארק פערדראסען. ער איז צוגעקומען צו איהר און האט זיא געפרעגט.

— אזוי, עלווירא? איהר נעהמט מיך אויף אזוי קאלט, גלייך וויא איך וואלט גאר געווען א פרעמדער? איהר ווילט מיר ניט געבען דעם קלענסטען צייכען, אז איהר ליעבט מיך? ווייסט איהר, אז דיא גאנצע צייט וואס איך בין ניט געווען אין דערהיים, האב איך אלץ געטראכט פון אייך. איהר אבער זייט אלץ קאלט און פון וויטען.

— איך האב אויך געטראכט פון אייך זעהר פיעל, האט עלווירא געענטפערט און א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע בלייכע ליפען.

— אה, איך דאנק אייך, עלווירא! האט מאקס אויסגערופען. דיעזעס איינע ווארט האט גוט געמאכט אלעס, וואס איהר האט מיר געטאהן ביז אהער!

— געוויס, מיין ליעבער זוהן! האט זיך דיא אלטע גרעפין אריינגעמישט. עלווירא פלעגט שטענדיג דענקען פון אייך מיט ליעבע און אכטונג.

עלווירא האט געשוויעגען. זיא האט ניט געוואלט וויזען פאר פרעמדע מענשען, אז זיא קריגט זיך מיט איהר מוטער.

— אלזא, מיין ליעבע, טהייערע בראוט, האט מאקס געזאגט, דאנערשטאג וועט זיין דער גליקליכער טאג, וועלכער וועט אונז פעראייניגען אויף אייביג. איך בין גליקליך, ווען איך דערמאן מיך נור אן אזא טאג! נאך אונזער גליקליכער האכצייט וועלען מיר מאכען א רייזע. מיר וועלען פאהרען קיין איטאליען אדער קיין פאריז. דיא פרישע לופט, דיא פרעמדע לענדער וועלען אויף אייך ווירקען. זיי וועלען אייך שטארקען און קרעפטיגען.

דיא אלטע גרעפין האט געפינען פאר נעטהיג צו רעדען פון אנדערע זאכען. זיא האט איהם אויסגעפרעגט, וואו ער איז געווען, וואס ער האט געזעהן און וואס עס הערט זיך אויף דער וועלט? זיא האט געוואלט וויסען, וואס עס טהוט זיך אין פראנקרייך

און וואס עס הערט זיך עפעס פין קריעג. מאקס האט דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט. פון צייט צו צייט פלעגט עלווירא אריינוואר̇פען א ווארט. פיעל האט זיא אבער ניט גערעדט.

אזוי האט מען פערבראכט איינינע צייט, אין וועלכע עס האבען גערעדט מאקס און דיא גרעפין. ענדליך האט מאקס זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט אבשיעד נעהמען פון זיין בראוט.

— הערר גראף, האט פלוצלונג עלווירא געזאגט צו איהם, איך האב צו אייך א ביטע.

— זאגט עס מיר, מיין גוטע, ליעבע עלווירא! איך בין גליקליך עפעס צו טאהן, וואס אייך איז אנגענעהם.

— וועט איהר מיר געבען אייער עהרנווארט, אז איהר וועט טאהן, וואס איך וועל אייך בעטען?

איך גיב אייך מיין עהרענווארט, אז איך וועל טאהן אלעס, וואס איהר וועט נור פערלאנגען.

— הערר גראף, עס איז אפגערעדט, אז דאנערשטאג זאל זיין אונזער האכצייט.

— יא, עלווירא.

— דאן בעט איך אייך, אז מען זאל זיא אפלעגען אויף א פאר וואכען.

— וואס? האט מאקס געפרעגט.

— וואס רעדסט דוא, קינד? האט זיך איהר מוטער אריינגעמישט.

— איך בעט דעם גראף פאן ראדעצקי, אז מען זאל אפלעגען אונזער האכצייט, האט עלווירא געענטפערט פעסט און ערנסט.

— דאס קען ניט זיין! דאס איז אונמעגליך! האט דיא גרעפין אויסגערופען. אלע געסט זיינען שוין איינגעלאדען. עס איז שוין אנגעציינט אין דער קירכע. עס איז אונמעגליך. — הערר גראף, איהר קענט עס ניט צוזאגען. איך וויל, אז דיא האכצייט זאל זיין דאנערשטאג דען 15טען אויגוסט. איך פערלאנג עס און אזוי וועט עס בלייבען.

מאקס איז געשטאנען איינינע מינוט, וויא א צומישטער. ער האט געגעבען זיין עהרנווארט, אז ער זאל טאהן אלעס, וואס זיא וועט פון איהם פערלאנגען. זיא פער־לאנגט אבער א זאך, וועלכע ער קען ניט נאכגעבען. ער האט געפונען א מיטעל, וויא זיך אויסצודרעהן.

— ווען אונזער ליעבע מוטער, דיא גרעפין פאן טאקקי, פערלאנגט און פאדערט, אז מיר זאלען נור הייראטהען דעם פופצעהנטען אויגוסט, קען איך גאר ניט העלפען. איך מוז אייך נאך זאגען, מיין ליעבע בראוט, אז ביי אונז האט מען שוין אויך אלעס פארבערייטעט צו דער האכצייט. אך, עלווירא! איהר זאלט וויסען, וויא דיעזע ביטע קרענקט מיך! וויא אזא וואונש בעליידיגט מיך, וואלט איהר איהם ניט אויס־געשפראכען.

— ווען איהר ווילט ניט און קענט ניט אפלעגען דיא האכצייט אויף א געוויסע צייט, דאן קען איך ניט העלפען, האט עלווירא געזאגט רוהיג.

— דוא פערשטעהסט דאך אליין, אז דאס איז אונמעגליך, האט דיא גרעפין געזאגט, צו וואס האסט דוא גאר געשטעלט אזא ביטע?

— איך האב געמיינט, אז עס איז מעגליך, האט עלווירא געענטפערט ערנסט.

— גוטע נאכט, מוטער! גוטע נאכט, עלווירא! האט מאקס געזאגט.

ער האט געקושט דיא האנד דער גרעפין און עלוויראן און איז ארויסגעגאנגען פון שלאס.

10טער קאפיטעל.

## ווידער דער גייסט.

ארטהור איז ארויסגעגאנגען פון זיין אייגענעם שלאס זעהר אונרוהיג. ער איז געוואהר געווארען, אז דער אדוואקאט נאוואק איז איינס מיט'ן באראן נאגי. ער האט פערשטאנען, אזביידע זוכען איהם צו פערניכטען. דאס זיינען צוויי געפעהרליכע פיינד. וואס טהוט מען יעצט? וויא אזוי געפינט מען אויס, וויא ניעדערטרעכטיג דיעזע צווייא פיינד זיינען? וויא אזוי בעווייזט מען עס, אז זיי האבען איהם אונגליקליך געמאכט און האבען איהם געבראכט אויפ'ן עשאפאט אום איהם צו בערויבען? — וואלט ער געקענט אומגעהן פריי, וואלט ער פיעלייכט געקענט עפעס אויסגעפינען. ער מוז זיך אבער בעהאלטען. ער מוז זיין טויט פאר דער גאנצער וועלט.

— אך, וויא טרויעריג! האט ער אויסגערופען, איך זעה פאר מיר א שרעקליכעס, בלוטיגעס רעטעניס און קען עס ניט אויסגעפינען! — וואו נעהמט מען מיין איינציגען יוגענד פריינד, געארג פאן טאקקי? — ער, נור ער וואלט געקענט עפעס טאהן פאר מיר. וואו איז ער אבער, דיעזער פריינד? וויא עס ווייזט אויס, איז ער נאך אלץ אין בודאפעסט. פאר וואס קומט ער ניט?

ער איז געבליעבען שטעהן אונטער א בוים און האט זיך פערטראכט.

— וואס וועט זיין, ווען דיא גרעפין פאן ראדעצקי וועט דערצעהלען, וואס זיא האט געזעהן דיעזע נאכט? מען וועט פיעלייכט אנהויבען צו זוכען? מען וועט פיעלייכט אויסגעפינען, אז ניט זיין גייסט ליעגט בעהאלטען אין טהורם פון טשעמני, זאנדערן ער אליין? דאן וועט ליידען דער הענקער מיכאאיל און זיין אונשולדיגע טאכטער אננא.

ארטהור איז געוועזען פערצווייפעלט. ער האט מורא געהאט צו געהן צו עלוויראן. ער האט מורא געהאט זיך צו ריהרען פון'ם ארט. ער איז געבליעבען שטעהן אונטערן בוים, ביז עס האט זיך געוויעזען דער ערשטער שטראהל פון'ם יונגען טאג. דאן ערשט האט ער זיך ארומגעקוקט און איז שטילערהייט געגאנגען צוריק צו זיין טהורם.

ווען ער איז ענדליך אנגעקומען אין זיין צימער, האט ער זיך אביסעל בערוהיגט. דיא זון איז נור וואס ארויסגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא שפיצען פון דיא בערג. דיא זון איז לעבען, דיא זון איז פרייד, דיא זון איז גליק. ארטהור האט זיך בערוהיגט. ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע דיא פעקלעך געלד, וועלכע ער האט גענומען פון דעם געהיימען קאסטען.

— איך האב יעצט גענוג געלד אום צו קענען ארויספאהרען ערגעץ ווייט, ווייט פון דאנען, האט ער אויסגערופען. אליין אבער וויל איך ניט פאהרען. איך קען ניט פאהרען אהן איהר. אהן מיין עלוויראן. — איך מוז זיא מיטנעהמען! זיא וועט פאהרען

מיט מיר. זיא ליעבט מיך און איז געווים בערייט צו פאהרען מיט מיר אין עק וועלט.

מיט דיעזע געדאנקען האט ער זיך געווארפען אויף זיין הארטען געלעגער און האט געוואלט אנטשלאפען ווערן. ער האט געוואלט זיך דערקוויקען, זיך דערפרישען דורכ'ן שלאף און זאמלען קרעפטע פאר דיא נעכסטע נאכט.

— עס מוז אן אנדרע געהמען! האט ער אויסגערופען. איך קען דא מעהר ניט בלייבען!

ליידער, איז דער שלאף ניט געקומען. דער שלאף האט אין זיך דיעזעלבע קאפריזען וויא דער טויט. ווען מען דארף איהם, דאמאלס קומט ער ניט. ווען מען בעט און וויינט, ער זאל קומען, דאמאלס וויל ער ניט. ווען מען דארף איהם אבער ניט, דאמאלס קומט ער פלוצלונג, אונערווארטעט. ניט אומזיסט זאגט מען, אז דער שלאף איז דער אינגערער ברודער פון דעם טויט.

אזוי איז פערגאנגען דער לאנגער, טרויעריגער טאג. ארטהור איז ארומגעגאנגען, וויא א וואהנזיניגער. ענדליך איז דאך געקומען דער ליעבער אבענד. דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געקומען דיא פינסטערניס.

— יעצט מוז איך געהן! האט ער אויסגערופען, ווען עס איז געווארען שטארק פינסטער. יעצט איז דיא צייט, ווען איך מוז זוכען א וועג צו מיין ליעבער, טהייערער עלווירא. עס מוז אן אנדרע געהמען. איך קען שוין ניט איבערטראגען דיעזעס לעבען.

ער האט שנעל עפעס אפגעגעסען, האט גענומען דעם רויטען מאנטעל, האט איהם אנגעטאהן און איז ארויסגעגאנגען פון'ם פערפלוכטען טהורם.

דיא געגענד איז געוועזן שטיל און רוהיג. מען האט ניט געהערט דאס קלענסטע גערויש. אלע זיינען געשלאפען און האבען זיך אפגערוהט נאך זייער ארבייט. ארטהור איז יעצט געוועזן זעהר פארזיכטיג. ער איז געגאנגען צווישען ביימער און שטיינער, ביז ער האט דערזעהן דיא מויערן פון שלאס טאקקי.

ער איז איהם ארומגעגאנגען פון אלע זייטען און האט געקוקט אין דיא פענסטער. אין אלע האט געברענט ליכט, נור דיא פענסטער פון עלווירא'ס צימער זיינען געוועזן פינסטער.

— וואס זאל דאס הייסען? פון איהרע פענסטער זעה איך קיין ליכט. אלזא, איז זיא יעצט אין זאל. פיעלייכט געפינען זיך געסט אין שלאס? פיעלייכט געפינט זיך יעצט מאקס אדער דער באראן נאגי אין שלאס? פיעלייכט זיצט יעצט עלווירא מיט זיי?

ער האט געטאנצט פאר צארן און פערדרוס.

— פיעלייכט האלט יעצט מאקס איהר האנט? האט ער געזאגט, פיעלייכט גיט ער איהר יעצט א קוש? פיעלייכט נעהמט ער זיא ארום? פון דיעזע געדאנקען קען מען וואהנזיניג ווערן. — ניין! עס איז ניט מעגליך! עלווירא ליעבט מיך. עלווירא האט מיך ניט פערגעסען. עלווירא איז געצוואונגען איהם צו הייראטהען, זיא האסט איהם אבער. זיא קען איהם ניט אנקוקען. איך מוז געהן. איך מוז צוקומען נעהנטער.

ער איז צוגעקומען אין אן ארט, וואו ער האט געקענט אריינקומען אין שלאס

פלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן. ער האט דערהערט שריט. זיין ערשטער געדאנק איז געווען צו אנטלויפען און זיך בעהאלטען צווישען ביימער. באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט.

— ניין, ניט אנטלויפען! האט ער אויסגערופען. איך מוז זעהן, ווער דארט איז. איך מוז מיך איבערצייגען, ווער עס געהט עס ארויס פון שלאס אזוי שפעט. פיעלייכט איז עס גאר געארג, דער איינציגער פריינד, וועלכען איך דארף. פיעלייכט איז עס גאר עלווירא?

ער איז געגאנגען האסטיג און איז צוגעקומען צו דיא גרויסע ברייטע טרעפ פון שלאס, דארט האט ער דערזעהן זיין פיינד — מאקס, וויא ער נעהמט אבשיעד פון דער גרעפין טאקקי און עלווירא'ן.

באלד איז מאקס אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ און איז געגאנגען אויפ'ן גלאטען שמאלען וועג, וועלכער פיהרט צום שלאס. דא האבען זיך ביידע פיינד געמוזט בעגע־גענען. דא האבען זיי געמוזט זיך דערקענען. דער מאנד האט געשיינט און זיי האבען געמוזט זיך זעהן.

ארטהור האט אייגענטליך געוואלט אנטלויפען. ער האט אבער ניט געקענט. ער איז געבליעבען שטעהן, וויא צוגעשמידט אויף זיין ארט. מאקס איז געגאנגען לאנג־זאם און פערטראכט. ער איז געווען זעהר טרויעריג, וואס עלווירא האט איהם געגעב־טען, ער זאל אפלעגען זייער האכצייט. אזוי וויא ער איז אזוי געגאנגען פערטראכט, האט ער זיך אנגעשלאגען אן אן מענשען. ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען און האט דערזעהן פאר זיך דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא ער האט זיך דערשראקען, ווען ער האט דער־זעהן דעם טויטען ארטהור. ער האט געגעבען נור איין געשריי און האט אנגעהויבען צו לויפען, וויא א וואהנזיניגער. באלד איז ער פערשוואונדען געווארען אויפ'ן וועג צום שלאס ראדעצק.

— אזוי? ער האט מיך געזעהן און האט זיך דערשראקען פאר מיר, האט ארטהור געזאגט. ער האלט מיך פאר טויט. ער מיינט אויך, אז ער האט געזעהן מיין גייסט. דאס איז אבער דאס שלעכטע. יעצט האט מיך דיא מוטער געזעהן און דער זוהן האט מיך געזעהן. זיי וועלען אנהויבען צו פערשטעהן, אז דאס איז ניט קיין גייסט, אז דאס א לעבעדיגער מענש. איך קען יעצט מעהר ניט בלייבען אין דיעזער געגענד. איך מוז אנטלויפען.

ער איז צוריקגעגאנגען צו דעם ארט, פון וואנען ער האט געקענט זעהן עלווירא'ס פענסטער. — זיי זיינען נאך אלץ געווען דונקעל. עלווירא איז נאך ניט געווען אין איהר צימער. זיא איז נאך אלץ געווען אין זאל מיט איהר מוטער.

קוים איז מאקס אוועקגעגאנגען, איז דיא גרעפין אנגעפאלען אויף איהר טאכטער.

— וואס האסט דוא געטאהן, עלווירא? וויא אזוי האסט דוא זיך ניט גע־שעהמט צו בעטען דעם גראף, אז ער זאל אפלעגען דיא האכצייט? דאס איז דאך א שאנדע!

— איך ווייס ניט, אויב איך האב געטאהן רעכט אדער ניט, האט עלווירא גע־

ענטפערט, איך האב אבער געמוזט אזוי טאהן. איך קען יעצט ניט הייראטהען. זייט איך האב געהערט ארטהור'ס שטימע און האב געזעהן זיין בלייבעס געזיכט, קען איך ניט דענקען פון זיך פערהייראטהען. ארטהור האט מיך גערופען צו זיך. איך האב איהם געשווארען ליעבע און טרייע. איך מוז עס האלטען.

— דוא קענסט ניט האלטען דיין ווארט צו א פערברעכער! האט דיא גרעפין געזאגט שטרענג. ארטהור איז א פערברעכער, ארטהור איז געשטארבען אויפ'ן עשאפאט. אלעס, וואס דוא האסט גערעדט מיט איהם און האסט געשווארען צו איהם, האט קיין ווערטה.

עלווירא האט מעהר ניט געוואלט רעדען מיט איהר מוטער. זיא איז געגאנגען צו איהר צימער, האט געעפענט דיא טהיר און האט געוואלט אריינגעהן. פלוצלונג האט זיא דערהערט ארטהור'ס שטימע:

— עלווירא, פערגעס מיך ניט! איך וועל באלד קומען און דיך נעהמען מיט מיר.

דיא שטימע איז געווען אזוי קלאר און אזוי דייטליך, אז עלווירא און דיא גרעפין פאן טאקקי האבען זיא געהערט. דיא גרעפין האט א ציטער געטאהן און איז געווארען בלייך וויא קאלך.

— וואס איז דאס? האט זיא קוים אויסגעקייכט, ווער האט דא גערעדט?

— דאס איז ארטהורס שטימע, מוטער! האט עלווירא אויסגערופען. ער רופט עס מיך. איך האב געשווארען, איך זאל איהם ליעבען און אכטען ביז אין טויט און איך וועל האלטען מיין ווארט. יעצט זעהסט דוא שוין אליין, מוטער, אז איך קען ניט הייראטהען מאקס'ן. יעצט פערשטעהסט דוא שוין, פאר וואס איך האב איהם געבעטען, ער זאל אפלעגען אונזער האכצייט. איך וועל מיך פעראייניגען מיט מיין געליעבטען ארטהור דארט אויבען, אויפ'ן הימעל, וואו עס לייכטען און פינקלען דיא אייביגע שטערן.

זיא האט געוואלט ארויסלויפען אין דרויסען, איהר מוטער אבער האט זיא אנגעכאפט ביי דער האנד און האט אויסגערופען:

— וואס טהוסט דוא, עלווירא? וואוהין ווילסט דוא געהן? — בלייב, אונגליקליכעס קינד! בלייב דא, געה ניט! איך בעשווער דיך ביים נאמען פון דיין פאטער! ביי אלעס, וואס איז הייליג פאר דיר! געה ניט! עס האט זיך דיר אויסגעוויזען. דאס איז ניט ארטהור. דאס קען ניט זיין ארטהור. ער איז דאך טויט.

דערביי האט זיא אנגעהויבען אזוי שטארק צו וויינען, אז עלווירא האט זיך פאר איהר דערשראקען. עלווירא איז געווען גערינהרט. וויא ביין זיא איז געווען אויף איהר מוטער, האט זיא דאך ניט געקענט זעהן, וויא איהר מוטער ליידעט.

— גוט, מוטער! איך וועל ניט געהן, איך וועל בלייבען ביי דיר, האט זיא אויסגערופען. איך זאג דיר אבער, אז דאס איז ווירקליך ארטהורס שטימע. ער וועט קומען און וועט מיך נעהמען צו זיך. ווען ניט היינט אבענד, וועט ער קומען אנאנדערען אבענד. ארטהור וועט האלטען זיין ווארט.

דיא גרעפין טאקקי האט פעסט געהאלטען איהר טאכטער. זיא האט מורא

געהאט זיך צו ריהרען. זיא האט מורא געהאט צו געהן אלין אין איהר צימער, מיטער און טאָכטער זיינען געבליעבען זיצען אין גרויסען זאל. דיא גרעפין פאן מאַקקי האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דיא האכצייט פון עלווירא מיט גראף מאקס פאן ראדעצקי איז ניט אזוי זיכער. דא איז עפּעס ניט גלאט. עלווירא איז שטאָלץ און הארטנעקיג. ווען זיא האט זיך איינגעשפּארט, אז מען זאל אפּלעגען דיא האָכצייט, וועט זיא עס אויספיהרען.

אין דערזעלבער צייט, וואס דיא גרעפין מאקקי מיט איהר טאכטער זיינען געזעסען אין גרויסען זאל פערטראכט און פערטרויערט, זיינען אין שלאס ראדעצק געזעסען דער בארא נאני און דיא גרעפין פאן ראדעצקי און האבען ערוואַרטעט מאקס׳ן.

— עס איז שוין שפּעט, ער וואלט שוין געדארפט זיין אין דערהיים, האט דיא גרעפין געזאגט. איך בין אונרוהיג, וואס ער איז נאך ניטא אין דערהיים.

— איהר פרויען זייט א זאנדערבארעס פאלק, האט נאני געלאכט, איהר שרעקט זיך באלד איבער. ווייסט דוא דען ניט, אייזשעניע, אז פון א געליעבטער בראוט קען מען זיך אזוי לייכט ניט שיידען? מאקס איז אזוי לאנג ניט געווען אין דערהיים און איז ערשט היינט געקומען, וועט ער געוויס זיצען זעהר שפּעט אין שלאס מאקקי.

— דאס ווייס איך, האט דיא גרעפין געזאגט, איך האב מורא פאר עפּעס. אנדערש. איך ציטער, ווען איך דערמאָן מיך, וואס עס האט פּאסירט מיט מיר אין שלאס באמהאני.

— הער שוין אויף צו רעדען אזעלכע נאררישקייטען! האט נאני אויסגערופען. דוא האסט זיך איינגערעדט, אז דוא האסט געזעהן א גייסט און קענסט עס ניט דיר ארויסשלאגען פון׳ם קאפּ. — לאמיר בעסער רעדען פון אנדערע זאכען. מאקס דארף באלד הייראטהען. דוא מוזט דאך איהם בעשטימען א געוויסע סומע געלד. מיר מוזען דאך ווייזען פאר דער גרעפין מאקקי און פאר אלע אונזערע נאכבארען, אז מיר זיינען רייך. דאס איז זעהר א וויכטיגער פונקט, איבער וועלכען מיר מוזען זיך גוט איבער־לעגען.

— דוא האסט רעכט, נאני. מיר מוזען געבען מאקס׳ן א שעהנעם מיטגיפט (נדה). קיינער זאל ניט זאגען, אז מיר זיינען שלעפּערס. מיר מוזען זיך שטעלען, וויא דיא גראפען.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר שרייב טיש און האט געוויזגלט ארויסנעהמען איי־נינע פּאפּיערן, פּלוצלינג האט זיך דיא טהיר געעפענט, מאקס איז אריינגעלאָפען אין צימער בלייך, דערשראָקען, צומישט און פערשטערט און איז אניעדערגעפאלען אויף א שטוהל.

דיא גרעפין האט פערשלאָסען דיא קאָמאָדע און איז צוגעלאָפען צו איהר זוהן.

— מאקס! וואס איז מיט דיר? וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראָקען, ליעבער מאקס?

— וואס האט איהר געזעהן, מאקס? האט נאני געפרעגען פאר נעטהיג צו פרעגען, מאקס האט אויסגעגלאָצט א פּאר אויגען, האט געאטהעמט שווער און האט גיט געענטפערט.

— רעד, מאקס! זאג! דערצעהל מיר! האט דיא גרעפין געשריען נים מים איהר קול.

— פרענט מיך ניט, האט מאקס געשטאמעלט.

נאני איז געלאפען, האט געבראכט א גלאז שטארקען קאניאק און האט געצוואונגען מאקס'ן, ער זאל עס אויסטרינקען. מאקס האט אויסגעטרונקען אביסעל קאניאק. דאס האט איהם בערוהיגט.

— זאג, מאקס, פאר וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראקען? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— וואס זאל איך אייך זאגען? איהר וועט לאכען פון מיר, ווען איך וועל עס אייך דערצעהלען, האט מאקס געענטפערט.

— ניין, ניין, מאקס! מיר וועלען פון דיר ניט לאכען, דערצעהל אונז, פאר וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראקען?

— איך האב איהם געזעהן.

— א י ה ם? וועמען?

— א י ה ם! א ר ט ה ו ר פ א ן ב א ט ה י א נ י.

ער האט א ציטער געטאהן מיט זיין גאנצען קערפער, ווען ער האט ארויסגעזאגט דעם שרעקליכען נאמען.

דיא גרעפין און נאני האבען זיך אנגעקוקט. דיא גרעפין האט באלד פערשטאנען, אז מאקס האט עפעס געזעהן. ווען זיא האט נאך דערהערט דעם שרעקליכען נאמען, איז זיא געווארען בלייך וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. נאני דאגעגען האט געוואלט ווייזען, אז ער גלויבט ניט אין אזעלכע זאכען. ער האט זיך צר לאכט מיט זיין הויכען, ברייטען געלעכטער.

— שעהמט אייך, מאקס גראף פאן ראדעצקי! האט ער אויסגערופען, אזא מאן וויא איהר, זאל מורא האבען פאר גייסטער! איז עס ניט א געלעכטער?

— לאכט פון מיר, וויא פיעל איהר ווילט, איך האב איהם דאך געזעהן, האט מאקס געזאגט ערנסט.

יעצט האט אויך דיא גרעפין געפונען פאר נעטהיג אויסצורעדען איהר זוהן און איהם צו ערקלערן, אז עס איז אונמעגליך.

— עס קען דאך ניט זיין, מאקס! עס האט זיך דיר אויסגעוויזען, האט זיא איהם געוואלט איינרעדען.

— ניין, מוטער, עס האט זיך מיר ניט אויסגעוויזען, איך האב איהם אליין געזעהן, ער איז געשטאנען לעבע שלאס טאקקי און האט געקוקט אויף מיר אזוי ביין און אזוי ווילד, גלייך וויא ער האט געוואלט מיך אויפעסען.

— מיין ליעבער זוהן! דוא ווייסט דאך אליין, אז דער באראן פאן באטהיאני איז טויט, האט דיא גרעפין געזאגט, דוא ביסט דאך ניט אבערגלויביש, דוא פערשטעהסט דאך אליין, אז דיא טויטע געהן ניט ארום ביי נאכט. וויא קענסט דוא נאר זאגען, אז דוא האסט איהם געזעהן?

— ליעבע מוטער, איך בין ניט אזא נארר, אז איך זאל גלויבען אין ני סטער;

איך בין ניט אבערגלויביש; איך האב ניט געטרויסט. איך האב ניט געשלאפען. איך האב איהם געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען. איך האב געזעהן דעם מענשען, ביי וועלכען איך האב צוגענומען זיין ברויט. איך האב איהם געזעהן, וויא ער איז געשטאנען בלייך און טרויעריג און האט געקוקט אויף מיר.

— לאמיר דערפון מעהר ניט רעדען! האט ענדליך נאני אויסגערופען. ווען דיזער גייסט האט געוואלט זיך ווייזען פאר וועמען, האט ער צווערשט געדארפט קומען צו מיר. ווען ער איז ניט געקומען צו מיר, איז עס דער בעסטער בעוויז, אז ער האט ניט צו וועמען צו קומען. — לאמיר בעסער רעדען פון פרעהליכערע זאכען. וואס מאכט עפעס עלווירא? וויא האט זיא אייך עמפפאנגען?

— אך! האט מאקס געזיפצט. אויך דארט האב איך געהאט זעהר ווייניג פערגניגען.

— וואס איז דען דארט געשעהן?

— זיא האט מיך געבעטען, אז....

— וואס האט זיא דיך געבעטען, מיין קינד?

— זיא האט מיך געבעטען, אז מען זאל אפלעגען דיא האכצייט אויף א געוויסע צייט.

— דאס איז אונמעגליך! האט נאני אויסגערופען, דאס דארף ניט זיין און עס וועט ניט זיין! איך וועל מארגען גאנץ פריה פאהרען צו טאקקי און וועל ווייזען עלווירא'ן, וויא אזוי צו בעווייזען אזעלכע קאפריזען.

— וואס האט איהר מוטער געזאגט צו אזא פארדערונג? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— דיא גרעפין פאן טאקקי האט אויך געזאגט, אז דאס איז אונמעגליך.

— דאס האב איך פריהער געוואוסט, האט נאני בעמערקט. דיא גרעפין פאן טאקקי איז א קלוגע פרוי. זיא וועט ניט דערלאזען איהר טאכטער אויספיהרען אזעלכע קאפריזען. זיא ווייס, אז דאס גאנצע גליק פון איהר קינד הענגט אפ פון דיזער האכצייט.

— אלזא, איז געבליעבען, אז נעכסטען דאנערשטאג דעם פופצעהנטען אויגוסט זאל זיין דיא האכצייט? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— יא, מוטער, אזוי האבען מיר אפגערעדט. — איך בין יעצט מיעד. איך מוז מיך לעגען שלאפען.

— נוה, מיין קינד, האט דיא גרעפין געבעטען, דוא ביסט מיעד און אויפגערעגט. רוה דיך אויס, וועסט דוא אויפשטעהן פריש און געזונד.

זיא האט איהם א קוש געטאהן אין שטערן און מאקס איז אוועקגעגאנגען אין זיינע צימער.

דיא גרעפין מיט איהר מאן זיינען געבליעבען אליין. דיא גרעפין איז געווען שטארק אונרוהיג. זא לאנג מאקס איז געווען אין צימער, האט זיא עס ניט געוואלט ארויסווייזען. זיא האט זיך אנגעשטרענגט און האט זיך פערשטעלט. יעצט אבער, ווען מאקס

איז ארויסגעגאנגען, האט זיא ערשט ארויסגעוויזען, וויא דערשראָקען און אונרוהיג זיא איז.

— נו, נאני, וואס זאגסט דוא יעצט? האט זיא אויסגערופען. וואס האסט דוא אויפגעטאהן מיט אלע דיינע קונסט־שטיקע און מיט אלע דיינע פערברעכען? דוא האסט געלאכט פון מיר, ווען איך האב דיר דערצעהלט, וואס איך האב געזעהן אין שלאס באטהיאני. וואס ווערסט דוא יעצט זאגען?

— וואס זאָל איך יעצט זאגען? האט נאני געענטפערט, איך זאָג, אז פאר קיין טויטען האב איך קיין מורא ניט. איך האב נור מורא פאר לעבעדיגע. דא מוז עפּעס זיין. דא שפּאסט איינער מיט אונז אדער ער וויל אונז איבערשרעקען.

מאַן און פרוי זיינען נאך אוועקגעזעסען א לאנגע צייט און האבען אוועקגערעדט פון אלערליי מעגליכע און אונמעגליכע גייסטער. נאני האט זיך ענטשלאָסען, ער זאָל ענדליך אויסגעפינען, ווער דער גייסט איז.

## 11טער קאפּיטעל.

# אלע רעדען פון דעם גייסט.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה איז געקומען א דיענער פון שלאס טאָקקי און האט געמעלדעט, אז דיא גרעפין פאָן טאָקקי וויל זעהר זעהז דעם באראָן פאָן נאני. זיא בעט איהם, ער זאָל באלד קומען צו איהר.

נאני האט אליין אויך געוואלט פאהרען אין שלאס טאָקקי. עס איז איהם פאָרגעקומען עטוואָס זאנדערבאר, וואס דיא גרעפין האט איהם געשיקט רופען געראדע יעצט. ער האט זיך באלד אנגעטאהן און איז אוועקגעפאהרען צו דער גרעפין פאָן טאָקקי.

ווען ער איז אריינגעקומען אין זאַל, האט ער גלייך בעמערקט, אז דא איז עפּעס געשעהען. ער האט באלד דערזעהן אין דער גרעפינס געזיכט, אז זיא איז עפּעס אונרוהיג. זיא איז איהם ניט ענטגעגען געלאפען, זיא האט איהם ניט אויפגענומען אזוי פריינדליך און אזוי צוטרויליך, וויא זיא פלעגט עס טאהן ביז אהער.

— אום גאטעס ווילען! וואס איז מיט אייך, גרעפין? האט ער אויסגערופען וואס זייט איהר היינט אזוי אונרוהיג? וואס איז געשעהן?

— איך ווייס ניט, וואס איך זאָל אייך זאגען, העהר באראָן, האט דיא גרעפין געענטפערט. ביי אונז איז עפּעס ניט גלאַט.

— איך פערשטעה אייך ניט, גרעפין, וואס איז געשעהן?

— עס האט פּאסירט עטוואס זעלטענעס, אונגעוועהנליכעס.

— דערצעהלט עס מיר, גרעפין, ערקלערט עס מיר! האט נאני געבעטען.

דיא גרעפין האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס האט פּאסירט נעכטען ביי נאכט. נאני איז געוואָרען אונרוהיג.

— אלזאָ, איז דאך ווירקליך עפּעס ניט גלאַט, האט ער געטראכט. דא מוז דאך זיין א שרעקליכער שווינדעל. דא שפּילט זיך איינער מיט זיי.

— איך ווייס יעצט אליין ניט וואס צו טאהן, האט דיא גרעפין געזאגט, עלווירא

איז אויסער זיך. זיא גלויבט פעסט, אז ארטהור געפינט זיך לעבען איהר און רופט זיא. איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט: איך אליין האב געהערט אזוי קלאר און אזוי דייטליך זיין שטימע, אז איך דענק שוין אליין, אז דער טויטער ארטהור רופט זיא. — עלווירא האט עס מיר דערצעהלט נאך מיט איינינע טעג צוריק. איך האב זיא דאמאלס אויסגעלאכט. נעכטען ביי נאכט אבער האב איך אליין געהערט זיין שטימע. איך בין ניט אבערגלויביש און גלויב ניט אין איבערנאטירליכע זאכען. דיא זאך איז אבער דאך א רעטעניש. עלווירא זאגט, אז זיא וויל אויף קיין פאל ניט הייראטהען מאקס'ן. — וואס טהוט מען יעצט? גיט מיר אן עצה, הערר באראן! זאגט מיר, וואס זאל איך יעצט אנהויבען צו טאהן? איך קען מיין טאכטער ניט צווינגען צו הייראטהען דעם גראף פאן ראדעצקי. איך קען מיך אבער ניט אבזאגען פון איהם. עס וועט דאך ווערן אזא ראקנדאל, אז איך וועל מיך שעהמען צו ווייזען זיך אויף דער גאס.

נאני האט אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם אלעס, וואס דיא גרעפין האט איהם געזאגט.

— צוערשט מוז איך אייך עפעס זאגען וועגען דעם גייסט. ניט איהר אליין האט געהערט נעכטען דעם גייסט, מען האט איהם זאגאר געזעהן.

— געזעהן? ווער האט איהם געזעהן?

— מאקס האט איהם געזעהן.

— מאקס האט איהם געזעהן? האט דיא גרעפין איבערגעפרעגט. איז עס ווירקליך געוועזן דער באראן פאן באטהיאני?

— יא, גרעפין, מאקס האט געזעהן דעם באראן ארטהור פאן באטהיאני, וויא ער שטעהט און געהט.

— וואס זאגט איהר, אלזא, באראן נאני?

— וואס זאל איך זאגען? זייט זיכער, אז דיא פאליציי וועט אויסגעפינען דעם גייסט און וועט איהם ארעסטירען. פערשטעהט איהר דען ניט אליין, גרעפין, אז דא איז עפעס א שווינדעל? איינער פערשטעלט זיך פארן באראן פאן באטהיאני און וויל אונז איבערשרעקען. איהר ווייסט דאך אזוי גוט, וויא איך, אז דער באראן איז טויט און קען ניט ארומגעהן דורך דיא נעכט.

— ווער זאל עס זיין? צו וואס טהוט ער עס?

— עס איז מעגליך, אז איינער פון אונזערע נאכבארן איז פערליעבט אין עלווירא'ן און וויל שטערן דיא האכצייט מיט'ן גראף ראדעצקי.

דיא גרעפין איז געווארען פרעהליכער.

— איהר האט רעכט, באראן! האט זיא אויסגערופען, דאס קען זיין.

— ניט עס קען זיין, עס איז אזוי, האט נאני געזאגט. איך בין פעסט איבערצייגט, אז עס איז אזוי. מיר זיינען קיינע קינדער. אונז שרעקט מען ניט איבער מיט גייסטער. מיר וועלען זיי שוין אויסגעפינען און וועלען זיי געבען אזא לעקציאן, אז זיי וועלען עס אייביג ניט פערגעסען. — יעצט לאמיר רעדען פון עלווירא'ס האכצייט.

מיר האבען שוין ארויסגעשיקט איינלאדונגס קארטען צו אלע אונזערע געסט,

מיר האבען שוין געמאכט אלע נעטהיגע פארבערייטונגען. ווען מיר זאלען יעצט אפלעגען דיא האכצייט, וועט מען אויף אונז דייטען מיט דיא פינגער. עס וועט ווערן אזא סקאנדאל, אז עס וועט אונז זיין א שאנדע צו ווייזען זיך אויף דער גאס. עלווירא וועט זיך מוזען אפזאגען פון איהר קאפריז. ווען זיא וועט זיין פערהייראטהעט, וועט זיא אליין לאכען פון זיך.

— דאס איז עבען דאס שלעכטע און דאס שווערסטע, האט דיא גרעפין געזאגט פערטראכט. עלווירא איז זעהר הארטנעקיג. זייט זיא האט צום ערשטען מאל געהערט ארטהור'ס שטימע, האט זיא זיך אין גאנצען פערענדערט. זיא איז גאר געווארען געזונד. זיא רעדט שוין גאנץ קלוג און האט אנגעהויבען מיר צו ווייזען, אז זיא איז פעסט און ענטשלאסען.

— איך דענק, אז דאס איז נור א קאפריז, האט נאני בעמערקט, יונגע מעדכען האבען אפט ליעב זיך צו פערקאפריזענען.

— דאס קען זיין, האט דיא גרעפין בעמערקט, וואס טהוט מען אבער דערצו?

— האט איהר צוטרויען צו מיר, גנעדיגע פרוי?

— וואס פרעגט איהר? געוויס, האב איך צו אייך צוטרויען.

— וועט איהר מיר ערלויבען צו טאהן, וואס איך פערשטעה?

— יא, הערר באראן.

— דאן, גנעדיגע פרוי, זייט זיכער, אז דיא האכצייט וועט געשעהן דעם פופצעהנטען אויגוסט, וויא מיר האבען אפגערעדט.

— וויא אזוי וועט איהר עס מאכען?

— פערלאזט אייך אויף מיר, גנעדיגע פרוי!

— פערגעסט ניט, מיין הערר, אז איך וויל ניט, עס זאל ווערן א סקאנדאל; איך וויל ניט, אז מען זאל רעדען פון מיין קינד אין דיא גאסען.

— איך ווייס עס, גנעדיגע פרוי! מיינט איהר דען, אז מיר וועט עס זיין אנגענעהם צו מאכען א סקאנדאל?

דיא גרעפין האט געטראכט עטליכע מינוט. אלס עלטערע פרוי, האט זיא זיך איבערלעגט, אויב זיא זאל איבערגעבען א פרעמדען מענשען דיא גאנצע מאכט איבער איהר טאכטער אדער ניט.

— איך בין נייגעריג צו וויסען, וואס איהר וועט טאהן אום צו ווירקען אויף עלוויראן, אז זיא זאל הייראטהען דעם פופצעהנטען אויגוסט, וויא מיר האבען אפגערעדט.

— ליידער, קען איך עס אייך ניט זאגען, האט נאני געענטפערט, איך בעט אייך, איהר זאלט עס מיר אויך ניט פרעגען, ווייל איך וויל עס האלטען אלס מיין געהיימניס. איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז איך וועל אויסהיילען עלוויראן פון איהרע קאפריזען, פיין, שעהן, שטיל, רוהיג און אנשטענדיג.

— ווען איהר קענט עס מאכען אויף א שעהנער, פיינער און אנשטענדיגער ארט, דאן בין איך צופריעדען.

— דערפאר זיינען מיר דאך אריסטאקראטען, האט נאני געזאגט, וויא צו זיך

אליין. ביי דיא בויערן, ביי דיא האנדווערקער קומען פאר סקאנדאלען. ביי אונז אבער, ביי דער העכערער קלאסע דא־פען זיי ניט פארקומען.

זיי האבען נאך אוועקגערעדט איינינע צייט און האבען אפגערעדט און איינגעארדענט איינינע קלייניגקייטען וועגען דער האכצייט. דאן האט נאני געזאגט:

— איך מוז פאהרען שנעל אהיים און בערוהיגען דיא גרעפין פאן ראדעצקי. זיא איז געוועזען אויסער זיך, ווען זיא האט דערהערט, אז עלווירא פערלאנגט, אז מען זאל אפלעגען דיא האכצייט.

דיא גרעפין פאן טאקקי האט איהם מעהר ניט אויפגעהאלטען און נאני איז אוועקגעפאהרען אהיים.

דיא ערשטע נייעס, וואס ער איז געוואהר געווארען, ווען ער איז געקומען אהיים, איז געווען, אז דיא בויערן פון דארף טשעמני רעדען פון א ניטגוטען, וועלכען מען האט געזעהן ארויסגעהן פון'ם פערפלוכטען טהורם פון טשעמני.

נאני איז אויפגעשפרונגען פון פרייד. ער האט באלד צונויפגערופען זיינע דיענער און האט אנגעהויבען זיי אויסצופרעגען, וואס מען רעדט אין דארף און ווער עס האט געזעהן דעם גייסט. וויא עס פיהרט זיך אין אזא פאל, האט יעדער דערצעהלט עטוואס אנדערש. מען האט דערצעהלט פון א הויכען און לאנגען גייסט, וועלכער שטעקט ארויס א לאנגע צונג אויף צעה עללען דיא לענג. מען האט דערצעהלט פון א בייזען גייסט, וועלכער שטיקט אוןווארגט יעדען, וועמען ער טרעפט. אלע אבער האבען דערצעהלט, אז דער גייסט טראגט א רויטען מאנטעל.

נאני האט אפגעלאזען זיינע דיענער און האט אויסגערופען:

— יעצט ווייס איך שוין אלעס! דאס איז דער זעלבער גייסט, וועלכער איז געקומען צו מיר אויף מיין האכצייט מיט דער גרעפין. ער שפיעלט עס דיא ראלע פון א גייסט אום מיך צו פלאגען און צו קרענקען. ער האלט זיך אויף אין פערפלוכטען טהורם פון טשעמני און געהט עס ארום ביי נאכט אלעמען איבערשרעקען. — וויא קומט ער אבער אהער? ער וואהנט דאך נאר אין בודאפעסט. — אלענפאלס דארף איך ניט שווייגען. איך מוז מאכען אן ענדע מיט דיעזען גייסט, וועלכער וויזט זיך נור אין רויטע קליידער.

ער איז געגאנגען צו מאקס'ן און האט איהם געפרעגט:

— קענט איהר זיך ניט דערמאנען, וואס פאר א מאנטעל עס האט געטראגען דער גייסט, וועלכען איהר האט נעכטען געזעהן?

— עס איז געווען ניט גאנץ העל, האט מאקס געענטפערט, איך האב אבער געזעהן גאנץ דייטליך, אז ער האט געטראגען א רויטען מאנטעל.

— ווען עס איז געווען ניט גאנץ העל, פון וואנען ווייסט איהר, אז עס איז געווען ארטהור פאן באטהיאני?

— איך קען דאך ארטהור'ן זעהר גוט. איך בין פארביינעגאנגען לעבען איהם און האב גוט געזעהן זיין געזיכט.

— האט ער פיעלייכט געהאט א לאנגע, שווארצע בארד?

— ניין, הערר נאני! ער האט גאר קיין בארד ניט געהאט.

נאני האט זיך פערטראכט. ווען דער הענקער מיכאאיל שפּיעלט דיא ראָללע פון'ם גייסט, האט מען דאך איהם נעדארפט זעהן מיט א בארד? — האט ער זיך געטראכט.

— עס איז יעצט זיכער, אז דער גייסט האלט זיך אויף אין טהורם פון טשעמני. עס איז שווער צו וויסען, ווער דער גייסט איז; זיכער איז אבער, אז ער ווייזט זיך נור אין דיא קליידער פון א הענקער. עס איז זעהר וואהרשיינליך, אז א באנדיט האט זיך געקייפט א רויטען מאנטעל און האט זיך בעזעצט אין טהורם פון טשעמני. עס איז מעגליך, אז ער איז עהנליך צום באראן פאן באטהיאני, אדער עס האט זיך זיי אויס־געוויעזען, אז דאס איז דער באראן, ווייל ער האט א געוויסע צייט געוואהנט אין טהורם פון טשעמני און פלעגט טראגען א רויטען מאנטעל. — זייט רוהיג, מאקס! איהר וועט מעהר ניט בעגעגענען דעם גייסט.

— ווען דער גייסט, וועלכען איך האב געזעהן נעבטען ביי נאכט, וואלט געווען א רויבער, וואלט ער דאך אויף מיר אנגעפאלען? האט מאקס געפרעגט. ער האט דאך געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט מיך צו בערויבען. פאר וואס האט ער עס ניט געטאהן?

— דאס קען איך מיר ערקלערן נור דערמיט, וואס איהר זייט געווען נאהענט לעבען שלאס טאָקקי. דער רויבער האט מורא געהאט אנצופאלען אויף אייך. ער האט געוואוסט, אז אין שלאס טאָקקי שלאפט מען נאך ניט.

— דאס קען זיין, האט מאקס געזאגט.

— ניין, מאקס, עס איז אזוי. דיא גרעפין און עלווירא האבען אייך בעגלייטעט ביז צו דיא גרויסע טרעפ פון'ם שלאס.

— פון וואנען ווייסט איהר עס?

— איך קום נור וואס פון שלאס טאקקי.

— אזוי פריה זייט איהר שוין געווען אין שלאס טאקקי? האט מאקס געפרעגט פערוואונדערט.

— מען האט מיך געשיקט רופען.

— וואס האט מען דען פערלאנגט פון אייך?

נאני האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געהערט אין שלאס טאקקי און וואס ער האט אפגערעדט מיט דער גרעפין.

— אזוי? האט מאקס געזאגט לאנגזאם און פערטראכט. דארט האט מען אויך געהערט דעם גייסט? איך האב איהם נור געזעהן, עלווירא און איהר מוטער אבער האבען געהערט, וואס ער האט גערעדט?

— פערשטעהט איהר דען ניט, מאקס, אז דאָ איז עפּעס א שווינדעל? האט נאני געפרעגט. זעהט איהר דען אליין ניט איין, אז איינער האט זיך פערליעבט אין עלווירא'ן און דרעהט זיך ארום ביי נאכט ארום איהרע פענסטער? איז עס דען ניט דייטליך, אז ער וויל ניט, זיא זאל אייך הייראטהען. ער האט דערפאר אנגענומען דיא מאסקע פון'ם בארון באטהיאני אום אייך און עלווירא'ן איבערצושרעקען? דאס איז יעצט קלאר און דייטליך — מאכט אייך דאהער גאר ניט וויסענדיג. מאכט אייך

פערטיג צו דער האכצייט און זייט זיכער, אז דאנערשטאג וועט איהר הייראטהען אייער היים געליעבטע עלווירא.

מאקס האט געשוויעגען. ער האט אליין ניט געוואוסט, אויב ער זאל גלויבען, וואס נאני זאגט, אדער ניט. נאני איז באלד אוועקגעגאנגען. וויא רוהיג ער איז געווען און וויא ער האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה זיך צו פערשטעלען, איז איהם דאך ניט געפעלען דיא געשיכטע מיט׳ן גייסט. מען האט איהם דאך געזעהן. אלע האבען דאך ניט געטרוימט. עפּעס מוז דאך דא זיין.

ער איז געגאנגען אין זיינע צימער, האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב טיש און האט זיך פערטראכט.

— זיי האבען איהם דאך געזעהן, האט ער געברומט. זיי האבען דאך גערעדט מיט איהם. אלע זאגען דאך, אז דאס איז דער באראן פאן באטהיאני. ער איז אבער דאך טויט. וואס זאל דא זיין? וואס פאר א געהיימניס ליעגט דא בעגראבען?

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט אנגעהויבען האסטיג ארומצוגעהן אין זיין צימער.

— א נייער געדאנק! האט ער אויסגערופען. — דאס איז מעגליך! — ארטהור פאן באטהיאני איז געווען גוט בעקאנט מיט׳ן הענקער. עס איז זעהר מעגליך, אז דער הענקער האט איהם געגעבען דיא מעגליכקייט צו אנטלויפען. ער האט אויפגעהאנגען אנאנדער פערברעכער אויף זיין ארט. אזעלכע פעלע זיינען שוין פארגעקומען. — אלעס איז מעגליך אויף דער וועלט. — גוט! ריכטיג! — איך וועל שרייבען צום אדוואקאט נאוואק, ער זאל שטילערהייט אנהויבען נאכצופארשען, וויא אזוי מען האט אויפגעהאנגען דעם באראן פאן באטהיאני. דער קלוגער נאוואק וועט שוין וויסען, וואס ער האט צו טאהן. — דאס וועט אבער געדויערן. דאס קען דויערן מאנאטען לאנג. — ניין! דאס איז נאך ניט דאס ריכטיגע מיטעל. דאס בעסטע איז, איך זאל פאהרען קיין ראזענוי און זאל בעטען דעם פאליציי קאפּיטאן, ער זאל מאכען אן אונטערזיכונג אין טהורעם פון טשעמני.

נאני האט פיינד געהאט אפצולעגען א זאך, וואס ער האט געוואלט טאהן. ביי איהם איז געווען: געזאגט — געטאהן! ער האט באלד געהייסען איינשפּאנען זיין קארעטע און אין א שטונדע ארום איז ער אריינגעקומען צום בירגער-מייסטער און פּאליציי קאפּיטאן פון ראזענוי.

אזוי וויא מען האט איהם געקענט אין שטעדטעל אלס רייכער באראן, האט איהם דער בירגערמייסטער אויפגענומען גאנץ פריינדליך און האט איהם געפרעגט:

— מיט וואס קען איך אייך דיענען, הערר באראן?

— עס איז א זאנדערבארע געשיכטע, האט נאני געענטפערט, איהר וועט פיעלייכט לאכען פון מיר. איך אליין לאך פון דיעזער געשיכטע. עס איז אבער זאנדערבאר און אונזערע מענשען שרעקען זיך. איך מוז זעהן, אז זיי זאלען זיך בערוהיגען.

— ביטע, ביטע, הערר באראן! דערצעהלט מיר, וואס איז ביי אייך נייעס.

— איהר קענט דאך געוויס דעם טהורם פון טשעמני.

— געוויס, הערר באראן.

— ביז היינטיגען זומער האט דארט געוואהנט דער הענקער פון דיעזען בעצירק, אנפאנגס זומער האט מען איהם געשיקט רופען קיין בודאפעסט.

— דאס ווייס איך.

— האט שוין דער בעצירק אנאנדער הענקער? האט נאגי געפרעגט.

— דערווייל נאך ניט.

— אלזא, שטעהט דער טהורם לעדיג.

— זא פיעל איך ווייס, וואהנט יעצט קיינער ניט אין טהורם, האט דער בירגער מייסטער ערקלערט.

— און דענאך זאגען דיא בויערן פון דיא דערפער ארום, אז זייט איניגע צייט זעהן זיי א מאן אין א רויטען מאנטעל ארויסגעהן פון דיעזען טהורם. זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא נאררישע בויערן האבען זיך איינגערעדט, אז דאס איז א גייסט. זיי זיינען אזוי איבערגעשראקען, אז זיי ציטערן פארבייצוגעהן ביי נאכט פאר דיעזען טהורם.

דער בירגערמייסטער האט א שמייכעל געטאהן. דיא געשיכטע מיט׳ן גייסט איז איהם געפעלען.

— וואס דענקט איהר פון דיעזער געשיכטע, הערר באראן?

— איך דענק, אז עפעס א פערברעכער בעוואהנט יעצט דעם פערפלוכטען טהורם. ער ווייס, אז מען האט מורא פאר דיעזען טהורם. ער ווייס, אז דיא בויערן זיינען אבערגלויביש און האבען מורא פאר גייסטער. ער בענוצט דיעזען אבערגלויבען אום רוהיג צו וואהנען אין טהורעם און מארדען, און רויבען אין דער געגענד ארום. אנדערש קען איך מיר דיעזע געשיכטע ניט ערקלערן.

— וואס זאל איך אלזא טאהן?

— איהר מוזט שיקען זשאנדארמען, זיי זאלען גוט דורכזוכען דעם טהורם און ואלען ארעסטירען דעם מערדער.

דער בירגערמייסטער האט זיך פערטראכט.

— איך וויל מיך ניט לעכערליך מאכען, האט ער ענדליך געזאגט. איהר ווייסט דאך נור, וואס איניגע נאררישע בויערן האבען אייך געזאגט. זאל איך שוין חאפען און שיקען זשאנדארמען, זיי זאלען זיך נאכיאגען נאך א גייסט? — מען וועט דאך מיך אויסלאכען.

— ווען עס זאלען רעדען פון דיעזען גייסט נור נאררישע בויערן, וואלט איך מיך אויך אויסגעלאכט, האט נאגי בעמערקט. איך וואלט גאר ניט געקומען צו אייך מיט אזא ביטע. נעכטען ביי נאכט אבער האט דער גראף פאן ראדעצקי געזעהן דעם גייסט. ער האט איהם געזעהן אין א רויטען מאנטעל און קיים איז ער צוגעגאנגען נעהענטער צו איהם, איז דער גייסט אנטלאפען געווארען און האט זיך בעהאלטען צווישען דיא בוימער ארום שלאס טאקקי. — עס איז דאך גאנץ דייטליך, אז דער גייסט האט געוואלט בערויבען דעם שלאס. ווען ער האט אבער דערזעהן דעם גראף, איז ער אנטלאפען געווארען.

— אזוי? דער גראף פאן ראדעצקי האט אויך געזעהן דעם גייסט? האט דער בירגערמייסטער איבערגעפרעגט. — פאר וואס האט ער אויף איהם ניט געשאָסען?

— דער גראף פאן ראדעצקי איז געווען אין שלאס טאָקקי צום בעזוך. ער האט ניט געהאט מיט זיך קיין געוועהר.

— דיא געשיכטע איז ווירקליך אינטערעסאנט, האט דער בירגערמייסטער געזאגט. איך ווייס אבער נאך אלץ ניט, וואס איך קען דא העלפען.

— איהר קענט העלפען זעהר פיעל, הערר בירגערמייסטער! האט נאני אויסגערופען. איהר קענט שיקען זשאנדארמען, זיי זאלען שטילערהייט בעוואכען דאס שלאס טאָקקי.

— אויך דאס איז אונמעגליך, הערר בעראן. ווען דיא גרעפין האט מורא; ווען זיא דענקט, אז זיא געפינט זיך אין א געפאהר, מוז זיא עס מעלדען שריפטליך. זיא מוז איינרייכען א ביטשריפט, אין וועלכער זיא מוז ערקלערען, פאר וואס זיא האט מורא און וואס פאר א הילף זיא פערלאנגט.

— זיא האט מיך געבעטען, איך זאל עס טאהן פון איהרעטוועגען. זיא איז זעהר בעאונרוהיגט און האט מורא ארויסצוגעהן פון שלאס. איהר מוזט וויסען, מיין הערר, אז זייט עס האט פאסירט דער שרעקליכער מארד אין שלאס באטהיאני, זיינען אלע איינוואהנער פון אונזער געגענד זעהר איבערגעשראקען. איך דענק זאגאר, אז דיעזער גייסט ווייס עפעס צו זאגען פון יענעם מארד.

דער בירגערמייסטער איז געווארען אויפמערקזאם. עס האט איהם אויסגעוויזען, אז נאני זאגט איהם א שטאך ווארט. פאר וואס מען האט ביז אויף היינטיגען טאג ניט אויסגעפונען, ווער עס האט געמאָרדעט דעם בישאף ווארוואסקי.

— מיר האבען געטאהן אלעס, וואס מיר האבען געקענט, האט ער געזאגט. מיר האבען געזוכט אין אלע וועלדער און אין אלע טאהלען ארום. מיר האבען אבער גאר ניט געפונען, וואס קענען מיר העלפען? מיר זיינען דאך נור מענשען.

— איהר האט געזוכט אומעדום, דאס ווייס איך, האט נאני בעמערקט מיט א שמייכעל, איהר האט אבער פערגעסען צו זוכען אין איין ארט — אין טהורם פון טשעמני. דאס איז דער וויכטיגסטער ארט אין דער גאנצער געגענד. דאס איז געווען א גרויסער פעהלער. דיא רויבער ווייסען גאנץ גוט, אז דאס פאלק האט מורא פאר'ן טהורם און זיי האבען זיך געוויס דארט בעהאלטען.

— איך גלויב ניט, אז דיא רויבער האבען זיך בעהאלטען אזוי נאהענט, האט דער בירגערמייסטער געענטפערט.

— נון, ווייסט איהר וואס? האט נאני אויסגערופען, גיט מיר נור עטליכע זשאנדארמען. לאמיך נור זוכען אין טהורעם. איהר וועט זעהן, אז איך וועל עפעס געפינען.

— איך וואלט עס געטאהן מיט פערגניגען, אבער....

— וואס אבער?

— אבער איך וועל אייך זאגען דיא גאנצע וואהרהייט, בעראן נאני, — מיר האבען זעהר וועניג זשאנדארמען אין שטעדטעל. אייניגע האב איך ארויסגעשיקט אין

דיא בערג, דיא אנדערע דארפען אפהיטען דיא שטאדט. איך האב ניט וועמען צו שיקען.

נאני האט איינגעזעהן, אז דער בירגערמייסטער און דער וועכטער פון דער געגענד האט רעכט.

— ווייסט איהר וואס, הערר בירגערמייסטער, גיט מיר דיא פאלמאכט צו זוכען און צו ארעסטירען, וועמען איך וועל געפינען.

— איהר אליין?

— ניט אליין, האט נאני געענטפערט. ווען איך וועל האבען אייער פאלמאכט, וועל איך צונויפרופען דיא בויערן פון'ם דארף און מיר וועלען צוזאמען זוכען.

— איך דאנק אייך, הערר באראן! איך וועל עס אייך געבען א פאלמאכט צו טאהן אין דיעזער בעציהונג, וואס איהר וועט געפינען פאר נעטהיג צו טאהן.

ער האט באלד ארייגערופען זיין סעקרעטער און האט איהם געהייסען, אז ער זאל אנשרייבען א פאללמאכט, אז באראן נאני האט אלע רעכטע און דיא גאנצע מאכט פון א פאליצײ קאפיטאן. ער מעג מאכען אונטערזוכונגען אין פרעמדע הייזער און ארעסטירען, וועמען ער וועט געפינען פאר נעטהיג.

דער שרייבער האט אנגעשריעבען דאס פאפיער און האט ארויפגעלעגט ד'עם גרויסען, רויטען זיעגעל פון דער שטאדט ראזענוי. דאן האט ער עס געגעבען דעם בירגערמייסטער צום אונטערשרייבען.

— נו, באראן, יעצט האט איהר שוין אייער פאללמאכט, האט איהם דער בירגערמייסטער געזאגט. געהט און טהוט עפעס. דיא פאליצײ וועט אייך זעהר דאנקבאר זיין, ווען איהר וועט אויסגעפינען דיא פערברעכער, וועלכע האבען ערמארדעט דער בישאף האראווסקי.

נאני האט איהם געדאנקט און איז אוועקגעגאנגען פרעהליך און צופריעדען.

— איך וועל שוין אויסגעפינען, ווער עס שפיעלט דארט דיא ראלע פון באראן ארטהור פאן באטהיאני, האט ער געזאגט צו זיך אליין.

קוים איז ער אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט פון'ם הויז פון דעם בירגערמייסטער, האט ער געהערט קנאקען מיט בייטשען. עס איז אנגעלאפען א טהייערע קארעטע מיט זעקס פייערינע פערד. אויף דער קארעטע איז געוועזען אויסגעמאלט דער צייכען פון דיא גראפען פאן מעראס.

— גראף מעראס! דער ערץ בישאף פון אונגארן! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

נאני איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. וויא קומט גראף מעראס אהער? וואוהין פאהרט ער? ער איז נאכגעגאנגען דער קארעטע זעהן, וואוהין גראף מעראס וועט פערפאהרען.

גראף מעראס, אלס איינער פון דיא גרעסטע מענער פון אונגארן, איז פערפאהרען צום בירגערמייסטער. נאני איז אנגעקומען פונקט אין דער מינוט, ווען דער בירגערמייסטער האט ארויסגענומען דעם אלטען, עהרווירדיגען מאן פון זיין קארעטע. גראף מעראס איז ניט דער באראן נאני. פאר א גראף מעראס האט מען רעספעקט.

דער בירגערמייסטער פון ראזענוי איז געווען גליקליך, ווען גראף מעראס איז אריבער געטרעטען דיא שוועל פון זיין הויז.

וויא ערשטוינט איז נאני געווארען, ווען ער האט דערזעהן, אז נאכ'ן גראף מעראס איז א צווייטע פערזאָן ארויסגעגאנגען פון דער קארעטע — גראף געאָרג פאָן טאָקקי.

— זיי פאהרען געוויס קיין טאקקי, האט נאני געזאָגט צו זיך אליין. איך מוז לויפען אהיים. מיר מוזען זיך פארבערייטען. ווען גראף מעראס וועט זיין אין שלאָס טאָקקי, וועט ער געוויס אונז מאכען א בעזוך. דאס דאַרף איך דאך! דאס איז דאָך מיין הייסעסטער וואונש.

ער איז געלאפען אין זיין נאסט הויז, האט געהייסען שנעל איינשפאנען זיינע פערד, האט זיך אויפגעזעצט און האט געהייסען זיין קוטשער טרייבען דיא פערד, וויא ווייט זיי וועלען נור קענען לויפען.

אין א האלבע שטונדע ארום איז ער שוין געווען אין שלאָס ראדעצק. ער איז אריינגעלאפען, וויא א שטורמווינד אין דיא צימער פון דער גרעפין.

— וואס איז דיר, נאני? וואס איז געשעהן? האט דיא גרעפין געפרעגט ער שטוינט, ווען זיא האט איהם דערזעהן.

— איך האב גאנץ וויכטיגע נייעס, האט נאני קוים ארויסגעקייכט.

— גוטע אדער שלעכטע? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— גוטע, מיין ליעבע אייזשעניע! האט נאני אויסגערופען, מיר וועלען באלד האבען א גרויסע עהרע. מיר מוזען זיך פאָרבערייטען דערצו.

— וואס פאר אן עהרע? צו וואס זיך פארבערייטען?

— גראף מעראס פאהרט קיין טאָקקי. ער וועט געוויס זיין אויף דער האכצייט פון מאקס'ן מיט עלוויראַ'ן.

— פון וואנען ווייסט דוא עס?

— איך האב איהם אליין געזעהן אין ראזענוי.

— דאן וועלען מיר מוזען איהם איינלאדען צו אונז אין שלאָס.

— געוויס, טהייערע אייזשעניע! אזא גאסט, אזא גרויסען גאסט איז דאך אן עהרע צו זעהן ביי זיך. ווער פון אונזערע נאכבארן קען דען האבען אזא עהרע, אז דער ערץ בישאָף פון אונגארן אליין זאל קומען צו איהם אויף א האָכצייט? איך האָף, אז ער אליין וועט מאכען דיא טרויאונגס צערעמאָניע. דאס איז אן עהרע! דאס איז א גליק, ליעבע פרוי!

דיא גרעפין איז געווארען פרעהליך און מונטער. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז גראף מעראס איז דער גרעסטער מאגנאט פון אונגארן.

— דוא האסט רעכט, נאני! האט זיא אויסגערופען, צום ערשטען מאל זייט איך קען דיך, בריינגסט דוא מיר אזא גוטע נאכריכט. מיר מוזען זעהן איהם צו עמפפאנגען מיט אלער עהרע און מיט אלער פראכט, וויא עס פאסט פאר אזא גרויסען מאן. איך וועל הייסען אויסציערן און אויספוצען אונזערע צימער מיט אלע טהייערע

זאבען, וואס מיר האבען. לאז ער זעהן, אז מיר זיינען קיינע שלעפערס, אז מיר זיינען ווירקליכע גראפען.

— איך פערלאז מיך אויף דיר, אייזשעניע. דוא וועסט שוין וויסען, וויא אזוי צו אויפצונעהמען. יעצט האב איך קיין צייט נים. איך האב נאך א געשעפט צו פער־זארגען.

— וואס נאך האסט דוא צו טאהן?

— איך מוז אביסעל נאכקוקען אונזער נייסט, האט נאני געזאגט מיט א שמייכעל.

— וואס מיינסט דוא דערמיט?

— איך מיין דערמיט, אז איך מוז אונטערזוכען דעם טהורעם פון טשעמני, וואו אונזער גייסט האלט זיך אויף.

— איך פערשטעה נאך אלץ ניט. ערקלער מיר דייטליכער, וואס מיינסט דוא?

— איך בין געווען ביים בירגערמייסטער פון ראזענוי און האב ביי איהם גענומען א פאללמאכט צו פערזאמלען דיא בויערן פון דיא דערפער ארום און צו זוכען נאך פערברעכער. אזוי וויא איך האב געהערט, אז דער גייסט פון באראן ארטהור פאן באטהיאני האלט זיך אויף אין טהורעם פון טשעמני, וויל איך איהם מאכען א בעזוך. איך האב אויך ליעב צו פלוידערן מיט גייסטער.

— אך! איך זאל נור וויסען, אז דאס איז ניט קיין גייסט, וואלט איך געווען גליקליך! האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— דוא וועסט נאך היינט ביי נאכט געוואהר ווערן, ווער דיעזער גייסט איז.

— איך ווינש עס געווים, אבער....

— קיין אבער, אייזשעניע! דוא זעהסט דאך אליין, אז אלעס וואס איך טוה, געלינגט מיר. דאס וועט מיר אויך געלינגען. האב קיין מורא ניט אייזשעניע! ער וועט עס טהייער בעצאהלען, ווער עס האט געוואגט זיך אנצוטאהן א מאסקע און זיך צו שטעלען מיר אין וועג. — גוטע, אייזשעניע, מאך דיינע פארבערייטונגען, איך וועל געהן אויספיהרען מיינע פלענער.

12טער קאפיטעל.

## דער אלטער טרייער דיענער.

מיר האבען געלאזען ארטהורן אין דער צייט, ווען ער האט גערופען עלוויראן. ער האט געווארט אויף אן אנטווארט. ער האט גערעכענט, אז עלווירא וועט צוקומען צום פענסטער, זיא וועט זיך ארויסבייגען, וויא דאס ערשטע מאל און ער וועט קענען איהר ערקלערן, אז ער איז ניט טויט.

ליידער, האט איהם קיינער ניט געענטפערט. אים געגענטהייל, קוים האט ער אנגעהויבען צו רעדען, איז דאס ליכט, וואס האט זיך געוויזען אין עלוויראס צימער באלד פערשוואונדען. ארטהור האט ניט געוואוסט וויא אזוי עס זיך צו ערקלערן.

— איך האב געזעהן דאס ערשטע מאל, אז עלווירא האט זיך ניט דערשראקען פאר מיר, האט ער געזאגט צו זיך אליין, וויא קומט עס, וואס זיא ענטפערט יעצט נים?

ער האט צוואר געוואוסט אן אָרט, וואו ער וואָלט געקענט אריינגעהן אין שלאָס. ער האט זיך אבער איבערלעגט, אז יעצט איז ניט דיא צייט אריינצוגעהן צו עלוויראן.

— עס העלפט ניט! האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך קען גאר נישט טאהן אליין. איך מוז האבען נאך א מענשען צו מיר. איך מוז האבען איינעם, וועלכער זאל פריהער מיט איהר רעדען און זאל זיא פארבערייטען, אז איך וויל מיט איהר אנטלויפען. קומען גאר פלוצלונג, ווען זיא איז איבערצייגט, אז איך בין טויט, וועט ניט טויגען. זיא קען זיך נאך איבערשרעקען און אנהויבען צו שרייען.

ער האט זיך אנגעשפארט אן דער מויער פון'ם שלאָס און האט זיך פערטראכט.

— וואס טהוט מען? וואו נעהמט מען א מענשען, וועמען איך זאל מיך קענען פערטרויען? דער שטומער בעטלער איז א גוטער מענש. ער איז דאך אבער שטום.

פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאנט.

— וואו נעהמט מען איהם? האט ער אויסגערופען, וואו נעהמט מען מיין גוטען און געטרייען קארל?

קארל איז געווען אן אלטער דיענער, וועלכער האט נאך געדיענט זיין פאָטער. קארל האט איהם זעהר ליעב געהאט. ארטהור איז אויפגעוואקסען ביי איהם אויף דיא הענד. דער אלטער קארל האט איהם געטראָגען אויף דיא הענד, ווען ארטהור איז געווען א קינד. ארטהור איז אין דער לעצטער צייט געווען אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגעשלאָגען, אז ער האט פערגעסען אלעס אין דער וועלט. יעצט האט ער זיך דערמאָנט אן זיין גוטען, טרייען אלטען פריינד קארל.

— וואס טהוט מען? וויא אזוי זוכט מען אויס מיין אלטען, גוטען, געטרייען קארל? האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדער. — איך מוז געהן צום שטומען בעטלער. איך ווייס, וואו ער וואוינט. פיעלייכט וועל איך קענען זיך מיט איהם צונויפרעדען און איהם בעטען, ער זאל מיר זאגען, וואו מיין אלטער קארל געפינט זיך.

ער האט אנגעהויבען צו געהן האסטיג צום דארף טשעמני. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג. עס איז שוין געווען שפּעט און אלע זיינען שוין געשלאָפען. ער האט געוואוסט, וואו דער שטומער בעטלער וואוינט, און איז געגאנגען גלייך צו זיין שטיבעלע.

— פיעלייכט שלאָפט שוין דער שטומער בעטלער? וויא קען איך איהם אויפוועקען? וועט ער דען הערן, ווען איך וועל אנקלאפּען אין דער טהיר?

וויא גרויס איז דאהער געווען זיין פרייד, ווען ער האט דערזעהן א ליכט אין דיא פענסטער פון דעם ארימען שטיבעלע, וואו דער בעטלער האט געוואוינט.

ער האט אנגעקלאפּט אין דער טהיר. זיא האט זיך באלד געעפענט און דער שטומער בעטלער איז ארויסגעקומען. ער האט זיך דערפרעהט, ווען ער האט דערזעהן ארטהור'ן, האט איהם געמאכט צייכענס און געשלעפּט צו זיך אין שטוב.

דא האט זיך אנגעהויבען דיא שווערסטע אויפגאבע. וויא אזוי ערקלערט מען דעם שטומען בעטלער, אז ער וויל וויסען, אויב זיין אלטער דיענער קארל לעבט נאך און וואו ער געפינט זיך. ארטהור האט געטאהן אלעס מעגליכע: ער האט גערעדט

צום שטומען בעטלער, ער האט איהם געמאכט צייכענס, ער האט זיך געקריטם, ער האט זיך געדרעהט.

דער בעטלער האט זיך צוגעהערט און האט זיך צוגעקוקט צו ארטהורס מינען. פלוצלונג האט ער איהם ארויפגעלעגט א פינגער אויפ'ן מויל — א צייכען, אז ער זאל שווייגען. דאן האט ער אנגענומען ארטהור'ן ביי דער האנד און האט איהם ארויסגעפיהרט פון זיין שטיבעלע.

דער שטומער בעטלער האט איהם געפיהרט דורך גערטנער און פעלדער. פלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן לעבען א פארקען און האט געמאכט צייכענס צו ארטהור'ן, ער זאל ווארטען אויף איהם, ביז ער וועט צוריק קומען. דער שטומער בעטלער איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען.

ער איז אריבערגעקראכען דעם פארקען און האט אנגעהויבען צו קלאפען אין דיא פענסטער פון א ניעדריגעס און ארימעס שטיבעלע.

— ווער איז דא־ט? האט מען געפרעגט פון אינעווייניג.

דער אלטער און שטומער בעטלער האט ווייטער געקלאפט, ביז עס האט זיך געעפענט א פענסטעריל און א ווייסער גרויער קאפ האט ארויסגעשטעקט.

— אה, דוא ביסט עס? יאקקי! וואס איז דיר? וויא קומט עס, וואס דוא קומסט אזוי שפעט ביי נאכט?

אן אלטער מאן מיט ווייסע האר איז באלד ארויסגעגאנגען פון שטוב און האט אנגעהויבען צו פרעגען דעם שטומען בעטלער, וואס ער פערלאנגט. ביידע האבען זיך באלד צונויפגערעדט דורך צייכענס און דער אלטער מאן האט זיך אנגעטאהן.

דער שטומער בעטלער האט געפיהרט דעם אלטען צו דעם ארט, וואו ער האט געלאזען ארטהורן שטעהן. קוים איז דער אלטער צוגעקומען צו ארטהורן און האט דערזעהן א מענשען אין א רויטען מאנטעל, האט ער אויסגערופען:

— וואס איז דאס? א הענקער!

— ניין, מיין פריינד, איך בין קיין הענקער, האט ארטהור געענטפערט.

דער אלטער מאן האט א ציטער געטאהן, ווען ער האט דערהערט ארטהורס שטימע.

— גרויסער גאט! איז עס מעגליך? האט ער אויסגערופען. זייט איהר עס?

— קארל! מיין גוטער, געטרייער קארל! האט ארטהור אויסגערופען און האט זיך געווארפען דעם אלטען אויפ'ן האלז. — איך לעב, קארל! איך בין ניט געשטארבען!

מען קען זיך לייכט פארשטעלען דיא פרייד פון דעם אלטען, געטרייען דיענער, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך זיין העררן, דאס קינד, וועלכעס ער הא אמאל געטראגען אויף דיא הענד.

איינינע אויגענבליקע האט ער ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ער האט בעטראכט ארטהורן פון אלע זייטען, גלייך וויא ער האט געוואלט זיך איבערצייגען, אויב ער איז עס ווירקליך, אויב ער לעבט, אויב ער רעדט עס מיט איהם.

— וואו איז דער שטומער בעטלער? האט ארטהור געפרעגט.

ביידע האבען זיך אומגעקוקט. — דער שטומער בעטלער איז פערשוואונדען.

— טהייערער, ליעבער הערר! האט יעצט דער אלטער קארל אויסגערופען, אלזא לעבט איהר נאך? אך, וויא גליקליך בין איך, וואס איך קען אייך וויעדערזעהן! וויא קומט איהר אבער צו א רויטען מאנטעל?

— קום מיט מיר, מיין ליעבער קארל, איך וויל דיר אלעס דערצעהלען.

— וואוהין זאל איך מיט אייך געהן? וואו האלט איהר זיך אויף?

— איך וואהן דערוויל אין טהורם פון טשעטני.

דער אלטער מאן האט א ציטער געטאהן. ער האט זיך דעם שראקען פאר נאמען פון טהורם פון טשעמני.

— זיי רוהיג, אלטער פריינד! האט ארטהור אויסגערופען, עס איז ניטא קיין פערפלוכטער טהורם. דיא מענשען מאכען אן ארט פערפלוכט, ניט דאס ארט מאכט דעם מענשען פערפלוכט.

— איהר האט רעכט, הערר! האט דער אלטער געזאגט, איך געה מיט אייך פיהרט מיך, וואוהין איהר ווילט. מיט אייך האב איך קיין מורא ניט.

ארטהור האט איהם געפיהרט אין זיין וואהנונג — צום טהורם פון טשעמני. שטיל און שנעל, וויא דיא גייסטער זיינען זיי געגאנגען, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום טהורם. ארטהור האט אריינגעפיהרט זיין אלטען טרייען דיענער אין זיין צימער און האט אנגעצונדען א ליכט.

— זעץ דיך, קארל, און לאמירביידע אביסעל רעדען. דא זיינען מיר דערוויל זיכער.

דער אלטער מאן האט זיך אניעדערגעזעצט און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא איצטיגע וואהנונג פון'ם רייכען און שטאלצען באראן פאן באטהיאני.

— זעהסט דוא, קארל, וויא וויט מיינע פיינד האבען מיך געבראכט. איך האב ניט קיין ארט, וואו דעם קאפ אניעדערצולעגען, אויסער דעם פערפלוכטען טהורם פון טשעמני.

דער אלטער מאן האט א זיפץ געטאהן. מעהר האט ער איהם ניט געקענט ענטפערן.

— לאמיר אבער דערפון ניט רעדען, האט ארטהור ווייטער געזאגט. ווילסט דוא מיר טאהן א געפעלינקייט, קארל?

— וואס פרעגט איהר, גנעדיגער הערר? האט דער אלטער אויסגערופען, בעפעהלט מיר און איך וועל טאהן אלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען.

— ניין, קארל, ניט בעפעהלען! איך קען יעצט קיינעם ניט בעפעהלען, האט ארטהור געזאגט טרויעריג. איך מוז יעצט בעטען. מיינע פיינד האבען מיך געבראכט אזוי וויט, אז איך מוז מיך וואלגערן אליין, עלענד, פערפאלגט, פעריאגט און פערטריעבען. איך טאר ניט קומען אין מיין שלאס, איך טאר מיך ניט ווייזען פאר מענשען און איך מוז אנקומען צו אן אונגליקליכען שטומען בעטלער, ער זאל מיר פערזארגען מיט עסען. איך מוז יעצט בעטען, קארל, און איך פרעג דיך נאך א מאל: ווילסט דוא מיר טאהן א געפעללינקייט?

— וואס פרעגט איהר, גנעדיגער הערר? ווייסט איהר דען ניט, וויא טריי איך

האב געדיענט אייער פאטער און אייך? איך האב איך געטראגען אויף דיא הענד, ווען איהר זייט געווען א קינד. איהר זייט געריטען אויף מיינע פלייצעס, ווען איהר זייט אויפגעוואקסען. וואס פרעגט איהר אלזא, אויב איך וועל עפּעס טאהן פון אייערטוועגען? איך וועל טאהן אלעס, וואס איהר וועט מיר נור הייסען. איך וועל קריעכען אין פייער פון אייערטוועגען. איך וועל איינשטעלען מיין לעבען פון אייערטוועגען. איך וועל —

— איך פערלאנג ניט אזוי פיעל פון דיר, קארל. איך בעט דיך אום א קלייניגקייט. ווייסט דוא, קארל, אז איך בין געווען פערלאבט מיט דער יונגער גרעפין פאן טאקקי?

— איך ווייס עס, מיין העררע.

— און דענאך וועט זיא הייראטהען דעם גראף מאקס פאן ראדעצקי. דיעזען דאנערשטאג דארף זיין דיא האכצייט.

— איך האב געהערט דערפון, האט דער אלטער געברומט טרויעריג.

— דאס וויל איך פערהיטען, קארל! דאס וויל איך ניט דערלאזען! דיא גרעפין פאן טאקקי ליעבט ניט דעם גראף. מען צווינגט זיא, זיא זאל איהם הייראטהען.

— וויא אזוי אבער קענט איהר עס ניט דערלאזען? וואס קענט איהר טאהן, ווען איהר מוזט זיך בעהאלטען?

— דאס וויל איך דיך בעטען. איך וויל אנטלויפען מיט דער גרעפין פאן טאקקי. קענסט דוא מיר פערשאפען א קארעטע מיט פערד, וועלכע זאלען מיך ברענגען ביז צו דער גרענעץ?

דער אלטער מאן האט געטראכט איינינע מינוט.

— איך וואלט געקענט עס טאהן, האט ער ענדליך געזאגט, מען קען קריעגען א וואגען מיט גוטע פערד. וואס זאל איך אבער זאגען, ווען איך וועל קומען דינגען א קארעטע מיט פערד? אלע קענען מיך, אלע ווייסען, אז איך בין זעהר ארים; אלע ווייסען, אז איך דארף דיא קארעטע ניט פון מיינעטוועגען. מען וועט אנהויבען צו רעדען, מען וועט אנהויבען צו טראכטען, ווער עס דארף פאהרען מיט דער קארעטע. מען קען געוואהר ווערן, אז איהר זייט עס. איהר קענט דאהער קומען אין דיא גרעסטע געפאהר.

— איך זאג ניט, אז דוא זאלסט דינגען א קארעטע מיט פערד געראדע אין דיעזער געגענד. דוא קענסט אוועקפאהרען ערגעץ אין ווייטען דארף און דארט דינגען א קארעטע.

— איהר האט פאלקאָמען רעכט, מיין העררע, דאס מוז דאך אבער פערנעהמען פיעל צייט, האט דער אלטער קארל געענטפערט.

— וויא לאנג דארף עס דויערן? האט ארטהור געפרעגט

— דרייא — פיער טאג. איך ווייס דאך ניט, אויב איך וועל טרעפען א קארעטע אדער א גוטען וואָגען אין דעם ערשטען דארף, דאן וועל איך מוזען געהן אין אן אנדער דארף.

— דרייא — פיער טעג איז צו לאנג! האט ארטהור אויסגערופען, איך קען אזוי לאנג ניט בלייבען אין דיעזער געגענד. איך האב מורא פאר מיינע פיינד: זיא

סענען מיך נאך ענטדעקען. זיי קענען אויסגעפינען, אז איך האלט מיך אויף אין דיעזע טהורם.

— ליעבער, גוטער, הערר! איך וועל געווים טאהן אלעס מעגליכע, איך זאל שאפען א קארעטע שוין מארגען אדער איבערמארגען. איך זאג נור, אז עס קען זיין, עס זאל דויערן דרייא — פיער טעג.

ארטהור האט אנגעהויבען זיך צו איבערלעגען. ער האט געטראכט איינינע מינוט און האט געפונען, אז דער אלטער קארל האט דאך רעכט. וואס עס איז אונמעגליך איז דאך אונמעגליך.

— נעה, קארל, אייל זיך און זעה מיר צו פערשאפען א קארעטע מיט פערד זא שנעל, וויא מעגליך.

— וואוהין זאל איך ברענגען דיא קארעטע?

— אויפ'ן גרויסען טראקט, ניט ווייט פון שלאס טאקקי, האט ארטהור געענטפערט. דיא קארעטע מוז קומען אהער אום איינס אוהר ביי נאכט. זיא דארף בלייבען שטעהן אין וועלדעל. איך וועל שוין צוקומען.

דער אלטער מאן האט געקוקט אויף זיין געוועזענעם הערר מיט פערוואונדערונג. ער האט איהם געוואלט עפעס פרעגען און האט ניט געוואגט.

ארטהור האט ארויסגענומען פון א קעשענע עטליכע גאלד שטיקע און האט איהם דערלאנגט.

— נא, קארל, אט האסט דוא געלד צו געבען דעם קוטשער האנד געלד און דיר פאר דיין מיה.

— פאר מיין מיה דארף איך ניט, האט קארל געענטפערט. איך וועל זיין גליקליך, ווען איך וועל וויסען, אז איך האב עפעס געטאהן פון אייערטוועגען. — האלט ליעבער דאס געלד, גנעדיגער הערר. אין א פרעמד לאנד דארף מען ערשט האבען געלד.

— נעהם דאס געלד און געה, האט ארטהור געבעטען. עס איז ניטא קיין צייט פיעל צו רעדען. געה און בעזארג מיר א קארעטע. ווען דוא וועסט האבען א קארעטע, קום און זאג עס מיר. איך געפין מיך דא אין טהורם א גאנצען טאג און ביז צעהן — עלף אוהר אבענדס.

דער אלטער מאן האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט ארויסגעהן.

— ווארט, קארל! האט איהם ארטהור צוריקגערופען, איך האב ביי מיר קיין וואפען. קויף מיר ערגעץ א פאר גוטע פיסטאלעטען. — נא דיר געלד.

דער אלטער האט צוגענומען דאס געלד און האט געזאגט:

— זייט רוהיג, גנעדיגער הערר! איך וועל שוין אלעס בעזארגען. איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין, וויא איהר פלעגט זיין מיט מיר צופריעדען אין יענע גליקליכע צייטען, ווען איך האב געוואוינט ביי אייך אין שלאס.

מיט דיעזע ווערטער איז דער אלטער מאן ארויסגעגאנגען פון ארטהורס צימער.

ארטהור האט איהם בעגלייט ביז צום טהירעל, האט איהם ארויסגעלאזען און האט פערריעגעלט דיא טהיר.

13טער קאפיטעל.

## דיא האכצייט מוז שטאטפינדען.

דעם אנדען טאג נענען מיטאג זיינען וויעדער געזעסען דיא גרעפין טאקקי מיט איהר טאכטער אין עלווירא'ס צימער.

— דיא האכצייט מוז זיין דאנערסטאג, וויא מיר האבען אפגערעדט, האט דיא גרעפין געזאגט, איך קען זיא אויף קיין פאל ניט אפלעגען. מען וועט לאכען פון אונז.

— מוטער, דוא האסט דאך אליין געהערט, וויא ארטהור בעט מיך איך זאל איהם בלייבען טריי, האט עלווירא געענטפערט. וויא קען איך יעצט הייראטהען אן אנדערן?

— ער איז דאך אבער טויט? וואס קענסט דוא דען האפען און ערווארטען פון א טויטען?

— גאר ניט, מוטער! איך וועל קיינעם ניט הייראטהען. איך וועל איינטרעטען אין א מאנאסטיר און וועל ווערן א נאנע.

— אויף קיין פאל ניט! האט איהר מוטער אויסגערופען. איך וועל עס ניט דערלאזען, אז דוא זאלסט זיך בעגראבען אין דיא פינסטערע וועגט פון א מאנאסטיר.

— און איך וועל אויף קיין פאל ניט הייראטהען דעם גראף פאן ראד...! האט עלווירא אויסגערופען ענטשלאסען.

— איך וועל דיך צווינגען איהם צו הייראטהען!

— מוטער, ווען דוא ווילסט אויסמיידען א סקאנדאל, צווינג מיך ניט צו הייראטהען א מענשען, וועלכען איך קען ניט ליעבען און וועל ניט ליעבען. — וואס ווערסט דוא מיר טאהן, ווען עס וועט קומען צו דער האכצייט, דער גייסטליכער וועט מיך פרעגען: אויב איך ליעב און וויל הייראטהען דעם גראף? און איך וועל שרייען אין דער הויך פאר דער גאנצער וועלט: ניין! איך ליעב איהם ניט! איך וויל איהם ניט הייראטהען! — עס וועט ווערן א סקאנדאל. דער גייסטליכער אבער וועט מוזען אפלעגען דיא צערעמאניע.

דיא אלטע גרעפין האט אנגעהויבען צו וויינען און איז ארויסגעגאנגען פון עלווירא'ס צימער. אזוי ענטשלאסען און אזוי ענערגיש האט זיא נאך עלווירא'ן קיין מאל ניט געזעהן. זיא האט געוואוסט, אז עלווירא איז זעהר איינגעשפארט און האט זיך דערשראקען. זיא האט מורא געהאט פאר א סקאנדאל.

— וואס טהוט מען? האט זיא געזיפצט. וויא אזוי ווירקט מען אויף איהר, אז זיא זאל נאכגעבען און זאל הייראטהען דעם גראף? — דער באראן נאני האט מיר צוואר צוגעזאגט, אז ער וועט טאהן א... מעגליכע אום צו ווירקען אויף איהר. איך זעה דאך אבער אז ער טהוט גארנישט. ער קען אויך גארנישט טאהן. ער איז דאך א פרעמדער. וואס קען ער העלפען? אך! וואס פאר א סקאנדאל! וואס פאר א שאנדע וועט עס זיין פאר אלע מיינע נאכבארן, פאר אלע מיינע בעקאנטע!

אזוי וויא זיא האט אזוי גערעדט צו זיך, האט זיא דערהערט אין דרויסען א געשריי פון מענשען שטימען. זיא איז צוגעקומען צום פענסטער זעהן, וואס דארט טהוט זיך.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און איהר ברודער, דער גראף מעראס, איז אריינגעקומען אין צימער. הינטער איהם איז געקומען איהר זוהן, גראף געאָרג.

דיא גרעפין איז ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז פון איהר ברודער און האט אנגע-הויבען צו וויינען פאר פרייד. זיא האט איהם שוין אזוי לאנג ניט געזעהן און ער איז געקומען אזוי פלוצלונג און אזוי אונערווארטעט, אז זיא האט איינינע מינוטען ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

ענדליך האט זיא זיך אביסעל בערוהיגט, האט ארומגענומען און געקוש'ט איהר זוהן און האט געהייסען דיא דיענער, זיי זאלען גרייטען צו טיש. דיא געסט זיינען גע-וויס הונגעריג.

— אלזא, וואס מאכסט דוא, געאָרג? וויא קומסט דוא מיט דיין ליעבען אנקעל אזוי אונערווארטעט?

— מיר זיינען געקומען אויף דער האכצייט, האט געאָרג געענטפערט. מיר האבען געהערט, אז דוא האסט אויסגעזוכט פאר מיין שוועסטער אזא גוטע פארטיע.

— שוויינ, געאָרג! האט גראף מעראס געזאגט צו זיין נעפען. מאך דיין מוטער קיינע פאָרווירפע.

ער האט זיך געווענדעט צו דער גרעפין און האט איהר געזאגט:

— עס איז מיר צוואר א וואונדער, וואס דוא פערהייראטהעסט עלווירא'ן אזוי שנעל נאך י ע נ ע מ'ס טויט. איך וויל דיר אבער קיינע פראגען שטעלען. דוא ווייסט געוויס, וואס דוא טהוסט. דוא קענסט געוויס דעם גראף פאן ראדעצקי און ווייסט, אז עס איז א גוטע און פאסענדע פארטיע פאר עלווירא'ן. ווען עלווירא ליעבט איהם, ווען זיא ווילינט איין איהם צו הייראטהען, איז דאס געוויס זעהר גלייך. מיר האט מען געזאגט, אז עלווירא ליעבט נאך אלץ דעם אונגליקליכען באראן פאן באטהיאני.

— דוא האסט רעכט, ברודער! זיא ליעבט איהם נאך! האט דיא גרעפין אויסגערופען, דאס איז דאך מיין אונגליק!

— וואס מיינסט דוא דערמיט, שוועסטער? איך פערשטעה דיך ניט!

דיא גרעפין האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס האט פאסירט אין דער לעצטער צייט מיט עלווירא'ן. זיא האט איהם דערצעהלט דיא געשיכטע מיט'ן גייסט און אז זייט עלווירא האט געהערט ארטהור'ס שטימע, האט זיא זיך איינגעשפאר'ט, אז זיא וויל אויף קיין פאל ניט הייראטהען דעם גראף.

ווען דיא גרעפין וואלט ניט געווען אזוי פערוויינט און פערטראכט, וואלט זיא געוויס געווען בעמערקט, אז ווען זיא האט דערצעהלט דיא געשיכטע פון'ם גייסט, האט גראף מעראס זיך אומגעקוקט אויף איהר זוהן געאָרג. זיא וואלט געווען בע-מערקט, אז ביידע האבען זיך אנגעקוקט. זיא איז אבער געווען אזוי פערטיעפט אין איהר דערצעהלונג, אז זיא האט גאר ניט געזעהן און גאר ניט געהערט.

— וואס זאל איך יעצט טאהן? האט זיך בעקלאגט דיא גרעפין. איך האב אלעס פארבערייטעט צו דער האכצייט. איך האב איינגעלאדען אלע געסט און יעצט

ערקלערט מיר ערלווירא, אז זיא ליעבט ניט דעם גראף פאן ראדעצקי און וויל איהם ניט הייראטהען. איך בין יעצט אין דער גרעסטער פערלעגענהייט.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און עלווירא איז ארייננעקומען אין זאל. זיא האט דערזעהן איהר אנקעל, איז צונעלאפען צו איהם, האט איהם ארומגענומען און האט אנגעהויבען צו וויינען, וויא א קליין קינד.

— וואס איז דיר, עלווירא? וואס וויינסט דוא אזוי? האט גראף מעראס געפרעגט טרויעריג.

עלווירא האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

— בערוהיג דיך, קינד, האט דער אלטער גראף געבעטען און האט זיא צונעפרעסט צו זיין הארצען.

— אך, אנקעל! האט עלווירא געקרעכצט, אך! וויא פיעל האט זיך געענדערט, זייט איך בין געוועזען ביי אייך אין בודאפעסט! וויא גליקליך בין איך געוועזען, ווען איהר האט מיר איבערגעגעבען דעם בעגנאדיגונגס בריעף פון'ם קייזער! וויא פיעל שעהנע, זיסע האפנונגען האב איך דאמאלס געהאט! — און יעצט, אנקעל? — וואס האב איך יעצט? וואס בין איך יעצט? — ארטהור איז דאך טויט!

זיא האט וויעדער אנגעהויבען צו וויינען אזוי שטארק, אז דער אלטער מאן איז געוועזען גערירט און האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ער האט געפיהלט, דער אלטער מאן, איהר שמערץ; ער האט געפיהלט, אז זיא האט אורזאכע צו וויינען און ער האט זיא ניט געקענט טרייסטען.

מיר קענען ניט טרייסטען אונזער בעסטען פריינד, ווען מיר פיהלען זיין שמערץ גלייך מיט איהם.. מיר קענען איהם ניט אויסרעדען, ווען מיר וויסען, פערשטעהען און פיהלען, אז ער האט אורזאכע צו וויינען און צו קלאגען.

עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער ער האט געקענט ארויסרעדען א ווארט. ענדליך האט ער זיך דאך בערוהיגט און האט געזאגט:

— ליעבעס קינד! וואס העלפט דאס וויינען? „דיא קלאגען, זיי וועקען דיא טויטע ניט אויף.“ פאס מוטה, ליעבע עלווירא! דערטראג דיין שמערץ. בעהאלט דיינע ליידען אין דיא טיעפסטע קעמערליך פון דיין הארצען. דער שטארקער מענש וויזט קיין מאל ניט ארויס, וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען. אינעווייניג קאכט עס און זיעדעט, דאס געזיכט בלייבט רוהיג.

— איך קען דיך, ליעבער אנקעל! האט עלווירא אויסגערופען, איך וויים, אז דוא ביסט גוט און עדעל. איך וויים, אז דוא ביסט גערעכט און וואלט געוויס געטאהן אלעס, וואס דוא ווענסט מיר ראטהען, איך קען איהם אבער ניט פערגעסען. איך האב געשווארען, אז איך וועל איהם ליעבען ביז איבערן טויט און איך וועל האלטען מיין שוואור. איך בין געוועזען קראנק. מיין קאפ איז געוועזען שוואך. איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. מען האט מיך איינגערעדט, איך זאל זאגען „יא“ צו אנאנדערן. איך בערייע עס, איך וועל עס מעהר ניט טאהן! איך וועל ליעבען ארטהור'ן ביז אין טויט.

איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו ברענען, איהר געזיכט האט אנגעהויבען צו

פלאמען און איהרע ליפען האבען זיך צוזאמענגעצויגען. זיא איז געשטאנען פאר איהר אנקעל, וויא א בילד פון טרויער און פערצווייפלונג.

אין גרויסען זאל איז געווען שטיל, אז מען האט געקענט הערן, וויא דיא הערצער קלאפען. קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעדען א ווארט. ענדליך איז דער אלטער גראף געקומען צו זיך און האט אויסגערופען:

— ליעבע עלווירא! איך פיהל דיינע לײדען און דערקען דיין שמערץ. איך וויים, אז דוא לײדעסט, איך וויים, אז קיינער איז ניט אים שטאנד דיך צו טרייסטען. בעדענק אבער, אז דער מאן, וועלכען דוא ליעבסט אזוי היים, איז דאך טויט. דוא האסט געגעבען דיין ווארט און דיין האנד צו אנאנדערן. איך וויל ניט פרעגען, וויא אזוי עס איז געשעהן, עס איז אבער געשעהן. עס איז שוין פערפאלען. מען האט שוין דערצעהלט דער גאנצער וועלט, אז דוא ביסט פערלאבט מיט'ן גראף פאן ראדעצקי. מען האט שוין פארבערייטעט אלעס צו דער האכצייט. מען האט שוין איינגעלאדען דיא געסט. קען מען דען יעצט צוריקרופען אלעס? — זעה, עלווירא, וויא דיין מוטער איז געקרענקט. זיא קען ניט איבערטראגען דיא שאנדע און דעם סקאנדאל, וואס עס וועט ווערן, ווען דוא זאלסט פלוצלונג, אונערווארטעט, אהן יעדע אורזאכע צורייסען דיא פעדים, מיט וועלכע דוא ביסט יעצט צוגעבונדען צום מאן, וועמען דוא האסט נעגעבען דיין ווארט. עס העלפט ניט, עלווירא. דוא מוזט יעצט האלטען דיין ווארט.

— זעהסט דוא, עלווירא, האט זיך דיא גרעפין פאן טאקקי אריינגעמישט, — זעהסט דוא, דיין אנקעל געפינט אויך, אז יעצט איז עס אונמעגליך אפצולעגען אדע־ צו פערניכטען דיא האכצייט. — פאלג מיך, עלווירא! ווארף ארויס פון'ם קאפ דיא טרויעריגע געדאנקען! פערגעס דעם טויטען! דוא ביסט דאך מיט איהם זאגאר ניט געווען עפענטליך פערלאבט. איהר האט זיך געשווארען ליעבע און טרייע שטילערהייט, קיינער אבער האט דערפון ניט געוואוסט. עס איז וואהר, אז ארטוהר האט דיך געליעבט, דער גראף פאן ראדעצקי אבער ליעבט דיך אויך ניט וועניגער פון ארטהורן. ער איז פון א גרויסער פאמיליע און דוא האסט איהם נעגעבען דיין ווארט עפענטליך פאר דער גאנצער וועלט. וויא קענסט דוא אנטאהן איהם און מיר אזא שאנדע? וויא קענסט דוא יעצט ארויסטרעטען פאר דער גאנצער וועלט און זאגען איהם, אז דוא ווילסט איהם ניט?

עלווירא האט געטראכט איינינע מינוט. פלוצלונג האט זיא א ציטער געטאהן מיט איהר גאנצען קערפער.

— דוא האסט רעכט, מוטער! האט זיא געזאגט לאנגזאם, דוא פאדערסט פון מיר, איך זאל האלטען מיין ווארט, · איך וועל דיר פאלגען! איך וועל נאכגעבען! מאך דיינע פארבערייטונגען צור האכצייט!

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אריינגעלאפען אין איהר צימער.

— גאט זיי דאנק! האט דיא גרעפין פאן טאקקי אויסגערופען, ענדליך איז זיא דאך געקומען צום פערשטאנד, אז עס איז גלייכער פאר איהר צו הייראטהען דעם גראף פאן ראדעצקי.

גראף מעראס האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ.

— אך, שוועסטער: האט ער געזאגט מיט א זיפץ; מיר געפעלט ניט דיזעס שנעלע נאכגעבען; מיר געפעלט ניט, וואס עלווירא האט אזוי פלוצלונג געענדערט איהר מיינונג. איך קען זיא גוט. זיא איז שטאלץ, ענערגיש און ענטשלאסען. — מיר מוזען זיין זעהר פארזיכטיג. מיר קענען זיא בעטען, זיא איינרעדען, איהר ערקלערן, איהר געבען צו פערשטעהן, אז זיא דארף טאהן, היא מיר פערלאנגען. ווען זיא זיך אבער שטארק איינשפארען, אז זיא וויל ניט הייראטהען דעם גראף, וועלען מיר מוזען נאכ־געבען. פערגעס ניט, שוועסטער, אז דאס לעבען פון אונזער קינד דארף זיין ביי אונז טהייערער אלס אלע העפליכקייטען און אלע אריסטאקראטישע שטאלציגקייטען. — אך, עללא! איך האב אויך אמאל געהאט א קינד! וויא פיעל וואלט איך יעצט אוועק־געבען, איך זאל קענען ארומנעהמען דיזעס קינד! — ליידער, אומזיסט! מיין קינד איז טויט!

יעצט האט דיא שוועסטער געמוזט טרייסטען דעם ברודער. דיא גרעפין טאקקי האט געוואוסט, אז איהר ברודער האט אמאל געטראפען אן אונגליק. זיא אז דאמאלס געווען ווייט פון איהם און האט ניט געקענט וויסען, וואס עס איז געשעהן און וויא אזוי עס איז געשעהן.

— וואו איז געארג? האט פלוצלונג געפרעגט גראף מעראס.

זיי זיינען געווען אזוי פערטיעפט אין זייער געשפרעך, אז זיי האבען גאר ניט בעמערקט, וויא געארג איז זיך שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון זאל.

— ער איז געוויס געגאנגען זיך איבערטאהן, האט דיא גרעפין געענטפערט. —

אין דער צייט, וואס אין שלאס טאקקי איז מען געווען אזוי ערנסט און אזוי שטיל, האט זיך אין שלאס ראדעצק גערוישט און געקאכט. מאן און פרוי און זוהן האבען זיך פארבערייטעט צו פאהרען צום בעזוך אין שלאס טאקקי.

דיא גרעפין האט אויף זיך אויפגעהאנגען, וויא פיעל בריליאנטען זיא האט גע־האט, אז זיא האט אויסגעוויעזען, וויא א לעבעדיגער, צוויא פיסיגער פענסטער פון א בריליאנטען הענדלער. דער באראן נאגי האט זיך אויך אנגעטאהן זעהר רייך און עלעגאנט. מאקס האט זיך געמוזט אנטאהן זעהר שעהן, ער איז דאך געפאהרען צו זיין בראוט.

דיא קארעטע מיט פיער פייעריגע פערד איז געשטאנען אין דרויסען. רייך געקליידעטע לאקייען זיינען געשטאנען פון הינטען. דער קוטשער איז געווען בעהאנגען מיט גאלדענע פראנזען. מיט אזא אויפצוג זיינען זיי אריינגעפאהרען אין שלאס טאקקי.

דיא גרעפין פאן טאקקי האט אויפגענומען איהרע געסט זעהר פריינדליך און זעהר הערצליך. אין דער צייט וואס דיא געסט זיינען אנגעקומען, איז גראף מעראס און געארג ניט געווען אין זאל. זיי זיינען אנגעקומען ערשט שפעטער. זיין שוועסטער האט איהם פארגעשטעלט דיא געסט. גראף מעראס האט זיך פערנייגט זעהר העפליך פאר דער גרעפין פאן ראדעצקי און האט איהר געווינשט גליק צו דער הייראטה פון איהר זוהן.

— איך גראטולירע, גרעפין פאן ראדעצקי! האט גראף מעראס געזאגט און געווינשט גליק אייך און דעם יונגען פאר.

— איך דאנק, גראף! איך בין גליקליך או האבען אזא פערוואנדעטען, וויא גראף מעראס, ערצבישאף פון אונגארן, האט דיא גרעפין נעענטפערט און האט זיך טיעף פערנייגט.

זיא האט צוואר זעהר גוט געוואוסט צו שפיעלען דיא ראלע פון א שעהנער און עלעגאנטער פרוי, נענען אזא מאגנאט אבער, וויא גראף מעראס, האט זיא געוואוסט, וויא זיך צו האלטען. פאר אזא מאן מיז מען וויזען רעספעקט און ניט קאקעטעריע.

מאקס'ן האט מען ניט געדארפט פארשטעלען, ער איז שוין געוועזן בעקאנט מיט'ן גראף מעראס. מאקס איז צוואר געווען העכסט צופריעדען, וואס ער געפינט זיך מיט זיין האבגעשטעלטען פערוואנדטען; ער איז אבער געווען זעהר אונרוהיג, וואס ער האט ניט געזעהן עלווירא'ן אין צימער. אויך זיין מוטער האט עס בעמערקט. ביידע האבען געפרעגט דיא גרעפין פאן טאקקי:

— וואו איז עס אונזער ליעבע גראטין? וואו איז עס ערגעץ עלווירא?

דיא גרעפין פאן טאקקי איז רויט געווארען און האט געענטפערט לאנגזאם:

— עלווירא פיהלט זיך היינט זעהר שלעכט. זיא האט זעהר געוואלט ארויס־קומען צו אייך; ליידער, איז עס איהר אונמעגליך. זיא האט מיר געבעטען, איך זאל אייך אלעמען געריסען הערצליך און זאל אייך בעטען אום ענטשולדיגונג.

מאקס און דיא גרעפין האבען געמוזט זיך בעגניגען מיט דיעזער ערקלערונג.

באראן נאגי איז ניט אפגעטרעטען פון גראף מעראס. ער האט זיך מיט איהם אונטערהאלטען איבער פערשיעדענע זאכען. ער האט גערעדט מיט איהם פון פאלי־טיק, פון'ם קריעג, פון דער רעגיערונג און פון פערשיעדענע זאכען. ער האט געוויעזען דעם גראף, אז ער איז אויך א געבילדעטער מאן און פערשטעהט, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט.

גראף מעראס איז געווען אזוי העפליך, אז ער האט איינגעלאדען דעם באראן צו זיך קיין בודאפעסט.

דער באראן האט אויסגעזוכט א מינוט, ווען גראף מעראס האט גערעדט מיט זיין שוועסטער, און האט געפרעגט זיין פרוי:

— וואס הערט זיך מיט עלווירא'ן? פאר וואס איז זיא ניט ארויסגעקומען צו אונז? וואס הערט זיך מיט איהר?

— זיא האט ענדליך איינגעוויליגט, אז דיא האכצייט זאל שטאטפינדען נעכסטען דאנערסטאג. דענאך וועל איך מיך ערשט דאן בערוהיגען, ווען דיא האכצייט וועט שוין זיין פאראיבער. איך האב נאך אלץ מורא פארן נייסט אדער פאר'ן רויבער, וויא דוא זאגסט.

— זיי זיכער, אייזשעניע, אז דער נייסט וועט מעהר ניט קומען. איך וועל שטע־לען מענשען אין וואלד ניט וויט פון שלאס טאקקי. ווען דעם נייסט, ווען ער וועט זיך וויזען נאך א מאל!

מען האט נאך גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. נאגי האט אבער ניט געוואלט בלייבען שפעט אין שלאס טאקקי.

— דוא ווייסט דאך, אייזשעניע, אז איך האב נאך היינט אן ארבייט. איך מוז געהן. זאג מאקס'ן שטילערהייט, אז מיר ווילען אוועקגעהן.

דיא גרעפין פאן ראדעצקי האט געגעבען א ווינק איהר זוהן, אז עס איז צייט, זיי זאלען געהן אהיים. באלד האבען דיא געסט אבשיעד גענומען און זיינען זיך אוועק־געפאהרען.

— וויא געפינסט דוא אונזערע פערוואנדעטע? האט דיא גרעפין פאן מאקסי געפרעגט איהר ברודער, ווען דיא געסט זיינען זיך צופאהרען. וויא געפעלט דיר על־וויראס ברויטיגאם?

— איך קען דיר גאר ניט זאגען אין דיזער בעציעהונג, האט גראף מוראס געענטפערט. זיי מאכען א גוטען איינדרוק. זיי ווייזען אוים צו זיין גוטע מענשען. דער מענש איז אבער א רעטעניש. זיין הערץ איז א טיעפעס, פאלשעס וואסער. פון אויבען איז עס גלאט, שעהן און שפיגעלט זיך אפ אין דעם קלארען, בלויען הימעל; אונטען אבער קריעכען, דרעהן זיך, שליידערן זיך און ווארפען זיך אלערליי ווערים און אלערליי ווילדע, עקעליגע מהיערע. ווער קען עס ערפארשען דאס מענשליכע הערץ? וויא אפט איז דאס פיינסטע און דאס שעהנסטע עפעלע אינעווייניג פויל און פערדארבען!

— ברודער! זאג מיר דיא וואהרהייט! דיר געפעלט ניט דיא פאמיליע פאן ראדעצקי? האט דיא שוועסטער אויסגערופען.

— איך האב דאך דיר געזאגט, אז זיי האבען געמאכט אויף מיר א גוטען איינ־דרוק. עס איז דא אן אלטעס שפריכווארט: „מען קען ערשט דאן א מענשען, ווען מען עסט אויף מיט איהם צוזאמען א פעסעל זאלץ“. אין זאל, אויף א באלל, ביים רייכגעקליידעטען טיש, אין דער געזעלשאפט זיינען אלע שעהן, אלע פיין און אלע גוט. וואס קען מען וויסען, וואס עס ליעגט אונטער דעם אייבערשטען לאקיר פון אונזערע געבילדעטע און שעהן אפלאקירטע מענשען? ווייסט דוא דען ניט, אז דער געבילדע־טער מענש קריעגט אלעס צו בארגען און צו לייהען: ער בארגט זיך א פראק, ווען ער געהט אין א געזעלשאפט; ער בארגט זיך א הוט, ער בארגט זיך א פריינדליכעס געזיכט, ער בארגט זיך שעהנע מאניערען, ער בארגט זיך זיסע רעד; ער בארגט זיך פריינדליכקייט, ער בארגט זיך העפליכקייט, ער בארגט זיך א שמייכעל אויף דיא ליפען און ער בארגט זיך פריינדליכע בליקען.

— ווען אלעס איז פערשטעלט און געבארגט, וויא דערקענט מען אלזא א מענ־שען? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— דאס איז א פראגע, אויף וועלכע עס איז ניט אזוי לייכט צו בעאנטווארטען, האט גראף מוראס געענטפערט, דערפאר איז דיא שולע פון דעם לעבען אזוי שווער דורכצומאכען. ווען מיר לערנען א וויסענשאפט, א קונסט, א האנדווערק, האבען מיר צו טאהן מיט א טויטען מאטעריאל, מיט א זאך וואס לעבט ניט. מיר זיינען דיא הערען, דיא בעלי בתים, פון דעם מאטעריאל, פון דעם שטאף, איבער וועלכען מיר ארבייטען. מיר קענען איהם אויסשטודירען פון איין זייט און מיר קענען שוין דיא אנדערע זייט. אין דער שווערער שולע פון לעבען האבען מיר צו טאהן מיט א מענשען, מיט א לעבעדיגען מענשען ווען מיר שטודירען איהם שוין גוט אוים פון איין זייט,

ווייזט אונז דיא אנדערע זייט, אז מיר ווייסען נאך גארנישט און קענען איהם נאך גארנישט. שטודירען מיר אוים דיא צווייטע זייט, ווייזט אונז א דריטע זייט, אז אלעס, וואס מיר האבען געלערנט ביז אהער, איז געווען פערלארענע מיה. ער ווייזט אונז ארוים אזעלכע זייטען פון זיין כאראקטער, אז מיר ווערן איבעררואשט, ערשטוינט או מור שעהמען זיך צו זאגען, אז מיר שטעהן פאר א צויבער שלאָס. מיר זעהן א טהיר פאר אונז און קענען אין איהם ניט אריינגעהן.

— אלזאָ, דארף מען אנטלויפען פון אלע מענשען, מוט זיי ניט רעדען און ניט האבען מיט זיי צו טאהן? האט דיא גרעפין פאן טאָקקי געפרעגט. וויא דוא זאגסט, דארפען מיר אנטלויפען אין א וויסטע, ווייט פון דער וועלט און לעבען מיט דיא טהיערע פון דער ערד און מיט דיא פויגעל פון הימעל?

— דוא וואלסט פיעלייכט רעכט געהאט, ליעבע שוועסטער, האט גראף מעראס געלאכט, ליידער, האט גאט געמאכט דיא וויסטע אזוי וויסט און דיא ווילדע טהיערע אזוי ווילד, אז מיר אנטלויפען פון דער וויסטע און וואינען ליעבער צוזאמען מיט ווילדע מענשען אלס מיט ווילדע טהיערע. — מיר דארפען נור קענען דיא מענשען, מיר דארפען זיי אביסעל שטודירען, מיר דארפען זיי אויסלערנע און מיר קענען לעבען מיט זיי פיעל בעסער, וויא מיט דיא ווילדע טהיערע.

— וויא אזוי קען מען אבער זיי אויסלערנען? האט דיא גרעפין אויסגערופען, וויא אזוי קען מען זיי אויסשטודירען, ווען זייער כאראקטער ווייזט אויף אזוי פיעל זאנדערבארע אונגלייכע, פערקעהרטע און פערדרעהטע זייטען?

— אויך דערצו האבען דיא מענשען געפונען א מיטעל. זיי האבען אויסגעפונען א סארט בוך, וועלכעם זיי האבען א נאמען געגעבען ר אָ מ א ן.

— ראָמאַן? האט איבערגעפרעגט דיא גרעפין, איך האב געלעזען ראמאנען. איך וויים, אז אין ראמאנען ווערט בעשריעבען ליעבעם געשיכטען. פראנץ האט ליעב געהאט קלאראַ'ן, זיא האט איהם ניט געליעבט און ער האט זיך דערטרונקען אדער דערשאָסען, אדער מאריא האט ליעב געהאט קארל'ן און קארל האט ליעב געהאט א ציגיינערין. געשיכטען, וועלכע האבען קיין ווערטה און קיין נוצען. איך געדענק, אז אונזער זעליגע מוטער פלעגט זאגען, אז יונגע מענשען דארפען ניט לעזען קיין ראמאנען, טארען ניט לעזען קיין ראמאנען און זאלען ניט לעזען קיין ראמאנען, ווייל דיא ראמאנען רייצען זייערע פאנטאזיע און מען קען פון זיי גאר ניט לערנען.

— אונזער זעליגע מוטער האט אויך ניט גאנץ אונרעכט געהאט, האט גראף מעראס ערקלערט. ווען א ראמאן דערצעהלט אונז נור פון ליעבע און אינטריגען; ווען דער ראמאן איז נור א פכוידעריי, אהן א צוועק און אהן א ציעל; ווען דער ראמאן איז א געשיכטע, וועלכע ווירקט אויף אונזער פאנטאזיע, אויף אונזערע איינבילדונג, אויף אונזערע פארשטעלונגם קראפט, ניט מעהר, — דאן איז ער שעדליך און זאגאר געפעהרליך. אזא ראמאן איז אבער ניט ווערטה דעם נאמען ראמאן. אזא ראמאן מעג הייסען ליעבעם געשיכטע, רויבער געשיכטע, מערדער געשיכטע, בעטריעגער געשיכטע, אבער ניט ראמאן. דער וואהרער ראמאן, דיא ערצעהלונג, וועלכע פערדיענט ווירקליך דעם נאמען ראמאן, איז קיין ליעבעם געשיכטע, קיין רויבער געשיכטע, קיין מערדער

געשיכטע און קיין שווינדלער געשיכטע. — אזא ערצעהלונג איז א וואהרער לעבעדיגער שפיעגעל. זיא איז דיא געשיכטע פון א מענשען לעבען. זיא שטעלט אונז פאָר דעם מענשען, וויא ער איז, וואס ער טהוט און וואס ער רעדט אין געוויסע פעללע פון זיין לעבען. אזא ראמאן איז א שטודיום, א לעהרע, — א גאנצע שולע. אזא ראמאן ווירקט ניט נור אויף אונזער פאנטאזיע, ער ווירקט אויך אויף אונזער פערשטאנד. ער צושניידעט דעם מענשליכען כאראקטער און וויזט אונז אלעס, וואס עס קומט אין איהם פאר און וויא אזוי עס קומט אין איהם פאָר. ער ערקלערט אונז דעם מענשען, גיט אונז צו פערשטעהן דעם מענשען און קלערט אונז אויף, וואס עס טהוט זיך אינעווענינג אין מענשען. דער ראמאן ערקלערט אונז ניט דעם אויבערשטען לאק פון'ם מענשען, זאנדערן דעם אינעווענינגסטען מענשען. — זיין כאראקטער.

— ליעבער, גוטער ברודער! האט דיא גרעפין אויסגערופען, וואו נעהמט מען אזעלכע גוטע ראמאנען? וואו נעהמט מען אזעלכע ביכער, וועלכע זאלען אונז ניט דערצעהלען קיין בלויע וואונדער, קיינע נאררישע, אונמעגליכע און זאגאר שמוציגע ליעבעס געשיכטען, זאנדערן זאלען אונז ווירקליך אויפקלערן און בעלעהרן? אין מיין ביכער שראנק געפינען זיך פיעלע ראמאנען, זיי זיינען אבער אלע אזוי נאריש און צו מאל אזוי שמוציג, אז איך וויל זיי ניט אנקוקען.

— מיט דיא ראמאנען, ליעבע שוועסטער, איז וויא מיט דיא שטימען, וועלכע מען גיט אפ, ווען מען וועהלט א דעפוטאט אדער א פרעזידענט פון דעם סענאט. דיא מענשען זיינען זעהר נארריש: זיי צעהלען דיא שטימען. דאס איז אן אונזינן. שטימען דארף מען וועגען, ניט צעהלען.*) יעדער בויער, יעדער אונוויסענדער מענש האט דאס רעכט צו געבען זיין שטימע. וואס פאר א ווערטה האט אבער דיעזע שטימע? פון טויזענד שטימען פון אונוויסענדע בויערן קען מען אויסקלייבען צעהן וויכטיגע שווערע שטימען פון קלוגע, פערנינפטיגע מענשען.

דאס זעלבע איז מיט ראמאנען. — ראמאנען דארף מען ניט צעהלען, זאָנדערן וועגען. איין גוטער ראמאן איז מעהר ווערטה אלס טויזענד ליעבעס געשיכטען, רויבער געשיכטען און מערדער געשיכטען, וועלכע רייצען אונז, שפאנען אונזער פאנטאזיע און בעלעהרן אונז ניט.

— גרויסער גאט! האט אויסגערופען דיא גרעפין, מיר האבען דאך גערעדט פון דער פאמיליע ראדעצקי, וויא קומען מיר צו פילאָזאָפיע און צו שטימען?

— יא, ליעבע שוועסטער, ווען דו זאלסט לעזען גוטע ראמאנען, וואלסט דו לייכט געקענט אויסגעפינען, ווער דיעזע גראפען פאן ראדעצקי זיינען.

אין דער צייט, וואס ברודער און שוועסטער האבען גערעדט פון ראָמאנען און פון שטימען, האבען אנאנדער ברודער מיט אנאנדער שוועסטער גערעדט פון אנדערע זאכען.

נעארג האט געזעהן עלוויראַ'ן זעהר ווייניג א גאנצען טאג. ער האט זיא נור

*) דאס האט געשריעבען דער גרויסער אידישער פילאזאף, מאזעס מענדעלזאהן אין זיין ווערק „ירושלים". „שטימען מוז מען וועגען, ניט צעהלען", שרייבט ער דארט.

א. טאנענבוים.

בעגריעסט און האט זיא געפרענט, וואס זיא מאכט. ער איז געוועזן אונצופריעדען מיט איהר, פאר וואס זיא האט אזוי שנעל איינגעוויליגט צו הייראטהען אנאנדערן. ער האט זעהר ניט ליעב געהאט דיא פאמיליע ראדעצקי.

ערשט ווען דיא געסט זיינען זיך צופאהרען, איז געארג ארייננעקומען צו זיין שוועסטער אין צימער. עלווירא איז געוועזן בלייך, אבער רוהיג און געפאסט. זיא האט זעהר גוט פערשטאנען, אז איהר ברודער איז מיט איהר אונצופריעדען.

— דוא ביסט בייז אויף מיר, געארג, האט זיא געזאגט. דוא ביסט אונצופריעדען מיט מיר, פאר וואס איך האב איינגעוויליגט צו הייראטהען אנאנדערן, דוא האסט רעכט, ברודער. וואס זאל איך מיך ענטשולדיגען און וויא זאל איך מיך ענטשולדיגען פאר דיר? — איך מוז אבער מיך ערקלערן. איך מוז דיר וועניגסטענס זאגען, אז איך בין ניט אזוי שלעכט, וויא דוא מיינסט.

איך האב געליעבט ארטהור'ן און וועל איהם ליעבען אייביג, — אייביג, ביז אין טויט און זאגאר נאכ'ן טויט. ווען מען האט מיר דערצעהלט פון דעם אונגליק, וואס האט איהם געטראפען, בין איך געוועזן אזוי דערשלאגען און אזוי דערהרגעט, אז איך בין קראנק געווארען. מיין פערשטאנד האט זיך פערדונקעלט, מיינע נערווען זיינען געוואָרען אזוי שוואך און אזוי גערייצט, אז איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. אין אזא צושטאנד האב איך איינגעוויליגט צו הייראטהען מאקס'ן. איך האב ניט געוואוסט, וואס איך האב גערעדט; איך האב ניט געוואוסט, וואס מען האט פון מיר פערלאנגט; איך האב ניט געוואוסט, וואס איך האב געזאגט און איך האב ניט געוואוסט, אויב איך האב גאר איינגעוויליגט. — יעצט ברודער, אורטהייל און פעראורטהייל מיך!

געאָרג האט בעטראכט זיין שוועסטער מיט ליעבע און טהיילנאמע.

— איך בעשולדיג דיך ניט, האט ער געזאגט לאנגזאם, איך בעדויער דיך.

— דוא האסט מיך ניט וואס צו בעדויערן, איך בין גליקליך.

— וואס רעדסט דוא, עלווירא? וויא קענסט דוא גליקליך זיין, ווען דוא מוזט הייראטהען א מענשען, וועלכען דוא ליעבסט ניט?

— איך מוז? האט עלווירא געפרעגט, ווער וועט עס מיך צווינגען? ווער קען עס מיך צווינגען צו הייראטהען א מענשען, וועלכען איך ליעב ניט?

— וואס דען קענסט דוא מאהן?

— דאס איז מיין זאך.

— ארטהור איז דאך שוין טויט.

— ווייל ער איז טויט, וויל איך לעבען פאר איהם.

— עלווירא, דוא ווייסט זעהר גוט, אז איך ליעב דיך. דוא ווייסט ווייטער, אז איך בין שטענדיג געוועזן געגען דיא פאמיליע פאן ראדעצקי. ליידער, איז עס שוין געשעהן. דוא ביסט עפענטליך פערלאבט מיט מאקס'ן. וויא עס שיינט, ליעבט ער דיך אויך. אלזאָ, איז שוין יעצט אלעס פערפאלען. אונזער מיטער וועט ניט דערלאזען, אז עס זאל ווערן א סקאנדאל. עס פאסט ניט פאר דער וועלט; מיר קענען ווער־

צו שאנדען. אונזער ליעבער אָנקעל וועט אויך פאַרדערען פון דיר, אז דוא זאלסט הייראטהען דעם גראף פאן ראדעצקי.

עלווירא האט איינינע מינוטען געשוויגען. זיא איז שוין געוועזען געוואוינט, אז איהרע פריינד און פערוואנדטע זאלען פון איהר פאַרדערן, אז זיא זאל הייראטהען מאקס'ן.

— לאמיר דערפון ניט רעדען, געאָרג, האט זיא ענדליך געבעטען. זאג מיר ליעבער, האסט דוא בעזוכט ארטהור'ן אין געפענגניס? האסט דוא איהם געזעהן פאר זיין טויט?

— צו וואס דערמאנסט דוא מיך אן אזעלכע זאכען?

— האסט דוא איהם געזעהן פאר זיין טויט?

— פרעג מיך ניט, עלווירא, עס רייסט מיר דאס הערץ, ווען איך דערמאן מיך אן יענע צייט.

— אנטווארטע אויף מיינע פראגע! האסט דוא איהם געזעהן?

— איך האב איהם געזעהן.

— וואו האסט דוא איהם געזעהן?

— אין געפענגניס.

— וויא אזוי האסט דוא איהם געפונען? וויא האט ער אויסגעזעהן?

— ער האט זיך שטארק פערענדערט. עס איז שווער געוועזען איהם צו דער־קענען.

— האט ער גערעדט פון מיר?

— לאז מיך, עלווירא! האט געאָרג געבעטען, לאמיר דערפון ניט רעדען!

— ענטפער וואס איך פרעג דיך! האט ארטהור גערעדט עפעס פון מיר?

— וואס פרעגנסט דוא, שוועסטער? ווייסט דוא דען ניט, אז ארטהור האט דיך געליעבט? דוא קענסט זיך לייבט פארשטעלען, וואס ער האט געפיהלט, ווען ער איז געוואהר געווארען, אז דוא ביסט פערלאבט מיט מאקס פאן ראדעצקי.

— האט ער מיך פעראכטעט? האט ער מיך פערדאמט, ווען ער איז געוואהר געווארען, אז איך בין דיא בראוט פון זיין ערגסטען פיינד?

— ניין, עלווירא! — ער האט געוויינט. ער האט פערגאסען ביטערע טרערין, ווען ער איז עס געוואהר געווארען.

וויא רוהיג עלווירא האט געוואלט זיין, וויא זיא האט זיך געשטארקט און האט געפאסט מוטה, וויא זיא איז געוועזען בעהערצט, האט זיא דאך ניט געקענט אויסהאל־טען. זיא האט אנגעהויבען צו גיסען מיט טרערין, וויא א קינד. זיא האט האט פער־דעקט איהר געזיכט מיט איהרע הענד און האט געוויינט.

עפ זיינען פערגאנגען עטליכע שרעקליכע מינוטען. געאָרג האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן און וויא אזוי צו טרייסטען זיין שוועסטער.

— אך, מיין גאָט! מיין גאָט! האט זיא אויסגערופען, פאר וואס בין איך דאמאלס ניט געווען אין בודאפעסט? פאר וואס בין איך ניט געוועזען לעבען איהם אין אזעלכע שווערע מינוטען פון זיין לעבען? פאר וואס בין איך ניט געקומען צו איהם,

געפאלען פאר איהם אויף די קניע און איהם פערזיכערט, אז איך ליעב איהם און וועל איהם ליעבען מיין לעבען לאנג? — אך! וויא אונגליקליך בין איך! פאר וואס איז ער געשטארבען מיט דעם שרעקליכען בעוואוסט זיין, אז איך בין די בראוט פון אנאנדערן? — וואס זאג איך, פון אנאנדערן? — פון זיין ערגסטען פיינד?

— בערוהיג דיך, שוועסטער! האט געארג געבעטען, ער איז ניט געשטארבען מיט דעם בעוואוסט זיין, אז דוא ליעבסט אנאנדערן. איך האב איהם אלעס דערצעהלט און אלעס ערקלערט. איך האב איהם געזאגט, אז דוא ביסט קראנק. ער האט מיר געגלויבט. ער האט דיך בעדויערט. — גענוג, שוועסטער! לאמיר דערפון מעהר ניט רעדען. עס רעגט אונז אויף, עס מאכט מיך קראנק און עס טהוט דיר שרעקליך וועה אהן נוצען פאר דיר. — שווייגען, ליעבע שוועסטער! לאמיר שווייגען! לאמיר פערגעסען אלעס, זאנסט קענען מירביידע ווערן וואהנזיניג.

עלווירא האט געגעבען א טיעפען זיפץ.

— דוא האסט רעכט, ברודער! לאמיר דערפון מעהר ניט רעדען, האט זיא געזאגט. איך בין מיעד. איך וויל מיך לעגען שלאפען, מארגען וועלען מיר זיך וויעדערזעהן. עס איז שוין שפעט. געה אויך שלאפען געארג.

געארג'ן איז זעהר ניט געפעלען, וואס עלווירא שיקט איהם אזוי אוועק. ער האט אבער ניט געקענט העלפען. ער האט געוואוסט, אז עלווירא האט עפעס א פלאן, יעצט אבער, איז עס געוועו אונמעגליך אויסצוגעפינען, וואס פאר א פלאן זיא האט.

ער האט איהר געזאגט: גוטע נאכט! און איז אוועקגעגאנגען אין זיינע צימער.

קוים איז עלווירא געבליעבען אליין, האט זיא זיך אויפגעהויבען, איז צוגעקומען צום פענסטער און האט אויסגערופען:

— גייסט פון מיין גוטען, עדעלען און געליעבטען ארטהור! בערוהיג דיך! דוא וועסט מיט מיר צופריעדען זיין, איך וועל דיר בעווייזען, וויא עהרליך, וויא חיים, וויא ריין און וויא טריי איך בין דיר געבליעבען.

אין דער צייט, וואס אין שלאס טאקע האט מען גערעדט פון ערנסטע זאכען, האט מען אין שלאס ראדעצק זיך בעשעפטיגט מיט גאנץ אנדערע אנגעלעגענהייטען.

דער באראן פאן נאגי האט צוגעפיהרט זיין פרוי צום שלאס און האט איהר געהייסען מאכען פארבערייטונגען פארן בעזוך פון גראף מעראס.

— איך האב יעצט גאר קיין צייט ניט, אייזשעניע, האט ער איהר געזאגט, עס איז מעגליך, אז איך זאל קומען אהיים שפעט. זיי רוהיג, מיין טהייערע! איך געה אויפפאסען אויף מיין גייסט.

נאגי איז אוועקגעגאנגען צופוס. ער איז געגאנגען אין די בערג. די נאכט איז געווען שטיל און ווארם. די שטערן האבען געשיינט און געפונקעלט. נאגי איז געגאנגען האסטיג ביז ער איז צוגעקומען צום שטיבעלע, וואו עס האט געוואהנט זיין אלטער בעקאנטער, דער באנדיט שעק. ער האט אנגעקלאפט און האט ארויסגערופען זיין אלטען פריינד.

— וואס מאכט איהר, באראן? וואס דארפט איהר מיך?

— הער נור, שעק, קענסט דוא מיר שאפען צוואנציג—דרייסיג שטארקע און בעהערצטע מענער?

— צו וואס דארפט איהר זיי? האט שעק געפרעגט.

— איך וויל זיי שיקען צום טהורם פון טשעמני.

— צום טהורם פון טשעמני? וואס זאלען זיי דארט טאהן?

— זיי זאלען דורכזוכען אלע ווינקעלעך. ווען זיי דארט וועמען געפינען, זאלען זיי איהם בינדען און ברענגען צו מיר. ווען זיי אבער קיינעם ניט געפינען, זאלען זיי זיך בעהאלטען ערגעץ אין דיא בערג ארום און זאלען איהם בעוואכען גאנצע אכט טעג. קוים וועלען זיי דערזעהן איינעם אריינגעהן אדער ארויסגעהן פון טהורם, בעזאנדערס ווען ער געהט אנגעטאהן אין א רויטען מאנטעל, זאלען זיי איהם ארעסטירען און מען זאל איהם ברענגען צו מיר, טויט אדער לעבעדיג.

דער באנדיט האט אנגעהויבען זיך צו קראצען אין קאפ. דיא געשיכטע איז איהם פארגעקומען זאנדערבאר.

— גנעדיגער הערר באראן, האט ער אויסגערופען, איך קען אייך קריעגען צוואנציג—דרייסיג מענשען, זיי זיינען אבער אלע איבערגעשראקען. זיי ציטערן פארן טהורם פון טשעמני. איך האב מורא, אז זיי זאלען זיך ניט צולויפען, ווען זיי וועלען דערזעהן, א געשטאלט אין א רויטען מאנטעל.

— שעהם דיך, שעק! דוא זאלסט עס זאגען? קענסט דוא ניט געפינען מענשען, וועלכע זאלען קיין מורא ניט האבען פאר א רויטען מאנטעל?

— איך וועל פראבירען, האט שעק געענטפערט, איך וועל טאהן אלעס מעגליכע.

— אזוי רעדסט דוא וויא א מענש. — אלזא, היט אפ דעם טהורם, אז קיינער זאל ניט אריינגעהן און ניט ארויסגעהן. אויסער דעם שטעל איינינע מענער אלס וואך אין וועלדעל פארן שלאס טאקקי. זאג זיי אן, אז קוים וועלען זיי דערזעהן א מענשען אין א רויטען מאנטעל, זאלען זיי איהם באלד חאפען און בינדען. — דיעזע וואך פארן שלאס טאקקי זאל זיך אנהויבען אבענדס אום עלף אוהר און זאל דויערן ביז פינף אוהר אין דער פריה. קיינער דארף פון דיעזער וואך ניט וויסען.

— אבער, גנעדיגער הערר באראן....

— איך פערשטעה. וואס דוא מיינסט. איך וויים, אז קיינער וויל ניט ארבייטען אומזיסט. איך וועל אייך גוט בעצאהלען. דיינע מענשען וועלען צופריעדען זיין.

— פערשטעהט איהר מיך אבער....

— איך פערשטעה דיך גאנץ גוט, האט נאני געענטפערט.

ער האט ארויסגענומען א פעקעל געלד און האט עס דערלאנגט דעם באנדיט.

— גוט, גנעדיגער הערר באראן, איך וועל טאהן אלעס, וואס איך קען. איך וועל שוין זעהן, אז מיינע מענשען זאלען גוט בעוואכען דעם טהורם פון טשעמני און דעם שלאס טאקקי.

— אלזא, שעק, מארגען פריה זאל זיך אנהויבען דיא וואך. פון צייט צו צייט וועל איך קומען אכטונג געבען, אויב דיינע מענשען געפינען זיך אויף זייער ארט. וועל

איך נור מיט זיי צופריעדען זיין, ווערסט דוא זעהן, וויא נאני קען בעלוינען זיינע געטרייע דיענער.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען אהיים.

14טער קאפיטעל.

## דער אדוואקאט שלאפט אויך ניט.

אין דער צייט וואס אין שלאס טאקקי און אין שלאס ראדעצק איז מען געווען אזוי בעשעפטיגט, אזוי אונרוהיג, אזוי פרעהליך און אזוי טרויעריג, — זיינען אין בודא-פעסט פארגעקומען אנדערע בעגעבענהייטען, וועלכע מיר מוזען ערצעהלען.

דער אדוואקאט נאוואק האט בעקומען א נייען שרייבער, א געהילפען און ער איז מיט איהם זעהר צופריעדען געווען.

פראנץ, סטאסא'ס עניקעל, וויא זיא אליין האט געזאגט, איז געווען א גוטער, פלייסיגער און פינקטליכער יונגע. ער האט געהאט א שעהנע האנדשריפט און פלעגט איבערשרייבען אלעס, וואס דער אדוואקאט האט איהם געגעבען אזוי ריין, אזוי שעהן און אזוי פינקטליך, אז דער אדוואקאט האט באלד זיך ניט געקענט אהן איהם.

פראנץ פלעגט זיך צוקוקען צו יעדער זאך, פלעגט אויספרעגען אלעס, פלעגט בעטען דעם אדוואקאט, ער זאל איהם אלעס ערקלערן און פלעגט זיין געהארכזאם, שטיל, טריי און פינקטליך, אז דער אדוואקאט האט עס געהאלטען פאר א גליק, וואס ער האט געפונען אזא מענשען, אויף וועלכען ער קען זיך פערלאזען און עס קאסט איהם נאך קיין געלד אויך ניט.

עס איז א שעהנער טאג. דער אדוואקאט נאוואק זיצט אין זיין שרייב צימער און ארבייט. ניט וויט פון איהם זיצט זיין נייער שרייבער לעבען א טישעלע און שרייבט. דער פאסטיליאן איז אנגעקומען און האט געבראכט בריעף. דער אדוואקאט האט זיי איבערגעקוקט און האט דערזעהן אויף איין בריעף דיא האנדשריפט פון א בעקאנטען מענשען.

ער האט איהם האסטיג אויפגעעפענט און האט דערקענט דיא האנדשריפט. דאס האט געשריבען דער בארא̈ן נאני.

דער אדוואקאט האט אנגעהויבען צו לעזען:

„ווערטהער הערר!

איך האב געוויסע אורזאכען צו גלויבען, אז דער בארא̈ן ארטהור פאן באטהיאני לעבט. וויא עס ווייזט אויס, האט איהם זיין פריינד, דער הענקער, געררעטעט און געהאלפען צו אנטלויפען. אין אונזער געגענד האט זיך פערברייטעט דיא נאכריכט, אז ער געהט ארום דורך דיא נעכט אלס א גייסט. איך האב אנפאנגס דערפון געלאכט, עס האבען איהם אבער געזעהן מענשען, וועלכע זיינען ניט נאריש און ניט אבערגלויביש. עס האבען איהם געזעהן מענשען, וועלכע איך מוז גלויבען.

דאס זאנדערבארע דערביי איז, וואס ארטהור פאן באטהיאני ווייזט זיך שטענדיג אין א רויטען מאנטעל. דאס איז דער בעסטער בעווייז, אז ער איז

איינס מיט'ן הענקער עס איז שווער צו זאגען, וואס ער וויל דא און צו וואס ער האלט זיך אויף און אונזער געגענד. אומזיסט טהוט ער עס געוויס ניט, ער מוז האבען דערביי עפעס א צוועק.

איהר קענט אייך לייכט דענקען, אז איך שוויינ אויך ניט. איך האב געטאהן אלעס, וואס איך האב געדארפט אום אויסצוגעפינען, ווער דיעזער זאנדער־בארער נייסט איז. איך האף, אז איך וועל איהם דערטאפען.

איך וואלט אייך געבעטען, איהר זאלט אונטערזוכען און אויספארשען, וויא אזוי עס איז צוגעגאנגען, ווען מען האט אויפגעהאנגען דעם באראן פאן באטהיאני. נאנץ גלאט איז עס ניט געווען. איך האב מורא, אז דער הענקער שפיעלט דא א זאנדערבארע ראלע אין דיעזער געשיכטע.

איך וועל אייך שרייבען אלעס, וואס ביי אונז פאסירט מיט דיעזען רויטען נייסט און בעט אייך, איהר זאלט מיר מיטטהיילען וואס עס הערט זיך ביי אייך.

אכטונגספאלל,

נאני באראן פאן האללאוואי."

דער אדוואקאט איז געווארען בלייך, וויא קאלך, ווען ער האט איבערגעלעזען דעם בריעף. ווען עס איז וואהר; ווען דער באראן פאן באטהיאני לעבט נאך און זוכט אויסצוגעפינען, ווער עס האט איהם געבראכט אויפ'ן עשאפאט, קען ווערן זעהר ניט גוט. ארטהור קען נאך אויסגעפינען, אז ער האט דעם דאקומענט, אז ער האט שוין פערקויפט דעם שלאס באטהיאני. עס קען ווערן זעהר שלעכט. ער האט א ווארף געטאהן דעם בריעף אויפ'ן טיש און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין זיין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— וויא אזוי קען איך אויסגעפינען, אויב מען האט ווירקליך אויפגעהאנגען דעם באראן פאן באטהיאני? האט ער געפרעגט זיך אליין. איך אליין האב געבעטען דיא ריכטער, אז מען זאל ניט מאכען קיין סקאנדאל און מען זאל אויפהענגען דעם באראן אין געפענגניס, ניט אויף דיא פאראדע פלאץ. וויא אזוי קען מען עס יעצט געוואהר ווערן? — צום אונגליק, בין איך דאמאלס ניט געווען אין בודאפעסט. איך בין דאמאלס געווען אין שלאס ראדעצק.

פלוצלונג האט ער א קוק געטאהן אויפ'ן טישעל, וואו פראנץ איז געזעסען און האט געארבייטעט.

— וואו וואינט דיין גראסמוטער?

— אין דער רויטער שטראסע נומער 18.

— קענסט דוא זיא מיר ברענגען אין א האלבע שטונדע ארום?

— ווען איהר וועט מיר נור געבען אויף א דראשקע.

— גוט. ברענג זיא אהער. איך מוז מיט איהר רעדען.

אין א האלבע שטונדע שפעטער איז סטאסא געשטאנען פאר'ן גרויסען אדוואקאט. פראנץ האט געמוזט ארויסגעהן ארבייטען אין אנאנדער צימער.

סטאסא האט נעקוקט דעם אדוואקאט גלייך אין דיא אויגען און האט געשמייכעלט.

— וואס איז דאס, הערר אדוואקאט? האט זיא געפרעגט, ערשט צוריק מיט א פאר וואכען, האט איהר געזאגט, אז איהר ווילט מיך מעהר ניט זעהן און ווילט מיט מיר מעהר ניט רעדען און יעצט האט איהר געשיקט מיך רופען?

— איך קען ניט העלפען, סטאסא, האט דער אדוואקאט געענטפערט, עס זיינען פארגעקומען וויכטיגע זאכען און איך דארף דיך האבען.

— איך האב געוואוסט, אז איהר וועט מיך דארפען. — נו, וויא זייט איהר צופריעדען מיט מיין עניקעל?

— איך בין מיט איהם צופריעדען. ער איז א גוטער יונגע, אבער ניט דארום האב איך דיך געשיקט רופען. איך האב מיט דיר צו רעדען אנדערע זאכען.

— ביטע, הערר אדוואקאט! זאגט מיר, מיט וואס איך קען אייך דיענען.

— קענסט דוא דעם ענקער מיכאאיל?

— געוויס קען איך איהם.

— האסט דוא געהערט, אז מען האט אויפגעהאנגען א געוויסען באראן פאן באטהיאני?

— איך האב געוויס געהערט דערפון, האט זיא געענטפערט און א ווילדער, בייזער שמייכעל האט זיך געקרייזעלט אויף איהר אלטע, בלייכע ליפען.

— וואס לאכסט דוא, סטאסא?

— וואס געהט עס אייך אן? איך וויל לאכען.

— הער מיך אויס, סטאסא, האט דער אדוואקאט געזאגט פריינדליך, איך האב פיעלע אורזאכען צו דענקען, אז מען האט דעם באראן ניט אויפגעהאנגען, זאנ־דערן ער איז אנטלאפען. עס קען דיר פארקומען זאנדערבאר, עס איז אבער אזוי. איך וועל דיר געבען טויזענד דוקאטען, ווען דוא וועסט אויסגעפינען בעווייזע, אז עס איז וואהר. ווען איך זאל נור האבען אייניגע בעווייזע, וואלט איך שוין געוויעזען דעם ענקער, וויא אזוי צו האלטען ווארט.

סטאסא האט זיך פערטראכט. זיא איז שוין לאנג בייז געווען אויפ'ן ענקער. אין דער לעצטער צייט האט ער זיא ניט געוואלט אריינלאזען צו זיך אין שטוב, יעצט האט זיא דיא בעסטע געלעגענהייט זיך אן איהם נוקם צו זיין. זיא מוז עס אבער מאכען אזוי, אז דער אדוואקאט זאל זיא שטענדיג דארפען און זאל איהר געבען געלד.

— איך וואלט פיעלייכט געקענט אייך עפעס דערצעהלען פון דיעזער ועשיכטע, האט זיא ענדליך געזאגט קאלטבלוטיג.

— דאן רעד! דערצעהל! איך מוז עס וויסען!

— דער ענקער איז אבער ניטא אין דערהיים. ער איז ערגעץ אוועקגעפאהרען.

— דאס מאכט ניט אויס! ער וועט דאך אהיים קומען.

— איך וויים עס אויך, איך וויל אייך נור זאגען, אז איך טהו עס ניט פארן געלד. איך האב אויך גענוג אורזאכען צו האסען דעם ענקער, דערפאר וויל איך אייך אויסזאגען א געהיימניס, וועלכעס איך האב געוואלט אויסנוצען ביי א געוויסער געלעגענהייט.

— לאז זיין, וויא עס וויל זיך! דערצעהל מיר, וואס דוא ווייסט.

— דער באראן פאן באטהיאני לעבט.

נאוואק איז געווארען בלייך, וויא קאלך. אלזא, איז עס וואהר, ארטהור לעבט און זוכט געווים צו בעווייזען, אז ער איז אונשולדיג. ארטהור וויים שוין געווים, אז נאוואק האט פערקויפט זיין שלאס, נאך איידער ער האט געהאט א רעכט עס צו פערקויפען. דאן איז זעהר שלעכט. — פּעלייכט איז ארטהור צוזאמען געקומען מיט נעארג'ן און זיי ארבייטעןביידע צוזאמען?

— וואס רעדסט דוא, סטאסא? האט ער אויסגערופען.

— דיא וואהרהיים, האט סטאסא געענטפערט רוהיג.

— דער העקנער האט איהם געלאזט אנטלויפען?

— דאס וויים איך ניט. איך קען אייך נור זאגען, וואס איך האב געזעהן.

— זאג! רעד דייטליך! האט דער אדוואקאט אויסגערופען. איך קען עס ניט אויסהאלטען.

—ווארט אביסעל, הערר אדוואקאט, האט צייט!

— אלזא, דערצעהל, וואס האסט דוא געזעהן?

— איך בין זיכער, אז אין דער נאכט, ווען מען האט געדארפט אויפהענגען דעם באראן, איז ער זיך שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון געפענגניס.

דער אדוואקאט האט א ציטער געטאהן. סטאסא האט פון איהם ניט אראפּגעלאזען קיין אויג. זיא האט געזעהן, וויא זיין געזיכט האט זיך פערענדערט; זיא האט געזעהן, וויא ער איז בלייך געווארען; זיא האט געזעהן, וויא ער האט א ציטער געטאהן און זיא האט געזאגט מיט א שמייכעל:

— וויא עס ווייזט אויס, זיים איהר ניט שטארק צופריעדען פון דיעזער נאכריכט.

דער אדוואקאט האט זיך געמאכט, אז ער הערט ניט, וואס זיא זאגט.

— ווער האט איהם דען בעפרייט? — פון וואנען ווייסט דוא עס אזוי זיכער?

— איך וועל עס אייך ערשט דאן זאגען, ווען איהר וועט מיר ערקלערן, וואס פאר א שטראפע קומט דעם מענשען, וועלכער בעפרייט און העלפט אנטלויפען איינעם, וואס איז פעראורטהיילט צום טויט?

— עס קומט איהם דיא טאדעס שטראפע.

— אלזא, וועל איך אייך זאגען, אז דעם העקנערס טאכטער האט בעפרייט דעם באראן פאן באטהיאני. איך האב אליין געזעהן, וויא זיא האט געעפענט דאס טהירעלע פון איהר האהנונג און האט איהם ארויסגעלאזען.

דאן וועט זיא שטארבען.

— דאס איז אייער זאך. איך בין דאך נור אן איינפאכע פרוי.

— וואו זאל זיך אבער יעצט געפינען דיעזער באראן פאן באטהיאני?

— דאס קען איך אייך ניט זאגען.

— איך וועל זעהן, אז מען זאל באלד ארעסטירען דיא טאכטער פון'ם העקנער.

— דאס מעגט איהר טאהן. איך קען אייך דערצעהלען פון איהר נאך א גוטע זאך

דער אדוואקאט איז געווארען אויפמערקזאם.

— וואס נאך קענסט דוא פון איהר דערצעהלען?

— צוריק מיט אייניגע צייט האט מען אר:יסגענגנבעט פון דעם פאמיליען בע־גרעבנים פון דיא גראפען פאן מעראס דיא לייכע פון א קינד. דאס האט זיא געטאהן

— סטאסא! האט דער אדוואקאט אויסגערופען.

מעהר האט ער ניט געקענט רעדען.

— זייט רוהיג, הערר נאוואק. איך מיין דערביי גאר נישט.

— צו וואס אלזא רעדסט דוא פון דיעזער געשיכטע?

— איך וויל אייך זאגען, ווער עס האט ארויסגעגנבעט דיא לייכע.

— סטאסא, שפאס ניט מיט מיר. דיזע אנגעלעגענהייט איז זעהר א געפעהרליכע.

— ווער זאגט אייך דען, אז איך שפאס?

— אלזא, וואס ווילסט דוא זאגען?

— אז דעם הענקערס טאכטער האט ארויסגעגנבעט דאס קינד.

— ויא קענסט דוא עס בעוויזען?

— ווען איך זאג, קען איך עס געוויס בעוויזען.

— פלאג מיך ניט, סטאסא! זאג מיר אלעס! גיב מיר בעוויזע!

— אויפ'ן אויווען אין צימער פון'ם הענקערס טאכטער געפינען זיך דיא ביינער פון יענעם קינד. — דארפט איהר נאך בעסערע בעוויזע?

— איך וועל באלד הייסען מאכען א גענויע אונטערזוכונג אין איהר צימער. וועה איהר, ווען מען וועט ווירקליך געפינען ביי איהר, וואס דוא זאגסט. — שאדע, וואס גראף מעראס איז יעצט נימא אין דערהיים. ער וואלט דערפון זעהר צופריעדען געוועזן. דאס האט אבער ניט צור זאכע. — דיא הויפט פראגע איז: האסט דוא אליין געזעהן, אז זיא האט ארויסגעלאזען דעם באראן פאן באטהיאני?

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז איך האב עס אליין געזעהן מיט מיינע אויגען.

— ועסט דוא שווערן דארויף פארן געריכט?

— איך קען שווערן, וואס מען וועט מיר הייסען. עס איז מיר אבער זעהר שווער אויפצוטרעטען עפענטליך, ווייל גראף מעראס פערפאלגט מיך.

— פאר וואס איז ער בייז אויף דיר? וואס האסט דוא איהם געטאהן?

— איך האב איהם בעשפריצט מיט'ן בלוט פון מיין מאן.

— דאס איז נאך ניט אזוי געפעהרליך. העכסטענס קען דיר קומען אייניגע מאָ־נאטע געפענגניס. מעהר קומט דיר ניט פאר אזא קליינעם פערברעכען.

— איך וואלט עס געליטען מיט פערגניגען, ווען איך זאל נור קענען דערגרייכען מיין ציעל: איך זאל מיך נוקם זיין אן ווען איך וויל.

— דוא וועסט אלעס האבען, ווען דוא וועסט נור טאהן, וואס איך וועל דיר הייסען. איך וועל דיר נאך געבען דיא טויזענד דוקאטען אויך. איך האב ליעב עהרליך צו בעצאהלען יעדען, ווער עס טהוט עפעס פאר מיר.

— ווען דענקט איהר אנצוהויבע עפעס צו טאהן אין דיעזער אנגעלעגענהייט?

— איך האב פיינד אפצושלעפען א זאך אין דער לאנגער באנק. וואס פריהער, איז גלייכער.

— וועט איהר מיר מעלדען, וואס איהר וועט טאהן?

— זיי רוהיג, סמאסא! דוא ועסט אלעס וויסען.

— אלזא, א גוטען טאג, הערר אדוואקאט! ווען איהר וועט מיך דארפען, וועל איך קומען.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויסגעגאנגען פון צימער. קוים איז זיא אוועקגעגאנגען עטליכע שריט, האט זיא געברומט צו זיך אליין:

— ענדליך, ענדליך, קום איך צו מיין ציעל! ענדליך איז געקומען דיא צייט, ווען איך וועל מיך נוקם זיין אן שטאלצען גראף מעראס. ענדליך וועל איך קיהלען מיין הערץ אין זיין בלוט. — אויך דוא, מיכאאיל, וועסט פיהלען מיין שווערע האנד. דוא וועסט נאך אליין מוזען אפהאקען דעם קאפ פון דעם קינד, וועלכעס דוא ליעבסט אזוי שטארק.

זיא איז אומיסטען פארביינעגאנגען דאס הויז פון'ם הענקער און האט געווארפען אויף איהם א בייזען, פיינדליכען בליק פול מיט האס און צארן.

## 15טער קאפיטעל.

## דיא אונטערזוכונג.

עס איז נאכט. דיא אוהר האט נור וואס אויסגעשלאגען צעהן. אין גרויסען צימער אין דער וואהנונג פון'ם הענקער מיכאאיל זיצען אננא און איהר מוטער און רעדען צווישען זיך.

— מארגען אלזא וועט דער פאטער קומען אהיים, האט אננא געזאגט.

— ער איז שוין אזוי לאנג אין וועג און מיר וויסען ניט, וואו ער איז געווען.

— ער האט דאך אונז געשריעבען א בריעף, אז ער איז געווען אין טשעמני, האט אננא בעמערקט.

— איך גלויב ניט, אז דיא גאנצע צייט האט ער פערבראכט נור אין טשעמני. ער האט נאך געמוזט זיין ערגעץ אנדערש אויך.

פלוצלונג האבען זיי געהערט, אז מען קלאפט שטארק אין דער טהיר. ביידע פרויען האבען זיך דערשראקען און האבען אנגעקוקט איינע דיא אנדערע מיט שטוינען.

— וואס זאל דאס הייסען? ווער זאל עס קומען צו אונז אזוי שפעט ביי נאכט?

מען האט ווידער געקלאפט נאך העכער און נאך שטארקער.

עס האט ניט געהאלפען. אננא'ס מוטער האט געמוזט געהן עפענען. וויא איבערראשט איז זיא געווארען, ווען זיא האט געעפענט דיא טהיר און האט דערזעהן סאלדאטען און מיט זיי א מאן אין ציוויל קליידער.

— וואס דארפט איהר ביי אונז אין הויז? האט זיא אויסגערופען.

— איך וויל, איהר זאלט אונז אריינלאזען.

— וואס האט איהר דא צו טאהן? וועמען זוכט איהר?

— איך זוך א פערברעכערין, האט דער אדוואקאט נאוואק געענטפערט.

— וואס רעדט איהר? וואס פאר א פערברעכערין זוכט איהר?

— איהר וועט עס באלד געוואהר ווערן.

מיט דיעזע ווערטער האט נאוואק געגעבען א ווינק זיינע סאלדאטען, זיי זאלען

איהם נאכגעהן. ער איז אריין אין שטוב און דיא סאלדאטען זיינען איהם נאכגעגאנגען. אננא און איהר מוטער האבען זיך שטארק דערשראקען און זיינען געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. דיא סאלדאטען זיינען געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר און דער אדוואקאט איז צוגעגאנגען צו זיי.

— זייט איהר דיא פרוי פון'ם הענקער מיכאאיל? האט ער געפרעגט.

— איך בין עס.

— האט איהר א טאכטער?

— איך האב א טאכטער.

— איך וויל געהן אין איהר צימער.

דעם הענקערס פרוי און אננא זיינען געגאנגען מיט'ן אדוואקאט אין אננא'ס צימער. אלע דרייא האבען געשוויעגען. דיא סאלדאטען זיינען געבליעבען שטעהן פאר דער טהיר און האבען געווארט אויף דיא בעפעהלע פון זייער אנפיהרער.

אננא איז געווארען אונרוהיג. זיא האט געפיהלט, אז דא איז עפעס ניט גלאט. זיא האט געוואוסט, אז זיא האט בעגאנגען א שרעקליכעס פערברעכען, וואס זיא האט בעפרייט דעם באראן פאן באטהיאני. זיא האט צוואר ניט געגלויבט, אז מען וועט דערפון. דענאך האט איהר הארץ געקלאפט שטארקער, ווען זיא איז געגאנגען מיט'ן אדוואקאט אין איהר צימער.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען, האט זיך דער אדוואקאט אניעדערגעזעצט און האט געבעטען אננא'ן מיט איהר מוטער, זיי זאלען זיך אויך אניעדערזעצען.

— זייט איהר דיא טאכטער פון'ם הענקער מיכאאיל? האט ער זיא געפרעגט

— איך בין עס.

— וויא הייסט איהר?

— איך הייס אננא.

— און דאס איז אייער מוטער?

— דאס איז מיין מוטער.

— ווילט איהר זיין אזוי גוט און ארויסגעהן אויף עטליכע מינוט, האט דער אדוואקאט געזאגט צום הענקערס פרוי. איך מוז רעדען מיט אייער טאכטער אליין.

אננא'ס מוטער איז ארויסגעגאנגען און האט געלאזען איהר טאכטער מיט'ן אדוואקאט אליין.

— וואס איז דאס, מיין הערר? צו וואס דארפט איהר דיעזע פארבערייטונגען? האט אננא אויסגערופען.

— איך האב מיט אייך עפעס צו רעדען און איך וויל ניט, אז מען זאל אונז שטערן.

— וואס האט איהר מיט מיר צו רעדען?

— איך וועל אייך שטעלען איינינע פראגען. — זייט איהר געוועזען בעקאנט מיט'ן באראן פאן באטהיאני?

אננא איז בלייך געווארען און האט אנגעהויבען צו ציטערן. מען האט איהר

געשטעלט דיא פראגע, פאר וועלכע זיא האט מורא געהאט. עס זיינען פערנאנגען אייניגע מינוט און זיא האט ניט געקענט ענטפערן א ווארט.

— ענטפערט מיר אויף מיין פראגע! האט דער אדוואקאט געזאגט שטרענג.

— איך האב איהם געקענט, האט זיא קוים אויסגעקייכט.

— פון וואנען האט איהר איהם געקענט?

— ער האט געוואינט א געוויסע צייט ביי מיין פאטער.

— דאן איז שוין אלעס רעכט, האט דער אדוואקאט געזאגט, דאן וויל איך אייך יעצט מעהר ניט פרעגען. איהר וועט מיר שוין ענטפערן, ווען איהר וועט זיך שטעלען פאר'ן געריכט.

— וואס פאר א געריכט? האט אננא געוויינט, וואס האב איך דען פער־בראָכען?

— מען וועט אייך שוין דערצעהלען.

ער איז ארויסגעגאנגען אין פארדער צימער און האט גערופען א סאָלדאט.

— זוכט דורך דאס גאנצע צימער! האט ער געזאגט צום סאלדאט, קעהרט איבער אלעס, זוכט דורך אלעס.

— וואס רעדט איהר, מיין העיר? וואס ווילט איהר זוכען ביי אונז? מיר זיינען שטילע, רוהיגע און עהרליכע מענשען.

— אזוי זאגען אלע פערברעכער.

דער סאלדאט האט אנגעהויבען צו זוכען אין אלע ווינקעלעך און האט גארנישט געפונען. ער האט זיך געשטעלט אויף א שטוהל און האט א קוק געטאהן, אויב עס ליעגט עפּעס אויפ'ן אויווען, און האט אראפּגעשלעפּט פון'ם אויווען א פּעקעל איינגע־וויקעלט אין ליינוואנד.

— אָהאָ! האט אויסגערופען נאָוואק, איהר זייט טאקי גוטע, שטילע און עהר־ליכע מענשען! איהר האט עס גוט פערפּאקט! איהר קענט גנבענען, איהר קענט בעהאלטען! מיר וועלען שוין זעהן, וואס עס טהוט זיך ביי אייך. — קומט מיט מיר, מיין טייבעלע! דיעזע נאכט וועט איהר שוין גענעכטיגען ניט אין דער היים. ווען איהר ווילט אבשיעד נעהמען פון אייער מוטער, גיב איך אייך פינף מינוטען צייט.

אננא האט אנגעהויבען צו גיסען מיט טרערין.

— מוטער! מוטער! האט זיא געשריען, קום נור אהער! איך וויים ניט, וואס דא איז געשעהן. מען ווי. מיך ארעסטירען.

אננא'ס מוטער איז באלד אריינגעקומען. זיא איז געוועזען בלייך און האט געצי־טערט. זיא האט גוט פערשטאנען, אז דא האט פּאסירט עפּעס אן אונגליק.

— וואס איז, מיין קינד, וואס איז דא פארגעקומען? האט זיא געפרעגט.

— איך וויים ניט, מוטער, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. מען האט געפונען אויפ'ן אויוען א פּעקעל. וואס עס ליעגט דארט אין פּעקעל, וויים איך ניט. וויא קומט דאס פּעקעל צו מיר, קען איך מיר אויף קיין פאל ניט ערקלערן. פיעלייכט וויסט דוא, מוטער, וויא דיעזעס פּעקעל קומט אהער?

— איך וויים עס ניט.

— וואס פרענט איהר אייער מוטער? האט דער אדוואקאט געלאכט, איהר אליין ווייסט זעהר גוט, ווי דאס פעקעל קומט אהער. וואס דארפט איהר לייקענען? צו וואס דארפט איהר זיך פערשטעלען? עס וועט אייך גאר ניט העלפען. — קומט מיט מיר! איהר זייט ארעסטירט.

אננא האט זעהר געוויינט און האט אבשיעד גענומען פון איהר מוטער. אין א שטונדע ארום איז זיא געזעסען אין א קעמעריל אין געפענגניס.

יעצט ערשט האט זיא אנגעהויבען זיך איבערצולעגען און איבערצוטראכטען דיא אורזאכען, פאר וואס מען האט זיא ארעסטירט. זיא האט פערשטאנען, אז ארטהורס בעפרייאונג איז איינע פון דיא אורזאכען. דיא ערשטע פראגע, וואס דער אדוואקאט האט איהר געשטעלט, איז געווען, אויב זיא איז געווען בעקאנט מיט'ן באראן פאן באטהיאני.

— פון וואנען אבער איז מען עס געוואהר געווארען, אז ארטהור איז אנטלאפען? ווער ווייס דערפון?

אויף דיעזע פראגען האט זיא קיין אנטווארט ניט געפונען. איהר צווייטע זארג און אונרוהע איז געווען דאס פעקעל, וואס מען האט געפונען ביי איהר אויפ'ן אויווען. ווער איז דאס פעקעל? וואס געפינט זיך אין פעקעל? געפינט זיך עפעס א פערבאָטענע זאך אין פעקעל?

זיא האט געטראכט, געקלערט, געפארשט און זיך געבראכען דעם קאפ. — אומזיסט! זיא האט גאר ניט געקענט אויסגעפינען.

צום גליק, האט איהר יונגע, קרעפטיגע נאטור געזיעגט און זיא איז אנטשלאפען געווארען. זיא איז געווען זיכער, אז דא איז עפעס פארגעקומען א טעות.

גאנץ פריה איז נאוואק געקומען צו איהר אין קעמעריל. אננא האט זיך דערפרעהט. זיא האט געהאפט, אז יעצט וועט זיא וועניגסטענס וויסען, פאר וואס מען האט זיא ארעסטירט, און וואס פאר א פערברעכען מען בעשולדיגט זיא און וואס זיא האט צו האפען.

דער אדוואקאט איז אריינגעקומען גראָב און האט זאגאר ניט געזאגט דעם געוועהנליכען גוט מארגען. ער האט זיך געשטעלט פאר איהר און האט זיא געפרעגט:

— האט איהר געהאלפען אנטלויפען דעם באראן פאן באטהיאני?

אננא האט א ציטער געטאהן. אלזא איז עס וואהר, אז מען ווייס אלעס. מען איז געוואהר געווארען, אז זיא האט געראטעוועט ארטהורן. יעצט איז דיא פראגע: וואס זאל זיא איהם ענטפערן? זאל זיא זיך אפלייקענען, אדער זאל זיא אויסזאגען דיא וואהרהייט?

— עס איז וואהר, האט זיא געזאגט. איך האב געהאט מיטלייד מיט'ן באראן פאן באטהיאני און האב איהם געהאלפען אנטלויפען.

— ווייסט איהר, וואס עס קומט פאר אזא פערברעכען? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

— איך ווייס. עס קומט מיר דער טויט. איך וועל לײדען מיין שטראפע, ווייל איך האב עס פערדיענט. איך וויל נור בעטען, אז מען זאל מיין פאטער ניט בעאונ-

רוהיגען, ווייל ער איז גאר ניט שולדיג. ער האט ניט געוואוסט דערפון און ווייס ביז היינט ניט, אז דער באראן פאן באטהיאני לעבט.

— דאס קען איך אייך ניט גלויבען, האט נאוואק געזאגט, דאס ווערט שוין דאס געריכט אויסגעפינען. אלענפאלס וועט ער אויך בעשטראפט ווערען, פאר וואס ער האט ניט געמעלדעט דעם געריכט, אז דער באראן איז אנטלאפען. דאס בעווייזט דאך, אז ער האט יא דערפון געוואוסט.

— וואס פאר א שטראפע קען איהם קומען דערפאר? האט אננא געפרעגט און האט געציטערט.

— ווען עס וועט בעוויעזען ווערען, אז ער האט ווירקליך געוואוסט דערפון, קען איהם אויך קומען דער טויט אדער לעבענסלענגליכע געפענגניס.

וואלט אננא געוואוסט, וואס פאר אן אינטערעס דער אדוואקאט האט אין דיעזען פראצעס, וואלט זיא זיך ניט אזוי דערשראקען. זיא האט עס אבער ניט געוואוסט און האט אנגעהויבען צו ברעכען דיא הענד און צו וויינען:

— האט מיטלייד! שוינט מיין פאטער! ער איז אונשולדיג!

— ווילט איהר רעטען זיך און אייער פאטער? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

— געוויס! זאגט מיר! לערנט מיך, וואס איך זאל טאהן און ויא אזוי איך זאל איהם רעטען. איך וועל אלעס טאהן אום צו רעטען מיין פאטער.

· עס איז דא נור איין מיטעל איהם צו רעטען.

— זאגט עס מיר, מיין העררי! קיין זאך וועט מיר ניט צו שווער זיין אום צו רעטען מיין פאטער.

— איהר מוזט מיר זאגען, וואו דער באראן פאן באטהיאני געפינט זיך יעצט. ווען מען וועט איהם חאפען און צוריק ברענגען אין געפענגניס, וועל איך מיר געבען אלע מעגליכע מיה, אז מען זאל אייך ערלייכטערן אייער שטראפע און אייער פאטער וועט זיין אין גאנצען פריי.

— איך קען עס אייך ניט זאגען, ווייל איך ווייס עס ניט, האט אננא געזאגט אונשולדיג.

— איבערלעגט אייך גוט, וואס איהר טהוט! האט דער אדוואקאט אויסגערופען. פערגעסט ניט, אז מען בעשולדיגט אייך אין נאך א פערברעכען.

— נאך א פערברעכען? וואס נאך פאר א פערברעכען קען עס זיין? איך ווייס פון קיין אנדער פערברעכען אלס דאס, וואס איך האב געהאלפען דעם באראן פאן באטהיאני אנטלויפען פון געפענגניס.

— זאגט איהר מיר, וואו דער באראן פאן באטהיאני געפינט זיך?

— איך ווייס עס ניט, מיין העררי.

— איך פרעג אייך נאך א מאל! זאגט מיר דיא וואהרהייט! עס וועט פאר אייך בעסער זיין.

— מיין העררי, איך ווייס ניט, וואו דער באראן פאן באטהיאני געפינט זיך יעצט.

— וואוהין איז ער געפאהרען, ווען איהר האט איהם ב„פרייט?

— איך ווייס ניט.

— איז ער פיעלייכט געפאהרען אהיים, וואו עס געפינט זיך זיין שלאָס?
אננא האט א ציטער געטאהן. זיא האט געזעהן, אז מען וויים אלעס.
— האס האט איהר אזא ציטער געטאהן? האט דער אדוואקאט געפרעגט.
אננא האט ניט געענטפערט אויף דיעזע פראגע.
— נאררט אייך ניט, מיין שעהנע פערברעכערין! אייער שווייגען וועט אייך ניט העלפען, האט דער אדוואקאט געזאגט שטרענג. אייער ציטערן זאגט מיר דייטליך גענוג, אז איהר ווייסט אלעס. מיר וועלען שוין געפינען מיטעל, וויא אזוי איהם צו גע־פינען און איהם צוריק צו ברענגען אין געפענגניס.
— גרויסער גאט! האט מיטליידען מיט איהם! האט דאס אונגליקליכע מעדכען אויסגערופען.
זיא איז געוועזן צו יונג, צו גוט און צו אונשולדיג צו וויסען, אז דער דורכגע־טריעבענער נאוואק לאזט פון איהר קיין אויג ניט אראפּ און בעאבאכטעט יעדע פון איהרע מינען, יעדע פון איהרע בעוועגונגען און יעדען אויסדריק פון איהר געזיכט.
— נון, גוט! איך ווייס שוין גענוג, איך דארף אייך שוין מעהר ניט פרעגען, האט דער אדוואקאט געזאגט מיט א טייפעלישען געלעכטער. — לאמיר יעצט רעדען פון דעם צווייטען פערברעכען, וועלכען איהר האט בעגאנגען.
— וואס פאר א צווייטעס פערברעכען? האט אננא געפרעגט ערשטוינט. וואס האב איך דען נאך בעגאנגען?
— איהר האט ארויסגענגנבעט פון דעם ארט, וואו עס געפינט זיך דאס פאמי־ליענגראב פון דיא גראפען מערואס, דיא לייבע פון א קינד.
— גאט אין הימעל! וואס רעדט איהר, מיין הערר? וויא קום איך צום פאמי־ליענגראב פון דיא גראפען מערואס? איך ווייס זאגאר ניט, וואו ער געפינט זיך!
— הערט אויף צו לייקענען און זיך צו פערשטעלען! מיר קענען אייך שוין. איהר שפּיעלט מיט אונז קאמעדיע. איך וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז אזא יונגעס מעדכען זאל קענען זיך אזוי פערשטעלען. איהר האט ארויסגענגנבעט דיא ביינער פון גראף מעראס קינד.
— מיין הערר! האט אננא אויסגערופען און א שטראָם טרערען האט זיך א גאָס געטאהן פון איהרע אויגען. מיין הערר, איך בין אן איינפאכעס מעדכען. איך ווייס ניט, וואס איך זאל אייך זאגען און וויא איך זאל אייך בעווייזען, אז איך בין אונשולדיג. צו וואס זאל איך עס אויך טאהן? מען בעשולדיגט מיך אין צוויי פערברעכען, פאר וועלכע עס קוממט דער טויט. מען קען דאך מיך ניר איין מאל טויטען. איך האב נור איין לעבען אוועקצוגעבען. טויטעט מיך און מארטערט מיך ניט! — ווייסט אבער, אז איך בין דאך אונשולדיג.
— איהר זייט אונשולדיג, ווען עס זיינען דא בעווייזע, אז איהר זייט שולדיג, האט געלאכט דער אדוואקאט.
— בעווייזע? איהר קענט בעווייזען, אז איך האב גערויבט דיא לייבע פון א קינד? דאס איז אונמעגליך!
— עס איז זיכער. איך האב דיא בעווייזע אין דיא הענד.

אננא האט א קוק געטאהן אויף איהם מיט שטוינען און שרעק.

— מען האט געפונען דיא לייבע ביי אייך אין צימער.

— דאס איז פאלש! דאס איז א ליגען! האט אננא געשריען אויסער זיך.

— איהר וועט עס באלד אליין זעהן.

ער האט געעפענט דיא טהיר פון'ם קעמעריל און האט א ווינק געטאהן צו א סאלדאט, ער זאל אריינקומען. דער סאלדאט איז אריינגעקומען מיט א פעקיל אין דיא הענד. אננא האט באלד דערקענט דאס פעקעל, עס איז געווען דאסזעלבע, וועלכעס מען האט געפונען ביי איהר אין צימער אויפ'ן אויווען.

דער אדוואקאט האט צוגענומען דאס פעקעל פון'ם סאלדאט, האט עס אויפגעוויקעלט און האט געוויזען, וואס דארט געפינט זיך. אננא האט דערזעהן דיא ביינער פון א קינד.

— זעהט! קוקט אייך גוט צו! דאס איז דיא לייבע פון גראף מעראס קינד, וועלכע איהר האט ארויסגעגנבעט פון דעם פאמיליענגראב פון דיא גראפען פאן מעראס. ציטער, פערברעכערין! פערדעק דיין געזיכט און שעהם דיך ווענינסטענס! לייקען ניט, ווארום עס וועט דיר גאר ניט העלפען! עס זיינען דא צייגען, וועלכע האבען אלעס געזעהן.

אננא האט נאך א מאל א קוק געטאהן אויף דיא ביינער פון'ם קינד, האט געגעבען א שרעקליכען געשריי און איז געפאלען אין אהנמאכט.

נאוואק האט געשיקט רופען דעם דאקטאר פון געפענגניס און האט איהם געהייסען, ער זאל זיא אפמינטערן. ער אליין איז אוועקגעגאנגען.

— עס איז שאדע, וואס זיא איז מיר געקומען אין וועג, האט ער געזאגט, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון געפענגניס. זיא איז א שעהנעס מעדכען, איך וואלט געקענט זיא הייראטהען. יעצט איז עס אבער אונמעגליך. דאס געריכט וויים שוין פון דעם פערברעכען, וואס זיא האט בעגאנגען. עס וועט ניט לייכט זיין זיא צו רעטען.

עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס סטאסא געהט נאך ארום פריי. איך וואלט געווען פיעל מעהר צופריעדען, זיא זאל זיין אויף אננא'ס ארט. ליידער איז עס יעצט אונמעגליך. איך מוז זיא האבען. איהר צייט וועט אבער אויך קומען.

אבער גענוג רעדען דערפון! עס איז מיר גענוג, וואס איך וויים, אז ארטהור לעבט און געפינט זיך ערגעץ ניט וויים פון ראזענוי. איך מוז באלד שיקען א קוריער קיין ראזענוי, אז דיא פאליציי זאל איהם זוכען. דער באראן נאגי מוז עס אויך וויסען און מוז העלפען איהם אויפפאנגען. דער באראן פאן באטהיאני דארף ניט לעבען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער געקומען אהיים. ער האט זיך באלד געזעצט לעבען זיין שרייב טיש און האט אנגעהויבען צו שרייבען. ער האט אוועקגעשריבען א פאר שטונדען נאכאנאנד און האט אלעס פערטיג געמאכט. ווען ער האט געענדיגט, האט ער אויסגערופען:

— נו, יעצט איז שוין אלעס אין ארדנונג. דעם באראן פאן באטהיאני וועט מען יעצט אויפהענגען ניט שטילערהייט, אין דיא מויערן פון געפענגניס, זאנדערן עפענטליך. יעצט וועט ער שוין ניט אנטלויפען. דעם הענקערס טאכטער וועט מען

שטארבען. עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס אזא שעהנעס קינד מוז שטארבען אזוי יונג, איך קען אבער ניט העלפען.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און סטאסא איז אריינגעקומען אין צימער.

— נון, הערר אדוואקאט? האט זיא געפרעגט, איז אלעס ריכטיג, וויא איך האב אייך געזאגט?

— יא, סטאסא! דוא ביסט א קלוגע פרוי און האסט עהרליך פערדיענט, וואס איך האב דיר צוגעזאגט.

ער האט ארויסגענומען פון זיין שרייב טיש עטליכע פעקעלעך געלד און האט זיי איהר דערלאנגט.

— הער נור, סטאסא, דאס ערשטע פערברעכען, אז זיא האט בעפרייט דעם באראן פאן באטהיאני, האט זיא אליין אויסגעזאגט, זיא האט זיך מודה געווען, אויף דיעזעס פערברעכען דארף איך קיינע בעווייזע. דאס צווייטע פערברעכען אבער וויל זיא אויף קיין פאל ניט אנערקענען. זיא שרייט געוואלד, אז זיא וויים גארניט, אויב דיא גראפען פאן מעראס האבען א פאמיליענגראב און וואו עס געפינט זיך. וואלט ניט גלייבער געוועז, אז מיר זאלען לאזען פאלען דיא גאנצע געשיכטע מיט'ן קינד. עס וועט אונז ווענינ ניצען און קען אונז נאך מאכען אונאנגענעהמליכקייטען.

— וואס איז דאס, הערר אדוואקאט? האט סטאסא אויסגערופען מיט א געלעכטער, איהר זייט שוין פרום געווארען? אדער זייט איהר פערפיהרט פון דער שעהנער טאכטער פון'ם הענקער? — מיטלייד? — וויא קומט אן אדוואקאט צו מיטלייד? האט איהר געהאט מיטלייד מיט'ן באראן פאן באטהיאני? איך וויל ניט האבען קיין מיטלייד מיט'ן הענקערס טאכטער.

— סטאסא! דוא וועסט דאך אבער מוזען אויפטרעטען געגען איהר אלס ציינע? וואס וועסט דוא דאן זאגען?

— איך וועל זאגען, אז איך אליין האב געזעהן, וויא זיא איז ארויסגעגאנגען פון סאנקט נעארגס קירכהאף און האט עפעס געטראגען אונטערן ארים.

— וועסט דוא שווערן דארויף?

— פאר וואס ניט? איך וועל שווערן ביי גאט און אלע היילינע, אז איך האב עס אליין געזעהן.

דער אדוואקאט האט בעטראכט דיעזע פרוי מיט שרעק און שטוינען. ער אליין איז אויך געוועזן א רויבער און א מערדער. ער אליין האט זיך אויך פאר קיין זאך ניט איבערגעשראקען, ווען ער האט נור געקענט ציעהן עפעס נוצען; ער פלעגט אבער מאכען אלעס שטיל, פיין און אנשטענדיג. ער האט ניט געהאט דיא פרעכהייט איינעם צו שענדען, צו ערניעדריגען נאר אן נוצען פאר זיך. פאר געלד האט ער אלעס גע־קענט טאהן. אהן געלד, אהן נוצען איז ער געווען דער אנשטענדיגער מענש און דער גוטער אדוואקאט. ער האט זיך יעצט איבערלעגט און האט געפרעגט זיך אליין: וואס פאר א נוצען קען סטאסא האבען, ווען מען וועט פערקלאגען דיא אונגליקליכע אנגא נאך אין א פערברעכען?

— סטאסא! האט ער אויסגערופען אין דער הויך, — סטאסא! איבערלעג דיך, וואס טהוסט דוא? איך בין ניט פרום און מיך קימערט דיא טאכטער פון'ם הענקער זעהר ווענינ, צו וואס אבער פערלאנגסט דוא, אז מען זאל זיא בעשולדיגען נאך אין א פערברעכען?

— זאגט מיר נור, הערר אדוואקאט, זייט איהר זיכער, אז מען וועט פעראורטהיילען דיא טאכטער פון'ם הענקער צום טויט דערפאר, וואס זיא האט בעפרייט דעם באראן פאן באטהיאני?

— איך קען עס ניט זאגען פאר געוויס. עס איז זעהר מעגליך, אז מען וועט חאפען דעם באראן און מען וועט איהם ברענגען אהער, זאל זיך ארויסווייזען, אז זיא איז גאר ניט אזוי פיעל שולדיג.

— דאן מוז איך האבען דיא צווייטע אנקלאגע. איך וויל, אז זיא זאל שטארבען אויפ'ן עשאפאט. ווען מען וועט זיא בעפרייען פון דער ערשטער אנקלאגע, וועט זיא בעשטראפט ווערן פאר דאס צווייטע פערברעכען.

— סטאסא, פאר וואס האסט דוא אזוי פיינד דיעזעס מעדכען?

— דאס קען איך אייך יעצט ניט זאגען. איהר וועט עס וויסען, ווען זיא וועט שטעהן אויפ'ן עשאפאט.

— דוא האסט צו פיעל געהיימניסע, סטאסא.

— וואס הארט עס אייך, הערר אדוואקאט?

— סטאסא, זאג מיר, וויא אזוי זיינען דיא ביינער פון'ם קינד געקומען אין ציממער פון'ם הענקערס טאכטער? האט דער אדוואקאט געפרעגט.

— איהר האט זיי דארט געפונען, דאס איז פאר אייך גענוג. וואס קימערט איהר זיך אזוי פאר דיעזע פערברעכערין? איך מוז זאגען, אז איהר זייט פערליעבט אין איהר. דאן, הערר אדוואקאט, איז עס אביסעל צו שפעט. ווען איהר זייט ניט פערליעבט, מוז איך זאגען, אז איהר ווילט ניט זיא פערקלאגען אין דיעזעם פערברעכען, ווייל איהר האט מורא, אז מען זאל ניט ענטדעקען אנאנדער געהיימניס, וועלכעס קען זיין זעהר אינאנגענעהם פאר אייך. — זייט רוהיג, הערר אדוואקאט, ווען איהר וועט פערקלאגען דיא טאכטער פון'ם הענקער, אז זיא האט אוועקגעגנב'עט דיא לייכע פון גראף מעראס קינד, וועט מען יענעס געהיימניס קיין מאל ניט ענטדעקען. — פאלגט מיך אמאל, הערר אדוואקאט, און איהר וועט זעהן, אז אלעס וועט זיין גוט.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא אויף איהם געווארפען אזא ווילדען און שטרענגען בליק, אז דער גרויסער, בעריהמטער און שטאלצער אדוואקאט האט א ציטער געטאהן. ער האט פערשטאנען, אז זיא הייסט איהם, זיא בעפעהלט איהם און ער מוז פאלגען.

זיא האט זיך אויסגעדרעהט און האט געוואלט אוועקגעהן.

—ווארט א ווייל, סטאסא, האט דער אדוואקאט געבעטען, דוא זאגסט, אז דוא האסט נאך צייגען (עדות), אז דעם הענקערס טאכטער האט גערויבט דיא לייכע פון גראף מעראס קינד. ווער זיינען זיי? איך מוז וויסען זייערע נעמען.

סטאסא האט איהם געזאגט דיא נעמען פון דריי מענשען, וועלכע דער אדוואַקאט האט זיך פערצייכענט.

— יעצט איז אלעס רעכט, האט ער געזאגט. דוא פערלאנגסט, אז איך זאל זיא פערקלאגען אין דעם צווייטען פערברעכען, איך וועל עס דיר צוליעב טאהן.

— ווען קען זיך ענדיגען איהר פראָצעס?

— אין איינינע וואכען.

— ועט מען זיא באלד טויטען?

— נאכ'ן פראָצעס דויערט עס געוועהנליך פינף—זעקס וואָכען.

— אלזא, א גוטען טאג, הערר אדוואַקאט!

מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך אויסגעדרעהט און איז אוועקגעגאנגען.

14טער קאפיטעל.

## דער פאטער.

דער הענקער מיכאאיל איז דעם אנדערן טאג ווירקליך געקומען אהיים. ער איז אריינגעגאנגען צו זיך אין שטוב און האט בעגריסט זיין פרוי הערצליך און פריינדליך, וויא שטענדיג.

— וואו איז אננא? איז געווען זיין ערשטע פראגע.

זיין פרוי איז געווארען אונרוהיג און האט ניט געענטפערט.

— וואו איז אננא? האט ער געפרעגט צום צווייטען מאל.

— זיא איז — זיא איז אוועקגעגאנגען ערגעץ.

— אוועקגעגאנגען? האט מיכאאיל געפרעגט, וואוהין? איך האב דאך איהר אנגעזאגט, אז זיא זאל אין ערגעץ ניט געהן.

מיכאאיל איז געווארען רעכט בייז אויף זיין טאכטער. ער האט געוואוסט, ווער עס לויערט אויף איהר און האט איהר אנגעזאגט, אז זיא זאל אין ערגעץ ניט געהן.

— זיא איז ניט געגאנגען אליין, האט זיין פרוי געשטאמעלט, מען האט זיא גערופען.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? ווער האט זיא גערופען? וואוהין האט מען זיא גערופען?

— דיא ארימע פרוי האט געשטאמעלט, געמורמעלט, געדרעהט מיט דער צונג און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה ניט צו זאגען, וואו אננא געפינט זיך. מיכאאיל האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט און איז געווארען זעהר אונרוהיג.

— זאג מיר, וואו איז אננא! האט ער אויסגערופען, איך מוז אלעס וויסען.

זיין פרוי האט געזעהן, אז זיא קען זיך ניט אויסדרעהן און האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס האט פאסירט אין דער צייט, וואס ער איז ניט געווען אין דער היים.

— אזוי? האט ער אויסגערופען, מען האט געפונען א פעקעל ביי איהר אין צימער? — איז סטאסא געווען ביי אונז אין דער צייט, וואס איך בין ניט געווען אין דער היים?

— זיא איז דא צוויא מאל געוועז, איך האב זיא אבער ניט אריינגעלאָזט. דוא האסט מיר אנגעזאגט, האט דיא פרוי געענטפערט.

— און דאך איז עס איהר ארבייט! האט מיכאאיל אויסגערופען. דאס הייסט, סטאסא געטאהן, איך קען דארויף שווערן. — ווער איז געקומען אהער מאכען דיא אונטערזוכונג?

— א מאן אין ציוויל קליידער.

זיא האט איהם בעשריעבען, וויא דער מאן זעהט אויס.

— דער אדוואקאט נאָוואק, האט מיכאאיל אויסגערופען, וואס פאר א ראָלע שפיעלט ער דא? וואס ווילען זיי פון דעם אונשולדיגען מערדער? — איך מוז געהן צו דעם אדוואָקאט און געוואהר ווערן, וואס דא איז געשעהן. — וואו איז פראנץ, אונזער נייער געהילפע?

— פראנץ איז שוין זייט דרייא וואכען אנטלאָפען געווארען.

— און ער האט דיר גאר ניט געזאגט, וואהין ער געהט?

— ער האט מיט מיר גאר ניט גערעדט. באלד נאך דיין אוועקפאהרען איז ער פערשוואונדען געווארען. איך האב איהם זאגאר ניט געזוכט, ער איז מיר שטענדיג ניט געפעלען.

דער הענקער האט זיך פערטראכט. אין זיין קאפ איז געקומען א נייער געדאנק. ווען פראנץ איז אנטלאפען געווארען, האט ער עס אונטערגעווארפען דאס פעקעל. וואס האט ער אבער צו מיר אדער צו דער אונשולדיגער אננא?

ער איז ארומגעגאנגען האסטיג אין זיין צימער און האט זיך איבערלעגט וואס צו טאהן.

— זאל איך געהן צום גראף מעראס און איהם אלעס דערצעהלען? האט ער געברומט. — ניין! עס איז נאך צו פריה. צו ערשט מוז איך געהן צום אדוואקאט און פרעגען, פאר וואס מען האט ארעסטירט דיא אונגליקליכע אננא?

אזוי וויא ער האט אזוי געטראכט און געקלערט, וואס צו טאהן, האט ער געהערט, וויא מען קלאַפט אין דער טהיר. ער איז געלאָפען עפענען. סטאסא איז אריינגעקומען.

— אהא! האט זיא אויסגערופען מיט א שמייכעל, ענדליך זייט איהר שוין צוריק געקומען פון אייער רייזע! — דאס איז שעהן! יעצט ווענינגסטענס קען איך אריינקומען צו אייך אין שטוב!

מיכאאיל האט איהר אונטערגעבראָכען דיא רעד.

— ווייסט דוא ניט עפעס פון מיין טאָכטער?

— פון א י י ע ר טאכטער? האט סטאסא איבערגעפרעגט און האט אויסגעצויגען דאס וואָרט א י י ע ר.

— ווען דוא ווייסט עפעס, זאג מיר! מאַרטער מיך ניט מיט דיינע נארישקייטען! האט מיכאאיל אויסגערופען אונגעדולדיג.

— מיר דאכט, אז זיא געפינט זיך אין א זעהר שלימער לאגע.

— וואס הייסט ביי דיר א שלימע לאגע? האט מיכאאיל אויסגערופען.

— מען וועט זיא געוויס פעראורטהיילען צום טויט.

מיכאאיל איז אויפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער.

— וואס רעדסט דוא. ווייב? זאג מיר אלעס. וואס דוא ווייסט אדער איך צוברעך דיר דעם קאפ!

— דאס איז ניט נעטהיג, איך האב פיינד, אז מען זאל מיר ברעכען דעם קאפ.

— דאן רעד! הער אויף מיך צו מארטערן!

— לאזט מיר זיך איבערלעגען!

— רעד! האט געשריען מיכאאיל ניט מיט זיין קול.

— מען האט זיא פערקלאגט, אז זיא האט בעגאנגען צווייא פערברעכען.

— צווייא פערברעכען? איינער איז ווענינ? וואס פאר א פערברעכען?

— ערשטענס, האט זיא בעפרייט דעם צום טויט פעראורטהיילטען בעראן ארטהור פאן באטהיאני.

מיכאאיל איז בלייך געווארען און האט אנגעהויבען צו ציטערן. דאס האט ער ניט ערווארטעט. ער האט ניט געגלויבט, אז מען זאל עס געוואהר ווערן. ער האט זיך באלד נעפאסט און האט אויסגערופען:

— דאס איז א ליגען!

— ניין, מיכאאיל, עס איז וואהר.

— עס איז וואהר, אז דוא ביסט א ניעדערטרעכטיגע מערדערין! האט מיכאאיל אויסגערופען.

— אלץ בעסער אלס א הענקער. האט סטאסא געענטפערט מיט א בייזען געלעכטער.

— אלזא, דאס איז דיא ערשטע אנקלאגע. וואס איז דיא צווייטע?

— זיא האט ארויסגעגנבעט א לייכע.

— זיא? — אננא האט ארויסגעגנבעט א לייכע? וואס רעדסט דוא, פרוי? ביסט דוא וואהנזיניג?

— איך בין ניט וואהנזיניג. איך וויים, וואס איך רעד.

— דאן מוז איך געהן און זוכען זיא צו רעטען!

— עס איז אומזיסט דיין ארבייט, מיכאאיל, דוא קענסט זיא שוין ניט רעטען. עס זיינען דא גענוג בעווייזע, אז זיא האט בעגאנגען דיעזע צווייא פערברעכען און אלע אייערע קונסט־שטיקע וועלען איהר נאר ניט העלפען. איך בין אומיסטען געקומען אייך מעלדען, אז איהר קענט שוין נאר ניט העלפען.

מיכאאיל האט געטאנצט, גלייך וויא א גיפטיגע שפין וואלט איהם א ביס געטאהן.

— ארויס פון דאנען, דוא פאלשע, ניעדערטרעכטיגע! איך וויים, אז דוא ביסט שולדיג אין אננא'ס אונגליק. דאס איז דיין ארבייט געווען! דוא האסט איהר אונטער־געווארפען דאס פעקעל. דוא האסט שוין לאנג געזוכט זיא צו פערניכטען. איך וויים, אז דוא האסט זיך אנגערעדט מיט'ן אדוואקאט נאוואק. איהר האט זיך אבער שלעכט

אויסגערעבענט. דוא ווייסט, אז איך קען אויך עפּעס טאהן. איך וויים אויך עפּעס פון זיינע געהיימניסע.

— איהר ווייסט גאר נישט, מיכאאיל! אלעס, וואס איך האב אייך אמאל געזאָגט, איז א ליגען. — אננא וועט שטארבען! זיא מוז שטארבען! איך וויל עס אזוי! עס וועט זיין אזוי!

מיכאאיל האט עס לענגער ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט זיא אנגעהאפּט ביים האלז און האט איהם אזוי צוזאַמענגעדריקט, אז סטאסא האט ארויסגעשטעקט דיא צונג. דאן האט ער זיא ארויסגעווארפען פון זיין שטוב.

— יעצט מוז איך געהן עפּעס טהאן פון אננא'ס וועגען, האט ער געזאָגט, איך מוז געהן צום אדוואקאט און הערן, פאר וואס מען האט זיא ארעסטירט און וואס מען קען טאהן אום זיא צו רעטען.

ער האט זיך געווענדעט צו זיין פרוי, האט זיא ארומגענומען און האט געזאָגט:

— זיי געזונד, מיין ליעבע! עס איז מעגליך, אז מיר זאלען זיך ניט ווידערזעהן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעלאפען פון שטוב און איז געלאפען צום אדוואָקאט נאָוואק. ער האט ניט געבעטען, מען זאל איהם צולאזען; ער האט ניט געפרעגט, אויב דער אדוואקאט איז אין דערהיים. ער איז ארייננגעלאָפען צום אדוואָקאט אין צימער, וויא א וואהנזיניגער.

דער אדוואָקאט איז געווארען זעהר אונרוהיג, ווען ער האט איהם דערזעהן.

— וואס פערלאנגט איהר פון מיר? האט ער געפרעגט.

— איהר האט ארעסטירט מיין טאכטער?

— איך האב עס געטאהן.

— פאר וואס?

— ווייל זיא איז בעגאנגען א פערברעכען.

— דאס איז א ליגען! זיא איז אונשולדיג! האט דער הענקער געשריען.

— זיא האט אליין אויסגעזאָגט, אז זיא איז יא שולדיג האט דער אדוואָקאט געענטפערט.

— עס איז א ליגען! זיא האט געזאגט א ליגען! האט געשריען דער הענקער אויסער זיך. — ניט זיא האט בעפרייט דעם באראָן פאן באטהיאני.

דער אדוואקאט האט איהם אנגעקוקט מיט שרעק און מיט שטוינען.

— וואס רעדט איהר? האט ער ענדליך געזאגט, אייער טאכטער האט מיר אליין געזאגט, אז זיא האט בעפרייט דעם באראָן פאן באטהיאני. זיא וועט עס געוויס זאגען פאר דיא ריכטער. וואס נאך דארף איך?

— איך פערזיכער אייך אבער, אז זיא האט ניט געזאגט דיא וואהרהייט, ניט זיא האט בעפרייט דעם באראָן, זאנדערן איך האב עס געטאהן! איך בין שולדיג! ארעסטיהרט מיך און לאזט זיא ארויס.

— דאן וועט מען אייך אויך ארעסטירען, האט דער אדוואקאט געזאגט רוהיג. דאס נעריכט וועט שוין אויסגעפינען, ווער עס איז שולדיג. מען קען זיא אבער דער־ווייל ניט ארויסלאזען, ווייל זיא האט זיך דאך אליין מודה געווען, אז זיא האט בעגאנגען

דאס פערברעכען. אויסער דעם איז זיא אנגעקלאגט אין א צווייטעס פערברעכען, וועלכעס איז אויך איינע פון דיא שרעקליכסטע, פאר וועלכעס אונזערע געזעץ בעשטראפט מיט'ן טויט. זיא האט ארויסגענאנגבעט דיא לייבע פון א קינד.

דער הענקער איז אויפגעשפרונגען.

— זיא האט גענגבעט דיא לייבע פון א קינד? אננא האט ארויסגעננבעט א לייבע? האט ער אויסגערופע', דאס איז אזוי וואהר, וויא עס איז וואהר, אז דער בארא̈ן פאן באטהיאני האט געמאכט פאלשעס געלד.ביידע זיינען אונשולדיג, ביידען האבען שלעכטע מענשען אונטערגעוואָרפען דאס פערברעכען, גאט וועט אייך בעצאהלען פאר ביידען!

דער אדוואקאט האט זיך געביסען דיא ליפּען פאר שמערץ און פער־דרוס. ער האט אבער באלד געפּאסט מוטה און האט געזאגט שטרענג און קאלט:

— היט אייך צו זאגען אזעלכער ווערטער! זיי קענען אייך קאסטען דעם קאפּ! — איך אליין בין געוועזען ביי דער הויזאונטערזוכונג פון בארא̈ן באטהיאני. איך אליין האב געזוכט אין זיין קווארטיר אין אלע עקען און אין אלע ווינקעלעך. איך האב מיך אליין פעסט איבערצייגט, אז דער בארא̈ן פאן באטהיאני איז ווירקליך שולדיג. איהר דארפט וויסען, אז איך בין אן אדוואקאט. מיין געשעפט איז צו פערטהיידיגען א פערברעכער. ווען איך טרעט אויף געגען איהם; ווען איך בעשולדיג איהם גאר און פערקלאג איהם, איז עס דער בעסטער בעוויין, אז דער פערברעכער איז שולדיג.

ווען איך פער־קלאג אייער טאָכטער, אז זיא האט ארויסגעננבעט דיא לייבע פון א קינד, האב איך געווים גענוג בעווייזע, אז עס איז אזוי. איך האב ציינען, וועלכע האבען עס אליין געזעהן, דער בעסטער בעוויין איז אבער, וואס מען האט געפונען דיא ביינער פון'ם קינד אין אייער טאָכטערס צימער.

דער ארימער מיכאאיל איז געשטאנען, וויא א דערשלאגענער און האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ער האט פערשטאנען, אז דא האט מען געארבייט פון אלע זייטען, אז מען זאל קענען פערקלאגען דיא אונגליקליכע אננא. ער האט געוואוסט, אז מען קען קריגען פאלשע צייגען, אז מען קען אונטערוואַרפען דיא ביינער פון א קינד, — מען קען אלעס.

„ניעמאנד קאן רוהיג לעבען, ווען עס דער שלעכטער נאכבאר ניכט וויל", זאגט דער גרויסער דיכטער שיללער. ווער קען עס לעבען רוהיג, ווען שלעכטע מענשען ווילען עס ניט? וואס קען מען דען ניט אויסטראכטען אויף א מענשען? דיא מאסע וועט אייך אלעס גלויבען. ער האט דאך געזעהן, אז מען האט געגלויבט, אז בארא̈ן פאן באטהיאני האט געמאכט פאלש געלד.

— ווען וועט פארקומען דער פראָצעס פאר'ן געריכט? האט ער ענדליך געפרעגט.

— דאס ווייס איך נאך ניט.

— וועט איהר עס מיר זאָגען, ווען איך וועל אייך קומען פרעגען?

— פאר וואס ניט? איך בין קיין שלעכטער מענש, איך טוה אלעס, וואס איך קען פאר מיינע בעקאנטע.

מיכאעל האט זיך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען. נאוואק האט צוגע־ שריעבען צו א בריעף נאך עטליכע ווערטער און האט איהם אוועקגעשיקט צו באראן נאני.

## 15טער קאפיטעל.

# דער לעבעדיגער גייסט.

עס זיינען פערגאנגען דרייא טעג, זייט באראן נאני האט אפגערעדט מיט'ן באנ־ קיר שעק, ער זאל בעוואכען דעם טהורם פון טשעמני און זאל איהם געגוי אונטערזוכען. שעק האט געטאהן זיין מעגליכעס. ער האט אבער ניט אזוי לייכט געקענט געפינען מענשען, וועלכע זאלען וועלען געהן מיט איהם.

קוים האט ער זיי דערמאנט דעם טהורם פון טשעמני, פלעגען דיא בויערן אנ־ הויבען צו ציטערן און פלעגען ניט וועלען געהן. אין דיא דערפער ארום האט זיך שוין פערברייטערט דיא נאכריכט, אז אין טהורם געפינט זיך א גייסט און דיא איינפאכע בויערן פלעגען ווירקליך מורא האבען פאר, גייסט.

אויסער דעם איז דאמאלס געווען דיא צייט, ווען מען נעהמט אראפ דיא תבואה פון דיא פעלדער און פיעלע בויערן האבען קיין צייט ניט געהאט צו געהן מיט שעק'ן. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס שעק האט ניט געקענט אויספיהרען אזוי גיך דיא בעפעהלע, וועלכע נאני האט איהם געגעבען.

ארטהור האט פון דעם אלעמען ניט געוואוסט. ער האט געווארט אויף זיין טרייען קארל און האט ניט געפונען פאר נעטהיג ארויסצוגעהן פון טהורם.

עס איז מיטוואך דער פיערצעהנטער אויגוסט פאר נאכט. ארטהור זיצט אין זיין צימעריל פערטרויערט און פערטראכט.

— עס איז שוין מיטוואך, האט ער געזאגט צו זיך אליין, קארל איז נאך ניט געקומען. מארגען איז דיא האכצייט. ווען איך וועל זיא היינט ניט רעטען, איז אלעס פערלארען. היינט ביי נאכט מוז עס געשעהן! ווען קארל קומען מיט א קארעטע איז געוויס גוט; ווען ער ניט קומען, וועל איך מוזען אנטלויפען מיט עלווירא'ן צו פוס. — וויא אנטלויפט מען אבער מיט א יונגעס, שוואכעס מעדכען צו פוס?

ער האט זיך ווידער פערטראכט. זיין יוגענד, זיינע פערגאנגענהייט איז געווען אזוי קלאר, אזוי העל, אזוי מונטער און אזוי פרעהליך. אז עס איז איהם קיין מאל ניט געקומען אין קאפ, אז דיא צוקונפט זאל זיין אזוי דונקעל, אזוי שרעקליך און אזוי טרוי־ עריג. ער איז יעצט אליין אויף דער וועלט, אהן פריינד, אהן בעקאנטע, אהן פערוואנ־ דטע. זיין איינציגער פריינד, דער שומער בוטלער, איז נאך אויך געבטען ניט געקומען און האט איהם ניט געבראכט קיין לעבענס מיטעל.

אין דרויסען איז געווארען דונקעלער און דונקעלער. עס איז געווארען נאכט, פינסטער און טרויעריג, וויא ביי איהם אויפ'ן הארצען.

פלוצלונג האט ער געהערט מענשענשטימען און שווערע מענשענטריט. אנפאנגס האט ער זיך ניט אומגעקוקט דארויף. ער האט געגלויבט, אז דאס זיינען בויערן, וועלכע געהן שפעט פון דער ארבייט. ער האט אבער געהערט, אז דיא טריט קומען

אימער נעהנטער און נעהנטער. אין איינינע מינוט ארום האט ער געהערט, וויא מען קלאפט אין טהיר פון'ם טהורם.

— עפענט! האט געשריען א גראָבע שטימע.

— קומט נור ארויס! לאָמיר אייך זעהן! האט אנאנדערע שטימע אונטערשטיצט.

— לאָמיר זעהן דעם טייפעל! לאז ער זיך ווייזען, דער גייסט! האט אויסגערופען א פערטער.

ארטהור איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האט א קוק געטאהן, ווער דאָרט איז. ער האט דערזעהן פופצעהן — צוואנציג בויערן מיט העק און מיט זעגען אין דער האנד, וועלכע זיינען געשטאנען פאר דער פעסטער טהיר פון'ם טהורם.

— מען איז אנגעפאלען אויף דעם טהורם, האט ער געברומט, אזוי גיך וועט דיא טהיר ניט נאכגעבען. זיא איז שטארק און איז פעררייגעלט פון אינעווייניג מיט שווערע אייזערנע ריעגלין. — ווער איז אבער דער הויכער צווישען זיי? — ער קאמאנדירט זיי. — ווער איז ער? וואס האט ער צו מיר?

אונטערדעסען האבען דיא בויערן געקלאפט און געזעצט אין דער טהיר.

— עס איז טרויעריג! האט ארטהור געזאגט צו זיך אליין. איך וועל מיך מוזען שטעלען געגען זיי. וועט מיר העלפען דיא קאמעדיע אלס גייסט, איז גוט, ווען ניט, וועל איך ווענייסטענס פערקויפען מיין לעבען זעהר טהייער. איך וועל ווענינסטענס אנלערנען דיעזע בויערן, זיי זאלען מעהר ניט נעהן זוכען קיין גייסטער.

ער האט אויף זיך ארויפגעווארפען דעם רויטען מאנטעל, האט געחאפט דיא אלטע האק, וועלכע מיכאאיל האט פערגעסען אדער אומיסטען איבערגעלאזען אין טהורם און איז אראפגעלאפען צום טהירעל.

אונטערדעסען האבען דיא בויערן געריסען דיא טהיר. זיי האבען געקלאפט, געשטויסען, געזעצט, געהאקט און געזעגט. דיא אלטע, שווערע, מיט נעגעל און מיט אייזערנע שיענען בעשלאגענע טהיר האט אויסגעהאלטען און האט ניט געוואלט נאכגעבען.

— איך האב מורא, אז מיט א גייסט איז ניט אזוי לייכט צו קעמפפען, האט ענדליך געזאגט איינער פון דיא בויערן. דער טייפעל לאזט זיך ניט אזוי גיך פאנגען.

דיא אנדערע בויערן זיינען אויך געבליעבען שטעהן. זיי האבען דאך מורא געהאט. פיעלייכט איז עס א ווירקליכער גייסט. עס האט געקאָסט שעק'ן פיעלע מיה, איידער ער האט זיי איינגערעדט, זיי זאלען נעהן מיט איהם. ער האט יין פערזיכערט, אז זיי וועלען האבען א לייכטע ארבייט. יעצט ווייזט זיך ארויס, אז דיא ארבייט איז גאר ניט אזוי לייכט. דיא טהיר וויל זיך ניט עפענען. דיא בויערן האבען אנגעהויבען זיך צו שרעקען. דער באנדיט שעק האט עס זעהר גוט פערשטאנען און ער האט אנגעהויבען צו לאכען פון זיי.

— שעהמט אייך! האט ער אויסגערופען, איהר זאלט ניט קענען איינברעכען אזא איינפאכע הילצערנע טהיר? — פראבירט נאך א מאל! אלע צוזאמען! אלע מיט א מאל! — שנעל! שטעקט אריין דיא העק אין דיא שפאלטען פון דער טהיר!

דיא בויערן האבען פראָבירט נאך א מאל, האבען אנגעשטרענגט אלע זייערע קרעפטע. — אומזיסט! דיא טהיר האט זיך ניט נאכגעגעבען.

— דער טייפעל האלט זיא צו! האט אויסגערופען איינער.

— אומזיסט אונזער ארבייט! האבען אויסגערופען דיא איבעריגע. דער טייפעל איז שטארק!

שעק האט איינגעזעהן, אז עס וועט איהם זיין ניט אזוי לייכט ארייצוקומען אין טהורעם ביי נאכט. דיא בויערן האבען מורא.

— איהר זעהט דאך אליין, אז אין טהורעם איז דא א מענש, האט ער אויסגערופען. איהר זעהט דאך, אז דיא טהיר איז פעררייגעלט פון אינעווייניג. דאס האט געטאהן א מענש. ווען איהר האט מורא אויסצוברעכען דיא טהיר, לאמיר דא וואַרטען און האלטען דיא וואך א גאנצע נאכט. לאמיר בעלאגערן דעם טהורם. דער מענש, וועלכער געפינט זיך דארט, וועט מוזען ארויסקומען. דער הערר באראן פון שלאס ראדעצק האט צוגעזאגט צו געבען יעדען צוויא גולדען א טאָג.

דאס האט געווירקט. צוויי גולדען א טאג איז א שעהנער פרייז אין אונגארן פאר א בויער. דיא בויערן האבען זיך אניעדערגעזעצט אויף דער ערד און האבען זיך געוואלט פארבערייטען צום נאכט לאגער, ווען שעק האט בעמערקט, אז איינער קומט צו אלע מאל נעהנטער צום טהורם, ניט א קוק, געהט אוועק, בעהאלט זיך צווישען דיא שטיינער און דיא ביימער, ווארט א ווילע, ווייזט זיך ווידער און בעהאלט זיך ווידער.

— ווער זאל עס דארט זיין? האט ער געפרעגט זיך אליין, וויא עס ווייזט אויס וויל דער מאן ארייגעהן אין טהורם. ער ווייס געוויס, ווער עס געפינט זיך אין טהורם. מעגליך, אז ער וואינט אוך דארט און וויל ארייגעהן צו זיינע קאמעראדען. איך מוז איהם חאפען און זעהן ווער עס איז.

ער האט אפגעהיט א מינוט, ווען דער מאן האט זיך בעהאלטען הינטער א שטיין, און איז צוגעקומען צו איהם.

— ווער זייט איהר? האט ער איהם געפרעגט.

— א מענש, וויא אלע מענשען.

— וואס טהוט איהר דא?

— וואס איך וויל. איך דארף קיינעם ניט זאגען, וואוהין איך געה און וואס איך טוה.

— איך ווייס, איהר ווילט געהן אין טהורם.

— פון וואנען ווייסט איהר עס? האט דער מאן געפרעגט, ווער האט עס אייך געזאָגט?

אזוי וויא ער האט אזוי מיט איהם גערעדט, זיינען צוגעקומען עטליכע בויערן זעהן, מיט וועמען ער רעדט. איינער פון זיי האט דערקענט דעם מאן.

— דאס איז דאך דער אלטער קארל! האט אויסגערופען איינער פון זיי. ער איז געווען אמאל א דיענער אין שלאס באטהיאני.

— אזוי? האט שעק געפרעגט. איהר זייט געווען א דיענער בייס בארא̇ן פא̇ן באטהיאני?

אין דיעזע מינוט איז פון ערגעץ אנגעקומען דער שטומער בעטלער. ער האט זיך אבער ניט געוויזען פאר דיא בויערן און האט זיך בעהאלטען הינטער א שטיין.

— ענטפערט מיר! האט שעק אויסגערופען, מען זאגט, אז דער גייסט, וועלכער געפינט זיך אין דיעזען טהורם איז זעהר ענליך צו אייער געוועזענעם בארא̇ן פא̇ן באטהיאני. ווייסט איהר פון איהם? וואס טהוט ער דא?

— וואס רעדט איהר, מענשען? האט דער אלטער קארל געענטפערט רוהיג. ווייסט איהר דען ניט, אז דער בארא̇ן פא̇ן באטהיאני איז שוין לאנג געשטארבען?

— זאג מיר דיא וואהרהייט, אלטער, אדער איך צוברעך דיר דעם קאפ, האט דער באנדיט געשריען און האט אויפגעהויבען זיין האק אין דערהויך.

דער אלטער מאן האט זיך דערשראקען. ער האט געזעהן, אז עס ווערט ערנסט.

— האט מיטלייד מיט מיר! האט ער אנגעהויבען צו שרייען אין דער הויך. לאזט מיך געהן מיין וועג. איך וויים ניט, וואס איהר ווילט פון מיר האבען? — איך וויים ניט, וואס איהר מאכט דא?

— זאג אונז דיא וואהרהייט! האבען געשריען אייניגע שטימען.

— איך וויים ניט וואס צו זאגען, האט געשריען דער ארימער אלטער קארל.

— בינדעט איהם! האט דער באנדיט שעק קאמאנדירט, ער האט געוואלט אריינגעהן אין טהורם!

עטליכע בויערן האבען זיך א ווארף געטאהן אויף דעם אלטען מאן און האבען איהם געשלעפט צום לאגער.

ארטהור האט דאס אלעס געזעהן פון זיין פענסטער. יעצט האט ער זיך ענטשלאסען.

— איך מוז איהם רעטען! האט ער אויסגערופען. איך בין שוין אלענפאלס פערלארען, פיעלייכט וועט מיר דאך העלפען מיין רויטער מאנטעל און מיין נאמען אלס גייסט.

ער האט געחאפט דיא לאנגע שווערע האק אין דיא הענד, איז אראפגעלאפען דיא טרעפ און האט האסטיג אויפגעריגעלט דיא טהיר. ער איז ארויסגעקומען פונקט אין דער צייט, ווען צוויא שטארקע בויערן האבען צונויפגעדרעהט דיא הענד פון דעם אלטען קארל אויפ'ן רוקען און האבען געוואלט איהם בינדען.

קיים האבען דיא בויערן דערזעהן דעם רויטען מאנטעל און דיא זאנדערבארע געשטאלט מיט א לאנגער האק אין ברייטער האק אין דיא הענד, האבען זיי אפגעלאזען דעם געפאנגענעם קארל, האבען אנגעהויבען צו שרייען:

— נאט און אלע היילינע זאלען אונז ביישטעהן! און זיינען זיך צולאפען אין אלע זייטען, וויא דיא וואהנזיניגע.

נור דרייא זיינען געבליעבען: דער באנדיט שעק און נאך צווייא באנדיטען, וויא ער.

— מיט מיר, קאמעראדען! האט דער באנדיט שעק געשריען, לאמיר איהם פאנגען! דאס איז א מענש! דאס איז קיין גייסט!

שעק מיט זיינע צוויא בייהעלפער האבען זיך ארויפגעווארפען אויף ארטהור'ן.

— אוועק פון מיר! האט ארטהור געשריען אין דער הויך, ווער עס וועט מיך אנריהרען, דעם וועל איך צושפאלטען דעם קאפ מיט דער האק!

דיא בויערן זיינען געבליעבען שטעהן א פאר מינוט, וויא צומישט.

— זעהט איהר שוין, אז דאס איז א מענש? האט שעק געשריען צו זיינע קאמעראדען, — אויף איהם! בינדעט איהם! דער בארון פון שלאס ראדעצק וועט אייך גוט בעצאהלען.

אלע דרייא האבען זיך יעצט א ווארף געטאהן אויף ארטהור'ן. שעק איז פער־לאפען פון הינטען און האט אנגעחאפט ארטהורן ביי דער האנד. נאך איין מינוט און ארטהור וואלט געווען ביי זיי אין דיא הענד.

אין דיעזע מינוט אבער איז פון ערגעץ געפלויגען א שטיין און האט געטראפען דעם באנדיט שעק אין קאפ. ער האט אפגעלאזען ארטהורס האנד און איז אומגעפא־לען. א צווייטער שטיין האט געטראפען דעם אנדערן בויער אין בויך. א דריטער שטיין איז געפלויגען און וואלט געוויס געטראפען דעם דריטען בויער, ווען ער זאל ניט געווען אנטלויפען מיט א ווילדען געשריי:

— דאס איז דער טייפעל! — דער גייסט!

דער צווייטער בויער איז אויך אנטלאפען. שעק אליין איז געבליעבען ליגען בע־וואוסטלאָז אויף דער ערד.

ארטהור האט געזעהן, אז דיא שטיינער זיינען פון ערגעץ געפלויגען; ער האט אבער ניט געוואוסט, ווער עס האט זיי געווארפען. ערשט יעצט, ווען ער איז געבליעבען אליין מיט זיין אלטען טרייען דיענער, האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן — דעם שטומען בעטלער.

ארטהור האט איהם געגעבען דיא האנד און האט אויסגערופען:

— איך דאנק דיר, מיין טרייער, געהיימער רעטער! יעצט וויים איך, ווער עס האט געווארפען דיא שטיינער אויף מיינע פיינד.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו זיין טרייען קארל און האט איהם געפרעגט:

— נו, האסט דוא בעזארגט א קארעטע?

— איך האב שוין אלעס בעזאָרגט, האט קארל געענטפערט. היינט ביי נאכט אום צוועלף אוהר וועט דיא קארעטע ווארטען, וואו איהר האט געהייסען.

— גוט. אלזאָ, לאָמיר צוריק געהן אין טהורם און לאָמיר דארט ווארטען דיא פאר שטונדען ביז צוועלף אוהר.

— ניין, גנעדיגער הערר! האט קארל געבעטען, געהט ניט צוריק אין טהורם. זיי קענען נאך צוריק קומען.

דער שטומער בעטלער האט זיך אויך געשטעלט פאר ארטהורן, האט געמאכט צייכענס און געבעטען, אז ארטהור זאל ניט צוריק געהן אין טהורם.

— קומט בעסער צו מיר אדער צום שטומען בעטלער. דארט וועט איהר איבער־זיצען דיא קורצע צייט.

ארטהור האט אנפאנגס ניט געוואלט געהן מיט זיי. ער האט מורא געהאט, אז דיא בויערן זאלען איהם ניט בעגעגענען. דער אלטער קארל און דער שטומער בעטלער אבער האבען אזוי לאנג גערעדט איבער איהם, אז ער האט ענדליך איינגעווילינגט און אלע דריי זיינען אוועקגעגאנגען אין דארף טשאמני.

קוים זיינען זיי אוועקגעגאנגען עטליכע שריט, האט זיך דער באנדיט שעק אויפגעהויבען און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. דער קאפ האט איהם נאך וועה געטאהן פון דעם שטיין, מיט וועלכען דער שטומער בעטלער האט איהם געטראפען, ער האט זיך אבער געקענט אויפשטעלען אויף דיא פיס.

— אזוי? האט ער געברומט צו זיך אליין, דער שטומער בעטלער געהערט אויך צו דער באנדע? — דאס מוז איך באלד מעלדען דעם באראן נאני. ער וועט מיר שוין בעצאהלען פאר מיין וואונד. — דער גייסט וועט זיך שוין ניט אזוי גיך אויסדרעהען פון מיינע הענד. איך וועל איהם טרעפען נאך א מאל. לאז ער נור געהן צום שלאס טאקקי! דארט שטעהן מיינע מענשען, קיינע איינפאכע בויערן, זאנדערן אלטע באנדיטען, וועלכע שרעקען זיך וועניג איבער פאר א גייסט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגעהויבען זיך צו שלעפען צום שלאס ראדעצק.

## 18טער קאפיטעל.

## נאני שווייגט ניט.

אין שלאס ראדעצק איז מען פרעהליך. מארגען איז דער פופצעהנטער אויגוסט, דער טאג פון מאקס האכצייט. גראף מעראס איז געוועזען ביי זיי צו גאסט און האט זיי געזאגט, אז ער אליין וועט פאלציעהען דיא טרויאונגס צערעמאניע.

— ענדליך האבען מיר דאך דערגרייכט אונזער ציעל, האט נאני געזאגט צו דער גרעפין. מארגען נאך מיטאג איז מאקס פעראייניגט מיט עלוויראן און מיר זיינען גראף מעראס פערוואנדטע.

— איך ווייס ניט, וואס מיט מיר איז, האט דיא גרעפין געענטפערט, איך בין נאך אלץ בעזארגט און אונרוהיג. איך וואלט שוין געוואלט איבערקומען דיעזע האכצייט. איך וועל מיך ערשט דאן בערוהיגען, ווען איך וועל זעהן, אז מאקס און עלווירא זיינען מאן און פרוי.

— זיי קיין נארר, אייזשעניע! הער שוין אויף צו רעדען נארישקייטען! דוא זעהסט דאך אליין, אז אלעס האט אונז געגליקט. אין שלאס ראדעצק מאכט מען דיא גרעסטע פארבערייטונגען צו דער האכצייט. עלווירא איז אין גאנצען איינפערשטאנען מיט דער האכצייט. זיא איז גאר פרעהליך געווארען און ערווארטעט מיט אונגעדולד דיא מינוט, ווען זיא וועט שוין הייסען דיא גרעפין פאן ראדעצקי. זאגאר געארג האלט שוין מיט אונז. גראף מעראס האט ליעב מאקס'ן, וויא זיין אייגען קינד. וואס ווילסט דוא נאך? פאר וואס האסט דוא יעצט מורא? — אלעס איז אין בעסטער ארדנונג. אונז ערווארטעט גליק און פרייד.

דיא גרעפין האט איהם געלאזט אויסרעדען אלעס, וואס ער האט געוואלט, דאן האט זיא פלוצלונג א פרעג געטאהן:

— וואס הערט זיך עפעס מיט'ן גייסט? האסט דוא איהם שוין געכאפט?

— איך האב געהאט איינינע שוועריגקייטען, איידער איך האב געקענט איינרעדען דיא נארישע בויערן, זיי זאלען געהן זיך נאכיאָגען נאך א גייסט. אלענפאלס האב איך געהאלטען א שטרענגע וואך פארן שלאָס טאָקקי. זייט דרייא נעכט האט זיך דער גייסט ניט געוויעזען ארום שלאָס טאָקקי. ארום טהורם פון טשעמני האב איך היינט ביי נאכט געשטעלט א שטרענגע וואך. איך ביז זיכער, אז זיי וועלען שוין חאפען דעם גייסט. איך האב צוואר אנגעזאגט מיינע מענשען, אז זיי זאלען קומען מיר מעלדען אלעס, וואס עס וועט פאסירען לעבען טהורם. ווען זיי זיינען ביז אהער ניט געקומען, איז עס א בעווייז, אז זיי האבען נאר נישט געפונען. עס איז זעהר מעגליך, אז דער גייסט האט זיך דערשראָקען פאר דיא וואכען און איז אוועקגעשוועבט אין אנאנדערער געגענד שפיעלען קאמעדיע.

דיא גרעפין האט זיך אביסעל בערוהיגט.

— עס איז אלעס מעגליך, האט זיא געזאגט, דענאך וועל איך מיך ערשט אין גאנצען בערוהיגען, ווען דיא טרויאונגס צערעמאָניע וועט שוין זיין פאָראיבער. עפעס איז שוין געווען מיט דעם גייסט. גאנץ גלאט איז עס ניט.

אזנטערדעסען האבען דיא דיענער געמעלדעט, אז דאס נאכט עסען איז פערטיג. דיא גרעפין האט געשיקט רופען מאקס'ן און אלע דרייא האבען זיך געזעצט צום טיש. מען האט געגעסען, געטרונקען און פרעהליך געווען. נאני האט געשפאסט און געטרונקען אויף גוט גליק פון דאס נייע פאר פאלק.

פלוצלונג איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז עס איז געקומען א מאן, וועלכער וויל רעדען מיט'ן באראָן נאני.

— פיהר איהם אריין אין פאָרצימער פון מיין וואהנונג, האט נאני געזאָגט, איך וועל באלד ארויסגעהן צו איהם.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען.

— לאמיר טרינקען נאך א מאל אויף דאס גליק פון דער בראוט! האט נאני אויסגערופען. נים אן דיא גלעזער, מאקס, און לאמיר טרינקען.

מאקס האט אנגענאסען א גלאָז וויין און האט אויסגערופען:

— איך טרינק אויף דאס גליק פון מיין ליעבער בראוט, עלווירא!

— און איך טרינק אויף דיא בערוהיגונג פון דער זעלע פון'ם אָרימען באראן באטהיאני, האט נאני געשפאסט.

מען האט געטרונקען און מען איז געווען פרעהליך.

— יעצט לאָמיך געהן, האט נאני געזאגט, מען ווארט דאך אויף מיר.

— ווער זאל עס דארפען צו דיר אזוי שפעט ביי נאכט? האט דיא גרעפין געפרעגט שטילערהייט.

מאקס האט געזעהן, אז זיין מוטער רעדט עפעס מיט נאני און איז זיך ארייטגעגאנגען פון זאל. ער איז שוין געוואהר געווארען, אז זיי האבען געהייראטהעט

— עס איז שוין עלף אוהר, האט דיא גרעפין ווייטער געזאגט, ווער קען עס דארפען צו דיר אזוי שפעט ביי נאכט?

— איך ערוואַרטע איינעם פון מיינע אגענטען, א געוויסען יאזעף פון בודאפעסט, איך האב איהם געשריעבען, אז ווען ער וועט קומען, זאל ער זיך באלד מעלדען צו מיר.

— אלזא, געה און רעד מיט איהם, האט דיא גרעפין געזאגט, איך וועל דא וואַרטען ביז דוא וועסט צוריק קומען.

נאגי איז ארויסגעגאנגען פון זאל און איז געגאנגען צום צימער, וואו דער פרעמדער האט אויף איהם געוואַרטעט. וויא גרויס איז געוועזען זיין איבעררַאשונג, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך דעם באנדיט שעק.

— נו, שעק, וואס הערט זיך? האט ער געפרעגט, האסט דוא שוין געחאפט דעם גייסט?

— ניין, הערר באראָן, איך האב איהם נאך ניט געחאפט.

אזוי וויא ער האט אזוי גערעדט, האט זיך נאגי צו איהם צוגעקוקט און האט דערזעהן, אז ביי שעק'ן פון קאפ רינט בלוט.

— וואס איז דאס, שעק? דוא ביסט פערוואונדעט?

— יא, מיין הערר, איך בין פערוואונדעט.

— ווער האט דיך פערוואונדעט?

— דער, וועלכע מיר זוכען.

נאגי איז בלייך געוואָרען. ער האט גוט געקענט זיין מאַן. ער האט געוואוסט, אז שעק וועט זיך אזוי גיך ניט לאזען פערוואונדען.

— וואס איז געשעהן, שעק? דערצעהל מיר!

שעק האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס האט פאסירט דיעזען אבענד פאר'ן טהורם פון טשעמני, ביז אין דער מינוט, ווען דער שטיין האט איהם געטראָפען אין קאפ.

— איינינע צייט בין איך געליגען אין אהנמאכט און האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר, האט שעק געענדיגט זיין ערצעהלונג, ווען איך בין געקומען צו זיך און האב מיך אויפגעהויבען, האב איך געזעהן, וויא דער מאן פון'ם טהורם איז אוועקגעגאנגען מיט'ן שטומען בעטלער און מיט נאך איינעם.

— וואוהין זיינען זיי געגאנגען?

— צום דאָרף טשעמני

נאגי איז געוואָרען אונרוהיג און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן האסטיג אין זיין צימער. ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דא איז א גאנצע באנדע און אלע זיינען געגען איהם.

— ווער איז געוועזען דער אנדערער מאַן, מיט וועלכען דער גייסט איז געגאנגען? האט ער פלוצלונג געפרעגט.

— איך קען איהם ניט, האט שעק געענטפערט, אבער איינינע בויערן האבען איהם דערקענט, אז ער האט אמאָל געדיענט ביים באראָן פאן באטהיאני.

— האבען די איהם געוויס דערקענט אלס אן אלטען דיענער פון'ם באראן באטהיאני?

— יא, הערר באראן, און ווען איך זאל ניט וויסען פאר געוויס, אז דער באראן פאן באטהיאני איז טויט, וואלט איך געקענט שווערן, אז דער מאן, וועלכער האט געוואינט אין טהורם, איז טאקע דער באראן פאן באטהיאני אליין. עס איז דיעזעלבע געשטאלט, דיעזעלבע הויך, דאס זעלבע געזיכט און זאגאר דיעזעלבע שטימע. איך וויים אליין ניט וואס צו דענקען: איז עס א מענש אדער א גייסט.

— רעדסט דוא דיא וואהרהייט, שעק? האט זיך דיר ניט אויסגעוויעזען?

— ניין, הערר באראן, עס האט זיך מיר ניט אויסגעוויעזען, איך האב אלעס געזעהן און געהערט, אזוי וויא איך דערצעהל אייך.

— עס קען ניט זיין! עס איז א ליגען! האט נאגי זיך געקאכט, דוא ביסט געוועזען בעטרונקען!

שעק'ס געזיכט איז געווארען פינסטער, זיינע ברעמען האבען זיך צוזאמענגעצויגען און ער האט צוגעלעגט דיא האנד אויף דעם ארט, וואו ער פלעגט שטענדיג טראגען א מעסער. וויא ניעדעריג ער איז געוועזען, האט איהם דאך פערדראסען, וואס נאגי האט איהם גערופען ליגנער. קיינער וויל ניט בעליידיגט ווערן אומזיסט.

נאגי האט בעמערקט, וויא שעק לעגט צו דיא האנד צו דער זייט, וואו ער פלעגט שטענדיג טראגען זיין שארפעס מעסער.

— דוא זוכסט דיין מעסער, דוא הונד? האט ער אויסגערופען און האט ארויס געכאפט פון דער קעשענע א פיסטאלעט. גיב דיך נאך א ריהר און דוא ביסט א טויטער!

דער באנדיט האט זיך דערשראקען און האט זיך אבגערוקט אויף עטליכע שריט.

— הערר באראן! האט ער געזאגט רוהיג און קאלטבלוטיג, ווייסט איהר דען ניט, אז איך קען ברענגען אויפ'ן פייער אייך און מיך צוגלייך? ווייסט איהר דען ניט, אז ווען איך זאל נור וועלען, וועט מיין מעסער שטענדיג טרעפען דעם וועג צו אייער הערץ? ווייסט איהר דען ניט, אז איך דארף נור דערצעהלען דיא געשיכטע, וויא אזוי דער באראן פאן באטהיאני איז אמאל, אמאל געקומען אין טהורם פון טשעמני און וויא אזוי דער בישאף מיט זיין קוטשער זיינען געשטארבען אין שלאס פון באטהיאני און איהר וועט ליעגען אין קייטען גלייך מ כ ?

נאגי איז געבליעבען שטעהן און ־אט באלד ארייננעשטעקט זיין פיסטאלעט אין קעשענע. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער טאר ניט רייצען דעם באנדיט צו פיעל. ער האט באלד געענדערט זיין געזיכט און איז געווארען פריינדליך געגען דעם באנדיט.

— ענטשולדיג מיר, שעק, וואס איך האב דיך אזוי בעליידיגט, האט ער געזאגט מיט א פריינדליכע שטימע, איך האב עס ניט אזוי ווייט געמיינט. איך בין זעהר אונרוהיג וועגען דיעזען גייסט, אדער מענש, וועלכער בעהאלט זיך אין טהורם פון טשעמני

ער האט ארויסגענומען פון קעשענע איינינע נאלדשטיקע און האט איהם' גע־ געבען.

— נא דיר פאר דיין וואונד, שעק, האט ער געזאגט גאנץ פריינדליך. העלף מיר, אלטער פריינד, אויסגעפינען, ווער דיעזער גייסט איז און איך וועל דיר דאנקבאר זיין. — ביסט דוא איבערצייגט, אז יענער איז ווירקליך זעהר ענליך צום באראן פאן באטהיאני?

— איך שווער אייך, הערר, אז ער איז ענליך צו איהם, וויא צוויא טראפען וואסער זיינען עהנליך איינער צום אנדערן.

— וואו זאל ער זיך יעצט אויפהאלטען?

— דאס ווייס איך ניט. איך האב איהם געזעהן נעהן קיין טשעמני.

— ווייסט דוא, וואו דער שטומער בעטלער וואינט?

— ניין, איך ווייס עס ניט.

— נו, דאס איז אויך ניט נעטהיג. וואס קען מען מאכען מיט א שטומען? — האסט דוא אויסגעשטעלט א וואך ארום שלאס טאקקי?

— יא, הערר באראן, דארט האב איך געשטעלט דיא שטארקסטע מענשען, וועלכע שרעקען זיך ניט איבער פארן טייפעל אליין.

— אלזא, גוטה, שעק און הייל זיך אויס דיא וואונד. איך וועל שוין געפינען מיטעל, וויא אזוי איהם אויסצוזוכען. ווען דוא וועסט זיין געזונד, קום צו מיר, איך וועל דיך נאך דארפען.

שעק האט זיך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען. נאני איז נעגאנגען אין זאל צו זיין פרוי.

דיא גרעפין איז אונטערדעסען געזעסען, וויא אויף שפילקעס, און האט געווארט, אז נאני זאל צוריקקומען. ווען ער איז ענדליך אריינגעקומען אין זאל, האט זיא זיך דערשראקען פאר איהם. ער איז געוועזען בלייך און אויפגערעגט. אויף זיין געזיכט איז געלעגען א פינסטערער וואלקען.

— וואס איז מיט דיר נאני? האט זיא אויסגערופען פול שרעק. וואס איז געשעהן?

— פרעג מיך ניט, אייזשעניע.

— וואס איז? וואס איז שוין נייעס?

— איך פיהל עפעס ניט גוט און קען דיר ניט דערצעהלען.

ער איז ווירקליך קוים געשטאנען אויף דיא פיס און האט געמוזט זיך אניעדער־ זעצען.

— זאג מיר, נאני, ווער איז געוועזען דער מאן? וואס האט ער פערלאנגט און פאר וואס ביסט דוא אזוי אויפגערעגט? איך וועל עס ניט אויסהאלטען, ביז דוא וועסט מיר אלעס דערצעהלען.

— אך! האט נאני געזיפצט, ביי מיר איז געוועזען א מאן, וועלכער האט מיר דערצעהלט זאכען, פון וועלכע מען קען ווערן וואהנזיניג.

— פלאג מיך ניט! מארטער מיך ניט! האט דיא גרעפין אויסגערופען, זאג מיר, וואס עס איז געשעהן?

— אייזשעניע, דוא האסט געזעהן א מענשען, אבער קיין גייסט אין שלאס באטהיאני, האט ענדליך קוים ארויסגעשטאמעלט נאגי.

— אום גאטעס וויללען! וואס מיינסט דוא דערמיט?

— איך מיין דערמיט, אז ארטהור בעראן פאן באטהיאני איז ניט געשטארבען, ער לעבט!

דיא גרעפין האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען און איז געבליעבען זיצען, וויא דערשלאגען פון א דונער.

— גאט אין הימעל! וויא איז דאס מעגליך? האט זיא אויסגערופען.

— איך האב דיר שוין ניט איין מאל געזאגט, אז ווען מיר האבען עפעס מורא צו האבען, דארפען מיר מורא האבען פאר דיא לעבעדיגע. דיא טויטע ליעגען שטיל אין זייערע קאלטע גרעבער.

— איך פערשטעה עס אבער דאך ניט, האט דיא גרעפין אויסגערופען, דוא אליין האסט דאך מיר געוויעזען דיא צייטונג, אז מען האט אויפגעהאנגען דעם בארא: וויא קען עס דען זיין, אז ער לעבט נאך?

— איך פערשטעה עס אויך ניט, האט דער בעראן געזאגט. עס איז מיר א וואונדער, וועלכעס איך קען מיר אויף קיין פאל ניט ערקלערן. איך בין אבער רוהיג, איך וועל איהם שוין ארייגקריעגען אין מיינע הענד. ער וועט זיך פון מיר ניט אויס־דרעהען.

— ווען דער באראן לעבט, איז אלעס פערלארען, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.

— וואס רעדסט דוא? עס איז גאר ניט פערלארען! קיין זאך איז ניט פערלא־רען! דער באראן פאן באטהיאני איז פערלארען. עס וועט איהם קיין זאך ניט העלפען. ער וועט מוזען אריינפאלען אין דיא הענד פון דער פאליציי און מען וועט איהם אויפ־הענגען. איך האב שוין געשריעבען צום אדוואקאט נאוואק און האב איהם געבעטען, ער זאל מאכען אן אונטערזוכונג, וויא אזוי מען האט אויפגעהאנגען דעם באראן פאן באטהיאני. איך וועל איהם מארגען שרייבען, אז איך וויים שוין פאר געוויס, אז ער לעבט און איז דא אין אונזער געגענד. ער פלעגט עס ארומגעהן ביי נאכט ארום שלאס טאקקי, און פלעגט עס רופען עלווירא'ס נאמען. — לאז ער נור פראבירען געהן היינט ארום שלאס טאקקי, עס וועט שוין זיין ביי איהם צום לעצטען מאל.

— פערלאז דיך ניט אויף דיינע מענשען. געה אליין און זוך איהם אויס, האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— דוא האסט רעכט, ליעבע אייזשעניע! דאס בעסטע איז, ווען מען געהט אליין און מען טהוט אלעס אליין. איך וועל דיר פאלגען און וועל געהן זעהן, וואס אונזער פיינד מאכט. ווען מיר וועלען שוין, ווער דיעזער גייסט איז, וועלכער שפיעלט אזוי שעהן קאמעדיע, וועלען מיר איהם שוין קריעגען.

ער איז געגאנגען אין זיינע צימער, האט זיך איבערגעטאהן און איז אוועקגעגאנגען.

### 19טער קאפיטעל.

## פ ע ר א י י נ י ג ט.

ארטהור מיט זיינע צוויא בעגלייטער זיינען זיך רוהיג נעגאנגען זייער וועג אה זיינען אנגעקומען אהנע יעדער שטערונג אין דארף טשעמני. ער איז געגאנגען צו זיין אלטען פריינד און טרייען דיענער קארל.

דער שטומער בעטלער איז פערשוואונדען געווארען אויף עטליכע מינוט, איז אבער באלד צוריק געקומען און האט געבראכט א צעטעלע. ארטהור האט איבערגע־לעזען פאלגענדע ווערטער:

„דער גראף מעראס און געארג פאן טאקקי געפינען זיך יעצט אין שלאס טאקקי.“

ארטהור האט זיך דערפרעהט, וואס זיין פריינד געארג איז ענדליך געקומען אהיים, באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט.

— וואס ווערט דערפון? גראף מעראס האט געטאהן פון מיינעטוועגען אלעס וואס ער האט געקענט. מיט געארג'ן וואלט איך זעהר געוואלט רעדען, עס איז שוין אבער צו שפעט. דאס איינציגע, וואס איך קען יעצט טאהן, איז איהם אנשרייבען א בריעף.

ער האט געבעטען זיין אלטען, טרייען דיענער, ער זאל איהם פערשאפען טינט און פעדער און פאפיער און האט זיך געזעצט שרייבען א לאנגען בריעף צו זיין פריינד געארג. ווען ער האט געענדיגט דעם בריעף, האט ער איהם איבערגעגעבען זיין טרייען דיענער און האט איהם אנגעזאגט:

— מארגען אין דער פריה זאלסט דוא געהן אין שלאס טאקקי און איבערגעבען דיעזען בריעף גראף געארג אין דיא הענד.

דיא צייט איז פערגאנגען שנעל. ארטהור האט פערשטאנען, אז עס דארף שוין זיין אום האלבע נאכט און דיא קארעטע, וואס זיין טרייער דיענער קארל האט בע־שטעלט, איז נאך אלץ ניט אנגעקומען.

— וואו איז דיין קארעטע, קארל? האט ער געפרעגט, וויא קומט עס, וואס זיא איז נאך ניטא?

— זייט רוהיג, גנעדיגער הער, דיא קארעטע וועט געוויס אנקומען צו דער רעכטער צייט. איך האב געפונען אן עהרליכען קוטשער, וועלכער וועט געוויס האלטען ווארט.

„דיא צייט פליהט א מאל שנעל, וויא א פויגעל און א מאל קריעכט זיא, וויא א ווארם,“ זאגט אן אלטעס שפריכווארט. פאר ארטהורן איז דיא צייט יעצט געקראכ־בען לאנגזאם, זעהר לאנגזאם. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז עס איז שוין זעהר שפעט, אז עס איז שוין פארטאג און דיא קארעטע איז נאך אלץ ניט געקומען.

קארל האט געמוזט ארויסגעהן האלטען דיא וואך אין דרויסען און קוקען אויפ'ן טראקט, ווען דיא קארעטע וועט אמאל אנקומען. פונקט צוועלף אוהר איז אנגעקומען דיא קארעטע, וויא קארל האט זיא בעשטעלט. ארטהור איז אויפגעשפרונגען פאר פרייד. ער האט ארומגענומען זיין אלטען דיענער און האט איהם געקושט.

— איך דאנק דיר, גוטער פריינד קארל, פאר אלעס גוטע, וואס דיא האסט מיר געטאהן! האט ער אויסגערופען. זיי געזונד און גליקליך! גאט ווייס, אויב מיר וועלען זיך אמאל וויעדערזעהן.

— גאט זאל אייך שיצען און בעגלייטען! האט געזאגט דער אלטער דיענער מיט טרערין אין דיא אויגען.

יעצט האט זיך ארטהור געווענדעט צום שטומען בעטלער און האט גענומען זיין האנד.

— וויא זאל איך דיר דאנקען? וואס זאל איך דיר זאגען? דוא גוטער, שטומער, זאנדערבארער געשיקטער פון גאט! איך וועל דיך אייביג ניט פערגעסען! פערגעס דוא מיך אויך ניט, דוא, געהיימניס־פאלער מענש!

דער שטומער בעטלער האט אויפגעהויבען זיינע הענד און האט זיי ארויפגעלעגט אויף ארטהור'ס קאפף, גלייך וויא ער האט געוואלט איהם בענשען.

ארטהור האט אריינגעשטעקט אין בוזים דיא פיסטאלעטען, וועלכע קארל האט פאר איהם געקויפט, האט נאך א מאל געגעבען דיא האנד זיינע צווייא פריינד און האט זיך אריינגעזעצט אין קארעטע. ער האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין וואלד לעבען שלאס טאקקי.

שנעל איז געפאהרען דיא קארעטע אויף דעם שטילען און רוהיגען וועג, ביז זיא איז אריינגעקומען אין וואלד. דא האט ארטהור געהייסען דעם קוטשער ווארטען. ער אליין איז אראפגעקראכען, האט זיך איינגעהילט אין זיין מאנטעל, וועלכען אננא האט איהם געגעבען און איז געגאנגען זוכען דעם געהיימען אריינגאנג אין שלאס טאקקי. דיא וואך, וועלכע נאני האט אויסגעשטעלט ארום שלאס, האט איהם ניט געקענט זעהן, וויל ער איז ניט געגאנגען אויף דיא וועגען, וועלכע האבען געפיהרט צום שלאס, זאנדערן צווישען דיא הויכע ביימער פון וואלד.

ער האט געוואוסט אן ארט, וואו מען האט לייכט געקענט אריינקומען אין שלאס. ווען ער איז צוגעקומען צו דער מויער פון שלאס, האט ער א קוק געטאהן אויף דיא פענסטער. אין עלוויראס צימער האט נאך געברענט א ליכט.

— זיא שלאפט נאך ניט, האט ער געזאגט. עס איז דיא בעסטע צייט.

שטילערהייט, וויא א קאץ, איז ער צוגעקראכען צו דער מויער, איז זיא אריבערגעקראכען און איז באלד געווען אין דונקעלען קארידאר, וועלכער האט געפיהרט צו עלוויראס צימער. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג. אלע אין שלאס זיינען געווען מיעד פון דער ארבייט פון פאריגען טאג. מען האט זיך פארבערייטעט צו דער האכצייט און אלע דיענער האבען א גאנצען טאג שווער געארבייט. יעצט זיינען זיי געווען מיעד און זיינען געשלאפען געשמאק. נור איינע איז נאך ניט געשלאפען. דאס איז געווען עלווירא.

זיא איז געזעסען אין איהר צימער און האט געשריעבען א לאנגען בריעף. ווען זיא האט איהם געענדיגט, האט זיא איהם צונויפגעלעגט און געזאגט צו זיך אליין:

— איך ווייס, וואס מען וועט זאגען אויף מיר; איך ווייס, אז מען וועט מיך פערדאמען. אלע וועלען זאגען, אז איך האב שלעכט געטאהן. איך קען אבער ניט אנדערש, איך קען ניט געבען מיין האנד און מיין ליעבע צו אנאנדערען! איך האב דיר

געשווארען אייביגע ליעבע און טרייע, מיין געליעבטער ארטהור און איך וועל עס האלטען.

דיין ריינע זעעלע האט זיך בעוויעזען צו מיר און האט מיר גערופען; איך האב געהאפט, אז דוא וועסט קומען צו מיר און וועסט מיך נעהמען צו זיך אהין, דארט אויבען, וואו עס וואינען דיא ריינע גייסטער. דוא ביסט ניט געקומען, דאן וועל איך געהן צו דיר.

אך! איז עס דען מעגליך. אז גייסטער זאלען קומען נאך זייער טויט צו דיא געליעבטע פון זייערע הערצער? — מיין פערשטאנד זאגט מיר, אז עס איז אונמעגליך. דאך האב איך דאך אליין געהערט זיין שטימע. מיין מוטער האט עס דאך אויך געהערט. אלזא, איז עס דאך וואהר. אלזא, געהערן מיר זיך דאך נאך אן מיט דער גייסטער וועלט. אלזא, ווערן מיר ניט אין גאנצען פערניכטעט, ווען דער קאלטער טויט שליעסט אונזערע אויגען אויף אייביג. מיר לעבען נאך ווייטער. אונזער בעסטער טהייל, אונזער זעעלע, לעבט נאך, פיהלט נאך, געדענקט נאך, וואס עס האט זיך מיט אונז געטאהן דאמאלס, ווען זיא האט געלעבט דאס קערפערליכע לעבען.

ווען דאס איז וואהר, פאר וואס זאגען אונזערע געזעצע, אז א מענש מאר זיך אליין ניט נעהמען דאס לעבען? וואס פאר א פערברעכען בעגעהן מיר דען, ווען מיר צורייסען דיא קייטען, וועלכע האלטען צוזאמען דעם קערפער מיט דער זעעלע? — עס איז אזוי! עס איז קיין זינד. איך האב מיך בעשלאסען און וועל עס טאהן. — עס איז צייט!

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל, האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט אויסגערופען:

— אדיע! איהר שטילע מויערן, אין וועלכע איך בין געבארען געווארען! אדיע! איהר גרינע בערג, איהר פריינדליכע פעלדער, אויף וועלכע דאס יונגע קינד האט זיך געשפיעלט און געפרעהט. אדיע! אלע מיינע טהייערע און ליעבע! איהר וועט מעהר ניט זעהן עלווירא'ן. זיא געהט אוועק פון אייך אויף אייביג! — אדיע! דוא שטומער טיש. וועלכער האט אזוי אפט געהערט מיין וויינען און מיינע זיפצען, איך וועל דיך מעהר ניט בעאונרוהיגען. דוא וועסט שטעהן רוהיג אין דיעזען צימער. אנדערע מענשען וועלען זיצען לעבען דיר. פיעלייכט וועלען זיי גאר זינגען פרעהליכע ליעדער לעבען דיר. אדיע! מיין ליעבע מוטער! אדיע! מיין ליעבער ברודער. לעבט גליקליך, אלע מיינע גוטע פריינד! עלווירא געהט אוועק פון אייך אויף אייביג! אויף אייביג! איך וויס, אז איך מאך דיר שמערצען, ליעבע מוטער; איך וויס, אז דוא וועסט יאמערן און קלאגען און איך בעט דיך אום פערצייהונג.

פלוצלונג איז זיא געבליעבען שטיל. עס האט זיך איהר אויסגעוויעזען, אז זיא הערט שטילע שריט.

זיא האט א ציטער געטאהן און איז צונעלאפען צום פענסטער.

— וואס איז דאס? האט זיא געפרעגט. מיר דאכט, אז מען געהט ארום אין שרייב צימער פון מיין פאטער. דארט געפינט זיך א געהיימע טהיר. דערפון וויס אבער גאר איין איינציגער....

זיא האט זיך צוגעהערט, — מען געהט שטיל, רוהיג, לאנגזאם, פארזיכטיג. --

— מען קומט נעהנטער, — מען געהט שטיל -- אזוי געהן נור גייסטער. — וואס זאל עס זיין? — וואס האב איך מורא? איך וויל דאך שטארבען. וואס איז מיר דער אונטערשיעד, אויב איך וועל מיך אליין דערשיעסען, אדער אנאנדערער וועט מיך טויטען? — איך מוז זעהן, וואס דארט טהוט זיך.

זיא האט געחאפט דעם לייכטער פון'ם טיש, איז צוגעלאפען צו דער געהיימער טהיר און האט זיא האסטיג געעפענט.

פאר איהר איז געשטאנען א זאנדערבארע געשטאלט. זיא האט א ציטער גע-טאהן און האט געוואלט צוריק קויפען.

— עלווירא! האט געזאגט א שטילע שטימע.

— גאט אין הימעל! ווער ביסט דוא? דאס איז דאך זיין שטימע!

דיא געשטאלט איז צוגעגאנגען נעהנטער צו איהר און האט געזאגט:

— עלווירא, איך בין עס. איך בין געקומען אום צו האלטען מייןווארט.

— ארטהור! דוא ביסט עס?

מעהר האט זיא ניט געקענט רעדען. זיא וואלט געוועזען אומגעפאלען, ווען ארטהור זאל זיא ניט געוועזען ארומגעהמען און זיא צודריקען צו זיין הארצען.

איינגע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען. עלווירא איז דיא ערשטע געקומען צו זיך.

— דוא לעבסט ארטהור! האט זיא אויסגערופען. דוא ביסט ניט געשטארבען! דיין הערץ קלאפט, וויא מיין הערץ. דיינע הענד זיינען ווארם. זאג מיר, ארטהור, אז דוא לעבסט! זאג עס מיר, ארטהור, מיט דיין מויל, אז דוא לעבסט נאך!

— זעהסט דוא דען ניט, אז איך לעב, מיין טהייערע עלווירא? מיינסט דוא, אז איך קען לעבען אהן דיר?

— אך, ארטהור! ווייסט דוא, וויא פיעל איך האב געליטען פון דיינעטוועגען? ווייסט דוא דען, וויא איך האב געוויינט, וויא איך האב געבעטען, וויא איך האב מיך געקרענקט און האב געליטען פון דיינעטוועגען? דוא קענסט עס גאר ניט פערשטעהן.

— ליעבע, טהייערע עלווירא! יעצט איז ניט דיא צייט פיעל צו רעדען איבער דיא פערגאנגענהייט. אונזערע מינוטען זיינען געצעהלט. איך בין געקומען אום דיך צו נעהמען מיט מיר. ווילסט דוא מיר אנטלויפען?

— וואס פרעגסט דוא, ארטהור? פיהר מיך אין עק וועלט! פיהר מיך איבער בערג און טאהלען! פיהר מיך איבער וואסערן און טייכען! מיט דיר וועל איך געהן, וואוהין דוא ווילסט. מיט דיר וועל איך לעבען און מיט דיר וועל איך שטארבען!

ארטהור האט זיא ארומגענומען און האט איהר א קוש געטאהן אין קאפ און האט געזאגט:

— אלזא, קום, עלווירא! מיר מוזען זיך איילען, אונזערע פיינד שלאפען ניט. ווען מיר אנטלויפען ניט יעצט, איז אלעס פערלארען.

זיא איז צוריק געלאפען אין איהר צימער, האט גענומען איינגע קליידער און א קליין קעסטעלע מיט ציערונג און איז צוגעקומען צו איהם.

— יעצט בין איך דיינע אויף אייביג! קום מיט מיר!

זיי האבען זיך אנגענומען ביי די האנד און זיינען ביידע ארויסגעגאנגען שטר־לערהייט, אה, א רעש, פארזיכטיג און רוהיג דורך דעם געהיימען גאנג. שטילערהייט זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון שלאס און זיינען פערשוואונדען אין וואלד, וויא די גייסטער.

אין אייניגע מינוטען ארום איז א קארעטע געפאהרען אויפ'ן גרויסען טראקט קיין ראזענוי. אין דער קארעטע זיינען געזעסען ארטהור און עלווירא.

אונטערדעסען איז די גרעפין פאן ראדעצקי געזעסען אין איהר שלאס און האט געווארט אויף איהר מאן. זיא איז געווען זעהר אונרוהיג איבער די נאכריכט, וואס נאני האט איהר פריהער געבראכט, אז ארטהור לעבט נאך. זיא האט צוואר ניט גע־וואוסט גענוי, וויא אזוי ארטהור איז געקומען צום פאלשען געלד, זיא האט אבער זעהר גוט פערשטאנען, אז נאני האט עס געטאהן. ווען ארטהור לעבט נאך, וועט ער געוויס וועלען בעווייזען, אז ער איז אונשולדיג. דאן וועט מען דאך אויסגעפינען, אז נאני האט עס איהם אונטערגעווארפען דאס פאלשע געלד.

— ער קומט ניט, האט זיא געזאגט צו זיך אליין, וואהרשיינליך, האט ער ניט אויסגעפונען דעם גייסט. וואס וועלען מיר טאהן, ווען ארטהור וועט ווירקליך שיקען א בריעף צו עלוויראן און איהר שרייבען, אז זיא זאל ניט הייראטהען מאקס'ן, ווייל ער לעבט נאך? דאן איז אונזער גאנצער פלאן פערניכטעט. דאן זיינען מיר ניט מעהר די פערוואנדטע פון גראף מעראס. — אך! דאס הערץ האט מיר געזאגט, אז זא לאנג איך זעה ניט מאקס'ן פערהייראטהעט מיט עלוויראן, קען איך מיך ניט בערו־היגען. — וואס טהוט מען? וויא אזוי ווערט מען געוואהר, וואס עס הערט זיך אין שלאס טאקקי?

זיא איז אויפגעשפרונגען פון איהר שטוהל, איז צוגעקומען צום פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין די פינסטערע נאכט.

אין דרויסען איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. די נאכט איז געווען א שטילע, א ווארעמע, וויא זיא איז געוועהנליך אין מאנאט אויגוסט אין יענער געגענד. דער הימעל איז געווען קלאר און ריין. דער מאנד האט ניט געשיינט, דערפאר האבען טוי־זענדער שטערן געגלענצט און געפינקעלט אויפ'ן בלויען הימעל.

זיא האט געעפענט דאס פענסטער און האט איינגעאטהעמט די פרישע גע־זונדע נאכטלופט.

— ער קומט ניט! עס איז שוין שפעט! עס וועט שוין באלד אנהויבען צו טאגען און ער איז נאך ניטא.

שטונדע נאך שטונדע זיינען פערגאנגען און ער איז אלץ ניט געקומען. די גרעפין איז געווען פערצווייפעלט. ענדליך געגען פיער אוהר אין דער פריה האט זיך געוויעזען א געשטאלט צווישען די בוימער.

— ענדליך! אזוי שפעט! האט די גרעפין געשריען פון דערווייטענס.

דאס איז ווירקליך געווען נאני. ער איז געווען מיעד און איז באלד אניעדערגע־פאלען אויף א שטוהל.

— וואס הערט זיך? האט זיא געפרעגט. האסט דוא עפּעס גוטע נאכריכטען?
— פרעג מיך ניט.
דיעזע אנטווארט האט נאך מעהר בעאונרוהיגט דיא גרעפין.
— רעד! דערציהל, וואס האט פּאסירט! האט דיא גרעפין געבעטען.
— איך האב ניט וואס צו דערצעהלען.
— דאס קען ניט זיין! עפּעס איז דאך פארגעקומען.
— עס איז גאר ניט פארגעקומען.
— דאס קען ניט זיין!
— ליידער, איז עס אזוי. איך האב מיך בעהאלטען אונטער א בוים אויפ'ן וועג, וועלכער פיהרט צום טויער פון שלאס טאקקי. איך בין געשטאנען ביז אהער, וויא א סאלדאט אויף דער וואך. ליידער האב איך גאר נישט געזעהן און גאר נישט געהערט. איך וויים ניט, וואס עס איז געווארען פון דעם באראן פאן באטהיאני. ער איז ניט געקומען. — איך בין זעהר מיעד און מוז געהן מיך לעגען שלאפען. לאמיר דערפון מעהר ניט רעדען.

דיא גרעפין איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט און האט ניט געוואוסט וואס צו רעדען פון איהם. נאני איז באלד אוועקגעגאנגען אין זיינע צימער און האט מיט איהר מעהר ניט גערעדט א ווארט.

20טער קאפּיטעל.

## דער 15טער אויגוסט.

דיא נאכט איז פערשוואונדען און א שעהנער, העללער טאג איז געקומען און האט בעלייכטעט דיא וועלט.

אין שלאס טאקקי איז מען אויפגעשטאנען גאנץ פריה. היינט דארף זיין עלוויראס האכצייט. אלע דיענער האבען גענוג ארבייט. קוים איז געווארען ליכטיג אין דרויסען, האט זיך שוין אנגעהויבען צו קאכען אין שלאס. אלע דיענער זיינען אויפגעשטאנען און האבען אנגעהויבען צו ארבייטען און צו מאכען פארבערייטונגען פאר דעם גרויסען פּי ערטאג.

אויך דיא גרעפין פאן טאקקי איז היינט אויפגעשטאנען גאנץ פריה. זיא האט אויך געהאט היינט גענוג ארבייט. אום אכט אוהר אין דער פריה איז זיא שוין געוועזען אנגעטאהן און האט שוין אויסגעטהיילט איהרע בעפעהלע צו איהרע דיענער.

אום ניין אוהר איז איהר עפּעס ניט געפעלען, וואס עלווירא איז נאך ניט ארויסגעקומען פון איהר צימער. זיא האט געוואלט געהן זיא וועקען, האט זיך אבער באלד איבערלעגט.

— מעגליך, אז זיא איז זעהר שפּעט אנטשלאפען געווארען און זיא שלאפט נאך. צו וואס זאל איך זיא וועקען? לאז זיא זיך אויסשלאפען.

עס איז ווידער פערגאנגען א שטונדע. דיא אוהר האט געשלאגען צעהן. עלווירא איז נאך אלץ ניט ארויסגעקומען. דיא גרעפין איז געווארען אונרוהיג.

— וואס איז מיט איהר? האט זיא אויסגערופען, וואס זאל דאס הייסען? וואס האט זיא זיך היינט אזוי פערשלאפען?

זיא איז צוגעגאנגען צו דער טהיר פון עלווירא'ס צימער, האט צוגעלעגט דעם אויער צו דער טהיר — אלעס איז שטיל.

דיא גרעפין איז געווארען זעהר אונרוהיג.

— איך מוז זיא וועקען, האט זיא געזאגט צו זיך אליין.

זיא האט אנגעקלאפט אן דער טהיר. קיינער האט ניט געענטפערט. זיא האט פראבירט עפענען דיא טהיר. זיא האט זיך באלד געעפענט.

דיא גרעפין איז אריינגעגאנגען אין צימער און האט זיך אומגעקוקט. אלעס איז געווען אין ארדנונג. עלווירא'ס בעט איז געווען פערהאנגען, וויא געוועהנליך.

— עלווירא! האט דיא גרעפין גערופען שטילערהייט.

קיינער האט ניט געענטפערט.

— עלווירא! האט זיא גערופען העכער.

אלעס איז שטיל.

— עלווירא! האט זיא געשריען אין דער הויך.

קיינע אנטווארט.

זיא איז צוגעלאפען צום בעט און האט פערשארדט דיא פארהעגגלעך. — דאס בעט איז לעדיג.

דיא גרעפין איז געווארען בלייך וויא קאלך.

— וואס איז דאס? וואו איז זיא? — פיעלייכט איז זיא אין איהר טואלעט צימער!

זיא איז געלאפען צום טואלעט צימער. — עלווירא איז דארט ניטא! זיא איז אריינגעלאפען אין א צווייטען צימער, אין א דריטען — עלווירא איז ניטא! — דיא גרעפין איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט. זיא האט ניט געוואוסט, ניט וואס צו טאהן, ניט וואס צו דענקען.

עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, ביז זיא איז געקומען צו זיך און איז געווען אים שטאנד ארויסצוזאגען א ווארט.

זיא האט צונויפגערופען איהרע דיענער און האט אנגעהויבען ביי זיי אויסצר פארשען, אויב זיי וויסען ניט, וואו עלווירא איז. קיינער האט זיא ניט געזעהן און קיינער ווייס ניט וואו זיא איז.

זיא האט געהייסען זוכען אין שלאס. מען האט געזוכט, מען האט געאקערט, מען האט איבערגעטאפט יעדעס ווינקעלע. עלווירא איז ניטא.

דיא גרעפין איז געווען אויסער זיך. זיא האט געוויינט, געשריען, געבראכען דיא הענד און איז געווען העכסט פערצווייפעלט. זיא האט ניט געקענט אויפפאסען דעם געדאנק, אז עלווירא איז ערגעץ אנטלאפען. זיא האט דאך אליין געזעהן, אז עלווירא איז אין דער לעצטער צייט געווען פריינדליך געגען איהר. זיא האט גערעדט, געלאכט און געשפאסט. זיא איז געווען גאנץ פרעהליך און האט איינגעווילינט צו הייראטהען מאקס פאן ראדעצקי.

די טרויעריגע נאכריכט, אז עלווירא איז פערשוואונדען געווארען, האט זיך באלד פערברייטערט אין גאנצען שלאָס. עס האבען זיך געפונען איינינע, וועלכע האבען עס דערצעהלט גראף מעראס און גראף געארג. ביידע זיינען באלד געקומען צו לויפען צו דער גרעפין.

— מוטער, וואס האב איך געהערט? וואס איז געשעהן? האט געאָרג אויסגערופען.

— איך ווייס ניט, וואס איך זאָל דיר זאגען, מיין קינד, האט דיא גרעפין געענטפערט און טרערין האבען זיך איהר געגאסען פון דיא אויגען. — עלווירא איז פערשוואונדען. איך ווייס ניט וואס צו טאהן, ניט וואס צו דענקען.

— וואס הייסט עס? וויא קען עס זיין? האט געארג אויסגערופען. איך מוז זיא זוכען, איך וועל זיא געפינען!

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעלאפען פון צימער וויא א וואהנזיניגער גראף מעראס אלס עלטערער און רוהיגערער מענש האט זיך איבערלעגט.

— ווען עלווירא איז ערגעץ אנטלאפען, האט זיא געוויס איבערגעלאזען א בריעף אדער א צעטעלע. געה און זוך אין איהר צימער.

דיא גרעפין איז געגאנגען אין עלווירא׳ס צימער און איז צוגעגאנגען צו עלווירא׳ס שרייב טיש. דארט איז געלעגען א בריעף. זיא האט איהם האסטיג א חאפ געטאהן און האט איהם געעפענט. דער בריעף איז ווירקליך אדרעסירט צו איהר. אין בריעף זיינען געשטאנען פאלגענדע ווערטער:

„געליעבטע מוטער!

איך בין ענטשלאסען. אנדערש האב איך ניט געקענט. זיי ניט בייז אויף מיר. פערצייה מיר! איך קען ניט הייראטהען דעם גראף פאן ראדעצקי. — זיי געזונד און גליקליך! דוא וועסט מיך שוין קיין מאל ניט זעהן. — פערצייהע מיר, מוטער!

דיין טאכטער עלווירא“.

דער בריעף איז ארויסגעפאלען פון דער גרעפינס הענד. יעצט ווייס זיא שוין, אז זיא זוכט עלוויראן אומזיסט.

— עלווירא! מיין טאָכטער! האט א געשריי געטאהן דיא גרעפין און איז געפאלען אין אהנמאכט.

גראף מעראס און דיא דיענער זיינען באלד אריינגעלאפען אין עלווירא׳ס צימער און האבען אנגעהויבען צו מינטערן דיא גרעפין. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, ביז זיא איז געקומען צו זיך.

— וואס איז מיט דיר, שוועסטער? וואס האסט דוא אזעלכעס געפונען, פאר וואס דוא ביסט געפאלען אין אהנמאכט?

— אך, ברודער! האט דיא גרעפין אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו וויינען, וויא א קליין קינד. אך, ברודער! איך וועל זיא שוין מעהר ניט זעהן. — וועה מיר! וואס פאר א שאנדע פאר דער וועלט! — זיא איז פערלארען. — וואס וועט מען זאגען?

— איך פערשטעה דיך אלץ ניט, שוועסטער. זאג מיר, וואס איז געשעהן?

— לעז דעם בריעף, וועסט דוא אלעס וויסען, האט זיא געזאגט און האט איהם געוויעזען אויף א בריעף, וועלכער איז געלעגען אויף דער ערד.

גראף מעראס האט איהם אויפגעהויבען און האט איהם דורכגעלעזען. ער איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. ער האט זיך איבערלעגט און האט געוואלט פערשטעהן, וואס דער בריעף מיינט.

— איך האב עס געוואוסט, האט ער געזאגט, איך קען גוט עלווירא'ס כאראקטער. זיא טאר מען ניט צווינגען. ווען זיא האט זיך איין מאל ענטשלאסען, אז זיא וויל ניט הייראטהען דעם גראף ראדעצקי און זיא האט עס אויסגעפירט. איך וויס נור ניט, וואס זיא האט געטאהן, איך האב מורא, אז זיא האט זיך....

— גאט אין הימעל! האט געוויינט דיא גרעפין, קלער מיך אויף, לאמיך וויסען, וואס פון איהר איז געווארען! לעבט זיא נאך אדער איז זיא טויט. — אך, גאט! וואס וועט מאקס זאגען, ווען ער וועט עס דערהערען? וואס וועלען זאגען אונזערע נאכבארען? וואס וועט זאגען דיא גרעפין פאן ראדעצקי? דער באראן נאגי? איך וועל מיך דאך שעהמען זיך ארויסצוווייזען פון מיין שלאס. איך וועל מיך שעהמען צו ווייזען מיין געזיכט אין דער גאס. אך! וואס פאר א שאנדע! עס וועלען קומען דיא געסט, וועלכע איך האב איינגעלאדען אויף דער האכצייט און וועלען געפינען — וואס? וואס וועל איך זיי ענטפערען?

גראף מעראס האט אנגעהויבען צו טרייסטען זיין שוועסטער, וויא וויט ער האט געקענט. אין דיעזע מינוט איז געארג אריינגעקומען אין זאל.

— געארג! מיין זוהן! האט דיא גרעפין געשריען, פאהר שוין אין שלאס ראדעצק און מעלדע אלעס, וואס דא איז פארגעקומען.... איך וויל ניט אז זיי זאלען קומען אהער און זאלען געפינען, אז דיא בראוט איז ניטא. זאג דעם באראן נאגי, אז איך בעט איהם, ער זאל אליין קומען אהער. ער מוז אלעס וויסען.

— איך דענק אז מען דארף היינט ניט מאכען קיין ליארם, האט גראף מעראס געזאגט. עס וואלט גלייכער געווען, מיר זאלען זאגען, אז עלווירא איז פלוצלונג קראנק געווארען און מען האט אפגעלעגט דיא האכצייט אויף אן אונבעשטימטע צייט.

— וואס וועט דען ווערן דערפון? האט דיא גרעפין אויסגערופען, פריהער אדער שפעטער וועלען זיי עס דאך געוואהר ווערן.

— מיר וויסען דאך נאך אליין ניט, וואס מיט עלוויראן איז געשעהן, האט גראף מעראס בעמערקט. פון'ם בריעף קען מען גאר ניט וויסען. ער איז אזוי געשריעבען, אז עס איז אונמעגליך צו וויסען, אויב זיא איז אנטלאפען געווארען, אדער זיא האט זיך גענומען דאס לעבען.

— אלענפאלס מוז געארג פאהרען און עס מעלדען אין שלאס ראדעצק, האט דיא גרעפין געזאגט.

געארג איז ווירקליך באלד אוועקגעפאהרען קיין ראדעצק. דיא גרעפין און גראף מעראס זיינען זיך צוגאנגען יעדער אין זיין צימער.

דיא גרעפין האט געוויינט און האט זיך געמאכט פארווירפע, פאר וואס זיא האט

געצוואונגען עלווירא'ן צו הייראטהען א מענשען, וועלכען זיא האט ניט געוואלט. זיא האט איבערגעלעזען עלווירא'ס בריעף צום צעהנטען מאל און האט אלץ ניט געקענט פערשטעהן, וואס עלווירא האט געמיינט מיט דיעזען בריעף.

אונטערדעסען איז מען אין שלאס ראדעצק געווען לוסטיג און פרעהליך. מען האט זיך געראשט, געקאָכט און זיך פארבערייטעט צו דער האכצייט. דיא גרעפין, איהר זוהן און באראן נאגי זיינען געווען אנגעטאהן אין זייערע שעהנסטע און רייכסטע קליידער. זיי האבען געווארט מיט אונגעדולד, אז דיא אוהר זאל אויסשלאגען צוועלף, וועלען זיי פאהרען אין זייערע טהייערע קארעטעס אין שלאס טאקקי. אזוי האט מען אפגערעדט. דיא פאמיליע ראדעצקי זאל קומען אין שלאס טאָקקי, פון דארט וועלען אלע פאהרען צו דער קירכע אין דארף טשעמני.

נאגי איז געווען בעזאנדערס פרעהליך און האט געלאכט און געשפאסט.

— נו, איז שוין אלעס רעכט! האט ער אויסגערופען, אין א שטונדע ארום זיינען מיר פערוואנדעט מיט'ן גראף מעראס. דאן האבען מיר שוין קיין מורא ניט פאר אלע גייסטער פון דער וועלט.

— עלווירא איז מיינע! האט מאקס אויסגערופען, איך ליעב זיא פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב זיא דערזעהן. קיינער וועט עס ניט וואגען זיא צו צו נעהמען ביי מיר.

— אזוי, מיין זוהן, אזוי האב איך דיך ליעב, האט זיך דיא גרעפין אריינגעמישט. זיי שטאָלץ, מיין זוהן! האב פאר קיינעם קיין מורא ניט און דוא וועסט זיין גליקליך.

אין דיעזע מינוט איז נאגי געראדע צוגעקומען צום פענסטער און האט דערזעהן א רייטער לויפען אין גאלאָפּ. ער האט איהם דערקענט. דאס איז געווען א דיענער פון שלאס טאָקקי.

— זיי לויפען, וויא דיא וואהנזיניגע! האט ער אויסגערופען, דיא גרעפין טאָקקי וויל וויזען, ווער זיא איז. מיר וועלען אויך וויזען, ווער מיר זיינען. וויא עס וויזט אויס, האט דיא גרעפין פאן ראקקי עפעס פערגעסען און זיא האט געשיקט א רייטער קיין ראזענוי.

מאקס האט זיך בעטראכט אין שפיגעל און האט צו רעכט געמאכט זיין טואלעט. וויא עס האט אויסגעוויעזען, איז ער מיט זיך אליין צופריעדען געווען.

— זיי רוהיג, מיין שעהנער זוהן, האט דיא גרעפין געזאגט שטאָלץ, דוא וועסט שוין געפעלען דיין בראוט. דוא ביסט שעהן און שטאָלץ און שטעהסט ניט ניעדריגער פון דיין בראוט.

— איך דענק, אז עס איז שוין צייט צו הייסען דיא קוטשער איינשפאנען דיא פערד, האט מאקס געזאגט. איידער זיי וועלען איינשפאנען, איידער זיי וועלען אויספוצען דיא פערד און אלעס פארבערייטען, וועט שוין ווערן צוועלף אוהר.

מען האט אריינגערופען א דיענער און מען האט איהם געהייסען איינשפאנען דיא קארעטעס. אין א קורצע צייט זיינען דיא קארעטעס געשטאנען אין הויף איינגעשפאנט און פערטיג ארויסצופאהרען.

פלוצלונג איז אנגעלאפען א רייטער און איז אריינגעלאפען גלייך אין הויף.

— געארג פאן מאקקי! האט נאני אויסגערופען און איז איהם ענטגעגען געלאָפען

דער גרעפין פאן ראדעצקי האט עס א זעץ געטאהן אין הארצען. זיא האט אליין ניט געוואוסט, פאר וואס זיא האט זיך אזוי דערשראקען, ווען זיא האט דערהערט אז געארג פאן מאקקי איז אנגעקומען.

באלד איז נאני אריינגעקומען מיט'ן ליעבען גאסט. פון דעם ערשטען אנבליק האט מען געקענט דערקענען, אז ער האט ניט געבראכט קיין פרעהליכע נאכריכט. ער איז געווען בלייך און ניעדערגעשלאגען און האט קוים געקענט ארויסרעדען א ווארט.

מאקס איז איהם ענטגעגען געלאפען, האט איהם אויסגעשטרעקט די האנד און האט אויסגערופען:

— וואס הערט זיך עפּעס, ליעבער געארג? וואס ווילט איהר אונז עפּעס זאגען? איך זעה, אז איהר זייט געקומען פונקט אין דער צייט, ווען מיר ווילען געראדע פאהרען צו אייך. זאָגט, פריינד! האט איהר עפּעס גוטע נאכריכטען פאר אונז?

געאָרג האט ניט באלד געענטפערט. אלע האבען געקוקט אויף איהם און האבען ערווארטעט פון איהם א ווארט.

— איך האב לײדער קיינע גוטע נאכריכט, האט ער געזאגט, איך וויים אליין ניט, וויא אזוי איך זאל זיא אייך איבערגעבען און וואס איך זאל אייך זאגען.

— זאגט אונז, ליעבער פריינד, וואס איז נייעס? וואס איז געשעהן? האבען אלע אויסגערופען מיט איין קול.

— שרעקט אייך ניט, האט געארג געבעטען, די נאכריכט איז געוויס זעהר אונאנגענעהם, אבער....

ער האט ניט געוואוסט, וויא ער זאל ענדיגען, וואס ער האט אנגעהויבען צו זאגען.

— זאגט מיר, איך בעט אייך, בעטרעפט דיעזע נאכריכט מיין בראוט עלווירא? האט מאקס געפרעגט.

— לײדער, איז עס אזוי.

— איז זיא קראנק? האט די גרעפין געפרעגט.

— ערגער אלס קראנק, האט געארג געענטפערט.

— רעדט! דערצעהלט! האט נאני אויסגערופען.

— עלווירא איז דיעזע נאכט פערשוואונדען געווארען.

ווען דער בליץ זאל געווען טרעפען צווישען די דרייא, וואלטען זיי זיך ניט אזוי דערשראָקען, וויא יעצט, ווען זיי האבען דערהערט די שרעקליכע נאכריכט, אז עלווירא איז נאר פערשוואונדען געווארען. דאס האבען זיי ניט ערווארטעט! אויף אזא נאכריכט האבען זיי זיך ניט געריכט.

איינינע מינוט איז אין זאל געווען אזוי שטיל, אז מען האט געקענט הערן, וויא א פליעגע פליהט.

— ניויסער גאט אין הימעל! האט ענדליך אויסגערופען די גרעפין, וואס זאל דאס הייסען?

מיט דיזע ווערטער איז זיא אומגעפאלען אויף א שטוהל, לעבען וועלכען דיא איז געשטאנען און האט פערדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד.

— וואס הייסט דאס? וויא איז עס מעגליך? האט מאקס אויסגערופען. פאר וואס קומט עס מיר? האב איך זיא דען ניט געליעבט? איז זיא דען ניט געווען ביי מיר טהייער, וויא מיינע אויגען אין קאפ? וויא אזוי איז זיא עס אזוי פערשוואונדען?

— שפאסט איהר אפט ניט מיט אונז, גראף פאן טאקקי? האט נאני געפרעגט. דאס איז ניט שעהן פון אייך! איהר זעהט דאך אליין, וויא דיא גרעפין האט זיך דער־שראקען און וויא טרויעריג מאקס איז געווארען.

— איך וואלט געווען גליקליך, איך זאל אייך קענען זאגען, אז איך האב גע־שפאסט. ליידער, איז עס דיא וואהרהייט. עלווירא איז פערשוואונדען. וויא אזוי און פאר וואס, ווייס איך ניט און קען עס מיר ניט ערקלערען.

מאקס איז געווארען שווארץ, וויא דיא ערד. ער האט ניט געוואוסט, אויף וואס פאר א וועלט ער איז. דיא גרעפין האט זיך געפיהלט אזוי שלעכט, אז זיא האט גע־מוזט געהן אין איהר צימער.

נאני האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט זיך פערטראכט. דיא געשיכטע איז איהם פארגעקומען זאנדערבאר. דער שטאלצער און שטארקער נאני האט פערי־לארען דעם מוטה.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע שווערע, אונאנגענעהמע מינוטען. ענדליך איז מאקס געקומען אביסעל צו זיך.

— ווייסט איהר גאר ניט, וואוהין זיא האט געקענט פערשווינדען? האט ער פלוצלונג געפרעגט געארגין. קענט איהר זיך גאר ניט פארשטעלען אז זיא האט גע־דארפט ערגעץ געהן? איז קיינער ביי אייך ניט געווען? האט איהר גאר ניט בעמערקט אין איהרע רעד, אין איהר בענעהמען אין דער לעצטער צייט?

— איז זיא ניט אנטלאפען מיט וועמען? האט נאני געפרעגט.

— איך גלויב עס ניט, האט געארג געענטפערט, קיינער איז ביי אונז ניט גע־ווען. עלווירא האט אין דער לעצטער צייט מיט קיינעם ניט גערעדט. דאס שלאס איז א גאנצע נאכט געבליעבען פערשלאסען און פערמאכט. אין איהר צימער אין אלעם אין ארדנונג און זיא איז דאך ניטא.

— געפינט זיך ניט ביי אייך אין שלאס א מינע, א קעללער אדער א געהיימער גאנג, דורך וועלכען מען קען ארויסגעהן אין פעלד אדער אין וואלד? האט נאני געפרעגט.

— עס געפינט זיך אזא גאנג, אבער קיינער ווייס פון איהם ניט אויסער אונזער פאמיליע.

— נון, דאן איז זיא אנטלאפען מיט איינעם! האט נאני אויסגערופען. דאן מוז מען זיא זוכען!

— יא, מען האט זיא ארויסגעגנבעט! האט מאקס אונטערשטיצט. מען האט ביי מיר אוועקגערויבט מיין בראוט. — קום, געארג, לאמיר זיא זוכען. ווען וועט זיין דעם רויבער, ביי וועלכען מיר וועלען זיא געפינען!

— עס איז אזוי, גראף פאן טאָקקי! עס איז אזוי, מען האט ארויסגעגנבעט עלו־יאָן. מיר מוזען יעצט אלעס טאהן אום זיא צו זוכען. וואס שנעלער מיר וועלען אנהייבען זיא צו זוכען, אלץ לייכטער וועלען מיר זיא געפינען. איך בין יעצט פעסט איבערצייגט, אז מען האט זיא אוועקגעפיהרט מיט געוואלד. מיר דאכט זיך, אז איך וויים זאָגאר, ווער עס האט עס געטאהן.

— וואס רעדט איהר, הערר באראָן? ווען איהר ווייסט עפּעס, זאגט עס מיר!

— איך קען עס אייך נאך דערווייל ניט זאגען, האט דער באראָן געענטפערט. דיא געשיכטע מוז נאך דערווייל בלייבען א געהיימניס.

— איך וויל ניט וויסען אייערע געהיימניסע, האט געאָרג בעמערקט, איך וויל אייך נור זאגען, אז מיין מוטער האט אייך זעהר געבעטען, איהר זאלט קומען צו איהר. זיא וויל זיך מיט אייך בעראטהען. זיא האט אויך זעהר געבעטען, אז מען זאָל ניט וויסען, וואס עס איז ביי אונז פארגעקומען. פאר דער וועלט דארף מען זאגען, אז עלווירא איז קראנק.

— דיא גרעפין פאן טאָקקי האט פאלקאָמען רעכט, האט נאגי בעמערקט, דיא וועלט דארף ניט וויסען, וואס עס איז פאָרגעקומען ביי אונז.

— איך שווער ביי גאָט! איך שווער ביי אלע הייליגע! האט מאקס אויסגע־רופען, אז איך וועל ניט רוהען און ניט ראסטען, ביז איך וועל אויסגעפינען, ווער עס האט אוועקגערויבט מיין ליעבע בראוט! איך וועל איהם צורייסען אויף שטיקער. איך וועל מיך ניט בערוהיגען, ביז איך וועל זעהן, אז זיין בלוט פליעסט, וויא וואסער.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, מאקס, האט געאָרג בעמערקט, אייער שוואור איז אבער אביסעל צו פריה. מען קען דאך ניט וויסען, אויב עס האט זיא ווירקליך איינער אוועקגערויבט, עס איז דאך מעגליך, אז מיין שוועסטער האט זיך אליין גענומען דאס לעבען.

— איך גלויב עס ניט, גראף פאן טאָקקי! האט נאגי אויסגערופען, איך בין איבערציינט, אז איינער האט זיא אוועקגעפיהרט, אוועקגערויבט פון שלאָס טאָקקי. איך ראטה אייך, אז מיר זאלען באלד לויפען קיין ראָזענוי און זאלען ארויסשיקען זשאנדארמען צו דער גרענעץ.

— זשאנדארמען? פאליציי? האט געארג געפרעגט. — ניין, הערר באראָן! איך זאל צוריקברענגען מיין שוועסטער מיט זשאנדארמען? — דאס טהוט א גראף טאָקקי ניט! — איך אליין מוז זיא אויפזוכען, איך מוז מיט איהר רעדען; איך מוז איהר ערקלערן, אז זיא האט שלעכט געטאהן, וואס זיא איז אנטלאָפען פון אונז. אבער זיא צוריקברענגען מיט זשאנדארמען, וויא א גנב, וויא א פערברעכערין, דאס פאסט נאך ניט פאר א גרעפין פאן טאָקקי.

— איך געה מיט אייך, געאָרג! האט מאקס אויסגערופען. מיר וועלען זיאביידע אזוי לאנג זוכען, ביז מיר וועלען זיא געפינען.

— איהר האט רעכט, גראף פאן ראדעצקי! האט געאָרג געענטפערט, צו ערשט אבער מוזען מיר וויסען, אויב עלווירא איז ווירקליך מיט וועמען אנטלאָפען. קוים

וועלען מיר וויסען פאר געוויס, אז זיא לעבט, וועלען מיר ביידע זיא אזוי לאנג זוכען, ביז מיר וועלען זיא געפינען.

געאָרג האט מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן אין שלאָס ראדעצס און איז אויך באלד אוועקגעגאנגען. קוים איז נאני געבליעבען אליין מיט מאקס'ן האט ער אויסגערופען אין דער הויך:

— וואס געהט עס מיך אָן, וואס געאָרג זאגט? איך וועל טאהן, וואס איך פערשטעה. איך וועל בעטען דיא פאליציי אין ראָזענוי, זיא זאל שיקען זשאנדארמען צו דער גרענעץ און מען זאל זיא אויפהאלטען. איך מוז פריהער געהן צו דער גרעפין טאָקקי. זיא האט מיך געשיקט רופען און דארף מיך געוויס זעהר נעטהיג.

מאקס איז געווען דערשלאָגען. ער האט ניט געהאט וואס צו טאהן און איז אוועקגעגאנגען צוריק אין צימער.

— דאס איז דער טאג פון מיין האכצייט! האט ער אויסגערופען, דאס איז געוואָרען פון אלע מיינע האָפנונגען און פון אלע מיינע ערווארטונגען! זיא איז אנטלאפען מיט ארטהורן. איך וויים עס. זיי מעגען זיך פערשטעלען און פערגלעטען. עס איז ניט וואהר, וואס זיי דערצעהלען פון גייסטער און פון אנדערע וואונדער. ארטהור איז געקומען און איז מיט איהר אנטלאָפען.

נאני האט געוואלט ארויסגעהן אין דרויסען זיך אויפזעצען אויף א פערד און פאהרען צום שלאָס טאָקקי, ווען דיא גרעפין איז אריינגעקומען אין זאל. זיא איז געווען בלייך און ניעדערגעשלאָגען. איהר געזיכט האט ניט געפּאסט צו דיא שעהנע קליידער און רייכע דיאמאנטען, וועלכע זיא האט געטראָגען.

— נו, מיין קלוגער, מיין שטארקער, מיין אלמעכטיגער באראן! האט זיא געזאָגט מיט א ביטערן שפּאט, נו, וואו איז יעצט דיין מאכט? דוא פלעגסט דאך זאגען, אז אלע דיינע פיינד בייגען זיך פאר דיר, דוא קעהרסט אוועק אלעמען פון דיין וועג. — נו, האסט דוא א י ה ם אויך אוועקגעקעהרט? אך! וויא טהוט עס מיר לייד! וויא בעדויער איך עס!

— וואס טהוט דיר לייד? וואס בעדויערסט דוא אזוי?

— וואס איך בין געווארען דיין פרוי.

— אזוי? דוא בעדויערסט עס? נו, איך בעדויער עס אויך. איך וויל אבער ניט שפּאסען מיט דיר, דוא נאררישע, שוואכע פרוי, וועלכע דערשרעקט זיך באלד, ווען דאס בלעטעלע גיט זיך נור א קעהר איבער. מיינסט דוא ווירקליך, אז מיר ליעגט זעהר שטארק דאריין, צו האבען דיא עהרע און הייסען דיין מאן? דאן האסט דוא א גרויסען טעות. אהן דיעזער עהרע וואלט איך מיך געקענט בעגעהן. איך האב געהאט אנדערע, העכערע און בעסערע צוועקע, וועלכע איך האב געוואלט דערגרייכען דורך דיעזע האכצייט. דיעזע צוועקע וועל איך נאך דערגרייכען.

— וויא אזוי? וואס קענסט דוא יעצט טאהן?

— דאס איז מיין זאך. איך וועל דיר מעהר ניט זאגען, וואס איך וויל טאהן און וויא אזוי איך וויל עס טאהן. א מאן דארף שוויינען. דאס איז זיין שטאָלץ. א פרוי פלוידערט און טהוט גאר נישט. א מאן דארף טאהן און ניט פלוידערן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון טהיר. דיא גרעפין איז געבליבען אליין. עס האט איהר פערקלעמט ביים הארצען, זיא האט געחאפט דיא דיאמאנטען און בריליאנטען, וועלכע זיא האט געטראגען און האט זיי אפגעריסען פון זיך.

— אוועק פון מיר, איהר נאררישע, גלענצענדע שטיינער! האט זיא ארויסגערו־פען, צו וואס טויגט איהר מיר יעצט, ווען איך זעה פאר מיר א טיעפען אפגרונד, וועלכער ווערט אימער טיעפער, אימער ברייטער און אימער שרעקליכער. דאס ענדע וועט זיין זעהר טרויעריג. איך פיהל, אז עס קומט אן א פינסטערער וואלקען, וועלכער וועט אונז אלע ארומהיללען. אומזיסט דיינע קונסטשטיקע, נאני! דוא וועסט אראפ אין אפגרונד און וועסט אונז מיטשלעפען.

קוים האט זיך נאני געוואלט אויפזעצען אויף זיין פערד, איז אנגעלאָפען דער פאסטאליאָן און האט איהם דערלאנגט א בריעף. נאני האט א קוק געטאהן אויפ'ן פאסט־סטעמפעל, ער איז פון בודאפעסט. ער האט איהם האסטיג אויפגעריעסען און האט אנגעהויבען צו לעזען:

„האכגעעהרטער הערר באראן!

איך דאנק אייך פאר דיא נאכריכטען, וואס איהר האט מיר מיטגעטהיילט. איך האב געטאהן, אזוי וויא איהר האט מיר געראטהען און האב אלעס אויסגע־פונען. באראן ארטהור פאן באטהיאני לעבט, מען האט איהם ניט אויפגעהאנגען. דיא טאכטער פון'ם הענקער האט איהם געהאלפען אנטלויפען פון געפענגניס. איך בין איבערצייגט, אז ער האלט זיך אויף ערגעץ אין אייער געגענד. דיא טאכטער פון'ם הענקער איז בעשולדיגט נאך אין א צווייטען פערברעכען. זיא איז ארעסטירט. אויף דער ערשטער אונטערזוכונג האט זיא אלעס אויסגעזאגט. איך האב געטאהן אלעס מעגליכע, אז דיא פאליציי זאל שיקען זשאנדארמען איהם זוכען. איך האף, אז דיא פאליציי פון אייער געגענד, וועט אויך ניט שווייגען און וועט גוט דורכזוכען אלע ערטער, וואו אזא קערל קען זיך בעהאלטען. מיר וועלען אין א קורצע צייט איהם האבען אין אונזערע הענד.

אייער בעסטער פריינד, הוגא נאָוואק.“

נאני איז געווארען פרעהליכער.

— איך האב עס געוואוסט! האט ער אויסגערופען, יעצט איז עס מיר קלאָר, וויא דער טאג, וויא אזוי עלווירא איז פערשוואונדען געווארען. אבער ניט נור דיא פאָ־ליציי אליין וועט איהם פערפאלגען, איך וועל עס טאהן. איך וועל איהם אויסקראצען פון אונטער דער ערד און וועל איהם איבערגעבען אין דיא הענד פון דער פאליציי. — יעצט שנעל צו דער גרעפין פאן טאָקקי! זיא מוז אלעס וויסען.

ער האט זיך געזעצט אויף זיין פערד און איז געלאפען צום שלאס טאָקקי. אויפ'ן וועג האט ער בעגעגענט פיעלע עקיפאזשען, וועלכע זיינען צוריק געפאהרען פון שלאס טאקקי. דאס זיינען געוועזן געסט, וועלכע דיא גרעפין האט איינגעלאדען אויף דער האכצייט. יעצט זיינען זיי געפאהרען צוריק.

ער האט זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט. עס איז איהם געוועזן אונאנגענעהם

זיך צו בעגעגענען מיט דיא געסט. ער איז געלאפען גלייך אין שלאס. ווען ער איז אריינגעקומען אין קארידאָר, האט איהם א דיענער באלד געפיהרט צו דער גרעפין. דיא גרעפין פאן טאקקי איז געוועזן אזוי טרויעריג און אזוי צובראכען, אז זיא האט זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס. זיא האט זיך ניט אויפגעהויבען פאר איהם; זיא איז קוים געוועזן אים שטאנד ארויסצורעדען א וואָרט.

— הערר בעראָן, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, וואס איך קען אייך יעצט ניט אויפנעהמען אזוי העפליך, וויא עס קומט אייך, איהר פערשטעהט דאך אליין, און וואס פאר א לאגע איך געפין מיך יעצט. איך בין אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. איך שעהם מיך ארויסצו-ווייזען פאר דער טהיר. איך זאג דערוויל יעדען, אז עלווירא איז קראנק, דיא וועלט וועט אבער פריהער אדער שפעטער געוואהר ווערן פון דער גאנצער געשיכטע. וואס וועט דיא וועלט דאן זאגען?

— דאס איז אייגענטליך נאך א קלייניגקייט, האט נאני געענטפערט. לאז דיא וועלט זאגען, וואס זיא וויל. דאס דארף אונז ווייניג קימערן. דיא הויפט פראגע איז יעצט, וויא אזוי בעקומט מען עלווירא'ן צוריק? דאריבער דארפען מיר רעדען און נור דערפון דארפען מיר טראכטען.

— אך! איך וואלט געוועזן גליקליך, ווען איך זאל נור וויסען, אז זיא לעבט נאך. איך האב מורא, אז זיא האט זיך גענומען דאס לעבען.

— זייט רוהיג, גרעפין! עלווירא לעבט. איך האב גענוג אורזאכען צו דענקען, אז עלווירא לעבט. זיא איז אנטלאפען מיט איינעם.

— קענט איהר עס מיר זאגען פאר זיכער?

— איך בין פעסט איבערצייגט, אז עס איז אזוי.

— וויא אזוי קענט איהר עס זיין אזוי איבערצייגט? וואס פאר בעווייזע האט איהר דען?

— עס איז גאנץ איינפאך, גרעפין. ארטהור פאן באטהיאני איז אנטלאפען פון געפענגניס פון בודאפעסט. ער האט פערבראכט אין דיעזער געגענד איינינע צייט. ער פלעגט אפט קומען צו אייער שלאס ביי נאכט. איהר אליין האט מיר דערצעהלט, א איהר האט געהערט זיין שטימע. איהר האט דאמאלס געמיינט, אז עס איז א גייסט און דאס איז געוועזן דער לעבעדיגער בעראן פאן באטהיאני פון בלוט און פלייש. יעצט וועט אייך אליין שיין זיין קלאָר און דייטליך, אז עלווירא האט זיך ניט גענומען דאס לעבען, זאָנדערן זיא איז אנטלאפען מיט'ן בעראן פאן באטהיאני.

— איך האב אבער נאכגעפרעגט און אויסגעפארשט אלע מיינע דיענער, קיינער האט איהם ניט געזעהן און קיינער האט איהם ניט געהערט, האט דיא גרעפין געזאגט, וויא צו זיך אליין. אלע טהירען זיינען געבליעבען פערשלאָסען. אלע פענסטער זיינען געבליעבען פערמאכט. אין הויף האט מען ניט געפונען קיין שפור פון א מענשען.

נאני האט געטראכט איינינע מינוט. דאן האט ער געפרעגט:

— געפינט זיך ניט אין שלאס א געהיימער גאנג? געפינט זיך ניט א מינע, א קעלער אדער אזוי א וועג דורך וועלכען מען קען ארויסגעהן פון שלאס אונבעמערקט.

— יא, האט זיא געענטפערט שטילערהייט, עס געפינט זיך אזא געהיימער גאנג.

איך האב איהם קיין מאל ניט גערהאלטען פערשלאָסען, ווייל קיינער האט פון איהם ניט געוואוסט אויסער מיינע קינדער.

— דאן איז יא אלעס קלאר און דייטליך! האט נאני אויסגערופען. דער בּאראָן פאן באטהיאני האט געוואוסט פון דיעזען געהיימען גאנג אין עלוויראַ'ס צימער און איז מיט איהר אנטלאָפען. — איין זאך קען איך נאך ניט גוט פערשטעהן. וויא אזוי האט ער געקענט אָפרעדען מיט איהר פריהער, אז זיא זאל מיט איהם אנטלויפען, ווען דער שלאָס איז אזוי גוט בעוואכט? איך מוז זאגען, אז ער האט מיט איהר פריהער אלעס אפגערעדט און זיי האבען זיך פארבערייטעט צום אנטלויפען. איך זעה דאך, אז קיינער האט זיי ניט געזעהן און קיינער האט ניט געהערט, וויא זיי זיינען אנטלאָפען. האט ער אָפט ניט געשיקט איהר א בריעף?

דיא גרעפין האט זיך א חאפּ געטאהן ביים קאָפּ.

— ריכטיג, הערר באראָן! איהר האט רעכט! האט זיא אויסגערופען, יעצט דערמאָן איך מיך א געוויסען פאל.

— וואס איז געווען? דערצעהלט עס מיר, גרעפין! יעדע קלייניגקייט איז יעצט פאר מיר וויכטיג.

— מיט אכט טאג צוריק איז דער שטומער בעטלער געקומען אין שלאָס און איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל. איידער איך האב מיך אומגעקוקט, האט ער דער-לאנגט עלוויראַ'ן א צעטעלע. איך האב זיא געבעטען, זיא זאל מיר ווייזען דאס צעטעלע, זיא האט עס אבער אויף קיין פאל ניט געוואלט געבען. זייט זיא האט ערהאלטען דיעזעס צעטעלע, איז זיא געווארען פרעהליכער, לעבעדיגער און פרישער. זאגאר איהר קראנקהייט איז פערשוואונדען.

— אזוי? דער שטומער בעטלער האט עס איהר געבראכט? האט נאני גע-פרעגט פערוואונדערט.

— יא, הערר באראן, איך האב עס אליין געזעהן.

— אלזאָ, איז דער שטומער בעטלער געווען געשיקט פון באראָן פאן באטהיאני. ווען ער זאל קענען רעדען, וואלט מען פון איהם עפּעס געוואוסט, עפּעס געקענט ארויס-קריעגען, ער איז דאך אבער שטום. וואס מאכט מען מיט א שטומען? דער באראָן פאן באטהיאני איז א דורכגעטריעבענער שורקע. ער האט געוואוסט וועמען צו שיקען. איך וועל פראָבירען אויסזוכען דעם שטומען בעטלער, איך רעכען אבער ניט, אז איך וועל פון איהם עפּעס געוואהר ווערן, דאס איינציגע איז דיא פאליציי. זיא וועט שוין אלעס אויסגעפינען. זיא מוז זעהן איהם צו חאפּען.

— אך, גאָט! האט אויסגערופען דיא גרעפין און האט פערדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד, וואס פאר א שאנדע! וויא וועל איך עס קענען זעהן, אז זשאנדאר-מען זאלען חאפּען מיין טאָכטער, דיא גרעפין פאן טאָקקי, מיט א פערברעכער, מיט א מענשען, וועלכער איז אנטלאָפען פון א געפענגניס און זאלען זיא פיהרען איבער דיא גאסען פון ראָזענוי! — איך וועל עס ניט אויסהאלטען! איך וועל שטאַרבען!

— זייט רוהיג, גרעפין! איך וועל שוין זארגען דערפאר, אז מען זאל בעהאנד-לען אייער טאָכטער מיט אלער עהרע און מיט יעדען רעספּעקט, וועלכער קומט איהר

אלס א נעבארענע גרעפין. אלעס וועט אפגעטאהן ווערן אזוי שטיל און אזוי אנשטענ־דיג, אז מען וועט זאגאר דעם נאמען טאָקקי ניט דערמאָנען. איך אליין וועל געהן זיא זוכען, איך וועל ארויסשיקען מיינע מענש׳ן. זייט רוהיג גרעפין,! לאמיר האפען, אז אלעס וועט זיך ענדיגען צום בעסטען. עס איז נאך ניט אלעס פערלאָרען. א שלעכ־טער מענש האט זיך ארייננעמישט און האט אונז אביסעל געשטערט. ער וועט דערפאר בעצאהלען מיט זיין לעבען. זייט געזונד, גרעפין! מיר טאָרען קיין צייט ניט פער־ליערן!

מיט דיעזע ווערטער האט ער אבשיעד גענומ׳ען פון דער גרעפין און איז ארויס־געגאנגען פון שלאס. קוים האט ער געשטעלט דיא פיס אויף דיא טרעפ, האט ער דערזעהן אן אלטען מאן שטעהן ביי דער טהיר און רעדען מיט א דיענער.

— איך דארף רעדען מיט׳ן גראף נעאָרג פאן טאָקקי, האט דער אלטער געזאגט צום דיענער.

נאגי איז געווארען אויפמערקזאם און האט זיך צוגעקוקט צום אלטען. איהם האט זיך אויסגעוויעזען אז ער האט דעם אלטען ערגעץ געזעהן. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער האט איהם אמאל געזעהן ביים באראן פאן באטהיאני.

אין דער ערשטער מינוט האט נאגי געוואלט איהם אויפהאלטען, באלד אבער האט ער זיך בערעכענט, אז דא אין שלאס דארף ער יעצט קיין ליארם ניט מאכען, עס וועט ווערן א געשריי. דער אלטער וועט זיך וועלען פערטהיידיגען. דיא דיענער וועלען זיך צונויפלויפען און עס קען דערפ׳ן ווערן א סקאנדאל.

— ניין, לאמיך ליעבער אפווארטען ביז ער וועט ארויסקומען פון שלאָס, האט נאגי געזאגט צו זיך אליין, אויפ׳ן וועג וועל איך שוין מיט איהם רעדען א פאר ווער־טער. ווען ער וויים נור עפעס, וועל איך עס פון איהם ארויסקוועטשען.

אונטערדעסען האט דער דיענער פו׳ם שלאס ארייננעפיהרט דעם אלטען קארל צו געארג׳ן.

— וואס דארפסט דוא צו מיר, אלטער? האט איהם נעארג געפרעגט.

— איך האב מיט אייך עפעס צו רעדען.

נעארג איז געווארען אויפמערקזאם און האט בעסער בעטראכט דעם אלטען. — ער האט איהם ניט דערקענט.

— וואס ווילסט דוא מיר זאגען, אלטער? האט ער געפרעגט.

דער אלטער מאן האט ארויסגענומען פו׳ם בוזים א בריעף און האט איהם דערלאנגט נעארג׳ן.

— איך האב א בעפעהל, אז איך זאל אייך איבערגעבען דיעזען בריעף גלייך אין דיא הענד.

נעארג האט בעטראכט דיא אדרעסע אויפ׳ן בריעף. עס איז געווען ארטהורס האנדשריפט. זיינע הענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן און זיין געזיכט איז געווארען פון אלערליי פארבען.

ער האט האסטיג אויפגעריעס׳ען דעם בריעף און איז איהם דורכגעלאפען מיט

דיא אויגען. ער איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט און עס זיינען פערגאנגען פיעלע מינוטען, איידער ער האט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

ענדליך איז ער געקומען צו זיך און האט אויסגערופען:

— אלזא, לעבט ער? וואס הייסט דאס? וויא איז דאס מעגליך?

— נאט זיי דאנק! ער לעבט, האט דער אלטער קארל געזאגט. עס איז געשעהן א וואונדער און ער לעבט. איך בעט אייך אבער, הערר גראף, איהר זאלט עס קיינעם ניט זאגען. ווען מען וועט געוואהר ווערן, אז ער לעבט, קען עס איהם שאדען.

— וויא איז עס אבער מעגליך? וואס פאר א וואונדער איז געשעהן, וואס ער לעבט נאך? דערצעהל מיר אלעס. איך ווער וואהנזיניג פאר פרייד און שמערץ צוגלייך.

דער אלטער מאן האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט. געארג איז אויפגעשפרונגען פאר פרייד.

— יא! זיא איז גוט און עדעל! האט ער אויסגערופען. קענען מיר, אריסטאָקראטען, שטאָלצירען דערמיט, וואס מיר זיינען עדעל געבארען, ווען דיא טאכטער פון א הענקער איז גרעסער און עדעלער פון אונז. קענען מיר זיך ריהמען, אז מיר זיינען פעהיג אויף גרויסע טהאטען, ווען א מעדכען, וועלכעס איז געבארען געווארען און ערצויגען געווארען ביים ערגסטען מענשען — ביי א הענקער, האט געקענט איינשטעלען איהר לעבען אום צו רעטען אן אונשולדיגען. איך בין ארטהור'ס בעסטער פריינד און האב גאר ניט געטאהן פון זיינעטוועגען און זיא, דיא פרעמדע, דיא ניעדעריגע, דיא פעראכטעטע הענקערס טאכטער, האט איהם גערעטעט! דוא ביסט גרויס, אננא! דוא ביסט א העלדען מעדכען! דוא ביסט ווערטה צו זיין דיא פרוי פון א פירסט!

באלד האט ער זיך פערחאפט. ער האט ניט געוואלט וויזען פאר א דיענער, אז ער ליעבט אננא, דעם הענקערס טאכטער. ער האט זיך געווענדעט צום אלטען מאן און האט אויסגערופען:

— איך דאנק דיר, גוטער מאן, וואס דוא האסט מיר געבראכט אזא גוטע נאכריכט. איך וועל געוויס שרייבען בריעף מיין יוגענד פריינד. — ווייסט דוא, וואוהין ער איז געפאהרען?

— דאס וויים איך דערווייל ניט, ער האט מיר אבער צוגעזאגט, אז ער וועט מיר שרייבען, ווען ער וועט זיך ערגעץ בעזעצען.

— גוט! קוים וועסט דוא ערהאלטען פון איהם א בריעף, קום צו מיר און זאג מיר, וואו ער געפינט זיך, וועל איך איהם שרייבען.

— קוים וועל איך נור ערהאלטען פון איהם א בריעף, וועל איך עס אייך באלד מעלדען, האט דער אלטער געזאגט.

— יעצט געה, קארל, און זאג קיינעם ניט, וואס דוא האסט גערעדט מיט מיר.

דער אלטער קארל האט זיך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען.

געארג איז געבליעבען אליין. ער האט פערמאכט דיא טהיר, האט גענומען ארטהור'ס בריעף און האט איהם איבערגעלעזען עטליכע מאל.

— איך בין ניט בייז אויף דיר, ארטהור, וואס דוא האסט אוועקגעפיהרט מיין שוועסטער. האט ער געזאגט צו זיך אליין, איהר ליעבט איינער דעם אנדערן, איהר

קענט ניט לעבען איינער אהן דעם אנדערן און איהר דארפט ניט לעבען איינער אהן דעם אנדערן. איך וועל טאהן אלעס, וואס דוא בעטסט מיך אין דיין בריעף. דוא האסט עס ביי מיר פערדיענט. איך ווייס אבער ניט, וויא אזוי איך זאל מיך נעהמען צו דעם טויגעניכטס, דעם אדוואקאט נאוואק. — ער דערצעהלט שוין יעדען. אז ער איז דיין איינציגער ערבע (יורש) און האט שוין זאגאר פערקויפט דיין שלאס און דער אנדערער טויגעניכטס, דער באראן נאגי האט איהם שוין געקויפט. דאס איז זאנדערבאר! יענער האט נאך קיין רעכט ניט געהאט צו פערקויפען און דיעזער האט נאך קיין רעכט ניט געהאט צו קויפען און מען האט שוין געהאנדעלט. — דאס איז זאנדערבאר! דאס קען איך ניט פערשטעהן!

ער איז ארומגעגאנגען איינינע מינוט אין זיין צימער און האט געטראכט, וואס ער זאל טאהן.

— עס איז ניט נעטהיג צו דערצעהלען מיין מוטער פון דעם בריעף. זיא איז בייז אויף ארטהורן. זיא וועט איהם נאך מעהר האסען, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז עלווירא איז מיט איהם אנטלאפען געווארען. זיא ציטערט נור, וואס דיא וועלט וועט זאגען. זיא האט נור מורא פאר דער וועלט. ווען עלווירא וואלט געשטארבען פאר איהרע אויגען, וואלט עס איהר ווענינער געהארט אלס יעצט, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז עלווירא איז אנטלאפען מיט ארטהורן. — דאס בעסטע וועט זיין, איך זאל עס דערצעהלען מיין אנקעל. ער איז א קלוגער מענש. מיט איהם קען מען רעדען. איהם מעג מען אלעס פערטרויען.

מיט דיעזען ענטשלוס איז ער געגאנגען צו זיין אנקעל, דעם גראף מעראס.

— ליעבער אנקעל, איך האב אייך צו דערצעהלען זאכען, וועלכע איהר וועט קוים גלויבען, האט געארג געזאגט צו איהם.

גראף מעראס האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען.

— וואס מיינסט דוא דערמיט, געארג?

— ארטהור פאן באטהיאני לעבט, האט געארג געזאגט שטילערהייט.

— וואס רעדסט דוא, געארג? ביסט דוא אראפ פון זינען?

— ניין, אנקעל, איך בין ביי מיין פולען פערשטאנד. לעזט און איבערציינט אייך אליין.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם דערלאנגט ארטהורס בריעף.

גראף מעראס האט גענומען דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען. ער איז אויך געווארען איבערראשט און האט איינינע צייט ניט געקענט רעדען א ווארט. דיא גאנצע געשיכטע איז איהם פארגעקומען אזוי וואונדערבאר און אזוי אונגלויבליך, אז ער האט גערענקט אז דער בריעף איז א פאלשער. ער האט אנגעהויבען אויסצופרעגען געארג'ן, וויא אזוי ארטהור האט געקענט אנטלויפען פון געפענגניס אין בודאפעסט און געארג האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט.

יעצט האט ער שוין אלעס פערשטאנען.

— דאס איז מעגליך, האט ער געזאגט צו זיך אליין, אננא, דעם הענקערס טאכטער, האט איהם געראטעט! דיעזעס מעדכען איז מיר א רעטעניש. זיא איז דיא

טאכטער פון א הענקער און איז אזוי גוט, אזוי עדעל, אזוי גראססמוטהיג, אז עס איז אונמעגליך צו גלויבען, אז זיא שטאממט אפ פון אזעלכע ניעדעריגע מענשען, וויא הענ-קער. — איך פרעה מיך זעהר, וואס ארטהור פאן באטהיאני איז אנטלאפען. איך בין פעסט איבערצייגט, אז ער איז אונשולדיג. וואס וועט עס איהם אבער העלפען? מען וועט איהם נאכיאגען, מען וועט איהם חאפען און מען וועט איהם צוריקברענגען קיין בודאפעסט.

דער אדוואקאט נאוואק וועט ניט שווייגען. ער וויל צונעהמען ארטהורס פער-מעגען. יעצט פערשטעה איך, פאר וואס דיעזער נאוואק האט אזוי פלייסיג געארבייט, אז מען זאל פעראורטהיילען ארטהורן צום טויט. ער איז געוועזן פעראינטערעסירט דאריין.

מיט איין זאך בין איך אבער צופריעדען. עלווירא לעבט און איז אנטלאפען מיט׳ן מאן, וועלכען זיא ליעבט. דאס האב איך געקענט ערווארטען פון א גרעפין פאן טאקקי. איך דענק, איך זאל געהן און זאל עס דערצעהלען מיין שוועסטער.

— טהוט עס ניט, אנקעל! האט נעארג געבעטען. איך האב מורא פאר מיין מוטער. זיא האט שטענדיג פיינט געהאט דעם באראן פאן באטהיאני. זיא וועט נאך אליין העלפען איהם זוכען.

— ניין, נעארג, ניין! דיין מוטער וועט ניט וועלען מאכען א שאנדע איהר אייגענער טאכטער. זיא וועט זיין צופריעדען, וואס עלווירא לעבט און וועט עס קיינעם ניט זאגען.

אזוי וויא זיי האבען אזוי גערעדט, האט זיך געעפענט דיא טהיר און דיא גרעפין פאן טאקקי איז אריינגעקומען אין צימער. זיא איז געוועזן שרעקליך אויפגערעגט. איהר געזיכט איז געוועזן אנגעצונדען און איהרע ליפען האבען געציטערט.

— איך ווייס עס שוין! האט זיא אויסגערופען. איך ווייס שוין ווער עס האט ביי מיר אוועקגערויבט מיין טאכטער.

נעארג און גראף מעראס האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן מיט שטוינען.

— אזוי? דוא ווייסט עס שוין? האט גראף מעראס געפרעגט.

— איך ווייס אלעס! ארטהור לעבט. דיא טאכטער פון׳ם הענקער האט איהם געהאלפען אנטלויפען פון געפענגניס. ער האט זיך אויפגעהאלטען א געוויסע צייט אין טהורם פון טשעמני. ער האט עס אוועקגערויבט ביי מיר מיין טאכטער.

— פון וואנען ווייסט דוא עס, שוועסטער?

— דער באראן נאני האט עס מיר דערצעהלט.

— פון וואנען ווייס ער עס? האט גראף מעראס געפרעגט זיין שוועסטער.

— איך ווייס ניט. דער באראן ווייס עס אויך ניט פאר געוויס, ער רעכענט נור, אז עס איז אזוי.

— נא, שוועסטער, לעז דיעזען בריעף, וועסט דוא אלעס וויסען, האט גראף מעראס געזאגט און האט איהר איבערגעגעבען ארטהורס בריעף.

דיא גרעפין האט איהם דורכגעלעזען אויפמערקזאם און איז געווארען נאך אויפ-גערעגטער.

— שרעקליך! שענדליך! האט זיא אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדער. מען וועט זיי חאפען און מען וועט זיי ברענגען קיין בודאפעסט מיט זשאנדארמען. איך וועל מיך שעהמען צו ווייזען זיך אויף דער גאס. מען וועט דייטען אויף מיר מיט די פינגער.

געארג האט רעכט געהאט, וואס ער האט ניט געוואלט דערצעהלען זיין מוטער, אז עלווירא איז אנטלאפען מיט ארטהורן. זיא האט זיך ניט בערוהיגט, ווען זיא האט איבערגעלעזען ארטהורס בריעף, אים געגענטהייל, זיא איז געווארען נאך מעהר אויפגערעגט, נאך מעהר בייז און נאך מעהר ערביטערט געגען איהם. זיא האט געטאנצט, געשפרונגען, איהם געשאלטען און געשימפפט אויף איהם.

— בערוהיג דיך, שוועסטער! האט גראף מעראס געבעטען, איבערלעג זיך קאלטבלוטיג און פערשטעה, אז ארטהור איז דאך אונשולדיג. מען האט איהם אומזיסט פעראורטהיילט. פריהער אדער שפעטער וועט עס זיך ארויסווייזען, אז ארטהור איז אונשולדיג. זיינע ריכטער וועלען פערשעמט ווערן, וואס זיי האבען איהם פעראורטהיילט. ער וועט צוריק בעקומען זיינע רעכטע און זיין פערמעגען. דאן וועסט דוא דאך צופריעדען זיין, וואס ער האט געהייראטהעט עלווירא'ן.

— ווער ווייס, ווען דאס קען ארויסקומען? האט די גרעפין אויסגערופען בייז. דאס קען געשעהן אין פופציג יאהר ארום.

— בערוהיג דיך, מוטער! האט געארג געבעטען, לאמיר דערווייל אפשווייגען פון דער גאנצער געשיכטע, לאמיר אפווארטען און זעהן, וואס ווייטער וועט זיין. איך האף, אז ארטהורס פראצעס וועט זיך באלד אויפקלערן.

— ניין, געארג, ניין! איך וועל עס ניט פערשווייגען! האט די גרעפין געשריען ניט מיט איהר קול. עלווירא איז מעהר ניט מיין טאכטער! איך וויל זיא ניט קענען! זיא האט מיר אנגעטאן אזא שאנדע! איך וויל זיא מעהר ניט זעהן! איך וויל פון איהר מעהר ניט וויסען! — איך שווער, אז....

— האלט איין, שוועסטער! שווער ניט! האט גראף מעראס געזאגט ערנסט. איבערלעג פריהער, וואס דוא רעדסט און וואס דוא טהוסט! דוא האסט נאך קיין אורזאכע און קיין רעכט צו פערדאמען דיין טאכטער. דוא ווייסט נאך גאר ניט, אויב זיא איז שולדיג און וויא ווייט זיא איז שולדיג. דוא ציטערסט פאר דער וועלט, דוא האסט מורא, טאמער וועט די וועלט עפעס זאגען אויף דיר; דוא ביסט בערייט צו אפפערן דיין קינד, צו פעריאגען און פערשטויסען דיין טאכטער דער וועלט צוליעב.

בעדענק, עללא, אז די וועלט זוכט נור דאס שלעכטע; זיא קראצט אויס דאס לעצטע ביסעל שמוץ און בעווארפט דערמיט יעדען, ווער עס שטעהט נור עפעס העבער פון איהר. דאס איז די וועלט, פאר וועלכער דוא האסט מורא, צוליעב דיעזער וועלט ווילסט דוא זיך אפזאגען פון דיין קינד.

איך זאג דיר, עללא, אז איך קען עלווירא'ן בעסער פון דיר. איך ווייס, אז זיא איז גוט און עדעל. איך וועל שטענדיג זיין איהר פאטער און איהר פריינד.

געארג האט געוואלט צולויפען צו זיין אנקעל און איהם קושען; ער האט זיך אבער צוריק געהאלטען. ער האט ניט געוואלט בעליידיגען זיין מוטער.

— ליעבער געארג, הײם דעם קוטשער אנגרײטען מײן קארעטע, האט גראף מעראס געזאגט, מארגען פריה פאהר איך אהײם. איך האב דא מעהר ניט וואס צו טאהן.

דיא גרעפין איז ארויסגעלאפען פון איהר ברודערס צימער און האט איהם ניט געענטפערט אווארט.

אזוי האט זיך געענדיגט דער פופצעהנטער אויגוסט, דער טאג, וועלכער איז געווען בעשטימט צו זײן אזוי פרעהליך אין שלאס טאקקי.

ווען דיא נאכט איז געקומען, איז אין שלאס געווען אלעס שטיל און רוהיג. יעדער איז זיך געזעסען אין זײן צימער פערטראכט און טרויעריג.

## 21טער קאפיטעל.

## נאני זוכט.

נאני איז ניט אוועקגעפאהרען אהײם, ווען דער אלטער קארל איז אריינגעגאנגען אין שלאס טאקקי. ער האט זיך ארומגעדרעהט אין וואלד און האט געווארט, ביז קארל איז ארויסגעגאנגען פון שלאס.

דער אלטער קארל האט זיך פערזאמט אין שלאס א גאנץ קורצע צײט. ווען ער איז ארויסגעגאנגען, האט איהם נאני נאכגעקוקט.

— איך מוז וויסען, וואו ער געהט און וואו ער וואהנט, האט נאני געזאגט צו זיך אלײן, איך בין זיכער, אז פון איהם וועל איך פיעל מעהר ערפאהרען איבער ארטהור'ן, וויא פון דער גאנצער אונגארישער פאליצײ.

שטילערהײט איז ער איהם נאכגעפאהרען פון דער ווײטען און האט געזעהן, אין וואס פאר א שטוב דער אלטער איז אריינגעגאנגען.

— דא וואהנט ער, האט נאני געזאגט צו זיך אלײן. זאל איך שוין אריינגעהן צו איהם און זאל איהם אויספרעגען, וואו ארטהור געפינט זיך יעצט? — נײן, עס וועט ניט העלפען, ער וועט מיר ניט זאגען דיא וואהרהײט. איך מוז פעם אויסטראכטען, וויא אזוי ארויסצוקוועטשען פון איהם, וואס ער ווײס. איך מוז עס אפלעגען אויף מארגען אדער אויף איבערמארגען.

ער האט אויסגעדרעהט זײן פערד און איז געפאהרען אהײם.

אין שלאס ראדעצק איז אויך אלעס געווען זעהר טרויעריג. מאקס האט זיך איינגעשלאסען אין זײן צימער און האט מיט קײנעם ניט געוואלט רעדען. דיא גרעפין איז געלעגען אין איהר שלאף צימער און האט קײנעם ניט געוואלט זעהן. דיא דיענער זײנען געזעסען אונמוטהיג אין זײער צימער און האבען גערעדט שטילערהײט צווישען זיך.

וויא דיא גרעפין פאן טאקקי און נאני האבען געוואלט בעהאלטען דעם טרויעריגען פאל מיט עלווירא'ן און האבען אלעמען דערצעהלט, אז עלווירא איז קראנק, זײנען דאך דיא דיענער געוואהר געווארען, אז עלווירא איז אנטלאפען.

קוים זײנען עס דיא דיענער געוואהר געווארען, האט מען עס שוין געוואוסט אין דער גאנצער נאכבארשאפט. נאך אין דערזעלבער נאכט האט מען דערפון גערעדט אין אלע הײזער און אין אלע שלעסער פון דער געגענד.

נאני איז געקומען אהיים בייז, אויפגערעגט און אונצופריעדען מיט זיך און מיט דער גאנצער וועלט. צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער פערלארען דעם מוטה, צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער אנגעהויבען צו פיהלען, אז ער איז ניט זיכער, אז אלעס, וואס ער האט איבערגעטאהן, האט איהם ניט געפיהרט צום ציעל, ער האט זיך פערשפארט אין זיין צימער און האט זיך פערטראכט.

ער איז צוואר געווען זיכער, אז ארטהור איז אנ־לאפען מיט עלוויראן. ער איז אבער ניט געווען איבערצייגט, אז עס איז אזוי.

— וואס טהוט מען? האט ער געפרעגט זיך אליין, וויא אזוי זוכט מען איהם אויס? וויא אזוי חאפט מען איהם? ער האט געקענט אנטלויפען אין דער וואלאכיי ארער אין דער טירקיי. דאס זיינען דיא צוויי נאהענטע גרענעצען פון אונגארן. וואס טהוט מען, ווען ער איז שוין אריבער דיא גרענעץ? וויא אזוי קען מען איהם דאן אויפזוכען? פון דער פאליציי קען מען זעהר ווייניג ערווארטען. דיא פאליציי זוכט שטענדיג דארט, וואו מען דארף ניט, וואו מען קען גאר ניט געפינען. און וואס וועט שוין זיין, ווען איך וועל איהם שוין געפינען און וועל איהם ברענגען צוריק? איהם וועט מען אויפהענגען. דאס איז זיכער. עלווירא אבער וועט שוין אויף קיין פאל ניט וועלען הייראטהען מאקס'ן. וואס וועל איך האבען דערפון, וואס מען וועט אויפהענגען ארטהור'ן?

עס איז געווארען שפעט. אין שלאס ראדעצס איז געווארען פינסטער. קיינער האט ניט אנגעצונדען קיין ליכט אין זיינע צימער. א פינסטערער וואלקען איז געהאנגען איבער דיעזעביידע, היינט אין דער פריה נאך גאנץ פרעהליכע שלעסער: ראדעצק און טאקקי.

דעם אנדערן טאג זיינען אלע אויפגעשטאנען זעהר שפעט. זיי זיינען זעהר שפעט אנטשלאפען געווארען, אדער זיינען דיעזע נאכט גאר ניט געשלאפען.

נאני האט זיך אנגעטאהן און האט געוואלט ערגעץ פאהרען. ער האט ניט געקענט זיצען אין דערהיים. ער האט געמוזט עפעס טאהן.

ווען ער איז ארויסגעקומען פון דער טהיר, איז אנגעלאפען אן עסטאפעט און האט איהם געבראכט א פערזענליכען בריעף פון דער פאליציי פון בודאפעסט. נאני האט איהם האסטיג אויפגעריסען און האט איבערגעלעזען, אז דיא פאליציי פון בודאפעסט מעלדעט אלע עדעל לייט און אלע גוטס־בעזיצער, אז א געוויסער באראן פאן באטהיאני, וועלכער איז פעראורטהיילט געווארען צום טויט פאר מאכען פאלש געלד, איז אנטלאפען געווארען פון געפענגניס.

דיא פאליציי בעט דאהער יעדען, ווער עס וועט איהם טרעפען, ער זאל איהם אויפהאלטען און צושטעלען קיין בודאפעסט. דערביי איז געלעגען א פאלשטענדיגע בעשרייבונג, פון באראן באטהיאני און זיינע קענצייכען (פרימעטעס): וויא אלט ער איז, וויא הויך ער איז; וואס פאר האר ער האט און וואס פאר אויגען ער האט.

אזא בריעף האבען ערהאלטען אלע גוטס־בעזיצער. געארג פאן טאקקי האט אויך ערהאלטען אזא בריעף. געארג האט איהם צוריסען און אוועקגעווארפען, נאני אבער האט איהם בעהאלטען. ער האט געוואלט לויפען צו זיין פריינד שעק און איהם

בעטען, אז ער זאל דינגען רייטער, וועלכע זאלען לויפען צו דיא גרענעצען חאפען אר־ טהור'ן. באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט, אז מיט בויערן וועט ער גאר נישט מאכען. ער האט דאך שוין געזעהן, וואס דיא בויערן האבען איהם געהאלפען, ווען זיי האבען שוין געהאט ארטהור'ן אין דיא הענד.

— דער איינציגער מענש, פון וועמען איך קען עפעס וויסען, איז דאך ארטהורס אלטער דיענער. איך מוז צו איהם געהן און ארויסנאררען ביי איהם, וואוהין ארטהור איז געפאהרען. קיין אנדער מיטעל איז דערווייל ניטא.

ער האט געהייסען אנזאטלען זיין פערד און איז אוועקגעלאפען אין דארף טשעמ־ני. דארט האט ער באלד אויסגעפונען, וואו קארל וואהנט און איז אריינגעגאנגען צו איהם אין שטוב.

דער אלטער קארל האט זיך זעהר פערוואונדערט, ווען ער האט געזעהן דעם באראן נאגי אריינקומען אין זיין ארימעס שטיבעלע. ער האט זיך טיעף פערנייגט און האט געפרעגט:

— מיט וואס קען איך אייך דיענען, הערר באראן?

— האסט דוא אמאל געדיענט ביים באראן ארטהור פאן באטהיאני? האט ער איהם געפרעגט.

— יא, הערר באראן! געדענקט איהר ניט, אז איך האב אייך געמעלדעט ביים באראן פאן באטהיאני אין דעם טאג, וואס ער איז אוועקגעפאהרען קיין בודאפעסט אלס דעפוטאט פון דעם לאנדעס ראטה? — מיט וואס קען איך אייך דיענען, הערר באראן?

— איך וויל וויסען, אויב דיין געוועזענער הערר געפינט זיך שוין אין א זיכערן ארט.

דער אלטער מאן האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, פון וואנען ווייס נאגי, אז זיין הערר לעבט נאך.

— איך פערשטעה, אז דוא האסט קיין צוטרויען צו מיר, האט נאגי ווייטער געזאגט, דוא ווייסט ניט, אז איך בין דער בעסטער פריינד פון באראן ארטהור פאן באטהיאני, איך האב איהם אליין געהאלפען אנטלויפען פון בודאפעסט און האב איהם געגעבען געלד אויף דער רייזע.

— ענטשולדיגט מיר, הערר באראן, האט קארל געשטאמעלט, איך ווייס ניט, איך גלויב עס אייך ניט.

— דוא ביסט אן אלטער נארר! האט נאגי אויסגערופען. איך ווייס אלע געד־ היימניסע פון דיין הערר, בעסער פון דיר. איך ווייס, אז ער האט זיך בעהאלטען א געוויסע צייט אין טהורם פון טשעמ־ני. ווען איך זאל געוועהן וועלען איהם פערראטהען, וואלט איך שוין לאנג געקענט איהם איבערגעבען דער פאליציי.

— איך ווייס עס! האט קארל אויסגערופען. איך ווייס, אז איהר האט געדונ־ גען בויערן און האט זיי צוגעזאגט צו צאהלען צוויי גולדען א טאג, זיי זאלען בעלאגערן דעם טהורם פון טשעמני און זאלען אייך ברענגען דעם באראן פאן באטהיאני טויט אדער לעבעדיג.

נאגי האט א שמייכעל געטאהן און האט אנגעהויבען צו שאקלען מיט'ן קאפ.

— אך, דיא וועלט! האט ער אויסגערופען, ווי א נאריש איז דיא וועלט און ווי א שלעכט איז דיא וועלט! ווען מען וויל טאהן גוטעס, פערדרעהט עס דיא וועלט און זאגט, אז מען האט געוואלט טאהן שלעכטעס. — עס איז וואהר, אז איך האב געשיקט מענשען זוכען דעם בּאראָן פאן באטהיאני, איך האב עס אבער געטאהן אויס פריינד־שאפט און אויס ליעבע צו איהם. איך האב געוואוסט, אז ער געפינט זיך אין א גרויס געפאהר און איך האב געוואלט איהם בעשיצען.

— איהר האט געפונען א זאנדערבארעס מיטעל איהם צו בעשיצען, האט קארל געזאגט מיט א ביטערן געלעכטער. איך הער עס צום ערשטען מאל אין מיין לעבען, אז מען זאל וועלען בעשיצען א מענשען דורך בּויערן מיט העק און מיט מעסערס.

— דאס איז דער אונגליק, וואס דוא פערשטעהסט מיך ניט! האט נאני אויס־געשריען. דער בּאראָן פאן באטהיאני האט מיך געוויס אויך ניט פערשטאנען. איך האב געוואלט מאכען א ליארם, אז מען האט איהם געפאנגען און שטילערהייט איהם אריבערשיקען דיא גרענעץ.

דער אלטער קארל האט אויף איהם געוואָרפען א בייזען, מיסטרויאישען בליק.

— איך האב יעצט זעהר וויכטיגע נייעס פאר איהם, האט נאני ווייטער גע־זאגט גאנץ פריינדליך. דוא וועסט איהם טאהן דעם גרעסטען דיענסט, ווען דוא וועסט מיר זאגען, וואו ער געפינט זיך יעצט, איך זאל איהם מיטטהיילען דיא נייעס, וועלכע איך האב פאר איהם. איך וויל איהם רעטען פון א גרויסער געפאהר.

— ווען איהר האטווירקליך וויכטיגע נייעס פאר איהם, קענט איהר מיר עס זאגען, האט דער אלטער טרייער דיענער געענטפערט קורץ און שארף.

— אזוי? דוא ווייסט, וואו ער געפינט זיך? האט נאני געפרעגט מיט א שמייכעל. דאס איז אלעס, וואס איך האב געדארפט וויסען.

— וואס געהט עס מיך אן, וואס איהר האט געדארפט וויסען? ווען איהר זייט זיין פריינד, דארפט איהר דאך וויסען, וואו ער געפינט זיך.

— ליידער, האב איך מיך ניט געקענט זעהן מיט איהם איידער ער איז אוועק־געפאהרען, האט נאני געזאגט פריינדליך, און איך בין געקומען צו דיר פרעגען, וואוהין ער איז געפאהרען.

— איך ווייס עס ניט.

— דוא ביסט דאך געוויס געווען דערביי, ווען ער איז אוועקגעפאהרען?

— איך בין דערביי ניט געווען און ווייס גאר ניט, אויב ער איז אוועקגעפאהרען.

נאני האט איינגעזעהן, אז דער אלטער איז זעהר פאָרזיכטיג און ער וועט פון איהם ניט אזוי לייכט ארויסקריעגען, וואוהין ארטהור איז געפאהרען.

— איך וועל צוריקקומען אין א פאר טאג צו דיר, האט ער געזאגט, דוא וועסט זיך אונטערדעסען איבערלעגען און וועסט מיר זאָגען, וואו דיין העהר געפינט זיך.

דער אלטער מאן האט איהם ניט געענטפערט.

נאני איז בייז געווארען און איז ארויסגעגאנגען פון זיין שטוב.

— יעצט מוז איך פאהרען צו דער גרעפין טאָקקי און מיט איהר איבעררעדען,

וואס מיר זאלען טאהן אום אויסצוזוכען דיא אנטלאָפענע, האט נאני געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון קארלס שטוב.

ער איז אוועקגעלאפען אין שלאס טאקקי.

דיא גרעפין פאן טאקקי האט איהם אויפגענומען פריינדליך, וויא געוועהנליך און האט איהם געפרעגט, וואס עס הערט זיך.

· איך האף, אז מען וועט באלד האפען און צוריקברענגען דיא אנטלאפענע, האט נאני געזאגט, איך זעה, אז דיא פאליציי האט זיך גענומען צו דער זאך גאנץ ערנסט. זיא האט צושיקט בריעף און בעפעהלע צו אלע גוטס בעזיצער און צו אלע בעאמטע פון דער גרענעץ.

ער האט ארויסגענומען פון בוזים קעשענע דאס פּאפּיער, וועלכעס ער האט ערהאלטען היינט אין דער פריה פון דער פאליציי אין בודאפעסט. דיא גרעפין האט עס דורכגעלעזען און האט עס איהם צוריקגעגעבען.

— איך דיא פאליציי קען מען זיך ניט פערלאזען, האט זיא געזאגט מיט א זיפץ. דיא פאליציי האט זעלטען אויסגעפונען א פערברעכער.

— געוויס, ווען דער פערברעכער האט אזעלכע גוטע פריינד, וויא גראף געארג פאן טאקקי, וועט זיא איהם אזוי גיך ניט האפען.

— וואס רעדט איהר, באראן? וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך האב אליין געזעהן, וויא גראף מעראס האט גערעדט מיט א געוועזענעם דיענער פון'ם באראן פאן באטהיאני.

— אך! ליידער איז עס אזוי, האט דיא גרעפין געזיפצט, דער באראן פאן באטהיאני איז געווען אזוי פרעך, אז ער האט צונעשיקט געארג'ן א בריעף, אין וועלכען ער מעלדעט איהם, אז ער איז אנטלאפען מיט עלוויראן. ארטהורס אלטער דיענער האט געבראכט דעם בריעף און האט איהם איבערגעגעבען געארג'ן אין דיא הענד.

נאני איז בלייך געווארען. ער האט איינגעזעהן, אז זיינע קונסט שטיקע האבען איהם איהם ווייניג געהאלפען.

— איך וויל מעהר דערפון ניט רעדען, האט דיא גרעפין ווייטער געזאגט. ווען עלווירא זאל זאגאר צוריקקומען, וועל איך זיא מעהר ניט אריינלאזען צו מיר אין שטוב. איך דענק, אז דער גראף פאן ראדעצקי וועט געוויס אויך ניט וועלען ווים'ן פון א פרוי, וועלכע איז אנטלאפען מיט אנאנדערן.

נאני איז דיעזע ערקלערונג געווען זעהר אונאנגענעהם. אלס באראן, אלס אריסטאקראט, אלס עדעל מאן האט ער געמוזט צוגעבען, אז דיא גרעפין האט רעכט. אין דער ווירקליכקייט אבער איז איהם שטארק ניט געפעלען דיעזע מיינונג פון דער גרעפין.

— זאגט עס ניט, גרעפין, מאקס האט ליעב עלוויראן מעהר פון זיין לעבען. ער וועט איהר אלעס פערצייהען און וועט זיא הייראטהען, האט נאני פראבירט זיך אויסדרעהען, איבעריגענס וועלען מיר אלעס איבערלאזען גאט. וויא גאט וועט פיהרען, אזוי וועט זיין.

— יא, ווען מאקס זאל איהר פערצייהען און זאל זיא הייראטהען, וואלט איך איהר פיעלייכט אויך ענטשולדיגען, אבער....

— לאמיר האפען דאס בעסטע! האט נאני אויסגערופען מיט א פרומער מינע. נאט איז גרויס און בארמהערציג.

— איך דאנק אייך, הערר באראן, פאר אייער פריינדליכקייט און בעט אייך, איהר זאלט מיך בעזוכען אזוי אָפט, וויא פריהער. איך וואלט זעהר געוואלט, אז דיא גרעפין פאן ראדעצקי און מאקס זאלען מיך אויך בעזוכען, וויא פריהער. מיר זיינען נאך דיא אלטע גוטע פריינד, וואס מיר זיינען געווען. עס איז דאך קיינער פון אונז ניט שולדיג, וואס עס האט זיך געטראפען אזא צופאל.

— דאס איז שעהן פון אייך, גרעפין פאן טאקקי! דאס איז עדעל! האט נאני אויסגערופען. מיר מוזען בלייבען פריינד. עלווירא וועט צוריק קומען און וועט אונז נאך ענגער און פעסטער פעראייניגען. איך וועל טאהן אלעס מעגליכע, אז זיא זאל צוריק קומען, מאקס וועט איהר פערצייהען און וועט זיא הייראטהען. מיר וועלען נאך לעבען גליקליך און פריעדליך צוזאמען.

— גיעבע גאט! האט אויסגערופען דיא גרעפין.

— נאט וועט אונז אויך העלפען, האט דער פרומער נאני געענטפערט. נאט העלפט נור דיא פרומע און דיא גוטע, ניט דיא מענשען, וועלכע מאכען פאלשע געלד.

ער האט אבשיעד גענומען פון דער גרעפין און איז אוועקגעגאנגען זוכען מיטעל, וויא אזוי אויסצוגעפינען, וואוהין ארטהור איז אנטלאפען מיט עלווירא'ן.

## 22טער קאפיטעל.

# נאני'ס העלפער.

נעגען זעקס אוהר פאר נאכט איז דער שטומער בעטלער געגאנגען לאנגזאם אויפ'ן וועג קיין טשעמני. ער האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, אויב קיינער איז ניטא, און ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז קיינער הערט איהם ניט, האט ער אויפ־געהויבען דיא הענד צום הימעל און האט אויסגערופען:

— איך דאנק דיר, גאט, וואס דוא האסט זיי בעשיצט! יעצט זיינען זיי שוין ערנעץ ווייט פון דאנען און זיינען שוין זיכער. — ארימער, אונגליקליכער ארטהור! וויא שרעקליך האבען דיך דיינע פיינד פערפאלגט! זיי האבען געוואלט דיך מאכען פאר א הענקער, עס איז זיי ניט געלונגען. זיי האבען דיר אונטערגעווארפען פאלשעס געלד און האבען דיך געבראכט אויפ'ן עשאפאט, עס איז געשעהן א וואונדער און דוא האסט זיך גערעטעט. דאס בעווייזט, אז איבער אונז איז דא א העבערע קראפט, וועלכע רעגיערט אונזער שיקזאל. איך זאל עס נאך דערלעבען צו זעהען, וויא עס וועט זיך ארויסווייזען, אז דוא ביסט אונשולדיג! איך זאל עס נאך דערלעבען צו זעהען, וויא עס וועט זיך ארויסווייזען, וויא ניעדערטרעכטיג דיינע פיינד זיינען און וויא זיי זיינען שולדיג!

ער האט זיך דאן אויפגעהויבען און איז געגאנגען צום דארף טשעמני. ניט ווייט פון'ם דארף האט ער בעגעגענט א ניעדעריגען מאן מיט שווארצע האָר, אנגעטאהן

זעהר ארים. אויפ'ן ערשטען בליק האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער האט דעם מאן ערגעץ געזעהן. ער האט אבער געוואלט איהם בעסער קענען און הערן זיין שטימע.

ער האט אראפגענומען זיין הוט און האט זיך געשטעלט פאר'ן קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האר, גלייך וויא ער בעט איהם עפּעס.

— איך בין אליין זעהר ארים, האט דער קליינער מאן געזאגט גראָב, געה צו דיא רייכע מענשען, זיי וועלען דיר עפּעס שענקען.

דער שטומער בעטלער האט אנגעטאהן דעם הוט און איז אוועק אהן א זייט. דאס האט ער געדארפט. ער האט געוואלט הערן דיא שטימע פון'ם פרעמדען און איהם קוקען גלייך אין דיא אויגען.

דער פרעמדער איז ווייטער געגאנגען זיין וועג און האט זיך מעהר ניט אומגעקוקט אויפ'ן שטומען בעטלער. קוים איז דער פרעמדער אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט, האט זיך דער שטומער בעטלער אויסגעדרעהט און איז איהם נאכגעגאנגען פון דער ווייטען.

— דאס איז ער! האט דער שטומער בעטלער אויסגערופען, איך האב איהם דערקענט! ער האט זיך עס פערשטעלט פאר גראף טאָרגאסי און איז געווארען אר־טהור'ס פריינד אין בודאפעסט. דאמאלס איז ער געגאנגען שעהן געקליידעט און האט ווירקליך אויסגעזעהן, וויא אן עדעל מאן, יעצט אבער געהט ער אזוי אפּגעריסען, אזוי ארים. וויא עס וויזט אויס, האט ער געמאכט שלעכטע געשעפטען.

יעצט איז געקומען דיא צייט אויפצודעקען דיא גאנצע באנדע. דורך איהם וועט מען קענען אלעס געוואהר ווערן. ער האט געשפּיעלט א גרויסע ראלע אין דער געשיכטע מיט'ן פאלשען געלד, וועלכעס מען האט געפונען ביי ארטהורן. — איך מוז דיר נאכגעהן, דוא טויגעניכטס! איך מוז וויסען, ווער דוא ביסט און צו וואס דוא ביסט געקומען אהער. דאס איז ניט אומזיסט. דוא ביסט געקומען צו דיין באנדע. איך וועל דיר נאכגעהן, וויא דער שאטען געהט נאך א מענשען, ביז איך וועל אויסגעפינען דיינע געהיימניסע.

מיט דיעזע ווערטער איז ער לאנגזאם נאכגעגאנגען דעם קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האר, פון דער ווייטען. דער פרעמדער האט זיך צוואר א פּאר מאל אומגע־קוקט און האט געזעהן, וויא דער שטומער בעטלער געהט איהם נאך; ער איז זאגאר געבליעבען שטעהן און האט זיך צוגעקוקט צום שטומען בעטלער; ער איז אבער דאך באלד ווייטער געגאנגען און האט זיך אויף איהם מעהר ניט אומגעקוקט.

לאנגזאם האט זיך דער קליינער מאן געשלעפּט אויפ'ן וועג. עס איז געוועזען דייטליך, אז ער איז זעהר מיעד, אדער הונגעריג. ווען דער שטומער בעטלער וואלט געגאנגען שעהן אנגעטאהן, וואלט ער ביי איהם געוויס עפּעס געבעטען.

ענדליך האט ער זיך צוגעשלעפּט צום שלאס ראדעצק און איז אריינגעגאנגען אין הויף. דער שטומער בעטלער איז געבליעבען שטעהן אונטער א בוים.

— איך האב עס דעררטאטהען, האט ער געברומט, ער איז געקומען צום באראָן נאָני. דאס איז דיא באנדע רויבער און מערדער, וועלכע האבען אונגליקליך געמאכט ארטהורן. — איך מוז איהם נאכגעהן! איך מוז איהם נאָכשפּירען! איך מוז וויסען,

וואס ער וויל פון'ם באראָן נאַני. איך טאר פון איהם קיין אויג ניט אראפּלאזען. אין ריעזען קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האר ליעגט דאס גאנצע געהיימניס פון אלע פערברעכען, וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט בעגאנגען געווארען אין בודאפּעסט און אין דיעזער געגענד.

אונטערדעסען איז דער קליינער מאן מיט דיא שווארצע האר אריינגעקומען אין הויף פון'ם שלאס ראדעצק. אויפ'ן הויף, וויא אויפ'ן גאנצען שלאס איז געליעגען עפּעס א טרויער, אן אונמוטה, אן איינזאמקייט, א פערנאכלעסיגונג. אלעס איז געווען שטיל, רוהיג, וויא אויסגעשטארבען. מען האט זאָגאר ניט געזעהן קיין דיענער אין הויף.

— אזוי? האט דער קליינער מאן געזאגט צו זיך אליין, דא וואינט עס דער באראן נאַני? דער פּלאץ איז ווירטליך שעהן, גראסארטיג שעהן, אבער אזוי שטיל, אזוי איינזאם, אזוי טרויעריג. וויא קומט עס, וואס מען זעהט קיין לעבעדיגען מענשען? וויא קומט עס, וואס דער טויער שטעהט אפען און קיינער גיט ניט אכטונג, ווער עס קומט אריין אין שלאס? דאס איז זאנדערבאר!

ער איז ארויפגעגאנגען אויף דיא מארמאָר טרעפּ און האט געוואלט אנהויבען צו קלאפּען אן א גרויסע, שעהנע גלעזערנע טהיר, ווען ער האט דערהערט טריט הינ־טער זיך. ער האט געמיינט, אז דאס איז אנגעקומען א דיענער, וועלכער וויל איהם אויפהאלטען און פרעגען, ווער ער איז. ער האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן פאר זיך דעם באראָן נאַני אליין.

— יאזעף, דוא ביסט עס? האט נאַני אויסגערופען, פאר וואס האסט דוא זיך אזוי פערשפּעטיגט? איך האב דיך ערווארטעט זיי̆ט אכט טאג. איך האב דיך גע־דארפט זעהר נעטהיג. עס איז גוט, וואס דוא ביסט ענדליך געקומען.

— צו וואס זאלען מיר רעדען אין דרויסען? האט יאזעף געפרעגט, עס וואלט גלייבער געווען, אז מיר זאָלען אריינגעהן אין צימער.

— ניין, יאזעף, ניין! האט נאַני אויסגערופען. איך קען דיך ניט אויפנעהמען ביי מיר אין שלאָס. דוא דארפסט דא ניט בלייבען ניט אן אויגענבליק.

— וואס רעדט איהר, הערר באראן? איהר האט דאך מיר אליין געשריעבען, אז קוים וועל איך קומען צופאהרען, זאל איך מיך באלד מעלדען צו אייך.

— דאמאלס איז עס אנדערש געווען, האט נאַני געענטפערט, ווען דוא זאָלסט געווען קומען מיט אכט טאג צוריק, וואלט איך געקענט דיך אויפנעהמען ביי זיך אין שלאָס. יעצט אבער איז עס אונמעגליך. פאר וואס האסט דוא זיך אזוי לאנג גע־זאמט? וואו ביסט דוא פערפאלען געווארען גאנצע אכט טעג?

יאזעף האט ניט אראפּגעלאזען קיין אויג פון'ם באראן דיא גאנצע צייט, וואס ער האט גערעדט. ער האט געזעהן, אז נאַני איז זעהר אונרוהיג און רעדט עפּעס צו האסטיג.

— איך בין אויפ'ן וועג קראנק געווארען, האט ער געזאגט, איך בין אוועק.ע־ליעגען אכט טאג אין א קרעטשמע אין וועג. וואס האב איך דען געקענט העלפען?

איך האב אויסגעגעבען אין גאנצען מיין געלד און האב געמוזט מיך שלעפען צופוס פון ראזענוי ביז אהער.

— גוט. יעצט גענוג! קיינער דארף דיך דא ניט זעהן.

— וואוהין זאל איך דען געהן?

נאגי האט איהם אנגענומען ביי די פלייצעס און האט איהם אראפגעשלעפט פון די טרעפ.

— ווען וועלען מיר זיך זעהן? האט יאזעף געפרעגט ערשטוינט און פערוואונ־טערט אויף דעם זאנדערבארען עמפפאנג.

— ניט ווייט פון דאנען געפינט זיך א שלאס באטהיאני, געה אהין אוןווארט אויף מיר.

— ווען וועט איהר קומען?

— היינט ביי נאכט אום עלף אוהר. — געה!

ער האט איהם ארויסגעשטופט און האט איהם געהייסען געהן, וויא אם שנעל־סטען. ווען יאזעף איז צוגעקומען צום טויער פון הויף, האט זיך נאגי אומגעקוקט און האט דערזעהן פאר זיך דעם שטומען בעטלער.

נאגי איז געווארען בייז און די פארב פון זיין געזיכט האט זיך געענדערט. ער האט געוואלט זיך ארויפווארפען אויפ'ן שטומען בעטלער און איהם אנהויבען צו שלאגען, באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט.

דער שטומער בעטלער איז געשטאנען מיט'ן הוט אין דער האנד און זיין געזיכט איז געווען אזוי טרויעריג, אזוי עלענד און אזוי פערשטאכט, גלייך וויא ער וואלט שוין צעהן טעג ניט געגעסען. נאגי האט עפעס מיטלייד געהאט מיט דיזען אונגליקליכען מענשען.

— דוא ווילסט געלד? האט ער אויסגערופען, געה צו דער גרעפין עלווירא, וועלכער דוא האסט געטראגען בריוועלעך, זיא וועט דיר געבען געלד! — ווארט, דוא שטומער הונד! איך וועל מיך נאך מיט דיר אויך אמאל אפרעבענען.

דער שטומער בעטלער איז נאך אלץ געשטאנען מיט דער הוט אין דער האנד און האט געמאכט צייכענס, אז ער פערשטעהט ניט, וואס נאגי רעדט צו איהם.

יאזעף האט געזעהן די גאנצע סצענע און האט געהערט אלעס, וואס נאגי האט געזאגט צום בעטלער.

— וואס איז דאס פאר א לעסטיגער בעטלער? האט ער אויסגערופען, ער לאזט דאך קיין מענשען ניט דורכגעהן אויף דער גאס. ער איז אויף מיר אויך אנגע־פאלען און האט ביי מיר געבעטעלט.

— געה, יאזעף, געה! האט נאגי געזאגט שטרענג, איך האב דיר שוין איין מאל געזאגט, אז איך וויל ניט, מען זאל אונז ביידען זעהן צוזאמען. אום עלף אוהר ביי נאכט וועל איך צוקומען צום שלאס באטהיאני. דארט וועלען מיר רעדען. איך האב פאר דיר זעהר וויכטיגע נייעס.

— האט איהר מיט מיר צו רעדען איבער אנדערע זאכען אויסער אונזערע גע־שעפטען? האט יאזעף געפרעגט.

— איך האב מיט דיר צו רעדען איבער פיעלע זאכען, אבער ניט יעצט. אבענדס אום עלף אוהר וועל איך קומען צו דיר. יעצט געה!

יאזעף איז ענדליך ארויסגעגאנגען פון טויער. נאני האט זיך געווענדעט צ.ם שטומען בעטלער און האט איהם געוויעזען מיט דער האנד און געזאגט:

— געה! דוא זאלסט מעהר ניט קומען אהער, איך וועל אנזאגען דיא דיענער, אז זיי זאלען דיר מעהר גארנישט געבען.

דער שטומער בעטלער איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון׳ם הויף און איז שטי־לערהייט נאכגעגאנגען דעם קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האר.

— גרויסער גאט אין הימעל! האט געמורמעלט דער שטומער בעטלער, העלף מיר ענטדעקען דיא פערברעכער, וועלכע האבען אונגליקליך געמאכט ארטהור׳ן! איך האב געהערט, וואס זיי האבען געזאגט איינער צום אנדערן. איך וויים, וואו זיי וועלען זיך צוזאמען קומען היינט ביי נאכט. וויא אזוי מאכט מען עס אבער, אז איך זאל קענען אויסהערן אלעס, וואס זיי וועלען רעדען? עס איז נאך א גליק, וואס דיעזער פאלשער גראף טארנאסי האט מיך ניט דערקענט. מיר האבען זיך געטראפען אין בודאפעסט, אבער אונטער אנדערע אומשטענדע. — איך מוז איהם נאכגעהן, וויא זיין שאטען. איך מוז וויסען, וואס ער טהוט און וואוהין ער געהט. וויא עס וויזט אויס, האט זיך דיא גאנצע באנדע דערשראָקען, ווען זיא איז געוואהר געווארען, אז ארטהור לעבט נאך.

לאנגזאם און פארזיכטיג איז ער נאכגעגאנגען דעם קליינעם מאן מיט דיא שווארצע האָר. ער האט געזעהן, וויא ער איז אריינגעגאנגען אין דעם איינציגען נאסט הויז אין דאָרף טשעמני און האט זיך דארט פערזאמט. עס איז געווען דייטליך, אז ער איז דארט געבליעבען שטעהן אויף קווארטיר.

— גוט, האט דער שטומער בעטלער געזאגט צו זיך אליין. יעצט וויים איך שוין, וואו ער שטעהט אויף קווארטיר. א גאנצען טאג וועט ער שוין ניט ארויסגעהן. ער וועט שויןווארטען ביז עלף אוהר ביי נאכט. יעצט האב איך צייט אויף עפעס צו טאהן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען צום גייסטליכען פון דארף. ער האט געפונען דעם גייסטליכען אין דערהיים און האט איהם געמאכט צייכענס, אז ער וויל רעדען מיט איהם אליין. דער גייסטליכער האט איהם אריינגעפיהרט אין א בעזונדער צימער און האט פערשלאָסען דיא טהיר.

— יעצט קענען מיר רעדען, קיינער וועט אונז ניט שטערן.

— הערר גייסטליכער, איהר זייט דער איינציגער מענש, מיט וועלכען איך קען רעדען פריי און קען אייך זאגען, אז עס איז זעהר מעגליך, אז מיר וועלען היינט ביי נאכט ענטדעקען א גרויס פערברעכען.

דער גייסטליכער האט איהם אנגעקוקט איבערראשט און ערשטוינט.

— וואס איז שוין נייעס, זאנדערבארער מענש? זאגט מיר, וואס איז עפעס געשעהן. איך וויים, אז איהר האט עפעס א געהיימניס, וועלכעס איהר קענט ניט אויסזאגען. איך וויים, אז איהר מוזט זיך מאכען שטום. איך וויים, אז איהר פיהרט

זעהר א טרויערינגעם לעבען. וואס קען איך עפּעס טאהן פון אייערטוועגען? מיט וואס קען איך אייך העלפען? זאגט מיר, אלטער פריינד, דערצעהלט מיר, וואס עס איז געשעהן.

דער שטומער בעטלער האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט פון דעם פאלשען גראף טארנאסי מיט דעם פאלשען געלד, וועלכען ער האט אונטער־געווארפען דעם באראן פאן באטהיאני.

— יעצט, העדר גייסטליכער, געפינט זיך דיעזער מאן אין טשעמני. ער איז גע־קומען צום באראן. דער באראן אבער האט איהם אויפגענומען זעהר שלעכט. ער האט מיט איהם ניט געוואלט רעדען ביי זיך אין שלאָס ראדעצק. ער האט איהם געהייסען קומען עלף אוהר ביי נאכט צום שלאס באטהיאני, דארט וועלען זיי רעדען. — איך בין זיכער, אז זיי וועלען דארט רעדען פון'ם באראן פאן באטהיאני. עס איז זעהר מעגליך, אז זיי וועלען דארט רעדען, וויא אזוי מען האט דעם באראן אונגליקליך גע־מאכט און איהם געבראכט אויפ'ן עשאפאָט. — איך בין גוט בעקאנט מיט'ן שלאָס באטהיאני. איך קען געפינען אן ארט, וואו זיך צו בעהאלטען און אויסהערן אלעס, וואס זיי וועלען רעדען. ליידער, מוז איך מיך פערשטעלען אלס שטומער און איך קען אויף קיין פאל ניט אויפטרעטען עפענטליך און אויסזאגען, וואס איך וועל הערן. איהר אבער, הערר גייסטליכער, וועט קענען אויפטרעטען געגען איהם און זאגען אלעס, וואס איהר וועט הערן.

— דאס איז א שווערע אויפגאבע, האט דער גייסטליכער בעמערקט, עס פאסט ניט פאר מיר צו קומען פאר א געריכט און זאגען, אז איך האב מיך אונטערגעהערט, וואס צווייא מענשען האבען גערעדט.

— בעדענקט אבער הערר גייסטליכער, אז דא האנדעלט זיך אום א מענשען לעבען. פערגעסט ניט, אז מען האט פעראורטהיילט צום טויט אן אונשולדיגען מענשען.

דער גייסטליכער האט זיך פערטראכט. וואלט ער ניט געהאט א פערדאכט אויפ'ן באראן נאגי, זייט דער בישאף איז ערמארדעט געווארען אין שלאס באטהיאני, וואלט ער אויף קיין פאל ניט איינגעווילינגט צו געהן זיך זיך אונטערהערן, וואס צווייא מענשען רעדען צווישען זיך. ער האט שוין אבער לאנג געהאט א פערדאכט (א חשד) אויף באראן נאגי, דיא גאנצע געשיכטע מיט דער געהיימער האכצייט איז איהם ניט געפעלען און ער האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט. ער האט שוין לאנג געזוכט א געלעגענהייט, וויא אזוי געוואהר צו ווערן. וואס דיעזער זאנדערבאריער באראן טהוט און ווער ער איז. יעצט האט זיך איהם פארגעשטעלט דיעזע געלעגענהייט און ער האט געוואלט זיא אויסנוצען.

ער האט דאהער איינגעווילינגט צו געהן מיט'ן שטומען בעטלער היינט ביי נאכט און זיך אונטערהערן, וואס זיי וועלען רעדען.

— זייט איהר אבער זיכער, אז קיינער וועט דערפון ניט וויסען?

— איך פערזיכער אייך, אז קיין פויגעל וועט ניט וויסען, אז מיר הערן, וואס זיי רעדען.

— וועלען מיר אָבער קענען הערען אַלעס, וואָס זיי וועלען רעדען ?

— איך וועל שוין אויסזוכען אַן אָרט, וואו מיר וועלען אַלעס קענען הערען.

— אַלזאָ, ווען וועט איהר קומען צו מיר ?

— היינט ביי־נאַכט אום צעהן אוהר.

— קען איך מיך אויף אייך פערלאָזען ?

— פאָלקאָמען. איך וועל זיין פּינקטליך, ווי א גוטע אוהר.

— דאַן וועל איך געהן מיט אייך.

מיט דיזע ווערטער זיינען זיי זיך צוגאַנגען.

(ענדע פון דעם פערטען טייל)